די

# געהיימניסע

פון

# רוסישען קייזערליכען הויף

פריי איבערזעצט

— פון —

## א. טאנענבוים

צווייטער באנד

היברו פאָבלישינג קאָמפּאַני
632-34 בראדוויי, ניו יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.
1927

## צווייטער טהייל.

### 57טעם קאַפּיטעל.

## אין ווילדען וואַלד.

אונזערע ערצעהלונג שרייטעט פאָרוועדטס און מיר האבען מיט אזוי פיעל פּאַר־זאָגען צו טהאן, אז מיר מוזען זעהר אָפט אומקעהרען זיך דריי—פיער מאל צוא דעמ־זעלבען פונקט, אום צו דערצעהלען, וואס עס איז געשעהן מיט דיא איבעריגע פּערזאָנען פון אונזער ערצעהלונג.

מיר האבען איבערגעלאזען שוועסטער אננא און קלארא, ווען זיי זיינען ארויסגע־גאַנגען פון׳ם מאנאסטיר מיט׳ן ציגיינער ביי נאַכט. ער האט זיי געפיהרט צו זיך אין לאַגער אריין, דארט האט געברענט א פייער און דיא ציגיינער זיינען געזעסען ארום און האבען פריעדליך געפּלוידערט. דער ציגיינער האט אויסגעשפּרייט א דעק לעבען פייער און האט זיך זיי געהייסען זעצען, דאן האט ער זיי געבראכט ברויט מיט קעז און האט זיי געגעבען עסען. דאס איז געווען אלעס, וואס ער האט געהאט אין זיין ווירטהשאַפט. קלארא איז געווען זעהר הונגעריג, זיא האט גאר ניט געגעסען זייט פיער און צוואנציג שטונדען, וואס זיא איז געשטאנען אין דער הויף לעבען דיא גלעקער אין מאנאסטיר. זיא האט געגעסען מיט אַפּעטיט; שוועסטער אננא אבער איז געזעסען לעבען איהר טרויעריג און פערטראכט.

ווען דער ציגיינער האט געזעהן, אז זיא עסט ניט, האט ער זיא אנגעהויבען צו בעטען, זיא זאל געהן אנקוקען זיין קראנקע פרוי. ער האט זיא צו געפיהרט צום וואגען און האט אפּגעדעקט דיא דעק. שוועסטער אננא האט גענומען דיא פרוי ביי דיא הענד — זיי זיינען געווען קאלט וויא אייז; זיא האט זיך צוגעלעגט צו איהר הארץ — דאס הארץ האט ניט מעהר געקלאַפּט, — זיא איז געווען טוידט.

— גאָט האט זיא צוגענומען צו זיך! האט געזאגט שוועסטער אננא מיט טרערען אין איהר שטימע, מיר מענשען קענען שוין גאר ניט העלפען.

דער ציגיינער האט ניט געגלויבט, אז זיין פרוי איז טוידט. ער איז ארויפגעשפּרונ־גען אויפ׳ן וואגען, האט זיא אנגעהויבען צו וועקען און צו וויינען.

— לעבט אין פריעדען, ארימע, אונגליקליכע מענשען, האט שוועסטער אננא געזאגט און איז שטילערהייט אוועקגעגאנגען פון וואגען. וואס קען זיא דא העלפען? דאס לעבען איז אויסגעלאשען, עס קען שוין ניט העלפען ניט וויינען, ניט בעטען. זיא איז צוגעגאנגען צו קלארא און האט איהר געזאגט:

— קום, קלארא, לאמיר אוועקגעהן פון דיזען ארט פון יאמער און טרערין, לאמיר צו געהן ערגעץ אין א דארף און דינגען א פוהר קיין טוור. ניט ווייט פון טוור האב איך א גאנץ קליינעס גוט (אימעניע) דארט וועלען מיר לעבען ביידע ווייט פון דער וועלט, ווייט פון דיא מענשען, ווייט פון דיא פרומע, וועלכע לאזען א קראנקע פרוי שטארבען אין וואלד, וויל זיא הייסט ניט, אזוי וויא זיי פערלאנגען, — קום, קלארא!

קלארא איז געוועזען זעהר מיעד און האט זיך געוואלט אביסעל צו לעגען שלאפען; זיא האט אבער איינגעזעהן, אז שלאפען אין וואלד צווישען ציגיינער איז אויך ניט קיין גרויס פערגניגען. זיא איז דאהער אויפגעשטאנען, האט אנגענומען שוועסטער אננא ביי דער האנד און זיי זיינען אוועקגעגאנגען. דיא ציגיינער האבען זיי געוויזען דעם וועג, וויא אזוי ארויסצוגעהן פון וואלד און וויא אזוי צו קומען צום נעהנסטען דארף.

לאנגזאם, מיעד און צו בראכען האבען זיך דיא צוויי אונגליקליכע פרויען געשלעפט אויפ'ן שטויביגען וועג אי'ם קאלטען פריה מארגען צום דארף. זיי האבען געהערט אויפ'ן וועג, אז מען שיעסט אין וואלד, שוועסטער אננא האט פערשטאנען וואס דאס שיע־סען בעדייטעט; זיא האט גוט געקענט רוסלאנד און האט געוואוסט, אז שוועסטער אנאסטאסיא וועט ניט שווייגען. ד"א אונשולדיגע קלארא האט זיך שטארק דערשרא־קען, ווען זיא האט געהערט דאס שיעסען, און האט אנגעהויבען צו ציטערן. שוועסטער אננא האט זיא בערוהיגט און האט זיא געבעטען שנעלער צו געהן. מיט שווערע מיהע האבען זיי זיך קוים דערשלעפט צום דארף און האבען אנגעקלאפט אין דאס ערשטע הויז, וואס זיי האבען געטראפען.

— ווער זייט איהר און וואס דארפט איהר? האט געפרעגט א גראבע מענער שטימע.

באלד האט זיך געעפענט א פענסטעריל און א פרויען קאפ האט ארויסגעשטעקט פון איהם. צופעליגער ווייזע האבען שוועסטער אננא און קלארא אנגעקלאפט ביי אונ־זער בעקאנטען בויער, דימיטרי. זיין פרוי, מאגדאלענא האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון פענסטער זעהן, ווער עס קלאפט.

— מיר זיינען צווייא שוצלאזע פרויען, האט געזאגט שוועסטער אננא מיט איהר ווייכער, פריינדליכער שטימע. לאזט אונז אריין זיך אפרוהען א פאר שטונדען; מיר זיינען זעהר מיעד.

— אין דער לעצטער צייט איז דיא געגענד ניט זיכער, האט דימיטרי געזאגט, עס דרעהן זיך ארום שלעכטע מענשען; ניט לאנג ערשט האט מען ביי אונז אוועקגעגנבעט א קינד.

— מיר זיינען ניט קיין רויבער, איהר קענט מיך אויך, איך בין שוועסטער אננא, דיא געוועזענע אבטעסין פון'ם מאנאסטיר.

דער נאמען האט געווירקט. מאגדאלענא איז באלד צוגעלאפען צו דער טהיר, האט אוועקגעשטופט איהר מאן און האט געזאגט:

— קום אריין, שוועסטער אננא, זיי ווילקאמען אין מיין ארימער שטוב.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא אויפגעעפענט דיא טהיר און האט אריינגעפיהרט ביידע פרויען צו זיך אין צימער.

— אויף דער וועלט זיינען דאך דא גוטע מענשען, האט שוועסטער אננא גע־זאגט. ניט אלע זיינען שלעכט.

קלארא האט זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס, זיא האט זיך מיט גרויס מיה צוגעשלעפט צו א באנק און איז אניעדערגעפאלען וויא א שטיק בליי. דימיטרי מיט זיין פרוי האבען זיך דערשראקען, ווען זיי האבען זיא דערזעהן. זיא איז געווען בלייך וויא קאלך און האט געציטערט וויא אין פיעבער.

— זעהט א בעט פון איהרענטוועגען, האט שוועסטער אננא געבעטען, זיא מוז זיך אויסרוהען, זיא איז זעהר אויפגערעגט.

זיא האט געזעהן מיט שרעק, אז קלארא׳ס אויגען האבען אנגעהויבען צו גליעהען פון פיעבער, איהר פולס האט שטארק געשלאגען און א קאלטער שוויים איז ארויסגע־טרעטען אויף איהר געזיכט.

מאגדאלענא האט באלד אויסגעבעט איהר בעט, שוועסטער אננא האט קלארא׳ן אויסגעטהאן אוןביידע פרויען האבען זיא אריינגעלעגט אין בעט און האבען זיא צוגע־דעקט מיט דעקען און מיט פעלצען.

— זיי שטארק, קלארא, האט שוועסטער אננא געזאגט, מיר קענען דא לאנג ניט בלייבען, שוועסטער אנאסטאסיא וועט אונז געוויס שיקען זוכען; מיר מוזען מארגען ווייטער פאהרען.

— איך וויל געוויס מיך שטארקען, שוועסטער, האט קלארא געענטפערט און איהרע צעהנער האבען געקלאפט איינער אן דעם אנדערן. קען מען אבער זיך שטאר־קען געגען דיא נאטור? העלפט עפעס אונזער ווילען, אונזער שטארקען זיך, ווען דיא נאטור מאכט אן אין אונזער קערפער איינע פון דיא רעוואלוציאנען, וועלכע מיר רופען קראנקהייט? וואס העלפען דאמאלס אונזערע מיטעל, אונזערע מעדיצינען? דיא נאטור טהוט איהר זאך גאנץ טריי. זיא אליין קעמפפט געגען דיא קראנקהייט, זיא אליין זוכט צו בעקעמפפען דיא קראנקהייט. מיר מוזען זיך פערלאזען אויף איהר אליין.

אונטערדעסען האט מאגדאלענא אויפגעשטעלט דעם סאמאוואר און האט פאר־קאכט טהעע. קלארא האט אויסגעטרונקען א פאר גלעזער ווארעמען טהעע און האט זיך אביסעל בערוהיגט, אין א קורצע צייט ארום איז זיא אנטשלאפען געווארען. יעצט ערשט האט זיך שוועסטער אננא ערלויבט צו טרינקען טהעע און צו עסען עפעס. זיא איז אויך געווען זעהר מיעד און צו בראכען; זיא איז אבער געווען א שטארקע נאטור און האט יעצט געטראכט נור פון איין זאך: קומען וויא צום גיכסטען אויף איהר גוט, ניט ווייט פון טווער. דארט וועט זיא זיין זיכער און וועט פארגעסען אלעס אין דער וועלט.

נאכ׳ן עסען האט זיא צוגערופען דעם אלטען דימיטרי און האט איהם געפרעגט, אויב ער קען איהר בעזארגען א פאר פערד מיט א וואגען קיין טווער. זיא וועט בע־צאהלען וויאפיעל מען וועט פערלאנגען.

— איך האב אליין גוטע צווייא פערד; איך בין אבער מיט דעם וועג קיין טווער ניט גוט בעקענט, אויסער דעם האב איך געהערט, אז אויף יענעם וועג געפינען זיך רויבער.

— גאט וועט אונז בעשיצען! האט אויסגערופען שוועסטער אננא און האט פערגאנצט מיט דיא אויגען.

דימיטרי, וויא דער גרעסטער טהייל פון דיא רוסישע בויערן, איז געווען פרום און האט געגלויבט, אז שוועסטער אננא, אלס אבטעסין פון א מאנאסטיר, איז א הייליגע. דיא וועלף וועלען געוויס צו איהר קיין שליטה ניט האבען. ער האט דענאך געוואלט זיך איבערלעגען מיט זיין פרוי, אויב ער זאל פאהרען קיין טווער, אדער ניט. ווען מאגדאלענא האט דערהערט, אז שוועסטער אננא וויל פאהרען קיין טווער, האט זיא אנגעטריעבען איהר מאן, ער זאל מיט זיי פאהרען; זיא איז געווען נאך אבערגלויבישער פון איהר מאן. באלד זיינען זיי ביידע צוגעגאנגען צו שוועסטער אננא, האבען איהר געקושט דיא הענד און האבען געזאגט מיט איין קול:

— ווען דוא וועסט אונז הייסען, ווען דוא וועסט בעפעהלען, וועלען מיר דיך אפפיהרען, וואוהין דוא וועסט פערלאנגען.

— גאט זאל אייך בענטשען, איהר גוטע מענשען! האט שוועסטער אננא געזאגט. ער זאל אייך צו שיקען, וואס איהר פערלאנגט.

— אך, ער זאל אונז צוריק געבען אונזער וולאדימיר! האט מאגדאלענא געבעטען.

— וולאדימיר? ווער איז דער וולאדימיר? האט שוועסטער אננא געפרעגט.

— אונזערער א פריינד האט אונז צוגעשיקט א קינד מיט'ן נאמען וולאדימיר. דאס קינד איז געווען אזוי שעהן און אזוי קלוג, אז איך האב עס ליעב בעקומען בעסער וויא אן אייגענעם. מיט אייניגע טעג צוריק זיינען מיר געגאנגען אין וואלד קלייבען יאגאדעס און דאס קינד איז פערשוואונדען געווארען; מיר האבען איהם אויסגעזוכט דיא וועלט און מיר האבען איהם ניט געקענט געפינען. איך וויין טאג און נאכט און קען ניט פארגעסען מיין טהייערן וולאדימיר.

— גאט זאל אייך צוריקגעבען אייער וולאדימיר! האט שוועסטער אננא אויסגערופען.

זיא איז צוגעגאנגען זעהן, וואס קלארא מאכט. צו איהר גרעסטער פרייד, האט זיא געזעהן, אז קלארא שלאפט גאנץ רוהיג. זיא איז געווען מיעד און איבערגעשראקען, ניט מעהר. יעצט האט שוועסטער אננא געפיהלט, אז קוים וויל זיא פאהרען נאך היינט ביי נאכט, מוז זיא זיך אויך אפרוהען און מוז אויך שלאפען אייניגע שטונדען. זיא האט געבעטען מאגדאלענא'ן, זיא זאל איהר געבען א קישען, וועט זיא זיך לעגען אויף דער באנק לעבען קלארא. מאגדאלענא האט איהר באלד צורעכטגעמאכט א געלעגער און האט זיא געבעטען, זיא זאל זיך לעגען שלאפען. אום זיי ניט צו שטערן אין זייער שלאף איז זיא אליין אוועקגעגאנגען צו א שכן און איהר מאן האט זיא געהייסען געהן אנשמיערען דעם וואגען און פארבערייטען אלעס אין וועג אריין.

דער טאג איז פאראיבער, עס איז געווארען נאכט. שוועסטער אננא און קלארא האבען זיך גוט אויסגעשלאפען און האבען זיך געפיהלט געשטארקט און קרעפטיג צו פאהרען. ווען זיי האבען זיך אויפגעהאפט, איז מאגדאלענא געשטאנען פאר זיי, זיא איז געווען פארזארגט און אונרוהיג.

(Mist., 41.)

— איך האב אייך געוואָלט בעטען, האט זיא זיי געזאגט, איהר זאָלט ביי מיר נעכטיגען היינטיגע נאכט און ערשט מארגען אין דער פריה זאָלט איהר פאהרען; ביי טאג איז בעסער און זיכערער צו פאהרען, אלס ביי נאכט. איך זעה אבער יעצט איין, אז איהר מוזט פאהרען נאך היינט. אין דאָרף דערצעהלט מען וואונדערבארע געשיכטען, וואס האבען פאסירט יענע נאכט אין מאנאסטיר. א באנדע ציגיינער איז אנגעפאלען אויפ׳ן מאנאסטיר און האבען אוועקגערויבט אלעס, וואס זיי האבען געפונען; זיי האבען אויפגעבראכען אלע שלעסער און האבען צוגענומען דאס גאנצע גאָלד און זילבער פון׳ם מאנאסטיר, — מען זאגט, אז צוויי נאָנען האבען געוואוסט דערפון, זיי האבען געעפענט פאר דיא ציגיינער דיא טויערן פון׳ם מאנאסטיר און זיינען אנטלאפען מיט דיא ציגיינער.

— אזוי ווייט איז עס שוין געקומען? האט שוועסטער אננא געזאגט טרויעריג. מען בעווארפט אונז מיט שמוץ, מען שענדעט אונזער נאמען, אונזערע עהרע! איך דערקען דעם פּלאַן פון דער גוטער און פרומער שוועסטער אנאסטאסיא, זיא האט מורא, מיר זאָלען ניט אויסזאגען דיא וואהרהייט, אז דיא גאנצע געשיכטע מיט דיא ציגיינער איז אויסגעטראכט, אז שוועסטער אנאסטאסיא האט ניט געוואלט אריינלאזען אין מאנאסטיר אן אונגליקליכע קראנקע פרוי. עס וועט איהר זיין א שאנדע, ווען מען וועט געוואָהר־ווערן און זיא קען פערליערען איהר שטעלע אלס אבטעסין, דארום זוכט זיא אונז צו בעשמוצען, אונז צו בעשימפּפען.

אך, פאלשקייט און בעטרוג! דוא הערשט איבעראל, אין דיא הויפען פון דיא קעניגע, אין דיא פּאלאצען פון דיא רייכע און אין דיא „הייליגע“ מויערן פון מאנאסטיר! נור דא ביי דיעזע איינפאכע מענשען, אין דיא ארימע פאררייכערטע שטיבעלעך פון דיא גראָבע, אונוויסענדע בויערן קען מען נאך אנטרעפען עהרליכע, אפענהערציגע מענשען, וועלכע זאגען דאָס, וואס זיי טראכטען און וויסען נאך ניט פון שווינדעל און בעטרוג.

מאגדאלענא איז געווען געריהרט פון דיא לעצטע ווערטער, וואס שוועסטער אננא האט געזאגט.

— אה, מיר גלויבען זיי ניט, האט זיא זיך אנגערופען, מיר קענען דיך, מיר וויסען, וויא גוט און פרום דוא ביסט. איך האב דיר דערצעהלט, וואס מען רעדט אין דאָרף נור אום דיר צו זאגען, אז דוא מוזט נאך היינט ביי נאכט אוועקפאהרען, ווייל דער אוריאדניק פון׳ם דאָרף האט ערהאלטען א בעפעהל פון׳ם איספראווניק, אז ער זאָל ארעטירען דיא צוויי נאָנען, ווען ער וועט זיי געפינען.

עס איז געוואָרען פינסטער, אין דיא שטיבלעך פון׳ם דאָרף האט מען אנגעצונדען פייער. דימיטרי האט זיך גענומען איינשפּאנען דיא פערד, מאגדאלענא האט צונויפגע־שלעפּט, וואס זיא האט נור געקענט קריעגען: קעז, בוטער, געבראָטענע קארטאָפעל, געקאָכטע פלייש און האט עס פערפּאַקט אין א טאָרבע, שוועסטער אננא און קלארא זאָלען האבען אויפ׳ן וועג וואס צו עסען. דאַן האט זיא ווידער אויפגעשטעלט דעם סאמאָוואר און האט זיי געבעטען, זיי זאָלען זיך אָנטרינקען מיט טהעע פאַרן פאָהרען.

אננא און קלארא האבען זיך אנגעגעסען און האבען זיך אנגעטהאן אין וועג אריין.

— ניט אזוי, האט מאגדאלענא געזאגט, ווען זיי האבען זיך איינגעהילט אין זייערע שווארצע נאָנען־שלייער, דאס טויג ניט, מען וועט אייך באלד דערקענען און מען וועט אייך ארעטירען.

זיא האט גענומען א פעלץ און האט געגעבען קלארא׳ן און איהרען א שאַל שוועסטער אננא׳ן.

— אין א שאַל און א פעלץ וועט מען אייך ניט דערקענען.

— מיט וואס זאל איך אייך אפדאנקען פאר אלעס גוטע, וואס איהר טהוט פאר מיר? האט שוועסטער אננא געזאגט

— ווינשט מיר, איך זאל צוריק בעקומען מיין וולאדימיר.

שוועסטער אננא האט אויסגעשפרייט איהרע הענד איבער מאגדאלענא׳ס קאָפּ און האט געזאגט א שטילעס געבעט.

— נו, ס׳באַגאַם! (אין גאָטעס־נאָמען!) האט דימיטרי געזאגט. דער וואַגען איז איינגעשפאנט, אלעס איז בערייט צו פאהרען, ווען מיר וועלען פאהרען געשמאק, קענען מיר אין דער פריה אום צעהן אוהר זיין אין טווער.

שוועסטער אננא און קלארא זיינען ארויסגעגאנגען און האבען זיך געזעצט אין וואגען. דימיטרי האט אנגעלעגט אין וואַגען פיעל היי און האט פאר זיי געמאכט גוטע זיצע. א קנאק מיט דער בייטש און דער וואַגען איז געפאהרען שנעל אויפ׳ן איינזאמען, שטויביגען וועג. דיא נאכט איז געווען פינסטער, דער מאָנד האט ניט געשיינט, נור נור דיא שטערן האבען געפונקעלט און אראפגעקוקט אויף דיא שלעכטע וועלט, וואו דיא מענשען ווייסען נור איינער דעם אנדערן צו פערפאָלגען און צו שאדען.

— שוועסטער אננא, האט זיך פּלוצלונג אנגערופען קלארא. דוא קענסט מיך שוין זייט א גערוימע צייט, דוא ווייסט ווער עס האט מיך געבראכט אין מאנאסטיר; דוא ווייסט אבער ניט, ווער איך בין. פארוואס האסט דוא מיך קיין מאל ניט געפרעגט, ווער בין איך און וויא אזוי קום איך אין מאנאסטיר?

— ליעבע קלארא, וואצו זאל איך דיך פרעגען? איך האב דיך פון דער ערשטער מינוט דערקענט, אז דוא ביסט א גוטעס, עדעלעס מעדכען. וואָס געהט עס מיך אן אויב דוא ביסט דיא טאָכטער פון א פירסט, אָדער פון א בעטלער? איך שעץ דעם מענשען פאר זיינע אייגענע מעלות און קימער מיך וועניג, ווער זיינע עלטערן זיינען.

— ווייסט דוא פארוואָס איך פרעג עס דיך, ווייל איך וויל דיך עפּעס בעטען. איך האב אין פעטערבורג אן אַלטען פאָטער, איך האב איהם שוין לאנג ניט געזעהן, איך וואָלט זעהר געוואָלט זיך זעהן מיט איהם. זאָלאנג איך בין געווען בעגראָבען אין דיא מויערן פון מאָנאסטיר, האָב איך אזא וואונש ניט געקענט אויסשפּרעכען, ווייל עס איז געגען דיא געזעצע פון מאנאסטיר; יעצט אבער, אז מיר זיינען ארויס פון מאנאס־טיר, האט זיך אין מיר דערוועקט דער וואונש און דער פערלאנגען צו זעהן מיין אלטען פאטער

— וואס קען איך דיר יעצט זאגען, האט שוועסטער אננא געענטפערט טרויעריג. דערווייל זיינען מיר אַנטלאָפענע נאָנען, וועלכע דיא פּאָליציי פערפאָלגט. אונזער ערשטע זאָרג דארף זיין צו קומען אויף מיין גוט. ווען מיר וועלען זיין ביי מיר אין דער היים,

ווען מען וועט אן אונז פערגעסען און מען וועט אונז מעהר ניט פערפאָלגען, וועלען מיר זעהן וואס צו טהאָן.

— איך וויים עס, האט קלארא געזאגט, איך וויים אז יעצט איז ניט דיא צייט דערפון צו דענקען, איך פרעג נור, אויב איך מעג עס טהאן? ווען איך בין ארייגעטרעטען אין מאנאסטיר, האב איך דאך געשוואָרען, אז איך זאל מיך אָפּזאָגען פון דער וועלט, אז איך זאל מיך אפּזאגען פון אלעס אין דער וועלט: פון מיין פאטער, מיין מוטער, מיינע פריינד, מיינע בעקאנטע, מיינע ליעבע און טרייע, — דארף איך יעצט האלטען מיין שבועה, אָדער ניט?

דיעזע פראַגע האט אביסעל איבערראַשט שוועסטער אננא. זיא האט ניט געד וואוסט וואס צו ענטפערן. זיא איז געווען עהרליך און פרום גענוג צו וויסען, אז ניט נור א שבועה, זאָנדערן זאגאר א וואָרט דארף זיין הייליג ביי א מענשען; דא איז אבער אן אנדער פאַל, זיא אליין איז ארייגעטרעטען אין מאנאסטיר ניט מיט איהר אייגענעם ווילען, מען האט זיא געצוואונגען דערצו. מעגליך, אז קלאראַ'ן האט מען אויך געצוואונגען ארייגצוטרעטען אין מאַנאסטיר? וויא קען זיין הייליג א שבועה, וואס א מענש טהוט געגען זיין ווילען? וועלכער מענש האט דאס רעכט צו צווינגען דעם אנדערן, ער זאָל טהאן אזוי און ניט אנדערש?

— איך קען דיר ניט ענטפערן אויף דיין פראַגע, ביז דוא וועסט מיר ניט דער־ צעהלען, וויא אזוי דוא קומסט אין מאנאסטיר. איך וויים נור, אז דיך האט געבראַכט אין מאנאסטיר א גוטער מענש, מיכאאיל באָקונין. וואס ער געהער זיך אן מיט דיר, וויים איך ניט.

קלאַרא האָט איהר דערצעהלט איהר גאַנצע לעבענסגעשיכטע, וויא מען האט זיא ארויסגעגנבעט פון איהר פאטערס הויז, וויא מען האט זיא געהאלטען פערשפּארט אין א קעלער, פון וועלכע באקוני' האט זיא בעפרייט און האט זיא געבראכט אין מאָנאס־ טיר. ווען קלארא האָט געענדיגט איהר געשיכטע, האט שוועסטער אננא איהר געזאגט:

— דיין געשיכטע איז זעהר א טרויעריגע, עס איז איהר זאָגאר שווער צו גלויבען, ווען דוא זאלסט זיא מיר אליין ניט דערצעהלען. אונטער אזעלכע אומשטענדע האט א שבועה קיין ווערטה ניט; אָבער ווען באָקונין האט דיך געבראכט אין מאָנאַסטיר און ניט צוריק א היים צו דיין פאטער, האט ער געוויס געהאט אורזאכען אזוי צו טהאָן. וואהרשיינליך, איז דארט עפּעס געשעהן, וואס דוא האָסט ניט געדארפט קומען א היים. מיר וועלען יעצט אזוי טהאן, ווען מיר וועלען קומען אויף מיין גוט, וועל איך שרייבען קיין פּעטערבורג צו מיינעם א בעקאנטען, ער זאל אויספארשען, וואס עס טהוט זיך ביי דיין פאטער אין שטוב. ווען איך ויעל ערהאַלטען אן ענטפער, וועלען מיר וויסען וואס ווייטער צו טהאן.

אזוי האבען זיי גערעדט ביז פארטאָג. עס איז געוואהרען קיהלער, קלארא האט זיך צוגעטולעט צו איהר פריינדין און איז אנטשלאפען געווארען, שוועסטער אננא איז געזעסען פארטיעפט אין איהרע געדאנקען, פלוצלונג האט זיא דערהערט א לאנגען אויסגעצויגענעם געוויין, וויא פון א קינד.

— וואס איז דאס, דימיטרי? האט זיא איהם געפרעגט דערשראקען.

— דאס היילען וועלף, האט דימיטרי געענטפערט. אויב זיי האבען אונז בעמערקט און לויפען אונז נאך, איז זעהר ניט גוט. גאָספּאָדי פּאָמילוי!

— אלזאָ, וואס דענקסט דוא, דימיטרי האט שוועסטער אננא געפרעגט, זאלען מיר ווייטער פאהרען, אָדער דא שטעהן בלייבען און זיך פערטהיידיגען?

— מיר מוזען ווייטער פאהרען, האט דימיטרי געזאגט. דיא וועלף זיינען נאך ווייט פון אונז, מעגליך, אז מיר וועלען קענען אנטלויפען פון זיי.

ער האט אויפגעהויבען דיא בייטש און געטריעבען דיא פערד, וויא ווייט ער האט געקאנט; ער האט אָבער דאס מאל א טעות געהאט, דער גוטער דימיטרי, דיא וועלף זיינען געוועזן ניט הינטער זיי, זאנדערן פאר זיי. ער האט געטריעבען דיא פערד גראַדע אויף דיא וועלף. ער האט באלד איינגעזעהן זיין טעות און איז געבליעבען שטעהן.

— יעצט מוז מען זיך פערטהיידיגען, האט ער געזאגט. ער האט ארויסגענומען א רעוואָלווער, וועלכען ער האט מיט גענומען מיט זיך אויפ'ן וועג און האט שוועסטער אננא געגעבען א האק וועלכע יעדער בויער פיהרט מיט זיך אין וועג. זיי האבען זיך בערייט געהאלטען זיך צו פערטהיידיגען ביז צום אייסערסטען.

דיא געפאהר איז אבער געקומען אלץ נעהענטער און נעהנטער, מען האט שוין געזעהן דיא פייעריגע אויגען פון דיא וועלף גליעהען וויא ברענענדיגע ליכט אין פינסטערן וואלד; דיא פערד אבער האבען דערפיהלט דעם געפאהר און האבען אנגעהויבען צו לויפען, וויא פון טייפעל געטריעבען; זיי זיינען אבער ניט געלאפען קיין טווער געגען דיא וועלף, זאָנדערן האבען זיך אויסגערדעהט און זיינען געלאפען צוריק, א היים. עס האט ניט געהאלפען ניט דימיטרי'ס שרייען, ניט זיין אויפציעהען דיא ציגעל.

— האַלט אייך פעסט אן וואגען! האט ער געשריען צו אננא און קלארא, איהר זאלט ניט ארויספאלען.

אין א ווילדען, שרעקליכען גאלאָפּ זיינען דיא פערד געלאפען, דיא וועלף אָבער זיינען דאָך געקומען אלץ נעהענטער און נעהנטער.

— מיר זיינען פערלאָרען! האט אויסגעשריען דימיטרי. עס איז קיינע רעד־טונג דאָ!

— גאָט זאל אונז העלפען, האט געבעטען דיא פרומע אננא.

דיא געפאהר האט ווירקליך אין דיעזע מינוטע דערגרייכט דעם העכסטען פונקט. איינער פון דיא פערד האט זיך פארטשעפעט אין דיא ציגעל און איז געפאלען, ער האט מיטגעשלעפט דאס אנדערע פערד, דער וואָגען האט זיך איבערגעקעהרט און אלע דריי זיינען ארויסגעפאלען אויפ'ן ווייכען זאמד פון'ם וועג....

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט שיעסען פון אלע זייטען. דיא וועלף זיינען זיך צולאָפען מיט א שרעקליכען געהייל. לאנגזאם האבען זיך אונזערע דריי רייזענדע אויפ־געהויבען פון דער ערד און האבען זיך ארומגעקוקט. — זיי האבען קיינעם ניט געזעהן.

— ווער איז געוועזן אונזער רעטער? האט אננא געפרעגט.

## 58טעם קאַפּיטעל.

## פערשיקט קיין סיביר.

גענעראל קראַשעווסקי זיצט שוין דעם דריטען טאג אין זיין שלאָס, אין דרויסען שטעהט א וואך און לאָזט קיינעם ניט אריין אין שלאָס. ער איז ארעטירט אין זיין אייגען־הויז. ער איז רוהיג און געפאַסט, ער ווייס גאנץ גוט, אז איין מאל האט אַלעקסאַנדער II אנגעוואָרען צו איהם דאס צוטרויען, וועט ער זיך שוין ניט בעגנוגענען מיט אן איינפאַכען הויז־ארעסט, ער וועט פאר איהם געפינען א גרעסערע שטראַפע. קראַשעווסקי האָט זיך אָבער ווייניג געקימערט, וואס מיט איהם וועט געשעהן, איהם האט זעהר בעאונרוהיגט דער געדאַנק, וואס איז געוואָרען מיט באָיאַנאָווסקי? ער האט איהם איבערגעלאַזען ביי לאַפּערם. האט איהם לאַפּערם אויפגענומען? האט ער איהם ענטזאגט און באיאנאווסקי וואַלגערט זיך ערגעץ אין א בעהעלטעניש אין פּעטערבורג?

קראַשעווסקי איז ארומגעגאנגען פערטראכט אין זיין צימער, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און זיינער א דיענער האט איהם געמעלדעט. אז דעם קייסערס פליגעל־אדיוטאנט, גענעראל טשארטאוו, וויל מיט איהם רעדען. באלד האט זיך געעפענט דיא טהיר און גענעראל טשארטאוו איז אריין אין צימער. קראַשעווסקי איז געוועזן מיט איהם בעקאנט. ער איז איהם ענטגעגען געגאנגען און האט איהם געוואלט געבען דיא האנד, גענעראל טשארטאוו אבער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג און האט ביי איהם דיא האנד ניט גענומען.

— גענעראל קראַשעווסקי, האט ער געזאגט און זיין שטימע האט געציטערט, זיינע מאַיעסטעט, דער קייסער, שיקט מיך צו אייך. איך בעט אייך, איהר זאָלט מיך רוהיג אויסהערן.

— איך בין שטענדיג בערייט אויסצופאָלגען דיא בעפעהלע פון'ם קייסער, האט קראַשעווסקי געזאגט רוהיג.

— איך האב יעצט א טרויעריגען בעפעהל אויסצופיהרען, האט גענעראל טשאַרטאָוו געזאגט און האט אראפּגעלאזט דיא אויגען.

— זאגט אייער בעפעהל, גענעראל. איהר טהוט דאך נור, וואס מען האט אייך געהייסען. האט דער קייסער געהייסען מיך שטעלען פאר א קריעגס-געריכט?

— דאס געראַדע ניט, אבער ער האלט אייך פאר א פעררעטהער, פאר א ניהיליסט און ער האט אייך פעראורטהיילט צו....

— זאגט ארויס אלעס, גענעראל! האט קראַשעווסקי געזאגט רוהיג. וואס איז מיר דער אונטערשיעד, אויב איך וועל הערן מיין שטראַפע מיט איינינע מינוט פריהער, אדער שפּעטער? איך מוז זיא הערן און מוז זיא איבערטראגען.

— מען נעהמט ביי אייך צו אַלע אייערע טיטולען, אלע אלע אייערע אָרדענס און מעדאַילען, איהר פערליערט אלע אייערע מיליטערישע און בירגער־רעכטע (לישאָן פּראוו סאָסטאָיאַניא) און מען וועט אייך דערוויל פארשיקען קיין סיביר אויף א אונבעשטימטע צייט.

— דאס איז דער דאַנק פון דיא הערשער, האט געזאגט קראשעווסקי ביטער. אזוי דאַנקט מיר אלכסנדר II דערפאר, וואס איך האב ניט איין מאל איינגעשטעלט מיין לעבען פאר איהם. — ער פארשיקט מיך קיין סיביר אויף אן אונבעשטימטע צייט, עס איז נאך א גרויסע גנאַדע פון איהם וואס ער פארשיקט מיך ניט אויף לעבענס לאַנג.

גענעראל טשארטאוו איז געווען א האַרטער, שטרענגער מענש, אן עכטער רוד סישער סאלדאט, וועלכער וויים ניט פון מיטלייד; דאס מאל אבער האט עס איהם פאַרקלעמט ביים הארצען. פאר איהם שטעהט יעצט קיין געוועהנליכער פארברעכער, קיין מערדער, קיין בעטריעגער; פאר איהם שטעהט זיינער א קאמעראד, א בעקאנטער, א גענעראל, וועלכער האַט אָרדענס, מעדאילען און א הויכען טשין (ראנג), — ווען מען קען אזא מענשען פערשיקען קיין סיביר אָהנע אונטערזוכונג, אהן געריכט, נור ווייל דער קייסער וויל אזוי, קען דאָך מארגען איהם אויך טרעפען דאס זעלבע שיקזאל. היינט איז דער קייסער בייז געוואָרען אויף גענעראל קראַשעווסקי, מארגען וועט ער בייז ווערן אויף איהם, אויף גענעראל טשארטאוו, און וועט איהם הייסען פערשיקען קיין סיביר.

— א שווערעס אונגליק האט געטראפען רוסלאַנד, האט ער געזאגט מיט א ווייכער, פריינדליכער שטימע, דיא בעסטע, דיא עדעלסטע מענשען ווערן פערפאָלגט און אונטערדריקט.

— דאס אונגליק בעשטעהט נור דאַרין, וואס ארום קייסער געפינען זיך שורקען און טויגעניכטסע און ער הערט זיך צו צו אלעמען, וואס זיי זאגען איהם; דאס אונגליק בעשטעהט דאַרין, וואס דער קייסער האלט אויף א גאנצע אַרמעע פון שפּיאָנען און יעדער שפּיאָן וויל ווייזען, אז ער טהוט עפּעס, אז ער רעטעט רוסלאַנד.

— איהר האט פאָלקאָמען רעכט, האט גענעראל טשארטאוו געזאגט טרויעריג, אבער וואס ווערט דערפון, וואס מיר ווייסען עס, וואס מיר פאַרשטעהן עס, ווען דער קייסער וויל דערפון ניט וויסען און ביי יעדע אונגערעכטיגקייט, וואס ער בעגעהט, בעד־לוינט ער דיא שפּיאָנען, וועלכע האבען איהם פערפיהרט צו טהאן דיא אונגערעכטיג־קייט....

ענטשולדיגט מיר, גענעראל קראשעווסקי, וואס איך האב אייך געבראכט אזא טרויעריגע מעלדונג. עס רייסט מיר דאס הערץ, איך מוז עס אבער טהאן — מען האט מיר געהייסען.

— ווען זאָל מיין שטראפע אויסגעפיהרט ווערן?

— נאך היינט, באלד, האט טשארטאוו ארויסגערעדט שטילערהייט.

— שטילערהייט, אדער עפענטליך, פאַר דער אַרמעע?

— אזוי וויא מען נעהמט ביי אייך אוועק אלע מיליטערישע עהרען־טיטולען, מוז עס געשעהן פאר דער אַרמעע. דער קייסער וויל אבער קיין סקאַנדאַל ניט מאַכען און האט געהייסען, אז דיא טרויעריגע צערעמאָניע זאָל געשעהן שטילערהייט און פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט פאר דיא סאלדאטען און אָפיציערען פון דער וואך.

— וועט מען מיך באלד אוועקשיקען קיין סיביר, אדער מען וועט מיר געבען צייט צו ברענגען אין אָרדנונג מיין פערמעגען. איך בין אן אלטער מאַן, איך וויים ניט,

אויב איך וועל לאנג אויסהאלטען אין סיביר, איך מוז דאך וועניגסטענס אנשרייבען א טעסטאַמענט (א צואה) ווען איך לאז איבער מיין פערמעגען.

— דער בעפעהל פון׳ם קייסער זאגט, אז אלעס זאל געשעהן וויא צום גיכסטען. איך האב געהערט, אז דער קייסער פערלאנגט, איהר זאָלט נאך היינט ניט זיין אין פעטערבורג. ווען איהר האט נאך עפּעס צו אָרדענען, אדער צו שרייבען, וואָלט איך פערלאנגט, איהר זאָלט עס באלד טהאן.

— איך וועל עס באלד מאכען, האט קראשעווסקי גזאגט, עס וועט ניט לאנג דויערן.

ער איז צוגעגאנגען צו זיין שרייב־טיש, האט ארויסגענומען א בויגען פּאפּיער און האט זיך געזעצט שרייבען. ער האט אנגעשריעבען נור עטליכע שורות:

„מיין גאנצעס פערמעגען און אלע מיינע גיטער שענק איך אוועק ניקאָלאַי וואַלעריאַנאָוויטש באָיאַנאָווסקי.

גענעראל קראשעווסקי“

ער האט צונויפגעלעגט דאס פּאפּיער, האט עס ארייגעלעגט אין א קאָנווערט און האט עס פערזיעגעלט.

— גענעראל טשארטאוו, האט ער געזאגט און האט איהם איבערגעגעבען דעם פערזיעגעלטען בריעף, דאס איז מיין טעסטאַמענט. נאך מיין טוידט זאלט איהר אויס־פיהרען מיין טעסטאַמענט. פּאַרשפּרעכט איהר עס מיר?

— איך פּאַרשפּרעך עס אייך, ביי מיינער עהרע, האט טשארטאוו געענטפערט. יעצט מוזען מיר געהן, מען ווארט אויף אונז.

גענעראל קראשעווסקי האט זיך אנגעטהאן אין זיינע גענעראל־קליידער און איז ארויסגעגאנגען מיט זיין בעגלייטער. אין דרויסען איז געשטאנען א קארעטע און לעבען איהר זיינען געשטאנען צוויי זשאנדארען אויף פערד. אין איינינע מינוטען ארום איז דיא קארעטע געפאהרען אויפ׳ן וועג צום פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט.

דיא שווערע אייזערנע טויערן פון פעטראפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט האבען זיך גע־עפענט און דיא קארעטע איז אַריינגעפאהרען. אין הויף זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט דיא סאלדאטען פון דער וואך מיט זייערע אפיציערען. אלע זיינען געווען טרויעריג און האבען געקוקט צו דער ערד, זיי האבען געוואוסט, וואס פאר א טרויעריגע דראמא דא וועט זיך באלד אבשפּיעלען און עס האט זיי פארקלעמט ביים הארצען. גענעראל קרא־שעווסקי און גענעראל טשארטאוו זיינען ארויס פון דער קארעטע, דער אפיציער פון דער וואך האט קאמאנדירט:

— נאַ־ליעוואָ, קרוגאָם! (לינקס, רונד!)

דיא סאלדאטען האבען געבילדעט א קרייז ארום דיאביידע גענעראלען. גענע־ראל טשאַרטאוו האט ארויסגענומען א פּאפּיער פון דער קעשענע און האט עס געלעזען מיט א שטילער, ציטערנדער שטימע:

„אים נאמען פון זיינער מאַיעסטעט, דעם קייסער!

בעאָרדערט און בעפאהלען, גענעראל קראשעווסקי אויס צו שטויסען פון דער רוסישער אַרמעע, ביי איהם אוועק צו נעהמען אלע זיינע טיטולען און עהרען, צו ברעכען

דעם דרענען איבער זיין קאָפּ, און אלס פּערדעטהער אן זיין פאטערלאנד און זיין קייסער איהם פערשיקען קיין אירקוטסק, אין אָסט סיביריען״.

קוים האט דער גענעראל גענענדיגט, האבען דיא מוזיקאנטען אנגעהויבען צו פּויקען, אז קיינער זאל ניט הערן א ווארט, אין פאל קראשעווסקי וועט וועלען עפּעס זאגען. גענעראל טשארטאוו האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, איינער פון דיא אפיציערען פון דער וואך איז צו געגאנגען צו גענעראל קראשעווסקי און האט איהם אפּגעריסען דיא עפּאלעטען, דער אנדערער האט ארויסגענומען זיין דעגען פון דער שייד, האט איהם אנגעפיילט מיט א פייל און האט איהם צו בראכען איבער זיין קאָפּ.

גענעראל קראשעווסקי איז געשטאנען דיא גאנצע צייט רוהיג און געפאסט, נור ווען מען האט צו בראכען דעם דעגען איבער זיין קאָפּ — דיא גרעסטע ערניעדערונג פאר אן אָפיציער — האט ער א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפּער.

— דאס איז דער דאנק, וואס דער קייסער גיט מיר פאר מיין טרייהייט צו איהם, האט ער געזאגט.

אָבער דאס פּויקען האט פארהילכט זיינע ווערטער, קיינער האט זיי ניט געהערט. גענעראל טשארטאוו איז פערשוואונדען געווארען. ער האט ניט געקענט צו זעהן, וויא מען ערניעדערינט אזוי טיעף א רוסישען גענעראל.

— איוואנאָוו! האט דער אָפיציער פון דער וואכע צו גערופען דעם סמאטריטעל פון פּעטראָ־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט. איך גיב אייך איבער דעם פערברעכער קראשעווסקי, טהוט מיט איהם, וויא אזוי מען האט אייך געהייסען.

דער סמאטריטעל מיט צוויי וועכטער האבען גענומען דעם „פערברעכער״ קראשעווסקי און האבען איהם אריינגעפיהרט אין א בעזונדער קעמריל. באלד איז געקומען א באַרביער און האט איהם אָפּראזירט א האלבען קאָפּ, דאן האט מען איהם געהייסען זיך אויסטהאן און מען האט איהם אנגעטהאן ארעסטאנטען קליידער. אויף זיין גראבען, גרויען חאַלאַט איז געווען פון הינטען א פיערעקיגע געלע לאַטע, א צייכען, אז ער איז א קאטאָרזשניק, וועלכען מען פערשיקט קיין סיביר.

— דאס איז ערשט אן אָנהויב פון מיינע ליידען, האט קראשעווסקי געזאגט צו זיך אליין.

עס איז ווירקליך געווען נור אן אנהייב פון זיינע ליידען. ווען ער איז געווען אין גאנצען אנגעטהאן, וויא אן אַרעסטאַנט, האט מען איהם ארויסגעפיהרט אין אן אנדערן הויף. דארט זיינען געשטאנען אַכציג — ניינציג ארעסטאנטען, וועלכע מען האט פארברייטעט, מען זאל זיי היינט ארויסשיקען קיין סיביר. זיי זיינען געשטאנען אונטער א דאך און צוויי שמיעדען האבען געארבייט ארום זיי, האבען זיי אָנגעטהאן קייטען און זיי צונויפגעשלאסען פּאָר וויין. איינינע זיינען שוין געווען צונויפגעשמידט, אנדערע האט מען געהאלטען אין דער ארבייט; וויעדער אנדערע האבען געוואַרט, ביז דיא רייהע וועט קומען צו זיי. צווישען דיא לעצטע איז געווען דער ארעסטאַנט קראשעווסקי. ער האט זיך געשטאַרקט ביז אין דער לעצטער מינוט און האט אויסגעוויעזען רוהיג צו זיין. ענדליך איז געקומען דיא רייהע צו איהם, מען האט איהם אָנגעטהאן קייטען אויף דיא פיס און איין האנד האט מען צונעשמידט צו דער האנד פון אנאנדער פערברעכער.

דאס איז געווען א הויכער, דארער מערדער, א גראָבער, אונוויסענדער בויער. דא האט שוין קראשעווסקי זיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען. גרויסע טראָפּען טרערין האבען זיך געקייקעלט אויף זיינע באקען און זיינען אראָפּגעפאלען אויף זיינע קייטען. זאגאר דער שמיעד, וועלכער האט איהם אָנגעטהאן דיא קייטען און וועלכער איז שוין געווען געוואָינט מיט אזעלכע סצענען, איז געווען גערירט. ער האט איהם ניט געקענט, ער האט אָבער פערשטאנען, אז ער טהוט יעצט אן קייטען קיין געמיינעם פערברעכער, ער האט דערקענט אָן זיין געזיכט, אז דאס איז אן עדעלמאָן.

דאס שמיעדען פון דיא ארעסטאנטען האט זיך געענדיגט, יעדע פּאָר צונויפגעשמידטע איז געשטאנען, אָדער געזעסען אויף דער ערד. קראשעווסקי האט שוין געוואלט זיין אויפ'ן וועג, אויף דער פרייער לופט, אָבער נאך אנדערע טרויעריגע סצענע האט איהם ערווארטעט. דיא שווערע טויערן האבען זיך געעפענט און א גאנצער הויפען פון פרויען און קינדער האט זיך אריינגעשאטען מיט א געוויין, א געיאָמער אין הויף אריין. דאס זיינען געווען דיא פרויען און קינדער פון דיא ארעסטאנטען, וועלכע זיינען געקומען אבשיעד נעהמען פון זייערע מאנען, זייערע פעטער, זייערע ברידער און זייערע פריינד. אזוי ווייט איז מען מענשליך אין רוסלאנד, אז איינינע מינוטען פארן אוועקשיקען קיין סיביר ערלויבט מען דיא פרויען און קינדער צום לעצטען מאל נעהמען אבשיעד פון זיי. דאמאלס האט זיך ערשט אָנגעהויבען א געשריי, א געוויין, א געיאָמער, אז דער שטארקסטער מענש האט עס ניט געקענט אויסהאלטען.

וויא ישטיל און וויא געהיים אלכסנדר II האט געוואלט האלטען דיא געשיכטע פון גענעראל קראשעווסקי און זיין פערשיקען קיין סיביר, זיינען דאך פיעלע מענשען דערפון געוואהרגעווארען און ארום פעטראָ־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מעננע מענשען. דיא פּאָליציי איז געווען זעהר טהעטיג און האט ניט געלאזט דעם פאָלק שטעהן לעבען קרעפּאָסט, דענאך זיינען געשטאנען רעדליך אין דיא גאסען און געסליך ארום און האבען גערעדט דערפון. אין איינע פון דיא זייטענגעסליך זיינען געשטאנען צוויי מענשען און האבען גערעדט.

— דיא טיראניי שלאגט זיך אליין, האט איינער געזאָגט צום אנדערן. דיא גאנצע אגיטאציאָן פון דיא ניהיליסטען, זייער „געהן אין פאָלק“, זייער אויפקלערען דאס פאָלק און זייער אויפרייצען דאס פאָלק האבען א קלענערען ווערט פאר דיא בעפרייאונג פון רוסלאנד אַלס דיעזעס פערשיקען פון גענעראל קראשעווסקי. ער איז א געוויסע פערזאן, ער איז בעקאנט אין רוסלאנד, בעזאנדערס אבער אין פעטערבורג. זיין פערשיקען וועט מאכען א רעש. מען מורמעלט שוין אין דיא גאסען, איז אין רוסלאנד איז ניטאָ קיין גערעכטיגקייט, אז קיינער איז ניט זיכער מיט'ן לעבען, אז דיא רעגיערונג איז אונמענשליך און טיראניש. דאס פאָלק ווערט אויפגערעגט און פריהער, אָדער שפּעטער וועט מוזען אויסברעכען א רעוואָלוציאָן.

— קיינער גלויבט נאך ניט, אז מען פערשיקט גענעראל קראשעווסקי, האט דער אנדערער געענטפערט. מען רעכענט נאך, אז אין דער לעצטער מינוט וועט אנקומען א בעפעהל, אז מען האט איהם בעגנאדיגט. מען ערווארטעט יעדע מינוט, אז עס זאל

אנלויפען דעם קייסערס אן אדיוטאנט און זאל איהם ערקלערן, אז מען האט איהם געוואלט נור איבערשרעקען.

— דאס וואלט געווען א גוטע פאליטיק פון אלכסנדר דעם II, האט געלאכט דער ערשטער, מיט אזא פאליטיק וואלט ער געקענט צו ציעהען צו זיך דאס פאלק; ער וואלט דערמיט בעוויזען, אז ער האלט איהם טאקע פאר שולדיג און האט איהם דאך בעגנאדיגט. אויף אזא פאליטיק אבער איז אלכסנדר II ניט פעהיג. ער מיינט, אז נור דורך שטרענגע, דורך הארטע שטראפען און מיט אן אייזערנער האנד קען מען בעהערר־שען א פאלק. פון מילדע, פון פריינדליכקייט, פון גערעכטיגקייט וויל ער ניט וויסען. —

אין דיעזע מינוט האט מען דערהערט א געשריי:

— זיי געהן! זיי קומען!

אלע זיינען געווארען שטיל, יעדער האט געקוקט אויף דיא אייזערנע טויערן פון פעטרא־פאוולאווסקי קרעפאסט, וועלכע האבען זיך אין דיעזע מינוט געעפענט. צו ערשט איז ארויסגעגאנגען א ראטע סאלדאטען מיט דיא ביקסען אויף דיא פלייצעס, דאן זיי־נען געגאנגען דיא ארעסטאנטען צו פארליך, צונויפגעשמידט איינער צום אנדערן, הינטער זיי זיינען וויעדער געגאנגען סאלדאטען מיט געלאדענע ביקסען; צו לעצט איז געגאנגען דער אבאז, עטליכע וועגען מיט׳ן באגאזש און מיט פראוויאנט.

— אט איז ער! אט איז ער! האט מען געשריען פון דער מענגע. אט געהט דער גענעראל קראשעווסקי!

באלד זיינען אבער אנגעלאפען זשאנדארען אויף פערד און האבען צו טריעבען דאס פאלק מיט זייערע נאגאיקעס. דער טרויעריגער צוג איז געגאנגען וויי־טער דורך דיא הויפט שטראסע און באלד איז פעטערבורג געווען הינטער איהם. טרויעריג, הערצרייי־סענד האבען געקלונגען דיא קייטען אויפ׳ן פרייען פעלד, וואו עס האט געהעררשט א פריעדליכע שטילקייט. טרויעריג, מיט׳ן קאפ אראפגעלאזען אויף דער ברוסט האט זיך געשלעפט קראשעווסקי לעבען זיין נייען קאמעראדען, מיט וועלכען ער וועט האבען דורכצו־וואנדערן ניט איין טויזענד וויארסט. זאגאר דיא סאלדאטען פון קאנוואי האבען אראפגעלאזען דיא קעפ און האבען זיך פערטראכט.

## 59טעם קאפיטעל.

## ערגער וויא געשטארבען.

אין הויז פונ׳ם רייכען ניקאלאי יאגאדקין האט זיך זעהר פיעלעס געענדערט. דער ניפט, וועלכען דיא וואהרזאגערין וואלאני האט געגעבען פראנציסקא און וועלכען יאגאד־קין האט אויסגעטרונקען דורך אן אירטהום, האט געווירקט, וויא דיא איטאליענער׳ן האט געזאגט: יאגאדקין איז געווארען פאראליזירט, ער האט ניט געקענט ריהרען מיט קיין אבר, זאגאר דאס לשון האט עס איהם אפגענומען — ער איז געווען א לעבעדיגע לייכע. ער האט אלעס געזעהן, אלעס געהערט, אלעס פערשטאנען און האט זיך ניט געקענט ריהרען, ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט, ניט געקענט איבערגעבען זיינע גע־דאנקען. — א שטיק האלץ, וועלכעס זעהט און פיהלט, א שטיין מיט א מענשליכעס הערץ אין דער ברוסט.

דער קאָמעדיאַנט און פראַנציסקאַ האָבען בענוצט דיעזע קראַנקהייט צו זייערע צוועקען. דער קאָמעדיאַנט איז געוואָרען דער פיהרער פון אַלע געשעפטען, ער איז גע־וואָרען דער איינציגער שעף פון דער פירמאַ „געברידער יאַנאָדקין". ער האָט געמאַכט נייע געשעפטע, ער האָט שפּעקולירט אויף דער בירזע, און דיא פּעטערבורגער געלד אַריסטאָקראַטען האָבען איהם באַלד אויפגענומען אַלס זייער גלייכען און האָבען גאָר ניט געפרעגט, ווער ער איז און פון וואַנען ער איז פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען. מען האָט געוואוסט, אַז דיא פירמאַ איז רייך און צאָהלט אַלעס פּינקטליך. וועמען געהט עס אָן, פון וואַנען דאָס רייכטהום האָט זיך גענומען? וועמען געהט עס אָן, אַז אין דער לעצטער צייט האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען אין שטאָדט, אַז עס געהט אַרום זעהר פיעל פאַלש געלד?

צוואָר איז עס אָנגעקומען ביז צום פינאַנס מיניסטער און ער האָט געגעבען דער געהיים פּאָליציי אַ שטרענגען בעפעהל, אַז מען זאָל נאָכשפּירען און אויספאָרשען, פון וואַנען עס קומען דיא פאַלשע הונדערטער. דיא געהיים פּאָליציי האָט געפאָרשט און געזוכט און האָט דאָך גאָר נישט געקענט אויסגעפינען. דער קאָמעדיאַנט איז געווען קלוג גענוג און האָט געוואוסט, וויא אַזוי אויסצוגעבען זיינע פאַלשע הונדערטער, אַז מען זאָל ניט וויסען פון וואַנען זיי קומען. פראַנציסקאַ האָט איהם דערביי געהאָלפען, וויא אַ געטרייע ווייב דאַרף העלפען איהר מאַן. זיא האָט געביטען הונדערטער, וואו זיא האָט נור געקענט און קיינעם איז ניט איינגעפאַלען זיך צו צוקוקען צו אַ הונדערטער וועלכע דיא רייכע פרוי יאַנאָדקין גיט.

פראַנציסקאַ איז געוואָרען דיא ווירטהין און הערשערין אין הויז. זיא האָט מיט'ן קאָמעדיאַנט זיך איבערגעבעטען און זיי האָבען אָפּגעמאַכט צווישען זיך, אַז זיי זאָלען זיך נור אַזוי ווייט אָנגעהערען, וויא צוויי געשעפטס'ס לייטע געהערען זיך אָן. מען אַרבייט צו זאַמען אום צו פאַרדיענען געלד, ווייטער איז יעדער פאַר זיך. זיא האָט געטראַכט, זיא זאָל זיך אָנזאַמלען אַ גרויסע סומע געלד און זאָל אָוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד, קיין פּאַריז, לאָנדאָן, אָדער איטאַליען אום דאָרטען צו לעבען אַ גוטען טאָג.

דער קראַנקער יאַנאָדקין האָט זיי ניט געקענט שטערן. זיי האָבען פאַר איהם גערעדט און געטהאָן, וואָס זיי האָבען געוואָלט. דער קאָמעדיאַנט פּלעגט אומיסטען וועלען קרענקען דעם אונגליקליכען מענשען און פּלעגט איהם אָפט זאָגען זאַכען, וועלכע האָבען געריסען דעם אונגליקליכען דאָס הערץ און האָבען איהם געבראַכט אין פער־צווייפלונג. ער האָט אָנגעהויבען צו רופען פראַנציסקאַ'ן ביי איהר אמת'ן נאָמען ניט קלאַראַ, וויא ביז אַהער. ניקאָלאַי יאַנאָדקין האָט געדרעהט מיט דיא אויגען און בעוועגט דיא ליפּען, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, עפּעס פרעגען; פון זיין מויל אָבער איז נור אַרויסגעקומען אַ סאָרט שטילעס ברומען. באַלד האָט דער קאָמעדיאַנט איהם אויסגע־זאָגט דאָס שרעקליכע געהיימניס, אַז פראַנציסקאַ איז ניט זיין טאָכטער, אַז דיא אמת'ע קלאַראַ איז פערשוואונדען, ער ווייס אַליין ניט, אויב זיא לעבט, אָדער זיא איז געשטאָר־בען. ביי דיעזע נאַכריכט איז ניקאָלאַי יאַנאָדקין געפאַלען אין אונמאַכט, ער איז געוואָ־רען בלייך און זיינע אויגען האָבען זיך פערמאַכט.

— שנעל, וואסער! רופט א דאָקטאָר! האט פראַנציסקא אויסגעשריען, מיין ליעבער, טהייערער פאטער!

דיא דיענער זיינען זיך צונויפגעלאָפען, מען האט געבראכט א דאָקטאָר. פראַנציסקא האט געוויינט און געבראכען דיא הענד. מען האט דעם אונגליקליכען אָפּגעמינטערט, ער האט געעפענט דיא אויגען און דערזעהן, וויא פראַנציסקא שטעהט לעבען איהם, וויינט און ברעכט דיא הענד:

— דאָקטאָר, רעטעט מיין פאָטער!

ווער איז אימשטאַנד צו בעשרייבען דיא ליידען, דיא שמערצען און דיא פּייניגונגען, וועלכע דיעזער מאַן האט איבערגעטראַגען אין דער לעצטער צייט? אנרופען עס גיהנם,—גיהנם אויף דער וועלט, וועט עס ניט זיין ריכטיג, וויל אלע ליידען פון׳ם גיהנם זיינען גאר נישט אין פערגלייך מיט דעם, וואס ער איז אויסגעשטאַנען. ער האט זיך געוויס ניט איינמאל געוואונשען דעם טוידט, ער האט אָבער דאך געלעבט, זיין שטארקע נאטור האט אלעס אויסגעהאלטען. ניט אומזיסט זאגט דאס שפּריכוואָרט, אז דער מענש איז שטארקער פון אייזען, ער טראָגט אלעס איבער, זאגאר דאס אונמעגליכע.

דער קאָמעדיאַנט האט ענדליך דערגרייכט, וואס ער האט געוואלט — ער האט זיך נוקם געווען אן זיין ברודער. זיין נקמה איז געווען א שרעקליכע, אן אונמענשליכע, א ווילדע, ניעדערטרעכטיגע און שוידערהאפטע, אָבער פאר אזא פערדארבענעם כאראקטער, וויא ער, איז עס געווען דיא נקמה, וואס ער האט געזוכט.

אָפּט פלעגען זיי רעדען פאר איהם פון געשעפטען.

— מיין ליעבע פראַנציסקא, פלעגט דער קאָמעדיאַנט זאָגען, פאַר וואס קויפסט דוא דיר ניט קיין דיאמאנטען, קיינע בריליאַנטען? דוא מעגסט נעהמען פון דער קאסא, וויאפיעל געלד דוא ווילסט, מיין ברודער איז גענוג רייך און האט אנגעגרייט פון אונזערט וועגען א שעהנעם פערמעגען. נעהם געלד, גיב אויס, קויף דיר, מאַך דיר, וויאפיעל דוא ווילסט און וואס דוא ווילסט.

— אָבער ליעבער אנדריי, פלעגט פראַנציסקא ענטפערן, דוא פערגעסט, אז דיין ליעבער ברודער האט פון אונזערטוועגען אנגעגרייט נור פאלשע הונדערטער. וויא בין איך זיכער, אז מען זאל דערפון ניט געוואהר ווערן און מען זאל אונז ניט ארעטירען? דיין ברודער, דעם קאַליקע (קריפּעל), דעם האלב טוידטען, דעם פאראליזירטען וועט מען גאר נישט טהאן; מיר אָבער וועלען נאך מוזען ליידען פאר איהם, אונז וועט מען נאך פארשיקען קיין סיביר פאַר דאס פאלשע געלד, וואס ער האט ארויסגעלאזט אויף דער וועלט.

— נו, דער פאר האבען מיר ניט וואס צו מורא צו האבען, אין רוסלאַנד איז דא אזוי פיעל פאלשע דעפּאָזיטען, אז דער טייפעל אליין וועט קיין מאל ניט אויסגעפינען, וועלכע זיינען דיא אמתע און וועלכע זיינען דיא פאלשע. אין קיין לאַנד איז דער וועלט בעשטראַפט מען ניט אזוי שטרענג פאר פאלש געלד, וויא אין רוסלאַנד און דענאָך איז נאך ניטא איין לאנד אין דער וועלט, וואו מען זאל מאַכען אזוי פיעל פאלש געלד, וויא אין רוסלאַנד. איבעריגענס, וואס האבען מיר מורא צו האבען? מען וועט אונז חאפּען — וועלען מיר אלעס ארויפוואַרפען אויף מיין ליעבען ברודער. אלע

ווייסען, אז ער האט געהאלטען ביים באנקראָטירען און פּלוצלונג האט ער וויעדער אנ־געהויבען צו צאהלען; יעדער וועט איינזעהן, אז ער האט געמאכט דיא פאלשע דעפּאָ־זיטען. לאזען זיי מיט איהם טהאן, וואס זיי וועלען קענען.

— אבער אלענפאלס, האט פראנציסקא געזאגט, קוים ווערט מען געוואָהר, אז מיר האבען אליין געהאנדעלט, אדער ביי דיין ברודער צוגענומען פאלש געלד, וועט מען דאָך ביי אונז אלעס צונעהמען, פון וואס וועלען מיר דאן לעבען? דוא קענסט ווערן, וואס דוא ביסט א מאל געוועזן, א קאָמעדיאנט; וואס וועל איך אבער טהאן?

— וואס געהט עס מיך אן? מיר האבען געמאכט א געשעפט צוזאמען. זאָלאנג דאס געשעפט געהט גוט, זיינען מיר שותפים; געהט דאס געשעפט שלעכט, וועט יעדער טהאן, וואס ער וועט אויסגעפינען פאר בעסער.

אזעלכע געשפּרעכע פלעגט דער אונגליקליכער מוזען אויסהערן יעדען טאג, יעדע שטונדע און ער האט זאגאר ניט געקענט זיך אריינמישען, ארויסרעדען א וואָרט.

פראנציסקא האט געהאלטען וואָרט, זיא האט אריינגענומען דיא אלטע איטאל־יענערין, דיא וואהרזאגערין וואלאָני צו זיך. זיא האט געוואוסט, אז דיא וואלאָני איז א דורכגעטריעבענע פּרוי און וועט איהר אין פיעלע זאכען קענען אן עצה געבען. אזוי וויא זיי האבען אפּגערעדט, אזוי איז געשעהן. פראנציסקא האט געזאגט דעם קאמעד־יאנט, אז דיא אלטע פרוי איז אמאל געוועזן איהרע א באָננע (א ניאנקא) און זיא וויל זיא נעהמען צו זיך.

איין מאל ווען דער קאמעדיאנט און פראנציסקא זיינען ערגעץ אוועקגעפאהרען אויף א באל און דער אונגליקליכער קראנקער איז געבליעבען אליין, איז דיא אלטע איטאליענערין אריינגעקומען אין זיין צימער און האט זיך גזעצט לעבען איהם.

— ניקאָלאי יאגאָדקין, האט זיא איהם געזאגט, דערקענסט דוא מיך?

ער האט אויסגעדרעהט צו איהר דיא אויגען און האט געגעבען א שטילען ברום.

— מעגליך, אז דוא קענסט מיך שוין ניט, דוא האָסט שוין אן מיך פערגעסען. עס איז שוין לאַנג, זייט מיר האבען זיך געזעהן; איך געדענק דיר אבער זעהר גוט, איך קען דיך ניט פערגעסען.

ער האָט וויעדער געעפענט דיא אויגען און האָט זיא שטום אנגעקוקט.

— געדענקסט דוא, ניקאָלאי, וויא צוריק מיט דרייסיג יאהר האסט דוא בעגע־גענט ניט ווייט פון דער פריסישער גרענעץ צוויי איטאליענישע דאמען, א מוטער מיט א טאָכטער. זיי זיינען געפאהרען קיין רוסלאנד אפּנעהמען געלד אויף וועקסלען. אין דער שטאדט גענוא, אין איטאליען, האט אמאל געלעבט א רייכער קויפמאן וואלאָני, ער האט געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט רוסלאנד. פּלוצלונג איז ער געשטארבען, האָט קיין צוואה (טעסטאמענט) ניט געלאָזט און זיין פרוי מיט זיין איינציגער טאָכטער האבען געמוזט פאהרען קיין רוסלאנד אפּנעהמען דאס געלד, וואס עס האט איהם גע־קומט ביי פיעלע רוסישע קויפלייטע, — דאס בין איך געוועזן מיט מיין טאָכטער. מיר האבען ניט פערשטאנען ניט איין וואָרט רוסיש און מיט דיר האבען מיר זיך קוים צונויפגערעדט אויף פראנצויזיש. דוא ביסט דאמאלס געוועזן יונג, עלעגאנט געקליידעט און א גאנץ העפליכער קאוואליער. אויפ'ן וועג האָסט דוא אונז געוויעזען אלערליי

העפליקקייטען, האסט אונז פערזארגט מיט אלעם נייטיגען, ביסט געווען אונזער פיהרער, אונזער דאָלמעטשער, אונזער ווענווייזער און אונזער רעכטע האנד. ווען מיר זיינען גע־קומען קיין פעטערבורג, האסט דוא פאר אונז אויסגעפונען א וואָינונג און ביסט גע־וואָרען אונזער טעגליכער גאַסט, אונזער ראַטה־געבער.

איינקאַסירען געלד אין רוסלאנד איז ניט אזוי לייכט, בעזאנדערס פאר אן אויס־לענדער, וועלכער פערשטעהט קיין וואָרט רוסיש. מיר האבען געמוזט נעהמען אן אד־וואָקאט. דוא האָסט אונז רעקאמאנדירט דיין אדוואָקאט און האסט אונז פערזיכערט, אז ער איז איינער פון דיא גרעסטע אדוואָקאטען אין פעטערבורג.

מיר האבען דיר געגלויבט, ווייל דוא ביסט געווען אזוי פריינדליך, אזוי געטריי, אזוי ערגעבען, אז מיר האבען געמיינט, אז מיר האבען אנגעטראפען אן ענגעל ניט קיין מענשען. איך האב געזעהן, אז מיין טאָכטער הויבט אן צו קוקען אויף דיר מיט אנדערע אויגען; איך האב בעמערקט, אז אין איהר יונגען, אונשולדיגען הארצען הויבט אן צו בליעהען דיא ליעבע און איך האב מיך ניט ענטגעגען געשטעלט. איך בין זאגאר געווען צופריעדען, ווען איך האב בעמערקט, אז דוא ביסט אויך ניט גלייכגילטיג צו איהר, אז דוא ליעבסט זיא אויך. איך בין געווען גליקליך, ווען דוא ביסט אמאל געקומען מיט מיין טאכטער און האסט ביי מיר געבעטען איהר האנד. איך האב אייך ביידען צוגע־פרעסט צו מיין ברוסט און האב דיך גערופען מיין זוהן.

דיא פראָצעסען זיינען פערשלעפּט געוואָרען אלץ לענגער, וויא דער שטייגער איז אין רוסלאנד, דוא האָסט געוואוינט אין דעמזעלבען הויז, וואו מיר האבען געוואוינט, און פלעגסט פערברענגען ביי אונז דיא טעג און דיא נעכט.

איין מאל איז דיין אדוואקאט געקומען צו מיר און האט מיר געזאגט, אז מיין פראָצעס וואָלט זיך באלד געענדיגט, ווען עס זאל זיך קענען שטעלען פאר'ן געריכט א רוסע און זאל אויפווייזען, אז איהם קומט דאס געלד. פאר א רוסע האט מען מעהר אבשיי און דיא ריכטער מוזען איהם צוליעב טהאן; אן אויסלענדער אבער און נאך א פרוי הערט מען וועניג.

— נו, אלזא, קען איך עס איבערגעבען מיין צוקינפטיגען שוויעגערזאהן, דעם ברייטיגאם פון מיין טאָכטער, ניקאָלאי יאגאָדקין, האב איך געזאגט.

— געוויס, אזא מענשען קענסט דוא איבערגעבען דיא וועקסלען. ער קען רעדען, ער קען זיך שטעלען און זיך אויסטענהנען מיט דיינע בעלי־חובות, האט דיין אדוואקאט געזאגט.

אין איינינע מינוטען ארום האט ער אנגעשריעבען א פאפּיער, אז איך גיב דיר איבער אלע מיינע וועקסלען און אלע מיינע געלד־פאָרדערונגען. איך האב דאס פאפּיער אונטערשריעבען און האב עס זאגאר ניט געהייסען מיר פאָרלעזען און מיר עס ער־קלערען. איך בין געווען זיכער, אז דער ברייטיגאם פון מיין טאָכטער וועט מיך ניט אָפּנאררען.

פון דעם טאג אן, וואס איך האב אונטערגעשריעבען דאס פאפּיער, האָסט דוא אנגעהויבען צו זיין זעלטענער אין דער היים; דוא פלעגסט פערפאלען ווערן אויף עטליכע טעג, דאן פלעגסט דוא זיך ווייזען אויף א קורצע צייט און זאגען, אז דיינע געשעפטען

פאַדערן, דוא זאָלסט ארומפאָהרען. מיר איז דאס עפּעס ניט געווען געפעלען און איך האב מיך איין מאל צוגעזעצט צו דיר, דוא זאָלסט הייראַטהען מיין טאָכטער. עס זיינען געווען אזעלכע אומשטענדע, אז זיא האט געמוזט הייראַטהען.

— איך קען דיין טאָכטער ניט הייראַטהען, האָסט דוא מיר געענטפערט, ווייל איך האב אויסגעפונען, אז זיא איז ניט ארינטליך.

איך בין אויפגעשפרונגען פאר צאָרן און שמערץ.

— ווען דוא ווילסט מיין טאָכטער ניט הייראַטהען האב איך אויסגעשריען גיב מיר אָפּ מיינע וועקסלען, מיין פארמעגען!

— איך האב דיר פאר דיינע וועקסלען בעצאהלט, האט מיר ניקאלאי יאַגאָדקין געענטפערט און האָט מיר געוויעזען דאס פּאַפּיער, וועלכעס איך האב אונטערשריעבען.

וואס ווייטער איז געווען, ווייסט דוא געוויס ניט, ווייל דוא ביסט באלד אוועק געפאהרען פון פּעטערבורג אויף איי'ניגע מאָנאטע. איך וועל עס אבער דיר יעצט דער־צעהלען: מיין טאָכטער האָט מען אין א קורצער צייט ארום ארויסגעשלעפּט טוידט פון דער נעווא. איך בין געבליעבען עלענד, ארים און אליין אין פּעטערבורג. איך האב געליטען הונגער און דורשט, נויט און עלענד. איך האב ניט געהאט פון וואנען א טאָג איבערצוקומען און אין דער העכסטער נויט האב איך מיך גענומען צו געהן אין דיא הייזער און ווארפען קארטען. איך האב מיך אמאל אויסגעלערנט ווארפען קארטען צום צייט־פערטרייב, אין דער נויט איז עס געוואָרען מיין פּרנסה.

יעצט קענסט דוא מיך שוין, ניקאָלאי יאַגאָדקין? ווייסט דוא שוין, ווער איך בין? דוא האסט מיין טאָכטער געטריעבען צום טוידט און מיך האָסט דוא בערויבט.

זיא האט געענדיגט איהר ערצעהלונג, האט זיך צולאָכט מיט א ביטערן, שרעק־ליכען געלעכטער און איז פערשוואונדען.

60טעס קאפּיטעל.

## דיא עקספּלאָזיאָן אין ווינטער־פּאַלאַץ.

עס איז א שעהנער הערבסט־טאג. ביי נאָכט איז אויסגעפאלען א שנעע. אין דער פריה אבער איז ארויס דיא זון און האט טריי און עהרליך זיך בעמיהט צו שמעל־צען דעם שנעע און עס איז איהר אויך געלונגען. אין אלע גאסען זיינען געלאָפען קליינע שמוציגע טייכלעך און האבען זיך אריינגעגאָסען אין דער נעווא.

אין קייזערליכען ווינטער־פּאַלאַץ איז אלעס געווען מונטער און פרעהליך. אין דעם וואך־צימער, וואו עס געפינט זיך בעשטענדיג דעם קייסערס עהרען־וואך, זיינען געזעסען עטליכע אפיציערען פון דער לייב־גוואַרדיא און האבען פריעדליך און פריינד־ליך געפּלוידערט. עס איז איינגעפיהרט אין קייסערס פּאַלאַץ, אז דיא אָפיציערען פון דער עהרען־וואך עסען פון קייסערס קיך. יעדער אפיציער פון דער לייב־גוואַרדיא פלעגט זיך עס האלטען ניט נור פאר א גרויסע עהרע צו האלטען וואך אין קייסערס פּאַלאַץ, זאָנדערן האט עס אויך בעטראכט אלס דאס גרעסטע פערגניגען. דיא אָפּי־צירען פון דער עהרען־וואך האבען געוועהנליך גאר קיין ארבייט ניט געהאט, זיי פלעגען עסען, טרינקען און פּלוידערן דיא גאנצע צייט, וואס זיי האבען געוואָלט.

אין דערמיט זאַל איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, דיא אָפּיציערען פון דער עהרענוואַך האָבען נור וואָס אָפּגעגעסען פריהשטיק. זיי זיצען יעצט רויכען ציגאַרען, פּלוידערן און שפּאַסען; בעזאָנדערס לוסטיג און אויסגעלאַסען איז געוועזען אַ יונגער אָפּיציער פון פּרעאָבראַזשענסקי פּאָלק. ער האָט דיא גאַנצע צייט געלאַכט, געשפּאַסט און געמאַכט פּרעהליך דיא גאַנצע געזעלשאַפט, זאָגאַר דער עלטערער פון דיא אָפּיציערען, קאַפּיטאַן סטראָגאָנאָוו, האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָט געשפּאַסט מיט זיי.

— הער נור, דעניסאָוו, האָט ער געזאָגט צום פּרעהליכען און וויציגען יונגען אָפּיציער, דוא האָסט געטהאָן אַ גרויס נאַרישקייט וואָס דוא ביסט געוואָרען אַ סאָלדאַט, אין דער גוואַרדיאַ איז זעהר שווער ווייטער צו געהן, דוא קענסט צוואַנציג יאָהר בלייבען „פּאָרוטשיק“ און וועסט ניט קענען ווייטער געהן. דוא האָסט טאַלענט צו ווערן אַ גוטער אַקטער, דוא האָסט בעסער געדאַרפט אַריינטרעטען אין טהעאַטער, אין אַ קורצע צייט וואָלסט דוא געוואָרען אַ בעריהמטער קאָמיקער און וואָלסט געהאַט געלד און עהרע.

— יעדער מענש איז אַן אַקטער און שפּיעלט אַ געוויסע ראָלע אין לעבען, הערר קאַפּיטאַן, האָט דער יונגער דעניסאָוו געענטפערט. מיר אַלע שפּיעלען אַ קאָמעדיע אין אונזער לעבען, דער גאַנצער אונטערשיעד צווישען איין מענשען און דעם אַנדערן איז נור, וואָס איינער שפּיעלט זיין ראָלע אַזוי גוט, אַז ער ווערט רייך און בעקומט עהרע און געלד; דער אַנדערער שפּיעלט זיין ראָלע שלעכט און קומט צו גאָר נישט. איך ווייס ניט, וואָס איך בין, איך מיין אָבער, אַז איך בין קיין שלעכטער אַקטער.

— אַזוי וויא איהר רעדט פון אַקטערן און טהעאַטערע, האָט זיך אָפּגערופען אַ דריטער אָפּיציער, איז דאָך גלייכער צו רעדען פון דיא אַקטריסעס. זאָג נור דעניסאָוו, ביסט דו נאָך אַלץ פערליעבט אין דער אַקטריסע פון׳ם דייטשען טהעאַטער?

— אין דער קאָמיקערין, סאָפיע? האָט דעניסאָוו געפרעגט. אויב איהר מיינט דיעזע, בין איך אין איהר פערליעבט ביז איבער דיא אויערן.

— דוא ליעבסט זיא, האָט זיך אָפּגערופען אַנאַנדערער, דאָס איז אָבער נאָך גאַנץ ווייניג. ליעבט זיא דיך אויך? דאָס איז אַ פראַגע.

— אויף דיעזע פראַגע קען איך אייך ניט אַנטוואָרטען, ווייל דאָס איז אַ געהיימניס, האָט דעניסאָוו געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ געהיימניסע קען זיין ביי אַן אַקטריסע? האָט געלאַכט קאַפּיטאַן סטראָגאָנאָוו. גיט איהם נאָך אַ גלאָז שאַמפּאַניער, וועט ער אויסזאָגען זיינע געהיימניסע.

— איך קען אייך נור זאָגען אַזוי פיעל, אַז איך בין מיט איהר בעקאַנט געוואָרען אויף אַ זאָנדערבאַרער אַרט.

— נו, דערצעהל אונז וועניגסטענס, וויא אַזוי דוא ביסט מיט איהר בעקאַנט געוואָרען, האָבען אויסגעשריען אַלע אָפּיציערען מען האָט איהם אָנגעגאָסען נאָך אַ גלאָז שאַמפּאַניע. דער יונגער אָפּיציער האָט זי אַריינגעגאָסען מיט איין מאָל און האָט געזאָגט:

— דאָס גליק איז, וואָס מיינע שעהנע סאָפיע וואוינט אונטען, ניט אויף קיין עטאַזש; ווען זיא זאָל וואוינען אויפ׳ן דריטען עטאַזש, וואָלט איך יעצט ניט געהאַט דיא עהרע צו טרינקען מיט אייך שאַמפּאַניער פון׳ם קייסער׳ס קעלער.

(Mist., 42.)

— דערצעהל בעסער, וויא אזוי דוא האסט זיך מיט איהר בעקאנט, האבען גע־שריען דיא אונטערגעטרונקענע אָפיציערען.

— אלזאָ, הערט. איך האב זיא געזעהן איין מאל שפּיעלען אין דייטשען טהעאטער און האב מיך באלד פערליעבט אין איהר, איך האב אָנגעהויבען צו בעזוכען דאס טהעא־טער יעדען אבענד און פלעג איהר ווארפען בוקעטען אויף דער ביהנע, אין יעדען בוקעט איז געלעגען א בריעף, אין וועלכען איך האב איהר געשווארען, אז איך ליעב זיא שטארק, הויך, הייליג, פייעריג צום שטארבען. איך האב זיא אין יעדען בריעף געבעטען, זיא זאל קומען אין א געוויסען רעסטאראן, וואו איך האב בעשטעלט א מיטאָג פאר אונזביידען אין א בעזונדער צימער.

— איז זיא געקומען אין רעסטאָראן?

— איך פלעג קומען יעדען אבענד, פלעגווארטען ביז שפּעט אין דער נאכט און פלעג אוועקגעהן, מיט וואס איך בין געקומען, דאס הייסט - מיט גארנישט און איך פלעג נאך מוזען בעצאהלען פאר א סאפּער, וואס איך האב זאגאר ניט אנגעריהרט. איך בין געווען אין פערצווייפלונג און האב אויפגעהערט זיא איינצולאדען אין רעסטאראן.

איך האב זיא אָבער דאך שטארק געליעבט און האב דאך געוואלט מיט איהר בעקאנט ווערן. איך בין ענדליך געפאלען אויף אזא אויפטוה, איך האב געקויפט א שעהנעם הונד, האב איהם צוגעפאסט א זילבערנעם האלסבאנד און האב אויפ'ן האלז־באנד געהייסען אויסקריצען איהר נאמען.

איך האב גענומען דעם הונד אויף א קייט און בין געגאנגען צו איהר אויף דער קווארטיר, איך האב אנגעקלונגען, דאס דיענסט מעדכען האט מיר געעפענט און מיך געפרעגט, וואס איך דארף?

— מעלדעט מיך ביי מאדעמואזעל סאָפיא האהענדארף, האב איך געזאגט. איך ברענג איהר דעם הונד, וועלכען זיא האט פערלארען.

— אָבער מאדעמואזעל סאָפיא האט גאר קיין הונד ניט און האט איהם ניט געקענט פערליערען? האט דאס קאמער־מעדכען געפרעגט ערשטוינט.

— איהר זעהט דאך, אז דאס איז איהר הונד, האב איך געזאגט און האב איהר געוויעזען אויפ'ן זילבערנעם האלסבאנד מיט איהר נאמען.

דאס קאמער־מעדכען איז געבליעבען שטעהן פערוואונדערט, זי האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. ענדליך האט זיא זיך דאך ענטשלאסען און איז געגאנגען זאגען איהר הערין, אז מען האט איהר אָפּגעבראכט איהר הונד. מען האט מיך באלד אריינגעפיהרט צו מיין געליעבטער סאָפיא.

זיא האט מיך אָנגעקוקט, דאן דעם הונד מיט'ן זילבערנעם האלזבאנד, דאן האט זיא זיך צולאכט מיט איהר העלען, זילבערנעם געלעכטער. זיא האט פערשטאנען, אז איך האב אומיסטען געקויפט דעם הונד מיט'ן האלזבאנד אום מיט איהר בעקאנט צו ווערן.

— וואס זאל מען טהאן, פריילין, האב איך געזאגט, ווען איך האב אויף קיין אנדערן וועג ניט געקענט מאכען אייער בעקאנטשאפט. איבעריגענס, איז עס א גאנץ שעהנער הונד, איהר מעגט איהם צו נעהמען.

פון דיזער צייט אן בין איך מיט איהר בעקאנט געווארען. זיא פלעגט מיר אמאל ערלויבען צו קומען צו איהר, זיא פלעגט זיך מיט מיר אונטערהאלטען א שטונדע אדער צוויי און פלעגט מיר הייסען געהן א היים. אזוי איז פערגאנגען א געוויסע צייט. זיא פלעגט מיך אויפנעהמען אימער פריינדליכער, פלעגט רעדען מיט מיר ערנסטער און פלעגט מיר ערלויבען צו בלייבען ביי איהר לענגער. איין מאל האט זיא מיך איינגעלאדען צו זיך אויף סאפער. איך האב געווארט אין טהעאטער, ביז דאס שטיק האט זיך גע־ענדיגט, דאן האב איך גענומען א דראשקע און מיר זיינען ביידע געפאהרען א היים. מיר זיינען אריינגעקומען אין עסצימער, דארט איז געשטאנען א געדעקטער טיש פאר צוויי פערזאָנען. מיר האבען זיך געזעצט עסען. מען האט אויפגעגעבען א פלאש מאדיירא. איך האב אנגעגאסען א גלאַז און האב געוואלט טרינקען אויפ׳ס וואהל פון מיין געליעבטע.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און א הויכער מאן מיט א לאנגער שוואר־צער בארד און מיט א צילינדער־הוט אויפ׳ן קאָפּ איז אריין אין צימער.

— ווער איז דער? האט ער געפרעגט מיט א ווילדע שטימע.

סאָפיא איז געווארען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. זיא האט געקענט ארויסרעדען נור איין ווארט:

— אנטלויפט! דער פירסט איז געקומען.

איך בין אויך געווען שטארק דערשראָקען, האב אָבער פערשטאנען, אז זיצען ביים טיש איז יעצט קיין תכלית ניט, דורך דיא טהיר אָבער האב איך ניט געקענט אנטלויפען, ווייל דארט איז געשטאנען דער פירסט. איך האב אויסגעקליבען דעם בעסטען, נאהענסטען וועג — דאס פענסטער. איך בין ארויסגעשפרונגען דורכ׳ן פענסטער אויף דער גאס און בין אנטלאפען. היינט שטעלט אייך פאר, ווען מיין סאָפיא וואלט געוואוינט אויפ׳ן דריטען, אָדער פיערטען עטאזש און איך וואלט געמאכט א שפרונג פונ׳ם פענס־טער אויפ׳ן פלאסטער פון פעטערסבורג, וואלט איך געקענט יעצט זיצען מיט אייך און טרינקען שאמפאניער?

— אָבער וואס איז געווען דאס ענדע? האט איינער געפרעגט.

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז עס איז דא א געהיימניס. איך קען אייך ווייטער גאר ניט זאגען.

דיא אפיציערען האבען ווייטער גערעדט און געלאכט. דעניסאָוו האט זיך אויפ־געהויבען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער א קוק טהאן אין הויף. ער איז געשטאנען ביים פענסטער א פּאָר מינוטען און האט געקלאפט מיט דיא פינגער אין דיא שויבען. פּלוצלונג איז ער אָפּגעשפרונגען פונ׳ם פענסטער, גלייך וויא א שלאנג האט איהם א ביס געטהאן. ער האט דערזעהן פאלגענדע סצענע.

ביים טויער איז געשטאנען א יונגער מאן און האט געבעטען דיא וואכען, מען זאל איהם אריינלאזען אין קייסערס פאלאץ. דיא וואכען האבען איהם ניט געוואלט אריינלאזען, ווייל ער האט ניט געהאט קיין איינלאס קארטע.

— דאס איז זיא! האט דעניסאָוו געזאגט, דאס איז לידיא (איהר אמת׳ער נאמען איז לידיא, סאָפיא רופט מען זיא נור אין טהעאטער) מיין געליעבטע לידיא! זיא געהט אין מענער־קליידער, זיא איז פארשטעלט, איך דערקען זיא אבער, — וואס טהוט זיא

דאָ? וואס דארף זיא אין קייזערליכען פּאַלאַץ? — דא איז ווידער א געהיימניס, א רעטעניש, וועלכעס איך קען ניט פערשטעהן, — זיא האט מיר קיין מאל ניט געוואָלט זאָגען, ווער זיא איז, ווער איהר פאטער איז, זיא פלעגט שטענדיג לאַכען פון דיא דיענער פון קייסער און רופען זיי דיא דיענער פון דער טיראַניי. וואס טהוט זיא דאָ? וואס וויל זיא דאָ?

ער האָט געוואָלט ארויסלויפען און זאגען דיא סאלדאטען פון דער וואך, אז מען זאל דעם יונגען מאן אריינלאָזען, ווייל ער קען איהם. אין דיעזע מינוט אבער איז אנ־געקומען א הערר און האט געהייסען אריינלאזען דעם יונגען מאן. דעניסאָוו איז אוועק פון׳ם פענסטער צו זיינע קאמעראדען.

— לאמיר שפּיעלען, האט דער קאפּיטאן סטראגאנאוו געזאגט און האט ארויס גענומען א פּעשעל קארטען.

מען האט זיך געזעצט שפּיעלען, מען האט גערעדט און געלאכט, דעניסאָוו האט געוואונען איין קאָן נאכ׳ן אנדערן, יעדע קארטע איז איהם געראטהען. ער איז געוועזען זעהר פרעהליך, האָט געשפּאסט און געלאכט. פּלוצלונג האט מען געהערט א שטארקען טראַך. שטיקער גלאָז, שטיקער האָלץ, ברעטער, שטיקער וואנד זיינען גע־פלויגען אין אלע זייטען. דער טיש מיט דיא פרעהליכע אפיציערען זיינען געפלויגען אין דער הויך צו דעם דעק פון׳ם צימער און זיינען אראפּגעפאלען ערגעץ גאנץ טיעף. מען האט געהערט נור איין: אָי! אך! דאן איז אלעס געבליעבען שטיל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין קעלער פון׳ם קייזערליכען פּאלאץ האבען דיא צוויי ארבייטער געארבייט, וויא פריהער, אבער זיי האבען היינט ניט געארבייט ביי דיא רעהרען; זיי האבען געארבייט ביי דער מינע. יעצט, אין לעצטען טאג, אין דער לעצטער מינוט איז אימציצקי געווען בעשעפטיגט נאך א מאל איבערצוקוקען, אויב אלעס איז אין גוטער אָרדנונג. ער האט נאך אמאל איבערגעקוקט דיא דראטהען, דעם טעלעגראף און דיא עלעקטרישע באַ־טערעע. ער האט אנגעשיט דעם דינאמיט אין דער מינע, האט איהם פארדעקט און פארוויקעלט מיט פּאפּיער, ער זאל ניט פייכט ווערן. ווען אלעס איז געווען פערטיג און עס איז נור געבליעבען צוצובינדען דעם עק דראטה צו דער עלעקטרישער באטערעע, האט אימציצקי געזאגט צו הוגאָ:

— איך האָף, אז היינט וועט עס אונז דאָך געלינגען צו פערניכטען דיא גאנצע רויבער־באנדע, דעם קייסער מיט זיין גאנצער פאמיליע. ביז אהער האט מען אונז ניט געשטערט, אונזער ארבייט איז פערטיג. עס איז יעצט דריי אוהר, אין א שטונדע ארום וועט מען הערן אין דיעזע מויערן א טראך, וועלכער וועט פארהילכען גאנץ איי־ראָפּא, דיא גאנצע וועלט, הערשער וועלען ציטערן אויף זייערע טראָהנען, קעניגע ווע־לען פירכטען אין זייערע פּאלאצען, דאס רוסישע פּאָלק אבער וועט אויפאטהמען פריי און גליקליך. — מיר האבען אפּגערעדט צו ווארפען גורל, ווער עס זאָל געבען דעם לעצטען קוועטש אין קנעפּיל, לאמיר עס יעצט טהאן.

ער האט גענומען א שטיקעל פּאפּיער, האט עס צוריסען אויף צוויי גלייכע שטיקלעך; אויף איין שטיקעל האט ער אנגעשריעבען מיט א בליישטיפט, „טוידט דעם

טיראַן"׳ דאס אנדערע איז געבליעבען לעדיג. ביידע שטיקלעך פּאַפּיער האט ער צו נויפגעקייקעלט און האט זיי אריינגעלעגט אין זיין הוט.

— קום, הוגאָ, לאָמיר ביידע גלייך ארויסנעהמען אונזער גורל פון הוט.

זיי האבען ארויסגענומען יעדער איין שטיקעל פּאַפּיער און האבען עס לאַנגזאַם גלייך וויא עס וואָלט זיך געהאַנדעלט אום א שפּיעלבען, אויפגעוויקעלט. אין אימציצקי׳ס האַנד איז געווען דאס צעטעלע מיט דיא ווערטער „טוידט דעם טיראַן!"

— איך וועל א קוועטש טהאן דאס קנעפּעל, דוא וועסט שטעהן ביי דער טהיר און זיא האַלטען אָפען. דוא וועסט דער ערשטער ארויסלויפען, ווען עס מיר געראַטהען וועל איך דיר נאכלויפען.

— דיא וואַכען וועלען אונז דאַן געווים ארעטירען, האָט הוגאָ געזאגט.

— זיי וועלען קיין צייט ניט האבען, האט אימציצקי געענטפערט. עס וועלען פליהען שויבען, פענסטער און שטיקער מויער אין אלע זייטען; זיי וועלען זיין אזוי איבערגעשראָקען, אז זיי וועלען זיך צולויפען און וועלען אונז ניט דענקען.

— אבער דיעזעלבע שטיקער מויער און שטיקער האָלץ קענען דאָך אונז טרעפען, האט הוגא געזאגט.

— נו, וועלען מיר שטארבען, האט אימציצקי געענטפערט גלייכגילטיג. מיר מוזען אונז בעטראַכטען אלס טוידטע, אַבוואָהל עס קען געשעהן, אז מיר זאלען דורך א וואונדער דאָך בלייבען לעבען. עס איז שווער אויסצורעכענען אין אזא פאַל, וואס עס קען פאָרקומען.

הוגא האט ניט געענטפערט, ער איז געשטאנען פערטראַכט און האט געקוקט אויף דיא אוהר, וועלכע באיאנאווסקי האט איהם געגעבען. פונקט פיער אוהר קומט דער קייסער מיט אלע גראַספירסטען אין זיין עס־צימער, עס מוז געשעהן אייניגע מינוטען נאך פיער אוהר. אין קעלער איז געווען גאַנץ שטיל, דיא אוהר האט געקלאַפּט שטילערהייט טיק־טאַק, טיק־טאַק, דער גרויסער ווייזער האט זיך לאַנגזאַם בעוועגט און האט זיך גערוקט צו צוועלף, דער קליינער ווייזער האט געוויעזען פיער.

— לאָמיר אבשיעד נעהמען צום לעצטען מאל, האט אימציצקי געזאגט.

ער האט ארומגענומען הוגאָ און האט איהם הערצליך געקושט.

— לאָמיר שטארבען, פריינד, אלס העלדען פאר דיא בעפרייאונג פון רוסלאַנד.

הוגאָ האט איהם געקושט אויף ביידע באַקען.

— דוא ביסט ווירקליך א העלד, פריינד אימציצקי.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און א יונגער מאן איז אריינגעקומען אין קעלער.

— לידיא, מיין טאָכטער! האט אויסגעשריען אימציצקי, וויא קומסט דוא אהער? וואס טהוסט דאָ?

— פאטער, איך בין געקומען פון דיר אבשיעד נעהמען. איך האב עס ניט געקענט אויסהאַלטען, איך זאל דיך ניט זעהן נאך אמאל, איידער דוא וועסט אויספיהרען דיין שרעקליכע אויפגאבע. מיט שווערער מיה איז עס מיר געלונגען צו קומען צו דיר. דיא וואך האט מיך ניט געוואָלט אריינלאָזען, ביז עס איז געקומען א הערר, בעהאַנגען

מיט אָרדענס און מעדאַילען און האט מיך געהייסען צולאָזען צו מיין פאטער, וועלכער ארבייט אין קעלער. מען האט מיך אויפגעהאַלטען ביז אהער; יעדער אויפזעהער האָט מיך אויסגעפרעגט און האט ביי מיר געזוכט אין דיא קעשענעס.

אימציצקי האט ארומגענומען זיין טאָכטער און האט איהר געזאגט;

— זיי געזונד, מיין ליעבע טהייערע לידיא! איך ווינש דיר דוא זאָלסט גליקליך זיין, דוא זאָלסט לעבען אין א פרייעס, גליקליכעס רוסלאנד אָהן טיראַנען, אָהן מערדער, אָהן א פעטראפאוולאווסקי פעסטונג און אָהן א קאַטאָרגא.

לידיא האט געהאַלטען ארומגענומען איהר פאטער זיא האט ניט געקענט זיך פון איהם אפרייסען.

— געה, מיין קינד, האט ער אנגעהויבען צו בעטען, געה שנעל! דיא צייט איז קורץ, יעצט קענסט דוא נאך ארויסגעהן, מיט צוויי מינוטען שפּעטער וועט עס שוין אונמעגליך זיין.

הוגא פאן פאהלען האט א קוק געטהאן אויף דער אוהר — דער גרויסער ווייזער האט געוויעזען א פיערטעל נאך פיער. ער האט א ציטער געטהאן. אימציצקי האט עס בעמערקט און האט אויסגערופען.

— שנעל ארויס פון דאַנען!

הוגאָ האט אנגענומען לידיא ביי דיא הענד און האט זיא ארויסגעפיהרט פון קעלער. אין דיעזע מינוטע האט זיך געהערט א שרעקליכער קראַך, שויבען. באַלקענס און שטיקער וואַנד זיינען געפלויגען פון אלע זייטען. א שרעקליכער הערצרייסענדער געשריי האט זיך געלאָזט הערען פון׳ם קייסערס ווינטער־פּאַלאַץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אונזערע לעזער מוזען שוין מיט אונז געהן און אנקוקען דיא בילדער, וועלכע מיר שטעלען זיי פאָר, איינע נאך דיא אנדערע. מיר האבען זיי געפיהרט אין דעם וואַך־צימער, וואו דעם קייסערס עהרען־וואַך איז געזעסען און האט זיך אונטערהאַלטען, מיר האבען זיי געפיהרט אין קעלער, וואו מען האט פאַרבערייטעט דיא שרעקליכע עקס־פּלאָזיאָן. יעצט וועלען מיר זיי פיהרען אין קייסערס עס־צימער א קורצע צייט בעפאָר דיא עקספּלאָזיאָן איז געשעהן.

עס איז דריי אוהר, אין קייסערס עסצימער דעקט מען דיא טישען פאַרן קייסער מיט זיין פאמיליע, דיא טישען זיינען אויסגעשטעלט האלב רונד, אויף דיא טישען שטעהן גאָלדענע און זילבערנע וואזען מיט פרישע בלומען, דער האפמאַרשאַל שטעהט אין דער מיט ציממער און טהיילט אויס זיינע בעפעהלע צו דיא לאַקייעס און דיענער, וועלכע ברענגען אריין זילבערנעס און גאָלדענעס געשירר. ער הייסט אויסלעגען דיא טעלער, דיא שווערע זילבערנע לעפעל, דיא זילבערנע מעסערס יעדעס אויף זיין ארט. אויבען אָן, וואו דער קייסער פלעגט בעשטענדיג זיצען, הייסט ער לעגען א גאָלדענעם לעפעל און מעסער. דער פּלאַץ אין דער רעכטער האנד פון׳ם קייסער איז געבליעבען לעדיג. דאס איז געוועזען דער פּלאַץ פון דער קייסערין, וועלכע איז דאַמאָלס געלעגען קראַנק אין א בעזונדערן פליעגעל פון׳ם ווינטער פּאַלאַץ.

ענדליך זיינען דיא טישען געדעקט, דאס געשירר אויסגעשטעלט, דאס באַק־

ווערק איז אויסגעלעגט. דער האף־מארשאל קוקט נאך אמאל אלעס איבער און גע־פינט, אז אלעס איז אין ארדנונג. דער גרויסער זייגער אין צימער האט נור וואס געשלאגען פיער. דער קייסער מיט דיא גראספירסטען דארפען שוין אריינקומען, אבער קיינער איז נאך ניטא. ער קען ניט פערשטעהן, וויא עס קומט, וואס דער קייסער האט זיך היינט פארשפעטיגט; באלד אבער איז אריינגעקומען א לאקיי און האט איהם גע־זאגט שטילערהייט:

— דער קייסער האלט אין רעדען מיט׳ן גראספירסט קאנסטאנטין.

— ווייסט דו ניט, פון וואס זיי רעדען? האט געפרעגט דער האף־מארשאל שטילערהייט. האסט דוא ניט געחאפט א ווארט?

— זיי רעדען איבער גענעראל קראשעווסקי, האט דעם קייסער׳ס לייב דיענער געענטפערט. גראספירסט קאנסטאנטין בעט, אז מען זאל גענעראל קראשעווסקי צוריק־רופען פון סיביר; דער קייסער אבער וויל דער פון ניט וויסען.

דער לייב דיענער האט קיין ליעגען ניט געזאגט. ער האט זיך אונטערגעהערט, וואס דער קייסער רעדט מיט׳ן גראספירסט.

זיי זיינען ביידע געווען אין קייסערס קאבינעט. גראספירסט קאנסטאנטין האט אנגעהויבען צו ערקלערן דעם קייסער, וואס פאר א שלעכטען איינדרוק עס האט גע־מאכט אויף דיא אפיציערען פון דער ארמעע, וואס מען האט פערשיקט דעם גענעראל קראשעווסקי קיין סיביר אהן אן אונטערזוכונג, אהן א געריכט, אהן בעווייזע, אז ער איז שולדיג.

— פארגעס ניט, ברודער, אז יעדער אפיציער, יעדער גענעראל האט יעצט מורא, טאמער ווערסט דוא אויף איהם בייז און פערשיקסט איהם קיין סיביר. קיינער גלויבט ניט, אז קראשעווסקי שטעהט אין פערבינדונג מיט דיא ניהיליסטען, יעדער זאגט, אז ער האט זיך מיט דיר צוקריעגט איבער דיא ארט, וויא אזוי צו רעגיערען. זיינע מיינונ־גען זיינען דיר ניט געפעלען און דוא האסט איהם פערשיקט. דוא קענסט דאך דיא וועלט, ברודער, יעדער לעגט צו א ליעגען; יעדער וויל ווייזען, אז ער וויים זאכען, וואס אנדערע ווייסען ניט און דערצעהלט דערוויל זאכען, וואס ער אליין וויים ניט.

אבער לאמיר שוין זאגען, אז קראשעווסקי איז א ניהיליסט, וואס קען ער דען שאדען? ער איז דאך אן אלטער מאן, וויא לאנג נאך וועט ער לעבען? וואס קען שוין טהאן א מענש אין זיינע יאהרען? — אלענפאלס, ווען דוא האסט שוין פאר איהם מורא, הייס איהם ארויספאהרען פון רוסלאנד, לאז ער זיך ערגעץ פאהרען, קיין פראנקרייך אדער קיין ענגלאנד.

— דוא ביסט נאך יונג, ברודער, און קענסט ניט דיא וועלט, האט אלכסנדר II געזאגט שטרענג. דוא מיינסט, אז גענעראל קראשעווסקי קען אונז ניט זיין געפעהרליך, ווייל ער איז שוין אלט; דוא פערגעסט אבער, וואס פאר א שלעכטער ביישפיעל דאס וועט זיין פאר דער ארמעע. אונזער גאנצע מאכט ליעגט אין דער ארמעע, זא לאנגע דיא ארמעע איז געטריי דעם קייסערליכען הויז, זיינען מיר זיכער און האבען פאר קיינעם ניט וואס מורא צו האבען; קוים געפינען זיך אבער אין דער ארמעע פעררעטהער, קוים איז דיא ארמעע פערגיפטעט פון׳ם ניהיליזמוס, קוים איז דיא ארמעע עפעס ניט צופריע־

דען און הייבט אן צו מורמלען; קוים געפינען זיך אין דער ארמער מענשען, וואס רייצען אויף צו א רעוואלוציאָן — זיינען מיר ניט זיכער מיט אונזער טראהן, מיט אונזער לעבען.

ווען אזא אלטער מאַן, וויא קראשעווסקי, קען ווערן א ניהיליסט און זוכען אונז צו שאדען, קענען זיך דאך געפינען נאך גענעראלען, וואס קענען אויך ווערן ניהיליסטען. איך האב געמוזט ווייזען א ביישפיעל פון שטרענגע אויף גענעראל קראשעווסקי אום דיא אנדערע זאלען ציטערן. זיי וועלען זעהן, אז איך שיינק ניט קיינעם, אז איך האב זאגאר איינעם פון מיינע בעסטע פריינד פערשיקט קיין סיביר, ווען איך האב איהם געפונען פאר שולדיג.

— איך רעד ניט געגען דיין בעשטראפען פון א שולדיגען, האט גראַפפירסט קאָנסטאנטין געזאגט, קוים האסט דוא אויסגעפונען, אז קראשעווסקי איז שולדיג און קען דיר שעדליך ווערן, האסט דוא געמוזט עפעס טהאן און צו געבען א ביישפיעל פון שטרענגע; בעדענק אָבער, וויא אזוי דיא שטראפען ווערן אין רוסלאנד אויסגעפיהרט. מען בעהאנדעלט דיא ארעסטאנטען אין סיביר אזוי שלעכט און אזוי שטרענג, אז דיא האר שטעלען זיך קאפויער, ווען מען רעדט נור דערפון. עס געפינען זיך צווישען דיינע דיענער אזעלכע שלעכטע מענשען, וועלכע האבען דערפון פערגניגען צו פייניגען און צו קוועלען דעם אונגליקליכען, וועלכער פאלט אריין צו זיי אין דיא הענד.

איך רעד שוין ניט פון דיא גרויזאמקייטען, וועלכע מען בעגעהט געגען דיא ארעס־טאנטען אין סיביר; דא, אין פעטערבורג, ביי אונז אונטערן נאז, געפינט זיך א צווייטעס סיביר, אין וועלכען עס קומען פאר זאכען, וועלכע מאכען איינעם שוידערן, ווען מען הערט זיי נור. — איך מיין דיא פעטרא־פאוולאווסקי קרעפאָסט.

— מען טרייבט איבער, האט געזאגט דער קייסער, מען דערצעהלט זאכען, וואס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. דיא ניהיליסטען ווילען אויפרייצען דאס פאלק דערמיט, וואס זיי טראכטען אויס אלערליי ליעגענס.

— מעגליך, אז מען דערצעהלט שוין צופיעל, אָבער עטוואס וואהרהייט איז דאך דא אין דיעזע ערצעהלונגען; עס קען ניט זיין, אז אלעס זאל זיין פאלש, אלעס זאל זיין ליעגען. איך וואלט דיך געבעטען, זאלסט אמאל אליין פאהרען אנקוקען וויא מען בע־האנדעלט דארט דיא ארעסטאנטען.

— נו! איך וועל עס דיר צוליעב טהאן, האט דער קייסער געזאגט. מארגען פאהר איך אין פעטרא־פאוולאָווסקי קרעפאָסט זעהן וואס דארט טהוט זיך און וויא אזוי מען בעהאַנדעלט דארט דיא ארעסטאנטען. איך וויל זעהן מיט מיינע אויגען, וויא אזוי מען פיהרט אוים מיינע בעפעהלע, ביסט דוא מיט מיר צו פריעדען?

— איך וואָלט געווים צופריעדען געווען, ווען אין רוסלאנד זאל ניט זיין ניט קיין פעטראפאוולאווסקי קרעפאָסט, ניט קיין סיביר. צוויי זאכען וועלכע ערביטערן דאס פאָלק און רייצען עס אויף געגען דיא רעגיערונג.

— דערווייל וועלען מיר רעווידירען דיא פעטראָפּאוולאָווסקי קרעפאָסט, שפעטער וועלען מיר זעהן וואס צו טהאן מיט סיביר. איינער פון מיינע מיניסטאָרען האט מיר שוין פאָרגעשטעלט א פראָיעקט, אז מען זאל אויפהערן צו פערשיקען ארעסטאנטען קיין סיביר. אויך פון דיא איינוואָינער פון סיביר איז אנגעקומען א קלאגע, אז מען

שיקט זיי צו אלע מערדער, אלע פערברעכער און אלע טויגעניכטסע פון רוסלאנד. זיי בלייבען דארט און פערדארבען דיא גוטע איינוואָינער פון סיביר. איך מוז דעם פּראָיעקט נאך א מאל איבערלעזען.

אין דיעזע מינוט האט ער א קוק געטהאן אויף דיא אוהר.

— א פיערטעל נאך פיער שוין! האט ער געזאגט, עס איז צייט צו געהן צו טיש. דיא גראספירסטען ווארטען, זיי וועלען זיך וואונדערן, וואס איך האב מיך היינט פערשפּעטיגט. קום, קאָנסטאנטין, לאָמיר געהן אין עס־צימער. איך וויל ניט, אז דיא דיענער און לאקייעס זאלען האבען וואס צו רעדען.

זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם קאבינעט און זיינען אריינגעקומען אין אודיענץ־זאל. פון דאָרטען האט א טהיר און עטליכע טרעפּ ניעדעריגער געפיהרט אין עס־צימער. זיי זיינען שוין געווען גאר ניט וויט פון דער טהיר פון עס־צימער, ווען דער באָדען אונטער זייערע פיס האט אנגעהויבען צו ציטערן, עס האט זיך געהערט א שרעקליכער טראך. אלכסנדר II האט אנגעחאפּט דעם גראספירסט קאנסטאנטין ביי דער האנד. — זיי זיינען ביידע אומגעפאלען.

— דאס האט מען אונז געוואלט טוידטען, האט דער קייסער געזאגט אין א מינוט ארום.

פון'ם עס־צימער האט מען געהערט שרעקליכע געשרייען און געוויין.

— איז דיר גאָר ניט געשעהן, ברודער? האט קאנסטאנטין געפרעגט.

— גאָט זיי דאנק! איך פיהל קיין שמערץ, מיר איז גאר ניט געשעהן, אבער פון עס־צימער הער איך געשרייען און געוואלדען, דאָרט מוז זיין עטוואס שרעקליכעס. לאָמיר געהן זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

— ווער ווייס, אויב ניט נאך דער ערשטער עקספּלאָזיאָן, וועט ניט קומען א צווייטע? האט קאנסטאנטין געזאגט, לאָמיר בעסער אפּווארטען אביסעל.

אין פּאלאץ איז געווארען א שרעקליכער רעש. אלע טהירען האבען זיך געעפענט. דערשראָקענע מענשען זיינען געלאפען איינער איבערן אנדערן. קיינער האט ניט גע־וואוסט, וואוהין ער לויפט און צו וואס ער לויפט. אלע זיינען געווען בלייך און האבען געציטערט.

— דיא ניהיליסטען! דיא ניהיליסטען! האט יעדער געשריען. קיינער האט אבער ניט געוואוסט, וואו עס געפינען זיך דיא ניהיליסטען און וואס זיי וועלען ווייטער טהאן.

— קום צוריק אין דיין קאבינעט, האט קאנסטאנטין געזאגט צו זיין ברודער, דאָרט ביסט דוא זיכערער וויא ערגעץ אנדערש. דוא ווייסט דאך אלע געהיימע אויס־גענגע און בעהאלטענע וועגען פון דאָרט.

ער האט אנגענומען זיין ברודער ביי דער האנד און האט איהם צוריקגעפיהרט אין זיין קאבינעט. אין דער אודיענץ־זאל איז אלעס געווען שטיל, נור דאס מעבעל איז געווען צוואוואָרפען. אין קאבינעט איז אויך אלעס געווען שטיל, נור אייניגע זאכען זיינען ניט געשטאנען אויף זייערע ערטער. דער דינאמיט איז געווען צו שוואך, זיין קראפט האט ניט געגרייכט ביז אין דריטען עטאזש.

— לאָז מיך דא אליין און געה רוף מיר דיא וואך, האט דער קייסער געזאגט. איך וויל וויסען אלעס, וואס עס איז געשעהן.

קאנסטאנטין איז ארויסגעגאנגען פון קייזערליכען קאבינעט און איז געלאפען אין צימער, וואו דיא עהרען־וואכע פלעגט זיין אום זיא ארויפצושיקען אין קייסערס קאבינעט. קוים אבער איז ער אריינגעקומען אהין, האט זיך איהם פאָרגעשטעלט א שרעקליכעס, הערצרייסענדעס בילד. דער פוס־באָדען איז איינגעפאלען, און שטיקער באלקענס, שטיקער ערד און שטיינער זיינען געלעגען אין שרעקליכער אונאָרדנונג אויף א הויפען. פון אונטערן הויפען האט מען געהערט קרעכצען און וויינען:

— רעטעט! רעטעט! האט געבעטען א שוואכע שטימע.

— ווער ביסט דוא? וויא קען איך דיך רעטען? האט אויסגעשריען גראָספירסט קאנסטאנטין מיט פערצווייפלונג אין זיין שטימע.

— איך בין ליעטענאנט דעניסאָוו פון דער עהרען־וואך, האט געקרעכצט א שוואכע שטימע, רעטעט, נעהמט צו פון מיר דעם באלקען, וועלכער ליעגט מיר אויף דיא פיס.

גראָספירסט קאנסטאנטין איז אראפגעשפרונגען צו איהם און האט איהם געד וואָלט ארויסשלעפען פון אונטערן באלקען, אדער אויפהויבען דעם באלקען פון איהם. ער האט אבער גאר נישט געקענט טהאן, זיינע קרעפטע האבען עס ניט ערלויבט. צום גליק, זיינען אין דיעזע מינוט אנגעלאפען איינינגע מענשען, דיענער פון קייזערליכען האָף. זיי זיינען געלאָפען, זיי האבען אליין ניט געוואוסט וואוהין זיי לויפען. זיי זיינען געווען בלייך און האבען געציטערט.

— אהער! קומט אהער! האט געשריען קאָנסטאנטין. רעטעט! אָט ליעגען פערוואונדעטע מענשען.

זיי זיינען צוגעקומען צו איהם און האבען איהם געהאָלפען אוועקשלעפען דעם שווערען באלקען, אונטער וועלכען עס איז געלעגען דער יונגער אפיציער. ער איז געווען בעדעקט מיט שטויב און ערד, זיין בלוט האט גערונען פון עטליכע וואונדען:

— וואסער! האט ער געבעטען מיט א שוואכער שטימע, וואסער!

איינער האט געבראכט וואסער אין א הוט, ער האט ניט געקענט געפינען קיין אנדערע כלי. מען האט איהם געגעבען וואסער צו טרינקען.

— וויא הייסט איהר? האט קאנסטאנטין געפרעגט.

— איך הייס דעניסאָוו.

— זייט איהר געווען היינט אויף דער וואך?

— יא, הערר.

— וויא פיעל נאך זיינען געווען היינט אויף דער וואך?

— נאך פיער.

— וואו זיינען זיי?

— איך וויים ניט.... טוידט.... בעגראבען.... גיט מיר וואסער.... אך!

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען, זיינע אויגען האבען זיך פערמאכט, ער איז געפאלען אין אָהנמאכט. דער גראָספירסט האט געהייסען איהם אריינטראגען אין און

אנדער צימער און רופען א דאָקטאָר. ער האט געוואָלט זוכען דיא אנדערע אָפיציערען פון דער עהרענ־וואך, עס איז אבער געווען אונמעגליך, דיא שטיקער האָלץ און שטיינער זיינען געווען אזוי אנגעוואָרפען אויף זיי, אז מען האט געמוזט האבען מעהר מענשען, מען זאָל זיי אָפּראמען. ער איז דאהער געגאנגען ווייטער צו דער טהיר רופען דיא וואכען פון דרויסען.

פאר דעם קייסערס פאלאץ האט זיך אין דיזע מינוט פערזאמעלט א גרויסע מאסע מענשען. דיא וואכען זיינען געווען אזוי איבערגעשראָקען, אז זיי האבען ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט זיי. מענשען זיינען אריינגעגאנגען און ארויסגעגאנגען פון׳ם פאלאץ און קיינער האט זיי ניט אויפגעהאלטען. דער איינציגער מענש, וועלכער האט געוואוסט, וואס טהוט זיך מיט איהם, איז געווען דער מיניסטער פון קייזערליכען הויף, גראף וואָראָנצאָוו־דאשקאָוו. ער איז אין דער צייט פון דער עקספלאָזיאָן געווען אין זיין צימער אין א פליגעל פון פאלאץ. קוים האט ער דערהערט דעם שטארקען טראך, איז ער ארויסגעלאָפען אין דרויסען, האט צוגערופען א סאלדאט פון דער וואך און האט איהם געהייסען געהן אויף דיא הויפטוואכטע און הייסען פויקען טרעוואָגא (אלאַרם), עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט, ביז דער סאלדאט האט אויסגעפיהרט זיין בעפעהל. פון דער הויפטוואכטע האט זיך געלאזט הערן, דאס שרעקליכע, אומעטיגע פויקען טרעוואָגא. פון אלע זייטען זיינען אנגעקומען סאלדאטען צום קייזערליכען פאלאץ. דער מיניסטער דעם קייזערליכען האָף האט זיי געהייסען ארומרינגלען דעם ווינטער־פאלאץ און קיינעם ניט אריינלאָזען, קיינעם ניט ארויסלאזען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואס פאר א רעש עס האט אנגעמאכט אין פעטערבורג, ווען פלוצלונג אין א רוהיגען שטילען טאג האט מען דערהערט פויקען און טרובען און מען האט געזעהן, וויא דיא גוואַרדיע ציעהט זיך צום קייזערליכען פאלאץ. מען האט פערמאכט דיא געשעפטען, פערשלאָסען דיא טהירען פון דיא הייזער, פער־שפארט דיא טויערן, צוגעמאכט דיא לאָדען פון דיא פענסטער. דיא שוואכע, דיא איבערגעשראָקענע זיינען געזעסען אין דער היים און האבען מורא געהאט זיך צו ווייזען אויף דער גאס. עס האבען זיך אבער געפונען גענוג מוטהיגע און נייגיעריגע מענשען, וועלכע האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און זיינען געלאָפען קוקען אויפ׳ן „בייז וואונדער" פון׳ם בעהערשער פון אלע רוסען. יעדער האט געוואָלט וויסען, וואָס עס טהוט זיך אין פאלאץ; יעדער האט געוואָלט זעהן, וואס דאָרט איז געשעהן.

ווען גראספירסט קאנסטאנטין איז צוגעקומען צו דיא טרעפּ, וועלכע פיהרען ארויס פון פאלאץ צום הויפט־טויער, האט זיך איהם פאָרגעשטעלט אן אנדער בילד, א גרויסע מאסע הויף־דיענער, גענעראלען, אָפיציערען, האָף־דאמען און אייניגע גראָס־פירסטען האבען זיך צונויפגעשטופּט, צונויפגעפּרעסט אין קאָרידאר לעבען דער טהיר. יעדער האט געוואָלט פריהער ארויסלויפען. זיי האבען פערגעסען, ווער עס איז עלטער ווער עס איז איגנער — אלע זיינען געווען אויפגעמישט: מענער, פרויען, קינדער, גענע־ראלען, לאקייעס, גראספירסטען און דיענער. אלע זיינען געווען בלייך, וויא קאלך, אלע האבען געציטערט. יעדער האט געוואָלט וויא צום גיכסטען ארויס פון דעם שרעקליכען אָרט; יעדער האט געוואָלט זיין דער ערשטער צו אנטלויפען און האט דערמיט נאך

פערגרעסערט דעם שרעק פון דיא אַנדערע. א גרויסער קנויל מענשען איז געלעגען פערוויקעלט און פערדרעהט ביי דער טהיר.

— בערוהיגט אייך! האט קאנסטאנטין אויסגעשריען מיט אן איבערמענשליכער קראַפט. בערוהיגט אייך, עס איז גאר נישט! מיר זיינען גערעטעט!

אין דיזע מינוט איז אנגעקומען דער מיניסטער דעם קייזערליכען האף פון דער אנדערער זייט און האט אויך געבעטען, אז זיי זאלען זיך בערוהיגען. זיי זיינען אין זיכער־הייט, דיא גוואַרדיא איז אָנגעקומען.

דער לעבעדיגער קנויל איז געבליעבען שטעהן. יעדער האט אָנגעהויבען צו קומען צוזיך און צו איבערלעגען, וואס איז דא? וואוהין לויפט ער? יעצט האט דער גראָס־פירסט קאָנסטאַנטין פון איין זייט און גראַף וואָראָנצאָוו־דאַשקאָוו פון דער אנדערער זייט אנגעהויבען צו צונעהמען דעם קנויל מענשען איינציג וויים, זאגען יעדען אַ בערוהי־גענדעס ווארט און אוועקפיהרען איהם אין אנאנדער צימער.

ווען אלעס האט זיך בערוהיגט און קאנסטאנטין האט געזעהן, אז דיא גוואַרדיא האט ארומגערינגעלט דעם פּאלאַץ און אז דיא געפאהר איז פאראיבער, איז ער צוריק־געגאנגען צו זיין ברודער אין קאבינעט איהם בערוהיגען און איהם בעריכטען, וואס עס איז געשעהן. ער האט געפונען דיא טהיר פון'ם קייסער'ס קאבינעט פערשלאסען. ער האט אָבער געוואוסט פון א געהיימען גאנג אין קאַבינעט אריין און איז אויף דיזען וועג אריין. אלכסנדר II איז געזעסען אנגעבויגען אויף זיין שרייב טיש און האט געוויינט.

— בערוהיג דיך, ברודער, האט ער איהם געבעטען מיט זיין ווייכער, טרויעריגער שטימע. עס איז גאר נישט געשעהן, נור אַ שטיקעל וואנד איז איינגעפאלען. אין אַ טאג ארום וועט עס רעפּארירט ווערן. דוא ביסט זיכער, דיין טרייע גוואַרדיע בעוואַכט דיך.

— אך, ברודער! האט דער קייסער קוים ארויסגערעדט, וויא אונגליקליך בין איך אויפ'ן קייזערליכען טראָהן פון רוסלאנד! מען פערפאָלגט מיך, מען יאגט מיך, וויא אַ ווילדע חיה. וואס וויל מען פון מיר? בין איך דען ערגער פון אלע הערשער, וועלכע זיינען געזעסען פאר מיר אויפ'ן רוסישען טראָהן? פאר וואס בין איך אזוי אונגליקליך?

— פערצווייפעל ניט, ברודער, האט קאָנסטאַנטין געבעטען. זיי מוטהיג, בעקעמפּפע דיינע פיינד. דוא ביסט דער הערשער פון הונדערט מיליאן מענשען, דוא דאַרפסט ניט מורא האבען פאר אַ קליין הייפעלע ניהיליסטען, וועלכע אַ גוט ארגאַניזירטע פּאָ־ליציי וואלט שוין לאנג אויסגעפונען און איינגעפאנגען איינציגווייס. דאס פאלק איז דיר טריי און ערגעבען. שאַף נור אָפּ דיא שלעכטע מענשען ארום דיר, דערוווייטער פון זיך דיינע מעזענצאָו'ס, מאַך פאר בעאַמטע מענשען מיט פערשטאנד, קלוגע, עהרליכע מענשען און דיא ניהיליסטען וועלען באלד אליין פערשווינדען.

— איך האב אויך פריהער געטראַכט, וויא דוא; איך האב אויך געמיינט, אז דיא ניהיליסטען זיינען אַ קליין הייפעלע, פון וועלכע דאס פאלק וויל ניט וויסען און ניט קענען. איך האב מיך אָבער איבערצייגט, אז דיא ניהיליסטען זיינען אַ מאַכט, מיט וועלכע עס וועט מיר זיין זעהר שווער צו קעמפּפען. דיא ניהיליסטען זיינען ניט אַ קליינע געהיימע געזעלשאַפט, וועלכע פארדערט פון מיך דיזע, אָדער יענע פונקטען, — דאס גאנצע רוסישע פאלק איז דורכגעוויקט מיט'ן ניהיליזמוס. דאס איז אַ שרעקליכער

גיפס, וועלכער פערברייטעט זיך אליין ווייטעד און ווייטער און וועלכער וועט מיט דער צייט אומוואָרפען דעם שטאַרקען טראָהן פון דיא ראָמאַנאָוו׳ס. איך זעה עס מיט דיא אויגען פון מיין גייסט, איך זעה טרויעריגע, בלוטיגע בילדער; איך זעה זיי אין שלאָף, איך זעה זיי וואַכענדיג, ווען איך מאַך צו דיא אויגען; איך זעה, וויא אין דיא גאַסען פון פעטערבורג פליעסט מענשען בלוט טייכענוויים. איך זעה, וויא דיא קינדער ראָמאַנאָוו׳ס פאַלען —

אך! האט ער פלוצלונג אויסגערופען, איך זאל מיך קענען אָפּזאָגען פון דיעזער שווערע משא, פון מיין קרוין! איך קען לעבען רוהיג און גליקליך אין פאַריז, אָדער אין לאָנדאָן אלס פּריוואַט מאַן.

— זאָג עס ניט, ברודער. דוא זעהסט דאָך, אַז גאָט האַלט נאָך זיין האַנד אויף דיר. דוא ביסט היינט געריטעט געוואָרען דורך אַ וואונדער. מיר זיינען געווען נור אַ פּאָר שריטע פון׳ם טוידט. איז דאָס דען ניט אַ וואונדער, וואָס מיר האָבען זיך היינט פערריטעט און האָבען זיך פערשפּעטיגט צום מיטאָג. ווען מיר וואָלטען געגאַנגען עטוואָס איינינגע מינוט פריהער, וואָלטען מיר יעצט ניט געקענט רעדען צוזאַמען. דוא זעהסט דאָך, אַז גאָט איז מיט דיר און היט דיך אָפּ. זיי אַלזאָ שטאַרק און מוטהיג, גאָט וועט ווייטער דיר בעוויזען זיינע וואונדער.

— וואונדער, אָדער צופאַל? האָט געפרעגט אלכסנדר II. איך וויים ניט, אויב איך בין געריטעט געוואָרען דורך אַ וואונדער, דורך אַ צופאַל, אָדער דורך דיא נאַכלעסיגקייט פון דיא ניהיליסטען, וועלכע האָבען פערוועגדעט צו ווייניג דינאַמיט. אלענפאַלס בין איך ניט שטאַרק דאַנקבאַר דעם וואונדער, אָדער דעם צופאַל, וואָס איך בין געריטעט. מיר וואָלט שוין ליעבער געווען צו שטאַרבען היינט.

— וואָס רעדסט דוא, ברודער? האָט אויסגערופען קאָנסטאַנטין. דער קייסער פון רוסלאַנד זאָל פערצווייפלען? אַ ראָמאַנאָוו זאָל זיך אַזוי אָפּלאָזען און זאָל אַ מאַך טהאָן מיט דער האַנד אויף דאָס גרעסטע און שטאַרקסטע קייזערטהום אין דער וועלט? ניין, ברודער! דוא ביסט יעצט אויפגערעגט, דוא מוזט זיך בערוהיגען, דוא מוזט זיך היינט נאָך ווייזען אין פעטערבורג; דוא מוזט ווייזען, אַז דו ביסט נאָך הערשער. דוא וועסט זעהן, ווי דאָס פאָלק וועט דיר ענטגעגען קומען מיט פרייד און וועט דיר ווינשען גליק. —

פון׳ם הויף האָט מען דערהערט אין דיעזע צייט אַ ליאַרם און אַ געוואַלד, מענשען האָבען געדעדט און געשריען. פון׳ם קאַבינעט האָט מען ניט געקענט הערן וואָס מען האָט גערעדט, מען האָט נור געהערט אַ שרעקליכען רעש.

— געה, ברודער, זעה, וואָס איז דאָרט, האָט דער קייסער געזאָגט צו זיין ברודער.

גראָספירסט קאָנסטאַנטין איז געגאַנגען זעהן, וואָס דאָרט איז. ער איז צוגעקומען צו דיא טרעפּ און איז געבליעבען שטעהן. אַ גרויסער הויפען מענשען האָט געשלעפּט אַ מאַן ביי דיא הענד און דיא פיס. דאָס בלוט האָט זיך פון איהם געגאָסען און האָט געפאַרבט דיא טרעפּ העל רויט. אויפ׳ן ערשטען אַנבליק האָט קאָנסטאַנטין געדעכענט, אַז ער איז אויך אַן אָפּפער פון דער עקספּלאָזיאָן; באַלד אָבער האָט ער דערהערט עטוואָס שרעקליכעס.

— אט איז דער הונד, וועלכער האט אנגעמאכט דאס גאנצע אונגליק, האבען געשריען איינינע שטימען, ווען זיי האבען דערזעהן דעם גראספירסט. דאס איז איינער פון דיא ניהיליסטען, וועלכע האבען געווארפען דינאמיט באמבען אין פאלאץ.

— צו רייסט איהם אויף שטיקער! האבען געשריען אנדערע, האט קיין רחמנות אויף דעם דינאמיטניק! פארברענט איהם, דעם קייזער מערדער! צו טרעט איהם מיט דיא פיס, דעם שורקע, דעם טויגעניכטס!

דער אונגליקליכער פערוואונדעטער האט ניט גערעדט קיין ווארט. ער האט זא־גאר ניט געקרעכצט. ער האט פארביסען דיא ליפען און האט געקוקט אויף זיינע פיי־נינער גלייכגילטיג.

— וואס טראכט איהר אזוי לאנג? האט אויסגעשריען א גראבער לאקיי, שלעפט איהם ארויף דעם הונד, אויפ'ן דריטען עטאזש אוןווארפט איהם ארויס פון א פענסטער, ער זאל צו שאטען ווערן אויף שטיקלעך!

— האלט איין! האט אויסגעשריען קאנסטאנטין. איז דער מאן שולדיג, וועט ער שוין האבען זיין שטראפע. דערוויל איז ער אונגליקליך און פערוואונ־דעט. טראגט איהם אריין אין צימער און לעגט איהם אויפ'ן דיוואן!

— דאס איז איינער פון דיא ניהיליסטען, וועלכע האבען אנגעמאכט דיא עקס־פלאזיאן, האט אויסגערופען דער גראבער לאקיי. זאלען מיר איהם נאך לעגען אויפ'ן דיוואן?

— טהו, וואס איך הייס! האט געזאגט קאנסטאנטין שטרענג. דוא ביסט א לאקיי און מוזט פאלגען וואס מען זאגט דיר.

מען האט גענומען פארזיכטיג דעם פערוואונדעטען און מען האט איהם אריינ־געטראגען אין'ם ערשטען צימער. דארט האט מען איהם אניעדערגעלעגט אויפ'ן דיוואן. גראספירסט קאנסטאנטין איז איהם נאכגעגאנגען.

— ווער זאגט עס, אז דיעזער מאן האט געווארפען דאס דינאמיט? האט קאנ־סטאנטין געפרעגט.

— איך זאג עס, קייזערליכע האהייט, האט דער גראבער לאקיי געזאגט, וויל ער איז איינער פון דיא צוויי ארבייטער, וועלכע האבען געארבייט אין קעלער.

— אבער פון וואנען ווייסט דוא, אז דיא צוויי ארבייטער האבען עס געטהאן?

— וויל דיא עקספלאזיאן איז געקומען פון קעלער, זיא האט געטראפען דאס צימער פון דער עהרענוואך אויפ'ן ערשטען עטאזש און דעם קייסער'ס עסצימער אין צווייטען עטאזש, וויטער האט עס אין ערגעץ ניט געשאדעט. דאס איז דער בעסטער בעוויז אז דאס דינאמיט איז געוועזן אין קעלער.

— ווער האט אויפגענומען דיא צוויי ארבייטער? האט וויטער קאנסטאנטין געפרעגט.

קיינער האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. איינינע מינוטען האט אין זאל געהערשט טיעפעס שווייגען. ענדליך האט זיך איינער פון דיא דיענער אפגערופען.

— מעגליך, אז דעם קייסער'ס לייב קאך, לאפערם, האט זיי אויפגענומען. דיא

גאדרעהרען פון דער קיך זיינען געווען פערדארבען און מען האט זיי געדארפט רעפארירען.

— ברענגט לאפערם אהער, האט קאנסטאנטין בעפוילען.

איינער פון דיא דיענער איז אוועקגעגאנגען רופען לאפערם. ער איז באלד געקומען. ער איז געווען זעהר אויפגערעגט און איבערגעשראקען. ווען דיא עקספלאזיאן איז געשעהן, איז ער געראדע ניט געווען אין קיך, אבער קוים האט ער דערהערט, אז דיא עקספלאזיאן איז געקומען פון קעלער, איז איהם באלד איינגעפאלען, אז דאס האבען געטהאן דיא צוויא ארבייטער, וועלכע האבען רעפארירט דיא גאזרעהרען. עס איז איהם געווען העכסט אונאנגענעהם, ווען מען האט איהם גערופען צום גראספירסטען.

— האט איהר אויפגענומען דיא צוויי ארבייטער אין קעלער? האט איהם דער גראספירסט געפרעגט, ווען ער איז אריינגעקומען אין זאל.

— ניין, קייזערליכע האהייט, האט לאפערם געענטפערט, ניט איך האב זיי אויפגענומען, איינער פון מיינע מענשען האט זיי אויפגענומען אהן מיין וויסען.

— מיינט איהר, אז דיעזע צוויי ארבייטער האבען געמאכט דיא עקספלאזיאן?

— איך קען ניט זאגען אויף געוויס, אבער, וויא עס ווייזט אויס, האבען זיי עס געטהאן.

— נו, גוט. לאמיך יעצט פרעגען דעם פערוואונדעטען.

ער האט זיך געווענדעט צו דעם אונגליקליכען אויפ'ן דיוואן, וועלכער איז געלעגען מיט פערמאכטע אויגען און האט געאטעמט זעהר שווער. מען האט געזעהן, אז ער שטארבט, אז ער וועט שוין לאנג ניט לעבען. גראספירסט קאנסטאנטין האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט איהם געפרעגט:

— ווילסט דוא מיר זאגען, ווער דוא ביסט און וויא דוא הייסט? איך פרעג דיך אלס מענש, ניט אלס ריכטער.

— איך הייס אימציצקי, האט דער פערוואונדעטער געזאגט גאנץ דייטליך.

— אימציצקי! דער אפטהעקער אימציצקי! האט אויסגערופען דער גראבער לאקיי.

— פון וואנען קענסט דוא אימציצקי? האט געפרעגט דער גראספירסט ערשטוינט.

— איך בין אן אגענט פון דער געהיים פאליציי, האט געענטפערט דער גראבער לאקיי איך בין דא אלס שפיאן צווישען דיא קייזערליכע לאקייעס. דיא געהיים פאליציי קען שוין פון לאנג דעם אפטהעקער אימציצקי. ער איז איינער פון דיא געפעהרליכסטע ניהיליסטען. ער איז באקונינ'ס פריינד, מיר זוכען איהם שוין לאנג און האבען איהם ניט געקענט געפינען. עס איז שוין געוויס, אז ער האט געמאכט דיא עקספלאזיאן.

— ועסט דוא מיר ענטפערן אויף אלע פראגען, וואס איך וועל דיר שטעלען? האט דער גראספירסט זיך געווענדעט צום אונגליקליכען.

— אונטער פיער אויגען, האט אימציצקי געענטפערט.

גראספירסט קאנסטאנטין האט געהייסען אלעמען ארויסגעהן. דער גראבער לאקיי, דער געהיים פאליציסט האט צוואר געמאכט א בעמערקונג, אז עס איז ניט גלייך פאר איהם צו בלייבען אליין מיט אזא געפעהרליכען מענשען. דער גראספירסט אבער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד און דער לאקיי איז ארויסגעגאנגען.

— יעצט זיינען מיר אליין, האט דער גראספירסט געזאגט. זאג מיר אלעס וואס

דוא ווייסט. איך פרעג דיך ניט אלס ריכטער. דוא וועסט באלד שטעהן פאר'ן גרויסען ריכטער, פאר גאָט.

— איך ווייס עס זעהר גוט, האט גענטפערט אימציצקי איך פיהל, וויא מיין לעבען רינט ארויס פון צוואנציג לעבער אין מיין קערפער, פון צוואנציג וואונדען. איך ווייס, אז איך האב נור געצעהלטע מינוטען צו לעבען. — אך!

— זאָל איך פיעלייכט שיקען רופען א גייסטליכען?

— אך, ניין! האט א ציטער געטהאן אימציצקי, לאזט מיך צורוה, איך קען שטארבען אהן א גייסטליכען. — זאגט מיר, זייט איהר דער גראַספירסט קאָנסטאנטי?

— איך בין עס. צו וואס פרעגט איהר מיך?

— איהר האט א זוהן.

גראָספירסט קאָנסטאנטין איז אויפגעשפרונגען. אלזא, דיעזער ניהיליסט קען זיין געשיכטע, דיא געשיכטע פון זיין ליעבע, דיא געשיכטע פון זיינע ליידען. פון וואנען ווייסען עס דיא ניהיליסטען?

— איך האב דיין זוהן גערעטעט פון א קראנקהייט און האב איהם אוועקגעשיקט אין א דאָרף. דארט אָבער האט מען איהם ביי מיר אוועקגערויבט, אָדער אוועקגעגנבעט.

— פון וואנען ווייסט דוא, אז דאס איז געווען מיין קינד? האט דער גראָספירסט געפרעגט.

— מיינט איהר, אז איך וועל אייך זאגען א ליגען? דיא ניהיליסטען זאגען קיין ליגען ניט. דאס איז געווען אייער קינד, זיין מוטער הייסט עליסאוועטא פאָן פאהלען.

— פון וואנען ווייסט דוא עס? ווער האט עס דיר געזאגט?

— גראָספירסט קאָנסטאנטין! מיט יעדער מינוטע ווערט מיר שווערער צו אטע-מען. איך האב ניט קיין צייט פיעל צו רעדען. איהר האט א קינד, איך האב אייער קינד גערעטעט. איך האב אויך א קינד, וועלבע בלייבט אליין, ארים, עלענד און פער-לאָסען. רעטעט מיין קינד און מיר וועלען זיין קוויט. — מיין טאָכטער הייסט לידיא, — איהר וועט זיא — לייכט קענען — אויסגעפינען —

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען. זיין געזיכט איז געווארען בלוי און פון האלז האט זיך געלאזט הערן א שרעקליכעס רעכעלען.

— איך שווער דיר, איך פארשפרעך דיר, אז איך זאל אָפּהיטען דיין קינד, וויא מיין אייגענעם! האט דער גראָספירסט אויסגעשריען.

אימציצקי האט געגעבען א ציטער, האט אויפגעעפענט דיא אויגען, האט זיך אויסגעשטרעקט און איז געבליעבען טויד. גראָספירסט קאָנסטאנטין איז געווען טיעף גערירט. ער איז געשטאנען אייניגע מינוטען לעבען דער לייכע פערטראכט און טרויעריג.

— פאר וואס איז דיעזער מענש געשטאָרבען? פאר וואס האט ער זיין לעבען געאָפּפערט?

ער איז ארומגעגאנגען אין זאל הין און צוריק און האט זיך ניט געקענט אָפּריי-סען פון דער לייכע. אימציצקי האט זיין קינד גערעטעט, ער האט איהם אוועקגעשיקט אין א דאָרף. וואוהין אָבער? — דאס האט ער קיין צייט ניט געהאט איהם צו זאָגען. — אך, וועניגסטענס נאך פינף מינוטען! ווען אימציצקי זאל געווען לעבען נאך אייניגע מינוטען

אום איהם אלעס צו דערצעהלען. — ער האט מיר אָנגעהויבען צו זאגען עפּעס און האט ניט געענדיגט. זיין טאכטער הייסט לידיא, אָבער וואו געפינט מען זיא? וויא אזוי זוכט מען זיא אוים? זיא וואינט געווים אונטער א פאַלשען נאמען, מיט א פאַלשען פּאספּאָרט; וויא קען מען זיא אויסגעפינען? אויף אונזער געהיים פּאָליציי קען מען זיך ניט פערלאָזען, זיי זיינען אלע טויגעניכטסע. — ער איז ארומגעגאנגען נאך אייניגע מינוטען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. פּלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז דער קייסער וואַרט אויף איהם, ער זאָל הערן, וואס דא איז געשעהן. ער איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר, האט צוגערופען אייניגע דיענער און האט זיי געזאגט:

— דער מאן איז טוידט. הייסט איהם אוועקפיהרען אין האספיטאל און מארגען איהם בעערדיגען אויף מיין רעכנונג.

אין פּאַלאַץ האט מען זיך דערווייל אין גאנצען בערוהיגט. מען האט איינגעזעהן, אז מעהר קיין דינאמיט איז שוין ניטא און מען האט ניט מעהר וואס מורא צו האבען. גראף וואראָנצאוו־דאשקאוו האט אריינגערופען סאלדאטען אין האט זיי געהייסען לאנגזאם און פארזיכטיג אָפּראמען דיא באלקעס און דיא שטיקער וואנד פון'ם צימער, וואו דיא עהרענוואכע איז געוועזען. ער אליין איז געשטאנען און האט קאמאנדעוועט. מען האט אוועקגעשארט דאס ערד, אוועקגעקייקעלט דיא קלעצער און ארויסגעשלעפּט דרייא טוידטע קערפּער פון דיא אָפיציערען. צו לעצט האט מען געפונען דעם קאפּיטאַן סטראָגאָנאָוו.

— ער לעבט נאך! האט אויסגערופען איינער פון דיא סאָלדאטען. זיין הערץ קלאפּט נאך. — א דאָקטאר! שנעל, א דאָקטאָר!

מען האט ארויפגעטראָגען דעם פערוואונדעטען אין זאל און מען האט איהם אניעדערגעלעגט אויפ'ן זעלבען דיוואן, פון וועלכען מען האט נור וואס צוגענומען אימפּעריאליסטען... ציצקי'ם לייבע.

גראָספירסט קאנסטאנטין איז צוריקגעגאנגען אין קייסערס קאבינעט. ער האט געפונען זיין ברודער בערוהיגט און געפאַסט און האט איהם דערצעהלט, אז מען האט געפונען איינעם פון דיא ארבייטער אין קעלער פערוואונדעט. מען זאגט, אז ער איז עס געוועזען, וועלכער האט אונטערגעוואָרפען דאס דינאמיט. איך האב איהם געוואָלט אויספרעגען, ווער ער איז און וויא ער קומט אין פּאַלאַץ, ער איז אבער באלד געשטארבען.

— נו, זעהסט דוא, ברודער, האט ער ווייטער געזאגט, אז מיט א געהיים פּאָליציי און מיט שפּיאָנען קען מען גאָר ניט מאכען. נור דאַן איז א קייסער זיכער, ווען דיא ליעבע פון'ם פאָלק איז זיין איינציגער בעשיצער. שאף־אָפּ דיין געהיים־פּאָליציי, פערטרייב דיינע שפּיאָנען, וועלכע איך האב געפונען זאגאר אונטער דיא מאַסקע פון דיינע לאַקייען. זיי האבען דיר קיין נוצען ניט געבראכט און וועלען דיר קיין נוצען ניט ברענגען.

— דוא האָסט רעכט, ברודער; מיט אמאל אבער קען איך עס ניט טהאן. ביז אהער האבען די ניהיליסטען וועניגסטענס מורא געהאט פאר דער געהיים־פּאָליציי; ווען זיי וועלען נאך פאר דיעזע בייטש אויך ניט מורא האבען, וועלען זיך יעדער טאג וויעדער־

האָלען אזעלבע טרויעריגע סצענען, וויא היינט. אויסערדעם וועט עס אנמאכען א ליארם און א סקאנדאל, ווען איך וועל מיט א מאל אבשאפען דיא געהיים־פּאָליציי מיט אלע איהרע שפּיאָנען. זיי אליין וועלען ווערן ניהיליסטען און זוכען מיר צו שאדען. עס מוס לאנגזאם געשעהן. — קאָמט צייט, קאָמט ראטה, זאגט א דייטשעס שפּריכוואָרט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר מוזען יעצט זיך אומקערן צו אן אנדערע פּערזאָן פון אונזער געשיכטע, צו איוואן מעזענצאָף. מיר האבען איהם איבערגעלאָזט, ווען ער איז ארויסגעפאהרען פון פּעאדאראָ'ס הויז אום אין א קורצע צייט צוריקצוקומען און אפּצוהיטען דעם גייסט. קוים איז ער אוועקגעגאנגען א פּאָר הונדערט שריט, איז איהם אנגעקומען אשינאָוו ענטגעגען און האט איהם דערצעהלט, אז מען האט אַרעטירט א יונגעס מעדכען, וועלכע הייסט נאטאליא מעזענצאָווא. דיעזע נאַכריכט האט איהם איבערראַשט. ער האט שוין גאר פּאַרגעסען, אז ער האט ערגעץ א מוטער און א שוועסטער; ער האט גאר פּאַר־געסען, אז זיי שמאַכטען ערגעץ ווייט, ווייט אין קאַלטען סיביר. פּלוצלונג איז דיעזע שוועסטער ארויסגעקראָכען, וויא פון אונטער דער ערד. זיא געפינט זיך אין דער פּאָליציי. זיא איז בעשולדיגט אין א פערברעכען. וואס טהוט מען יעצט? זיך דערקענען צו דיעזע שוועסטער, אדער לאזען זיא אריינוואַרפען אין א פינסטערן קערקער? וויא שלעכט און וויא פּארדאָרבען א מענש זאל ניט זיין, קען ער דאך ניט צוזעהן, אז זיינע א שוועסטער, זיין בלוט און פלייש, זאל ערניעדעריגט ווערן, געשענדעט ווערן, טראגען קייטען פון א פערברעכער. מעזענצאָף איז געוועזן א שפּיאָן, א שלעכטער מענש; ער איז געוועזן ווילד און אונבארעמהערציג, אבער נור דאַן ווען ער האט געקענט האבען דערפון נוצען, ווען ער האט זיך געקענט אויספיינען פאר'ן קייסער, אז ער האט געחאַפּט א ניהיליסט. וואס פאר א נוצען וועט ער האבען, ווען ער וועט פאַרשפּאַרען זיין שוועסטער, אן אונשולדיגעס מעדכען, אין א געפענגנים?

אלזא, בלייבט, ער זאל זיא בעפרייען און זאל זיא נעהמען צו זיך. דאס איז איהם אבער אויך ניט גאנץ אנגענעהם; מען וועט אנהויבען צו פרעגען און צו פאָרשען, ווער זיא איז און וויא אזוי זיא קומט אהער און מען וועט געוואָהר־ווערן פון זיין געהיימנים.

— דוא מעגסט דיר פאהרען א היים, האט ער געזאגט צו אשינאוו, איך קום באלד אין דיא פּאָליציי און וועל זעהן, ווער איז דיא נאטאליא מעזענצאָף. — נאך עפּעס. האט זיא דיר געזאגט, אז זיא איז מיין שוועסטער?

— זיא האט עס מיר ניט געזאגט; אבער זיא ווייזט אויס אזוי עהנליך צו אייך, אז איך בין פעסט איבערצייגט, אז זיא איז אייער שוועסטער.

— שוין גוט, האט מעזענצאף געענטפערט און האט געגעבען זיין פערד דיא שפּאָרען.

— אלזא, האט זיא איהם גאר ניט געזאגט. האט ער געזאגט צו זיך אליין. מעגליך, אז זיא ווייס עס אליין ניט. אויב אזוי איז שוין רעכט; אויב אזוי, וועל איך נאך קענען אלעס אזוי איינריכטען, אז דער וואָלף זאל זיין זאט און דיא ציעג זאָל בלייבען גאנץ.

ער איז געריטען ווייטער. טויזענדער געדאנקען זיינען איהם געקומען אין קאָפּ.

זיין גאנצעס לעבען פון זיין קינדהייט ביז אויף היינטיגען טאג, האט זיך איהם פאָרגע־שטעלט, וויא אין א פאנאראמא. ער האט געזעהן זיך אליין אלס סטודענט. ער איז געקומען צו פאהרען א היים קיין ריגא אויף וואקאנס אין מאנאט יולי. ער זעהט מיט וואס פאר א פרייד זיין קליינעס שוועסטעריל נאטאליא לויפט איהם ענטגעגען און נעהמט איהם ארום. ער בייגט זיך אן, הייבט זיא אויף און קושט זיא. זיא נעהמט איהם ארום מיט איהרע קינדערשע הענטליך און קוקט איהם גלייך אין דיא אויגען ער זעהט, וויא זיין מוטער קומט איהם ענטגעגען, נעהמט איהם ארום קושט איהם און וויינט פאר פרייד. ער זעהט, וויא דער אלטער גראף פריעדריך פאן פאהלען, בע־טראכט איהם מיט זיינע קלוגע, גרויסע אויגען. ער דערמאנט זיך, מיט וואס פאר א געדאנקען ער איז געקומען א היים. ער האט ערהאלטען א בעפעהל פון דעם דאמאליגען שעף דער געהיים פאָליציי, ער זאל אויספאָרשען, וואס דיא קורלענדער גוטס־בעזיצער (פאָמיעשטשיקעס) טהוען און אויב זיי האבען זיך פערשוואָרען זיך אנצושליעסען אן דייטשלאנד.

דער דאמאליגע שעף פון דער געהיים פאָליציי האט ניט געפונען קיין בעסערן מענשען צו שיקען קיין קורלאנד אלס איוואן מעזענצאָף, ווייל ער שטודירט אויפ׳ן גראף פאהלען׳ס רעכנונג און איז אויפגעצויגען געווארען ביים גראף פאהלען אין שטוב. פאר א סטודענט וועט מען זיך ניט היטען. מען ווייס, אז דיא סטודענטען זיינען אלע געגען דיא רעגיערונג.

איוואן מעזענצאָף זעהט — וויא ער פאָרשט אויס ביים גראף און ביי דיא אנ־דערע גוטס־בעזיצער זייערע סודות, און גיט עס איבער דיא געהיים־פאָליציי. ער זעהט, וויא עס קומען זשאנדארען אין אלע הייזער; ער זעהט, וויא מען געפינט ביי זיין מוטער א פאק פאפיערען און מען ארעטירט זי — ער זעהט, וויא דיא קליינע נאטאליא האלט זיך ביי דער מוטערס שירצע און געהט איהר נאך....

מיט דיעזע געדאנקען איז ער אריינגעפאָהרען אין הויף פון דער פאָליציי. ער האט איבערגעגעבען זיין פערד א „גאָראָדאָוואָי" און איז ארויפגעגאנגען אין זיין קאבי־נעט און האט געהייסען ברענגען דאס יונגע מעדכען, וועלכעס מען האט היינט ארע־טירט. אין אייניגע מינוטען ארום האט מען אריינגעפיהרט נאטאליען צו איהם אין קאבינעט. מעזענצאָף האט זיא באלד דערקענט.

— דאס איז זיא! דאס איז מיין קליינע שוועסטעריל נאטאליא! אבער זיא איז אויסגעוואקסען, זיא איז שעהן.

ער האט זיא בעטראכט אייניגע מינוטען. אין זיין הארץ האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען מענשליכע געפיהלע.

— וויא הייסט דוא? האט ער זיא געפרעגט מיט א ווייכער, פריינדליכער שטימע.

— איך הייס נאטאליא מעזענצאָף.

— פון וואנען ביסט דוא?

— איך ווייס עס ניט, איך קום פון ס׳ביר.

נאטאליא האט קוים נאך געדענקט דעם נאמען פון׳ם דאָרף, וואו זיא האט

געוואָינט מיט איהר מוטער און זי האט איהם אויך ניט געוואָלט זאגען. זיא האט מורא געהאַט, עס זאל ניט שאדען דעם גראף פאהלען.

— האסט דוא נאך עלטערן, ברידער אדער שוועסטער?

— מיין פאטער געדענק איך ניט, ער איז שוין לאנג געשטארבען; מיין מוטער איז ניט לאנג געשטארבען אין סיביר.

— נו, און ברידער, שוועסטער?

— איך האב געהאַט נור איין ברודער, ער האט געהייסען איוואן. איך וויים ניט וואו ער איז.

— וואָלסט דוא געקענט דערקענען דיעזען ברודער, ווען איך זאל דיר איהם ווייזען?

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א פאָטאָגראַפּישע קארטע פון זיך, ווען ער איז נאך געווען סטודענט אין אוניווערזיטעט און האט זיא איהר געוויעזען.

— דאס איז ער! האט נאטאליא אויסגערופען. איך דערקען איהם, דאס איז ער!

מעזענצאף האט געקנייטשט דעם שטערן, האט זיך געריעבען דיא הענד, האט זיך גערוקט אויף זיין שטוהל אהין און אהער. ער האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן: זאל ער זיך איהר געבען צו דערקענען, אדער זאל ער עס פערשווייגען ביז אין א גינסטיגעם מינוט. ענדליך האט ער זיך דאך ניט געקענט איינהאלטען און האט זיא געפרעגט:

— קוק נור אויף מיר און זאג מיר, אויב דוא געפינסט עפּעס אן עהנליכקייט צווישען מיר און דיעזע פאָטאָגראַפּישע קארטע?

נאטאליא האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט איהם אנגעקוקט עטליכע מינוטען. זיא האט מורא געהאַט, עס ארויסצוזאגען, זיא האט ניט געגלויבט איהרע אייגענע אויגען. זיא האט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דיעזער מאן אין דעם גלענצענדען מונדיר מיט דיא שווערע זילבערנע עפּאלעטען איז איהר ברודער איוואן. זיא האט געקוקט אויף איהם, געקוקט אויפ'ן בילד, געקוקט אויף דיא ווענד און האט געשוויעגען.

— נו, וואס שווייגסט דוא, מעדכען? האט מעזענצאף געפרעגט.

— איך וויים ניט, איך קען ניט.... איך גלויב מיר אליין ניט....

— איך בין עס דיין ברודער איוואן!

נאטאליא איז געבליעבען שטעהן וויא פון בליץ געטראָפען; באלד אבער איז זיא געקומען צו זיך, איז צוגעלאפען צו איהם, האט איהם ארומגענומען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— ענדליך, ענדליך, נאך לאנגע, שווערע יאהרען פון נויט, עלענד און פערצווייפלונג געפין איך ווידער מיין ברודער, האט זיא געהליפּעט.

אין דער ערשטער מינוט פון איהר ווידערזעהן האט זיא אלעס פערגעסען. זיא האט פערגעסען, אז דורך איהם איז זיא פערוואָרפען געוואָרען קיין סיביר. זיא האט פערגעסען, אז דורך איהם איז איהר מוטער געשטארבען אזוי פריה. זיא האט פערגעסען, אז ער איז דיא אורזאכע פון איהרע לייךען, פון איהרע שמערצען, אז דורך איהם איז

זיא יעצט אן ארעסטאנטין. איהר גוטעס, עדעלעס הערץ האט אלעס פערגעססען און האט נור געדענקט אן איין זאך — זיא האט געפונען איהר ברודער. באלד אבער איז דער ערשטער פריידען־פייער אויסגעברענט און דאס אש, וואס איז געבליעבן פון איהם, האט אנגעהויבן צו שמערצען אויף דיא אלטע וואונדען.

— זאג מיר, ברודער, וויא קומט עס, וואס דוא האסט זיך ניט געלאזט הערן צו אונז? האט זיא געפרעגט. וויא קומט עס, וואס מיר האבען ניט געהאט פון דיר קיינע נאכריכטען דיא גאנצע צייט, וואס מיר זיינען געוועזן אין סיביר?

— דוא ביסט נאך יונג, שוועסטער, האט מעזענצאוו געענטפערט מיט א פינ־סטערער מינע, דו קענסט נאך ניט די וועלט. דו ווייסט ניט, אז עס קומען פאר פיעלע פעלע אין מענשליכען לעבען, ווען דער מענש מוז טהאן און האנדלען געגען זיין ווילען, און אייזערנע האנד פרעסט איהם און צווינגט איהם צו טהאן זאכען, וואס ער וויל ניט. —

ער איז געבליעבן שטיל און האט געזוכט אבצורווענדען דאס געשפרעך פון דיעזען געגענשטאנד:

— זאג מיר בעסער, נאטאליע, וויא קומסט דוא אהער, וויא אזוי ביסט דוא געקומען דעם לאנגען שווערען וועג פון סיביר ביז פעטערבורג.

נאטאליע האט איהם אלעס דערצעהלט פון׳ם אנהויב ביז צום סוף. מעזענצאוו האט איהר אויסגעהערט אויפמערקזאם. ווען זיא האט איהם אנגעהויבען צו דערצעהלען פון איהר רייזע מיט באיאנאווסקי, האט ער א ציטער געטהאן, אין איהם האט זיך אויפגעחאפט דער שפיאן, דער אגענט פון דער געהיים פאליציי. ער האט אויסגעפרעגט יעדעס פיצעלע, ער האט אויסגעפארשט יעדע קלייניגקייט.

— אזוי? האט ער זיך געטראכט. מיט איהם ביסט דוא אנטלאפען? מיט איהם האסט דוא געררייזט איבער דיא שנעע פעלדער פון סיבירען?

נאטאליע האט נאטירליך ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט; זיא האט ניט גע־וואוסט, וויא ווייט דיעזע צווייא מענשען האסען איינער דעם אנדערן.

ווען נאטאליע האט געענדיגט איהר ערצעהלונג, האט איהר מעזענצאוו געזאגט:

— היינט וועסט דוא איבערנעכטיגען אויף מיין קווארטיר. האלטען דיך שטענ־דיג ביי מיר קען איך ניט. איך האב קיין פרוי, קיינע קינדער און קיין פאמיליע, צו מיר קומען אלערליי מענשען עס איז ניט פאסענד פאר א יונגעס מעדכען צו זיין אליין ביי מיר אויף דער קווארטיר. איך וועל זעהן פאר דיר א וואינונג ערגעץ אין אן אנשטענ־דיגער פאמיליע. שפעטער וועלען מיר זעהן, וואס ווייטער צו טהאן.

— — — — — — — — — — — — — —

עס זיינען פערגאנגען אייניגע וואכען זייט מעזענצאוו האט געפונען זיין שוועסטער. ער האט פון איהרעטוועגען אויסגעפונען א קווארטיר ביי א בעקאנטען. ער איז ווייטער אליין אין זיין וואינונג. עס איז א שעהנער טאג, ער האט נור וואס אפגעגעסען מיטאג און האט פעררויכט א סיגארעט. ער איז גאנץ צופריעדען און גליקליך. ער בעהעררשט דעם קייסער, ער דערצעהלט איהם אלערליי זאכען און דער קייסער הערט איהם אויס און טהוט, וואס ער פערלאנגט. גענעראל קראשעווסקי׳ן האט מען פערשיקט, אזוי וויא

ער האט געוואלט. אנדערע האט מען פערשיקט אדער מען האלט זיי פערשפארט אין געפענגניסע.

— מען קען ניט זאגען, איך האב דאך מיין גליק געמאכט אין פעטערבורג, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך בין דאך פארט ניט מעהר וויא דער זוהן פון אן ארימען דאקטאר און בין ארויף אזוי הויך ביז צום שעף פון דער געהיים פאליציי.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער א קוק טהאן וואס עס טהוט זיך אויף דער גאס.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגעשריען מיט שרעק. מענשען לויפען, רעדען, שרייען, מאכען מיט דיא הענד און וויזען אויס דערשראקען. וואס איז אזעלכעס געשעהן אין פעטערבורג און דער אָבערפאליצמייסטער זאל ניט וויסען?

ער האט אויפגעעפענט דאס פענסטער און האט אויסגעשריען אויף דער גאס:

— וואס איז אזעלכעס געשעהן? וואס לויפט מען אזוי? וואוהין לויפט מען?

— איהר ווייסט עס ניט? האט מען איהם געענטפערט פערוואונדערט. אין קייסערליכען ווינטער פאלאץ איז געשעהן א גרויס אונגליק. דיא ווענד זיינען אויפגע־ריסען געווארען מיט דינאמיט. דער קייסער און אלע גראָספירסטען זיינען טוידט. מען האט געפויקט טרעוואָגא, דיא גווארדיא געהט צום פאלאץ.

מעזענצאוו איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון'ם ארט; באלד אבער האט ער זיך אויפגעחאפט וויא פון'ם שלאף, ער האט דערזעהן א באטאליאן סאלדאטען מיט דיא ביקסען אויף דיא פלייצעס ציעהען זיך צום ווינטער פאלאץ.

— איך בין פערלארען! האט ער אויסגערופען. דאס האבען ווייטער דיא ניהי־ליסטען אנגעמאכט א צרה און איך וועל זיין פעראנטווארטליך, פאר וואס איך האב עס ניט בעווארנט, פאר וואס איך האב דער פון ניט געוואוסט.

ער האט זיך געוואלט אנטהאן, האט געזוכט זיין דעגען און זיין הוט און האט זיי ניט געקענט געפינען. ער איז געווען אזוי איבערראשט און צו טראגען, אז ער האט ניט געזעהן, אז זיי ליעגען איהם פאר דיא אויגען. אין דיעזע מינוטע האט זיך דיא טהיר געעפענט און אשינאוו איז אריינגעקומען. ער איז געווען בלייך און דערשראקען, זיין הוט איז געלעגען אויף א זייט, זיינע קליידער פערשמיערט און פערשמוצט.

— אשינאָוו! האט מעזענצאוו אויסגעשריען. זאג מיר, דערצעהל! איז עס ווירק־ליך וואהר?

— עס איז ליידער וואהר, האט קוים ארויסגעקייכט אשינאָוו. דיא ניהיליסטען — דער עסצימער — דיא ניהיליסטען — דינאמיט.

— נו, און דער קייסער? דיא גראָספירסטען זיינען טוידט?

— ווער האט עס געזאגט? דער קייסער און דיא גראָספירסטען זיינען אלע פריש און געזונד. זיי זיינען געווען אין דער גרעסטער געפאהר; זיי זיינען אָבער גערעטעט, וויא דורך א וואונדער.

— דאן זיינען מיר פערלאָרען, האט מעזענצאָוו געזאגט טרויעריג.

— עס איז געוויס ניט גוט, האט אשינאָוו געענטפערט. מען זאגט, אז דער

קייסער איז אויסער זיך פאר כעס, וואס אזא פאל האט געקענט פאסירען אין זיין פאלאץ און קיינער פון דיא שפיאָנען פון דער געהיים פּאָליציי האט ניט געוואוסט דער־פון און האט ניט געקענט אויסגעפינען, ווער עס האט עס געוואלט טהאן. עס איז נאך ערגער פאר אונז, וואס באלד נאבדעם ווי דאס אונגליק איז געשעהען איז קיינער פון דער פּאָליציי ניט געקומען צו האלטען ארדנונג. דער מיניסטער פון׳ם קייזערליכען האף, גראף וואראָנצאָוו־דאשקאָוו, האט געמוזט בעציעהען דיא גוואַרדיא. פון דער פּאָליציי וויל מען גאר ניט וויסען, דער קייסער האט מעהר קיין צוטרויען ניט צו דער פּאָליציי.

מעזענצאוו האט אלעס אויסגעהערט, וויא א פעראורטהיילטער, ווען מען לעזט איהם פאר זיין טאדעס אורטהייל. ער האט זיך אָבער באלד דערמאנט.

— מען טאר ניט פערצווייפלען! האט ער אויסגעשריען. אלעס קען נאך ווערן גוט. וואס מעהר דיא ניהיליסט בעמיהען זיך צו טוידטען דעם קייסער, אלץ מעהר דארף ער האבען דיא געהיים פּאָליציי. דער היינטיגער פאל וועט איהם ציינגען, אז מיר האבען נאך ניט גענוג שפּיאָנען, אז דיא שפּיאָנען ווערן ניט גוט בעצאהלט און אז מען מוז פון היינט אן פערגרעסערן זייער צאהל, מען מוז זיי פערדאפּלען און בעסער בע־צאהלען. דיא געהיים פּאָליציי איז דאך ניט קיין גאט, זיא קען ניט וויסען אלעס. מיר האבען געוואוסט, אז דיא ניהיליסטען טראכטען צו טהאן עפּעס. מיר האבען זאגאר געוואוסט, אז זיי ווילען זיך אריינגנבענען אין קייסערס פּאלאץ. וואס זיינען מיר שולדיג, וואס מען נעהמט דארט אויף מענשען און מען פרעגט אונז ניט?

ער האט זיך בערוהיגט, האט אנגעטהאן זיין דעגען און זיין מונדיר און איז אוועקגעפאהרען צום קייסער. ווען ער איז אנגעקומען צום פּאלאץ און האט געוואלט אריינגעהן, האט איהם דיא וואך ניט אריינגעלאזען. ער האט זיך געמעלדעט צום אפּי־ציער און האט געזאגט, ווער ער איז; דער אָפיציער אָבער האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט געזאגט:

— איך האב א שטרענגען בעפעהל היינטיגען טאג קיינעם ניט אריינצולאזען אהן ערלויבניס פון׳ם קייסער אליין.

מעזענצאוו האט געמוזט צוריקפאהרען פון קייסערס פּאלאץ. דאס האט איהם געטראפען דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען, מען זאל איהם זאגאר אין הויף ניט אריינלאזען.

## 61טעם קאפּיטעל.
## אין סיביר.

גענעראל קראשעווסקי, אדער ריכטיגער געזאגט, ארעסטאנט קראשעווסקי, איז ענדליך אנגעקומען אויפ׳ן אָרט, וואוהין מען האט איהם בעשטימט. לאנגזאם און טרויעריג איז געווען דיא רייזע ביז אין דעם וויימען אירקוטסק. ער האט איבערגעטראגען אלעס מיט מוטה — הונגער, דורשט, קעלט, דיא גראָבע און שלעכטע בעהאנדלונג פון קאָנוואָי. ער האט זיך יעצט איבערציינגט, וואס עס הייסט פערשיקען קיין סיביר. ער האט יעצט געזעהן מיט זיינע אויגען, וויא אונמענשליך מען בעהאנדעלט דיא אַרעס־טאנטען, וויא אונבארמהערציג מען טרייבט זיי, וויא פיעל ליידען און שמערצען זיי האבען אויסצושטעהן, ביז זיי קומען אויפ׳ן אָרט.

אבער ענדליך זיינען זיי אין אירקוטסק. דיא ארעסטאנטען האבען אויפגעהויבען דיא הענד אין דער הויך און האבען געוויינט פאר פרייד, ווען זיי האבען דערזעהן פון דערווייטען דיא שפּיצען פון דיא קירכען פון דער שטאדט אירקוטסק. זיי האבען ניט געוואוסט, אז דאָ וועט זיך ערשט אנהויבען זייערע ליידען. זיי זיינען געוועזען מיעד פון'ם לאנגען, טרויעריגען וועג און האבען געהאָפּט, אז דאָ וועלען זיי זיך וועניגסטענס אָפּרוהען; דא וועלען זיי וועניגסטענס זיצען אויף איין אָרט און ניט שלעפּען זיך איבער דיא לאַנגע, מיילען־ווייטע שנעע־פעלדער, אדער איבער דיא שרעקליכע סטעפּעס פון סיביר, וואו מען קען ניט געפינען קיין ביסעל וואסער און מען ווערט דערשטיקט פון שטויב און פערברענט פון דורשט.

ענדליך איז דיא פּארטיע אנגעקומען קיין אירקוטסק. מען האט זיי אריינגעבראַכט אין אָסטראָג. דער אָפיציער, דער פּאַרטיע־פיהרער, האט זיי איבערגעגעבען דעם קאמענדאנט פון דער פעסטונג. ער האט איהם צוגלייך איבערגעגעבען א בוך, אין וועלכען עס איז געוועזען פערשריעבען דער נאמען פון יעדען ארעסטאנט און וואס פאר א פערברעכען ער האט בעגאנגען, און אייניגע פערזיעגעלטע בריעף. אין דיעזע בריעף זיינען געוועזען געהיימע בעפעהלע פון פעטערבורג וואס צו טהאן מיט אייניגע ארעסטאַנטען, וועלכע דאס געריכט האט ניט בעשטימט זייער שטראפע, ווייל מען האט זיי פערשיקט אויף בעפעהל פון אויבען (פּאָ ווּיסאָטשאַישעמו פּאָווּעלעניו) אין איינעם פון דיעזע בריעף איז געשטאנען, וואס מען זאָל טהאן מיט'ן „ארעסטאַנט“ קראשעווסקי.

מען האט אריינגעפיהרט דיא ארעסטאנטען אין א גרויסען זאל אין אסטראג, דאָרטען האט מען פון זיי אראָפּגענומען דיא קייטען און מען האט זיי געלאזען דריי טאג זיך אויסרוהען פון וועג, נאך דיא דריי טעג האט מען זיי צושיקט יעדען אויף זיין פּלאַץ. קראשעווסקי'ן האט מען געשיקט ארבייטען אין א זילבער־מינע. מען האט איהם געגעבען אנדערע וועש, אן אנדערן חאַלאַט און א נייע פּאר שיך, ווייל דיא קליידער וואס ער האט געטראגען פון פעטערבורג זיינען אויפ'ן וועג צוריסען געווארען און זיינען געהאנגען שטיקער־ווייס אויף איהם און מען האט איהם אוועקגעשיקט מיט א קאנוואי פון אייניגע סאלדאטען אין דער מינע. ביז אהער האט ער נאך געהאט א נאמען, פון איצט אן אבער האט ער שוין זאגאר פערלארען זיין נאמען, ער האט געהייסען נומער 453. מען האט איהם געבראכט אין דער מינע און איהם פאָרגעשטעלט פארן נאדזיראַטעל וועלכער האט בעשטימט פאר יעדען ארעסטאנט זיין ארבייט. דער נאדזיראטעל האט בעטראַכט יעדען ארעסטאנט, וויא א פערד־הענדלער בעטראכט א פערד. ער האט געוואָלט ווייזען פאר'ן גובערנאטאר, אז דיא מינע איז רייך און עס לוינט זיך זיא צו בעארבייטען, ער האט דאהער געמוזט שוינען זיינע ארעסטאנטען אום זיי זאָלען קענען ארבייטען. ווען מען האט איהם געבראכט קראשעווסקי'ן און ער האט איהם געפונען פאר צו אלט אום צו ארבייטען צו טיעף אין דער ערד, האט ער איהם בעשטימט צו ארבייטען אין דער אויבערשטער שאַכט, וואו מען האט סאָרטירט דיא אויסגעגראבענע מעטאַלען. איידער מען האט איהם אראָפּגעלאָזען אין שאַכט, האט מען איהם געדאַרפט צושמיעדען צו אן אנדער ארעסטאנט. א הויכער, אלטער קרעפּ־

טיגער שמידט מיט א פריינדליכען גרוס איז געקומען אום דיא פרישע ארעסטאנטען צו שמיעדען.

אזוי וויא קראשעווסקי איז געוועזן אלט און שוואך, האט דער נאדזיראטעל גע־הייסען איהם צושמיעדען צו אן אנדער שוואכען ארעסטאנט. ער האט געגעבען א צייכען מיט א גלאָק, א קארב איז ארויפגעקומען פון אונטער דער ערד. אין קארב איז געזעסען א בלייבער, שוואכער מאן מיט איינגעפאלענע באקען, איינגעדארט און אויס־געמאגערט, אז מען האט געקענט איבערצעהלען יעדעסביינדעלע אין איהם.

איך מוז דערביי מאכען א קליינע בעמערקונג איבער דיא מינען אין סיביר. אין ענגלאנד, פראנקרייך, בעלגיען און אמעריקא איז דאס בערגוועיק (דאס אויסציעהען פון דער ערד מעטאלען און שטיין־קוילען) אזוי וויט ענטוויקעלט און אזוי גוט איינגע־ריכטעט, אז אלעס געהט אויף דאמפף (סטים). אין יעדער מינע איז איינגעריכטעט א סאָרט עלעוועטער, אויף וועלכען דיא קוילען־גרעבער אדער בערגוועיקס־לייט לאזען זיך אראפ אין שאכט און געהן ארויף פון שאכט. אויף דיעזען עלעוועטער שלעפט מען ארויף דיא פראָדוקטען פון דער ערד. אין רוסלאנד איז עס גאנץ אנדערש, עלעוועטערס געפינען זיך נור אין דיא מינעס אויפ׳ן אוראל, וועלכע געהערן דעם פירסט דעמידאור סאן דאנאטא. עס איז א פריוואט־אונטערנעהמען און דיא ארבייטער ווערן בעצאהלט, וויא אין ענגלאנד און אמעריקא. דאָרט זיינען איינגעפיהרט אלע נייע איינריכטונגען און אויסבעסערונגען (אימפּראוומענטס); אין דיא מינען אבער און מעטאל־גרובען, וועלכע געהערן צו דער רעגיערונג, צו דער קאזנא, וויא דער רוסע זאגט, ווייס מען ניט פון דיא נייע איינריכטונגען און פון דיא נייע ערפינדונגען. אלעס ווערט דאָרט גע־פיהרט נאך דער אלטער מאָדע. דיא ארבייטער, דאס הייסט, דיא ארעסטאנטען, לא־זען זיך אראפ אין דער מינע, אזוי וויא מען שעפט וואסער אין רוסלאנד פון א טיעפען ברונען. אין דער ערד איז ארייגגעשלאגען א הויכער דראָנג, אם ענדע איז ער צוטהיילט, וויא א גאָפּעל. צווישען דיא ציינער פון׳ם גאָפּעל ליעגט אן אנדער דראָנג אין דער ברייט. פון איין זייט איז צו דיעזען קווער־דראָנג צוגעבונדען א שווערע זאך — א קלאָץ א שטיק אייזען, א וואָג, און פון דער אנדערער זייט הענגט אראָפּ אויף א קייט א דינער דראָנג מיט א גרויסען עמער, אדער א קאָרב. אויף דיעזער זאנדערבארער מאשין ווערען דיא ארעסטאנטען אראפגעלאזען אין שאכט און אויפגעצויגען פון׳ם שאכט.

ווען דער שוואכער, בלייכער מאן איז ארויפגעקומען אין קאָרב, האט דער נאד־זיראטעל געהייסען דעם שמידט, ער זאל צושמיעדען קראשעווסקי׳ן, אד׳ער דער נומער 453 צו דעם מאן. דער אלטער שמיעד, אונזער אלטער בעקאנטער וואלקאוו, האט צו־נומען זיין געצייג און האט אנגעהויבען צו טהאן זיין ארבייט. אין א מינוט, ווען דער נאדזיראטעל האט זיך אוועקגעקעהרט, האט ער געזאגט שטילערהייט צום נייעם ארעס־טאנט:

— זייט איהר גענעראל קראשעווסקי?

— פון וואנען קענט איהר מיך? האט קראשעווסקי געפרעגט ערשטוינט.

— איך ווייס אלעס. מיר וועלען זיך נאך זעהן, האט וואָלקאָוו קוים צייט געהאט ארויסצורעדען. ער האט צורעכטגעמאכט דיא קייטען, וועלכע האבען עפּעס ניט גוט

צוגעפאסט. קראשעווסקי׳ס געזיכט איז בעלייכטעט געווארען מיט א שטראהל פון האפנונג און פרייד.

— אלזא בין איך ניט אין גאנצען פערלארען און עלענד, האט ער געטראכט ביי זיך אליין. עס זיינען דא מענשען זאגאר היער אין ווייטען פערוואָרפענעם אירקוטסק, וועלכע קענען מיך און אינטערעסירען זיך אין מיר.

באלד אבער איז דיעזער העלער שטראהל פערלאשען געווארען. ער האט א קוק געטהאן אויף זיין קאמעראד, אויף זיין ברודער אין דער נויט און האט דערזעהן, וויא שוואך, קראנק און אויסגעדאַרט ער איז. ענדליך האט וואָלקאָוו געענדיגט זיין ארבייט.ביידע ארעסטאנטען זיינען געווען צונויפגעשמידט אויף א לאַנגע קייט. דער נאַדזיראַטעל האט זיי געהייסען אריינגעהן אין קאָרב און זיך אניעדערזעצען. אין א מינוט זיינען ביידע געווען אונטען אין שאַכט. דאָרט אין געשטאנען אן אנדער נאדזיראטעל, וועלכער האט געגעבען קראשעווסקי׳ן א קליינע לאנטערנע און האט איהם געוויעזען, וויא אזוי זיך צו צובינדען דיעזע לאַנטערנע, זיא זאל אויסקומען אויף דער ברוסט.

אין שאבט איז געווען פאלשטענדיג פינסטער, נור דיא לאַנטערנען אויף דער ברוסט פון דיא ארעסטאנטען און אַ גרויסער העלער לאַמפּ לעבען נאַדזיראַטעל האבען עטוואס בעלייכטעט דיא שרעקליכע פינסטערנים. קראַשעווסקי האט זיך אומגעקוקט און בעטראַכט דיא נייע קוואַרטיר, וועלכע אלכסנדר II האט איהם געגעבען. עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען אַ מענשען געזיכט. מען האָט נור געזעהן דיא ליכט פון דיא לאַנטערנען. עס האט אויסגעוויעזען, אז גייסטער געהן ארום און קלאפּען, האמערן, גראָבען און שאַרען. אונטער דעסען איז געווארען מיטאָג צייט. דער נאַדזיראַטעל האט געגעבען א צייכען מיט אַ גלאָק. דיא ארבייט האט אויפגעהערט, פון אויבען האט זיך אראָפּגעלאָזט אַ קאָרב מיט עסען: שוואַרץ ברויט און אַ גרויסער צובער מיט אַ מין גרויע פליסיגקייט, וואס מען האט דארט גערופען סופּ. דיא אַרעסטאַנטען זיינען זיך צונויפגעקומען צום נאַדזיראַטעל. ער האט זיי צוטהיילט דיא פּאָרציאָנען ברויט, דאן האט יעדער ארויסגענומען אַ הילצערנעם לעפעל און אַ הילצערנע שיעסעל און האט זיך אנגעשעפּט פון׳ם צובער אַ ביסעל סופּ. אזוי וויא זיי זיינען געווען צוגעשמידט צו צוויי מענשען צו זאַמען, האָבען יעדע צוויי צונויפגעשמידטע ארעסטאַנטען געגעסען פון איין שיעסעל. דערביי זיינען פאָרגעקומען טרויעריגע און לעבערליכע סצענען. ווען דיא צווייא צונויפגעשמידטע אַרעסטאַנטען זיינען געווען גלייכע מענשען און האבען געלעבט פריעדליך צו זאַמען, איז אלעס געווען גוט; ווען זיי זיינען געווען ניט גלייכע מענשען און האבען ניט געקענט „הויזען“, האבען ניט געקענט אויסקומען, פלעגען אָפט פאָרקומען צאנקערייען, זידלערייען און זאגאר געשלעגערייען, ביז עס פלעגט קומען אַ וועכטער און פלעגט מאכען שלום צווישעןביידען מיט אַ בייטש.

קראַשעווסקי איז נאך געווען אַ נייער. ער האט נאך ניט געוואוסט דיא ארדנונג אין דער שאַבט. ער האט זיך געווענדעט צו זיין קאָמפּאַניאָן און האט איהם געפרעגט, פאַר וואס ער געהט ניט עסען? דער קראַנקער מאַן האט געשוויעגען. ער האט איהם נאך עפּעס געפרעגט, און האט ווייטער קיין אנטווארט ניט ערהאלטען. יעצט האט זיך דער נאַדזיראַטעל דערמאנט, אז ער האט נאך דעם נייעם אַרעסטאַנט ניט געגעבען

קיין [illegible] און קיין שיעסעל. ער האט באלד געהייסען א וועכטער ברענגען דיעזע צוויי ניצליכע אר־זיקלען.

קראַשעווסקי האט זיך נאך אמאל געווענדעט צו זיין קאמעראַד און האט איהם געזאגט, ער זאל געהן נעהמען עסען פאר זיך, ער וויל נאך היינט ניט עסען. דער קאַמעראַד האט געמאכט עפּעס א צייכען מיט דער האנד.

— אלזאָ, איז ער א שטומער, האט געזאגט קראַשעווסקי, מען האט מיך צו געשמידט צו א שטומען מענשען. איז דאס א צופאל אדער האט מען אומיסטען געוואלט מיך קרענקען?

דאס מיטאג עסען איז באלד פאַראיבער. איינער פון דיא וועכטער האט אנגעהויבען צו קלינגען, דיא ארעסטאנטען זיינען ווידער געגאנגען צו זייער ארבייט. קראַשעווסקי מיט זיין שטומען קאָמפּאַניאָן זיינען צוגעגאנגען צו א גרויסען טיש, אויף וועלכען עס איז געווען אנגעלעגט פערשיעדענע סארטען ערד: געלבליכע, ווייסליכע און רויטליכע. זיער ארבייט איז געווען צו סאָרטירען דיא פערשיעדענע מעטאַלען און זיי אריינשיטען אין פערשיעדענע עמער. אין יעדער סארט ערד איז געווען אנאנדער מעטאל, עס איז געווען א סאָרט ערד, וואס האט ענטהאלטען אין זיך פּלאַטינא, אנאנדער סאָרט האט ענטהאלטען אין זיך קופער און אנדערע מעטאַלען.

דיא ארבייט אליין איז ניט געווען שטארק שווער, נאר דיא לופט אין דער שאַכט איז געווען פערשטיקט און דער שטויב איז געווען שרעקליך. וויא קראַשעווסקי האט בעמערקט, האט זיין קאָמפּאַניאָן געהערט און פערשטאַנען אלעס וואס מען האט גערעדט, נור ער האט ניט געקענט רעדען. ער האט פּראָבירט רעדען צו איהם און דער שטומער האט איהם געענטפערט דורך צייכענס.

— וויא לאַנג ביסט דוא שוין דא אין דיעזער העללע? האט ער געפרעגט דעם שטומען.

דער שטומער האט אויפגעהויבען זיין צעהן פינגער.

— שוין צעהן יאהר! האט געזאגט קראַשעווסקי. אך! וויא ביטער איז עס, וואס מען האט מיך צוגעשמידט צו א מענשען, מיט וועלכען איך קען זאגאר ניט רעדען, וועלכען איך קען זאגאר ניט אויספרעגען, וואס צו טהאן און וויא אזוי זיך צו בענעהען.

אום זעקס אוהר האט ווידער זיך געלאזט הערען דער קלאנג פון א גלאק. דיא ארעסטאַנטען האבען אוועקגעלעגט דיא ארבייט, יעדער איז צוגעגאנגען צום אויפזעהר און האט איהם אָפּגעגעבען זיין לעמפּעל, דאן האבען זיי זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות. מען האט זיי איבערגעצעהלט, געפונען אז אלעס איז ריכטיג. דער אויפזעהר האט געגעבען א צייכען, דער קארב האט זיך אראָפּגעלאזט, אין איהם איז געזעסען א סאלדאט מיט א געלאדענער ביקס דאס איז געווען דיא וואך אויף ביי נאכט. דער אויפזעהר מיט דער טאָג וואך האבען זיך אריינגעזעצט אין קאָ־ב און זיינען באלד געווען אויבען.

דיא ארעסטאַנטען זיינען זיך צוגאנגען שלאָפען. דער שטומער האט אָנגענומען קראַשעווסקי'ן ביי דער האנד און האט איהם געפיהרט דורך א שמאָלען פינסטערן קאָרידאָר צו א קליין קעמעריל — א הייל אין שטיין, וואו עס זיינען געלעגען צוויי שמר

ציגע שטרויזעק און צוויי שמוציגע דעקען, פון וועלכע מען האט אויף קיין פאל ניט געקענט דערקענען פון וואס פאר א פארב זיי זיינען און אויב זיי האבען אמאָל געהאט א פאַרב. אין קעמעריל האט געברענט א לעמפּעל, אבער אזוי הויך, אז מען האט צו איהם ניט געקענט צו קומען. קראשעווסקי איז געפאלען אויף איינעם פון דיא שטרויזעק, זיין קאָמפּאניאָן האט זיך געזעצט אויפ׳ן אנדערן, צווישען זיי איז געווען דיא לאנגע קייט.

— אזוי, דא וועלען מיר שלאפען, דאס איז מיין קעמעריל, מיין שלאָף־צימער, מיין זאַל, און מיין הויז, האט ער געזאגט צו זיך אליין. שרעקליך! מען זאל ניט ארויסלאזען קיין מענשען וועניגסטענס אויף איינינע מינוט אין טאָג אויף דער פרישער לופט? וויא לאנג קען עס א מענש דאָ אויסהאלטען? וויא לאנג וועל איך קענען פיהרען אזא לעבען?

ער האט זיך אומגעקוקט אויף זיין קאָמפּאַניאָן און האט געזעהן מיט שטוינען, אז ער שלאָפט שוין. ער האט עס ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי מען קען אזוי געשמאַק שלאָפען אויף דיעזען שמוציגען שטרויזאק, אין דיעזען קבר. ער האט געוואלט אויפשטעהן און זיך אביסעל אומקוקען, טאמער וועט ער געפינען ערגעץ א וועג צו אנטלויפען, אָבער דיא קייט האט איהם צו געהאלטען. ער האט ניט געוואלט וועקען זיין אונגליקליכען קאָמפּאניאָן. ער איז געבליעבען זיצען אויף זיין עלענדעס, טרויעריגעס געלעגער פערטראַכט מיט׳ן קאָפּ אראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט. וויא לאנג ער איז אזוי געזעסען, ווייס ער ניט, אין דער שאכט איז ניט געווען קיין אוהר אנצו־ווייזען דיא שטונדען. ער איז געווען זעהר מיעד פון דער שווערער אונגעוואָינטער ארבייט, דער שלאָף איז אָבער ניט געקומען דערקוויקען זיינע מיעדע גליעדער. פּלוצלונג האט ער דערזעהן דעם שיין פון אַ ליכט. אַ מענש איז געשטאנען פאר דער עפענונג פון זיין הייל. ער האט אנפאנגס געמיינט, אז דאס איז א וועכטער געקומען איבערזעהן, אויב דיא ארעסטאנטען שלאפען, באלד אָבער האט ער דערקענט דעם שמיעד וואָלקאָוו.

— גוטען אבענד, גענעראל קראשעווסקי, האט וואָלקאָוו געזאגט מיט א טרויעריגער שטימע. איך בין געקומען דיך אביסעל צו בערוהיגען. איך ווייס, וויא שווער עס איז יעדען ארעסטאנטען צוצוברענגען דיא ערשטע נאכט אין דיעזען הייל אונטער דער ערד. זיי ניט פערצווייפעלט, גענעראל קראשעווסקי, פאר דיר וועט אויך קומען דיא שטונדע דער בעפרייאונג. עס וועט קומען א טאג, ווען א פריינדליכע זון וועט בעלייכטען רוסלאנד, דיא גלעקער פון פרייהייט וועלען קלינגען אין אונזער גרויסעם און וויטעם פאטערלאנד, דיא פאלאצען פון דיא טיראנען וועלען פאלען, דאַן וועסט דוא אויך זיין גליקליך און פריי.

— דער טוידט וועט מיך בעפרייען! האט קראשעווסקי געזאגט טרויעריג, אזוי גיך ווערט נאך רוסלאנד ניט פריי. זאג מיר בעסער, דוא אונבעקאנטער פריינד, וויא קומסט דוא אהער און ווער האט דיר געגעבען דיא ערלויבניס צו בעזוכען דיא ארעסטאנטען?

— דיא ערלויבניס האָב איך מיר אליין גענומען, האט וואָלקאָוו געזאגט, דיא בעאַמטע וואָלטען מיר געוויס דיא ערלויבניס ניט געגעבען. וויא איך קום אהער? דאס

איז א געהיימניס, פון וועלכער עס ווייסען נור איך און דער קאמענדאנט פון'ם אסטראג אין אירקוטסק. עס איז דא א געהיימער גאנג פון'ם אסטראג אין דער מינע. אויף דיעזען געהיימען גאנג פערשווינדען זעהר אָפט ארעסטאנטען פון'ם אסטראג. אין דיא ביכער פון'ם אסטראג שטעהט פערשריעבען, אז זיי זיצען נור אין אסטראג, אין פער־טערבורג מעלדעט מען אויך דאסזעלבע; אין דער אמת אבער שמאכטען זיי דאָ אין דער מינע. ווען מען דאַרף זיי, ברענגט מען זיי צוריק אין אסטראג און מען ווייזט, אז זיי ארבייטען ניט. אזוי וויא איך בין דער שמיעד פון'ם אסטראג און בין בעקאנט מיט אלע געהיימניסע, קען איך פון צייט צו צייט קומען בעזוכען אייניגע ארעסטאנטען. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך קען עס ניט טהאן, ווען איך וויל, איך מוז אָבוואַרטען די געלע־גענהייט דערצו. ווען מען הייסט מיר טהאן עפּעס אן ארבייט אין דיא פינסטערע קעלערן פון'ם אסטראג. היינט איז עס מיר געראָטהען צו קומען אהער, ווייל מיט דיר איז אנגעקומען א גרויסע פּארטיי ארעסטאנטען און איך האב געהאט ארבייט אין אסטראג.

אין דער צייט, וואס וואלקאוו האט אזוי גערעדט, האט זיך דער שטומער אויפ־געהאַפּט. ער האט דערזעהן דעם שמיעד, א פריינדליכער שמייכעל האט בעלייכטעט זיין געזיכט און ער האט אויסגעשטרעקט צום שמיעד זיין פרייע האנ, דיא האנד, וועלכע איז ניט געווען געשמיעדט. קראשעווסקי האט געזעהן מיט שטוינען, אז דער שטומער איז אזוי בעפריינדעט מיט'ן שמיעד.

— וויא אָפט קענסט דוא קומען אהער? האט איהם קראשעווסקי געפרעגט.

— וויא עס מאכט זיך. איין מאל אין מאנאט, אמאל איין מאל אין צוויי מאָ־נאטען און אמאל קען איך זאגאר קומען צוויי מאל אין דער וואָך.

— פון וואנען ווייסט דוא, אז איך בין גענעראל קראשעווסקי?

— איך ווייס פיעלע זאכען, האט וואלקאוו געענטפערט. איך האב נאך גע־וואוסט מיט דריי מאנאטען צוריק, אז דיא ביסט פערשיקט קיין אירקוטסק. דער קאמענדאנט פון'ם אסטראג האט עס מיר געזאגט.

— ווען דוא ווייסט יא אזוי פיעל זאכען, קענסט דוא מיר פיעלייכט זאגען, ווער איז מיין קאמפּאניאָן און פאר וואס ער שמאכטעט שוין דאָ אזוי לאנג?

— דאס קען איך דיר אויך זאגען, האט וואלקאוו געענטפערט, איך קען דיר דערצעהלען זיין געשיכטע, ווען ער וועט נור ערלויבען.

ער האט געפרעגט דעם שטומען, אויב ער ערלויבט איהם צו דערצעהלען זיין געשיכטע. דער שטומער האט א שאָקעל געטהאן מיט'ן קאָפּ.

— זיין געשיכטע איז זעהר א טרויעריגע, האט וואָלקאוו אנגעהויבען צו ערצעהלען. זיין געזיכט זאל ניט זיין אזוי בעדעקט מיט שמוץ און מיט שטויב, וואָלסט דוא באלד דערקענט פון וואָס פאר א פאַמיליע ער שטאמט. דער קייסער ניקאָלאי האט זיך פער־ליעבט אין איינע פון זיינע האָף־דאמען, א פאָלין פון דער פאמיליע פּאטאצקי. פון דיעזער ליעבע איז געבארען געוואָרען א קינד, וועלכען מען האט א נאמען געגעבען אלכסנדר. ניקאלאי'ס קינדער האבען געוואוסט פון דיעזער ליעבע און פון דיעזען זוהן; דער נאסליעדניק, דער איצטיגער קייסער אלכסנדר II האט עטליכע מאל געבעטען זיין פאטער, ער זאל ערגעץ אוועקשיקען דיעזען נייען ראָמאנאָוו, קיין אמעריקא, אדער קיין

אויסטראַליען און זאָל איהם דאָרט לאָזען אויפוואַקסען אלס פּאַרמער, אָדער אלס האַנדוועָרקער. דיא גרעפין פּאָטאָצקי האט ווידער געבעטען דעם קייסער, ער זאָל אנערקענען איהר זוהן אלכסנדר אלס פירסט און זאָל איהם געבען א הויכע שטעלע אין דער רוסישער אַרמעע. דער קייסער ניקאָלאַי האטביידען ניט צוליעב געטהאָן, ער האט זיין קינד דער ליעבע ניט פערשיקט קיין אמעריקא און האט איהם ניט אנערקאַנט אלס פירסט. ער האט איהם געהאַלטען אין א שלאָס ניט וויט פון וואַרשוי און האט איהם דאָרט געלאָזט ערציעהען אונטער'ן נאָמען פון גראַף פּאָטאָצקי. דער נאָכליעדניק איז געוועזען דערמיט צופריעדען און האט ווייטער זיין פאָטער ניט בעאונרוהיגט דאַריבער.

איהר ווייסט, גענעראַל קראַשעווסקי, וויא קייסער ניקאָלאַי איז פּלוצלונג געשטאָרבען; מען זאָגט, ער האט זיך אליין פערגיפטעט און האט קיין צייט ניט געהאַט איבערצולאָזען א צוואה. נאָך זיין טוידט איז דיא גרעפין פּאָטאָצקי באַלד אוועקגעפאָהרען פון רוסלאַנד און האט מיטגענומען איהר זוהן. אלכסנדר II האט איהם געזוכט; ער האט איהם אבער ניט געקענט געפינען, ווייל ער איז דאַמאָלס געווען אין עסטעררייך. דער יונגער אלכסנדר פּאָטאָצקי, אָדער ריכטיגער, אלכסנדר ראָמאַנאָוו, איז אויפגעצויגען געוואָרען אין פּאָלען זיין מוטער איז א פּאָלין, עס איז דאַהער קיין וואונדער, וואס ער איז געוואָרען א הייסער פּאַטריאָט פאַר פּאָלען. ער איז געווען דער גאַנצער קאָפּ פון'ם פּאָלנישען מיאַטעזש (רעוואָלוציאָן) אין 1863. ער איז געווען א טיכטיגער מאַן און א פעהיגער אנפיהרער. ווען דער פּאָלנישער מיאַטעזש וואָלט געווען געלונגען, וואָלט ער געוואָרען קעניג אין פּאָלען; וויא איהר ווייסט אבער, איז דיא פּאָלנישע רעוואָלוציאָן ניט געלונגען. אלכסנדר פּאָטאָצקי איז דורך פעררעטה אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון'ם מענשען־פרעסער מוראַווייאָוו. דאָ האט אלכסנדר II געהאַט דיא בעסטע געלעגענהייט לויז צו ווערן פון זיין ברודער. מען האט איהם פערשיקט קיין סיביר. אום ער זאָל ניט אויסזאָגען, ווער ער איז, האט מען איהם שטום געמאַכט. מען האט איהם אויסגעריסען א שטיק צונג.

ביי דיעזע ווערטער האט דער שטומער געעפענט דאָס מויל און האט געוויזען זיין צונג. אין דער־מיט איז געווען א לאָך, אויסגעריסען, אָדער אויסגעשניטען מיט אַן אינסטרומענט. קראַשעווסקי האט א ציטער געטהאָן מיט זיין גאַנצען קערפּער, ווען ער האט דערזעהן דיא שרעקליכע, פערצווייפלונגע וואונד.

— נו, וואָלקאָוו, האט קראַשעווסקי געזאָגט, וויא איך זעה ביסט דוא גוט בעקאַנט מיט אַלע געהיימניסע פון אירקוטסקער אַרעסטאַנטען. וויא קומט עס? פון וואַנען ווייסט דוא אלעס?

— איך בין שוין היע צוואַנציג יאָהר, איך בין אויך א פערשיקטער, איך האב שוין איבערגעלעבט היע ניט איין קאָמענדאַנט; איך האב אבער מיט אַלעמען גוט געלעבט און זיי האָבען צו מיר אַלע צוטרויען געהאַט. ניט לאַנג האט מיר זאַגאַר דער קאָמענדאַנט געגעבען דיא ערלויבניס צו פאָהרען קיין פּעטערבורג. ווען איך זאָל אייך אנהויבען צו דערצעהלען פון אַלע געהיימניסע, וואס איך ווייס, וואָלט איך געדאַרפט מיט אייך אוועקזיצען וואָכען־לאַנג; מיר וועלען זיך אבער נאָך זעהן און איך וועל אייך נאָך פיעלעס דערצעהלען. יעצט אבער איז שוין שפּעט און איך מוז געהן צוריק.

ער האט געגעבען דעם שטומען און קראַשעווסקי'ן דיא האנד און איז באלד פערשוואונדען געווארען אין דעם פינסטערן קאָרידאָר. דער שטומער האט זיך צוריק געלעגט און איז באלד אנטשלאפען געוואָרען. קראַשעווסקי אבער האט ניט געקענט שלאפען, ער איז געזעסען דיא גאנצע נאכט אויף זיין שטרוי־זאק, ביז דיא גלאק האט אנגעהויבען צו קלינגען, א צייכען, אז דיא ארעסטאנטען דארפען וויעדער געהן צו דער ארבייט.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג. קראַשעווסקי איז אביסעל געוואָינט געוואָרען מיט זיין נייע לאַגע. ער האט שוין געקענט שלאפען אויפ'ן שטרוי־זאק. ער האט שוין געקענט עסען דאס שמוציגע מאכל, וואס מען האט גערופען סופּ. דער שטומער אבער איז פון טאג צו טאג געווארען שוואכער און קראנקער. קראַשעווסקי האט זיך איינגע־שטעלט און געזאגט דעם אויפזעהר, אז מען זאל דעם שטומען נעהמען אין א האָספּי־טאל, וויל ער איז קראנק און קען ניט ארבייטען. דער אויפזעהר האט איהם געענטפערט, אז ער וועט עס מעלדען דעם קאמענדאַנט. מעהר האט ער איהם ניט געזאגט. אין איין נאַכט האט זיך דער שטומער געפיהלט זעהר שלעכט. קראַשעווסקי האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען, וואס צו טהאן. ביי נאכט טאָר מען זיך ניט ריהרען פון'ם אָרט, דיא וואך האט דאס רעכט צו שיעסען יעדען ארעסטאנט, וועלכער געהט צו צו דער עפענונג פון'ם שאכט, פארטאג איז דעם שטומען געווארען ערגער. ער איז אנטשלאפען געווארען. ווען דער גלאק האט אנגעהויבען צו קלינגען צו דער ארבייט, האט קראַשעווסקי איהם געוואלט אויפוועקען. ער האט זיך צוגעריהרט צו איהם און האט דערזעהן מיט שרעק, אז ער איז טוידט.

מיט גרויס מיהע האט ער גענומען דעם טוידטען קערפּער און האט איהם צוגע־שלעפּט צום אויפזעהר איהם זאגען, אז ער איז געשטאָרבען, מען זאל איהם אפּשמידען פון איהם. דער אויפזעהר האט איהם אבער וויעדער געענטפערט, אז ער מוז עס מעל־דען דעם קאמענדאנט, אהן זיין ערלויבניס קען ער גאר ניט טהאן. קראַשעווסקי האט א גאנצען טאג געמוזט ארבייטען צוגעבונדען צו דער לייכע. עס איז געווארען נאכט, דיא ארעסטאנטען זיינען זיך צוגאנגען שלאפען און נאך איז קיינע אנטוואָרט פון קאָ־מענדאנט געקומען, אז מען זאל צונעהמען דיא לייכע. קראַשעווסקי האט שרעקליך געליטען. צוויי טאג נאך אנאנדער זיין צוגעבונדען צו א טוידטען איז געוויס דאס ערגסטע, וואס עס קען נור געבען. ער האט קוים דערלעבט דעם אנדערן מארגען, ווען דער אויפזעהר איז געקומען און האט איהם וויעדער געבעטען, ער זאל איהם הייסען אפּשמיעדען פון דער לייכע. דער אויפזעהר האט וויעדער געענטפערט, אז ער האט נאך קיין ערלויבניס ניט פון קאמאנדאנטען. דא האט שוין קראַשעווסקי ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט אפּגעוואַרט דיא מינוט, ווען דער קאָרב האט זיך אראפּגעלאזט מיט איינעם פון דיא וועכטער, ער איז אריינגעשפּרונגען אין קאָרב, האט מיטגעשלעפּט דיא לייכע און אין אייניגע מינוטען איז ער געווען אויבען. קוים אבער איז ער ארויפ־געקומען אויבען אין דער וואך־שטוב, ווען דער אפיציער פון דער וואך האט אנגעהויבען צו שרייען:

— דער וויל אנטלויפען! האלט איהם!

איינינע סאלדאטען האבען זיך אויף איהם אויפגעוואָרפען און האבען איהם געבונדען. ערשט יעצט האבען זיי דערזעהן דיא לייכע. מען האט דיא לייבע אפגעד־שמיעדט פון איהם און מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין אסטראג אלס אן ארעס־טאנט, וואס האט געוואָלט אנטלויפען פון דער קאַטאָרגאַ.

62טעס קאַפּיטעל.

## וויא מען שטודירט מעדיצין.

דאקטאָר גרעטש איז געזעסען אין זיין קאַבינעט און האט געשריעבען. דאס איז געוועזען איינער פון דיא זעלטענסטע מענשען אין רוסלאנד. ער איז געוועזען א גרויסער געלערנטער און האט ליעב געהאט דיא וויסענשאפט ניט אלס מיטעל צו פערדיענען געלד, זאנדערן ווייל עס איז דיא וויסענשאַפט. דיא מעדיצין איז געוועזען זיין ליידענשאַפט. ער איז שוין קיין יונגער מאַן געוועזען און האט דענאך טאָג און נאַכט שטודירט. ער האָט ניט געהייראַטעט, ווייל ער האט מורא געהאט, אז א פרוי מיט קינדער וועלען איהם שטערן אין זיין שטודיום. ער פלעגט זיך קיין מאל ניט אָפּזאגען ווען מען האט איהם גערופען צו א קראַנקען, ער פלעגט אָבער קיין פּראַקסיס ניט זוכען. בעזאנדערס האט ער פיינד געהאט, ווען מען פלעגט איהם רופען צו דיא רייכע דאַמען, וועלכע מאַכען זיך קראַנק און האלטען אוועק דעם דאָקטאָר שטונדען לאנג, ביז זיי דערצעהלען איהם אויס, וויאפיעל קראַנקהייטען זיי האבען און וואס זיי ליידען, אין דער צייט, ווען זיי זיינען פעליג געזונד. אזעלכע איינגעבילדעטע קראַנקע פלעגט ער שטענדיג זאגען פריי און אפענהערציג:

— מאַדאַם, איהר בילדעט זיך נור איין, אז איהר זייט קראַנק, אין אמת אבער זייט איהר פאלשטענדיג געזונד. אייער איינציגע מעדיצין איז, איהר זאלט זיך מיט עפּעס בעשעפטיגען און ניט זיצען אַ גאנצע טאָג לעדיג.

דערפאַר האבען זיך דיא פעטערבורגער דאַמען אַן איהם נוקם געוועזען. זיי האבען איהם געמאַכט אַ שלעכטען נאָמען און קיין רייכער פּאַציענט האט איהם ניט געוואָלט רופען צו זיך. דאָקטאָר גרעטש אבער האט זיך דאריבער זעהר וועניג געקימערט. פאַר איהם איז געוועזען גענוג זיין פּראַקטיקע ביי דיא אָרימע לייט. וויאפיעל ער האט פער־דיענט איז געוועזען גענוג פאַר איהם, איין מענשען אהן אַ פרוי און קינדער. ער איז זאגאר צופריעדען געוועזען, ווען ער האט געהאט וועניג פּראַקסיס, ווייל אין דער צייט האט ער געקענט שטודירען.

ער זיצט יעצט אין זיין קאַבינעט און שרייבט. ער שרייבט אַ בוך איבער מעדי־צין. אין זיין קאַבינעט איז שטיל, מען הערט דאס קריצען פון דער פעדער אויפ'ן פּאַפּיער. פּלוצלונג האט ער אַניעדערגעלעגט דיא פעדער און האט זיך אָנגעשפּארט אויף זיין שטוהל.

— איך קען ניט ווייטער שרייבען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, עס פעהלט מיר דאס נייטיגסטע. עס פעהלט מיר מיין גוטער קאמעראַד, וועלכער קען דיא בעמיע בע־סער פון מיר. וואס העלפט עס, וואס איך קויף טוידטע קערפּער, צו שנייד זיי און שטודיר אויף זיי, ווען דער איינציגער בעמיקער, מיין פריינד אימציצקי, איז ערגעץ פער־שוואונדען געוואָרען און ווייזט זיך ניט. אהן איהם בין איך, ווי אָהן דער רעכטער האנד.

איך ווייס ניט, אויב איך וועל ווייטער קענען שרייבען מיין ווערק אָהן איהם. איז האב איהם נאָך מיט צעהן טאָג צוריק געגעבען אַ זאַך צו אַנאַליזירען און ער האט מיר נאָך ניט צוריקגעבראַכט.

ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין שטוהל און איז ארומגעגאַנגען אין זיין צימער הין און צוריק.

— וואס טהוט מען יעצט? האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. מעגליך, אז אימציצקי האט אנטהייל גענומען אין דער עקספּלאָזיאָן אין ווינטער פּאַלאַץ און מען האט איהם אַרעטירט, מען וועט איהם געוויס פערשיקען קיין סיביר. וואו נעמט מען אַזא גוטען כעמיקער, וויא ער איז? אָדער זאל איך גאָר אין גאַנצען אָוועקוואַרפען מיין ווערק? זאל איך גאָר אויפהערען צו שרייבען מיין בוך איבער דיא טאָדעס שטראָפע?

איך האָב געוואלט בעווייזען דער וועלט, וויא גרויזאַם, וויא שרעקליך דיא טאָדעס שטראַפע איז. איך האָב געוואָלט בעווייזען, אז דאָס הענגען איז איינע פון דיא גרויזאמסטע שטראָפען, וואס קען נור זיין אויף דער וועלט, ווייל דער מענש שטאַרבט ניט אַזוי באַלד און מען בעגראָבט איהם אָפט לעבעדיגערהייט. מיין פריינד, דער גרויסער געלערנטער, דאָקטאָר וועלפּאָ פון פּאַריז, האָט מיר געשריעבען, אז ער האט געמאכט צעהן בעאָבאַכטונגען אויף מענשען, וואס מען האט זיי אָפּגעשנטען דעם קאָפּ מיט דער גוליאָטינאַ (אַזא סאָרט מאַשין, מיט וועלכען מען שניידעט אָפּ דעם קאָפּ פון דיא פּאַרברעכער אין פראַנקרייך) און ער האט אויסגעפונען, אז דער קאָפּ לעבט און פיהלט נאָך אַ געוויסע צייט נאכ'ן גוליאָטינירען. וועלפּאַ האט מיר געשריעבען, אז ער האט אָפּגערעדט מיט'ן פּאַרברעכער טראָפּמאַן, וועלכען מען האט ניט לאַנג גוליאָטינירט אין פּאַריז, ער זאל איהם געבען אַ צייכען, אויב ער פערשטעהט איהם, ווען זיין קאָפּ וועט זיין אָפּגעשניטען. ער איז געשטאַנען ביי דער טרויעריגער היגריכטונג און ווען טראָפּמאַנס קאָפּ איז אַראָפּגעפאַלען, האט ער איהם גענומען אויף אַ ברעט, האט גערעדט צו איהם און האָט געזעהן, וויא דער קאָפּ האָט געעפענט דיא אויגען און האט זיי צוגעמאַכט גאַנצע צעהן מינוט נאָך דער הינריכטונג. דאס איז אַ בעוויז, אַז דער קאָפּ האָט נאָך געלעבט און געפיהלט גאַנצע צעהן מינוט נאכדעם, וויא מען האט איהם אָפּגעשניטען פון'ם קערפּער.

פאר וואס זאָלען מענשען זיין אַזוי גרויזאַם, אַזוי אונבארמהערציג איינער געגען דעם אַנדערן? איך גיב צו, אַז טראָפּמאַן איז געווען אַ שלעכטער מענש. ער האט געמאָרדעט אַ פרוי מיט פיער קינדער און האט צוגענומען זייער פערמעגען. אַלזאָ, איז ער שעדליך פּאַר דיא געזעלשאַפט: ער קען טוידטען נאָך אַנדערע מענשען. דיא געזעלשאַפט וויל זיך בעוואָרענען, ער זאַל איהר ווייטער קיין שלעכטס ניט טהאָן. איז דען ניט גענוג, ווען מען האלט איהם אויף לעבען לאַנג געפאַנגען און מען לאָזט איהם אַרבייטען אין אַ צוכט הויז? טוידטען דעם פערברעכער הייסט, זיך נוקם זיין אַן איהם. ווער האט דען דאס רעכט זיך נוקם צו זיין? אין דיא אַלטע, ווילדע צייטען זיינען שוין דיא מענשען געווען גערעכטער. דאמאלס האבען זיך נור דיא פריינד, דיא קרובים פון דעם געמאָרדעטען געהאט דאס רעכט זיך נוקם צו זיין אַן דעם מערדער. דיעזער מנהג

עקסיסטירט נאך יעצט צווישען דיא ווילדע מענשען. זאלען מיר ציוויליזירטע מענשען זיי נאכטהאן? זאלען מיר געבילדעטע מענשען, זוכען צו בעפריעדיגען נור אונזער געפיהל פון ראכע? וואס טהוען מיר מיט'ן פערברעכער? מיר פערזאמלען א גרויסע מענגע לעדיג־געהר און נייעגיעריגע און גיבען זיי א טרויער שפיעל, א דראמא. מיר טוידטען דעם פערברעכער עפענטליך, פאר אלעמען אין דיא אויגען. וואס געווינען מיר דערפון — גאר נישט. דיא אנדערע פערברעכער שרעקען זיך ניט אפּ. מיר זעהן דאך, אז אין דיא גרויסע, וויא אין דיא קליינע שטעדט געשעהן פערברעכען און מערדערייען יעדען טאָג און דיא פערברעכער האבען גאר קיין מורא ניט — ניט פארן גאלגען, ניט פאר דער גוליאָטינא. וואס האבען מיר אלזא דערפון, וואס מיר טוידטען א פערברעכער? וואס געווינט דערפון דיא מענשליכע געזעלשאפט? —

אין דיעזע מינוט האט מען אָנגעקלונגען אין דער טהיר און מען האט אונטער־בראָכען דעם דאקטאָר אין זיין רעדע. דאָקטאָר גרעטש איז אליין געגאנגען עפענען דיא טהיר. ער האט קיין דיענער ניט געהאט, זיין פראקסים האט איהם ניט ערלויבט צו האלטען א לאַקיי. ווען ער האט געעפענט דיא טהיר, האט ער דערזעהן א בלייכען יונגען מאן אין אלטע, אָבגעריסענע קליידער.

— אך, איהר זייט עס, יערמאָלאָוו! האט דער דאָקטאָר אויסגערופען, קומט אריין.

יערמאָלאָוו איז אריין מיט'ן דאָקטאָר אי'ן צימער.

מיר מוזען ערקלערן אונזערע לעזער, וויא יערמאָלאָוו קומט צו דאקטאָר גרעטש און וואס פאר אן ארט בעקאנטשאפט צווישען אזעלכע צוויי מענשען האט געקענט זיין. מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא אזוי יערמאָלאָוו איז צוריקגעקומען פון פאריז און האט זיך געוואלגערט אין פעטערבורג. ער האט זיך ניט געקענט נעהמען צו קיין בעד־שעפטיגונג, צו קיין ארבייט. אלע זיינע געדאנקען, אלע זיינע שטרעבונגען זיינען געווען — פעאָדאָרא. זיין ליעבע צו פעאָדאָרא איז געווען דער איינציגער געדאנק, וואס האט איהם בעשעפטיגט. פעאָדאָרא אָבער האט איהם זאָגאר ניט ארויפגעלאזען צו זיך אויף דער שוועל, וויא מיר האבען עס שוין דערצעהלט. ער האט זיך געדרעהט ארום איהר הויז און איז איהר נאכגעגאנגען, וויא איהר שאטען. וויא פערליעבט מען איז אָבער, קען מען דאך מיט דער ליעבע אליין ניט לעבען. מען מוז עסען אויך. ווען מען איז שטאַרק הונגעריג, אז דער מאָגען ווערט צונויפגעשרומפּען, פערגעסט מען אן דער ליעבע. אלזאָ, וואס טהוט מען אום מען זאָל האבען עסען? ארבייטען? — דאס האט ער קיין מאָל ניט געלערנט. — שטודירען? — דערצו איז ער ניט פעהיג. דיא ליעבע לאזט איהם ניט. — גנבענען האָט ער אויך ניט געקענט. ער האט זיך ארומגעדרעהט אין דיא ניע־דעריגסטע און ערגסטע שענקען, פלעגט אמאָל אָנשרייבען א בריעף, אָדער א ביטשריפט איינעם און פלעגט אויף דיעזער ארט פערדיענען אזוי פיעל אום ניט צו שטארבען פאר הונגער.

איין טאָג האט ער גאר ניט פערדיענט און האט גאר ניט געגעסען. אויף דער נאכט איז ער אריינגעקומען אין א טשאינאָיע און האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען א טישעל. אין טשאינאָיע איז וועניגסטענס געוועןווארם. ער איז געזעסען פערטראכט און טרויעריג, דעם קאָפּ אנגעשפּארט אויף דער האנד. עס איז שווער צו זאָגען, פון

האם ער האם געטראכט: פון זיין ליעבע צו פעאָדאָרא, אָדער פון א שטיק ברויט. אלענפאלס, איז ער געוועזן שטארק פערטיעפט אין איינע פון דיעזע צוויי געדאנקען און האט ניט בעמערקט, וויא אויף א טישעל לעבען איהם האט זיך געזעצט אן עלטערער מענש מיט א לאנגען, שפּיציגען גרויען באָרד. דער אלטער מאן האט זיך געהייסען געבען טהעע, וועלכען ער האט גאנץ רוהיג געטרונקען. דערביי האט ער בעמערקט, וויא יערמאָלאָוו זיצט אזוי פערטראכט און טרויעריג.

— יונגער מאן, האט פּלוצלונג דער אלטער צו איהם געזאגט, דוא זיצסט אזוי פערטראכט, אזוי טרויעריג, דיר פעהלט עפּעס. זאג עס מיר, דערצעהל מיר, וואס דיר פעהלט, פיעללייכט קען איך דיר העלפען.

יערמאָלאָוו האט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט מורא געהאט, טאמער איז דאס א שפּיאָן פון דער פּאָליציי, אָדער איינער פון דיא ניהיליסטען. ער האט פארביידען וואס מורא צו האבען. ער האט איהם דאהער גאר ניט געענטפערט, גלייך וויא ניט איהם מיינט מען. דער אלטער אָבער האט איהם ניט אָפּגעלאזט.

— טרינק א גלאז טהעע מיט מיר, האט ער געזאגט. פון א גלאָז טהעע זאגט זיך קיינער ניט אָפּ.

ער האט ניט געוואָרט אויף קיין אנטוואָרט און האט געהייסען א קעלנער ברענגען א גלאז טהעע. יערמאלאוו האט אנגענומען דאס גלאָז טהעע. ער איז געוועזן הונגעריג און א גלאז טהעע האט איהם לעבעדיג געמאכט. דער אלטער האט נאך געהייסען דערלאנגען א ביסעל ראָם און א צוויי ביינעל. יערמאָלאָוו האט זיך ארויפגעווארפען אויף דיא ביינעל, וויא א הונגעריגער וואלף אויף א שטיק פלייש. דער אלטער האט געהייסען געבען א פּאָר זעמעל. יערמאָלאָוו האט זיי אויך איינגעשלונגען. ווען ער האט געזעהן, אז זיין הונגער איז געשטילט, האט ער איהם געפרעגט פריינדליך:

— נו, יעצט וועסט דוא מיר געוויס זאָגען, פאר וואס דוא ביסט אזוי פערטראכט און טרויעריג?

— וואס זאל איך אייך זאגען? איהר זעהט דאך, דאכט זיך אליין, אז איך בין הונגעריג און האב ניט פאר וואס צו קויפען מיר א פּאָר זעמעל.

— אלזאָ, איהר האט קיין געלד ניט, אָבער פאר וואָס זעהט איהר ניט צו פערדיענען עפּעס?

— דאס איז לייכט צו זאגען, פערדיענען, אבער וויא אזוי פערדיענען? האט יערמאָלאָוו געפרעגט.

— אין יעדער גרויסער שטאדט, האט דער אלטער מאָן געענטפערט, קען מען שוין אויסזוכען עפּעס צו פערדיענען. האסט דוא עפּעס געלערנט?

— געלערנט האב איך עפּעס, איך האב געענדיגט א גימנאזיום. וואס קען מען אָבער מאכען, ווען מען ענדיגט א גימנאזיום אין רוסלאנד?

— יונגער מאן, ווילסט דוא האבען פערטרויען צו מיר? דערצעהל מיר דיין לעבענסגעשיכטע. ווען איך וויים אלעס, וועל איך דיר פיעללייכט קענען מיט עפּעס העלפען.

דיא פריינדליכע ווערטער פון'ם אלטען האבען אויף איהם געווירקט. ער האט

נעפאסט צוטרויען צו איהם און האט איהם דערצעהלט זיין גאנצע לעבענסגעשיכטע. זיין ליעבע צו א פרוי, פון וועלבער ער האט ניט געוואלט זאגען דעם נאמען, און וואס עס האט מיט איהם פאסירט אין דער לעצטער צייט. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט ניט דערצעהלט, אז ער איז געווען א ניהיליסט און האט זיינע קאמעראדען פער־ראטהען.

דער אלטער האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט איהם דאן געזאגט:

— יונגער מאן, דוא מוזט אוועקפאהרען פון פעטערבורג, דוא טארסט היע ניט זיין. דאס איז דיין איינציגע רעטונג. איך פערשטעה, אז דוא האסט ניט מיט וואס אוועקצופאהרען, איך וועל דיר געבען דיא מעגליכקייט צו פערדיענען געלד

— וואס זאל איך אבער טהאן? האט יערמאלאוו געפרעגט. ווען איהר ווילט מיר געבען א געלעגענהייט צו פערדיענען געלד, וועט איהר דאך געוויס פון מיר עפּעס פאדערן. וואס פערלאנגט איהר פון מיר?

— זיי רוהיג, יונגערמאן, איך פערלאנג פון דיר קיין שווערע זאך, איך פערלאנג ניט, דוא זאלסט טהאן עטוואס שלעכטעס. איך פערלאנג—

ער איז געבליעבען שטיל און האט ניט געענדיגט זיין רעדע. יערמאלאוו האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. דער אלטער האט זיך ענדליך צו איהם אנגעבויגען און האט איהם געזאגט גאנץ שטיל:

— איך בין א דאקטאר און ליעב זעהר דיא מעדיצין. איך שטודיר טאג און נאכט. דיא מעדיצין איז אבער א זאנדערבארע וויסענשאפט. זיא מוז האבען א גאנץ בעזאנדערן מאטעריאל אום מען זאל זיא ערלערנען. מען מוז האבען מענשליכע קערפּער. אזוי וויא אבער אויף לעבעדיגע מענשען קען מען קיין פּראבען ניט מאכען, מוז מען האבען טוידטע.

— אלזא, ווילט איהר, איך זאל ארויסגנבענען טוידטע קערפּער פון זייערע גרעב־בער און זאל זיי אייך ברענגען? האט יערמאלאוו געפרעגט ערשטוינט.

— איך זאג ניט, איהר זאלט גנבענען. איך זאג, איהר זאלט מיר פערשאפען טוידטע קערפּער, וועלבע איך דארף האבען פאר מיין שטודיום. וואו איהר וועט זיי נעהמען, געהט מיך ניט אן. איך וועל אייך גוט בעצאהלען דערפאר. איך בין אומיסטען געקומען אהער און האב אנגעטהאן א צוריסענעם ראק, מען זאל מיך ניט דערקענען, אים צו זוכען איינעם, וועלבער קען מיר שאפען דאס מאטעריאל, וואס איך דארף פאר מיין שטודיום. איהר וועט קיין שלעכטע זאך ניט טהאן. דער טוידטער איז טוידט, ער פיהלט ניט, ווי א שטיק האלץ פיהלט ניט, אז מען שניידעט עס. דעם לעבעדיגען אבער קענען מיר דער מיט העלפען, ווען מיר שטודירען דיא קראנקהייטען אויפ'ן טוידטען קערפּער.

יערמאלאוו האט זיך פערטראכט. ער האט אויך געוואלט אמאל שטודירען אויף דאקטאר, ער האט אויך אמאל געוואלט לערנען מעדיצין און דיעזע וויסענשאפט קען מען דאך אנדערש ניט ערלערנען, ווען מען האט ניט אזא סארט מאטעריאל. ער האט זיך ארומגעקוקט אין געזעהן, אז ער ווערט פערגרעבט און פערגעסט, וואס ער האט אמאל געקענט, ווייל ער געפינט זיך בעשטענדיג אין דער געזעלשאפט פון גראבע מענשען.

— איך צאהל פונפציג רובעל פאר א לייבע, האט דער אלטער געזאגט גלייב־גילטיג.

— פונפציג רובעל איז ניט פיעל, האט יערמאָלאַוו געענטפערט. עס איז דאך ניט אזוי לייכט צו בעקומען לייבען.

— דוא האסט א טעות, עס איז גאר ניט אזוי שווער, וויא דוא מיינסט. דוא דארפסט נור בעקאנט ווערן מיט אייניגע דיענער פון דיא שפּיטאָלען, אָדער נאך בעסער מיט אייניגע וועכטער פון פּעטרא־פּאַוולאָווסקי קרעפּאסט. דארט קען מען קויפען לייבען זעהר ביליג.

יערמאלאוו האט נאך א ביסעל געטראכט און האט איינגעווילינט. דער דאקטאר האט ארויסגענומען פונפציג רובעל און האט איהם געגעבען פאר דיא ערשטע לייבע, וואס ער וועט איהם ברענגען

— יעצט זאגט מיר אייער אדרעסע און ווען איך קען ברענגען דיא לייבען צו אייך, האט ער געזאָגט צום דאקטאר.

— איך היים דאקטאר גרעטש און וואָין נומער פינף און ניינציג גאַראָחאָוואַי שטראָסע. איהר קענט קומען צו מיר ארום צוועלף ביי נאכט. ווען איהר וועט קומען, זאלט איהר צוויי מאל קלינגען, וועל איך וויסען, אז איהר זייט עס און וועל אייך עפע־נען דיא טהיר פון מיין לאַבאָראַטאָריום.

— אָבער דאקטאר, האט יערמאָלאַוו געזאגט, וויא אזוי גיט איהר געלד א מענ־שען, וואס איהר קענט ניט? וויא אזוי פערטרויט איהר זיך צו א מענשען, מיט וועל־כען איהר רעדט ערשט צום ערשטען מאל?

— דאס איז מיין זאך. דערפאר בין איך א דאקטאָר און א מענשענקענער. איך דערקען שוין, וועמען צו פערטרויען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען. יערמאָ־לאוו האט איהם געוואלט נאכגעהן און איהם אָפּגעבען דאס געלד. דער דאָקטאר אָבער איז פערשוואונדען. יעצט ערשט האט יערמאלאָוו אנגעהויבען צו דענקען, וואס פאר א זאָנדערבארע בעשעפטיגונג דאס שיקזאל האט איהם צוגעשיקט. פון אזא בעשעפּ־טיגונג האט ער אין זיין לעבען ניט געהערט. אמת, ער האט געהערט, אז ווען עס פעהלט אַמאָל אוים ביי דיא סטודענטען מאטעריאל, געהן זיי גנבענען פון דיא בעער־דיגונגס פּלעצער. אַלזאָ, לאמיך מיר פארשטעלען, אז איך בין א סטודענט און איך בין געצוואונגען צו גנבענען א לייבע, ווייל איך קען אנדערש דיא אַנאַטאָמיע ניט שטודירען.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע וואכען. איין מאל ארום צוועלף אוהר ביי נאכט האט מען צוויי מאל געקלונגען ביי דאקטאר גרעטש אין דער טהיר. דער דאקטאר האט געעפענט דיא טהיר פון זיין לאַבאָראַטאָריום, יערמאָלאוו האט אהין אריינגעטראגען א פּעקעל. פון דאמאלס אַן איז יערמאלאוו געווארען אן איינגעהער צו דאקטאר גרעטש אין שטוב. דאקטאר גרעטש איז געווען אן עהרליכער און ערנסטער מענש. ער איז מעהר בעקאנט געווארען מיט יערמאלאוו און האט באלד איינגעזעהן, אז קוים וועט ער ניט ארויסרייסען מיט געוואלט זיין אונגליקליכע ליעבע, וועט ער אראפּ פון זינען. ער האט אויך איהם רחמנות געהאט און האט איהם געהייסען אוועקפאהרען פון פּעטער־

בורג. ער האט איהם זאגאר אנגעבאטען געלד אויף דער הוצאה. יערמאלאוו אבער האט ניט געוואלט הערען פון אוועקפאהרען. זייט א געוויסע צייט איז יערמאלאוו גאר פערשוואונדען און האט זיך ניט געוויזען צום דאקטאר. דער דאקטאר האט גערעכענט, אז ער איז ערגעץ אוועקגעפאהרען און איז געווען רעכט ערשטוינט, ווען ער האט גע־פענט דיא טהיר און דערזעהן יערמאלאוון פאר זיך. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין זיין קאבינעט, האט ער איהם געזאגט:

— איך האב געמיינט, אז דוא ביסט געשטארבען, אדער ארויסגעפאהרען פון פעטערבורג. וואו ביסט דוא געווען אזוי לאנג?

— אך, פרעגט מיך ניט, דאקטאר! איך בין.... איך האב.... פרעגט מיך בעסער ניט, דאקטאר.

— ווען דוא ווילסט ניט, וועל איך דיך ניט פרעגען, האט דער דאקטאר געזאגט און האט בעטראכט זיין בעקאנטען.

ער האט בעמערקט, אז פעדיא איז זעהר בלייך און אויפגערעגט; ער האט איהם א קוק געטהאן אין דיא אויגען און האט געזעהן, אז זיי זיינען היינט מאט און פארבלאַזט. ער האט געזעהן, אז מיט איהם איז עפּעס בעזאנדערעס געשעהן אדער ער האט א נייע קראנקהייט. אלס געלערנטער דאקטאר האט ער איהם זעהר פאראינטערסירט.

— דיר איז עפּעס געשעהן אין דער לעצטער צייט, האט דער דאקטאר איהם געזאגט. איך זעה, אז דוא ביסט גוט קראנק.

— עס קען זיין, האט יערמאלאוו געזאגט, איך בין אבער ניט געקומען זיך קו־רירען צו אייך. איך האב צו אייך אן אנדערע ביטע.

— לאמיך הערען, וואס איז דאס פאר א ביטע.

— לייעט מיר הונדערט רובעל.

— הונדערט רובעל? האט געזאגט דער דאקטאר, דאס איז א גרויסע סומע געלד, איך האב גאר אזוי פיעל געלד ניט. דוא מיינסט געוויס, אז איך בין רייך. דאס איז א גרויסער טעות. איך פערדיען נור אזוי פיעל, וויא פיעל איך דארף האבען און שפּאר אפּ אביסעל אום צו פערשאפען דיא ביכער און מאטעריאלען, וועלכע איך דארף פאר מיין שטודיום. בארעס געלד געפינט זיך קיין מאל ניט ביי מיר אין שטוב.

— איך מוז אבער האבען הונדערט רובעל! האט יערמאלאוו אויסגעשריען אין פערצווייפלונג.

— דוא מוזט האבען הונדערט רובעל? האט איהם איבערגעפרעגט דער דאקטאר. צו וואס דארפסט דוא אזוי פיעל געלד?

— איך פאהר אוועק פון פעטערבורג.

דער דאקטאר האט זיך דערשראָקען. ער האט געמיינט, אז מען איז געוואָהר געווארען פון דער געשיכטע, אז ער קויפט אויף לייכען. עס איז פערבאָטען און עס קומט דערפאר א שווערע שטראפע.

— אלזא, דוא ביסט געווען ניט פאָרזיכטיג און מען האט דיך געחאפּט?

— ניין, האט יערמאלאוו געענטפערט. אונזער געשעפט איז געבליעבען א גע־

חיימנים. קיינער ווייס דערפון ניט און קיינער וועט עס אויך ניט וויסען. ווען איינ־טערעסירט אזא זאך?

— אלזא, וואס דען איז מיט דיר געשעהן? דוא קענסט מיך שוין און מענסט שוין האבען צוטרויען צו מיר.

יערמאלאוו האט געטראכט איינינע צייט, דאן האט ער געזאגט גאנץ שטיל:

— מיין ליעבע.... מיין געליעבטע.... פעאדארא....

— דערצעהל מיר אלעס, דוא אונזיניגער, לייכטזיניגער און וואהנזיניגער מענש.

— אך, דאקטאר! איהר זאָלט וויסען, ווען איך ליעב? איהר זאָלט קענען דיא פרוי, וועלכע איך ליעב?

— איך זאָל וויסען? איך זאל קענען? האט געלאכט דער דאקטאר. איך ווייס און קען עס זעהר גוט. דיא פרוי, וועלכע איהר ליעבט איז אן ענגעל, א געטין, אן איבערנאטירליכעס וועזען,—דיא זון, דיא לבנה, א שטערן און, דער טייפעל ווייס וואס נאך. איך ווייס, אז יעדער פערליעבטער נארר שטעלט זיך פאָר, אז דיא פרוי, וועלכע ער ליעבט, איז שעהנער פון אלעמען. איך ווייס, אז דוא ביסט פערליעבט איבער דיא אויערן און דיעזע אונגליקליכע ליעבע, אדער ריכטיגער געזאגט, דיא קראנקהייט וועט דיך ברענגען אין א האָספיטאל.

— ניין, דאקטאר, איהר ווייסט ניט, איהר קענט ניט דיא ליעבע. איהר האט צו־טהאן מיט קראנקע אדער מיט טוידטע מענשען, ביי אייך איז אלעס מאטעריאל פאר אייער מעסער, פאר אייער שטודיום. איהר זייט ניט קיין מענש, איהר זייט א געלערנטע מאשין. אך! איהר זאָלט קענען פיהלען, וויא איך, איהר זאלט א מאל וויסען, וואס ליעבע איז? איהר זאָלט קענען דיא פרוי, וועלכע איך ליעב, וואלט איהר אַנדערש גע־רעדט.

דאקטאר! האט ער פּלוצלונג אויסגעשריען וויא א וואהנזיניגער, האט איהר א מאל געהערט פון פעאדארא באיאנאווסקי?

דער דאקטאר האט איהם אנגעקוקט דורך זיין בלויע בריל און האט אנגעהויבען צו פייפען מיט'ן מויל.

— אזוי? האט ער געזאגט, פעאדארא באיאנאווסקי? פון דאנען וועהט דער ווינד? אויב אזוי קען איך דיר ניט העלפען. עס טהוט מיר לייד, יונגער מאן, וואס דוא ביסט אריינגעפאלען אין דיא נעצען פון דיעזער פרוי. דוא ביסט פערלאָרען.

— אלזא, קענט איהר פעאדארא? האט יערמאלאוו אויסגעשריען. איהר קענט זיא? איהר קאלטער דאקטאר?

— איך קען זיא זעהר גוט, האט דער דאָקטאר געזאגט. איך קען זיא שוין צו גוט. איך בין געוועזען זעהר גוט בעקאנט מיט איהר מאן, איידער מען האט איהם פער־שיקט קיין סיביר. אה! איך ווייס אלעס, האט דער דאקטאר געקריצט מיט דיא ציינער. איך ווייס, וואס פאר אן ענגעל, וואס פאר א געטין זיא איז. איך ווייס, אז זיא האט איהר אייגענעם מאן איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דער געהיים־פּאָליציי.

אך, דיעזער ענגעל, דיעזע געטין! האט ער וויטער אויסגעשריען און האט גע־געבען א קלאפּ מיט דער האנד אויפ'ן טיש, אז זיין שרייבצייג איז אונטערגעשפּרונגען.

וויאפיעל מענשען האט שוין דיזע געטין אוועקגעשיקט צום טייפעל? אנטלויפט פון איהר, יונגער־מאן! רייסט אויס אייער ליעבע מיט אייער הערץ צו־גלייך! פאר אייך בלייבט נור איין וועג — קיין סיביר, אדער אין דול־הויז.

יערמאלאוו האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. עס וואלט איהם קיין מאל ניט איינגעפאלען, אז דאקטאר גרעטש זאל אזוי פיעל וויסען פון פעאדארא.

— איך קען מיך ניט אויסרייסען פון דיזער פרוי, דאקטאר. איך ליעב זיא און זיא ליעבט מיך אויך. זיא האט עס מיר אליין געזאגט איך האב בעוויזען, אז זיא ליעבט מיך, זיא וויל אנטלויפען מיט מיר.

— פיעלייכט דארפט איהר דיא הונדערט רובעל, וועלכע איהר ווילט פון מיר לייען, אויך פון פעאדארא׳ס וועגען? זאגט, זאגט מיר אלעס. עס אינטערעסירט מיך, אלס דאקטאר, אלס געלערנטען, צו וויסען, וויא ווייט דיא מענשליכע נאטור קען זיין פערדארבען.

— יא, האט געענטפערט יערמאלאוו. איך וויל מיט איהר אנטלויפען פון פעטער־בורג.

— דוא ביסט קראנק, מיין פריינד, האט דער דאקטאר געזאגט טרויעריג. מיט הונדערט רובעל ווילסט דוא פאהרען מיט פעאדארא באיאנאווסקי? ראטהשילד׳ס מיליאנען זיינען ווייניג פאר א רייזע מיט איהר. איך זעה יעצט, אז דוא ביסט געפעהר־ליכער קראנק, וויא איך האב אנפאנג געמיינט. דוא וועסט מיט איהר ווייט ניט פאהרען.

— פאר וואס?

— דיינע קראנקהייט וועט דיך ניט לאזען. דוא ביסט געפעהרליך קראנק, פאר־שטעהסט אבער דיין קראנקהייט ניט. דוא מיינסט, אז דוא ביסט פאלקאמען געזונד און זיא ליעגט, וויא א טיגער בעהאלטען צווישען דיא צווייגען פון דיא בוימער און לויערט. זיא וועט אויף דיר אנפאלען פלוצלונג און וועט דיך צורייסען. איך האב אויף דיר רחמנות, יונגער־מאן עס איז נאך דא צייט דיך צו רעטען, שפעטער וועט עס שוין אונמעגליך זיין.

אין דיזע מינוט האט מען אנגעהויבען שטארק צו קלינגען. איינער האט געריסען דיא גלאק אהן אויפהער. דאקטאר גרעטש האט זיך דערשראקען.

— אזוי קלינגט נור דיא רוסישע פאליציי אדער דיא פייער־לייט ווען עס ברענט אויס א פייער אין שטוב. אלענפאלס מען מוז געהן עפענען. בעהאלט דיך יערמאלאוו.

דער דאקטאר איז געגאנגען עפענען דיא טהיר. אין דרויסען האט מען געהאלטען אין איין ציעהען דיא גלאק.

— ווארט! איך געה עפענען! רייסט מיר ניט אפ דיא גלאק! האט געשריען דער דאקטאר אין פאר־הויז און איז צוגעלאפען צו דער טהיר.

— אין נאמען פון אונזער אלטער בעקאנטשאפט עפענט מיר! האט געבעטען א טיעפע מענער־שטימע אין דרויסען.

— ווער זאל עס זיין? עס איז א בעקאנטע שטימע. האט דער דאקטאר גע־זאגט און האט געעפענט דיא טהיר.

באיאנאווסקי איז ארייננעפאלען אין קארידאר און האט האסטיג פערמאכט דיא טהיר. דאקטאר גרעטש האט איהם בעטראכט און האט איהם באלד דערקענט.

— איך בין גערעטעט! האט באיאנאווסקי קוים ארויסגעקייכט.

— אויב דוא ביסט גערעטעט, ווייס איך ניט, האט דער דאקטאר געזאגט און האט זיך געדרעהט דיא בארד. אויפנעהמען אבער אין מיין הויז וועל איך דיך. קום אריין אין צימער. מיר וועלען זעהן, וואס מיר האבען צו טהאן.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם ארייננעפיהרט צו זיך אין קאבינעט. ער האט געהערט, אז באיאנאווסקי איז אנטלאפען פון סיביר און געפינט זיך אין פעטער־בורג. ער האט אבער ניט געוואוסט, וואו ער האלט זיך אויף און וואס ער טהוט. ער האט ניט געוואוסט, אז באיאנאווסקי האט טהייל גענומען אין דער עקספלאזיאן אין קייזערליכען ווינטער־פאלאץ. ווען זיי זיינען אריין אין דאקטארס קאבינעט און באיא־נאווסקי האט דערקענט זיין אלטען בעקאנטען, האט ער אויסגערופען פאר פרייד:

— אלזא, איהר זייט עס ווירקליך! דער צופאל האט מיך געפיהרט צו אן אלטען בעקאנטען, צו א פריינד! דאקטאר גרעטש וועט מיך בעהאלטען וועט מיך שיצען —

— זאג מיר — דערצעהל מיר —

— שפעטער, שפעטער, האט באיאנאווסקי געבעטען, איך וועל אייך אלעס דערצעהלען. יעצט פארמאכט דיא טהיר, פארשליעסט דיא לאדען. זיי זוכען מיך — זיי געהען מיר נאך — זיי שפירען מיר נאך —

— ווער? האט דער דאקטאר געפרעגט ערשטוינט.

— דיא געהיים־פאליציי. איך בין געלאפען, וויא א פערצווייפעלטער. איך האב מיך געדרעהט דורך גאסען און געסלעך, פון׳ם קייסערס פאלאץ ביז אהער —

— דוא קומסט פון׳ם קייסערליכען ווינטער פאלאץ, וואו עס איז היינט געווען דיא עקספלאזיאן? האט דער דאקטאר געפרעגט און איז געווארען בלייך.

ער האט באלד צו געמאכט אלע טהירען און אלע לאדען פון דיא פענסטער, דאן האט ער זיך געווענדעט צו באיאנאווסקי און האט איהם געפרעגט:

— פאר וואס פערפאלגט דיך דיא פאליציי?

— זיא מיינט, אז איך האב טהייל גענומען אין דער עקספלאזיאן אין ווינטער פאלאץ. זיי זיינען מיר נאכגעלאפען. וויא אזוי איך האב מיך אויסגעריסען פון זיי, ווייס איך ניט. איך האב דערזעהן א שילד: „דאקטאר גרעטש“, און האב אנגעהויבען צו ציעהען דיא גלאק. איך האף, אז דוא וועסט מיך אויפנעהמען און וועסט מיך ניט איבערגעבען אין דיא הענד פון מיינע פיינד.

— דאס וועל איך געוויס ניט טהאן, האט דער דאקטאר געזאגט, איך ווייס אבער ניט, וויא אזוי דיך צו בעשיצען, ווען דיא פאליציי זאל אנקומען.

— דער וויל זיינען זיי נאך ניטא, האט באיאנאווסקי געענטפערט. עס איז זעהר מעגליך, אז זיי האבען פערלארען מיין שפור און וועלען מיך שוין מעהר ניט זוכען.

צו בישלעכווייס האט זיך דער דאקטאר בערוהיגט. ער האט געזעהן, אז דיא פאליציי קומט ניט און האט געגלויבט, וויא באיאנאווסקי, אז זיא האט פערלארען זיין

שפור אין דער פינסטער און וועט איהם שוין מעהר ניט זוכען אין דיעזער געגענד. באיאנאָווסקי האט זיך אויך בערוהיגט. זיי זיינען געזעסען פריינדליך לעבען דאקטאר׳ס שרייב־טיש און האבען גערעדט פון פערגאנגענע צייטען.

— דוא ביסט געווען אין סיביר, האט דער דאקטאר געזאגט, דו האסט געאר־בייט אין דיא גאלד גרובען.

— יא, אלטער פריינד, איך האב גענוג איבערגעליטען אין סיביר. איך בין גענוג אויסגעשטאנען אין דער צייט פון מיין אנטלויפען, ביז איך בין געקומען קיין פעטערבורג. דא האבען זיך ערשט אָנגעהויבען פאר מיר נייע ליידען, נייע שמערצען—ערגער, שרעק־ליכער, פיינליכער וויא דיא ליידען אין סיביר!

אך! וואס זיינען דיא קייטען אין סיביר, וואס זיינען דיא שלעק פון דיא וועכטער געגען דיא ליידען, וועלכע א שלעכטע פרוי פערצורזאכט אונז! ניט סיביר, ניט דיא גאלדגרובען האבען מיך צו בראכען קערפערליך און גייסטיג, זאנדערן דיא גייסטיגע ליידען, וואס איך האב איבערגעטראָגען, זייט איך בין געקומען א היים.

— איך וויים, פון וואס דוא רעדסט, האט דער דאָקטאָר געזאָגט. איך האב געהערט פיעל זאכען פון—

- מיין פרוי. שעהמט אייך ניט, דאָקטאָר, זאגט עס ארויס. עס איז קיין סוד ניט, גאנץ פעטערבורג וויים דערפון, אז זיא איז אן אגענטין פון דער געהיים פּאָליציי, א שפיאָנין, וועלכע האט איהר אייגענעם מאן פערראטהען. אלע ווייסען דערפון, אלע האבען עס געוואוסט, נור איך ניט. איך האב איהר געגלויבט, איך האב געהאט צו־טרויען צו איהר; ווען איך האב געארבייט אין דיא פינסטערע מינען פון סיביר, האב איך געדאכט נור פון איהר. איך האב איינגעשטעלט מיין לעבען און בין אנטלאָפען צו איהר, איך האב דורכגעוואנדערט טויזענדער וויאָרסט אין שנעע, אין פראָסט און האב געטרוימט פון איהר. ענדליך בין איך געקומען. — וואס האב איך געפונען? זיא איז עס געווען, וועלכע האָט מיך פערשיקט, זיא שיקט נאך יעצט אויף מיר אן דיא פּאָליציי. זיא וויל נאך יעצט מיך פערגראָבען ערגעץ אין א געפענגניס. איך וואלט איהר נאך אלעס פערצייהעט, איך וואלט נאך אלעס איבערטראָגען מיט געדולד, איך קען איהר אָבער ניט פערצייהען, וואס זיא האט פערגיפטעט מיינע מוטער.

ביי דיא לעצטע ווערטער איז ער אויפגעשפּרונגען, זיינע אויגען האבען געפלאמט, זיינע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין פויסטען און זיין גאנצער קערפער האט גע־ציטערט פאר צאָרן.

— זיא איז געווען אן ארימעס מעדכען, ווען איך האב מיך אין איהר פערליעבט. זיא האט אזוי גוט געשפּיעלט איהר ראָלע, אז איך האב מיך געשעצט גליקליך, וואס איך האב געהייראַטעט אן ארימעס מעדכען, וועלכע קען ניט דיא גרויסע וועלט מיט איהרע פערגניגונגען, מיט איהרע פערפיהרונגען מיט איהרע פערברעכען. איך האב מיך ווענינ געקימערט, וואס א יונגער אָפיציער פון דער פּאָליציי מיט׳ן נאמען מיזענ־צאוו פלעגט אָפט אריינקומען צו מיר. מיין פרוי האט מיר איהם פאָרגעשטעלט אלס איהרן אן אלטען בעקאנטען. פון וואנען האב איך עס געקענט וויסען, אז זיי זיינען ביידע

אנגענטען פון דער געהיים פּאָליציי און ארבייטעןביידע שטילערהייט א פּלאַן מיך צו פערניכטען ? —

— וויא אזוי האסט דוא דיך ביז אהער אויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי ? האט פּלוצלונג דער דאָקטאָר געפרעגט, איהם איז געוואָרען אונאנגענעהם צו הערן דיא ניעדערטרעכטיגקייטען פון פעאָדאָרא.

— איינער פון מיינע גוטע פריינד, גענעראל קראשעווסקי, האט מיך א געוויסע צייט געהאלטען ביי זיך, דאן האט ער מיר פערשאפט א שטעלע ביים קייסער אין קיך.

— אָהאָ ! האט אויסגערופען דער דאָקטאָר, ביסט אריין אין דיא הויכע פענ־סטער ! דארט ביסט דוא געוויס זיכער געווען.

— יא, דארט בין איך זיכער געווען, ביז היינט, ווען עס איז געשעהן דיא עקספּלאָ־זיאָן. נאך דער עקספּלאָזיאָן האט מען צונויפגערופען אלע דיענער, לאקייעס, קעכע און ארבייטער אין א זאל און מען האט אָנגעהויבען אויסצופרעגען יעדען בעזונדער, ווער ער איז און וויא ער קומט אין פּאַלאַץ. יעדער האט געמוזט ווייזען פּאַפּיערען און רעֶ־קאָמענדאציאָנען.

ווען דיא רייהע איז געקומען צו מיר האב איך געוויזען מיין דייטשען פּאספּאָרט. איך האב געציטערט, אז מען וועט דערקענען, אז ער איז א פאלשער, מען האט איהם אָבער ניט דערקענט. מען האט מיר נור געזאגט, אז א פּאספּאָרט אליין איז ניט גענוג, מען מוז האבען נאך אנדערע דאָקומענטען און רעקאָמענדאציאנען. איך האב געזעהן, אז דא איז זעהר שלעכט, אז מען וועט מיך באלד דערקענען, אז לאפּערם וועט אויסזאגען אז גענעראל קראשעווסקי האט מיך רעקאָמענדירט, און דאס איז היינט זעהר א שלעכטער רעקאָמענדאציאָן, ווייל דער קייסער האלט גענעראל קראשעווסקי פאר א ניהיליסט. איך האב געזעהן, אז פאר מיר איז דא נור איין מיטעל זיך צו רעטען — צו אנטלויפען.

— איך האב נאך דאָקומענטע און רעקאָמענדאציאָנען, האב איך געזאגט. איך האב זיי אבער ניט מיטגענומען, ווייל איך האב געמיינט, אז דער פּאספּאָרט אליין איז גענוג. אויב איהר ווילט, וועל איך געהן און וועל זיי באלד ברענגען.

יעצט איז געהאנגען מיין לעבען און מיינע פרייהייט אויף א האר. קוים שיקט מען מיט מיר א פּאָר זשאנדארען, דאן בין איך פערלארען. צום גליק אָבער, האט מען מיר געהייסען געהן אויף מיין קוואַרטיר ברענגען מיינע דאָקומענטען און מען האט מיט מיר קיינעם ניט געשיקט. איך בין געלאפען אויף מיין צימער, האב צוגענומען, וויאפיעל געלד איך האב געהאט און בין צוגעגאנגען צום טויער. עס האט געדויערט א ווײלע, ביז דיא וואכען האָבען מיך דורכגעלאזען. דער ווייל האט מען אין זאל בעמערקט, אז איך זאם זיך און מען האט געשיקט איינעם מיך רופען. דער האט געזעהן, וויא איך בין שוין אויף דער גאס.

— האַלט איהם ! האט ער אנגעהויבען צו שרייען. מען דארף איהם האבען !

איך בין געלאפען, וויא ווייט איך האב געקענט. איך ווייס ניט, אויב מען איז מיר נאכגעלאפען, איך ווייס ניט, וויא פיעל מענשען זיינען מיר נאכגעלאפען. איך בין געלאפען דורך גאסען און געסלעך, ביז איך בין מיעד געוואָרען, מיינע קרעפטע האבען

אנגעהויבען צו שווינדען און איך האב מיך אומגעקוקט, וואוהין ארייצוגעהן און זיך צו שיצען. פלוצלונג האב איך דערזעהן אייער שילד. איך האב אנגעקלונגען און איהר האט מיך גערעטעט.

— איך וועל דיך געוויס האלטען ביי מיר און דיך בעשיצען, וויא ווייט איך וועל נור קענען, האט דער דאָקטאָר געזאגט. איך מיין, אז קיינער האט ניט געזעהן, וויא דוא ביסט אריין צו מיר, ווייל זאָנסט וואָלטען זיי שוין דא געווען. דיא געהיים-פּאָליציי שפּאַסט ניט. ווען זיא ווייס נור, וואו עס געפינט זיך א ניהיליסט קומט זיא באלד איהם ארעטירען.

אין דערזעלבער צייט איז איינער ארויסגעקראָכען פון הינטער א שפּאַניער וועג־טעל און איז געפאלען באָיאנאָווסקי׳ן צו דיא פיס. באיאנאווסקי האט זיך דערשראָקען, ער האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז פאר א מין חיה. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל און האט ארויסגעחאפּט א רעוואָלווער פון זיין קעשענע, גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט פערטהיידיגען. דאָקטאָר גרעטש אבער האט איהם בערוהינט. ער האט געוואוסט, אז יערמאָלאָוו מיינט קיין בייז ניט. ער האט פערשטאנען אז יערמאָלאָוו האט אלעס אויסגעהערט און האט זיך איבערצייגט, וויא ניעדערטרעכטיג פּעאָדאָרא האט געהאנדעלט געגען איהר מאן. באיאנאווסקי׳ס ערצעהלונג וויא ער האָט זיא געהייראטעט, וויא מעזענצאָף פלעגט קומען צו זיי און וויא אונגליקליך ער איז יעצט, האבען געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. ער האט געפיהלט, מיטלייד מיט דיעזען מענשען, וועלכען א ניעדערטרעכטיגע פרוי האט געמאכט אזוי אונגליקליך. ער האט געוואָלט בעטען באָיאנאָווסקי׳ן אום פערצייהונג, ווייל ער האט געליעבט זיין פרוי.

— טוידט מיך, האט יערמאלאוו געבעטען, שיעס מיך! איך האב עס פערדיענט. איך בין דער געליעבטער פון דיין פרוי!

— וואס רעדט ער? האט באָיאנאָווסקי געפרעגט. וואס וויל דער מאן פון מיר?

— שטעה אויף, יערמאָלאָוו, האט דער דאָקטאָר געזאגט. מען מוז דאָך פריי־הער באָיאנאָווסקי׳ן ערקלערן, וואס דוא פערלאנגסט פון איהם.

יערמאלאוו האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך געזעצט אויף א שטוהל. ער האט זיך געשעהמט צו קוקען באיאנאווסקי׳ן אין דיא אויגען.

— דיעזער יונגער מאן, האט דער דאקטאר געזאגט צו באיאנאווסקי׳ן, האט א מאל געהאט דאס אונגליק בעקאנט צו ווערן מיט פעאדארא. ער האט זיך פערליעבט אין איהר ביז איבער דיא אויערן.

— אזוי! נאך אן אָפּפער פון מיין ליעבע פרוי, האט געזאגט באיאנאווסקי. דוא ביסט צו בעדויערן, יונגער מאן, האט ער זיך געווענדעט צו יערמאלאוו. דוא ביסט פערלארען אויף אייביג — פערלארען קערפּערליך און גייסטיג. זאָלאנג דוא וועסט איהר קענען ברענגען נוצען, וועט זיא זיך פאַרשטעלען, אז זיא ליעבט דיך; אבער ווען זיא וועט דיך מעהר ניט קענען ברויכען, וועט זיא דיך איבערגעבען אין דיא הענד פון דער פּאָליציי.

— פעאדארא דארף איהם עפּעס האבען. איך קען ניט וויסען צו וואס זיא דארף איהם, געוויס איז עס אבער, אז זיא דארף איהם צו עפּעס האבען, ווייל זיא פאר־שטעלט זיך, אז זיא ליעבט איהם.

— דאקטאר! האט זיך אפּגערופען באיאנאווסקי, ווען פעאדארא דארף צו עפּעס דיעזען יונגען מאַן, האט עס אן אינטערעס פאר מיר. זיא ווייס, אז איך בין אין פּע־טערבורג און זוכט מיטעל, וויא פון מיר לויז צו ווערן. איך בין פעסט איבערצייגט, אז אין איהר פאַלשע ליעבע צו דיעזען אונגליקליכען ליעגט א געהיימניס, וועלכעס איז פאר מיר זעהר וויכטיג.

ער האט זיך געווענדעט צו יערמאָלאָוו׳ן און האט איהם געזאגט ערנסט און שארף:

— יונגער־מאַן, ווען אין אייער הערץ איז דאַ א פונק פון מענשליכקייט, וועט איהר מיר זאגען דיא ריינע וואהרהייט. זאגט מיר, וואס האט פעאָדאָראַ פון אייך עפּעס פערלאנגט, דערפאר וואס זיא האט אייך פערשפּראָכען איהר ליעבע?

— איך וועל אייך אַלעס זאגען, אַלעס דערצעהלען.

ער האָט זיי דערצעהלט אלעס, וויא ער איז בעקאנט געווארען מיט פעאָדאָראַ, וויא ער האט זיך פערליעבט אין איהר, וויא זיא האט איהם פערפיהרט, ער זאל איהר זאגען דיא נעמען פון דיא ניהיליסטען און וואו זיי פערזאמלען זיך.

— אַלזאָ, האט געזאגט באָיאנאָווסקי טרויעריג, האט איהר פערראטהען אייערע ברידער, צו וועלכע איהר האט געשוואָרען ליעבע און טרייע ביז אין טוידט. עס איז מיר א וואונדער, וואס איהר לעבט נאך. עס איז מיר א וואונדער, וואס דיא ניהיליסטען האבען זיך אן אייך ניט נוקם געווען. דערצעהלט, דערצעהלט ווייטער, וואס טראכט ווייטער דיעזער טייפעל אין פרויען־געשטאַלט.

יערמאלאוו האט ווייטער דערצעהלט, וויא ער איז געווען אין פאַריז, וויא ער איז צוריקגעקומען און וויא פעאָדאָראַ האט איהם איינגערעדט, ער זאָל מיט איהר אַנטלויפען.

— ווען האט זיא אָפּגערעדט מיט אייך צו פאהרען? האט באָיאנאָווסקי גע־פרעגט.

— מאָרגען אום צוועלף אוהר.

— וועט זיא פאהרען מיט דער באהן?

— ניין, אין א קארעטע. דערווייל פאהרען מיר קיין מאָסקוואַ, דאָרט וועלען מיר זעהן, וואס מיר האבען צו טהאָן.

— מיר? האט געלאַכט דער דאקטאר. דוא דום־קאָפּ! דוא עזעל־קאָפּ! מיינסט דוא, אז פעאדארא וועט דיך מיטנעהמען? עזעל, וואס דוא ביסט! ווען פעאדארא פאהרט ערגעץ, האט זיא שוין א געוויסען פּלאַן. זיא פאהרט ניט אומזיסט. געוויס האט זיא מעזענצאָף געשיקט.

— איך מיין, אז דיעזעס מאל האט זיא מיך ניט אָפּגענאַררט, האט יערמאלאוו אויסגעשריען.

— דוא מיינסט ? דיין קראנקער קאָפּ מיינט, ניט דוא, האט דער דאָקטאָר געזאגט.

— לאזט איהם, דאקטאר, האט באיאנאווסקי געבעטען. ער טהוט מיר לייד, ער איז אונגליקליך. מיר האבען יעצט וויכטיגערעס צו טהאן. ווען פעאדארא פאהרט אוועק, האט זיא געוויס עפּעס אין זינען. מיר ווען איהר שטערען. מיר וועלען פערניכטען איהרע פּלענער. ווילט איהר מיר העלפען, דאקטאר?

— מיט'ן גאנצען הארצען!

— אלזא, האבען מיר נאך פיעלעס צו רעדען. מיר קענען אבער ניט רעדען אין דער געגענוואַרט פון דיעזען קראנקען מענשען.

ער האט אנגענומען דעם שוואכען יערמאלאוו ביי דיא פּלייצעס און האט איהם אריינגעפיהרט צום דאקטאר אין שלאָף־צימער.

— דוא בלייבסט דאָ ביים דאָקטאר אין שטוב אלס געפאנגענער, האט ער איהם געזאגט, עס איז א געפאנגשאפט וואס קען דיר זעהר פיעל נוצען ברענגען. איך מיין, אז דוא וועסט נ"ט אנטלויפען. וועסט דוא עס אבער יא טהאן, דאן וועסט דוא ניט איבערגעהן קיין פינף גאסען, דיא ניהיליסטען וועלען דיך טוידטען.

ער האט פערשלאסען דיא טהיר און איז צוריקגעגאנגען צום דאקטאר.

63טעם קאפּיטעל.

## דיא בעפרייאונג.

אונזערע לעזער וועלען זיך געוויס עראינערן אן דעם קאמענדאנט פון'ם אסטראג אין אירקוטסק, גענעראל מאקאָוו. דאס איז געווען א גוטער, עדעלער מענש, וועלבער האט בעהאנדעלט דיא ארעסטאנטען גאנץ פריינדליך און מענשליך. ער האט געמוזט אויספיהרען דיא בעפעהלע, וואס מען האט איהם געגעבען פון פּעטערבורג, אליין אבער האט ער דיא ארעסטאנטען קיין שלעכטס ניט געטהאָן. ווען מען האט איהם געהייסען אנטהאן עליסאוועטא פאן פאהלען אן אייזערנעם שלייער, האט ער עס געטהאן. עס האט איהם אבער געריסען דאס הערץ דערביי און ער האט געוויינט, וויא א קינד, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון איהר קעמעריל. עס האט איהם אזוי וויט געקרענקט דיעזע אונמענשליכקייט און דיעזע נוצלאָזע גרויזאמקייט, מיט וועלבע מען האט בעהאנדעלט דיא אונגליקליבע יעליסאוועטא, אז ער האט געבעטען דעם שמיעד וואָלקאָוו, ער זאל פאהרען קיין פּעטערבורג בעטען דעם קייסער, ער זאָל הייסען ערלייכטערן איהר לאגע.

מיר האבען געזעהן אין איינעם פון דיא פאָריגע קאפּיטלעך, וויא אזוי וואָלקאָוו איז צוגעקומען צום קייסער. מיר וייסען, מיט וואס וואלקאוו איז אוועקגעפאהרען פון פּעטערבורג. פון יענער צייט אן איז וואָלקאָוו געווארען א היימישער מענש אין אסטראג. ער פלעגט קומען, ווען ער האט געוואָלט, פלעגט ארומגעהן אין אלע קעלערן, אין אלע קאזעמאטען, אין אלע געהיימע גענג און אין אלע מינען. גענעראל מאקאָוו האט בעקומען אזוי פיעל צוטרויען צו איהם, אז ער פלעגט איהם ווייזען אלע פּאפּירען, וועלבע ער פלעגט בעקומען פון פּעטערבורג, אלע געהיימע בעפעהלע, אלע צושריפטען און אלע ליסטען פון דיא ארעסטאנטען, וואס דאַרפען אנקומען. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס וואלקאוו האט אויסגעפונען דעם געהיימען גאנג פון אסטראג צו דער מינע.

זיים וואלקאוו איז צוריקגעקומען פון פעטערבורג, איז ער געווען בעשעפטיגט מיט איין געדאנק צו בעפרייען דיא אונגליקליכע פרוי, וועלכע מען בעהאנדעלט אזוי טי־ ראַניש, אזוי אונמענשליך. פון דער אנטווארט, וואס דער קייסער האט איהם געגעבען, האט ער ארויסגעזעהן, אז יעליסאוועטא איז קיין פערברעכערין, אז עס איז דא עפעס א געהיימניס און ער האט געוואלט וויסען, וואס איז דא פאר א געהיימניס. אזוי וויא דיא וועכטער און דיא אויפזעהר האבען איהם געקענט און גענעראל מאקאוו האט אנ־ געזאגט, אז איהם זאל מען צו יעדער צייט ארייגלאזען און מען זאל איהם לאזען געהן, וואוהין ער וועט וועלען, האט ער זיך ענטשלאסען צו זעהן זיך מיט יעליסאוועטא. צוואר האט ער געוואוסט, אז גענעראל מאקאוו וואלט עס איהם ניט ערלויבט, ווייל דער בעפעהל פון פעטערבורג איז געווען זעהר שטרענג, אז קיינער זאל צו יעליסאוועטא קיין וואָרט ניט רעדען, ער האט זיך אבער אליין גענומען דיא ערלויבניס.

אלס שמיעד איז איהם געווען זעהר לייכט נאכצומאכען שליסלען צו דיא קאַ־ זעמאטען. ער האט געמאכט א נאכשליסעל צו יעליסאוועטא'ס קעמעריל און איז איין מאל שפעט ביי נאכט געקומען צו איהר. יעליסאוועטא האט זיך דערשראקען, ווען זיא האט דערהערט, אז מען עפענט דיא טהיר פון איהר קעמעריל.

— שרעק זיך ניט, אונגליקליכע פרוי, איך בין עס, וואלקאוו, דער שמיעד, וועל־ כער האט דיר אנגעטהאן דעם אייזערנעם שלייער.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אריין צו איהר אין קאַזעמאַט.

— וואס ברענגסט מיר נייעס? האט יעליסאוועטאַ איהם געפרעגט.

— דער ווייל האב איך נאך קיינע וויכטיגע נייעס פאר דיר, איך האף אבער, אז מיט דער צייט וועל איך דאך קומען מיט בעסערע נאכריכטען. דער ווייל בין איך געקומען דיך צו בערוהיגען, דיך צו טרייסטען און דיר צו זאגען, אז דוא זאלסט דיא האפנונג ניט פערליערען.

— איך וואלט שוין אלעס געדולדיג איבערטראגען, האט יעליסאוועטא געזאגט טרויעריג, ווען איך זאל נור וויעסען, אויב מיין קינד, מיין וולאדימיר, לעבט נאך. אך, מיין קינד!

— ער לעבט, דוא וועסט איהם נאך וויעדערזעהן, האט זיא געטרייסט וואלקאוו, אָבוואהל ער האט נאך אליין ניט געוואוסט, פון וואס פאר א קינד זי רעדט.

ווען זיא האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט איהר וואלקאָוו דערצעהלט אלעס; וויא ער איז געווען אין פעטערבורג פון איהרעט וועגען, וויא ער האט געבעטען דעם קייסער און וואס דער קייסער האט איהם געענטפערט.

— האסט דוא פיעללייכט געזעהן דעם גראַספירסט קאָנסטאַנטין? האט יעליסאַ־ וועטא געפרעגט.

— ניין, מיט'ן גראַספירסט האב איך ניט גערעדט.

— דאן בין איך פערלארען, האט געזיפצט יעליסאַוועטאַ. איך בין שוין געוואוינט צו מיינע ליידען, איך וואלט שוין רוהיג געווען, איך זאל נור וויסען, אויב מיין קינד לעבט.

— פערליער ניט דיא האפנונג, אונגליקליכע פרוי, ווען דער קייסער וועט דיך ניט בעפרייען, וועט דער שמיעד וואלקאוו דיך בעפרייען. איך וויים נאך דער ווייל ניט

וויא אזוי איך קען עס טהאן; אָבער איך שווער דיר, אז איך וועל ניט רוהען און ניט ראַסטען, ביז איך וועל דיך בעפרייען. דאס איינציגע וואס איך וויל וויסען, איז, דוא זאלסט מיר דערצעהלען דיין געשיכטע. ווען איך וועל וויסען דיין געשיכטע, ווען איך וועל וויסען, פאר וואס מען בעהאנדעלט דיך אזוי שטרענג, וועל איך וויסען וואס צו טהאן.

יעליסאַוועטא האט אָנפאנגס ניט געוואלט דערצעהלען דיא געשיכטע פון איהרע ליידען. וואלקאָוו האט אָבער אזוי לאנג גערעדט און אזוי לאנג געבעטען, ביז זיא האט איהם אלעס דערצעהלט. ווען עס איז געקומען צו איהר רייזע קיין סיביר, ווען מען האט ביי איהר צוגענומען דאס קינד און מען האט זיא געהאלטען פערשפּאַרט אין א הייסער באַד, איז וואלקאוו געווארען אויפמערקזאם.

— דאס איז נאך מיין איינציגע האפנונג, האט יעליסאַוועטא געזאגט, וואס דער מאַן, וועלכער איז געקומען ביי נאכט צו מיר און האט אויסגעבראכען דיא שויבען פון דער הייסער באַד, וואו מען האט מיך געשטיקט, האט מיר געשווארען, אז ער וועט וואכען איבער מיין קינד און וועט עס אָפּהיטען. איך גלויב איהם און פערטרויע איהם.

— ווער איז ער? וויא הייסט ער? האט וואָלקאָוו געפרעגט נייגיעריג.

— ער הייסט מיכאַאיל באַקונין.

— באַקונין האט דיר צוגעזאגט, אז ער וועט וואכען איבער דיין קינד—דאן קענסט דוא רוהיג זיין. ער וועט זיין ווארט האלטען.

— איך האב איהם געגעבען א גאָלדענעם קרייץ און האב איהם געבעטען, ער זאל דאס איבערגעבען מיין קינד. ער האט עס מיר צוגעזאגט.—אבער פון וואנען קענסט דוא באַקונין? האט איהם יעליסאַוועטא פלוצלונג געפרעגט.

— אך! פון וואנען איך קען איהם? האט וואלקאָוו געזאגט. איך קען איהם שוין גוט. דורך איהם בין איך דא.—ער איז מיין שטיפזוהן, מיין זוהן, מיין געליעבטער טהייערער זוהן. איך קען איהם שוין צו גוט. איך וויים, אז זיין ווארט איז הייליג, אז קוים האט ער דיר עפּעס צו געזאגט, וועט ער עס האלטען, ווען עס זאל איהם זאגאר קאסטען דאס לעבען.

יעליסאַוועטא האט זיך דערפרייט, ווען זיא איז געוואהר געווארען, אז וואלקאוו שטעהט אזוי נאהענט צו באַקונין. זיא האט צו איהם בעקומען פאלעס צוטרויען און א שטראהל פון האפנונג האט בעלייכטעט איהר טרויעריגעס קעמעריל.

פון דיעזען טאג אן פלעגט וואלקאוו זעהר אָפט קומען צו יעליסאַוועטאַ'ן און פלעגט מיט איהר רעדען, פלעגט זיא טרייסטען און פלעגט איהר געבען האפנונג, אז זיא וועט באלד בעפרייט ווערן. ער האט שוין אויסגעפונען א וועג, וויא אזוי זיא צו בעפרייען. ער האט אויסגעפונען א געהיימע טהיר פון'ם קעלער, וואו יעליסאַוועטאַ'ס קעמעריל איז געווען, אין גארטען פון'ם קאמענדאנט. דיא טהיר איז געווען פערשלאסען. דאס האט איהם ניט אָפּגעהאלטען: ער האט נאכגעמאכט א שליעסעל. איהם האבען אָבער אָפּגעהאלטען צוויי וויכטיגע פראגען:

ערשטענס, וואס וועט ער טהאן מיט איהר, ווען ער וועט זיא בעפרייען? אין אירקוטסק קען ער זיא ניט האלטען. דיא פּאָליציי וועט זיא זוכען און וועט זיא לייכט

**אויסגעפינען. שיקען זיא קיין רוסלאנד, א פרוי אליין, איז אויך אונמעגליך. דיא „גאַנצי"** וועלען זיא חאפּען אויפ׳ן וועג. ווען ער זאל זיא בעפרייען, מוז ער זארגען, אז זיא זאל רוהיג און זיכער אנקומען קיין רוסלאנד. דאס איז אבער ניט אזוי לייכט. ער האט זיך געבראָכען דעם קאָפּ אויסצוגעפינען א מיטעל, וויא אזוי זיא איבער צו שיקען קיין רוס־לאנד און דאס מוז געשעהן באלד.

צווייטענס, איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם צו פעראורזאכען דעם גענעראַל מאַקאָוו אונאנגעהמליכקייטען. וואלקאָוו איז געווען צו עהרליך, ער זאל זיך ערלויבען צו בעפרייען אזא ארעסטאנט, וויא יעליסאוועטא, אין דער צייט וואס מאקאָוו איז קאָמענ־דאנט פון׳ם אסטראָג. ווען יעליסאוועטא, אנטלויפט און מען וועט דערפון געוואהר ווערען אין פּעטערבורג, וועט ער האבען דערפאר א הארטע שטראָפע. זיין געוויסען האט איהם ניט געלאזען, ער זאָל זיין דיא אורזאכע, וואס זיין פריינד, גענעראַל מאקאָוו, וועלכער האט צו איהם אזא צוטרויען, אז ער לאזט איהם ארום געהן אין אסטראָג און וויזט איהם אלע געהיימע בעפעהלען פון פּעטערבורג, זאל דורך איהם ליידען.

דאס זיינען געווען דיא צוויי פראגען, וועלכע האבען אפּגעהאלטען וואלקאָוו׳ן, ער זאל יעליסאוועטא׳ן ניט בעפרייען. מיר קענען אויף איהם קיין פעראיבעל ניט האבען, יעדער עהרליכער מענש אויף זיין ארט וואלט אויך אזוי געטהאן.

איין טאָג האט דער קאָמענדאנט מאקאָוו געשיקט רופען דעם שמיעד און האט איהם געוויעזען א בעפעהל פון פּעטערבורג, אז מען האט אויסגעפונען, אז ער איז ניט גענוג שטרענג געגען דיא ארעסטאנטען. מען הייסט איהם דאהער קומען קיין פּעטער־בורג און אויף זיין ארט שיקט מען דעם קאפּיטאַן ניקאָלין.

— עס האבען זיך געפונען גוטע מענשען, וועלכע האבען מיך פערמסר׳ט אין פּעטערבורג, האט מאקאָוו געזאגט טרויעריג. איך בין ניט שטרענג גענוג. זיי ווילען, אז א קאָמענדאנט פון אן אסטראָג זאל אין זיך ניט האבען קיין מענשליכעס הערץ, קיינע מענשליכע געפיהלע. רוסלאנד פּארדערט, אז איהרע טשינאָווניקעס זאלען זיין ווילדע חיות. איך בין צופריעדען, וואס איך פאהר אוועק פון דאנען. איך קען שוין ניט זעהן דיא נויט און דיא ליידען פון דיא אונגליקליכע, וואס מען שיקט מיר צו יעדעס מאל. איך בין שוין מיעד צו דיענען דעם רוסישען קייסער. איך האב מיר צונויפגעלעגט א קליינעם קאפּיטאל, פון וועלכען איך וועל קענען לעבען דעם רעסט פון מיינע יאהרען. עס טהוט מיר זעהר לייד דיא אונגליקליכע ארעסטאנטען, וואס בלייבען דא. קאפּיטאַן ניקאָלין איז בעקאנט אלס א שלעכטער, גרויזאמער, אונבארמהערציגער מענש. ער איז שטרענג גענוג פאר רוסלאנד.

— איך האב נור איין ביטע צו אייך, האט וואלקאָוו געזאגט. ווען איהר וועט איבערגעבען דעם אסטראג דעם קאפּיטאַן ניקאָלין, זאלט איהר מיך רעקאָמאנדירען אלס דעם שמיעד פון׳ם אסטראָג. מעגליך, אז ניקאָלין וועט מיך לאזען זיין שמיעד און איך וועל זיין אימשטאנד עטוואס צו טהאן פאר דיא אונגליקליכע ארעסטאנטען.

— איך וועל עס טהאן מיט פערגניגען, האט מאקאָוו געזאגט, איך ווייס אָבער

ניט, אויב עס וועט העלפען. ניקאָלין גלויבט קיינעם ניט און האט צו קיינעם קיין צו טרויען ניט. מיט איהם איז זעהר שווער אויסצוקומען.

זיי האבען נאך גערעדט איינינע צייט איבער פערשיעדענע זאכען און וואָלקאָוו איז אוועקגעגאנגען א היים.

— יעצט איז דיא צייט, האט ער געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז געקומען א היים, יעצט מוז איך יעליסאוועטאַ'ן בעפרייען. יעצט ווען גענעראל מאַקאָוו פאהרט אוועק און ניקאָלין ווערט קאָמענדאנט, מוז איך איהם אָפּטהאן אזא שטוקע, אז ער זאל זיך האבען צו קראַצען. דעם ערשטען טאָג, וואס ער וועט ווערן קאמענדאנט פון איר־קוטסק, וועט אנטלויפען אזא וויכטיגער ארעסטאנט, וויא יעליסאוועטא פאָן פאהלען. מעגליך, אז עס וועט מיר שפּעטער געלינגען צו בעפרייען קראַשעווסקי'ן אויך. דא וועט ניקאָלין האבען א שווארצען סוף. זיי וועלען שוין זעהן, דיא שטרענגע הערען אין פעט־טערבורג, אז ביים גוטען, עהרליכען מאַקאָוו איז קיינער ניט אנטלאָפען און ביים שטרענ־גען, ווילדען ניקאָלין אנטלויפען דיא ארעסטאנטען איינער נאכ'ן אנדערן.

יעצט האט ער אנגעהויבען צו זוכען א מיטעל, וויא אזוי יעליסאוועטא זאל אנקומען זיכער און רוהיג קיין רוסלאנד. דא האט איהם א צופאל אויסגעהאלפען. מיט איינינע צייט צוריק האט מען איהם גערופען א א דאָרף ניט וויים פון אירקוטסק מאכען איינינע שמיעד ארבייט. ער האט אָנפאנגס ניט געוואלט פאהרען אזוי ווייט, מען האט איהם אָבער געגעבען אזא גוטען פרייז, אז ער האט זיך ענטשלאָסען צו פאהרען אהין. ער איז געפאהרען אליין אין קיביטקא, (א וועגעלע אויף צוויי רעדליך). אויפ'ן וועג איז ער געקומען צו א בארג און איז אראָפּגעגאנגען פון דער קיביטקא. פּלוצלונג האט ער דערהערט א קרעכץ. ער האָט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן, וויא אין א טיעפען גראבען ליעגט א מענש מיט א פערד. ער איז באלד צוגעגאנגען צו דעם ארט, האט זיך לאנגזאם אראָפּגעלאזען און האט געפונען, אז א קירגיז איז מיט'ן פערד אריינגעפאלען אין גראָבען. דאס פערד האט זיך צו בראָכען דיא פיס, דער קיר־גיז איז געווען פערוואונדעט און האט זיך ניט געקענט ריהרען. ער האט אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטע און האט ארויסגעשלעפּט דעם אונגליקליכען פון אונטערן פערד, האט איהם ארויפגעלעגט אויף זיין קיביטקא און האט איהם געבראכט קיין אירקוטסק צו זיך א היים. ער האט באלד גערופען א דאָקטאָר, וועלכער האט אונטערגעזוכט דיא וואונדען און געפונען, אז זיי זיינען ניט געפעהרליך, עס וועט אָבער אוועקגעהן א געווי־סע צייט, ביז דער קראנקער וועט זיין פאלקאָמען געזונד. וואלקאוו איז ארומגעגאנגען ארום זיין קראנקען, וויא א מוטער ארום א קינד און אין זעקס וואכען ארום איז דער קירגיז געווארען פאלקאָמען געזונד.

דער קירגיז האט גערעדט אביסעל רוסיש און האט דערצעהלט וואלקאוו'ן ווער ער איז און וויא אזוי ער איז געקומען צו זיינע וואונדען. ער איז דער סטאראָסטא פון א האָרדע קירגיזען, וועלכע געהן ארום מיט זייערע שאף און קעמליך פון איין אָרט צום אנדערן, זיי פיהרען א נאָמאדען לעבען. ער איז געפאָהרען קיין אירקוטסק עפּעס איינ־קויפען. עס איז געווען ביי נאכט און פינסטער. פּלוצלונג איז ארויסגעשפרונגען פון

הינטער א בוים א וואָלף. זיין פערד האט זיך דערשראקען, האט אנגעהויבען שטארק צו לויפען און איז אריינגעפאלען אין גראבען.

פאר׳ן אוועקפאהרען צוריק א היים, צו זיין הארדע, האט איהם דער קירגיז אָנ־גענומען ביי דער האנד און האט איהם געפרעגט, מיט וואס קען ער איהם אָפּדאנקען?

— יעצט ברויך איך גאר ניט, האט וואלקאוו געענטפערט, זאג מיר נור, וואו קען איך דיך געפינען, ווען איך וועל דיך דארפען. מעגליך, אז דוא וועסט מיר קענען אפדיענען, ווען דיא צייט וועט קומען.

דער קירגיז האט געטראכט א ווייל, דאן האט ער געזאגט:

— לעבען דעם אָרט, וואו דוא האסט מיך געפונען פערוואונדעט, שטעהן דריי בוימער. ווען דוא וועסט מיך דארפען שטארק נייטיג, זאלסט דוא אריינשלאגען א נאגעל אין דעם אונטערשטען צווייג פון יעדען בוים; וועסט דוא מיך אבער דארפען ניט שטארק נייטיג, זאלסט דוא אריינשלאגען א נאגעל אין דעם אונטערסטען צווייג פון דיא צוויי בוימער. ווען איך וועל געפינען דיא דריי נעגעל, וועל איך זיין ביי דיר אין אַכט טאג; ווען איך וועל געפינען נור צוויי נעגעל, וועל איך זיין ביי דיר אין צוויי וואָכען.

— אבער פון וואנען וועסט דוא וויסען, אז איך האב אריינגעשלאגען נעגעל אין דיא ביימער? האט וואלקאוו געפרעגט.

— דאס איז שוין מיין זאך, האט דער קירגיז געענטפערט. איהר געבילדעטע מענשען האט אויסגעטראכט טעלעגראפען מיט דראָטהען, מיר האלב־ווילדע האבען אויך אונזערע טעלעגראפען און אונזערע פאָסטען. מיין טעלעגראף וועט מיר שוין זאגען, ווען דוא וועסט מיך דארפען.

ער האט איהם געטרייסעלט דיא האנד און איז אוועקגעפאהרען. זייט יענער צייט האט וואלקאוו זעהר אָפט גערעדט, אז דער קירגיז וועט איהם קענען בעהילפליך זיין יעליסאוועטא צו בעפרייען. ווען מאקאָוו האט איהם געמעלדעט, אז ניקאָלין קומט אין א מאנאט ארום איבערנעהמען דעם אסטראג, איז ער דעם אנדערן טאג ארויס־געפאהרען צו דעם גראבען, וואו ער האט געפונען דעם פערוואונדעטען קירגיז און האט אריינגעשלאגען דריי נעגעל אין דיא ביימער.

— דא וועלען מיר זעהן, וויא א האלב־ווילדער קירגיז האלט זיין וואָרט, האט ער געזאגט צו זיך אליין און איז געפאהרען א היים.

פונקט אין אכט טאג ארום איז דער קירגיז געקומען צו רייטען צו זיין שטוב. וואלקאוו האט זיך דערפרייט און האט איהם אריינגערופען צו זיך אין שטוב.

— הער נור, פריינד, איך האב דיר צו פערטרויען א געהיימניס. דוא קענסט מיר יעצט אפדאנקען, דערפאר וואס איך האב פאר דיר געטהאן.

ער האט איהם דערצעהלט, אז ער וויל בעפרייען א פרוי פון׳ם אסטראג און וויל, אז זיא זאל אנקומען זיכער און רוהיג קיין רוסלאנד. ער האט אבער מורא, מען זאל זיא ניט דערקענען אויפ׳ן וועג.

— זיי זיכער, מען וועט זיא ניט דערקענען. אונזערע פרויען געהן פערהאנגען דאס געזיכט. וועה דעם פרעמדען, וועלכער וועט זיך אונטערשטעלען אויפצוהויבען דעם

שלייער פון דער פרוי פון א קירגיז! איך וועל זיא מיטנעהמען צו מיר אין דער הארדע און וועל איהר פערהענגען דאס געזיכט, וויא אונזערע פרויען געהן. דאן קענסט דוא רוהיג זיין, אז מען וועט זיא ניט דערקענען און איך וועל זיא זיכער און רוהיג ברענגען קיין רוסלאנד.

וואָלקאָוו'ן איז דער פּלאן זעהר געפעלען. דאס איז דער זיכערסטער וועג פאר א פרוי דורכצופאהרען סיביר. ער האט געהייסען דעם קירגיז פאהרען א היים און אלעס פארבערייטען. ער זאל זיין צוריק אין צעהן טעג ארום. ער האט אויסגערעכענט פּונקט דעם טאג, ווען מאקאָוו וועט איבערגעבען דעם אסטראג דעם קאפּיטאן ניקאלין.

זיי האבען אלעס אָפּגערעדט און דער קירגיז איז אוועקגעפאהרען א היים. וואָל־קאָוו איז אונטערדעסען געווען נאך א מאל ביי יעליסאוועטא'ן און האט איהר געזאגט, אז דער טאג פון איהר בעפרייאונג איז נאָהענט.

ענדליך איז אויך דער טאג דער בעפרייאונג געקומען. ניקאָלין איז געקומען צו פאהרען קיין אירקוטסק און איז גלייך פארפאָהרען אין אסטראג. ער איז נאך אימער געווען קראנק. דיא דאקטוירים אין פּעטערבורג אבער האבען איהם אזוי ווייט אויסגע־היילט, אז ער איז ארומגעגאנגען און האט געקענט טהאן לייכטע ארבייטען, וויא שרייבען און דערגלייכען. ער האָט זיך געוואָלט אין גאנצען אפּזאגען פון'ם דיענסט און אוועקפאהרען ערגעץ אין א דאָרף לעבען רוהיג, אין דיעזע צייט אבער איז אנגעלאפען אין דער דריטער אבטהיילונג (טרעטיע אָטדעלעניע) פון'ם קייסערס קאנצעלאריע א דאָנאָס, אויף גענעראל מאקאָוו. אין דאָנאָס איז געשטאנען, אז מאקאָוו בעהאנדעלט דיא אַרעסטאַנטען זעהר מילד. ער ערלויבט זיי פיעלע פרייהייטען, ער בעשטראפט זיי קיין מאָל ניט. דער שרייבער פון'ם דאָנאָס האָט זיך ניט געפּוילט צו זאגען, אז מאקאָוו נעהמט געוויס געלד ביי דיא אַרעסטאנטען. מען האט געשיקט רופען ניקאָלין און מען האט איהם געבעטען, ער זאל איבערנעהמען דעם אירקוטסקער אסטראג און זאָל דאָרט איינפיהרען א בעסערע אָרדנונג און א שטרענגע דיסציפּלינא. מען האט איהם געגעבען צוויי מאל א גרעסערן געהאלט, וויא דעם גענעראל מאקאָוו און א גרויסע סומע געלד אויף הוצאות קיין סיביר. ניקאָלין האט איינגעוויליגט און איז געפאהרען קיין אירקוטסק. אין דעמזעלבען טאג, וואס ער איז אנגעקומען, האט ער איבערגענומען דעם אסטראג.

מאקאָוו האט געגומען דיא ליסטע פון דיא אַרעסטאנטען און האט ארומגע־פיהרט דעם נייען קאמענדאנט אין אלע קעמערליך. ער האט איהם געוויעזען, אז אלע ארעסטאנטען זיינען דא אויף זייערע ערטער. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם קעמע־ריל, וואו יעליסאוועטא איז געזעסען, האט ער איהם געוויעזען, אז איהר נאמען איז בעצייכענט מיט צוויי קרייצען און האט איהם געוויעזען א געהיימע שריפט פון'ם קייסער אליין, וויא אזוי זיא צו בעהאנדלען. ניקאָלין האט געוואוסט ווער זיא איז. ער האט זעהר גוט געדענקט, וואס זיא האט איהם געטהאן. ער האט זיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג און האט געזאגט:

— דיעזען ארעסטאנט מוז איך זעה'ן, ווייל עס איז דא איבער איהר א בעזאָנ־דערער בעפעהל פון'ם קייסער אליין.

ער האט געעפענט דיא טהיר פון איהר קעמעריל און האט זיא דערזעהן מיט ן

אייזערנעם שלייער אויפ'ן קאָפּ. ער האט א ציטער געטהאָן. אין זיין קאָפּ זיינען דורכ־געפלויגען שווארצע געדאנקען, וויא אזוי זיא צו מארטערן. יעליסאוועטא האט איהם אויך דערקענט. זיא האט אבער געוואוסט, אז זיא וועט באלד בעפרייט ווערן. ניקאָלין האט ניט געוואָלט רעדען צו איהר אין מאקאָוו'ס געגענווארט. ער האט געטראכט: איך וועל נאך האבען גענוג צייט זיך מיט איהר אָפּצורעכענען.

מאקאָוו האט איהם אויסגעפיהרט דעם גאנצען אָסטראָג און האט איהם גע־וויזען, אז אלעס איז אין אָרדנונג, אלע ארעסטאנטען זיינען דאָ אויף זייערע פּלעצער. ניקאָלין האט אונטערגעשריבען דעם ראפּאָרט, אז ער האט איבערגענומען פון גענעראל מאקאָוו אלע ארעסטאנטען אין דעם גאנצען אסטראג אין גוטער אָרדנונג. יעצט האט איהם גענעראל מאקאָוו רעקאמאנדירט וואלקאָוו'ן דעם שמיעד, וועלכער ווייס שוין פון אלע סודות פון'ם אָסטראג. עס איז גלייכער, ער זאל בלייבען דער שמיעד פון'ם אסטראג, וויא אן אנדערער, אויף וועלכען מען ווייס נאך ניט, אויב מען קען זיך פער־לאָזען. ניקאָלין האט בעטראכט דעם שמיעד און האט ניט געפונען אין איהם עטוואס פערדעכטיגעס.

— דערווייל זאל ער בלייבען שמיעד אין אסטראג, שפּעטער וועלען מיר זעהן, האט ער געזאגט.

וויא שלעכט און וויא ווילד ער איז געוועז, האט ער דאך ניט געקענט זיין אזוי גראָב און אפּזאגען דעם גענעראל מאקאָוו אין דיא אויגען אזא קלײנע ביטע. ענדליך זיינען זיי זיך צוגאנגען. ניקאלין איז געגאנגען אין זיין קווארטיר. גענעראל מאקאָוו האט געהייסען צונויפפּאקען זיינע זאכען און האלטען זיי בערייט אין וועג אריין. ער האט ניט געוואלט בלייבען מעהר אין אסטראג ניט איין מינוט. ער האט זיך גענומען א וואָינונג אין שטאדט. וואלקאוו איז געגאנגען צו זיך א היים. ער האט געוואוסט, וואס פאר א ווילדער מענש ניקאָלין איז. עס האט איהם געריסען דאס הערץ ביים געדאנקען, וויא שרעקליך דיא ארעסטאַנטען וועלען יעצט געפּלאגט און געמארטערט ווערן.

— יעצט איז געקומען מיין צייט, האט ער זיך געטראכט. ניקאָלין איז נאך ניי היע. ער ווייס נאך ניט אלע געהיימע גענג און פון'ם אסטראג. יעצט מוז איך טהעטיג זיין און בעפרייען, וויאפיעל ארעסטאַנטען איך וועל נור קענען. הייטע אָבענד מוז יעלי־סאוועטא פריי זיין.

ער איז געקומען א היים און האט זיך געוואלט נעהמען צו זיין ארבייט, ער האט אבער קיין זאך ניט געקענט טהאן. ער האט קוים דערלעבט דיא נאכט ווען עס איז פינסטער געווארען איז ער געגאנגען אין אסטראָג. מען האט איהם באלד אריינגעלא־זען. אלע האבען איהם געקענט און האבען געדענקט דעם בעפעהל פון גענעראל מאקאָוו, אז מען זאל איהם צו יעדער צייט אריינלאזען. ניקאָלין האט נאך דערווייל, אין דעם ערשטען טאג פון זיין רעגיערונג, קיין זאך ניט געענדערט און אלעס האט זיך נאך גע־פיהרט, וויא ביי מאקאָוו.

וואלקאָוו איז ניט געגאנגען אין דער קאנצעליאריע, וויא ער פלעגט שטענדיג טהאן, זאנדערן איז גלייך געגאנגען אין דיא קעלערס פון'ם אסטראָג. אויפ'ן וועג האט

איהם בענענענט א נאדזיראטעל און האט איהם געפרעגט, פאר וואס ער געהט אין דיא קעלערס?

— מיר האבען דאך א נייעם קאמענדאנט, האט וואלקאוו געענטפערט, מוז איך זעהן, אז אלע שלעסער זאלען זיין גוט בעווארענט. איהר ווייסט דאך, אז איך בין פער־אנטווארטליך, ווען מען געפינט, אז א שלאס איז שוואך, אדער פעררא̇סטעט.

דער נאדזיראטעל איז זיך אוועקגעגאנגען. וואלקאוו איז אריין אין דיא קעלער און האט ווירקליך איבערגעקוקט יעדען שלאס. קיינער האט זיך אויף איהם ניט אומ־געקוקט. ער איז דאך א היימישער מענש, א דיענער פון׳ם אסטראג. ניקאלין איז געווען מיעד פון דער רייזע און האט זיך געלעגט פריה שלאפען. אום 10 אוהר איז אלעס אין אסטרא̇ג געווען שטיל. דיא וואכען זיינען ארומגעגאנגען אין הויף און פון דרויסען און האבען א̇פגעהיט, אז קיינער זאל ניט אנטלויפען. ענדליך האט דיא אוהר געשלאגען עלף.

— יעצט איז דיא צייט, האט וואלקאוו געזאגט און איז צוגעגאנגען צו יעליסא־וועטא׳ס קעמעריל.

שטילערהייט האט ער געעפענט דיא טהיר מיט זיין נאכשליעסעל. שטילערהייט איז ער אריין צו איהר אין קעמעריל.

— דיא שטונדע דער בעפרייאונג איז געקומען, יעליסאוועטא פא̇ן פאהלען, האט ער איהר געזאגט גאנץ שטיל.

— איך וויים עס, האט יעליסאוועטא געענטפערט. איך האב היינט געזעהן מיין טוידט פיינד, דעם קאפיטאן ניקאלין און איך האב געוואוסט, אז ענטוועדער דוא וועסט מיך בעפרייען, אדער דער טוידט וועט מיך בעפרייען. קאפיטאן ניקאלין וואלט מיך געוויס ניט געלאזען לאנג לעבען דא.

שטילער הייט האט ער ארויסגענומען א פייל און שרויבענציעהער און האט א̇פ־געשרויפט דיא שרויפען פון׳ם אייזערנעם שלייער. יעליסאוועטא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט ארויסגעלאזט א פריידענגעשריי, ווען דער שמיעד האט אראפ־גענומען פון איהר געזיכט דיא פערפלוכטע מאסקע און זיא האט געפיהלט וויא דיא פרישע לופט בעריהרט איהר געזיכט.

— נור שטיל! האט וואלקאוו געבעטען. דוא וועסט נאך האבען צייט צו דער־קוויקען זיך מיט דער פרישער לופט. יעצט קום, מיר טארען קיין צייט ניט פערליערען. מארגען פריה מוזט דוא זיין ווייט פון אירקוטסק. געה ארויס פון׳ם קעמעריל, איך מוז צו מאכען דיא טהיר און זיא פערשליעסען מיט דיעזעלבע שלעסער.

יעליסאוועטא איז ארויסגעגאנגען פון איהר קעמעריל אין פינסטערן קארידאר. וואלקאוו האט צוגעמאכט איהר קעמעריל און האט איהם ווידער פערשלאסען, דאן האט ער זיא גענומען ביי דער האנד און האט זיא געפיהרט אויפ׳ן געהיימען וועג, וועל־כער האט געפיהרט צום קאמענדענטס גארטען, ווייט פון׳ם אסטראג. דער וועג איז געווען א ווייטער, וואלקאוו האט ניט מיט גענומען קיין ליכט. עס איז געווען פינסטער, וויא אין א קבר. יעליסאוועטא׳ס הערץ האט געקלאפט אזוי הויך, אז וואלקאוו האט זיא געבעטען זיא זאל זיך בערוהיגען. ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו א שווערע אייזערנע

טהיר. וואלקאוו האט זיא געעפענט און זיי זיינען ארויס אין גארטען. דיא טהיר איז געוועזען פערוואקסען מיט דערנער און ביימליך, ווייל מען האט זיא קיין מאל ניט בענוצט און יעליסאוועטא איז מיט שווערער מיה ארויסגעקראכען פון דיא ביימליך. דערביי האט זיא זיך צו ריסען דיא הענד און דיא קליידער.

לאנגזאם, שטיל זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון גארטען. דיא וואך האט זיי ניט געקענט זעהן, ווייל דיא טהיר פון'ם קעלער איז געווען פיעל ווייטער פון דעם אָרט, וואו דיא וואך פלעגט שטעהן. ווען זיי זיינען ארויס פון'ם גארטען, האבען זיי אנגעהויבען צו געהן האסטיגער. יעליסאוועטא האט געשלונגען דיא לופט, וויא א פיש שלינגט דאס וואסער. זיא איז געוועזען בערוישט, בעטרונקען, שיכור פון דער פרישער, געזונדער נאכט לופט. זיא איז געלאפען, זיא איז געשפּרונגען, וויא א וואהנזיניגע. וואלקאָוו האט זיא קוים איינגעהאַלטען. באלד זיינען זיי געווען הינטער דער שטאדט.

— אך, לאז מיך, וואלקאוו, האט יעליסאוועטא אויסגעשריען, געניעסען דיא טהייערע, ליעבע פרייהייט! לאז מיך פאַרגעסען מיינע ליידען, מיינע שמערצען! לאָז מיך בענוצען מיינע הענדע, מיינע פיס, מיינע גליעדער!

— ווארט נאך איינינע מינוט, האט וואַלקאָוו געבעטען. באלד ועסט דוא זיין פריי.

ער האט אנגעהויבען צו קראַרקען וויא א ראָב (וואָראָנא), פון דער ווייטען האט אן אנדער ראָב געענטפערט.

— ער וואַרט אויף אונז, האט וואַלקאָוו אויסגערופען מיט פרייד.

ער איז יעצט מעהר ניט געגאנגען — ער איז געלאפען און האט מיטגעשלעפּט יעליסאוועטא'ן צו דעם אָרט, וואו דער קירגיז איז געשטאנען מיט זיין פערד. ווען ער איז צוגעקומען צו איהם, האט ער איהם דערלאַנגטביידע הענד און האט איהם געזאגט:

— יעצט איז געקומען דיא צייט, ווען דוא קענסט מיר אָפּדאנקען דערפאר וואס איך האב דיר גערעטעט דאס לעבען. רעטע דיעזע פרוי, פיהר זיא אוועק צו זיך א היים און פון דאָרט שאַף זיא קיין רוסלאנד. איך פערלאָז מיך אויף דיר, איך פערטרויע דיר. איך וויים, אז דוא וועסט האַלטען דיין וואָרט.

— מיין וואָרט איז הייליג, איך שווער דיר, אז איך וועל דיעזע פרוי צושטעלען אין א שטאדט אין רוסלאנד, קיין ניזשני־נאָווגאָראָד אדער קיין אסטראכאן. איך וועל זיא פערטהיידיגען מיט מיין לעבען.

— ווילסט דוא פאהרען מיט מיר? האט דער קירגיז געפרעגט יעליסאוועטא'ן. האסט דוא צוטרויען צו מיר?

— איך פערטרויע דיר, האָט יעליסאוועטא געענטפערט.

— נון, שנעל! האָט וואַלקאָוו קאָמאַנדירט. איהר טאָרט קיין צייט ניט פער־ליערען. ביז איז דער פריה מוזט איהר זיין וויים, ווייט פון אירקוטסק.

דער קירגיז האט זיך געזעצט אויף זיין פערד, און וואַלקאָוו האט ארויפגעזעצט יעליסאוועטא לעבען קירגיז אויפ'ן זאטעל, האָט זיא ארומגעוויקעלט מיט א דעק, וועלכע דער קירגיז האָט מיטגעבראכט און האט געזאגט.

— יעצט זיי געזונד, יעליסאוועטא פאַן פאהלען! גאָט זאָל דיר העלפען, דוא זאָלסט באלד געפינען דיין קינד! ווען דוא ווערסט אמאָל בעגעגנען מיין זוהן מיכאאיל באקונין, גריס איהם און זאג איהם, אז ביז ער וועט בעפרייען גאַנץ רוסלאַנד, בעפריי איך דערוויל וועמען איך קען נור פון דיא קייטען און געפענגנים.

אין איינינע מינוטען ארום איז דער קירגיז מיט יעליסאוועטאַ'ן פערשוואונדען געוואָרען אין דער דונקלער נאַכט. וואָלקאָוו איז געגאנגען א היים גליקליך און צופריעדען. ער האט בעפרייט אן אונגליקליכע און האט דעם ווילדען ניקאָלין אָפּגע־טהאן א שטיקעל, אז ער וועט איהם האבען צו געדענקען.

— יעצט איז דיא רייהע אן גענעראל קראשעווסקי, האט ער געזאגט צו זיך אליין. יעצט מוז איך זוכען א מיטעל, וויא אזוי איהם ארויסצונעהמען פון זיין קערקער.

## 64טעס קאפיטעל.

## פאַלשע הונדערטער.

אין אַלטעם דייטשעם שפּריכוואָרט זאגט: „דער קרוג געהט זאָ־לאַנגע צו וואסער, ביז ער בריכט“. אויף אידעיש הייסט עס איינפאכער: סוף גנב לתליה. יעדע פאלשקייט, יעדער בעטרוג מוז זיך צום סוף ארויסווייזען און ארויפקומען, וויא בוימעל אויפ'ן וואסער.

אנדריי יאגאָדקין, דער קאָמעדיאנדט, האט געשיט מיט פאַלשע הונדערט רובעל שטיקע, וואו ער האט נור געקענט. ער איז געווען זעהר קלוג און זעהר דורכגעטריעבען און האט געוואוסט זיי אויסצוגעבען אויף אזא ארט, אז מען האט איהם אויף קיין פאַל ניט געקענט חאפּען. ער פלעגט ארומפאהרען אויף ירידים און פלעגט אנקויפען ביי אונבעקאנטע סוחרים גרויסע פּארטיען סחורות, וועלכע ער פלעגט דערנאך פערקויפען אין פעטערבורג, וואו ער פלעגט ערקלערן, אז ער האט אפּגענומען דיא סחורות פאר חובות. ער פלעגט ארומפאהרען אין דיא אייזענבאהנען און פלעגט צאהלען אין דיא רעסטאָראנען מיט פאַלשע הונדערטער. ער פלעגט יעדען טאג אויסטראכטען נייע פּלענער, וויא אזוי אויסצוגעבען פאלשע הונדערטער.

עס האבען אנגעהויבען ארומצוגעהן אין פעטערבורג אזוי פיעל פאלשע הונדערטער, אז עס איז געווען אונמעגליך אויסצוגעפינען, ווער עס האט דיא גוטע און ווער עס האט דיא פאַלשע. דיא בעאַמטען פון דער קייזערליכען באַנק (גאָסודארסטוועני באנק) זיינען געווען אין פערצווייפלונג, זיי האבען ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן. עס פלעגען אנקומען פאלשע הונדערטער פון מיניסטארען, פירסטען און דיא גרעסטע מענער אין פעטערבורג. זאגאר פון דער קאזנאטשייסטוואָ האט מען אנגעהויבען צו שיקען פאלשע הונדערטער. ניט צו נעהמען דיא פאלשע הונדערטער פון א מיניסטער, אדער פון דער קאזנאטשיי־סטוואָ, האבען זיי ניט געקענט; יא צונעהמען, איז זיי געווען זעהר שלעכט. ענדליך, האט דער אופּראווליאיושטשי פון דער גאָסודארסטוועני באנק, לאמאנסקי, זיך געווענדעט צום פינאנס־מיניסטער און האט איהם דערצעהלט, אין וואס פאר א קריטישע לאגע דיא באַנק געפינט זיך. דער פינאנס־מיניסטער האט געפונען פאר נייטיג צו בערופען א זיצונג פון אלע מיניסטאָרען, מען זאָל זיך בעראטהען, וואס צו טהאָן. ער האט גאנץ

גוט געוואוסט, אז ווען עס וועט געהן אזוי ווייטער, וועט דיא גאָסודאַרסטוועני באַנק מוזען באַנקראָטירען.

אויף א געהיימער זיצונג פון אלע מיניסטארען האט מען בעשלאָסען, ארויסצר שיקען א גאנצע אַרמעע שפּיאָנען און יעדען איבערצוגעבען דיא געהיימע צייכען, דורך וועלכע מען דערקענט א גוטען הונדערטער פון א פאַלשען. דיעזע שפּיאָנען זאלען אריינטרעטען אלס סיילס־לייט (פּריקאַזטשיקעס) אין מאגאזינען, אלס קאַסירער אין דיא באַנק־הייזער, אלס טיקעט־פערקויפער אויף דיא אייזענבאַהנען און אלס פאַבריר קאַנטען, וועלכע האבען גרויסע פּאַרטיעען סחורות צו פערקויפען און זיי זאלען נאכקוקען, וואָר עס גיט אוים מעהר פאַלשע הונדערטער.

דער בעשלוס איז באלד אויסגעפיהרט געוואָרען און טויזענדע אויגען האבען געקוקט אויף יעדען, ווער עס האט ארויסגענומען א הונדערטער פון קעשענע. עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט און מען האט גאר ניט אויסגעפונען.

איינמאל איז איינער פון דיא אַגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי געקומען צו לויפען צו אשינאוו און האט איהם געזאגט מיט א פרעהליכער שטימע:

— מיר דאַכט, אז איך האב ענדליך אויסגעפונען פון וואַנען דיא פאַלשע הונ־דערטער שטאַמען.

— דוא ווייסט דאך געוויס, אז מיר האבען שוין עטליכע מאל זיך געפרייט, אז מיר האבען שוין אויסגעפונען, ווער עס מאכט דאס פאַלשע געלד און מיר האבען יעדעס מאל א טעות געהאַט. ביסט דוא זיכער, אז דאס מאָל האסט דוא שוין געטראָפען דעם ריכטיגען?

— זיכער בין איך ניט, האט דער שפּיאָן געענטפערט, אבער מיר מוזען עס נאכשפּירען. דער פאַל איז א גאַנץ בעזאָנדערער. איך בין יעצט קאַסירער פון א קליינע באַנק ניט ווייט פון נעווסקי פּראָספּעקט. איהר ווייסט דאך אודאי, ווער עס האט מיר פערשאפט דיעזע שטעלע. א קויפמאַן מיט׳ן נאמען פּאָפּאָוו פיהרט מיט דיעזער באַנק געשעפטע. ער קומט כמעט טעגליך, גיט געלד און נעהמט אנווייזונגען אויף פערשיעדענע שטעדט. ער ברענגט פערשיעדענע סאָרטען געלד, אויף וועלכע איך האב מיך ניט אומגעקוקט. מיט אכט טאג צוריק האט ער געבראַכט געלד אין באַנק, דארונטער זיינען געוועזן צוויי הונדערטער,ביידע פאַלשע. איך האב מיר געמאַכט ניט וויסענדיג און האב זיי צוגענומען. מיט א טאג שפּעטער האט ער ווייטער געבראַכט געלד, דארונטער איז געוועזן א הונדערטער, ווידער א פאַלשער. איך האב צוגענומען דעם הונדערטער און האב איהם געזאגט, אז היינטיגע צייטען מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין. מען מוז פערשרייבען, ביי וועמען מען נעהמט הונדערטער, וויל עס געפינען זיך זעהר פיעל פאַלשע און מען קען א מאל אריינפאַלען. ער האט מיר געענטפערט, אז ער איז זעהר פּאָרזיכטיג און וויים, ביי וועמען ער נעהמט דיא הונדערטער. מיט א פּאָר־טאָג שפּעטער האט ער ווידער געבראַכט געלד, דארונטער איז ווידער געוועזן א פאַלשע הונדערטער. דאָ האב איך מיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען. איך האב איהם אויס־געזאגט, אז אלע הונדערטער, וואס ער האט געבראַכט אין דער באַנק, זיינען געוועזן פאַלשע און האב איהם אויפגעפאָדערט, ער זאל מיר זאגען, ווער עס האט זיי איהם געגעבען.

פּאָפּאָוו איז געווען איבערראַשט. ער האט ניט געוואלט גלויבען, אז דיא הונדערטער זיינען געווען פאַלשע. ער האט מיר דערצעהלט, אז אין דער לעצטער צייט האט ער בעקומען א גוטען קונדען (קונה). ביי איהם אין מאגאזין האט אנגעהויבען צו קויפען סחורה א מאָדע־העגדלערין מיט'ן נאמען מאריא פּעטראַוונא. זיא האט א מאגאזין ניט ווייט פון נעוואסקי פּראָספּעקט און גיט איהם זעהר שוין צו לייזען. זיא ווייזט אבער אויס צו זיין אזא גוטע און אזא עהרליכע, אז ער קען זיך גאר ניט פאָר־שטעלען, אז זיא זאל מאכען פאלש־געלד.

— ניין, דאס קען ניט זיין! האט ער אויסגערופען. איך קען ניט גלויבען, אז דיא הויקעריגע מאָדע־העגדלערין, מאריא פעטראַוונא, זאל מאכען פאלש־געלד. זיא ווייס דערפון ניט, איך קען גאראנטירען פאר איהר.

— האבען אייך אייערע אנדערע קונדען געצאהלט מיט הונדערטער? האב איך איהם געפרעגט.

— ניין, נור מאריא פעטראַוונא האט מיר אין דיעזע וואָך געצאהלט מיט הונ־דערטער.

איך האב איהם געזאגט, ער זאל דערפון קיינעם ניט זאגען, ער זאל ווייטער נעה־מען ביי איהר דיא הונדערטער. ער זאל איהר אבער מאכען דיא בעמערקונג, אז מען מוז היינט זיין זעהר פארזיכטיג מיט הונדערטער און מען מוז פערשרייבען דעם נאמען פון דעם, וואס גיט א הונדערטער. דערביי זאל ער איהר א פרעג טהאן, ווער עס צאהלט איהר אזוי אָפט מיט הונדערט רובעל שיינע.

ער האט אזוי געטהאן. זיא איז נעבטען ביי איהם געווען, האט ביי איהם איינ־געקויפט סחורה און האט איהם ווייטער געגעבען א הונדערטער. ער האט איהר געזאגט, אז עס געהן ארום אין שטאדט פאלשע הונדערטער, מען מוז זעהר פאָרזיכטיג זיין.

— אה, איך האב קיין מורא ניט, האט מאריא פעטראַוונא געענטפערט. איך בעקום דיא הונדערטער פון א זעהר רייכע דאמע, מאדאם יאגאָדקין, דיא מיליאָנערין. איהרע הונדערטער זיינען געווים גוטע.

פּאָפּאָוו איז געקומען צו מיר און האט עס מיר דערצעהלט, דערביי האט ער מיר געוויעזען דעם הונדערטער. ער איז א פאלשער. אָט איז ער.

— דאס איז אינטערעסאנט, האט אשינאָוו געזאגט. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר האבען דאך אויסגעפונען, פון וואנען דיא פאלשע הונדערטער שטאמען זיך, וויא א האָגעל אויף אונזער קאָפּ. אויף אנדריי יאגאָדקין איז אלעס צו גלויבען. קיינער ווייס ניט, פון וואנען זיין רייכקייט נעהמט זיך, אָבער דערצעהל ווייטער.

— איך בין באלד געגאנגען צו דער מאָדע הענדלערין, מאריא פעטראָוונא. זיא ווייזט ווירקליך אויס צו זיין אונשולדיג. ווען איך האב איהר געזאגט, אז איך בין אן אגענט פון דער געהיים פּאָליציי, איז זיא געווארען בלייך, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. איך האב זיא אנגעהויבען אויסצופרעגען, וויאפיעל זיא לעזט א טאָג? מיט וואס פאר א געלד מען צאהלט איהר? ווער עס האט איהר אין דער לעצטער צייט געגעבען הונדערטער? זיא האט מיר אפענהערציג דערצעהלט, אז מען צאהלט איהר

זעהר זעלטען מיט הונדערטער. נור אי דער לעצטער צייט האט זיא בעקומען זעהר א גוטען קונדען, מאדאם יאגאָדקין. זיא קויפט ביי איהר דיא בעסטע און טהייערסטע היטע און צאהלט נור מיט הונדערטער. עס איז איהר אמאל ניט גאנץ אנגענעהם, וואס זיא האט ניט קיין קליין געלד צו געבען רעסט און זיא מוז לויפען צו איהר בעקאנטען קויפמאן פּאָפּאָוו, ער זאל איהר צו בייטען. מאדאם יאגאָדקין שיינט צו זיין א גרויסע פערשווענדערין. זיא טראגט א הוט נור א טאָג אדער צוויי אוןווארפט איהם אוועק עס איז אויך קיין וואונדער — זיא איז א מיליאָנערין. איך האב זיא געפרעגט, וויאפיעל מאל איז מאדאם יאגאָדקין געווען אין איהר מאגאזין אין דיא לעצטע צעהן טאג? זיא האט ארויסגענומען איהר בוך און האט מיר געוויעזען, אז אין דיא לעצטע צעהן טאג איז מאדאם יאגאָדקין געווען ביי איהר פינף מאל. אין איין טאָג איז זיא געווען צוויי מאל זיא האט געקויפט א הוט און האט בעצאהלט מיט א הונדערטעד. אין איינינע שטונדען ארום איז זיא ווידער געקומען צו פאהרען און האט געזאגט, אז דער הוט געפעלט איהר ניט, זיא וויל אנאנדערן, א בעסערן. איך האב איהר געוויעזען דעם בעסטען הוט וואס איך האב געהאט און האב איהר געזאגט, אז דער הוט קאסט טהייערער.

— איך פרעג ניט, וויאפיעל ער קאסט, האט זיא מיר געענטפערט. איך וויל האבען א גוטען הוט.

זיא האט אניעדערגעלעגט אויפ׳ן טיש א הונדערטער און האט זיך געהייסען געבען רעסט, וויאפיעל איך וויל. —

— דו האסט רעכט, האט געזאגט אשינאוו. איך זעה, אז דאס מאל האבען מיר געטראפען. אלענפאלס, דארפען מיר זיין פארזיכטיג און זיך ניט איבעראיילען. יעצט מוזט דוא זיך אפּזאָגען פון דיין קאסירער שטעלע און אפּהיטען דעם מאגאזין פון מאַ־ריא פעטראָוונא. יעדעס מאל, ווען מאדאם יאגאדקין וועט קומען צו איהר צו פאהרען, דארפסט דוא זעהן, וואס פאר א געלד זיא גיט. דאס בעסטע וואלט געווען, דוא זאלסט זיך שטעלען ביי מאריא פעטראָוונא אלס לאקיי, אלס דיענער אדער אלס בוכהאלטער.

— דאס איז אונמעגליך. מאריא פעטראוונא האלט קיין מאנספערזאנען ביי זיך אין מאגאזין ניט. דערפאר קומען צו איהר דיא גרעסטע דאמען פון פעטערבורג. זיי קענען ביי איהר רעדען, וואס זיי ווילען און טהאן, וואס זיי ווילען. מאריא פעטראוונא האלט נור צוויי מעדבען אין מאגאזין, וועלבע געפינען זיך מייסטענס אין אנאנדער צי־מער און מען רופט זיי נור, ווען מען דארף זיי. ווייטער טהוט מאריא פעטראוונא אלעס אליין.

— אויב אזוי, מוזען מיר האלטען א וואך פאר איהר מאגאזין און אָפּהיטען, ווען מאדאם יאגאָדקין קומט אהין. מיר קענען דאך אריינגעהן אין מאגאזין אלס קויפער. מיר קענען דאך קויפען ביי איהר א מענטעלע, אָדער זאָנאר א הוט. אלזא, דוא וועסט האלטען וואך פאר מאריא פעטראוונא׳ס מאגאזין. קוים וועט מאדאם יאגאָדקין אוועק־פאהרען, וועסט דוא אריינגעהן און פרעגען, מיט וואס פאר א געלד זיא האט בעצאהלט. ווען עס וועט זיך נאך אמאל אויסווייזען, אז זיא האט בעצאהלט מיט א פאלשען הונדערטער, וועל איך שוין וויסען, וואס איך האב צו טהאן. דער מיט איז דער אגענט

פון דער געהיים פּאָליציי אוועקגעגאנגען. ער האט אויסגעפּאלגט אלעס פּינקטליך, וויא אשינאוו האט איהם געזאגט.

אין אייניגע טאג ארום איז פראנציסקא ווידער געקומען צו מאריא פּעטראוונא, האט ווידער עפּעס געקויפט און האט ווידער בעצאהלט מיט א הונדערטער. דאס מאל האט מאריא פּעטראוונא שוין אליין איינגעזעהן, אז דא איז עפּעס ניט גלאט זיא האט זיך אָבער געמאכט ניט וויסענדיג, האט צוגענומען דעם הונדערטער און האט ארויסגעגעבען רעסט.

קוים איז פראנציסקא אוועקגעפאהרען, איז דער אגענט אריינגעקומען אין מאגאזין און האט געפרעגט, מיט וואס פאר א געלד זיא האט געצאהלט. מאריא פּעטראוונא האט געוויזען דעם הונדערטער, וואס פראנציסקא האט איהר געגעבען.

— דער הונדערטער איז ווידער א פאלשער. וויא עס ווייזט אויס, צאהלט מא־דאם יאגאָדקין נור מיט פאלשע הונדערטער, האט געזאגט דער אגענט פון דער געהיים פּאָליציי און איז ארויסגעלאפען פון מאגאזין.

אין דרויסען האט ער גענומען דיא ערשטע דראשקע, וואס ער האט געטראפען און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אויף דעם וועג, וואו פראנציסקא איז געפאה־רען. ער האט באלד אָנגעיאָגט איהר קארעטע און האט געזעהן, אז זיא איז צוגעפאה־רען אין אנאנדער מאגאזין. ער האט בעצאהלט דיא דראָשקע און האט אויסגעווארט אין דרויסען, ביז זיא איז אוועקגעפאהרען פון'ם אנדערן מאגאזין, דער אגענט איז אריין אין מאגאזין, האט געזאגט דעם בעל הבית פון מאגאזין, ווער ער איז און האט געפרעגט, וואס דיא דאמע האט דא געקויפט און מיט וואס פאר א געלט זיא האט בעצאָהלט. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא האט ווייטער בעצאהלט מיט א פאלשען הונדערטער.

יעצט איז דער אגענט פון דער געהיים פּאליציי געווען פעסט איבערצייגט, אז פראנציסקא יאגאָדקין פאהרט ארום אין דיא מאגאזינען און ברענגט אויס דיא פאלשע הונדערטער. ער האט עס געמעלדעט אשינאוו און זיי האבען בעשלאסען, זיא אָפּצור־היטען אין מאריא פּעטראָוונא'ס מאגאזין.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג, פראנציסקאָ האט זיך ניט געוויעזען. דער אגענט פון דער געהיים פּאליציי איז דיא גאנצע צייט ארומגעגאנגען ארום מאגאזין און האט זיך צוגעקוקט צו יעדען, וועלכער איז אריינגעגאנגען און ארויסגעגאנגען פון מאגאזין. אין א שעהנעם פריה מארגען איז זיא ווידער געקומען צו פאהרען און האט געוואלט עפּעס קויפען. קוים האט דער אגענט פון דער געהיים פּאָליציי דערזעהן איהר שליטען, האט ער צוגערופען א גאָראָדאָוואָי און האט איהם געגעבען א קליין צעטעלע, ער זאל עס באלד אָפּטראגען אין דער פּאליציי. אין אייניגע מינוטען ארום איז אשינאָוו אנגע־קומען אנגעטהאן, וויא א רוסישער קויפמאן פון א קליין שטעדטעל. ער איז גלייך אריין אין מאגאזין און האט זיך געהייסען ווייזען א מין סחורה. מאריא פּעטראוונאָ האט איהם געבעטען, ער זאל ווארטען, ביז זיא וועט אפּפערטיגען דיא דאמע. ער האט זיך געשטעלט אין א זייט און האט געווארט.

פראנציסקא האָט דאס מאל געקויפט טהייערע שפּיצען. זיא האט אויסגעקליעבען דאס בעסטע און דאס טהייערסטע, וואס עס קען נור זיין און האט בעצאהלט ווידער

מיט א הונדערטער. דיזעס מאל האט מאריא פעטראוונא שוין דייטליך געזעהן, אז זיא איז עפּעס אונרוהיג און איהרע הענד ציטערן.

— איך האב צוואר קלענערע געלד, האט זיא געזאגט, איך דארף אבער היינט האבען פיעל קליין געלד, ווייל היינט דארף איך צאהלען מיינע דיענער זייער געהאלט.

מאריא פעטראָוונא האט צוגענומען דיא הונדערט רובעל און האט געוואלט צו געהן צו דער קאסא זיא אויסבייטען. אין דיזע מינוטע האט אשינאוו ארויפגעלעגט זיין שווערע האנד אויפן הונדערטער און האט געזאגט:

— דיזער הונדערטער וויזט מיר אויס א פאלשער. איך מוז איהם שיקען אין באנק זעהן, אויב ער איז גוט, אָדער ניט. איהר וועט זיין אזוי גוט און ווארטען דא, אין מאגאזין, ביז מען וועט צוריק קומען פון דער באנק.

פראנציסקא איז געווארען בלייך און האט זיך אנגעהאלטען אן דעם שטוהל. דאס האט אָבער געדויערט נור איינינע מינוט. זיָא האט באלד געפאסט מוטה און האט געזאָגט צו אשינאָוו:

— איהר שפּאסט מיין הערר! איך האָב קיין פאלש געלד ניט.

אשינאָוו האָט ניט געענטפערט. ער האט נאך אלץ געהאלטען זיין האנד אויף דעם הונדערטער.

— גיב מיר אפּ מיין געלד! האט אויף איהם פראנציסקא געשריען. איך ערלויב קיינעם ניט מיט מיר צו שפּאסען.

— איך וועל אייך ניט צוריקגעבען דעם הונדערטער און וועל אייך ניט ארויס־לאזען פון מאגאזין, האט אשינאוו געזאגט געלאסען.

— מאריא פעטראוונא! האָט פראנציסקא זיך געבייזערט, איהר ערלויבט עס, אז מען זאל מיך בעליידיגען אין אייער מאגאזין? ווארפט איהם ארויס, דיזען גראָבען קערעל!

מאריא פעטראוונא האָט זיך ניט גערעהרט. זיא איז געוועזען בלייך און האט גע־ציטערט. עס איז איהר געוועזען זעהר אונאנגענעהם, וואס דיא געשיכטע האט געטראפען ביי איהר אין מאגאזין. אשינאָוו האט עס פערשטאנען און האט געפונען, אז עס איז שוין גענוג צו שפּיעלען קאמעדיע.

— איך בין קיין גראבער קערל, האָט ער געזאגט, איך בין אן אַגענט פון דער געהיים פּאָליציי. עס טהוט מיר לייד, וואס איך מוז זיין אביסעל גראָב געגען אייך. איך קען ניט אנדערש.

— אלזא, שיקט דעם הונדערטער אין דער באנק, האט פראנציסקא געזאגט. עס געהן ארום פיעלע פאלשע הונדערטער אין פעטערבורג, בין איך דען שולדיג, אז מען האט מיר געגעבען א פאלשען הונדערטער?

— גיט מען אייך יעדעס מאל ווען איהר קומט קויפען אין דיזען מאגאזין, פאלש געלד? האָט אשינאָוו געפרעגט מיט א געלעכטער. מיט עטליכע טעג צוריק האט איהר געקויפט דא אין מאגאזין סחורה און האט בעצאהלט מיט א פאלשען הונדערטער; פריהער מיט עטליכע טעג איז געוועזען דיזעלבע געשיכטע.

— אלזא, וואס מיינט איהר, איך מאך פאלש געלד?

— דאס מיין איך ניט. איך מיין אָבער, אז אייער מאן, דער הערר אנדריי יאַ־גאַדקין מאכט פאלש געלד און איהר זייט א געטריי ווייב און ניט עס אויס.

פראנציסקא איז געבליעבען זיצען, וויא פון א דונער געטראפען. זיא האט איינ־געזעהן אז דיא פּאָליציי ווייס פון אלעמען. זיא האט אָבער נאך געוואלט פראָבירען זיך אויסדרעהן, אדער וועניגסטענס געוואהר ווערן, וויא ווייט דיא פּאָליציי ווייס פון איהרע געהיימניסע. זיא האָט דאהער געזאָגט:

— מיין הערר, איהר האט א גרויסען טעות. מיין מאן איז אונשולדיג, ער דארף קיין פאלש געלד ניט מאכען, וויל ער איז רייך, זעהר רייך.

— דאס וויסען מיר אויך, האט אשינאַוו געענטפערט. דיא פירמא יאגאַדקין האט שוין לאנג געהאלטען ביים באנקראָטירען. קיינער ווייס ניט, וויא ניקאָלאַי יאגאַד־קין האט זיך אויסגעדרעהט. זייט ער איז קראנק געהן דיא געשעפטען נאך ערגער: קיינער האט קיין צוטרויען צו אנדריי יאגאַדקין, וועלכער איז בעקאנט צווישען דיא ניעדעריגסטע קלאסע מענשען אונטער דעם נאמען „קאָמעדיאַנט“. מיר האבען ניט געוואוסט, וויא אזוי דיא פירמא האלט זיך. יעצט פערשטעהן מיר אלעס. אייער ליעבער מאן איז א גרויסער בריה, ער העלפט דיא באנק מאכען הונדערט רובעל בילעטען און איהר העלפט איהם זיי צו פערטהיילען צווישען פריינד און בעקאנטע.

— אלזא, וואס ווילט איהר טהאן מיט מיר? האט פראנציסקא ארויסגעקייכט.

— איך אַרעטיר אייך! האט אשינאַוו געזאגט. ווילט איהר, קומט מיט מיר מיט גוטען, ווען ניט, וועל איך שיקען רופען מיינע משרתים.

— איך געה מיט אייך מיט גוטען, האט פראנציסקא געבעטען. איך וויל ניט האבען דעם סקאנדאל, מען זאל מיך פיהרען אויף דער גאס מיט זשאנדארען.

ביי דיעזע ווערטער איז זיא וויא צוזאמען געבראָכען געווארען און האט אָנגע־הויבען צו וויינען.

— איך וויל אויך קיין ליארם ניט מאכען, האט אשינאַוו געזאגט. זייט רוהיג, עס וועט קיין סקאנדאל ניט ווערן. זאגט אייער קוטשער, ער זאל פאהרען א היים. איהר וועט שפּעטער קומען.

פראנציסקא האט זיך קוים צוגעשלעפּט צו דער טהיר. אשינאַוו איז איהר נאכ־געגאנגען טריט ביי טריט. ער האט איהר אויסגעהאלפען.

— פאהר א היים אליין, האָט ער געזאגט צום קוטשער. דיא גנעדיגע פרוי איז בעשעפטיגט אין מאגאזין. זיא וועט שפּעטער אנקומען.

דער קוטשער איז אוועקגעפאהרען. ער האט ניט געוואוסט, פון וואס צו זאגען. יעצט האט זיך אשינאַוו געווענדעט צו מאריא פּעטראַווּנאַ און האט איהר געזאגט:

— ליעבע מאריא פּעטראָוונא, זייט אזוי גוט און שיקט רופען א קארעטע. איך און דיא גנעדיגע פרוי יאגאַדקין דארפען ערגעץ פאהרען צוזאמען.

— וואוהין ווילט איהר מיך פיהרען? האט איהם פראנציסקא געפרעגט מיט א ציטערענדער שטימע.

— אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאסט גנעדיגע פרוי, האט אשינאַוו געענטפערט. פאר אזא טהייערען גאסט מוזען מיר אנגרייטען א בעזונדערע קווארטיר.

— שרעקליך! האט פראנציסקא געזאגט צו זיך אליין מען וועט מיך שטעלען פאר א געריכט, פאר געשווארענע, [דשורי] און מען וועט מיך עפענטליך אנערקענען אלס פאלש מינצערין. וואס פאר א שאנדע! קלארא, קלארא! קום וועניגסטענס און זעה, וויא דאס שיקזאל איז זיך נוקם פאר דיר!

באלד איז אנגעקומען א קארעטע. אשינאוו האט איהר געגעבען דיא האנד, וויא א העפליכער קאוואליר. ער האט זיא אבער געמוזט טראגען צו דער קארעטע איהרע פיס זיינען געווען, וויא אונטער געהאקט און איהרע הענד האבען געציטערט. מיט יעדער מינוט האט זיא אליץ מעהר איינגעזעהן, אין וואס פאר א טרויעריגע לאגע זיא געפינט זיך, אז פאר איהר איז קיין רעטונג ניטא, אז זיא איז פערלארען. יעצט ערשט האט זיא אנגעהויבען צו פערשטעהן, וויא ווייט אנדריי יאנאדקין האט זיא פערפיהרט און וויא טיעף, שרעקליך טיעף זיא איז געפאלען.

אשינאוו האט זיא אריינגעזעצט אין דער קארעטע זעהר העפליך און האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען איהר. דער קוטשער האט איהם געפרעגט וואוהין זאל ער פאהרען?

— אין פעטרא-פאוולאווסקי קרעפאסט, צום הינטערסטען טויער.

ער האט געוואלט, אז אלעס זאל אפגעהן גלאט, שטיל און קיינער זאל ניט וויסען, וואס פאר א טהייערן פיש ער האט דא געפאנגען דיא קארעטע איז ענדליך געבליעבען שטעהן. אשינאוו האט ארויסגעהויבען זיין בעגלייטערין פון דער קארעטע און האט זיא אריינגעפיהרט אין קרעפאסט. דא איז ער געווארען אויס קאוואליר. דא איז ער געווען פאליציי אגענט. זיין העפליבקייט איז פערשוואונדען. ער האט זיא איבערגעגעבען דעם קאמענדאנט און האט איהם געזאגט, אז דאס איז א זעהר וויכטיגע פערברעכערין.

— — — — — — — — — — — — —

אנדריי יאנאדקין איז געזעסען אין זיין קאנטאר און האט ניט געוואוסט פון קיין זאך צו זאגען. ער האט זיך ווייניג געקימערט, וואוהין פראנציסקא געהט און וואס זיא טהוט. ער האט געוואוסט נור איין זאך, אז ער האט איהר געגעבען געלד — פאלש געלד — וויאפיעל זיא האט אליין געוואלט און זיא האט פערזארגט דיא שטוב מיט אלעס נייטיגען.

ער איז געזעסען אין זיין פריוואט קאנטאר און האט געטראכט וועגען עטוואס אנדערש: וואס זאל ער טהאן מיט זיין קראנקען ברודער? זא לאנג ער איז אין הויז, מוז ער האלטען צו איהם א מענשען, וואס טויג עס איהם? און איבעריגער מענש אין שטוב טויג ניט. ער קען שאדען; ער קען זעהן זאכען וואס ער דארף ניט, ער קען פלוידערן, וואס עס טויג ניט. אויסער דעם איז א קראנקער אין שטוב זעהר אונאנגענעהם. אלזא, וואס טהוט מען?

אנדריי יאנאדקין האט גוט געקענט פעטערבורג. ער האט געוואוסט, אז ניט ווייט פון דער הויפטשטאדט פון'ם רוסישען צאר, האט איינער, מיט'ן נאמען דאקטאר דערונאוו, אויסגעבויט א הייל-אנשטאלט [לעטשעבנאיע זאוועדעניע] פאר גייסטעס קראנקע [משוגעים]. ער האט געוואוסט, אז דאקטאר דערונאוו נעהמט זעהר אפט

אויף גאנץ געזונדע מענשען און האלט זיי ביי זיך אלס גייסטעס־קראנקע. ער האט געוואוסט, אז ניט איין געזונדער מענש איז פון זיינע קרובים און בעקאנטע געבראכט געווארען אין דאקטאר דערונאוו'ס אנשטאלט, וואו דיא דאקטוירים האבען אויסגעפונען, אז ער איז געפעהרליך און אונהיילבאר־וואהנזיניג און דיא יורשים האבען דערווייל צוגענומען זיין פערמעגען.

— איך האב מיך ענטשלאסען אריינצוגעבען מיין ליעבען ברודער צו דאקטאר דערונאוו, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ער וועט איהם געוויס אויסקורירען אויף אייביג. אמת, דאקטאר דערונאוו הייסט זיך גוט בעצאהלען און מיר איז היינט ניט אזוי גרוים אין געלד. דיא פערדאמטע פאליציי קוקט אין דער לעצטער צו שטארק יעדען אויף דיא פינגער און איך מוז זיין זעהר פארזיכטיג מיט מיין סחורה. אבער ווען מען מוז אויסגעבען עטליכע רובעל, מוז מען אויסגעבען. איך האב שוין געשריעבען א בריעף צו דאקטאר דערונאוו, ער זאל קומען מיך בעזוכען. איך ערווארטע איהם יעדע מינוט.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען א יונגער מאן פון קאנטאר און האט איהם דערלאנגט א קארטע.

— דיעזער הערר, ווינשט מיט אייך צו רעדען, האט ער געזאגט.

— פיהרט איהם אריין, האט דער „קאמעדיאנט" געענטפערט.

אין א מינוט ארום איז אריינגעקומען אין קאבינעט א הויכער, שטארקער מאן, פון א יאהר עטליכע און פערציג מיט לאנגע שווארצע האר, מיט א שווארצער בארד און מיט א פאר פייעריגע אויגען.

— אה, דאקטאר דערונאוו, ווילקאמען! איך האב אייך ערווארטעט. ביטע, זעצט זיך לעבען מיר, איך האב מיט אייך עפעס צו רעדען.

אין קורצע ווערטער האט ער איהם דערצעהלט, וואס ער פערלאנגט פון איהם און האט איהם געפרעגט וואס דאס וועט קאסטען.

— איך מוז פריהער זעהן דעם קראנקען, האט דער דאקטאר געענטפערט, דאן קען איך זאגען, וואס עס וועט קאסטען. איך מוז דאך וויסען, וואס פאר א סארט קראנקער דאס איז. אלס דאקטאר מוז איך פריהער וויסען דיא קראנקהייט, זעהן, אויב איך קען איהם אויסקורירען, וויא לאנג דיא קור דארף געדויערן און מיט וועלכע מיטעל מען דארף דעם פאציענטען קורירען. איהר מוזט דאך מיר צוגעבען הערר יאגאדקין, אז מיר, דאקטוירים, זיינען קיינע שניט־ווארען הענדלער. מיר מוזען פריהער בעטראכטען דעם קראנקען, אויסגעפינען דיא קראנקהייט, געבען איהם א לאטיינישען אדער א גרעכישען נאמען — א נאמען, וועלכען ניט מיר, ניט דיא וועלט פארשטעהט ניט. דאס איז ביי אונז דיא הויפטזאכע: דאס קינד — איך מיין דיא קראנקהייט — מוז א נאמען האבען. קוים האט נור דיא קראנקהייט א נאמען, האבען מיר שוין אזוי פיעל גוטע און זיבערע מיטעל אין אונזערע אפטהעקען, אז מיר קענען דעם טייפעל אליין אוועקשיקען צום טייפעל.

אנדריי יאגאדקין האט רוהיג אויסגעהערט דעם דאקטאר און האט געוואלט וויזען, אז ער איז אויך א שטיקעל קענער און פערשטעהט אויך עטוואס פון דעם שווינ־דעל, וועלכען דיא וועלט רופט מעדיצין.

— איהר האט רעכט, ליעבער דאקטאר, האט ער איהם געזאגט. איהר האָט אייך געפּלאגט און געקוועלט אין אוניווערסיטעט און האט אויסגעלערנט עטליכע הונדערט לאטיינישע און גריכישע ווערטער. עס איז נאטירליך און זעלבסטפערשטענדליך, אז דיעזע ווערטער זיינען אייער קאפּיטאל, וועלכער מוז אייך טראגען גוטע ציגזען (פּראָצענט) געוויס, מוזט איהר פאר יעדעס וואָרט, וואס איהר געדענקט נאך פון אוניווערזיטעט זיך הייסען גוט בעצאהלען. איך האב גאר ניט דאגעגען, איהר זאָלט אייך דערמאנען א גריכיש וואָרט און זאָלט זיך הייסען געבען פאר איהם טויזענד רובעל.

— טויזענד רובעל איז צו ווייניג, האט געלאכט דער דאקטאר. פערגעסט ניט, אז איך האב שטודירט און האב מיך געפּלאגט א לאנגע צייט, ביז איך האב בעקומען מיין דיפּלאָם. איך קען מיין סחורה אזוי ביליג ניט פערקויפען. — איהר וועט מיר געבען פינף טויזענד רובעל.

יאנאדקין האט זיך מיט איהם געדונגען. ענדליך האבען זיי זיך אויסגעגלייכט. דאקטאר דערונאָוו איז ארויפגעגאנגען אין צימער, וואו דער קראנקער איז געלעגען, האט איהם בעטראכט, האט אויסגעזוכט א לאטיינישען נאמען פאר דיא קראנקהייט און איז ארויפגעקומען פרעגען, אויב ער זאל שיקען א וואגען נאכ'ן קראנקען, אדער מען וועט איהם צושטעלען צו איהם.

— איך וועל איהם אליין ברענגען צו אייך אין מיין קארעטע, האט דער קאָ־מעדיאנט געענטפערט.

דער דאקטאר האט זיך העפליך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. אנדריי איז געבליעבען אליין. פלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין זיץ.

— וואס איז דאָרט פאר א ליארם אין קאנטאר? האט ער אויסגעשריען און האט געעפענט דיא טהיר פון זיין פּריוואט־צימער.

ער האט געזעהן מיט שטוינען, וויא א מאן רייסט זיך ארייצוגעהן צו איהם אין פּריוואט־צימער און דיא שרייבער לאזען איהם ניט. יאנאָדקין איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געפרעגט:

— וואס איז דאס? נא־דיר א חוצפּה! איהר ווילט מיט געוואלד ארייגגעהן צו מיר אין מיין פּריוואט־צימער? זעהט איהר דען ניט, אז דיא יונגע לייט ערלויבען עס אייך ניט?

— זעהן, זעה איך עס געוויס, האט דער פרעמדער געענטפערט מיט א זאָנדער־בארען שמייכעל.

— מיר האבען איהם געבעטען, ער זאָל אביסעל וואַרטען, האט געזאגט איינער פון דיא שרייבערס, ער האט זיך אבער געריסען און האט געזאגט, אז ער מוז מיט אייך רעדען באלד, אויף דער שטעלע. מיר האבען איהם געבעטען, ער זאל אונז זאגען זיין נאמען, מיר זאלען איהם קענען מעלדען, ער וויל אבער פון קיין זאך ניט וויסען.

אנדריי יאנאדקין האט א ציטער געטהאן. ער האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאַט. ער איז אבער געוועזן א גוטער קאָמעדיאנט און האט זיך געווענדעט צום פרעמדען מיט שטאָלץ:

— אלזאַ, איהר האט מיט מיר צו רעדען איבער א וויכטיגע זאך און איהר ווילט ניט זאגען, ווער איהר זייט?

— איך וועל אייך זאגען אונטער פיער אויגען, האט דער פרעמדער געענטפערט. איהר וועט אליין איינזעהן, אז עס איז גלייכער, איך זאל ניט זאגען מיין נאמען ביי אייך אין קאנטאר.

— אלזאַ, קומט אריין אין מיין פּריוואַט־צימער און זאגט מיר, וואס איהר דאַרפט.

זיי זיינען אריין אין זיין פּריוואַט־צימער. אנדריי האט פעררויכט א סיגארעט און האט געזאגט צום פרעמדען:

— נו, זאגט, וואס איהר דאַרפט? קורץ און שנעל. איך האב קיין צייט ניט.

— איהר ווילט וויסען, וואס איך דאַרף, נו, איך וועל עס אייך זאגען. קורץ און שנעל. איך דאַרף אייך אַרעטירען.

— ארויס פון מיין צימער! האט א געשריי געטהאן יאַגאַדקין אדער איך שיק באלד רופען דיא פּאָליציי.

— איהר דאַרפט זיא ניט שיקען רופען, האט דער פרעמדער געענטפערט גלייכ־גילטיג, זיא איז שוין דאַ. איך הייס אשינאַוו און בין געקומען אייך פערהאַפטען.

אנדרייי יאגאדקין איז געבליעבען שטעהן, וויא פון א דונער דערשלאַגען. דאָס האט אבער געדויערט נור א פּאַר מינוט. ער איז באלד געקומען צו זיך און האט אָנ־געהויבען צו שפּיעלען קאָמעדיע.

— אך, הערר אשינאַוו! ענטשולדיגען זיא, וואס מיינע מענשען האבען אייך בעליידיגט. פאַרוואס האט איהר ניט געזאגט ווער איהר זייט?

— איך האב ניט געוואָלט מאַכען קיין רעש. איך האב ניט געוואָלט, אז מען זאל זיך צונויפלויפען און יעדער לעדיג־געהער זאל זאגען, וואס ער וויל. איהר ווייסט דאך, אז דיא געהיים פּאָליציי איז זעהר העפליך. זיא האט ליעב, אז אלעס זאל אָפּ־געהן גלאַט און שטיל.

— אָבער, ליעבער הערר אשינאוו, פער וואָס ווילט איהר מיך אַרעטירען? זא פיעל איך ווייס, האָב איך קיין שום פערברעכען ניט בעגאנגען. דאָ איז פאָרגעקומען א מיספערשטענדניס, א טעות.

אשינאָוו האָט געשטוינט, ווען ער האָט געזעהן, וויא רוהיג, וויא קאַלטבליטיג יאגאָדקין רעדט. ער האָט געמיינט, ער וועט איהם איבעררראַשען, יאגאָדקין וועט זיך אנהייבען צו פּערענטפערן, ער וועט אָנהייבען צו בעטען, צו ציטערן און צום סוף רעדט ער מיט איהם אזוי רוהיג, גלייך וויא ניט איהם מיינט מען.

— אלזאָ, זאָגט מיר, פאַר וואָס ווילט איהר מיך פערהאַפטען? האב איך דען קיין רעכט עס צו פרעגען?

— געוויס, האט איהר דאָס רעכט און איך וועל עס אייך באלד זאגען. מען איז אייך חושד, אז איהר מאַכט פאַלשע הונדערט רובעל שטיקע.

יאגאָדקין האָט זיך צולאַכט מיט אזא פרעהליכען געלעכטער, גלייך וויא ער וואלט געזעסען אין א פרעהליכער געזעלשאַפט און איינער האט געזאָגט עפּעס א גוטען וויץ.

אש־כאָוון האָט עס פערדראָסען. וויאַזוי קען א מענש זיין אזוי קאַלטבּליטיג, ווען מען קומט איהם ארעטירען פאר פאלש געלד?

— הערר יאַגאָדקין, האָט ער געזאָגט ערנסט, איך בין נישט געקומען צו שפּאַ־סען. איך פאָרדער אייך אויף, איהר זאָלט מיר אלעס דערצעהלען, אלעס אויסזאגען. דאָס איז פון אייער טובה וועגען. איהר ווייסט געוויס, אז דיא געהיים פּאָליציי געברויכט אמאָל געוויסע מיטעל, אז א פערברעכער זאָל געשטעהן זיין פערברעכען, זאל זיך מודה זיין.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? האָט יאַגאָדקין אויסגערופען ערנסט. איך בין אונשולדיג! איך וויים ניט פון וואס צו זאָגען!

— איהר זייט אונשולדיג? האָט אשינאָוו געפרעגט. וואָס וועט איהר אָבער זאָגען, ווען איך וועל אייך ברענגען בעווייזע, אז איהר זייט יא שולדיג?

— איהר מיינט, אז איהר האָט בעווייזע, אבער אין אמת אריין, האט איהר זיי ניט און קענט זיי ניט האָבען, ווייל איך בין דאך אונשולדיג.

— עס טהוט מיר לייד, הערר יאַגאָדקין, אייך צו זאגען, אז איך האב היינט ארעטירט א פּערזאָן, וועלכע איז זעהר נאהענט צו אייך און דיעזע פּערזאָן האט זיך מודה געווען, אז איהר מאכט פאלשע געלד.

אנדריי איז געוואָרען בלייך, אויף אזא קלאַפּ האָט ער זיך ניט געריכט.

— איך פערשטיי אייך ניט, הערר אשינאָוו, האט ער געזאָגט. רעדט מיט מיר דייטליכער, זאגט מיר וואס מיינט איהר דערמיט. ווער איז דיא פּערזאָן און וואס האט זיא אייך געזאגט. מעגליך, אז עפּעס א שווינדלער, א בעטריגער האט אויף מיר עפּעס אָנגערעדט.

— ניין, הער יאַגאָדקין, קיינער האט אויף אייך ניט אָנגערעדט. אייער אייגענע פרוי האט מיר היינט אלעס דערצעהלט.

— מיין פרוי? וויא קומט איהר צו מיין פרוי? פון וואנען קענט איהר מיין פרוי?

— איך האב זיא היינט אין דער פריה ארעטירט מיט פאלשע הונדערטער.

— מיין פרוי ארעטירט! פראַנציסקא ארעטירט! האט געשריען אנדריי, און האט זיך געוואָרפען וויא א ווילדע חיה.

— אים נאָמען דעס געזעצעס! ארעטיר איך יעצט אייך, הערר אנדריי יאַגאָדקין, האט געזאגט אשינאָוו און איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל.

אנדריי יאַגאָדקין האט זיך געביסען דיא ליפּען ביז אין בלוט. יעצט איז ער פער־לאָרען. יעצט איז זיין קאָמעדיע אויסגעשפּיעלט. עס איז דער לעצטער אקט. זיין לעבען האט זיך אָנגעהויבען מיט א קאָמעדיע און לאזט זיך אויס מיט א טרויער שפּיעל.

איז שוין גאָר קיין עצה ניטא? איז גאָר קיין רעטונג ניטאָ? איז שוין אלעס פערלאָרען? אנדריי יאַגאָדקין האָט זיך נאך געוואלט ראנגלען. ער האט געוואוסט, אז אשינאָוו איז א גרויסער חאבארניק, ער נעהמט געלד און האט בעשלאָסען צו פּראָבי־רען איהם פּאָרצולעגען געלד. ער האט געוואוסט דאס אלטע שפּריכוואָרט: „מיט געלד קען מען אין רוסלאנד ביז צום קייסער צו קומען". אלזא, מוז מען פּראָבירען דאס בּעסטע, דאס שטארקסטע מיטעל אין דער וועלט — געלד. ער האט זיך אויפגעהויבען

און האט געוואלט צו געהן צו זיין קאסא קאסטען. אין דיעזע מינוט האט א בליץ גע־טהאן א רעוואָלווער אין אשינאָוו׳ס האנד.

— ריהרט אייך ניט פון׳ם ארט, אָדער איך שיעס אייך, וויא א הונד! האט אשינאָוו געזאגט פינסטער.

— איך געה ניט אין ערגעץ, האט אנדריי איהם געענטפערט, איהר וועט דאך מיר ערלויבען צו צוגעהן צו מיין קאסא קאסטען. איך האב נאך עפּעס מיט אייך צו רעדען, דאן וועל איך געהן מיט אייך, וואוהין איהר וועט מיך פיהרען.

— מאכט עס קורץ, הערר יאגאָדקין! איך האב קיין צייט ניט. עס איז היינט דא אזוי פיעל ארבייט אין דער פּאָליציי, אז איך וויס ניט, וואס פריהער צו טהאן.

— אלזאָ, קורץ. איהר ווילט מיך ארעטירען. איהר ווילט מיך אונגליקליך מאכען. איהר ווילט מען זאל מיך פערשיקען קיין סיביר. וואס וועט אייך דערפון ארויסקומען? וואס וועט איהר דען האבען דערפון אז מען וועט מיך פערשיקען קיין סיביר? לאָמיר זיך בעסער אויסגלייכען. איך וועל אייך געבען, געלד און איהר וועט דיא זאך פערוווישען. וועט עס דען ניט גלייכער זיין פאר אונז ביידען?

ער איז צוגעגאנגען צו זיין קאסא קאסטען, האט איהם געעפענט און האט איהם געוויעזען.

— אָט ליעגט דא פופציג טויזענד רובעל. נעהמט אייך דאָס געלד און מאכט א שווייג. איך וויס, אז דיא רעגיערונג צאהלט דער פּאָליציי זעהר שלעכט. דיא בעאמ־טען פון דער פּאָליציי ליידען נויט. איז דען ניט בעסער און גלייכער פאר אונז ביידען, איהר זאלט צו נעהמען דאס געלד און לאזען מיך צו רוה. פערגעסט ניט, הערר אשי־נאָוו, אז איך בין אונשולדיג און ווען מען ארעטירט מיך, רואינירט מען מיין גאנצעס געשעפט.

אשינאָוו האט בעטראכט דאס געלד אין קאסא־קאסטען און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקלען, וויא ביי א טיגער, ווען ער דערזעהט א ווילדע ציעג. ער וואָלט געוויס געווען צוגענומען דאס געלד. איין זאך האט איהם אבער אפּגעהאלטען. ער האט געוואוסט, אז היינט — מארגען וועט מעזענצאף אראָפּ פון זיין שטעלע. דער קייסער איז מיט איהם ניט צופריעדען זייט דיא עקספּלאזיאָן פון׳ם ווינטער פּאלאץ. מעזענצאף קען זיך מעהר ניט האלטען. מעזענצאף אליין וויס עס אויך. ווען מעזענצאף געהט אראָפּ, איז ער, אשינאָוו, דער איינציגער מענש, וואס פּאסט צו זיין דער שעף פון דער געהיים פּאָליציי. ווען ער ארעטירט יעצט אנדריי יאגאָדקין און ווייזט ארויס, אז ער, נור ער האט אויסגעפונען, ווער עס מאכט דאס פאלשע געלד, וועט איהם דער קייסער מוזען געבען א בעלוינונג און וועט איהם מאכען פאר׳ן שעף פון דער געהיים פּאָליציי. דאמאלס וועט ער שוין האבען גענוג געלעגענהייט צו נעהמען געלד, וויא פיעל ער וועט אליין וועלען. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס ער האט געזאגט צו יאגאָדקין שטרענג:

— שליעסט צו אייער קאסא־קאסטען און לאָמיר געהן. אשינאָוו נעהמט קיין חאבאר ניט! איך בין דיא שטיצע פון געזעץ, איך היט־אָפּ דאס געזעץ און דאס געזעץ

איז ביי מיר טהייער פון אלעס אין דער וועלט. קיין וואָרט פון געלד! אשינאַוו נעהמט קיין געלד! אשינאַוו איז א געטרייער דיענער פון'ם קייסער און געזעץ.

— אלזא, דאס מיטעל העלפט אויך ניט? האט יאגאדקין געזאגט טרויעריג. עס איז ניטאָ קיין רעטונג, קיין הילף!

— טהוט אייך אָן, הערר יאגאָדקין און לאָמיר געהן, האט אשינאַוו געזאגט.

לאנגזאם, וויא א שיכורער, האט זיך אנדריי יאגאָדקין אנגעטהאן און איז ארויסגעגאנגען מיט אשינאַוו. אין דרויסען איז געשטאנען א קאַרעטע. זיי האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען צוגעפאהרען צו פעטראָפּאַוולאַווסקי קרעפּאָסט. מיט א שטונדע שפּעטער איז געקומען א זשאַנדארמסקי פּאָלקאָווניק און האט געמאכט א שטרענגע אונטערזוכונג אין יאגאדקין'ס קאנטאר. מען האט צוגענומען אלע פּאַפּיערען און אלע הונדערטער, וועלכע מען האט געפונען. מען האט געהייסען דיא שרייבערס געהן אַ היים און מען האָט פערזיעגעלט אלע ביכער און אלע שאַפעס. דאס באַנקהויז געברידער יאגאדקין איז געשלאָסען געוואָרען.

## 65טעס קאַפּיטעל.

## קאַפּיטאַן ניקאָלין און מאַרושקאַ.

דעם אנדערן טאג נאך יעליסאַוועטאַ'ס בעפריייאונג האט זיך קאַפּיטאַן ניקאָלין גענומען איבערקוקען דיא ביכער פון'ם אסטראג. ער האט אנגעהויבען איבערצולעזען אלע ראַפּאָרטען, און אלע בריעף און פּריקאַזען, וועלכע זיינען אנגעקומען פון פּעטערבורג. צווישען דיא בריעף איז געלעגען א קליין בריוועלע אדרעסירט אויף זיין נאמען. ער האט עס באלד געעפענט און האט דערזעהן פון אויבען דאס וואָרט: „סעקרעטנאָיע" (געהיימנים). ער האט עס איבערגעלעזען. עס איז געווען פון גראַספירסט קאנסטאנטין. אין דיעזען בריעף האט קאנסטאנטין בעפוילען אין נאמען פון'ם קייסער, אז ער זאל זעהן שוינען גענעראל קראשעווסקי'ן, וויא וויט מעגליך. ער זאל איהם בעהאנדלען אלס ארעסטאנט, זאל אבער זעהן צו ערלייכטערן זיין לאַגע און ניט לאזען איהם צו שווער ארבייטען.

— א גוטע זאך צו זיין א רוסישער בעאמטער, האט ער געזאגט צו זיך אליין. מען שיקט מיך אהער איך זאל זיין שטרענג און זאל איינפיהרען א שטרענגע דיסציפּלינאַ אין אסטראג און יעצט הייסט מען מיר איין ארעסטאנט בעהאנדלען אלס ארעסטאנט און דאך איהם שוינען? מען הייסט מיר צוברעכען א פלעשעל און דער וויין זאל זיך ניט פערגיעסען. שטהנע זאכען.

ער האט גענומען לעזען דיא ראַפּאָרטען איבער גענעראל קראשעווסקי און האט געפונען, אז ער האט געוואלט אנטלויפען און ער זיצט יעצט איינגעשפּארט אין קאַרצער און ווארט, אז דער קאמענדאנט זאל בעשטימען זיין שטראַפע. גענעראל מאַקאָוו האט איהם נאר קיין שטראַפע ניט געוואלט געבען, וויל ער האט געוואוסט, אז קראשעווסקי איז אונשולדיג. דער שלעכטער נאדזיראַטעל האט איהם געוואלט מאַרטערן און האט נאר ניט געמעלדעט, אז דער ארעסטאנט, וואס איז געווען צוגעשמיעדט צו איהם איז געשטארבען. קראשעווסקי האט נור געוואָלט, אז מען זאָל פון איהם אָפּשמיעדען דיא לייכע.

— נו, וואס טהוט מען יעצט? האט ניקאָלין געזאגט צו זיך אליין. פאר אנטלויפען קומט איהם פינף און צוואנציג קנוטעס. ווענינער קען איך מיר ניט ערלויבען. אזוי איז איינגעפיהרט אין סיביר. דא שרייבט מען מיר אבער, איך זאָל איהם שוינען?

אין דיעזער מינוט איז אריינגעלאפען מאַרושקאַ אין זיין צימער מיט א געשריי, מיט א געוואלד: „ער איז אַנטלאָפען! ער איז אַנטלאָפען!" ניקאָלין איז געווארען בלייך וויא דער קאלך. ער האט געמיינט, אז קראשעווסקי אדער אן אנדער ארעסטאנט איז אנטלאפען. ער האט קוים אויסגעקייכט:

— ווער איז אנטלאפען? פון מיין אסטראג אנטלויפט מען ניט!

— אונזער לאקיי, דער פראנצויז פראַנסוא, וועלכען איך האב מיטגעבראכט פון פעטערבורג, איז היינט אין דער פריה אנטלאפען.

— פארוואס איז ער אנטלאפען? האט ניקאָלין געפרעגט ערלייכטערט. וואהר־שיינליך, האָסט דוא איהם שלעכט בעהאנדעלט.

— וואס רעדסט דוא, עזעל־קאָפּ? פראנסוא האב איך שלעכט בעהאנדעלט? ער איז דאך געווען דיא ציערונג פון אונזער הויז. ווער נאך אין גאנץ אירקוטסק האט א פראנצייזישען לאקיי? ווער נאך קען שטאָלצירען, אז ביים טיש ווערט גערעדט נור פראנצייזיש? און יעצט איז ער אנטלאפען! אך! איך וועל עס ניט אויסהאלטען.

— איך וועל ארויסשיקען קאזאקען, זיי זאלען איהם נאכיאגען! האט געזאגט ניקאָלין. איך וועל איהם אויסזוכען אין גאנץ סיביר. איך וועל איהם דיר שאפען צוריק.

— ער איז א פראנצייזישער אונטערטהאן, האט געבראָכען דיא הענד מאַרושקאַ. ווען ער ווענדעט זיך צום פראנצייזישען קאָנסול, קענסט דוא איהם גאר ניט טהאן. דער קאנסול וועט איהם בעשיצען.

— חא, חא, חא! האט געלאכט ניקאָלין. דער פראנצייזישער קאָנסול! מיינסט דוא, אז דיא קאָנסולען פון אנדערע לענדער קענען שיצען זייער אן אונטערטאן אין „הייליגען" רוסלאנד? מיר האבען שוין געזעהן, אז מען פערשיקט דייטשע, פראנצייזישע און עסטעררייכישע אונטערטהאנען קיין סיביר און אפילו קיין האהן קרעהט ניט.

— ניין, ניין! האט געשריען מאַרושקאַ, דוא ווענסט גאר ניט מאכען. עס וועט זיך אנהויבען א פּראָצעס, וועלכער וועט געדויערן יאהרען־לאנג, דערווייל בלייב איך אהן א פראנצייזישען לאקיי.

— נו, וועל איך אויסשרייבען אן אנדער לאקיי פון פעטערבורג, האט ניקאָלין געזאגט.

— וואס טויג מיר אן אנדערער? זיי זיינען אלע שיכורים. שארלאטאנעס, גנבים! ניין, איך וויל נים קיין אנדערן.

— אלזא, וואס ווילסט דוא פון מיר? האט זיך ניקאָלין נעבייזערט. דעם ווילסט דוא ניט, דער טויג דיר ניט, וואס זאל איך אלזא טהאן?

— איך האב אויסגעפונען א לאקיי, וואס פאסט מיר, האט מאַרושקאַ געזאגט. איך וויים אבער ניט, אויב דוא וועסט מיר איהם געבען. ער רעדט אויך זעהר גוט פראנצייזיש און ענגליש און ער פאסט פאר אונז אם בעסטען.

— זאג מיר, מיין טהייערע, ווער ער איז און, אויב עס איז נור מעגליך, וועל איך איהם דיר פערשאפען.

זיא איז צונעגאנגען צו איהם נעהנטער, האט איהם ארויפגעלעגט דיא האנד אויף דער פלייצע און האט געזאגט:

— צווישען דיא ארעסטאנטען געפינט זיך א מאן, וועלכער האט שטענדיג גע־לעבט צווישען דיא גרעסטע אריסטאָקראטען אין פעטערבורג. ער רעדט זעהר גוט פראנצייזיש און איז בעקאנט מיט אלע מאניערען פון דער הויכער געזעלשאפט. ער וואָלט זעהר גוט געפאסט צו זיין אונזער לאקיי.

— ועמען מיינסט דוא? האט ניקאָלין געפרעגט פערוואונדערט.

— וועמען זאָל איך מיינען? גענעראל קראשעווסקי. ער האט שטענדיג געלעבט אין דער העכסטער געזעלשאפט פון פעטערבורג, ער פלעגט זיין איינגעלאדען ביים קייסער צו מיטאג. ער פערשטעהט געוויס, וויא צו פיהרען אן אריסטאָקראטישען טיש. ער וואָלט געווען אן אויסגעצייכענטער לאקיי.

ניקאָלין האט זיא אנגעקוקט. אזא זאך וואלט איהם קיין מאל ניט איינגעפאלען. ער האט זיך איבערלעגט, וואס צו טהאָן.

— אבער, מיין טהייערע, איך האב קיין רעכט ניט צו מאכען פאר מיין לאקיי אזא פערברעכער, וויא קראשעווסקי איך האב א בעפעהל, ער זאָל ארבייטען אין דער מינע.

— דוא, קאפיטאן ניקאָלין, פרעגסט, אויב דוא האָסט רעכט? וואס האָסט דוא ניט קיין רעכט? דוא מעגסט אלעס. דוא ביסט קייסער אין דיזען אסטראג און מעגסט טהאן, וואס דוא ווילסט.

— איך האב זעהר מורא, מען זאָל דערפון ניט געוואָהר־ווערן אין פעטערבורג. קראשעווסקי איז א בעקאנטער פערזאָן, איך קען האבען דערפון אונאנגענעהמליכ־קייטען.

— זיי ניט קיין נאַרר. אין פעטערבורג ווערט מען געוואָהר נור דאס, וואָס מיר ווילען, אז מען זאל געוואָהר־ווערן, וואס מיר ווילען ניט, וועלען זיי אייביג ניט געוואָהר ווערן.

קאפיטאן ניקאָלין האט זיך איבערלעגט. ער האט ערשט היינט ערהאלטען א בעפעהל, אז ער זאל גענעראל קראשעווסקי שוינען, וויא וויית מעגליך. איז דאך פיעלייכט גלייך, ער זאל איהם מאכען פאר זיין לאקיי? קוים וועט מען דערפון געוואָהר־ווערן, קען ער דאך ווייזען דעם בריעף. ער האט אנגעהויבען צו קלינגען מיט א זילבערנעם גלעקעל, וואס איז געשטאנען אויפ'ן טיש. א נאדזיראטעל איז אריינגעקומען. ער האט איהם געהייסען ברענגען דעם ארעסטאנט נומער 453. אין איינינע מינוט ארום האט מען אריינגעבראכט קראשעווסקי צו איהם אין צימער.

— רוף דעם שמיעד, ער זאָל פון איהם אראפנעהמען דיא קייטען, האט ניקאָלין בעפוילען.

וואלקאָוו איז באלד געקומען און האט פון איהם אראפגענומען דיא קייטען. ביי דיעזע געלעגענהייט האבען זיי זיך אנגעקוקט און וואלקאָוו האט איהם שטילערהייט א

קוועטש געטהאן ביי דער האנד.ביידע זיינען געוועזן העכסט דערפרעהט. זיי האבען גע־מיינט, אז עס איז אנגעקומען א בעפעהל פון פעטערבורג, אז מען זאל קראשעווסקי בעפרייען. באלד אָבער זיינען זיי געוואהר געווארען, פאר וואס מען האט פון איהם אראָפּגענומען דיא קייטען. דער נאדזיראטעל האט איהם אריינגעפיהרט צו ניקאָלין אין קאבינעט. ווען גענעראל מאקאָוו איז געווען קאמענדאנט, פלעגט וואָלקאָוו אריינגעהן צו איהם גלייך, וויא צו א בעקאנטען. פאר ניקאָלין אָבער האט ער מורא געהאט.

— קום נור אהער, ארעסטאנט, האט איהם ניקאָלין געזאגט, ווען ער איז גע־בליעבען אליין מיט איהם.

קראשעווסקי איז צוגעקומען צום טיש און איז געבליעבען שטעהן. אן ארעסטאנט מוז פאלגען, וואס מען הייסט איהם.

— עס איז דיר צוגעקומען א גרויס גליק, האט ניקאָלין ווייטער געזאגט, אזא גליק, פון וועלכען עס האָט זיך דיר געוויס קיין מאל ניט געחלומט. איך האב געהייסען אראָפּ־נעהמען פון דיר דיא קייטען און איך וועל דיך מעהר ניט שיקען אין דער מינע ארביי־טען. דוא וועסט בלייבען ביי מיר אין שטוב — אלס מיין לאקיי.

קראשעווסקי האט א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער און האט געוואלט עטוואס ענטפערן. ער האט זיך אָבער איינגעהאלטען, ווייל ניקאָלין האט ווייטער געזאגט.

— איך פאָרדער פון דיר נור איין זאך, דוא זאלסט מיר שווערן, אז דוא וועסט ניט אנטלויפען. איך וויים, אז ווען דער געוועזענער גענעראל קראשעווסקי וועט שווערן, וועט ער זיין שוואור האלטען.

קראשעווסקי האט געשוויעגען. דאס בלוט איז איהם אריין אין געזיכט, דיא טרערין האבען איהם געווארגען. ער האט קיין ווארט ניט געקענט ארויסרעדען. אין דיעזע מינוט איז מארושקא אריינגעקומען אין צימער.

— איך וועל דיר זאגען, וואס דוא האסט צו טהאן, האט זיא צו איהם געזאגט. דוא וועסט אונז בעדיענען ביים טיש, וועסט רעדען מיט אונז נור פראנצויזיש, בעזאנ־דערס ווען עס וועלען קומען צו אונז געסט, דיא אריסטאָקראטען פון אירקוטסק.

— איך דאנק אייך, קאמענדאנט, פאר דיא עהרע און דאס גליק, וואס איהר האט מיר אנגעבאָטען. האט ענדליך קראשעווסקי געזאגט, איך קען עס ניט אננעהמען. איך וועל בעסער צוריקגעהן אין דער מינע ארבייטען אין קייטען, אלס צו זיין א לאקיי ביי אייך. איהר קענט מיך ניט צווינגען דער צו, איהר האט קיין רעכט ניט מיך צו צווינגען צו זיין אייער לאקיי.

מארושקא איז אויפגעשפרונגען, זיא האט געוואלט צו לויפען צו איהם און איהם שלאגען. ניקאָלין אָבער האט זיך איבערלעגט, אז עס איז גלייכער צו האבען א לאקיי, וועלכער זאל וועלען פרייוויליג ארבייטען, איידער א זעלבטן, וואס מען זאל זיך דארפען מיט איהם קריעגען און איהם שלאגען. ער האט זיך דאהער געווענדעט צו קראשעווסקי און האט איהם געזאגט:

— דוא מוזט טהאן, וואס איך הייס דיר, ווייל איך האב אזא בעפעהל. ווען דוא טהוסט עס ניט מיט גוטען, וועל איך דיך מוזען צווינגען דערצו. וואס וועסט דוא גע־ווינען? מען זאגט, אז איך בין א שלעכטער מענש, א ווילדער טיגער, דאס איז ניט

וואהר, איך טהו נור וואס מען הייסט מיר. איך בין נור א טרייער דיענער פון'ם קיי־סער און פון דער נאטשאלסטווא (אָבריגקייט).

— אזוי ווייט וויל מיך אלכסנדר II ערניעדעריגען! האט געזאגט קראשעווסקי צו זיך אליין. נו, גוט! האט ער געזאגט אין דער הויך. אויב עס איז א בעפעהל, מוז איך פאלגען און מוז ווערן אייער לאקיי.

— יעצט רעדסט דוא, וויא א קלוגער מענש! האט מארושקא אויסגערופען. געה אין קיך, איך האב פאר דיר אנגעגרייט אנדערע קליידער. איך וויל, אז דוא זאלסט זיין אנשטענדיג אנגעטהאן.

קראשעווסקי האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. יעצט מוז איך אנטלוי־פען! האט ער געטראכט ביי זיך אליין. יעצט וועל איך געפינען דיא געלעגענהייט צו אנטלויפען. ער האט געזוכט מיט די אויגען וואלקאָוו'ן, דעם שמיעד, האט איהם אָבער ניט געפונען. וואָלקאָוו איז אונטערדעסען ערגעץ אוועקגעגאנגען.

עס זיינען פערגאנגען נאך א פּאָר טאָג. קראשעווסקי האט געזעהן דער וייל בעקאנט צו ווערן מיט'ן אסטראָג און מיט דיא דיענער. ער האט איבערגעקלערט און אויסגעפּאָרשט יעדע געלעגענהייט צו אנטלויפען. דעם שמיעד וואלקאוו האט ער אין דיעזע צייט נור איין מאל געזעהן און דאס נור אויף איינינע מינוט, אין וועלכע ער האט איהם איבערגעגעבען, וואס פאר א גנאדע דער קייסער האט איהם בעוויעזען, אז ער האט איהם געמאכט פאר א לאקיי ביים קאמענדאנט פון אסטראָג.

אין איין פריה מארגען איז צום אסטראָג צוגעפאהרען א קארעטע מיט פיער פערד. פון דער קארעטע איז ארויסגעגאנגען א גייסטליכער מיט א גרויסען גאלדענעם קרייץ אויף דער ברוסט. ער איז צוגעגאנגען צו דער וואך און האט זיך געהייסען פיהרען צום קאמענדאנט פון אסטראָג. מען האט געמעלדעט דעם קאָמענדאנט ניקאָלין, אז א פּרעמדער גייסטליכער איז געקומען און וויל איהם זעהן. ניקאָלין האט איהם געהייסען אריינלאזען.

— מיין נאמען איז ברודער קלעמענטיוס, האט געזאגט דער גייסטליכער, איך קום אהער אויף בעפעהל פון'ם קייסער.

— קענט איהר מיר צייגען אייערע דאָקומענטען? האט ניקאָלין געפרעגט פער־וואונדערט.

דער גייסטליכער האט ארויסגענומען א פּאפּיער פון דער „טרעטיע אָטדעלעניע סאָבסטוועגאָי יעווא אימפּעראטאָרסקאָווא וועליטשעסטווא קאנצעלאריא" (דריטע סעקציאָן דער קאנצעליי זיינער קייזערליכען מאיעסטעט) מיט דער אונטערשריפט פון'ם מיניסטער. ניקאָלין האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך טיעף פערנייגט פאר'ן גייסט־ליכען.

— ווילקאָמען אין מיין הויז, עהרווירדיגער פאטער! האט ער איהם געזאָגט און האט איהם אליין צוגעטראָגען א שטוהל.

ברודער קלעמענטיוס האט זיך ניט געזעצט. ער האָט זיך צוגעבויגען צו ניקאָלין און האט איהם געזאָגט גאנץ שטיל:

— אונזער גנעדיגער קייסער האט מיר בעפוילען, איך זאל מיך זעהן מיט אן

ארעסטאנטין דא אין אסטראָג און זאָל מיט איהר רעדען איבער זאכען, וועלכע נור דער קייסער און איך ווייס. עס איז איין געהיימניס, וועלכעס מוז בלייבען צווישען אונז דריי.— איך וויל זעהן דיא פרוי מיט׳ן אייזערנעם שלייער.

— אהה, יאָ! האט געזאגט ניקאָלין, מיין פארגעננער, גענעראל מאקאָוו, האט זיא מיר איבערגעבען און האט מיר געזאגט, אז קיינער טאר מיט איהר ניט רעדען. עס זיינען דא שטרענגע בעפעהלע פון פעטערבורג, אז מען זאל זיא האלטען אין א בעזונדער קאַזעמאַט און, ניט דער וועכטער, ניט דער אויפזעהר, ניט קיינער פון דיא בעאמטע אין אסטראָג זאָלען מיט איהר קיין ווארט ניט רעדען.

— צוליעב דיעזע פרוי בין איך געקומען קיין סיביר. איך האב זיא אויסצופרעגען איבער זעהר וויכטיגע זאכען. קומט. קאמענדאנט. פיהרט מיך צו איהר.

ניקאָלין האט אנגעקלונגען. עס איז אריינגעקומען א נאדזיראטעל.

— זאג דעם אויפזעהר פון קעלער נומער 3, ער זאל באלד קומען אהער מיט דיא שליעסעל פון אלע קאַזעמאַטען.

אין אייניגע מינוטען ארום איז געקומען דער אויפזעהר מיט דיא שליעסעל. ניקאָ־לין האט געפיהרט דעם ברודער קלעמענטוס אין דיא טיעפע קעלערן פון׳ם אסטראָג. זיי זיינען אנגעקומען אין קעלער נומער 3 און זיינען צוגעקומען צו דעם קאַזעמאַט, וואו יעליסאַוועטאַ איז געווען פערשפּאַרט. ברודער קלעמענטיוס איז געווארען בלייך, ווען ער איז צוגעקומען צו דיעזען קאַזעמאַט. — אט דא איז פערשפּארט דיא גרעפין פאן פאהלען, דיא געליעבטע פון׳ם גראָספירסט קאָנסטאנטין, האט ער געטראכט ביי זיך. דיעזע פרוי קען ווערן א מעכטיגע וואפע אין אונזערע הענד. מיר קענען דורך איהר ווירקען אויפ׳ן קייסער. —

דער אויפזעהר האט דערווייל לאנגזאם און פארזיכטיג געעפענט דיא שלעסער פון׳ם קאַזעמאַט און האט אָנגעצונדען א ליכט. ברודער קלעמענטיוס האט אלעמען געהייסען שטעהן אין קארידאר. ער האט געוואלט אריינגעהן צו איהר גאנץ אליין ער האט זיך אומגעקוקט אין קליינעם קעמעריל — קיינער איז ניטא.

— וואו איז דיא ארעסטאנטין? האט ער געפרעגט ערשטוינט.

— וואו איז דיא ארעסטאנטין? האט ניקאָלין געפרעגט, וויא א ווידער קול אין א לעערעם הויז.

ער איז אויך אריין אין קעמעריל און האט דערזעהן מיט שרעק און אנגסט, אז דאס קעמעריל איז לעדיג און אויף דער נאסער ערד ליעגט דער אייזערנער שלייער צו בראָכען.

— זיא מוז דא זיין! האט ניקאָלין געשריען, וויא א וואהנזיניגער. זיא איז ניט אנטלאָפען! פון מיין אסטראָג אנטלויפט מען ניט!

— זיא איז דאך אבער פאָרט ניטא! האט אויסגערופען ברודער קלעמענטיוס אויסער זיך. איהר זעהט דאך, אז דער אייזערנער שלייער ליעגט צו בראכען און דאס קעמעריל איז לעדיג.

ניקאָלין האט זיך געווענדעט צום נאדזיראטעל און האט אויף איהם געשריען:

— וואו איז דיא ארעסטאנטין דוא ווערסט מיר ענטפערן. דוא פלעגסט איהר

געבען אלע טאג עסען. פאר וואס האסט דוא מיר ניט געמעלדעט, אז דוא נעהמסט דאס עסען צוריק? וויא אזוי האסט דוא ניט בעמערקט, אז זיא איז ניטא?

— איהר האט מיר שטרענג אנגעזאגט, אז איך זאל מיט איהר קיין ווארט ניט רעדען און זאל זיא ניט זעהן. איך פלעג עפענען א קליין פענסטעריל אין טהיר און פלעג ארויפשטעלען דאס עסען. זייט דריי טאג האב איך בעמערקט, אז קיינער נעהמט דאס עסען ניט צו. איך האב געמיינט, אז זיא איז קראנק, איך האב אבער מורא געהאט זיא צו פרעגען.

ברודער קלעמענטיוס האט געציטערט פאר רציחה. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט און ער האט ניט געקענט ארויסרעדען קיין ווארט. ענדליך האט ער געזאגט מיט א שטרענגער שניידענדער שטימע:

— קאפיטאן ניקאלין, אויף אייך האט דיא נאטשאלסטוואָ שטענדיג זיך פערלאזט, וויא אויף'ן בעסטען פון איהרע דיענער. מיט וואס האט איהר בעצאהלט פאר דאס צוטרויען, וואס מען האט אייך געשענקט? איהר האט געלאזט אנטלויפען פון אסטראָג אזא וויכטיגען ארעסטאנט. דער קייסער וועט זיין אויסער זיך, ווען ער וועט דערפון געוואהר ווערן.

איך האב פאלמאכט צו טהאן, וואס איך וועל געפינען פאר נייטיג. איך ערקלער אייך דערוויל אלס ארעטירט אין אייער צימער אין אסטראָג. דעם אויפזעהר פון קעלער נומער 3 זאל מען גלייך איינשמיעדען אין קייטען. ביז וואנען עס וועט קומען פון פעטערבורג א פריקאז, וואס מען זאל טהאן מיט אייך ביידען, וועט גענעראל מאַקאָוו וויעדער איבערנעהמען דיא קאמאנדא.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון קעלער און האט געוואלט ארויסגעהן פון אסטראָג. אויפ'ן הויף האט ער בעגעגענט קראשעווסקי'ן. ער האט איהם זעהר גוט געקענט פון פעטערבורג און האט איהם באלד דערקענט. ער האט געוואוסט, אז קראשעווסקי איז פעראורטהיילט צו ארבייטען אין דער מינע און איז געוועזן זעהר ערשטוינט, ווען ער האט איהם דערזעהן אין הויף אָנגעטהאן, וויא א לאקיי. ער האט איהם צו גערופען און האט איהם געפרעגט:

— ביסט דוא דער געוועזענער גענעראל קראשעווסקי?

— איך בין עס, האט קראשעווסקי געענטפערט.

— וויא קומט עס, וואס דוא געהסט ניט אין קייטען און ארבייטעסט ניט אין דער מינע?

— איך האב ביז אהער געארבייט אין דער מינע; דער נייער קאמענדאנט אבער האט מיך בעפרייט פון מיינע קייטען און האט מיך געמאכט פאר זיין לאקיי.

ברודער קלעמענטיוס האט אנגעהויבען צו ציטערן פאר רציחה. ער האט באלד געהייסען ארויף רופען דעם קאפיטאן ניקאלין, וועלכער איז נאך אליץ געשטאנען לעבען דעם לעדיגען קעמעריל, וואו יעליסאוועטא איז געוועזן פערשפארט. ער איז געוועזן ניט טויזט, ניט לעבעדיג.

— איך בין פערלארען! האט ער געשריען און געבראָכען דיא הענד. מען וועט מיר ניט שוויינען, מען וועט מיך נאך פעראורטהיילען צו ארבייטען ערגעץ אין א מינע.

וויא קראנק איך בין, וועט מען מיך נאך שמיעדען אין קייטען און אריינוואַרפען ערגעץ אין א פינסטערער גרוב!

א נאַדזיראַטעל איז געקומען צו לויפען פערסאָפּעט און האט איהם געזאגט, אז דער גייסטליכער רופט איהם. ניקאָלין האט זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס. דער נאדזיראטעל האט איהם געמוזט נעהמען אונטערן ארים און איהם ארויספיהרען אין הויף, וואו ברודער קלעמענטיוס איז געשטאַנען און האט אויף איהם געוואַרט. קראַ־שעווסקי איז געשטאַנען ניט ווייט און האט בעטראַכט, וואס דא וועט זיין. ניקאָלין איז צוגעקומען צו ברודער קלעמענטיוס. ער איז געווען בלייך, וויא דער קאַלך און האט געציטערט, וויא אין פיעבער.

— ווער איז דיעזער לאַקיי? האט ברודער קלעמענטיוס געפרעגט.

— דאס איז דער ארעסטאַנט קראַשעווסקי, האט ניקאָלין קוים ארויסגערעדט.

— ער איז דאך פערשיקט צו ארבייטען אין דיא מינעס, וויא קומט עס, וואס ער געהט גאר אנגעטהאָן, וויא א לאַקיי?

— איך האב געמיינט — איך האב געדאכט — איך האב אויף איהם רחמנות געהאט. ער איז אן אלטער מאַן — ער קען ניט איבערטראָגען דיא לופט — אין דער מינע. —

— אזוי? מען האט אייך געשיקט, איהר זאלט רחמנות האבען אויף דיא ארעס־טאנטען? מען האט דאך אייך געשיקט, איהר זאלט האלטען א שטרענגע דיסציפּלינא?

ער האט צוגערופען דעם אפיציער פון דער וואַך און האט איהם געהייסען געהן באַלד רופען דעם גובערנאַטאָר און דעם פּראָקוראָר פון אירקוטסק.

— איך קען פון דאנען ניט אוועקפאַהרען, האט ער געזאָגט, ביז איך וועל רעד־ווידירען דעם גאנצען אסטראָג. איך זעה, אז קאַפּיטאַן ניקאָלין האט אין דיא עטליכע טעג, וואס ער איז געווען קאָמענדאַנט, אָנגעמאַכט מעהר צרות, וויא גענעראַל מאַקאָוו אין צעהן יאָהר. — איהר, קאַפּיטאַן ניקאָלין, געהט אין אייער וואָינונג. איך זעה, אז איהר זייט קראַנק, מען וועט אייך שוין זאגען, וואס מיט אייך וועט ווייטער זיין. — און דוא, ארעסטאַנט קראַשעווסקי, בלייב דערווייל א לאַקיי, ביז דער גובערנאַטאָר מיט'ן פּראָקוראָר וועלען קומען.

מיט מיה האט זיך ניקאָלין צוגעשלעפּט צו זיין קוואַרטיר. ער האט קוים געעפענט דיא טהיר פון זיין וואָינונג און איז געפאַלען אויפ'ן דיוואַן. מאַרושקא האט גאָר ניט געוואוסט, וואס דא איז פּאָרגעקומען. זיא האט געזעהן, וויא ניקאָלין איז שרעקליך בלייך און ציטערט.

— וואס איז דיר? האט זיא איהם געפרעגט. וואס איז דארט געשעהן? וואס וויל דער פּאָפּ?

— זיא איז אנטלאָפען! האט ער קוים ארויסגעקייכט. זיא איז אנטלאָפען! איך בין אן ארעסטאַנט!

— ווער איז אנטלאָפען? האט מאַרושקא געפרעגט ערשטוינט. פון וואנען איז זיא אנטלאָפען? פון'ם אסטראָג איז ווער אנטלאָפען?

— אָ וויכטיגער אָרעסטאַנט, אַ פרוי, וואס דער קייסער אליין האט געהייסען,

מען זאל אויף איהר אכטונג געבען און מען זאל זיא שטרענג בעוואכען, אז פלוצלונג אנטלאפען.

— א שעהנער קאָמענדאנט ביסט דוא! האט אויסגעשריען מאַרושקאַ, ווען ארעסטאנטען אנטלויפען ביי דיר. רעכט אויף דיר, דוא טויגעניכטס! לאז מען דיך שמייעדען אין קייטען! לאז מען דיך פערשיקען אין א מינע!

— דוא אויך אויף מיר? אלע אויף מיר! האט געקרעכצט ניקאָלין. ארויס פון דאנען! דוא האסט מיך אָנגערעדט צו פאהרען קיין סיביר. איך האב מיך שוין געוואלט אָפּרוהען, איך האב מיך געוואלט ענטזאגען פון יעדעס אמט. דוא אבער האסט מיך אנגערעדט, דוא שלאנג!

— צו וואס דען דארף איך דיך, ווען דוא ביסט ניט קיין קאָמענדאנט אין אן אסטראָג? האט זיך מארושקא צו שריען.

אין דיעזע מינוט איז ניקאָלינ'ס געזיכט געווארען בלוי זיינע אויגען זיינען איהם ארויסגעקראָכען פון'ם קאָפּ, ווייסער שוים האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפּען — ער האט בעקומען אן אַפּאָפּלעקסיא. מארושקא האט זיך דערשראָקען און איז ארויסגע־לאפען אויפ'ן הויף מיט א געשריי: א דאָקטאר! א דאָקטאר! עס איז געווארען א געשריי, א ליארם, א געפילדער. מען איז זיך צונויפגעלאָפען. מען האט עס געמעלדעט ברודער קלעמענטיוס. ער איז אויך געקומען צו לויפען. באלד האט מען געבראכט א דאָקטאָר.

— איך קען דא גאר ניט העלפען, האט דער דאקטאר געזאגט. ער איז טוידט.

— יעצט האט דער קייסער מיט איין שלעכטען דיענער וועניגער, האט ברודער קלעמענטיוס געזאגט און האט אנגעקלונגען.

א נאַדזיראַטעל איז באלד אַריינגעקומען. ברודער קלעמענטיוס האט איהם געזאָגט:

— זארגט, אז מען זאל דיא לייבע היינט נאך צו נעהמען פון דאנען. ער איז געשטאָרבען אלס ארעסטאַנט, אלס פערברעכער. איהם קומט קיין עהרע. בעגראָבט איהם צווישען דיא ארעסטאַנטען.

מארושקא איז געשטאנען און האט געבראכען דיא הענד. וואס זאל זיא יעצט טהאן? וואוהין זאָל זיא געהן? ערשט יעצט האט זיך ברודער קלעמענטיוס אומגעקוקט און האט זיא דערזעהן.

— ווער איז דיעזע פרוי? האט ער א פרעג געטהאן. זאָ פיעל איך ווייס, האט קאפּיטאן ניקאָלין קיין פרוי ניט געהאט.

— דאס איז זיין געליעבטע, האט זיך אנגערופען איינער פון דיא דיענער.

— פלעגט זיא זיך אמאל אריינמישען אין דיא זאַכען פון אסטראג? האט ברודער קלעמענטיוס געפרעגט.

דיעזע פראגע איז געוועזען זעהר א וויכטיגע. איהם איז איינגעפאלען אין קאָפּ, אז עס איז זעהר מעגליך, אז מארושקא האט בעפרייט יעליסאוועטאַ'ן. מען האט זיא אונטערגעקויפט מיט אייניגע טויזענד רובעל און זיא האט יעליסאוועטאַ'ן בעפרייט.

— זיא פלעגט זיך אריינמישען אין אלדינג, האט איינער פון דיא דיענער געזאגט. ניקאָלין פלעגט אָהן איהר גאָר ניט טהאָן. זיא איז געווען דער קאָמענדאַנט און ניט ניקאָלין.

— ארעטירט זיא! האט ברודער קלעמענטיוס געהייסען. פיהרט זיא אראָפּ אין דעם קעמעריל, וואו דיא פרוי מיט'ן אייזערנעם שלייער איז געזעסען. באלד וועט קומען דער פּראָקוראָר און מיר וועלען מאַכען א שטרענגע אונטערזוכונג.

-- מיך אַרעטירען? האט מארושקא געשריען. וואס רעדט איהר? וואס האט איהר צו מיר? איך האב דאך קיין פערברעכען בעגאנגען!

אין דיעזע מינוט איז אנגעקומען דער גובערנאַטאָר פון אירקוטסק און מיט איהם דער פּראָקוראָר. ברודער קלעמענטיוס האט זיי דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וואָס דא איז געשעהן: איינער פון דיא וויכטיגסטע אַרעסטאַנטען איז אַנטלאפען, אן אנדערן, זעהר וויכטיגען ארעסטאַנט, האט מען בעפרייט און געמאכט פאר א לאקיי. ער האט זיי ווייטער ערקלערט, אז ער איז פעסט איבערצייגט, אז ניקאָלין'ס געליעבטע האט בעפרייט דעם אַרעסטאַנט. אלס בעוויז האט ער געבראכט, וואס דאס קעמעריל, אין וועלכען זיא איז געזעסען, איז געבליעבען פערשלאָסען. יעצט האט ער געזאגט דעם גובערנאַטאָר, וואס ער האט געטהאן. אלע זיינען אריינגעגאנגען אין קאנצעלאַריא פון'ם אסטראג איבערקוקען דיא פּאַפּיערען און דאָקומענטען.

ברודער קלעמענטיוס האט באלד אוועקגעשיקט א פערזיעגעלטען בריעף קיין פּעטערבורג, אז מען זאָל שיקען קיין אירקוטסק אן אנדער קאָמענדאַנט. ער האט נאך ניט געוואָלט אויסזאָגען, אז יעליסאַוועטא איז פערשוואונדען. ער האָט געהאָפט, אז ער וועט זיא נאך חאַפּען. קוים איז דער בריעף אוועקגעגאַנגען האט ער געבעטען דעם גובערנאַטאָר, ער זאָל צושיקען „גאָנצי'ס" אין אלע זייטען זוכען אן אַנטלאָפענע פרוי. אזוי וויא ער האט זיא אבער קיין מאל ניט געזעהן און האט פון איהר קיין פאָטאָ־גראַפישעם בילד ניט געהאט, איז איהם געווען זעהר שווער צו בעצייכענען, וועמען צו זוכען און וועמען צו חאַפּען.

גענעראל קראשעווסקי איז דערוויל געזעסען אין צימער פון דיא בעדיענטע און האט געווארט, אז מען זאָל איהם מעלדען זיין אורטהייל. ברודער קלעמענטיוס איז אבער געווען אזוי בעשעפטיגט, אז ער האט אן איהם גאר פערגעסען. ער און דער פּראָקוראָר האבען דורכגעקוקט דיא פּאַפּיערען פון'ם אסטראג. צווישען דיא בריעף, וועלכע זיינען היינט אנגעקומען, האט ער געפונען דאס קליינע בריוועלע פון'ם גראָספירסט קאָנסטאַנטין.

— אז מען זוכט, געפינט מען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דאס קליינע ברי־ועלע איז ווערטה מיליאָנען. דאס האט דער גראספירסט קאנסטאנטין געשריעבען אָהן קייסער'ס וויסען. מיט דיעזעם בלעטעלע פּאַפּיער האלט איך דעם גראספירסט געפאַנגען, וויא א פייגעלע אין א שטייגעל. ער האט עס צונויפגעלעגט און שטילערהייט, דער פּראָקוראָר זאָל ניט זעהן, אריינגעלעגט אין קעשענע.

## 66טעם קאַפּיטעל.

## פּעאָדאָראַ׳ס שטראַפע.

אויף דעם ברייטען, שעהנעם טראַקט, וועלכער פאהרט פון פּעטערבורג קיין מאָסקווא פאהרט א קאַרעטע איינגעשפּאַנט מיט פיער פערד. דער „יאַמשטשיק" טרייבט דיא פערד אָהן רחמנות. ער וויים, אז ער פיהרט א רייכען פּאַסאַזשיר און וועט בעקומען א גוטעם טרינק־געלד, „נאַ־וואָדקי". לוסטיג און מונטער לויפען דיא פערד. אין דער קאַרעטע זיצט נור איין פּערזאָן, א דאַמע.

ווער עס איז אמאל געפאהרען אין רוסלאַנד מיט דער פּאָסט אדער מיט א בעל־עגלה דער וויים נאך, וואס פאר א פערגניגען דאס פאהרען איז. זייט דיא אייזענ־באַהנען האבען זיך פערברייטערט און דיא מענשען פאהרען מיט דער שנעליגקייט פון א פויגעל, האבען זיי קיין בעגריף, וואס עס הייסט פאהרען. זיצען אין ענגען וואַגאָן און קוקען, וויא פעלדער, וועלדער און דערפער פליעהען פאר אייך פאַראיבער, איידער איהר קענט זיי אנקוקען, איידער איהר קענט זיי בעטראַכטען, ווערט באלד לאַנגווייליג. קוקט אייך צו צו א פרעהליכער געזעלשאַפט, וועלכע זעצט זיך אריין אין אן אייזענבאַהן־וואַגאָן פאהרען אויף אן עקסקאָירשאַן, אדער אויף א לוסט־רייזע. אין דער ערשטען האלבע שטונדע רעדט מען נאך, פּלוידערט, לאַכט און מען איז, דאַכט זיך, פערגניגט. באלד אבער הייבט מען אָן צו גענעצען און מען ווערט אנטשלאָפען. אין צוויי שטונדען ארום פיהלט מען אזא שרעקליכע לאַנגווייל, אז מען שעצט זיך גליקליך, ווען מען קומט צו א סטאַציאָן און דער צוג בלייבט שטעהן אויף א פּאר מינוט. מען געהט ארויס פון׳ם וואַגאָן אום צו שעפּען פרייע לופט און זיך אומצוקוקען אויף גאָט׳ס וועלט. פאהרען עטליכע טעג מיט׳ן אייזענבאַהן איז א פּלאַגע. וויא גוט און וויא שעהן דיא וואַגאָנעס זיינען איינגעריכטעט, פיהלט זיך דאך דער מענש אין וואַגאָן, וויא אין אסטראָג. מען קען ניט געהן, וואו מען וויל, מען קען ניט שטעהן בעקוועם, מען מוז זיצען אויף איין אָרט, וויא אן אַרעסטאַנט. מען איז גליקליך, ווען מען האט נאך א פּלאַץ לעבען א פענסטער, וואו מען קען ווענינגסטענס חאַפּען א קוק אויף דער געגענד. בעמערקענס־ווערטה! וואס שנעלער דער צוג לויפט, אלץ גרעסער איז דיא לאַנגווייל אין וואַגאָן. דיא איינציגע טרייסט, וואס דער פּאַסאַזשיר האט, איז נאך, וואס ער וועט באלד אנקומען אויף זיין בעשטימונגס־אָרט.

דיא אייזענבאהנען האבען ביי אונז אוועקגערויבט דאס פערגניגען, דיא פּאָעזיע פון׳ם פאהרען. דיא אייזענבאהנען זיינען צוגעפּאַסט צו דער היינטיגער וועלט, וואו אלעס געהט אויף דאַמפּף, זאגאר דאס לעבען. מען לעבט אָפּ אזוי שנעל, אז צו פערציג יאהר איז מען שוין אַלט, שוואך און אפּגעלעבט, איידער מען האט אנגעהויבען צו לעבען.

גאַנץ אנדערש האט מען געלעבט מיט עטליכע יאהר צוריק. דיא מענשען האבען ניט געוואוסט פון דאַמפּף און האבען געלעבט אָהן דאַמפּף. זיי האבען זיך ניט געאיילט צו לעבען. זיי האבען צייט געהאט אויף אלעס און האבען געלעבט לאַנגזאַם. צו פערציג יאהר האט מען נאך געהייסען א יונגער מאַן. דאַמאלס האט מען געוואוסט פון א

פערגניגען, ווען מען איז געפאהרען. זאגאר א געשעפט׳ס־רייזע האט געהאט איהרע פערגניגען, איהר פּאָעזיע. מען איז געפאהרען לאנגזאם, מען האט זיך צוגעקוקט צו יעדען בערגעלע, צו יעדען טייכעלע; מען האט געאטהעמט דיא פרישע, פרייע לופט; מען איז ניט געווען צוגעבונדען, ארעסטירט אין וואגען; מען האט געקענט אראָפּגעהן, ווען מען האט געוואלט און וואוהין מען האט געוואלט. בלייבען לעבען א פעלד קרעטשמע און זיך אפּרוהען א פּאר שטונדען איז א גאנץ בעזאנדערעס פערגניגען פאר דעם איינוואָינער פון דיא גרויסע שטעדט. מען קוקט זיך צו צום לעבען פון דיא דאָרף איינוואָינער: מען עסט זייערע איינפאכע, אבער געזונדע שפּייזען: ריינע, פרישע און געזונדע בוטער, פרישע מילך, פרישע אייער. דאמאלס, נור דאמאלס, האבען דיא מענשען געקענט פּאָלשטענדיג געניסען דאס פערגניגען פון פאהרען און פון רייזען.

דיא דאַמע, וועלכע איז געזעסען אין דער קאָרעטע, איז ניט געווען איינפערשטאנען מיט אונזער מיינונג. זיא האט זיך אין ערגעץ ניט אומגעקוקט; זיא האט זאגאר ניט ארויסגעקוקט פון פענסטער, זיא איז געזעסען פערטראכט און בעזאָרגט. דיא דאַמע איז געווען פּעאָדאָרא באָיאנאָווסקי.

צוויי זאכען האבען זיא געצוואונגען אוועקצופאהרען פון פּעטערבורג. אין איהר הויז האט זיא ניט געקענט בלייבען, זיא האט מורא געהאט פאר׳ן גייסט. זיא איז געווען, וויא פיעלע געבילדעטע רוסען, א גרויסער בריה מיט׳ן מויל. זיא האט גערעדט און דערוויעזען, אז קיינע גייסטער זיינען ניטאָ און דענאך האט זיא מורא געהאט פאר גייסטער. אויסערדעם איז איהר געווען זעהר אונאַנגענעהם, וואס יערמאלאוו איז צוגעטרעטען צו איהר מיט זיין ליעבע. דיא הויפּט־אורזאַכע אבער, וואס זיא האט זיך ענטשלאָסען אוועקצופאהרען פון פּעטערבורג, איז געווען איהר מאַן, ניקאלאַי באיאַנאווסקי. אונזערע לעזער וועלען זיך עראינערן, וויא זיא האט איהם אנגעטראפען ביי מאריא פּעטראוונא אין מאגאזין. דא איז ניט קיין וואלד, דא איז א מאגאזין אין דער מיט פּעטערבורג, זיא האט איהם דייטליך געזעהן; זיא האט דייטליך געהערט, וויא ער האט געקריצט מיט דיא ציינער און האט איהר געזאגט: דוא ניעדערטרעכטיגע שלאַנג!

זיא האט געוואוסט, אז ער וועט איהר ניט שווייגען אז ער וועט זיך נוקם זיין אן איהר, אז ער וועט איהר ניט פערשווייגען דעם טוידט פון זיין מוטער. זיא האט געזעהן, אז אויף מעזענצאַף קען זיא זיך ניט פערלאזען: ער איז אין דער לעצטער צייט צופיעל בעשעפטיגט מיט זיך אליין. ער האט זאגאר ניט געהאלטען קיין וואָרט, ווען ער האט איהר צוגעזאגט, אז ער קומט אין האלבע שטונדע ארום אויספאָרשען, ווער דער גייסט איז. זיא האט זיך דאהער ענטשלאָסען אוועקצופאהרען פון פּעטערבורג. צו ערשט קיין מאָסקווא און דאָרט וועט זיא זעהן. מעגליך, אז זיא וועט אוועקפאהרען אויף א געוויסע צייט קיין פּאַריז אדער בערלין. זיא האט געוואוסט, אז מיט איהר שענהייט, וועט זיא איבעראל געפינען רייכע מענשען, וועמען צו פארדרעהן א קאָפּ. זיא האט צונויפגענומען, וויא פיעל געלד זיא האט געקענט צונויפשלעפּען, און אלע איהרע בריליאַנטען און איז אוועקגעפאהרען. מיט דער באהן האט זיא מורא געהאט צו פאהרען. דער צוג פאהרט צו שנעל, אין א וואגאן קען מען זיך ניט בעהאלטען. זיא

האט מורא געהאט, באיאנאווסקי זאל איהר ניט נאכיאגען. דאס בעסטע איז צו פאהרען מיט דער פּאָסט. קיינעם וועט ניט איינפאלען, אז זיא איז געפאהרען מיט דער פּאָסט. אמת, מען קען זעהר לייכט אויסגעפינען אין פּאָסטאמט, ווער עס האט גענומען א „פּאָדאָראָזשנאַיא“. דער פּאָסאַזשיר מוז זיין נאמען אונטערשרייבען אויף יעדער פּאָסט־סטאַציאָן אין רייזענדער בוך. פּעאדארא האט דאָפיר אויך געזארגט, וויא מיר וועלען באלד זעהן.

יערמאלאוו׳ן האט זיא זעהר לייכט איינגערעדט, ער זאל פאהרען מיט׳ן באהן און זיא ערווארטען אין א האָטעל, וועלכען זיא האט איהם אנגעוויעזען. ער האט זעהר געוואלט פאהרען מיט איהר צוזאמען, זיא האט איהם אבער געגעבען צו פערשטעהן, אז דאס קען ניט זיין, ווייל זיא האט מורא פאר דיא פּאָליציי. דער האלב־וואהנזיניגער יערמאלאוו איז מיט אלעס געווען צופריעדען.

מיר טרעפען זיא יעצט אין דער קאַרעטע איינינע מייל פון פּעטערבורג. עס איז פארנאכט. פּעאָדאָרא קימערט עס וועניג, אויב עס איז טאג אדער נאכט. זיא איז בעשעפטיגט מיט איין געדאנק אָנהויבען צו פיהרען א נייעס לעבען ערגעץ אין א גרויסער שטאָדט. פלוצלונג האט זיא אנגעהויבען צו רופען דעם יאַמשטשיק:

— עה, יאַמשטשיק! וויא הייסט דיא נעכסטע פּאָסט־סטאַציאָן, וואו מיר וועלען בייטען דיא פערד?

— גאָלאָדנאַיא, האט דער יאַמשטשיק געענטפערט.

— איז דארט דא א דארף לעבען דער פּאָסט־סטאַנציאָן און א גאסט־הויז, וואו איך זאל קענען איבערנעכטיגען?

— געוויס. גאָלאדנאַיא איז א גרויס דארף, דארט געפינט זיך א גאסט־הויז.

פּעאדארא האט ארויסגענומען א נאָטיץ ביכעל און האט דארט עפּעס געזוכט. דיא קאַרעטע איז געפאהרען ווייטער און איז באלד צוגעקומען צו דער פּאסט־סטאציאן. פּעאָדאָרא איז אראָפּגעגאנגען, האט געוויעזען איהר פּאָדאָראָזשנאיא און האט געזאגט דעם פּאָסטמייסטער, אז זיא איז זעהר מיעד און וויל זיך אָפּרוהען. דער יאמשטשיק האט זיא צוגעפיהרט צום גאסט־הויז. דער ווירטה פון׳ם גאסט־הויז איז ארויסגעלאָפען, ווען ער האט דערהערט דעם גלאק פון א פּאָסט וואגען. ער האט זיך טיעף פערנייגט פאר פּעאָדאָרא און האט געפרעגט, וואס זיא פערלאנגט?

— איך דארף האָבען א בעזונדער צימער אויף א פּאָר שטונדען, האט פּעאָדאָרא איהם געזאגט.

דער ווירטה האט זיא אריינגעפיהרט צו זיך אין שטוב און האט איהר געוואלט וויזען זיין בעסטעס צימער. פּעאָדאָרא האט איהם אויפגעהאלטען און האט איהם געפרעגט, אויב עס איז אהער געקומען היינט א דאמע? דער ווירטה האט איהר געענטפערט, אז עס איז היינט ווירקליך געקומען צו פאהרען א דאמע, וועלכע געפינט זיך יעצט אין איהר צימער אויפ׳ן צווייטען שטאק

— פיהר מיך צו איהר, האט פּעאָדאָרא געזאגט.

דער ווירטה האט זיא ארויפגעפיהרט אויפ׳ן צווייטען שטאק און האט איהר

געוויעזען דאס צימער. פעאדארא האט אָנגעקלאפט, דיא טהיר האט זיך געעפענט און לעאָני האט זיך געוויעזען אין דער טהיר.

— איך בין זעהר צופריעדען, וואס דוא ביסט שוין דא, האט פעאָדארא געזאגט. יעצט וועט שוין אלעס גוט זיין.

זיא איז אריין צו איהר אין צימער, האט זיך אויסגעטהאן און האט זיך געזעצט לעבען לעאני. דער ווירטה האט געזעהן, אז ביידע דאמען קענען זיך און האט פערשטאַ־נען, אז דא איז עפעס. ער האט זיך אנגעהויבען צו קראצען אין קאפ, וויא דיא רוסישע בויערן טהוען, ווען זיי פערשטעהן עפעס ניט, און איז זיך אוועקגעגאנגען זיין וועג.

— האט איהר ניט געהאט קיין שוויעריגקייטען ביים אוועקפאהרען? האט לעאני געפרעגט.

— ניין, אלעס איז געשעהן וויא מיר האבען אפגערעדט. איך בין אוועקגעפאה־רען און קיינער האט מיך ניט געזעהן, קיינער וויים ניט, אז איך בין אוועקגעפאהרען און וואוהין איך בין געפאהרען. נור איין זאך בעאונרוהיגט מיך. איך האב דעם וואהנ־זיניגען יערמאָלאָוו ניט געזעהן ניט נעכטען, ניט היינט. איך קען עס ניט פערשטעהן, וואס ער איז ניט געקומען. עפעס מוז דא זיין. ענטוועדער דיא ניהיליסטען האבען איהם גע־טוידטעט, אָדער מען האט איהם אַרעטירט. איך האב מורא פאר דיעזען האלב וואהנ־זיניגען מענשען. ער איז זעהר לייכטזיניג און קען זעהר לייכט פלוידערן.

— פאר איהם האט איהר ניט, וואס מורא צו האבען, האט לעאָני געענטפערט. ער איז דאך אזוי פערליעבט אין אייך.

— און וויא ביסט דוא געקומען אַהער? האט פעאדארא געפרעגט. האסט דוא ניט געהאט קיין שווערינקייטען אויפ'ן וועג?

— אזוי וויא מיר האבען אפגערעדט אין פעטערבורג, אזוי האב איך געטהאן. איך האב גענומען פּאָסט־פערד נור ביז גאָלאָדנאַיאַ.

— איך דאנק דיר, לעאָני, דוא מיין טרייע פריינדין! האט פעאָדאָרא אויסגע־רופען. דוא ביסט שטענדיג געוועזן מיין טרייע בעגלייטערין און וואהרע פריינדין. מיר וועלען זיך יעצט שיידען, דוא וועסט פאהרען צוריק קיין פעטערבורג און איך וועל פאה־רען קיין מאסקווא אדער ערגעץ אנדערש. יעצט איז געקומען דיא צייט, איך זאל דיר בעלוינען פאר דיין ליעבע און דיין טרייהייט צו מיר. איך האב דיר צו געזאגט צו געבען צוויי טויזענד רובעל פאר אונזער שיידען זיך און איך האלט מיין ווארט.

זיא האט ארויסגענומען א פעקעל באנק־בילעטען און האט איהר דערלאנגט. לעאני האט עס צוגענומען. דאס געלד האט איהר געקומט שוין לאנג.

— יעצט מוזט דוא מיר נאך טהאן דעם לעצטען דיענסט, האט פעאדאָרא גע־זאגט, מיר האבען אזוי אפגערעדט אין פעטערבורג. דוא וועסט נעהמען מיין פּאס און וועסט פאהרען קיין מאסקווא מיט מיין פּאָדאָראָזשנאַיאַ און איך וועל דא בלייבען.

— נור אויף דיעזע ארט זייט איהר געוויס זיכער, אז איהר וועט אָפּנאררען אייערע פערפאָלגער. איך מיין צוואר, אז קיינער פערפאָלגט אייך ניט און איהר דארפט זיך גאר ניט אזוי היטען. ווען איהר פערלאנגט עס אבער, וועל איך עס טהאן.

— יעצט געה און הייס ברענגען א סאמאָוואר און עפּעס עסען האט פעאדארא געזאגט, אין צוויי שטונדען ארום וועט קומען דער יאמשטשיק און דוא וועסט מיט איהם אוועקפאהרען. איך וועל מיך מאכען קראנק און וועל דא בלייבען א טאג אדער צוויי, דערנאך וועל איך נעהמען פאָסט־פערדד און וועל אוועקפאהרען.

אין צוויי שטונדען ארום איז צוגעפאהרען דיא קארעטע צום גאסט־הויז. פון דיא טרעפּ איז אראפּגעגאנגען א דאמע מיט א וואוּאל אויפ'ן געזיכט, האט בעצאהלט דעם ווירטה זיין רעכנונג און האט זיך אריינגעזעצט אין קארעטע. דיא פערד האבען געריהרט און דיא קארעטע איז פערשוואונדען אין דער דונקעלער נאכט.

מוטהיג און לוסטיג זיינען געלאפען דיא פערד אויפ'ן ברייטען טראקט. פּלוצלונג האט זיך איין פערד דערשראקען און איז אפּגעשפּרונגען אין דער זייט. דאס צווייטע פערד האט זיך פארטשעפּעט אין דיא לייצעס און איז אומגעפאלען. דער יאמשטשיק איז אראפּגעגאנגען זעהן, וואס דאָרט איז געשעהן און בעפרייען דאס פערד, ווען א קרעפטיגע האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף זיין פּלייצע און א טיעפע מענער־שטימע האט געזאגט:

— בעפריי דיין פערד, אבער ריהר דיך ניט פון אָרט.

דער יאמשטשיק האט זיך דערשראָקען. ער האט געמיינט, אז רויבער זיינען איהם אנגעפאלען. ער האט געוואָלט אנהויבען צו שרייען. דיא מענער־שטימע האט איהם אבער געזאגט:

— שרעק דיך ניט, דיר וועט גאר ניט געשעהן. מיר זיינען אגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי און האבען עפּעס צו רעדען מיט דיין פּאסאזשיר.

ביי דיא ווערטער „געהיים־פּאָליציי" האט זיך דער יאמשטשיק בערוהיגט. ער האט געוואוינט ניט וויט פון פּעטערבורג און האט זיך גענוג אנגעהערט פון ניהיליסטען און געהיים־פּאָליציי. פאר דער געהיים־פּאָליציי האט מען מורא אין דער גרויסער שטאדט, וויא אין ווילדען וואלד. ער האט דאהער ניט גערעדט קיין וואָרט און האט געלאזען דיא געהיים־פּאָליציי טהאן, וואס זיי האבען געוואָלט.

— — — — — — — — — — — — — —

מיר האבען איבערגעלאזט באיאנאווסקי און דאקטאר גרעטש זיך בעראַטהען, וואס צו טהאן געגען פעאדארא. יערמאלאוו האט זיי דערצעהלט, אז פעאדארא פאהרט מארגען אוועק קיין מאָסקווא. באיאנאווסקי איז געווען פעסט איבערציינגט, אז דיא געהיים־פּאָליציי שיקט זיא אהין אויסגעפינען דיא ניהיליסטען פון'ם מאָסקווער פעראיין (קרוזשאָק).

— מען מוז ענדליך עפּעס טהאן, אז דיעזער טייפעל אין מענשען־געשטאלט זאָל מעהר ניט קענען שאדען, האט ער געזאגט צו דאקטאר גרעטש. זיא האט שוין אזוי פיעל מענשען אונגליקליך געמאכט, אזוי פיעל עדעלע מענער פערשיקט קיין סיביר, אז זיא האט שוין צעהן מאל פערדיענט דעם טוידט. איך וויל אבער מיינע הענד ניט בעשמוצען מיט'ן בלוט פון דיעזער שלאנג! איך מוז זעהן נאך היינט ביי נאכט איבער־רעדען מיט מיינע קאמעראדען, וואס צו טהאן, און וויא אזוי צו מאכען דיעזע פרוי אונשעדליך.

דאקטאר גרעטש איז אבער געווען נור א געלערנטער. ער האט זיך ווענינ געקימערט אום דיא פּאָליטיק. ער האט סימפּאַטיזירט מיט דיא ניהיליסטען. ער האט אויך געוואָלט לעבען אין א פרייעס רוסלאנד, וואו יעדער מענש מעג פריי און אָפען ארויסזאגען און אנשרייבען זיין מיינונג. ער האט זיך אבער ניט אריינגעמישט אין קיין ניהיליסטישע פערשווערונג.

— מיט וואס קען איך אייך העלפען, פריינד באיאנאווסקי? האט ער געפרעגט. איך וועל געוויס טהאן אלעס, וואס איך קען נור.

— דאס איינציגע, וואס איהר קענט יעצט טהאן פון מיינעט וועגען, איז, איהר זאָלט מיר שאפען אנדערע קליידער און ווען מעגליך, א גוטע מאסקע, מיט א לאנגער שווארצער בארד. אין קייסערס קיך האבען מיר אלע געמוזט געהן גלאַט אָפּראזירט. אזוי איז דאָרט איינגעפיהרט. ווען איך געה יעצט ארויס מיט א לאנגער בארד אנגע־טהאן, וויא א קויפמאן, פון א קליין שטעדטעל, וועט מיך קיינער ניט דערקענען. איך וועל אויפזוכען מיינע פריינד און וועל שוין מיט זיי אפּרעדען וואס צו טהאן.

דאקטאר גרעטש איז עס געווען ניט גאנץ אנגענעהם צו געהן ביי נאכט זוכען קליידער און א פּאַריק. ער איז אבער דאך געגאנגען און איז צוריקגעקומען אין א פּאר שטונדען ארום מיט א קאָסטיום און מיט א פעררוק. באיאנאווסקי האט זיך באַלד איבערגעטהאן. ער האט זיך אנגעקוקט אין שפּיעגעל און איז געווען צופריעדען מיט זיין מאסקעראד־קאסטיום. ער איז ארויסגעגאנגען. דאקטאר גרעטש איז געבליעבען אליין.

— איז עס נאך ווענינ, וואס מענשען שפּיעלען א קאָמעדיע אין זייער לעבען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, זיי רעדען ניט, וואס זיי מיינען, זיי זאגען ניט, וואס זיי טראַכטען, זיי טהוען ניט, וואס זיי ווילען, — מוזען זיי נאך זיך פאַרשטעלען, ווען זיי געהען ארויס אויף דער גאס? — אזוי איז עס אין אונזער „היילינגען" רוסלאנד. אלעס איז נור א מאַסקע, א פאַלשער פעררוק. מוז איך דען ניט אנטהאָן מיינע געדאַנקען אין א מאַסקע, אין א פעררוק, ווען איך שרייב מיין בוך? וויקלען דען ניט איין דיא בעסטע שרייבערס זייערע געדאנקען, זייערע מיינונגען אין א מאַסקע? וואס איז דען א גוטער ראָמאַן, ווען ניט א מאַסקע פאר א גוטע אידעע? מיר קענען דעם פאָלק ניט געבען ביטערע פּילען צו שלינגען — ארויסזאגען זיי דיא גאנצע וואהרהייט. מיר מוזען פערזיל־בערן דיא פּילען, אנטהאָן זיי א מאַסקע. — וועט עס אבער אייביג אזוי זיין? ווועלען דיא מענשען אייביג מוזען האבען דיא מאַסקע? — איך ווייס ניט. איך צווייפלע, און ווען איך זעה, אז דיא מענשען האבען מעהר ליעב דיא מאַסקע, אלס דעם געדאנק, וועלכער ליעגט פערבאָרגען אונטער דער מאַסקע; ווען איך זעה, אז דיא מענשען זיינען צופריעדען מיט דער מאַסקע — איך מיין, מיט'ן ראָמאַן — און ווילען ניט, אדער קענען ניט פער־שטעהן דיא אידעע פון'ם ראָמאַן — דאן פערצווייפלע איך אן דיא מענשהייט. זיי וועלען שטענדיג זיין ענטציקט פון דיא שעהנע דעקאָראציאָנען און וועלען זיך ווענינ קימערן צו פערשטעהן דיא דראמאַ; זיי וועלען זיך שטענדיג בוקען צו דער גאָלדענער קאָרעטע, אין וועלכער א קייסער פאהרט און וועלען קיין מאָל ניט פערשטעהן דיא דראמאַ, אין וועלכער דיעזער קייסער און זיי שפּיעלען דיא הויפּט־ראָלען. —

ער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, און האט ארויסגענומען א גרויס בוך פון זיין ביכער־שאפע.

— קום אהער, דוא מיין איינציגע, טרייע געליעבטע, האט ער געזאגט צום בוך. מיט דיר פערגעס איך דיא וועלט, דיא מענשען, דיא הערשער, זייערע ליידען, זייער דומהייט און זייער גרויסקייט.

ער האט צוגעקוועטשט דאס בוך צום הארצען, וויא זיין בעסטען פריינד, האט איהם געעפענט און האט זיך געזעצט לעזען. ביז אין ווייסען טאג האט געברענט דער לאמפ אויף זיין ט״ש.

באיאנאווסקי איז אונטערדעסען געגאנגען אויף דיא קאנספיראציאנס־קווארטיר פון דיא ניהיליסטען. ער האט זיי געפונען פערזאמעלט. זיי האבען זיך בעראטהען, וואס זיי זאלען יעצט טהאן, אז עס איז ניט געלונגען דיא עקספלאזיאן אין קייסערס ווינטער פאלאץ. אלע האבען זיך דערפרייט, ווען מען האט איהם דערזעהן. מען האט איהם געדריקט דיא הענד, מען האט איהם געוואונשען גליק, מען האט איהם ארומגענומען און געקושט.

— ברידער! האט באיאנאווסקי געזאגט, ווען אלע האבען זיך אביסעל בערו־היגט, איך קום יעצט אין איינער זאנדערבארען אנגעלעגענהייט. איך קום פערקלאגען מיין איינענע פרוי. זיא פאהרט מארגען קיין מאסקווא. זיא מוז האבען געהיימע בע־פעהלע פון דער פאליציי, וויל זיא פאהרט ניט מיט דער באהן, זאנדערן מיט דער פאסט. מיר האבען אין מאסקווא פיעל מיטגליעדער. מיר טארען עס ניט דערלאזען, אז דיעזע שלאנג אין פרויען־געשטאלט זאל אונז נאך ווייטער שאדען.

— איך וועל נאכפאהרען און זיא טוידטען אויפ׳ן וועג, האט זיך אנגערופען מי־כאילאוו.

— טוידטען? זיא יעצט טוידטען איז ניט גלייך, האט באיאנאווסקי געזאגט. עס וואלט בעסער געווען, ווען מען זאל קענען זיא האלטען געפאנגען לעבעדיגערהייט. זיא וויים פיעלע געהיימניסע פון דער געהיים־פאליציי, וועלכע קענען אונז ניצען. איך אליין וואלט אויך געוואלט ערפאהרען פון איהר איינינע זאכען, וואס זיינען זעהר וויכטיג פאר מיר.

— איך האב אנאנדער פלאן, האט זיך אנגערופען סטעפאנאוויטש, א כודעבני סלעדאוואטעל (אונטערזוכונגס ריכטער). איך קען מיך מיט א דאקטאר דערונאוו. ער האט א פריוואט אנשטאלט פאר משוגעים. וואלט דען ניט גלייכער געווען, מיר זאלען זיא האלטען פערשפארט ביי דאקטאר דערונאוו אלס וואהנזיניגע? דאן וועלען מיר קענען פון איהר אלעס ערפאהרען. דאקטאר דערונאוו האט מיטעל, וויא אזוי צו מא־כען איינעם רעדענדיג.

דער פלאן איז אנגענומען געווארען איינשטימיג. מען האט נאך בעשפראכען, וויא אזוי איהם אויסצופיהרען. מען האט אנגעשריעבען דיא נייטיגע פאספארטען. מען האט ניט פערגעסען נאכצומאכען קארטען פון אגענטען פון דער געהיים פאליציי מיט מעזענצאוו׳ס אונטערשריפט און מיט׳ן זיעגעל פון דער טרעטיע אטדעלעניע. ערשט פארטאג איז מען זיך צוגאנגען.

— — — — — — — — — — — — —

עס איז צעהן אוהר ביי נאכט. אויפ'ן ברייטען טראקט פון פעטערבורג קיין מאסקווא שטעהן צוויי מענער און רעדען.

— איך האב אליין געזעהן, וויא זיא איז געפאהרען קיין גאלאדנאיא, זאגט איי־נער. זיא מוז באלד קומען. מיר וועלען זעהן איבערשרעקען דעם יאמשטשיק, אז מיר זיינען אגענטען פון דער געהיים פאליציי. ווען ער וועט זיך ניט לאזען און וועט פאר־דערן, אז מיר זאלען מיט איהם פאהרען צוריק צו דיא פאסט־סטאציאן, וועלען מיר געברויכען אנדערע מיטעל.

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט. מען האט געהערט דעם גלאָק פון א פאָסט וואָגען.

— האלט פערטיג דעם שטריק אום דיא פערד צו פארטשעפען, האט איינער פון דיא מענער געזאגט.

דיא קארעטע איז אָנגעקומען. איין פערד האט זיך פערטשעפעט אין דיא שטריק, אז ער איז אניעדערגעפאלען. איינער פון דיא מענער האט אָנגעהאפט דעם יאמשטשיק ביי דיא פלייצעס און האט איהם געזאגט, אז זיי זיינען פון דער געהיים פאליציי און ווילען ארעטירען דעם פאסאזשיר. דער יאמשטשיק האט זיך דערשראָקען און האט זיי געלאזט טהאן, וואס זיי האבען געוואלט. איינער פון דיא מענער האט געעפענט דיא קארעטע און האט דערזעהן, אז אינעווענינ זיצט א פרוי און ציטערט.

— קום נור ארויס, מיין טהייערע פרוי, איך האב מיט דיר א פאָר ווערטער צו רעדען, האט באַיאנאָווסקי געזאגט.

לעאָני האט אָנפאנגס געמיינט, אז רויבער זיינען אָנגעפאלען אויף דער קארעטע און ווילען זיא בערויבען. זיא האט זיך אזוי שטארק דערשראָקען, אז זיא האט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. קוים האט זיא אבער דערהערט באַיאנאָווסקי'ס שטימע און אז ער רופט זיא, מיין טהייער ווייב, האט זיא זיך בערוהיגט און האט געזאגט:

— מיינע העררען, איהר האט א טעות געהאט. איך בין ניט דיא, וועלכע איהר זוכט.

באַיאנאָווסקי איז אויפגעשפרונגען. ער האט אנגעצונדען א שוועבעלע און האט זיך צוגעקוקט צו דער דאמע — דאס איז ווירקליך אנאנדערע. וויא א בליץ איז איהם דורכגעלאפען דער געדאנק אין קאָפּ, אז דאָס האט פעאָדאָרא אומיסטען געטהאן אום זיי אָפּצונארען. ער האט ארויסגעחאפט א רעוואָלווער פון דער קעשענע און האט געציעלט אויף לעאָני און האט אויסגערופען מיט אדאָנערענדער שטימע:

— זאָג מיר דיא וואהרהייט, אָדער איך שיעס דיך! האט דיך פעאָדאָרא גע־שיקט אין דיעזער קארעטע אָדער דוא פאהרסט ערגעץ וועגען דיינע אייגענע געשעפטען?

— איהר דארפט מיר ניט דראהען האט לעאָני געענטפערט רוהיג, איך וועל אייך אלעס דערצעהלען. איך האב ניט געוואוסט, אז איהר זייט צוריקגעקומען פון סי־ביר. ווען איך זאל געוועז ווייסען, וואלט איך אייך געווען אויפגעזוכט און וואלט אייך אלעס דערצעהלט, וויא אייער ליעבע פרוי האט זיך אויפגעפיהרט דיא גאנצע צייט.

— דוא קענסט מיך, אלזאָ? האט באַיאנאָווסקי געפרעגט. דוא ווייסט, ווער איך בין?

— געוויס, קען איך אייך. איך בין אריינגעטרעטען צו אייך אין שטוב א פּאר וואכען, איידער מען האט אייך פערשיקט קיין סיביר. פון יענער צייט אן בין איך גע־בליעבען ביי אייער פרוי. איך וויים מעהר פון אייער פרוי, וויא פיעל איהר קענט דענקען. איך וויל אייך אלעס, אלעס דערצעהלען.

— מיר קענען דאך אָבער ניט בלייבען שטעהן דא, אין דערמיט וועג? האט זיך אפּגערופען באָיאַנאָווסקי׳ס בעגלייטער. עס קען אנפאהרען מענשען, זיי וועלען זיך וואונ־דערן, וואס מיר שטעהן אין דערמיט וועג, זיי וועלען געבען צו וויסען אין דער נעכסטער פּאָסט־סטאַציאָן. עס קענען ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען.

— דוא האסט רעכט, האט באָיאַנאָווסקי געזאגט. איך מוז רעדען מיט דיעזער דאמע אליין אונטער פיער אויגען.

ער האט געפרעגט דעם יאַמשטשיק, וויא ווייט עס איז צו א קרעטשמע. דער יאַמשטשיק האט איהם געזאגט, אז אין צוויי ווערסט ארום איז דא א קרעטשמע. באָיאַנאָווסקי האט איהם געגעבען א פּאָר רובעל „נא וואָדקי“ און ער האט זיך אריינ־געזעצט אין דער קארעטע מיט לעאָני, זיין בעגלייטער האט זיך געזעצט לעבען יאַמ־שטשיק און זיי זיינען געפאהרען צו דער קרעטשמע. אויפ׳ן וועג האט לעאָני איהם דערצעהלט, וויא פעאָדאָרא האט זיך אויפגעפיהרט, זייט מען האט איהם פערשיקט, וויא מעזענצאָוו פלעגט קומען יעדען טאג און פלעגט אוועקרעדען מיט איהר שטונדען לאנג, וויא אזוי צו פערנארען דיא ניהיליסטען, וויא זיא איז פלוצלונג געפאהרען קיין בערלין און איז צוריקגעקומען מיט הוגאָ פאן פאהלען און אלעס, וואס איז שוין בעקאנט פון פעאָדאָראַ׳ס לעבען.

— וויא האט זיא בעהאנדעלט מיין מוטער? האט באָיאַנאָווסקי געפרעגט.

— זעהר שלעכט, האט לעאני געענטפערט. אייער מוטער האט באלד פערשטאַ־נען, אז פעאדארא איז אן אגענטין פון דער געהיים פּאליציי און האט אייך אליין דע־נונסירט. זיא האט איהר אנגעהויבען צו מאכען פּאָרווירפע. פעאדארא האט זיא ערקלערט אלס וואהנזיניג און האט זיא אנגעהויבען צו האלטען פערשפּארט. עס האבען זיך געפונען דאקטוירים, וועלכע האבען בעשטעטיגט, אז זיא איז וואהנזיניג.

— אך, מיין ארמע מוטער! האט באיאנאווסקי אויסגערופען. איך בין שולדיג אין דיינע ליידען! דורך מיר האסט דוא אין דיינע אלטע יאהרען אזויפיעל געליטען, אזוי פיעל איבערגעטראגען שמערץ און נויט! — ביסט דוא געוועזען דערביי, ווען מיינע מוטער איז געשטארבען?

— אך, הערר! האט אויסגעשריען לעאני. יעצט זיינען מיר געקומען צו א גע־היימניס, פון וועלכען עס וויסען נור צוויי מענשען, איך און נאך איינער.—

— א געהיימניס? האט באיאנאווסקי געפרעגט. איך מוז אלעס וויסען! איך וויל וויסען, וויא מיין מוטער איז געשטארבען! פאר א זוהן קען ניט זיין קיין געהיימניס, וויא זיינע מוטער איז געשטארבען.

דיא קארעטע איז דערווייל צוגעפאהרען צו דער קרעטשמע. דער ווירטה איז ארויסגעקומען און האט געפרעגט, וואס דיא געסט פערלאנגען?

— גיב דעם יאמשטשיק עסען און טרינקען, וויאפיעל ער וויל און אונז גיב א בעזונדער צימער, האט באיאנאווסקי געענטפערט.

ער איז ארויסגעשפרונגגען פון דער קארעטע, האט ארויסגענומען לעאני, וויא א העפליכער קאוואליר און איז מיט איהר אריינגעגאנגען אין צימער, וואו דער ווירטה האט זיי אנגעוויזען. ער האט פערשלאסען דיא טהיר און האט זיך געווענדעט צו לעאני.

— זאג מיר דיין געהיימניס! איך וועל עס ניט אויסהאלטען!

— אייער מוטער איז ניט געשטארבען. אייער מוטער לעבט.

באיאנאווסקי האט אויסגעגלאצט דיא אויגען, האט געעפענט דאס מויל און האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. עס זיינען פערגאנגען א פאר מינוטען, ביז ער איז געקומען צו זיך. ער איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל, האט אנגעהאפט לעאני ביי דיא פלייצעס און האט זיא אנגעהייבען צו טרייסלען.

— זאג, מענש! זאגסט דוא מיר דיא וואהרהייט אדער נאררסט דוא מיך אפ? — דאשקאוו האט דאך מיר געוויעזען דעם ארט, וואו מען האט זיא פערשארט אין קעלער?

— דאס איז אן אנדערע לייכע געוועזן, דאס איז ניט געוועזן אייער מוטער.

זיא האט איהם דערצעהלט אלעס, וויא פעאדארא האט געוואלט פערגיפטען זיין מוטער און האט זיא, לעאני׳ן אנגערעדט, אז זיא זאל עס טהאן און וויא מיכאאיל באקונין האט איהר פערשאפט אנאנדער לייכע. יעצט ערשט האט באיאנאווסקי אלעס פערשטאנען.

— יעצט גלויב איך דיר! האט ער אויסגערופען. ווען דוא קענסט באקונין, ווען באקונין האט דערפון געוואוסט, האט ער געוויס גערעטעט מיינע מוטער. יעצט איז מיר שוין אלעס פערענטפערט. מיכאאיל באקונין! דוא, גוטער, עדעלער פריינד! דוא האסט גערעטעט מיינע מוטער! — אבער וואו איז זיא יעצט? ליידעט זיא ניט קיין נויט? איז זיא פערזארגט מיט אלעם נייטיגען?

— זייט רוהיג, הערר באיאנאווסקי, אייער מוטער געפינט זיך ביי גוטע מענשען, זיא איז פערזארגט מיט אלעם נייטיגען און זיא האט זיך גוט נוקם געווען אן פעאדארא.

זיא האט איהם דערצעהלט, וויא זיין מוטער פלעגט קומען צו פעאדארא אלס גייסט און פלעגט זיא אלע מאל איבערשרעקען, וויא פעאדארא איז געוועזן פערצווייפעלט און איז שיעור ניט קראנק געווארען

— אבער וואו געפינט זיך יעצט מיין מוטער? האט באיאנאווסקי געפרעגט אונ־געדולדיג.

— ביי א מאדעהענדלערין, מאריא פעטראוונא. זיא האלט א מאגאזין פון מא־דעס לעבען נעווסקי פראספעקט

— א מאדעהענדלערין, מאריא פעטראוונא? האט איבערגעפרעגט באיאנאווסקי, א ניעדעריגע, א הויקערדיגע?

— דאס איז זיא, האט לעאני געענטפערט.

— איך בין מיט איינינע טאג צוריק געוועזן ביי איהר אין מאגאזין. אך! איך בין

געוועז אזוי נאהענט פון מיין מוטער און האב ניט געוואוסט דערפון! אין דעמזעלבען מאגאזין האב איך דאך געטראפפען פעאדארא!

א שטראם פון טרערין, פון פריידענטרערין האט זיך א גאָס געטהאן פון זיינע אויגען. יעצט איז ער געווען פאלקאמען איבערציינגט, אז אלעס, וואס לעאָני זאגט איהם איז אמת. באקונין האט דאך ביי מאריא פעטראָוונא איבערגעלאזען דעם דינאמיט פאר דיא ניהיליסטען. אלזא, קען באקונין דיא שניידערין מאריא פעטראווונא. ער האט גענומען לעאָני'ס הענד און האט זיי אנגעהויבען צו קושען.

— וויא זאל איך דיר דאנקען, ליעבעס מעדכען, דערפאר וואס דוא האסט גע־רעטעט מיין מוטער? האט ער אויסגעשריען איין מאל נאכ'ן אנדערן.

עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט, ביז באיאנאָווסקי האט זיך אין גאנצען בע־רוהיגט. דער ווירטה האט אונטערדעסען געבראכט דעם סאמאָוואר מיט גלעזער, אָבער ניט ער, ניט לעאָני האבען זיך ניט צוגעריהרט צום טהעע. איין זאך נור האט ער ניט פערשטאנען, פאר וואס באקונין האט איהם ניט געשריעבען, אז זיין מוטער לעבט נאך. באקונין איז געפאהרען קיין עסטעררייך אגיטירען צווישען דיא ארבייטער. זיי האבען אבער געפיהרט א בעשטענדיגע קאָררעספאנדענץ. אויף יעדער פערזאמלונג פון דיא ניהיליסטען פלעגט מען פארלעזען באקונינ'ס בריעף. באיאנאווסקי אליין האט ערהאלטען פון איהם איינינע בריעף. אין דיעזע בריעף האט אבער באקונין ניט דערמאנט באָיאַ־נאווסקי'ס מוטער.

ענדליך האט זיך באיאנאָווסקי אין גאנצען בערוהיגט און האט זיך דערמאנט, צו וועלכען צוועק ער איז געקומען אהער.

— קענסט דוא מיר ניט זאגען, לעאָני, פאר וואס פעאָדאָראַ פאהרט יעצט קיין מאָסקווא? האט זיא איין אויפטראג פון דער געהיים פאָליציי, אָדער זיא האט דארט א נייע ליעבע?

— דאס קען איך ניט וויסען. פעאָדאָראַ זאגט מיר קיין מאל ניט דאס, וואס עס טויג איהר ניט.

— אָבער דאס איז געוויס, אז זיא געפינט זיך יעצט אין גאָלאָדנאיא?

— ווען איך בין פון דארט ארויסגעפאהרען, איז זיא נאך דארט געבליעבען. זיא האט מיר געגעבען איהר פאספאָרט און איהר פאָדאָראָזשנאיא.

— האסט דוא גענוג געלד מיט זיך?

— איך האב גענוג.

— אלזאָ פאהר דוא וויטער דיין וועג קיין מאסקווא. איך האף אבער דיך באלד צו זעהן אין פעטערבורג ביי מאריא פעטראָוונא.

ער האט איהר געגעבען דיא האנד און האט פון איהר אבשיעד גענומען.

— — — — — — — — — — — — — — —

באָיאנאָווסקי מיט זיין בעגלייטער זיינען ארויס פון דער קרעטשמע. זיי זיינען אוועקגעגאנגען איינינע הונדערט שריט און באָיאנאווסקי האט געגעבען א פייף. פון דער וויטען האט מען געענטפערט עבענפאלס מיט א פייף. דאס איז געווען דיא קארעטע, מיט וועלכע ער און זיין בעגלייטער זיינען געקומען צו פאהרען

פון פעטערבורג. דער קוטשער איז אויך געווען א ניהיליסט. ער האט געוואוסט, צו וועלכען צוועק זיי פאהרען. ער איז געשטאנען מיט דער קארעטע פון דער ווייטען, ווען באַיאַנאַווסקי האט אויפגעהאלטען דיא פּאָסט־קארעטע מיט לעאני׳ן. ער האט געזעהן, וויא דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען מיט באיאנאָווסקי, מיט זיין בעגלייטער און איז זיי נאכגעפאהרען. יעצט, ווען ער האט דערהערט באיאנאָווסקי׳ס צייכען, האט ער גע־ענטפערט, אז ער איז דא און ווארט אויף זיי. ער איז אויך באלד צו געפאהרען צו זיי.

— איהר זייט אליין? האט ער געפרעגט. איהר האט אונזער פלאַן ניט געקענט אויספיהרען?

— ניט דאס איז דיא אורזאכע, וואס מיר זיינען אליין, האט באיאנאווסקי גע־ענטפערט. מיין ליעבע פרוי האט אונז געוואלט אפנאררען, זיא האט ארויסגעשיקט איהר קאַמער־מעדכען אין איהר קארעטע. נון, יעצט פריינד, שנעל! יעצט וועט זיא זיך ניט אויסדרעהן פון אונזערע הענד. — דוא ווייסט דעם וועג קיין גאלאדנאיא?

— געוויס, וויים איך, האט דער קוטשער געענטפערט.

— אלזא, שנעל! מיר טארען קיין צייט ניט פערליערען.

זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע און זיינען געפאהרען קיין גאַלאָד־נאיא. אין דער קארעטע האבען זיי זיך איבערגעטהאן. מיכאילאָוו, באיאנאווסקי׳ס בעגלייטער, האט זיך אנגעטהאן פאר א זשאנדארמסקי פּאָלקאווניק. באיאנאווסקי האט זיך אנגעטהאן פאר א זשאנדארם. עס איז שוין געווען גאנץ שפעט אין דער נאכט, ווען זיי זיינען אנגעקומען קיין גאלאדנאיא. אין דער קרעטשמע זיינען שוין אלע געשלאפען. דער קוטשער האט אנגעקלאפט אין דער טהיר. דער ווירטה איז ארויס־געקומען פערשלאפען און האט געפרעגט, וואס זיי פערלאנגען? מיכאילאוו האט זיך ארויסגעבויגען פון דער קארעטע און האט איהם צוגערופען צו זיך.

— איז היינט געקומען צו דיר א דאמע?

— עס זיינען געקומען צו פאהרען צוויי דאמען, האט דער ווירטה געענטפערט. איינע איז געקומען אין דער פריה. דיא אנדערע איז געקומען פאר נאכט און איז באלד אוועקגעפאהרען.

— וואו איז דיא ערשטע דאמע? איז זיא נאך דא?

— זיא איז נאך דא, האט דער ווירטה געענטפערט.

איהם איז ניט געפעלען, וואס דיא אנדערע דאמע האט זיך געפרעגט צו דער ערשטער, האט מיט איהר גערעדט א געוויסע צייט און איז באלד אוועקגעפאהרען. ער האט פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. אלס רוסישער בויער אבער, האט ער זיך געטראַכט: וואס געהט עס מיך אן? ביי מיר איז א גאסט־הויז, עס קומען צו מיר פערשיעדענע מענשען, איך בין פאר זיי ניט פעראנטווארטליך. דער אוריאַניק דארף זיי פרעגען אויף פּעסער. ווען ער האט אבער יעצט דערזעהן א זשאַנדארמסקי פאלקאווניק פרעגען אויף דיא דאמע, האט ער זיך שטארק דערשראקען.

— וואו געפינט זיך יעצט דיא דאמע? האט מיכאילאוו געפרעגט.

— זיא שלאפט ביי זיך אין צימער, אין דעם דאכשטיבעל.

מיכאילאוו און באיאנאווסקי זיינען ארויס פון דער קארעטע. דער ווירטה האט

אנגעהויבען צו ציטערן. ער האט געהערט פון דיא ניהיליסטען און וואס עס איז געשעהן ניט לאנג אין קייסערס ווינטער־פאלאין. באיאנאווסקי מיט זיין בעגלייטער האבען בענוצט דעם שרעק פון׳ם ווירטה.

— הער נור מאן, האט מיכאילאוו געזאגט. מיר זיינען אגענטען פון דער געהיים פאליציי און זיינען געקומען ארעטירען דיא דאמע, וועלכע געפינט זיך ביי דיר. זיא איז א גרויסע פערברעכערין. מיר קענען דיך אויך ארעטירען, פאר וואס דוא האסט אויפ־גענומען א ניהיליסטין צו זיך אין שטוב און האסט עס ניט געמעלדעט דעם אוריאדניק.

דער ווירטה איז געפאלען צו דיא פיס און האט אנגעהויבען צו בעטען:

— האט אויף מיר מיר רחמנות! איך וויים ניט פון וואס צו זאגען. עס קומען צו מיר פערשיעדענע מענשען אין קרעטשמע.

— מיר וועלען דיר גאר ניט טהאן, האט מיכאילאוו געזאגט. מיר פארדערן נור פון דיר, אז דוא זאלסט קיינעם ניט דערצעהלען, וואס דא איז פארגעקומען. דוא וועסט הערען געשרייען, וויינען, בעטען, מעגליך א שאס פון א רעוואלווער — קיין זאך זאל דיך ניט הארען. ווען איינער פון דיינע הויז מענשען וועט זיך אויפחאפען און פרעגען וואס דאס איז פאר א געשרייען, זאלסט דוא איהם זאגען, אז עס איז גאר נישט און זאלסט איהם הייסען זיך לעגען שלאפען. דוא ביסט פעראנטווארטליך, ווען מען וועט אונז שטערען און ניט לאזען ארעטירען דיא געפעהרליכע ניהיליסטין. — יעצט צייג אונז דעם וועג צו דעם צימער, וואו דיא דאמע שלאפט און געה צוריק אין שטוב זעהן אז אלעס זאל זיין שטיל.

דער ווירטה האט זיי געדאנקט, וואס זיי ווילען איהם ניט ארעטירען און האט זיי געוויעזען דעם וועג צום צימער, וואו פעאדארא איז געשלאפען. זיי זיינען אריין שטילער־הייט אין צימער. ווען באיאנאווסקי האט אנגעצונדען דאס ליכט, וואס איז געשטאנען אויפ׳ן טיש, האט זיך פעאדארא אויפגעחאפט מיט שרעק און האט דערזעהן דיא זילבערנע עפאלעטען פון א זשאנדערמסקי פאלקאווניק. זיא האט געמיינט אז דאס איז מעזענצאוו.

— מעזענצאוו! האט זיא אויסגערופען. וויא קומסט דוא אהער?

— איך בין עס! האט באיאנאווסקי אויסגערופען. עס איז ניט דיין געליעבטער, עס איז דיין מאן, וועלבען דוא האסט אזוי ניעדערטרעכטיג פערקויפט צו דער געהיים פאליציי.

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א רעוואלווער און האט איהר געוויע־זען. פעאדארא האט געגעבען א שרעקליכען געשריי און איז געפאלען אין אהנמאכט.

— שטעה אויף און טהו זיך אן! האט בעפוילען באיאנאווסקי, ווען זיא איז געקומען צו זיך. דוא ביסט גענוג ארומגעפאהרען מיט דיינע מעזענצאוו׳ס, דיינע יאגאָד־קינ׳ס און דיינע יערמאלאוו׳ס, דוא מעגסט שוין מאכען אמאל א שפאציער מיט דיין מאן.

פעאדאראַ האט געוואלט שרייען, צונויפרופען מענשען, מאכען א ליארם אין דארף, באיאנאווסקי אבער האט איהר געוויעזען דעם רעוואלווער און האט איהר געזאגט:

— ביים ערשטען געשריי, וואס דוא וועסט געבען ביסט דוא א טוידטע זיי

רוהיג און קום מיט אונז, וועסט דוא בעסער מאכען. איך האב מיט דיר צו רעדען נאך איבער זעהר פיעל זאכען.

פעאדארא האט איינגעזעהן, אז דא וועט איהר גאר ניט העלפען. זיי קענען זיא טוידטען, אדער פערשטאָפּען איהר דאס מויל מיט עפּעס, זיא זאל ניט קענען שרייען. זיא האט זיך דאהער געטראכט, אז עס איז גלייכער, זיא זאל יעצט פאהרען מיט איהם, אויפ׳ן וועג וועט זיא שוין אויסטראכטען א מיטעל, וויא צו אנטלויפען, אדער איהם אפּצונאררען; מעגליך, זיי וועלען בעגעגענען אגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי, וועלכע זיא וועט קענען געבען א צייכען, אז זיא איז געפאנגען ביי דיא ניהיליסטען. זיא האט זיך באלד אנגעטהאן, האט מיטגענומען איהר סאַק־וואָיאַזש און איז מיט זיי אראפּגע־גאנגען פון דיא טרעפּ. זיא האט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, טאָמער וועט זיא געפינען הילף. עס האט זיך אבער קיינער ניט געוויזען.

— דוא קוקסט זיך אום אומזיסט, האט איהר באיאנאווסקי געזאגט. מיר זיינען אויך קלוג און ווייסען אויך, וויא אזוי צו שיקען אן אנדערע אין אונזער קארעטע. מיר האבען עס אזוי איינגעריכטעט, אז דיר וועט דער טייפעל אליין אויך ניט העלפען. זעהסט דוא דען ניט, אז דיך האט ארעטירט א זשאנדארמסקי פּאָלקאָווניק? ווען דוא ווילסט וועלען מיר דיר צייגען פּאפּיערען פון פעטערבורג, אז מיר זיינען פון דער געהיים פּאָליציי. דוא ווייסט דאָך שוין, וואס פאר א מאכט דיא געהיים־פּאָליציי האט אין רוסלאנד; דיין מעזענצאף האט עס דיר געוויס ערקלערט. יעצט וועסט דוא זיך איבער־צייגען, וואס פאר א ניצליכע זאך דיא געהיים־פּאליציי איז.

פעאדארא האט ניט געענטפערט. זיא האט געטראכט, וויא אזוי זיך אויסצור־דרעהן פון דער געפאהר, אין וועלכע זיא האט זיך יעצט געפונען. זיא איז מיט זיי ארויסגעגאנגען פון דער קרעטשמע. באיאנאווסקי האט געעפענט דיא קארעטע און האט זיא גאנץ העפליך איינגעלאדען אריינצוגעהן.

— מעגליך, אז ער ליעבט מיך נאך, האט פעאדארא געטראכט, דאן וועט מיר זעהר לייכט געלינגען זיך אויסצודרעהן.

זיא איז אריין אין דער קארעטע, באיאנאווסקי האט זיך געזעצט לעבען איהר. מיכאילאָוו האט זיך געזעצט זיי אנטקעגען. דיא קארעטע האט געריהרט. דיא קרעפּטיגע פערד זיינען געלאפען שנעל און באלד זיינען זיי געווען אייניגע וויאָרסט פון גאָלאָדנאיא. דיא קארעטע איז אריינגעפאהרען אין א וואלד און איז געבליעבען שטעהן.

— יעצט מוזען מיר אַראָפּוואַרפען פון אונז אונזערע מאסקאראד־קאָסטיומע, האט מיכאילאָוו געזאגט.

ער איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע, האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דעם מונדיר מיט׳ן שווערד און האט אנגעטהאן זיינע געוועהנליכע קליידער. ווען ער איז אריין אין קארעטע, איז באיאנאווסקי ארויסגעגאנגען און האט זיך שנעל איבערגעטהאן.

— פריינד, מיכאילאָוו, האט באָיאנאָווסקי געבעטען, דוא וועסט זיך זעצען צום קוטשער און מיך לאזען אויף א קורצע צייט מיט מיין ליעבע פרוי, אליין אין קארעטע. מיר האבען פיעלעס מיט איינאנדער צו רעדען.

מיכאילאָוו האט זיך געזעצט לעבען קוטשער. באיאנאווסקי און פעאדארא זיינען

געבליבען אליין אין דער קארעטע. פעאָדאָרא האט זיך פאָלשטענדיג בערוהיגט. זיא האט פעסט געגלויבט, אז באָיאַנאָווסקי ליעבט זיא נאָך. יעצט ווען זיא ווייטער קענען שפּיעלען א קאָמעדיע און איהם פערדרעהען דעם קאָפּ. זיא האט זיך אָבער באַלד איבערצייגט, אז זיא האט א טעות געהאט.

— פארוואס האסט דוא מיך איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דער געהיים פּאָליציי? האט ער געפרעגט שטרענג און שארף מיט'ן טאָן פון א ריכטער, וועלכער פרעגט אויס א פערברעכער.

— ווייל איך האב דיך ניט געליעבט. איך האב געליעבט אַן אַנדערן.

— וואָרום אַלזאָ, האָסט דוא מיך געהייראַטעט?

— ווייל דוא האָסט געהאט א הויכע שטעלע און איך האב געמיינט, אז דוא ביסט רייך. ערשט שפּעטער נאָך דער הייראטה בין איך געוואָהר־געוואָרען, אז דוא לעבסט נור פון דיין געהאַלט, וואס דוא בעקומסט אלס טשינאָווניק. דאס איז געווען פאר מיר ווייניג, איך האב געדארפט האבען מעהר געלד. אין יענער צייט האב איך מיך בעקענט מיט מעזענצאָף און ער האט מיר געוויזען א וועג, וויא צו פערדיענען געלד ביי דער געהיים־פּאָליציי. עס איז מיר געפעלען און איך בין געוואָרען אַן אַגענטין. מיין ערשטע פּראָבע איז געווען אויף דיך. איך האב געעפענט דיא בריעף, וואס זיינען צו דיר אנגעקומען און האב זיי איבערגעגעבען דער געהיים־פּאָליציי.

— נאָך איינע פראגע. וואס איז געווארען פון מיין מוטער?

— דאס אונגליק, וואס דיך האט געטראפען, האט אויף איהר שטארק גע־ווירקט. זיא איז וואהנזיניג געוואָרען און איז אין א קורצע צייט ארום געשטאָרבען.

— וואס וועט זיין, ווען דיעזע אונגליקליכע און געקרענקטע אלטע פרוי וועט אויפשטעהן און שרייען דיר אין'ם געזיכט: „דוא ניעדערטרעכטיגע: דוא האסט מיך געוואָלט פערגיפטען, דיין העלפערין אבער, לעאָני, האט עס ניט געטהאָן, זאנדערן האט מיך בעהאלטען?"

— וואס זאל זיין? וואס ווילסט דוא זאל זיין? איך בין יעצט אין דיינע הענד. טוידטע מיך! דוא האלסט א רעוואָלווער אין דיא הענד. איין קוועטש — און איך בין טוידט. טהו עס! איך האב עס פערדיענט. טויזענד מאל פערדיענט.

פעאדארא האט פערשטאנען, וויא צו שפּיעלען איהר ראָלע. זיא האט געוואוסט, אז באיאנאווסקי איז צו עדעל, צו גראססמוטהיג אום צו טוידטען א פרוי — און נאך א פרוי, וועלכע טראגט זיין נאמען.

— פערדינט האָסט דוא עס געוויס. האט ער געענטפערט קאלט און שטרענג, איך וויל מיך אבער ניט בעשמוצען מיט'ן בלוט פון אזא שלאנג, וויא דוא ביסט.

— אלזא, וואס ווילסט דוא מיט מיר מאכען? האט פעאדארא געפרעגט דער־שראָקען.

— איך האב אַן אנדערע שטראפע פאר דיר, וועלכע איז ערגער וויא דער טוידט.

— דוא פערגעסט, אז איך טראג דיין נאמען, האט פעאדארא געזאגט. ווען דוא טהוסט מיר עפּעס, וועט פאלען דיא שאנדע אויף דיין נאמען.

— מיין נאמען? האט געלאכט באיאנאווסקי. האב איך דען א נאמען? האסט דוא דען גערענקט אן מיין נאמען, ווען דוא האסט מיך פערשיקט קיין סיביר? האט דען א פערשיקטער א נאמען? מיין נאמען? — איך האב קיין נאמען ניט!

אין דיעזע צייט איז דיא קארעטע געבליעבען שטעהן. דער קוטשער איז אראפ נעגאנגען און האט געזאגט:

— מיר זיינען אנגעקומען. שטייגט אויס!

פעאדארא האט ביי דיעזע ווערטער א ציטער געטהאן. אין דרויסען האט אנגע־הויבען צו טאגען. א נאסער, קאלטער, גרויער נעבעל איז געלעגען אויף דער געגענד. אלעס איז געווען בעדעקט מיט דיא גרויע פארבען פון א רוסישען הערבסט־טאג. דורך דיא נאסע מיט טהוי־בעדעקטע שויבען פון דער קארעטע האט פעאדארא געזעהן א גרויס הויז געפארבט אין גרוי, לעבען הויז א גארטען מיט א גרויער שטיינערנער מויער ארום.

— וואוהין האסט דוא מיך געבראכט? וואס איז דאס פאר א הויז? האט זיא געפרעגט דערשראקען.

— עס איז א דול־הויז, האט באיאנאווסקי געענטפערט קאלט־בלוטיג. דוא האסט מיין מוטער געהאלטען פערשפארט אין א צימער און האסט זיא ערקלערט אלס וואהנזיניג. יעצט וועסט דוא אויך פראבירען דאס זעלבע מאכל און וועסט וויסען, וואס עס הייסט זיין צווישען משוגעים, ווען א מענש איז ביי אלע זיינע געדאנקען.

פעאדארא איז צוזאמענגעבראכען. דארויף האט זיא זיך ניט געריכט. זיא האט שטענדיג געגלויבט, אז מיט איהר שענהייט, מיט איהר קלוגהייט, מיט איהר שלויהייט וועט זיא זיך שטענדיג אויסדרעהן און יעצט וועט זיא מוזען פערברענגען איהר וועלט צווישען משוגעים, וויים פון דער פרעהליכער גליקליכער וועלט, אין וועלכע זיא האט געלעבט ביז אהער. זיא האט אבער קיין צייט ניט געהאט לאנג צו טראכטען און צו ציטערן. פון׳ם הויז איז ארויסגעקומען א הויכער, קרעפטיגער מאן מיט א לאנגער, שווארצער בארד און האט געפרעגט:

— האט איהר געבראכט דעם קראנקען? פיהרט איהם אריין.

באיאנאווסקי איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט זיא געוואלט אראפנעהמען. פעאדארא האט ניט געוואלט געהן.

— איהר האט קיין רעכט ניט מיך איינצושפארע! אין א דול־הויז! האט זיא געשריען. איך בין פאלקאמען געזונד. איך בין ניט קראנק. טוידטע מיך, ניקאלאי! דערשיעס מיך ליעבער, אלס צו־פערשפארען מיך אין דיעזעס שרעקליכע הויז.

— מיר האבען קיין רעכט ניט? האט געלאכט באיאנאווסקי, און דוא האסט געהאט רעכט מיך איבערצוגעבען דער געהיים־פאליציי?

ער האט זיך געווענדעט צום מאן, וועלכער האט געעפענט דיא טהיר און האט איהם געזאגט:

— זעהט איהר, דאקטאר? דאס איז איהר קראנקהייט. זיא שרייט, אז איך האב קיין רעכט ניט, אז זיא איז פאלשטענדיג געזונד און טהוט דאך פיעלע זאכען, וויא א משוגענע.

— איך וועל שוין זעהן, האט דער דאָקטאָר געענטפערט. איך וועל שוין איהר קראַנקהייט אונטערזוכען און וועל מיך בעמיהען זיא צו היילען. איהר קענט זיכער זיין מיין הערר, אז איך וועל געוויס אנווענדען אלע מעגליכע מיטעל אום זיא געזונד צו מאכען. אין מיין אנשטאַלט זיינען שוין פיעלע אזעלכע קראנקע געהיילט געוואָרען.

פעאָדאָרא האט ניט געוואָלט ארויסגעהן פון דער קארעטע, זיא האט זיך גע־וואָרפען און געשריען, וויא א ווירקליכע וואהנזיניגע. דאקטאר דערונאָוו האט גערופען צוויי קרעפטיגע דיענער וועלכע האבען זיא אנגענומען מיט זייערע אייזערנע הענד און האבען זיא אריינגעטראגען אין הויז. דיא שווערע טהיר האט זיך פערמאכט. פעאדארא האט זיך בעטראכט וויא א לעבעדיג־בעגראבענע. יעצט איז אלעס געענדיגט, יעצט איז זיא פערלאָרען. אין איהר פערצווייפלונג האט זיא זיך געווענדעט צו איהר מאַן:

— קאָליא! האב רחמנות אויף מיר! האט זיא געוויינט. פערגעס ניט, אז איך טראג דיין נאמען.

באיאנאווסקי אבער איז געשטאנען, וויא א מראמאָרנע סטאטוע און האט זיך ניט געריהרט. ער האט קיין מיטלייד ניט געפיהלט מיט דיעזער פרוי, וועלכע האט פערניכטעט זיין גליק, זיין לעבען און האט געוואלט טוידטען זיין מוטער.

— וואוהין זאלען מיר זיא פיהרען? האבען דיא דיענער געפרעגט.

— פיהרט זיא צו־ערשט אין באַדע־צימער. זיא מוז צו־ערשט נעהמען א וואנע. איך וועל זעהן, וויא דיא וואנע ווירקט אויף איהר, דאן וועל איך וויסען וואס פאר אנדערע מעדיצינען איך זאל איהר פערשרייבען.

— אזוי? האט פעאדארא אויסגעשריען. איהר זייט דער דאָקטאָר פון דיעזער אנשטאַלט? איך וואָרן אייך און זאג אייך, אז איך בין פאָלקאָמען געזונד. איהר האַלט מיך דאָ אומזיסט. איך וועל נעפינען מיטעל, וויא אזוי צו מעלדען דער פאָליציי, אז מען האַלט מיך דא נעפאנגען. איבערלעגט אייך גוט וואס איהר טהוט, דאָקטאָר! סיביר וועט זיין ווייניג פאר אייך, ווען מיינע פריינד אין פעטערבורג וועלען געוואָהר ווערן, וויא מען בעהאנדעלט מיך דאָ.

— אזוי רעדען אלע משוגעים, האט דאָקטאָר דערונאָוו געענטפערט. יעדער שרייט, אז ער איז פאָלקאָמען געזונד. יעדער פאָרדערט, מען זאל איהם ארויסלאָזען; יעדער דראָהעט, אז ער וועט איבערקעהרען דיא וועלט, ווען מען לאָזט איהם ניט ארויס. אויב איהר זייט ווירקליך געזונד, דארפט איהר פערשטעהן, אז פאר אייך אליין איז גלייכער, איהר זאָלט טהאן אלעס, וואס מען וועט אייך הייסען און זאָלט אייך פערהאלטען גאנץ רוהיג, דאמאלס וועט מען אייך געוויס בעסער בעהאנדלען.

דיא דיענער האבען פעאָדאָראַ'ן מיט געוואלד אוועקגעשלעפט אין באַדע־צימער. באָיאַנאָווסקי און דער דאָקטאָר זיינען אריינגעגאנגען אין דאָקטאָר'ס קאבינעט פעררויכען א סיגארעט. ווען זיי האבען זיך אניעדערגעזעצט לעבען זיין שרייב־טיש, האט באָיאַ־נאָווסקי געפרעגט:

— דאָקטאָר, איך האב מיך נאך מיט אייך ניט אויסגעגלייכט וועגען דעם פרייז. לאָמיר יעצט דערפון רעדען. זאגט מיר וויא פיעל עס קומט אייך פאר א מאָנאט אדער פאר א יאהר?

— עס איז שוין אלעס בעצאהלט פאר א יאהר אין פאָראויס, האט דאָקטאָר דערונאָוו גענענטפערט. מיר זיינען דערוייל קווית, נאכ'ן יאהר וועלען מיר ווייטער רעדען. איבעריגענס, ווייס איך גאנץ גוט, ווער דיעזע פרוי איז און וואס זיא האט געטהאן; איך ווייס, וואס זיא איז געווען אין פעטערבורג. יעצט, ווען איהר ווילט, קענט איהר זעהן, וויא אייער פרוי נעהמט דיא ערשטע וואַנע אין מיין אנשטאַלט.

ער האט איהם אריינגעפיהרט אין באדע־צימער. אין דער־מיט צימער איז געווען א גרויסער און טיעפער מראמאָרנער באסיין אדער א סאָרט קעסעל מיט גאנץ הויבע וועגט. אין דער־מיט פון דיעזען באסיין אדער קעסעל איז געשטאנען פעאדארא אנגע־טהאן אין א באדע־קאָסטיום. זיא האט געציטערט, זיא האט געוואוסט, אז דא וועט עפּעס געשעהן, — גוטעס געוויס ניט. דער דאקטאר האט א קוועטש געטהאן א קנעפּעל און פון אלע זייטען פון'ם גרויסען קעסעל האט אנגעהויבען צו שפּריצען וואַסער. עס האט זיך געגאָסען וואַסער פון אויבען, פון אונטען און פון אלע זייטען. פעאדארא האט געוואָלט ארויסשפּרינגען, דיא ווענד פון'ם באסיין זיינען אבער געווען צו הויך און זעהר גלאַט. עס איז ניט געווען אן וואס זיך אנצוהאלטען.

— אך, גענוג! האט זיא געשריען. איך וועל עס ניט אויסהאלטען!

— נור איין זאך וויל איך וויסען, זאג מיר דיא וואהרהייט: צו וועלכען צוועק ביסט דוא יעצט געפאהרען קיין מאָסקווא און פארוואס האסט דוא אויפ'ן וועג געהייסען לעאָני'ן פאהרען אין דיין קארעטע?

— איך בין אנטלאָפען פון דיר, האט פעאדארא געשריען. זייט איך האב דיך געזעהן אין מאגאזין פון מאריא פעטראוונא, האב איך פאר דיר מורא געהאט.

אונטערדעסען האט דאס וואַסער ווייטער געשפּריצט. דאס קעסעל האט אנגע־הויבען פול צו ווערן. פעאדארא האט אנגעהויבען שרעקליך צו שרייען. דער דאָקטאָר האט געגעבען א קוועטש אן אנדער קנעפּעל. דאס וואַסער איז אין אייניגע מינוט פערשוואונדען. דער מראמארנער באסיין איז געבליעבען לעדיג. באלד זיינען אריינגע־קומען צוויי פרויען מיט וואָלענע דעקען. זיי האבען איינגעוויקעלט פעאדאראַ'ן אין דיא דעקען און האבען זיא אוועקגעטראגען אין א צימער, וועלכעס מען האט פון איהרענט וועגען אנגעגרייט.

— זעהט איהר, האט זיך דער דאָקטאָר געווענדעט צו באיאנאוסקי'ן, וואס פאר א פאָרטרעפליכע מיטעל איך האב אום מיינע קראנקע צו בערוהיגען.

— יא, איהר זייט א גרויסער דאָקטאָר, האט באיאנאוסקי געזאגט מיט א זיפץ.—

67טעס קאפּיטעל.

## אַליין אין דער וועלט.

אין אן איינזאמער גאַס אין א פאָרשטאדט פון פעטערבורג האט זיך זייט אייניגע צייט א יונגע פרוי געדונגען א קעמעריל. קיינער ווייס ניט ווער זיא איז און פון וואַנען זיא לעבט. זיא רעדט ניט מיט קיינעם, זוכט זיך ניט צו בעקענען מיט קיינעם און ענטפערט קוים, ווען מען פרעגט זיא. זיא געהט ארויס זעהר זעלטען אין דער גאַס, און ווען זיא געהט ארויס, טראגט זיא א שווערן שווארצען וואוּאַל אויפ'ן געזיכט. זיא טראגט בעשטענדיג שווארצע קליידער — זיא טראגט טרויער.

דיעזעס מעדכען איז לידיא, אימציצקי׳ס טאָכטער. זיא און הוגאָ פאָן פאהלען זיינען געשטאנען אויף דער טהיר פון׳ם קעלער, ווען דאס דינאמיט האט אויפגעריסען דעם קייסער׳ס ווינטער־פאלאץ. אין דער סעקונדע, ווען אימציצקי האט ארויפגעלעגט דיא האנד אויפ׳ן דראהט, האט הוגאָ אנגעחאפט לידיא׳ן ביי דיא פלייצעס און האט זיא ארויסגעשלעפט פון קעלער. דיא עקספּלאָזיאָן האט זיי ניט געשאדעט. הוגאָ האָט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר זיי געפינען זיך און האט בענוצט דיא ערשטע מינוטען נאך דער עקספּלאָזיאָן, ווען דיא וואכען זיינען געוועזן אזוי דערשראָקען, אז זיי האבען ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט זיי, און האט לידיא׳ן ארויסגעשלעפט פון׳ם פאלאץ. זיא האט ניט געוואָלט געהן, זיא האט געוואלט זעהן וואס איז געשעהן מיט איהר פאטער; הוגאָ אבער האט זיא מיט געוואלד אוועקגעריסען פון׳ם אונגליקס־אָרט.

ער האט זיא אוועקגעפיהרט צו איינעם פון זיינע בעקאנטע, וואו זיי האבען זיך איבערגעטהאָן און געוואָרט, ביז דער ערשטער רעש איז פאָראיבער. דאַן האט הוגאָ׳ס בעקאנטער אויסגעזוכט פאר לידיא׳ן א צימעריל אין א גאנץ ווייטען קווארטאל פון פעטערבורג. זיא וואָינט דאָרט זייט אייניגע וואָכען אבגעזאנדערט פון אלעמען. קיינער קומט צו איהר ניט און זיא קומט צו קיינעם ניט. הוגאָ פאן פאהלען האט איהר געגעבען געלד גענוג אויף צו לעבען א געוויסע צייט, ביז זיא וועט זיך ענטשליעסען, וואס ווייטער צו טהאָן.

זיא פלעגט יעדען טאג קויפען א צייטונג און דאַרין עפּעס זוכען. איין טאג האט זיא אנגעהויבען צו לעזען דיא צייטונג און האט אויסגעשריען מיט פרייד:

— ער לעבט! ער איז קראנק, זעהר קראנק, אבער ער לעבט.

אין דער צייטונג איז געשטאנען, אז דער ליעטענאנט דעניסאָוו, וועלכער איז פערוואונדעט געוואָרען אין קייזערליכען ווינטער־פאלאץ אין דער צייט פון דער עקספּלאָזיאָן, איז נאך געפעהרליך קראנק אין זיין וואָינונג אין אָבוחאָווסקי פערעאולאָק נומער 18, ער איז אבער שוין אויסער געפאהר. דיא דאקטוירים האָפען, אז אין אייניגע וואָכען ארום וועט ער זיין פאלקאמען געזונד.

— איך מוז איהם זעהן, האט לידיא געזאגט, איך מוז מיט איהם רעדען, איך מוז שטעהן ביי זיין קראנקען לאגער און ארומגעהן ארום איהם.

זיא האט זיך אנגעטהאָן, האט פערדעקט איהר געזיכט מיט איהר שווארצען וואוּאל און איז געגאנגען צו דעניסאָוו׳ס קווארטיר. זיא האט אנגעקלאָפּט. א דענשטשיק איז ארויסגעקומען און האט געפרעגט, וואס זיא פערלאנגט?

— איך וויל זעהן דעם ליעטענאנט דעניסאָוו, האט זיא געענטפערט.

— ער איז זעהר קראנק און קען מיט קיינעם ניט רעדען.

— זאג איהם, אז לידיא וויל מיט איהם רעדען.

אין אייניגע מינוטען ארום איז ער געקומען צוריק און האט זיא געבעטען אין קראנקען צימער. דעניסאָוו איז געלעגען פערבאנדאזשירט. דער באלקען, וועלכער איז אויף איהם ארויפגעפאלען ביי דער עקספלאזיאן אין קייזערליכען פאלאץ, האט איהם

איבערגעבראכעןביידע פיס. אין דער ערשטער צייט האבען דיא דאָקטוירים געצוויי־פעלט, אויב ער וועט עס איבערלעבען; זיין יונגע, קרעפטיגע נאַטור אבער האט געזיעגט ער איז יעצט אויסער געפאהר, אבער נאך זעהר שוואך. דיא דאקטוירים האבען ערקלערט, אז ער וועט בלייבען א קאַליקע (קריפּעל) אויף ביידע פיס.

לידיא איז אריינגעקומען און האט דערזעהן דאס בלייכע, אויסגעדארטע געזיכט דעניסאָוו'ס. עס האט איהר פערקלעמט ביים הארצען. זיא האט דעניסאָוו'ן ווירקליך געליעבט. ער איז געווען א גוטער מענש פון דער נאַטור און האט אויך פיינד געהאט דיא שלעכטע רעגיערונג אין רוסלאנד. ער האט פערדאמט דיא טיראַניי, דיא אונ־מענשליכקייט און דיא פערדארבענהייט פון דיא רוסישע טשינאָווניקעס. ער איז אבער געווען געגען יעדע געוואלד־טהאט, געגען יעדען מאָרד. ער האט געזאגט, אז מיט דעם טוידטען פון דעם אדער יענעם טשינאָווניק, מיט דעם מאָרדען פון'ם קייסער וועט מען גאר ניט מאכען. מען מוז צו־ערשט אויפקלערן דאס רוסישע פאָלק, מען מוז דעם פערגרערבטען, פערווילדעטען רוסישען מוזשיק פריהער מאכען פאר א מענשען, ערקלערן איהם וויא אזוי א מענש דאַרף זיין, דאן קען מען פון איהם האָפען ער זאל פאָדערן זיינע רעכטע אלס בירגער פון א גרויס לאַנד.

— וואָס מאַכסט דוא, יעווגעני? האָט לידיאַ אויסגערופען, ווען זיא איז אריין אין צימער און האט זיך אניעדערגעווארפען פאר זיין בעט. — דוא ביסט קראנק, שטארק קראַנק, האב איך געהערט.

— לידיא! ענגעל! דוא ביסט געקומען צו מיר, צום קראַנקען, צום קריפּעל! האט דעניסאָוו אויסגערופען און האָט זיא אָנגענומען ביי ביידע הענד. שטעה אויף לידיאַ! מיין געליעבטע! איך ווייס ניט, אויב איך דארף דיך נאך אזוי רופען. אָבער איך ליעב דיך וויא פריהער, איך ליעב דיך נאך שטארקער, נאך הייסער וויא פריהער. דיין נאָמען האב איך גערופען, ווען איך בין געלעגען אין א שרעקליכער היץ און מיינע ברענענדע ליפּען האבען גערעדט ווערטער פון וועלכער דער קאָפּ האט ניט גע־דענקט. דיין בילד האט געשוועבט פאר מיר אין מיינע פיעבער פאַנטאַזיען; דיינע אויגען האָבען געלויכטען פאר מיר, ווען דיא שרעקליכע קראנקהייט האט פערפינסטערט מיין פערשטאנד. אך, לידיא! דוא ביסט ביי מיר, אלע מיינע ליידען זיינען פערגעסען. איך בין גליקליך.

לידיא איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דיא קניע פאַר זיין בעט און האט געוויינט. רעניסאָוו האָט זיא געוואלט בערוהיגען און האט זיא געבעטען, זיא זאל אויפשטעהן.

— אך, ליעבער יעווגעני! האָט זיא געזאָגט, דוא זאָלסט וויסען, ווער עס האט דיך געבראַכט דערצו, אז דוא זאָלסט יעצט ליעגען אזוי קראנק, אזוי שוואך, אזוי אָב־געמאגערט; דוא זאָלסט וויסען, ווער עס איז געווען דיא אורזאכע פון דיינע ליידען, וואלסט דוא מיך אָבגעשטויסען פון דיר, דוא וואָלסט מיך ארויסגעטריעבען פון דיין צימער.

— וואָס רעדסט דוא, ליעבע טהייערע לידיא? דיך, מיין ענגעל, מיין ליעבע, זאל איך פערשטויסען פון מיר, ארויסיאָגען פון מיין צימער? דוא ביסט אזוי ניעדערגעשלאָ־גען פון מיין קראַנקהייט, אז דוא ווייסט ניט וואס דוא רעדסט.

— איך ווייס זעהר גוט, וואָס איך רעד, האָט לידיאַ געענטפערט. ווייסט דוא, ווער עס האט געמאַכט דיא עקספּלאָזיאָן אין קייזערליכען ווינטער פּאַלאַץ? — מיין פאַטער!

דעניסאָוו איז געבליעבען ליעגען, וויא פון בליץ געטראָפען. ערשט יעצט האט ער זיך דערמאָנט, אז אַ האַלבע שטונדע פאַר דער עקספּלאָזיאָן האט ער זיא געזעהן ארייננגעהן אין פּאַלאַץ אנגעטהאָן אין מענער קליידער.

— אבער וויא קומט דיין פאטער אין ווינטער פּאַלאַץ? וואס האט ער דארט געטהאן?

— דוא ווייסט ניט, ווער מיין פאטער איז געווען. ער האט געהייסען אימציצקי. ער איז געווען איינער פון דיא אנפיהרער פון דיא ניהיליסטען. דורך איהם ביזט דוא געווארען אַ קריפּעל אויף אייביג.

דעניסאוו האט געטראַכט אייניגע מינוטען, דאן האט ער גענומען לידיאַ׳ס האַנד, האט זיא צוגעלעגט צו זיינע ליפּען און האט זיא אַ קוש געטהאָן.

— ערשט יעצט ווייס איך, וויא אזוי דיך צו שעצען, מיין לידיאַ, האט ער געזאגט. איך פערדאַם ניט דיין פאטער ער האט געטהאָן דאס, וואס ער האט געמיינט, אז דערמיט וועט ער בעפרייען מיליאָנען מענשען. ער האט געאָפּפערט זיין לעבען פאר זיין אידעע. אַזאַ מענשען מוזען מיר בעוואונדערן, פערדאַמען טארען מיר איהם ניט.

לידיאַ איז אויפגעשטאַנען און האט איהם אַ קוש געטהאָן אין שטערן. פון יענער צייט אָן פלעגט זיא קומען צו איהם יעדען טאג און פלעגט ארומגעהן ארום איהם, וויא אַ טרייע מוטער געהט ארום איהר קראַנקעס קינד. דעניסאָוו איז פון טאג צו טאג געווארען בעסער. ער איז שוין געווען אימשטאַנד ארומצוגעהן אין צימער. זיי האבען בעשלאָסען, ווען ער וועט זיין פאלקאָמען געזונד, זאָלען זיי אוועקפאָהרען אויף אַ קליי־נעם גוט (אימעניע) וועלבע ער האט גערירש׳נט פון זיינע עלטערן, דארט זאָלען זיי הייראַטהען און זאָלען דארט ווירקען שטילערהייט אויף דיא בויערן פון דער געגענד.

איין טאג, ווען דיא צווייא ליעבענדע זיינען געזעסען און האבען גערעדט פון זייערע פּלאַנען פיר דיא צוקונפט, איז אריינגעקומען דער דענשטשיק און האט געמעלדעט, אז אַ קארעטע פון׳ם קייסערס הויף איז צוגעפאָהרען צו דער קוואַרטיר. דעניסאָוו האט געבעטען לידיאַן, זיא זאָל אריינגעהן אין אַנאַנדער צימער. ער אליין האט ערוואַרטעט דעם בעזוך. דיא טהיר האט זיך באַלד געעפענט און גראָספירסט קאָנסטאַנטין איז אריינגעקומען אין צימער. דעניסאָוו האט זיך אויפגעהויבען אויף זיינע קוליעס און האט געזאגט:

— קייזערליבע האהייט! איך בין העכסט בעגליקט, וואס זיי זיינען געקומען בעד־זוכען אַן ארימע קאַליקע.

— איך קען קיין מאָל ניט פערגעסען אַ מענשען, וועלכער האט געהאט דאס אונגליק צו ווערן אַ קריפּעל אין׳ם דיענסט פון מיין ברודער, האט דער גראָספירסט געזאגט. איך בין געקומען אליין דיר איבערגעבען דיא פרעהליכע נאַכריכט, אז דער קייסער פערגעסט ניט אָן זיינע טרייע דיענער. היער איז אַ בעפעהל אונטערשריעבען פון איהם אליין, אז דוא ביסט ערנאַנט צום פּאָלקאָווניק, אזוי וויא אָבער דוא קענסט

ניט דיענען אין דער ארמעע, ווייל דוא ביסט א קריפעל, גיט ער דיר א פּענסיאָן פון דריי טויזענט רובעל א יאָהר.

דעניסאוו איז געוועזען העכסט ערפריים.

— וויא אזוי זאל איך דאנקען זיינע קייזערליכע מאַיעסטעט פאר זיין גנאדע? האט ער אויסגערופען. איך האב ניט קיין ווערטער מיט וועלכע אויסצודריקען מיין דאנק.

— ער דארף ניט קיין דאנק, האט גראַספּירסט קאָנסטאנטין געזאגט. איך בין נאך ניט פערטיג. איך האב אייך נאך עפּעס צו זאגען. דער קייסער וויל זעהר, אז איהר זאלט איהם ווייטער דיענען. אין דער ארמעע קענט איהר מעהר ניט דיענען, ער האט דאהער בעשלאסען צו שיקען אייך אלס קאמענדאנט פון׳ם אסטראָג פון אירקוטסק. איך גלויב, אז איהר וועט זיך ניט אפּזאגען אנצונעהמען דיעזע שטעלע.

— אין אירקוטסק? האט דעניסאוו אויסגערופען פערוואונדערט. איך זאל זיין קאמענדאנט פון׳ם אסטראָג אין אירקוטסק? דאס קען איך ניט!

— יונגער מאן, האט דער גראַספּירסט געזאגט און זיין שטימע האט געציטערט. איך האב מיך גוט נאכגעפרעגט אויף אייך און בין איבערצייגט, אז איך קען מיט אייך רעדען א פּאָר ווערטער גאנץ אָפענהערציג. טהוט מיר פערזענליך דיא געפעליגקייט און נעהמט אן דיא שטעלע פון א קאמענדאנט אין אירקוטסק. איך וועל אייך שפּעטער זאגען, וואס איך פערלאנג פון אייך. יעצט בעט איך אייך, נעהמט אן דיא שטעלע, ענטזאגט זיך ניט.

דעניסאוו האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. דער ווייכער, בעטענדער טאן פון׳ם גראַספּירסט׳ס שטימע האט איהם גערירהרט. ער האָט פערשטאנען, אז קאָנסטאַנטין האט פאר איהם אויסגעבעטען דיעזע שטעלע און ער וויל, אז אין אירקוטסק זאל זיין קאמענדאנט אן עהרליכער מענש, קיין ווילדער טיגער, וויא ניקאָלין. ער האט זיך אָבער ניט געקענט ענטשליעסען אנצונעהמען דיעזע שטעלע, איידער ער וועט פרעגען לידיאַן, אויב זיא וועט וועלען פאהרען קיין סיביר.

— קייזערליכע האהייט! האט ער ענדליך געזאגט, קענט איהר מיר ערלויבען איינינע מינוטען, איך זאל מיך איבערלעגען?

— מיט פערגניגען, ליעבער דעניסאוו.

— וועט איהר מיר ערלויבען אריינצוגעהן אין אנדערן צימער? האט דעניסאוו געפרעגט און איז רויט געווארען.

— וויא עס ווייזט אויס, ווילט איהר זיך בעראטהען מיט איינעם און, ווען איך האב קיין טעות ניט מיט א דאמע, האט גראַספּירסט קאָנסטאנטין געזאגט מיט א שמייכעל.

דעניסאוו האט געזעהן, אז דער גראַספּירסט האט אלעס דערראטהען, אבער זיין פריינדליכער טאן און דיא אפענהערציגקייט, מיט וועלכער ער האט גערעדט מיט איהם, האט איהם איינגעפלייסט מוטה. ער האט געענטפערט.

— אייער קייזערליכע האהייט האט מיר ערלויבט אפענהערציג צו זיין, איך וויל עס זיין. אין אנדערן צימער זיצט מיין בראוט, מיר האבען בעשלאסען אוועקצופאהרען אויף

מיין קליינעם גוט און דארט צו הייראטהען. יעצט בעפעהלט איהר מיר, איך זאל פאהרען קיין סיביר. איך מוז זיא פרעגען.

— געהט, ליעבער דעניסאוו, און פרעגט זיא. זאגט איהר, אז מען קען אין סיביר אויך לעבען גליקליך און מען קען דארט מעהר ווירקען, וויא אין רוסלאנד.

דעניסאוו האט זיך פערנייגט און איז אריינגעגאנגען צו לידיאץ אין אנדערן צימער.

— איך האב אלעס געהערט, האט איהם לידיא געזאגט, ווען ער איז אריינגעקומען. איך פאהר מיט דיר קיין סיביר. איך האב געהערט, וויא דער גראספירסט האט דיך געבעטען, דוא זאלסט אננעהמען דיעזע שטעלע. איך ווייס, אז ער איז דער בעסטער פון אלע פרינצען פון דער קייסערליכער פאמיליע און ווען ער בעט, מוז עס זיין עטוואס וויכטיגעס.

דעניסאוו האט זיך באלד אומגעקעהרט און האט געזאגט:

— קייזערליכע האהייט, איך נעהם אן דיעזע שטעלע. ווען דארף איך פאהרען קיין אירקוטסק?

— דאס האט נאך צייט. איהר קענט פאהרען, ווען איהר ווילט. איך וועל מעלדען דעם קייסער, אז איהר האט דיא שטעלע אנגענומען, דאן האט איהר זיך נור צו ווענדען צום מיניסטער דעם אינערן. ער וועט אייך שוין געבען געלד און אייערע דאקומענטען.

דעניסאוו האט זיך פערנייגט און האט געדאנקט דעם גראספירסט פאר זיין פריינדליכקייט.

— איך האב נאך א ביטע צו אייך, האט דער גראספירסט געזאגט. איהר האט מיר געזאגט, אז אין אנדערן צימער געפינט זיך אייער בראוט. איהר האט זיא געפרעגט און זיא האט איינגעוויליגט צו פאהרען מיט אייך. איך וואלט געוואלט קענען דאס מעדכען, וועלכע ליעבט אזוי שטארק, אז זיא ענטשליעסט זיך צו פאהרען מיט אזא קריפעל, וויא איהר זייט, אין עק וועלט, אין וויימען אירקוטסק.

— איינען אויגענבליק, קייזערליכע האהייט, האט דעניסאוו געזאגט און האט זיך אוועקגעשלעפט אין אנדערען צימער.

ער איז באלד צוריקגעקומען און האט געפיהרט לידיאץ אונטער ארים. לידיא האט אראפגעלאזען דיא אויגען און איז קוים געגאנגען. עס איז איהר געווען ניט גאנץ אנגענעהם צו בעגעגנען זיך מיט'ן גראספירסט. ער האט עס בעמערקט, איז צוגעגאנגען צו איהר און האט זיא גענומען ביי דער האנד.

— עס פרייט מיך זעהר, האט ער איהר געזאגט, צו זעהן א העלדמוטהיגעס מעדכען, וועלכע ענטשליעסט זיך צו פאהרען מיט איהר געליעבטען אין'ם וויימען סיביר. עס פרייט מיך זעהר מיט אייך בעקאנט צו זיין. — וויא הייסט איהר, ליעבעס קינד?

לידיא און דעניסאוו האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זיי האבען ניט געוואלט דערמאנען אזא שרעקליכען נאמען, וויא אימציצקי. דער גראספירסט האט זיי אנגעקוקט פערוואונדערט.

— קייזערליכע האהייט, האט ענדליך דעניסאוו געזאגט. מיין בראוט קען אייך

ניט זאָגען איהר נאָמען, ווייל מיט דיעזען נאָמען איז פערבונדען זעהר א טרויעריגע געשיכטע.

— ליעבע פריינדע, האָט דער גראַספּירסט געזאָגט ווייך און מילד. איך האָב אייך געבעטען, איהר זאָלט זיין אָפענהערציג געגען מיר. זאָגט מיר אלעס, האט צוטרויען צו מיר, פערגעסט אז איך בין א גראַספּירסט, בעטראַכט מיך אלס אייער פריינד.

— איך הייס לידיא אימציצקי, האט לידיא געזאגט.

— אימציצקי? האט דער גראַספּירסט געפרעגט. איז אימציצקי דער ניהיליסט געוועזן אייער פאָטער?

— יא, ער איז געוועזן מיין פאָטער, האט לידיא געענטפערט פעסט.

— דאן, ליעבע לידיא, איז אייער פאטער געשטאָרבען ביי מיר אויף דיא הענד. אין דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען האב איך דערקענט, וואס פאר א פעסטער כאַראקטער דאס איז געוועזן. ער איז געשטאָרבען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, ער האט זיך געאָפּפערט, פאר זיינע איבערצייגונגען. אך, ווען אזעלכע מענשען זאלען שטעהן ארום מיין ברודערס טראהן, וואָלט רוסלאַנד גאַנץ אנדערש אויסגעזעהן!

לידיא האט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, ווען זיא האט דערהערט, וויא גראַספּירסט קאָנסטאַנטין פערשטעהט און שעצט דעם כאַראַקטער פון איהר פאָטער.

— מיין פאָטער איז געשטאָרבען ביי אייך אויף דיא הענד! האט זיא אויסגערופען. אך! וויא גליקליך וואלט איך געווען, איך זאל איהם געוועזן קענען זעהן אין דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען!

— ער האט געדאכט אן אייך, האָט דער גראַספּירסט געזאָגט און האט זיא גענומען ביי דער האַנד. ער האט מיר געבעטען, איך זאל אייך אויפזוכען און זאָל אויף אייך אַכטונג געבען. איך האב עס איהם צוגעזאָגט. איך האב אייך געזוכט און האב אייך ניט געקענט געפינען. דער צופאַל האט מיך יעצט צוזאמען געפיהרט מיט אייך און איך בין העכסט גליקליך, וואָס איך קען האלטען מיין וואָרט. איך וועל פון יעצט אָן זיין אייער פאָטער. איך וועל אייך בעזוכען נאך אמאָל, איידער איהר וועט פאהרען קיין סיביר. איך האב נאך מיט אייך פיעל צו רעדען. איך קען אייך נור דערווייל בעטען אז ווען איהר וועט קומען קיין סיביר, זאלט איהר זעהן נאכפאָרשען, וואו עס געפינט זיך א פרוי, וועלכע מען האט אָנגעטהאָן אן אייזערנע מאסקע. טהוט אלעס מעגליכע, דעניסאָוו, אום איהרע לײדען צו ערלייכטערן. —

ער האט ניט געקענט ענדיגען זיינע ווערטער. טרערין האבען זיך איהם געשטעלט אין דיא אויגען. ער האט זיי ביידע ארומגענומען און איז אוועקגעגאַנגען מיט דיא ווערטער:

— ליעבער דעניסאָוו, איידער איהר וועט ארויספאהרען קיין סיביר, זאלט איהר זיין ביי מיר אין פּאַלאַץ.

ווען דיא טהיר האט זיך פערמאַכט און דיא צוויי ליעבענדע ווינען געבליעבען אליין, האט דעניסאָוו צוגעפּרעסט לידיא צו זיין ברוסט און האט איהר געזאָגט:

— דער נאמען פון דיין פאָטער וועט לעבען אין אונזער ברוסט אלס א היילינער, וועלכער האט זיך אויפגעאָפּפערט פאר דיא פרייהייט.

ווען לידיא איז געקומען א היים, האט זיא דאָרט געטראָפען הוגאָ פאָן פאהלען.

— וואו זייט איהר געוועזען אזוי לאַנג? האט ער איהר געפרעגט. איך וואַרט שוין אויף אייך א פּאָר שטונדען.

— איך בין געגאנגען זעהן א בעקאנטען, האָט לידיא געענטפערט, און האב מיך דאָרט פערזאמט.

זיא האט איהם ניט געוואָלט דערצעהלען פון איהר ליעבע. זיא האט געוואוסט, אז דיא ניהיליסטען וועלען ניט זיין צופריעדען, וואס זיא ליעבט א רוסישען אָפיציער.

— איך בין געקומען אייך ברענגען געלד, האט הוגאָ געזאָגט. אויף דער נעכטי־גער פערזאמלונג האט מען בעשלאָסען, מען זאל אייך ארויסגעבען פון דער קאַסא צוויי הונדערט רובעל.

— איך קען עס ניט אָננעהמען, הוגאָ. גיב דאָס געלד צוריק.

— פאַר וואָס קענסט דוא ניט אננעהמען דאס געלד, וועלכעס דיא ברידער פון געהיים בונד געבען דיר, לידיא? האט הוגאָ געפרעגט ערשטוינט.

לידיא האָט געטראכט אייניגע מינוט, דאן האט זיא געזאָגט פעסט און ענטשלאָסען:

— איך קען דאס געלד ניט אָננעהמען, ווייל איך פאהר באלד אוועק פון רוס־לאנד. איך פאָהר אוועק ניט אליין, זאָנדערן מיט א מאן וועלכען איך ליעב. —

— וואוהין פאָהרסט דוא? מיט וועמען? האט הוגאָ אויסגערופען.

— מיט'ן ליעטענאנט דעניסאָוו קיין אירקוטסק. ער איז ערנאנט צום קאָמענדאנט פון'ם אירקוטסקער אסטראָג.

ווען דער דאך פון דער שטוב וואָלט איינגעפאלען, וואלט הוגאָ געוועזען וועניגער איבערראשט, אלס ווען ער האט דערהערט לידיא'ס ווערטער.

— וואס זאָגסט דוא, לידיא? דוא ביסט פון זינען! דוא, אימציצקי'ס טאָכטער, פאָהרסט אוועק מיט א רוסישען אָפיציער קיין סיביר העלפען דיא טיראנען פּלאָגען און מארטערן דיא פערשיקטע? — דאָס קען ניט זיין, לידיא! דוא ביסט ניט ביי דיינע געדאנקען!

— איך בין יא ביי מיינע געדאנקען, הוגאָ. ווער זאגט עס דיר, אז מיר פאהרען העלפען דיא טיראנען מארטערן דיא ארעסטאנטען? טאָמער פאהרען מיר גאָר אום צו ערלייכטערן זייערע ליידען? פיעלייכט האבען מיר אין סיביר א גרעסערע און שווערערע אויפגאבע, וויא איהר אין רוסלאנד.

— פון דיר רעדט דיא ליעבע, לידיא, ניט דער געזונדע פערשטאנד. דיין פּאָטער וואָלט ניט אזוי געטהאן. ער וואָלט אונז ניט פערלאזט יעצט, ווען מען יאגט און מען פערפאלגט אונז מיט אונערהערטער שטרענגע. ווייסט דוא וואס, לידיא? קום אויף אונזער פערזאמלונג הייטע אבענד און זאג עס עפענטליך אלע אונזערע ברידער. דוא וועסט הערן, וואס מען וועט דיר זאגען און וועסט דער נאך טהאן, וואס דוא וועסט וועלען.

— גוט, האט לידיא געענטפערט. איך קום הייטע אבענד צו דער פערזאמלונג און וועל דארט אלעס ערקלערן.

68טעס קאפיטעל.

## מעזענצאָוו'ס ענדע.

נאטאליע בעוואינט זייט איינינע וואכען א קליין צימעריל אין א זייטען גאס פון פעטערבורג. מעזענצאוו האט זיא אנערקענט אלס שוועסטער און האט פון איהרעט וועגען געדונגען דיעזעס צימעריל. ער קומט צו איהר זעלטען, רעדט מיט איהר זעהר ווענינ, ווייל ער האט קיין מאל קיין צייט ניט און לאזט זיא אין ערגעץ ניט געהן. דיעזע פלוצלונג געפונענע שוועסטער איז איהם ענדליך געווארען צו לאַסט. ער קען ניט זיא פארשטעלען עפענטליך אלס זיינע א שוועסטער. ווייל ער האט מורא מען זאל ניט געוואהר ווערן פון וואַנען זיא קומט און וואס עס האט מיט איהר פאסירט. ער קען זיך ניט אפזאגען אין גאנצען פון איהר, עס איז דאך א שוועסטער. ער קען זיא דאך ניט לאזען געהן זוכען ארבייט אין דיא פאבריקען, וואס וועט זאגען דיא וועלט, ווען מען וועט געוואהר ווערן, אז דעם אבער־פאליצמייסטער'ס שוועסטער געהט זוכען ארבייט. מעזענצאוו זוכט א פלאַן, וויא אזוי לויז צו ווערן פון דיעזער שוועסטער.

נאטאליעס לאגע איז אבער נאך ערגער. זיא איז אין א גרויסער שטאדט, אין וועלכער זיא האט ניט איין בעקאנטען. אמת, זיא עסט און טרינקט און האט א וואָר־נונג אליין, עס ווערט דאך אבער נמאס, ווען א מענש האט קיין בעשעפטיגונג ניט. זיא האט אנגעהויבען צו געהן שפאציערען אין דיא גאסען און אין דיא עפענטליכע גערטנער פון פעטערבורג. בעזאנדערס איז איהר געפעלען דער יעקאַטערינענסקי גארטען. דארט פלעגט זיא זיך זעצען אויף א באנק, וועלכע זיא האט א נאמען געגעבען דיא זאָרגענבאנק, און פלעגט טרוימען און טראכטען פון פערגאנגענע צייטען, ווען זיא איז געוועזען א גליקליכעס פרעהליכעס קינד אין דעם קליינעם, שעהנעם שטיבעלע אין קור־לאנד. זיא האט געטראכט פון איהר בעגלייטער אין דיא שנעע־פעלדער פון סיביר, באָיאנאָווסקי, פון איהר צווייטען בעגלייטער, פירסט פעליקסט פאָניאטאָווסקי.

— וואו זיינען זיי יעצט דיעזע אונגליקליכע, אונטערדריקטע, געפלאגטע און גע־מארטערטע מענשען? האט דיא רוסישע טיראנייע שוין געמאכט אַן ענדע פון זייער לעבען, אָדער לעבען זיי נאך ערגעץ אין א קאזעמאט, אין א פינסטערע געפענגניס?

זיא האט ניט בעמערקט, אז זייט א געוויסער צייט געהט איהר נאך א מאן און לאזט פון איהר קיין אויג ניט אראָפּ. ער וואַרט אויף איהר, ווען זיא דאַרף קומען אין גארטען, שטעהט ביי דער טהיר פונ'ם גארטען, ביז זיא ווייזט זיך אויף דער גאַס, דאַן געהט ער אריין אין גארטען בעהאלט זיך צווישען דיא בוימער און ווען זיא קומט צו איהר „זאָרגענבאנק“ און זעצט זיך אַניעדער טרוימען, שטעלט ער זיך פון דער ווייטען, וויא א וואך, קוקט אויף איהר און טרעט ניט אָפּ פון זיין ארט, ביז זיא געהט אוועק א היים. זיא האט עס ניט בעמערקט, ווייל איהר הערץ איז געוועזען פול מיט ביטערקייט און מיט שמערץ. זיא האט געזעהן, אז זיא איז א לאַסט אויף איהר ברודער, אז עס איז איהם אונאנגענעהם צו קומען צו איהר און זי האט זיך ענטשלאָסען צו געהן ערגעץ זוכען ארבייט, צו לעבען פון איהר אייגענעם פערדיענסט, ניט צו וואַרטען, אז איהר

ברודער זאָל איהר שענקען. וואוהין געהט מען אָבער זוכען ארבייט? זיא האָט שוין געזעהן דיא ארימקייט און דיא נויט פון דיא ארבייטער פאמיליען ביים גראָווער געוויעדאָוו.

איין טאָג איז זיא אזוי געזעסען אויף איהר זאָרגענבאנק און האט געטראַכט, וואס צו טהאן. איהר ברודער איז שוין זייט אייניגע טעג ביי איהר ניט געוועז.

— ער ווייזט זיך שוין גאר ניט, האט זיא געזאָגט צו זיך אליין, ער שעהמט זיך מיט מיר, איך שטער איהם. איך קען דאך איהם. — עס מוז אן ענדע נעהמען! טויזענדע ארימע מעדכען ארבייטען, פערדיענען און זיינען צופריעדען, פאר וואס זאָל איך אויך ניט לעבען אזוי וויא זיי? עס מוז זיין! איך מוז געהן זוכען ארבייט.

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר באנק און איז האסטיג ארויסגעגאַנגען פון גאַרטען. זיא האט ניט בעמערקט, אז דער מאַן, וועלכער איז איהר זייט אייניגער צייט נאָכגעגאַנגען, איז אויך ארויסגעגאַנגען און איז איהר נאָכגעגאַנגען. זיא איז געגאַנגען אין דיא אָרימע קוואַ־טאַלען פון פעטערבורג זוכען ערגעץ אַרבייט ביי א שניידער אדער אין א טאַבאַק פאבריק. לײדער, וואו זיא איז געקומען, האט מען איהר געזאגט ענטווערער אז עס איז יעצט קיין ארבייט ניטא, אדער זיא זאָל קומען פרעגען אין עטליכע טעג ארום.

עס איז געוואָרען שפּעט. מיעד, מאַט, צו בראַכען און טרויעריג איז זיא געגאַנגען א היים. עס איז ניט אזוי לייכט צו געפינען בעשעפטיגונג אין דער גרויסער שטאדט, וואו מען קען דיך ניט און מען וויים דיך ניט. זיא איז שוין געווען ניט ווייט פון איהר היים, ווען דער מאַן איז צוגעגאַנגען צו איהר און האט זיא געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט זאגען פריילין, וויא הייסט איהר?

נאטאליא האט זיך אנפאַנגס דערשראָקען. אין א גרויסער שטאדט איז א מעדכען קיין מאָל ניט זיכער. זיא האט שוין געהאט טרויעריגע ערפאהרונגען. ווען זיא האט אבער בעטראַכט דעם מאַן און האט דערזעהן, אז דאס איז אַן אלטער מאַן מיט ווייסע לאַנגע האָר און פון א שטאָלצעס אדעליגעס אויסזעהן, האט זיא זיך בערוהיגט. דאס פריינדליכע געזיכט, דאס העפליכע, עדעלע בענעהמען האט איהר איינגעפלייסט צוטרויען.

— איך הייס נאטאליא מעזענצאָף, האט זיא געענטפערט.

— זייט איהר א מאָל געווען אין קורלאנד? האט דער אַלטער מאַן געפרעגט.

— איך בין געבאָרען געוואָרען אין קורלאַנד, ניט ווייט פון ריגא. עס איז שוין אבער גאַנץ לאַנג זייט איך בין פון קורלאַנד.

— ענטשולדיגט מיר, פריילין, ווען איך אייך וועל אייך ווייטער פרעגען, וואס איז געווען אייער פאטער אין קורלאנד? איך פרעג אייך ניט אויס נייגיערדע, עס איז מיר זעהר וויכטיג צו וויסען. האט צוטרויען צו מיר, איך מיין עס גוט מיט אייך.

— מיין פאטער איז געווען א דאָקטאָר ביי א געוויסען גראף פריעדריך פאן פאהלען, האט נאטאליא געזאגט.

— איך בין דער גראף פריעדריך פאן פאהלען, האט דער מאן אויסגערופען. איך האב דיך דערקענט זייט אייניגע צייט, ווען איך האב דיך דערזעהן צום ערשטען מאָל זיצען אויף א באנק אין יעקאטערינענסקי גארטען. איך האב דיר נאכגעשפירט אויף

יעדען שריט, איך בין דיר נאכגעגאנגען אומעדום, וואוהין דוא ביסט געגאנגען. איך בין דיר היינט נאכגעגאנגען, ווען דוא ביסט געגאנגען זוכען ארבייט. איך האב געזעהן, אז דוא געהסט א היים טרויעריג און פערצווייפעלט און האב מיך דערמאָנט, וואס איך האב פערשפּראָכען דיין פאטער פאר זיין טוידט, אז איך זאל קיין מאל ניט פער־לאָזען זיין פרוי מיט זיינע קינדער.

נאטאליא האט אויסגעשטויסען א פריידענס־געשריי און האט אנגענומען דיא האנד, וועלכע דער גראף פאן פאהלען האט איהר געגעבען.

— קום, מיין קינד, האט ער איהר געזאגט, דערצעהל מיר, וויא קומסט דוא קיין פעטערבורג. איך האב געמיינט, אז דוא ביסט נאך אין סיביר מיט דיין מוטער.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו איהר וואָינונג און איז אריינגעגאנגען אין איהר איינפּאכעס, אבער ריינעס צימעריל. זיא האט אנגעצונדען א ליכט, האט געבעטען דעם גראף פאן פאהלען זיצען און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס מיט איהר האט פאסירט דיא גאנצע צייט; וויא איהר מוטער איז געשטאָרבען, וויא זיא האט געוואנדערט מיט באָיאנאווסקי אין אייז און שנעע, ווי זי איז געלעגען אין א האספּיטאל אין קראסנאיארסק, וויא זיא איז גערעטעט געוואָרען, וויא זיא איז געקומען קיין פּעט־טערבורג, וויא זיא האט געפונען איהר ברודער און וויא ער בעהאנדעלט זיא.

גראף פריעדריך פאן פאהלען האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם. פון צייט צו צייט האט זיך א טיעפער זיפץ ארויסגעריסען פון זיין ברוסט.

ווען זיא האט געענדיגט איהר לאנגע ערצעהלונג, האט ער זיך געווענדעט צו איהר פריינדליך און האט איהר געזאגט:

— דיינע ליידען האבען זיך געענדיגט, מיין קינד, פון היינט אן בין איך דיין פאטער. ווילסט דוא פאהרען מיט מיר קיין קורלאנד אויף מיינע גיטער?

נאטאליא'ס אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערין, דאס זיינען געווען פריידען טרערין און זיא האט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. פון אזא גליק האט זיא קיין מאל ניט געטרוימט. זיא האט געוואוסט, אז איהר מוטער פלעגט פון ערגעץ בעקומען געלד יעדען מאנאט ווען זיי זיינען געווען אין סיביר. זיא האט אבער קיין מאל ניט געפרעגט איהר מוטער, ווער עס שיקט איהר דאס געלד. יעצט האט זיא אלעס פער־שטאַנען, יעצט האט זיא אנגעהויבען צו פערשטעהן דיא ווערטער, וועלכע איהר מוטער פלעגט אָפט זאגען: „אן עדעלער פריינד שטיצט מיך און לאָזט מיך ניט פערהונגערן אין דעם ווילדען סיביר".

— דוא שווייגסט, נאטאליא? האט דער אלטער גראף געפרעגט, ווען ער האט געזעהן, אז עס פערגעהען אייניגע מינוט און זיא ענטפערט איהם ניט — דוא ענטפערסט מיר ניט אויף מיין פראגע: ווילסט דוא פאהרען מיט מיר קיין קורלאנד? איך וועל מיך זארגען פאר דיר. איך האב קיין קינדער ניט, איך בין אליין, אליין אויף דיעזער וועלט. —

נאטאליא האט געזעהן, וויא ביי דיא לעצטע ווערטער זיינען צוויי גרויסע טראָפּען טרערין ארויסגעקוואָלען פון זיינע אויגען און ער האט זיי צוקוועטשט מיט דיא פינגער.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהם, האט אנגענומען זיין האנד און האט געזאגט מיט אַ ציטערנדע שטימע:

— איך פאהר מיט אייך, גוטער, עדעלער מאן, וואוהין איהר ווילט.

דער אלטער גראף האט זיא צוגעצויגען צו זיך און האט איהר געגעבען אַ קוש אין קאָפּ.

— איך האב נאך צו פערווייל׳ען אין פעטערבורג אייניגע טעג, האט ער איהר געזאגט. בלייב רוהיג אין דיעזע צייט. ווען איך וועל ענדיגען מיינע געשעפטען, וועלען מיר אוועקפאהרען צו מיר א היים אין מיין שלאָס לעבען ריגא.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואָלט ארייסגעהן, באלד אבער האט ער זיך אומגעקעהרט און האט זיא געפרעגט:

— האָסט דוא געלד, נאטאליא? דארפסט דוא עפּעס האבען? שעהם דיך ניט, זאג מיר, ווי דוא פלעגסט זאגען דיין מוטער. איך בין רייך גענוג, און איך האב אויך געליטען זעהר פיעל.

— איך דארף גאר נישט, האט נאטאליא געענטפערט. דאס איינציגע, וואס איך האב געדארפט, איז געווען א פריינד, א בעשיצער, א פאטער — דאס האב איך געפונען אין אייך.

— יא, נאטאליא, פון יעצט אן בין איך דיין פריינד, דיין בעשיצער און דיין פאטער.

ער האט איהר נאך א מאל געגעבען דיא האנד און איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון צימער.

פריעדריך פאָן פאהלען פלעגט אָפט קומען קיין פעטערבורג, זייט ער איז געוואָהר געווארען, אז זיין טאָכטער יעליסאוועטא איז אנטלאפען געווארען מיט׳ן גראָספירסט קאָנסטאנטין און אז מען האט זיא פערשיקט קיין סיביר. ער האט געשיט מיט געלד אום צו ערפאהרען, וואו זיא געפינט זיך. ליידער, זיינען אלע זיינע בעמיהונגען געווען אומזיסט. עס זיינען געווען נור צוויי מענשען אין פעטערבורג, וועלכע האבען געוואוסט, וואו יעליסאוועטא געפינט זיך — מעזענצאף און דער קייסער. מעזענצאף איז געווען זיין טוידט־פיינד און צום קייסער האט ער ניט געקענט צוקומען מיט אזא פראגע. ער האט דאהער געזוכט אנדערע מיטעל און אנדערע וועגען, וויא אויסצוגעפינען, וואו זיא איז; עס איז אבער געווען אומזיסט. ער האט געזוכט איהר קינד, וולאדימיר׳ן, ער האט איהם אבער אויך ניט געפונען. מיט זיין זוהן הוגאָ האט ער ניט געוואלט זיך איבער בעטען. הוגאָ האט איהם עטליכע מאל געשריעבען בריעף, אין וועלכע ער האט איהם געבעטען אום פערצייהונג, ער האט זיי אבער גאר ניט געלעזען.

אין אייניגע טעג ארום איז ער מיט נאטאליא אוועקגעפאהרען קיין ריגא.

— — — — — — — — — — — — —

לוסטיג שיינט דיא זון איבער פעטערבורג. פרעהליכע מענשען לויפען און געהן אין דיא גאסען. יעדער געהט צו זיין ארבייט, צו זיין בעשעפטיגונג. קיינער קוקט זיך ניט אום, וואס אויף נעווסקי פּראָספּעקט שטעהן אין אייניגע ווינקעלעך מענשען און קוקען זיך צו צו יעדען פאראיבערגעהענדען, מאכען איינעם דעם אנדערן געוויסע

צייכענס און געהן אוועק. עס איז אנגעלאָפען א רייכע דראָשקע איינגעשפּאַנט מיט דריי פערד. צוויי פערד פון ביידע זייטען האַלטען דיא קעפּ איינגעבויגען אין א זייט, דיא טראָיקאַ שטעלט פאָר דעם רוסישען אדלער. אין דער טראָיקאַ זיצט נור איין מענש, דאס איז דער אבערפּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג, דער מעכטינער איוואן מעזענצאָף. ער פאהרט צום קייסער אפּגעבען זיין ראַפּאָרט, אז אלעס אין שטאדט איז רוהיג און זיכער. אלע גריסען איהם. דיא גאָראָדאָוואָי'עס שטעהן יעדער אויף זיין פּאָסטען אויס־געשטרעקט גלייך וויא א ליכט.

דער קייסער האט איהם היינט אויפגענומען בעזאנדערס פריינדליך.

— נו, וואס ברענגען אונז דיינע שפּיאָנען? האט ער איהם געפרעגט. האבען זיי עפּעס אויסגעפונען? ווייס מען שוין, ווער דער אנדערער ארבייטער איז געווען אין קעלער?

— איך האב דאס גליק צו מעלדען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט, האט מעזענצאָף געענטפערט, אז מיר זיינען שוין געקומען אויף דער ריכטיגער שפּור. איך האב געכטען איבערגענומען א גאנצע קאָררעספּאָנדענץ. זיא איז געשריעבען אין ציפערן און זעהר פערשטעלט. איך האב זיא אריינגעגעבען צום מיניסטער דעם אייסערן, זיינע סעקרעטערע וועלען געוויס אויסגעפינען, וויא אזוי צו לעזען דיעזע רעטזעלהאפטע דעפּעשען. איינס ווייס איך דערווייל פאר געוויס, אז באקונין האט זיי געשיקט פון דער שווייץ צו דיא היגע ניהיליסטען. אויף איינינע בריעף איז אונטערגעשריעבען: מיכאאיל.

— מיכאאיל? האט געזאגט דער קייסער לאַנגזאם, דאס איז נאך קיין בעווייז ניט. עס זיינען דאָך דאָ פיעלע מיכאאילס אין רוסלאנד. — איך גלויב ניט, אז באַקונין זאל זיין אזא נארר צו שרייבען א בריעף אין ציפערן און אונטערצושרייבען זיין נאמען איינפאך מיכאאיל. — אלענפאלס, ווען מען וועט אויסגעפינען וויא צו לעזען דיעזע זאנדערבארע קאָררעספּאנדענץ, זאלסט דוא מיר זיא ברענגען. איך וויל אויך זעהן, ווער עס ערלויבט זיך אין רוסלאנד אונטערצושרייבען זיין נאמען אליין. איך ווייס, אז דיעזעס רעכט האט נור דער קייסער.

— איך האב נאך א וויכטיגע מעלדונג צו מאכען, האט מעזענצאָף ווייטער גע־זאגט. איך האב שוין געהאט דיא עהרע צו מעלדען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט, אז אין דער לעצטער צייט איז גאַנץ רוסלאנד און בעזאנדערס פּעטערבורג געווען פער־פלייצט מיט פאלשע דעפּאָזיטען. עס האט גערעגענט מיט פאלשע הונדערטער. דיא גאָסודארסטווענני באַנק איז געווען אין א זעהר קריטישע לאַגע. עס איז מיר ענדליך, נאך שווערער מיה דאך געלונגען צו ענדעקען דעם מאכער פון'ם פאלשען געלד....

— געוויס א ניהיליסט, האט דער קייסער געזאגט.

— דאס מאל איז עס געראדע געווען א גרויסער באנקיר, אנדריי יאגאדקין פון דער פירמא „בראטיא יאגאָדקין". דיעזע פירמא איז שוין לאנג געשטאנען אזוי שלעכט, אז מען האט יעדען טאג געמיינט: אָט, אט וועט זיא באנקראטירען. זיא האט זיך אבער בעשטענדיג אויסגעדרעהט, קיינער האט ניט געוואוסט, וויא אזוי. ענדליך האב איך אויסגעפונען אז אלע פאלשע הונדערטער קומען פון איהם, זאגאר זיין פרוי פלעגט

ארומפאהרען אין דיא מאגאזינען קויפען סחורה, פאר וועלכע זיא פלעגט צאהלען מיט פאלשע הונדערטער.

— ווידעראום א סקאנדאל, האט דער קייסער געזאגט טרויעריג. ווידעראום א פראצעס פאר דער גאנצער וועלט. דיא צייטונג׳ס־שמיערער וועלען שוין האבען וואס צו שרייבען איבער דיא רוסישע פינאנסען. דיא פירמא יאנאדקין איז בעקאנט אין איירא‌פא, עס וועט מאכען א רעש, דער קורס פון׳ם רובעל וועט פאלען, מען וועט קיין קאנטרוליען ניט האבען צו אונזער באנק. — ניין, איך וויל ניט מאכען קיין סקאנדאלען, איך וויל איהם בעסער פערשיקען קיין סיביר אהן א געריכט, אהן א פראצעס, אהן א ליארם.

— זאל איך אנשרייבען דעם בעפעהל איהם צו פערשיקען? האט מעזוענצאף געפרעגט.

— איך וועל דיר שוין איבערגעבען מיינע בעפעהלע איבער דיעזען פונקט. — קענסט דוא מיר זאגען, וויא ווייט זיין פרוי איז שולדיג?

— זיא האט דאס פאלשע געלד ניט געמאכט, זיא האט עס נור פערברייטערט, האט מעזוענצאף געענטפערט.

דער קייסער האט נאך געטראכט איינינע מינוט, דאן האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז דיא אודיענץ האט זיך געענדיגט. מעזוענצאף האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. ער איז געוועזען העכסט צופריעדען, וואס דער קייסער האט איהם אזוי פריינדליך אויפגענומען. ער איז געוועזען אזוי צופריעדען, אז ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון׳ם פאלאץ, האט ער געהייסען דיא דראשקע פאהרען א היים און ער אליין איז געגאנגען שפאצירען איבער׳ן נעווסקי פראספעקט.

דער טאג איז געוועזען שעהן. דיא זון האט געשיינט און בעלייכטעט דעם פרעהליכען נעווסקי פראספעקט. עס איז געוועזען אום עלף אוהר. מעזוענצאף איז געגאנגען לאנגזאם פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און זיינע פלאנען. ער האט ניט בעמערקט, אז הינטער איהם געהט נאך א מאן און לאזט פון איהם קיין אויג ניט אראפ. ער האט ניט בעמערקט, אז אויף דער גאס שלעפט זיך לאנגזאם, קוים וואס ער ריהרט זיך א דראשקע מיט א פייעריג פערד. ער האט ניט בעמערקט, אז דיא קוטשער׳ס פון דיא דראשקע׳ס פאהרען אוועק, ווען זיי דערזעהן איהם גלייך וויא זיי אנטלויפען פון איהם. ער איז געוועזען צופריעדען און גליקליך, וואס דער קייסער האט איהם ניט געזיעדעלט.

אזוי איז ער צוגעקומען ביז צום ארט, וואו א שמאלע גאס פאלט אריין אין נעווסקי פראספעקט. דארט איז ער געבליעבען שטעהן און האט זיך געוואלט אומקעהרען. אין דיעזע מינוט איז דער מאן צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געזאגט: „גוט מארגען!“ מעזוענצאף האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט געוואלט אנקוקען דעם מענשען, וועלכער האט איהם אזוי העפליך געגריסט. אין דיעזע סעקונדע האט דער מאן ארויסגענומען א לאנגען שארפען שפיציגען מעסער און האט איהם אריינגעשטאכען אין הארצען מיט אזא קראפט, אז דאס גאנצע מעסער ביז אין דעם שטיל איז איהם אריין אין לייב אריין. מעזוענצאף האט געגעבען א שרעקליכען געשריי: רעטעט מיך! און איז געפאלען אויפ׳ן פלאסטער. פון דער וואונד האט זיך געוויעזען א גאנץ דינער

שטראָם שוואַרצעס בלוט. א גאָראָדאָוואָי האט דערזעהן, אז מעזענצאף איז געפאַלען און האט אנגעהויבען צו פייפען און צו רופען זיינע קאַמעראַדען. עס איז זיך צונויפגע־לאָפען א גרויסע מאַסע מענשען.

— וואו איז דער מערדער? האט מען געשריען פון אַלע זייטען.

דער מערדער איז באַלד, וויא ער האט אפגעטהאן זיין זאַך, ארויפגעשפּרונגען אויף דער דראשקע, וועלכע איז איהם נאכגעפאהרען און איז באַלד פערשוואונדען. דער ערשטער גאָראָדאָוואָי האט געזעהן, וויא ער פליעהעט אוועק און האט געשריען צו זיינע קאַמעראַדען, זיי זאָלען איהם נאכלויפען. עס איז אבער אויפ'ן גאַנצען נעווסקי פּראָספּעקט ניט געוועזען קיין איין דראָשקע צו בעקומען, אַלע זיינען פערשוואונדען, גלייך וויא זיי וואָלטען אין דער ערד אריין. אייניגע האבען פּראָבירט נאכצולויפען צו פוס און שרייען: האַלט! חאַפּט איהם! דיא דראָשקע איז אבער באַלד פערשוואונדען אין ענגע און געדרעהטע געסלעך און דיא, וואס האבען געוואָלט נאכלויפען האבען זיך געמוזט אומקעהרען.

מען האט געזוכט א דראשקע אום דעם שטערבענדען מעזענצאף ארויפצולעגען, עס איז אבער קיין דראשקע ארום אין דער גאַנצער געגענד ניט געוועזען צו קריגען. אונטערדעסען זיינען אנגעקומען דאָקטוירים, זשאַנדאַרען און דער גאַנצער שטאַב פון דער געהיים־פּאָליציי מיט'ן גוטען אַשינאַוו. דאס ערשטע וואס דיא דאָקטוירים האבען געטהאן, איז געוועזען ארויסצוציעהען דאס מעסער פון זיין לייב. דאַמאַלס ערשט האט מען געזעהן, אז צום הילצערנעם שטיל פון'ם לאַנגען מעסער איז געוועזען צוגעקלעפּט א לאַנג פּאַפּיקעל פּאַפּיער מיט דער אויפשריפט:

— שטאַרב, דוא בלוט־הונד! דוא ביסט שוין לאַנג פעראורטהיילט צום טוידט. דאס עקזעקוטיוו קאָמיטע.

יעצט האט מען געוואוסט, ווער עס האט עס געטהאן. פּעטערבורג האט זיך דערשראָקען. דיא אגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי האבען זיך מורא געהאט צו ווייזען אויף דער גאַס. דער פּעטערבורגער גובערנאַטאָר האט ארויסגעשיקט פּאַטרולען פון קאָזאַקען אויף פערד, זיי זאָלען ארומפאהרען אין דיא גאַסען. מען האט עס געמוזט מעלדען דעם קייסער, פערשווייגען אזא זאַך האט מען מורא געהאט. עס האט זיך אבער ניט געפונען קיינער, ווער עס זאָל איהם ברענגען אזא טרויעריגע נאכריכט. מען האט געוואוסט, וויא אזוי אזא נאכריכט קען איהם אויפרעגען. דער גובערנאַטאָר האט ניט געפונען קיין אנדערן, ווער עס זאָל עס מעלדען דעם קייסער, אַלס דעם גראָספירסט קאָנסטאַנטין. מען האט געוואוסט, אז צווישען דיעזע ברידער איז דאָ עפּעס, וואס צווינגט זיי צו רעדען אָפען איינער געגען דעם אנדערן. ווען דער גראָספירסט קאָנ־סטאַנטין האט דערהערט, אז מען האט מעזענצאף'ן געשטאָכען אויף דער גאַס, האט ער ניט געקענט פערדעקען דיא פרייד, וואס ער האט געהאט. ער איז באַלד געפאהרען צום קייסער אין פּאַלאַץ, איז אריינגעגאַנגען אין זיין קאַבינעט און האט איהם געזאָגט:

— איך ווינש דיר גליק, ברודער, דוא האסט מיט איין שלעכטען מענשען ארום דיר ווייניגער.

דער קייסער האט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? האט ער געפרעגט.

— מען האט נור וואס געשטאכען מעזענצאוו'ן אויפ'ן נעווסקי פּראָספּעקט, האט קאָנסטאַנטין געזאגט גלייכגילטיג.

דער קייסער האט זיך דערשראָקען און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— ווער האט עס געטהאן? האט מען געחאפּט דעם מערדער? האט ער געפרעגט.

— זיי רוהיג, ברודער, האט קאנסטאנטין געענטפערט, דאס האט געוויס געטהאן א בעליידיגטער מאן, אדער א ברודער, וועלכער האט זיך נוקם געווען פאר דיא עהרע פון זיין פרוי אָדער פון זיין שוועסטער. מען דערצעהלט פון מעזענצאוו'ן שעהנע זאכען.

— ביסט דוא זיכער, אז דאס האבען ניט געטהאן דיא ניהיליסטען? האט ער געפרעגט מיט א רוהיגערען טאָן.

— זיכער בין איך ניט. איך מיין נור אזוי, ווייל איך האב געהערט פון איהם זעהר פיעלע שלעכטע געשיכטען. אויסער דעם גלויב איך ניט, אז דיא ניהיליסטען זאלען זיך בעשעפטיגען מיט אזא ניעדעריגע פערזאָן.

— שאַדע! האט געזאגט דער קייסער. מעזענצאוו איז דאך געווען א טרייער דיענער. ער האט דאך געוואכט אויף מיר טאג און נאכט.

— א טרייער דיענער? האט געזאגט דער גראָספירסט מיט א שמייכעל. ער האט דיר נור געזאגט, אז ער איז דיר געטריי. ער איז דיר געטריי געווען, זא לאנג דוא האסט איהם צוגעווארפען ביינער, האסט איהם געגעבען ארדענס און מעדאילען. זאלסט געוועזן אמאל פּראבירען רייצען זיך מיט דיעזען טרייען דיענער, וואלסט דו געזעהן, וויא טריי ער איז דיר געווען.

— וואס זאל איך טהאן, ברודער, ווען איך מוז האלטען ארום מיר אזעלכע טרייען הינד?

— ניין, ברודער! האט קאנסטאנטין אויסגערופען. דוא קענסט פיעל מעהר געווינען, ווען דוא ווסט האלטען דיר ארום בעסערע מענשען פון מעזענצאוו. דער אבער־פּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג און שעף פון דער געהיים־פּאָליציי דארף ניט זיין קיין ניעדעריגער שפּיאָן, וועלכער האט זיין אייגענע מוטער פערקויפט פאר א שטעלע אין דער פּאָליציי. דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי דארף ניט זוכען צו בענוצען זיין שטעלע פאר זיינע אייגענע אינטערעסען. איך ווינש דיר נאך אמאָל גליק, וואס דוא ביסט לויז געוואָרען פון אזא טויגעניכטס.

אלכסנדר II איז אָבער ניט געוועזן איינפערשטאַנען מיט זיין ברודער. ער האט בעדויערט מעזענצאָוו'ן אלס זיין טרייען דיענער.

— שאַדע! שאַדע! האָט ער וויעדערהאלט עטליכע מאל און האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל איהם בעגראָבען מיט דיא גרעסטע עהרען.

ערשט אויפ'ן אנדערן טאָג איז ער געוואהר געווארען, ווער עס האט מעזענצאווי'ן געשטאָכען. עס האט אויף איהם געמאכט א טיעפען איינדרוק. ער איז דריי טאָג ניט ארויסגעגאנגען פון זיין פּאלאַץ.

69טעס קאפּיטעל.

## עליזאַבעטה אין דיא סטעפּען פון סיביר.

מערקווירדיג איז סיביר אלס לאַנד, מערקווירדיג איהרע בערג, איהרע טאהלען, איהרע אונענדליכע, גרענצענלאזע וועלדער, איהרע פעלדער, איהרע סטעפּען איהרע טונדראס און איהרע איינוואָינער. מען מיינט געוועהנליך, אז אין סיביר איז דא נור שנעע און אייז, דאס איז אָבער אַ טעות: אין סיביר זיינען דאָ גאַנץ קאַלטע געגענדען, עס זיינען אבער אויך דא גאַנץ ווארימע געגענדען, וואו דער ווײנשטאָק וואקסט אויף דער פרייער לופט. עס געפינען זיך געגענדען, וועלכע זיינען בעדעקט מיט אייביגען שנעע און אייז, וואו עס וואקסט ניט קיין גרעזעלע, קיין ביימעלע; עס זיינען אבער דא געגענ־דען, וועלכע זיינען בעדעקט מיט אזעלכע געדיכטע וועלדער, אז מען מוז מיט א האַק אין דער האַנד זיך דורכשניידען א וועג דורך זיי.

מערקווירדיגער פון אַלעמען זיינען דיא פעלקער, וועלכע בעוואָינען סיביר. איהר געפינט דארט טערקען, טאטארען, באשקירען, קירגיזען, וועלכע גלויבען אין מאַ־האמעד; בוריאַטען, אסטיאַקען, טשוקטשיס, וועלכע דיענען צו זייערע געצען פון האָלץ און שטיין; כינעזען, גולדען און מאנגאלען, וועלכע דיענען צו בודדהא און רוסען, וועלכע זיינען קריסטען. בעשרייבען אַלע דיעזע פעלקער, זייער לעבען, זייערע זיטען (מנהגים) און זייער כאראַקטער, ערלויבט אונז ניט דער פּלאַץ. דאריוף וואלט מען געדאַרפט אנשרייבען גאַנצע ביכער. מיר ווילען אלזא נור בעשרייבען אין קורצע ווערטער דיא קירגיזען.

דיא קירגיזען שטאַמען פון דעמזעלבען פאלק, פון וועלכען דיא טערקען־סעלד־שוקען קומען ארויס. זייער שפּראַכע איז זעהר עהנליך צו דער טערקישער, זיי זיינען מאהאמעדאַנער, וויא דיא טערקען און זייער אלגעמיינער כאראַקטער איז זעהר עהנליך צו דיא טערקען. דיא גאסטפריינדשאַפט (הכנסת אורחים) איז ביי זיי דיא גרעסטע מצוה, דיא הייליגסטע פפליכט. ווען אַ פרעמדער קומט צו זיי, נעהמען זיי איהם אויף מיט דער גרעסטער פריינדליכקייט, זעצען איהם אויבען אן אין זייער יורטא (געצעלט) און געבען איהם צו עסען און טרינקען דאס שעהנסטע און דאָס בעסטע, וואס זיי האָבען.

זיי וואָינען ניט אין קיין שטעדט און קיין דערפער, זיי בויען ניט קיין הייזער און וואָינען ניט בעשטענדיג אויף איין אָרט. זיי פיהרען א נאָמאדען לעבען, זיי וואנדערן ארום פון איין ארט צום אנדערן. זייער רייכקייט בעשטעהט אין זייערע העערדען (סטאַ־דאס) שאף, רינדער, פערד און קעמלען. וואו זיי געפינען א גוט שטיק לאַנד, בעוואַק־סען מיט גראָז און, וואו עס געפינט זיך א טייכעל אָדער ברונענס, דארט שלאָגען זיי אויף זייערע „יורטא'ס" (געצעלטען) און בעזעצען זיך, ביז זייערע בהמות עסען אָפּ דאס גאנצע גראז, דאן פּאקען זיי צונויף זייערע געצעלטען און פאָהרען זוכען אנאנדער געגענד. זייערע געצעלטען זיינען געמאכט פון גאַנץ דיקע וואָילאָקעס (פילץ), דרייא, פיער לאַנגע דראָנגעס ווערן אריינגעשלאָגען אין דער ערד, ארום זיי ווערן ארומגעהאנגען דיא דיקע וואָילאָקעס און דיא יורטע איז פערטיג. פון אינעווייניג הענגען זיי אויס דיא יורטא מיט

טהייערע פערזישע טעפּיכע (קאַרפּעט). אויפ׳ן באָדען לעגט מען אויס עבענפאלס וואָי־לאקעס און מען פערשפּרייט זיי מיט אלערליי טעפּיכע. ביי דיא וואנד ליעגען קישעלעך, אויף וועלכע דער ווירטה און דיא געסט זעצען זיך, דיא פיס אונטער זיך, וויא דיא טערקען זיצען.

זיי לעבען געוועהנליך פון דיא פּראָדוקטען פון זייערע בהמות: מילך, קעז און בוטער; נור זעלטען, ווען עס קומט א גרויסער גאַסט, קוילעט דער ווירטה אונטער געוויסע צערעמאָניען א יונגעס פערד אָדער א שאָף. דאַמאלס איז א יו״ט און דער גאַנצער לאַגער פערזאַמעלט זיך אויף אזא פייער טאָג.

א שעהנעס, ריכטיגעס בילד פון דיא קירגיזען שטעלען אונז פאָר אונזערע עלטער — עלטער זיידענס, אברהם, יצחק און יעקב. ווען מען לעזט אויפמערקזאַם דעם חומש, געפינט מען אין זיי דאס וואהרע בילד, דעם טיפּוס, אן עכטע קאָפּיע פון דיא קירגיזען. זיי זיינען עהרליך, גאַסט פריינדליך (גרויסע מכניס אורחים) מוטהיג, אָבער ניט קריע־געריש. דער קירגיז וועט קיין מאל ניט פערשוויינגען א בעליידיגונג. „אן אויג פאר אן אויג, א צאהן פאר א צאָהן,״ איז זיין געזעץ און זיין היילינע תורה; ער זוכט אָבער ניט צו קריעגען זיך, ער וויל ניט אנפאלען אויף יענעם; ווען אָבער איז דעם, ווער עס וועט איהם בעליידיגען אָדער ביי איהם עפּעס צונעהמען. דער קירגיז וועט ניט רוהען, וועט ניט עסען, וועט ניט טרינקען, ביז ער וועט זיך נוקם זיין אן דעם, וואס האט איהם בעליידיגט. און, וואונדערבאַר, עס איז ביי זיי אזוי איינגעפיהרט, אזוי איינגעוואָרצעלט עהרליכקייט און פריינדליכקייט, אז דער קירגיז לאזט זיינע גרויסע העערדען (סטאַדא׳ס) פון עטליכע טויזענד שטיק שאָף, פערד, רינדער און קעמליך פריי ארומגעהן אין דיא הונדערטער מיילען ווייטע סטעפּעס און היט זיי זאָגאר ניט; ער ווייס, אז זיי זיינען זיכער, אז קיינער וועט ביי איהם ניט גנבענען.

דאס וואָרט ביים קירגיזען איז היילינ, נאָך הייליגער איז זיין שבועה. קוים האט ער עפּעס צו געזאָגט און האט נאָך דערמאָנט דערביי דעם נאָמען פון מאַהאמעד, וועט ער זיין וואָרט האַלטען, ווען עס זאל איהם זאָגאר קאָסטען דאס לעבען.

דיא קירגיזען מעגען האבען צוויא און מעהרערע פרויען. אזא פערגניגען ערלויבען זיך אָבער נור דיא גאַנץ רייכע, געוועהנליך האט דער קירגיז נור איין פרוי. דיא פרויען זיינען אָבער ניט פערשפּאַרט אין בעזונדערע צימער, וויא ביי דיא טערקען, זאָנ־דערן געהן ארום פריי אין לאַגער און בעשעפטיגען זיך מיט דער ווירטהשאַפט. נור, ווען א פרעמדער קומט אין לאַגער, פערדעקען זיי זיך דאָס געזיכט מיט א ווייסען שלייער (פאַראַדזשאַ), פון וועלכען מען זעהט ארויס נור זייערע שוואַרצע פייעריגע אויגען.

מיר האבען אביסעל בעשריעבען דיא קירגיזען, ווייל איינע פון אונזערע הויפּט פּערזאָנען, יעליסאַוועטא פאָן פאהלען, פאהרט יעצט מיט א קירגיז.

אין א ווילדען וואלד פאהרט פאַרזיכטיג א רייטער. לעבען איהם אויף זיין שטאַר־קעם האלבווילדעס פערד זיצט יעליסאַוועטא און האלט זיך אן דיא לאַנגע האָר ביים פערד אויפ׳ן האלז (מעהנע, גריווא). דיא זוי איז שוין לאנג אויפגעגאַנגען און בעלייכטעט מיט איהרע שעהנע גאָלדענע שטראַהלען דיא בוימער. יעליסאַוועטא ווערט אונרוהיג.

זיא וויים, אז מען וועט זיא זוכען; זיא וויים, אז קוים וועט ניקאָלין געוואהר ווערן, אז זיא איז אנטלאָפען, וועט ער איבערקעהרן גאנץ סיביר. ער וועט אויסזוכען יעדעס דער־פעל, יעדע שטיבעלע.

— איז נאך וויים צו דיר א היים? פרעגט זיא דעם קירגיז.

— ווען דיא זון וועט דריי מאל אראָפּגעהן דארט צום מעער, וועלען מיר אנקומען אין דיא סטעפּעס, וואו מיין האָרדע געפינט זיך יעצט.

— וועלען מיר נאך לאנג פאהרען דא אין וואלד? פרעגט וויימער יעליסאוועטא אונרוהיג.

— ווען דיא זון וועט שטעהן איבער אונזער קאפּ, וועלען מיר ארויספאהרען פון וואלד. מיר וועלען דאן פאהרען איבער א גרויסען סטעפּ.

דיא קירגיזען זיינען ערשט ניט לאנג בעקאנט געווארען מיט דער מאשין, וואס מעסט אפּ דיא צייט און צעהלט אונזערע שטונדען — מיט א זייגער. אזא מערקווירדיגע מאשין געפינט זיך נור ביי דיא גרויסע, ביי דיא מירזא׳ס; דיא ארימע, דאס פאלק וויים נאך דערפון ניט. דער בעריהמטער אונגארישער רייזענדער, וואמבערי, איז אמאל געקומען צו א מירזא (פרינץ) פון דיא קייסאך קירגיזען. דער פרינץ האט איהם אויפ־גענומען זעהר פריינדליך און האט איהם געהאלטען עטליכע טעג ביי זיך. וואמבערי האט איהם געשענקט א זייגער מיט א קוקוק און האט איהם געוויעזען, אז ווען דער זייגער דארף שלאגען, פליהט ארויס דאס פייגעלע און מאכט: קו — קו! קו — קו. דער מירזא איז געווען אזוי ערשטוינט איבער דיעזעס גרויסע וואונדער, אז ער האט מורא געהאט זיך צו צוריהרען צו איהם. ער האט אויף קיין פאל זיך ניט געקענט ערקלערן אזא וואונדער און האט ענדליך געבעטען וואמבערי, ער זאל עס ביי איהם צונעהמען.

יעליסאוועטא׳ן האט געקלאפּט דאס הערץ. זיא האט געציטערט ביי דעם קלענ־סטען גערויש. זיא איז געווען אזוי דערשלאגען און אזוי איבערגעשראקען, אז יעדע מינוט האט זיא זיך אנגעהאפּט אן׳ם פערד.

— זיי רוהיג, פרעמדע! האט דער קירגיז געזאגט, זא לאנג חוליי חאסאן חאן (אזוי האט ער געהייסען) לעבט, וועסט דוא זיין פריי.

זיא איז אבער ניט געווען געוואינט צום רייטען און עס איז שוין צייט געווען עפּעס צו עסען אויך. דער קירגיז האט עס פערשטאנען. ער איז אראפּ פון פערד, האט אראפּגענומען יעליסאוועטא׳ן, האט פערשפּרייט א דעק אויף דער ערד און האט איהר געגעבען קעז, בוטער און ברויט. ווען זיי האבען זיך דערפרישט און דאס פערד האט זיך אפּגערוהט, האבען זיי זיך אויפגעזעצט און וויימער געפאהרען. באלד זיינען זיי ארויסגעפאהרען פון וואלד און זיינען אריינגעפאהרען אין דיא גרויסע, מיילען וויימע סטעפּעס פון סיביר.

דא האט דער קירגיז געהייסען יעליסאוועטא׳ן זיך אָנטהאן א שלייער אויפ׳ן געזיכט, זיא זאל אויסזעהן, וויא א קירגיזען פרוי.

— יעצט מוזען מיר פאָרזיכטיג זיין, האט ער איהר געזאָגט. ביז אהער האט אונז דער וואלד געשיצט און פערדעקט, יעצט אָבער זיינען מיר אין פרייען פעלד און מען קען אונז זעהר לייכט בעמערקען.

ער איז געווען פּאָרזיכטיג, דער גוטער קירגיז. ער איז אויפגעוואקסען אין דיא סטעפּעס, ער איז געוואינט מיט דיא סטעפּעס; ער האט געקענט יעדען וועג, יעדען שטעג, יעדעס בערגעלע און יעדעס טייכעלע. זיין שאַרפער בליק האט אלעס געזעהן. ער האט דערקענט אויף אַ וויאָרסט דיא ווייט, ווער עס קומט דארט, אויב רוסען, אָדער פון אַנאַנדער פאלק. ער האט דערקענט, ווער עס פאהרט און אויף וואס מען פאהרט, אויב אויף אַ פערד, אָדער אויף אַ קעמעל.

אזוי זיינען זיי געריטען דעם גאַנצען טאָג. ווען עס איז פינסטער געוואָרען, האט דער קירגיז געמאכט פאַר יעליסאַוועטאַ'ן אַ געלעגער פון גראָז און האט איהר געגעבען דיא דעק פון'ם פערד. ער אליין האט געהאלטען דיא וואַך. אויפ'ן דריטען טאָג, האט יעליסאַוועטאַ דערזעהן פון דערווייטען הויכע בערג און האט געפרעגט איהר בעגלייטער, וואס זיינען דאס פאר בערג?

— דאס זיינען דיא אַלטאַי בערג, האט ער איהר געענטפערט, איינינע שפּיצען פון זיינע בערג זיינען בעדעקט מיט אייביגען אייז. ניט ווייט פון דיעזע בערג געפינט זיך מיין האָרדע. דיעזע בערג זיינען געווען מיין וועגווייזער אין דער גאַנצער צייט פון אונזער רייזע. זייט מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פון וואַלד, האב איך בעשטענדיג געקוקט נור אויף דיא ווייסע גלענצענדע, מיט שנעע בעדעקטע שפּיצען פון'ם אַלטאַי. יעצט ביסט דוא זיכער. אין אונזערע געצעלטען קומען ניט דיא דיענער פון'ם רוסישען קייסער. אמת, ער זאגט, אַז מיר זיינען זיינע פּאָדדאַנעס (זיינע אונטערטהאנען), מיר צאהלען איהם יעהרליך אַ געוויסע סומע געלד, אָבער מיר זיין פריי און ווילען זיינע געזעצע ניט קענען און ניט וויסען.

יעליסאַוועטאַ האט זיך ערשט צוגעקוקט און האט דערזעהן דיא הויכע שפּיצען פון'ם אַלטאַי. זיא האט ערשט אויפגעאטעמט פרייער, ערשט יעצט האט זיא געוואוסט, אַז זיא איז זיכער אַז איהרע פערפאלגער וועלען זיא אזוי גיך ניט טרעפען.

געגען אָבענד זיינען זיי אנגעקומען אין לאַגער. אין דערמיט סטעפּ איז געווען אויסגעבויט אַ גאַנצע שטאָדט. פיער לאַנגע רייהען געצעלטען זיינען געשטאַנען אין גוטער אָרדנונג און האבען פאָרגעשטעלט צוויי לאַנגע גאסען. חוליי חאַסאַן חאַן איז צוגעפאהרען צו איינעם פון דיא געצעלטע. דא איז ער אראָפּ פון פערד און האט אראָפּ־גענומען יעליסאַוועטאַ'ן. באלד זיינען זיך צונויפגעלאָפען אלע איינוואָינער און נייגיעריגע אויגען האבען געקוקט פון אַלע זייטען אויף דעם גאַסט. מענער פון אייראָפּאַ זיינען אויך אַ גרויסע זעלטענהייט אין אַ קירגיזען לאַגער, בעזאנדערס אבער אַן אייראָפּעאישע פרוי, דאס האבען פיעלע פון זיי נאך קיין מאל ניט געזעהן. חוליי חאַסאַן חאַן האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. ער האט איבערגעגעבען דאס מיעדע פערד צו איינעם פון זיינע פריינד און האט אריינגעפיהרט יעליסאַוועטאַ'ן אין געצעלט.

— דא וועסט דוא וואינען, האט ער איהר געזאגט, ביז וואנען איך וועל אויסגע־פינען אַ מיטעל, וויא אזוי דיך צו ברענגען קיין ניזשני נאָווגאָראָד. דער וויל שטעהסט דוא אונטער אונזער שוץ און קיינער וועט דיר קיין שלעכטעס ניט טהאן.

עס זיינען פערגאַנגען עטליכע טעג. יעליסאַוועטאַ האט זיך אויסגערוהט פון דש־שייערער רייזע. דיא ריינע געזונדע לופט פון דיא סטעפּעס האט אויף איהר געווירק

בעסער, וויא יעדע מעדיצין. זיא האט זיך געפיהלט מיט יעדען טאג קרעפטיגער און איהרע בלייבע באקען האבען אנגעהויבען רויט צו ווערן, וויא א מאל. ביי טאג פלעגט זיא ארומגעהן אין לאגער אדער אין דיא סטעפעס ארום, געגען אבענד פלעגט זיא צוריקקומען אין איהר ווארעמען געצעלט פון וואילאקעס. חוליי חאסאן האן פלעגט קומען יעדען מארגען פרעגען, וואס זיא טהוט און וויא עס געפעהלט איהר ביי זיי. יעליסאַ־וועטא פלעגט איהם דאנקען און פלעגט איהם בעמערקען, אז ביי זיי איז געוויס גוט; אין דער היים אבער איז נאך בעסער.

— אין דער היים? האט זיא דען א היים? פלעגט זיא אפט זאגען צו זיך אליין. איך בין אנטלאפען פון אסטראג, איך פאהר א היים, אבער וואוהין? מיין פאטער איז געוויס בייז אויף מיר און ער האט רעכט אויף מיר בייז צו זיין. איך האב איהם גע־קרענקט, איך האב איהם בעליידיגט, איך בין אנטלאפען אהן זיין וויסען מיט א שלעכטען מענשען, מיט א טויגעניכטס. אלזא, צו וועמען פאהר איך קיין רוסלאנד? וועמען האב איך דארט? וואס טויג מיר יעצט דיא פרייהייט? וואס קען איך מאכען מיט דער פרייהייט?

דיעזע און עהנליכע טרויעריגע געדאנקען פלעגען זיא בעשעפטיגען, ווען זיא פלעגט ליעגען אויף דיא ווייכע פערזישע דעקען. אין דער לעצטער צייט האבען איהר אנגעהויבען צו בעשעפטיגען נאך אנדערע געדאנקען. זייט זיא איז אין לאגער פון דיא קירגיזען, האט נאך קיינער צו איהר קיין פריינדליכעס וואָרט געזאגט, קיינער האט איהר נאך קיין פריינדליכע מינע ניט געוויעזען. אמת, זיא פערשטעהט ניט זייער שפּראַכע און דיא קירגיזען רעדען זעלטען רוסיש. זיא האט זיך אבער ניט געקענט פאַרשטעלען, אז זיי זאלען קיין וואָרט רוסיש ניט פערשטעהן. זיא האט שוין געחאפּט עטליכע קירגיזישע ווערטער און האט שוין געקענט בעגריסען איינעם און איהם ענטפערן אויף זיין גרוס. זיא האט געזעהן מיט שטוינען, אז דיא קירגיזען טרעטען איהר אויס דעם וועג און רעדען צו איהר ניט, בעגריעסען זיא ניט און ווייכען פון איהר. דאס האט זיא זעהר בעאונרוהיגט.

— איך בין דאך א פרעמדע, האט זיא זיך געטראכט. איך האלט ניט פון זייער גלויבען, איך בין ניט געוואָינט מיט זייערע זיטען (מנהגים) איך רעד ניט זייער שפּראַכע— איך בין א פרעמדע.

זיא האט ניט געוואוסט, אז זיא האט זיך ערוואָרבען א שרעקליכען פיינד אין לאגער פון דיא קירגיזען; א פיינד, וועלכען מען קען ניט אוועקמאַכען מיט דער האנד, ווייל עס איז א פרוי, געטריעבען פון אייפערזוכט. דיא פרוי פון א מירזא, וועלכע האט זיך געדעכענט אלם דיא שעהנסטע אין לאגער, האט געהערט, וויא אייניגע מענער האבען געזאגט, אז דיא פרעמדע איז שעהן. דאס האט פערדראסען דער שעהנער פרוי און זיא האט אנגעהויבען אויפצורייצען אלעמען געגען דיא פרעמדע.

— דיא פרעמדע איז אנטלאפען פון'ם גרויסען חאן אין פעטערבורג, האט זיא געזאגט צום מירזא און צו אנדערע אנגעזעהנע מענער פון דער הארדע, ווען מען זאל געוואָהר־ווערן אין אירקוטסק, אז מיר האבען זיא בעהאלטען ביי זיך, וועט דער חאן אין פעטערבורג ארויפלעגען אויף אונז א שווערע שטראפע. זעהט, אז דיא פרעמדע

**זאל אוועק פון אונז.** וואס האט זיא דא צו טהאן? מיר דארפען **אין אונזער לאנגער** קיינע פרעמדע, וועלכע גלויבען ניט אין מאהאמעד.

דיא מענער האבען זיך ווירקליך דערשראָקען. זיי האבען זעהר פיינד געהאט דיא רוסישע טשינאָווניקעס, אבוואהל זיי פלעגען זיי זעהן נור איין מאל אין יאהר, ווען דער איספראווניק פון יענער געגענד פלעגט ארומפאהרען נעהמען ביי דיא קירגיזען דעם יאשאק (שטייער). זיי פלעגען איהם געבען, וויא פיעל ער האט געפאָרדערט אום נור פון איהם פטור צו ווערן. יעצט זאל פלוצלונג אנלויפען אן איספראווניק און זאל פארדערן פון זיי נאך א מאל יאשאק און נאך א שטראפע דערצו איז געוויס זעהר אונאנגענעהם. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס אלע אין לאגער האבען געזוכט אויסצואווייזען יעליסאוועטא'ן. זיי האבען זיא ניט געקענט ארויסטרייבען פון זיך, ווייל דאס איז געגען דיא גאסטפריינדשאפט; האלטען זיא אבער האבען זיי מורא געהאט פאר'ן גרויסען חאן אין פעטערבורג.

יעליסאוועטא האט נאטירליך דערפון ניט געוואוסט, זיא האט נור בעמערקט, אז קיינער האט איהר קיין פריינדליכעס וואָרט ניט געזאגט און קיין פריינדליכע מינע ניט בעוויזען. זיא האט געוואוסט, אז חולײ חאסאן חאן וועט איהר געוויס זאגען וועגען זיינע פלענער, וויא זיא זאל קומען קיין רוסלאנד, ער האט אבער געשוויגען און האט קיין וואָרט גערעדט פון ווייטער פאהרען. ער איז געווען העפליך און זעהר אויפמערקזאם געגען איהר. ער האט איהר פערזארגט מיט אלעם נייטיגען און האט פערשטאנען איהרע בליקע, איהרע ווינשע. ער פלעגט איהר אָפט ברענגען בלומען פון'ם אלטאי און זעלטענע פייגעל. יעליסאוועטא'ס לאגע איז אבער פון טאג צו טאג געווארען ערגער. זיא האט בעמערקט, אז דיא קירגיזען קוקען אויף איהר פיינדליך און קענען זיא ניט ליידען. זיא האט זיך ענדליך ענטשלאָסען צו בעטען חולאי חאסאן חאן, ער זאָל זיא ברענגען קיין רוסלאנד. איין טאג, ווען ער איז געקומען אין דער פריה זיא בעגריסען און פרעגען, אויב זיא דארף עפּעס, האט זיא איהם געזאגט:

— מיין טהייערער פריינד, איך האב גאר ניט קיין ווערטער, דיר צו דאנקען פאר אלעס, וואס דוא האסט געטהאן פאר מיר. איך האב מיך שוין אויסגערוהט, איך פיהל מיך יעצט קרעפטיג גענוג צו אונטערנעהמען דיא לאנגע רייזע קיין רוס־לאנד. האסט דוא שוין אויסגעפונען א פלאן, וויא מיך צו שאפען קיין ניזשני־נאָוו־גאָראָד?

חולײ חאסאן חאן האט זיא אנגעקוקט מיט אזא צערטליכקייט, מיט אזא ליעבע, אז יעליסאוועטא האט אראפגעלאזען דיא אויגען.

— וואס איילסט דוא אזוי, עליזאבעט? וואוהין ווילסט דוא פאהרען? דאָרט אין דיין לאנד זיינען דיא מענשען שלעכט, זיי פערגינען ניט איינער דעם אנדערן דאס לעבען. בלייב ביי אונז, זיי פריי מיט אונז. דאָ ביסט דוא זיכער.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט פאר איהר אויף דער ערד, האט ארויפגעלעגט דיא האנד אויפ'ן הארצען און האט געזאגט מיט א פייערליכער שטימע:

**— בלייב ביי אונז! געה ניט אוועק פון מיר! פערלאז מיך ניט, שעהנע בלומע פון אלטאי! — איך ליעבע דיך.**

יעליסאוועטא איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. דארויף האט זיא זיך ניט געריכט, דאס האט זיא ניט ערוואַרטעט. אין איהר הארץ האט געקאכט א קעסעל, זיא האט געוואלט זיך נוקם זיין אן דעם מענשען, וועלכער האט זיא בעטראָגען, פער־פיהרט און דערנאך פערשיקט אין א שרעקליכען אסטראג. איהר האַ״ץ איז געווען פול מיט האַס, און דער האלב־ווילדער קירגיז רעדט איהר גאָר פון ליעבע. אייניגע מינוטען האט זיא געשוויעגען, זיא האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן איהר נייען ליעבהאבער. ענדליך האט זיא זיך איבערלעגט, אז דאס גלייכסטע פאר איהר איז צו זאגען, אז זיא איז פערהייראַטעט און פאהרט א היים צו איהר מאַן.

— ליעבער, טהייערער פריינד, האט זיא איהם געענטפערט, דיין ליעבע איז געוויס פאר מיר א גרויסע עהרע. ליידער, קען איך דיר ניט ענטפערן מיט ליעבע, ווייל איך בין פערהייראטהעט, איך ליעב אן אנדערן.

דער קירגיז איז אויפגעשטאנען און האט אויף איהר געוואָרפען א טרויעריגען בליק. א פערהייראַטהעטע פרוי איז ביי דיא קירגיזען הייליג, זיי וועלען זיא קיין מאל ניט אנריהרען. ער האט געוואָלט ארויסגעהן פון׳ם געצעלט, יעליסאוועטא אבער האט איהם צוריקגעהאלטען.

— זיי ניט בייז, ליעבער פריינד, איך וועל דיך קיין מאל ניט פערגעסען. וואו איך וועל זיין און אין וואס פאר אומשטענדען איך וועל מיך געפינען, וועל איך דיך שטענדיג געדענקען. איך וועל מיינע קינדער און קינד׳ס־קינדער אנזאגען, אז וייט, וייט אין דיא סטעפּעס פון סיביר געפינט זיך אן עדעלער, גראָסמוטהיגער מאן מיט׳ן נאמען חוליי האסאן חאן, וועלכער האט מיר גערעטעט דאס לעבען און מיר צוריקגעגעבען דיא פרייהייט.

דער קירגיז איז געשטאנען אייניגע מינוטען פערטראכט, דאן האט ער אויפגע־הויבען דעם קאָפּ שטאָלץ און האט געזאגט

— אין דריי טעג ארום וועל איך מיט דיר פאהרען קיין רוסלאנד. איך מוז צורעכט מאכען מיין קיביטקע (א מין וואָגען מיט צוויי רעדער) און אנגרייטען פּראָוויאנט אויף אזא לאַנגע רייזע. איך מוז נאך פאהרען אין שטאדט און נעהמען א פּאספּאָרט. דאָ אין דיא סטעפּעס ווייסען מיר דערפון ניט, ווען מען קומט אָבער קיין רוסלאנד צו אייערע געבילדעטע קריסטען, הייסען דיא דיענער פון׳ם קייסער זיך ווייזען א פּאספּאָרט. איך וועל הייסען איינשרייבען אין פּאספּאָרט דיין נאמען אויך. דוא וועסט הייסען פאטימא־זולייקא.

יעליסאוועטא איז אויפגעשטאנען און האט אנגענומען דעם קירגיז ביי דער האנד.

— דוא ביסט אן עדלער מענש, איך וועל דיך ביז אין מיין לעצטען אטעמצוג ניט פערגעסען.

דער קירגיז האט געהאלטען וואָרט. אין דריי טאג ארום איז געשטאנען זיין קיביטקא פאר זיין געצעלט. דיא גאנצע האָרדע האט זיך ווידער פערזאמעלט אום אבשיעד צו נעהמען פון דער פרעמדער. יעצט זיינען זיי אלע פריינדליך געווען געגען איהר און דער עהרליכער, גאסטפריינדליכער כאראקטער פון דיא קירגיזען האט זיך

געוויעזען אין זיין פולען גלאנץ. יעדער האט איהר געגעבען עפּעס א געשענק צום אנ־דענקען. יעדער האט איהר געזאגט א גוט װאָרט. דאס אבשיעד נעהמען האט געדויערט א פּאָר שטונדען. ענדליך איז געקומען חוליי חאַסאַן חאַן מיט פּראָוויאַנט און דעקען. ער האט געמאכט פון דיא דעקען א ווייכען זיץ פאר יעליסאוועטאַ׳ן, האט זיך געזעגנט מיט זיינע לאַנד׳ס־לייט און זיי זיינען אוועקגעפאהרען.

70טעם קאפּיטעל.

## ערגער וויא צווישען וועלף.

מיר האבען איבערגעלאזען שוועסטער אננא און קלאַרא אויפ׳ן וועג. דיא וועלף זיינען פערשוואונדען און אונזערע רייזענדע האבען זיך איינער דעם אַנדערן געפרעגט: ווער האט אונז גערעטעט? דאס רעטעניש האט זיך באַלד אויפגעלעזט. פון׳ם וואַלד איז ארויסגעקומען א קאפּראַל מיט אייניגע סאַלדאטען. זיי האבען געהערט צו דער פּאַרטיע, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען זוכען דיא ציגיינער. מען האט זיי געהייסען דורכזוכען דיא גאַנצע געגענד. דער קאַפּראַלנע (קאַרפּאַראַל) סווינין איז געווען א טיכטיגער, טרייער סאָלדאַט, זיינע אפיציערען האבען פון איהם זעהר געהאַלטען. ער איז געווען פּינקטליך אין דיענסט און האט געוואוסט, וויא זיך אונטערצולעקען צו דיא אָפיציערען. עס איז דאָהער קיין וואונדער, וואס דער קאָמאַנדיר פון דיא סאלדאטען האט איהם געשיקט דורכזוכען דעם וואַלד און אויסגעפינען דיא ציגיינער און דיא צוויי אַנטלאָפענע נאָנען. ער מיט זיינע עטליכע סאָלדאטען זיינען א גאנצען טאג ארומגע־גאַנגען אין וואַלד און אין דיא דערפער אַרום.

קאַפּראַלנע סווינין האט אבער קיין מאָל אַן זיך ניט פערגעסען. קוים האט מען איהם געגעבען דיא מאַכט צו געהן זוכען, האט ער שוין געוואוסט, וואס ער האט צו טהאָן. ער איז געגאַנגען „פוּראַזשירען“, דאס הייסט, ער איז געגאַנגען זוכען, וואו מען קען מאַכען א רובעל — און ער האט געמאַכט א רובעל. ער איז אריינגעקומען אין א דאָרף, איז געגאַנגען פון הויז צו הויז און האט גענומען ביי דיא ארימע בויערן, וואס ער האט נור געקענט.

אין דער צייט, וואס אננא און קלאַרא זיינען געשלאָפען ביים בויער אָרלאָף, איז ער מיט זיין באַנדע געגאַנגען ווייטער. ביי נאכט זיינען זיי אנגעפאַלען אויף א דאָרף און האבען זיך דאָרט איינקוואַרטירט, געמאַכט אונטערזוכונגען (אָביסקעס) און גענומען וואס זיי האבען געקענט. פאַרטאָג האבען זיי געוואָלט צוריקגעהן צום מאָנאַסטיר, מעל־דען, אז זיי האבען גאָר ניט געפונען, ווען דאס היילען פון דיא וועלף האט געצויגען זייער אויפמערקזאמקייט. זיי האבען אנגעהויבען צו שיעסען, דיא וועלף זיינען זיך צר־לאָפען און דיא צוויי פרויען זיינען געבליעבען מיט זייער בעגלייטער אליין אויפ׳ן וועג. סווי׳ן מיט זיין באַנדע האבען זיי באַלד געפונען.

— אָט זיינען זיי! האבען געשריען דיא שיכור׳ע סאלדאטען. ענדליך האבען מיר זיי!

— ווער זייט איהר? האט סווינין זיי געפרעגט מיט זיין גראָבער, ווילדער שטימע. פון וואַנען קומט איהר?

שוועסטער אננאַ האָט ניט געקענט און ניט געוואָלט זאָגען קיין ליעגען. זיא האָט געוואוסט, אז זיא האָט קיין פערברעכען ניט בעגאַנגען.

— מיר זיינען נאָנען פון'ם מאָנאַסטיר ווסעך־מוטשעניקאָוו, האָט זיא געענטפערט, און מיר קומען פון דאָרט.

— האָט איהר אַן ערלויבניס צו פאָהרען? האָט סווינין געשריען אויסער זיך, וואו זיינען אייערע פּאַספּאָרטען?

אויף דיעזע פראגע האָבען זיי ניט געקענט ענטפערן, זאגאר דער פּראַקטישער ארלאָף האָט אין דער איילע פערגעסען צו נעהמען זיין פּאַספּאָרט. סווינין איז געווען העכסט דערפרייט, ער האָט ענדליך געפונען, וואס ער זוכט. ער האָט געהייסען דיא צוויי פרויען צוריק אריינגעהן אין זייער וואָגען, אָרלאָף האָט צורעכט געמאַכט דיא פּאַסטראָמקעס און דיא לייצעס. דיא סאָלדאַטען האָבען ארומגערינגעלט דעם וואָגען און מאַרש! צוריק אין מאָנאַסטיר.

שווער און לאַנגזאַם איז געווען דער וועג צוריק. דיא סאָלדאַטען זיינען געגאַנגען צופוס. זיי זיינען געווען מיעד פון זייער צוויי טעגיגען מאַרש, דער וואָגען האָט געמוזט פּאָהרען טריט ביי טריט. אין יעדער דאָרף האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. אַלע איינוואוי־נער פון'ם דאָרף האָבען זיך פערזאַמעלט ארום דעם וואָגען זעהן דיא ארעסטאַנטען. קיין פריינדליכע האַנד האָט זיך ניט אויפגעהויבען צו געבען זיי זאגאר א טרונק וואַסער. דיא שיכורע סאָלדאַטען האָבען זיך ערלויבט אַלערליי גראָבע וויצע און שטעכווערטער, וועלכע מען קען נור הערען פון א רוסישען סאָלדאַט אָדער פון אַן ענגלישען מאַטראָז.

ערשט אויפ'ן דריטען טאָג זיינען זיי אַנגעקומען צוריק צום מאָנאַסטיר. ווען זיי האָבען געוואָלט אריינפּאָהרען אין טויער, איז אַנגעקומען א קאַרעטע. א לאָקיי איז אראָפּגעשפּרונגען און האָט געעפענט דיא טהירליך פון דער קאַרעטע, א הויכער מאַן אין דעם מונדיר פון א רוסישען גענעראַל איז ארויסגעשפּרונגען און האָט געוואָלט אריינגעהן אין מאָנאַסטיר, ווען ער האָט דערזעהן דעם וואָגען מיט אננאַ און קלאַראַ.

— ווער זיינען דיעזע? האָט ער געפרעגט ערשטוינט.

סווינין איז צוגעגאַנגען צו איהם, האָט איהם בעגריסט מיליטעריש און האָט געזאָגט:

— דאָס זיינען נאָנען, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון מאָנאַסטיר, זיי האָבען אריינ־געלאָזען דיא ציגיינער און האָבען מיט זיי צוזאַמען געוואָלט בעגנבנען דעם מאָנאַסטיר.

דיא שוואַכע קלאַראַ האָט ארויסגעלאָזט א שרעקליכען געשריי, ווען זיא האָט דערהערט, אז מען בעשולדיגט איהר אין אזא שענדליכען פערברעכען; שוועסטער אננאַ אָבער איז געווען א מוטהיגע פרוי, זיא האָט זיך ווענין דערשראָקען, וואָס דער שיכורער סאָלדאַט האָט געזאָגט. זיא האָט זיך געווענדעט צום גענעראַל און האָט איהם געזאָגט:

— איך ווייס ניט, ווער איהר זייט, איך ווענדע מיך אָבער צו אייך, וויא צו אַן עהרען מאַן און בעט אייך מיך אויסצוהערען. מען האָט אונז בעליידיגט אַלס מענשען, מען האָט אונז געקרענקט אַלס פרויען, מען האָט אונז ערניעדריגט אַלס נאָנען

דער גענעראַל האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, גְלייך וויא ער וואָלט געזוכט אַן אויפקלערונג, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען. ער האָט פערשטאַנען, אז דאָ האָט זיך

אפגעשפיעלט איינע פון דיא טרויעריגע דראמען, וועלכע קומען פאר אזוי אפט, ווען מען ערלויבט ווילדע און גראָבע סאָלדאטען צו טהאן, וואס זיי ווילען. עס האט איהם בעזאנדערס געריהרט דאס אויסזעהן פון דער קראנקער קלארא. זיא איז באלד געקומען צו זיך און האט אויסגעזעהען אזוי טרויעריג, אזוי ניעדערגעשלאגען, אזוי צובראָכען, אז עס האט געקענט ריהרען א שטיין.

— ווער האט דיר געהייסען ארעטירען דיעזע פרויען? האט ער געפרעגט דעם קאפּראלנע סווינין.

— דער מאיאָר אָסלאָוו, האט דער קאפּראלנע געענטפערט.

— לאָז זיי אָפּ, איך וועל שוין אונטערזוכען, אויב זיי זיינען שולדיג, האט דער גענעראל געזאָגט.

— דאס קען איך ניט, וואשע פּרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ, האט סווינין געענטפערט פרעך. איך האב א בעפעהל פון מיין אָפיציער און מוז איהם אויספיהרען, קיין פרעמדער גענעראל האט קיין רעכט ניט, מיר צו געבען אנדערע בעפעהלע.

— אלזא, געה, רוף דיין אָפיציער! האט בעפאהלען דער גענעראל.

סווינין האט איבערגעלאזען דיא ארעסטאנטען אונטער דיא אויפזיכט פון זיינע סאָלדאטען און איז אליין געגאנגען זוכען דעם אָפיציער, וועלכער האט דערווייל פער־בראכט דיא צייט מיט שוועסטער אנאסטאסיא. ער האט איהם דערצעהלט, אז ער האט צוריקגעבראכט דיא אנטלאָפענע נאָנען און ביים טויער פון מאָנאסטיר האט איהם א פרעמדער גענעראל, וועלכען ער קען ניט, אויפגעהאלטען און הייסט זיי פריילאזען. דאס וואָרט גענעראל האט אין רוסלאנד, וויא אין אלע אנדערע לענדער א גוטען קלאנג. פאר א גענעראל האט מען דרך ארץ. דער מאיאָר אסלאָוו איז אויפגעשפרונגען און איז געגאנגען זעהן, ווער דארט איז. וויא ערשטוינט איז ער געווען, ווען ער האט דער־זעהן פארן טויער דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין, וויא ער שטעהט און רעדט מיט דיא ארעטירטע נאָנען. ער האט נאך פון ווייטען אראָפּגענומען דעם הוט און האט זיך טיעף פערניינט.

— וואס בעפעהלט מיר אייער קייזערליכע האָחייט? האט ער געפרעגט, ווען ער איז צוגעקומען און דער גראָספירסט האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט.

— הייס דיינע סאָלדאטען געהן צוריק קיין מאָסקווא. איך וועל שוין דא אליין געבען מיינע בעפעהלע. וואס דא זאל ווייטער געשעהן.

דער אפיציער האט זיך ווידער פערנייגט און האט אוועק גערופען דיא סאָל־דאטען. עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג, איידער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז געוואָהר געוואָרען, אז העלא איז פערשוואונדען. מען האט עס איהם אנפאנגס ניט גע־וואלט זאגען, ווייל מען האט געוואוסט, וויא שמערצליך אזא נאכריכט וועט אויף איהם ווירקען. אזוי וויא ער האט אבער איינינע טעג פון איהר קיין נאכריכט ניט געהאט, האט ער בעשלאָסען צו פאהרען זעהן, וואס זיא טהוט. ווען שוועסטער אננא האט איהם דערזעהן ארויס שפּרינגען פון דער קארעטע, האט זיא איהם באלד דערקענט, זיא האט אבער געוואוסט, אז ער וויל ניט מען זאל איהם קענען, האט זיא זיך געווענדעט צו איהם, וויא צו א פרעמדען. ער האט זיא אויך באלד דערקענט, אז זיא איז געווען

דיא אבטעסין, וועלכער ער האט פערטרויט זיין קראנקע העלא און איז געווען ניט וועניג פערוואונדערט צו זעהן, אז מען פיהרט זיא יעצט וויא אן ארעסטאנטין.

ווען דיא סאלדאטען זיינען אוועק געגאנגען, האט ער געהייסען אננא און קלארא זיך אריינזעצען צו איהם אין קארעטע, דעם בויער אָרלאָוו האט ער געהייסען פאָהרען א היים ער איז מיט זיי צו געפאהרען צו דער נעכסטער פאָסט סטאציאָן, האט זיך געהייסען געבען א בעזונדער צימער, האט געהייסען געבען א סאמאָוואר און עפּעס צו עסען. ווען אננא און קלארא האבען זיך א ביסעל דערפרישט, האט ער זיי אנגעהויבען אויס צו פרעגען, וויא עס קומט וואס זיא איז ניט מעהר דיא אבטעסין און וואס זיא איז אנטלאפען פון מאנאסטיר. אננא האט איהם אלעס דערצעהלט, וויא שוועסטער אנאסטאסיע האט געזוכט אלע מעגליכע מיטעל זיא צו פערליימדען (רכילות צו זאגען) וויא דיא פּרינצעסין העלא איז פערשוואונדען, וויא מען האט פערפיהרט דיא אונשול־דיגע קלארא מיט א פאלשען בריעף.

— אזוי געהט עס ביי אונז אין דיא מאנאסטירען? האט אויסגערופען דער גראָספּירסט. דאס זיינען דיא היילינע הייזער, וואו עס בעהאלטען זיך דיא מענשען, וועלכע זאגען זיך אפּ פון דער וועלט אום צו דיענען גאט און פרום צו זיין? אויך ביי זיי הערשען דיא געוועהנליכע, ניעדריגע מענשליכע ליידענשאפטען? דער מענש איז דיא ערגסטע חיה אין דער וועלט, האט געזאגט אן ענגלישער פילאָזאָף. האלט איהם פער־שפּארט אין א שטייג, גיב איהם אלעס, וואס ער דארף, ער בלייבט אלץ א חיה. וואס מעהר ער ווערט ציוויליזירט, ווערט ער אלץ ערגער. אונטער יעדער דעק, אונטער יעדער מאַסקע קען מען שטענדיג דערקענען אין מענש דיא ווילדע חיה, דעם וואָלף.

— ניין, גראָספּירסט, האט שוועסטער אננא געזאגט, דער מענש איז ניט אזוי שלעכט, וויא איהר מיינט — מען מאכט איהם שלעכט, מען פערדארבט איהם מיט א שלעכטע ערציעהונג, מען פערדארבט איהם מיט א שלעכטע רעגיערונג, מען פער־דארבט איהם מיט א שלעכטער אָרדנונג אין דער געזעלשאפט, וואו עס געפינען זיך הויכע און ניעדעריגע, גרויסע און קליינע, ארימע און רייכע. ווען אלע זאלען זיין גלייך, ווען עס זאָל ניט זיין קיין גרויסע הערען און קיין ניעדעריגע בויערן, וואָלט אנדערש געווען.

— אבער אין מאָנאסטיר זיינען דאך אלע גלייך? האט אויסגערופען דער גראָס־פּירסט. אין מאָנאסטיר האבען זיך דאָך אלע פעראייניגט צו א געוויסען צוועק — צו דיענען גאָט, פאר וועלכען אלע זיינען דאָך געוויס גלייך, וויא קומט עס, וואס אין מא־נאסטיר געפינט זיך אזעלכע וויא שוועסטער אנאסטאסיא? וואס קען דען זיין העכער אָן היילינער, וויא א מאָנאסטיר? דאָ זיינען ניטאָ קיין הויכע און קיין ניעדעריגע, קיין הערען און קיין בויערן, קיין רייכע און קיין ארימע — אלע זיינען גלייך, אלע האבען נור איין צוועק — צו דיענען גאָט און צו טהאן זיינע בעפעהלע. וויא קומט עס, וואס אין מאנאסטיר זיינען דיא מענשען שלעכט?

— אויס צוויי אורזאכען, האט שוועסטער אננא געענטפערט. ערשטענס, טרעטען זעהר זעלטען אריין מענשען אין מאָנאסטיר פריייוויליג, מייסטענס צווינגט מען זיי דערצו. קוים איז א מענש געצוואונגען עפּעס צו טהאן, וועט ער שטענדיג טהאן

פערקעהרט אדער וועניגסטענס זעהר שלעכט, צו וואס מען צווינגט איהם. ער וועט שטענדיג טראַכטען, וויא אזוי זיך אויסצודרעהען פון דעם, וואָס ער דאַרף טהאָן און ווען ער טהוט עס יא ערנסט, איז עס דער בעסטער בעוויז, אז פון איהם איז געווארען א מאַשין. איך בין געוועזן אזוי פיעל יאהר אבטעסין און האב צייט געהאט צו שטודירען דיא נאָנען. זיי זיינען ענטוועדער אידיאָטען, אדער ניט פרום. זייערע ליפּען בעוועגען זיך, ווען זיי בעטען גאָט און זייער הארץ דענקט גאָר עפּעס אַנדערש. — צווייטענס, זיינען דיא מאָנאסטירען א פערברעכען געגען דער נאַטור, וועלכע האט פאר דעם מאַן און דיא פרוי בעשטימט געוויסע פערהעלטניסע און געוויסע פונקציאָנען. מיר ווילען שטאַרקער זיין פון דער נאַטור מיר בעליידיגען זיא, ווען מיר נעהמען יונגע געזונדע מענער און פרויען און פערשפּאַרען זייא אין פיער ווענד. דיא נאַטור איז זיך נוקם שרעקליך, אונבאַרמהערציג. מיר ווילען בעצווינגען דיא נאַטור און פאַסטען, עסען ניט און פּייניגען אונזערע לייבער; דיא נאַטור שטראַפט אונז אויף איהר אַרט און מאַכט פון אונז קאַליקעס, שמאַטעס, וועלכע טויגען דערנאָך צו גאָר ניט.

איך קום יעצט צו אונזער פּונקט, צו שוועסטער אַנאַסטאַסיא. זיא האט געלעבט אין א פרעהליכע מענשליכע געזעלשאַפט, וואו זיא איז בעקאַנט געוואָרען מיט אלערליי פערגניגען. מען האט איהר געחנפ׳ט, מען האט איהר געזאגט, אז זיא איז שעהן, אז זיא איז קלוג. זיא האט זיך איינגעבילדעט, אז זיא איז עס טאַקע. פּלוצלונג פערשפּאַרט מען אזא נעזונדע, לעבענסלוסטיגע נאַטור אין דיא ענגע פיער ווענד פון א מאַנאַסטיר. וואס קען דאָ פון איהר ווערן? ענטוועדער זיא וועט זיך פערשפּאַרען אין איהר קעמעריל, וועט טאג און נאכט וויינען און בעטען, ביז זיא וועט ווערן וואַהנזיניג, א אידיאָט, אדער זיא בלייבט אין מאַנאַסטיר דאס, וואס זיא איז געוועזן אין דער וועלט: א נאַרישע, שטאָלצע, שלעכטע, פערדאָרבענע פרוי, וועלכע געפינט פערגניגען דאַרין, וואס אנדערע בייגען זיך פאר איהר און חנפ׳נען איהר. ווען זיא קען ניט אויספיהרען, אז שעהנע קאַוואַליערען, גלענצענדע אָפיציערען זאלען איהר חנפ׳נען, איז זיא צופריעדען, וואס דיא נאָנען זאגען איהר, אז זיא איז קלוג, זיא איז פרום. „מיט וואס דער טייפעל ווערט אנגעברענט, מיט דעם שטינקט ער“, זאגט אַן אלטער שפּריכוואָרט. וויא שוועסטער אַנאַסטאַסיא איז געוואָינט געווארען אין דער געזעלשאַפט, פון וואַנען זיא קומט, דאס איז זיא געבליעבען אין מאָנאַסטיר.

גראַספירסט קאָנסטאַנטין האט זיא אויסגעהערט אויפמערקזאַם און האט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, א צייכען, אז ער איז מיט איהר פאָלקאָמען איינפערשטאַנדען.

— אַלזא, וואס דענקט איהר, שוועסטער אננא? האט ער געפרעגט. געפינט איהר, אז דיא מאָנאַסטירען זיינען א פאָלק׳ס־קראַנקהייט, פון וועלכע מען מוז עס אויסקורירען, אדער זיי קענען דאָך עטוואס נוצען ברענגען?

— זיי וואָלטען געקענט נוצען ברענגען, ווען זיי וואָלטען געוועזן אַנדערש איינגעריכטעט, האט שוועסטער אננא געענטפערט. דיא מאַנאַסטירען דאַרפען זיין נור פאר עלטערע מענשען אדער פאר אַזעלכע, וועלכע האבען אין זייער לעבען געליטען א שטאַרקע ערשיטערונג. זיי דאַרפען זיין א מין שולע, וואו עס זאלען אויסגעבילדעט ווערן שטאַרקע, אייזערנע כאַראַקטערע, וועלכע זאלען האבען אין זינען נור דאס בעסטע

פאר דיא מענשהייט. אין מאנאסטיר דארפען זיך אויסבילדען דיא בארמהערציגע שוועסטער, וועלכע אָפּפערן זיך אין דיא האָספּיטעלער און געהן ארום דיא געפעהר־ליכסטע קראנקע. אין א מאנאסטיר דארפען זיך אויסבילדען מיסיאָנערן, וויא דוד ליווינגסטאָן, וויא דאקטאר פאגעל, וויא קאזאטי, וועלכע פאהרען אוועק צו ווילדע פעלקער, אין ווילדע געגענדען און ציוויליזירען זיי, לערנען זיי, מאכען זיי פאר מענשען. דער מאנאסטיר דארף ניט זיין פערשלאָסען, ער דארף ניט זיין קיין קבר, וואו א מענש בעגראבט זיך אליין לעבעדיגערהייט.

— וויא קומט איהר אין מאָנאסטיר? האט זיך דער גראָפפירסט געווענדעט צו קלארא. זייט איהר אריינגעטרעטען מיט אייער אייגענעם ווילען, אדער האט מען אייך געצוואונגען?

— איך קען ניט זאגען, אז איך בין איינגעטרעטען מיט מיין אייגענעם ווילען, האט קלארא גענטפערט.

— וואס דענקט איהר אלזא יעצט צו טהאן? ווילט איהר צוריק אין דיעזע מויערן, אדער ווילט איהר צוריקגעהן אין דער וועלט?

— נאך דעם אלעמען, וואס איך האב איבערגעלעבט אין מאנאסטיר, מוז איך זאגען, אז אין דער וועלט קען א מענש מעהר טהאן פאר זיך און פאר יענעם, וויא אין מאנאסטיר.

— און וואס דענקט איהר, שוועסטער אננא? האט ער געפרעגט. זייט איהר פעסט ענטשלאָסען צו פאהרען א היים, אויף אייער גוט אדער איהר וואָלט נאך צוריק געהן אין מאָנאסטיר אלס אבטעסין? איך האב צו אייך פאָלעס צוטרויען, שוועסטער אננא. זאגט מיר ארויס פריי און אָפענהערציג, וואס איהר דענקט. איך האב געהערט פיעל גוטעס פון אייך און וואָלט זעהר געוואָלט, איהר זאָלט בלייבען אויף אייער פּאָסטען.

שוועסטער אננא האט געטראכט איינינע מינוט, דאן האט זיא געענטפערט פעסט און ענטשלאָסען:

— ווען איהר פערלאנגט עס, וועל איך צוריקגעהן אין מאָנאסטיר. פאר קלאראַ'ן אבער טויג דער מאָנאסטיר ניט, זיא וועט דארט פערוועלקען, וויא א בלומע אין דער פינסטערניס. זיא מוז האבען ליכט, זיא מוז האבען פרישע לופט. —

— ווארט דא, ביז איך וועל צוריק קומען, האט גראָפפירסט קאנסטאנטין גע־זאגט. איך געה יעצט אין מאנאסטיר זעהן, וואס דאָרט טהוט זיך.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אננא און קלארא זיינען געבליעבען אליין. איינינע צייט האבען ביידע געשוויעגען. יעדע איז געווען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען.

— פארוואס טרייבסט דוא מיך אוועק פון דיר, שוועסטער אננא? האט פּלוצ־לונג קלארא געפרעגט. דוא האסט געזאגט דעם גראפפירסט, אז איך זאָל צוריקקעהרען אין דער וועלט. וואס וועל איך דאָרט טהאן?

— זיין א מענש, גלייך וויא אלע, האט שוועסטער אננא געענטפערט. דוא פערגעסט, אז דוא ביסט איינגעטרעטען אין מאָנאסטיר געגען דיין ווילען, אז דוא ביסט

געוועזן געצוואונגען דערצו דוא האסט עס זא צוואר קיין מאל ניט געזאגט, איך ווייס עס אבער. איך האב דערראטהען אז דוא טראגסט ליעבע טיעף אין הערצען. איך וויל ניט וויסען וועמען דוא ליעבסט, איך וויל ניט פרעגען וויא אזוי דיין ליעבע איז ענטשטאנדען, איך ווייס אז דוא ליעבסט, דאס איז פאר מיר גענוג. דוא פיהלסט מענשליך, זיי א מענש, הייראטה דעם מאַן וועלכען דוא ליעבסט און זיי גליקליך מיט איהם.

קלארא האט ניט געענטפערט זייט זיא איז ארויס פון מאנאסטיר, און דיא פאר טעג, וואס זיא האט געאָטעמט דיא פרייע לופט פון דיא פעלדער און וועלדער, האט עס זיא געצויגען צוריק אין דער וועלט, צוריק צו מענשען, צוריק צום לעבען, צו א טהעטיגקייט. מיר האבען שוין דערצעהלט, וויא זיא האט אויפ'ן וועג געזאגט צו שוועסטער אננא, אז זיא וויל זעהן איהר פאטער, זיין לעבען איהם. יעצט האט זיך דיעזער וואונש אויפגעהאפט אין איהר מיט בעזאנדערער קראפט. זיא האט אנגעהויבען צו בענקען א היים.

עס איז דאָ א געוויסע קראנקהייט, וועלבע דיא דייטשען האבען גאנץ ריכטיג כאראקטעריזירט, זיי האבען עס א נאמען געגעבען „היים־וועה". דער מענש הייבט אן פלוצלונג צו רייסען זיך א היים, ער קען ניט איינזיצען אויף אן אָרט, ער קען ניט איינשטעהן אויף אן אָרט — עס ציעהעט איהם א היים. אן דיעזער קראנקהייט ליידען זעהר אָפט עמיגראנטען און פערשיקטע. עס פערגעהן יאהרען, דער עמיגראנט דאכט זיך, איז שוין גאָר געוואָינט געווארען אין זיין נייעם פאטערלאנד, ער איז גאָר היימיש, אלטגעזעסען און האט שוין, דאכט זיך גאר פערגעסען דאס לאנד, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען. פלוצלונג, אין א שעהנעם פריה־מאָרגען, זאָל ער זיך אויפחאפען און זאָל אנהויבען צו רעדען פון זיין אלטער היים. מיט א טאג שפּעטער וועט איהם דיא אלטע היים ניט ארויס פון קאָפּ, וואו ער וועט געהן און וואו ער וועט שטעהן, וועט זיך איהם אלץ פאָרשטעלען בילדער פון דער אלטער היים. דאס איז „היים־וועה". דיא קראַנקהייט ווערט אלע מאָל שווערער, דער קראנקער זעהט אין שלאָף נור בילדער פון דער היים; ער איז גליקליך, ווען ער טרעפט א מענשען פון דער היים, ווען ער זעהט א זאך פון דער היים. דיא קראנקהייט ווערט אבער פון טאג צו טאג שווערער. דער קראנקער פערנאַכלעסיגט זיינע געשעפטען, ער קען זיך צו קיין זאַך ניט נעהמען, ער ווערט אונפעהיג גייסטליך און קערפערליך. דאָס איינציגע מיטעל איז צו פאהרען א היים. דיא פערשיקטע אין סיביר ליידען זעהר אָפט פון דיעזע קראנקהייט. זיי שטארבען אָפט דערפון.

בעמערקענסווערטה, אין דיעזער בעציעהונג, זיינען דיא אידען. זיי ליידען זעהר זעלטען פון דיעזע קראנקהייט. דיא מעדיצינישע ביכער ווייזען אויף, אז דיא אידען זיינען כמעט דאס איינציגע פאָלק, וועלכעס געוועהנט זיך באַלד צו אלע לענדער, צו אלע קלימאטען און צו אלע געגענדען.

קלארא האט אָנגעהויבען צו פיהלען „היים־וועה". עס האט זיא געצייגען א היים. זיא האט זיך אָנפאנגס געראנגעלט נעגען דיעזעס נייע געפיהל, זיא האט עס אָבער ניט געקענט בעקעמפפען און האט זיך ענדליך ענטשלאסען צו פאהרען א היים.

אין דער צייט, וואס דער גראַספּירסט קאָנסטאַנטין האט גערעדט מיט שוועס־טער אננא און מיט קלאַרא, האט זיך אין מאָנאַסטיר אָפּגעשפּיעלט אנאנדער סצענע. מוטער אנאסטאַסיא איז געוואָהר געוואָרען, אז דער גראַספּירסט איז געקומען און האט בעגעגענט ביים טויער פון מאָנאַסטיר דיא אַרעסטאַנטען. מען האט איהר דערצעהלט, אז דער גראַספּירסט האט זיי מיטגענומען אין זיין קאַרעטע און איז מיט זיי ערגעץ אוועקגעפאהרען. זיא האט זיך שטארק דערשראָקען, זיא האט געוואוסט, אז שוועסטער אננא וועט איהם אלעס דערצעהלען און וועט זיא פאַרשטעלען, וויא זיא איז. זיא האט אָנגעהויבען צו טראַכטען, וואס זיא זאָל דא טהאן און האט באלד געפונען א מיטעל. זיא האט זיך דערמאנט, אז דער ציגיינער האט איהר געבראַכט א בריעף. דער ציגיי־נער האט געמיינט, אז שוועסטער אננא איז נאך אבטעסין און האט איהר איבערגע־געבען באקונינ׳ס בריעף. דיעזער בריעף איז יעצט איהרע רעטונג, מיט דיעזען בריעף וועט זיא קענען קעמפּפען געגען שוועסטער אננא. זיא האט אויסגעזוכט דעם בריעף און האט געווארט, ביז דער גראַספּירסט וועט קומען. עס זיינען פערגאנגען א פּאר שטונדען. צום מאָנאַסטיר איז צוגעפאהרען א קאַרעטע, פון וועלכע דער גראַספּירסט איז ארויסגעשפּרונגען. שוועסטער אנאסטאסיא האט גאַנץ רוהיג געווארט ער זאָל זיך מעלדען. זיא האט איהם אויפגענומען אין איהר שרייב־צימער.

— וואס איז דא פארגעקומען אין דער לעצטער צייט? האט דער גראַספּירסט געפרעגט. איך האב געהערט, אז מען איז אָנגעפאלען אויף דיעזע הייליגע מויערן און מען האט אייך געוואלט בערויבען. וויא קומט עס, וואס ביז אהער איז דער מאָנאַסטיר געווען זיכער און יעצט האט מען געמוזט ארויספאָדערן פון מאסקווא א ראָטע סאָל־דאטען?

— וואס זאלען מיר טהאן קייזערליכע האָהייט? האט שוועסטער אנאסטאסיא געזאגט מיט א פרומער מינע און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום דאך. וואס זאלען מיר טהאן? זייט דיא ניהיליס־טען האבען אנגעהויבען זיך צו פערברייטען אין רוסלאנד, איז קיינער פון זיי ניט זיכער. זיי פערשפּאטען דיא הייליגע רעליגיאָן, זיי גלויבען ניט אין גאט, זיי האסען אלע פרומע און הייליגע מענשען. זיי האסען און פערלאַכען אלע מאנאסטירען. זיי האבען געדונגען ציגיינער, וועלכע זאלען אָנפאלען אויפ׳ן מאָנאסטיר זאלען איהם אפּרויבען און זאלען זיך צוטהיילען מיט דעם גאָלד און זילבער, וואס גע־פינט זיך דא. איך בין געווען געצוואונגען צו שיקען רופען א ראָטע סאָלדאטען, זיי זאלען פערטהיידיגען דיא פרומע און הייליגע שוועסטער.

— דיא ניהיליסטען? האט געפרעגט גראַספּירסט קאָנסטאַנטין ערשטוינט. וויא קומען דיא ניהיליסטען צו אייך? פון וואנען ווייסען דיא ניהיליסטען, אז אין מאנאסטיר איז דא גאלד און זילבער?

— זיי וואלטען דערפון געוויס ניט געוואוסט, ווען מען זאָל זיי ניט געווען זאגען, האט שוועסטער אנאסטאסיא געענטפערט. איך זאג עס מיט בעדויערן, איך וויין דאַ־רויף, איך בעט גאט טאָג און נאכט, ער זאָל אונז אָפּהיטען פון אזא צרה. צווישען אונזערע פרומע שוועסטער, צווישען דיא ווייסע לעמעלעך האט זיך אריינגעחאַפּט א שוואַרצע קרעציגע שאף. זיא האט אויף אונז אָנגעשיקט דיא ניהיליסטען.

— איך פערשטעה אייך ניט, האט דער גראָספּירסט געזאגט, רעדט דייטליכער, זאגט, וואס מיינט איהר.

שוועסטער אנאסטאסיא האט ניט געענטפערט. זיא האט ארויסגענומען באַקר־ נינ׳ס בריעף צו שוועסטער אַננא און האט איהם געגעבען. דער גראָספּירסט האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען און האט געזאגט.

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט. איינער בעט דיא אבטעסין, אז זיא זאל אויפ־ נעהמען א קראנקע פרוי, וואס געהערט זיך דאס אן מיט דיא ניהיליסטען?

— קייזערליכע האהייט! ווייסט איהר, ווער עס האט דיעזען בריעף געשריעבען? — באַקונין! דער אַנפיהרער פון דיא ניהיליסטען!

דעם גראָספּירסט׳ס געזיכט האט זיך פערפינסטערט. דאס האט ער ניט ער־ ווארטעט. שוועסטער אנאסטאסיא האט איהם גוט בעאָבאַכטעט און האט געזעהן, וואס פאר אן איינדרוק דער בריעף האט אויף איהם געמאכט. א טייפלישער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפּען. דער גראָספּירסט אבער האט זיך באלד דער־ מאנט און האט געזאגט שטרענג:

— דאס בעווייזט גאר נישט. באַקונין מעג זיך ווענדען צו אן אבטעסין פון א מאנאסטיר און זיא בעטען, אז זיא זאל אויפנעהמען א קראנקע פרוי. איז דען דאס א בעווייז, אז דיא ניהיליסטען האבען געוואלט בערויבען דעם מאנאסטיר? איז דען דאס א בעווייז, אז איינע פון אייך האט זיי גערופען אהער? ניין, שוועסטער אנאסטאסיא, איהר רעדט יעצט ניט, וויא א פרומע, הייליגע נאנע, זאנדערן וויא א וועלט מענש, וועלכער וויל ערניעדריגען און פערלייַמדען זיין פיינד. איך וויים אלעס, וואס דא איז פארגעקומען; איך וויל אָבער ניט מאכען קיין עפענטליכען סקאנדאַל און ראטה אייך, איהר זאלט פאהרען ערגעץ ווייט אין אַ האָספּיטאַל, וואו איהר קענט ברענגען מעהר נוצען אין דיענען גאט בעסער, וויא אין דיעזע מויערן. פערגעסט ניט, אז זייט שוועסטער אננא איז געוועזען אבטעסין, איז אין מאָנאַסטיר אלעס געווען שטיל און רוהיג; מען האט ניט געוואוסט פון ניהיליסטען און מען האט ניט גענדארפט קיין סאָלדאטען זיך צו פערטהיידיגען. איהר זייט אבטעסין ערשט א קורצע צייט און ווייסט שוין פון ניהי־ ליסטען און האט שוין געמוזט רופען סאָלדאטען אהער.

שוועסטער אנאַסטאַסיא איז געבליעבען זיצען אין איהר שטוהל, וויא אן אָפּגע־ בריהטע. זיא האט איינגעזעהן, אז זיא איז פערלאָרען, אז דא וועט איהר שוין גאר ניט העלפען. מען וויים פון אלעמען, וואס זיא האט געטהאן. זיא האט זיך איבערלעגט, וואס צו ענטפערן דעם גראָספּירסט, ער האט איהר אָבער ניט געלאזט לאנג טראַכטען.

— אלזאָ, וואס דענקט איהר, פרומע שוועסטער? האט ער זיא געפרעגט. וואס וואלט איהר געזאגט, ווען איך זאל אייך פאַרשלאגען, איהר זאלט פאהרען אויפ׳ן קאַור־ קאַז? אין טיפליס האט זיך ניט לאנג געעפענט א האָספּיטאַל, עס איז ניטא, ווער עס זאל ארומגעהן ארום דיא קראַנקע. וויא מיינט איהר, וואלט ניט גלייך געווען, איהר זאלט זיך אויף אייניגע צייט דורכפאהרען קיין טיפליס?

— ווען איהר בעפעהלט, קייזערליכע האהייט, וועל איך געווים אייך פאלגען, האט זיא ענדליך געזאגט.

איך בעפעהל אייך ניט, איך ראטה אייך נור איהר זאלט אזוי טאהן. אין מאנאסטיר איז יעצט ניט גאנץ זיכער, מען קען נאך אמאל אויף איהם אנפאלן מיר מוזען זארגען, ער זאל זיך געפינען אין זיכערע הענט.

— ווען בעפעהלט איהר, איך זאל אוועקפאהרען? האט זיא געפרעגט.

— א פרומע, הייליגע שוועסטער דארף זיך ניט לאנג פארבערייטען אויף א רייזע האט דער גראספירסט געענטפערט. מיין ברודער, דער גראספירסט מיכאאיל איז דער וויצע־קעניג (אמיעסטניק) פון קאווקאז, איך וועל אייך געבען א בריעף צו איהם, ער זאל אייך גוט אויפנעהמען און זאל אייך געבען א גוטע שטעלע.

— אלזא, פאהר איך נאך היינט, האט שוועסטער אנאסטאסיא געזאגט.

דער גראספירסט האט זיך געהייסען געבען פאפיער און ער האט באלד אנגעשריעבען א בריעף צו זיין ברודער. שוועסטער אנאסטאסיא האט ניט געמאכט קיין גרויסע פארבערייטונגען. זיא האט צונויפגערופען דיא נאנען, האט זיך מיט זיי געזעגענט און האט ביי זיי געבעטען אומפערצייהונג, ווען זיא האט זיי שלעכט בעהאנדעלט. אין א קורצע צייט איז זיא געווען פערטיג צו דער רייזע.

— איך האב נאך עפעס פערגעסען, האט געזאגט דער גראספירסט, ווען ער האט געזעהן, אז זיא איז שיין גאר פערטיג צו פאהרען. איך האב פערגעסען אייך צו בעטען, איהר זאלט מעלדען דעם מיטראפאליט, אז איהר האט זיך ענטשלאסען אויף אזא נאבעלע און פרומע טהאט. ער איז דאך דאס הויפט פון דער רוסישער קירכע: איהר מוזט איהם אנצייגען אז איהר פאהרט אוועק פרייוויליג פון דאנען.

שוועסטער אנאסטאסיא האט גוט פערשטאנען, וואס ער מיינט. ער האט פון איהר געפאדערט אן עפענטליכע רעזיגנאציע. זיא האט גערעכענט, אז ער וועט עס פון איהר ניט פערלאנגען, דאן הייסט זיא נאך אבטעסין און קען צו יעדער צייט צוריק קומען: ווען זיא ענטזאגט זיך אבער, הייסט זיא ניט מער אבטעסין און קען שוין ניט צוריקקומען. דאס איז געווען א שלאג פאר איהר, אויף וועלכען זיא האט זיך גארניט געריכט. עס האט איר אבער גארניט געהאלפען. דער גראספירסט האט איהר צוגערוקט דאס פאפיער מיט דער פעדער. זיא האט זיך אנידערגעזעצט, האט געגעבען א טיעפען זיפץ און האט אליין אנגעשריעבען אז זיא ענטזאגט זיך צו זיין אבטעסין און פאהרט אוועק אויפ'ן קאווקאז.

— איך דאנק אייך, האט געזאגט דער גראספירסט און האט ביי איהר צוגענומען דאס בייגעלע פאפיער. איך וועל עס שוין אליין פערזארגען. איך פאהר נאך היינט צוריק קיין פעטערבורג.

שוועסטער אנאסטאסיא האט זיך פערנייגט און איז פערשוואונדען געווארען. אין א האלבע שטונדע ארום זיינען זיך צונויפגעקומען אויף דער פאסט סטאציאן שוועסטער אנאסטאסיא, שוועסטער אננא, קלארא און דער גראספירסט. יעדער איז געפאהרען אנאנדער וועג. שוועסטער אננא איז צוריקגעפאהרען אין מאנאסטיר אלס אבטעסין. שוועסטער אנאסטאסיא איז געפאהרען אויף קאווקאז, קלארא איז געפאהרען קיין פעטערבורג צו איהר פאטער און דער גראספירסט איז געפאהרען קיין מאסקווע רעווידירען דיא קאזא־מעס.

## 71טעס קאַפּיטעל.

# איין ווידערזעהן.

מאַריאַ פּעטראָוונאַ מאַכט גרויסאַרטיגע געשעפטען. איהר מאַגאַזין ווערט מיט יעדער טאָג גרעסער, מיט יעדען טאָג ווערט גרעסער דיא צאָהל פון איהרע קונדען (קאָסטימער). דיא פּעטערבורגער דאַמען האבען צו איהר צוטרויען געקריגען און קויפען ביי איהר אַלעס וואס זיי דאַרפען.

וואונדערבאַר! מאַריאַ פּעטראָוונאַ אַליין ווייזט אויס טרויעריגער, וויא פריהער, ווען זיא האט געוואָינט אין קעלער. זיא האט אַמאַל געטראַכט און געשטרעבט דערצו צו האבען אַליין אַ געשעפט, צו ווירקען און צו שאַפען אין אַ גרויסען קרייז און יעצט, ווען זיא האט שוין אַ געשעפט, ווען דאס געשעפט געהט גוט, ווען זיא איז שוין געוואָרען אַ בעריהמטע פּערזאָן אין פּעטערבורג, פיהלט זיא זיך אַליין, פערלאַסען און אונצופריעדען!

— איז געלד דאס איינציגע גליק? פלעגט זיא אָפט זאָגען. איז מען שוין אין גאַנצען גליקליך, ווען מען האט געלד? — ניין! איך פיהל עס ערשט יעצט, ווען איך האב אַלעס, וואס איך האב אַמאָל מיר געוואונשען. יעצט ערשט פיהל איך, אַז איך בין אַליין, אַז מיר פעהלט עפּעס.

זייט איינינע צייט איז לעאָני ביי איהר. לעאָני איז צוריקגעקומען קיין פּעטערבורג און איז געקומען צו מאַריאַ פּעטראָוונאַ זיא בעטען, זיא זאָל איהר אויפנעהמען אין מאַגאַזין. מאַריאַ פּעטראָוונאַ האט זיא אויפגענומען מיט איהר געוואָינטער פריינדליכקייט.

— בלייב ביי מיר, ליעבע לעאָני, האט זיא איהר געזאָגט. דוא קענסט זיין אַ גוטע געהילפין פאַר מיר. עס איז דאַ גענוג אַרבייט פאַר אונז ביידע.

לעאָני איז געבליעבען ביי איהר און איז געוואָרען איהר טרייע העלפערין. זיא האט געקענט אַרומגעהן אַרום אַ קונדען נאָך בעסער אַלס מאַריאַ פּעטראָוונאַ; זיא האט עס געלערנט אין אַ בעסערע שולע און איז געווען געשיקטער פון איהר. זיא איז באַלד בעקאַנט געוואָרען מיט אַלע קונדען און האט געוואוסט זיך ביי זיי אַזוי איינצושמייכלען, אַז אַלע פלעגען פאַרדערן, אַז זיא זאָל זיי פערקויפען וואס זיי דאַרפען.

מאַריאַ פּעטראָוונאַ האט אין דער לעצטער צייט געהאַט אַנדערע זאָרגען. דיא אַלטע באַיאַנאָווסקי האט אָנגעהויבען צו ווערן מיט יעדער טאָג שוואַכער און קראַנקער. דיא צייט, וואס פּעאַדאָרא האט זיא געהאַלטען פערשפּאַרט אין אַ בעזונדער צימער, האט שטאַרק געווירקט אויף איהר. זיא האט בעשטענדיג געטראַכט פון איהר אונגליקליכען זוהן, וועלכער מאַרטערט זיך אין דיא גאָלדגרובען פון סיביר. זיא האט ניט געקענט פערגעסען דאס אונגליק, וואס האט זיא געטראָפען. עס איז איהר געווען זעהר שווער איבערצוטראָגען, וואס זיא האט זיך שטענדיג געמוזט בעהאַלטען. מאַריאַ פּעטראָוונאַ האט עס בעמערקט און האט זיך זעהר דערשראָקען. זיא האט דיא אַלטע אמת ליעב געהאַט און האט ניט געקענט זעהן, וויא זיא ליידעט, וויא זיא ווערט פון טאָג צו טאָג שוואַכער און שוואַכער. זיא האט געשיקט רופען אַ דאָקטאָר. דער געלערנטער

מאַן איז געקומען, האט בעטראַכט די קראַנקע, האט זי אויסגעקלאַפּט און האט אויסגעפונען, אז זי ליידעט אן אַ גאַנץ נאַטירליכע קראַנקהייט — אַלטקייט, געגען וועלכע ער האט קיין רפואה ניט. דערמיט איז ער אַוועקגעגאַנגען.

לעאַני פלעגט זעהר אָפט רעדען מיט דער אַלטער זי פלעגט איהר געבען האָפנונג, אז איהר זוהן וועט באַלד קומען; זי האט איהר אבער ניט געקענט זאַגען, אז ער איז שוין דאָ. באַיאַנאָווסקי האט איהר ניט ערלויבט עס צו טהאָן. ער האט געוואָלט אליין ברענגען זיין מוטער דיזע נאַכריכט. אַזוי איז פערגאַנגען אייניגע צייט. די אַלטע איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער; זי האט זיך שוין ניט געקענט ארומדרעהען אין שטוב, זי איז געבליעבען ליעגען אין בעט.

איין אבענד, ווען פּעטראָווגאַ האט פערמאַכט דעם מאַגאַזין, האט מען איהר געבראַכט אַ צעטעלע, אין וועלכען אַן אונבעקאַנטער האָט זיא געבעטען, זיא זאָל קומען אין אַ טשאַינאָיע (טהעע־הויז) ניט ווייט פון איהר מאַגאַזין. דאָס צעטעלע איז געוועזן אָהן אַן אונטערשריפט. מאַריאַ פּעטראָווגאַ האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן. זיא האָט מורא געהאַט צו געהן אין אַ טשאַינאָיע, וואו עס געפינען זיך אַלערליי מענשען. זיא האט געוויעזען דאָס צעטעלע לעאַני'ן.

— לאָמיר געהן ביידע, האָט לעאַני געזאָגט, דוא ווייסט, איך האב פאַר קיינעם קיין מורא ניט. איך האב איבערגעזעהן פיעל שרעקליכע זאַכען ביי פּעאָדאָראַ'ן אין הויז און קען מיר שטענדיג אַן עצה געבען.

זיי האבען זיך אָנגעטהאָן און זיינען געגאַנגען אין דער טשאַינאָיע, וועלכע איז געווען בעצייכענט אין צעטעלע. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אויף דער טהיר, זיינען צוויי מענער צוגעגאַנגען צו זיי. איינער איז געווען באַיאַנאָווסקי. לעאַני האט איהם באַלד דערקענט, אָבוואָהל ער איז געווען פערשטעלט. ער האָט זיי אריינגערופען אין אַ בעזונדער צימער און האט זיי געזאָגט, אז ער וויל זעהן זיין מוטער. אייניגע מינוטען שפּעטער זיינען זיי אַלע פיער געגאַנגען צו מאַריאַ פּעטראָווגאַ. די מענער זיינען געבליעבען שטעהן אין מאַגאַזין, די פרויען זיינען אריינגעגאַנגען אין צימער, וואו די אַלטע באַיאַנאָווסקי איז געזעסען אויף אַ ווייכען שטוהל.

— ווילט איהר פיעלייכט שלאָפען, ליעבע מוטער, האט מאַריאַ פּעטראָווגאַ געפרעגט.

זיא האט אומיסטען אנגעהויבען צו רעדען מיט דער אַלטער אום ארויפצוקומען אויף איהר זוהן און זיא פּאָרצובערייטען צו אַזאַ שמחה. אַ שטאַרקע פרייד קען אויף אַ מענשען ווירקען זעהר שלעכט, וויא אַ פּלוצלונגער שרעק.

— אַך! איך קען ניט שלאָפען, האט די אַלטע געקרעכצעט. מיינע טרויעריגע געדאַנקען לאָזען מיך ניט שלאָפען. איך דאַנק דיר זעהר פאַר דיין גוטסקייט, פאַר דיין פריינדליכקייט און פאַר דיין ליעבע. דוא בעהאַנדעלסט מיך, וויא אַ מוטער, דענאָך פיהל איך מיך אַ ל י י ן, מיר פעהלט עפּעס.

— איך ווייס, איך ווייס, ליעבע מוטער, וואס עס פעהלט אייך, האט מאַריאַ פּעטראָווגאַ געזאָגט. איך ווייס פון וועמען איהר רעדט. פערליערט ניט די האָפנונג, פערצווייפעלט ניט, אַ מענש קען גאָר ניט וויסען, וואס אין אַ שטונדע ארום קען גע־

**שעהן. מעגליך, אז איהר וועט באלד זעהן לעבען אייך אייער ליעבען זוהן.**

— האָפּען, האָפּען, האט דיא אלטע געזאגט פערטראַכט, דאס איז דער איינצי־גער פלאַסטער, וואס מען לעגט צו צו אלע אונזערע וואונדען. ער היילט זיי ניט, ער דעקט זיי נור צו, אז אנדערע זאָלען זיי ניט זעהן. דיא האָפנונג איז ניט מעהר, וויא א שלאָף־געטראנק (מאָרפיום) וועלכער שלעפערט אונז איין אויף א קורצע צייט, אום מיר זאָלען שטארקער פיהלען אונזערע ליידען, ווען מיר האָפּען זיך אויף. מיר ווייסען אז ער העלפט ניט און דאָך מוזען מיר איהם איינגעהמען, מיר מוזען זיך אליין אָפּ־נאררען.

— ניין, מוטער! דיא האָפנונג איז דיא איינציגע מעדיצין, וועלכע גיט אונז קראַפט איבערצוטראגען אונזערע ליידען. איהר האט רעכט, עס איז ניט מעהר, וויא א שלאָף־געטראַנק, וועלכער גיט אונז קראַפט געזונד צו ווערן. דיא האָפנונג האלט אונז אויף, בעלעבט אונז, גיט אונז כח איבערצוטראגען דיא פרייד, ווען דיא האָפנונג ווערט מקוים (פערווירקליכט).

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט גאנץ שטיל און דיא הויכע, שעהנע געשטאַלט באיאנאַווסקי׳ס האט זיך געוויעזען אין דער טהיר. דיא אלטע האט איהם ניט געזעהן, זיא איז געזעסען מיט׳ן געזיכט אפּגעווענדעט פון דער טהיר. ער איז געשטאנען און האט זיך צוגעהערט, וואס זיין מוטער האט גערעדט מיט מאריא פּעט־ראָוונא. גרויסע, הייסע טראָפּען טרערין האבען זיך געקייקעלט איבער זיינע בלייכע באקען, ווען ער האט געזעהן, וויא שוואך זון וויא קראנק זיין מוטער איז.

— ארימע, אונגליקליכע מוטער, האָט ער געזאגט צו זיך אליין, וויא פיעל ליידען און שמערצען האָט דיר פעראורזאכט דיעזע ניעדערטרעכטיגע פעאָדאָרא!

מאריא פּעטראָוונא האט וויטער גערעדט מיט דער אלטער און האט זיא גע־טרייסט:

— אייער זוהן וועט נאך קומען און איהר וועט מיט איהם צוזאמען גליקליך לעבען. מעגליך, אז ער איז שוין אויפ׳ן וועג צו אייך און וועט באלד דא זיין. אויף דער וועלט קען אלעס פּאַסירען. איך האב געהערט, אז דער קייסער וועט ארויסגעבען א מאניפעסט און וועט אלע פּאָליטישע פערשיקטע בעפרייען, דאן וועט אייער זוהן אויך קומען, איהר וועט איהם זעהן, איהר וועט איהם ארומנעהמען און איהר וועט גליקליך זיין.

— איך דאנק דיר, ליעבע מאריא פּעטראָוונא, פאר דיא גוטע האָפנונגען, וואס דוא האָסט מיר געגעבען דוא האָסט רעכט, זאָלאנג דער מענש לעבט, מוז ער האָפּען; ווען דיא האָפנונג קען זאגאר זיינע וואונדען ניט היילען, פערדעקט זיא זיי ווענינגסטענס. דאס איז שוין אויך גוט.

— עס זיינען קיינע האָפנונגען, עס איז דיא וואהרהייט, ליעבע מוטער, האט באָיאנאָווסקי געזאגט און איז געפאלען איהר צו דיא פיס. ער האָט אניעדערגעלעגט זיין קאָפּ אין איהר שויס און האָט געוויינט.

— איך בין דאָ, מוטער, איך בין ביי דיר! זיי געזונד. מיר וועלען נאך גליקליך לעבען.

דיא אלטע האט זיך אנגעבויגען, האט אנגעחאפט זיין קאפ מיטביידע הענד, האט איהם אנגעהויבען צו קושען און האט אויסגעשריען ניט מיט איהר קול:

— קאליא, דוא ביסט עס?

מעהר האט זיא ניט געקענט רעדען, א שטראם טרערין האט זיך ארויסגעגאסען פון איהרע שוואכע אויגען. זיא האט איהם צוגעצויגען צו זיך און האט איהם געהאלטען פעסט ארומגענומען, וויא מען האלט א קליין קינד.

— דוא ביסט עס, מיין ליעבעס, טהייערעס קינד, האט זיא געזאגט, ווען זיא האט זיך אביסעל בערוהיגט. דוא ביסט ענדליך צוריקגעקומען פון יענעם שרעקליכען לאנד, וואו עס הערשט עלענד און נויט.

— יא, מוטער, איך בין פריי, איך בין צוריקגעקומען, איך וועל בלייבען ביי דיר, איך וועל דיך מעהר ניט פערלאזען.

פלוצלונג האט זיא אנגעהויבען צו ציטערן, א קאלטער שוויס איז ארויסגעטרעטען אויף איהר געזיכט, זיא האט איהם אפגעלאזט און איז צוגעפאלען צום שטוהל. אויף איהרע ליפען האט זיך געוויזען א ווייסער שוים און איהרע אויגען זיינען געווארען, וויא מיט גלאז איבערגעצויגען.

— מוטער! מוטער! האט באיאנאווסקי געשריען, וויא א פערצווייפעלטער, וואס רעדסט דוא ניט צו מיר? יעצט, ווען מיר האבען זיך ווידער געזעהן, ווען מיר קענען גליקליך זיין, שווייגסט דוא — אך! זיא שטארבט! — רעטעט — שיקט רופען א דאקטאר! — זיא שטארבט!

— איך האב מורא געהאט, אז דיא גרויסע פרייד קען אויף איהר האבען א שלעכטע ווירקונג, האט געזאגט דער מאן, וואס איז געקומען מיט באיאנאווסקי'ן, און איך האב געשיקט רופען דאקטאר גרעטש. ער איז געווים שוין דא אוןווארט אין מאגאזין.

מאריא פעטראוונא איז ארויסגעלאפען אין מאגאזין און האט ווירקליך דארט געפונען דעם דאקטאר. זיא האט איהם אריינגעפיהרט אין צימער, וואו דיא אלטע איז געלעגען אויסגעשטרעקט אויף איהר שטוהל. דער דאקטאר האט בעטראכט דיא סצענע און איז באלד צוגעגאנגען צו דער אלטער. ער האט גענומען איהר האנד און האט געפיהלט איהר פולס.

— באיאנאווסקי, האט ער געזאגט ערנסט און פינסטער, דוא האסט געפונען דיין מוטער אום זיא ווידער צו פערליערען. דא הערט מיין קונסט אויף. דא קען קיינער ניט העלפען. עס איז דאס ענדע.

— דאס ענדע? האט געשריען באיאנאווסקי און האט געבראכען דיא הענד פאר וועהטיג. איהר זאגט עס אזוי גלייכגילטיג, דאקטאר, דאס ענדע?

— פאר וואס זאל איך עס ניט זאגען גלייכגילטיג? האט געזאגט דער דאקטאר, עס איז א נאטור געזעץ, אז אלעס, וואס לעבט, מוז שטארבען, יעדער פון אונז ווי ס עם; יעדער פון אונז איז פארבערייטעט צו דיעזער רייזע, פון וועלכער קיינער קומט ניט צוריק. נו, פאר וואס זאל איך עס ניט זאגען גלייכגילטיג?

באיאנאָווסקי אבער האט איהם ניט געהערט. ער האט געקניעט פארן שטוהל, וואו זיין טוידטע מוטער איז געלעגען און האט געוויינט, וויא א קליין קינד.

— אך, מוטער! פאר וואס האסט דוא מיך אזוי גיך אוועקגעווארפען?

באיאנאָווסקי'ס בעגלייטער איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געזאגט ערנסט און שטרענג:

— דוא פערגעסט באיאנאָווסקי, אז דוא האסט נאך אנדערע פפליכטען. מען האט דיר אומיסטען ניט געוואלט אויסזאגען, אז דיין מוטער לעבט נאך, אום דוא זאלסט קענען ערפילען דיא הייליגע פפליכטען, וועלכע דער געהיימער בונד האט אויף דיר ארויפגעלעגט. דוא ביסט א מאן, דוא טאָרסט ניט פערצווייפלען, דוא טארסט זיך ניט איבערגעבען צו דיין שמערץ.

— לאזט מיך! האט געשריען באיאנאָווסקי. לאָזט מיך! איך האב מיין מוטער פערלארען! לאזט מיך יעצט צורוה מיט אייערע פילאָזאָפיען און מיט אייערע פפליכטען. לאזט מיך זיך אויסוויינען לעבען מיין טוידטע מוטער!

אלע האבען געשוויעגען, נור מאריא פעטראָוונא און לעאני האבען געוויינט שטילערהייט. דאָקטאָר גרעטש האט בעטראכט דיא לייכע אלס דאקטאר. מעגליך, ער האט דאמאָלס געטראכט, אז ווען באיאנאָווסקי זאל איהם נור ערלויבען, וואלט ער חשק געהאט זיא צושניידען און זעהן, וואס פאר אן ענדערונג א פלוצלונגע פרייד מאכט אין מענשליכען קערפער. באיאנאָווסקי'ס בעגלייטער, דער ניהיליסט מיכאילאָוו, איז געשטאנען פערטראכט און פינסטער. ער האט געטראכט נור פון זיינע פפליכטען און פון דיא פלאנען, וואס זיי האבען געמאכט פאר דיא צוקונפט.

72טעס קאפיטעל.

## אויף אַ געהיימע פערזאַמלונג.

אין איינעם פון דיא אריסטאָקראטישטע קווארטאלען פון פעטערבורג איז מיט עטליכע יאהר צוריק, אין דער צייט, ווען אונזער געשיכטע האט פאסירט, געשטאנען אן אלטער צירק. דיעזען צירק האט אויסגעבויט דער איינהאבער פון אן אקראבאטען געזעלשאפט. ער האט דאָרט געגעבען פארשטעלונגען, האט באנקראָטירט און איז אנטלאפען. זיינע בעלי חובות האבען צוגענומען דעם צירק און פלעגען איהם פערדינגען אויף פארשטעלונגען. אזוי וויא עס האט אבער ניט געלוינט איהם צו האלטען, האט מען איהם ענדליך פערקויפט אין אויקציאָן. עס האט איהם געקויפט גאנץ ביליג א האלץ הענדלער אויף האָלץ, אזוי וועניגסטענס האט ער געזאגט. ער האט איהם אבער ניט צונומען אויף האלץ און האט איהם געלאזען שטעהן. דיא שכנים ארום פלעגען זיך וואונדערן, פאר וואס מען לאזט שטעהן אזא גרויסע געביידע אונבענוצט, קיינער אבער האט דעם האלצהענדלער ניט געפרעגט, פאר וואס ער צונעהמט איהם ניט.

ווען דיא געהיימע-פאליציי וואלט געווען קליגער און פעהיגער, וואלט זיא זיך בעסער צוגעקוקט צום אלטען האלבאייגעפאלענעם צירק און וואלט געוואוסט געווארען, וואס אין איהם קומט פאר. זיא איז אָבער שטענדיג בעשעפטיגט מיט אנדערע זאכען און ווייס קיין מאל ניט, וואס עס טהוט זיך ביי איהר אונטערן נאז.

עס איז שפעט ביי נאכט. דיא גאסען זיינען לעדיג. דיא הייזער זיינען פערמאכט, דיא לאָדען זיינען געשלאָסען. דיא גאַראַדאָוואָיעס (דיא פּאָליסלייטע) וועלכע בעוואכען דייזען קוואַרטאַל, שלאָפען ערגעץ אין א ווינקעל אָדער זיינען ארייננעגאנגען אין א שענק זיך אביסעל דערפרישען. דיא לאַנטערנעס ברענען דונקעל אדער האבען זיך פערלאָשען. דיעזער קווארטאל פון פּעטערבורג איז אין דיעזער בעציעהונג געוועזען זעהר אונגליקליך: דיא לאַנטערנעס האבען ניט געוואלט דאָרט ברענען און ווען זיי פלעגען שוין יאָ אַמאָל ברענען, זיינען זיי געוועזען אזוי דונקעל, אז עס וואלט שוין בעסער געוועזען, זיי זאלען גאר ניט ברענען. דיא ארימע איינוואָינער פון דיעזען קווארטאל האבען זיך ניט בעקלאָגט, וואס עס איז אזוי פינסטער ביי נאכט. דער פּאָליציי האט עס אויך זעהר וועניג געקימערט — אלע זיינען צופריעדען געוועזען מיט דער פינסטערניס, וועלכע האט געהעררשט אין דיעזער געגענד. בעזאנדערס צופריעדען זיינען געוועזען אייניגע, וועלכע האבען זיך יעצט, שפעט ביי נאכט, אין דערפינסטער געצויגען צום צירק. דער צירק איז געלעגען בעגראָבען אין דער פינסטערניס און נור דער מענש, וואס האט געוואוסט זיין געהיימניס, האט געקענט בעמערקען, וויא פון אלע זייטען קומען אן פערהילטע אין פערוויקעלטע פיגורען. יעדע איז צוגעקומען צו דער פינסטערער געביידע און האט געגעבען א קראַץ אין דער וואנד. עס האט זיך געעפענט א קייליכדיג פענסטעריל, פון וועלכער עס האט ארויסגעשטעקט א שפּיציגער מעסער. ווען דיא פיגור האט געענטפערט מיט דעמזעלבען צייכען, אריינגעשטעקט א מעסער אין פענסטעריל, עפענט זיך א שמאָל טהיריל און דיא פיגור געהט אריין.

אין דערמיט פוּ׳ם צירק, דארט וואו דיא ענגלישע רייטער פלעגען ווייזען זייערע קונסטשטיקע אויף דיא פערד, שטעהט יעצט א לאנגער טיש, אויף וועלכען עס ברענען ליכט. אלע לעבער פוּ׳ם צירק, אלע שפּעלטעלעך זיינען פערהאנגען און פערשלאָגען, אז מען זאל אין דרויסען ניט בעמערקען קיין ליכט. עס קומען אימער אן נייע מענשען, בעגריסען זיך, גיבען איינער דעם אנדערן א געוויסען צייכען, זאגען איינער דעם אנדערן א געוויסעס ווארט, רעדען איינער מיט׳ן אנדערן גאנץ שטיל און קוקען אויפ׳ן טיש, אויף וועלכען עס שטעהט יעצט א הויכע זאך בעהאנגען מיט שווארצען.

דיא אוהר האט געשלאגען איינס. אלע פערזאמעלטע זיינען צוגעגאנגען צום טיש, האבען זיך געזעצט אָדער געשטעלט, וויא איינעם איז געפעלען. דער פארזיצענדער האט ארויסגענומען זיין מעסער און האט איהם אריינגעשטעקט אין טיש. אלע זיינען געבליעבען שטיל און זיינען צוגעקומען נעהנטער.

— זיינען אלע ברידער פון געהיימ-בונד? האט געפרעגט א קרעפטיגע מענער־שטימע. איז ניטא צווישען אונז קיין פעררעטהער? מיר האבען אין דער לעצטער צייט געמוזט פאסען א בעשלוס, אז מיר זאלען טראגען מאסקעס אויף אונזערע פערזאמלונ־גען. עס איז צום בעדויערן, וואס עס האבען זיך אריינגעגנבעט צווישען אונז פעררעטהער. מיר מוזען זיין פארזיכטיג. האבען אלע אָפּגעגעבען דאס פּאסיר וואָרט און דעם נייען צייכען?

— אלע האבען אפּגעגעבען דאס פּאסיר וואָרט און דעם נייען צייכען, האבען דיא וואכען געענטפערט.

— האט מען אויסגעשטעלט וואכען אין דרויסען? זיינען מיר זיכער אין פאל, ווען דיא פאָליציי זאל אויף אונז אָנפאלען?

— עס זיינען אויסגעשטעלט וואכען פון אלע זייטען און מיר זיינען פאלקאָמען זיכער, האט מען געענטפערט.

— אלזא, עפען איך דיא פערזאמלונג און זאג אייך אלעמען: ווילקאָמען, ברידער! זייט פעסט, האלט אייך אן אונזער בונד! מיר וועלען דאך אם ענדע זיעגען!

מיר מוזען זיך פערזאמלען ביי נאכט, אין געהיימען, גלייך וויא מיר וואלטען גע־ווען פערברעכער. מיר זיינען אבער קיינע פערברעכער, מיר זיינען קעמפפער: מיר קעמפפען פאר א הייליגער זאך, מיר ווילען בעפרייען רוסלאנד פון זיינע טויזענדיעהריגע שקלא־פעריי. מיר מאָרדען ניט, מיר קעמפפען. מיר האבען אונז פעסט געזעצט א געוויסעס ציעל און מיר וועלען ניט אניעדערלעגען דיא וואפען פון אונזער האנד, ביז מיר וועלען אונזער ציעל דערגרייכען. מיר האבען פעראורטהיילט דעם ניעדערטרעכטיגען שפיאָן, מעזענצאוו צום טוידט און אונזער אורטהייל איז פינקטליך אויסגעפיהרט געווארען. מיר האבען איהם געמוזט טוידטען. מיר האבען זיך פערטהיידיגט, וויא איינער פער־טהיידיגט זיך, ווען א רויבער פאלט איהם אן אין א וואלד. ער פערטהיידיגט זיך מיט וואס ער קען. ער איבערלעגט ניט, אויב ער מוז דעם רויבער טוידטען; ער שיעסט און ווען דער רויבער פאלט, איז ער צופריעדען. מיט מעזענצאוו איז עס אונז געראטהען, מיר זיינען ענדליך לויז געווארען פון דיעזען בלוטהונד, וועלכער איז פעהיג געווען אויף אלעס אין דער וועלט אום נור אויסצובעטען ביים קייסער א ביינדיל — אן אָרדען אָדער א מעדאילע.

לײדער, איז אונז דיא ארבייט אין ווינטער־פאלאץ ניט געראטהען. מיר האבען געטהאן אלעס, וואס מיר האבען געקענט; אלעס איז געווען גוט אויסגערעכענט, אלעס איז געווען גוט איינגעריכטעט, אבער אן אונגליקליכער צופאל האט אונזער פלאָן פער־ניכטעט. דאס דינאמיט איז געווען צושוואך און דער קייסער איז געקומען צום מיטאָג מיט עטליכע מינוט שפעטער, וויא געוועהנליך. מיר האבען עס ניט געקענט פאראויס־זעהן, מיר האבען עס ניט געקענט פערהיטען. אונשולדיגע מענשען האבען דערביי זייער לעבען פערלאָרען און אונזער צוועק האבען מיר ניט דערגרייכט. דאס בלוט פון דיעזע מענשען פאלט ניט אויף אונזערע קעפ, זאנדערן אויף דיא קעפ פון יענע, וועלכע צווינגען אונז צו גרייפען צו אזעלכע מיטעל. מיר האבען פראָבירט מיט גוטען, מיט האבען גע־ווארנט אלכסנדר דעם צווייטען, מיר האבען איהם געבעטען, ער זאל אונז געבען פרייהייט — ער האט אונז ניט געהערט. מיר מוזען איהם פערניכטען. דאס מאל איז אונז ניט געלונגען, אן אנדער מאל וועט עס אונז געלינגען. דאס הויז ראָמאנאָוו מוז פערשוואונדען ווערן פון׳ם רוסישען טראהן און דאס רוסישע פאלק מוז פריי זיין! לאָמיר עראינערן דיא אונשולדיגע מענשען, וועלכע האבען פערלארען זייער לעבען אין ווינטער־פאלאץ. זיי זיינען געשטאָרבען פיר רוסלאנד.

אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און האבען געזאגט:

— זיי זאלען רוהען אין פריעדען! זיי זיינען געפאלען פאר רוסלאנד.

ווען יעדער האט זיך צוריקגעזעצט, האט דער פאָרזיצענדער ווייטער געזאגט:

— ביי דעם אונגליקליכען פאל אין ווינטער־פּאַלאַץ האבען מיר פערלאָרען זעהר פיעל, מיר האבען פערלאָרען איינעם פון אונזערע בעסטע מיטגליעדער, מיר האבען פערלארען אונזער ברודער, אימציצקי. ער איז געשטאָרבען וויא א העלד אויפ׳ן שלאכט פעלד; ער איז געשטאָרבען אין קאמפּף מיט׳ן טיראן! ער איז געווען אונזער בעמיקער, אונזער געלערנטער, אונזער פילאָזאָף, אונזער פיהרער, אונזער העלד. דער נאָמען אימציצקי וועט אמאָל שטעהן פערשריעבען מיט גאָלדענע בוכשטאבען אין דער געשיכטע פון רוסלאנד׳ס בעפרייאונג. דיא פרייע איינוואָינער פון ם פרייען רוסלאָנד וועלען געהן בעזוכען זיין גראָב, וועלען לעגען בלומענקרענצע אויף זיין גראָב און וועלען ווייזען זייערע קינדער: אט דא ליעגט דער העלד, וועלכער האט זיך אויפגעאָפּפערט פאר אייערע פרייהייט.

אום מיר זאלען שטענדיג געדענקען אן אונזער ברודער אימציצקי, האט איינער פון אונז אויסגעהאקט זיין בילד אין מארמאָרשטיין און האט זיא אונז געשענקט. דיעזעס בילד ווייזט אונז, אז מיר זאלען אויך האנדלען וויא אימציצקי; מיר זאלען אויך פאר קיין זאך קיין מורא ניט האבען און זאלען זיך אָפּפערן פאר אונזער הייליגע זאך. דער שטומער שטיין לערנט אונז, וויא אזוי צו לעבען און וויא אזוי צו שטארבען. דיעזעס בילד זאל שטענדיג זיין אויף אונזערע פערזאמלונגען און זאל אונז דיענען אלס מוסטער. — צייגט דאס בילד!

פון דער הויכער זאך, וואס איז געשטאנען אויפ׳ן טיש, האט מען אראָפּגעצויגען דיא שווארצע דעק. — דאס איז געווען אימציצקי׳ס בילד, אויסגעהאקט אין מארמאר־שטיין. דאס בילד איז געווען אזוי קינסטליך און אזוי געטראָפען, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער לעבט. דיא מארמאָרנע ליפּען זיינען געווען אָפען, גלייך וויא ער האט גערעדט צו דער פערזאמלונגען. אלע אַנוועזענדע האבען אויסגערופען מיט איין קול. דאס איז אונזער ברודער אימציצקי!

— פון היינט אן, האט דער רעדנער ווייטער געזאגט, זאל אונזער שלאכט רוף, אונזער פּאַסירוואָרט זיין, אימציצקי. זיין אנדענקען דארף אונז הייליג זיין. אימציצקי איז געשטארבען. ער האט אבער איבערגעלאָזען א קינד, א טאָכטער, וועלכע האט אויך זעהר פיעל געטהאן פאר אונזער בונד. מיר האבען זיא אין דער לעצטער צייט געשיקט אויף דער ביהנע, פיעלע פון אייך וויסען צו וועלכען צוועק מיר האבען עס געטהאן. מיר האבען עס דאמאָלס געמוזט טהאן, ווייל מיר האבען ניט געהאט קיין אנדערע פערזאן, וואס זאל אהין מעהר פּאסען, וויא לידיא, אימציצקי׳ס טאָכטער. יעצט שטעהט אימציצקי׳ס טאָכטער אליין, א יתומה, אין דער וועלט, אָבער דער געהיים־בונד דארף זיין איהר פאָטער און איהר בעשיצער. דאס געהיים־בונד דארף פאר איהר זארגען. אויף דער פאריגער פערזאמלונג האבען מיר בעשלאסען צו געבען איהר אן אונטער־שטיצונג, יעצט האט מיר א ברודער מיט־געטהיילט, אז עס איז פאָרגעקומען אן ערנסטער פאל, וועלכען מיר מוזען פערהאנדלען אויף דיעזע פערזאמלונג. איך וויל, אז דער ברודער זאל רעדען און זאל אונז מיטהיילען, וואס עס איז געשעהן.

איינער פון דיא אַנוועזענדע האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט מיט א פייערליכער שטימע:

— אזוי וויא מיר האבען בעשלאָסען, אזוי האב איך געטהאן. איך בין געגאנגען צו לידיא'ן און האב איהר געוואלט געבען דיא אונטערשטיצונג, וועלכע מיר האבען פאר איהר בעשטימט. זיא האט זיך אבער ענטזאגט, זיא האט עס ניט געוואלט אננעהמען, און ווייסט איהר פאר וואס? ווייל זיא איז פערליעבט אין איינעם פון אונזערע פיינד, אין אַ קנעכט פון דער טיראַניי, אין אַן אָפיציער, דעניסאָוו. ע־ אי ־ביי דער עקספּלאָזיאָן אין ווינטער־פּאַלאַץ פערוואונדעט געוואָרען און יעצט האט איהם דער טיראַן געמאַכט פאר קאָמענדאַנט פון'ם אסטראָג פון אירקוטסק. לידיא איז ענטשלאָסען מיט איהם צו פאָהרען קיין אירקוטסק.

דיא פערזאַמעלטע האבען אָנגעהויבען צו רעדען צווישען זיך. יעדער האט זיך געוואונדערט, וויא קומט עס, אַז לידיא זאל וועלען פאהרען מיט אַ רוסישען אָפיציער קיין אירקוטסק. זיי האבען אלע געקענט לידיא'ן, אלס אַ טרייע ניהיליסטין און האבען זיך ניט געקענט ערקלערן, וויא עס קומט, וואס זיא איז פּלוצלונג ענטשלאָסען ארויסצוטרעטען פון'ם בונד. דער פאָרזיצענדער האט געגעבען אַ צייכען און האט געזאגט:

— רוהיג, ברידער! מיר טאָרען אימציצקי'ס טאָכטער ניט פערדאַמען, ביז מיר וועלען הערן, וואס זיא וועט אונז זאָגען. זיא איז דא אויף אונזער פערזאַמלונג, דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז זיא איז דיא ווירדיגע טאָכטער פון איהר פאָטער. לאמיר הערן, וואס זיא וועט אונז ערקלערן, לאז זיא אליין אונז דערצעהלען, וואס זיא וויל טהאן. דער געהיים־בונד דארף פאר איהר זארגען, ער דארף זיין איהר פאטער, איהר בעשיצער און איהר בעוואכער; ווען זיא וויל בעגעהן אַ פאַלשען שריט, דארפען מיר זיא זעהן צוריקהאלטען. — לידיא אימציצקי, טרעט ארויס און ערקלער אונז, אויב עס איז וואהר, וואס מען האט פון דיר דערצעהלט.

אַ פערשלייערטע דאַמע איז ארויסגעטרעטען פון אַ ווינקעל, איז צוגעקומען צום טיש און האט געזאָגט מיט אַ פעסטער ערנסטער שטימע:

— אלעס איז וואהר. איך האב ליעב אַ מענשען, וועלכער איז ווערטה מיין ליעבע. ער איז ניט קיין מיטגליעד פון'ם געהיים־בונד; ער האסט אבער דיא טיראַניי גלייך מיט אייך. ער האט ניט געוואלט פאהרען קיין אירקוטסק אלס קאמענדאנט. איך האב איהם געהייסען, ווייל איך ווייס, אז אין אירקוטסק קענ'זן מיר אזוי גוט ווירקען פאר אונזער הייליגע זאכע, וויא דא. איהר בעשולדיגט מיר אומזיסט. ביז אהער האב איך גערעדט אום מיך צו פערטהיידיגען אום צו בעווייזען, אז דאס אנדענקען פון מיין פאטער איז ביי מיר טהייער, אז זיינע טהעטיגקייט אין אייערער מיטע וועט שטענדיג זיין מיין וועג־ווייזער. — יעצט וויל איך אויפטרעטען אום אייך פאָרווירפע צו מאכען און אייך צו בעווייזען, אז איהר האנדעלט אין פיעלע בעציעהונגען ניט ריכטיג. קוים דערהערט איהר דאס וואָרט „רוסישער אָפיציער", הייסט עס שוין ביי אייך „דער קנעכט פון'ם טיראַן", — דאס איז אַ פעהלער. אנשטאט וואס איהר ווענדעט אן אלע אייערע קרעפטע צו ווירקען אויף דאס רוסישע פאלק, וואלט פיעל בעסער געווען איהר זאָלט ווירקען אויף דיא רוסישע אַרמעע. איהר דארפט ניט אפשטויסען פון אייך דיא אפיציערען, איהר דארפט זעהן זיי צוציעהן צו אייך. איין רוסישער אפיציער קען מעהר נוצען ברענגען אונזער הייליגער זאך, אלס טויזענד בויערן. מיט דער הילף פון זאפייערען

קענען מיר זיעגען, ווען דער גרויסער טאג פון דער רעוואָלוציאָן וועט קומען; ווען [illegible] וועלען אלע ארויסטרעטען אום ענדליך רוסלאנד צו בעפרייען, דאמאלס וועט איהר ערשט דערקענען דעם גרויסען ווערטה פון אן אפיציער. איהר אלע זייט דענקער, געלערנטע, קעמפּפער פיר דיא פרייהייט; איהר פערשטעהט דאך אבער ניט דיא קריעגס־קונסט, איהר ווייסט דאך ניט, וויא צו קאמאנדירען אן ארמעע. דיא טיראַניי וועט אזוי גיך ניט נאכגעבען, עס וועט קומען צו בלוטיגע שלאַכטען און איהר וועט מוזען האבען מענער, וואס ווייסען, וויא צו פיהרען א קריעג. מיין געליעבטער פאטער האט עס פערשטאַנען; ער האט אבער שטענדיג געהאט אנדערע פּפליכטען צו טהאָן. איהר, ביי וועלכע זיין אנדענקען איז הייליג, איהר דארפט יעצט זעהן אנצואווענדען מעהר קרעפטע אויף א פּראפּאגאנדע צווישען דיא רוסישע אפּיציערען. דיא אַרמעע איז דיא איינציגע שטיצע פון'ם טיראַן, נעהמט ביי איהם אוועק דיזע שטיצע און ער וועט אליין פאַלען. לאז זיין דיא אַרמעע אויף אייער זייט און איהר וועט געוויס זיעגען. דער רוסישער מוזשיק איז נאך זעהר גראב, ער פערשטעהט אייך נאך ניט, איהר קענט זיך נאך אויף איהם ניט פערלאזען. אייך דאַכט זיך אָפּט, אז איהר האט געווירקט אויף איהם, אז ער איז איינפערשטאנדען מיט אייך, ער הערט אייך אויס און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. לאז איהם נור דער טיראַן געבען א גלעט, לאז ער איהם נור א שמייכעל טהאָן, לאז ער איהם נור זאגען א ײן פריינדליכעס וואָרט און, דערזעלבער מוזשיק, וועלכער האט אייך אזוי אויפמערקזאם אויסגעהערט, וועט פאַלען אויף דיא קניע און וועט שרייען: „זאַ באַטיושקאַ, זאַ צאַריא!" (פיר אונזער פאטער, דעם קייסער!).

גאַנץ אנדערש איז עס מיט דעם אינטעליגענטען רוסישען אפיציער. קוים איז ער נור איינפערשטאנדען מיט אייך, קוים האט ער אנגענומען אייערע אידעען, קוים הייבט ער אן צו פיהלען דעם שווערען יאָך, וואס ער טראגט, וועט ער קעמפּפען מיט אייך ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט.

איך בין צוואר נור א יונגעס מעדכען, איך קען אבער דיא רעוואָלוציאָנערע בע־וועגונג אין רוסלאנד אזוי גוט, וויא איהר אלע און שטעל מיך אונטער אים נאמען פון מיין פאטער צו געבען אייך דיעזען ראַטה. —

אלע האבען געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואַגט צו ענטפערן דיעזען העלדענ־מוטהיגען מעדכען. ענדליך האט דער פּאָרזיצענדער געזאגט:

— לידיאַ! ווירדיגע טאכטער אימציצקי'ס, מיר האבען דיך אויסגעהערט, דוא ביסט וויא ביז אהער אונזערע טהייערע שוועסטער, מיר גלויבען דיר. מיר גלויבען, אַז דוא האסט געוועהלט א ווירדיגען מענשען און דוא פאהרסט קיין סיביר אום דאָרטען צו ארבייטען פיר אונזער הייליגע זאַכע. מיר ווינשען דיר א גליקליכע רייזע! מיר האָפּען, אז ווען דער גרויסער טאג פון דער רעוואלוציאן וועט קומען, וועסט דוא שטעהן אין אונזערע רייהען און וועסט קעמפּפען פאר אונז.

אלע האבען איהר געוואונשען א גליקליכע רייזע. לידיאַ האט זיי געדאַנקט און איז אוועקגעגאנגען אין א זייט.

– יעצט, ברידער, האט דער פּאָרזיצענדער ווייטער געזאגט, האבען מיר נאך פיעלע וויכטיגע זאכען צו פערהאנדלען. זייט דעם פערזוך, וואס מיר האבען געמאכט

אין ווינטער־פאלאץ, איז דיא געהיים־פאליציי געווארען זעהר פארזיכטיג, און דיא הויפט זאכע — זעהר שטרענג. איהר נייעסטע בעפעהלע און פריקאזען זיינען שרעקליך. מיר מוזען איהר ווייזען, אז טראץ איהר פארזיכטיגקייט, טראץ איהר שטרענגע, טראץ אלע איהרע חכמות, לעבען מיר נאך און זיינען טהעטיג. מיר מוזען יעצט מאכען א נייען פערזוך צו טוידטען דעם טיראן. מיר מוזען איהם האלטען בעשטענדיג אין שרעק. באקונין האט איהם שוין צוגעשיקט א ווארנונג, ער מאכט זיך אבער ניט וויסענדיג. לאמיר איהם ווייזען, אז מיר שפאסען ניט, אז ווען מיר דראהען, ווייסען מיר אויך וויא אויסצופיהרען אונזערע דראהונגען. איך מיין, אז דאס בעסטע וואלט געווען, אז מיר זאלען אונטערלעגען א מינע אונטער דיא רעלסען פון'ם אייזענבאהן. וואו ער דארף דורכפאהרען. מיר ווען ער וועט פאהרען. מיר מוזען זיך שוין נעהמען צו דער ארבייט. דיעזע ארבייט, מיינע ברידער, דארף פערנעהמען פיעל צייט. עס פעהלט אונז אונזער גרויסער בעמיקער, אימציצקי. מיר מוזען דאהער פון איצט אן אנהויבען צו ארבייטען און זיך פארצובערייטען. איך האף, אז דיעזעס מאל וועלען מיר זיין גליקליכער, וויא אין ווינטער־פאלאץ.

עס האבען זיך אנגעהויבען דעבאטען און פארשלעגע, וויא אזוי אויסצופיהרען דיעזען פלאן. מיר ווילען ניט וויעדערהאלען אלע דעבאטען און פארשלעגע, ווייל אין איינעם פון דיא פאלגענדע קאפיטלעך וועלען מיר בעשרייבען גענוי, וויא הארטמאן מיט זיינע קאמעראדען האבען אויסגעגראבען דיא מינע אונטער דער פעטערבורגער־מאס־קווער אייזענבאהן. דער לעזער וועט עס דארטען געפינען מיט אלע איינצעלהייטען.

ווען דער בעשלוס איז געפאסט געווארען און מען האט שוין מעהר ניט געהאט וואס צו פערהאנדלען, האט דער פארזיצענדער געזאגט:

— ברידער! איך האב אייך נאך מיטצוטהיילען א פרעהליכע נאכריכט. אין ניזשני־נאווגאראד האט זיך געבילדעט א „קרוזשאק" פון אונזער געהיים־בונד. זיי האבען געבעטען, מען זאל זיי צושיקען איינעם, ער זאל זיי ארגאניזירען און זאל זיי ערקלערן, וואס זיי האבען צו טהאן. איך רוף דיעזע נאכריכט א פרעהליכע, ווייל איך האב מיך קיין מאל ניט גערעכנט, אז אין א שטאדט פון רוסישע קופלייטע, וויא ניזשני איז, זאלען זיך געפינען מענער, וועלכע זיינען בערייט צו געבען אונז זייער הילפרייכע האנד. זיי האבען שוין צונויפגענומען א גרויסען קאפיטאל, וועלכע זיי זיינען בערייט איבערצוגעבען אין אונזער קאססא. דיעזע נאכריכט צייגט אונז, אז זאגאר צווישען רוסישע סוחרים, וועלכע האבען אין זינען נור דעם רובעל און וויא אזוי אפצונארען, געפינען זיך אויך מענשען, וועלכע שטרעבען צו עטוואס העכערעס, צו עטוואס בעסערעס אלס נור צו מאכען א קאפיטאל. איך קען אייך דערווייל נאך ניט פיעל מיטהיילען איבער דיעזען „קרוזשאק". מארגען פאהרט אוועק קיין ניזשני איינער פון אונז. ווען ער וועט צוריקקומען, וועל איך אייך אלעס בעריכטען.

יעצט ברידער, איז צייט צו געהן א היים. שווערט נאך א מאל: טריי דעם בונד און האס און טוידט דעם טיראן!

— טריי דעם בונד! האס און טוידט דעם טיראן! האבען אלע אויסגערופען מיט איין קול.

דיא ליבט זיינען פערלאשען געווארען, אין צירק איז געווארען פינסטער איינציג-וויים פארזיכטיג לאנגזאם און שטילערהייט זיינען זיך צוגאנגען דיא פערזאמעלטע. עס איז געווען פארטאג דיא דונקעלסטע צייט פון דער נאכט. ארום צירק איז געווען פינסטער, דיא געהיים פאליציי האט געוואכט, אבער אין גאנץ אנדערע קווארטאלען, אין אנדערע גאסען. דעם אנדערען טאג האט דער נייער אבערפאליצמייסטער פון פעטערבורג אפגעגעבען זיין ראפארט דעם קייסער, אז אלעס איז שטיל, אלעס איז רוהיג, דיא ניהיליסטען זיינען פערשוואונדען פון פעטערבורג, זיי האבען מורא זיי זיינען איבערגעשראקען.

## דער נייער אבער־פאליצמייסטער.

### 73־טעס קאפיטעל

מעזענצאף איז געשטארבען. דער קייסער האט געהייסען איהם בעערדיגען מיט אלע מעגליכע עהרען, וויא עס קומט א רוסישען גענעראל. אגרויסע באנדע מוזיק איז נאכגעגאנגען זיין זארג און האט געשפילט א טרויעריגען מארש, צוויי באטאליאן סאלדאטען האבען איהם בעגלייטעט אין זיין לעצטען רוהע-פלאץ, אבער קיין איינציג אויג האט געוויינט נאך איהם; עס איז ניט געווען איינער, ווער עס זאל פערגיסען א טרער. ער האט געלעבט ווי אשפיאן און איז געשטארבען, ווי א טויגעניכטס א שפיאן.

יעצט איז ענטשטאנען דיא פראגע. וועמען מאכט מען פאר שעף פון דער געהיים-פאליציי און צוגלייך אבערפאליצמייסטער פון פעטערבורג ? דיזע שטעלע איז זעהר א וויכטיגע. אויף אזא שטעלע מוז דער קייסער אליין איינעם בעשטימען און דיזע פראגע האט ווירקליך בעאונרוהיגט אלעקסאנדער דעם צווייטען. דער פא-סענדסטער מענש איז געווען אשינאוו: ער איז איינגעווייעט אין אלע געהיימניסע, ער איז בעקאנט מיט אלע אגענטען פון דער געהיים-פאליציי ער האט זיך אויסגעצייכענט אין פיעלע פעלע ווען מען האט געמאכט אבלאווא'ס (יאגד אויף ניהיליסטען); פון דער אנדערער זייט אבער איז איהם געווען אונבעקוועם צו מאכען אשינאוון פאר אבערפאליצמייסטער: ער שטאמט פון א ניעדעריג ארט, האט אין ערגעץ ניט געלערנט מען זאגט אויף איהם, אז ער נעמט געלד, ער האט זיך ביז אהער ניט גאנץ גוט אויפגעפיהרט, דער קייסער האט זאגאר ערהאלטען אנאנימע בריעף (בריעף אהנע אונטערשריפט) אז ער זאל אשינאוו'ן ניט ערנענען אלס אבערפאליצמייסטער. — נאך לאנגע טראכטען און קלערען האט דער קייסער בעשלאסען, אשינאוו זאל דערווייל זיין איספראווליאיושטשי דאלזשנאסט (שטעל פערטרעטער) פון שעף פון דער געהיים פאליציי.

ווען אשינאוו האט ערהאלטען דעם קייזערליכען בעפעהל, אז ער איז שטעל-פערטרעטער פון שעף פון דער געהיים פאליציי. האט ער געטאנצט פאר שמחה, ער האט געוואוסט, אז אין רוסלאנד קען מען זיין יאהרען-לאנג שטעל-פערטרעטער און האבען דיזעלבע מאכט וואס א ווירקליכער שעף פון דער געהיים-פאליציי. יעצט שטעהט ער אן דער שפיצע פון זיין מאכט גאנץ פעטערבורג ליגט איהם צו דיא פיס ער דארף זיך נור אביסעל אונטערלעקען צום קייסער, האפען א פאר מענשען און

מאכען פון זיי ניהיליסטען און דער קייסער וועט איהם אפשיטען מיט אָרדענס און מיט מעדאילען.

זיין ערשטע ארבייט איז געווען צו פאהרען אין פעטראָפּאוולאווסקי קרעפּאָסט איבערקוקען דיא ארעסטאנטען, טאָמער וועט ער דארט געפינען איינעם, וואס וועט איהם עפּעס זאגען, ביי וועלכען ער וועט קענען עפּעס ארויסשלעפּען א וואָרט, וואס קען איהם נוצען. ער מוז דאך עפּעס בעווייזען, אז ער איז ווירדיג אנצונעהמען אזא שטעלע. אין דערזעלבער צייט האט מען ארעטירט זעהר פיעל מענשען אין פעטערבורג. מען האט ניט געפרעגט, מען האט ניט געקלערט, מען האט ארעטירט, וועמען מען האט נור געוואָלט. קיין אונטערזוכונג׳ס־ריכטער (סלעדאָוואטעל) האט ניט אונטערזוכט פארוואס מען האט זיי ארעטירט, מען האט זיי ניט געשטעלט פאר קיין ריכטער, זיי זיינען געזעסען פערשפּארט אין זייערע קעמערליך, ביז מען וועט זיך אן זיי דערמאנטען. עס זיינען פאָרגעקומען פעלע, וואס מען האט גאר אין גאנצען פערגעסען אן ארעסטאנט. ער איז אוועקגעזעסען יאהרען־לאנג און קיינער האט ניט געוואוסט פאר וואס ער זיצט.

אשינאוו איז געקומען אין פעטראָ־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט און איז אויסגעגאנגען אין אלע קעמערליך, האט גערעדט מיט יעדען ארעסטאַנט, האט יעדען אויסגעפרעגט און אויסגעפאָרשט, פאר וואס ער איז ארעטירט, ווען מען האט איהם ארעטירט, וואו מען האט איהם ארעטירט; אויב מען האט איהם שוין גערופען צום סלעדאָוואטעל, וואס ער האט דאָרט געזאגט און נאך אזעלכע פראגען. ער האט אייניגע זאכען פערצייכענט ביי זיך אין נאטיץ־בוך.—ער האט פערטיג געמאכט זיין ערשטען ראפּאָרט צום קייסער. ענדליך איז ער געקומען אין דעם קעמעריל, וואו פראנציסקא איז געזעסען. דאס איז אן אלטע בעקאנטע, דיא האט ער ניט פיעל וואס צו פרעגען, דענאך איז ער אריינגעגאנגען און האט זיא געפרעגט, וויא אזוי מען בעהאנדעלט זיא, אויב זיא פערלאנגט עפּעס און וויא זיא פיהלט זיך.

אזוי וויא פראנציסקא איז ניט געווען קיין פּאָליטישע פערברעכערין און האט נאך געהאט געלד אויך, האט מען זיא ווירקליך גאנץ גוט בעהאנדעלט. זיא איז געזעסען אין א גאנץ העלען צימעריל, ביי איהר איז געווען ריין אין צימעריל און עס איז זאגאר געשטאנען א פלאַש וויין אויפ׳ן טיש. זיא האט געבעטען אשינאוו׳ן זיצען, האט איהם איינגעלאדען צו טרינקען א גלאז וויין, פון וועלכען אשינאוו האט זיך קיין מאל ניט אפּגעזאגט, און האט איהם אנגעהויבען צו בעטען, ער זאל זיא בעפרייען. זיא האט איהם אויפגעהאלטען א לענגערע צייט, האט איהם ערקלערט און געשוואָרען, אז זיא איז ניט שולדיג, אז זיא האט ניט געוואוסט, וואס פאר א געלד איהר מאַן. אנדריי יאַגאָדקין, פלעגט איהר געבען. זיא האט געצאהלט מיט הונדערטער, ווייל איהר מאַן פלעגט איהר שטענדיג געבען נור הונדערטער. זיא האט ניט געוואוסט, אז זיי זיינען פאַלשע.

אשינאוו האט זיא אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם. ער האט זיך צוגעקוקט צו איהר און האט געזעהן, אז זיא איז ווירקליך א שעהנע פרוי און זיא איז איהם געפעלען. ער האט זיא געפרעגט, וויא עס קומט, וואס אזא שעהנע, יונגע פרוי זאל הייראטהען אזא אלטען מאַן, וויא אנדריי יאגאָדקין? פראנציסקא איז געווען א גוטע קאמעדיאַנטין,

זיא האט זעהר גוט געקענט שפּיעלען קאָמעדיע, זיא האט אנגעהויבען צו וויינען און האט געזאגט:

— מייננ׳ איהר, אז איך האב איהם געהייראַטעט מיט מיין גוטען ווילען?—מען האט מיך געצוואונגען דערצו. איך האס מיין מאן, איך קען איהם ניט אנקוקען, איך וואָלט געוועזן העכסט צופריעדען, מען זאל איהם פערשיקען קיין סיביר, איך זאָל נור לויז ווערן פון איהם.

אשינאוו האט פערגעסען, אז עס איז שוין שפּעט און ער דארף פאהרען א היים, פראנציסקא האט איהם בעצויבערט.

— אָט אזא פרוי, האט ער געטראכט, פּאסט יעצט פאר מיר. מיט איהר שענהייט, מיט איהר אַריסטאָקראַטישען בענעהמען קען זיא צוציעהען צו זיך דיא גרעסטע מענער פון פּעטערבורג. א שעהנע פרוי ביי א רוסישען טשינאָווניק איז אַ טהייערער אוצר. וויא פיעל זיינען געוואָרען מיניסטאָרען און האבען דערגרייכט דיא העכסטע שטעלען אין רוסלאנד נור דורך זייערע פרויען? וויא פיעל גענעראַלען און גראפען האבען צו פערדאנקען זייער טיטול און זייער רייכטהום נור זייערע פרויען? — מיט אזא שעהנע און קלוגע פרוי, וויא פראנציסקא, קען איך אפּנעהמען פּעטערבורג.

ער האט צוגעזאגט פראנציסקאַ׳ן, אז ער וועט טהאן אַלעס אום זיא צו בעפרייען און האט איהר געגעבען דיא האנד ביים אוועקגעהן. פראנציסקא האט איהם צערטליך געדריקט דיא האנד און האט איהם געזאגט, אז זיא וועט איהם מארגען ערוואַרטען.

דעם אנדערן טאג איז אַשינאָוו געפאהרען צום קייסער, איהם אפּגעבען זיין ראַפּאָרט, אז אין שטאדט איז אַלעס רוהיג, דיא ניהיליסטען ווייזען זיך ניט, זיי זיינען, ווייא פערשוואונדען געוואָרען.

— איך האב נאך צו מעלדען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט, אז ביז יעצט איז נאך ניטאָ קיין בעפעהל וועגען דעם פאַלש־מינצער אנדריי יאגאדקין, האט ער געזאגט, ווען דיא אַודיענץ האט זיך געענדיגט. ער מיט זיין פרוי זיצען דערווייל אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט. ער וויל זיך ניט מודה זיין, אז ער האט געמאכט פאַלש־געלד, איך האב אבער בעוויזע, אז ער האט עס געמאכט. זיין פרוי אבער ווייזט אויס איז ווירקליך אונשולדיג. וויא עס ווייזט אויס, איז דיא פירמא יאגאָדקין געשטאנען זעהר שלעכט, אנדריי האט זיא אויסגעהאָלפען מיט זיינע פאַלשע הונדערטער און האט געפאָרדערט פון זיין ברודער, ער זאל איהם געבען זיין טאָכטער פאר א פרוי. דאָס ארימע קינד וויינט און שרייט, אז זיא וויים ניט פון וואס צו זאגען, איהר מאן פלעגט איהר געבען הונדערטער, זיא זאל זיך קויפען קליידער און זאָבען אין שטוב אריין. פון וואנען זאל זיא וויסען, אז דיא הונדערטער זיינען פאַלשע?

דער קייסער האט געטראכט אייניגע מינוט און האט געזאגט:

— מיר האט שוין מעזענצאף געמעלדעט פון דעם פאַל. איך מיין אויך, אז דיא פרוי איז אונשולדיג איך האב נאך מעזענצאָף׳ן געזאגט, אז אנדריי יאגאדקין זאל מען פערשיקען קיין סיביר. דיא פרוי אבער זאָל מען האַלטען נאך א קורצע צייט אין אסטראג און דערנאך זאל מען זיא לאָזען לויפען.

אשינאוו האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פול מיט פרייד. יעצט וועט פראנציסקא געוויס שוין זיין זיינע. ער איז באלד אוועקגעפאהרען אין פעטראָ־פּאוולאווסקי קרעפּאָסט און האט געמעלדעט פראנצ׳סקא, אז ער האָפּט זיא צו בעפרייען.

— יעצט קומט א פלאַש וויין, האט ער געזאגט. היינט נאך וועט מען דיך איבערפיהרען אין א שעהנערעס און בעסערעס צימער, מען וועט דיר ערלויבען צו ברענגען אלעס פון דער היים, דוא מעגסט יעצט עסען, טרינקען און פארדערן אלעס, וואס דוא דארפסט. איך האב שוין געגעבען מיינע בעפעהלע דעם קאמענדאנט פון פעטראפּאוולאווסקי קרעפּאסט, ער זאל טהאן אלעס, וואס דוא וועסט איהם הייסען. דיין ליעבען מאן וועט מען אין איינינע טעג ארום אוועקשיקען מיט א פארטיע ארעס־טאנטען קיין סיביר אין א גאָלד־גרובע.

פראנציסקא האט געטאנצט פאר פרייד זיא האט ארומגענומען אשינאָוו׳ן און האט אויסגערופען:

— מיט וואס קען איך אייך דאנקען, הערר אשינאָוו, פאר אלעס גוטע, וואס איהר האט געטהאן פאר מיר? איך בין ניט בייז אויף אייך, וואס איהר האט מיך ארעטירט, ווען איהר וועט מיך נור בעפרייען פון מיין אלטען, ניעדערטרעכטיגען מאָן.

אשינאוו האט זיא צוגעצויגען צו זיך און האט איהר געזאגט:

— דער איינציגער דאנק, וואס דוא קענסט מיר געבען, איז — דיין ליעבע. איך פערנעהם יעצט א הויכע שטעלע אין פעטערבורג, איך בין אבערפּאליצמייסטער און שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, דוא ביסט א קלוגע פרוי; לאָמיר ביידע זיך פעראייניגען, וועלען מיר אפנעהמען גאנץ פעטערבורג. דיין מאָן איז אלט, ער וועט ניט אויסהאלטען דיא רייזע קיין סיביר, ווען איך וועל הייסען, און ווען ער וועט יא אויסהאלטען דיא רייזע, וועט ער אין סיביר קיינע דריי מאנאטע ניט אויסהאלטען, דאפיר וועל איך שוין זאָרגען. דוא וועסט באלד זיין פריי, איך בין אויך פריי. מיר וועלען הייראַטהען און פיהרען א גרויס הויז. דיא גרעסטע מענער פון פעטערבורג וועלען זיין אויף אונזערע בעלער און אויף אונזערע אַבענדע. דוא וועסט זיין דיא קעניגין, דיא הערשערין או וועסט וויסען, וויא אזוי זיי צו פערדרעהן דיא קעפּ. מיר וועלען זיין דיא מעכטיגסטע אין פעטערבורג.

א קוש אויף זיינע ביידע באַקען איז געווען דער ענטפער, וואס פראנציצקא האט איהם געגעבען. דערמיט איז געשלאסען געוואָרען דער בונד. שקר מיט שלימזל האבען זיך פעראייניגט, פאלשקייט און פערדאָרבענהייט האבען זיך פערבונדען אום צו בעהעררשען דיא הויפּטשטאדט פון׳ם רוסישען קייסער.

עס איז שוין געווען פינסטער, ווען אשינאוו איז א היים געקומען. ער איז געווען פרעהליך און גליקליך. א גאנצען וועג האט ער געטראַכט, וויא ער וועט געבען בעלער, אויף וועלכע עס וועלען קומען גראפען, פירסטען, מיניסטאָרען; וויא פראנציסקא וועט זיי אלע בעצויבערן מיט איהר שענהייט, מיט איהר קלוגהייט; וויא ער וועט ווערן אלע מאל גרעסער און מעכטיגער.

— פאר וואס זאל איך ניט ווערן א מיניסטער? האט ער געזאגט צו זיך אליין. אין רוסלאנד איז דאס גאר קיין נייעס ניט. איז דען ניט פון אן איינפאכען רוסישען מוזשיק מיט'ן נאמען ראזום געווארען גראף ראזומאווסקי? איז דען ניט פון א גאנץ געוועהנליכען אונטער־אפיציער געווארען פירסט פאטיאמקין? אלץ דורך פרויען. פאר וואס זאל איך ניט ווערן מיניסטער ווגוטרעניך דיעל? אין רוסלאנד איז אלעס מעגליך, מען דארף זיך נור פעסט האלטען אן דעם טראהן און וויסען, וויא אזוי איהם צו בענוצען.

מיט דיעזע פרעהליכע געדאנקען איז ער געקומען א היים, האט אראפגעווארפען פון זיך דעם מאנטעל און האט זיך געזעצט צום שרייב־טיש איבערקוקען דיא פאפיערען און בריעף, וואס זיינען אונטערדעסען אנגעקומען. פלוצלונג האט מען געקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— אין דרויסען שטעהט א פרוי מיט צוויי קינדער, זיא וויל מיט אייך רעדען.

— א פרוי מיט צוויי קינדער? האט געזאגט אשינאוו האסטיג, לאז זיי ניט אריין! לאזען זיי זיך געהן!

דער דיענער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר, אבער איידער ער האט נאך צייט געהאט צו עפענען דיא טהיר, האט זיא זיך אליין געעפענט און א בלייכע, מאגערע פרוי מיט צוויי קינדער ביי דיא הענד איז אריין אין צימער. זיא איז געגאנגען ארים געקליידעט, דיא קינדער זיינען געווען אפגעריסען און זיינען אויך געווען שרעקליך מאגער.

דיא גרופע האט געמאכט א שווערן, טרויעריגען איינדרוק אויף יעדען, ווער עס האט זיי דערזעהן. אשינאוו איז געווארען אנגעצונדען, ווען ער האט זיי דערזעהן.

— וואס ווילט איהר? וואס דארפט איהר? האט ער געשריען ניט מיט זיין קול און האט זיך געווענדעט צו זיין דיענער. — ווארף זיי ארויס! איך דארף ניט קיין בעטלערס!

דיא פרוי אבער האט זיך ווייניג איבערגעשראקען פון זיין צארן. זיא האט צוגעפרעסט דיא קינדער צו זיך און האט געזאגט פעסט און רוהיג.

— דוא קענסט מיך הייסען ארויסווארפען פון דיין צימער. איך וועל אבער ניט אפטרעטען פון דיין שטוב, איך וועל נעכטיגען מיט דיא קינדער אויף דיינע טרעפ, איך וועל דערצעהלען דער גאנצער וועלט זאכען, פון וועלכע איך האב געוואלט רעדען מיט דיר אונטער פיער אויגען. איך מיין, אז עס איז גלייכער פאר אונז ביידען, מיר זאלען זיך דורכרעדען.

אשינאוו האט זיך געביסען דיא ליפען פאר רציחה. ער האט געהייסען דעם דיענער ארויסגעהן און קיינעם ניט אריינלאזען. ער איז היינטיגען אבענד נישטא איז דער היים.

— נו, יעצט האט ער זיך געווענדעט צו דער פרוי, זאג שנעל, וואס ווילסט דוא פון מיר?

— וואס איך וויל פון דיר? האט דיא פרוי געזאגט מיט א שארפער, שניידענדער שטימע. דוא פרעגסט דיין פרוי, דיין רעכטמעסיגע, געזעצליכע פרוי, וואס זיא וויל פון דיר? פרעג דיינע קינדער, וואס זיי ווילען פון זייער פאטער? איך וויל גאר נישט.

— **דול מיר ניט דעם קאָפּ מיט דיינע ממזרים! האט זיך אשינאוו געבייזערט. איך וויל זיי ניט קענען און וויל פון זיי ניט וויסען.**

— יעצט ווילסט דוא פון אונז ניט וויסען, יעצט, ווען דוא ביסט גרויסגעווארען און ביסט אבער־פאָליצמייסטער; דאמאלס אבער, ווען דוא ביסט געווען א שרייבעריל אין דער פּאָליציי און האסט גענומען 6 רובעל א מאנאט, דאמאלס בין איך געווען גוט פאר דיר; דאמאלס האסט דוא מיר געשווארען אייביגע ליעבע פאר גאט און פאר מענשען. אך, אשינאוו! האט געזאגט דיא פרוי און א שטראם טרערין האט זיך איהר נעגאסען פון דיא אויגען. דוא ביסט דאמאלס אויך געווען שלעכט, דוא האסט זיך אבער געהאלטען ביי דיין פאמיליע. זייט דוא ביסט געווארען סעקרעטער ביי מעזענצאוו'ן, האסט דוא אנגעהויבען אונז צו פערנאכלעסיגען און אין דער לעצטער צייט ווייזט דוא זיך שוין גאר ניט און לאזט אונז שטארבען פאר הונגער און פאר נויט. קוק אן דיא קינדער, וויא זיי געהן אפּגעריסען, אפּגעשליעסען, קוק מיך אן, וויא איך געה און וויא איך זעה אויס. וואס זאל איך טהאָן? איך קען שוין ניט ארבייטען, מיינע קרעפטע שווינדען, דיא קינדער דארפען אלע מאל מעהר. איך בין געקומען צו דיר דיך בעטען: זיי א פאטער צו דיינע קינדער!

דיא טרערין האבען זיא געווארגען, זיא האט ניט געקענט ווייטער רעדען. זיא האט זיך געמוזט צו זעצען אויף א שטוהל. אשינאוו איז געזעסען, וויא אויף שפּילקעס און האט געווארפען בליקע פול מיט צארן און פעראכטונג אויף זיין פרוי און זיינע קינדער.

— וואָס קען איך דיר העלפען? האט ער ענדליך אויסגעשריען. איך קען יעצט מיט דיר ניט לעבען צו זאמען. איך האב יעצט א הויכע שטעלע, איך בין יעצט אָבער־פּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג, איך קען יעצט ניט לעבען מיט אזא איינפאכע פרוי, וויא דוא ביסט. עס פּאסט ניט פאר מיר צו האבען א פרוי, וועלכע איז ניט געבילדעט און וויים ניט, וויא אזוי זיך צו בענעהמען אין א גרויסער געזעלשאפט. איך האב דיר גע־באָטען א מאָנאטליכעס געהאלט, מיט וועלכען דוא האסט געקענט לעבען רוהיג. דוא האסט עס ניט געוואלט אננעהמען, דוא האסט נעפּאָרדערט, איך זאל דיך אנערקענען אלס מיין פרוי. דאס קען איך ניט און דאס וועל איך קיין מאָל ניט טהאָן. איך האב דיך געבעטען מיט גוטען, דוא זאלסט מיך לאזען צורוהה; ווען דוא ווילסט ניט, וועל איך עס מוזען טהאן מיט בייזען. איך וועל שוין געפינען אן ארט פאר דיר מיט דיינע קינדער.

— דוא וועסט עס ניט טהאן! האט דיא פרוי געזאגט שטאלץ. דוא וועסט דאך ניט וועלען איינשפּארען דיין פרוי און דיינע קינדער אלס ארעסטאנטען אין אסטראָג. מיינסט דוא, אז איך וועל שווייגען? איך וועל שרייען אין דיא גאַסען, אז איך בין דיין פרוי, איך וועל מיך קלאָגען פאר אלעמען, אז דוא האסט דיין פרוי פערשטויסען און לאזט דיינע קינדער שטארבען פאר הונגער.

— אלזאָ, צו וואס ביסט דוא צו מיר יעצט געקומען? האט אשינאוו געשריען און שוים האט איהם געשפּריצט פון מויל. צו וואס דערצעהלסט דוא מיר, וואס דוא וועסט טהאן? זאג מיר, וואס דוא ווילסט! ווילסט דוא געלד?

(Mist., 51.)

— נעלד? האט נעלאכט דיא פרוי. געלד? דוא האסט דאך מיר געוואלט געבען נעלד, א מאָנאטליכעס נעהאלט. און איך האב מיך ענטזאגט. ניין, אשינאָוו, האט זיא ווייטער געזאגט און איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהם. איך גיב דיר דריי טאג צייט, ענטוועדער דוא וועסט מיך אנערקענען אלס דיין פרוי און אז דוא ביסט דער פאטער פון דיעזע צווייא קינדער, אָדער — איך וועל אין אן ארט דערצעהלען פון דיר א געשיכ־טע, וועלכע וועט דיך קאסטען טהייער, זעהר טהייער.

אשינאָוו איז געוואָרען בלייך און איז אויפגעשפרונגען גלייך וויא א שלאנג האט איהם א ביס געטהאן. ער האט צונויפגעלעגט דיא הענד אין צווייא שטארקע פויסטען און האט געזאגט:

— שלאנג! דוא ווילסט מיך פערראטהאן? דוא ווילסט דיין מאן און דיינע קינ־דער אנטהאן אזא שאנדע?

דיא רוהיגע, שטילע, ניעדערגעשלאגענע פרוי האט זיך יעצט אויפגעהויבען, וויא א טיגערין און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— אהא! האט זיא אויסגעשריען. יעצט ביסט דוא שוין מיין מאן, יעצט פאָר־דערסט דוא, אז איך זאל דיינע קינדער קיין שאנדע ניט מאכען און מיט איינינע מינוט צוריק האסט דוא זיי גערופען ממזרים און האסט געזאגט, אז דוא קענסט זיי ניט אנקוקען. — לאז זיין, וואס עס וויל זיך! איך גיב דיר דריי טאג צייט. ענטוועדער דוא וועסט מידי מיט דיא קינדער נעהמען צו זיך און וועסט אונז עפענטליך אנערקענען, אָדער — איך וועל טהאן, וואס איך האב געזאגט. איך וויל, אז מיינע קינדער זאלען האבען א פאָטער, מען זאל אויף זיי ניט טייטען מיט דיא פינגער און זאגען, אז זיי זיינען ממזרים. בעדענק, וואס וועט פון זיי ווערן, ווען איך נעהם ביי דיר א מאָנאטליכעס געהאלט. איך וועל זיי מוזען דערציעהען אונטער א פרעמדען נאמען — אזוי פערלאנגסט דוא — יעדער וועט זיי בעטראכטען אלס ממזרים, יעדער וועט זיי פעראכטען. פאר וואס קומט עס זיי נעביך? איך בין דיין געזעצליכע פרוי, זיי זיינען דיינע קינדער און דוא פאָרדערסט, אז זיי זאלען דיין נאמען ניט טראָגען און זאלען ערהאלטען אן ערציעהונג, וויא קינדער פון אן ארימען ארבייטער. דאס וועל איך ניט דערלאזען!

אשינאָוו האט אויסגעהערט דיא לאנגע רעדע פון זיין פרוי מיט פערביסענע רציחה. ער האט זיך דאך פעסט ענטשלאסען לויז צו ווערן פון זיין פרוי. פראנציסקא איז געווים פיעל שעהנער און פיעל פּאסענדער פאר איהם, וויא דיעזע איינפאכע, בלייבע, אויסגעדארטע „מיעסטשאנקע“.

— איך וויים, דוא ווילסט בענוצען א פעהלער, וועלכען איך האב אמאָל געמאכט, האט ער געזאגט, אום מיך צו צווינגען, איך זאל מיט דיר צוזאמען לעבען. דוא האסט אָבער א טעות. דער פעהלער, וואס איך האב געמאכט, איז שוין לענגסט פערגעסען, קיינער וועט דיך ניט הערן, קיינער וועט זיך ניט אומקוקען אויף אזא אָפגעריסענע, וויא דוא ביסט. מען וועט דיך אראָפּווארפען פון אלע טרעפּ, ווען דוא וועסט וועלען זאגען עפּעס שלעכטס פון'ם פעטערבורגער אָבער־פּאָליצמייסטער און שעף פון דער געהיים־פּאָליציי.

— אזוי! האט אויסגערופען דיא פרוי. דוא רופסט עס א פעהלער? אנדערע

מענשען רופען עס מארד! דוא מיינסט, אז מען האט עס פערגעסען? ניין, מיין ליעבער מאן, מען האט עס ניט פערגעסען. עס זיינען נאך דא בריעף און דאקומענטען, וועלכע לאזען עס ניט פערגעסען. דוא האסט רעכט, מיין טהייערער, מיך וועט קיינער ניט וועלען הערן, מיך וועט מען אראפּוואַרפען פון אלע טרעפּ, ווען איך וועל רעדען עפּעס שלעכטס פון'ם פּעטערבורגער אָבער־פּאָליצמייסטער און שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. עס איז אָבער דא איינער, וועלכער וועט רעדען פאר מיר, איהם וועט מען שוין ניט אראַפּוואַרפען פון דיא טרעפּ, איהם וועט מען שוין אויסהערן, איהם וועט מען שוין גלויבען.

וויא האגעל שטיינער זיינען געפאלען דיעזע ווערטער פון זיין פרוי אויף אַשינאָוו'ס קאָפּ. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, טאמער הערט זיי אימיצער און האט פריי אויפגעאטעמט, ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז אין צימער איז קיינער ניטא, אויסער איהם מיט זיין פרוי, מיט זיינע קינדער.

— קענסט דוא מיר זאגען, ווער עס איז דער איינער, וועמען דוא האסט איבער־געגעבען דיא בריעף און דיא פּאַפּיערען? האט ער געפרעגט רוהיג.

— יא, איך קען עס דיר זאגען. ער הייסט מיכאאיל באַקונין.

ווען דיא ערד אונטער זיינע פיס וואלט זיך פּלוצלונג געעפענט און וואלט איהם געוואלט פערשלינגען, וואלט זיך אַשינאָוו אזוי ניט דערשראָקען, וויא יעצט, ווען ער האט דערהערט דעם שרעקליכען נאמען באַקונין. אזוי? ביי איהם אין דיא הענד גע־פינען זיך דיא בריעף און דאָקומענטען, וועלכע קענען איהם פערניכטען? באַקונין! באַקונין! דיעזער געפעהרליכער מענש, פאר וועלכען דער קייסער וואלט איהם אָפּגע־שיט מיט גאָלד, ווען ער זאל איהם נור קענען חאַפּען און ברענגען אין קייטען פאר איהם — דיעזער באַקונין האלט איהם, דעם שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, אין דיא הענד! באַקונין איז אויף אלעס פעהיג, ער קען צו שיקען דיא בריעף און דיא פּאַפּיערען צום קייסער אליין און זאל איהם אלעס דערצעהלען אָדער בעשרייבען. ניין, מיט בייזען וועט ער דא גאר ניט מאכען, מיט באַקונין שפּאַסט מען ניט. דא מוז מען עפּעס אויפטהאָן. ער האט דאהער געזאגט צו איהר גאנץ רוהיג:

— שווייג, לאז מיך איבערלעגען, מעגליך, אז איך וועל געפינען א מיטעל, מיר זאָלען זיך ניט דארפען קריעגען. איין זאך נור זאג איך דיר, אז איך קען דיך צו מיר ניט נעהמען. דוא האסט מיר געגעבען דריי טאָג צייט, איך וועל דיעזע צייט בענוצען און דיר געבען אן ענטפער.

— פאר היינט וועט שוין זיין גענוג, האט דיא פרוי געזאגט עבענפאלס גאנץ רוהיג. אין דריי טאג ארום וועל איך צוריקקומען נאך דיין ענטפער. — קינדער, געהט גיט אייער פאטער דיא האנד! האט זיא זיך געווענדעט צו דיא קינדער.

דיא קינדער זיינען צוגעגאנגען צו אַשינאָוו, זיי האבען פאר איהם מורא געהאט און האבען אנפאנגס ניט געוואלט צוגעהן. דאס עלטערע קינד אָבער, א אינגעל פון *יאָהר צעהן, האט באלד געפאסט מוטה און האט געזאגט:

— פאָטער, גוטע נאכט!

אשינאָוו האט עפּעס געמורמעלט אונטער דער נאז. דער פרוי האט עס פּער־דראסען. זיא האט געזאגט קאלט און שארף:

— נו, זיי געזונד, מיין ליעבער מאן, טהייערער פאטער פון מיינע קינדער. שלאף רוהיג, איבערלעג דיך, טראכט, וואס צו טהאן מיט מיר און מיט דיא קינדער; מיין אבער ניט, אז דוא וועסט פון אונז אזוי גיך פּטור ווערן. איך האב געלערנט אין א גוטער שולע, איך האב געלערנט ביי דיר, וויא אזוי מען האלט א מענשען ביים קאָפּ און מען לאזט זיך איהם ניט ריהרען. איך וויים, וואס איך האב צו טהאן. זיי געזונד׳ מיין אָבערפּאָליצמייסטער! אין דריי טאָג ארום וועלען מיר זיך ווידערזעהן

מיט דיעזע ווערטער האט זיא גענומען דיא קינדער צו זיך און איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען פון צימער. אשינאָוו איז געזעסען, וויא פערשטיינערט און האט נאכ־געקוקט זיין פרוי, וויא זיא האט לאנגזאם געעפענט דיא טהיר, וויא זיא איז לאנגזאם ארויסגעגאנגען. ער האט זיך צו געהערט, וויא זיא איז אראָפּ פון דיא טרעפּ וויא זיין דיענער האט פערמאכט דיא טהיר און איז צוריק ארויפגעגאנגען.

— זיא איז מיין געפעהרליכסטע פיינדין! האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיא קען מיך ברענגען קיין סיביר. זיא וויים פון א געהיימנים, וועלכעס איז א שווארצער פלעק אין מיין לעבען. איך קען זיא אבער צו מיר ניט נעהמען. זיא איז א גראבע גויה, א „מיעשטשאנקא״. זיא וועט מיך צוריק שלעפּען אין זומפּ פון ניעדעריגקייט און גראָב־הייט, פון וועלכען איך האב מיך ארויסגעארבייט מיט אזוי פיעל מיה. מיט פראנציסקא אלס מיין פרוי קען איך דיא גרעסטע עהרען אין רוסלאַנר דערגרייכען, מיט דיעזער אבער מוז איך פאלען. ניין! איך מוז פון איהר לויז ווערן! זיא איז בעקאנט מיט מיכאאיל באקונין—זיא איז א ניהיליסטען. פון א ניהיליסטין איז זעהר לייכט פּטור צו ווערן. פאר ניהיליסטען האבען מיר פרייע קווארטירען אין פּעטראפּאוולאווסקי קרעפּאָסט און אין סיביר:

ער האט אָנגעטהאן זיין מונדיר און איז ארויסגעגאנגען. ער האט געמוזט ערגעץ געהן אין דרויסען, אויף דער פרישער לופט. עס איז איהם געווען ענג ביי זיך אין צימער. ער האט געמוזט געהן אויף דער גאס, זעהן מענשען. ביי איהם פון׳ם קאפּ אבער איז ניט ארויס דער געדאנק:

**— וויא אזוי דערטאפּט מען מיכאאיל באקונין? וויא אזוי ווערט מען לויז פון דיעזער פרוי מיט איהרע קינדער?**

## 74טעס קאפּיטעל.

## דער ענגעל פון אירקוטסק.

ברודער קלעמענטיוס איז נאך אימער אין אירקוטסק. זייט ער האט ענטדעקט, אז יעליסאוועטא איז אנטלאפען, האט ער זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צו דיא אסטראגען אין סיביר, בעזאנדערס אבער צו דיעזע, אין וועלכע ניקאלין איז געווען קאמענדאנט. ער איז אומיסטען געפאהרען קיין נערטשינסק, וואו ניקאָלין איז געווען קאמענדאנט עטליכע יאהר און וואו מיר האבען איהם בעגעגענט אין אנפאנג פון אונזער ערצעהלונג. ער האט אין נערטשינסק אויסגעפונען זאכען, פון וועלכע זאגאר ברודער קלעמענטיוס

**האט זיך געשעהמט. ער האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס עס הייסט סיביר און פארוואס מען ציטערט אזוי פאר סיביר.**

וואס א רוסישער טשינאָווניק טהוט אָפּ אין סיביר, איז פערפאַלען. קיינער ווייס דערפון ניט, קיינער קען איהם ניט פערקלאגען, קיינער קען איהם גאר ניט זאגען. יעדער קאמענדאנט, יעדער איספּראַווניק זאגאר, איז קייסער אין זיין אויעזד, אין זיין אסטראָג, אין זיין בעצירק און טהוט, וואס ער וויל. ניקאָלין האט געדאַרפט האבען געלד, זיין געהאַלט איז איהם געווען צו ווייניג. מארושקא האט זיך געוואָלט פיהרען גרויס און לעבען, וויא אן אַריסטאָקראַטין. וואו נעהמט מען געלד? ער איז געפאַלען אויף א גאנץ איינפאַכען שכל: ער האט אפּגערעדט מיט זיינעם א בעקאנטען איספּראַווניק, אז זיי זאלען פאהרען צוזאמען. זיי האבען זיך אנגעטהאן זייערע מונדירען, האבען מיט־גענומען עטליכע קאזאקען אויף פערד און זיינען ארומגעפאהרען אין דיא שטעדט און דיא דערפער. וואו זיי זיינען געקומען, פלעגט דער איספּראַווניק צונויפרופען דיא סטאַ־ראָסטאַס און דיא רייכע איינוואָינער און פלעגט זיי פאָרשטעלען ניקאָלין אלס א טשינאָווניק פון פעטערבורג, וועלכער איז געקומען צונויפנעהמען געלד צו מאכען דעם קייסער נייע קליידער. ניקאָלין פלעגט זיך פארשטעלען אלס גענעראל און פלעגט האַלטען א רעדע, אין וועלכע ער פלעגט זיי ערקלערן, אז עס איז אין „הייליגען" רוס־לאנד זייט גאנץ אלטע יאהרען איינגעפיהרט, אז דאס פאָלק לעגט זיך יעדעס יאהר צונויף אום צו מאכען דעם קייסער נייע קליידער. ביז אהער האט מען דיעזען מנהג ניט איינגעפיהרט אין סיביר, ווייל דער קייסער פּעטער I האט סיביר געשענקט דיעזען שטייער. דער קייסער אלכסנדר II אבער וויל בעעהרען סיביר און בעט, אז מען זאָל זיך צונויפלייגען פאר איהם אויף נייע קליידער *). דיא סטאַראָסטאַס און דאס פאָלק האבען געטראגען געלד פון אלע זייטען. ניקאָלין האט זיי נאך צוגעזאגט, אז ער וועט שרייבען דעם קייסער, ווער עס וועט געבען מעהר געלד. ווען מען האט ניט געוואָלט געבען מיט גוטען, פלעגען זיי נעהמען מיט געוואלד. מען האט געשמיעסען דיא סטאַ־ראָסטאַ'ס וועלכע האבען זיך געקלאגט, אז זיי זיינען ארים און קענען יעצט ניט געבען. ניקאָלין מיט'ן איספּראַווניק האבען געמאכט אויף אזא אַרט זעהר פיעל געלד און קיינער האט דערפון ניט געוואוסט.

*) דאס איז ניט אויסגעטראַכט, דאס איז א פאַקט. פונפצעהן יאהר נאכאַנאַנדער האט א רוסישער גובערנאַטאָר מיט אן איספּראַווניק געריסען דיא הויט פון דיא איינוואָינער פון זיין גובערניע „אויף נייע קליידער פאר'ן קייסער". ערשט אין 1878 איז דער גראָספירסט קאנסטאנטין געפאהרען רעווידירען סיביר. ער האט זיך ווירקליך געגעבען דיא מיהע געוואָהר צו ווערן, וואס עס טהוט זיך אין סיביר. ער איז געקומען געראַדע אין דער גובערניע, וואו מען פלעגט זאַמלען געלר אויף „קליידער פאר'ן קייסער". דאָרט האט זיך געפונען א קלוגער סטאַראָסטאַ, וועלכער האט זיך איינגעשטעלט צו דערלאנגען דעם גראספירסט א ביטע, אז ער זאל זיי בעפרייען פון'ם שטייער אויף „קליידער פאר'ן קייסער". דער גראָספירסט האט ניט פערשטאנען וואס ער מיינט. ער האט אנגעהויבען צו פרעגען און איז געוואָרען געוואָהר־געוואָרען פון דער גאנצער געשיכטע. עס איז געווען אזא סקאַנדאַל, אז מען האט עס פערבאָטען צו שרייבען אין דיא צייטונגען. שטשאַפּאָוו, וועלכער איז געראַדע דאַמאָלס געווען פערשיקט אין יענע גובערניע, האט עס בעשריעבען אין זיין ווערק: „סיביר אי סיביריאַקי", וועלכעס איז אין רוסלאנד פערבאָטען.

**א. טאַנענבוים.**

ברודער קלעמענטיוס האט נאך אויסגעפונען פיעל אנדערע זאכען, וועלכע קענען פארקומען נור אין סיביר און מען זאל פון זיי ניט וויסען. ניקאָלין האט געשיקט א ראפּאָרט קיין פּעטערבורג, אז ער וויל בויען אין נערטשינסק א שפּיטאל אויף הונדערט און פונפציג בעטלעך און האט אויסגעבעטען ביי דער רעגיערונג א גרויסע סומע געלד. דיא רעגיערונג האט עס בעווילינגט און אין א קורצע צייט האט מען געשריעבען קיין פּעטערבורג אז מען האט שוין אויסגעבויט דעם האספּיטאל, מען האט אריינגעשיקט דעם פּלאַן פון׳ם האספּיטאל מיט א גענויע רעכנונג, וואס ער קאָסט. עס איז אויסגע־קומען, אז ניקאָלין האט נאך דערלעגט פון זיין קעשענע. ווען ברודער קלעמענטיוס האט רעווידירט דיא ביכער, האט ער אויסגעפונען, אז עס איז גאר קיין האספּיטאל ניטאָ, אז מען האט איהם גאָר ניט געבויט און דיא קראנקע וואלגערן זיך אין הילצערנע באראַקעס.

„טשעם דאַלשע וו׳לעסו, טיעם באָלשע דראָוו" (וואס ווייטער אין וואלד, אלץ מעהר האָלץ) זאגט א רוסישעס שפּריכוואָרט. וואס מעהר ברודער קלעמענטיוס האט געזוכט, אלץ מעהר האט ער געפונען ניעדערטרעכטיגקייטען און פערברעכען, פון וועלכע דיא האָר האבען זיך געשטעלט קאפּויר. ברודער קלעמענטיוס איז ניט געווען אזוי גוט און פרום. ער האט זיך ווענינ געזארגט פאר דיא רוסישע רעגיערונג, נאך וועניגער האבען איהם געקימערט דיא סיבירישע בויערן און ארעסטאנטען. ער האט געזוכט זיין אינטערעס, ער האט געוואָלט אויסארבייטען א פּלאַן, אז דיא גייסטליכע אין דיא שטעדט און דיא דערפער פון סיביר זאל מען שיקען פון פּעטערבורג, אז דיא גייסטליכע זאלען בעצאהלט ווערן פון דער רעגיערונג און זאלען זיין גאנץ איינפאך שפּיאָנען פון דער רעגיערונג. אויף אזא ארט וועלען אלע גייסטליכע פון סיביר זיין ביי איהם אין דער האנד און ער וועט זיי קענען בענוצען, צו וואס ער וועט וועלען. זיין פּלאַן איז געווען א גוטער — פאר איהם. „יעדער בעל־דרשן דרשנ׳ט נור פון זיינעט־וועגען", ער האט געזוכט זיין אינטערעס און — האט געפונען. ער האט אויסגעפונען, אז מארושקא איז געווען א וויכטיגע פּערזאָן אין נערטשינסק און האט דאָרט גע־הערשט, וויא א קייסערין. זיא האט געטהאן, וואס זיא האט געוואָלט און האט געהייסען ניקאָלין טהאן, וואס ער האט געוואָלט. ניקאָלין איז טוידט, איהם קען ער שוין מעהר גאר ניט טהאן — ער וועט בעשטראפען מארושקאַ׳ן.

ער איז צוריקגעפאהרען קיין אירקוטסק און האט געמאכט מיט איהר א קורצען פּראָצעס. ער האט געשיקט רופען דעם פּראָקוראָר און צוויי ריכטער און האט זיי דערצעהלט אלעס, וואס ער איז געוואָהר־געוואָרען איבער ניקאָלינס טהעטיגקייט. מען האט באלד געבראכט מארושקאַ׳ן פון איהר קעמעריל און מען האט זיא פעראורטהיילט צו ארבייטען אין דיא גאָלד־גרובען לעבענסלאַנג. מארושקא האט געשריען, געוויינט און געריסען אויף זיך דיא האר, ווען זיא האט דערהערט דיעזען אורטהייל. עס האט איהר אבער גאר ניט געהאָלפען. שוין דעם אַנדערן טאג האט מען איהר אפּגעשוירען דיא האָר און מען האט זיא צוגעשמידט צו א טאטשקע.

ברודער קלעמענטיוס איז נאך פערבליעבען אייניגע צייט אין אירקוטסק. ער האט ארויסגעשיקט „גאָנצ׳ים" אין אלע זייטען זוכען יעליסאוועטאַ׳ן. ער האט צושיקט

בריעף צו אלע איספראווניקעס, צו אלע סטאראסטא׳ס, אז מען זאל זיא זוכען, אז מען זאל זיא צוריקברענגען. ער האט צוגעזאגט טויזענדער רובעל דעמיעניגען, וואס וועט זיא ברענגען. עס זיינען פערגאנגען טעג און וואָכען און פון יעליסאוועטא׳ן איז קיין נאַכריכט ניט אנגעקומען. דאגעגען האט ער ערהאלטען דיא מעלדונג פון פעטערבורג, אז קיין אירקוטסק פאהרט שוין א נייער קאמענדאנט. אלזא, האט ער שוין מעהר ניט וואס צו טהאן. ער האט פערטיג געמאכט א לאנגען ראפאָרט איבער זיין רייזע קיין סיביר און איז אוועקגעפאהרען צוריק קיין פעטערבורג.

דיא נאכריכט, אז עס קומט אן א נייער קאמענדאנט האט זיך באלד פערברייטערט אין אירקוטסק; זאגאר דיא ארעסטאנטען זיינען דערפון געוואָהר־געוואָרען. קיינער, דאַכט זיך, האט זיי ניט געזאגט און דאָך האבען זיי שוין אלעס געוואוסט. זיי האבען זאגאר געוואוסט, ווער דער נייער קאמענדאנט איז און וואס זיי האבען פון איהם צו ערוואַרטען.

גענעראל קראשעווסקי האט ווידער געאַרבייט אין שאַכט. ברודער קלעמענטיוס האט געהייסען, אז מען זאל איהם צוריקשיקען אין שאַכט. איין מאל ביי נאַכט, אין דער צייט ווען ברודער קלעמענטיוס איז געווען אין נערטשינסק, איז וואָלקאָוו געקומען צו קראשעווסקי׳ן אין שאַכט און האט איהם געזאגט:

— איך האב פאר אייך גוטע נאכריכטען. עס קומט אהער א נייער קאמענדאנט, א גוטער מענש, עס ווען זיך אנהויבען נייע, בעסערע צייטען.

גענעראל קראשעווסקי איז געווען אזוי מיעד און אזוי ניעדערגעשלאגען פון זיין שווערער ארבייט, אז ער האט איהם קוים געגלויבט.

— איך קען מיר גאָר ניט פאָרשטעלען, אז דער קייסער זאָל שיקען אַ הער אַ גוטען מענשען, איך קען ניט גלויבען, אז א גוטער מענש זאל ווען פאהרען אַ הער.

— איך האב אבער דאָך געהערט פון איהם פיעל גוטעס און איך האָף, אז דיעזעס מאל ווען מיר האבען א גוטען מענשען אלס קאמענדאנט.

ער האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט איבער דעניסאוו, אז ער איז פערוואונדעט געוואָרען ביי דער עקספּלאזיאָן אין ווינטער־פּאלאַץ און דער קייסער האט איהם דערפאר בעלוינט דערמיט, וואס ער האט איהם געשיקט קיין אירקוטסק אלס קאמענדאַנט.

— אלכסנדר דער צווייטער וואָלט איהם געקענט בעסער בעלוינען, אלס צו שיקען איהם קיין סיביר, האט קראשעווסקי געזאגט ביטער.

זיי האבען נאך גערעדט איינינע צייט, דאַן האט וואָלקאָוו פון איהם אבשיעד גענומען און איז געגאנגען צו אנדערע ארעסטאנטען, זיי איבערגעבען דיא גוטע נאַכריכט, אז מען ערוואַרטעט א נייען קאמענדאַנט, א בעסערן.

דעם אַנדערן טאָג איז דעניסאָוו געקומען קיין אירקוטסק און איז פאַרפאָהרען אין אַסטראָג. לידיא האט זיך אומגעקוקט און איז באַלד ארומגעגאַנגען אין אלע צימער, בעטראַכטען דיא וואינונג און דעם אָרט, וואו זיא וועט דארפען לעבען און ווירקען. זיא האט געפונען, אַז אים אַלגעמיינען איז סיביר ניט אזוי שרעקליך, וויא מען מאלט עס אוים. עס וואלט געקענט זיין אַ רעכט אנגענעהמע געגענד דארט צו וואָינען. זיא האט

זיך יעצט איבערצייגט מיט איהרע אייגענע אויגען, אז ניט דיא נאטור האט געמאכט סיביר פאר א שרעקענסלאנד, זאנדערן דיא מענשען האבען עס געמאכט פאר א לאנד פון עלענד און נויט. עס האבען גלעבט מענשען אין סיביר טויזענדער יאהרען און זיינען געווען גליקליך, נור זייט רוסלאנד האט אפגענומען סיביר און האט אנגעהויבען צו פערשיקען אהין יעדען מענשען, וואס טויג איהר ניט אין דער היים; זייט רוסלאנד האט אנגעהויבען צו שיקען קיין סיביר איהרע ניקאלינ׳ס אלס קאמענדאנטען — איז סיביר געווארען דער שרעקען פון רוסלאנד.

באלד זיינען אנגעקומען דיא בעאמטען פון אירקוטסק בעגריסען דעם נייען קאמענדאנט. עס האט זיך אנגעהויבען דיא טרויעריגע און לאנגווייליגע צערעמאניע איבערצוגעבען דעניסאוו׳ן דעם אסטראג. מען האט איהם אויסגעפיהרט אין אלע קעללער, אין אלע קאזעמאטען און איהם געוויעזען, אז אלעס איז אויף זיין ארט, אלעס אין גוטער ארדנונג. לידיא איז געבליעבען אין איהר צימער. עס האט ניט געפאסט, אז זיא זאל מיטגעהן. ענדליך האט זיך דיא לאנגווייליגע צערעמאניע געענדיגט. דעניסאוו איז קאמענדאנט. באלד איז געקומען וואלקאוו און האט זיך פארגעשטעלט, אז ער איז דער שמידט פון׳ם אסטראג. ער איז אזוי געפעלען דעם קאמענדאנט און זיין יונגער פרוי, פאר זיין פרייען, אפענעם כאראקטער אז זיי האבען געבעטען, ער זאל קומען אפט און זאל זיי ערקלערען אייניגע זאכען, וואס זיי ווייסען נאך ניט, ווייל זיי זיינען נייע מענשען. זיי האבען איהם געבעטען, ער זאל זיי בעשרייבען דיא בעאמטע פון אירקוטסק און זאל זיי זאגען, מיט וועמען מען מעג זיך בעקענען און מיט וועמען ניט.

אזוי וויא זיי זיינען געווען מיעד פון וועג, האבען זיי זיך פריה געלעגט שלאפען. דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דעניסאוו געוואלט געהן אליין אויסקוקען דעם אסטראג און אויספרעגען יעדען ארעסטאנט, פאר וואס ער איז ארעסטירט און וויא לאנג ער מארטערט זיך שוין אין דיעזע העללע. צוערשט האט ער גענומען דאס גרויסע בוך, אין וועלכען אלע ארעסטאנטען זיינען פערשריעבען און האט איהם דורכגעקוקט. ער האט זיך בעזאנדערס צוגעקוקט צו דיעניגע, וועלכע ניקאלין האט בעצייכענט מיט א קרייץ. ער האט פערצייכענט אין זיין נאטיץ בוך דיא נומערן, אונטער וועלכע זיי זיינען בעקאנט, האט געשיקט רופען א נאדזיראטעל און האט געוואלט ארויסגעהן.

— וואוהין ווילסט דוא געהן? האט איהם לידיא געפרעגט.

— איך וויל געהן מאכען א בעזוך מיינע ארעסטאנטען, האט ער געענטפערט. מיר האבען דאך עפעס אפגערעדט, אז מיר זאלען ערלייכטערן זייערע ליידען, וויא וויט מיר וועלען נור קענען. דאס איז אונזער הייליגע פפליכט. איך מוז עס טהאן.

— נעהם מיך מיט, האט איהם לידיא געבעטען. מיר האבען דאך אפגערעדט, אז מיר זאלען עס ביידע טהאן.

— ניין, לידיא, האט דעניסאוו געבעטען, היינט קען איך דיך ניט מיטנעהמען. איך ווייס, אז איך וועל אנטרעפען אזעלכע טרויעריגע סצענען, וועלכע קענען ארויספרעסען טרערין פון דיא אויגען פון שטארקסטען מאן — א פרוי וועט עס געוויס ניט קענען אויסהאלטען.

— איך וויל, איך פארדער, אז דוא זאלסט מיך מיטנעהמען! האט אויסגעשריען

לידיא. האב קיין מורא ניט, איך בין שטארק גענוג, איך קען א׳ס איבערטראגען. איך וויל נאך, אז דוא זאלסט מיטנעהמען דעם שמיעד וואלקאוו. ער איז בעקאנט מיט׳ן אסטראָג בעסער פון אלע וועכטער און אלע אויפזעהר.

דעניסאָוו האט געמוזט נאכגעבען. מען האט געשיקט רופען דעם שמיעד וואָלקאָוו און אלע דריי זיינען געגאנגען איבערקוקען דיא גרויסע ליידענסקאמער, וועלכע רוסלאנד רופט אסטראג. וואלקאוו האט געקענט אלע ווינקעלעך. ער האט געוויעזען דעניסאוו׳ן מיט זיין פרוי, וויא שמוציג דיא קיכען זיינען, וויא אונריין דאס ברויט ווערט געקנעטען און געבאקען. לידיא האט פערזוכט א לעפעל פון׳ם גרויסען קעסעל, אין וועלכע מען האט געקאכט דיא זופע פאר דיא ארעסטאַנטען. עס איז איהר שלעכט געווארען צום ברעכען. ער האט זייא געפיהרט אין דיא מאגאזינען, וואו עס זיינען געלעגען דיא קליידער פאר דיא אַרעסטאַנטען. דארט איז אויך געוועזן שמוץ, שימעל און שרעקליכע אונרייינליכקייט. דעניסאוו האט פארצויגען מיט דיא אַקסלען.

— איך האב ניט געוואוסט, וואס פאַר א שווערע אויפגאבע איך האב אויף מיר גענומען, האט ער געזאגט, וויא אזוי ראמט מען אויס דיעזען שמוץ? וויא אזוי קעהרט מען אויס דעם הויפען קויט און אונרייינקייט, וואס האט זיך אנגעזאמעלט פון הונדערטער יאהרען? קען עס דען איין מענש טהאן? וואס וועט עס העלפען, וואס איין רעדעל אין דער מאשין וועט זיך גוט דרעהען, ווען דיא גאנצע מאשין איז צושרויפט און פערדארבען? דיין פאטער האט רעכט געהאט, ליעבע לידיא, מען מוז דיא גאנצע מאַ־שין ארויסווארפען, זיא צוברעכען אויף שטיקלעך און מאכען א נייע. רעפּאַרירען וועט דא ניט העלפען.

— געוויס, האט געזאָגט וואלקאוו, זא לאַנג אין רוסלאַנד וועט הערשען דער טשינאָווניק, זאלאַנג דער טשינאווניק וועט גיצשיקט ווערן פון פעטערבורג און וועט טהאן, וואס ער וויל, קען מען קיין גוטעס ניט ערווארטען פון רוסלאַנד. ווען דאס פאלק וועט הערשען, ווען סיביר וועט זיין א לאַנד גלייך מיט אלע לענדער, ניט א מיסטקאס־טען, וואוהין רוסלאַנד ווארפט ארויס דאס אויסקעהרעכץ, דעם שמוץ — איך רעד ניט פון דיא פּאָליטישע פערברעכער, איך רעד פון דיא גנבים, רויבער און מערדער, וועלכע ווערן פערשיקט קיין סיביר. — ווען סיביר וועט אויפהערן צו זיין א שרעקענסבילד — דאמאלס וועט געוויס אנדערש זיין, דאמאלס וועלען פערשווינדען דיא טרויעריגע בילדער, וועלכע מיר זעהן יעצט.

זיי זיינען געגאנגען ווייטער. וואלקאוו האט זיי געוויעזען דאס קעמעריל, וואו יעליסאוועטא איז געוועזן פערשפּאַרט. דעניסאוו האט איהם געפרעגט, וואס ער וויים פון דער פרוי, וועלכע איז געוועזן דא פערשפּאַרט און האט געטראגען אן אייזערנע מאסקע אויפ׳ן געזיכט. וואלקאוו האט איהם דערצעהלט, וואס ער האט גערארפט דערצעהלען.

— אָבער וויא אזוי איז עס איהר מעגליך געוועזן פון דאנען צו אנטלויפען? האט דעניסאוו געפרעגט. א שוואַכע פרוי קען דאך ניט אנטלויפען פון דיעזע מויערן, פון דיעזע אייזערנע גראַטעס.

— איך קען עס אויך ניט פערשטעהן, וויא אזוי זיא איז אנטלאָפען, האט וואל־

קאָוו געענטפערט גלייכגילטיג. איך מיין אויך, אז עס איז אונמעגליך פון דאנען צו אנטלויפען.

זיי זיינען געגאנגען ווייטער און האבען בעטראכט אנדערע קעמערליך, אנדערע קעלערס. — איבעראל האבע זיי געפונען נויט, עלענד, קראנקהייט, פערנאכלעסיגונג און יאמער. לידיא האט זיך ניט געקענט אי נהאלטען. איהרע טרערין האבען זיך געגאָסען זיא האט זיך מיה געגעבען זיי אפצו־ווישען. זיא האט ניט געוואלט וויזען, אז זיא איז שוואך.

— דאס איז נאך גאר נישט, האט וואלקאוו געזאגט, אין דיא מינען, אין דיא שאכטען — דארט הערשט ערשט דער שמערץ, דארט רעגיערט דיא אונמענשליכקייט, דארט קען מען שוין העלפען.

זיי זיינען געגאנגען אין דיא מינען. דיא אויפזעהר, דיא וואך, דיא נאַדזיראַטעלעס זיינען זיי ענטגעגען געגאנגען. יעדער האט געוואלט וויזען דעם נייעם קאמענדאנט, אז ער דיענט געטריי דעם קייסער און טהוט זיין פפליכט, ווען ער בעהאנדעלט שטרענג דיא ארעסטאנטען. זיי זיינע צוגעקומען צום אריינגאנג אין שאכט, צו דער טהיר. לידיא האט אנגעהויבען צו ציטערן, ווען זיא האט דערזעהן דיא טיעפע, פינסטערע גרוב, וואוהין זיי דארפען זיך אראָפּלאָזען. אנאנדערע פרוי אויף איהר אָרט וואלט זיך ניט ענטשלאסען אראָפּצולאזען אין דיעזען גיהנם, לידיא אָבער איז געווען אימציצקי׳ס טאכטער. זיא האט געוואלט זעהן אלעס. זיי האבען זיך אראָפּגעלאָזען אין דער ערשטער שאכט. דיא קליינע לעמפּלעך אין דער וואנד האבען אויף אזויפיעל בעלייכטעט דיא מינע, אז מען האט געקענט זעהן, וואס פאר אַ שרעקליכע פינסטערנים דארט הערשט. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט, ביז זייערע אויגען האבען זיך אביסעל געוועהנט צו דער שרעקליכער פינסטערנים און זיי האבען אנגעהויבען צו דערקענען דיא פיגורען פון מענשען. דיא ערשטע פיגור, וואס לידיא האט דערזעהן, איז געווען אַ פרוי, צוגעשמידט צו אַ טאטשקע.

— ווער איז דיעזע אונגליקליכע? האט לידיא געפרעגט וואלקאוו׳ן.

— דאס איז מארושקא, דיא געליעבטע פון׳ם געוועזענעם קאמענדאנט, ניקאלין. זיא איז געווים שולדיג, זיא פלעגט בעהאנדלען דיא ארעסטאנטען אונבארמהערציג; זיא פלעגט זיי פייניגען און אנטהאן צרות מעהר וויא ניקאלין. אויפ׳ן ערשטען בליק קען מען זאגען, אז זיא האט פערדיענט איהר שטראפע. ווען מען לעגט זיך אָבער איבער, אז ביי אנאנדער רעגיערונג, אונטער אנדערע הערשער, וויא אין רוסלאנד, וואלט אזא מארושקא גאר ניט געקענט פארקומען. ווען מען בעטראַכט, אז קוים איז ניטא קיין סיביר מיט זיינע מינעס (רודניקי) קען קיין מארושקא ניט זיין — מוז מען פיהלען מיט־לייד מיט אַזאַ מארושקא. זיא איז געווען פערדאָרבען, זיא איז געווען אַ ווילדע חיה — אָבער דיא רוסישע רעגיערונג, סיביר און דיא ארעסטאנטען האבען זיא געמאכט פאר אַ ווילדע חיה.

אונטערדעסען איז מארושקא צוגעקומען צו זיי, האט זיך געווארפען לידיא׳ן צו דיא פיס און האט אנגעהויבען צו וויינען מיט ביטערע טרערין.

— האב אויף מיר רחמנות! בעפריי מיך פון דיזער העללע. **איך לייד שרעקליך, ענטזעצליך**. דיא אויפזעהר, דיא וועכטער בעליידיגען מיך אויף יעדען שריט.

לידיא האט זיך געווענדעט צו איהר מאן און האט איהם געבעטען, ער זאל זעהן ערלייכטערן איהרע ליידען.

— דאס קען איך ניט, ליעבע לידיא, האט דעניסאָוו געזאגט. דוא פערגעסט, אז דערוויל בין איך קאמעדאנט און האב נור דאס רעכט צו רעווידירען, אָבער ניט אין גאנצען צו בעפרייען א פערברעכער. איך וועל שפּעטער זעהן, וואס איך קען טהאן פון איהרעטוועגען. דאס איינציגע, וואס איך קען טהאן שוין פאר איהר, איז, איך וועל הייסען זיא פערשפּארען אין א קעמעריל אין אסטראָג.

ער האט געהייסען זיא אָפּשמיעדען פון דער טאטשקע און זיא דערוויל אוועק־פיהרען אין אסטראָג, ביז ער וועט אונטערזוכען איהר פערברעכען און ווער עס האט זיא אזוי הארט בעשטראפט.

זיי זיינען געגאנגען ווייטער. איבעראל בלייכע געזיכטער, אָפּגעריסענע, אפגעשלי־סענע מיט שטויב און שמוץ בעדעקטע מענשען. א בילד פון שרעקען און טרויער! דיא לופט איז געווען געשטאָקט. עס איז זיי שווער געוואָרען צו אָטעמען.

— איז דא ניטאָ א מאשין אריינצופּאָמפּען פרישע לופט? האט דעניסאָוו געפרעגט אן אויפזעהר. איך ווייס, אז אין יעדער מינע מוז זיין אזא מאשין, וועלכע ברענגט פרישע לופט אין שאכט, וויל זאנסט קען מען דאך דערשטיקט ווערן.

— געוויס האבען מיר אזא מאשין, האט דער אויפזעהר געענטפערט, זיא איז אבער אלט און ארבייט זעהר שלעכט. מיר האבען עס געמעלדעט דעם פאריגען קאָ־מענדאנט און האבען נאך קיינע אנטווארט ניט ערהאלטען.

דעניסאָוו האט זיך פערשריעבען אין זיין נאטיץ בוך, אז מען מוז באלד האבען א נייע און בעסערע ווענטילאציאָן. זיי האבען זיך אראָפּגעלאזען אין צווייטען שאכט. דארט האט קראשעווסקי געארבייט. וואלקאָוו האט צוגעפיהרט דעניסאָוו'ן און זיין פרוי צו גענעראל קראשעווסקי. דעניסאָוו האט איהם געקענט פון פעטערבורג, ווען ער האט נאך געשפּיעלט דיא גרויסע ראלע. דא האט ער געזעהן פאר זיך אן איינגעבויגענעם אלטען מאן, בעדעקט מיט שמוץ און שטויב, וועלכער איז געשטאנען און האט סאָר־טירט דיא אויסגעגראבענע מעטאלען. דעניסאָוו האט איהם געגעבען דיא האנד.

— גענעראל קראשעווסקי, האט ער איהם געזאגט, עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען אייך ניט צוריקגעבען דיא פרייהייט, איך וועל אייך אָבער ארויסנעהמען פון דאנען. דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין האט מיר געהייסען אייך נעהמען צו מיר אלס סעקרעטער, בוכהאלטער אָדער שרייבער אין אָפיס. — איך וויל אייך נעהמען צו מיר אלס מיין פריינד.

קראשעווסקי האט ניט אזוי גיך געענטפערט. אין דער מינע ווערט דער מענש א שטיין, א מאשין, ער קען ניט אזוי שנעל זאמלען זיינע געדאנקען. ענדליך האט ער געזאָגט:

— איך דאנק אייך זעהר פאר אייער פריינדליכקייט. דער גראָספירסט קאנסטאנ־טין איז ווירקליך דער עדעלסטער און בעסטער פון דיא ראָמאנאָוו'ס.

דעניסאוו האט באלד געהייסען אראָפּנעהמען פון איהם דיא קייטען און איהם ארויפשיקען צו זיך. דיא אויפזעהר האבען זיך געוואונדערט, ווען זיי האבען געזעהן, אז דער נייער קאמענדאנט הייסט אראָפּנעהמען דיא קייטען פון קראַשעווסקי׳ן. ער האט געמאכט אַ בעמערקונג, אז עס איז ניט נאך דער פארמע נאך. ווען דער קאָמענדאנט דארף האבען אן ארעסטאנט, מוז ער שרייבען צום אינספעקטאָר, ער זאל איהם צור שטעלען מיט צוויי קאזאקען, מיט אַ בוך, וואו מען צושרייבט זיך, אז מען האט דעם ארעסטאנטען צוגענומען. דעניסאוו האט איהם געוויעזען, אז ער קען זיין שטרענג.

— קיין ווארט! האט ער אויף איהם אַ געשריי געטהאן. איך הייס אזוי, איהר מוזט מיינע בעפעהלע פינקטליך אויספיהרען. ווען אנדערע קאמענדאנטען פלעגען אייך געבען בעפעהלע, איהר זאלט מארטערן און פּלאגען דיא ארעסטאנטען, פלעגט איהר זיי באַלד אויספיהרען, יעצט בעפעהל איך, איהר זאלט דיא ארעסטאנטען בעהאנדלען מענשליך!

זיי זיינען מיעד געווארען געהענדיג אין דיא פינסטערע קאָרידארען און שאכטען. לידיא האט געבעטען, זיי זאלען געהן אַ היים, זיא פיהלט ניט גוט. זיי זיינען צוריק ארויפגעגאנגען אין ערשטען שאַכט און האבען זיך אריינגעזעצט אין קאָרב. באלד זיינען זיי געווען אויבען, אין דער פרייער לופט אונטער דער פרעהליכער, גלענצענדער זון. יעצט ערש האט לידיא געפיהלט, וואס פרייהייט הייסט.

פון יענעם טאָג אן האט זיך אנגעהויבען אַ נייעס לעבען אין דער מינע. לידיא פלעגט אפט קומען אין שאַכט, פלעגט העלפען, טרייסטען און ערלייכטערן דיא ליידען, וואו זיא האט נור געקענט און וויא אזוי זיא האט נור געקענט. דעניסאוו פלעגט אויך זעהר אפט בעזוכען דיא מינען און האט געזעהן אויסצובעסערן און צו ערלייכטערן דיא לאגע פון דיא ארעסטאנטען. מען האט זיי געגעבען בעסער עסען, בעסערע קליידער, בעסערע שטרויזעק און דעקען און מען האט אויפגעהערט זיי צו שלאגען. דיא אויפ־זעהר, דיא וועכטער, דיא נאַדזיראַטעלעס און דיא קאזאקען האבען באלד איינגעזעהן, אז דעניסאוו איז אַ גאנץ אנדערער מענש, וויא ניקאָלין. ער רייסט ניט, ער שינדט ניט פון קיינעם; ער זוכט ניט צו בעשטראפען און צו פּלאגען דיא ארעסטאנטען און זיי האבען אויך אנגעהויבען צו פיהלען מענשליכער, האבען אנגעהויבען צו קוקען אויף דיא ארעסטאנטען, וויא אויף מענשען, ניט וויא אויף ווילדע חיות, האבען זיך אנגעהויבען צו זארגען, אז דיא ארעסטאנטען זאלען האבען גענוג צו עסען און צו טרינקען. דיא ארעסטאנטען אליין האבען זיך אויך אנגעהויבען צו בעטראכטען אלס מענשען, זיי האבען געארבייט פלייסיגער, דער פאר אָבער האבען זיי זיך אויסגערוהט גענוג. צווישען דיא ארעסטאנטען און דיא אויפזעהר האט אויפגעהערט דיא פיינדשאפט, דער האס און דיא פעראכטונג, וועלכע האבען עקסיסטירט ביז אהער. דער ארעסטאנט האט געזאגט דעם אויפזעהר, וואס ער פערלאנגט, וואס עס פעהלט איהם און דער אויפזעהר האט געטהאן, וואס עס איז נור מעגליך געווען. מען האט ניט געדארפט אזוי שטרענג היטען דיא ארעסטאנטען, מען האט זיי ניט געדאַרפט אָנטרייבען צו דער ארבייט. קוים האט דער ארעסטאנט געזאגט, אז ער איז קראנק, ער קען היינט ניט ארבייטען, האט מען איהם באלד ארויפגענומען אויבען און מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין האספּיטאל

לידיא פלעגט זיין אומעדום. זיא פלעגט ארומגעהן אין דיא שאכטען, פלעגט רעדען מיט דיא ארעסטאנטען, פלעגט זיי ברענגען שטילערהייט עפּעס פון דער קיך; זיא פלעגט זיי טרייסטען, וויא א מוטער, פלעגט זיי געבען האפנונג, אז זיי וועלען בעפרייט ווערן און פלעגט זארגען, אז עס זאל זיי קיין זאך ניט פעהלען. דיא ארעסטאנטען האבען איהר א נאָמען געגעבען: „דער ענגעל פון אירקוטסק“. דיא וועכטער, דיא אויפזעהר יינען דערפון געוואהר געוואָרען און פלעגען זיא אויך ניט רופען אנדערש אלס דער ענגעל פון אירקוטסק. באלד האט זיא דיא גאנצע שטאדט גערופען, דער ענגעל פון אירקוטסק.

קראשעוואסקי איז געווען ביי זיי אין שטוב אלס פריינד, אלס שטוב מענש. ער פלעגט אמאל ארייגעהן אין אָפּיס עפּעס שרייבען, דעניסאוו אָבער פלעגט איהם ניט לאזען און פלעגט ביי איהם צונעהמען דיא פעדער.

— איהר האט שוין גענוג געארבייט, פלעגט ער איהם זאגען, עס איז שוין צייט איהר זאלט זיך אָפּרוהען.

### 75טעס קאפּיטעל.

## ווידער אין רוסלאַנד.

אייף דעם לאנגען, שטויביגען טראקט פון סעמיפּאלאטינסק צו דער וואלגא פאהרט א קיביטקא מיט איין פערד. אין דער קיביטקא זיצען צוויי מענשען, א מאַן און א פרוי, חוליי חאסאן חאַן און יעליסאוועטא פאן פאהלען. זיי זיינען שוין עטליכע טעג אין וועג. זיי פאהרען יעצט אויפ׳ן טראקט. זיי האבען א פאספּאָרט און האבען פאר קיינעם קיין מורא ניט. זיי פערפאָהרען אין דיא דערפער זיך אָפּרוהען אדער איבערנעכטיגען. קיינער האט זיי ביז אהער ניט אויפגעהאלטען, קיינער האט זיי ניט בעאונרוהיגט. דער קירגיז האט געזעגענט צו פאהרען צו דער וואָלגא און דארט ערגעץ זיא איבערלאזען. ווען עס וועט נור מעגליך זיין, וועט ער זיא צופיהרען קיין ניזשני־נאָוו־גאָראָד אדער קיין אסטראכאַן.

זאָלאנג זיי זיינען געפאָהרען אין דיא געגענד, וואו דיא קירגיזען וואינען, איז קיינעם קיין וואונדער ניט געווען, וואס א קירגיז פאהרט אליין מיט זיין פרוי, וואס נעהנטער אבער זיי זיינען געקומען קיין רוסלאנד, אלץ שווערער איז זיי געווארען אריינ־צוקומען אין א דאָרף. מען האט אנגעהויבען צו פרעגען א פאספּאָרט, עס זיינען געווען אוריאַדניקעס, וואָס האבען אנגעהויבען אויסצופרעגען, וואוהין זיי פאָהרען, נאך וואס זיי פאהרען, וויא עס קומט, וואס זיי פאהרען גאנץ אליין. מען האט זיי געמאכט שווע־ריגקייטען אין יעדען דאָרף. דער קירגיז האט שוין גאר ניט געוואלט ארייגפאהרען אין קיין דאָרף נעכטיגען. דיא לאנגע רייזע אָבער האט זעהר שלעכט געווירקט אויף יעלי־סאוועטאַ׳ן. זיצען דריי פיער וואכען דורכאנאנד אין א וועגעלע און פאהרען איז ניט אזוי לייכט און זאגאר א געזונדער, קרעפטיגער מאן קען עס ניט אזוי לייכט איבער־טראגען, וויאפיעל מעהר א שוואכע פרוי, וועלכע איז איינינע יאהר געזעסען גאנץ אליין פערשפּארט אין א קעמעריל אין סיביר. חוליי האסאן חאן האט געזעהן מיט שרעק, אז יעליסאוועטא ווערט מיט יעדען טאג בלייכער און שוואכער. ער האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה צו פאהרען שנעלער אום באלד צו קומען אין א רוסישער שטאדט, וואו

ער זאל קענען זיך אפּרוהען און לאזען יעליסאוועטאן זיך אָפּרוהען עטליכע טעג. זיין פערד אָבער האט אנגעהויבען צו צושטעהן און ביים בעסטען ווילען האט ער געמוזט שוינען דאס פערד.

יעליסאוועטא האט זיך געפיהלט זעהר שלעכט. זיא האט זיך געשטארקט און האט זיך נור מיט שווערער מיה יעדען טאג געזעצט אין דער קיביטקא. אין איין פריה מארגען, ווען זיי זיינען געווען ניט ווייט פון דעם שטעדטעל דערוכין, האט איהם יעלי־סאוועטא געזאגט:

— פאהר צוריק און לאז מיך דא איבער, איך קען ווייטער ניט פאהרען. איך בין קראנק. דוא האָסט פאר מיר זעהר פיעל געטהאן. גענוג! לאז מיך איבער, איך וועל אן דיר קיין מאל ניט פערגעסען.

דער קירגיז אבער האט דערפון ניט געוואָלט וויסען.

— איך האב געגעבען מיין וואָרט, איך זאל דיך צושטעלען קיין ניזשני־נאָווגאָ־ראָד, האט ער געזאגט, און איך מוז מיין וואָרט האלטען. וואס וועט זאגען מיין פריינד, דער שמיעד וואָלקאָוו, ווען ער וועט דערהערן, אז איך האב דיך איבערגעלאזען אין א דאָרף אין סיביר?

— דוא קענסט דאָך אבער ניט בלייבען לעבען מיר, לעבען א קראנקע אין אַ שטעדטעל אדער אין א דאָרף? האט יעליסאוועטא געזאגט. איך פיהל, אז מיינע קרעפטע שווינדען, אז מיט יעדער טאג ווערט מיר ערגער. לאז מיך אליין. פאר מיר איז שוין קיין גליק, קיין ליעבע, קיין לעבען ניטאָ אויף דער וועלט. לאז מיך שטארבען.

דער קירגיז האט זיא אויף דיא הענד צוגעטראגען צו דער קיביטקא און האט זיא אניעדערגעזעצט. וויא מיעד זיין פערד איז געווען, האט ער עס ניט געשוינט און האט עס געטריעבען ווייטער. געגען אבענד זיינען זיי אנגעקומען קיין דערוכין און זיינען פארפאהרען אין א גאסט־הויז. יעליסאוועטא איז געלעגען, וויא א שטיק בליי. זיא האט זיך ניט געקענט ריהרען. איהר קאָפּ האט געברענט, דיא צונג איז געווען טרוקען, דיא אויגען רויט, דיא ליפּען פערברענט. דער קירגיז האט דערזעהן מיט שרעק, אז זיא האט דעם סיבירישען טיפוס. ער האט גענומען א בעזונדער צימער פאר איהר, האט איהר געגעבען ווארעמען טהעע און האט זיא איינגעדעקט. דעם אנדערן טאג האט זיך יעליסאוועטא געפיהלט נאך ערגער, דיא היץ איז געווארען שטארקער, זיא האט אנגעהויבען צו רעדען פון היץ. דער ווירטה פון'ם גאסט־הויז איז געוואָהר־געוואָרען, אז דיא קירגיזישע פרוי, וועלכע איז נעבכטען געקומען צו פאהרען, איז קראנק. ער האט זיא ניט געוואָלט האלטען ביי זיך, קיינער וועט ניט וועלען פערפאהרען צו איהם. ער איז אריינגעגאנגען אין צימער פון דער קראנקער זעהן, אויב עס איז מעגליך זיא זאָל ווייטער פאהרען, אדער מען מוז רופען דעם אויעזדני דאָקטאָר. וויא ערשטוינט איז ער געוואָרען, ווען ער האט דערזעהן, אז דאס איז גאר ניט קיין קירגיזען פרוי, זאָנדערן א רוסין מיט א שעהנעם עדעלען אריסטאקראטישען געזיכט. ער איז געווען קיין שלעכטער מענש, ער האט אבער מורא געהאט, דיא פּאָליציי זאל ניט געוואָהר־ווערן, עס זאָל זיך ניט אנהויבען אן אונטערזוכונג און מען זאל איהם ניט שלעפּען יעדעס מאל צום געריכט. ער האט עס דאהער באלד געמעלדעט אין דער פּאָליציי. דער איספּראווניק

איז געקומען, האט אנגעקוקט דיא קראנקע און האט אויך געזעהן, אז זיא איז קיין קירגיזין. ער האט גערופען חוליי חאסאן חאן און האט זיך געהייסען ווייזען זיין פאספארט, דארט איז געשטאנען, אז ער פאהרט מיט זיין פרוי פאטימא־זולייקא. אין דער היין האט יעליסאוועטא אנגערופען פערשיעדענע נעמען, וויא וולאדימיר, קאנסטאנטין און אנדערע. דער איספראווניק האט פערשטאנען, אז דא איז עפעס ניט גלאט. ער האט ארעטירט דעם קירגיז און האט געהייסען נעהמען יעליסאוועטא׳ן אין האספיטאל.

אזוי וויא דאס שטעדטעל דעדוכין איז שוין אין רוסלאנד, ניט אין סיביר, האט דער איספראווניק ניט געוואוסט, אז פון אירקוטסק איז אנטלאפען געווארען א וויכטיגע ארעסטאנטין. ער האט נור פערשטאנען, אז דיא קראנקע פרוי איז קיינע קירגיזין און זיא איז ניט חוליי חאסאן׳ס פרוי.

דער אויעזדני דאקטאר פון דעדוכין איז דאמאלס געוועזן א יונגער מאן מיט׳ן נאמען סעבאסטיאנאוו. סעבאסטיאנאוו האט געענדיגט אויף דאקטאר אין פעטערבורגער אוניווערזיטעט. ער איז געוועזן איינער פון דיא סטודענטען, וועלכע האבען איבערגעטראגען נויט, הונגער, דורשט און קעלט אום זייער ציעל צו דערגרייכען, אום צו לערנען. ער האט זיך בעקענט מיט דיא רעוואלוציאנערן אין פעטערבורג און האט סימפאטיזירט מיט זיי. ער איז אבער געוועזן צו פיעל בעשעפטיגט מיט זיין שטודיום אום זיך אפצוגעבען מיט דיא ניהיליסטען. ווען ער האט געענדיגט אויף דאקטאר, איז ער אוועקגעפאהרען קיין ניזשני־נאווגאראד, וואו ער האט געהאט פריינד, זיך אביסעל אויסצורוהען. ער האט באלד בעקומען פראקסיס און איז דארט פערבליעבען אלס פראקטיצירענדער דאקטאר. עס איז פערגאנגען א קורצע צייט און דאקטאר סעבאסטיאנאוו איז בעליעבט געווארען אין דער גאנצער שטאדט. זיין פרייער, אפענער כאראקטער, זיין ליעבע צו דער וויסענשאפט, זיין פריינדליכעס בענעהמען און ענדליך זיין עהרליכקייט האבען צו איהם צוגעצויגען אלע, וואס זיינען מיט איהם בעקענט געווארען.

אייניגע מאנאטע שפעטער אלס דאקטאר סעבאסטיאנאוו איז אראפגעקומען קיין ניזשני־נאווגאראד, איז געקומען א יונגער אדוואקאט, מיט׳ן נאמען סעמיגראדאוו. דאס איז געוועזן א גאנץ אנדערער כאראקטער. ער איז געוועזן א פייערדיגער ניהיליסט און זיין גאנצעס דענקען, זיין גאנצעס טראכטען איז נור געוועזן, וויא אויפצוקלערן דאס פאלק און עס אויפצורייצען צו איינער רעוואלוציאן געגען דיא רוסישע רעגיערונג. דערביי איז ער געוועזן א וועלט־מענש. ער איז אריינגעקומען אין וואס פאר א געזעלשאפט ער האט געוואלט. אין דריי וואכען איז ער בעקאנט געווארען מיט אלע איינוואינער פון ניזשני־נאווגאראד. ער האט געקענט זעהר גוט זיך פארשטעלען. ער איז געווארען אן איינגעהער צום גובערנאטאר, צום פאליצמייסטער, צום זשאנדארמסקי פאלקאווניק. אומעדום האט מען איהם ליעב געהאט, אין יעדער געזעלשאפט האט מען איהם געזעהן מיט פערגניגען. ער האט געקענט רעדען מיט׳ן זשאנדארמסקי פאלקאווניק, וויא אזוי אויסצוחאפען אלע ניהיליסטען פון רוסלאנד; פארשלאגען איהם אזעלכע פלענער, אז דער זשאנדארמסקי האט געשטוינט, און זיך ווייזען פאר איהם אלס אזא טרייער דיענער פון׳ם רוסישען קייסער, אז דער זשאנדאמסקי פאלקאווניק פלעגט זיך מיט איהם בעראטהען אין יעדען פאל, וואס ער זאל טהאן. מיט׳ן גובערנאטאר פלעגט סעמיגראדאוו

האבען אנדערע געשפּרעכע. ער פלעגט מיט איהם רעדען, וויא אזוי צו רעגיערען דיא גובערניע, וויא אזוי צו מאכען גרעסער דיא איינקינפטע פון דער קאזנא (קרוין) וויא אזוי איינצופיהרען בעסערע וועגען, וואס פאר א בעפעהלע צו שיקען צו דיא אוריאַד־ניקעס און נאך פיעל אזעלכע ניצליכע זאכען.

סעמיגראדאוו איז געווארען דער פערטרויטער, דער בעל־סוד פון אלע טשינאָור־ניקעס פון ניזשני־נאָווגאראד. ער האט געוואוסט פון אלע סודות, פון אלע בעפעהלע, וואס זיינען אנגעקומען אין שטאדט און פון אלע בעפעהלע, וואס מען האט ארויסגע־שיקט פון דער שטאדט. שטילערהייט האט ער געזוכט אנהענגער פון'ם ניהיליזמוס. עס איז איהם אויך געלונגען צו בילדען א קליינעם פעראיין פון עטליכע טהעטיגע און פעהיגע מענשען, וועלכע זיינען געווען מיט איהם פאלקאמען איינפערשטאנדען. אין דיעזען פעראיין איז איינגעטרעטען דאקטאר סעבאסטיאנאוו. דער פעראיין פלעגט האלטען עפענטליכע פערזאמלונגען. סעמיגראדאוו האט אויסגעווירקט אן ערלויבניס פון'ם מיניסטער צו גרינדען א פעראיין צו ערפאָרשען דיא אלטע געשיכטע פון רוסלאנד. מען פלעגט עפענטליך פאָרלעזען ערצעהלונגען פון דער רוסישער געשיכטע און דיא געביל־דעטע איינוואָינער פון ניזשני פלעגען ניט פערפעהלען ניט איין פערזאמלונג. סעמיגרא־דאוו האט עס אבער אזוי איינגעריכטעט, אז דיא פאָרלעזונגען האבען געהאט א גע־וויסען איינפלוס, א געוויסע ווירקונג אויף דיא צוהערער. מען האט געלעזען, צום ביישפּיעל, איבער א רוסישען קייסער און מען האט איהם פערגליכען מיט א פראנציי־זישען קעניג. מען האט געוויעזען, אז דער פראנצייזישער קעניג איז געווען זעהר שלעכט און מען האט איהם אזוי לאנג און אזוי ריכטיג בעשריעבען, אז דיא צוהערער האבען זיך געפרעגט: שטייטש! אונזער רוסישער איז דאָך געווען טויזענד מאל ערגער? סע־מיגראדאוו האט געהאט א בעזאָנדערן טאלאַנט צום פאָרלעזען און צו דערצעהלען. אלע אנוועזענדע פלעגען אויפשטעלען מויל און אויערן, ווען ער פלעגט אנהויבען עפּעס צו ערקלערן. ער פלעגט אויפהויבען דיא רוסישע רעגיערונג ביז אין הימעל, אז קיין שפּיאָן און קיין געהיים־פּאָליציסט האט קיין וואָרט ניט געקענט זאגען—און דאָך פלעגען זיינע צוהערער אוועקגעהן אונצופריעדען מיט דער רעגיערונג און מיט איהר טיראַניי.

צו־ביסלעך־וויים האט זיך ארום איהם געבילדעט א קרייז (א קרוזשאָק) פון ערנסטע און טיכטיגע מענער, וועלכע האבען פערברייטערט באַקונין'ס געדאַנקען אין דער גאנצער גובערניע. מיר האבען שוין געזעהן אין א פאָריגען קאַפּיטעל, וויא דער קרוזשאָק פון ניזשני־נאָווגאראד האט געבעטען דעם געהיים־בונד, ער זאל שיקען איינעם, ער זאל זיי ארגאניזירען און זאל זיי ווייזען, אין וועלכע פלעצער זיי זאלען מעהר ווירקען.

דאקטאר סעבאַסטיאנאוו איז ניט געווען אזוי געשיקט און אזוי דורכגעטריעבען, וויא סעמיגראדאָוו. ער איז געווען צו ערנסט דערצו. דאס איז געווען אן איינפאַכע, עהרליכע נאַטור. ער האט זיך ניט געקענט פאַרשטעלען. וואס אויף דער לונג איז ביי איהם געווען אויף דער צונג. ווען ער האט זיך צו עפּעס גענומען, האט ער עס געטהאן מיט זיין גאנצען לייב און לעבען. ער האט ניט געקענט זיך אזוי אויסדרעהן, וויא סע־מיגראדאוו. ער האט זיך ניט געהיט, האט אנגעהויבען אויסצוזאגען פון חדר, ביז עס איז אנגעקומען צום זשאַנדארמסקי פאַלקאָווניק און פון איהם צו סעמיגראַדאָוון.

סעמיגראדאוו האט זיך דערשראקען. קוים וועט די געהיים־פּאָליציי אנהויבען זיי נאכצר שפּירען, קען זיין גאַנצע ארבייט פערלאָרען געהן. דאס האט ער אויף קיין פּאַל ניט געוואלט דערלאזען. ער האט געארבייט אזוי פיעל אום איינצושלעפערין דיא פּאָליציי, צו פערבלענדען איהר דיא אויגען; וויא טאָר ער דערלאזען, אז זיא זאל זיך אויפחאַפּען און זאל זיך אומקוקען.

ער האט בעשלאסען אוועקצושיקען דאקטאר סעבאסטיאנאוו אויף אייניגע צייט פון ניזשני־נאוונאראד. אזוי וויא ער איז געוועזען פול אומעדום און האט געוואוסט אלעס, וואס עס טהוט זיך אין דער גובערניע, האט ער געוואוסט, אז דיא שטאדט דעדוכין דארף האבען אן אויעזדני דאָקטאָר. ער האט פּאָרגעשלאגען דעם גובערנאטאר, ער זאל אהין שיקען דאקטאר סעבאסטיאנאָוו. דער גובערנאטאר האט איהם באלד צוליעב געטהאן. א שווערע ארבייט האט ער געהאט מיט דאָקטאָר סעבאסטיאנאוו אליין. ער האט אויף קיין פּאַל ניט געוואָלט פאהרען אין א קליין שטעדטעל. איהם איז געוועזען ניט שלעכט אין ניזשני־נאָוונאָראָד, ער האט דא געהאט פריינדע, בעקאנטע, א קרוזשאָק און דערצו א גוטע פּראַקטיקע. סעמיגראדאָוו האט איהם ניט געוואָלט אויס־זאגען דעם אמת, אז ער קען לאנג ניט בלייבען דאָ, אז ער מוז אוועקפאהרען אין אן אָרט, וואו מען וועט איהם ניט נאכשפּירען. ער האט איהם געמוזט ערקלערן, אז דער געהיים־בונד פּאָרדערט, מען זאל שיקען א מענשען קיין דעדוכין און ביסלעכוויים דאס פּאָלק אויפקלערן. דאָקטאָר סעבאסטיאנאוו האט געמוזט נאכגעבען. ער איז געפאהרען קיין דעדוכין אלס אויעזדני דאָקטאָר. ער איז יעצט דער עלטסטער דאָקטאָר אין האָס־פּיטאל, וואוהין מען האט געבראכט דיא קראנקע יעליסאוועטא.

אין דעם ערשטען טאג, וואס מען האט זיא געבראכט, האט ער זיא בעטראכט, וויא א דאקטאר בעטראכט א קראַנקען און האט איהר פערשריעבען מעדיצין. קוים אבער איז ער געוואָהר־געוואָרען אונטער וועלכע אומשטענדע זיא איז געקומען א הער און אז זיא איז ארעטירט, האט זיא איהם אנגעהויבען צו אינטערעסירען, ניט נור אלס קראנקע, זאנדערן אלס מענש, אלס ארעסטאנטין. ער איז געקומען דריי, פיער מאל אין טאג זיא בעזוכען און איז געוועזען איבערראשט צו הערן, וויא זיא רעדט פון היץ און דערמאָנט נעהמען וויא וולאדימיר, קאָנסטאנטין, גראף פּאהלען, וואָלקאָוו און אנדערע. בעזאנדערס אָפּט פלעגט זיא שרייען: מיין קינד! מיין וולאדימיר! ער האט פערשטאנען, אז זיא האט איבערגעלעבט זעהר א טרויעריגען פּאַל אין איהר לעבען, וועלכער האט געמאכט אויף איהר אן אייביגען איינדרוק. ער האט זיך צוגעקוקט צו איהר שעהנעם, עדעלעם געזיכט, צו איהר ווייסע דורכזיכטיגע הויט; ער האט זיך צוגעהערט, וויא זיא רעדט אייניגע שפּראַכען און האט דערקענט, אז ער האט פאר זיך קיין איינפאַכע בויערן פרוי, אז דאס איז א פרוי פון דער העכערער געזעלשאפט.

— וויא קומט זיא א הער? האט ער זיך אליין געפרעגט. וואס קען זיא זיך אנגעהערן מיט א קירגיז? וואס פאר א געהיימנים שטעלט פאָר דיעזע פרוי? — איך זעה, אז זיא האט זעהר פיעל געליטען. איהר רעדען, איהר בעטען, איהרע בעוועגונגען, איהר שווייגען אויף דיא פראגען, וואס איך שטעל איהר אין דיא מינוטען, ווען עס

**אין איהר לייכטער — אלעס צייגט מיר, אז דיזע פרוי ליידעט אונטער א שרעקליכעם געהיימניס — איך מוז עס וויסען! האָט ער געזאגט.**

ער האט זיא אנגעהויבען צו בעהאנדלען, וויא א שוועסטער. ער פלעגט פער־ברענגען שטונדען־לאנג לעבען איהר געלעגער. ער האט זעהר גוט געקענט דיא קראנק־הייט, וואס זיא האט געהאט. דאס איז געווען דער סיבירישער טיפוס. ער האט געוואוסט דיא מיטעל, וועלכע דיא מעדיצין הייסט אנווענדען ביי דיזער קראנקהייט. ער איז אבער געווען אן עהרליכער דאקטאר און האט גוט געוואוסט, אז דאָרט, וואו דיא נאַטור היילט ניט, העלפען אלע מיטעל פון דער אפּטהעק געוויס ניט. דער קרעפטיגער מענש, דיא שטארקע נאַטור קעמפּפט מיט דער קראנקהייט, בעזיעגט זיא און דער מענש ווערט געזונד אהן א דאקטאר און אהן אן אפּטהעק. דיא שוואַכע נאטור, דער דורך ליידען, שמערץ אדער נויט אפּגעשוואַכטער קערפּער, איז ניט אימ־שטאַנד צו קעמפּפען מיט דער קראנקהייט און ער שטארבט. דאס איינציגע, וואס מיר קענען טהאן, איז ארומגעהן ארום קראנקען, איהם אָפּהיטען, דערלאנגען איהם וואס ער פאָרדערט, האלטען ריין דיא וועש און ניט לאזען איהם פערשמאכטען, ווען זיין פערשטאנד איז פערדונקעלט פון דער קראנקהייט.

דאקטאר סעבאסטיאנאוו האט אזוי געטהאן. ער האט זיא אָפּגעהיט, איז ארום איהר ארומגעגאנגען, האט געזעהן, אז זיא זאל שטענדיג האבען, וואס זיא פערלאנגט און זאל האבען ריין וועש.—פערצעהן טאג האט געדויערט דיא געפעהרליכע קראנקהייט, פערצעהן טאג האט יעליסאוועטא געשוועבט צווישען טוידט און לעבען, דער דאקטאר אליין האט ניט געקענט זאגען פאר געוויס, אויב זיא וועט עס אויסהאלטען אדער ניט. ענדליך איז געקומען דער קריזיס. דיא קראנקהייט האט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, דיא קראנקע האט געמוזט שטארבען אָדער געזונד ווערן.— זיא איז געזונד געווארען. ביי נאכט האט זיא שטארק געשוויצט און אין דער פריה איז זיא אנטשלא־פען געווארען א געזונדען, ערקוויקענדען שלאָף. דאקטאר סעבאסטיאנאָוו איז ניט אָפּגעטרעטען פון איהר געלעגער דיא גאנצע נאכט. ער האט געוואוסט, אז דאס איז דיא קריזיס, דיא ענטשיידענדע מינוט און האט אויף איהר געוואכט. ערשט גאנץ פריה, ווען זיא איז אנטשלאפען געווארען, האט ער זיך אויך צוגעלעגט אויף א פּאָר שטונ־דען. ווען ער האט זיך אויפגעהאפּט, איז זיין ערשטער גאנג געווען צו דער געהיימניס־פאלען פּאציענטין. זיא איז נאך געשלאפען. ער איז ארומגעגאנגען זיינע קראנקע, האט שנעל געמאכט זיינע נייטיגע וויזיטען און האט זיך אומגעקעהרט צו איהר. זיא האט געעפענט דיא אויגען און האט איהם דערקענט און האט איהם געדאנקט מיט א שוואַ־כען שמייכעל. וויא קראנק זיא איז געווען, וויא איהר פערשטאנד איז געווען פערדונקעלט פון דער שרעקליכער היץ, וועלכע האט געברענט אין איהר קערפּער, האט זיא דאך בעמערקט, אז דאקטאר סעבאסטיאנאוו היט זיא אפּ און געהט ארום איהר. זיא האט איהם געוואלט עפּעס זאגען, אָבער איהרע ליפּען האבען זיך בעוועגט און האבען ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. דאקטאר סעבאסטיאנאוו האט ארויפגעלעגט א פינגער צום מויל, א צייכען, אז זיא זאל שווייגען. זיא האט איהם פערשטאנען.

**קוים האט דיא קראנקהייט געבראכען, איז שוין סעבאסטיאנאוו געווען דאקטאר**

גענוג אום זיא אין א קורצע צייט אין גאנצען געזונד צו מאכען. דעם אנדער טאג האט זיא זיך געפיהלט פיעל בעסער און זיא האט צו איהם געזאגט:

— אונבעקאנטער פריינד מיט וואס קען איך אייך דאנקען פאר אייער פריינד־ליכקייט?

דאקטאר סעבאסטיאנאוו האט וויטער ארויפגעלעגט דעם פינגער אויפ'ן מויל און יעליסאוועטא האט געשוויגען. ער האט זיך אנגעבויגען צו איהר און האט איהר געזאגט, אז זיא טאר ניט רעדען צו קיינעם, ביז ער וועט איהר ערלויבען. אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. יעליסאוועטא האט זיך געפיהלט מיט יעדען טאג בעסער.

איין טאג, ווען סעבאסטיאנאוו האט געזעהן, אז יעליסאוועטא איז שוין קרעפטיג גענוג, אז ער קען שוין מיט איהר רעדען, האט ער אוועקגעשיקט דעם פעלדשער און דיא קראנקען וועכטערין און האט איהר געזאגט:

— האט איהר צוטרויען צו מיר? וועט איהר מיר ענטפערן אויף אלע מיינע פראגען?

יעליסאוועטא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. זיא האט ניט געוואוסט, אז זיא איז ארעסטירט, אז קוים וועט זיא געזונד ווערן, וועט מען זיא מוזען צושיקען אין דער פאליציי. זיא האט דאהער געענטפערט אביסעל צו מישט.

— איך זעה, אז איהר זייט א גוטער מענש, איהר האט מיך אין מיין קראנקהייט גוט בעהאנדעלט, איך קען זאגען, אז איהר האט מיר דאס לעבען גערעטעט. פרעגט, וואס איך וועל נור קענען, וועל איך אייך ענטפערן.

— קענט איהר מיר זאגען, ווער זייט איהר און וויא איהר קומט אהער? האט דער דאקטאר געפרעגט.

יעליסאוועטא'ן איז דיעזע פראגע געווען העכסט אונאנגענעהם דערצעהלען איהם איהר גאנצע לעבענסגעשיכטע האט זיא ניט געוואלט. ווען איינער האט א וואונד אויפ'ן לייב, איז ער צופריעדענער, אז זיא זאל בלייבען פערדעקט, ניט, אז א פרעמדער זאל קומען, זאל אנהייבען צו קראצען מיט'ן פינגער און זאל איהם פרעגען מיט א רחמנות פנים: טהוט עס אייך וועה? — זיא האט דאהער געטראכט איינינע מינוט און האט געענטפערט לאנגזאם:

— איך קום פון סיביר און וויל פאהרען קיין רוסלאנד, צו מיר א היים.

דיעזע אנטווארט איז געווען גענוג פאר דאקטאר סעבאסטיאנאוו. זיא האט בעשטעטיגט, וואס ער האט געטראכט פון איהר, אז זיא איז אנטלאפען ערגעץ פון סיביר. ער האט ווייטער ניט געוואלט פרעגען, וויא זיא קומט צו פאהרען מיט א קירגיז, ער האט נור געוואלט זיא אויפמערקזאם מאכען אויף איהר לאגע.

— ווייסט איהר, וויא אזוי איהר קומט צו מיר אין האספיטאל? האט ער זיא געפרעגט.

— איך ווייס עס ניט, האט זיא געענטפער. איך בין קראנק געווארען, ווען מיר זיינען נעקומען אהער, ווייטער ווייס איך גאר ניט.

— דיא פאליציי האט אייך איבערגעשיקט אהער. דער קירגיז, מיט וועלכען איהר

זייט געקומען, איז ארעסטירט. איך ווייס ניט, וואס ער האט געזאגט, ווען מען האט איהם אויסגעפרעגט, ווער איהר זייט.

ביי דיזע טרויעריגע נאכריכט איז יעליסאוועטא געווארען טוידט און האט אנגעהויבען צו ציטערן. זיא איז נור וואס בעפרייעט געווארען פון דער רוסישער פאָליציי און ליגנט שוין ווידער אין איהרע לאפּעס.

— בערוהיגט אייך, האט איהר דער דאקטאר געזאגט. איך וועל אייך נאך אזוי גיך ניט אָפּגעבען דער פּאָליציי אין דיא הענד. איך האב אייך אומיסטען געגעבען א צייכען, איהר זאלט שווייגען, אז איהר זאלט אייך ניט ארויסהאפּען מיט א וואָרט פאר מיין פעלדשער און פאר דיא קראנקענוועכטערין. איך וועל נאך רעפּאָרטירען, אז אז איהר זייט קראנק, ביז מיר וועלען אויסגעפינען א מיטעל אייך צו בעפרייען.

יעליסאוועטא האט אנגענומען דעם דאקטאר ביי דער האנד און האט איהם געזאגט:

— גוטער, עדעלער מענש! וויא קען איך, אונגליקליכע, געפּלאגטע פרוי, אייך אָפּדאנקען פאר אלעם גוטע, וואס איהר האט געטהאן און ווילט נאך וויטער טהאן פון מיינעטוועגען?

— לאזט צו רוה! האט געזאָגט דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו. איך דארף קיין דאנק איך פּאָרדער קיינע בעלוינונג, איך טהו, וואס איך דארף טהאן אלס מענש, — אבער פיר היינט איז גענוג. איהר טארט זיך ניט אזוי פיעל אויפרעגען. איהר זייט נאך שוואך. רעדט ניט מיט קיינעם, ענטפערט ניט קיינעם אויף זיינע פראגען. זאגט יעדען, אָדער ווייזט איהם בעסער דורך א צייכען, אז איך האב אייך ניט געהייסען רעדען.

עס זיינען פערגאנגען נאך עטליכע טעג. יעליסאוועטא איז געווארען געזינדער און קרעפטיגער. זיא האט געפּאסט צוטרויען צו דאקטאָר סעבאסטיאנאָוו און האט איהם געזאגט, אז זיא האט געליטען זעהר פיעל פון אונגערעכטיגקייט און אונמענשליכעם בעהאנדלען. דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו איז ארומגעגאנגען פערטראכט און פערזארגט. וואס זאל ער דא טהאן? איבערגעבען דיא אונגליקליכע פרוי, וועלכע האט אזוי פיעל געליטען, אין דיא הענד פון דער פּאָליציי, טאר ער אויף קיין פאל ניט. ער מוז זיא רעטען! עס איז זיין פּפליכט, אלס מענש און אלס ניהיליסט. רעטען! אָבער וויא אזוי רעטען? — דאס איז א פראגע. וויא אזוי זאל ער זיא ארויסנעהמען פון'ם האָספּיטאָל, ווען ער האט זיא אויפגענומען אלס ארעסטאנטין? וויא לאַנג נאך קען ער זיא האלטען אין האָספּיטאָל אלס קראנקע? דער פעלדשער, דיא קראנקענוועכטער האבען דאך אויגען און זעהען דאך, אז זיא איז שוין געזונד, אז מען דארף זיא שוין אויסשרייבען. וואס געזינדער יעליסאוועטא איז געוואָרען, אלץ טרויעריגער איז געווארען דער דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו. — עס איז א הארצוועהטיג צו זעהן, ווען א מענש טרינקט זיך און ניט צו זיין אים שטאנד איהם צו רעטען. ער איז ארומגעגאנגען פערטראכט און פערזאָרגט און האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען. ער האט זיך ענטשלאסען צו פאָהרען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד פרעגען זיין פריינד, סעמיגראדאָוו, וואס זאל ער דא טהאן.

— סעמיגראדאָוו וועט מיר אן עצה געבען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ער

וועט עפּעס אויסזוכען א זאקאָן, אָדער ער וועט בעטען דעם גובערנאטאָר, אז ער זאָל הייסען זיא צו שיקען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד, מעגליך, אז מען וועט זיא אויפ׳ן וועג קענען בעפרייען.

פון דערוכין קיין ניזשני־נאָווגאָראָד איז ניט ווייט. סעבאסטיאנאוו האט אין א טאָג געקענט זיין הין און צוריק. ער האט געהייסען יעליסאוועטא׳ן, זיא זאָל זיך מאכען קראנק און זאָל מיט קיינעם ניט רעדען און אליין איז ער געפאהרען קיין ניזשני־נאָווגאָ־ראָד. ער איז גאנץ פריה ארויסגעפאָהרען מיט א גוטער טראָיקע און איז אַרום מיטאָג געקומען קיין ניזשני־נאָווגאָראָד. ער איז פערפאהרען צו זיין פריינד סעמיגראדאָוו, וועל־כען ער האט געטראָפען אין דער היים און האט איהם באלד געוואלט דערצעהלען, צו וואס ער איז געקומען און וואס ער פערלאנגט פון איהם.

סעמיגראדאָוו איז דאמאָלס געזעסען אין זיין קאבינעט מיט א הויכען, שעהנעם מאַן און זיי זיינען געווען פערטיעפט אין אַ געשפּרעך. ווען מען האט איהם געמעלדעט, אז סעבאסטיאנאוו איז געקומען, האט ער איהם געהייסען אריינפיהרען צו זיך.

— דאס איז אויך איינער פון אונזערע טהעטיגע מיטגליעדער, האט ער געזאגט צו דעם פרעמדען מאַן, איהר מעגט אייך מיט איהם בעקענען. איך האלט איהם דער־ווייל אין אַ שטעדטעל ניט ווייט פון היע. איהם מעג מען פערטרויען אן ערנסטע, שווערע ראלע, ער וועט עס אויספיהרען געטריי און פּינקטליך.

ווען סעבאסטיאנאָוו איז אריינגעקומען צו איהם אין קאבינעט, האט ער זיך אויפגעהויבען, האט איהם געגעבען פריינדליך דיא האנד און האט איהם פאָרגעשטעלט פאר דעם פרעמדען:

— דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו! אנדריי באָריסאָוויטש דאָבראָוו!

זיי האבען איינער דעם אנדערן געגעבען דיא הענד און האבען זיך געזאגט דיא געוועהנליכע העפליכקייטען, וואס איינער זאגט דעם אנדערן, ווען מען זעהט זיך צום ערשטען מאל. סעמיגראדאָוו אָבער האט געזאגט:

— דאס איז דער פריינד, וועלכער איז געקומען פון פּעטערבורג. ער האט גע־בראכט נאכריכטען פון אונזערע אלגעמיינע פריינדע.

ביי דיעזע ווערטער איז דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו געוואָרען פריינדליכער און אָפענהערציגער. — פאר אזא מענשען מעג איך דאך רעדען, האט ער זיך געטראכט. מעגליך אז ער וועט אויך עפּעס אויסטראכטען, וואס צו טהאן אין אזא פאל, וויא עס האט איהם יעצט געטראפען.

— עס פרייט מיך זעהר, האט ער אנגעהויבען צו רעדען, וואס איך האב אייך יעצט געטראָפען דאָ. עס האט זיך מיר געטראָפען א זאָנדערבארער פאל. איך קען מיר קיין עצה ניט געבען און בין אומיסטען געקומען צו דיר בעטען, דוא זאלסט מיר אויס־העלפען אָדער ווייניגסטענס אן עצה געבען.

ער האט זיי דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע מיט דער פרוי, וועלכע דיא פּאָ־ליציי האט איהם צוגעשיקט אין האספּיטאָל.

— איך ווייס געוויס, אז דיא פרוי איז אנטלאָפען פון סיביר, האט ער געזאגט, ווען ער האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, און ווען איך גיב זיא אפּ אין דיא הענד פון דער

פּאָליציי, וועט מען זיא צוריקשיקען אין דיא מינען. זיא ווייזט אויס צו זיין אן עדעלע און געבילדעטע פרוי. איך קען עס ניט דערלאָזען, אז מען זאל זיא ווייטער מארטערן, איך וויים אָבער ניט, וויא אזוי זיא צו בעפרייען.

דער פרעמדער האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און עטוואס פערוואונדערט. זיין געזיכט איז געוואָרען לעבעדיגער און א שטראהל פון האָפנונג האט עס בעלייכטעט. סעמיגראדאָוו האט זיך פערטראכט, ער האט געזוכט א מיטעל וויא אזוי צו העלפען זיין פריינד.

— וויא הייסט דיא פרוי? האט פּלוצלונג געפרעגט דער פרעמדער.

— זיא וויל ניט זאָגען איהר פאמיליע נאמען, האט דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו געזאגט. איהר פארנאָמען איז יעליסאוועטא. —

— יעליסאוועטא? האט דער פרעמדער אויסגערופען פערוואונדערט און איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל. יעליסאוועטא? — איך פאהר מיט אייך, איך וועל זיא בעפרייען!

סעמיגראדאָוו און דאָקטאָר סעבאסטיאנאוו האבען אנגעקוקט דעם פרעמדען פערוואונדערט. זיי האבען געזעהן, אז דער נאָמען יעליסאוועטא האט אויף איהם גע־ווירקט וויא א צויבער; זיי האבען זיך אנדערש ניט געקענט ערקלערן, וואס דער פרעמ־דער איז אזוי אינטערעסירט אין דעם נאמען, אלס אז וואהרשיינליך וויים ער פון א ניהיליסטען יעליסאוועטא, וועלכע איז פערשיקט געוואָרען קיין סיביר. דער פרעמדער האט זיי אבער ניט געלאזט לאנג טראכטען. ער האט זיך געווענדעט צום דאָקטאר און האט איהם געפרעגט:

— ווען פאהרט איהר צוריק קיין דעדוכין?

— נאָך היינט. איך קען ניט לאזען אליין מיינע קראנקע.

— מאָרגען פריה וועל איך זיין ביי אייך און וועל בעפרייען אייער ארעסטאנט.

דיא פריינדע האבען נאך גערעדט איינינע צייט און זיינען זיך צוגאנגען. דאָקטאָר סעבאסטיאנאוו איז געפאהרען א היים, סעמיגראדאָוו איז אוועקגעגאנגען וועגען זיינע געשעפטען. דער פרעמדער איז געגאנגען אויף דער פּאָסט און האט בעשטעלט א קארעטע מיט פיער פערד.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז אריינגעפאהרען קיין דעדוכין א קאָרעטע מיט פיער פערד, אין וועלכער עס איז געזעסען א מאן אין א בלויען מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ און האט געטראגען א היטעל מיט א רויטער אָקאָלישקע. דיא קארעטע איז פערפאָהרען גלייך צום איספּראַווניק אויפ'ן הויף. דער גלאָק פון דיא פּאָסט פערד האט אויפגעוועקט דעם איספּראַווניק מיט אלע זיינע דיענער. ער איז באלד ארויסגעלאָפען זעהן, ווער עס איז געקומען. דער יאמשטשיק האט געעפענט דאס טהירעל פון דער קארעטע און א הויכער מאן מיט א שווארצער בארד איז ארויסגעשפרונגען פון איהר. ער האט זיך גאנץ לייכט פערנייגט פאר'ן איספּראַווניק און האט איהם געזאגט:

— איך בין א טשינאָווניק פּאָ. אָסאָבאָ פּאָרוטשעני (ספּעציאל־רעוויזאָר) און בין געקומען רעווידירען דיין אויעזד.

דער איספּראַווניק האט זיך פערנייגט ביז אין דער ערד, האט איהם אריינגעבע־

מען צו זיך, האט אויפגעוועקט זיין פרוי און זיין טאָכטער און האט געהייסען מאכען דעם סאמאָוואר און א גוטען פריהשטיק. ער האט אזא גאַסט. דאס גאנצע הויז איז אויפגעשטאנען און האט זיך אנגעהויבען צו רעש'ן. מען איז געלאפען, מען איז גע־פלויגען, מען האט אנגעבראכט ווייגען און וואס מען האט נור געקענט געפינען אין דיא בעסטע דעליקאַטעסען מאגאזינען. דיא טשינאָווניקעס פון דעדוכין זיינען באלד געוואָהר געווארען, אז עס איז אראפגעקומען א רעוויזאָר און זיינען געקומען זיך פאָרשטעלען פאר איהם. ער האט זיי אבער קיינעם ניט געוואָלט אויפנעהמען.

— איך וועל שוין קומען צו אייך, האט ער זיי געשיקט זאגען.

דעם איספראווניק האט ער ערקלערט, אז ער האט ווייניג צייט און מוז באלד זיך נעהמען צו זיין רעוויזיאָן. ער האט אייגענטליך נור צוויי זאכען צו רעווידירען: דעם אסטראג און דעם האספיטאל, וויל מען האט געגעבען א דאנאס דעם גובערנאטאר, אז אין דיעזע צוויי אנשטאלטען פיהרט זיך עס זעהר שלעכט.

מען האט אפגעגעסען פריהשטיק. דער איספראווניק האט איינגעשפאנט זיין בריטשקע און איז געפאהרען מיט'ן רעוויזאר אין אסטראג. דער רעוויזאר האט אויסגע־פרעגט דיא ארעסטאנטען, וויא מען בעהאנדעלט זיי, אויב זיי האבען ניט קיין קלאָגען צו ברענגען און נאך אזעלכע געוועהנליכע פראגען. ער האט געפונען אלעס אין ארדנונג. קיינער האט ניט בעמערקט, אז ער האט עפעס געזוכט מיט דיא אויגען און איז געווען אביסעל אונרוהיג. ענדליך האט ער געפונען, וואס ער האט געזוכט. ער האט בעמערקט דעם קירגיז חוליי חאסאן חאן און איז צוגעגאנגען צו איהם.

— פאר וואס זיצט דוא? האט ער איהם געפרעגט.

— איך ווייס ניט, האט דער קירגיז געענטפערט. איך בין געקומען א הער מיט מיין פרוי, וועלכע איז קראנק געווארען אויפ'ן וועג און מען האט מיך דא ארעטירט.

— פארוואס האט מען איהם ארעטירט? האט דער רעוויזאָר געפרעגט שטרענג דעם איספראווניק.

דער איספראווניק האט איהם אלעס דערצעהלט און האט איהם געזאגט, אזוי וויא ער האט סעקרעטנע צושריפטען פון דער גובערני, אז ער זאָל ארעטירען יעדען, וואס קומט איהם פאָר פערדעכטיג, האט ער ארעטירט דעם קירגיז, וועלכער האט א פרוי אָן עכטע רוסין.

— וויא לאַנג איז ער שוין ארעטירט? האט דער רעוויזאר געפרעגט.

— שוין מעהר אלס פיער וואכען.

— וואו איז דיא פרוי? האט ער ווייטער געפרעגט.

— דיא פרוי איז אין האָספיטאל, זיא איז נאך קראנק.

— לאָמיר פאהרען אין האספיטאל, איך וויל זיא זעהן, האט דער רעוויזאָר געזאגט.

אויפ'ן וועג האט ער זיך צוגעבויגען צום איספראווניק און האט איהם געזאגט גאנץ שטיל:

— דוא האסט אונטער דיר שלעכטע בעאמטע. מען האט אנגעשריעבען דעם גובערנאטאר א גאנצע געשיכטע איבער דיעזען קירגיז מיט זיין פרוי. איך בין במעט

**אויסשליעסליך** ווענען זיי געקומען. דערביי האט ער איהם געוויעזען א בריעף פון׳ם גובערנאַטאָר, אז ער זאָל טהאן, וואס ער וועט פערשטעהן.

דער איספראַווניק האט זיך דערשראָקען. אין רוסלאַנד האט מען מורא פאר א דאָנאָס, פאר א מסירה. קיינער איז ניט זיכער, אז מען האט איהם דענונסירט, אנגע־שריעבען אויף איהם א געהיימען דאָנאָס.

זיי זיינען צוגעקומען צום האָספּיטאַל. דער איספראַווניק איז דער ערשטער אראפּגעשפרונגען און האט געעפענט דיא טהיר. דער רעוויזאָר איז איהם נאכגעגאנגען. דאקטאר סעבאסטיאַנאוו האט געזעהן, וויא עס איז אריינגעקומען א הויכער מאן מיט א שווארצער באָרד מיט אן אָרדען אויף דער ברוסט און עס האט זיך איהם אויסגע־וויעזען, אז ער האט דעם מאן ערגעץ געזעהן, עפּעס איז ער איהם בעקאנט, ער האט זיך אבער ניט געקענט דערמאנען, וואו ער האט איהם געזעהן און האט געשוויעגען. דער איספּראַווניק האט איהם פאָרגעשטעלט, אז דאס איז דער רעוויזאָר. סעבאסטיאַ־נאוו האט זיך פערנייגט.

— וואו איז דיא פרוי, וועלכע איז געקומען מיט׳ן קירגיז? האט דער רעוויזאָר געפרעגט.

ווען סעבאסטיאַנאָוו האט דערהערט דיא שטימע פון׳ם רעוויזאָר, האט ער איהם באַלד דערקענט, אז דאס איז דער פרעמדער, מיט וועלכען ער האט נעבעטען גערעדט ביים אַדוואָקאַט אין הויז און האט איהם בעוואונדערט, וויא גוט ער איז פערשטעלט. ער האט איהם צוגעפיהרט צום בעטעל, וואו יעליסאַוועטא איז געלעגען. דער רעוויזאָר האט זיא אנגעקוקט און איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. אייניגע סעקונדען האט ער ניט געקענט רעדען א וואָרט. זיין געזיכט אבער האט זיך ניט געענדערט.

— דאקטאר סעבאסטיאַנאוו, האט דער רעוויזאָר געזאגט מיט א בעפעהלענדען טאָן, האט איהר דא א בעזונדער צימער, וואו איך זאָל קענען רעדען א פאר ווערטער מיט אייער פּאַציענטין?

— איך האב נור מיין פּריוואט־צימער, האט דער דאקטאר געענטפערט קורץ.

— אַלזא, פיהרט זיא אריין אהין.

מען האט אריינגעפיהרט יעליסאַוועטאַ׳ן אין׳ם דאקטאר׳ס פּריוואט צימער. יעליסאַוועטא האט אנגעקוקט דיא גאנצע סצענע מיט שטוינען. זיא האט ניט געוואוסט, וואס דא ·קומט פאר. אין א פאר מינוטען ארום איז דער רעוויזאר אריינגעקומען אין צימער. ער האט ·פערשלאָסען דיא טהיר, האט פערהאנגען דאס איינציגע פענסטער פון׳ם צימער און האט געזאגט:

— יעליסאַוועטא, שוועסטער! דוא דערקענסט מיך ניט?

מיט דיעזע ווערטער האט ער פון זיך אראפּגענומען דעם פאַלשען באָרד און דיא מאַסקע.

— הונא, דוא ביסט עס! האט אויסגעשריען יעליסאַוועטא און איז פאר פרייד און איבערראַשונג געפאַלען אין אָהנמאַכט.

הונא פאַן פאהלען האט איהר געשפּריצט וואסער אין געזיכט און האט זיא באַלד דערמינטערט. איהם האט דער געהיים־בונד געשיקט קיין ניזשני־נאָווגאָראָד

ארגאניזירען דעם נייען „קרושאָק“ און נעהמען ביי זיי דאס געלד פאר'ן געהיים בונד. ער איז שוין דארט געווען א פּאר וואכען, ווען דאקטאר סעבאסטיאנאוו האט איהם געזעהןביים אדוואָקאטען אין שטוּב און האט איהם דערצעהלט דיא געשיכטע מיט דער פרוי. ווען הוגאָ האט דערהערט, אז דיא אַרעטירטע פרוי הייסט יעליסאוועטא און וויל ניט זאגען איהר פאַמיליען־נאמען, האט עס איהם געגעבען א ריס אין הארצען.—טאָמער איז דאס ווירקליך מיין אונגליקליכע שוועסטער? האט ער זיך געטראכט און נאך אין דערזעלבער נאכט איז ער געפאהרען קיין דעדוכין אלס טשינאָווניק פּאָ אָסאָבאָמו פּאָרוטשעניו.

ווען יעליסאוועטא איז געקומען צו זיך, איז ער איהר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז, האט זיא געקושט און האט געוויינט, וויא א קליין קינד.

— איך וויל דיך יעצט ניט פרעגען, ליעבע שוועסטער, וויא דוא קומסט א הער, איך האב יעצט קיין צייט ניט, שפּעטער וועסט דוא מיר אלעס דערצעהלען. יעצט בין איך א רעוויזאָר און מוז אביסעל איבערשרעקען אייער ליעבענסווירדיגען איספּראַווניק.

ער האט אנגעטהאן זיין מאסקע, האט אנגענומען יעליסאוועטא'ן ביי דער האנד און האט זיא צוריק אריינגעפיהרט אין דער פּאַלאַטקע, וואו דער איספּראווניק און סעבאסטיאנאוו האבען אויף איהם געוואַרט.

— דאקטאר, האט ער געזאגט, ווען ער איז אריינגעקומען, איז דיא קראַנקע קרעפטיג גענוג אום צו מאכען א קליינע רייזע?

— ווען זיא וועט פאהרען אין א גוטע קארעטע און ניט גאנץ וויים, מעג זיא פאהרען, האט דער דאקטאר געענטפערט רוהיג.

— גוט, אלזא, איך נעהם זיא מיט מיר קיין ניזשני־נאווגאָראד, האט דער רעוויזאר געזאגט שטרענג. אין א שטונדע ארום בין איך דא צוריק און נעהם זיא מיט.

ער האט זיך לייכט פערנייגט פאר'ן דאָקטאר און איז ארויסגעגאנגען מיט'ן איספּראַווניק. ער איז מיט איהם געפאהרען א היים און האט איהם אביסעל אנגעזיעדעלט, פארוואס ער האט געהאלטען דעם קירגיז אזוי לאנג אַרעטירט.

— דיא קירגיזען זיינען נאך א האלב־ווילדעס פאָלק, האט ער איהם געזאגט, דיא רעגיערונג וויל זיי צוציעהען צו זיך און בעהאנדעלט זיי גוט און מילד. וויא איך בין געוואָהר־געוואָרען, איז דער קירגיז א סטאַראָסטאַ אין זיין האָרדע און מיר טאָרען איהם ניט האלטען אין אסטראָג איבער אזא קלייניגקייט, וואס ער איז געפאהרען מיט אן אייראָפּעאישע פרוי.

דער איספּרווניק האט באלד געהייסען ארויסלאזען דעם קירגיז און האט געבעטען דעם רעוויזאָר, ער זאָל איהם פערענטפערן פאר'ן גובערנאטאר. דער רעוויזאָר האט איהם צוגעזאגט.

— עס וואָלט גלייכער געווען, מען זאָל דיא גאנצע געשיכטע פארווישען, האט דער רעוויזאר געזאגט. איך האב זעהר פיינד דיא פיעלע שרייבעכצען איבער אזעלכע קלייניגקייטען. קיינער וואָלט דערפון ניט געוואוסט און איך וואָלט ניט געדארפט פאהרען א הער. עס האט זיך אבער געפונען איינער פון דיינע טשינאָווניקעס,

וועלכער האט עס דאנאסעוועט דעם גובערנאטאר און האט דערפון געמאכט א גאנצע וועזען.

דער איספראווניק האט איהם געוואָלט פערהאלטען אויף מיטאג. דער רעוויזאָר האט אבער אויף קיין פאַל ניט געוואָלט בלייבען.

— איך האב קיין צייט ניט, האט ער געזאגט, איך האב נאך צו פאהרען היינט אין נאך א שטאדט אויף א רעוויזיע.

— באַלד איז אנגעקומען זיין קארעטע מיט דיא פיער פערד. ער האט זיך גאנץ פריינדליך געזעגענט מיט'ן איספראווניק און מיט זיין פאמיליע און איז צוגעפאהרען צום האספיטאל נעהמען יעליסאוועטא'ן, וועלכע האט אויף איהם געווארט מיט אונגעדולד. זיא איז שוין געווען אנגעטהאן און רייזע-פערטיג. זיא האט געדאנקט דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו'ן פאר זיין פריינדליכע בעהאנדלונג און האָט שוין געוואָלט ארויסגעהן זיך אויפזעצען אין דער קארעטע, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און חוליי חאסאן חאן איז אריינגעקומען. ער האט זיך צו קיינעם ניט געווענדעט, האט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט, איז גלייך צוגעגאנגען צו יעליסאוועטא און איז איהר געפאלען צו דיא פיס.

— דוא ווארפסט מיך אוועק? האט ער געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען, דוא פאהרסט מיט אן אנדערן? וואס וועל איך זאגען מיין פריינד, דעם שמיעד?

נור מיט שווערער מיה איז עס געראָטהען הוגא'ן און דעם דאקטאר איהם צו בערוהיגען. ער האט ניט אפגעטרעטען, ביז יעליסאוועטא האט איהם אנגעשריעבען א בריעף צו וואָלקאָוו'ן, אז ער האט זיא ריכטיג צוגעפיהרט קיין רוסלאנד. עס איז געווען ריהרענד צו זעהן, וויא דער האלב-ווילדער האט זיך געזעגענט מיט איהר. ער האט געוויינט, וויא א קינד, איז איהר נאכגעגאנגען, האט זיא גענומען ביי דיא הענד און געבעטען, זיא זאָל איהם מיטנעהמען, זיא זאָל איהם ניט פערלאזען. יעליסאוועטא איז געווען טיעף גערירהרט און האט אויך שטארק געוויינט, ווען עס איז געקומען דיא לעצטע מינוט, ווען זיא האט זיך געמוזט שיידען מיט דיעזען איינפאכען, אבער עהרליכען און טרייען מענשען.

ענדליך אבער האט דער רעוויזאָר געזאגט שטרענג:

— פאהר א היים, ליעבער מאַן, מיר האבען קיין צייט ניט, מיר מוזען פאהרען. עס איז שוין שפעט און מיר מוזען נאך היינט זיין אין ניזשני-נאוווגאראד.

דער קירגיז האט טרויעריג אראפגעלאָזען דעם קאָפּ און האט געשוויעגען. יעליסאוועטא האט זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע. דאקטאר סעבאסטיאנאָוו און דיא דיענער פון'ם האָספיטאל זיינען געשטאנען אין דרויסען און האבען איהר געוויגשט גליק אויף דיא רייזע. דער רעוויזאָר האט געגעבען צום אבשיעד דאקטאר סעבאסטיאנאָוו דיא האנד און האט איהם דערביי א קוועטש געטהאן אויף א געוויסע ארט. דער דאקטאר האט איהם פערשטאנען. ענדליך, האט דער רעוויזאר זיך אויך אריינגעזעצט אין דער קאָרעטע און האט א געשריי געטהאן צום יאמשטשיק: פּאָשאָל!

דיא קאָרעטע האט גערירהט, דיא קרעפטיגע פערד זיינען געלאפען שנעל אויפ'ן גלייכען וועג. יעצט ערשט האט הוגא געקענט רוהיג רעדען מיט זיין שוועסטער. יעצט ערשט האט יעליסאוועטא געקענט אויסגיסען איהר הארץ פאר איהר ברודער און

דערצעהלען איהם פון איהרע לײדען. יעצט ערשט האט הונא איהר נעקענט דערצעהלען, וויא אזוי ער האט געזוכט איהר קינד, וויא אזוי ער רוהט ניט און זוכט איהם נאך, וויא אזוי פיעלע פערזאָנען זײנען אינטערעסירט אין זײן שיקזאל און זײ זוכען איהם נאך. דא האט זיך יעליסאַוועטא ניט געקענט אײנהאלטען און האט אנגעהויבען צו שרײען:

— אך, מײן קינד! מײן וולאדימיר! וואו ביסט דוא יעצט? געדענקסט דוא נאך אן דײן מוטער?

הונא האט זיא בערוהיגט. ער האט איהר פערזיכערט, אז וולאדימיר לעבט, אז ער איז ערגעץ בעהאלטען. ביז א הער האבען זײ געמײנט, אז דיא געהײם־פּאָליצײ האט איהם ערגעץ בעהאלטען, אבער זײט מעזענצאָף איז טוידט, האבען זײ זיך איבער־צײגט, אז דיא געהײם־פּאָליצײ האט איהם אויך געזוכט און האט איהם ניט געקענט געפינען. ער איז אבער זיכער, אז זײנע מענשען וועלען איהם דאָך געפינען. ער האט איהר ענדליך דערצעהלט, אז ער איז א מיטגליעד פון'ם געהײם־בונד און אז באקונין אלײן האט איהם געהאָלפען זוכען וולאדימיר'ן.

— באקונין? האט אויסגערופען יעליסאַוועטא ווען באקונין זוכט איהם, וועט ער איהם געוויס געפינען. אויף באקונין קען מען זיך שוין פערלאָזען.

— אבער פון וואנען קענסט דוא באקונין? האט הונא געפרעגט פערוואונדערט.

יעליסאַוועטא האט איהם דערצעהלט, וויא אזוי זיא האט זיך מיט איהם בעקענט ווען מען האט זיא פערשיקט קײן סיביר.

אונטערדעסען איז דיא קארעטע געפאהרען אלץ ווײטער. באלד האט מען שוין דערזעהן דיא שפּיצען פון דיא קירכען פון ניזשני־נאָווגאָראָד. עס איז שוין געווען פינס־טער, ווען זײ זײנען געקומען אין שטאדט ארײן. הונא האט געהײסען דעם יאַמשטשיק פערפאהרען צום אדוואקאט סעמיגראדאָוו. ווען זײ זײנען צוגעקומען צו זײן הויז און הונא האט ארויסגענומען יעליסאַוועטא'ן פון דער קארעטע, איז אנגעלאָפען א קיביטקא מיט אײן פערד. אין דער קיביטקא איז געזעסען דער קירגיז חולי חאסאן חאן. יעלי־סאַוועטא האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג. אזא ליעבע, אזא ערגעבענהײט פון א האלב־ווילדען קירגיז האט זיא איבערראשט.

— וואס ביסט דוא מיר נאכגעפאהרען? האט זיא איהם געפרעגט.

— איך האב געוואָלט וויסען, וואוהין דער רוסישער טשינאָווניק פיהרט דיך, האט ער געענטפערט. איך גלײב זײ ניט, דיא רוסישע טשינאָווניקעס. איך קען זײ ניט גלויבען. זײ האבען מײן פאָלק אויך אפּגענארט.

יעליסאַוועטא האט מורא געהאט צו האלטען אזא געשפּרעך אין דיא גאסען פון ניזשני־נאָווגאָראָד און האט געוואָלט אנהויבען אן אַנדער געשפּרעך.

— וואו דענקסט דוא צו נעכטיגען מײן פרײנד? האט זיא איהם פּלוצלונג געפרעגט.

— דוא קענסט מיר שוין. האט ער געענטפערט כמעט גראָב. דער פרײער הימעל איז מײן דאָך און דיא גאנצע וועלט איז מײן געצעלט.

הונא האט ענדליך געמאכט אן ענדע צו דיעזער פּײנליכער סצענע. ער האט

געבעטען יעליסאוועטאַ׳ן, זיא זאָל אריינגעהן אין צימער. זיא איז נאך שוואך און קען זיך לייכט ערקעלטען אין דער קיהלער נאַכט־לופט.

— דוא קענסט אויך נעבטיגען ביי אונז, האט ער געזאגט צום קירגיז. פאהר אריין אין הויף מיט דיין קיביטקאַ. מיר וועלען שוין געפינען א צימער פאר דיר.

דער קירגיז האט צוגעלעגט דיא האנד צום שטערן, א צייכען, אז ער דאנקט און איז באַלד פערשוואונדען געווארען אין דער דונקלער נאַכט.

76טעס קאַפּיטעל

## אַנטלאָפען פון דול־הויז.

— האַלט דעם וואהנזיניגען! חאַפּט איהם! ער איז וואהנזיניג! האט מען איין מאָל אין דער פריה געשריען ארום דעם איינציגען גאַסט־הויז אין שטעדטעל נעביוואַ־לאָווקאַ, ניט ווייט פון מאָסקוואַ.

אַ גרויסער הויפען מענשען האט זיך פערזאַמעלט פארן גאַסט־הויז און האט געזעהן מיט שרעקען, וויא אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג שטעהט אין דער זאָל אָדער אין גרויסען צימער פון׳ם גאַסט־הויז, רייסט פון זיך דיא קליידער, שרייט, געוואַלדעוועט און ברעכט, וואס ער קען נור קריעגען. ארום איהם זיינען געלעגען צו בראָכען פלעשער, גלעזער, טעלער און שיסלען. דער ווירטה, דיא ווירטהין און אַ צוויי דיענסט־מעדלעך האבען זיך בעהאַלטען און האבען געשריען: געוואַלד! עס האבען זיך געפינען אייניגע קרעפטיגע יונגע לייט, וועלכע זיינען אריינגעגאַנגען אין צימער און האבען איהם געחאַפּט ביי דיא הענד. ער האט זיך געריסען פון דיא הענד, האט געבי־סען, ווען ער האט געקענט און האט געמאַכט אזא ליאַרם, אז מען האט איהם געמוזט בינדען.

— וויא קומט עס, וואס איהר האט אריינגעלאָזען צו אייך אַ וואהנזיניגען? האט מען געפרעגט ביים ווירטה.

— פון וואַנען האב איך געקענט וו׳סען, אז ער איז וואהנזיניג? האט דער ווירטה געענטפערט. ער איז געקומען צופאהרען נעכטען מיט דער פּאָסט. ער איז געווען גאַנץ אנשטענדיג געקליידעט און האט פערלאַנגט אַ בעזונדער צימער. ער האט מיט מיר גערעדט, וויא אַ קלאָרער. ערשט היינט אין דער פריה, האט ער אָנגעהויבען זיך אויפ־צופיהרען, וויא אַ וואהנזיניגער. יעצט וויים איך ניט, וואס איך זאָל מיט איהם טהאָן? ער האט מיר אנגעטהאָן אזויפיעל שאַדען, ער האט אלעס צובראָכען אין שטוב און איך וועל איהם נאך מוזען האַלטען.

— איהר מוזט שיקען רופען אַ דאָקטאָר, האָבען זיך אָפּגערופען אייניגע נאַכ־בארען. אין טשאַרטאָווקאַ האט דער בעריהמטער דאָקטאָר דערונאָוו אַן אנשטאַלט פאר גייסטעס קראַנקע, שיקט איהם רופען. טשאַרטאָוויקאַ איז דאך אין גאַנצען נור צוויי וויאָרסט פון דאַנען.

דער וואהנזיניגער האט זיך נאך געריסען און געביסען אייניגע צייט, דאַן איז ער פּלוצלונג רוהיג געבליעבען און האט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, וויא אַ טויד־טער דער ווירט האט זיך שטאַרק דערשראָקען: ער וועט דאָ האבען אַ צרה, פון וועלכע ער וועט זיך ניט קענען אזוי גיך אויסדרעהן. ער האט א־יגנע׳שפּאַנט זיין פּאַרד

און וועגעלע און האט געשיקט זיינעם א בעקאנטען ברענגען דעם דאקטאר דערונאוו. ער אליין איז דערוויל געגאנגען זוכען דעם אוריאדניק און איהם מעלדען דעם זעלבט־זאמען פאל.

דאקטאר דערונאוו איז באלד געקומען. איהם האט דער פאל פעראינטערעסירט, בעזאנדערס ווען מען האט איהם געזאגט, אז דער קראנקער איז געגאנגען שעהן גע־קליידעט און האט מיטגעבראכט א גרויסען רייזע־טאש.

— מעגליך, אז דער יונגער מאן איז פון א רייך הויז און מען וועט מיר פאר איהם גוט בעצאהלען. מען מוז זעהן, וואס דארט איז, האט געזאגט דאקטאר דערונאוו צו זיך אליין און האט געהייסען איינשפאנען זיין קארעטע.

ער איז באלד געקומען און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דעם קראנקען. קוים אבער האט ער זיך צוגעריהרט צו איהם, האט דער קראנקער אנגעהויבען צודרעהן זיך און צו ווארפען זיך, אז עס איז געווען אונמעגליך איהם צו בעטראכטען.

— דער מאן איז וואהנזיניג, האט געזאגט דער דאקטאר, ווען ער האט געזעהן, אז דער יונגער מאן ווייזט ווירקליך אויס צו זיין א געבילדעטער און ניט ארים. איך קען אזוי גיך ניט זאגען, וואס פאר א קראנקהייט דאס איז. ער וועט זיין ביי מיר אין אנשטאלט איינינע טעג. וועל איך וויסען, וואס איך וועל קענען טהאן פאר איהם. איך פאהר יעצט א היים און וועל שיקען נאך איהם מיין וואגען מיט מיינע דיענער.

דערמיט איז ער אוועקגעפאהרען. דער אוריאדניק איז ניט אזוי גיך געקומען. דער ווירטה האט איהם אויסגעזוכט אין גאנצען שטעדטעל און האט איהם ניט געפר־נען. ער האט שוין דעם דריטען טאג געשיכורט אין א קרעטשמע ניט ווייט פון׳ם שטעדטעל, וואו ער האט געפונען א בעקאנטען. ענדליך האט איהם דער ווירטה דאך אויסגעזוכט און האט איהם געבראכט צו זיך א היים. דער שיכורער אוריאדניק האט אזוי פיעל געוואוסט צו טהאן אין אזא פאל, אז ער האט פערזיעגעלט דעם רייזע־טאש און דעם קליינעם טשעמאדאן פון׳ם קראנקען און האט זיי געהייסען ברענגען צו זיך. ער וועט זיי שוין אליין אפשיקען צום איספראווניק.

באלד נאכדעם איז אנגעקומען דאקטאר דערונאוו׳ס וואגען מיט צוויי קראנקענ־וועכטער צונעהמען דעם קראנקען, וועלכער האט ווייטער אנגעהויבען צו שרייען און צו רייסען זיך. דאקטאר דערונאוו האט אנגעזאגט זיינע מענשען, זיי זאלען מיטברענגען דעם קראנקען׳ס זאכען, ער מוז זיי האבען, דער אוריאדניק אבער, אלס פערטרעטער פון דער פאליציי, האט ערקלערט, אז ער קען דיא זאכען ניט ארויסגעבען, ער מוז זיי צושטעלען, וואוהין מען דארף. דיא פאליציי, דאס הייסט דער אוריאדניק, האט געוואר־נען. ער האט צוגענומען דיא זאכען צו זיך, ער איז בילכער. ווען מען דארף עפעס צר נעהמען אין רוסלאנד, איז דיא פאליציי שטענדיג בילכער פון אלע אנדערע.

דיא דיענער האבען מיט שווערער מיה אנגעטהאן דעם וואהנזיניגען דיא צוואנגס יאקע (סומאשעדשאיא רובאשקא) און האבען איהם אריינגעווארפען אין וואגען. ווען דער וואגען איז ארויסגעפאהרען פון׳ם שטעדטעל און דיא דיענער זיינען געזעסען מיט׳ן פנים צו דיא פערד, האט דער וואהנזיניגער פארזיכטיג אויפגעהויבען דעם קאפ, האט זיך ארומגעקוקט און האט געזאגט צו זיך אליין:

— איך האב מיין ראָלע גוט געשפּיעלט. עס איז מיר געלונגען אריינצוקומען אין דאָקטאָר דערונאָווס דול־הויז. איך וועל זיא רעטען. איך מוז זיא רעטען! דורך מיר האט מען זיא פערשפּאַרט אלס וואהנזיניגע אין דול־הויז, דורך מיר וועט זיא בעפרייט ווערן. — אך, פעאָדאָרא איך ליעבע דיך! איך קען ניט לעבען אהן דיר.

מיינע לעזער זיינען געוויס נייגיעריג צו וויסען, ווער דער מענש איז, וואס האט געשפּיעלט אזא זאָנדערבאַרע ראָלע. — דאס איז געווען פעדיא יערמאָלאָוו. מיר האבען איהם איבערגעלאָזען פערשפּאַרט ביי דאָקטאָר גרעטש אין שלאָף־צימער. באָיאַנאָווסקי האט איהם פערשפּאַרט, ער זאָל ניט געהן ווארענען פעאָדאָראַ'ן, אז מען פאָהרט איהר נאך. יערמאָלאָוו האט זיך אזוי פערשטעלט, אז ער האט אן פעאָדאָראַ'ן פערגעסען און האט אזוי לאַנג איינגערעדט דעם עהרליכען דאָקטאָר גרעטש, אז ער וויל זיך היילען פון זיין קראַנקהייט, אז דאָקטאָר גרעטש, וועלכער איז שטענדיג געווען בעשעפטיגט מיט זיינע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען, האט איהם געגלויבט און האט איהם אנגעהויבען צו בעהאנדלען, וויא אן עהרליכער דאָקטאָר בעהאנדעלט א קראַנקען. יערמאָלאָוו פלעגט טעגליך קומען צו איהם און פלעגט מיט איהם רעדען. דאָקטאָר גרעטש פלעגט איהם געבען עצות, וואס ער זאָל שטודירען און וויא אזוי.

אין איינגע טעג ארום איז יערמאָלאָוו געזעסען ביים דאָקטאָר און האט מיט איהם גערעדט, ווען מען האט דעם דאקטאָר ערגעץ אוועקגערופען צו א קראַנקען. יערמאָלאָוו איז געבליעבען אליין ביי איהם אין קאַבינעט און האט אָנגעהויבען איבער־צוקוקען דעם דאָקטאָר'ס פּאַפּיערען. צווישען דיא בריעף האט ער געפונען א בריעף פון באָיאַנאָווסקי'ן, אין וועלכען ער האט געשריעבען דעם דאָקטאָר, אז זיין אונטערנעהמען איז געלונגען. פעאָדאָראַ איז פערשפּאַרט אין דול־הויז ביי דאָקטאָר דערונאָוו'ן אין דאָרף טשאָרטאַווקא. זיא וועט שוין האבען א גערעכטע שטראַפע פאר אלע איהרע פערברע־כען געגען איהם און געגען אנדערע.

וויא א בליץ איז דער געדאנק דורכגעלאפען זיינע קראנקע געהירן, אז ער מוז זיא רעטען. זיין ליעבע צו איהר האט אנגעהויבען צו ברענען שטארקער נאך, וויא פריהער. זיא ליידעט, מען מארטערט זיא, מען טהוט איהר אהן צרות. איך מוז זיא רעטען! יעצט וועט זיא זיין מיינע!

ער האט אנגעהויבען צו זוכען אין שרייב־טיש ביי דאקטאר גרעטש, וועלכער האט פערגעסען מיטצונעהמען זיינע שליעסעלעך, און האט געפונען אין איינע פון דיא שובלאדען הונדערט צוואנציג רובעל. ער האט צוגענומען דאס געלד, האט פערמאכט דאס הויז און איז אוועקגעגאנגען. דיא ערשטע זאך, וואס ער האט געטהאן, איז געווען זיך שעהן אויסצוקליידען. ער האט געקויפט אנשטענדיגע קליידער, א גוטען רייזע־טאש, א שעהנעם טשעמאדאן און איז נאך דעמזעלבען טאג אוועקגעפאהרען. ער איז פער־פאהרען אין גאסט־הויז אין נעביוואלאווקא. מיר האבען שוין געזעהן, וואס ער האט דארט געטהאן. עס איז איהם געראטהען. מען פיהרט איהם אין דאקטאר דערונאוו'ס דול־הויז. דארט געפינט זיך יעצט פעאדארא. ער וועט זיין לעבען איהר. ער וועט זיא קענען זעהן. ער וועט זוכען מיטעל, וויא זיא צו רעטען. ער האט נאך אליין ניט גע־וואוסט, וויא אזוי ער וועט זיא רעטען, אבער ווען ער וועט זיין אין דער אנשטאלט,

ווען ער וועט זיא זעהן און וועט מיט איהר רעדען, וועט ער וויסען וואס צו טהאן.

אונטערדעסען איז דער וואגען צוגעקומען צום דול-הויז. דיא דיענער זיינען אראפּ־געשפּרונגען פון זייערע זיצע און האבען איהם געוואלט ארויסנעהמען פון וואגען, ער האט ווייטער אנגעהויבען צו שרייען און צו ליארמען, אז מען האט געמוזט ארויסרופען נאך צוויי וועכטער און ערשט דאן האט מען איהם מיט מיה אריינגעטראגען אין אירענהויז. מען האט איהם ארויפגעטראגען אויף א הויכע טרעפּ און אריינ־געלאזען אין א קליין צימעריל. דיא ווענד פון'ם צימעריל זיינען געווען נאקעט און גלאט. דאס איינציגע פענסטעריל איז געווען גאנץ הויך און גוט בעשלאגען מיט אייזערנע גראטעס.

מען האט פערשלאסען דיא טהיר און איהם איבערגעלאזען אליין. יעצט האט ער צייט געהאט צו טראכטען, וואס ער זאל ווייטער טהאן. ער האט זיך געריסען צום פענסטער, ער האט געוואלט ארומזעהן, וויא דאס הויז איז איינגעריכטעט; עס איז אבער געווען אונמעגליך. דאס פענסטער איז געווען זעהר הויך. ער האט געמוזט ווארטען.

עס איז פערגאנגען א גאנצע וואָך, זייט ער איז אין דול־הויז. ער האט געליטען זעהר שטארק אין דיעזע וואָך. מען האט איהם געגעבען שלעכט און ווייניג עסען. אויף ביי נאכט פלעגט מען איהם אריינוואַרפען א שמוציגען שטרויזאק. א בעטעל האט מען איהם מורא געהאט צו געבען. דער דאָקטאָר איז געקומען א פּאָר מאָל איהם בעטראכ־טען און רעדען מיט איהם. יערמאָלאָוו האט איהם דערצעהלט, אז ער האט רייכע פערוואַנדטע ערגעץ, ער געדענקט ניט וואו. ער האט אזוי פיעל גערעדט און דערצעהלט, אז דאָקטאָר דערונאָוו האט פון איהם גאר ניט געקענט ארויסקריעגען און איז געווען איבערצייגט, אז ער האט פאר זיך א וואהנזיניגען. יערמאָלאָוו האט געוואוסט, אז דער דאָקטאָר קען איהם דא גאר ניט העלפען, אז ער מוז זעהן צוציעהען צו זיך איינעם פון דיא קראנקען וועכטער. ער האט נאך געהאט ביי זיך אייניגע רובעל פון'ם געלד, וואס ער האט געגנבעט ביי דאקטאָר גרעטש און האָט געהאפּט, אז מיט דיא אייניגע רובעל וועט ער קענען געפינען א וועכטער, וואס וועט איהם העלפען אויספיהרען זיין פּלאַן.

ער האט אזוי געטהאן. ער איז געוואָרען רוהיג, האט געבעטען, מען זאל איהם אויסטהאן דיא צוואנגס יאַקע, האט אנגעהויבען צו רעדען פון זיינע רייכע פערוואנדטע און האט איהם געגעבען אנצוהערען, אז ער האט געלד. יעצט אבער האט ער איינגע־זעהן, אז זיך פארשטעלען פאר א וואהנזיניגען איז ניט קיין גרויסע מעלה: דער וועכטער האט איהם ניט געגלויבט. ער האט שוין איבערגעזעהן גענוג משוגעים אין זיין לעבען און האט געוואוסט, אז א וואהנזיניגער איז אויף אלעס פעהיג און מען קען זיך אויף א וואהנזיניגען ניט פערלאַזען. יעצט האט יערמאָלאָוו זיין לעצטע האפנונג פערלאָרען. ער האט זיך אליין פערשפּארט אין א דול־הויז און קען פעאָדאָראַ'ן ניט בעפרייען. ער ווייס זאגאר ניט, וואו זיא געפינט זיך.

— נעדולד! האט ער געזאגט צו זיך אליין. דורך געדולד און אויסהאררען נעהמט מען איין דיא שטארקסטע פעסטונגען. איך מוז ווארטען, געדולדיג ווארטען, ביז איך וועל אויסגעפינען א מיטעל, וויא אזוי צו בעפרייען מיין פעאָדאָרא, מיין ליעבע, מיין לעבען.

ער איז געוואָרען גאנץ רוהיג, פלעגט ניט שרייען, ניט ליארמען, ניט ווארפען זיך; ער פלעגט רוהיג צונעהמען דאס עסען, וואס מען האט איהם געגעבען אין א הילצערנער שיעסעל, פלעגט גאנץ רוהיג שלאפען און אין דער פריה בעטען, מען זאל איהם געבען וואסער צו וואשען זיך. דיא וועכטער האבען געזעהן, אז ער איז ווירקליך רוהיג געוואָרען, האבען זיי פון איהם אראפגענומען דיא צוואנגס יאקע און האבען איהם בעהאנדעלט פריינדליכער.

איין מאל איז דאקטאָר דעװונאָוו צו איהם געקומען. יערמאלאוו האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ערלויבען צו געהן אין גארטען שפאציערען. דער דאָקטאָר איז געווען זעהר אונצופריעדען מיט זיין פאציענטען. ער האט געמעלדעט אין אלע צייטונגען, אז ער האט אויפגענומען אזא קראנקען און האט געבעטען, אז פריינד און בעקאנטע זאלען קומען איהם צונעהמען אָדער בעצאהלען פאר איהם, אבער קיינער איז ניט געקומען, קיינער האט זיך ניט געמעלדעט, קיינער האט ניט געפרעגט. ער האט איהם געוואלט אויסשרייבען אלס געזונד, איהם ארויסטרייבען פון זיין אנשטאלט, ער האט עס אבער מורא געהאט צו טהאן, ווייל דיא פאָליציי האט פון איהם געוואוסט און דאָקטאָר דערונאָוו האט אויס געוויסע אורזאכען ניט זעהר ליעב געהאט צו קומען אין בעריהרונג מיט דער פאָליציי. טאמער מאכט ער אן דערנאך ערגעץ א צרה און מען וועט איהם חאפען, וועט ווערן א געשריי, אז דאָקטאָר דערונאוו האט ארויסגעטריעבען א קראנקען. — ער האט זיך דאהער ענטשלאָסען איהם צו בעהאנדלען בעסער און אויב מעגליך, איהם אויסצוקורירען און פון איהם לויז ווערן. אזוי וויא דיא וועכטער האבען איהם דערצעהלט, אז ער איז אין דער לעצטער צייט גאנץ רוהיג, האט ער איהם געלאזט געהן שפאציערען אין גארטען.

יעצט ערשט האט זיך יערמאָלאָוו געקענט אומקוקען, וויא דאס הויז איז איינגעריכטעט. ער האט ערשט דערזעהן, אז דיא פרויען געפינען זיך אין א בעזונדערן פליגעל און האבען אן אנדערע אָבטהיילינג אין גארטען, וואו צו שפאציערען. ער האט ווייטער געזעהן, אז פון דער מענער אָבטהיילונג צו דער פרויען אָבטהיילונג פיהרט א לאנגער געדעקטער קאָרידאָר. אויף זיינע שפאציערגענגע האט ער אויסגעשטודירט דעם פלאן און דיא איינריכטונג פון׳ם גאנצען הויז. יעצט האט ער וועניגסטענס געוואוסט, אין וואס פאר אן אָרט פעאָדאָרא געפינט זיך, וואו ער דארף זיא זוכען. — יעצט מוז ער זיך ענטשליעסען עפּעס צו טהאן. יעצט מוז ער זיא בעפרייען מיט גוטען אָדער מיט בייזען. עס מוז געשעהן!

ער האט פּראָבירט געבען געלד דעם וועכטער און ווערן מיט איהם בעפריינדעט. דער וועכטער האט דאס געלד צוגענומען און האט איהם ווייטער בעהאנדעלט אלס א וואהנזיניגען. ער פלעגט איהם צוואר ענטפערן אויף זיינע פראגען, אָבער זיינע אנטווארטען זיינען געווען, וויא אן עלטערער מענש ענטפערט א קינד, ווען עס פרעגט איהם א נאררישע פראגע. יערמאָלאָוו האט זיך איבערצייגט, אז מיט גוטען וועט ער גאר נישט מאכען. ער האט זיך ענטשלאסען צו פּראָבירען געוואלד.

איין מאָל אויף דער נאכט, ווען דער וועכטער איז צום לעצטען מאל ארומגעגאנגען אין דיא קאָרידארען זעהן, אויב אלעס איז אין אָרדנונג, האט איהם יערמאָלאָוו

צוגערופען צו זיך און האט איהם געוויזען א רובעל. דער וועכטער האט אנפאנגס ניט געוואלט אריינגעהן צו איהם אין קעמעריל, ער האט אָבער געוואוסט, אז יערמאלאוו איז יעצט גאנץ רוהיג און ער האט זעהר געוואָלט האבען א רובעל „נא טשאי", וויא דער רוסע זאגט, איז ער אריינגעגאנגען צו איהם אין קעמעריל און האט מיט איהם אנגע־הויבען צו רעדען. פּלוצלונג האט יערמאָלאָוו אויף איהם ארויפגעווארפען זיין חאלאט און וויא א טיגער שפּרינגט ארויף אויף א לעמעלע, איז ער אויף איהם ארויפגעשפּרונ־גען און האט איהם אזוי צונויפגעצויגען דעם האלז מיט א שטיק לייווינד, וועלכע ער האט ביי טאג נאך אויסגעריסען פון זיין העמדר, אז ער האט איהם שיער ניט דער־שטיקט. דער וועכטער איז געוועזן אזוי איבערראשט פון דעם פּלוצלונגען אָנפאַל, אז ער האט זיך ניט געקענט וועהרן און איז אניעדערגעפאלען, וויא א קלאָץ. יערמאָלאָוו איז אויף איהם ארויפגעפאלען, האט איהם נאך פעסטער און זיכערער פערבונדען דאס מויל, ער זאל ניט קענען שרייען, דאן האט ער איהם צונויפגעבונדען דיא הענד אויפ'ן רוקען און האט אנגעהויבען איהם צו בעזוכען.

דאס ערשטע, דאס נייטיגסטע, וואס ער האט ביי איהם געפונען, זיינען געוועזן דיא שליסעל פון אייניגע קעמערליך און דיא הויפּט זאכע — דער שליסעל פון דער הויפּט טהיר, וואס פיהרט אין דרויסען. ער האט איהם זעהר לייכט דערקענט, ווייל אויף יעדען שליסעל איז געהאנגען א בלעכעל מיט אן אויפשריפט, וואוהין דער שליס־סעל ניצט. דאס איז איינגעפיהרט אין אלע גרויסע אנשטאלטען, וואו עס געפינען זיך הונדערטער שליסעל. מען מוז יעדען שליסעל בעצייכענען, מען זאל קיין טעות ניט האבען. דיא צווייטע זאך, וואס ער האט ביי איהם געפונען, איז געוועזן א צונויפגעלעג־טעם מעסער. דאס איז איהם אויך געוועזן נייטיג. ער מוז האבען אין דער האנד עפּעס א וואפע. וויא קליין דאס מעסער איז געוועזן, איז עס דאך א מעסער, א וואפע. מען קען זיך שוין דערמיט פערטהיידיגען, אָדער איינעם אונשעדליך מאכען. יעצט איז איהם געבליעבען נאך אן ארבייט: אראָפּשלעפּען פון'ם וועכטער זיינע קליידער. דאס איז איהם אויך געלונגען, וועז אויך מיט גרויסער מיה. דיא ליעבע צו פעאדאראן האט איהם געגעבען קראפט אלעס צו טהאן. ער האט געוואוסט, אז יעצט איז דיא ענטשיידענדע מינוט. יעצט, ווען עס וועט איהם געלינגען זיא צו בעפרייען, איז ער א גליקליכער, ווען ניט, איז אלעס פערלאָרען.

ער האט נאך אָפּגעשניטען א פּאס פון'ם שטרויזאק און האט געבונדען דעם וועכטער נאך שטארקער:

— ליעג רוהיג, ליעבער פריינד, האט ער איהם געזאגט, פּראָביר אויך א מאל צוברענגען א נאכט אין א קעמעריל פון א משוגענעם.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען און האט פערשלאסען דיא טהיר. ער האט זיך אומגעקוקט אין קארידאר — קיינער איז ניט געוועזן. אלס איז געוועזן שטיל און רוהיג, אלע וועכטער זיינען שוין געשלאָפען נור פון אייניגע קעמערלעך, וואו עס האבען זיך געפונען ווירקליך געפעהרליכע קראנקע, האט מען געהערט פון צייט צו צייט משוגענע קולות און געוואלדען.

(Mist., 53.)

— דאס שאדעט ניט, האט געזאגט יערמאלאוו צו זיך אליין. שרייט העכער! ליארמט שטארקער, אונבעקאנטע פריינד! איהר טהוט מיר יעצט דיא גרעסטע טובה.

פארזיכטיג און אויף יעדען שריט זיך אומקוקענדיג איז ער געגאנגען ווייטער, ביז ער איז געקומען צום קארידאר, וואס פיהרט פון דיא מענער אבטהיילונג אין דיא פרויען אבטהיילונג. אין קארידאר איז קיינער ניט געווען. ביי דער טהיר אבער פון דער פרויען אבטהיילונג האט ער דערזעהן א מענשליכע פיגור און איז געבליעבען שטעהן, זיך איבערלעגענ, וואס ער זאל דא טהאן.

דאקטאר דערונאוו איז געווען א העפליכער קאוואליר, ער פלעגט זיינע קראנקע פרויען בעסער בעהאנדלען, וויא דיא קראנקע מענער. מעגליך, אז ער האט עס געטהאן ניט אויס העפליכקייט געגען דאמען, זאנדערן וויל ער האט גראדע אין יענער צייט געהאט אייניגע רייכע דאמען אין זיין זאנדערבארען פענסיאן. אין דעם קארידאר, וואו ער האט געהאלטען דיא פרויען, פלעגט זיצען א גאנצע נאכט א וועכטערין, וועלכע פלעגט יעדעס מאל צוגעהן זעהן, וואס דיא פרויען טהוען און אויב זיי דארפען ניט עפּעס. רייכע מענשען בעהאנדעלט מען שטענדיג בעסער, וויא ארימע.

יערמאלאוו האט צוואר דערפון ניט געוואוסט, ער האט אבער באלד פערשטאנען, אז דאס איז א וועכטערין. — דאס דארף ער! ער האט אויסגעווארט אייניגע מינוטען. דיא וועכטערין איז ארומגעגאנגען אין קארידאר, איז צוגעגאנגען צו יעדער קעמעריל, האט א קוק געטהאן אין לאך פון דער טהיר, וואס דיא קראנקע טהוט און ווען זיא איז ארומגעגאנגען אלע קעמערליך, האט זיא זיך געזעצט אין א ווינקעל לעבען א טישעל און האט גענומען ארבייטען א זאָק. שטיל, וויא א קאץ, איז יערמאלאוו צוגעקראכען צו איהר פון הינטען און האט זיא אנגעחאפּט ביים האלז. דיא אונגליקליכע וועכטערין האט זיך אזוי דערשראקען, אז זיא איז אין אהנמאכט געפאלען.

— יעצט וועל איך בעפרייען מיין פעאדארא! האט ער געברומט, וויא א ווילדעס טהיר.

אין דער צייט, וואס דיא אונגליקליכע וועכטערין איז געלעגען אין אָהנמאכט, האט ער זיא בעזוכט און געפונען ביי איהר דיא שליסלען צו אלע קעמערלעך. דאס איז דאס ערשטע, דאס נייטיגסטע. זיין צווייטע ארבייט איז געווען, איהר צו פערבינדען דאס מויל, זיא זאָל ניט קענען שרייען, ווען זיא וועט זיך אויפחאפּען פון איהר אָהנמאכט. ער איז יעצט שוין געווען ערפאהרענער, ער האט שוין געוואוסט, וויא אזוי איינעם צו ווארגען. ווען ער איז געווען זיכער, אז קיינער וועט איהם ניט שטערן, האט ער אנגעהויבען צו געהן פון איין קעמעריל צום אנדערן און צו רופען שטילערהייט: פעאדארא! פעאָדאָראַ!

פעאדארא איז געלעגען אין איינעם פון דיא לעצטע קעמערלעך און איז געשלאפען. זיא האט זיך באלד איבערצייגט, אז מיט בייזען וועט זיא גאר ניט מאכען, וואס מעהר זיא וועט שרייען און געוואלדעווען, אז מען טאָר זיא ניט פערשפּארען, אז זיא איז גאר ניט קראנק און דערגלייכען, אלץ שטרענגער וועט זיא דאקטאר דערונאָוו בעהאנדלען. זיא האט פּראָבירט דיא ערשטע וואָכע און זיא איז איהר שטארק ניט געפעלען. אַלזאָ, האט זיא איינגעבויגען דעם קאָפּ און האט אלעס רוהיג איבערגעטראגען. זי האט מיט

קיינעם ניט גערעדט, האט קיינעם ניט געענטפערט, ווען מען האט צו איהר גערעדט, איז בעשטענדיג געזעסען פערטראכט און טרויעריג. — זיא איז געווען פערצווייפעלט. זיא האט גוט פערשטאנען, אז נור דורך א וואונדער קען זיא גערעטעט ווערן פון דיזען שרעקליכען געפענגניס. זיא האט צוואר אויך געזוכט א מיטעל צו אנטלויפען. זיא האט אבער אויף קיין פאל ניט געקענט עפּעס אויסגעפינען. דאקטאר דערונאוו האט זיא געהאלטען זעהר שטרענג. ער האט איהר ניט ערלויבט צו געהן שפּאציערען אין גארטען, ער האט איהר זאגאר ניט געלאזען ארויסגעהן אויף איינינע מינוט אין קאָררידאָר. אויף איהר האט מען אכטונג געגעבען מעהר ווי אויף אלע „פענסיאָנערען", וויא דאָקטאָר דערונאָוו פלעגט רופען זיינע פּאציענטען. פעאדארא האט אנגעהויבען איבער־צוצעהלען איהרע פיעלע ליעבהאבער, טאָמער וועט איינער פון זיי קומען און זיא בעפרייען, זיא האט זיי אבער צו גוט געקענט און האט געוואוסט, אז איין יערמאלאוו איז פעהיג איינצושטעלען דאס לעבען פאר איהר. וואו איז אבער דיזער יערמאלאוו? וויא קען ער וויסען, וואו זיא געפינט זיך? וואס קען ער טהאן פון איהרעט וועגען? — ער איז ארים, ער האט קיין מאכט ניט.

אלזא, זיא איז פערלאָרען. זיא האט פּראָבירט זיך צושמייכלען צו דאקטאר דער־רונאוו. דא אבער האט זיא ניט געטראפען. דאקטאר דערונאוו איז געווען א שטרענגער, פינסטערער מאַן, וועלכער האט שוין גענוג איבערגעזעהן און גענוג איבערגעלעבט אויף דער וועלט. ער האט געהאט איין ליידענשאפט — געלד. פרויען־ליעבע האט איהם ווייניג גערייצט. געלד האט ער מעהר פון פעאדאראַ׳ן ניט געקענט ערווארטען. באָיאַר־נאווסקי האט איהם אוועקגעגעבען אלע זאכען פעאָדאָראַ׳ס און איהר רייזע־טאַש מיט איהר גאנץ פערמעגען. באיאנאווסקי האט ניט געוואָלט וויסען פון איהר געלד, וועלכעס זיא האט ערוואָרבען אויף א שענדליכער ארט — פון דער געהיים־פּאָליציי.

פעאדארא איז געווארען פון טאג צו טאג טרויעריגער. זיא האט פון קיינעם קיינע הילפע און קיינע רעטונג צו ערווארטען. דיא מויערן פון׳ם דול־הויז זיינען שטום, קיין געלד האט זיא ניט, איהרע פריינד האבען זיא פערלאזען — זיא איז לעבעדיג בעגראבען. זיא האט אנגעוואָרען דעם אפּעטיט צום עסען און איז ניט געשלאפען דורך דיא נעכט. זיא האט געהערט, וויא יערמאלאוו האט גערופען איהר נאמען און האט זיך ניט געוואָלט אפּרופען. זיא האט געמיינט, אז עס איז א טרוים, עס האט זיך איהר נור אויסגעוויעזען.

יערמאלאוו איז געווען אויסער זיך, ווען ער איז ארומגעגאנגען צו אלע קעמערליך, האט גערופען: פעאדארא! פעאדארא! און קיינער האט איהם ניט געענטפערט. ער האט זיך געביסען דיא פינגער פאר פערדרוס און פערצווייפלונג. ער האט פּראָבירט נאָך א מאל ארומגעהן אין קאָרידאָר און צוגעהן צו יעדער קעמעריל. דאס מאל האט ער זיך איינגעשטעלט און האט גערופען העכער: פעאדארא! פעאדארא! פעאדארא!

— ווער רופט מיך? וואס דארפסט דוא? האט פעאדארא געפרעגט, ווען ער איז צוגעקומען צו איהר קעמעריל.

יעצט האט זיא דייטליך געהערט, אז מען רופט זיא. יעצט איז עס ניט קיין טרוים. עס איז א מענער־שטימע, א בעקאנטע שטימע.

— איך בין עס, פעאדארא, דיין געליעבטער! האט יערמאלאוו אויסגעשריען און האט גענומען אויסזוכען דאס שליעסעל צו איהר קעמעריל.

דאס איז איהם געווען זעהר לייכט, ווייל צו יעדען שליעסעל איז געווען צוגע־בונדען א בלעכעל מיט דער נומער פון׳ם קעמעריל, צו וועלכען ער קומט צו. מיט ציטערנדע הענד האט ער אויסגעזוכט דעם שליעסעל און האט געעפענט איהר קע־מעריל.

— מיין פעאדארא! מיין געליעבטע! האט ער אויסגעשריען, ווען ער איז אריינגעקומען אין איהר קעמעריל און איז איהר געפאלען אויפ׳ן האלז.—קום, געליעבטע! מיר זיינען פריי!

פעאדארא איז אין דער ערשטער מינוט געווען אזוי איבערראשט אז זיא האט ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט איהר, אבער דיא ווערטער: „מיר זיינען פריי!“ האבען אויף איהר געווירקט, וויא א מאגנעט. זיא איז באלד געקומען צו זיך און האט נעזאגט רוהיג:

— מיר טארען קיין מינוטע ניט פערליערען און מוזען באלד אנטלויפען. וויא קען איך אבער אנטלויפען אין דיא קליידער פון א האספיטאל?

— דערצו איז דא אן עצה, האט יערמאלאוו געזאגט. קום נור מיט מיר.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו דער אונגליקליכע ווערטערין, וועלכע איז נאך אלץ געלעגען אין אָהנמאכט. זיי האבען פון איהר אראפגעשלעפט דיא קליידער און פעאדארא האט זיך אנגעטהאן.

אין דול־הויז איז געווען אלעס שטיל. דאקטאר דערונאוו איז געשלאפען רוהיג. ער האט געוואוסט, אז אלעס איז אין אָרדנונג. דיא ווערטער זיינען געשלאפען רוהיג. זיי זיינען שפעט ביי נאכט ארומגעגאנגען או האבען געזעהן אז אלעס איז אין אָרדנונג. פעאדארא האט גאנץ רוהיג אויף זיך ארויפגעשלעפט דיא קליידער פון דער ווערטערין. אין אייניגע מינוטען איז זיא געווען פערטיג.

— קום, געליעבטער, קום מיין רעטער, מיין בעפרייער. האט זיא געזאגט צו יערמאלאוון. עס איז שוין ניט ווייט צו טאג, מיר מוזען איילען. — האסט דוא מיט דיר עפעס געלד? מיר מוזען דאך זיך פערשאפען קליידער.

— איך האב ביי מיר אזוי פיעל געלד, אז מיר זאלען קענען ביידע קומען קיין מאָסקווא. דאָרט וועלען מיר זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן.

— אלזא, קום, לאמיר געהן, מיר טאָרען קיין צייט ניט פערליערען, האט פעאָדאָרא געזאגט און האט איהם געשלעפט צו דער טהיר.

— וואַרט, געליעבטע, האט יערמאלאוו געבעטען. איך וויל איבערלאזען דעם דאקטאר דערונאָוו א קליינעם אנדענקען, אז מיר זיינען ביי איהם געווען קעסט־קינדער. פענסיאָנערן, וויא ער רופט עס.

פעאדארא האט איהם געשלעפט און האט איהם געצווינגען מיט זיך. עס האט איהר אבער ניט געהאלפען. יערמאלאוו איז געווען, וויא א וואהנזיניגער. דיא פרייד, וואס ער האט ענדליך געפונען זיין פעאדארא, האט איהם בערויבט דעם פערשטאנד,

און אנגעפיהלט זיין הארץ מיט האס געגען דעם מענשען, וועלכער האט זיא געפייניגט.

ער האט גענומען דעם בונד שליעסלען, איז געגאנגען פון איין קעמעריל צום אנדערן און האט זיי געעפענט. ווען ער איז געווען פערטיג אין דער פרויען־אבטהיילונג, איז ער געגאנגען מיט פעאדאראן אונטערן ארים אין דיא מענער־אבטהיילונג און האט געעפענט איין קעמעריל נאכ'ן אנדערן.

— יעצט, געליעבטע, קום, האט ער צו איהר געזאגט און האט זיא צוגעפיהרט צו דער טהיר. אין א פיערטעל שטונדע ארום וועט אין דאקטאר דערונאוו'ס אנשטאלט פאר נייסטעס־קראנקע פארקומען סצענען, וועלכע דער גוטער און עהרווירדיגער דאקטאר וועט אייביג ניט פערגעסען.

שטילערהייט זיינען זיי צוגעקומען צו דער טהיר. יערמאלאוו האט זיא נור וואס געוואלט עפענען, וויא א שטארקע שטימע האט א געשריי געטהאן:

— בלייב שטעהן! פון דאקטאר דערונאוו'ס אנשטאלט אנטלויפט מען ניט.

— דאס איז דאקטאר דערונאוו אליין, האט געזאגט פעאדארא און האט אנגע־הויבען צו ציטערן.

אבער איידער דאקטאר דערונאוו האט צייט געהאט אראפצולויפען פון צווייטען שטאק, האט שוין יערמאלאוו געעפענט דיא טהיר און איז ארויסגעגאנגען מיט פעא־דאראן אין דרויסען, דאקטאר דערונאוו איז זיי נאכגעלאפען. ווען ער איז אבער צוגעקומען צו דער טהיר, זיינען אויף איהם בעפאלען א באנדע פון דרייסיג משוגעים, וועלכע יערמאלאוו האט געעפענט זייערע קעמערלעך, און האבען אנגעהויבען איהם צו שלאגען.

עס איז געווארען א געשריי, א גערואלד, א ליארם, פון וועלכע מען האט גע־קענט טויב ווערן. דיא וואהנזיניגע האבען געשריען און געשאלטען זייער פייניגער. דאקטאר דערונאוו האט געשריען און גערופען זיינע דיענער, זיינע וועכטעטער. באלד זיינען אויך אנגעקומען דיא וועכטער. וויא איבערראשט זיינען זיי אבער געווארען, ווען אין דער צייט וואס זיי זיינען געקומען פון איין זייט, איז אנגעלאפען א באנדע וואהנ־זיניגע פרויען פון דער אנדער זייט, דיא האר צו ווארפען, דיא קליידער צוריסען, מיט קולות, מיט געוויינען, מיט געשרייען זיינען זיי אנגעפאלען, זיי האבען אליין ניט געוואוסט אויף וועמען. עס איז געווארען אזא ווירוואר און אזא מישמאש, אז עס זיינען פערגאנגען אייניגע שטונדען, איידער עס איז געלונגען דיא וועכטער צו בערוהיגען אביסעל דיא קראנקע. דאקטאר דערונאוו איז געווען צושלאגען, וויא א וויניגער עפעל. דיא וועכטער האבען איהם קוים אויסגעריסען פון דיא וואהנזיניגע און האבען איהם ארויפגעטראגען אין זיין צימער. ווען ער איז געווען אין זיכערהייט, האבען זיי ערשט אנגעהויבען צו טראכטען, וויא אזוי צוריקצופיהרען דיא קראנקע יעדען אין זיין צימעריל.

יערמאלאוו און פעאדארא האבען געהערט אין דרויסען. וואס דארט טהוט זיך. זיי האבען געהערט דיא געשרייען און דיא געוואלדען. יערמאלאוו האט זיך געפרייט און האט געלאכט, וויא א קינד, פעאדארא אבער האט געציטערט, און האט איהם מיט געוואלד אוועקגעשלעפט פון דיעזען טרויעריגען ארט.

דעם אנדערען טאג, 10 אוהר אין דער פריה זיינען זיי אנגעקומען קיין מאסקווא.

## 77טעס קאפיטעל.

## אַלטע ליעבע ראָסטעט ניט.

אנדריי יאגאָדקין מיט זיין פרוי זיצען אין פעטראָפּאַוולאווסקי קרעפּאָסט. עס זיינען פערשלאָסען און פערזיגעלט דאס באנק־הויז, דיא אָפּיסעס און דער גאנצער אונטערשטער עטאזש פון'ם גראָססארטיגען פּאלאץ, אויף וועלכען עס הענגט נאך א גרויסער שילד מיט גאָלדענע בוכשטאבען: „בראטיא יאגאָדקיני“. לעדיג, איינזאם, שטיל, וויא אין א קבר איז דער פּאלאץ, וואו ערשט ניט לאנג האט געקאָכט, וויא אין א קעסעל. דיא צווייא גרויסע מיט רויט'ן טריעף־וואקס ארויפגעלעגטע זיעגעל אויף דער טהיר פון דער באנק שרעקען אָפּ יעדען פרעמדען, וואס וויל אריינגעהן אין הויז, גליך וויא זיי וואָלטען געווען צווי גרויסע רויטע בלוט־פלעקען אויף דער טהיר. ווער עס קומט צו און דערזעהט זיי, דער אנטלויפט, וויא פון א פערפּעסטעטעס הויז. דיא שרייבערס, דיא בוכהאלטערס, דיא קאסירערס, דיא מעקלערס, דיא פריינד, דיא בעקאנטע פון דער רייכער פירמאַ בראטיא יאגאָדקיני וויכען דאס הויז: זיי האבען דאָ מעהר ניט וואס צו טהאן.

נור אין צווייטען עטאזש זיצט נאך אין א וויכען סאמעטענעם שטוהל אן אלטער, קראנקער נעבראָכענער, פּאראליזירטער מאן — ניקאָלאַי יאגאָדקין. ער ווייס ניט, וואס עס איז געשעהן; ער ווייס ניט, אז זיין גרעסטער פיינד, זיין אייגענער ברודער, האט ענדליך בעקומען דיא בעלאָהנונג, וואס ער האט פערדיענט. ער ווייס פון גאָר ניט. ער זעהט און הערט און קען זיך ניט ריהרען. עס פערגעהט איין שטונדע נאך דער אנ־דערער, קיינער קומט ניט צו איהם, קיינער ווייזט זיך ניט, קיינער וויל פון איהם ניט וויסען. זיינע ליפּען בעוועגען זיך, ער קוקט זיך אום אונרוהיג אין אלע זייטען — ער איז אליין, פערגעסען, פערלאזען, פערוואָרפען.

עס איז געוואָרען נאכט. אין צימער איז פינסטער, קיינער קומט ניט אנצינדען א ליכט, קיינער קומט ניט איינהייצען, קיינער קומט ניט איהם געבען אביסעל וואסער.— טרויעריג! שרעקליך! ערשט שפּעט ביי נאכט האט ער געהערט א שטילעס רוישען פון א פרויען־קלייד. עס האט זיך געוויזען א ליכט. דיא אלטע וואלאָני איז געקומען א היים פון איהר שפּאציער־גאנג. זיא האט אויסגעפאָרשט, וואס עס איז היינט געשעהן, פארוואס מען האט פערזיעגעלט דעם קאנטאָר און וואו פראנציסקא מיט איהר מאן געפינען זיך. זיא איז אלעס געוואָהר־געוואָרען, זיא ווייס, פארוואס מען האט זיי ארעטירט, זיא ווייס, אז זיי וועלען זיך ניט אויסדרעהן, אז מען וועט זיי געוויס פערשיקען קיין סיביר. דיא אלטע וואלאני האט אלעס ערפאהרען. פאר איהר איז עס אויך א הארטער שלאג. — וואס זאל זיא טהאן יעצט? זיא איז אלט, שוואך, אליין, פערלאסען, וויא א שטיין אין פעלד.

זיא האט אנגעצונדען א ליכט און האט זיך אומגעקוקט אין דיא גרויסע זאלען פון'ם גלענצענדען פּאלאץ. טהייערע מעבעל, פערגאָלדעטע קארניזען, סאמעטענע פּאר־הענגע, טהייערע בילדער און גאָלדענע ראהמען — אבער דאס אלעס קען מען ניט עסען. זיא איז אראפּגעגאנגען אין קיך, אין הויף — נישטאָ קיינער. דיא דיענסטע, דיא לאַ־

קייעס, דיא קוטשערס און דיא דיענער אלע זיינען זיך צולאפען. וואס וועלען זיי טהאן אין דיעזעם אונגליקס־הויז?

מען זאגט, אז פון דעם שיף, וועלכעס דארף אונטערגעהן אויפ'ן וועג, אנטלויפען דיא מייז, ווען דיא שיף געפינט זיך נאך אין פּאָרט, פון וואנען זיא דארף ארויסגעהן. איך ווייס ניט אויב עס איז וואהר, אבער פיעלע אלטע מאַטראָזען פערזיכערן, אז זיי האבען עס אליין געזעהן און זיי ציטערן צו פאהרען אויף א שיף, פון וועלכע דיא מייז זיינען אנטלאפען. זיי זיינען איבערצייגט, אז דאס שיף וועט ליידען אן אונגליק אויפ'ן וועג.

דיא וואלאני איז געווען אבערגלויביש, וויא אלע אלטע מאטראזען. עס איז זיא בעפאלען א שרעק, ווען זיא האט דערזעהן, אז זיא איז אליין אין גאנצען הויז. א שווער־רעס, טרויעריגעס, שרעקליכעס געפיהל פון איינזאמקייט און פערלאסענהייט האט איהר געדריקט אויפ'ן הארצען. זיא איז ארויפגעגאנגען אין צווייטען שטאק, איז אריינגעקומען אין עס־צימער און האט געפונען דעם אונגליקליכען, פאראליזירטען ניקאלאי יאנאדקין אליין — א בילד פון עלענד און נויט.

— דוא האָסט שווער געזינדיגט געגען מיר, האט זיא געזאגט, אבער דיין אונגליק, דיין נויט דערוועקט אין מיר מענשליכע געפיהלע; איך קען דיך אזוי ניט לאזען. דיין שטראפע איז צו הארט און צו שטרענג.

זיא האט געעפענט דיא שפייזע־קאמער, האט ארויסגענומען, וואס זיא האט דאָרט געפונען און האט איהם געגעבען עסען. דאן האט זיא איהם איבערגעבעט און און געלעגט שלאפען. זיא אליין איז ארומגעגאנגען א גאנצע נאַכט וויא א שאטען, און האט געטראַכט, וואָס זיא זאל טהאן. זיא האט זיך צונויפגעלעגט א קליינעם קאפּיטאל פון וועלכען זיא וואָלט שוין געקענט אפּלעבען דיא עטליכע יאהר, וועלכע זיא האט נאך צו לעבען.

— א היים! האט זיא פלוצלונג אויסגעריפען. א היים! אין מיין וואַרעמען און העלען איטאליען! דאס קאלטע, פערפראָרענע רוסלאנד האט מיר געבראכט נור שמערצען און נויט. גענוג! איך האב דערלעבט א נקמה אן דעם מענשען, וועלכער האט געשענדעט מיין טאָכטער און האט מיך בערויבט. גענוג! איך האב דא מעהר ניט, וואס צו טהאן. א היים!

זיא איז ארומגעגאנגען אין אלע צימער און האט צונויפגענומען אלעס, וואס זיא האט נור געקענט. מארגען פאהרט זיא א היים. דאך האט איהר וועה געטהאן דאס הערץ צו לאזען דעם אונגליקליכען מאן שטארבען פאר הונגער אליין. זיא מוז עפּעס פאר איהם טהאן. — איהר פּלאן איז געווען פערטיג.

גאנץ פריה האט זיא צונויפגעפּאקט אלע איהרע זאכען און האט זיי אוועקגעשיקט צום באהן. ווען דאס איז געווען אפּגעטהאן, איז זיא געגאנגען אין שטאדט־האספּיטאל און האט געמעלדעט, אין וואס פאר א לאגע ניקאלאי יאנאדקין געפינט זיך. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין רוסלאנד איילט מען זיך ניט אין א שטאדט־האספּיטאל צו שיקען נעהמען א קראנקען; זיא האט אבער בעצאהלט פאר א האלב יאהר אים פאראויס. דאס האט געווירקט. מען האט באלד געשיקט א וואגען און מען האט איהם

געבראכט אין האספיטאל. יעצט איז איהר נאך געבליעבען צו מעלדען אין דער פּאָ-ליציי, אז אין הויז יאנאָדקין איז קיינער ניטאָ, מען זאל עס פערשליעסען און פערזיעגלען.

ווען אלעס איז געווען אין אָרדנונג, איז זיא געפארען צום באהן און איז אוועק געפאהרען אויף אייביג פון׳ם לאנד פון עלענד און נויט.

עס זיינען פערגאנגען איינינע וואָכען. דיא בעלי־חובות פון דער פירמא „בראַטיא יאנאָדקיני", האבען פאָרגעשטעלט זייערע וועקסלען און פאָרדערונגען אין געריכט, וועלכעס האט ערנאַנט א קאָנקורס און אלעס, וואס האט א מאל געהערט צו דער פירמא איז פערקויפט געווארען אין אוקציאָן. פון׳ם איינגעלעזטען געלד איז קוים גענוג געווען צו צאהלען צוואנציג פראָצענט דיא בעלי־חובות. יעצט איז דיא פירמא יאנאָדקין געווארען אפּגעמעקט און איז פערשוואונדען פון דער וועלט. דאס גרויסע הויז האט געקויפט אן אנדערער און האט עס איבערגעבויט, איבערגעמאכט אויף זיין אַרט. זיינע פאבריקען, זיינע געשעפטען — אלעס איז צוריסען געווארען און איבערגעגאנגען אין פרעמדע הענד. דער רייכער, ערשט ניט לאנג אזוי שטאָלצער, ניקאָלאַי יאנאָדקין ליגט יעצט אין שטאדט־האספיטאל ארים, עלענד און פערגעסען. קיינער קומט איהם ניט בעזוכען, קיינער ברענגט איהם ניט עפּעס זיך צו דערקוויקען. קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום. דיא דיענער פון׳ם האָספיטאל האבען זיך אויף איהם זעהר וועניג אומגעקוקט, ווען זיי האבען געזעהן, אז קיינער קומט צו איהם ניט און שטופּט זיי ניט עפּעס אונטער.—ער איז געווארען ערגער פון טאג צו טאג, מען האט געזעהן דייטליך, אז ער שטאַרבט.

אין איינציגער פריינד איז דאך געבליעבען טריי דעם אונגליקליכען ניקאלאי יאנאדקין. דאס איז געווען קאָנראד פעלזינג. ער האט ענדליך געפונען א שטעלע אלס לעהרער אין איינע פון דיא גימנאזיען פון פּעטערבורג און האט זיך מיט לייב און זעעלע אפּגעגעבען מיט זיינע שילער. ער איז געבליעבען דער זעלבער וואס פריהער: עהרליך, טריי צו זיינע אידעען און פלייסיג. זיינע שילער האבען איהם ליעב געהאט, וויא אן עלטערן ברודער; זיינע קאמעראדען, דיא אנדערע לעהרער פון גימנאזיום האבען איהם געשעצט און געעהרט, אלס פריינד, אלס גוטען קאמעראד.

ער האט שוין לענגסט פערגעסען אן יאנדאָקין און האט זיך אום איהם גאר ניט געקימערט. איין מאל האט ער געפונען אין א צייטונג א קורצע בעמערקונג, אז דער מיליאָנער ניקאָלאַי יאנאָדקין, וועלכער האט א מאל געשפּיעלט אזא גרויסע ראָלע אין דער האנדעלס־וועלט פון פעטערבורג, ליעגט יעצט געלעהמט אין שטאדט־האספיטאל עלענד, פערלאַסען און קיינער פון אלע זיינע פריינד און בעקאנטע קומט אפילו ניט צו איהם געוואהר ווערן וואס ער טהוט. קאָנראַד פעלזינג האט עס פערקלעמט ביים הארצען. ער האט זיך דערמאַנט, וויא יאנאָדקין איז א מאל געקומען צו איהם אין קעלער און האט איהם איינגעלאַדען צו זיך אלס לעהרער. ער האט ניט פערגעסען, אז אין דער קורצער צייט, וואס ער איז געווען ביי איהם אין שטוב, האט איהם יאנאָד־קין זעהר גוט בעהאנדעלט. ווער ער איז און וואס ער איז געווען — ער איז דאך א מענש און איז יעצט אין דער נויט. ער מוז איהם געהן בעזוכען. ער איז געגאנגען אין האספיטאל און האט געפונען דעם רייכען יאנאָדקין אין דער שרעקליכסטער לאגע, וואס

מען קען זיך נור דענקען. דיא אוינען פון׳ם אונגליקליכען מאן האבען אנגעהויבען צו לייכטען, ווען ער האט דערזעהן קאנראד פעלזינג; זיינע ליפען האבען זיך אנגעהויבען צו בעוועגען, ער האט אבער קיין ווארט ניט געקענט ארויסרעדען.

פון דעם ערשטען וויזיט אן פלעגט קאָנראַד פעלזינג קומען אין האספיטאל צוויי דריי מאל אין דער וואך, אין דיא טעג, ווען עס איז געווען ערלויבט פרעמדע צו קומען בעזוכען דיא קראנקע. ער פלעגט ביי איהם אוועקזיצען א האלבע שטונדע, א שטונדע און פלעגט אוועקגעהן. וואס האט ער געקענט העלפען? ער האט זאגאר ניט געקענט רעדען מיט׳ן קראנקען. ער האט איהם זאגאר ניט געקענט אויספרעגען, וואס עס פעהלט איהם, וואס ער פערלאנגט, אויב ער זאל איהם עפּעס ברענגען.

קאָנראַד פעלזינג האט זיך אליין ניט געקענט ערקלערן, פערוואס עס ציהעט איהם אזוי צו געהן אלע מאָל זעהן דעם אונגליקליכען מענשען, ער האט זיך אָבער ניט געקענט איינהאלטען. קוים איז געקומען דער טאָג, ווען עס איז ערלויבט צו געהן אין האָספּיטאָל, פלעגט ער ניט איינרוהען, ביז ער איז געווען ביי איהם. ער האט אפּאר מאל פּראָבירט איהם ברענגען עפּעס, ער האט אָבער בעמערקט, אז דער קראנקער איז שוין אזוי אָפּ־געמאַרטערט, אז ער קען קיין זאך ניט פערטראָגען. ער האט אבער געוואלט דאך עפּעס טהאן פאר איהם און האט אויפגערופען אין דיא צייטונגען צו דיא פערוואנדטע און פריינד פון ניקאָלאַי יאַנגאָדקין, זיי זאלען קומען איהם בעזוכען און ערלייכטערן זיין טרויעריגע לאגע, אבער אויף זיין אויפרוף אין דיא צייטונגען האט זיך קיינער ניט אָפּגערופען.

זייט קאנראד פעלזינג האט אנגעהויבען אריינצוגעהן אין האָספּיטאָל בעזוכען דעם קראַנקען, האבען דיא שפּיטאל דיענער איהם אנגעהויבען בעסער צו בעהאנדלען. פעלזינג האט געוואוסט, אז א שפּיטאל דיענער איז אויך א חיה, וואס נעהמט געלד. און ער איז קיין מאל ניט געקומען מיט לעדיגע הענד. זיין הילף איז אָבער געווען צו שפּעט, יאַנגאָדקין איז מיט יעדען טאג געווארען שוואכער און שוואכער. פעלזינג האט געזעהן, אז דאס ענדע איז נאהענט, אז באַלד וועט ער בעפרייט ווערן פון זיינע ליידען. ער האט געגעבען דעם קראנקענוועכטער זיין אַדרעס און האט איהם אנגעזאגט, אז פאלס דער קראנקער וועט שטארבען, זאל ער איהם באלד מעלדען. ער האט געוואלט דאנקבאר זיין פאר דיא פריינדליכקייט, וואס ער האט אמאל גענאסען ביי יאַנגאָדקין אין הויז.

צעהן אוהר אין דער פריה. דער גרויסער באהנהאָף אין פּעטערבורג איז פול געפּאַקט מיט מענשען. אלע ווארטען אויפ׳ן צוג. אייניגע ווילען פאהרען אין פערשיע־דענע געגענדען פון רוסלאַנד, אנדערע ערווארטען זייערע פריינד און בעקאנטע, ווידער אנדערע דארפען אָפּנעהמען זייער באַגאַזש אדער דארפען אויפגעבען זייער באַגאַזש. עס רעשט זיך, עס קאכט זיך. פּלוצלונג האט מען דערהערט דאס לאנגע פייפען פון דער מאשין. — דער צוג קומט אן. אלע זיינען ארויסגעלאָפען אויף דער פּלאַטפאָרמע. דיא גרויסע, לאנגע אייזערנע שלאנג פון וואגאנעס האט געסאָפּעט און געפייפט, ביז זיא איז צוגעקומען צום באהנהויף און איז געבליעבען שטעהן. דיא טהירען פון דיא שטיינען, וועלכע מען רופט וואגאנעס, האבען זיך געעפענט און דיא מיעדע שלעפּעריגע

פאסאזשירען האבען זיך ארויסגעשאטען אויף דער פלאטפארמע. יעדער האט בעגעגענט א פריינד, א בעקאנטען, וועמען צו זאגען: גוט מארגען, וועמען צו גריסען, וועמען עפּעס צו פרעגען, מיט וועמען צו רעדען. פון איינעם פון די וואגאנעס איז ארויסגעגאנגען א יונגע פרוי אנגעטהאן אין שווארצען מיט א שווערן שווארצען וואאל אויפ'ן געזיכט. זיא איז געפאהרען אזוי וויא זיא שטעהט און געהט. זיא האט מיט זיך קיין רענצעל, קיין רייזע־טאַש און קיין באַגאַזש. זיא איז געבליעבען שטעהן אויף דער פלאטפאָרמע און האט זיך אומגעקוקט. קיינער איז איהר ניט ענטגעגען געקומען, קיינער בעגריסט זיא ניט, קיינער רעדט צו איהר ניט — קיינער קען זיא ניט און זיא קען קיינעם ניט. פון אלע זייטען לויפען מענשען, איילען זיך, שטופען זיך, רופען צו דראשקעס און קאַרעטעס און פאהרען אוועק. נור זיא אליין איז געבליעבען שטעהן עטליכע מינוט, וויא צומישט. ענדליך האט זיא זיך דערמאנט, איז האסטיג דורכגעגאנגען דעם וואקזאל און האט צוגערופען א דראשקע.

— וואוהין הייסט איהר פאהרען? האט דער קוטשער געפּרעגט.

— יעקאטערינענסקי קאנאל נומער 35 צום באנקהויז פון יאנאדקין, האט די יונגע פרוי געענטפערט.

דיא דראשקע איז אוועקגעפאהרען. אויפ'ן וועג האט דיא יונגע פרוי זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. אלעס איז איהר געווען פרעמד און דאך איז איהר אלעס בעקאנט. זיא קען זעהר גוט דיא גאסען, דיא פּראָספּעקטען, דיא הייזער, גלייך וויא זיא וואלט ערשט נעכטען אוועקגעפאהרען און דאך איז איהר אלעס פארגעקומען אזוי פרעמד, אזוי אונהיימליך. מיינע לעזער האבען פיעלייכט דעררעטהען, ווער דיא יונגע פרוי איז — דאס איז קלארא יאנאָדקין. עס האט זיא געצווינגען אהיים צו זעהן איהר פאטער. ווען זיא איז אנגעקומען אויף דער פלאטפארמע פון'ם וואגזאל, האט זיא זיך אומגעקוקט, זיא האט געמיינט אז זיא וועט דערזעהן איינעם פון דיא מענשען, וואס דיענען ביי איהר פאטער. זיא האט געוואוסט, אז איהר פאטער פלעגט שטענדיג ארויסשיקען א מענשען אויפ'ן וואקזאל, ווען דער צוג פלעגט אנקומען. זיא האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ניט געזעהן קיין בעקענטעס געזיכט. זיא האט גענומען א דראשקע און איז געפאהרען א היים. איהר הערץ האט געקלאפט, וויא מיט האמערס.

— וואס הערט זיך אין דער היים? האט זיא זיך געטראכט. וויא וועט איהר פאטער זיא אויפנעהמען? וואס מאכט איהר מוטער?

ענדליך איז דיא דראשקע צוגעקומען צו דער טהיר. קלארא האט ניט בעמערקט, אז איבער דער טהיר הענגט שוין אנאנדער שילד מיט אנאנדער נאמען. זיא האט האסטיג געעפענט דיא טהיר און איז אריינגעגאנגען אין באנק.

— וואס דארפט איהר, פריילין? האט העפליך געפרעגט איינער פון דיא שרייבערס.

— איז מיין פאטער אין קאנטאר אדער ביי זיך אין דער היים? האט זיא געפרעגט.

דער שרייבער האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט פערשטאנען, וואס זיא מיינט.

— ערלויבט מיר, אייך צו פרעגען, ווער איז אייער פאטער? האט ענדליך דער שרייבער געזאגט.

דיעזע פראגע האט איבערראשט קלארא׳ן. זיא האט זיך אומגעקוקט, טאמער וועט זיא דערקענען איינעם פון איהר פאטערס שרייבערס און בוכהאלטערס, און האט דערזעהן מיט שטוינען, אז אלע זיינען איהר פרעמד. זיא האט ערשט יעצט בעמערקט, אז דער קאנטאר איז אנדערש איינגעריכטעט, אלעס איז איבערגעמאכט און איבער־געשטעלט. דעם שרייבער, וועלכער האט גערעדט מיט איהר, איז לאנגווייליג געווארען צו ווארטען אויף איהר ענטפער.

— זאגט מיר, וואס איהר דארפט, האט ער געזאגט אונגעדולדיג, איך האב קיין צייט ניט פיעל מיט אייך צו פערברענגען.

— בין איך ניט אין קאנטאר פון ניקאלאי יאגאדקין? האט קלארא ענדליך געפרעגט מיט שוואכער שטימע.

— ניקאלאי יאגאדקין האט קיין קאנטאר ניט, האט דער שרייבער געזאגט בייז. איהר זייט יעצט אין באנקהויז פון ראגאזין עט קאמפאני.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אוועקגעקעהרט פון איהר און האט אנגעהויבען צו שרייבען. ער וואלט פיעלייכט גערעדט ווייטער מיט איהר, אבער אין דיעזע מינוטע האט זיך געוויעזען דער שעף פון דער פירמא און דער שרייבער האט מורא געהאט, ער זאל ניט דערזעהן, אז ער רעדט עפעס צולאנג מיט א יונגער דאמע. קלארא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן.

— מעגליך, אז איהר פאטער האט פערקויפט זיין הויז און זיין קאנטאר און האט זיך געעפענט ערגעץ אנדערש א קאנטאר, האט זיא זיך געטראכט.

זיא איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען און האט דאן ערשט דערזעהן, אז אויף דער וואנד העגנט א גרויסע שילד מיט גאלדענע בוכשטאבען: „ראגאזין עט קאמפאני. עס איז אויף איהר געפאלען א שרעקליכער אונמוטה און טרויער. דאס הערץ האט איהר געזאגט, אז אין איהר פאטערס הויז איז געשעהן אן אונגליק. דאך האט זיא זיך גע־שטארקט, איז אוועקגעגאנגען עטליכע שריט און האט געפרעגט איינעם פון דער גאס, אויב ער קען איהר ניט זאגען, וואו עס איז יאגאדקינ׳ס קאנטאר? — איך ווייס ניט, האט מען איהר געענטפערט. זיא איז צוגעגאנגען צו א גאראדאוואי און האט איהם געפרעגט: וואו געפינט זיך יאגאדקינ׳ס באנקהויז? דער פאליסמאן האט ארויסגענומען א ביכעל פון דער קעשינע, האט געזוכט, געזוכט און האט געענטפערט: אזא באנקהויז איז ניטא אין פעטערבורג. קלארא איז געבליעבען שטעהן אין דערמיט גאס, וויא א צודולטע. זיא האט שוין גאר ניט געוואוסט, וואס צו קלערן און וואס צוטהאן.

— וואוהין געהט מען? וואוהין פאהרט מען? וויא אזוי ווערט מען געוואהר, וואו מיין פאטער איז? האט זיא געזאגט צו זיך אליין און האט געבראכען דיא הענד פאר וועהטיג.

עס איז ניטא קיין אנדער וועג אלס צו געהן אין אנאנדער קאנטאר פרעגען, וואו יאגאדקינ׳ס קאנטאר געפינט זיך; זיא איז אבער געווען אזוי ווייניג בעקאנט מיט דיא באנקהייזער פון פעטערבורג, אז זיא האט ניט געוואוסט וואוהין צו געהן. שטעהן

אויף דער גאס איז אבער אויך קיין פּלאַן ניט, מען מוז ערגעץ געהן. זיא האט אנגע־הויבען צו געהן אין דיא גאסען און קוקען אויף דיא שילדער. זיא איז דורכגעגאנגען איינינע גאסען און האט ענדליך דערזעהן א גרויסען קאנטאר. זיא איז אריינגעגאנגען און האט געפרעגט איינעם פון דיא שרייבערס, אויב ער ווייס ניט, וואו עס געפינט זיך דער קאנטאר פון יאגאָדקין?

— אזא קאנטאר איז גאר ניטא, האט דער שרייבער געענטפערט קורץ דיא פירמא יאגאָדקין האט באנקראָטירט און דיא בעלי חובות האבען ביי איהר אלעס צו־גענומען.

דאס איז געווען א דאנערשלאג פאר דער ארימער קלאַרא. יעצט האט זיא שוין געוואוסט, אז איהר פאטער האט שוין קיין קאנטאר, קיין געשעפט, קיין הויז. איינינע מינוטען איז זיא געשטאנען, וויא א צומישטע. דער שרייבער האט געמיינט, אז זיא האט געהאט געלד ביי דער פירמא יאגאָדקין און איז אזוי איבערראשט פון דיעזער נאכריכט, ווייל זיא פערליערט איהר געלד.

— דער קאָנקורס איבער יאגאָדקינ׳ס פירמא איז נאך דא, האט ער געזאָגט אום זיא צו טרייסטען, ווען איהר האט א וועקסעל אדער א ביכעל, קענט איהר עס פאר־שטעלען. מעגליך, אז איהר וועט נאך אפּראָטעווען עטליכע פּראצענט.

ביי קלאַראַ׳ן האבען זיך געשטעלט טרערין אין דיא אויגען, ווען זיא האט דער־הערט אזא טרייסט.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו געפינט זיך יעצט ניקאלאי יאגאָדקין אליין? האט זיא קוים ארויסגערעדט.

— דאס ווייס איך ניט, האט געענטפערט דער שרייבער. מעגליך, איהר וועט עס אויסגעפינען אין אדרעסני־סטאָל, אין דער פּאָליציי.

אין רוסלאנד איז מען נאך ניט געפאלען אויף דעם שכל צו דרוקען א דירעק־טאָרי, וואו אלע איינוואָינער זיינען פערשריעבען. דערפאר אבער האט מען אויסגע־קלערט אן אנדער מיטעל — וויא צו נעהמען געלד. — מען האט איינגעפיהרט אן אדרעסני סטאָל, זעלבסטפערשטענדליך, נור אין דיא גרויסע שטעדט, וויא פּעטערבורג, מאָסקווא, חארקאָוו און אָדעסא. ווען א פרעמדער קומט צו פאהרען און וויל וויסען, וואו זיינע פריינד און בעקאנטע וואָינען, געהט ער אין אדרעסני סטאָל און צאהלט 5 קאָפּיקעס פאר יעדער אדרעס, וואס מען גיט איהם. דיעזע נייע, עכט־רוסישע ער־פינדונג איז אבער אזוי שלעכט געפיהרט, אז זעלטען זיינען ריכטיג דיא אדרעסען, וואס מען בעקומט אין אדרעסני סטאָל.

קלארא האט דערפון ניט געוואוסט. זיא האט זיך אנגעפרעגט, וואו עס געפינט זיך דער אדרעסני סטאָל און איז אהין געגאנגען. זיא האט אנגעשריעבען, אז זיא וויל וויסען דיא אדרעסע פון ניקאלאי יאגאָדקין. דער טשינאָווניק — אין רוסלאנד געהט עס אהן א טשינאָווניק ניט — האט איהר באלד ארויסגעגעבען אן אדרעס ערגעץ ווייט אין וואסיליעווסקי אָסטראָוו, 15טע ראָטע, הויז נומער 83. זיא איז אוועקגעפאהרען אהין און איז געוואָהר־געוואָרען, אז דאָרט האט קיין מאָל קיין יאגאָדקין ניט געוואָינט. זיא איז געווען פערצווייפעלט.

— איז דאס מעגליך, אז אין דער הויפּט־שטאדט פון רוסלאנד זאל מען ניט קענען אויסגעפינען קיין מענשען? האט זיא זיך געטראכט. אין א לאנד, וואו אָהן א פּאספּאָרט טאָר מען ניט ארויסגעהן אין וואסער־קלאזעט, זאל מען ניט וויסען, וואו עס געפינט זיך א מענש, וועלכער האט געהאט אזא נאמען און האט געשפּיעלט אזא גרויסע ראָלע?

זיא האט אנגעהויבען צו פרעגען מענשען, וועלכע זיא האט בעגעגענט אויף דער גאס, וויא אזוי מען קען אויסגעפינען א מענשען און מען האט איהר געזאגט, אז דאס איינציגע, וואס זיא קען טהאן, איז זיא זאָל זיך ווענדען אין דער פּאָליציי. דאָרט וועט זיא געוויס אויסגעפינען, וואס זיא זוכט, בעזאנדערס ווען זיא וועט ניט זשאלעווען א האַלבען רובעל. זיא איז געגאנגען אין דער פּאָליציי און האט אנגעהויבען צו פרעגען, וואו עס געפינט זיך יעצט ניקאָלאַי יאַגאָדקין.

— דער געוועזענער מיליאָנער? האט געפרעגט א רויטער טשינאָווניק מיט א בלויער נאז.

— דער געוועזענער מיליאָנער, האט קלארא געענטפערט שטילערהייט.

— ער געפינט זיך יעצט אין שטאדט־האָספּיטאל, האט דער טשינאָווניק גע־ענטפערט גלייכגילטיג.

— אין שטאדט־האָספּיטאל? האט א געשריי געטהאן קלארא און איז געפאלען אין אָהנמאכט.

מען האט באלד געבראכט וואסער און מען האט זיא אפּגעמינטערט. מען האט זיא אנגעהויבען צו פרעגען: ווער זיא איז און פאר וואס זיא האט זיך אזוי דערשראָקען, קלארא אבער האט קיין וואָרט ניט געענטפערט. קוים איז זיא נור געווען אימשטאנד צו געהן, איז זיא ארויסגעלאפען פון דער פּאָליציי, האט צוגערופען דיא ערשטע דראָשקע, וואס איז פערביינגעפאהרען און האט געהייסען פאהרען אין שטאדט־האספּיטאל.

עס איז געראדע געווען א טאג, ווען פרעמדע מעגען בעזוכען דיא קראנקע און אז זיא האט געזאגט, זיא וויל זעהן ניקאָלאַי יאַגאָדקין, האט מען זיא באַלד אריינגע־פיהרט אין צימער, וואו ער איז געלעגען.

— פאטער! האט א געשריי געטהאן קלארא, ווען זיא האט איהם דערזעהן. פאטער! און איז געפאלען אויף דיא קניע לעבען זיין בעט.

זיא האט גענומען זיינע הענד, האט זיי אנגעהויבען צו קושען און האט זיי בע־נעצט מיט איהרע טרערין. דער אנבליק פון זיין קינד, פון זיין אמת'ער טאָכטער, האט געמאכט אויף איהם אזא שטארקען איינדרוק, אז ער האט אויסגערופען:

— קלארא!

דיא סצענע, וואס איז יעצט פאָרגעקומען צווישען דעם פאטער מיט זיין טאכטער קען מען זיך נור פאָרשטעלען. בעשרייבען זיא, איז אונמעגליך. וואס דיא ארימע קלארא האט איבערגעליטען אין דיעזע פּאָר שטונדען, ווען זיא האט געפונען איהר פאטער אין אזא טרויעריגע לאַגע, קען מען מיט ווערטער ניט בעשרייבען.

זיא האט אין דער ערשטער איבערראַשונג ניט בעמערקט. אז אויף א הילצערנעם שטוהל לעבען איהר פאטערס בעט זיצט נאך אז אנדערע פּערזאָן, וועלכע איז איהר א

מאל געווען זעהר טהייער — קאָנראַד פעלזינג. זיא האט קיינעם ניט געזעהן און קיינעם ניט געהערט. זיא האט נור געזעהן, אז איהר אונגליקליכער פאטער ליעגט אין שטאדט האָספּיטאל אליין, עלענד און פערגעסען פון דער גאנצער וועלט. קאָנראַד פעלזינג איז געווען אזוי געריהרט פון דיעזער סצענע, אז ער האט געוויינט וויא א קליין קינד. צו ביסלעכוויים האט ער זיך בערוהיגט און האט זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צו קלאַרא׳ס בלייכעס, טרויעריגעס און פערוויינטעס געזיכט.

— יא, אָט דאס איז קלאַרא, דיא אמת׳ע קלאַרא, האט ער געזאגט צו זיך אליין. אָט דאָס איז דאס גוטע, עדעלע מעדכען, וועלכע איך האב א מאל געקענט. איך הייב יעצט אן צו דערקענען איהר ווייכע, שטילע שטימע, איהר מינע און דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט.

ער איז געבליעבען זיצען רוהיג אויף זיין שטוהל און האט זיא ניט געוואָלט שטערן ער האט זיא געלאזט זיך אויסוויינען. טרערין בערוהיגען, טרערין מאַכען לייכ־טער. ווען מען וויינט זיך גוט אוים, פיהלט מען, ווען אויך אויף א קורצע צייט, אז דער שמערץ איז לינדער, שוואַכער. ווען קלאַרא האט זיך גענוג אויסגעוויינט, און איהר פאטער איז אַנטשלאָפען געוואָרען, האט זיא זיך אנגעהויבען ארומצוקוקען אין צימער און האט דערזעהן קאָנראַד פעלזינג. אין דער ערשטער מינוט איז זיא געווען איבער־ראשט. זיא האט ניט ערוואַרטעט איהם דאָ צו געפינען, באלד אבער האט זיא זיך דערמאָנט, אז זיא דאַרף איהם וועניגסטענס דאַנקען, וואס ער איז געקומען בעזוכען איהר קראַנקען פאטער.

— איך דאַנק אייך, פעלזינג, האט זיא געזאגט מיט א שוואַכער שטימע, וואס איהר האט זיך געצייגט אזוי גראַסמוטהיג צו בעזוכען מיין אונגליקליכען פאטער. ווייסט איהר אָפּט ניט, זייט וויא לאַנג ליעגט ער שוין דאָ אין האָספּיטאל?

פעלזינג האט איהר דערצעהלט אַלעס, וואס ער האט געוואוסט. ער האט איהר דערצעהלט, אז זיא האט איהם ארויסגעטריעבען פון איהר פאטערס הויז, האט ער זיך וועניג געקימערט, וואס איהר פאטער האט געטהאן —

— איך האב אייך ארויסגעטריעבען? האט אויסגערופען קלאַרא. וואס רעדט איהר? —

אין דיעזע מינוט זיינען אריינגעקומען דיא שפּיטאל־דיענער און האבען געזאגט. אז דיא צייט פון׳ם בעזוך איז פאַראיבער און זיי מוזען געהן א היים. קאָנראַד פעלזינג האט זיך אויפגעהויבען. קלאַרא אבער האט געזאגט פעסט און ענטשלאָסען:

— איך קען ניט פערלאָזען מיין אונגליקליכען פאטער. דא מוז איך בלייבען!

קאנראַד פעלזינג האט ערקלערט דיא שפּיטאל־דיענער, אז זיא איז יאַנאָדקין׳ס טאָכטער און זיא וויל ארומגעהן ארום איהר קראַנקען פאטער. דיא דיענער אבער האבען פון קיין זאך ניט געוואָלט וויסען. עס איז איין מאָל אזוי איינגעפיהרט, אז קיין פרעמדע מענשען טאָרען זיך ניט געפינען אין האָספּיטאל. קאָנראַד פעלזינג האט גע־מוזט געהן צום הויפּט־ארצט און אויסבעטען ביי איהם אן ערלויבניס, אז קלאַרא זאָל בלייבען ביי איהר פאטער.

— קומט נאך א מאל, פעלזינג, האט קלאַרא געבעטען, ווען פעלזינג האט גע־וואָלט אוועקגעהען. קומט נאך א מאל בעזוכען מיין פאטער.

פעלזינג האט איהר געגעבען דיא האנד, קלאַרא האט זיא פריינדליך צוגעפּרעסט. יעצט, ווען מען האט איהר ערלויבט צו בלייבען אין האָספּיטאל, האט זיא אנגעהויבען אויסצופרעגען דיא שפּיטאל־דיענער, וויא לאנג איהר פאטער ליעגט שוין אין האָספּיטאל און ווער עס פלעגט צו איהם קומען.

— אויסער דיעזען מאַן, האט מען איהר געענטפערט, פלעגט צו איהם קיינער ניט קומען. קיינער פלעגט אויף איהם ניט פרעגען.

זיא איז נאך געוואָהר־געוואָרען פיעל זאכען, וועלכע זיא האט זיך אויף קיין פאַל ניט געקענט ערקלערן. מען האט איהר דערצעהלט, אז זיא האט געהייראטעט און אז גאנץ פּעטערבורג איז געווען פול מיט איהר גלענצענדע הייראטה. זיא איז געוואָהר געוואָרען, אז זיא האָט געהייראטהעט איהר פאטערס א ברודער און נאך פיעל אַזעלכע זאכען, וועלכע זיא האט זיך אויף קיין פאַל ניט געקענט ערקלערן. זיא האט געוואַרט מיט אונגעדולד, אז פעלזינג זאָל קומען און זאל איהר ערקלערן, וואס דאָ איז געשעהן, אין דער צייט ווען זיא איז ניט געווען אין פּעטערבורג.

דער אַלטער יאַגאָדקין האט נאך אימער ניט געקענט רעדען. דיא איינציגע ווערטער, וועלכע ער האט ארויסגערעדט אין דער ערשטער איבערראַשונג, ווען ער האט דערזעהן זיין טאָכטער, זיין איינציגעס קינד: קלאַרא! מיין קינד! זיינען איהם געבליעבען. קוים האָט ער געעפענט דיא אויגען און זיא דערזעהן, פלעגט ער אויס־רופען: קלאַרא! מיין קינד! און פלעגט אנהויבען צו ריהרען מיט דער רעכטער האנד.

עס זיינען פערגאנגען צוויי טאג, זייט קלאַרא געפינט זיך אין האספּיטאַל לעבען איהר קראנקען פאטער. זיא האט געהאט ביי זיך אייניגע רובעל, וועלכע דער גראָס־פירסט קאָנסטאַנטין האט איהר געגעבען אויף רייזע קאָסטען און האט זיי אוועקגעגעבען דיא דיענער פון'ם האספּיטאל. זיא האט געבעטען דעם סמאטריטעל און ער האט געהייסען אריינשטעלען נאך א בעטעל אין איהר פאָטער'ס צימער פאר איהר. מען קען זיך לייכט דענקען, מיט וואס פאר א ליעבע, מיט וואס פאר אן ערגעבענהייט זיא איז ארומגעגאנגען ארום איהר קראנקען פאטער. זיא האט ניט אָפּגעטרעטען פון איהם אַ מינוט, האט דערראטהען אן זיינע אויגען, וואס ער פערלאנגט, האט איהם אלע מאל איבערגעבעטט זיין געלעגער און האט געזעהן, אז עס זאל זיין ריין. פון צייט צו צייט פלעגט זיא דער אלטער אָנחאַפּען ביי דער האנד און זיא צו האלטען שטונדען לאנג, גלייך וויא זיין לעבען איז אָפּגעהאנגען פון דיעזער האנד. זיא פלעגט איהם איינוויעגען און איינשלעפערן, וויא אַ קינד. ער פלעגט אנטשלאפען ווערן מיט דיא ווערטער: קלאַרא! מיין קינד! און פלעגט זיך אויפחאַפּען מיט דיעזעלבע ווערטער.

דער דריטער טאָג איז געווען אן עמפּפאנגס טאג, ווען פרעמדע מעגען קומען בעזוכען דיא קראנקע. קאנראַד פעלזינג איז פּינקטליך געקומען בעזוכען דעם קראנקען. ווען דער אלטער האט איהם דערזעהן, האט ער אויסגערופען!

— קלאַרא! מיין קינד!

קלאַרא האט געמיינט, אז ער רופט זיא, דער אלטער אבער האט געמאכט אַ

צייכען מיט דער האנד, אז ער רופט קאָנראַד פעלזינג, וועלכער איז אויך באַלד צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם אנגענומען ביי דער האנד. פרייד און גליק האבען זיך אויסגעדריקט אויף יאנאָדקינ׳ס געזיכט, ווען פעלזינג האט איהם אָנגענומען ביי דער האנד. ער האָט ניט געקענט רעדען, אָבער זיינע אויגען, דיא בעוועגונג פון זיין ליפען, דער שמייכעל, וואס האט זיך געוויזען אויף זיי האבען דייטליך געוויזען, וויא גליקליך ער איז, וואס ער זעהט איהם, וואס ער קומט צו איהם.

קלארא האט זיך געגעבען מיה, איהר פאטער זאל אנטשלאָפען ווערן. זיא האט זעהר געוואלט אויספרעגען קאָנראַד פעלזינג איבער אייניגע זאכען, וואס זיא האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן. ווען דער אלטער איז אנטשלאָפען געווארען, האט זיא איהם געהייסען זעצען זיך לעבען איהר אויפ׳ן בעט און האט איהם געבעטען, ער זאל איהר דערצעהלען, וויא אזוי ער איז אוועק פון זייער הויז, אָדער וויא אזוי זיא האט איהם ארויסגעטריעבען, וויא ער האט זיך אויסגעדריקט דאס ערשטע מאל, ווען זיי האבען זיך געזעהן.

— עס איז געווען גאנץ איינפאך, האט פעלזינג געזאגט. איך האב בעמערקט, אז איהר האט זיך געענדערט. איהר זייט געווען אויף א באַל ביי פעאָדאָראָ׳ן, האט געטרונקען זעהר פיעל שאמפאניער און זייט געווען אויסער אָרדענטליך פרעהליך —

— ווען איז דאס געווען? האט זיא איהם אונטערבראָכען זיינע ערצעהלונג.

ער האט איהר געזאגט, ווען דאס איז געווען, אין וואס פאר א טאָג און אין וואס פאר א מאָנאט.

— איך וויים נאך ניט, וואס דאמאָלס איז געשעהן, האט קלארא געזאגט טרויעריג, אָבער אן אונבעקאנטע האנד האט געשפיעלט מיט מיין פאָטער א שרעקליכעס שפיעל. איך בין קיין מאל ניט געווען ביי פעאָדאָראָ׳ן אויף קיין באַל און האב קיין מאל ביי איהר קיין שאמפאניער ניט געטרונקען.

— איך האב עס געוואוסט, האט פעלזינג געזאגט, איך האב פערשטאנען, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. איך האב באַלד איינגעזעהן, אז דאס איז ניט דיא שטילע, רוהיגע און עדעלע קלארא, אז דאָס איז אַן אנדערע — א בעטריעגערין. איך האָב עס געזאגט אייער פאָטער. ער האט מיר אָבער ניט געגלויבט. איך האב געמוזט פערלאזען אייער הויז. וואס שפּעטער איז געווען, וויים איך ניט. איך האב מיך ווייניג געקימערט, וואס עס קומט פאר ביי מיליאָנער יאנאָדקין אין הויז. איך האב דערנאך צופעליגער ווייזע געהערט, אז דער רייכער יאנאָדקין האט פערהייראטהעט זיין טאָכטער און האב זאגאר ניט געוואלט פרעגען, מיט ועמען.

קלארא איז געווארען אלץ טרויעריגער. זיא האט שוין צום צווייטען מאל געהערט, אז יאנאָדקינ׳ס טאָכטער האט געהייראטהעט און עס איז געווען זעהר אונאנגענעהם צו פיהלען זיך אין אזא זאנדערבארע לאגע. קוים שטעלט זיא זיך פאר אלס יאנאָדקינ׳ס טאָכטער, הייסט זיא א פערהייראטהעטע פרוי. זיא האט ניט געוואוסט, וואס פון דער פאַלשער קלארא׳ן איז געווארען, אָבער זיא האט ניט געוואלט צולאזען צו אזא סקאנדאל. זיא האט דאהער געבעטען פעלזינג׳ן, ער זאל דעריבער נאר שווייגען און זאל קיינעם ניט זאגען, אז זיא איז דאָ.

— איך האב אייך דערצעהלט אלעס, וואס איך ווייס, האט ער איהר ענדליך געזאגט, יעצט איז דיא רייהע אן אייך. יעצט דערצעהלט איהר מיר, וואס מיט אייך איז געשעהן און וואו איהר זייט דיא גאנצע צייט געווען. איך בין ניט נייגיעריג, עס ליעגט מיר אָבער זעהר פיעל דאראן צו וויסען, אויף וועלכער ארט איהר זייט פער־שוואונדען געווארען פון דער היים.

— עס איז א טרויעריגע געשיכטע, האט קלארא געענטפערט. איך קען זיא אייך דערצעהלען נור אין קורצע ווערטער, וויל פיעלעס איז פאר מיר אויך געבליעבען א רעטעניש, וועלכעס איך קען אויף קיין פאל ניט דערראטהען.

זיא האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער אלעס, וואס זיא האט געפונען פאר נייטיג איהם צו דערצעהלען. זיא האט איהם דערצעהלט, אז זיא איז א געוויסע צייט געווען פערשפארט אין א קעלער און דאן איז זיא איינגעטרעטען אין א מאָנאסטיר. קאנראד פעלזינג האט זיא אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. ווען זיא האט געענדיגט איהר ערצעהלונג, האט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט טרערין אין דיא אויגען און האט איהר געזאגט:

— איהר האט רעכט, ליעבע קלארא! אן אונבעקאנטע, פערברעכערישע האנד האָט געשפיעלט מיט מיר און מיט אייער פאָטער א שרעקליכעס, טרויעריגעס שפיעל. לאמיר עס פערגעסען, לאמיר דארויף ארויפוואַרפען א שווערן שלייער פון פערשוויע־גענהייט! — איהר האט יעצט א הייליגע פפליכט צו ערפילען. איהר קענט ניט אפטרע־טען פון אייער קראנקען פאטער. לאמיר זיך זארגען פאר איהם, לאמיר זעהן צו מילדערן זיין שיקזאל און צו ערלייכטערן זיין לאגע, וויא וויט עס איז מעגליך.

— יא, ליעבער פעלזינג! האט קלארא געזאגט פריינדליך. דאס איז יעצט דיא אויפגאבע פון מיין לעבען. איך מוז בלייבען לעבען דעם קראַנקען בעט פון מיין אונ־גליקליכען פאטער. ווער ווייס, דורך וועלכע שרעקליכע מיטעל ער איז געקומען צו דיעזער לאגע.

דער אלטער איז ניט געשלאפען, ער האט געהערט דיא לעצטע ווערטער פון קלאַרא'ן און פון פעלזינג'ן. ער האט געמאכט א צייכען, מען זאל איהם איבערקעהרן מיט'ן געזיכט צו זיי און האט געקוקט אויף זיי מיט פרייד און גליק. דיא שטונדען, אין וועלכע עס איז ערלויבט צו בעזוכען דיא קראנקע, זיינען באלד פאראיבערגעגאנגען. פעלזינג האט געמוזט א היים געהן. פארן א היים געהן האט ער זיך צוגעבויגען צו קלאַרא'ן און האט איהר געזאגט שטילערהייט:

— איך פערשטעה, אז איהר האט פון מאנאַסטיר קיין געלד ניט געבראַכט, אייך פעהלט אלעס נייטיגע, איהר וועט אייך ניט ענטזאגען אנצונעהמען פון אן אלטען פריינד אזא קלייניגקייט, וויא דאס איז.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר אריינגעלעגט אין האנד א פעקעל מיט געלד. קלאַרא איז רויט געווארען. ערשט יעצט האט זיא אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר א ווערטה געלד האט. ביז אהער האט זיא עס ניט געוואוסט. אין דיא דריי טעג, וואס זיא איז אין האספיטאל, האט זיא ערשט דערזעהן, אז יעדער פון דיא דיענער און דיא בעאמטע קוקען אויף דער האנד און אז דאס געלד בעקומט ערשט

א ווערטה, ווען מען איז אין דער נויט. זיא האט צוגענומען דאס געלד און האט איהם שטילערהייט געדריקט דיא האנד. פעלזינג איז אוועקגעגאנגען. ער האט לענגער ניט געקענט בלייבען. קלארא איז ענדליך געבליעבען אליין. א בעזאָנדערעס געפיהל, וועלכעס זיא האט זיך ניט געקענט ערקלערן, האט זיך אין איהר אָנגעהויבען צו ריהרען. — זיא האט אנגעהייבען צו דענקען אן קאָנראד פעלזינג. אין איהרע אויערן האט געקלונגען יעדעס ווארט, וואס ער האט גערעדט. יעדע מינע, וואס ער האט געמאכט, יעדער שמייכעל, יעדער קנייטש מיט׳ן שטערן איז געשטאנען פאר איהר וויא לעבעדיג. זיין בילד איז געשטאנען פאר איהר און האט גערעדט צו איהר. זיינע הענד האבען געהאלטען איהרע הענד און האבען זיי געווארמט. זיא האט געפיהלט, אז דיא בעריהרונג פון זיינע הענד האבען זיא דערווארמט און בעלעבט. זיא האט ניט געוואוסט, אז „אלטע ליעבע ווערט קיין מאל ניט פערראסטעט". א שטארקע נאטור קען נור איין מאל ליעבען אין איהר גאנצעס לעבען. דיעזע ליעבע אָבער איז שטארק, היילינ און פייעריג. „כי עזה כמות אהבה — רשפה רשפי אש, שלהבת יה." שטארק, וויא דער טוידט, איז דיא וואהרע ליעבע. זיא שפריהט מיט פייער פונקען — זיא איז אבער איינע געטליכע פלאמע.

דיא ליעבע איז ווירקליך א גאנץ בעזאָנדערעס געפיהל. זיא האט אין זיך עטוואס געטליכעס, עטוואָס ערהאבענעס, עטוואס אונערקלערליכעס. מיר געפינען דיא וואהרע ליעבע צווישען דיא ווילדעסטע פעלקער, מיר געפינען זיא צווישען חיות, צווישען פייגעל. מיר געפינען ביישפיעלע, וואו א הונד איז געלעגען אויף׳ן קבר פון זיין בעל הבית, האט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ביז ער איז געשטאָרבען. — וואס איז דאס פאר א גע־פיהל? וויא קען מען זיך דאס ערקלערן? — איין ענטפער איז נור דא: מיר ווייסען עס ניט! — מיר פיהלען, אז עטוואס שלעפט אונז, ציהט אונז און רייסט אונז. מיר מוזען עס פאלגען. מיר קענען אונזער לאגע. מיר פערשטעהן, אז מיר דארפען עס ניט טהאן און מיר טהוען עס דאך — מיר זיינען געצוואונגען עס צו טהאן, ווייל שטארק, וויא דער טוידט, איז דיא ליעבע.

אין דיעזע זאָנדערבארע לאגע איז געווען דיא ארימע קלארא. זיא איז געזעסען ביים טוידטען בעט פון איהר פאָטער. אלע איהרע געדאנקען, אלע איהרע טראכטען זיינען געווען נור וועגען איהר קראנקען פאטער. אין איהר הארץ איז, דאכט זיך, קיין פלאץ ניט געווען פאר אנדערע געפיהלע און דאך האט עס זיא געצויגען, געריסען, גע־שלעפט און געצוואונגען צו דענקען אן קאָנראד פעלזינג.

קלארא אָבער איז געווען א שטארקע נאטור. זיא האט זיך איבער וואונדען, זיא האט זיך גובר געווען. זיא האט פעריאָגט און פערטריעבען אלע אנדערע געדאנקען פון זיך און האט זיך בעשעפטיגט נור מיט איהר קראנקען פאָטער. דיא ליעבע פון א קינד צום פאטער איז געווען שטארקער, אלס איהר ליעבע צו קאָנראד פעלזינג. אין איהר הארץ האבען געקעמפפט דיעזעביידע געפיהלע און דיא קינדעס ליעבע האט געזיעגט.

מיט א גאנץ אנדערן געפיהל איז אוועק פון׳ם האָספּיטאל קאָנראד פעלזינג. דאמאָלס, ווען ער איז געווען ביי יאנאָדקין אין הויז, איז זיין וואונד נאך געווען גאנץ פריש. זיא האט זיך נאך ניט פערצוויגען — ער האט נאך ניט פערגעסען דיא אונגליק־ליכע לענא. קלארא איז איהם נעפעלען אלס א גוטעס, שטילעס, עדעלעס מעדכען. ער

האט זיא געשעצט, ער האט זיא געאַכטעט אלס א שטארקע, עדעלע נאטור — ער האט זיא אָבער ניט געליעבט. יעצט אבער, זייט ער האט זיא געזעהן ביי איהר פאָטער'ס קראנקען בעט; זייט ער האט געזעהן, מיט וואס פאר א ליעבע, מיט וואס פאר א ערגעבענהייט זיא געהט ארום איהר קראנקען פאָטער, האט זיך אין איהם דערוועקט אן אנדערעס געפיהל — דיא אכטונג צו איהר איז איבערגעגאנגען אין ליעבע. לאָמיר זיך ניט נאררען, וואס איז דען אכטונג? — ליעבע. ווען איך שעץ א מענשען, ווען איך אכטע איהם, איז דאס דערפאר, ווייל איך ליעב איהם, ווען איך האב פיינט איינעם — פעראכטע איך איהם.

דער שרייבער און דער לעזער קענען זעהר לייכט אורטהיילען איבער פעלזינגס געפיהל, ער אליין אבער האט גאר ניט אזויפיעל געטראכט און געקלערט. ער האט געפיהלט, אז עפעס ציהט איהם אין האספיטאָל און לאזט איהם ניט רוהען. זאגאָר זיינע שילער, דיא גימנאזיסטען, האבען בעמערקט, אז זייער לעהרער האט זיך עפּעס געענדערט. ער געהט ארום פערטראכט און גיט זיך ניט אָפּ מיט זיי אזוי פלייסיג און אזוי פריינדליך, וויא פריהער קאנראד פעלזינג איז ווירקליך ארומגעגאנגען, וויא א נעכטינער. וואו ער איז געגאנגען און וואו ער איז געשטאנען, איז איהם פאָרגעקומען קלארא'ס בילד. ער האט געצעהלט דיא טעג, דיא שטונדען און דיא מינוטען, ווען ער וועט שוין קענען געהן אין האָספיטאָל, זעהן קלארא'ן.

ענדליך איז געקומען דער געווינשטער טאג. ער איז געקומען אין האספיטאל מיט א האלבע שטונדע פאר דער בעשטימטער צייט און האט געמוזט ווארטען אין דרויסען, ביז דיא טויערן האבען זיך געעפענט פאר פרעמדע בעזוכער. ער איז האסטיג דורכגעלאפען דעם קארידאר און איז אריינגעגאנגען אין יאנאדקינ'ס צימער. קלארא האט אויף איהם געווארט. זיא האט געוואוסט, אז ער וועט קומען. זיא האט געוואוסט דיא מינוט, ווען ער וועט קומען. זיא האט איהם אויפגענומען פריינדליך, אָבער רוהיג. אויף איהר געזיכט האט מען ניט געקענט בעמערקען, וואס עס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען. מיט בעזאנדערער פרייד האט איהם בעגעגענט דער קראנקער.

— מיין קינד! מיין קלארא! האט ער אויסגעשריען, ווען ער האט איהם דער־זעהן און האט געמאכט א צייכען מיט דער האנד, ער זאל צוקומען צו איהם.

יאנאָדקינ'ס לאגע האט זיך אין דער לעצטער צייט פערשלימערט. ער איז גע־ווארען מיט יעדען טאָג שוואכער און שוואכער. און וואונדערבאר! וואס שוואכער זיין קערפּער איז געווארען, אַלץ העלער און קלארער איז געווארען זיין פערשטאנד. ער האט זעהר אפט געבעטען קלארא'ן מיט דיא אויגען און מיט דער רעכטער האנד, וועלכע ער האט געקענט ריהרען גאנץ לאנגזאם, זיא זאל צו איהם רעדען, זיא זאל איהם דער־צעהלען, וואו זיא איז געוועזען און וויא אזוי זיא האט פערבראכט דיא צייט. קלארא האט געפיהלט, וואס ער וויל; זיא האט פערשטאנען יעדען וואונק, יעדע בעוועגונג פון זיינע אויגען, פון זיינע ליפּען און פון זיין האנד. זיא האט איהם דערצעהלט, אז זיא איז געוועזען ערגעץ גאנץ וויים. זיא האט איהם ניט געוואלט דערצעהלען, אז זיא איז געוועזען אין א מאָנאסטיר. זיא האט איהם ניט געוואָלט בעטריעבען. זיא האט געוואוסט, אז דאס וועט איהם טרויעריג מאכען און דאס האט זיא אויף קיין פאל ניט געוואלט.

פעלזינג איז צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם געגעבען דיא האנד און געפרעגט, וואס ער מאכט. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער קען איהם ניט ענטפערן, ער האט איהם אבער געוואלט ווייזען א פריינדליכע מינע. א גליקליכער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף יאנאדקינ׳ס בלייכע ליפען. ער האט געזעהן, אז אין דיא לעצטע טעג פון זיין לעבען געפינען זיך צוויי וואהרע פריינד לעבען איהם. ער האט געהאלטען פעלזינגס האנד, האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען און האט געשמייכעלט.

קאנראד פעלזינג איז ווידער געזעסען, ביז דיא דיענער האבען איהם געהייסען ארויסגעהן. דאס מאל אבער האט ער מיט קלארא׳ן ניט געקענט רעדען אזוי פערטרויליך און פריינדליך, וויא דאס פארינע מאל, ווייל דער אלטער איז ניט געשלאפען. ער האט זיא נור געפרעגט, וויא עס געהט איהר, אויב עס פעהלט איהר ניט עפעס און אויב זיא דארף ניט נאך געלד. קלארא האט איהם געדאנקט און געזאגט:

— עס פעהלט מיר גאר נישט און איך דארף גאר נישט.

אזוי זיינען פערגאנגען א פאר וואכען. מיט יעדען מאל, וואס פעלזינג פלעגט קומען בעזוכען דעם קראנקען יאנאדקין, האט ער זיך אלץ מעהר איבערצייגט, אז קלארא איז איהם טהייער, אז עס ציהט איהם צו איהר — אז ער ליעבט זיא. ער האט בעמערקט אין איהר, אז זיא איז צו איהם אויך ניט גלייכגילטיג; ער האט געזעהן, וויא איהרע אויגען הייבען אן צו גלענצען, ווען ער קומט אריין. ליידער, איז קלארא געוועזען אין אזא לאגע, אז ער האט גאר ניט געקענט דענקען דאראן, ער זאל איהר יעצט ערקלערן זיין ליעבע. זיי האבען יעצט געקענט רעדען נור פון׳ם קראנקען. דער טוידט פארדערט אכטונג. ביים טוידטען בעט פון א מענשען מוזען אלע אנדערע געפיהלע שווייגען. ער האט געזעהן, אז יאנאדקין וועט לאנג ניט לעבען, אז דאס ענדע איז נאהענט און האט אויך געשוויעגען.

איין מאל איז ער געזעסען אין זיין צימער און האט געטראכט. זייט ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז ער ליעבט קלארא׳ן, האט ער זיך צו קיין שום ארבייט ניט געקענט נעהמען. ער איז אין גאנצען געוועזען בעשעפטיגט מיט זיין ליעבע. פלוצלונג איז אריינגעקומען א שפיטאל־דיענער און האט איהם געזאגט, אז יאנאדקינ׳ס טאכטער האט איהם געשיקט רופען, ער זאל באלד קומען. פעלזינג האט געוואוסט, צו וואס מען רופט איהם. מיט א פאר טאג פריהער איז ער געוועזען אין האספיטאל און האט געזעהן, אז מיט׳ן קראנקען שטעהט עס זעהר שלעכט. ער האט זיך באלד אנגעטהאן און איז אוועקגעפאהרען אין האספיטאל.

ער האט געפונען דעם קראנקען שלאפענדיג. קלארא איז געזעסען לעבען איהם מיט רויט פערוויינטע אויגען. זיא האט שוין צוויי נעכט ניט געשלאפען און האט אויסגעזעהן זעהר מיעד און צובראכען. פעלזינג האט זיא ניט געפרעגט, וואס זיא מאכט. שטילשווייגענד האט ער איהר געגעבען זיין האנד און האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען דעם קראנקענס בעט. זיי האבען ניט געוואלט רעדען איינער צום אנדערן אום דעם קראנקען ניט צו וועקען. אזוי זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט אין א שווערען, טרויעריגען, אונאנגענעהמען שטיל־שווייגען. פלוצלונג האט דער קראנקער געעפענ[illegible]

דיא אויגען און האט דערזעהן קאָנראד פעלזינג זיצענדיג לעבען איהם. א גליקליכער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפּען.

— מיין קינד! קלאַרא! האט ער ארויסגערעדט מיט א שוואכער שטימע און האט געמאכט א צייכען מיט זיין רעכטער האנד.

קאָנראד פעלזינג האט איהם געגעבען זיין האנד. דער קראנקער האט זיא פעסט געהאלטען און האט ווידער אמאל געזאגט עטליכע מאָל:

— מיין קינד! קלאַרא!

דיעזעס מאל איז עס געווען דייטליך, אז ער רופט קלאראין. קלארא האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט איהם געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס ער פערלאנגט. ער האט איהר געגעבען א צייכען, אז ער וויל איהר האנד. זיא האט ארייגעלעגט איהר האנד אין זיינע. דער קראנקער האט געהאלטען פעסט קלארא׳ס האנד און פעלזינג׳ס האנד פעראייניגט און האט ווידערהאָלט עטליכע מאָל שטילערהייט:

— מיין קינד! קלאַרא! און זיינע אויגען האבען געגלאנצט און עפּעס ביי זיי געבעטען.

פעלזינג האט איהם פערשטאנען. ער האט זיך אראפּגעלאזט פאר איהם אויף דיא קניע און האט געזאגט מיט א פייערליכער בעוועגטער שטימע:

— איך שווער אייך ביי אלעם, וואס איז מיר הייליג, אז איך וועל בעשיצען אייער קלאַרא און זיא ליעבען מיין לעבען־לאנג. איך שווער אייך, אז איך וועל זיא שטענדיג שעצען און אכטען, וויא זיא פערדיענט עס.

א שטילע פרייד האט זיך געוויעזען אויפ׳ן קראנקענס געזיכט. ער האט געוואונ־קען, אז ביידע זאלען זיך צו איהם צובייגען. זיי האבען עס געטהאן און א הייסער, לאנגער, טרייער קוש האט פעראייניגט אלע דריי. דער אלטער האט זיי געהאלטען אין דיעזער לאַגע אייניגע מינוט, אין וועלכע ער האט אלץ ווידערהאָלט: מיין קינד! קלאַרא! פון זיינע טרוקענע, פון דער קראנקהייט געשוואכטע אויגען האט זיך א גאַס געטהאן א שטראָם מיט טרערין. דאס זיינען געווען הייליגע פריידען־טרערין, דיא ערשטע, דיא בעסטע, דיא עהרליכסטע טרערין, וועלכע יאגאדקין האט אין זיין לעבען פערגאָסען.

דיא סצענע האט אבער אויף איהם אזוי שטארק געווירקט, אז ער האט באַלד אפּגעלאזען זייערע הענד, זיינע אויגען האבען זיך געשלאָסען, דיא ליפּען האבען זיך קוים בעוועגט און א שטילער הויך האט זיך קוים געהערט פון זיין מויל. אין א שטונדע ארום איז ער געווען טוידט. קלארא און פעלזינג האבען געוויינט שטילערהייט לעבען זיין בעט, ביז דיא שפּיטאל־דיענער זיינען געקומען און האבען זיי ערקלערט, אז יעצט האבען זיי אנדערע פּפליכטען צו ערפיהלען. דער לאַמפּ האט אויסגעברענט, דאס פייער איז פערלאָשען, מען מוז איהם אראפּראַמען און מאכען פּלאַץ פאר אנדערע.

יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייע מין טהעטיגקייט פאר קאָנראד פעלזינג. ער האט געמאכט פּאָרבערייטונגען צו בעערדיגען דעם טוידטען. קלארא איז געווען אזוי ניעדערגעשלאגען, אז זיא האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר. אויסער דעם איז זיא געווען אזוי פרעמד אין פעטערבורג, אז זיא האט ניט געוואוסט, וואו א

טהיר עפענט זיך. לויט דעם געזעץ אין רוסלאנד, האט מען געמוזט האַלטען דעם טוידטען דריי טאג. ערשט אויפ׳ן דריטען טאג האט מען איהם בעערדיגט.

אין אן איינפאַכען מיט שווארצען איבערגעצויגענעם קאסטען האט מען ארויס־געפיהרט יאגאדקין׳ס לייכע אויף דעם פּלאץ פון איהר אייביגער רוה. הינטער דעם טוידטען־וואגען זיינען נאכגעגאנגען נור צוויי מענשען — קלארא און קאָנראד פעלזינג. אויף דעם לאנגען וועג פון האָספּיטאל ביז צום בעערדיגונגס־פּלאץ האבען זיי קיין וואָרט ניט גערעדט איינער מיט׳ן אנדערן. קלארא׳ס הערץ איז געווען פול מיט איהר שמערץ און זיא האט פון קיין אנדער זאך ניט געקענט דענקען. פעלזינג איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. איהם האבען בעשעפטיגט גאנץ אנדערע זאָרגען. ער מוז יעצט, היינט נאך, זוכען א וואָינונג פאר קלארא׳ן. ווען ער וועט שוין געפינען א וואָינונג, הייבען זיך ערשט אן אנדערע פראגען: אין פּעטערבורג קען זיא ניט בלייבען. אלע ווייסען, אז זיא איז פערהייראַטהעט. ווען זיא קומט יעצט פאָר וועלען זיך אנהייבען פראגען און גערעד. מעגליך, אז עס קען פיהרען צו א שרעקליכען סקאנדאל. אויסער־דעם קען ער זיא ניט הייראַטהען, ווייל זיא איז דאך א נאָנע. זיא איז געווען אין א מאנאסטיר און האט געשוואָרען קיין מאל ניט צו הייראַטהען: וואס טהוט מען יעצט אין אזא טרויעריגער לאגע?

דיעזע געדאנקען האבען איהם ניט געלאָזט רוהען שוין זייט עטליכע טעג. ער האט צוואר שוין געמאכט זיך א פּלאן. ער מוז אבער רעדען פריהער מיט קלארא׳ן דאריבער, זיא פרעגען, אויב זיא וויליגט איין, אויב זיא וועט זיך ענטשליעסען מיט איהם אוועקצופאהרען אין פרעמדע אונבעקאנטע לענדער.

אונטערדעסען איז דער טוידטען־וואגען אנגעקומען אויף דעם אָרט, וואו מיר בעהאלטען אויף אייביג דאס בעסטע און דאס טהייערסטע. אלעס איז געווען פאַרבע־רייטעט. דיא צערעמאניע איז געווען גאנץ קורץ, דאס הייסט, עס איז גאר קיין צערע־מאָניע ניט געווען. וואס דארף מען דיא צערעמאָניע? דער קאמפּף פון לעבען און טוידט האט זיך שוין געענדיגט. יעצט העלפט שוין ניט קיין טרערין, ניט קיין ליעדער ניט קיין געבעט. מען האט אראפּגעלאזען דעם קאסטען אין גרוב און מען האט איהם פערשיט. א קליין בערגעלע פון גלען זאמד האט געוויעזען, אז עס איז צוגעקומען א נייער גאסט.

נאך א טרויעריגען בליק האבען געוואָרפען דיא איינציגע צוויי מענשען, וועלכע האבען ביינעוואָינט דיא בעערדיגונג, אויפ׳ן פרישען בערגעלע און זיינען זיך אוועקגע־גאנגען. יעצט האט זיך אנגעהויבען דיא פראגע: וואו נעהמט מען א צימער פאר קלארא׳ן? דער טוידטער ליעגט רוהיג אין זיין גראב, דער לעבעדיגער מוז האבען אלעס, וואס איז נויטווענדיג צום לעבען. זיי זיינען געגאנגען זוכען א קווארטיר. פעלזינג האט געוואָלט, אז קלארא זאל וואָינען ניט ווייט פון איהם. ער זאל זיא אָפט קענען זעהן. אין אן אנדערער צייט וואָלטען זיי געזוכט, אז דיא קווארטיר זאל זיין בעסער און שעהנער, יעצט אבער האבען זיי גענומען דיא ערשטע קווארטיר, וואס זיי האבען אנ־געטראפען. פעלזינג האט געוואוסט, אז עס איז ניט אויף לאנג. —

עס זיינען פאַראיבער געגאנגען דריי טאג, זייט קלארא וואָינט אין איהר צימער

נים ווייט פון פעלזינג׳ס קווארטיר. ער איז געווען ביי איהר זעהר אָפט און איז געווען צופריעדען, ווען ער האט געזעהן, אז זיא האט זיך אביסעל בערוהיגט. וואס דיא ערד פערדעקט דאס ווערט פערגעסען. קלארא האט צוואר ניט פערגעסען איהר פאטער, אבער איהר שמערץ איז געוואָרען שטילער, רוהיגער און ניט אזוי שאַרף. דעם פערטען טאג אום זיעבען אוהר אבענדס איז ער געקומען צו איהר, וויא געוועהנליך, זיא בעזוכען און צוברענגען ביי איהר דעם אבענד. זיא האט געמאכט דעם סאמאוואר און האט איהם ארויפגעשטעלט אויף׳ן טיש. זיי האבען זיך געזעצט טרינקען טהעע, וויא עס איז איינגעפיהרט אין רוסלאנד. פעלזינג איז געווען פערטראכט און טרויעריג. קלארא האט עס בעמערקט און האט זיך ניט געקענט איינהאלטען איהם צו פרעגען, וואס איז מיט איהם? פארוואס איז ער אזוי טרויעריג? אייניגע מינוטען האט ער געשוויעגען און האט זיך איבערלעגט, וואס צו רעדען און אויב זיא האט זיך אזוי פיעל בערוהיגט, אז ער קען שוין מיט איהר רעדען. ענדליך האט ער זיך ענטשלאָסען איהר אלעס ארויס־צוזאגען.

— ליעבע קלארא, מיך בעשעפטיגט יעצט א זעהר וויכטיגע פראגע — אונזער צוקונפט. מיר קענען דא ניט בלייבען. פעטערבורג האט פאר אונז אזעלכע טרויעריגע עראינערונגען, מיר האבען איבערגעליטען אין פעטערבורג אזויפיעל שמערצען און ליידען, אז עס איז אונמעגליך דא וויטער צו בלייבען. אויסער דעם איז אין רוסלאנד זעהר שווער צו בלייבען. א מענש מיט פערשטאנד, א מענש מיט געפיהל קען עס ניט איבערטראגען צו לעבען בעשטענדיג אין שרעק, טאמער שטעהט דיר א שפּיאָן הינטער דער פּלייצע. דוא קענסט ווייניג רוסלאנד, ווייל דוא האסט געלעבט שטענדיג איינגע־שפּארט אין פיער ווענד. איך קען רוסלאנד בעסער פון דיר. איך האב אין רוסלאנד דורכגעלעבט זעהר שווערע און טרויעריגע שטונדען. איך וואלט מיך געשעצט גליקליך, איך זאל שוין א מאל אטהעמען אביסעל פרייער. — וואס דענקסט דוא קלארא, ווען מיר זאלען פאהרען קיין אמעריקא? —

— קיין אמעריקא? האט קלארא אויסגערופען ערשטוינט. קיין אמעריקא? איי א פרעמד לאנד, צווישען פרעמדע מענשען פון וועלכע איך קען ניט דיא שפּראכע דיא זיטען (מנהגים)? קיין אמעריקא? אין דיעזעס נייע לאנד, וועלכעס איז נאך האלב ווילד? — איך ווייס ניט. איך האב קיין מאל ניט געדאכט פון אמעריקא. איך שטעל מיר פאר, אז אין אמעריקא וואָינען נור יעגער, ווילדע מענשען, נעגער און פערברעכער וועלכע אנטלויפען פון אייראפּא.

— איך ווייס, אז דוא קענסט אמעריקא זעהר ווייניג, האט פעלזינג געענטפערט רוהיג. עס איז זעהר ווייט פון אונז, אמעריקאנער קומען צו אונז זעהר זעלטען און מיר שטעלען זיך פאר, אז דארט זיינען דיא מענשען מיט הערנער. איך האב אין דער לעצ־טער צייט זעהר פיעל געלעזען איבער אמעריקא, איך האב עס שטודירט אוי ווייס, אז אין אמעריקא לעבען פונקט דיעזעלבע מענשען, וואס היע אין פעטערבורג, דער אונטער־שיעד איז נור, אז אין אמעריקא ווייס מען ניט פון דעם דרוק, פון דער טיראניי וואס פרעסט אונז אזוי שטארק אין רוסלאנד. דאס אמעריקאנישע פאָלק האט זיך אנדערש געבילדעט, וויא דאס רוסישע. עס איז געוואָינט צור פרייהייט, עס ליעבט דיא פרייהייט

און עס לעבט פריי. „דער מענש ברויכט ווייניג, און רייך אן לעבען איז דיא נאַטור“, האט געזאָגט אַ גרויסער דייטשער דיכטער. אין אמעריקא איז נאך דא גענוג פּלאַץ פאר פיעלע מיליאָנען מענשען. אין אַמעריקא ווילען מיר קענען אנהייבען צו פיהרען א נייעס, פרישעס, געזונדעס און פרייעס לעבען. איך פיהל מיך אים שטאנד צו ארבייטען, איך וויל ארבייטען, איך וויל עפּעס טהאן. היינט בין איך געבונדען, היינט בין איך געצוואונ־גען צו טהאן דאס, וואס מען הייסט מיר. דארט וועל איך טהאן, וואס איך וועל נור ווילען.

קלארא האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט געשוויגען. דער גע־דאנק צו פאהרען קיין אמעריקא איז געווען ביי איהר אזוי ניי און אזוי פרעמד, אז זיא האט זיך געמוזט אייניגע צייט איבערלעגען, איידער זיא האט געקענט ענטפערן א וואָרט. אמעריקא האט ביי איהר געהייסען ערגעץ־ווייט אין עק־וועלט, הינטער דיא הרי חושך. אמעריקא האט ביי איהר געהייסען א פערוואָרפען ווינקעל ערגעץ אויף גאָט׳ס ערד, וואוהין מען מוז נור אַנטלויפען, אבער ניט פאהרען מיט׳ן פרייען ווילען.

— וואס קענען מיר טהאן אין אמעריקא? האט זיא ענדליך געפרעגט. מיר האבען קיין געלד ניט, מיר האבען ניט פארוואס צו קויפען דאָרט א פארם. וואס קענען מיר דאָרט טהאן? פון וואנען ווילען מיר לעבען?

קאנראד האט זיא בעטראכט מיט שטוינען. וויא קומט עס צו קלאַרא׳ן אזעלכע פּראַקטישע פראגען? ער האט זיא געקענט אלס א פערטראכטע, א טרוימערין, וועלכע פערשטעהט גאר־נישט פון דער וועלט און פּלוצלונג גיט זיא איהם אויף אזעלכע פרא־גען? ער האט ניט געוואוסט, אז וויא פערטראכט און טרוימעריש א פרוי זאל ניט זיין, איז זיא אימער נאך פיעל מעהר פּראַקטישער אלס א מאן. דיא פרוי ווערט גע־בארען מיט א פּראַקטישען געפיהל. דאס מעדכען האלט איהר שפּיעלצייג און איהרע ביכער אין א בעסערער אָרדנונג אלס דאס יינגעל. נעהמט צוויי קינדער פון זעקס, זיעבען יאהר, א יינגעל מיט א מיידעל און גיט זיי שפּיעלצייג און איהר וועט באַלד זעהן, וויא פּראַקטיש, וויא קלוג דאס מיידעל וועט זיי איינאָרדענען און צונויפלעגען. דאס יינגעל וועט זיי באלד צוברעכען און צוואַרפען. דיא פרוי איז געבוירען מיט׳ן געפיהל פון אָרדנונג, פוןווירטהשאפט און פון א פּראַקטישען לעבען. מען וואונדערט זיך אין אייראפּא, וואס אין אמעריקא זיינען אזוי פיעל פרויען בעשעפטיגט אלס בוכ־האלטערס, אלס קאָררעספּאָנדענטען, אלס סיילס־לייט (פּריקאַזשטשיקעס) און פיעלע אנדערע בעשעפטיגונג, וואס אין אייראָפּא בעשעפטיגען זיך דערמיט נור מענער. נור דער פּראַקטישער אמעריקאנער האט באלד פערשטאנען, אז פאר א פּראַקטישע טהעט־טיגקייט, אין דער קאָמערץ־וועלט, איז דיא פרוי פיעל פּאַסענדער, פיעל פּראַקטישער אלס דער מאן. מיר האבען שוין געזעהן פעלע, וואו דער מאן איז געשטאנען אין מא־גאזין מיט דער אייל אין דער האנד, האט פערקויפט קאַליקאָ און האט אין דערזעלבער צייט געזוכט צו לעזען אָן אויפגאבע פון דער פּאליטיק אדער פון דער וויסענשאפט. מיט א פרוי קען זיך עס קיין מאל ניט טרעפען. ווען זיא שטעהט מיט דער אייל אין דער האנד, דענקט זיא נור פון׳ם קאַליקאָ.—זיא איז צו פּראַקטיש צו דענקען דאמאלס פון פּאָליטיק אדער פון דער וויסענשאפט.

קאָנראַד פעלזינג האט עס אבער ניט געוואוסט. קלאַראַ'ס פראַגע האט איהם דאהער איבערראַשט. ער האט אבער ניט לאַנג געטראַכט און האט איהר געענטפערט:

— פון וואַנען לעב איך דאָ? וואס טהו איך דאָ? — דאס זעלבע וועל איך טהאַן אין אמעריקא. פערגעס ניט, ליעבע קלאַרא, אז מיר זיינען יונג און פול מיט קראַפט, מיר מוזען עפּעס טהאַן, זיך מיט עפּעס בעשעפטיגען. מיר וועלען אין אמעריקא געפינען גענוג געלעגענהייט זיך מיט עפּעס צו בעשעפטיגען. דוא וועסט דאך אויך ניט וועלען זיצען לעדיג. דוא וועסט דאך אויך וועלען עפּעס טהאַן, און אז מען זוכט געפינט מען.

קלאַרא האט נאָך געטראַכט אייניגע מינוט, דאַן האט זיא איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געזאגט ערנסט און ליעבעפאָל:

— איך וועל פאהרען מיט דיר, געליעבטער, וואוהין דוא וועסט מיך פיהרען. איך האב געוויס ניט אין רוסלאנד קיינעם צו בעדויערן. דוא ווייסט דאָך, אז איך בין יעצט אליין אויף דער וועלט, אליין, וויא א שטיין אויפ'ן פעלד. דיא איינציגע פרוי, וועלכע איך ליעב און שעץ וויא א מוטער — שוועסטער אננאַ — איז פערשפּאַרט אין דיא פינסטערע מויערן פון א מאָנאַסטיר. — איך האב ניט, וואס צו פערליערען אין רוסלאַנד, איך האב ניט, וואס צו געווינען אין אמעריקא. איך געה מיט דיר, ווייל איך ליעב דיך.

קאָנראַד פעלזינג האט זיא ארומגענומען און האט איהר א קוש געטהאַן. ער איז געווען גליקליך ענדליך אוועקצופאהרען פון דיעזער שטאדט, פון דיעזען לאַנד, וואו ער האט געליטען אזוי פיעל צרות און וואו ער האט זיך אנגעזעהן אזוי פיעל ליידען.

זייט ער איז געוואָרען לעהרער אין גימנאזיום, האט ער געהאט א שעהנעם געהאלט. ער האט געלעבט זעהר עקאָנאָמיש און האט אפּגעשפּאַרט אייניגע רובעל אויף א נויט. מיט דיעזע עטליכע רובעל האט ער מיט קלאַראַ'ן געקענט פאהרען קיין אמעריקא.

שוין דעם אנדערן טאג איז ער אויסגעווען אין אלע קאנטארען, האט זיך אנגע־פרעגט, וואס עס דאַרף קאָסטען שיפסקאַרטען, וואס מען דאַרף זיך אנגרייטען אויף דער רייזע און וועלכער איז דער נעהענטסטער וועג קיין נויאָרק. קלאַרא איז געבליעבען רוהיג און איז אין ערגעץ ניט געגאַנגען. ביי איהר איז געווען רעכט אלעס, וואס פעלזינג האט געטהאַן. זיא האט געוואוסט, אז ער וועט אלעס איינריכטען, וויא צום בעסטען און איז געבליעבען רוהיג. דאס איינציגע וואס מען האט בעמערקט אין איהר צימער, אז זיא פאהרט קיין אמעריקא, איז געווען „דער ענגלישער לעהרער“, א בוך זיך צו לערנען ענגליש.

זייערע פאָרבערייטונגען האבען געדויערט ניט לאַנג, אין א מאָנאַט שפּעטער נאָך יאַנאַדסקי'ס טוידט, זיינען זיי געווען אין האמבורג.

---

## 78טעס קאפּיטעל.

## אויף דיא רעלסען.

דער ווינטער איז פאָראיבער. מיט זיינע פרעסט, מיט זיינע קעלטען, מיט זיינע זאווערוכעס (שנעע־שטורם) עס איז געקומען דער פריהלינג. עס איז געוואָרען ווארם, דיא ערד האט זיך אנגעטהאן איהר שעהנעס גרינעס קלייד בעזייט מיט בלומען פון אלערליי פארבען. דיא ביימער האבען זיך אויפגעחאפּט פון זייער לאנגען ווינטער־שלאף און האבען זיך אנגעטהאן אין זייערע יום־טוב'דיגע קליידער, גלייך וויא זיי וואָלטען זיך פאָרבערייטעט צו געהן אויף א באלל. פרעהליכע פייגעלעך זיינען געקומען צופליהען פון ווייטע, ווייטע לענדער און זינגען און פלוידערן אזוי הויך, אזוי פרעהליך, אזוי גליקליך, גלייך וויא זיי פרייען זיך, וואס זיי זיינען ענדליך צוריקגעקומען א היים, וואו זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. אלעס לעבט, אלעס פרייט זיך, אלעס איז גליקליך. דיא ליעבע זון גלענצט און וואַרמט. זיא בלייבט לענגער שטעהן אויפ'ן הימעל, גלייך וויא זיא וויל אפּגעבען דיא מענשען דיא ליכטיגקייט און דיא וואַרימקייט, וואס זיא האָט ביי זיי צוגענומען אים ווינטער.

אלעס לעבט, אלעס איז פרעהליך, אלעס איז גליקליך אין דיא פעלדער, אין דיא וועלדער, אויף דיא בערג און אין דיא טהאלען, אבער ניט אין דיא גרויסע שטעדט, וואו דיא מענשען זיצען צונויפגעפּרעסט אין זייערע ענגע וואָינונגען, וויא דיא הערינג אין א פאס. פאר זיי איז דער זומער א פּלאגע. אין דיא ענגע שמוציגע גאסען פון דער גרויסער שטאדט ברענגט דער זומער קיינע ערלייכטערונג. דער מענש פיהלט דיא ברענענדע היץ און קען ניט געניעסען דיא פרישע, פרייע און געזונדע לופט פון דיא פעלדער און דיא וועלדער. דיא רייכע אנטלויפען אים זומער פון דער גרויסער שטאדט אין זייערע ווילא'ס (דאטשא'ס) ווער עס איז נור אימשטאנד, דער פאהרט ארויס פון פעטערבורג אין א דאָרף, אין א לאנד־הויז און פערברענגט דאָרט דעם זומער.

אויך אין קייזערליכען ווינטער־פאלאץ זעהט מען א בעזאָנדערע בעשעפטיגקייט. דיענער, לאקייעס און בעאמטע לויפען ארום פערסאָפּעט און בעשעפטיגט. קייסער אלכסנדר דער צווייטער פאהרט ארויס אין זיין זומער־פאלאץ אין גאטשינא. דער קייסער אליין איז נאך אין דער פריה אוועקגעפאהרען, יעצט פאהרט ארויס זיין קאנ־צעלאריע און זיין קיך. עס שטעהן גרויסע קאסטענס, אין וועלכע מען פאקט צונויף אלערליי זאכען, אלערליי פאפּיערען און דאָקומענטען, וועלכע מען דארף פארלעגען דעם קייסער, ער זאל זיי אונטערשרייבען. עס שטעהט נאך צוואר א וואך צום פאלאץ, אבער דיא וואך ווייס זעהר גוט, אז זיא שטעהט נור גלאט אזוי צום שיין, פּראָ־פאָרמאַ, ווייל עס איז שוין ניטאָ וועמען צו בעוואכען. נאך היינט וועט מען אבשליעסען אלע טהירען און אלע טויערן, אלע וועלען אוועקפאהרען, דער פאלאץ וועט בלייבען אליין, און דיא וואך וועט דאָך שטעהן. דיא וואך ווייס עס גאנץ גוט און קוקט זיך יעצט וועניג אום, ווער עס געהט אריין און ווער עס געהט ארויס. עס שטעהן שוין ניט קיין אגענטען פון דער געהיים־פאָליציי אום צו בעזוכען יעדען, ווער עס וויל אריינגעהן און פרעגען ביי איהם א קאַרטע מיט דער אונטערשריפט פון'ם מיניסטער דעם קייזערליכען הויף.

עס איז דאָהער קיין וואונדער ניט, ווען א מאן אין דעם מונדיר פון דיא קייזער־ליבע לאַקייעס איז אריינגעקומען אין פּאַלאַץ, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און איז געגאַנגען גלייך אין דעם קייסער׳ס קאַנצעלאַריע, וואו מען האט געפּאַקט און צונויפגעלעגט דיא פּאַפּיערען און דאָקומענטען. דעם קייסער׳ס פּריוואַט־סעקרעטער דער געהיים־ראַטה (טאַיני סאָוויעטניק) האַמבורגער, איז נאך היינט אין דער פריה אוועקגעפאהרען מיט׳ן קייסער קיין גאַטשינאַ. ער האט אלעס איבערגעלאָזען אין גוטער אָרדנונג און יעצט שטעהן נור צוויי דיענער און לעגען צונויף דיא פּאַפּיערען, וויא האַמבורגער האט זיי אנגעזאגט.

— גראַף וואָראָנצאָוו־דאַשקאָוו, דער מיניסטער פון׳ם קייזערליכען הויף, האט מיך געשיקט, איך זאָל אייך העלפען פּאַקען. האט געזאגט דער דיענער, וועלכער איז נור וואס געקומען. דער קייסער האט געהייסען, אז מען זאָל איהם צושיקען זיין קאַנ־צעלאַריע נאך היינט צום מיטאג.

— נעהם און העלף אונז, האבען איהם דיא דיענער געענטפערט, מיר האבען נאך נור דעם איינעם שובלאַד אויסצוראַמען.

דער נייער דיענער האט געעפענט דיא שובלאַדע און האט אנגעהויבען אויסצו־ראַמען, וואס דארט איז געווען. וואלטען זיך דיא אנדערע צוויי אומגעקוקט, וואלטען זיי געזעהן, וויא דער נייער דיענער האט ארויסגענומען איינינגע בריעף פון דער קעשינע און האט זיי אריינגעלעגט צווישען דיא פּעקלעך דאָקומענטען, וואס זיינען געלעגען אין דער שובלאַדע. ער האט זיי אריינגעלעגט אזוי געשיקט און אזוי קינסטליך, אז עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען, אז דיא פּעקלעך זיינען געריהרט געוואָרען. קוים האט ער אריינגערוקט א בריעף אין א פּעקעל פּאַפּיערען, האט ער באַלד איבערגעגעבען דאס פּעקעל דיא אנדערע צוויי. דערביי האט ער זיך אזוי געאיילט און יעדעס מאָל וויעדערהאָלט, אז דער קייסער דארף נאך היינט האבען דיא דאָקומענטען, אז ער האט זיי ניט געלאזט לעבען. ענדליך זיינען אלע פּאַפּיערען געווען פערפּאַקט און צונויפגעלעגט אין דער אָרדנונג, וויא האַמבורגער האט זיי אָנגעזאגט. מען האט פערשלאָסען דעם קאַסטען, איהם פערבונדען און פערזיעגעלט און אלע דריי דיענער האבען איהם לאַנג־זאַם און פּאָרזיכטיג גלייך וויא ער וואלט געווען פון גלאָז ארויסגעטראָגען אויפ׳ן הויף און איהם ארויפגעלעגט אויף א וואגען, וועלכער איז דארט געשטאנען בערייט אויפצו־נעהמען דאס געפּעק פון׳ם ווינטער פּאַלאַץ.

— דער קייסער דארף האבען איינינגע דאָקומענטען נאך היינט צום מיטאָג, האט געזאגט דער לעצטער פון דיא דריי דיענער צום קוטשער.

דיא ערשטע צוויי זיינען צוריקגעגאַנגען אין פּאַלאַץ טהאָן אנאַנדערע ארבייט, דער דריטער האט זיך אויסגעדרעהט און איז ארויס אויף דער גאס. ער איז געגאַנגען אנפאַנגס גאַנץ לאַנגזאם, וואס ווייטער ער איז אבער געווען פון פּאַלאַץ, אלס האַס־טיגער איז ער געגאַנגען, ביז ער איז צוגעקומען צו א הויז, וואו ער איז פערשוואונדען געוואָרען. — מיר מעגען איהם נאכגעהן און הערן, וואס ער זאָגט. ווען ער איז אריינ־געגאַנגען אין דאס קליינע טהיערעלע פון׳ם טויער, האט ער עס באַלד פערריעגעלט און פערשלאָסען און איז ארויפגעגאַנגען אויפ׳ן צווייטען שטאק. דארט האט ער געגעבען

צוויי קלעפּ אין א טהיר, וועלכע האט זיך באַל גענעפענט. ער איז אריין אין צימער און האט פון זיך אראָפּגעוואָרפען דעם מונדיר מיט דיא הויכע שטיוועל.

— איך האב דיא ווארנונגען פערזאָרגט, האט ער געזאגט צו א יונגער פרוי, וועלכע איז געזעסען און האט זיך בעשעפטיגט מיט נעהען. ער וועט זיי מארגען אָדער העכסטענס איבערמארגען געוויס ערהאלטען. לאז ער וויסען, אז מיר שלאפען ניט, אז מיר טהוען עפּעס און מיר וועלען האלטען אונזער ווארט.

— וועט ער זיי איבערמארגען געוויס ערהאלטען? האט געפרעגט דיא יונגע פרוי גלייכגילטיג. עס איז זעהר וויכטיג פאר אונז, ער זאל ערהאלטען אונזערע ווארנונגען. וויא אזוי קען מען עס געוואָהר ווערן, אז ער האט זיי ריכטיג ערהאלטען?

— ער מוז זיי ערהאלטען! האט אויסגערופען דער מאן. איך האב זיי אריינגע־לעגט צווישען דיא וויכטיגסטע דאָקומענטען. איך האב זיי געלעגט פון אויבען. ווען האמבורגער וועט אויספּאַקען זיינע פּאַפּיערען, מוז ער זיי דערזעהן. ער וועט זיי געוויס ווייזען דעם קייסער, וועלכער וועט זיך אביסעל וואונדערן. צו זעהן, וואס פאר א פּינקטליכע פּאָסט מיר האָבען.

— האסט דוא שוין אלעס בערייט געמאכט פאר אונזער רייזע? האט דיא פרוי ווייטער געפרעגט און האט גאנץ רוהיג ווייטער גענעהט. איך בין זיכער, אז אלכסנדר II וועט זיך גאנץ ווייניג אומקוקען אויף אונזערע ווארנונגען און מיר וועלען מוזען פאהרען אויספיהרען אונזער פּלאַן.

— באָיאַנאָווסקי איז יעצט אין מאסקווא, האט דער מאַן געענטפערט, מיר קענען ניט פאהרען, ביז מיר וועלען ערהאלטען פון איהם א גענויע נאכריכט, אז ער האט אויסגעפונען א פּאסענדען אָרט. מיר מוזען האבען אליין א שטיבעלע ערגעץ לעבען דער אייזענבאהן ליניע. מיר זיינען פערטיג, מיר דארפען זיך ניט פיעל קלייבען אין וועג אריין.

אונטערדעסען האט דער קייסער געלעבט גאנץ גליקליך אין גאַטשינא. עס איז געוועזען דער ערשטער טאג, וואס ער איז געקומען קיין גאַטשינא. זיין קאַנצעלאריע איז נאך ניט אָנגעקומען, קיינער האט איהם ניט געשטערט, קיינער פון זיינע מיניסטאָרען און פון זיינע בעאמטע איז ניט געקומען היינט צו איהם מיט א ראפּאָרט. ער איז געוועזען גליקליך. ער איז ארומגעגאנגען אין דיא אַלעען פון'ם גרויסען פּארק אין גאַטשינא, האט בעטראַכט יעדעס ביימעלע און יעדעס גרעזעלע און האט זיי בעגריסט אלס אלטע בעקאַנטע. ער איז געוועזען גליקליך, וואס ער האט געקענט ווענינגסטענס אויף איין טאָג אראָפּוואַרפען פון זיך דעם שווערן יאך פון דער רעגיערונג. עס איז איהם שוין נמאס געוואָרען דיא אלע ראפּאָרטען, דיא אלע פּראָיעקטען, מיט וועלכע מען האט איהם טעגליך געפּלאַגט. ער האט געוואָלט זיין אליין, פריי פון אלע זארגען ווענינגסטענס איין טאג. ער איז ארומגעגאנגען אין פּארק גאנץ אליין, זאגאר קיין אַדיוטאַנט האט ער מיט זיך ניט מיטגענומען. אין גאַטשינא האט ער זיך געפיהלט פיעל זיכערער, וויא אין פּעטערבורג, דא האט ער פאר קיינעם קיין מורא ניט געהאט.

גאַטשינא איז א שטעדטעל פון ניין טויזענד איינוואָינער. אלע זיינען בעקאַנט דער פּאָליציי. אין גאַטשינא איז דא א גאנץ בעזונדערע פּאָליציי, וועלכע קוקט גאנץ אנדערש אויף דיא איינוואָינער, וויא אין אַנאַנדערערער שטאדט אין רוסלאַנד. א

פרעמדען איז זעהר שווער צו קומען קיין גאטשינא. דיא טויערן פון דער שטאדט ווערן שטרענג בעוואכט, מען קוקט נאך יעדען, וואס פאהרט אריין און ארויס. דער קייזער־ליכער שלאס ליעגט אויף א בערגעל א וויארסט פון גאטשינא. קייסער אלכסנדר האט זעהר גוט געוואוסט, אז גאטשינא איז אויך בעפלעקט געווארען מיט בלוט פון דיא ראמאנאוו ס. אין גאטשינא האט דיא קייסערין יעקאטערינא II געהייסען דערוואַרגען איהר מאן, דעם קייסער פעטער III, ער האט אבער אויך געוואוסט, אז עס איז ניטא איין קייסערליכער שלאס אין רוסלאנד, אין וועלכען עס איז ניט געפלאסען דאס בלוט פון דיא ראמאנאוו'ס. גאטשינא איז איהם אבער געווען דערפאר אנגענעהם, וואס עס ליעגט גאנץ אבגעזאנדערט פון אנדערע הייזער און פאלאצען אין דיא דיקע מויערן פון גאטשינא האט ער זיך געגלויבט גאנץ זיכער.

אום פיער אוהר איז ער געגאנגען כ' טאג עסען. דאס מאל האט ער געגעסען גאנץ אליין. דיא גראספירסטען און זיין קראנקע פרוי, דיא קייסערין מאריא פעאדאָ־ראָוונא, זיינען נאך געבליעבען אין פעטערבורג. דיא קייסערין האט זיך געקליעבען צו פאהרען קיין קאן אין פראנקרייך, זיך באדען. איהרע קינדער זיינען געווען ארום איהר, זיי האבען געוואלט פון איהר אבשיעד נעהמען. אלכסנדר II אליין איז אין דער פריה ביי איהר געווען אויף אייניגע מינוט, האט שנעל און קאלט פון איהר אבשיעד גענומען און איז געלאפען צו זיין געליעבטע, דיא פירסטין דאלגארוקי, מיט איהר אפרעדען, ווען זיא זאל קומען קיין גאטשינא. דער ווייל איז ער געווען אין גאטשינא גאנץ אליין. זיין פריוואט סעקרעטער האמבורגער האט איהם געזאגט פאר נאכט, אז דיא קאנצעלאריא איז שוין אנגעקומען און ער דענקט אין דער פריה זיך נעהמען צו דיא נייטיגע געשעפטען.

— לאז מיך צו רוה מיט דיינע געשעפטען! האט אלכסנדר געבעטען. לאז מיך איין טאג ווענינגסטענס זיין א מענש, וויא אלע מענשען, געניעסען דיא ריינע פרישע לופט פון'ם פארק און פערגעסען, אז איך האב געשעפטען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אומגעקעהרט צו האמבורגערן מיט'ן רוקען און האט מעהר ניט געוואלט מיט איהם רעדען, ביז עס איז געווארען פינסטער און דיא דיענער האבען אנגעצונדען דיא לאמפען אויף דער גאלערעע, וואס געהט ארום פאלאץ אין דער זייט פון'ם פארק. אהין האבען זיי ארויסגעבראכט א קליין טישעלע מיט צוויי שטוהלען. אויפ'ן טישעלע איז געשטאנען א שאך. ווען דיא דיענער האבען אויסגעשטעלט דיא פיין געשניצטע פיגורען פון עלפענביין, וועלכע דער שאך פון פערזיען האט געמאכט א פרעזענט דעם קייסער, און זיינען זיך אוועקגעגאנגען, האט דער קייסער געזאגט צו האמבורגער'ן:

— נו, מיין געשעפטס מאן, קום אהער צו דיעזען שלאכטפעלד, דא ווענינגסטענס ווערט קיין בלוט ניט פערגאסען און מען שלאגט זיך ניט איבער קרוינען און לענדער.

זיי האבען זיך געזעצט שפיעלען אין שאך. האמבורגער האט פיעל בעסער גע־שפיעלט אלס אלכסנדר און וואלט געקענט געווינען יעדע פארטיע. ער איז אבער געווען א דורכגעטריעבענער הויף מענש און האט געוואוסט, וויא אזוי ארומציגעהן מיט'ן קייסער. ווען ער האט שוין אין גאנצען געוואונען און דער קייסער האט זיך שוין געוואלט אפזאגען, האט ער געמאכט א פאלשען צוג און דער קייסער האט געוואונען.

— אלכסנדר דעם צווייטען קען מען ניט בעזיעגען, האט געשפּאסט דער קייסער!

— געוויס! האט געענטפערט דער דורכגעטריעבענער האמבורגער. דעם אליין הערךשער איבער הונדערט און צוואנציג מיליאָנען מענשען איז ניט אזוי לייכט צו בעזיעגען.

עס איז געווארען שפּעט. דער קייסער איז געגאנגען אין זיין שלאף־צימער און האמבורגער איז געגאנגען אין זיין קאנצעלאריע פּאַרבערייטען אויף מארגען דיא נייטיגע פּאַפּיערען און דאָקומענטען, וועלכע דער קייסער האט געדארפט אונטערשרייבען. האמ־בורגער איז געווען דער מאן, וואס האט געוואוסט אויסצוניצען זיין לאגע. ער האט געמאכט אן אונגעהייערעס פערמעגען פון זיין שטעלע. ער האט שוין געוואוסט, וואו צו נעהמען הונדערטער טויזענדער רובעל נור דערפאר, וואס ער האט אונטערגערוקט דעם קייסער א דאָקומענט צור אונטערשריפט מיט א געוויסע צייט פריהער. ער האט געוואוסט, וועלכע פּאַפּיערען מען קען לאזען ליעגען יאהרענלאנג און וועלכע מען מוז זעהן, אז דער קייסער זאל זיי באלד אונטערשרייבען. — ער איז דאהער גע אנגען אין זיין קאנצעלאריע אויסזוכען דיא דאָקומענטען, פאר וועלכע ער האט גענומען געלד, ער זאל זיי מארגען דערלאנגען דעם קייסער צור אונטערשריפט.

אויף זיין גרויסען שרייב־טיש זיינען געלעגען אין דער בעסטער ארדנונג פּעקליך מיט בריעף און דאקומענטען. אויף יעדען בריעף, אויף יעדען דאקומענט איז געווען א קורצע אויפשריפט אדער א צייכען, וועלכען נור ער אליין האט פערשטאנען. ער האט גענומען אין דיא הענד א פּעקעל פּאַפּיערען און האט עס דורכגעבלעטערט. צו זיין אייערסטען שטוינען האט ער דערזעהן צווישען דיא פּאַפּיערען א בריעף אדרעסירט צום קייסער אהן א פּאָסט־מארקע, אהן א זיעגעל און אהן זיין צייכען.

— וואס קען דאס זיין? האט ער געזאגט צו זיך אליין פערוואונדערט. ווער איז דער בריעף? וויא קומט ער אהער? איך האב איהם היינט אין דער פריה ניט געהאט.

ער האט גענומען אן אנדער פּעקעל, האט עס צונומען און האט עס איבערגע־קוקט. — ווייטער א בריעף אדרעסירט צום קייסער. דאס מאל שוין מיט אן אנדערער האנדשריפט, אבער עבענפאלס אהן א פּאָסט־מארקע און אהן זיין צייכען. דאס האט איהם שוין איבערראשט. ער האט צונומען נאך א פּעקעל פּאַפּיערען — ווייטער א בריעף, נאך א פּעקעל — ווייטער א בריעף. וואס איז דאס? וויא קומט עס? — דאס האט איהם געטראָפען צום ערשטען מאל, זייט ער איז פּריוואט־סעקרעטער ביים קיי־סער. אין זיעבעצעהן פּעקלעך האט ער געפונען זיעבעצעהן פרעמדע בריעף. אלע זיינען געווען אדרעסירט צום קייסער, יעדע אדרעסע אבער איז געווען געשריעבען מיט אן אנדער האנדשריפט.

ער האט אנגעהויבען זיך בעסער צוצוקוקען צו דיא בריעף און האט אויסגעפונען אז אויף יעדער בריעף איז געווען א פיין אויסגעצוקטער, קוים בעמערקבארער בוכ־שטאב .N דיא בריעף זיינען געווען פערקלעפּט און פערזיעגעלט מיט קליינע רויטע אָבלאַטען. האמבורגער האט זיי מורא געהאט צו עפענען, טאמער זיינען דיא קאָנווער־טען אנגעפיהלט מיט דינאמיט אדער מיט גיפט. ער האט געוואָלט געהן דאס גלייך מעלדען דעם קייסער, ער האט זיך אבער דערמאנט, אז דער קייסער האט איהם גע־

זאגט, ער זאל איהם היינט לאזען צו־רוה מיט זיינע געשעפטען. עס איז ביי איהם גע־בליעבען, ער זאל ווארטען ביז אין דער פריה, ווען דער קייסער וועט איהם שיקען רופען, ער זאל איהם פארלעזען דיא נייטיגע דאקומענטען צום אונטער־שרייבען.

האמבורגער האט פערבראכט א טרויעריגע נאכט. ער האט זיך געלעגט זעהר שפעט, האט זיך געקעהרט פון איין זייט אויף דער אנדערער און האט א גאנצע נאכט קיין אויג ניט געקענט צו מאכען. זייט ער איז פריוואט סעקרעטער ביים קייסער, האט ער אזעלכע בריעף ניט ערהאלטען און ניט געזעהן. ווען אלכסנדר דער צווייטער פלעגט ערהאלטען בריעף פון'ם געהיים בונד, פלעגט ער זיי באלד צורייסען אדער פערברענען. ער פלעגט זיי קיינעם ניט ווייזען. דער געהיים בונד פלעגט שטענדיג געפינען מיטעל ארייינצושיקען זיינע ווארנונגען גלייך דעם קייסער אין דיא הענד. צום קייסער'ס פריוואט־סעקרעטער האט מען זיך קיין מאל ניט געווענדעט. האמ־בורגער האט זעהר ווייניג געוואוסט פון דיא טהעטיגקייט פון דעם געהיים בונד. ער איז געשטאנען זעהר ווייט פון יעדעס עפענטליכע אמט. יעצט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען איז ער געוואהר־געווארען, אז עס זיינען דא ניהיליסטען אויף דער וועלט און אז דיא ניהיליסטען טהוען עפעס, זיי שווייגען ניט.

ער האט קוים דערלעבט דעם טאג. ער איז אויפגעשטאנען פריהער פון אלעמען אין גאטשינא און איז ארויסגעגאנגען אין פארק שפאציערען. דיא פרישע לופט האט איהם אביסעל בערוהיגט. ער האט זיך געפיהלט געשטארקט פאר דיא ארבייט פון'ם טאג. פון צייט צו צייט איז ער צוגעגאנגען צום פאלאץ א קוק טהאן אין פליגעל, וואו דעם קייסערס שלאף־צימער האט זיך געפונען, אויב דער קייסער איז שוין אויפגעשטא־נען. ענדליך האט ער זיך דערוואוסט. דיא דיענער האבען איהם געזאגט, אז דער קייסער איז שוין אויפגעשטאנען. ער איז אריינגעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געהייסען געבען טהעע. ערשט געגען ניין אוהר האט ער געקענט אריינגעהן צום קייסער אין קאבינעט. ער האט זיך טיעף פערנייגט און האט געזאגט:

— קייזערליכע מאיעסטעט! מיר האט פאסירט א זאנדערבארע געשיכטע. ווען איך האב געסטערן אבענדס צונויפגעלעגט מיינע פאפיערען, האב איך געפונען צווישען זיי בריעף, וועלכע זיינען מיר גאנץ אונבעקאנט. איך ווייס ניט, ווער זיי זיינען; איך ווייס ניט, פון וואנען זיי קומען צו מיר.

דער קייסער איז געווארען אונרוהיג און עטוואס בלייך.

— ווייז מיר דיא בריעף, האט ער האסטיג געזאגט. איך וועל זיי באלד דערקענען.

האמבורגער האט ארויסגענומען דיא בריעף פון זיין מאפע און האט זיי דער־לאנגט דעם קייסער. דערביי האט ער איהם געוויעזען וויא אזוי זיי זיינען געלעגען צוויי־שען זיינע פאפיערען.

— איך בין היינט ניט אויפגעלעגט צו ארבייטען, האט דער קייסער געזאגט גלייכגילטיג. דוא וועסט קומען צו מיר מארגען אין דער פריה. איך וויל מיך נאך א טאג אפרוהען.

ער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, האמבורגער איז ארויסגעגאנגען.

— זיי רוהען ניט, זיי שווייגען ניט, האט דער קייסער געזאגט טרויעריג, ווען האמבורגער איז ארויסגעגאנגען און ער איז געבליעבען אליין אין זיין קאבינעט. — זיי ווילען מיך פערניכטען, זיי געפינען אלערליי וועגען, וויא צו צוקומען צו מיר. יעדען טאג, וואס איך לעב איבער, בעטראכט איך אלס א מתנה פון גאָט.

ער האט גענומען דיא בריעף, וועלכע זיינען געלעגען ביי איהם אויף'ן טיש און האט זיי אנגעהויבען צו בעטראכטען איינציגווייס. אויף יעדען איז געווען דער פיין אויסגעצוקטער בוכשטאב .N. ער האט גוט געקענט דיעזען צייכען. ער האט בעטראכט דיא בריעף פון אלע זייטען און האט זיי מורא געהאט צו עפענען, טאמער ליעגט עפּעס אין זיי. ער האט אריינגערופען א דיענער און האט איהם געהייסען ארויסגעהן עפענען דיא בריעף. אין אייניגע מינוטען ארום איז דער דיענער אריינגעקומען און האט אריינ־געבראכט אלע בריעף געעפענט. עס זיינען געווען גאנץ געוועהנליכע בריעף, עס איז אין זיי געשטאנען נור עטליכע שורות.

„דריטע ווארנונג.

„מיר פאָרדערן אויף צום דריטען מאל דעם מאַן, וועלכער רופט זיך
„אלכסנדר דער צווייטער, ער זאל געבען דעם רוסישען פאָלק פרייהייט
„צו רעדען, וואס מען וויל; פרייהייט צו שרייבען און צו דרוקען, וואס מען
„וויל און פרייהייט פון דער טיראניי פון א זעלבסטהעררשאפט. מיר
„פאָרדערן ווייטער, אז אלע פאָליטישע פערברעכער זאלען באלד בעפרייט
„ווערן. דאס צענטראל קאָמיטע."

— אימער דיעזעלבע פאָרדערונגען, האט דער קייסער געזאגט טרויעריג. איך קען זיי אבער ניט נאכגעבען; איך קען ניט מיט אמאל געבען דיא פאלשטענדיגע פריי־הייט דעם רוסישען פאלק. עס איז נאך ניט פעהיג צו אזא פרייהייט, עס קען נאך ניט פערטראָגען אזא פרייהייט. געבען דעם גראָבען, אונוויסענדען רוסישען פאלק אזא פרייהייט איז גלייך, ווען מען גיט א בלינדען א ברענענדיג ליכט אין דער האנד. ער זעהט ניט, דאס ליכט קען איהם ניט נוצען, ער קען דערמיט נור אונטערצינדען זיין אייגען הויז. — ניין! איך קען עס ניט! עס איז נאך צופריה. מען מוז צו ביסלעכווייס געוועהנען דאס רוסישע פאָלק צו דער פרייהייט, וויא מען געוועהנט א קליין קינד צום געהן. פריהער שטעלט מען עס אריין אין א גאנגוועגעלע, וואו עס איז פערשטעלט פון אלע זייטען, עס זאל ניט אומפאלען. שפּעטער, ווען עס קען שוין געהן מיט'ן גאנג וועגעלע לאזט מען עס געהן אליין. דאס רוסישע פאָלק קען נאך אליין ניט געהן, עס איז נאך שוואך אויף דיא פיס. מען מוז עס נאך האלטען אין גאנגוועגעלע און אונטער־שפּארען פון אלע זייטען. —

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען אין פארק שפּאַציערען. דאס וועטער איז געווען שעהן, דיא זון האט געשיינט העל, דער הימעל איז געווען קלאר און בלוי, דיא פייגעלעך האבען געזונגען, אלעס איז געווען פרעהליך, נור דער העררשער פון אלע רוסען איז ארומגעגאנגען טרויעריג און פערטראכט אין זיין זיכערן שלאס גאטשינא. ער איז דורכגעגאנגען עטליכע אלעען און האט זיך אומגעקעהרט צוריק אין

פאלאץ. ער האט געוואוסט, אז היינט וועלען קומען זיינע מיניסטאָרען מיט זייערע ראפּאָרטען. ניט ווייט פון׳ם פאלאץ האט ער בעגעגענט האמבורגערן שפּאציערען.

— גוט, וואס איך האב דיך געטראפען, זיגמונד לודוויגאָוויטש, האט ער איהם געזאגט. איך וויל דיר זאגען, אז דוא האסט קיין מאל ניט ערהאלטען אזעלכע בריעף און דוא האסט זיי ניט געפונען צווישען דיינע פּאפּיערען. — פערשטאנדען?

דער קייסער פלעגט מיט איהם געווענליך רעדען פראנצייזיש. דאס לעצטע ווארט האט ער אומיסטען געזאגט אויף דייטש. האמבורגער האט זיך פערנייגט און געענטפערט אויף דייטש:

— צו בעפעהל, קייזערליכע מאיעסטעט! איך וועל קיינעם קיין ווארט ניט זאגען פון דיעזע בריעף.

דער קייסער איז ווייטער געגאנגען צו זיך אין קאבינעט. עס איז איהם געווארען אונהיימליך צו זיין אליין אין פארק. ער האט געוואלט זעהן מענשען, רעדען מיט מענשען און זיך צערשטרייען, פערטרייבען זיינע טרויעריגע געדאנקען. ער איז אריינגע־גאנגען אין זיין קאבינעט און האט דערזעהן דיא בריעף אויפ׳ן טיש.

— אוועק מיט זיי! האט ער געזאגט און האט זיי צוריסען און אריינגעווארפען אין קאמין.

אין איינע מינוטען ארום איז אריינגעקומען זיין קאמערדיענער און האט געמעל־דעט, אז ברודער קלעמענטיוס ווינשט מיט איהם צו רעדען.

— פיהר איהם אריין! האט דער קייסער געזאגט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און ברודער קלעמענטיוס איז אריינגעקומען אין קאבינעט. ער האט זיך פערנייגט פאר׳ן קייסער און האט געווארט, אז דער קייסער זאל איהם צורופען.

— קום נעהנטער, באטיושקא, האט דער קייסער געזאגט, און דערצעהל אונז עפּעס פון דיין רייזע אין סיביר.

ברודער קלעמענטיוס איז צוגעגאנגען צום קייסער׳ס שרייב־טיש און איז געבליעבען שטעהן. דער קייסער האט איהם אנגעוויעזען א שטוהל לעבען שרייב־טיש, אויף וועלכען ברודער קלעמענטיוס האט זיך אניעדערגעזעצט.

— נו, וואס האסט דוא עפּעס אויסגעפונען אין סיביר? וואס מאכט יענע פרוי אין אירקוטסק?

— איך האב קיינע פרעהליכע נאכריכטען געבראכט פון סיביר. האט ברודער קלעמענטיוס געזאגט מיט א פרומער מינע.

— דערצעהל מיר אלעס, האט דער קייסער געזאגט, איך בין שוין געוואָינט צו הערן טרויעריגע נאכריכטען און יעדער הערשער, וועלכער זיצט אויפ׳ן רוסישען קייזער טראהן, מוז זיין געוואוינט צו הערען אלערליי נאכריכטען. דערצעהל מיר אלעס.

— איך האב שוין געהאט דיא עהרע צו מעלדען אייער קייזערליכען מאיעסטעט, אז דער קאמענדאנט פון אירקוטסק, קאפּיטאן ניקאלין, איז געשטארבען. אין מיין בעריכט איז עס מיר אָבער אונמעגליך געווען ארויסצושרייבען אלעס איבער זיין טוידט.

עס זיינען פארגעקומען זאכען, וועלכע איך האב געפונען פאר נייטיג איבערצוגעבען אייך מינדליך. — יענע פרוי איז אנטלאפען פון אירקוטסק. —

— אנטלאפען? האט איבערגעפרעגט דער קייסער, גלייך וויא ער האט ניט גוט געהערט. וואס ברודער קלעמענטיוס האט איהם געזאגט. — אנטלאפען, זאגסט דוא? וויא איז דאס מעגליך? — זאלען דיא הענד פון דיא ניהיליסטען דערגרייכען אזוי ווייט צו בעפרייען דיעזע פרוי פון׳ם אסטראָג אין אירקוטסק? האט ער געזאגט, וויא צו זיך אליין.

— איך גלויב ניט, אז דיא ניהיליסטען האבען עס געטהאן, האט געזאגט ברודער קלעמענטיוס. זיי וואלטען ניכער בעפרייט דעם געוועזענעם גענעראל קראשעווסקי. ער קען זיי "מעהר נוצען ברענגען, אלס דיעזע פרוי. ער האט פיעל פריינד, פיעל בעקאנטע אין רוסלאנד. ווען זיי בעפרייען איהם געווינען זיי זעהר פיעל. זיי האבען עס אָבער ניט געטהאן, ווייל זיי קענען עס ניט טהאן. דער אסטראג פון אירקוטסק איז איינער פון דיא בעסטע און שטארקסטע, מען קען פון דארט אזוי גיך ניט אנטלויפען.

— אלזא, וויא איז פארט יענע פרוי אנטלאפען? האט דער קייסער געפרעגט אונגעדולדיג.

— נאך מיינער מיינונג האט עס געטהאן ניקאלין׳ס געליעבטע. זיא האט עס געטהאן פאר געלד. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא פאמיליע פון יענער פרוי, וועלכע איז זעהר רייך, האט זיך געלאזט קאסטען פיעל געלד אום זיא צו בעפרייען.

— האסט דוא ארויסגעשיקט זיא זוכען, זיא צוריקברענגען?

— איך האב געטהאן אלעס, וואס איך האב נור געקענט. איך בין געבליעבען אין אירקוטסק צוויא מאנאטען לענגער נור דאריבער. ליידער, זיא איז, וויא אין וואסער אריין. איך האב פון איהר קיינע נאכריכט ניט געקענט ערהאלטען.

דער קייסער איז געזעסען פערטראכט. דיעזע נאכריכט האט איהם איבערראשט. ער וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז יעליסאוועטא זאל קענען אנטלויפען. דיא געשיכטע איז איהם געוועזען זעהר אונאנגענעהם. ער האט מורא געהאט, טאמער קומט יעליסאוועטא קיין פאריז אדער קיין לאנדאן און דערצעהלט דארט איהר לעבענסגעשיכטע. דיא צייטונגען וועלען עס אויפחאפען און וועלען עס צופויקען אויף דער גאנצער וועלט. עס וועט ווערן א סקאנדאל און דיא פיינדע רוסלאנדס וועלען האבען וואס צו רעדען.

— אך, וויא מאכטלאז, וויא שוואך זיינען מיר, גרויסע הערשער! האט ער געזאגט וויא צו זיך אליין. מען רופט אונז „דיא געזאלבטע פון גאָט"; מען זאגט, אז יעדער הערשער האט אן ענגעל אין הימעל און דאך קענען מיר דיא קלענסטע זאך ניט טהאן. דיא ניהיליסטען טהוען, וואס זיי ווילען און קימערן זיך זעהר ווענינ אום מיינע געהיים־פאליציי און דיא ארמעע פון מיינע שפיאנען. מיינע טשינאווניקעס, מיינע טרייע דיענער פערקויפען מיך פאר געלד. —

— נור דיא דיענער פון דער „הייליגער קירכע" בלייבען דיר טריי און ערגעבען, האט ברודער קלעמענטיוס געזאגט מיט א פרומער מינע און האט פערגלאָצט דיא אויגען. דיא גייסטליכקייט, דיא דיענער פון אונזער הייליגען רעליגיאן, זיינען שטענדיג

געוועזן דיא בעסטע שטיצע פון דעם הויז ראָמאַנאָוו. נור אויף זיי קען זיך דער קייסער פון רוסלאַנד פערלאַזען. נור זיי וועלען איהם ניט פערראַטהען און ניט פערקויפען. נור זיי וועלען איהם עהרליך און טריי בעוואַכען. אייער זעליגער פאטער, קייסער ניקאָלאַי I האט עס אנערקענט. ער האט געוואוסט, אז דיא פרומע און עהרליכע גייסטליכע פון רוסלאַנד זיינען צו יעדע מינוט בערייט צו אָפּפערן זייער לעבען פאר זייער קייסער.

— און דענאָך איז דיא גייסטליכקייט ניט אימשטאנד אויפצוהאַלטען דיא בעוועגונג פון דיא ניהיליסטען, האט דער קייסער געזאגט מיט א פּאָרוואורף.

— ווייל זיי האבען ניט קיין מאכט דערצו, האט געענטפערט האסטיג ברודער קלעמענטיוס. דער רוסישער גייסטליכער האט אין ערגעץ קיין צוטריט ניט, ער האט אין ערגעץ קיין ווערטה ניט, ער טאר זיך אין קיין זאך ניט אריינמישען. — ער איז דער דיענער פון׳ם פאָלק און ניט דער דיענער פון׳ם קייסער. אין אנדערע לענדער איז עס גאנץ אנדערש. דיא גייסטליכע ווערן בעצאהלט פון דער רעגיערונג, זיי זיינען בעאַמטע, טשינאָווניקעס, פון׳ם קייסער, דארום קענען זיי מעהר ווירקען און מעהר בעווייזען, וויא טריי זיי זיינען דעם קייסער און זיין פאמיליע.—איך האב שוין אנגעשריעבען א פּראָיעקט דאריבער און האב עס געוואָלט פאָרשטעלען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט.

— גוט, דוא וועסט עס מיר ברענגען, וועל איך זעהן, האט דער קייסער געזאגט שאַרף. — וואס מאכט דאָרט אין אירקוטסק אונזער נייער קאָמענדאנט? האט ער פּלוצלונג געפרעגט אום צו ענדערן דעם געגענשטאנד פון׳ם געשפּרעך.

— דערווייל געהט ביי איהם זעהר גוט, האט ברודער קלעמענטיוס געענטפערט. ער האט געהייראַטהעט און לעבט גליקליך מיט זיין יונגע פרוי.

— ער האט שוין אזוי גיך דאָרט געפונען א פרוי? האט דער קייסער געפרעגט נייגיעריג.

— ער האט זיא מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד.

— און ער האט מיר גאר ניט געזאגט דערפון פאר זיין אוועקפאהרען.

— ווייל ער האט ניט געקענט זאגען, האט געענטפערט ברודער קלעמענטיוס מיט א זאנדערבארען שמייכעל.

דער קייסער האט בעמערקט דעם שמייכעל אויף ברודער קלעמענטיוס בלייכע ליפּען און האט געזאגט עטוואס פערוואונדערט:

— איהר בעהאַלט עפּעס פון מיר, באַטיושקאַ. איהר ווילט מיר ניט זאגען און דאָך האט איהר ערשט אליין געזאגט, אז דיא גייסטליכע זיינען מיינע טרייסטע דיענער?

— איך האב ניט געוואָלט בעאונרוהיגען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט איבער אזא קלייניגקייט, האט ברודער קלעמענטיוס געזאגט און האט זיך איינגעבויגען אין דרייען. — דער נייער קאמענדאנט פון אירקוטסק האט ניט געקענט זאגען אייער קייזערליכער מאַיעסטעט, אז ער וויל הייראַטהען דיא טאָכטער פון א ניהיליסט —

— דיא טאָכטער פון א ניהיליסט, זאגסט דוא? האט דער קייסער געפרעגט פערוואונדערט.

— יא, מאַיעסטעט! דיא טאָכטער פון דעם ניהיליסט אימציצקי, וועלבען מען האט געפונען טוידט נאך דער עקספּלאָזיאָן אין ווינטער־פּאלאץ.

דער קייסער איז געוואָרען אונרוהיג. ער האט זיך ניט געגלויבט, אז אזא טרייער דיענער, וויא דעניסאָוו איז, זאל הייראַטהען א ניהיליסטין.

— אויב אזוי, האט ער געזאגט, מוז איך זוכען אן אנדער קאָמענדאנט אין אירקוטסקער אסטראג. דעניסאוו טויג אהין ניט.

— איך זעה קיין שלעכטעס דאראן, האט דער גוטער און פרומער גייסטליכער געזאגט, וואס דעניסאָוו האט געהייראַטהעט אימציצקי׳ס טאכטער. איך האב זיא געזעהן. זיא ווייזט אויס א גוטע און שטילע פרוי.

— און וועט פערברייטען דעם ניהיליזמוס אין אירקוטסק, האט דער קייסער געענדיגט. איך קען זיי שוין. איך ווייס שוין, וואס איך האב צו טהאן. איך מוז האבען אן אנדער קאמענדאנט פאר אירקוטסק. אויף א ניהיליסטין קען איך מיך ניט פערלאזען.

ברודער קלעמענטיוס האט דאס געוואָלט. ער האט געוואָלט מאכען פאר א קאָמענדאנט אין אירקוטסק איינעם פון זיינע גוטע פריינד. ער האט אבער ניט געוואָלט ווייזען דעם קייסער, אז ער זוכט אראפּצואווארפען דעניסאָוו׳ן פון זיין שטעלע, זאָנדערן ער האט עס געזאגט אויס טרייהייט.

— אין אונזערע שווערע צייטען, האט ער אנגעהויבען צו רעדען, אין אזעלכע צייטען, ווען דיא אפּיקורסים און דיא וואס גלויבען ניט אין גאָט, ווילען פערניכטען יעדע אָרדנונג, איז עס נויטווענדיג, אז יעדער טשינאָווניק זאל זיין פרום און זאָל שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון גאָט׳ס אמת׳ע דיענער. ווען אין יעדער אסטראג, אין יעדער פעסטונג זאל זיך געפינען א גוטער און פרומער גייסטליכער, וועלבער זאָל אכטונג געבען אויף דיא קאָמענדאַנטען און טשינאָווניקעס; ווען ער זאל מוזען מעלדען אלעס, וואס דיא טשינאָווניקעס טהוען, וואָלט עס געווען א זיכערע שטיצע פאר׳ן קייסער.

דער קייסער איז געזעסען פערטראכט און האט זיך געמאכט ניט הערענדיג, וואס ברודער קלעמענטיוס האט געזאגט. ענדליך האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט געזאגט קורץ און שארף:

— מיר וועלען אן אנדער מאל מעהר רעדען דאריבער.

ברודער קלעמענטיוס האט פערשטאַנען, אז דיא אוידיענץ האט זיך געענדיגט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, האט זיך טיעף פערנייגט, האט גענומען דעם גרויסען גאָלדענעם קרייץ, וועלכער איז געהאנגען אויף זיין ברוסט, און האט געמאכט מיט איהם איבער׳ן קייסער׳ס קאָפּ דעם צייכען פון א קרייץ. דאן איז ער לאנגזאם ארויסגעגאנגען. ווען דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט הינטער איהם, האט דער קייסער געזאגט מיט פערדרוס:

— דאס וויל ער! נאך שפּיאָנען? דיא געהיים פּאָליציי איז איהם וועניג, ער וויל פון יעדען גייסטליכען מאכען א שפּיאָן. דאס פעהלט נאך רוסלאנד! מען זאָל זאגען אויף דער וועלט, אז אלכסנדר דער צווייטער צאהלט דיא גייסטליכע פאר זייער שפּיאָנען־דיענסט! — ניין! דאס וועט ער ביי מיר ניט פועלן. דיא רוסישע גייסטליכקייט

האט אן אנדער אויפגאבע — זיא דארף ערציעהען דיא קינדער אין פרומקייט און ער־געבענהייט צום הויז ראמאנאוו.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז ארומגעגאנגען אין קאבינעט. דער קאמערדיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז דער אבערפאָליצמייסטער איז געקומען מיט זיין ראפּאָרט.

— פיהר איהם אריין! האט ער געזאגט צום קאמערדיענער. — לאמיך הערן, וואס מיין געהיים פאָליציי טהוט עפּעס װעגען דיא ניהיליסטען, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

אשינאָוו איז אריינגעקומען, האט זיך טיעף פערנייגט און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר. ער איז נאך ניט געװען אזוי געװאָינט מיט'ן קייסער און האט מורא געהאט זיך צו נעהמען אזעלכע פרייהייטען, וויא מעזענצאף. דער קייסער האט זיך געזעצט אויף זיין שטוהל און האט איהם א װינק געגעבען, ער זאל צוקומען צום טיש. אשינאוו איז צוגעגאנגען צום טיש און איז געבליעבען שטעהן.

— נו, וואס הערט זיך עפּעס אין פעטערבורג? האט דער קייסער געפרעגט.

— אין פעטערבורג איז אלעס רוהיג, קייזערליכע מאיעסטעט, האט אשינאָוו געענטפערט.

— האסט דוא עפּעס נאכריכטען פון דיא ניהיליסטען? וואס בעריכטען דיינע שפּיאָנען?

— דיא ניהיליסטען זיינען אזוי וויא פערשוואונדען, האט אשינאָוו געמעלדעט. מען הערט זיי ניט און מען זעהט פון זיי ניט. מען מעלדעט מיר פון דער שווייץ, אז ענדע יוני װעט אין דער שטאדט זשענעװא שטאטטפינדען א פערזאמלונג פון אלע ניהי־ליסטען. איך האב שוין געשיקט אהין מיינע שפּיאָנען. זיי קענען אבער דארט ניט אויפטרעטען עפענטליך אלס אגענטען פון דער רוסישער פאָליציי. איך בין געקומען בעטען, אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל בעפעהלען דעם פירסט גאָרטשאקאָוו, ער זאל שרייבען דער רעגיערונג פון דער שווייץ, אז זיא זאל העלפען און שיצען אונזערע אגענטען.

— ביסט דוא זיכער, אז ענדע יוני וועלען דיא ניהיליסטען אפּהאלטען א פער־זאמלונג אין דער שווייץ? האט דער קייסער געפרעגט נאכלעסיג.

ער האט אשינאוו'ן ניט שטארק געגלויבט. צו מעזענצאף'ן האט ער געהאט מעהר צוטרויען, איהם האט ער מעהר געגלויבט און האט אויף זיינע ווערטער מעהר גע־שטעלט. — אשינאָוו האט ארויסגענומען א פּאפּיער און האט עס דערלאנגט דעם קייסער. דאס איז געווען א בעריכט פון אן אגענט פון דער געהיים־פּאָליציי. דער קייסער האט גענומען דאס פּאפּיער און האט עס דורכגעלעזען מיט דיא אויגען.

— וויא פיעל מאל האבען אייערע שפּיאָנען אונז אָפּגענארט, האט ער געזאגט גלייכגילטיג. אין רוסלאנד איז נאך לייכט אויף זיי אכטונג צו געבען, אין א פרעמד לאנד אבער, וויא אין דער שווייץ, איז עס ניט אזוי לייכט. דערנאך וועל איך רעדען מיט'ן פירסט גאָרטשאקאָוו דאריבער — האסט דוא נאך עפּעס צו בעריכטען?

— אונזער טיכטיגע אגענטין, פעאדארא באיאנאווסקי, וועלכע האט געטהאן

אזוי פיעל פאר דיא געהיים־פּאָליציי, איז זייט איינינע צייט פערשוואונדען און קיינער ווייס ניט, וואו זיא איז. איינינע זאגען, אז דיא ניהיליסטען האבען עס געטהאן. איך גלויב עס אבער ניט. דיא ניהיליסטען וואָלטען זיא געטווידטעט, זיא איז אבער אזוי פערשוואונדען.

— שאָדע! האט געזאגט דער קייסער. זיא איז געווען דיא איינציגע, אויף וועלכע מען האט זיך געקענט פערלאזען, ווען מען האט איהר גוט בעצאהלט. אין דער לעצטער צייט אבער האט זיא אויך גאר ניט געטהאן. — קענסט דוא ניט געפינען אן אנדערע פרוי, וועלכע זאָל פּאסען פאר אן אַגענטין? דוא ווייסט דאך, אז מיר מוזען האבען אזא פרוי, וועלכע זאָל פעהיג זיין ארויסצוציעהען ביי יונגע לייט זייער געהיימנים.

— יא, קייזערליכע מאיעסטעט, איך האב געפונען אזא פרויז וועלכע פּאסט גאנץ גוט פאר אונזערע צוועקע. זיא איז יונג, שעהן, זעהר געשיקט און איך בין זיכער, אז זיא וועט אונז לייסטען פיעל בעסערע דיענסטע אלס פעאדארא.

— ווער איז דיעזע פרוי? האט זיא געלעבט אין דער גרויסען געזעלשאַפט? איז זיא בעקאנט מיט דעם לעבען און מאַניערען פון דער גרויסער געזעלשאַפט?

— דיעזע פרוי איז אנדריי יאַגאָדקין'ס ווייב. איהם האט מען פערשיקט קיין סיביר פאר פאַלש געלד און זיא האט מען אויף בעפעהל פון אייער קייזערליכען מאיעסטעט ארויסגעלאזט פריי. זיא איז יעצט אין זעהר א שלעכטע לאַגע. איהר מאַן'ס פערמעגען האבען דיא בעלי־חובות צוגענומען און זיא איז געבליעבען וויא אויפ'ן וואַסער. איך האב איהר פאָרגעלעגט, זיא זאל איינטרעטען אין דער געהיים־פּאָליציי און זיא וויליגט איין.

— ווען דוא געפינסט, אז זיא איז פעהיג און קען אונז נוצען ברענגען, קענסט דוא זיא אויפנעהמען.

— פעהיג איז זיא געוויס, איך קען אייך פערזיכערן. דיא פראַגע איז נור, וויא אזוי זיא זאָל זיך איינריכטען. איך רעכען. אז ווען זיא זאָל בעוואָינען א גרויס הויז און זאל געבען בעלער, וואו דיעזע מענשען זאלען זיך צו איהר צונויפקומען, וואָלט זיא גע־קענט פיעל נוצען ברענגען. דיא יונגע לייט וואלטען געלאפען צו איהר, וויא דיא ביענען צו האָניג און זיא וואָלט געקענט פיעל זאכען געוואָהר ווערן.

— אלזא, וויא פיעל דארף זיא האבען, זיא זאל האבען א גרויס הויז און געבען בעלער און אונטערהאלטונגען?

— איך מיין, אז הונדערט טויזענד רובעל וועט דאס ערשטע יאהר גענוג זיין, האט אשינאוו געענטפערט, גלייך וויא ער ווייס אליין ניט, אויב עס איז גענוג.

— דאס איז אביסעל צו טהייער, מייז „טהייערער" אבערפּאָליצמייסטער, האט דער קייסער געשפּאסט. דענאך, ווען דוא געפינסט עס פאר נאָטהווענדיג און ווען דיא פּערזאָן פערשטעהט איהר ראָלע גוט צו שפּיעלען, וועל איך דיר דאס געלד געבען, אבער ניט מיט א מאל. עס איז יעצט זומער, זיא זאָל זיך דינגען א דאטשא (ווילּלאַ) ערגעץ ארום פּעטערבורג. דערווייל וועט גענוג זיין צעהן טויזענד רובעל. אויף דיעזע סומע וועל איך דיר צושיקען אייז אסיגנאט.

אשינאוו האט זיך פערנייגט. דער קייסער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען, אז דיא אוידיענץ האט זיך געענדיגט.

אשינאוו איז ארויסגעגאנגען און האט זיך ארייגעזעצט אין זיין קארעטע. ווען ער איז אוועקגעפאהרען עטליכע הונדערט שריט פון גאטשינא, האט ער גיזאגט צו זיך אליין:

— יעצט האב איך אפגעשאסען דעם פויגעל. ער וועט בעסער ווערן, דער אלטער, ער וועט געבען פראנציסקאן די הונדערט טויזענד רובעל, וועלכע איך פאדער פאר איהר און איך וועל לעבען מיט איהר א גוטען טאג. מען מוז נור וויסען, וויא אזוי אומצוגעהן מיט איהם. געלד פאר דער געהיים פאליציי וועט זיך שטענדיג געפינען. —

ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען שנעלער ניט צו זיך א היים, זאנדערן צו דעם הויז, וועלכעס ער האט געדונגען פאר פראנציסקאן.

דער קייסער האט זיך געפיהלט עפעס מיעד, ווען אשינאוו איז ארויסגעגאנגען. ער האט זיך אנגעשפארט אויף דיא ווענטלעך פון׳ם שטוהל און האט זיך פערטראכט.

— איך האב שטענדיג פיינד דיא שפיאנען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיי זאגען מייסטענס ליעגען. דיא איינציגע שפיאנען, אויף וועלכע מען קען זיך ווירקליך פערלאזען, זיינען דיא פרויען. זיי זעהן אלעס און פיהלען אלעס. ווען זיי זיינען א מאל ערגעבען צו א זאך, טהוען זיי עס ערנסט און געטריי. אבער וואו נעהמט מען זיי? צווישען דיא רוסישע פרויען איז זעהר שווער צו געפינען א טיכטיגען שפיאן. — אשינאוו האט דאס מאל געטראפען. יאגאדקין׳ס פרוי איז געוואוינט געווארען צו לעבען גרויס, אין רייכטהום, אין לוקסוס; יעצט איז זיא ארים, איהר מאן איז פערשיקט קיין סיביר. מען וועט זיא קענען האלטען אויף א גאלדענע קייטעלע. זיא וועט מוזען זיין טריי, ווייל זיא דארף האבען דאס געלד.

ער האט זיך געוואלט אויפהייבען און ארויסגעהן אביסעל אין פארק. ער האט שוין היינט צופיעל געארבייט, ווען דער קאמערדיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט דעם מיניסטער פון דיא אייזענבאהנען און עפענטליכע ארבייטען, דעם גראף פאסיעט. דער קייסער האט איהם געהייסען אריינפיהרען. ער איז צוואר געווען זעהר אונצופריעדען מיט דעם בעזוך, ער האט בעסער געוואלט געהן שפאציערען אין פארק, ער האט אבער ניט געקענט אפזאגען דעם אלטען מאן, וועלכען ער האט זעהר געשעצט און געאכטעט. דיא טהיר האט זיך געעפענט און גראף פאסיעט איז אריינגעקומען. דאס איז געווען א הויכער מאן מיט לאנגע ווייסע האר. מיט אן עדעלען אריסטאקראטישען געזיכט. דער קייסער האט איהם געגעבען דיא האנד, וויא אן אלטען פריינד און האט זיך איהם געהייסען זעצען.

— נו, וואס וועט יאגען מייך ליעבער מיניסטער פון דיא אייזענבאהנען און עפענטליכע ארבייטען? האט ער געזאגט מיט א שמייכעל. איהר ליעבער גראף, ווייט ביי מיר א זעלטענער גאסט. איך ווייס, אז גראף פאסיעט טהוט אלעס, וויא עס דארף צו זיין און איך בין מיט איהם פאלקאמען צופריעדען.

גראף פּאָסיעט האט זיך העפליך פערנייגט און געזאגט מיט עכט פראנצייזישער חעפליכקייט:

— אייערע ווערטער, קייזערליכע מאַיעסטעט, מאכען מיר שטאָלץ און ערוועקען אין מיר מוטה און ענערגיע צו ארבייטען פאר׳ס וואָהל־און־בעסטע פון אייער קייזערלי־כער מאַיעסטעט און רוסלאנד. איך מוז דאנקבאר זיין רוסלאנד, דערפאר וואס עס האט אויפגענומען מיין פאַמיליע, ווען מיר זיינען אנטלאפען פון פראנקרייך. איך בין צוואר געבארען אין רוסלאנד און בין אן עכטער רוסע, איך וועל אבער קיין מאָל ניט פערגעסען, וואס רוסלאנד האט געטהאן פאר אונז.

— און וואס האט איהר אונז געבראכט עפּעס גוטעס, מיין ליעבער מיניסטער? איך בין זיכער, אז איהר האט מיר געבראכט עפּעס גוטעס.

— שלעכטעס געוויס ניט, מאַיעסטעט, האט גראף פּאָסיעט געענטפערט.

— אלזא לאמיך הערן, יעדער מענש וויל הערן עטוואס גוטעס.

— דיא מאָסקווער קויפלייטע ווילען פעראנשטאלטען אן אויסשטעלונג אין מאָסקווא. פראנקרייך און אנדערע לענדער וועלען זיך געוויס דארין בעטהייליגען. זיי האבען זיך געווענדעט צו מיר, איך זאל צוציעהען איינגע אייזענבאַן־ליניען צו דער דייטשער און עסטערייכישער גרענעץ איך האב זיי צוגעזאגט, אז איך וועל זיי שטיצען מיט אלע מעגליכקייט. איך האב מיך אבער ניט געקענט ענטשליעסען צו בויען דיא נייע אייזענבאהנען אהנע פריהער אנצופרעגען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט.

— אן אויסשטעלונג אין מאָסקווא, האט געזאגט דער קייסער ערנסט, איז זעהר א נוצליכע זאך. יעדער קויפמאן, יעדער פאבריקאנט שטעלט ארויס דיא זאכען, וואס ער קען מאכען. דיא וועלט ווערט בעקאנט דערמיט און נייע ארטיקלען, נייע סחורות, נייע מאשינען ווערן פערברייטערט אין לאנד. איך האָף, אז אן אויסשטעלונג אין מאָ־סקווא וועט פיעל נוצען ברענגען. — צייגען זיא מיר, ליעבער גראף, וואס פאר נייע ליניען זיי פערלאנגען אז מען זאל בויען.

גראף פּאָסיעט האט ארויסגענומען פון זיין מאפּע דיא לאנדקארטע פון רוסלאנד, אויף וועלכעם עס איז געווען אנגעצייכענט מיט א בלויען בליישטיפט דיא אייזענבאהן ליניען, וועלכע מען פאָדערט, אז מען זאל בויען. דער קייסער האט בעטראַכט דיא קאַרטע גאנץ אויפמערקזאם און האט געזאגט:

— איך האב געזאגט, אז גראף פּאָסיעט וועט מיר ברענגען עטוואס גוטעס. איך בין גאנץ צופריעדען מיט דער אויסשטעלונג און מיט דיא נייע אייזענבאהנען. איך האב נור קליינע ענדערונגען צו מאַכען.

ער האט גענומען א רויטען בליישטיפט פון טיש און האט געמאכט איינגע שטריכע אויף דער לאנד קארטע. גראף פּאסיעט איז געווען צופריעדען און פערגעניגט, וואס דער קייסער איז איינפערשטאנדען מיט דער אויסשטעלונג. איהם איז זעהר פיעל געלעגען דאראן, אז פראנקרייך זאל טהייל נעמען אין דער אויסשטעלונג. ער האט געהאפט, אז רוסלאנד יאָל זיך פעראייניגען מיט פראנקרייך.

— איך האב נאך א בימע, האט ער געזאגט נאך א קורצעס שווייגען.

— זאגט מיר אייער בימע, גראף, איך בעוויליגע יעא איהם פארויס.

— איך וואלט געבעטען, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל אליין קומען קיין מאסקווא און זאל בייוואָינען, ווען מען וועט לעגען דעם ערשטען שטיין פון דער אויס־שטעלונג. איך בעט דארום, ווייל איך וויל, עס זאל הייסען, אז דיא רוסישער רעגיערונג מאכט דיא אויסשטעלונג, ניט נור דיא מאסקווער קויפלייטע. ווען אייערע מאיעסטעט וועט בייוואָינען, ווען מען וועט לעגען דעם ערשטען שטיין, וועט דיא וועלט וויסען, אז רוסלאַנד מאכט אן אויסשטעלונג און אלע וועלען זיך בעטהייליגען.

— ווען דענקען זיי אנצוהייבען צו בויען דיא געביידע פאר דיא אויסשטעלונג?

— ווען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט וועט בעפעהלען, האט דער מיניסטער געענטפערט.

— גוט! איך וועל קומען. איך האב דאך אייך געזאָגט, אז איך בעוויליג אייער ביטע אים פאראויס..

גראף פאסיעט האט זיך פערנייגט און האט געדאנקט דעם קייסער פאר זיין פריינדליכקייט. ער איז נאך געזעסען א פאר מינוט. אזוי וויא דער קייסער האט גע־שוויעגען, האט ער געהאלטען דיא אודיענץ פאר געענדיגט און האט זיך אויפגעהויבען.

— מעהר האט איהר קיין נייעס, גראף? האט דער קייסער געפרעגט און האט איהם דערלאַנגט דיא האנד.

— איך האף נאך אפט צו קומען און צו ברענגען פיעל פרעהליכע און אנגענעהמע נאכריכטען, האט דער גראף געזאגט, האט זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

יעצט האט זיך דער קייסער אויך אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען אין פארק. ער איז דורכגע[illegible]גען עטליכע אלעען, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געזאגט:

— עס וואלט גוט געווען צו זיין א הערשער, ווען עס זאל ניט זיין אזוי שווער. אט איז געקומען מיין מיניסטער און האט מיר פארגעלעגט אן אויסשטעלונג, פאהרען קיין מאסקווא, עפענען דיא אויסשטעלונג. דאס איז אלעס זעהר שעהן. ווער ווייס אָבער, אויב איך וועל גליקליך דורכפאהרען דאס שטיקעל וועג פון פעטערבורג קיין מאסקווא? אשינאָוו זאגט מיר, אז אלעס איז רוהיג און דיא ניהיליסטען זיינען פער־שוואונדען און ערשט היינט אין דער פריה האב איך ערהאלטען זיעבצעהן ווארנונגען, צי אויב איך וועל ניט טהאן, וואס זיי ווילען, וועלען זיי מיך טוידטען. וויא קען א מענש לעבען רוהיג אין אזעלכע אומשטענדען? — מיר איז ערגער פון'ם ארימסטען פו מיינע פאָדאַנעם. זיי לעבען רוהיג, זיי האבען פאר קיינעם קיין מורא ניט און איך....

ער איז ארומגעגאנגען א לאנגע צייט אין דיא שטילע אלעען פון'ם פארק פער־טראכט און פערזארגט. קיינער פון זיינע אדיוטאנטען און זיינע דיענער האבען ניט געוואגט איהם צו שטערן. קיינער האט ניט געוואגט צו געהן שפאציערען אין דיעזעלבע אלעען. עס איז שוין געווען מיטאג צייט, דיא דיענער האבען פארבערייטעט אלעס צום מיטאג און דער קייסער איז ניט געקומען. ערשט שפעט איז געקומען צו פאהרען דיא פירסטין דאָלגאָרוקי. זיא האט עס געוואגט איהם אויפצוזוכען אין פארק און איהם ברענגען, צום מיטאג עסען.

— — — — — — — — — — — — — —

## 78טעם קאַפּיטעל.

## פ ע ר א י י נ י ג ט.

יעליסאוועטא איז שוין זייט צויי וואָכען אין ניזשני־נאָוונאָראָד. זיא איז ביז אהער געווען נאך צושוואך אום אונטערצונעהמען אזא לאנגע רייזע פון ניזשני קיין ריגא. אין יענער צייט איז נאך ניט געגאנגען קיין אייזענבאהן קיין ניזשני־נאווגאָראָד און מען איז נאך געפאהרען נאך דער אלטער מאדע: ענטוועדער מיט דער פּאסט אדער מיט געדונגענע פערד. הונאָ האט איבערגעקלערט אלע מעגליכע מיטעל, וויא אזוי צו ברענגען זיין שוועסטער א היים צום פאטער און האט געפונען, אז ער וועט מוזען דינגען פערד און אַ קארעטע. ער האט שוין עטליכע מאל געשריעבען דעם פאטער בריעף און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם פערצייהען, וואס ער האט זיך דאמאלס ניט געשאַסען און האט קיין אנטווארט ניט ערהאלטען. ווען ער איז געווען אין פּעטערבורג, זיינען איהם זאגאר אייניגע בריעף אנגעקומען צוריק אין אנאנדער קאנווערט. ער האט געזעהן אז דער פאטער האט זיינע בריעף זאגאר ניט געעפענט.

יעצט, ווען יעליסאוועטא איז געווען ביי איהם, האט ער געהאפט, אז ווען ער וועט עס שרייבען דעם פאטער און וועט איהם בעטען, ער זאל קומען צופאהרען קיין ניזשני־נאווגאראד נעהמען יעליסאוועטא'ן א היים. וועט ער געוויס קומען, אדער ער וועט וועניגסטענס שיקען פערד; ער האט זיך אָבער גענאררט. אויף זיינע בריעף האט ער קיין אנטווארט ניט ערהאלטען. ער האט זיך שטארק בעאונרוהיגט און האט מורא געהאט, טאמער איז זיין פאטער קראנק אדער עס האט איהם אן אונגליק געטראָפען. ער האט געשריעבען צו זיינעם א פריינד אין ריגאַ און האט איהם געבעטען ער זאל געוואהר ווערן, וואס דער אלטער מאכט. זיין פריינד האט איהם געענטפערט, אז דער אלטער גראף פאהלען איז געזונד און וואינט אין זיין שלאס. הונאָ איז געוועזן פערצווייפעלט. ער האט גוט געקענט זיין פאטערס פעסטען ווילען און עדלען כאראַקטער און ער האט זעהר געוואלט זיך מיט איהם איבערבעטען. ער האט יעצט איינגעזעהן, וויא ניצליך עס וואלט געווען פאר איהם און פארן געהיים־בונד, ווען ער יאל געווען פאלגען זיין פאטער און זאל ניט געווען געהן צו פּעאָדאראַן.

אַ נריכישער פילאזאף האט געזאגט: ווען דער מענש איז אלט צעהן יאהר, מיינט ער, אז זיין פאטער איז דער קליגסטער מענש אויף דער וועלט; ווען ער ווערט אלט פונפצעהן יאהר, מיינט ער, אז ער איז אויך ניט קיין נארר און פערשטעהט אויך עפּעס; ווען ער ווערט אלט צוואנציג יאהר, מיינט ער, אז ער פערשטעהט אזויפיעל, וויא זיין פאטער; ווען ער ווערט אלט פינף און צוואנציג יאהר, מיינט ער, אז ער איז פיעל קליגער פון זיין פאטער און לאכט אויס זיין פאטערס מיינונג און זיין פאטערס עצות; ווען ער ווערט אלט דרייסיג יאהר, געפינט ער, אז זיין פאטער פערשטעהט דאך עפּעס; ווען ער ווערט אלט פינף און דרייסיג יאהר, געפינט ער, אז דער פאטער איז טאקע קליגער פון איהם און ער מעג איהם פרעגען אן עצה. ווען ער ווערט אלט פינף און פערציג יאהר און דער פאָטער איז שוין ניטא אויף דער וועלט, געפינט ער, אז זיין פאטער איז טאקע געווען דער קליגסטער מענש אויף דער וועלט און הייבט זיך אן צו

בעטראכטען און צו בערייען: אך! פאר וואס האב איך איהם דאמאלס ניט געפאלגט;
פאר וואס האב איך דאמאלס און דאמאלס ניט געטהאן, וויא ער האט געהייסען?

אין דערזעלבער לאגע האט זיך געפונען הוגא. נאך עטליכע יאהר פון ליידען און פון ארומוואלגערן זיך, האט ער איינגעזעהן, אז ווען ער זאל געווען דאמאלס פאל־גען זיין פאטער און פאהרען קיין סיביר, ניט בלייבען ביי פעאדאראן, וואלט ער יעצט געקענט פיעל מעהר ווירקען פארן געהיים־בונד. ער האט יעצט אנגעהייבען צו פער־שטעהן, אז זיין פאטער איז אין קורלאנד א גרויסע מאכט, אז אלע גוטסבעזיצער (פאמיעשטשיקעס) שעצען און אכטען דעם אלטען גראף פאהלען און וועלען טהאן אלעס, וואס ער וועט זיי הייסען.

ליידער, עס איז שוין געווען צו שפעט. גראף פרידריך איז געווען צו שטאלץ און צו עדעל. ער האט ניט געקענט פערצייהען הוגאן, וואס מען האט איהם גערופען דיעב (גנב) אין זיין געגענווארט. ער האט ערהאלטען הוגא׳ס בריעף; ער האט זיי אבער ניט געלעזען. קוים האט ער דערזעהן, אז עס איז הוגא׳ס האנדשריפט, האט ער ענטוועדער פערברענט דעם בריעף, אדער ער האט איהם אריינגעלעגט אין אנאנדער קאנווערט און האט איהם צוריקגעשיקט. זאגאר דער קלוגער באקונין האט גאר נישט געקענט מאכען מיט איהם. באקונין האט איהם געשריעבען אייניגע מאל און געבעטען, אז ער זאל זיך איבערבעטען מיט זיין זוהן. דער אלטער האט איהם געענטפערט קורץ און שארף: „איך האב קיין זוהן ניט און האב ניט וועמען צו פערצייהען“. באקונין האט איינגעזעהן, אז עס איז אומזיסט, ער וועט מיט איהם גאר ניט מאכען און האט אויפ־געהערט צו שרייבען איהם בריעף איבער הוגאן.

באקונין האט עס הוגא׳ן ניט דערצעהלט, ער האט ניט געוואלט איהם אזויפיעל בעטריעבען. ער האט ניט געוואלט נאך פערגרעסערן דיא פיינדשאפט צווישען פאטער און זוהן. הוגא האט נאך אלץ געהאפט, אז דער פאטער וועט נאכגעבען און וועט זיך דאך מיט איהם איבערבעטען. ער האט געהאפט, אז יעליסאוועטא וועט אויף איהם ווירקען, זיא וועט פאר איהם וויינען, ער זאל איהם פערצייהען.

דאקטאר סעבאסטיאנאוו איז אין דער לעצטער צייט געווען עטליכע מאל אין ניזשני־נאווגאראד און האט בעזוכט יעליסאוועטאן. ער האט דערקלערט, אז זיא איז שוין געזונד געגוג און וועט זעהר לייכט איבערטראגען דיא רייזע קיין ריגא. זיא מוז נור האבען א גוטען וואגען און פאהרען אין א שעהנעם וועטער. הוגא האט אבער אלץ געווארט אויף א בריעף פון זיין פאטער. אזוי זיינען פערגאנגען נאך א פאר וואכען. יעליסאוועטא איז געווארען אונרוהיג. עס איז איהר געווען לאנגווייליג צו זיצען אין א פרעמדער שטאדט, ביי פרעמדע מענשען און צו ווארטען, זיא האט אליין ניט געוואוסט אויף וואס. עס האט זיא געצויגען א היים צום פאטער. זיא האט נאך געוואלט זיך אפשטעלען לעבען מאסקווא אין דעם דארף, וואו איהר וולאדימיר איז פערשוואונדען געווארען, און איהם זוכען.

— ביז אהער האבען איהם פרעמדע מענשען געזוכט, האט זיא געזאגט, יעצט וויל איך אליין איהם זוכען. דיא מוטערליעבע האט בעסערע און שארפערע אויגען, וויא שפיאנען אדער זאגאר זויא גוטע פריינד.

זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז דער איינציגער מענש וועלכער איז אימד־שטאנד אויסצוגעפינען איהר וולאדימיר'ן איז נור מיכאַאיל באַקונין. ער איז אָבער צו פיעל בעשעפטיגט מיט זיינע פּלאנען און האט ניט אזוי פיעל צייט זיך אפּצוגעבען מיט'ן זוכען. הוגאָ האט איהר דערצעהלט, אז באַקונין איז יעצט אין עסטעררייך, וואו ער אָרגאַניזירט יעצט דיא אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער פּאַרטיי.

— ווען באַקונין איז יעצט ניטא אין רוסלאַנד, מוז איך אַליין זוכען מיין קינד, האט זיא איין מאל געזאגט צו איהר ברודער און האט איהם געבעטען, זיי זאלען שנעלער אוועקפאהרען פון ניזשני־נאָווגאָראָד.

— איך ערווארט בריעף פון מיינע פריינד, האט איהר הוגאָ געענטפערט. מיר האבען ביז אהער קיין צייט ניט געהאט זיך אפּצוגעבען מיט'ן זוכען. מיר האבען געהאט אנדערע ארבייטען. יעצט אָבער האבען מיר אביסעל צייט און מיינע פריינד האבען זיך גענומען גאַנץ ערנסט איהם צו זוכען.

יעליסאוועטא האט אראָפּגעלאזען טרויעריג דעם קאָפּ און האט געשוויעגען, וואס האט זיא געקענט טהאן? פאהרען אַליין מיט עטליכע יאהר צוריק אין א וואָגען אין רוסלאַנד איז פאר א פרוי געווען אונמעגליך.

עס זיינען פערגאנגען נאך עטליכע טעג. קיין בריעף זיינען ניט אנגעקומען ניט פון'ם אלטען גראף, ניט פון הוגא'ס פריינד. הוגא האט זיך געמוזט ענטשליעסען צו פאהרען. דער אדוואקאט סעמיגראַדאָוו האט איהם געבראכט א פּאַספּאָרט אויפ'ן נאמען פון א ניזשני־נאָווגאָראָדער קייפמאן ערשטער גילדע איוואַן איוואַנאָוויטש קאלו־פאיעוו מיט זיין פרוי אָקסיניא סעמיאָנאוונא. יעצט איז געווען דיא פראגע, אויב זיי זאלען פאהרען מיט דער פּאָסט אדער דינגען פערד און א קארעטע. הוגא'ן איז ניט געווען גאַנץ אנגענעהם צו פאהרען מיט דער פּאסט. ער האט געוואוסט, אז זייט עס איז געשעהן דיא עקספּלאָזיאָן אין קייסערס ווינטער פּאלאַץ, זוכט מען איהם שטארק. אלע סמאָטריטעלעס פון דיא פּאָסט־סטאַציאָנען האבען ערהאלטען געהיימע בעפעהלע, אז זיי זאלען זיך צוקוקען צו זייערע פּאַסאַזשירען. עס זיינען שוין פאָרגעקומען פעלע, ווען מען האט אן אונשולדיגען פּאַסאַזשיר אויפגעהאלטען אויף א פּאָסט־סטאַציאָן נור דערפאר, ווייל דעם סמאטריטעל האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער איז עהנליך צו א ניהיליסט. מען האט איהם ארעסטירט און מען האט איהם אוועקגעהאלטען אייניגע צייט אין אסטראָג, ביז ער האט איבערצייגט, אז ער איז אונשולדיג. *) וואלט ער נאך

*) דאס איז ניט אויסגעטראַכט. עס איז אַ פאַקט. אין 1879 איז געפאהרען פון קישינעוו קיין וויען אייבער אין קישינאוו גוט בעקאנטער און אלגעמיין בעליעבטער דאקטאר בלומענפעלד. ווען ער איז אנגעקומען קיין וואלאטשיסק, האט דער זשאנדארמסקי קאַפּיטאן איהם דערקענט פאר אַ ניהיליסט און האט איהם ארעסטירט. דאקטאר בלומענפעלד האט געוויעזען זיינע דאָקו־מענטען, אז ער האט דעם טשין פון אַ רוסישען פּאָלקאָווניק, אז ער איז געווען אין קריעג מיט דער טירקיי אין 1877 דאקטאָר אין לאזארעט ביי פּלעוונא. עס האט איהם אָבער גאר ניט גע־האלפען. ער איז געזעסען אַרעסטירט אין וואלאטשיסק, ביז עס איז אנגעקומען אַ טשינאָווניק פון קישינאוו מיט אַ בריעף פון'ם גובערנאטאָר און האט איהם דערקענט (אידענטיפיצירט) אז ער איז קיין ניהיליסט, זאנדערן ווירקליך דאקטאָר בלומענפעלד פון קישינאוו. דיא געשיכטע האט איהם געקאסט אייניגע הונדערט רובעל און ער איז אַכט טאָג געזעסען פערשפּאַרט צווישען אַרעסטאַנטען.
א. טאַנענבוים.

געפאהרען אליין, וואלט ער זיך שוין אויסגעדרעהט. ער האט געלערנט אין א גוטע שולע — ביי מיכאאיל באקונין און האט געוואוסט, וויא אזוי אפּצונארען דיא רוסישע שפּיאָנען. ער איז אָבער געפאהרען מיט זיין שוועסטער, וועלכע איז ערשט ניט לאנג איבערגעשטאנען אזא שווערע קראנקהייט. זיא האט ער מורא געהאט איינצושטעלען.

א פרוי אויף א רייזע איז שטענדיג א לאסט. זיא מוז האבען מעהר בעקוועמ־ליכקייט פון א מאן, זיא קען ניט אלעס איבערטראגען, וויא א מאן און קען זיך ניט אזוי לייכט געוואָינען צו אלעמען, וויא א מאן. הוגאָ האט אויך געוואוסט זעהר גוט, אז מען זוכט יעליסאוועטא׳ן. אז איהר אנטלויפען פון אירקוטסק האט אָנגעמאכט א רעש אין רוסלאנד און מען זוכט זיא אויף אלע שטראסען. ער האט זיך דאהער בעשלאסען צו דינגען א פּאָר גוטע פערד מיט א קאָרעטע און צו פאהרען אויף וועגען, וועלכע ער האט געקענט. ער האט זאגאר ניט געוואלט פאהרען מיט׳ן הויפּט טראקט, וואו עס דרעהן זיך צופיעל שפּיאָנען.

הוגאָ׳ס פריינד, דער אדוואָקאט סעמיגראדאָוו האט איהם באלד פערזארגט מיט אלעם נייטהיגען: ער האט באלד אויסגעזוכט אן איזוואָשטשיק, וועלכער האט געהאט גוטע פערד און ניט קיין שלעכטע קארעטע און האט מיט איהם אָפּגעמאכט, אז ער וועט איהם צאהלען דריי רובעל א טאָג. דיא פאָרבערייטונגען זיינען געווען גאנץ קורץ. הוגאָ האט ניט געהאט פיעל באגאזש מיט זיך און יעליסאוועטא האט געהאט נאך וועניגער, אין איניגע שטונדען זיינען זיי געווען פערטיג. זיי האבען מיטגענומען נור דאס נייטהיגסטע. יעליסאוועטא האט געקויפט פאר זיך איניגע נייטהיגע קליידער און הוגאָ האט אנגעגרייט פּראָוויאנט אויף א פּאָר טאג. אום ניט צו מאכען קיין רעש אין ניזשני־נאָווגאָראָד, האט דער פּראַקטישער אדוואָקאט זיי געראטהען, זיי זאלען ארויס־פאהרען שפּעט ביי נאכט, ווען אלע שלאפען און דיא גאסען זיינען לעדיג. ער איז געווען אזוי פאָרזיכטיג, אז ער האט ניט געוואלט, אז זיי זאלען ארויספאהרען פון זיין הויז. דעם טאָג, ווען זיי זיינען אוועקגעפאהרען, האט הוגאָ מיט יעליסאוועטא׳ן געמוזט אריינ־פאהרען אין א גאסט־הויז און פון דאָרט אוועקפאהרען.

ארום צוועלף ביי נאכט איז צוגעפאהרען דיא קאָרעטע צום גאסט־הויז. דיא פּאסאזשירען זיינען געווען רייזעפערטיג און האבען זיך באלד אויפגעזעצט. יעליסאוועטא איז געווען גליקליך, וואס זיא פאהרט ענדליך אוועק פון׳ם פערהאסטען ניזשני־נאָווגאָ־ראָד; עס איז איהר דאָ צוואר געווען זעהר גוט, זיא האט זיך אָבער זעהר געלאנגוויילט. זיא האט אנגעהויבען צו בענקען א היים, צו איהר אלטען פאָטער, צו איהר קינד, וולאדימיר.

ענדליך איז דיא קאָרעטע אוועקגעפאָהרען דורך דיא לאנגע און שטילע גאסען פון ניזשני־נאָווגאָראָד, וועלכע זיינען זעהר שטיל און זעהר איינזאם א גאנץ יאָהר, נור ווען עס איז יריד, ווערען דיא גאסען לעבעדיג און פרעהליך, א גאנץ יאָהר אָבער איז ניזשני־נאָווגאָראָד דיא לאנגווייליגסטע שטאָדט אין רוסלאנד. ווען דיא קאָרעטע איז ארויסגעפאהרען פון דער שטאדט, זיינען צו איהר צוגעקומען צוויי דראָשקעס. אין זיי זיינען געזעסען דאָקטאָר סעבאסטיאנאָוו און דער אדוואָקאט סעמיגראדאָוו. זיי האבען געוואָלט נאך אמאל אבשיעד נעהמען פון הוגאָ׳ן און יעליסאוועטא׳ן. דאָקטאָר סעבאסט־

יאנאָוו איז געוועז ערנסט און פערטראַכט, דער אַדוואָקאַט האט געלאַכט און געשפּאַסט, וויא שטענדיג. זיי האבען הערצליך געדריקט דיא הענד הוגאָ׳ן און יעליסאַוועטאַ׳ן. דער קלוגער און פּראַקטישער אַדוואָקאַט האט נאך געבראַכט א פּאָר פלעשער וויין און א פלאַש שאַמפּאַניער, וועלבע זיי האבען אויסגעטרונקען פאַרן אוועקפאהרען.

— אויף באַלדיגעס וויעדערזעהן אין א פרייעס רוסלאַנד! האט דער אַדוואָקאַט אויסגערופען און האט מיט אַמאל איבערגעקעהרט זיין גלאַז.

— אויף באַלדיגעס וויעדערזעהן אין א פרייעס רוסלאַנד! האט געענטפערט הוגאָ, האט אויסגעטרונקען זיין שאַמפּאַניער און האט אוועקגעוואָרפען דאס גלאַז ווייט פון זיך, אז עס איז צובראָכען געוואָרען אויף טויזענד שטיקלעך.

— אזוי זאל צובראָכען ווערן און פערניכטעט ווערן יעדע טיראַנייע און יעדע שקלאַפעריי! האט ער ווייטער אויסגערופען.

זיינע קאַמעראַדען האבען איהם נאַכגעטהאן און האבען אויך צובראָכען זייערע גלעזער. דיא קוטשערס פון דיא דראָשקעס האבען זיי אַנגעקוקט פערוואונדערט. דער קלוגער אַדוואָקאַט אָבער האט געוואוסט מיט וואס זיי צו פערשטופּען דיא מיילער. ער האט מיטגעבראַכט פון זייערטוועגען א שטאָף „וואָדקי“.

ענדליך האבען דיא פריינדע אבשיעד גענומען און זיינען צופאהרען אין פערשיע־דענע זייטען. יעליסאַוועטאַ איז באלד אנטשלאָפען געוואָרען אין דער ווייכער קאַרעטע, הוגאָ אָבער האט געוואַכט. ער האט געוואוסט, אז ער טאָר ניט שלאָפען. ער מוז וואַכען איבער זיך און איבער זיין שוועסטער. אין דער פריה זיינען זיי אנגעקומען אין א קליין דערפעל און האבען בעשלאָסען זיך אויסצורוהען און עפּעס צו עסען.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג אהן א צופאַל אָדער א שטערונג. דער קוטשער איז געוועז א שטילער, רוהיגער, רוסישער מוזשיק, וועלבער האט געטרונקען ניט מעהר, וויא מען דארף און אונזערע פּאַסאַזשירען זיינען געוועזען מיט איהם גאַנץ צופריעדען. זיי זיינען ענדליך געקומען ניט ווייט פון מאָסקווא און יעליסאַוועטאַ האט פערלאַנגט, אז זיי זאלען אריינפאהרען צו אָרלאָוו׳ן, דעם בויער ביי וועלבען וולאַדימיר איז געוועז אייניגע צייט, איידער ער איז פערשוואונדען געווארען. הוגאָ האט איהר געמוזט צוליעבטהאָן. זיי זיינען אריינגעפּאָהרען אין דארף און זיינען צוגעקומען צו זיין הויז, וועלבעס איז געוועזען הוגאָ׳ן זעהר גוט בעקאַנט. ער איז שוין ביי איהם איין מאל געוועזען.

אָרלאָוו האט באלד דערקענט הוגאָ׳ן, אז דאס איז דערזעלבער, וועלבער האט איהם דאמאלס געבראַכט אימציצקי׳ס בריעף, אז ער זאל איהם געבען דאס קינד. ער האט איהם געבעטען אין שטוב און האט ארויסגענומען יעליסאַוועטאַ׳ן פון דער קאַרעטע. זיין פרוי האט באלד געמאַכט דעם סאַמאַוואַר און האט ארויפגעשטעלט אויפ׳ן טיש, וואס זיא האט נור געקענט בעקומען ביי זיך אין שפּייזע קאַמער. יעליסאַוועטאַ האט זיך ניט געקענט איינהאַלטען. זיא האט אַנגעהויבען אויסצופרעגען, ווען וולאַדימיר איז ביי זיי געוועזען און וויא אזוי ער איז פערשוואונדען. מאַגדאַלענאַ, אָרלאָוו׳ס פרוי, האט אָנגעהויבען צו וויינען און צו דערצעהלען, וויא אזוי זיי זיינען געגאַנגען אין וואלד קליי־בען יאַגאָדעס (בעערען) און וויא אזוי וולאַדימיר איז פערשוואונדען געווארען, וויא אזוי זיי האבען איהם געזוכט און ניט געפונען.

— האט איהר געזוכט אין דיא דערפער ארום? האט פלוצלונג יעליסאוועטא געפרעגט. מעגליך, אז וולאדימיר איז גאַנץ איינפאַך פערבלאָנדזעט געוואָרען און איינער פון דיא דערפער ארום האט איהם גענומען צו זיך?

דער אלטער ארלאוו האט זיך אנגעהויבען צו קראַצען אין קאָפּ, וויא דיא רוּסישע בויערן טהוען, ווען מען ערקלערט זיי עטוואס נייעס. דאס איז איהם ביז אהער ניט איינגעפאלען אין קאָפּ. ער האט געהייסען איהם זוכען ביי ציגיינער און האט ניט בערעכענט, אז עס קען זעהר זיין, אז איינער איז דורכגעגאנגען, האט געפונען וולאָדימיר׳ן וויינען און האט איהם מיטגענומען א היים.

— דוא האסט רעכט, מאַטושקא, האט ער געזאגט, דאס האב איך ניט געטהאן, דאס איז מיר ניט איינגעפאלען אין קאָפּ.

יעליסאוועטא האט גערעדט עטליכע ווערטער מיט הונאַ׳ן שטילערהייט. זיא האט איהם געפרעגט, אויב זיא זאל אויסזאגען דיא בויערן, אז זיא איז וולאדימיר׳ס מוטער. הונא האט איהר ערקלערט, אז פאר ארלאוו׳ן האט זיא ניט וואס מורא צו האבען, ווייל ארלאוו איז אימציצקי׳ס בעסטער פריינד, ער וועט זיא געוויס ניט פערראַטהען. זיא האט צוגערופען דעם אלטען מיט דער אַלטער און האט זיי געזאגט:

— ווייסט איהר, ווער וולאדימיר איז? — ער איז מיין זוהן!

וויא א דונער־שלאַג האבען דיעזע עטליכע איינפאַכע ווערטער געווירקט אויף דאס אלטע פּאָר־פּאָלק. מאגדאלענא איז געפּאַלען אויף דיא קניע פאר יעליסאוועטאַ׳ן און האט אנגעהויבען צו וויינען מיט ביטערע טרערי׳ן. איהר אַלטע וואונד האט זיך יעצט אויפגעריסען און האט אנגעהויבען צו בלוטען. דער אַלטער ארלאוו איז געשטאַנען, וויא א דערשלאַגענער מיט׳ן קאָפּ אראפּגעבויגען, טרויעריג און אונגליקליך. ער האט יעצט אנגעהויבען צו פיהלען, וואס ער האט פערלאָרען.

— דוא האסט רעכט, מאַטושקאַ, האט ער געזאגט, מיר מוזען איהם זוכען. איך וועל ארומפאהרען מיט מיין אלטע אין אלע דערפער ארום און וועל איהם זוכען.

ווען דיא ערשטע איבעררראשונג איז פאראיבער, האבען זיי בעשלאסען, אז נאך היינט, ווען זיי וועלען זיך נור אביסעל אפּרוהען, זאלען זיי זיך צופאהרען אין פערשיעדענע דערפער ארום, זאלען אויספרעגען דיא סטאַראָסטאַ׳ס און דיא גייסטליכע, אויב איינער האט ניט געפונען צוריק מיט איניגע צייט אזא און אזא קינד.

יעליסאוועטא האט זיך אויך אביסעל בערוהיגט. זיא האט גענעסען פריהשטיק און האט זיך אביסעל צונעלעגט. זיא איז געוועזען זעהר מיעד פון וועג. עס איז געוועזען נעגען אבענד, ווען זיא האט זיך געפיהלט שטארק גענוג אום ווייטער צו פאהרען און אנהייבען צו זוכען און צו פרעגען. ארלאוו האט איינגעשפּאַנט זיינע פערד און איז געפאהרען מיט זיין מאגדאלענא אין איין זייט, הונא און יעליסאוועטא זיינען געפאהרען אין אן אנדערער זייט. אין יעדער דאָרף, וואו זיי זיינען געקומען, האבען זיי זיך אפּגעשטעלט און אויסגעפרעגט, אויסגעפּאָרשט, אויב מען האט ניט געזעהן, ניט געהערט פון א קינד. זיי זיינען געוועזען אין עטליכע דערפער, האבען איבעראל געפרעגט, אבער אין ערגעץ גאר ניט אויסגעפונען. קיינער ווייס ניט, קיינער האט ניט געהערט. יעלי־סאוועטא א׳ז געוועזען פערצווייפעלט.

עס איז געווען גאנץ שפעט אין דער נאכט, ווען הוגא מיט זיין שוועסטער זיינען אנגעקומען אין א דאָרף מיט'ן שעהנעם רוסישען נאמען, „נעדאָיעלאָווקא". דער איינציגער שענק אין דאָרף, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט געווען דאס איינציגע גאַסטהויז, איז געווען פול מיט שיכורע מוזשיקעס. עס איז געווען א גרויסע שמחה אין דאָרף. דעם סטאראסטאַ'ס זוהן האט חתונה געהאט. עס האט זיך געגאסען בּראנפען, וויא וואסער. הוגא איז אריינגעקומען אין קרעטשמע און האט געזעהן, אז עס וועט זיין אונמעגליך פאר איהם מיט יעליסאוועטאַ'ן דא צו נעכטיגען. דיא בויערן זיינען געווען שיכור, וויא לויט, דער רויך פון זייערע „ליולקעס" (פפייפען) איז געווען אונערטרעגליך. קיין בעזאנדער צימער האט ער ניט געקעניט קריעגען. אלע צימער זיינען געווען פול מיט געסט. עס איז שוין אבער געווען גאנץ שפעט אין דער נאכט און יעליסאוועטא איז געווען מיעד פון'ם פאהרען און פון אויפרעגונג. הוגא האט אנגעהויבען צו בעטען דיא מוזשיקעס, זיי זאלען איהם וועך לאזען ביי זיך נעכטיגען.

— געה צום באטיושקא ניקאנאָר וואסיליעוויטש, האט ענדליך געזאגט אן עלטערער בויער. ער איז א גוטער מענש און האט קיין פרוי, ביי איהם וועט איהר געוויס קענען נעכטיגען.

מיט שווערער מיה איז עס איהם געלונגען זיך אנצופרעגען, וואו דער גייסטליכער וואָינט. ער איז צוגעקומען צו דער שטוב און האט אנגעקלאפט. אין אייניגע מינוטען איז דער גייסטליכער ארויסגעקומען און האט זיי געעפענט.

— איהר וועט זיך ניט ענטזאגען, באטיושקא, האט הוגא געזאגט, צו לאזען איבערנעכטיגען צוויי פרעמדע. מיר האבען מיט זיך אלעס נייטיגע. עס איז אבער קאַלט און דיא פרוי וועלכע פאהרט מיט מיר איז זעהר מיעד.

— מיין הויז איז שטענדיג אָפען פאר אלעמען, האט געזאגט ניקאנאָר וואסיליעוויטש און האט זיי אריינגעפיהרט אין זיין בעסטעם צימער.

ער האט געוואָלט מאכען דעם סאמאוואר און זיי געבען עפּעס עסען. יעליסאַוועטא האט אבער געזאגט, אז זיא וויל גאר נישט, זיא איז זעהר מיעד און וויל זיך אפּרוהען. זיי האבען זיך אויך באלד געלעגט שלאפען און אין שטוב איז געווארען שטיל. אום אכט אוהר אין דער פריה זיינען זיי אויפגעשטאנען און דער גייסטליכער האט אריינגעבראַכט דעם סאמאָוואר.

הוגא איז געגאנגען זיך וואַשען און האט דערזעהן אין אנדערן צימער א אינגעל פון א יאהר אַכט מיט שעהנע לאנגע בלאָנדע האר. ער איז געגאנגען אנגעטהאן, וויא אלע בויערן־קינדער אין דאָרף געהן אנגעטהאן, אבער גאנץ ריין. זיינע האר זיינען געווען שעהן פערקעמט און האבען געשיינט, וויא גאלד אין דער גלענצענדען זון. עס האט איהם א ציה געטהאן אין הארצען, ווען ער האט דערזעהן דאס קינד.

— וויא הייסט דוא, קליינער? האט ער איהם געפרעגט.

— איך הייס וולאדימיר, האט דער יונגע געענטפערט.

וויא אן עלעקטרישער שלאג האט געווירקט דאס וואָרט „וולאדימיר" אויף הוגאָ'ן. ער איז געשטאנען אייניגע מינוט, וויא א מארמאר־זייל און האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. ענדליך האט ער גענומען דאס קינד ביי דער האנד און האט עס

אריינגעפיהרט צו זיין שוועסטער. קוים האט איהם יעליסאוועטא דערזעהן, איז זיא אויפגעשפרונגען פון איהר שטוהל, איז צו איהם צוגעלאפען און האט איהם אנגעהייבען צו קושען.

— מיין קינד! מיין וולאדימיר! האט זיא אויסגעשריען און א שטראָם טרערין האט זיך א גאָס געטהאן פון איהרע אויגען. ענדליך זיינען מיר פעראייניגט! ענדליך נאך א לאנגער שיידונג, נאך פיעלע יאהרען פון נויט און עלענד, שמערץ און ליידען געפין איך דיך וויעדער.

זיא האט איהם אפגעקנעפעלט דאס העמדעל און האט געפונען ביי איהם אויפ'ן האלז דעם גאלדענעם קרייץ, וועלכען זיא האט איהם געשיקט דורך באקוניז און ער האט דאס איהם אנגעטהאן. וולאדימיר איז געשטאנען פערוואונדערט און ערשטוינט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען. ער האט זיא ניט דערקענט, ער האט אזוי פיעל איבער־געליטען אין דער צייט, אז ער האט שוין גאר פערגעסען זיין מוטער. ער האט זיך אנ־געהויבען צוצוקוקען צו איהר און עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען אז ער הייבט זיא אן צו דערקענען.

— מאמא! מאמא! האט ער ארויסגערעדט שטילערהייט. גלייך וויא ער האט מורא געהאט ארויסצוזאגען דיעזעס זיסע, הייליגע וואָרט, וואס מיר רופען אויס אין א נויט, אין א שרעק אדער אין א געפאהר.

יעליסאוועטא האט איהם צוגעפרעסט צו איהר ברוסט, האט געוויינט און האט אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן:

— מיין קינד! מיין וולאדימיר! ענדליך האב איך דיך וויעדער.

זיא האט ניט בעמערקט, אז דער גייסטליכער ניקאנאר וואסיליעוויטש, איז אריינגעקומען אין צימער און ווען ער האט דערזעהן, וויא זיא האלט וולאדימיר'ן צו־געפרעסט צו איהר ברוסט און וויינט, האט ער אויסגעשפרייט זיינע הענד אויף זיי און האט געזאגט:

— גאָט פערלאזט ניט קיינעם. ער פיהרט אלעם צום בעסטען. ער זאָל אייך ווייטער היטען און בעשיצען!

הוגא האט ניט שטארק ליעב געהאט דיא גייסטליכע, ניקאנאר וואסיליעוויטש אבער האט איהם איינגעפלייסט אכטונג. ער האט געזעהן, אז ער האט פאר זיך א גוטען מענשען מיט אן עדעלען כאראקטער, דאס איז א זעלטענהייט צווישען רוסישע גייסטליכע. עס געפינען זיך אבער גוטע מענשען צווישען אלע קלאסען, אזוי וויא עס געפינען זיך אומעדום שלעכטע. מען קען ניט זאגען אויף א גאנצע קלאַסע מענשען, אדער אויף א גאנץ פאָלק, אז אלע זיינען שלעכט. הוגא האט געגעבען דעם גייסטליכען דיא האנד און האט איהם געדאנקט פאר זיין גאַסטפריינדשאפט און פאר אלעס גוטע, וואס ער געטהאן פאר וולאדימיר'ן.

ווען דיא ערשטע איבערראַשונג איז פאָראיבער, האט הוגא איהם אנגעהויבען אויסצופ־ענגען, וויא וולאדימיר קומט צו איהם. ניקאנאר וואסיליעוויטש האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס מיר ווייסען שוין פון דיא פאָריגע קאפיטלעך. ער אליין האט

אויך געוואוסט זעהר ווענינ, ווער וולאדימיר איז. הוגא און יעליסאוועטא האבען ניט געוואוסט, ווער דיא קראנקע פרוי איז געווען, מיט וועלכע ער האט געפונען וולאדימיר׳ן אין וואַלד.

יעליסאוועטא׳ס פרייד איז גאר ניט צו בעשרייבען. זיא האט אלץ געהאלטען וולאדימיר׳ן אויף דיא קניע, האט איהם יעדע מינוט צוגעפּרעסט צו זיך, האט איהם געקושט און האט געוויינט. זיא האט זיך ווענינ געקימערט צו וויסען, וויא אזוי וולאדימיר איז געקומען צום גייסטליכען. זיא האט געוואוסט נור איין זאַך, אז זיא האט געפונען איהר קינד, איהר וולאדימיר׳ן, וואס דאַרף זיא נאך וויסען? זיא האט געוואלט באַלד אוועקפאהרען מיט איהם, אנטלויפען מיט איהם, גלייך וויא זיא האט מורא געהאט, אז מען זאל איהם ביי איהר נאך א מאל ניט אוועקרויבען. הוגא האט אויך געוואלט באַלד אוועקפאהרען, ניקאנאר וואסיליעוויטש אבער האט זיי ניט געלאָזט. עס איז איהם שווער געווען צו שיידען זיך פון וולאדימיר׳ן, וועלכען ער האט ליעב בעקומען, וויא זיין אייגען קינד. ער האט איהם געלערנט לעזען און שרייבען און איז געווען העכסט דערפרייט, ווען ער האט געזעהן, אז וולאדימיר מאכט גוטע פאָרשריטע. וולאדימיר האט איהם געפאָלגט, וואס ער האט איהם געהייסען און ניקאנאר וואסיליעוויטש האט שוין געקלערט, וויא אזוי ער זאל איהם שיקען קיין מאסקווא אין א גימנאזיום. פּלוצלונג דאַרף ער זיך שיידען פון איהם.

ער האט געבעטען הוגא׳ן און יעליסאוועטא׳ן, זיי זאלען וועניגסטענס בלייבען ביי איהם אויף מיטאג. זיי האבען עס איהם געמוזט צוזאגען. ער האט געהייסען מאכען א גרויסאַרטיגען מיטאג פון דאס בעסטע, וואס מען האט נור געקענט געפינען אין דאָרף „נעדאָיעלאָווקאָ“ און האט אנגעהויבען אנצוגרייטען קליידער און עסען אויפ׳ן וועג פאר „זיין“ וולאדימיר׳ן. ער האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו פיהלען, וויא דאס קינד איז איהם טהייער געוואָרען, וויא ליעב ער האט עס. דער מיטאג איז ענדליך פערטיג געוואָרען, מען האט זיך געזעצט עסען. יעליסאוועטא האט ניט געקענט נעהמען קיין ביסען אין מויל. איהר הארץ איז געווען פול מיט פרייד; זיא האט אויף קיין זאַך ניט געקוקט, קיין זאך ניט אנגעריהרט; זיא האט דאס טהייערסטע, דאס בעסטע—איהר קינד, איהר וולאדימיר. ניקאנאָר וואסיליעוויטש איז אויך געווען טרויעריג און האט ניט געגעסען. נור איין הוגאָ איז געווען רוהיג. ער האט זיך געוויס זעהר געפרייט, וואס ער האט געפונען וולאדימיר׳ן, ער האט אבער געוואוסט, צו וואס פאר א צוועק באקונין האט איהם געזוכט.

— דיא רוסישע קייזערליכע פאמיליע ראָמאנאָוו מוז דורך א ראָמאנאָוו פערניכטעט ווערן, האט באקונין געזאָגט.

הוגאָ האט געוואוסט, אז ער מוז עס באַלד מעלדען באקונין, אז ער האט געפונען וולאדימיר׳ן און הערען פון איהם, וואס מען זאל טהאן מיט איהם און וויא אזוי מען זאל איהם דערציעהען.

ענדליך האט זיך דער מיטאָג געענדיגט, דיא קאַרעטע איז געווען איינגעשפּאנט און אלע זיינען געווען בעריים צו פאהרען. מען האט אנגעהויבען אבשיעד צו נעהמען. ניקאנאָר וואסיליעוויטש האט געוויינט, וויא א קליין קינד, ווען ער האט צום לעצטען

מאל געקושט וולאדימיר'ן און האט איהם אריינגעזעצט אין דער קארעטע לעבען זיין מוטער.

— איך ווייס ניט, ווער איהר זייט, האט ער געזאגט, איך פרעג אייך ניט, איך וויל ניט וויסען, איך ווינש אייך, איהר זאלט זיין געזונד און גליקליך און אז איהר וועט זיך אמאל דערמאנען, שרייבט מיר, וואס מאכט מיין וולאדימיר!

מיט דיעזע ווערטער האט ער פערמאכט דיא קארעטע און איז לאנגזאם, וויא א שיכורער, אריינגעגאנגען צו זיך אין שטוב.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אכט שטונדען ווייט פון ריגא, אין איינער פון דיא שעהנסטע געגענדען פון קורלאנד, ליעגט דאס שלאס פריידענטהאל. עס איז נישט ווייט פון'ם באלטישען מעער און ליעגט אויף א בארג בעוואקסען מיט א שעהנעם הערדליכען וואלד. דיעזעס שלאס און דאס לאנד ארום געהערט שוין זייט הונדערטער יאהרען דער פאמיליע פאן פאהלען.

ניט ווייט פון'ם שלאס ליעגט א גרויסעס דארף, וועלכער געהערט אויך צום גראף פאן פאהלען. דיא פעלדער ארום זיינען גוט בעארבייט, דיא הייזער אין דארף זיינען ריין און שעהן. דיא בויערן וויזען אויס צו פריעדען און פערגניגט. דער פרעמדער, וועלכער קומט אין דיעזע געגענד, זעהט באלד דעם אונטערשיעד צווישען דיעזעס דארף און א דארף אין רוסלאנד, וואו אלעס איז ארים, שמוציג און טרויעריג.

דאס שלאס אליין איז צוואר אלט, אבער פעסט געבויט, וויא דיא שלעסער פון דיא באראנען אין דייטשלאנד. ארום שלאס געהט א גרויסארטיגער גארטען. פון פארנט, פון'ם טויער ביז צום שלאס בליעהען און שמעקען דיא זעלטענסטע און דיא טהייערסטע בלומען. הינטערן שלאס ליעגט א גרויסער גארטען בעפלאנצט מיט אלערליי פרוכט ביימער. אין דערמיט געהן שמאלע וועגעלעך בעשיט מיט געלען זאמד. אין איינינע ערטער שטעהן הילצערנע בענק און איינפאכע קיילעכדיגע טישלעך.

ווען איינער זאל אנקוקען דעם גראסארטיגען שלאס און דעם שעהנעם פארק ארום, וואלט ער געוויס געזאגט: אך, וויא גליקליך איז דער מענש, וועלכער בעוואינט דיעזעס שלאס!

לאז מען אבער פרעגען דיא איינוואינער פון'ם דארף, אויב דער בעוואינער פון'ם שלאס איז א גליקליכער מענש און ער וועט אייך ענטפערן:

— ער איז אמאל געווען א גליקליכער מענש, דער אלטער גראף, ער איז אבער יעצט גאר ניט גליקליך. ער געהט ארום שטענדיג טרויעריג און פערטראכט. אמאל, ווען זיין פרוי האט נאך געלעבט און זיינע קינדער זיינען געווען ארום איהם, האט אין שלאס געהערשט פרייד און גליק. זייט דיא פרוי איז געשטארבען און דיא קינדער זיינען זיך צופאהרען, איז דער שלאס איינזאם, פערלאסען און טרויעריג. דער גראף איז גאר אין א קורצע צייט געווארען ווייס, וויא א טויב, אלט און שוואך.

און ווירקליך, ווער עס האט געקענט דעם גראף פרידריך פאן פאהלען מיט עטליכע יאהר צוריק, דער וואלט איהם אויף קיין פאל ניט דערקענט. ער איז שטענדיג געווען מונטער און פרעהליך, ער האט מיט יעדען גערעדט פריינדליך און אפענהערציג. ער איז געווען צופריעדען, ווען מען פלעגט קומען צו איהם. דאס שלאס האט שטענדיג

נעקאכט פון מענשען. עס פלעגט ניט פערגעהן אן אבענד, עס זאלען ניט קומען קיין געסט, קיין בעקאנטע, קיין פריינד, וועלכע פלעגען ביי איהם פערברענגען דיא נעכט אין פרעהליכע געשפרעכע. עס פלעגט ניט פערגעהן קיין טאג, עס זאלען ניט קומען צו איהם דיא בויערן פון'ם דארף פרעגען ביי איהם אן עצה אדער בעטען ביי איהם הילף. ער פלעגט זיי אויפנעהמען גאנץ פריינדליך, פלעגט יעדען ראטען, וואס ער זאל טהאן, פלעגט יעדען העלפען, וויא וויט ער האט נור געקענט. אלע וואס האבען געוואינט מיילען ווייט ארום זיין שלאס, פלעגען איהם שעצען, וויא א פאטער און ליעבען, וויא א ברודער.

יעצט האט זיך אלעס געענדערט, אן אייז־קאלטער שטורמווינד איז אנגעקומען פון ערגעץ, קיינער וויס ניט פון וואנען, און האט אלעס ארום דעם גראף פרידריך פערוואנדעלט אין אייז און פראסט. דאס פרעהליכע שלאס איז געווארען לעדיג, מען הערט פון איהם ניט מעהר קיין פרעהליכע שטימען ביי נאכט, מען זעהט מעהר ניט קיין בעשעפטיגטע מענשען ביי טאג. קיינער קומט ניט אין שלאס, קיינער געהט ניט בעזוכען דעם גראף פרידריך און ער געהט צו קיינעם ניט. ערשט ניט לאנג פלעגט ער געהן גלייך, דעם קאפ אין דער הויך, אויף זיין שטערן דער אריסטאקראטישע שטאלץ פון דער פאמיליע פאהלען; יעצט געהט ער איינגעבויגען, איינגעהויקערט, זיינע ליפען זיינען בלייך און אויף זיין ברייטען שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיעפע, שארפע קנייטשען.

ער איז געווארען בייז, אויפגערעגט, נערוועז, נור עפעס, ווערט ער אין כעס, זעהר אפט בעהאנדעלט ער זיינע מענשען שלעכט, אונגערעכט. פאר א גאר נישט קען ער ארויסטרייבען אן אלטען דיענער, וועלכער האט ביי איהם געדיענט יאהרען לאנג. זעהר אפט זעהט ער באלד איין, אז ער איז געוועזן אונגערעכט, אז ער האט אומזיסט בעלייריגט א מענשען און וויל עס חאפען צוריק, ווען עס איז שוין צו שפעט. ער וויכט אויס יעדע געזעלשאפט, ער נעהמט קיינעם ניט אויף און געהט אין ערגעץ ניט, ווען מען לאדעט איהם איין, — ער וויל זיין אליין. ער געט ארום אליין אין דיא לעדיגע אלעען פון זיין גרויסען, שעהנעם פארק, פערטראכט, פערזארגט, טרויעריג און עלענד. אפט רעדט ער צו זיך אליין, וויא עס טהוען אלע מענשען מיט שוואכע נערוועז; אפט לעגט ער צונויף זיינע צוויי שטארקע פויסטען און מאכט מיט זיי, גלייך וויא ער דראָהעט איינעם, ווי ער וויל קעמפפען מיט אן אונזיכטבארען פיינד. קיינער וואגט ניט איהם צו פרעגען, וואס עס איז מיט איהם; קיינער וואגט ניט מיט איהם צו רעדען, איהם צו טרייסטען, איהם אויסצורעדען; ער ענטפערט ניט, ווען מען רעדט צו איהם. — ער וויל זיין אליין און ער איז אליין. זיינע בעסטע פריינד מיידען איהם אוים, זיינע טרייעסטע דיענער אנטלויפען פון איהם.

„וואס איז מיט דעם מענשען? וויא קומט עס, וואס ער האט זיך אזוי געענדערט? וואס איז פון דעם גוטען און עדלען גראף פרידריך פאן פאהלען געווארען?“ אזוי פרעגען אלע, וואס האבען איהם געקענט מיט איינינע יאהר צוריק, און יעדער ענטפערט אויף דיעזע פראגען נאך זיין ארט. יעדער ערקלערט זיך עס, וויא ער וויל.

מען וויים, אז ער האט געהאט א טאָכטער. וואו איז זיא? זיא איז פערשוואונדען

געוואָרען. וואו איז זיא? לעבט זיא נאך? איז זיא געשטאָרבען? — קיינער ווייס עס ניט. יעדער דערצעהלט אַנאַנדערע געשיכטע, וועלכע ער האט אַליין אויסגעטראַכט, יעדער דערצעהלט אַנאַנדער ליעגען, וואס ער האט אַליין אויסגעקלערט.

מען ווייס, אַז ער האט געהאַט אַ זוהן, הוגא. וואו איז דער זוהן? מען ווייס, אַז ער האט איהם געשיקט שטודירען קיין בערלין, פון יענער צייט אָן איז ער שוין קיין מאָל ניט געקומען צוריק אַ היים. וואו איז ער יעצט? וואס איז ער יעצט? — קיינער ווייס עס ניט. מען האט אַזויפיעל אויסגעפונען, אַז קוים דערמאָנט מען איהם דעם נאָמען הוגא, ווערט ער פון אַלערליי פאַרבען, פּרעסט צוזאַמען דיא ליפּען, גיט אַ קלאַפּ מיט'ן פוס און קעהרט זיך אַוועק אין אַנאַנדער זייט.

אָרימער, אונגליקליכער גראַף! וואס טויגען דיינע רייכטהימער, דיינע פעלדער, דיינע וועלדער? דוא ביסט יעצט אַליין, וויא אַ שטיין, — אַליין, עלענד, פערלאַסען און פערנאַכלעסיגט.

צוואָר איז ער אין דער לעצטער צייט געוואָרען אַביסעל פרעהליכער, אַביסעל פריינדליכער און ניט אַזוי ווילד. דאס איז געווען, זייט ער איז דאס לעצטע מאָל געקומען פון פּעטערבורג און האט מיט זיך מיטגעבראַכט נאַטאַליען. ער פלעגט אין דער ערשטער צייט אַרומגעהן מיט איהר, רעדען מיט איהר און עסען מיט איהר צו זאַמען. דיא דיענער זיינען געווען העכסט דערפרייט, ווען זיי האָבען אַמאָל בעמערקט אַ לייכטען, פרעהליכען שמייכעל אויף זיין געזיכט. דאס האט אָבער לאַנג ניט געדויערט. נאַטאַליע איז ניט געווען דער מענש, וואס זאָל קענען ווירקען אויף פרידריך פאַן פאַהלען. אַ פרוי קען דאַן ווירקען אויף אַ מאַן, וויא גראַף פרידריך, ווען זיא שטעהט העכער פון איהם, איז געבילדעטער פון איהם און ווייס, וויא אַזוי אַרומצוגעהן מיט איהם, וויא אַזוי צו ווירקען אויף איהם, אין וואס פאַר אַ געשפּרעך איהם צו פעראינטערעסירען און אויף וואס פאַר אַ געגענשטאַנד צוציעהען זיין אויפמערקזאַמקייט. דאס האט נאַטאַליע ניט געקענט. זיא האט פערבראַכט איהרע בעסטע יאָהרען אין דיא שנעע־פעלדער פון סיביר, זיא איז שטענדיג געווען אַליין און איז געוואָינט געווען צום שווייגען. פיעל געבילדעט האט זיא אויך ניט געקענט ווערן אין דיא וועלדער פון יאַקוטסק. אויסערדעם האט זיא אויך אַזויפיעל געליטען אין איהר לעבען, אַז זיא פלעגט אויך זיין שטענדיג פערטראַכט און טרויעריג. אין אַ קורצע צייט האט גראַף פרידריך ניט געהאַט מעהר וואס מיט איהר צו רעדען און איז געוואָרען אַזוי איינזאַם, אַזוי מענשען פיינדליך וויא פריהער.

ער פלעגט צוואָר עסען מיט איהר צוזאַמען און אַ מאָל געהן מיט איהר שפּאַצירען אין פּאַרק. זיי פלעגען דאַן אָבער ביידע שווייגען, ביידע געהן פערטראַכט, ביידע פלעגען זיין טרויעריג און קיין וואָרט איינער צום אַנדערן ניט רעדען. דיא דיענער פון'ם שלאָס האָבען עס באַלד בעמערקט און האָבען געזאָגט, אַז ער וועט זיא באַלד אַרויס־טרייבען. דאַ אָבער האָבען זיי אַ טעות געהאַט, גראַף פרידריך האט זיא שטענדיג בעהאַנדעלט פריינדליך, וויא אַ פאַטער און האט יעדען מאָרגען און יעדען אָבענד גע־פרעגט, וואס זיא טהוט.

עס איז געווען אַ שעהנער זומער־טאָג. אין גאָרטען און אין פּאַרק האט אַלעס געבליהט און געגרינט. גראַף פרידריך איז אַרומגעגאַנגען אין פּאַרק אַליין, פערזאָרגט

און טרויעריג. ער איז ארויפגעגאנגען אויף א בערגעל און האט זיך צוגעהערט. ניט ווייט אין וואלד האט מען אויסגעהאקט דיא ביימער. ער האט ניט לאנג פערקוקט דעם וואלד צום אויסהאקען, ער האט זיך צוגעהערט, וויא דיא אלטע ביימער קרעכצען אונטער דער האק פון׳ם האלצהעקער.

— וואס טויגען זיי מיר? האט ער געזאגט צו זיך אליין. אמאל פלעג איך ליעבען דיעזען וואלד, דיעזע אלטע ביימער, וויא מיינע קינדער. איך פלעג מיך שפּיעגלען אין זיי, איך פלעג ארומגעהן ארום זיי, איך פלעג זיי אפּהיטען און בעשיצען, גלייך וויא זיי וואלטען מיך פערשטעהן. — יעצט וואס דארף איך זיי? ווען איך האב מיינע אייגענע קינדער ניט געקענט אפּהיטען; ווען מיינע אייגענע קינדער האבען מיר פעראורזאכט אזוי פיעל שמערץ, אזוי פיעל שאנדע, וואס טויגען מיר דיא ביימער? וואס טויג מיר מיין רייכטהום? וואס טויג עס מיר אלעס? פאר וועמען האב איך געלעבט? פאר וועמען האב איך געזאמעלט? וואס וועט ווערן פון דעם אלעמען? — לאזען זיי פאלען, דיא אלטע ביימער! לאז אלעס אונטערגעהן! איך ערווארטע מיט אונגעדולד מיין ענדע! וואס טויג מיר דאס לעבען? —

ער האט אנגעהויבען ארומצוגעהן מיט האסטיגע שריט אין דיא שמאלע געסליך פון׳ם פּארק, וויא א מעכטיגער לייב, דער קעניג פון דיא חיות, געהט ארום אין זיין אייזערנע שטייג און קוקט מיט פעראכטונג אויף דיא מענשען, וואס שטעהן ארום און גאפען אויף איהם. פּלוצלונג האט ער דערהערט א רעש פון רעדער. אין הויף איז אריינגעפאהרען א קארעטע מיט צוויי פייערינע פערד. דיא קארעטע איז געבליעבען שטעהן פאר׳ן אלטען שלאס און פון איהר איז ארויס א שעהן געקליידעטער הערר מיט א מאפּע אין דער האנד. ער איז באלד אריינגעגאנגען אין הויז.

— דאס איז דער מאן, וועלכען איך ערווארט, האט גראף פרידריך געזאגט. גוט וואס ער איז געקומען. יעצט וועל איך מאכען אן ענדע דערמיט. איך מוז פערזארגען, אז גראף פאהלען׳ס גיטער זאלען זיך געפינען אין זיכערע הענד. איך וויל ניט, אז מיין ליעבער זוהן זאל א מאל קומען און זאל פערשוועגדען מיין פערמעגען מיט ניעדער־טרעכטיגע פרויען. — מיין טאכטער? מיין טאכטער זאל נאך א מאל קומען פון סיביר? בעדעקט מיט שאנדע, פערשטויסען פון איהר געליעבטען? איך וויל זיא אויך ניט קענען.

עס איז צוגעקומען צו איהם א דיענער איהם מעלדען, אז א הערר איז געקומען צו פאהרען און ווארט אויף איהם.

— איך ווייס, איך ווייס, האט גראף פרידריך האסטיג געזאגט. געה, פיהר איהם אריין אין מיין קאבינעט און זאג איהם, אז איך קום באלד.

אין אייניגע מינוטען ארום איז גראף פרידריך פאן פאהלען געזעסען אין זיין קא־בינעט לעבען זיין גרויסען שרייב־טיש. פון דער אנדערער זייט איז געזעסען א הערר מיט א גאלדענער בריללע אויף דער נאז און מיט א פּאק פּאפּיערען אין דיא הענד.

— איך האב אייער בריעף ערהאלטען, גראף, האט דער הערר געזאגט, און איך האב אוועקגעלעגט אלע פּראצעסען און געשעפטען און בין באלד געקומען.

— מיר זיינען דאך אלטע בעקאנטע, אדער טאקע אלטע גוטע פריינד, הערר שולץ, האט געזאגט גראף פרידריך.

— אלזא, צור זאַכע, האט געזאגט דער הערר. איהר האט מיר געשריעבען, אז איהר זייט געזאָנען צו מאכען א וויכטיגען דאָקומענט. וויא איך פערשטעהע, ווילט איהר אנשרייעבען אייער טעסטאמענט (צוואה). איהר קענט מיר אלס דעם בעסטען אדוואָקאַט אין רינגא. זאגט מיר וואס, און אין א קורצע צייט איז אלעס פערטיג.

— איהר האט רעכט, הערר שולץ, האט גראף פרידריך געזאגט פעסט. איך וויל אנשרייבען מיין טעסטאמענט, דערפאר האב איך אייך גערופען. איך וויל קיין רייד ניט פערליערען, זעצט אייך און שרייבט. איין זאך נור וויל איך אייך בעמערקען און צוואר, איהר זאלט עס אזוי אנשרייבען, אז קיינער זאל עס ניט קענען אומשטירצען. מעגליך, אז עס וועט קומען א צייט, ווען מען וועט וועלען פיהרען א פראָצעס געגען מיין טעסטאמענט. עס וועלען זיך געוויס געפינען אדוואקאטען, וואס וועלען אננעהמען אזא פראָצעס און עס וועט זיי פיעלייכט געלינגען מיין טעסטאמענט אומצושטירצען (איהם מבטל צו זיין). איך וויל, אז מיין טעסטאמענט זאל זיין אזוי אנגעשריעבען, אז קיינער זאל איהם ניט קענען בעשטרייטען, קיינער זאל ניט קענען פיהרען קיין פראָצעס געגען איהם. אזוי וויא איך וועל איהם אנשרייבען, אזוי זאל עס בלייבען.

— איך וועל זיין פאָרזיכטיג, האט דער אדוואקאט געזאגט, און וועל עס אזוי אנשרייבען, אז קיינער וועט ניט קענען זאגען א וואָרט דאגעגען. איך קען מיין געשעפט און וועל זעהן, אז דאס געריכט זאל באלד אנערקענען און בעשטעטיגען, וואס איך וועל אנשרייבען און איהר וועט אונטערשרייבען.

גראף פרידריך האט זיך אביסעל אוועקגערוקט פון׳ם שרייב־טיש. דער אדוואָקאַט האט ארויסגענומען א בויגען פאפיער און האט זיך געזעצט שרייבען. ער האט אנגעשריעבען עטליכע צייל״ן און האט געפרעגט:

— וויא הייסען אייערע קינדער? איהר ווילט דאך געוויס איבערלאזען אייערע קינדער אייער פערמעגען. איך מוז וויסען גענוי זייערע נעמען.

גראף פרידריך האט זיך א וואָרף געטהאן און האט אנגעקוקט דעם אדוואָקאַט בייז און פינסטער.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך האב קינדער? האט ער געפרעגט צאָרניג. ווער האט אייך געזאגט, אז איך וויל איבערלאזען מיין פערמעגען צו מיינע קינדער?

— אז איהר האט קינדער, ווייס איך, האט דער אדוואקאט געענטפערט, ווייל איך בין אָפט ביי אייך געוועזען און האב זיי געזעהן. איך האב געמיינט, אז אייערע קינדער וועלען זיין אייערע יורשים, ווייל אזוי פיהרט זיך געוועהנליך דיא וועלט.

— יא, דיא וועלט פיהרט זיך אזוי, האט גראף פרידריך געענטפערט, איך וויל אבער, אז אין אונזער היינטיגען געשפרעך זאל קיין וואָרט ניט דערמאנט ווערן פון מיינע קינדער. איך וויל, אז איהר זאלט אזוי אנשרייבען מיין טעסטאמענט, אז מיינע קינדער זאלען קיין מאל ניט צוקומען צו מיין פערמעגען; איך וויל, אז מיינע קינדער זאלען פון מיין פערמעגען קיין קאפיקע ניט בעקומען; איך האב אייך דערפאר גערופען און האב אייך ערקלערט, אז איך וויל מאכען אזא טעסטאמענט, אז קיינער זאל דאַגעגען קיין פראָצעס ניט קענען פיהרען.

דער אדוואקאט איז געוועזען איבערראשט. דאס האט ער פון גראף פאהלען ניט

ערוואַרטעט. ער האט אוועקגעלעגט דיא פעדער און האט זיך אנגעשפּאַרט אויף זיין שטוהל. ער האט געטראכט אייניגע מינוט און האט דאן געזאגט לאנגזאם, אויסגע־צויגען יעדעס וואָרט:

— האט איהר זיך עס גוט איבערלעגט, גראף? ווייסט איהר, אז איהר טהוט יעצט א זאנדערבארען שריט? ווייסט איהר, אז איהר טהוט יעצט א שריט געגען דיא נאַטור? וויא פיעל איך וויים, האט איהר א זוהן און א טאכטער —

— איך האב א מאל געהאט א זוהן און א טאכטער, האט גראף פרידריך גע־ענטפערט רוהיג, היינט האב איך זיי ניט, ריכטיגער געזאגט, איך וויל זיי ניט האבען.

— איך פערשטעהע, האט געזאגט דער אַדוואָקאט, אייערע קינדער האבען אייך ניט געפאלגט, זיי האבען זיך שלעכט אויפגעפיהרט. זיי האבען בעגאנגען אייניגע נאַ־רישקייטען און איהר האט זיי פון זיך פערשטויסען. בעדענקט אבער, גראף, אז דאס איז שוין לאנג געשעהן. מעגליך, אז זיי האבען עס בערייעט און פיהרען יעצט אן ארינטליכעס, אנשטענדיגעס לעבען. איבערלעגט אייך, גראף! בעדענקט, וואס איהר טהוט.

— הערר שולץ, איך וויים, וואס איך טהו! שרייבט, וואס איך וועל אייך זאגען און הערט אויף צו דערצעהלען מיר פון מיינע קינדער.

— הערר גראף פאן פאהלען, האט דער אדוואָקאט געזאגט, ווען מען דאַרף נור שרייבען, וואס איהר וועט זאגען, האט איהר מיך ניט געדאַרפט רופען. דאס קען טהאן יעדער דאָרפסשרייבער. ווען איהר האט מיר געשריעבען, אז איך אליין זאל קומען און ניט שיקען איינעם פון מיינע שרייבערס, איז דאס א בעוויז, אז איהר רעכענט מיך אלס פריינד און ווילט זיך בעראַטהען מיט מיר, וויא אזוי אנצושרייבען אייער טעסטאַ־מענט. איך האב דאהער רעכט צו דענקען, אז איהר האט צוטרויען צו מיר און איך וויל דיעזעס רעכט בענוצען און אייך ארויסזאגען מיין מיינונג פריי און אָפענהערציג, וויא א טרייער פריינד דאַרף טהאן, ווען מען פרעגט איהם עפּעס.

איהר ווילט אייערע קינדער פערשטויסען, איהר ווילט פון זיי ניט וויסען. איהר זייט אונגערעכט. א קינד בלייבט א קינד. איהר קענט עס ניט אויסשניידען פון אייער הערץ, איהר קענט זיך ניט אפזאגען פון זיי. — איך וויל אייך צוגעבען, אז אייערע קינדער זיינען שלעכט און זיינען ווערטה, אז איהר זאלט זיי פערשטויסען, אז איהר זאלט זיך פון זיי אָפּזאגען. פערגעסט אָבער ניט, אז עס איז מעגליך, אז אייערע קינדער, האבען שוין קינדער, וועלכע זיינען ניט ווערטה, אז מען זאל זיי פערשטויסען. מעגליך, אז אייערע אייניקלעך, וועלען גוט מאכען דאס, וואס אייערע קינדער האבען פערדאָר־בען? ביי יעדען מענשען איז זיין נאמען טהייער; יעדער וויל, אז זיינע קינדער זאלען טראגען שטאלץ זיין נאמען און זאלען מאכען עהרע זיין נאמען. וואס טהוט איהר אָבער? איהר פערשטויסט זיי און טרייבט אייערע קינדער און אייניקלעך אין עלענד און נויט. איהר צווינגט זיי צו מאכען שאנדע אייער נאמען. — ניין, הערר גראף! איהר טהוט ניט גלייך; מיר איז עס אונאנגענעהם, איך קען עס ניט. איך וועל אייך בעסער שיקען מיין שרייבער, וועלכער וועט אייך אנשרייבען, וואס איהר וועט אליין וועלען.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געוואלט צונויפלעגען זיינע פאפיערען. גראף פאהלען האט איהם צוריקגעהאלטען.

— בלייבט נור, אלטער פריינד! האט ער איהם געזאגט. איך האב ניט געוואלט אויפרייסען מיינע אלטע וואונדען און ווייזען זיי א פרעמדען מענשען, ווען ער איז זאגאר מיין בעסטער פריינד, וויא איהר. דער שטארקער מענש טראגט איבער זיינע שמערצען שטיל, פערבארגען אין זיין הארץ, ער ווייזט זיי ניט ארויס. — דאס האב איך אויך געוואלט טהאן; איהר צווינגט מיך אבער צו רעדען. איהר צווינגט מיך, איך זאל פאר אייך אפבינדען אלע מיינע מכות, אלע מיינע וואונדען און זאל אייך ווייזען, וויא וועה זיי טהוען מיר. גוט! איך וועל אייך צוליעב טהאן.

איהר האט געקענט מיין טאכטער, מיין יעליסאוועטא'ן. איהר געדענקט גאנץ גוט דאס ליעבליכע קינד, מיין טהייערסטע, מיין בעסטע. ווייסט איהר, וואס פון איהר איז געווארען? — א ניעדערטרעכטיגעס פרויענצימער, וועלכער איהר געליעבטער אליין האט פערשיקט ערגעץ ווייט, ווייט....

ער האט ניט געקענט ווייטער רעדען. דער אדוואקאט האט געזעהן, וויא שרעקליך ער האט געקעמפפט מיט זיך אליין. צארן און מיטלייד, פערדרוס און פאטער־ליעבע האבען געשטריטען אין זיין הארץ. ער האט אליין ניט געוואוסט, וועלבע געפיהלע ער זאל ניבער הערן. דער אדוואקאט האט געזעהן, אז ער איז געווארען בלייך און האט געזאגט:

— זאל איך הייסען ארייננברענגען א גלאז וואסער?

— ניין, האט דער גראף פרידריך געזאגט, עס איז שוין פאראיבער, איך פיהל מיך בעסער. דיא עראינערונג אן מיינע קינדער רייסט אויף מיינע וואונדען און עס טהוט מיר שרעקליך וועה. — מיין טאכטער, מיין יעליסאוועטא. —

— איהר האט מיר געזאגט, אז אייער טאכטער איז מיט איינעם אנטלאפען. איך זעה דא גאר ניט אזא פערברעכען. זיא האט געליעבט איינעם און האט געוואוסט, אז דער שטאלצער גראף פרידריך פאן פאהלען וועט איהר ניט ערלויבען איהם צו הייראטהען, איז זיא מיט איהם אוועקגעפאהרען און האט איהם געהייראטהעט ערגעץ שטילערהייט. מעגליך, אז זיא האט אונרעכט געטהאן, דאך קומט איהר ניט, אז איהר זאלט זיא דער פאר פערשטויסען פון זיך.

— איהר זייט מיין אלטער בעקאנטער און דאך קענט איהר מיך ניט, האט גראף פרידריך געזאגט. איך גיב אייך מיין עהרנווארט, אז ווען יעליסאוועטא זאל זיך געווען פערליעבען אין דעם ארימסטען ארבייטער און זאל איהם געוועהן הייראטהען, וואלט איך זיא שטענדיג בעטראכט אלס מיין קינד און וואלט זיא אויף קיין פאל ניט פערשטויסען פון מיר. יעליסאוועטא אבער האט זיך געלאזט פערפיהרען פון א רוסישען גראפפירסט, זיא איז געווארען זיין געליעבטע; זיא האט געלעבט מיט איהם אין דער צייט, ווען ער האט געהייראטהעט אנאנדערע פרוי. — א גרעפין פאן פאהלען זאל זיך אזוי ערניעדעריגען! דאס קען איך איהר ניט פערצייען!

— האט אייער טאכטער א קינד פון'ם גראספירסטען?

— זיא האט א קינד, א אינגעל. אזויפיעל וויים איך....

— וואו געפינט זיא זיך יעצט? האט דער אדוואָקאט ווייטער געפרעגט.

— איך ווייס ניט — בעסער געזאגט, איך ווייס יא. — זיא איז ערגעץ אין סיביר אין א מינע. פאר איהר ליעבע און טרייע האט זיא דער בעהעררשער פון אלע רוסען אוועקגעשיקט גראבען גאָלד אין סיביר.

— האט איהר קיין מאל ניט פראָבירט צו בעטען דעם קייסען וועגען איהר?

— בעטען? האט געלאכט גראף פרידריך מיט א ביטערן געלעכטער. בעטען? וועמען בעטען? דעם טיראן פון אלע רוסען? — ניין! גראף פאהלען איז צושטאָלץ צו בעטען דארטען, וואו זיינע מענשען רעכטע ווערן געטרעטען מיט דיא פיס!

— אָבער דאָך, טאמער קומט זיא אמאָל צוריק, טאמער קומט איהר קינד, וועט איהר זיא דען ניט ארייגלאזען צו זיך אין שטוב ארייו? איהר זייט דאך א פאָטער!

— איך בין איהר קיין פאטער, האט אויסגערופען דער גראף. איך האב קיין טאָכטער ניט! איך וויל זיא ניט קענען. איך וועל זיא ארויסיאָגען פון מיין שטוב, וויא מען יאָגט ארויס א משוגענעם הונד.

דער אדוואָקאט האט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט און האט געשוויעגען אייניגע מינוט. ענדליך האט ער געזאגט:

— איהר האט דאך א זוהן אויך. פערוואס זאלט איהר איהם פערשטויסען?

גראף פרידריך איז געוואָרען רויט, וויא פייער.

— איך האב קיין זוהן ניט! האט ער אויסגערופען. איינער, הוגאָ פאָן פאהלען, האט מיין נאמען געשענדעט, ער איז געווארען א דיעב. —

— איך פערשטעה אייך ניט, גראף, און קען אייך ניט פערשטעהן. הוגאָ פאָן פאהלען, קען ניט זיין קיין....

— איהר פערשטעהט ניט? האט געזאגט דער גראף. איך פערשטעה אָבער. הוגאָ פאָן פאהלען האט געגנבעט בריליאנטען אום ער זאָל קענען בעצאהלען זיינע חובות. ער האט געלעבט, וויא א פערשוועגדער און האט זיך אנדערש ניט געקענט אויסדרעהן אלס דורך א פערברעכען. ער האט נאך ערגער געטהאן, ווען מען האט ענדעקט זיין פערברעכען און מען האט איהם געוואָלט ארעסטירען, בין איך דערביי געראדע געווען. איך האב איהם געגעבען א רעוואָלווער און האב איהם געהייסען זיך שיעסען און פער־דעקען דיא שאנדע מיט זיין בלוט. ער איז אנטלאפען דורכ'ן פענסטער, וויא א טויגע־ניכט'ס, וויא א פייגלינג.

איך דערצעהל אייך יעצט זאכען, וועלכע איך האב נאך קיין לעבעדיגען מענשען ניט פערטרויט. עס בלוטעט מיר דאס הערץ, ווען איך רעד דערפון; יעדער אָדער אין מיר ציטערט, ווען איך דערמאן מיך אן יענע טרויעריגע שטונדען. איהר ווייסט ניט, וואס פאר א שרעקליכע שמערצען איך פיהל, ווען איך רעד דערפון, אָבער איהר צווינגט מיך צו רעדען. איך מוז אייך אלעס זאגען. פאר אן אדוואָקאט און א דאָקטאָר מוז מען אלעס דערצעהלען, אָבוואהל זיי ביידע נעהמען נור צו דאס געלד און העלפען ניט.

— זייט זיכער, גראף, האט דער אדוואָקאט געזאגט ערנסט, אז קיין לעבעדיגע זעעלע וועט ניט וויסען, וואס מיר האבען דא גערעדט. עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך האב אייך פעראורזאכט אומזיסטע שמערצען. גלויבט מיר, אז איך בין נ'ט

פון יענע נייגיעריגע מענשען, וועלכע קומען אומיסטען אייך אויספרעגען, ארייננראָבען זייערע גראָבע, שמוציגע פינגער אין אייער וואונד און דאן זאגען מיט א שמייכעל: אך, ענטשולדיגט! איך האב ניט געוואוסט, אז עס טהוט אייך אזוי וועה. איך האב געטהאן מיין פפליכט אלס מענש און אלס פריינד.

דער גראף האט איהם געגעבען דיא האנד און האט געזאגט:

— יעצט, צו דער ארבייט!

ביידע מענער האבען זיך צוריקגעזעצט אויף זייערע פלעצער. דער אדוואָקאט האט וויעדער ארויסגענומען זיינע פאפיערען און האט אנגעהויבען צו שרייבען.

— האט איהר געמאכט א פערצייכניס פון אייער פערמעגען, גראף? האט דער אדוואָקאט געפרעגט. איך מוז ארייננשרייבען אלעס פינקטליך און דייטליך.

גראף פרידריך האט ארויסגענומען א בויגען פאפיער און האט איהם דערלאנגט דעם אדוואָקאט.

— אט האט איהר א פאלשטענדיגע פערצייכניס פון מיין גאנצעס פערמעגען, וועלכע ניטער איך האב, וויאפיעל וועלדער, וויאפיעל הייזער, וויאפיעל דיעסיאטין לאנד און וויאפיעל בארעס געלד אין פערשיעדענע בענק.

דער אדוואָקאט האט גענומען דאס פאפיער און האט עס דורכגעלעזען און צונויפגערעכענט.

— איהר זייט פיעל רייכער, וויא איך האב גערעכענט, האט ער געזאגט. אלזאָ, וואס ווילט איהר טהאן מיט אזא פערמעגען? ווענומן ווילט איהר עס איבערלאָזען?

— מיין גאַנצעס פערמעגען, אויסער דיעזען שלאָס מיט דעם דאָרף און הונדערט פופציג טויזענד רובעל, וויל איך איינטהיילען אין צוויי טהיילען: איין טהייל זאל געהן אויף אַן אנשטאַלט פאר אונגליקליכע, געפאלענע פרויען. —

— אין ריגא? האט דער אדוואָקאט געפרעגט.

— ניין, אין פעטערבורג, האט דער גראף געענטפערט. איך האב געהערט, אז מען וויל דארט בויען א גרויס הויז מיט א גארטען, וואו מען זאל אויפנעהמען געפאלענע פרויען, זיי דארט האלטען און געבען זיי שטענדיגע בעשעפטיגונגען. דיא העלפט פון מיין פערמעגען זאל געהן אויף דיעזע וואהלטהעטיגע אנשטאלט; דיא אנדערע העלפט זאל געהן אויף דיא יעקאטערינענסקאיא באָגאדעלנאיא. דארט בויט מען צו א פליגעל פאר פערברעכער, וועלכע זיינען ארויס פון אסטראָג אָדער פון דיא ארעסטאנטסקי ראָטעס און קענען אזוי גיך קיין בעשעפטיגונג ניט געפינען. אין דיעזעס הויז וועט מען זיי אויפנעהמען און אזוי לאנג האלטען, ביז זיי וועלען קריעגען א בעשעפטיגונג, זיי זאלען קענען פיהרען אַן אנשטענדיגעס לעבען.

דער אדוואקאט האט פערשריעבען אלעס, וואס דער גראף האט איהם געזאגט.

דער גראף האט זיך צוגעקוקט, אויב אלעס איז ריכטיג פערשריעבען, דאן האט ער געזאגט מיט א ביטערען, הערץ־רייסענדען שמייכעל:

— איהר זעהט, אלטער פריינד, איך האב ניט פערגעסען ניט מיין זוהן, ניט מיין טאכטער. איך האב פאר ביידען געזאָרגט....

דער אדוואקאט האט געשוויעגען און האט ווייטער געשריעבען.

— דיזעס שלאָס, האט גראף פרידריך געזאגט, ווען דער אדוואקאט האט אלעס פינקטליך פערשריעבען. דיזעס שלאָס מיט דעם דאָרף ארום און הונדערט פופציג טויזענד רובעל, וועלכע איך האב אין דער גאָסודארסטוועני באנק אין ריגא, לאז איך איבער א מעדכען מיט'ן נאמען נאטאליא מעזענצאָף, דיא טאָכטער פון'ם פערשטארבענעם דאקטאר ניקאלאי מעזענצאף.

דער אדוואקאט האט עס אנגעשריעבען און האט געפרעגט דעם גראף מיט דיא אויגען, ווער איז דיזע נאטאליא און וואס געהערסט דוא זיך אן מיט איהר?

— וואונדערט אייך ניט, מיין פריינד, האט דער גראף געזאגט. איך וויים, וואס איך טהו, איך בעצאהל א חוב. דורך מיר האט מען נאטאליא'ס מוטער פערשיקט קיין סיביר. נאטאליא איז יעצט אליין, עלענד, ארים און פערלאָסען, איך מוז זיא פערזאָרגען.

דער אדוואקאט האט איבערגעלעזען אין דער הויך אלעס, וואס ער האט אנגעשריעבען און האט געפרעגט דעם גראף, אויב עס איז ריכטיג.

— גאנץ ריכטיג! האט דער גראף געענטפערט. דאס איז מיין טעסטאמענט, אזוי וויל איך.

— אלזא, שרייבען זיא זיך אונטער און קומט מארגען קיין ריגא, וועלען מיר איינרייכען דיזען טעסטאמענט אין געריכט צור בעשטעטיגונג. אבער בעדענקט, גראף, אז זא לאנג עס איז נאך ניט בעשטעטיגט פון געריכט, קען מען נאך ענדערן, וואס מען וויל, שפעטער איז עס שוין שווער.—פערגעסט ניט, מיר זיינען לעבעדיגע מענשען, קיינער וויים ניט, ווּעמעס מארגען עס וועט זיין. איבערלעגט אייך. עס וואלט פיעל בעסער געווען, איהר זאָלט קומען צו מיר אין א מאנאט ארום.

— ניין! האט אויסגערופען דער גראף, ערוואַרט מיך מארגען. איך וויל, אז מיין טעסטאמענט זאל פון מארגען אן אין קראפט טרעטען, און טאקע דערפאר, ווייל מיר זיינען לעבעדיגע מענשען, וויל איך, אז מיין פערמעגען זאל זיין אין גוטע הענד.

— איך ראטה אייך אלס אלטער פריינד, איהר זאָלט זיך נאך אמאל איבערלעגען. וויא אונגערעכט אייערע קינדער זיינען געווען געגען אייך, זיינען זיי דאך קינדער, האט דער אדוואקאט געזאגט מיט א ביטענדער שטימע.

— איהר האט ניט אזוי פיעל געליטען פון קינדער, וויא איך, האט דער גראף געזאגט. גאט זאל אייך אפהיטען און זאל אפהיטען יעדער מענשען פון אזעלכע ליידען, וויא מיינע קינדער האבען מיר פערארזאכט.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט פעסט און ענטשלאָסען:

— איך האב מיך ניט, וואס צו איבערלעגען! אזוי בלייבט עס!

מיט דיזע ווערטער האט ער גענומען דיא פעדער און האט אונטערגעשריעבען זיין נאמען אונטערן טעסטאמענט (צוואה).

דער אדוואקאט האט ווייטער קיין וואָרט געזאגט. ער האט צונויפגעלעגט זיינע פאפיערען און האט אנגעטהאן זיין הוט.

— אלזא, זייט געזונד, הערר גראף, מעהר דאַרפט איהר מיך ניט.

— איהר ווילט שוין פאהרען א היים? האט דער גראף געפרעגט. איך האב געוואָלט, איהר זאָלט בלייבען ביי מיר אויף מיטאג.

— איך דאנק אייך, גראף, האט דער אדוואקאט געזאגט. איך קען דא ניט איינזיצען, עס ווערט מיר אונהיימלין, ווען איך בעטראכט דיעזען שלאס און דערמאן מיך, וויא אזוי ער האט אמאל אויסגעוויעזען און וויא ער זעהט היינט אויס.

דער אדוואקאט האט זיך פערנייגט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. גראף פרידריך איז איהם נאכגעגאנגען, האט איהם ארויפגעלעגט דיא האנד אויף דער פלייצע און האט איהם געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע:

— אלטער פריינד! איך וויים, אז עס וועט קומען א צייט, ווען פיעלע מענשען וועלען מיך פעראורטהיילען, זיי וועלען מיר פערשילטען דיא ביינער און זאגען, אז איך בין געווען א שלעכטער, אונבארמהערציגער מענש. איהר ווייסט מיינע געהיימניסע, איהר קענט מיין הערץ, איך ערלויב אייך צו פערעפענטליכען, וואס מיינע קינדער האבען געטהאן געגען מיר, ווען איהר וועט פערשטעהן, אז עס איז נאטהווענדיג צו פערטהיידיגען מיין נאמען, מיינע עהרע. איהר זייט דער איינציגער, וועלכער וועט מיך קענען פערטהיידיגען.

— איך קען עס אייך ניט צוזאגען, הערר גראף, האט דער אדוואקאט געזאגט, ווייל איך אליין בין געגען אייך. איך געפין, אז איהר האט אונרעכט. — זייט געזונד, הערר גראף!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. אין איינינע מינוטען ארום האט דער גראף געזעהן זיין קארעטע ארויספאהרען פון'ם שלאס.

— אך! האט דער גראף געזאגט צו זיך אליין. וויא שלעכט איז דיא וועלט! זיי פערדאמען מיך, זיי האלטען מיך פאר א שלעכטען מענשען. זיי וויסען ניט, וויא פיעל איך האב געליטען. נור דער מענש קען מיך פערשטעהן, וואר עס האט געליטען אזוי פיעל פון קינדער, וויא איך. — אבער גענוג! איך וויל מעהר ניט דענקען פון זיי. גענוג!

ער האט אנגעטהאן זיין הוט און זיין איבערציעהער און איז ארויסגעגאנגען אין גארטען. ער איז דורכגעגאנגען עטליכע אלעען, אין גארטען איז קיינער ניט געווען. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג, נור דיא ביימער האבען געראושט טרויעריג און דיא בלומען האבען איינגעבויגען זייערע קעפעלעך. ער איז ארויס פון גארטען און איז געגאנגען אין דיא פעלדער, ער האט אליין ניט געוואוסט וואוהין. זיינע פיס האבען זיך אנגעשלאגען אין שטיינער און דערנער, ער האט עס ניט געפיהלט. שטעכענדיגע ביימלעך האבען פערטשעפעט און צוריסען זיינע קליידער, ער האט דערפון ניט געוואוסט. ער איז געגאנגען א הין א וועג און אהן א שטעג, ביז ער איז געקומען אויפ'ן פריעדהאף (בית-עולם) וואו דיא פאמיליע פאן פאהלען האט געהאט א בעזונדער שטיקעל פלאץ ארומגעצוימט מיט אן אייזערנעם צוים. אין דערמיט פון דיעזען צוים איז געשטאנען א שטיבעלע אויף מארמארנע זיילען. דאס איז געווען דאס פאמיליען-בעגרעבנים-פלאץ פון דיא גראפען פאן פאהלען.

ער איז צוגעגאנגען צום אייזערנעם צוים, האט זיך אנגעשפארט אויף איהם און האט בעטראכט דעם ארט, וואו זיינע עלטערן רוהען אין דער קאלטער ערד און וואו ער וועט אויך באלד ליעגען לעבען זיי.

— דא רוהט איהר אלע, מיינע עלטערן און עלטער עלטערן, האט ער געזאג.

צו זיך אליין. איהר האט אנגעזאמעלט רייכטהימער פאר אייערע קינדער, — איך מוז דיעזע רייכטהימער אוועקגעבען פרעמדע מענשען. איהר וועט מיך ניט פערדאמען. אייער נאמען איז ביי אייך טהייער געווען, אייער נאמען איז ביי מיר אויך טהייער.

ער האט זיך אומגעקעהרט אין אן אנדער זייט און האט געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— דוא שלאפסט רוהיג, מיין ליעבע, טהייערע פרוי, מיין לעבענסגעפעהרט'ין; דוא ביסט גליקליך, וואס דוא האסט ניט דערלעבט, אז דיינע קינדער זאלען צורייסען דיין הערץ דורך זייער שלעכטע אויפפיהרונג. דוא שלאפסט רוהיג אונטער דער ערד און פיהלסט ניט, וויא עלענד, וויא אונגליקליך איך בין. אך! פארוואס בין איך ניט גע־שטארבען גלייך מיט דיר! —

עס וועט שוין אבער לאנג ניט דויערן, איך וועל באלד קומען צו דיר, איך וועל שוין באלד מיך אויך אויסרוהען לעבען דיר — דאן וועט שוין אלעס גוט זיין. איך פיהל, אז עס וועט שוין לאנג ניט דויערן. מיינע קינדער האבען מיר ארייגגעגאסען גיפט אין הארצען, וועלכער ווירקט לאנגזאם אבער זיכער. — דוא אבער, מיין ליעבע פרוי, ביסט דאך גליקליכער פון מיר. דיך וועט קיינער ניט פעראורטהיילען, קיינער וועט דיך ניט פערדאמען, דיין אנדענקען וועט מען עהרען. מיך אבער וועט מען בעטראכטען אלס טיראן געגען זיינע קינדער, אלס אונבארמהערציגען, שלעכטען מענשען. מיין אנדענקען וועט מען שענדען, מיין נאמען וועט מען פערדאמען. — אך, וויא טרויעריג.... !

דער שטאלצער גראף האט געוויינט, וויא א קינד. פלוצלונג האט ער דערהערט, וויא איינער וויינט ערגעץ ניט ווייט פון איהם. ער האט זיך אומגעקוקט און האט קיינעם ניט געזעהן. דער פריעדהאף (בית־עולם) איז געווען לעדיג. ער האט זיך צוגע־הערט — מען וויינט. ער איז אוועקגעגאנגען פונ'ם בעגרדיגונגס־פלאץ פון זיין פאמיליע און איז געגאנגען צווישען דיא גרעבער (קברים) זוכען, ווער עס וויינט. אויף א גראב אונטער א געדיכטען בוים איז געזעסען נאטאליא און האט געוויינט. זיא האט היינט געלעזען אין א צייטונג, אז איהר ברודער איז געשטארבען, דיא ניהיליסטען האבען איהם געשטאכען. זיא האט ניט געוואלט בעטריעבען דעם גראף און וויינען ביי איהם אין שטוב. זיא איז געגאנגען אויפ'ן פריעדהאף, וואו איהר פאטער איז געוועזן בעגראבען, זיך אויסוויינען אויף זיין גראב.

גראף פרידריך האט שוין לאנג געוואוסט, אז מעזענצאף איז טוידט. ער האט עס נאטאליא'ן ניט געוואלט זאגען. ער האט געוואלט, אז זיא זאל גאר דערפון ניט וויסען. ער איז דאהער געווען ערשטוינט, ווען ער האט זיא דערזעהן אונטערן בוים, וויא זיא איז געזעסען אויף א בערגעלע און האט שטילערהייט געוויינט. ער האט גע־הערט איהרע לעצטע ווערטער.

— מיינע גוטע מוטער, האט נאטאליא געזאגט, ליעגט ערגעץ ווייט אין סיביר. דוא, מיין ליעבער פאטער, ליעגסט דא רוהיג צווישען דיינע פריינד און בעקאנטע, מיין ברודער ליעגט אין פעטערבורג, וואו וועלען מיינע ביינער ערגעץ פערוואָרפען ווערן?

גראף פרידריך האט פערשטאנען, אז זיא איז געוואהר געווארען פון איהר ברו־דערס טוידט. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער. נאטאליע האט דערהערט דעם רויש פון

זיינע שריט און האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. זיא האט דערזעהן דעם אלטען גראַף און האט זיך אויפגעהויבען. זיא האט געמיינט, אז דער גראַף האט זיא ניט געפונען אין הויז און איז זיא געגאנגען זוכען. זיא האט זיך געוואלט ענטשולדיגען פאר איהם.

— עפּעם האט עס מיך היינט געצויגען צו געהן בעזוכען מיין פאטער׳ס גראָב, האט זיא געזאגט.

— דוא האסט זעהר גוט געטהאן, מיין קינד, האט דער גראַף געזאָגט. קינדער דארפען עהרען זייער פאָטערס אנדענקען, קינדער טארען ניט פערגעסען אן זייערע עלטערן. — עס איז שוין אָבער שפּעט. קום, מיין קינד! דוא האסט געוויס נאך קיין מיטאג ניט געגעסען.

נאַטאַליע האט זיך אויסגעווישט דיא אויגען און איז געגאנגען מיט׳ן גראַף אין שלאָס. שטילערהייט האבען זיי זיך געזעצט צום מיטאָג. שטילערהייט האבען זיי אָפּגעגעסען, דאס הייסט, ניט געגעסען. נאַטאַליע איז געווען זעהר טרויעריג און האט קיין ביסען אין מויל ניט גענומען. זיא האט זעהר גוט געזעהן, אז דער גראַף עסט אויך ניט. נאכ׳ן עסען זיינען זיי זיך שטילערהייט צוגאנגען יעדער אין זיין צימער.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע וואכען, אין שלאָס איז קיינע ענדערונג ניט פארגעקומען. גראַף פרידריך איז געפאהרען קיין ריגאַ און האט דארט בעשטעטיגט זיין טעסטאַמענט. ער איז צוריקגעקומען רוהיג און ענטשלאָסען. איין טאָג האט נאַטאַליע געדארפט עפּעס פרעגען דעם אלטען גראַף. זיא איז אריינגעגאנגען אין זיין קאַבינעט און האט איהם ניט געפונען. זיא איז איהם געגאנגען זוכען אין דיא אנדערע צימער׳ן פון׳ם שלאָס. זיא האט איהם ענדליך געטראָפען אין א קליינעם זאַל, וואו דיא בילדער פון דער פאַמיליע פאַהלען זיינען געהאנגען. אויף דיא הויכע ווענט זיינען געווען אויסגעהאנגען אין גרויסע גאלדענע ראהמען דיא בילדער פון אלע גראפען פאַן פאַהלען, פון׳ם ערשטען געאָרג, וועלכען דער דייטשער קייסער פרידריך I האט געמאַכט פאר א גראַף ביז הוגאָ און יעליסאַוועטא פאַן פאַהלען. דיא בילדער זיינען געהאנגען אין ארדנונג איינער נאכ׳ן אנדערן זייער עלטער נאך. זיי זיינען געווען געמאלט מיט אייל פארבען אויף ליינוואנד און זיינען אלע געווען גאנץ ריכטיג, וויא לעבעדיג.

דער אלטער גראַף איז געשטאנען פאר דיא בילדער פון זיינע קינדער פערטראַכט און פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ער האט ניט געהערט, וויא נאַטאַליע איז אריינגעגאנגען אין זאַל און איז צוגעגאנגען צו איהם. נאַטאַליע איז געווען אַביסעל איבערראשט. אין דיעזען זאַל איז זיא נאך קיין מאַל ניט געווען. זיא האט נאך קיין מאַל ניט געזעהן דיא בילדער פון דער פאַמיליע פון דיא גראפען פאַהלען. זיא האט ניט געוואגט צו שטערן דעם אלטען פון זיינע געדאנקען. זיא איז געבליעבען שטעהן אויף איין ארט. וויא פערשטיינערט, און האט בעטראַכט דיא בילדער.

— דאס איז זיין געזיכט, האט פּלוצלונג געזאגט דער אלטער גראַף צו זיך אליין. אזוי האט ער אויסגעזעהן, ווען ער איז אלט געווען פופצעהן יאהר און האט געלערנט אין ריגאַ. איך האב דאמאלס געלאזט מאָלען זיין בילד פון׳ם בעסטען קינסטלער. איך האב געהאפט, אז מיין זוהן, מיין הוגאָ, וועט אמאָל מאכען עהרע מיין נאמען. איך האב געטריימט, אז דער נאמען פאַהלען וועט נאך אמאל קלינגען אין דער וועלט, וויא

אמאָל, ווען מיין עלטער עלטער גראספאטער געאָרג, וועלכער האט בעזיעגט דיא טערקען.

וואו זיינען יעצט מיינע האפנונגען? וואו זיינען יעצט מיינע טריימע? וואו זיינען מיינע קינדער? מיט מיר וועט דער נאמען פאהלען אָפּשטארבען, מיט מיר וועט זיך ענדיגען דיא פאמיליע פון דיא גראפען פאהלען. — קען איך עפּעס העלפען? קען איך עס ענדערן?

אין האב איהם געשיקט שטודירען קיין בערלין. ער איז אריינגעפאלען אין דער נעץ פון א ניעדערטרעכטיגע פרוי, וועלכע האט איהם פערפיהרט צו אלעס שלעכטע, צו אלעס בייזע. קען מען זיך דען צובינדען צו קינדער? קען מען דען זיי נאכגעהן אויף שריט און טריט? —

אוועק מיט דיעזעס בילד! האט ער פלוצלונג אויסגערופען מיט צארן. אוועק! איך וויל עס מעהר ניט זעהן! איך האב קיין זוהן ניט! מיין זוהן איז טוידט!

ער האט גענומען א שווארצעס טוך און האט דערמיט פערהאנגען הונא'ס בילד. יעצט האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן נאטאליע'ן.

— ענטשולדיגען זיא, הערר גראף, האט נאטאליע געזאגט און האט אראָפּגער־לאזען דיא אויגען. איך בין ניט געקומען מיך אונטערהערן, וואס איהר רעדט. איך האב אייך נור געוואלט עפּעס פרעגען און בין אייך נאכגעגאנגען אין דיעזען זאאל.

— איך ווייס, איך ווייס, אז דוא ביסט א גוטעס קינד, האט גראף פרידריך געזאָגט.

נאטאליע האט זיך בערוהיגט און האט געזאגט:

— איך בין דאס ערשטע מאל אין דיעזען זאאל, איך זעה צום ערשטען מאל דיא בילדער פון אייער פאמיליע. ווילט איהר מיר ערלויבען איך זאל זיי אלע בעטראכטען?

— דוא מעגסט זיי בעטראכטען, מיין קינד. איך קען דיר זאגען, ווער זיי זיינען געוועזן און וויא אזוי זיי האבען געלעבט. דיא פאמיליע פאהלען איז זעהר אן אלטע, איך קען אָבער זעהר גוט דאס לעבען פון מיינע עלטערן.

ער האט אנגעהייבען צו ווייזען אויף דיא בילדער און איהר דערצעהלען, וויא יעדער האט געהייסען, וויא ער האט געלעבט און וואס ער האט אויפגעטהאן, ביז ער איז געקומען צו זיין אייגענעם בילד.

— פאר וואָס האט איהר דאס לעצטע בילד פערהאנגען מיט א שווארצעס טוך? האט נאטאליע געפרעגט אונשולדיג. וויא איך פערשטעה, איז דאס בילד פון אייער זוהן. איז ער דען געשטאָרבען?

— ניין! האט גראף פרידריך געזאגט צאָרניג. ער איז ניט געשטאָרבען; עס וואלט פיל בעסער געווען, ער זאל זיין טוידט.

נאטאליע האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. זיא האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט. גראף פרידריך האט פערשטאנען איהר בליק און האט געזאגט מיט א ווייכער, מילדער שטימע:

— פרעג מיך ניט, מיין קינד. עס איז א טרויעריגע געשיכטע. איך קען זיא דיר ניט דערצעהלען. דוא אליין ווייסט, אז עס קומען פאר זאכען אין מענשענס לעבען, פון וועלכע עס איז גלייכער צו שווייגען.

ער האט זיא ארויסגעפיהרט פון זאאל, נאטאליע האט איהם שוין ניט געפרעגט, וואס זיא האט איהם געוואלט פרעגען. זיא איז ארויסגעגאנגען אין גארטען, האט אָנגע־ריסען פרישע בלומען און האט זיי ארומגעשטעקט ארום הוגאָ'ס בילד. ערשט יעצט האט זיא זיך אָנגעהויבען צו דערמאנען, אז זיא געדענקט איהם, ווען זיי זיינעןביידע געווען קינדער און פלעגען זיך אָפּט שפּיעלען אין גארטען.

— וויא גליקליך זיינען מיר דאמאלס געווען! האט זיא אויסגערופען, ווען זיא האט אויפגעדעקט דאס שווארצע טוך פון זיין בילד — און וויא אלעס האט זיך יעצט געענדערט! וואו ביסט דוא יעצט פריינד פון מיין יוגענד? פאר וואס האלט דיך דיין פאטער פאר טוידט? לאזען דיעזע בלומען זיין אן אנדענקען פון מיר!

צום מיטאג האט זיא גראף פרידריך געשיקט רופען. ער האט היינט געוואלט עסען מיט איהר צו זאמען. ער איז היינט געווען זעהר פריינדליך, האט פיעל גערעדט מיט איהר, האט איהר דערצעהלט געשיכטען פון דיא גראפען פאָן פאהלען און איז מיט איהר אוועקגעזעסעןביים טיש ביז פאר נאכט. עס איז געווארען דונקעל, א דיענער האט אריינגעבראכט א לאָמפּ און האט איהם א ניעדער געשטעלט אויפ'ן טיש. נאטאַ־ליע האט זיך געוואלט אויפהייבען און געהן אין איהר צימער. דער אלטער גראף האט זיא צוריקגעהאלטען.

— איך האב מיט דיר עפּעס צו רעדען נאטאליע, האט ער איהר געזאגט. איך האב מיך גוט צוגעקוקט צו דיר, מיין קינד, זייט דוא ביסט ביי מיר אין הויז. דוא ביסט א גוטעס, עהרליכעס מעדכען. זאלאנג איך וועל לעבען, וועסט דוא זיין ביי מיר אין הויז; איך בין אָבער אלט און ווער מיט יעדען טאָג שוואכער. איך פיהל, אז מיין ענדע איז שוין ניט ווייט. עס וועט באלד קומען דיא צייט, ווען דוא וועסט וויעדער בלייבען גאנץ אליין אויף דער וועלט.

— רעדט ניט דערפון, גראף! האט נאטאליע געבעטען. איהר וועט נאך לעבען לאנג, לאנג.

— ניין, מיין קינד, איך פיהל, אז איך ווער מיט יעדען טאָג שוואכער. איך וויל גאר ניט לעבען לאנג. — איך האב געדאכט, וואס וועסט דוא טהאן, ווען איך וועל ניט זיין און האב דיר איבערגעלאָזען דיעזען שלאס און אביסעל געלד אין דער ריגאער באנק. אזוי האב איך עס אנגעשריעבען אין מיין טעסטאמענט און האב עס שוין בעשטעטיגט אין געריכט.

— דאס איז צופיעל, הערר גראף! האט נאטאליע אויסגערופען. איך קען עס ניט אננעהמען. איהר האט דאך קינדער? לאזט עס בעסער איבער אייערע קינדער!

— רעד מיר ניט פון קינדער, נאטאליע! האט דער גראף געזאגט פינסטער. איך האב נישט קיין קינדער און וויל פון זיי ניט וויסען. — איך האב א גאנץ אנדערע ביטע צו דיר. דוא ביסט היינט געווען אין זאאל, וואו עס הענגן מיינע פאמיליען בילדער און האסט זיי אלע געזעהן. איך וויל, אז נאך מיין טוידט זאלען דיא בילדער בלייבען הענגען אויף זייערע פלעצער און דוא זאלסט אין דיעזען זאל גאר ניט ענדערן. דער זאַל זאָל בלייבען, וויא ער איז יעצט, דוא זאלסט איהם קיין מאל ניט איבערמאכען און ניט ענדערן. זאגסט דוא עס מיר צו?

(Mist., 57.)

— געוויס, הערר גראף! אייער ווילען איז ביי מיר א בעפעהל. איך בין ניט אימשטאנד אויסצודריקען מיין דאנק פאר אלעס גוטע, וואס איהר האט בעוויזען מיין מוטער און מיר.

— אלזא, גוטע נאכט, נאטאליא! האט דער גראף געזאגט און איז ארויסגע־גאנגען פון צימער.

נאטאליא איז געגאנגען אין איהר צימער. דער אלטער גראף אבער איז ארויס־געגאנגען אין הויף און האט א לאנגע צייט ארומשפאציערט פערטיפט אין זיינע גע־דאנקען. אין דרויסען איז געווען אלעס שטיל, רוהיג און פריעדליך. דער מאנד האט געשיינט און בעלייכטעט דיא געגענד ארום. אלעס איז געשלאפען און גערוהט.

— דאכט זיך, אלעס איז שטיל און רוהיג, האט דער גראף געזאגט, טיעפער פריעדען הערשט ארום און ארום און דאך איז עס פאלש. דיא׳מענשען קענען ניט לעבען אין פריעדען, זיי ווילען ניט לעבען רוהיג; זיי מוזען פיהרען קריעג און האסען איינער דעם אנדערן. דיא אלטע געשיכטע דערצעהלט אונז, אז אמאל זיינען געווען נור צוויי מענשען אויף דער וועלט, צוויי ברידער, און איינער האט דערהרגעט דעם אנדערן. אזוי זיינען זיי, קיינער וועט זיי שוין ניט איבערמאכען. קריעג, האס, פיינדשאפט....

אבער וואס איז דאס? ווער זאל עס קומען צו מיר אזוי שפעט?

דער אלטער גראף האט אויסגערופען דיא לעצטע ווערטער זעהר פערוואונדערט. צום הויף איז צוגעפאהרען א קארעטע, פון וועלכע עס איז ארויסגעגאנגען א פרוי מיט א קינד. דיא פרוי איז אריינגעגאנגען אין הויף און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. זיא האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן: זאל זיא אנקלאפען אין דער טהיר אדער ניט.

— וואס זאל דאס זיין? האט גראף פרידריך געזאגט צו זיך אליין. ווער זאל עס קומען צו מיר אזוי שפעט? ווער איז דיעזע פרוי און וואס וויל זיא דא?

ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט געזעהן, וויא דיא פרוי האט ארזמגענומען דאס קינד און האט אנגעהויבען צו וויינען. ענדליך האט זיא זיך ענטשלאסען און האט אנגעהויבען צו קלאפען אין דער טהיר, אבער קיינער האט איהר ניט געעפענט. דיא דיענער האבען געוואוסט, אז קיינער דארף ניט קומען און האבען זיך געלעגט שלאפען. דער אלטער גראף איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט זיא געעפענט.

— ווער זייט איהר און וואס ווילט איהר דא? האט ער געפרעגט שטרענג.

דיא פרוי האט אנגעהויבען צו ציטערן, ווען זיא האט דערהערט דיעזע שטרענגע שטימע.

— לאזט מיך אריין אין שטוב, האט זיא געבעטען, וועט איהר באלד אלעס גע־וואהר ווערן.

דער גראף איז אריין אין פארהויז און האט זיך געשטעלט פאר דער טהיר, גלייך וויא ער האט געוואלט פערשטעלען דיא טהיר מיט זיין קערפער.

— זאג פריהער, ווער דוא ביסט און וואס דוא ווילסט, דאן וועל איך זעהן, אויב איך זאל דיך אריינלאזען.

— דוא דערקענסט מיך ניט? האט דיא פרוי געפרעגט מיט א וויינענדיגע שטימע.

— איך דערקען דיך ניט, האט דער גראף געזאגט פינסטער. דוא ביסט צוואר זעהר עהנליך צו א געוויסע פערזאן; אבער דאס קען ניט זיין דאס איז אונמעגליך. דאס איז אן אנדערע.

— און ווען עס איז ניט קיין אנדערע? האט דיא פרוי געזאגט. ווען עס איז טאקע דיעזעלבע פערזאן?

— ווען עס איז טאקע דיעזעלבע, מוז איך זיא ארויסיאגען פון מיין הויז! האט דער גראף געזאגט פינסטער.

— איך גלויב עס ניט, האט דיא פרוי געענטפערט. דוא ווערסט ניט זיין אזוי אונבארמהערציג געגען....

— פון וואנען וייסט דוא עס? ווער האט עס דיר געזאגט? דער בעסטער מענש ווערט שלעכט און אונבארמהערציג, ווען מען האנדעלט שלעכט געגען איהם. מיינע קינדער האבען זיך געגעבען דיא מיה צו מאכען מיר פאר'ן אונגליקליכסטען מענשען אויף דער וועלט. איך קען ניט פערצייהען מיין טאכטער, וועלכע האט מיך אזוי שענדליך פערלאזען.

— זיא האט דיך פערלאזען, ווייל זיא איז געגאנגען מיט'ן מאן, וועלכען זיא האט געליעבט. דיא ליעבע איז א הייליגעס געפיהל, מיר קענען זיך ניט בעהערשען.

— מען מוז אבער וויסען וועמען צו ליעבען, מען דארף ניט ליעבען א טויגע־ניכט'ס.

— אלזא, ווערסט דוא אונז ווירקליך לאזען ליעגען דא אויף דער גאס און ווערסט אונז ניט ארייננלאזען אין דיין הויז?

— איך וויים גאר ניט, ווער איהר זייט, איך וויל עס אויך גאר ניט וויסען. האט רחמנות אויף אן אלטען מאן, געהט אייער וועג! רעדט ניט ארויס אייער נאמען, איך וויל איהם ניט הערן.

— אך, מיר זיינען געפאהרען אזא לאנגען וועג אום דיך צו זעהן, אום דיך ניט צו לאזען אליין און פערלאסען. האב רחמנות, פאטער! פערשטויס ניט דיין טאכטער.

דאס זיינען געוועזן דיא ווערטער, וועלכע גראף פרידריך האט ניט געוואלט הערן. „פאטער“ האט עס געקלונגען אין זיינע אויערן; „פאטער“ האט עס גערוישט אין זיין הערץ; „פאטער“ האט גערוישט דער ווינד; „פאטער“ האבען געזאגט דיא ווענד. פאטער, פאטער! נעהם אויף דיין קינד!

— איך בין ניט דיין פאטער! האט ער געברומט. איך האב דיך ארויסגעריסען פון מיין הארץ, איך האב דיך אויסגעמעקט פון מיינע געדאנקען. געה פון דאנען! געה צו דיין גראספירסט! געה, איך וויל דיך ניט קענען. דוא האסט מיין הערץ געבראכען, דוא האסט מיך צום אונגליקליכסטען מענשען אויף דער וועלט געמאכט; דוא האסט ארייננעגאסען גאלל אין דעם שטילען בעכער פון מיין לעבען און האסט פערביטערט מיינע אלטע יאהרען. געה! אין מיין הערץ איז מעהר קיין פלאץ ניטא פאר קיינע אנ־דערע געפיהלען, אלס האס און פעראכטונג. דוא האסט מיר געמאכט צום שלעכטען

מענשען און קומסט יעצט צו מיר, איך זאל דיך אויפנעהמען, איך זאל דיך צונעמען. — ניין! דאס קען ניט זיין! געה!

ער האט געציטערט, ווען ער האט ארויסגערעדט דיא לעצטע ווערטער. זיינע ליפען זיינען געווארען בלייך, וויא ביי א טוידטען. ער האט זיך איינגעבויגען און צונויפ־געצויגען, גלייך וויא ער האט געוואלט ניט צולאזען צו זיך קיין שום געפיהל פון רחמנות און מיטלייד.

— ווען איך קען ניט ריהרען דיין הערץ, האט יעליסאוועטא געזאגט, לאז דאס קינד רעדען, פיעללייכט װעלען זיינע אונשולדיגע ליפען דיך ריהרען. — אונזערע לעזער האבען שוין געוויס דערראטהען, אז דאס איז געווען יעליסאוועטא מיט איהר קינד וולאדימיר. —

קום, מיין קינד, קניע ניעדער פאר דיעזען הארטען און שטרענגען מענשען. בעט דוא איהם פאר דיין מוטער. דא, מיין קינד, איז אונזער היים, דא מוזען מיר בלייבען. בעט איהם, ער זאל אונז ניט פערשטויסען פון זיך. ער איז מיין פאטער, ער איז דיין פאטער, ער דארף אונז ניט פערטרייבען פון זיך!

זיא האט אפגעלאזט וולאדימיר׳ן און האט איהם פארגעשטעלט פאר איהר פאטער. וולאדימיר האט פראבירט צוצוגעהן צום גראף פרידריך; ער איז צוגעגאנגען א פאר שריט און איז באלד צוריקגעלאפען צו זיין מוטער.

— איך קען ניט רעדען, מוטער, האט ער געזאגט, איך האב מורא.

— האב קיין מורא ניט, מיין קינד. מיין פאטער איז א גוטער, אן עדעלער מענש. ער איז נור בייז אויף מיר, פארוואס איך בין אנטלאפען פון זיין הויז אהן זיין וויסען. געה, מיין קינד, פאל פאר איהם אויף דיא קניע און זאג איהם: פאטער! פער־צייהע מיינע מוטער, זיא האט אזוי פיעל געליטען און אזוי פיעל אפגעקומען פאר דעם פעהלער, וואס זיא האט געמאכט, אז דוא מעגסט אויף איהר רחמנות האבען.

וולאדימיר האט אויסגעהערט, וואס דיא מוטער האט איהם געזאגט און האט געטראכט א פאר מינוטען. פלוצלונג איז ער געפאלען פאר׳ן אלטען אויף דיא קניע און האט געזאגט מיט א ביטענדער שטימע:

— גראספאטער, פארוואס ווילסט דוא אונז ניט אריינלאזען אין שטוב?

דער אלטער גראף האט פערמאכט דיא הענד. דיא נעגעל פון דיא פינגער האבען זיך איהם איינגעגראבען אין פלייש. ער האט מיט זיך שרעקליך געקעמפפט. ער האט געוואלט צומאכען דיא טהיר, פלוצלונג האט ער זיך איינגעבויגען, האט אויפ־געהויבען דאס קינד צו זיך און האט עס צוגעפרעסט צו דער ברוסט. א שטראם טרערין האט זיך א גאס געטהאן פון זיינע אויגען און גרויסע, געזאלצענע טראפען זיינען געפאלען אויף וולאדימיר׳ס בלאנדע לאקען.

— קום, מיין קינד, צו דיין גראספאטער! האט ער קוים ארויסגערעדט.

— אך, גוטער, גראספאפא! האט וולאדימיר געזאגט און האט ארומגענומען דעם אלטען מאן מיט זיינע ווארעמע, ווייכע הענטעלעך.

יעליסאוועטא איז אויפגעשטאנען, האט זיך צוגעשפארט צו דער טהיר און האט געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען:

— פערצייהע מיר, פאטער! איך בין געווים זעהר שולדיג געגען דיר.

דער אלטער האט אראפגעלאזען דאס קינד אויף דער ערד, איז צוגעגאנגען צו עליסאוועטא׳ן, האט איהר אויסגעשטרעקט ביידע הענד און האט געזאגט:

— קום, מיין טאכטער, מיין יעליסאוועטא, אין מיין הויז!

יעליסאוועטא איז איהם ארומגעפאלען ארום האלז און האט איהם אנגעהויבען צו קושען.

— דוא פערצייהסט מיר פאטער! האט זיא אויסגערופען. אך, וויא גליקליך בין איך! איך בין ווידער ביי מיין גוטען, ליעבען פאטער! איך בין ווידער אין דער היים! איך בין ווידער אין הויז פון מיינע עלטערן.

פריעדען, גליק, פרייד און ליעבע זיינען ווידערגעקומען אין אלטען שלאס. דער פאטער האט זיך איבערגעבעטען מיט זיין קינד. דיא בלומען האבען געבליהט שעהנער, דיא ביימער האבען גערוישט פריינדליכער, דיא פייגעלעך האבען געזונגען פרעהליכער ארום דעם אלטען, טרויעריגען, פערלאסענעם שלאס.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג. גראף פרידריך איז געווארען פרעהליכער און גליקליכער. ער פלעגט זעהר אפט זיך שפיעלען מיט וולאדימיר׳ן, פלעגט רעדען שטונדען לאנג מיט יעליסאוועטא׳ן, פלעגט זעהר אפט געהן מיט ביידען שפאציערען אין׳ם גרויסען פארק. ער איז ווידער געווארען דער גוטער, פריינדליכער פרעהליכער מענש, וואס ער איז אמאל געוועזען.

יעליסאוועטא איז אויך געווען גליקליך, און דענאך האט זיא זעלטען געוויעזען א פרעהליכע מינע, איהר האט געפרעסט א טיעפער שמערץ. זיא איז געקומען צופאהרען צו זאמען מיט איהר ברודער הוגא; ער האט אבער זעהר גוט געוואוסט, אז דער פאטער וועט איהם ניט ערויפלאזען אויף דיא אויגען. ער האט זיך מורא געהאט צו ווייזען. ער האט דאהער אפגערעדט מיט יעליסאוועטא׳ן, אז ער זאל בלייבען דערווייל אין א קרעטשמע ניט ווייט פון׳ם שלאס, זיא זאל אליין צופאהרען צום פאטער. ווען דער פאטער וועט זיך מיט איהר איבערבעטען, זאל זיא פראבירען רעדען מיט איהם, אז ער זאל זיין זוהן אויך פערצייהען. הוגא האט זעהר גוט געקענט דעם עדעלען, אבער שטאלצען כאראקטער פון זיין פאטער, ער האט געוואוסט, אז עס וועט זיין זעהר שווער איהם צו בייגען. ער האט דאהער בעשלאסען, בעסער אפצוּווארטען דיא גוטע מינוט, ווען ער וועט קענען קומען צו איהם. יעליסאוועטא האט עטליכע מאל פראבירט רעדען מיט איהם וועגען הוגא׳ן, אבער קוים האט זיא ארויסגערעדט א ווארט, איז דער אלטער געווארען פלאם פייער און יעליסאוועטא האט געמוזט שווייגען.

— דוא האסט מיר פערצייהעט, ליעבער פאטער, האט זיא איהם געזאגט, פאר וואס זאלסט דוא מיין ברודער ניט פערצייהען? פאר וואס זאלסט דוא דיינע ביידע קינדער ניט ארומנעהמען מיט דיין פאטערליעבע?

— רעד ניט פון איהם, טאכטער, האט גראף פרידריך געזאגט. דוא האסט בעגאנגען א פעהלער, דיין ליעבע האט דיך פערפיהרט, ער האט בעגאנגען א פערברעכען — ער האט געגנבעט. ניין, ער טאר אויף מיין שוועל ניט קומען! א גראף פאן פאהלע א דיעב.

— איבערלעג, בערעכען, פאָטער, אז ס'איז מאַכען זיך אַמאָל אומשטענדע אין לעבען, ווען אַ מענש ווערט פערפיהרט....

— רעד ניט, טאָכטער פון איהם! האָט געבעטען דער גראַף. דאָס בלוט קומט מיר איז קאָפּ אריין, ווען איך הער רעדען פון איהם. עס ווערגט מיך, איך ווער דער שטיקט, ווען איך הער זיין נאָמען!

יעליסאַוועטאַ האָט געזיפצט און האָט געשוויעגען. זיא האָט אָפּגערעדט מיט הוגאָ'ן, אַז צוויי מאָל אין דער וואָך זאָלען זיי זיך זעהן אין וועלדעל ניט ווייט פון'ם שלאָס. זיי האָבען בעשטימט דיא צייט נאָך מיטאָג, ווען דער אַלטער גראַף פלעגט זיך צולעגען שלאָפען. זיא פלעגט קומען און איהם דערצעהלען אַלעס, וואָס זיא האָט גערעדט מיט'ן פאָטער און וואָס דער פאָטער האָט איהר געענטפערט. זיי פלעגען זיך בעראַטהען, וואָס ווייטער צו טהאָן און וויא אַזוי צו בעווענען דעם אַלטען, ער זאָל זיך דאָך מיט איהם איבערבעטען.

— אך! ווען באַקונין זאָל זיין דאָ! האָט הוגאָ געזאָגט. ער האָט אַן איינפלוס אויף מיין פאָטער. ער קען אויף איהם ווירקען. באַקונין אָבער איז געווען ווייט און האָט יעצט ניט געקענט קומען איהם צו הילף.

עס זיינען פערגאַנגען נאָך איניגע טעג, דער אַלטער גראַף האָט אויפגעלעבט און איז געוואָרען פריינדליך און פרעהליך, וויא אַמאָל. איין אויף־דער־נאַכט, ווען זיי זיינען געזעסען ביים טהעע, האָט דער אַלטער געזאָגט צו זיין דיענער:

— פּאַק איין איניגע זאַכען אין מיין קליין רענצעל און מאָרגען גאַנץ פריה שפּאַן איין מיין קאַרעטע, איך פאָהר קיין ריגאַ.

— דו פאָהרסט קיין ריגאַ, פאָטער? האָט יעליסאַוועטאַ געפרעגט. נעהם מיך אויך מיט. עס וועט דיר זיין לאַנגווייליג אַליין צו פאָהרען.

— ניין, ניין, מיין קינד, איך מוז אַליין פאָהרען. איך האָב דאַרט ניט פיעל צו טהאָן. — איך קען דיר זאָגען, צו וואָס איך פאָהר קיין ריגאַ, איך וויל פון דיר קיין זאַך ניט בעהאַלטען.

ער האָט אַנגענומען יעליסאַוועטאַ'ן ביי דער האַנד, האָט זיא צוגעצויגען צו זיך און האָט איהר געזאָגט:

— עס איז געווען אַ צייט, ווען איך האָב דיך געהאַלטען פאַר פערלאָרען. איך האָב געזעהן, אַז איך ווער עלטער און שוואַכער און האָב אַנגעשריעבען מיין טעסטאַמענט. איך האָב פערשריעבען מיין גאַנצעס פערמעגען אויף וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, און דיעזען שלאָס, וויא אויך אַ געוויסע סומע געלד האָב איך איבערגעלאָזען נאַטאַליע'ן. זיא איז אָרים, עלענד און אַליין אויף דער וועלט. יעצט מוז איך פאָהרען ענדערן מיין טעסטאַמענט. איך וויל דיר איבערלאָזען מיין גאַנצעס פערמעגען און דיעזען שלאָס אויך; נאַטאַליע'ן וועל איך איבערלאָזען דאָס געלד און דאָס הויז, וואו איהרע עלטער, האָבען אַמאָל געוואוינט. עס איז נאָך זעהר אַ גוטעס, שעהנעס הויז.

— איך דאַנק דיר, פאָטער, האָט יעליסאַוועטאַ געזאָגט. איך בין גליקליך, וואָס דו האָסט מיר צוריקגעגעבען דיין ליעבע, ווייטער דאַרף איך גאָר גיט. איך ווייס ניט, וואָס דו איילסט זיך אַזוי. עס איז נאָך צייט, דו ביסט געזונד און מונטער, דו

ועסט נאך לאנג לעבען. רעד ניט דערפון פאטער! בלייב אין דער היים, פאהר ניט!

— ניין, מיין קינד, איך מוז פאהרען, האט דער אלטער געזאגט. איך ביז נור א מענש, ווער וויים, וואס עס קען פאסירען. איך האב מיין טעסטאמענט אזוי געמאכט, אז ווען איך ענדער איהם ניט און שטארב, בלייבסט דוא אויף דער גאס, א בעטלערין. דאס קען איך יעצט ניט צולאזען. עס בלייבט, וויא איך האב געזאגט, איך פאהר מארגען קיין ריגא.

עס איז געווארען שפעט און יעדער איז אוועקגעגאנגען אין זיין צימער. ווען יעליסאוועטא איז געקומען צו איהר אין צימער אריין, האט זיא זיך אניעדערגעזעצט און האט זיך פערטראכט.

— איך טאר עס ניט דערלאזען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. איך מוז עס מעלדען מיין ברודער, יעצט איז דיא בעסטע צייט. ער האט מיך אויך גיט געוואלט אויפנעהמען. איך האב אנגעהייבען צו וויינען און צו בעטען, ביז ער האט מיך אויפגענומען. מיין פאטער איז אין גרונד דאך א גוטער און אן עדעלער מענש. ער איז נור שטאלץ. — הוגא מוז קומען און איהם איבערבעטען. ער וועט איהם פערצייהען.

זיא האט אויף זיך ארויפגעחאפט א שאל און איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון'ם הויז. דער וועג אין דער קרעטשמע, וואו הוגא איז געבליעבען שטעהן, איז געוועזן א גלייכער און א זיכערער, יעליסאוועטא איז געגאנגען האסטיג און אין א פיערטעל שטונדע איז זיא געוועזן ביי דער קרעטשמע. הוגא איז ניט געשלאפען. זיא האט איהם ארויסגערופען אין דרויסען. הוגא איז געוועזן ערשטוינט, וואס יעליסאוועטא איז געקומען אזוי שפעט צו איהם.

— וואס איז נייעס, שוועסטער? האט ער געפרעגט, ווען זיי זיינען געוועזן אליין.

— איך האב דיר מיטצוטהיילען זעהר א וויכטיגע זאך, הוגא, האט יעליסאוועטא געענטפערט. דער פאטער פאהרט מארגען קיין ריגא אום צו ענדערן זיין טעסטאמענט. ער האט אפגעזאגט זיין גאנצעס פערמעגען וואלטהעטיגע אנשטאלטען. יעצט וויל ער עס ענדערן און אפזאגען מיר זיין גאנצעס פערמעגען. איך זעה, אז ער איילט זיך עפעס, איך וויים ניט, וואס דיא אורזאכע איז. אלענפאלס מיין איך, אז יעצט איז דיא גינסטיגע מינוט, דוא זאלסט קומען און זיך מיט איהם איבערבעטען. איך מיין אז דוא זאלסט קומען מיט מיר אין שלאס און מארגען גאנץ פריה, ווען ער וועט נור וואס אויפשטעהן, זאלסט דוא אריינקומען אין זיין שלאף־צימער, איך וועל אויך זיין דערביי. מיר וועלען איהםביידע אזוי לאנג בעטען, ביז ער וועט דיר מוזען פערצייהען.

הוגא האט געטראכט אייניגע מינוט. ער האט זיך איבערלעגט וואס צו טהאן.

— איך האב זעהר מורא צו קומען פלוצלונג פאר מיין פאטער האט ער געענטפערט. איך קען איהם גוט, ער ווערט אויפגערעגט, ער ווערט באלד אין כעס. עס קען איהם שאדען, ער קען נאך קראנק ווערן.

— איך וויים עס אויך, איך האב דאך אבער געזעהן, וויא עס האט פאסירט, ווען ער האט זיך מיט מיר איבערגעבעטען. ער איז געוועזן אביסעל אויפגערעגט האט זיך אבער באלד בערוהיגט. קום, הוגא, איך בעט דיך איך זעהל אז יעצט איז דיא גינסטיגע מינוט, דוא זאלסט זיך איבערבעטען מיט'ן פאטער זיי זיינען נור צוויי קינ־

דער ביי איהם, ווארוואס זאל איין קינד מוזען ווייכען זיין פאטער'ס הויז? קום, ברודער, איך בעט דיך.

זיא האט איהם אזוי לאנג געבעטען, ביז ער האט איהר געמוזט נאכגעבען. ער איז מיט איהר געגאנגען א היים.

— און וואס מאכט נאטאליא? האט ער זיא פלוצלונג געפרעגט.

— נאטאליא'ן האט דער פאטער אויך איבערגעלאזען אין זיין טעסטאמענט געלד און א הויז.

אין איינע פון זייערע פריהערע צוזאמענקינפטע האט איהם יעליסאוועטא דער־צעהלט אלעס, וואס איז פארגעקומען ביי זיי אין דער היים. זיא האט איהם דערצעהלט, אז נאטאליא איז ביי זיי. הוגא האט זיך דערמאנט אן איהר; ער האט געזוכט א גע־לעגענהייט מיט איהר צו רעדען און זיא אויספרעגען וואס עס איז פארגעקומען אין שלאס אין דער גאנצער צייט. יעליסאוועטא האט איהם פערשאפט דיעזע געלעגענהייט. ער האט זיך מיט איהר געזעהן און האט מיט איהר גערעדט. זיא האט געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. וויא עס ווייזט אויס, איז זיא אויך ניט געבליעבען גלייכ־גילטיג צו איהם, ווייל פון דאמאלס אז פלעגען זיי זיך זעהן יעדען טאג און פלעגען אוועקרעדען שטונדען לאנג. דאס איז געווען דיא אורזאכע וואס הוגא האט געפרעגט וואס נאטאליא מאכט. יעליסאוועטא האט איהם גיט פערשטאנען. זיא איז געווען צו פיעל פערטיפט אין איהרע געדאנקען.

— אלזא, וואס מאכט נאטאליא? האט הוגא נאך א מאל געפרעגט.

— וואס זאל זיא מאכען? האט יעליסאוועטא געענטפערט. זיא איז א גוטעס שטילעס און רוהיגעס מעדכען. זיא פאסט זעהר גראדע צו אונזער פאמיליע. זיא האט אויך פיעלעס דורכגעלעבט. פיעלעס דורכגעליטען. זיא איז אויך בעשטענדיג טרויעריג און פערטראכט.

— יא, האט הוגא געזאגט. וויא צו זיך אליין. דיא ליידען לייגען ארויף אויפ'ן מענשען א בעזאנדערן צייכען. א זיעגעל, דורך וועלכען מען קען זעהר לייכט דערקענען דעם מענשען, וואס האט זעהר פיעל געליטען. איך האב אזוי פיעל געלערנט צו דער־קענען א מענשען. אז צווישען טויזענדע וועל איך דערקענען דעם מענשען, וועלכער האט פיעל דורכגעמאכט אין זיין לעבען און פיעל געליטען.

דאס לעבען איז א שווערע שולע. זעלטען געהט איינער דורך אלע קלאסען און לערנט אויס אלעס, וואס מען קען לערנען אין דיעזער שולע; מייסטענס געהן דיא מענשען דורך נור דיא ערשטע קינדער קלאסען. זיי בלייבען אלטע קינדער. זיי פער־שטעהן ניט דאס לעבען און שפיעלען זיך אין פערדלעך, ווען זיי ווערן פופציג יאהר אלט. זיי מיינען, אז זיי טהוען עפעס, אז זיי מאכען נפעס, ווען עס איז נור א קינדער שפיעל. —

ער האט ניט געענדיגט זיין רעדע, ווייל אין דיעזע מינוט זיינען זיי צוגעקומען צום שלאס. יעליסאוועטא האט געעפענט דיא טהיר און איז אריינגעגאנגען. הוגא איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— אך, שוועסטער! האט ער געזאגט שטילערהייט. עס קלאפט מיר דאס הערץ

אזוי שטארק, אז איך האב מורא אריינצוגעהן. איך האב מורא, עס זאל עפּעס ניט געשעהן אן אונגליק.

— קום, ברודער, קום! האט יעליסאוועטא געבעטען. עס קען נור זיין גליק און פריעדען, ווען א פאטער פעראייניגט זיך מיט זיינע קינדער, ווען האַס און פיינדשאפט פערשווינדען און פריעדען און ליעבע טרעטען אריין אין א שטוב. — קום, מעגליך אז דער פאטער שלאפט נאך ניט און מיר וועלען היינט אויף דער נאַכט קענען מיט איהם רעדען. דער פאטער וועט נאך היינטיגע נאכט שלאפען אונטער איין דאך מיט זיינע ליידע קינדער.

זיי זיינען צוגעגאנגען שטילערהייט צו גראף פרידריך׳ס שלאפציממער און האבען זיך צוגעהערט. דער אלטער גראף איז נאך ניט געשלאפען, ער איז ארומגעגאנגען הין און צוריק אין צימער, זיי האבען דייטליך געהערט זיינע שריטע; זיי האבען געהערט, וויא ער רעדט עפּעס צו זיך אליין; זיי האבען אבער ניט געקענט הערען, וואס ער רעדט. אייניגע מינוטען זיינען זיי געשטאנען שטיל. ענדליך האט יעליסאוועטא געפּאַסט מיטה און האט אנגעקלאפט אין דער טהיר.

— ווער איז דאָרט? האט גראף פרידריך געפרעגט.

— איך בין עס, פאטער, האט יעליסאוועטא געענטפערט, איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען.

— אזוי שפּעט ביי נאַכט? איך האב געמיינט, אז דוא שלאפסט שוין לאנג.

— איך האב דיר עפּעס צו מעלדען און וויים אז עס וועט דיר פערשאפען פערגניגען.

דער אלטער גראף האט געעפענט דיא טהיר. יעליסאוועטא איז אריינגעגאנגען אין צימער. דער אלטער האט גוט געזעהן, אז נאך א מענש איז געבליעבען שטעהן אין פאָר־צימער.

— דוא ביסט ניט אליין, יעליסאוועטא? ווער איז דער מענש, וועלכען דוא האָסט מיטגעבראכט?

— איך האב מיטגעבראכט א מענשען, וועלכער וויל זיך דיר ווארפען צו דיא פיס און בעטען, דוא זאָלסט איהם פערצייהען אלעס, וואס ער האט געטהאן געגען דיר. — פאטער, ערלויב מיר, איך זאָל איהם אריינברענגען. זעה, פאטער! דאָרט שטעהט ער, דער אונגליקליכער, וויא א בעטלער, און וואגט ניט אריינצוקומען. ער בעטעלט אום דיין ליעבע, ער בעטעלט אום דיא פאטער־ליעבע, וועלכע דיא נאטור האט אריינגעלעגט אין אונזער הערץ.

גראף פרידריך איז געוואָרען אנגעצונדען און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— וואס האסט דוא געטהאן, יעליסאוועטא? וועמען האסט דוא מיר געבראכט? ווייסט דוא דען ניט, אז דוא שטעכסט מיר אריין א מעסער אין הארצען, ווען דוא ברענגסט איהם אהער?

— רעד ניט אזוי, פאטער! האט יעליסאוועטא געבעטען. איך וויל ארויסנעהמען דאס מעסער פון האס און פיינדשאפט פון דיין הערץ. — פערשטויס איהם ניט,

פאטער! שטרעק אויס אויס דיא האנד! נעהם איהם אויף אין דיין הויז, אין דיין הערץ. ער איז דאָך דיין קינד!

— איך זאל אויפנעהמע דעם גנב?

— ער איז ניט קיין גנב, האט יעליסאוועטא געזאגט ער האט ניט געגנבעט. מען האט איהם בעשווינדעלט ער איז געווען יונג און לייכטזיניג; ער איז אבער א גוּ־טער, עדעלער מענש. ער האט זיך איינגעשטעלט דאס לעבען אום מיך צו רעטען. ער האט געטהאן אזוי פיעל פון מיינעט וועגען און פון וולאדימיר'ס וועגען.

זיא האט געעפענט דיא טהיר און האט אנגענומען הוגאָ'ן ביי דער האנד. זיא האט איהם געוואָלט אריינפיהרען אין צימער. גראף פרידריך אבער איז אפגעשפרונגען פון דער טהיר און האט אויסגעשריען ניט מיט זיין קול:

— בלייב דאָרט! איך פערוועהר דיר איבערצוטרעטען דיא שוועל פון מיין צימער. איך וויל דיך ניט קענען! איך האב דיך פערשטויסען איך האב דיך פערפלוכט. איך וויל דיך ניט אנקוקען

— פאטער! האט הוגאָ געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע. דוא טהוסט מיר אונרעכט. איך בין ניט אזוי שלעכט, וויא דוא מיינסט, איך האב דיא בריליאנטען ניט געגנבעט. מען האט זיי מיר געגעבען צו פערקויפען. ערלויב מיר איך זאָל דיר אלעס דערצעהלען. וועסט דוא אליין זעהן, אז דוא האָסט מיך אומזיסט בעשולדיגט. א ניעדערטרעכטיגע פרוי האט מיך פערפיהרט, בעטראָגען, בעשווינדעלט. דוא האָסט מיר געגעבען א רעוואָלווער, איך זאָל מיך שיעסען, איך האב ניט געוואוסט, פארוואס איך זאָל מיר דאס לעבען נעהמען, ווייל איך בין דאָך אונשולדיג געווען. איך בין ארויס־געשפרונגען דורכ'ן פענסטער, ווייל איך האב געוואוסט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען דוא וועסט עס בערייען און עס וועט דיר פעראורזאכען ביטערע ליידען.

— ניין! האט געקריצט מיט דיא צעהנער דער אַלטער גראף. איך וועל עס קיין מאל ניט בערייהען! דוא ביסט א טויגעניכטס, א פייגלינג.

— אזוי, פאָטער, נעהמסט דוא אויף דיין איינציגען זוהן? האט הוגאָ אויסגערופען אויסער זיך. דו וועסט עס אמאל בערייען! דוא וועסט וויינען ביטערע טרערען וואס דוא האסט מיך אזוי ערניעדעריגט אזוי בעליידיגט. דוא ביסט אונגערעכט נעגען מיר!

— איך כעריי ניט וואס איך טהו האט גראף פרידריך געזאגט מיט א שרעקליכען צארן איך ווייס וואס איך טהו נעה אוועק פון מיין שוועל! איך קען ניט וואָינען מיט א דיעב צו זאמען אונטער איין דאך איך וויל דיך ניט זעהן, איך וויל פון דיר ניט וויסען.

— פאָטער, דוא האסט ארויסגערעדט א שווערע בעליידיגונג געגען מיר. אנאנ־דערן וואלט איך עס ניט פערשוויעגען און וואלט מיך מיט איהם געשלאגען אויף לעבען און טוידט.

— פערשווייג מיר אויך ניט, האט געזאגט דער אלטער מיט א ביטערן געלעכ־טער. שלאג דיך מיט מיר טוידטע מיך! פאר וואס ניט? א גנב קען אלץ טהאן.

— פאטער! פאָטער! וויא אונגערעכט ביסט דוא געגען מיר! האט אויסגעשריען הוגא און האט ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף זיין געזיכט. — וויא טיעף קרענקסט דוא

מיך מיט דיינע אונגערעכטע בעליידיגונגען; דוא ביסט אזוי גערייצט, אזוי פערבלענדעט פון דיין צארן, אז דוא ווילסט גאר ניט איינזעהן, אז דוא האסט געקענט א טעות האבען, אז עס האט זיך דיר אויסגעוויזען. אך! דוא וועסט אמאל איינזעהן דיין אונ־רעכט, דוא וועסט אמאל דערקענען, וויא שרעקליך דוא האסט דיין קינד געקרענקט און בעליידיגט. דוא וועסט עס ווען האפען צוריק. עס וועט אבער זיין צו שפעט.

זיי געזונד, פאטער! דוא פערשטויסט מיך, דוא טרייבסט מיך ארויס. איך געה!

ער האט געוואלט ארויסגעהן. יעליסאוועטא אבער האט איהם צוריקגעהאלטען ביי דער האנד.

— פאטער! האט זיא געבעטען, דאס קען ניט זיין דיין לעצטעס ווארט. דוא קענסט ניט אזוי פעריאגען און פערשטויסען דיין קינד פון דיר. דוא מוזט איהם ווענינ־סטענס אויסהערען. לאז איהם ווענינסטענס דערצעהלען, וויא אלעס האט פאסירט....

גראף פרידריך איז געשטאנען, וויא א זייל פון מארמאר מיט אויסגעגלאצטע אויגען. זיין גאנצעס געזיכט איז געווען שרעקליך רויט און ער האט געציטערט מיט'ן גאנצען קערפער, וויא אין א פיעבער.

— דיעב, האט ער געזאגט מיט א זאנדערבארען טאן.

מען האט געהערט, אז עפעס האט זיך אין איהם איבערגעריסען. עס האט אויס־געוויזען וויא א גוטער מוזיקאנט, וועלכער האט נור וואס אפגעשפיעלט זיין בעסטעס שטיק און דיא באס סטרונע (זאיטע) האט געפלאצט ווען ער האט אפגעשפיעלט דיא לעצטע נאטע.

גראף פרידריך האט ארויסגערעדט דאס ווארט דיעב און איז אומגעפאלען אויפ'ן שטוהל לעבען זיין בעט. זיין געזיכט איז געווארען בלוי. זיינע ליפען זיינען געווארען אש פארב און ער האט שווער געאטעמט.

— פאטער! וואס איז דיר? האט געשריען יעליסאוועטא און הוגא מיט איין קול.

גראף פרידריך האט ניט געענטפערט. ער האט שווער געאטעמט און פון זיין ברוסט האט זיך ארויסגעריסען א מין ברומען און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט.

— הוגא, קום אריין שנעל! האט יעליסאוועטא געבראכען דיא הענד. דעם פאטער איז שלעכט. אונזער פאטער שטארבט! שנעל, הוגא! ברענג וואסער! שיק רופען דעם דאקטאר!

הוגא איז אריינגעגאנגען אין צימער, איז געפאלען אויף דיא קניע לעבען פאטערס שטוהל, האט איהם אנגענומען ביי דיא הענד — זיי זיינען געווען קאלט, וויא אייז. יעליסאוועטא איז ארויסגעלאפען, האט אויפגעוועקט אלע דיענער און נאטאליע'ן און האט געשיקט רופען א דאקטאר. נאטאליע האט געציטערט, געבראכען דיא הענד און געוויינט:

— רעטעט! רעטעט דעם גוטען עדעלען גראף!

— אך! דא איז ניטא, וואס צו רעטען, האט געזאגט אן אלטער דיענער, וועל־כער איז אויך געשטאנען אין צימער, אונזער אלטער גראף שטארבט.

גראף פרידריך האט געגעבען מיט אמאל א ציטער, זיינע ליפען האבען זיך

**געריהרט: — מוז — טעסטאַמענט — אומענד — האט ער קוים געהויכט און האט זיך אויסגעצווינגען.**

— ער איז טוידט, האט געזאגט דער אלטער דיענער.

נאטאליע און יעליסאוועטא האבען אנגעהויבען שרעקליך צו וויינען, הוגאָ האט געוויינט שטילערהייט. באלד איז אנגעקומען דער דאקטאר, ער האט בעטראכט דעם טוידטען און האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— איך האב איהם אנגעזאגט ניט איין מאל אז ער זאל זיך אפּהיטען פון יעדער אויפרעגונג, האט ער געזאגט. ער האט געהאט א הארץ פעהלער און יעדע שטארקע אויפרעגונג האט איהם געקענט טוידטען. ביי איהם האט דאס הערץ געפּלאַצט.

א שרעקליכע, טרויעריגע נאכט האט מען פערבראכט אין׳ם אלטען שלאָס, אלע זיינען געוועזן טרויעריג און האבען שטילערהייט געוויינט יעדער פאר זיך. דיא דיענער זיינען זיך צוגאנגען אדער צופאהרען. אייניגע האט מען געשיקט קיין ריגא מעלדען, אז גראף פרידריך פאָן פאהלען איז געשטאָרבען, אנדערע האט מען געשיקט מאכען פאָרבערייטונגען צו זיין בעערדיגונג. דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען זיך צונויפ־געקומען דיא בויערן פון׳ם דאָרף און פריינדע און בעקאנטע פון דער געגענד ארום. פאר נאכט זיינען אנגעקומען געסט פון ריגא. גראף פאהלען איז געוועזן איבעראל בע־קאנט אלע האבען איהם געשעצט און געאכטעט. הוגאָ האט זיך צוריקגעצויגען אין א בעזונדער צימער און האט זיך ניט געוויעזן דיא גאנצע צייט. ער האט מורא געהאט עס זאלען ניט אנקומען קיין שפּיאָנען פון דער געהיים־פּאָליציי. יעליסאוועטא האט זיך אויך ניט געוויעזען אזוי אָפט פאר דיא געסט. דיא איינציגעווירטין אין הויז אין דיא דריי טאג, איידער מען האט בעערדיגט דעם גראף פרידריך איז געוועזן נאטאליע.

נור ביי נאכט ווען דיא געסט פלעגען זיך צו געהן און אין שלאָס איז געוואָרען שטיל, פלעגט יעליסאוועטא נעהמען וולאדימיר׳ן ביי דער האנד און שטילערהייט אריינ־געהן אין צימער, וואו דער טוידטער איז געלעגען. זיא פלעגט נעהמען זיינע קאלטע הענד און בעגיסען זיי מיט טרערין.

— צו פריה, פאטער, האסט דוא דיך אוועקגעווענדעט פון אונז, האט זיא גע־וויינט. ערשט יעצט איז געקומען דיא צייט, ווען דיינע קינדער האבען דיך געדארפט. דוא פאטער, דוא אליין האסט געקענט מיך רעכבען; דוא האסט געקענט זיין א פאטער צו מיין קינד, מיין וולאדימיר!

זיא האט צוגעפיהרט וולאדימיר׳ן צום טוידטען און האט איהם געזאגט:

— זעה, מיין קינד, דאס איז געוועזן דער בעסטער, דער עדעלסטער מענש אויף דער וועלט. זיי דוא אויך, וויא ער. זיי אויך גוט עדעל און שטאָלץ, וויא ער. דוא ביסט אויך פון דער פאמיליע פאהלען.

ענדליך זיינען דיא דרייא טאג פאָראיבער געגאנגען. מען האט בעערדיגט דעם גראף פרידריך מיט גרויסער עהרע. דער גובערנאטאָר פון ריגא, דער בורגמייסטער און אלע העבערע בעאמטע זיינען געקומען צופאהרען איהם אפּצוגעבען דיא לעצטע עהרע. מען האט איהם אניעדער געלעגט לעבען זיין פרוי אויפ׳ן פרידהאָף אין זיין דאָרף. יעליסאוועטא און וולאדימיר האבען בייגעוואָינט דיא טרויעריגע צערעמאָניע; הוגאָ אבער,

דער איינציגער זוהן פון גראף פרידריך איז געבליעבען אין דער היים. ער האט זיך ניט געקענט ווייזען אויס געוויסע אורזאכען. ווען דיא געסט זיינען זיך צופאהרען און דער פריעדהאף איז געבליעבען אליין, איז ער ארויסגעגאנגען פון'ם שלאס און איז געגאנגען אויפ'ן פריעדהאף. ער איז געפאלען אויפ'ן פרישען גראב פון זיין פאטער און האט אנ־געהויבען ביטער צו וויינען.

— איך האב דיר פיעל שמערצען און ליידען פעראורזאכט, פאטער, האט ער געקלאגט. איך בין געוועזען דיא אורזאכע פון דיין טויט. דאס לעצטע איז דאס ערגסטע, דאס שווערסטע פאר מיר. דאס לעצטע קען איך מיר ניט פערצייהען. דוא אבער, גוטער, עדעלער מענש, דוא ווערסט עס מיר פערצייהען. איך האב מעהר ניט וואס צו טהאן דא. איך פאר אוועק פון דיעזען לאנד, וואו איך האב אזוי פיעל געליטען פון דיא שלעכטיגקייט פון מענשען.

לאנגע, לאנגע איז ער געלעגען אויפ'ן גראב פון זיין פאטער און האט געוויינט. פלוצלונג האט ער געפיהלט, אז א האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף זיין פלייצע. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן זיין שוועסטער.

— דוא פאהרסט אוועק, הוגא? האט זיא איהם געפרעגט. דוא ווילסט מיך אויך פערלאזען?

הוגא איז אויפגעשטאנען, האט זיך אפגעשיטעלט פון'ם שטויב און האט געזאגט:

— יא, שוועסטער, איך פאהר אוועק. האלט מיך ניט אויף. וואס זאל איך טהאן אין רוסלאנד, אין דיעזעם לאנד פון עלענד און נויט? אלס ניהיליסט פערפאלגט מיך דיא רעגיערונג, וויא א ווילדע חיה. איך האב געהאפט מיך איבער צו בעטען מיט אונזער פאטער און וויירקען עפעס אין קורלאנד. יעצט איז עס אונמעגליך. מיין פאטער איז געשטארבען מיט דער טרויעריגער איבערצייגונג, אז איך בין א געמיינער פערברעכער, א גנב. דאס האט מיר געגעבען דעם טאדעסשטויס. איך קען ניט בלייבען אין רוס־לאנד. איך וויל אוועקפאהרען אין דיא נייע וועלט, אין אמעריקא. איך וויל מיך פער־טיעפען ווייט, ווייט אין דיא אלטע וועלדער פון אמעריקא. פיעלייכט וועל איך דארט פערגעסען מיין שמערץ, אז איך בין דיא אורזאכע פון מיין פאטער'ס טויט.

— ווען דענקסט דוא צו פאהרען? האט יעליסאוועטא געפרעגט מיט טרערין אין דיא אויגען.

— אין א פאר מאנאטע ארום. איך מוז שרייבען באקונין'ען אלעס, וואס עס האט מיט מיר פאסירט אין דער לעצטער צייט. איך מוז איהם מעלדען, אז דוא מיט דיין קינד ביסט דא. איך מוז איהם מיטטהיילען מיין לעצטען ענטשלוס, אז איך וויל פאהרען קיין אמעריקא. איך וועל בלייבען ביי דיר, ביז איך וועל ערהאלטען פון איהם אן ענטפער. דאן וועל איך פאהרען קיין פעטערבורג, איך האב דארט נאך אייניגע געשעפטען אפצומאכען. פון פעטערבורג וועל איך פאהרען קיין האמבורג און פון דארט — קיין אמעריקא.

— ארימער, אונגליקליכער ברודער! האט יעלאסאוועטא געזיפצט, דו ביסט שוין מיעד געווארען צו קעמפפען געגען דיא רוסישע טיראניי, איך פערשטעה דיך. דוא ווילסט

אויף א געוויסע צייט אוועקפאהרען און זיך אויסרוהען אין אנאנדער לאנד, אונטער א פרייען הימעל.

לאנגזאם און שטיל זיינען זיי געגאנגען צוריק אין שלאָס. דאָרט איז געווען אלעס שטיל, אלעס רוהיג, אלעס פריעדליך.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען אייניגע טעג. דאס לעבען אין שלאָס האט אנגע־הויבען זיין געוועהנליכען גאנג. יעליסאוועטא פלעגט ארומגעהן מיט וולאדימיר׳ן, פלעגט מיט איהם לערנען און זיך מיט איהם אונטערהאלטען. הוגא פלעגט זעהר אָפט רעדען און ארומגעהן אין גארטען מיט נאטאליע׳ן; יעליסאוועטא האט בעמערקט, אז צווישען זיי ביידען איז עפּעס, אז זיי זיינען ניט גלייכגילטיג איינער צום אנדערן. זיא האט זיך אבער געמאָכט ניט וויסענדיג. זיא האט נאטאליען הערצליך ליעב בעקומען און וואָלט ניט געווען דאגעגען, אז הוגא זאל זיא הייראטהען.

איין טאג איז צוגעפאהרען א קארעטע צום שלאָס. פון דער קארעטע זיינען ארויס צווייא מענשען און האבען געזאגט דעם דיענער, ער זאל זיי מעלדען ביי דער ווירטה׳ן פון׳ם הויז. דער דיענער האט זיי געמעלדעט און יעליסאוועטא האט זיי אויפגענומען אין זאל.

— איך האב אייך צו מעלדען א רעכט אונאנגענעהמע נאכריכט, האט געזאגט דער מאן מיט דער גאלדענער ברילליע. דאס געריכט האט מיך געשיקט איבערנעהמען דאס פערמעגען פון אייער פאטער און עס איבערגעבען דיא וואָהלטהעטיגע אנשטאלטען, אויף וועלכע ער האט זיי אפּגעזאגט. עס טהוט מיר הערצליך לייד, אייך צו זאגען, אז איהר וועט מוזען אוועקפאהרען פון דאנען. ווייל אלעס געהערט יעצט צו אנדערע מענשען. אין טעסטאמענט פון אייער פאטער איז געשריעבען, אז דיעזעס שלאָס מיט׳ן לאנד ארום געהערט צו נאטאליע מעזענצאָוו.

יעליסאוועטא איז געשטאנען טרויעריג און האט אויסגעהערט, וואס דער מאן פון געזעץ האט איהר געזאגט.

— מיין פאטערס ווילען מוז אויסגעפיהרט ווערן, האט זיא געזאגט. עס טהוט מיר צוואר לייד, צו פערלאזען דאס הויז וואו איך בין געבאָרען געווארען, וואו איך בין אויפגעוואקסען און האב געגאסען אלע פריידען פון דער יוגענד. אבער וויא מיין פאטער האט אנגעשריעבען אין זיין טעסטאמענט, אזוי זאל עס געשעהן. מיין זוהן קען עסען דאס הארטע ברויט, וואס ער וועט פערדינען מיט זיין ארבייט. איך בין שוין געוואינט צו אלעמען און וועל פערדיענען מיין ברויט.

— איך קען אייך ניט אויסזאגען, וויא שווער עס איז מיר אויסצופיהרען דעם ווילען פון אייער פאטער, האט דער אדוואָקאט געזאגט. איך בין געווען זיין פריינד און האב איהם אבגעראטהען, ער זאל עס ניט טהאן. ער זאל ניט שרייבען אזא טעס־טאמענט. איך האב אבער גאר גיט געקענט העלפען. ער איז געווען אזוי ערביטערט, אזוי אויפגעהעצט געגען זיינע קינדער, אז מיינע רעד האבען אויף איהם ניט געווירקט. יעצט איז אלעס פערפאלען. איך מוז יעצט טהאן מייז טרויעריגע פפליכט און איבער־געבען דיעזעס הויז מיט אלע זאכען דארין נאטאליע מעזענצאָוו.

— טהוט אייער פּפליכט! האט יעליסאוועטא געזאגט. יעדער מוז טהאן זיין פּפליכט.

— קענט איהר מיר זאגען וואו נאטאליע מעזענצאָוו געפינט זיך יעצט? האט דער אדוואָקאט געפרעגט.

— זיא איז דא אין שלאָס, איך וועל זיא באלד ארייגרופען.

אין א פּאר מינוטען ארום איז נאטאליע אריינגעקומען אין זאל.

— הייסט איהר נאטאליע מעזענצאָוו? האט דער אדוואָקאט געפרעגט.

— איך הייס נאטאליע מעזענצאָוו.

— איך האב אייך מיטצוטהיילען, אז גראַף פרידריך פאן פאהלען האט אייך איבערגעלאזען דיעזען שלאָס מיט'ן לאַנד ארום און הונדערט פונפציג טויזענד רובעל אין דער גאָסודארסטווענע באנק אין ריגא. ער אליין האט בעשטעטיגט זיין טעסטאַמענט אין געריכט. ווען איהר ווילט, קענט איהר בעציעהען דאס געלד פון דער באנק.

יעצט וויל איך אייך איינפיהרען אין בעזיץ פון דיעזען שלאָס. איך מוז אבער דערצו האבען דעם סטאראסטא פון'ם דאָרף און דעם אוריאדניק. זיי זאלען זיין אלס ציינגען.

ער האט זיך געווענדעט צו יעליסאוועטא און האט איהר געזאגט:

— זייט אזוי גוט און שיקט רופען דעם סטאראסטא פון'ם דאָרף מיט'ן אוריאַדניק. איך וואָלט זעהר געוואָלט לויז ווערן פון דיעזע מיינע טרויעריגע פּפליכט.

נאטאליע איז געשטאנען דיא גאנצע צייט, וויא פערשטיינערט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס מען רעדט צו איהר. ווען יעליסאוועטא אבער האט געוואָלט צוגעהן צו דער טהיר און רופען א דיענער, האט נאטאליע זיא אנגענומען ביי דער האנד און איהר געזאגט:

— ניין, יעליסאוועטא! טהוט עס ניט! איך קען ניט אננעהמען אזא געשענק פון אייער פאטער! איך וועל עס קיין מאל ניט ערלויבען, אז מען זאל דיא טאכטער פון'ם גראַף פרידריך ארויסטרייבען פון איהר פאטערס הויז. מעי דאַרף עס ניט, הערר אדוואָקאט. איך וויל בעסער אוועקפאהרען ערגעץ — קיין ריגא אדער קיין מאסקווא און וועל מיר זוכען ארבייט. יעליסאוועטא מוז דא בלייבען!

דער אדוואָקאט האט זיא לאַנגזאם אנגעקוקט פערוואונדערט, ער האט געשאקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאגט

— גראַססמוטהיגעס מעדכען! אייער ניט וועלען וועט אייך יעצט גאר ניט העלפען. ווען איהר נעהמט ניט אן דאס געשענק פון'ם אלטען גראַף, וועט דאס געלד בלייבען ליעגען אין דער באנק. דעם שלאָס וועט מען פערקויפען און דאס געלד אריינלעגען אין דער קאַזנאַטשייסטוואָ (שאצקאמער). עס וועט דארט ליעגען, ביז אייער א יוריש וועט קומען עס פּאָרדערן. וועט אבער קיינער ניט קומען, וועט עס דיא רעגיערונג צונעהמען.

וואס וועט איהר אלזא, געווינען ווען איהר נעהמט ניט אן דאס געשענק פון'ם גראַף? יעליסאוועטא מוז אלענפאלס ארויס פון'ם שלאָס.

— קען מען דען ניט אומשטירצען דאס טעסטאמענט? האט נאטאליע געפרעגט.

איך אליין וועל זיין אן עדות, אז דער אלטער גראַף האט דערנאך געוואָלט ענדערן זיין

טעסטאמענט. איך אליין וועל זאגען, אז איך האב קיין רעכט ניט אויף גראף און פאהלען׳ס פערמעגען.

— הערר אדוואקאט! האט זיא ווייטער אויסגערופען, איך ווייס, אז איהר זייט געוועזען א פריינד פון גראף פרידריך, דערלאזט עס ניט, אז זיינע קינדער זאלען דארפען ליידען הונגער און נויט.

— מעגליך, מעגליך.... האט געזאגט דער אדוואקאט לאנגזאם. מען קען אנהייבען א פראצעס און זיך אנטשעפען, אז א טהייל פון גראף פרידריך׳ס פערמעגען האט געהערט צו זיין פרוי. דיעזען טהייל האט ער קיין קיין רעכט ניט געהאט אוועקצו־געבען. — מעגליך, אז מען זאל קענען עפעס מאכען, איך מוז אייך אבער זאגען, אז עס וועט זיין זעהר א שווערער פראצעס, וועלכער קען זיך אוועקשלעפען יאהרען וויים און וועט קאסטען אזוי פיעל, אז איך ווייס ניט, אויב דאס גאנצע פערמעגען פון גראף פאהלען וועט גענוג זיין אום דיא אויסגאבען צו דעקען.

יעליסאוועטא האט רוהיג אויסגעהערט, וואס דער אדוואקאט האט געזאגט.

און ווען עס זאל גאר ניט קאסטען! און ווען איך זאל וויסען געוויס, אז איך וועל געווינען דעם פראצעס! מיינט איהר, אז איך וועל עס ערלויבען, אז מען זאל אנהויבען א פראצעס געגען מיין פאטער׳ס טעסטאמענט? און ווען עס זאל זיך האנדלען אום מיין לעבען, וועל איך דען דערלאזען, אז מיין פאטערס נאמען זאל געשמוצט ווערען אין א רוסיש געריכט?—ניין! איך וועל קיין מאל ניט ערלויבען, אז איינער זאל זאגען, אז מיין פאטער האט קיין רעכט ניט געהאט אבצוזאגען זיין פערמעגען, וועמען ער האט געוואלט.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא צוגעלאפען צו דער טהיר׳און האט א געשריי געטהאן:

— אדאם! אדאם! קום נור אהער.

אדאם איז געוועזען אן אלטער, טרייער דיענער ביים גראף פרידריך. באלד איז אדאם אריינגעקומען אין צימער.

— גיה, רוף דעם סטאראסטא פון׳ם דארף און דעם אוריאדניק! זאג זיי, אז זיי זאלען באלד קומען. מען דארף זיי נייטיג האבען.

ווען דער דיענער איז פערשוואונדען, איז נאטאליע צוגעגאנגען צו יעליסאוועטא׳ן, איז איהר ארויפגעפאלען אויפ׳ן האלז און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— וואס האט איהר געטהאן, ליעבע, טהייערע יעליסאוועטא? איך קען אייער פאטערס געשענק ניט אננעהמען!

זיא האט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל און האט אויסגערופען מיט א פייערליכער שטימע:

— איך שווער ביי דער אייביגער זון, וועלכע בעלייכטעט אונז, אז איך וועל פון גראף פאהלענ׳ס פערמעגען קיין איינציגע קאפיקע ניט אנריהרען, ביז זיינע קינדער וועלען עס בעקומען.

דער אדוואקאט איז געשטאנען און האט בעטראכט דיעזע צוויי פרויען מיט שטוינען. אזא סצענע האט ער נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן. עס האנדעלט זיך אום אזא גרויס פערמעגען און קיינער פוןביידע פרויען וויל איהם ניט אננעהמען.

ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער האט ניט געוואוסט, וואס צו זאגען און וואס צו טהאָן. ער האט ניט בעמערקט, אז הוגאָ פאָן פאהלען איז שטילערהייט אריינגעקומען און צימער, האט זיך געשטעלט אין א ווינקעלע און האט אויסגעהערט אלעס וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

הוגאָ האט געזעהען דורכ'ן פענסטער, אז עס איז אָנגעקומען א קארעטע אין שלאָס און ער האט זיך ניט געוואלט ווייזען אוים געוויסע אורזאכען. ווען ער האָט אָבער דערזעהן, אז דיא הערערן וועלכע זיינען געקומען אין דער קארעטע, זאמען זיך עפּעס זעהר לאנג, איז ער שטילערהייט אריין אין זאל און האט אויסגעהערט אלעס, וואס דא איז פאָרגעקומען. ווען ער האָט געהערט, אז נאטאליע האט געשווארען אזוי הייליג, אז זיא וויל ניט וויסען פון גראף פאהלענ'ס געשענק, איז ער ארויסגעטראָטען, האָט גענומען נאטאליען בייא דער האנד און האט געזאָגט:

— נאטאליע! איך בעט דיך, דוא זאָלסט אננעהמען מיין פאטער'ס געשענק און דער הערר אדוואָקאט זאל דיך איינפיהרען אין בעזיץ פון'ם שלאָס.

אלע האָבען איהם אָנגעקוקט מיט שטוינען. דער אדוואָקאט האָט איהם ניט דערקענט. ער האט איהם געדענקט אלס קינד און יעצט איז הוגאָ געשטאנען פאר איהם אלס מאן מיט א רונדען, בלאָנדען באָרד.

— איך האב דאך אָבער געשוואָרען, אז איך זאל עס ניט אננעהמען, האט נאטאליע אויסגערופען.

— דוא וועסט דיין שבועה האלטען, האט הוגאָ געזאגט רוהיג.

— וויא איז דאס מעגליך? האט נאטאליע געפרעגט.

— גאנץ איינפאך. דוא וועסט עס אננעהמען, דער אדוואָקאט וועט דיך איינפיהרען אין בעזיץ פון'ם שלאָס און דאס באנק בוך, דאן מענסט דוא דאך טהאן מיט'ן פערמעגען, וואס דוא ווילסט.

בערעכען, ליעבע נאטאליע, אז ווען דוא נעהמסט עס ניט אהן, וועט עס דיא רעגיערונג צונעהמען, אזוי האט אונז דער אדוואָקאט דערקלערט. דאס טאָרען מיר אויך קיין פאל ניט דערלאזען. דאס פערמעגען פון גראף פאהלען דארף דיענען צו העכערע און בעסערע צוועקע. איך וועל עס דיר שפּעטער ערקלערען.

נאטאליע האט געטראכט איינינע מינוט, דאן האט זיא אויסגעשטרעקט צו הוגאָ'ן איהרע ביידע הענד.

— האסט רעכט, הוגאָ. נור אויף אזא ארט קען איך אָננעהמען דאס געשענק, וואס דער עדעלער גראף פרידריך האט מיר געמאכט.

יעליסאוועטא איז אויך צוגעגאנגען און האט געגעבען איהר ברודער דיא האנד.

— איך האב דיר פיעל צו דאנקען, הוגאָ, האט זיא געזאָגט. דוא האסט יעצט געוויעזען, אז דוא ביסט אן עכטער גראף פאהלען.

ביי דיא לעצטע ווערטער האט זיך דער אדוואָקאט אומגעקוקט און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען הוגאָ'ן.

— אזוי! האט ער געזאגט. דאס איז דער קליינער הוגא, מיט וועלכען איך פלעג

מיך אמאל אונטערהאלטען, ווען איך פלעג זיין צו גאסט ביי גראף פאהלען? —

אונטערדעסען איז אָנגעקומען דער סטאראסטא מיט'ן אוריאדניק. דער אדוואָקאט האט ארויסגענומען זיינע פאפיערען און האט זיי דערצעהלט אום וואס עס האנדעלט זיך.

אין איינינע מינוטען האט זיך דיא צערעמאניע געענדיגט. דער סטאראָסטא און דער אוריאדניק האבען זיך אונטערגעשריעבען, אז זיי זיינען דערביי „געוועז, וויא דער אדוואָקאט ישולץ האט איינגעפיהרט נאטאליע מעזענצאוו אלס איינענטהימערין און בעזיצערין פון'ם שלאָס פריינדענטהאל. נאטאליע האט געשטעלט אויפ'ן טיש שנאפס און פערבייסען. ווען זיי זיינען זיך צוגאנגען, האט דער אדוואָקאט געזאגט צו יעליסאוועטא'ן.

— איך בין העכסט צופריעדען, וואס איך האב ענדליך אָפגעטהאן מיין שווערע פפליכט און עס איז אזוי אויסגעקומען, אז אלע זיינען צופריעדען.

ער האט נאך גערעדט איינינע מינוט מיט הונא'ן, האט איהם אויסגעפרעגט, וואו ער איז געוועזען און וואוהין ער דענקט יעצט צו פאהרען. הונאָ האט איהם געענטפערט אונגערן און נור איינציגע ווערטער. דער אדוואָקאט איז ענדליך אויך אוועקגעפאהרען.

## 79טעס קאפיטעל.

## אויף דער מאָסקווער אייזענבאַהן.

א פאָר הונדערט וויאָרסט פון מאָסקווא ליעגט ניט ווייט פון דער אייזענבאהן־ליניע א קליין און ארים דערפעל מיט'ן נאמען „סאָלאָמענאָיע“. דיא הייזער זיינען מייסטענס איינגעהויקערט, אָבגעריסען, אָבגעשליעסען, עלענד און פערנאכלעסיגט. דאס דארף איז ווייט פון יעדער אייזענבאהן סטאציאָן. די הונגעריגע בויערן זעהען נור זעהר אפט פון דער וויטען, וויא אייזענבאהן־ציגע לויפען פאָראיבער און בעדעקען דאס ארימע דערפעל מיט א שלייער פון רויך. דאס איז דער גאנצער נוצען, וואס זיי האבען פון דעם אייזענבאהן, וועלכער פיהרט דיא רייכטהימער פון דער וועלט אין דער הויפטשטאדט פון'ם רוסישען קייסער.

אם ענדע פון דעם דערפעל אין דער זייט פון דער אייזענבאהן ליניע איז געשטאנען אן איינזאמעס הויז, וועלכעס האט אויסגעזעהן נאך טרויעריגער, נאך ארימער, נאך שמוציגער פון אלע אנדערע הייזער אין דארף. אין דיעזעס הויז האט געוואוינט אן אלטער אויסגעדיענטער סאלדאט. ער האט געדיענט דעם קייסער ניקאָלאי פאוולאָוויטש פינף און צוואנציג יאהר טריי און עהרליך, איז געוועזען דריי מאל פערוואונדעט אין שלאכטען און ענדליך, ווען ער האט שוין קיין שום ארבייט ניט געקענט טהאן, האט מען איהם געגעבען א „טשיסטאיא אָטסטאווקא“ (א פאלשטענדיגע ענטלאסונג) מיט'ן הויבען מיטול פון אן אונטער־אָפיציער און מען האט איהם געהייסען געהן א היים. אמת, מען האט זיך פאר איהם געזארגט אזויפיעל, אז מען האט איהם געגעבען א פענסיאָן פון דריי רובעל פינף און אכציג קאָפיקעס א „טרעט“, דאס הייסט, יעדע פיער מאָנאטע.

דער אלטער מאן איז געקומען צוריק אין זיין דארף „סאָלאָמענאָיע“, וואו ער האט אמאָל געהאט עלטערן, ברידער און שוועסטער, א הויז און א שטיקעל לאנד. ווען

ער איז געקומען א היים, האט ער פון זיין פאמיליע קיינעם ניט געפונען. דיא עלטערן זיינען געשטאָרבען, זיינע ברידער און שוועסטער זיינען זיך צופאהרען, קיינער וויים ניט, וואוהין. דאס הויז איז איינגעפאלען, דאס שטיקעל לאנד האבען דיא בויערן צוגענומען און צוטהיילט צווישען זיך. דער אלטער מאן איז געבליעבען אליין, עלענד, וויא א שטיין, פערלאסען און פון אלעמען פערגעסען.

ער האט אנגעהויבען צו שרייען, צו ליארמען, אז מען זאל איהם אפּגעבען זיין הויז, זיין לאנד. ער איז געגאַנגען צו פוס קיין מאסקווא און האט זיך געקלאגט פאר׳ן גובערנאטאר, פאר׳ן גענעראל, אונטער וועלכען ער האט געדיענט. ער האט געוויעזען זיינע פאפּיערען, אז ער האט געדיענט דעם קייסער טריי און עהרליך אזוי פיעל יאהר און יעצט, ווען ער איז געקומען א היים מיט׳ן טיטול פון אן אונטער־אָפיציער, ווילען איהם זיינע דאָרפ׳ס לייט ניט אָפּגעבען זיין הויז און זיין לאנד.

עס האבען זיך אנגעהייבען אונטערזוכונגען און קאָררעספּאָנדענצען. דער גובער־נאטאר האט געשריעבען דעם איספּראווניק, דער איספּראווניק האט געשריעבען דעם פּריסטאוו, דער פּריסטאוו — דעם אוריאדניק, אז מען זאל דעם אלטען אונטער־אָפיציער טאָרגויעוו אָפּגעבען זיין הויז און זיין לאנד. דער סטאראָסטא פון׳ם דאָרף האט געענט־פערט, אז ער מעג זיך עס נעהמען. דאס הויז איז איינגעפאלען, ער מעג עס אויפבויען צוריק; זיין לאנד האט דיא אייזענבאהן קאָמפּאני צוגענומען.

עס זיינען פערגאנגען יאהרען, ביז מען האט געגעבען דעם אלטען אונטער־אָפיציער אן אלטע חורבה, וועלכע האט געהערט צום דאָרף, וויל דער בעל הבית פון איהר איז געשטאָרבען און האט קיין קינדער און קיין יורשים ניט איבערגעלאזען.

יעצט האט שוין דער אונטער־אָפיציער טאָרגויעוו געהאט א הויז. מיט א הויז אליין קען מען אבער נאך ניט לעבען, מען מוז עסען אויך. דריי רובעל פינף און אכציג קאָפּיקעס אויף פיער מאנאט אדער אויף זיעבעצעהן וואָכען איז אויך אביסעל צו ווענִיג אום צו לעבען. דעם אונטעראפיציער טאָרגויעוו איז אריין אין קאָפּ, ער זאָל ווערן א וועכטער ביי דער באהן, דאס איז שוין א בעסערע פּרנסה. מען בעקומט זיעבען רובעל א מאנאט און א קליין שטיבעלע אויף דער ליניע מיט בעהייצונג. ווען דיא וואַרען ציגע פאהרען דורך, ווארפען דיא הייצער אראפּ דעם וועכטער קוילען אָדער האָלץ.

אזוי וויא דער קייסער פאהרט אָפט פון פּעטערבורג קיין מאָסקווא, איז דיעזע ליניע בעסער בעוואכט פון אלע אנדערע און עס איז ניט אזוי לייכט צו ווערן דאָרט אן אייזענבאהן־וועכטער. מען מוז האבען רעקאמענדאציאנען, איידער מען בעקומט אזא עהרען־שטעלע, אויף וועלכע עס זיינען שטענדיג דאָ פיעל בעלנים. דער אונטער־אָפיציער טאָרגויעוו איז ווייטער געגאנגען צו פוס קיין מאָסקווא, פלעגט אוועקשטעהן שטונדען לאנג פאר דיא רייכע פאלאצען פון דיא גענעראלען און דיא אפיציערען, אונטער וועלכע ער האט געדיענט, ביז ער האט געקענט צוקומען צו זיי און זיי בעטען, אז זיי זאלען איהם רעקאמענדירען צו דער אייזענבאהן־געזעלשאפט אלס וועכטער.

ניט איין מאל איז טאָרגויעוו געגאנגען אין א שנעע, אין א פראָסט, אין א בלאָטע קיין מאָסקווא, ביז עס איז איהם ענדליך געלונגען און מען האט איהם אויפגע־נומען אלס אייזענבאהן־וועכטער און דערצו נאך אין זיין אייגענעם דאָרף, אין „סאָלאָ־

מענאָיע". ווער איז יעצט געווען גליקליכער אלס דער אונטעראפיציער טארגויעוו? דיא ארבייט איז א לייכטע. ער דארף ארויסגעהן מיט א גרינעם פלאג, ווען דער צוג פאהרט דורך און דריי ביז פיער מאל אין טאג ארומגעהן אויף דער ליניע, זעהן, אויב אלעס איז אין אָרדנונג. פאר אזא לייכטע ארבייט בעקומט ער זיעבען רובעל א מאָנאט! איז דאס ניט א גרויס גליק?

— זאנדערבאר! דאס גליק האט זיינע קאפריזען, פונקט וויא דאס אונגליק. ווען עס טשעפעט זיך צו צו איינעם, געהט עס איהם פון אלע זייטען. ער וויים ניט פון וואס. עס קומט צו איהם, שיט זיך איהם אויפ'ן קאָפּ.

אונזער טאָרגויעוו איז געווען העכסט גליקליך, וואס ער האט בעקומען אזא גוטע שטעלע. ער האט פערשלאָסען זיין אלטע חורבה און האט זיך איבערגעצויגען אין זיין נייע, שעהנע הייזקע, וואס דיא אייזענבאהן־געזעלשאפט האט איהם געגעבען. ארום דער הייזקע איז געווען א קליין שטיקעל פלאַץ, וועלכען ער האט באלד געמאכט פאר א גארטען. ער האט עס צוגראבען און פערזייעט ארבעס און באָב. מיט פרייד און מיט שטאָלץ האט ער געזעהן, וויא זיינע ארבעס האבען אנגעהויבען צו בליעהען. טאָר־גויעוו איז געווען גליקליך.

אין א שעהנעם טאג איז געקומען צופאהרען קיין „סאָלאָמענאָיע" א יונגער מאן מיט א יונגער פרוי. זיי זיינען פערפאהרען אין קרעטשמע, האבען געגעבען דעם קרעטש־מאָר צו לייזען און האבען איהם אויסגעפרעגט, אויב זיי קענען ניט געפינען א שטוב צו דינגען אויף'ן זומער. זיי האבען איהם דערצעהלט, אז דיא יונגע פרוי איז עפּעס ניט געזונד און דער דאָקטאָר האט איהר געהייסען פערברענגען דעם זומער אין א דאָרף, געניסען דיא פרישע לופט. דער דאקטאר האט אויסגעפונען אז דיא לופט אין „סאָלאָ־מענאָיע" איז דיא בעסטע אין דער גאנצער געגענד ארום.

דער קרעטשמאר, וועלכער האט גוט געקענט דאס גאנצע דאָרף און האט זעהר גוט געוואוסט, אז דיא ארימע איינוואָינער האבען אליין ניט, וואו זיך אהין צו טהאן, האט געטראכט זעהר לאנג און האט ענדליך אויסגעפונען, אז דיא איינציגע הייזקע, וועלכע שטעהט לעדיג, איז טארגויעווס אלטע חורבה.

— ער וואָינט דאָרט ניט, ווייל ער איז יעצט א וועכטער ביי דער אייזענבאהן, האט ער געזאגט צו דיא יונגע לייט, ער וועט זיא אייך געוויס פערדינגען.

ער האט זיי אנגעוויעזען, וואו זיי קענען איהם געפינען. דיא צוויי יונגע לייט זיינען באלד געגאנגען צו טאָרגויעוו'ן און האבען איהם געטראָפען אין זיין וואָרט־שטיבעלע. ער האט זיך זעהר געוואונדערט צו זעהן ביי זיך געסט, דאס האט איהם פּאסירט דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען.

— הערר טאָרגויעוו, האט געזאגט דער יונגער מאן, מען האט אונז געזאגט, אז איהר האט א הייזקע צו פערדינגען. וואס וועט איהר וועלען פאר א פאר מאנאט? איך וואָלט אייך געגעבען פופציג רובעל פאר דיא צוויי מאָנאטע.

טאָרגויעוו האט אויסגעגלאצט א פּאר אויגען. אזא סומע געלד האט ער אין זיין גאנצעם לעבען ניט געזעהן. ער האט געמיינט, אז דער יונגער מאן לאכט פון איהם.

— פאר הונדערט רובעל קענט איהר עס אין גאנצען אפקויפען, האט ער געזאגט מיט א געלעכטער.

— איהר ווילט עס פערקויפען ? האט דער יונגער מאן געפרעגט, דאן וועל איך עס קויפען. עס איז מיר פיעל אנגענעהמער צו האבען אן אייגען־הויז און צו טהאן אין איהר, וואס איך וויל אלס צו וואָינען אין א געדונגען הויז.

טארגויעוו איז אין דער לעצטער צייט געוואָהר־געוואָרען, וואס פאר א ניצליכע זאך דאס געלד איז. זא לאנגע ער האט געדיענט אין דער אַרמעע, האט ער געהאט אלעס געגרייט. דער קייסער האט איהם געגעבען אלעס נייטיגע: עסען, טרינקען, קליידער און נײנציג קאָפּיקעס א „טרעט", אלע פיער מאָנאט. יעצט אבער, ווען ער איז ארויסגעטרעטען פון קייסער'ס דיענסט, האט ער ערשט איינגעזעהן, אז מען מוז האבען פון וואנען צו לעבען און דערצו מוז מען האבען געלד. ער איז געוועזען העכסט דערפרייט, ווען ער האט דערהערט, אז עס געפינט זיך א קונה אויף זיין אלטע, איינגעפאלענע הייזקע.

ער האט פערשטאנען, אז דאָ האט ער א געלעגענהייט צו פערדיענען געלד און האט געוואָלט בענוצען דיעזע געלעגענהייט.

— איך האב נור געשפּאסט, ווען איך האב אייך געזאגט, אז איך וואָלט מיין הייזקע פערקויפט פאר הונדערט רובעל. ווען איהר ווילט זיא קויפען וועט איהר מיר געבען צוויי הונדערט. דאס יונגע פאר פאלק האט זיך מיט איהם געדונגען איניגע צייט, ענדליך האבען זיי זיך אויסגעגלייכט פאר הונדערט און פונפציג רובעל. זיי האבען איזזם געגעבען פונפציג רובעל האנדגעלד און דעם רעסט וועלען זיי איהם געבען, ווען זיי וועלען זיין אין מאסקווא זיך אפשרייבען ביי א נאטאריוס. דערביי האבען זיי איהם געבעטען, אז ער זאל עס קיינעם ניט דערצעהלען. זיי ווילען ניט, אז מען זאל וויסען אין דאָרף, אז זיי האבען ביי איהם געקויפט דיא הייזקע.

טארגויעוו איז אנפאנגס געווען אביסעל פערוואונדערט, וואס דיא יונגע לייט האבען זיך מיט איהם אזוי ווייניג געדונגען, האבען איהם באלד געגעבען דאס געלד און האבען זאגאר קיין קוויטונג ביי איהם ניט פערלאנגט. ער האט עס אבער באלד געפונען פאר גאנץ נאטירליך: דער יונגער מאן האט ניט געדיענט דעם קייסער, ער איז קיין סאָלדאט ניט געווען און ווייס ניט, וויא אזוי אום צו געהן מיט געלד.

נאך אין דעם זעלבען טאג האבען זיך דיא יונגע לייט ארייגעצויגען אין זייער נייע וואָינונג. אין א פּאר טאג ארום זיינען אנגעקומען פון מאסקווא זייערע זאכען. עס זיינען געווען נור צוויי קליינע קעסטליך און א פּאר פעקליך. דיא בויערן פון'ם דאָרף האבען עס זעהר ווייניג בעמערקט. אייניגע האבען געפרעגט דעם קרעטשמאר, ווער דיא זאכען זייען און דער קרעטשמאר האט זיי דערצעהלט, אז א דאקטאר האט געשיקט א קראנקע פרוי אהער, זיא זאל דא שעפּען פרישע לופט. דיא בויערן האבען פערצויגען מיט דיא אקסלען און האבען ווייטער ניט געפרעגט.

דיא יונגע לייט פלעגען זיך זעלטען ווייזען אין דאָרף, זיי פלעגען זיצען שטענדיג אין דער היים. זעלטען פלעגט דער יונגער מאן אדער דיא יונגע פרוי קומען אין קרעטשמע עפּעס קויפען. מיט דיא אנדערע בויערן פלעגט זיא זיך קיין מאל ניט צונויפקומען. דער

יונגערמאן דאגעגען פלעגט זעהר אפט בעזוכען דעם וועכטער טארגויעוו. ער פלעגט מיט איהם רעדען שטונדען לאנג, פלעגט איהם אויספרעגען, וואס מען שרייבט איהם פון דער אייזענבאהן געזעלשאפט, ווען דיא ציגע געהן דורך, וויא ווייט עס איז צו דער באהן סטאציאָן, וואס זיין ארבייט איז; אויב עס קומט א מאל אן אינספעקטאר רעווידירען די באהנוועכטער? און נאך א זעלכע פראגען. טארגויעוו פלעגט איהם דערצעהלען געשיכטען פון זיין סאלדאטען לעבען, פון דיא שלאכטען, אין וועלכע ער איז פערוואונדעט געוואָרען, וויא פיעל מאל ער האט געזעהן דעם קייסער און וויא ער איז ענדליך געקומען צו דער הויכער שטעלע, צו ווערן א וועכטער אויף דער מאסקוואַ'ער אייזענבאַהן.

דער יונגער מאן איז געווארען אזוי בעפריינדעט מיט'ן אונטער אפיציער טארגויעוו, אז ער פלעגט זעהר אָפט הייסען דעם אלטען זיצען אין דער היים און ער וועט געהן אויף דער ליניע זעהן, אויב אלעס איז אין ארדנונג. צו מאל פלעגט ער זיצען ביי איהם שפעט ביי נאכט און, ווען דער צוג פלעגט דארפען דורכפאהרען, פלעגט ער בעטען דעם אונטער אפיציער, ער זאל איהם לאזען ארויסגעהן און שטעהן מיט'ן גרינעם פלאַג אין דיא הענד, ביז דער צוג וועט דורכפאהרען.

טארגויעוו איז געוועזען גליקליך. ער האט געהאט אן אומזיסטען העלפער, וועלכער פלעגט איהם איינשפארען זעהר פיעל ארבייט. ער האט ניט בעמערקט, אז דיעזער העלפער טהוט א מאל אזעלכע ארבייטען, וועלכע ער האט איהם גאר ניט געהייסען; ער האט ניט געזעהן, אז דער יונגער מאן גראבט אפט דיא ערד לעבען דער אייזענבאהן ליניע און מעסט, און צעהלט, און רעכינט. ווען טארגויעוו וואָלט א מאל געקומען אנקוקען דיא הייזקע, וועלכע ער האט אזוי גוט פערקויפט, וואָלט ער געזעהן, אז דיא קראנקע יונגע פרוי ארבייט מעהר פון א געזונדען בויער. ער וואלט געוויס ניט פערשטאנען, וואס פאר אן ארבייט דאס איז, מיט וועלכער דיא פרוי בעשעפטיגט זיך אזוי פלייסיג. עפעס פלעגט זיא פערדרעהן לאנגע דראָטען און פלעגט זיי ארומוויקלען מיט זייד. ביי איהר אונטערן בעט איז געשטאנען א גאנצע אפטעהק מיט פלעשער און פלעשעלעך, שאאכטלען און בלעכען, טעפ און קעסעלעך.

טארגויעוו איז אבער קיין מאל ניט געגאנגען בעזוכען זיינע שכנים. ער איז געוועזען צופריעדען, וואס דער יונגער מאן פלעגט קומען אזוי אָפט צו איהם און פלעגט מיט איהם רעדען שטונדען לאנג.

איין מאל איז טארגויעוו געזעסען מיט זיין גאסט און האט גערעדט מיט איהם איבער פערשיעדענע זאכען, ער האט געוואוסט, אז קיין צוג דארף יעצט ניט דורכפאהרען און ער קען זיך רוהיג זיצען. פלוצלונג האט ער דערהערט א שטארקעס פייפען פון א מאשין.

— וואס איז דאָס? האט ער אויסגערופען דערשראָקען . זאל עס זיין אן עקסטרא צוג? פאר וואס האט מען מיר ניט געמעלדעט?

ער האט געמוזט ארויסגעהן זעהן, וואס דארט איז אזעלכעס. אלס וועכטער פון דער אייזענבאהן האט ער געוואוסט אלע צייכענס, וואס דיא מאשין גיט מיט איהר פייפען. אויף דיא רוסישע אייזענבאהנען האט יעדער פייף פון דער מאשין א געוויסע

בעדיטונג. עס איז א געוויסער צייכען. דיעזעס מאל האט דיא מאשין גערופען דיא וועכטער פון דער ליניע.

ער האט זיך געשטעלט לעבען זיין בודקע (וועכטער שטיבכען) מיט'ן גרינעם פלאג אין דער האנד און האט געווארט, אז דער צוג זאל צוקומען צו איהם. באלד איז אנגעלאפען א מאשין מיט איין וואגאן, אין וועלכען עס זיינען געזעסען נור דריי מענשען. דיא מאשין איז געבליעבען שטעהן פאר זיין בודקע און איינער פון דיא מענשען אין וואגאן האט איהם דערלאנגט א בריעף.

— סמאטרי אוף אבא! (קוק מיטביידע אויגען! זיי פארזיכטיג!) האט ער איהם געזאגט מיט א בעפעהלענדער שטימע.

מיט דיעזע ווערטער איז דער לאקאמאטיוו ווייטער געפאהרען און האט ווייטער געפייפט און ארויסגערופען דעם וועכטער פון דער נעכסטער בודקע. טארגוויעוו האט אנגעקוקט דעם בריעף, עס איז געוועזען פון דער אייזענבאהן קאמפאני. ער פלעגט אפט ערהאלטען בעפעהלע פון דער קאמפאני, אבער ניט דורך בריעף און ניט אויף אזא ארט. געוועהנליך פלעגט דער סטאציאנס שעף (נאטשאלניק סטאנצי) ארויסשיקען זיינע בעפעהלע צום ערשטען וועכטער, דער ערשטער פלעגט עס איבערגעבען דעם צווייטען, דער צווייטער — דעם דריטען און אזוי ווייטער ביז צום לעצטען לעבען דער נעכסטער סטאציאן. היינט האט מען איהם גאר געבראכט א פערזיענלטען בריעף.

— נא! דא איז שוין עטוואס נייעס! האט טארגוויעוו געזאגט און איז געלאפען אין זיין שטיבעלע עפענען דעם בריעף און איהם איבערלעזען.

ווען ער איז געוועזען סאלדאט, האט ער זיך אויסגעלערנט לעזען און שרייבען. געדרוקטעס פלעגט ער לעזען גאנץ גוט, געשריעבענעס פלעגט איהם זיין זעהר שווער צו לעזען, בעזאנדערס וואס עס איז געוועזען געשריעבען אין א שנעלער, פערצוקטער האנדשריפט.

ווען ער איז אריינגעקומען אין זיין שטיבעלע, האט איהם זיין יונגער פריינד געפרעגט גאנץ גלייכגילטיג:

— נו, וואס איז דארט געוועזען אזעלכעס? וואס האט איהר זיך אזוי פיעל געזאמט?

— איך ווייס ניט, האט טארגוויעוו געענטפערט, עס איז אנגעקומען א מאשין מיט איין וואגאן און האט מיר איבערגעגיבען א בריעף, דערביי האט מיר איינער געזאגט: „סמאטרי אוף אבא".

וויא עס ווייזט אויס, איז טארגוויעוו'ס יונגער פריינד געוועזען זעהר זעהר א נייגיערינער מענש. עס האט איהם זעהר אינטערעסירט צו וויסען, וואס עס שטעהט אין בריעף און ער האט געבעטען דעם אלטען אונטער־אפיציער, ער זאל איהם ערלויבען איהם צו עפענען און צו לעזען. דער אלטער איז געוועזען אזוי פערטרויט אויף זיין יונגען פריינד, אז ער האט זיך ניט פערטראכט א מינוט און האט איהם געגעבען דעם בריעף.

דער יונגער מאן האט אויפגעריסען דעם קאנווערט און האט ארויסגענומען א רויטען בויגען פאפיער מיט איין אויפשריפט: „סעקרעטנאיע" (געהיימעס). אין בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע צייליען:

„זיינע מאַיעסטעט, דער קייסער מיט זיין סוויטע וועלען מארגען ביי
„נאכט אום צוויי אוהר דורכפאהרען דיעזע ליניע. איהר מוזט זיין זעהר
„פאָרזיכטיג, יעדע האלבע שטונדע מוזט איהר געהן איבער דיא ליניע פון
„ביידע זייטען און זיך גוט צוקוקען, אויב אלעס איז אין אָרדנונג; איהר
„מוזט זיך צוקוקען צו יעדער שיענע צו יעדען נאָגעל און צו יעדע שפּאלע.
„פאר דער קלענסטער אונאָרדנונג וועט איהר זעהר שווער בעשטראפט
„ווערן. אין דער נאכט, ווען דער צארסקי פּאָיעזד וועט דורכפּאָהרען,
„זאלט איהר א גאנצע נאכט ארומגעהן אויף דעם שטיק ליניע, וואס איהר
„דארפט בעוואכען".

„פראוולעניע זשעלעזנאָי דאָראָגי. (דיא פערוואלטונג פון דער אייזענבאהן)".

טארגויעוו האט צוגענומען דעם בריעף פון זיין יונגען פריינד און האט איהם אליין איבערגעלעזען עטליכע מאל, גלייך וויא ער האט איהם געוואלט אויסלערנען אויסענווענינ. ער האט זיך געריבען דיא הענד פאר פערגניגען, וואס ער וועט זעהן דעם קייסער.

— עס וועט שוין זיין אלעס אין אָרדנונג! האט ער אויסגערופען. באַטיושקאָ, דער קייסער פאהרט! איך וועל שוין אויפּפּאסען און אלעס אפּהיטען. איך וועל שוין היינטיגע נאכט ניט שלאפען און וועל ארומגעהן א גאנצע נאכט. סטייטשו! דער קייסער פאהרט!

ער איז געווען אזוי פול מיט פרייד, וואס ער וועט אפּהיטען דעם קייסער, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא אויפ'ן געזיכט פון זיין יונגען פריינד האט זיך געוויעזען א זאנדערבארער, גיפטיגער שמייכעל; ער האט ניט געזעהן, וויא זיין יונגער פריינד האט צונויפגעלעגט ביידע הענד אין שרעקליכע פויסטען. דער יונגער מאן איז היינט ניט לאנג געזעסען ביים אייזענבאהן-וועכטער. ער איז באַלד געגאנגען א היים.

ווען ער איז אריינגעקומען אין דעם אלטען הויז, וואו זיין „קראנקע" פרוי איז געזעסען און האט זיך בעשעפטיגט מיט איהר געוועהנליכער ארבייט, האט ער איהר געזאגט פרעהליך:

— ענדליך האבען מיר זיך דערוואַרט! מארגען צוויי אוהר ביי נאכט וועט ער פערבייפאהרען דיא בודקע פון אונזער פריינד טאָרגויעוו. אונזערע ארבייט איז פערטיג. דיא דראָטהען זיינען געצויגען דער דינאמיט ליעגט אין דער מינע לעבען דער בודקע. קוים וועט אנקומען דער צארסקי פּאָיעזד לעבען דער בודקע, וועסט דו א קוועטש טהאן דאס קנעפּעל. היינטיגעס מאל איז עס אונז זעהר גוט געלונגען. קיינער האט אונז ניט געשטערט אין אונזער ארבייט. איך האָף, אז מארגען נאך צוויי אוהר, וועט רוס-לאַנד זיין פריי און ער האט איהר דערצעהלט פון'ם בעפעהל, וועלכען טאָרגויעוו האט היינט ערהאלטען.

— דוא מוזט נאך א מאל איבערקוקען אונזער ארבייט, האט דיא יונגע פרוי געזאגט שטרענג און ערנסט. מיר האבען געהאט א זעלטענע געלעגענהייט אויסצופיהרען אלעס, וואס מיר האבען געוואָלט. דוא מוזט זעהן, אויב דער דינאמיט איז זיכער און דיא דראָטהען ריכטיג געצויגען. דוא ווייסט זעהר גוט דיא אורזאכע, פארוואס עס

אין אונז ניט געלונגען אין ווינטער פּאַלאַץ — עס איז געווען צו ווייניג דינאַמיט. זיי נאָר גוט פאַרזיכטיג דער אַלטער זאָל דיר ניט שטערן?

— דער אַלטער איז אַזוי ענטציקט, אַז ער ווייס נאָר ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם, האט דער יונגער מאַן געענטפערט. ער וועט שוין היינט א גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען און וועט געהן איבערקוקען דיא שיענען און דיא שפּאַלעס. איך וועל האָבען צייט גענוג מיך צוצוקוקען צו דער מינע.

זיי האָבען זיך ווייטער גענומען צו זייער אַרבייט און האָבען געאַרבייט ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאַן איז דער יונגער מאַן געגאַנגען בעזוכען זיין אַלטען פריינד טאַר־גוויעוו. ער האט איהם ניט געטראָפען אין דער הײם. דער אַלטער האט געהאַלטען וואַרט, ער איז ארומגעגאַנגען אויף דער ליניע, זעהן, אויב אַלעס איז אין גוטער אָרד־נונג. דער יונגער מאַן איז ניט געבליעבען לאַנג ביים וועכטער אין שטוב. ער איז אַרויס־געגאַנגען אין דרויסען, האט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און ווען ער האט זיך איבערצייגט, אַז קיינער איז ניטאָ אַרום און אַרום, האט ער אָנגעהויבען צו גראָבען אין אַן אָרט צווישען ביידע אייזענבאַהן רעלסען. ער האט אָבער באַלד פערדעקט דאָס אָרט, וואו ער האט געגראָבען און האט דאַרויף אַרויפגעשאָטען קליינע שטיינדלעך.

— איך האָף, אַז דאָס מאָל וועט עס אונז פּאָלשטענדיג געלינגען, האט ער גע־זאָגט צו זיך אַליין, ווען ער איז געגאַנגען א היים שפּעט ביי נאַכט. דיינע שטונדען, אַלכּסנדר II זיינען געצעהלט. מאָרגען וועסט דו מעהר אויף דער וועלט ניט זיין. יעצט לאָמיר געהן שלאָפען און זיך אויסרוהען פאַר דיא אַרבייט אויף מאָרגען.

דער אַנדערער טאָג איז פאַראיבער גאַנץ רוהיג. קיינער פון דיא יונגע לייט האט זיך ניט געוויעזען אין דרויסען. טאַרגוויעוו האט זיך געוואונדערט, וואס זיין יונגער פריינד איז איהם היינט ניט געקומען בעזוכען. געגען אָבענד איז ער געקומען און האט אויפגעזוכט דעם באַהן־וועכטער, וועלכער האט פּינקטליך אויסגעפיהרט זיין בעפעהל, וואס ער האט ערהאַלטען, ער זאָל אַרומגעהן אויף זיין ליניע יעדע האַלבע שטונדע.

— אַלזאָ, היינט ביי נאַכט וועסט דו האָבען דיא עהרע צו זעהן דעם קייסער, האט ער געזאָגט צום אַלטען. איך מיין אָבער, אַז דער קייסער וועט שלאָפען און דו וועסט איהם ניט קענען זעהן. ער וועט דאָך דורכפאָהרען אום צוויי אוהר ביי נאַכט, דאַמאָלס וועט ער געוויס שלאָפען.

— ניין, האט טאַרגוויעוו געענטפערט. ער וועט ניט שלאָפען. איך האָב היינט גערעדט מיט'ן וועכטער פון דער נעכסטער בודקע. ער דיענט שוין פינף יאהר אַלס וועכטער און האט שוין עטליכע מאָל געזעהן דעם קייסער דורכפאַהרען, אויפ'ן וועג פון פעטערבורג קיין מאָסקווא שלאָפט דער קייסער קיין מאָל ניט. ער פאָהרט מיט אַן עקסטרא צוג, מיט'ן צאַרסקי פּאָיעזד, וועלכער געהט זעהר שנעל און דיא גאַנצע רייזע געדויערט נור פינף — זעקס שטונדען.

— בלייבט דער צוג שטעהן ביי דיא סטאַציאָנען?

— נור ווען דער קייסער הייסט, בלייבט דער צוג שטעהן ביי א באַהן־סטאַציאָן, זאָנסט געהט דער צוג גלייך.

דער יונגער מאן האט נאך גערעדט איינינע צייט מיט׳ן אלטען טארגויעוו, האט איהם נאך אויסגעפרעגט איינינע זאכען, דאן האט ער איהם געזאגט א גוטע נאכט און איז געגאנגען א היים שלאפען. ער האט זיך אָבער ניט געלעגט שלאפען, ער און דיא יונגע פרוי זיינען געװען אנגעטהאן און רייזע פערטיג.

— מיר האבען נאך אפצורעדען איינינע קלייניגקייטען, האט ער צו איהר געזאגט. איך וועל שטעהן אין דרויסען אכטונג געבען, וויא דער צוג וועט אנקומען. ווען איך וויל געבען א קלאפ אין דער וואנט, זאלסט דוא א קוועטש טהאן דאס קנעפעל. דער דינאמיט וועט זיך אָנצינדען און דער גאנצער קייזערליכער צוג וועט צוזעצט ווערן אויף שטיקלעך. אום אבער דיא בויערן אין דארף צו בעשעפטיגען, זיי זאלען אונז ניט לויפען זוכען, וועלען מיר אונטערצינדען אונזער הויז. דיא בויערן וועלען זיך צונויפלויפען לעשען; עס וועט ווערן אזא ליארם, אזא ווירוואר, אז מיר וועלען קענען גאנץ רוהיג אוועקגעהן קיין מאָסקווא.

זיי האבען אָפּגערעדט אלע קלייניגקייטען, וואס זיי זאלען זיך אנטהאן און וויא אזוי זיי זאלען אנטלויפען. דא איז געווען אנדערש, וויא אין ווינטער־פאלאץ. דא זיינען זיי געווען ווייט פון דעם ארט, וואו דער דינאמיט האט געדארפט מאכען דיא עקספּלאָ־זיאן. זיי זיינען ניט געווען אין קיין שום געפאהר. זיי האבען גאנץ רוהיג געקענט צו זעהן, וואס עס וועט געשעהן און זיי וועלען האבען צייט גענוג צו אנטלויפען.

עס איז געווארען שפעט, דער יונגער מאן האט א קוק געטהאן אויף זיין אוהר. עס איז געווען איינס אוהר. נאך אין א שטונדע ארום וועט געשעהן עטוואס, וועלכעס וועט מאכען ציטערן אלע הערשער און אלע געקריינטע קעפּ פון גאנץ אייראפּא.

דיא נאכט איז געווען א דונקעלע. דער הימעל איז צוואר געווען לויטער און דיא שטערן האבען געשיינט, דיא נאכט לאמפּ פון׳ם הימעל אָבער, דיא לבנה, איז ניט געווען אנגעצונדען. דער יונגער מאן איז געווען שטארק אויפגערעגט. ער איז ארומגע־גאנגען ארום זיין שטיבעל און האט געקוקט אין דער זייט פון דער אייזענבאהן־ליניע. באלד, באלד וועט זיך ווייזען דאס גרויסע רויטע אויג פון דער מאשינע; באלד וועט ער געבען מיט דער האנד א קלאפּ אין דער וואנד און א שרעקליכער טראך וועט אויפוועקען דיא גאנצע געגענד ארום.

לאנגזאם האבען זיך געצויגען דיא מינוטען. עס איז א מערקווירדיגע זאך מיט דער צייט! א מאל פליהעט זיא שנעל, וויא א פויגעל און א מאל קריעכט זיא לאנגזאם, וויא א וואָרים; א מאל קריכט זיא אזוי לאנגזאם, אז מיר זוכען מיטעל, וויא צו טייטען דיא צייט און באלד בעדויערן מיר, וואס דיא צייט איז אזוי שנעל אוועק. פאר אונזער מאן האט זיך דיא צייט יעצט געצויגען זעהר לאנגזאם. ער האט יעדע מינוט געקוקט אויף זיין אוהר. ענדליך האט ער דערזעהן פון דער ווייטען דיא פונקען, וועלכע דער לאָקאָמאטיוו ווארפט ארויס, ווען ער געהט שנעל.

דער צארסקי פּאָיעזד איז אנגעקומען. אימער נעהנטער און נעהנטער איז צוגע־קומען דאס גרויסע, שטארקע אייזערנע פערד, וועלכעס האט געשלעפּט א גאנצע רייהע פון וואגאָנעס, עקסטרא געמאכט פאר׳ן רוסישען קייסער מיט זיין סוויטע. א גרויסע לאנטערנע מיט רויטע שויבען איז געהאנגען פון פאָרט פון דער מאשין און האט געווארנט

יעדען, אז ער זאל ארויסטרעטען פון וועג. דאס אייזערנע פערד צוטרעט און פערניכטעט אלעס, וואס עס בעגעגנעט אויף זיין וועג. באלד איז דער צוג געוועזן לעבען טארגויעוו׳ס שטיבעל. דער יונגער מאן האט געגעבען א קלאפּ אין דער וואנד. אין א מינוט ארום האט זיך געוויעזען א זייל פייער אויף דער אייזענבאהן ליניע און מען האט געהערט א שרעקליכען טראך. וויא פון הונדערט קאנאנען. דיא יונגע פרוי איז ארויסגעקומען פון׳ם שטיבעל און האט געזאגט רוהיג:

— ער איז געריכטעט! אלעקסאנדער II איז מעהר ניטא אויף דער וועלט.

עס זיינען פערגאנגען איינינע שרעקליכע מינוטען. וויא איבערראשט אבער זיינען געוועזן אונזערע יונגע לייט, ווען זיי האבען דערזעהן מענשען ארומלויפען אויף דער אייזענבאהן ליניע מיט לאנטערנעס אין דיא הענד.

— האבען מיר דאס מאל ווידער ניט געטראפען? האט אויסגערופען דער יונגער מאן אויסער זיך. וואס האט געקענט זיין דיא אורזאכע, וואס עס איז אונז דאס מאל ניט געלונגען?

עס איז אבער קיין צייט ניט געוועזן פיעל צו רעדען און זיך צו צוקוקען, וואס דאָרט איז געשעהן. דאס דאָרף האט זיך אויפגעחאפּט, פון יעדער הויז זיינען ארויסגעלאפען מענשען, מענער, פרויען און קינדער. יעדער איז געוועזן דערשראָקען, יעדער האט געפרעגט, וואס איז דא געשעהן? וואס איז דא פארגעקומען? מען איז געלאפען צו דער אייזענבאהן ליניע.

— מיר טארען קיין צייט ניט פערליערען, האט דיא יונגע פרוי געזאגט. צינד אונטער דאס הויז און לאמיר אנטלויפען. עס איז דא עפּעס פארגעקומען, איך ווייס ניט וואס. אונזערע לאנגע און שווערע ארבייט איז אויך דיעזעס מאל געוועזן אומזיסט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר האבען איבערגעלאזען דיא פּרינצעסין העלא אין דול־הויז אין מאָסקווא. אונזערע לעזער האבען געוויס געמיינט, אז מיר האבען אן איהר פערגעסען,—דאס איז א טעות, מיר האבען אן איהר ניט פערגעסען. מיר האבען געהאט אנדערע זאכען צו דערצעהלען און אזוי וויא מיר האבען געוואוסט, אז זיא איז אין גוטע הענד, האבען מיר זיך בעשעפטיגט מיט אנדערע פּערזאָנען פון אונזער געשיכטע.

העלא איז אויפגענומען געווארען אין האָספּיטאל אלס א קראנקע, וועלכע מען האט געפונען אויפ׳ן וועג און מען ווייס ניט, ווער זיא איז. אין דער ערשטער צייט האבען דיא דאקטוירים און דיא אויפזעהר פון האספּיטאל זיך בעמיהט ארויסצוקריעגען פון איהר, ווער זיא איז; עס איז זיי אבער ניט געלונגען. זיא האט געשריען און זיך געריסען, מען זאל איהר אפּגעבען דאס קינד. מען האט איהר געמוזט אנטהאן א צוואנגס יאקע (סומאשעדשאיא רובאשקא) און זיא האלטען אין א בעזונדער צימער. באלד האט מען אן איהר פערגעסען און מען האט אויפגעהערט זיך מיט איהר צו בעשעפטיגען. אין א שטאדט־האספּיטאל, וואו מען נעהמט אויף ארימע לייט אומזיסט, פערגעסט מען זעהר אָפּט א קראנקען, וועלכער האט קיין פריינד, קיינע בעקאנטע, קיינע פערוואנדטע, וועלכע זאלען קומען איהם בעזוכען. עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט און אין שטאדט־האספּיטאל פון מאסקווא איז אויסגעבראכען א פייער און דיא הויפּט געביידע פון׳ם

האספיטאל האט אפגעברענט. מיט שווערער מיהע איז עס געלונגען צו רעטען דיא קראנקע, מען האט זיי דערוויייל איינגענומען, וואו מען האט געקענט. דיא געוועהנליכע קראנקע האט מען צושיקט אין דיא מיליטערישע לאַזאַרעטען און שפּיטעלער, פאר דיא גייסטעס־קראנקע אבער האט מען קיין פּלאַץ ניט געהאט.

דיא פערוואלטער פון'ם האספּיטאל האבען דאהער בעשלאסען, זיי זאלען דער־ווייל איבערשיקען דיא גייסטעס־קראנקע, וועלכע האבען זיך דאמאלס געפונען אין האספּיטאל, אין דעם דולהויז פון דאקטאר דערונאוו. מען האט זיך מיט איהם אויס־געגלייכט, אז מען זאל איהם צאהלען א געוויסע סומע פאר יעדען, ביז מען וועט אויפבויען א נייעם האַספּיטאל. דאקטאר דערונאָוו איז צוואר געווען זעהר אונצופריעדען מיט אזא האַנדעל. ער האט ניט געוואָלט, אז מען זאָל צו איהם קומען אָפּט בעזוכען זיין אַנשטאַלט. זאָלאַנגע ער האט געהאט א פּריוואַט־אַנשטאַלט, האט ער געקענט אריינלאַזען צו זיך נור וועמען ער האט געוואָלט; יעצט אבער ווען ער נעהמט אויף קראנקע פון שטאדט־האספּיטאל, וועט ער מוזען צולאַזען זייערע פריינד און בעקאַנטע. דאס האט איהם ניט געטויגט. עס האט איהם אבער ניט געהאָלפען. ער האט געמוזט נאכגעבען און שיקען זיינע וועגען אויפצונעהמען אלע קראַנקע. דארונטער איז געווען אויך דיא אונגליקליכע פּרינצעסין העללאַ.

מיט דיא שטאדט־קראנקע האט דאקטאר דערונאוו גאר וועניג צערעמאָניעס געמאכט. ער האט זיי געהאלטען פערשפּאַרט צו צוויי דריי אין א קעמעריל און האט זיי געגעבען עסען, וואס ער האט געוואָלט. פון אזא בעהאנדלונג האט דער ארימער העללא ניט געקענט בעסער ווערן; זיא איז נור רוהיגער געוואָרען, האט ניט געשריען, ניט געליארמט, פלעגט זיצען שטיל, פערטראַכט און טרויעריג. זעהר אָפּט פלעגט זיא רעדען צו זיך אליין, פלעגט רופען: קאנסטאנטין! מיין געליעבטער! מיין קינד! קיינער אבער האט זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט. מען האט זיא געלאזט צו־רוה.

אונטערדעסען האט מען געבראכט צו דאקטאר דערונאָוו פעאדאראַן, וויא מיר האבען דערצעהלט אין איינעם פון דיא פאריגע קאַפּיטלעך; מיר האבען אבער ניט דערצעהלט, וואס עס איז געשעהן נאך דעם, וויא יערמאלאוו האט בעפרייט פעאָדאָ־ראַן און איז מיט איהר אנטלאפען קיין מאָסקוואַ.

דיא וואַהנזיניגע, וועלכע יערמאָלאָוו האט בעפרייט, האבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף דאָקטאָר דערונאָוו מיט אזא רציחה און האבען איהם אזוי שטארק געשלאַגען, אז דיא וועכטער האבען איהם קוים ארויסגעריסען פון זייערע הענד. זיי האבען געמוזט ברענגען א פייער־שפּריצע און שפּריצען אויף דיא וואַהנזיניגע. נור אויף אזא אַרט איז עס זיי געלונגען אפּצוראַטעווען דעם דאקטאר און צו צווינגען דיא קראַנקע, זיי זאָלען צוריקגעהן אין זייערע קעמערליך.

דאקטאר דערונאוו האט מען ארויפגעטראגען אין זיין צימער האלב־טויטט. מען האט אנפאנגס געמיינט, אז ער איז נור אזוי שטארק צושלאגען און וועט זיך באָלד אויפהויבען. עס האט זיך אבער באַלד געצייגט, אז ער איז טאַקע גוט קראַנק. מען האט געבראכט דאָקטוירים פון מאָסקוואַ און זיי האבען אויסגעפונען, אז ער האט א געהירן ענטצינדונג. איינער פון דיא וואַהנזיניגע, מעגליך, אז יערמאלאוו, האט איהם

מענעבען אזא שטארקען זעץ איבערן קאָפּ, אז דאס געהירן איז איהם געריהרט גע־וואָרען.

זיינע קראנקהייט האט געדויערט א קורצע צייט און ער איז געשטארבען. זיין אנ־שטאלט איז געבליעבען אָהן א בעל־הבית. עס זיינען געקומען זיינע יורשים און האבען צוגענומען דאס הויז. מען האט אנגעהויבען צו שרייבען צו דיא בעקאנטע און פריינד פון דיא קראנקע, אז יעדער זאָל קומען אָפּנעהמען זיין קראנקען. וועגען דיא קראנקע וועלכע מען האט צוגעשיקט פון׳ם שטאדט־האספיטאל אין מאסקווא, האט מען גע־שריעבען דער פערוואלטונג פון דער שטאדט, אז מען זאָל זייא קומען אפּנעהמען. עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט, איידער דיא שטאדט האט געשיקט אפּנעהמען איהרע קראנקע. אין אזא פאַל איילט מען זיך אין רוסלאנד ניט. עס האט קיינעם ניט געקי־מערט, וואס דיא וואהנזיניגע געפינען זיך דערוויייל אָהן א דאָקטאָר, אָהן אן אויפ־זעהר און קיינער גיט אויף זיי ניט אכטונג.

דיא קראנקע האבען אונטערדעסען שרעקליך געליטען. פיעלע געזונדע, וועלכע מען האט געהאלטען פערשפּארט אין דאָקטאָר דערונאָוו׳ס דול־הויז, זיינען אונטערדע־סען קראנק געוואָרען און זיינען ווירקליך אראפּ פון זינען. ווען דיא שטאדט פערוואלטונג פון מאָסקווא איז ענדליך געווען געצוואונגען צו שיקען וועגען אפּצונעהמען איהרע קראנקע; איז אין דול־הויז געוואָרען אזא רעש, אזא ליארם, אזא מישעניניע און אזא ווירוואר, אז אייניגע קראנקע זיינען אנטלאפען געוואָרען. מען האט אויף זיי וועניג אכטונג גענעבען און מען האט זאגאר ניט געשיקט זיי זוכען.

— ניטשעווא! האט געזאגט דער אויפזעהר, וועלבען דיא שטאדט מאָסקווא האט געשיקט אָפּנעהמען דיא גייסטעס קראנקע פון דאָקטאָר דערונאָוו׳ס דול־הויז, ווען מען האט איהם געמעלדעט, אז אייניגע קראנקע זיינען אנטלאָפען. — ניטשעווא! מען וועט זיי שוין ברענגען צו אונז. מיר האבען אוריאדניקעס, פּריסטאוועס און סטאראָסטאַ׳ס, וועלכע וועלען זיך שוין זארגען אונז צו ברענגען דיעזע לעבעדיגע סחורה.

צווישען דיא קראנקע, וועלכע זיינען אין יענער צייט אנטלאפען פון דערונאוו׳ס דול־הויז איז אויך געווען דיא אונגליקליכע העללא. ווען מען האט זיא ארויסגעפיהרט פון דול־הויז, האט זיא דערזעהן א קינד פאראיבערגעהן. זיא האט געמיינט, אז דאס איז וולאַדימיר און איז איהם נאכגעלאפען. דאס קינד האט זיך דערשראקען און איז ניט טוידט, ניט לעבעדיג אריינגעלאפען אין א שטוב. העללא האט עס ניט געזען און איז ווייטער געלאפען איהם חאפּען. זיא איז ארויסגעלאפען פון׳ם שטעדטעל, איז אריינגע־לאפען אין וואלד. זיא איז ארומגעלאפען, ביז זיא איז מיעד געוואָרען און האט זיך געלעגט אָפּרוהען.

שפּעט ביי נאכט איז זיא אויפגעשטאנען, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. עס איז פינסטער, קיינער איז ניטאָ.

— וואו איז ער? האט זיא געפרעגט. ער איז ווייטער פערשוואונדען? — זיי האבען איהם אוועקגערויבט. איך מוז איהם געהן זוכען. — אה, קום, קאָנסטאנטין! העלף מיר זוכען דאס קינד!

זיא איז ווייטער געגאנגען אייניגע שטונדען אהן א וועג, אהן א שטעג, ביז זיא

איז צוגעקומען צום דאָרף „סאָלאָמענאָיע". אין דאָרף זיינען אלע געשלאָפען. זיא האט מורא געהאט אריינצוגעהן אין דאָרף.

— דארט זיינען זיי, דיא שלעכטע מענשען, וועלכע האבען גערויבט מיין קינד, האט זיא געזאגט און איז ארומגעגאנגען דאס דאָרף.

זיא איז ארויפגעקומען אויף דער אייזענבאהן־ליניע, איז אריבערגעגאנגען פון דער אנדערער זייט. דארט איז געווען א וועלדעל. זיא האט זיך אניעדער געזעצט אונטער א בוים אָפּרוהען. עס איז פערגאנגען א פּאָר שטונדען. פּלוצלונג האט זיא דערהערט דעם רויש פון א לאָקאָמאָטיוו. זיא האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דיא רויטע לאַנטערנע.

— דאס איז ער! האט זיא געזאגט. אט קומט ער. איך מוז איהם ענטגעגען געהן. קום, מיין ליעבער קאנסטאנטין, איך ווארט אויף דיר.

זיא איז ארויס פון וועלדעל און איז געגאנגען אויף דער אייזענבאהן־ליניע, האט זיך אניעדערגעשטעלט און האט געקוקט אויפ׳ן צוג, וועלכער איז אנגעקומען מיט א שרעקליכער שנעלינקייט.

— איך וועל מיך אניעדערלעגען, האט זיא פּלוצלונג געזאגט. ווען ער וועט קומען, וועט ער מיינען, אז איך שלאָף. ער וועט מיך אויפוועקען. — ער וועט זיך פרייען, וואס ער האט מיך געפונען.

זיא האט זיך אניעדערגעלעגט אויף דער ליניע מיט׳ן קאָפּ אנגעשפּארט אויף דיא רעלסען.

אונטערדעסען איז דער צוג געקומען אימער נעהנטער און נעהנטער, נאך א סעקונדע און דיא אונגליקליכע פּרינצעסין וואָלט צוריעבען געוואָרען אויף שטיקלעך. זיא האט ניט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר זיא געפינט זיך. זיא איז געלעגען אויסגעשטרעקט און האט זיך ניט גערוהרט.

— — — — — — — — — — — — — —

דיא אויסשטעלונג (ווּיסטאַווקא) אין מאָסקווא איז בעשלאסען. גראף פּאָסיעט, דער מיניסטער פון דיא אייזענבאהנען און עפענטליכע ארבייטען, האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה, אז דיא אויסשטעלונג זאל האבען דעם בעסטען ערפאָלג. ער האט געוואָלט, אז רוסלאנד זאל אויך אמאל ווייזען דער וועלט, וואס זיא קען מאכען און וואס פאר א פּראָדוקטען עס געפינען זיך אין לאנד. אלעקסאנדער II איז געווען אויף דער אויסשטעלונג אין פּאריז אין 1867 און האט געזעהן, וואס פאר א נוצען אזא אויסשטעלונג ברענגט דעם לאנד.

ער האט שוין לאנג געטראכט צו פעראנשטאלטען אזא אויסשטעלונג אין רוסלאנד. איין זאך אבער האט איהם צוריק געהאלטען — ער האט מורא געהאט פאר דיא ניהיליסטען. ווען ער איז געווען אין פּאריז אויף דער אויסשטעלונג, איז ער איין מאל געפאהרען מיט׳ן קייסער נאפּאלעאָן III אין איין קארעטע אויף דער אויסשטעלונג. ווען זיי זיינען פאראיבער געפאהרען א בולוואר, האט פּלוצלונג א קנאק געטהאן א שאָס פון א רעוואָלווער. דיא קוגעל האט געטראָפען דאס פערד פון נאפּאָלעאָן׳ס פליגעל־אדיוטאנט, וועלכער איז געריטען לעבען דער קארעטע.

— **דאס האט מען מיך געמיינט, האט אלעקסאנדער II געזאגט.**

— ניין, מען האט מיך געמיינט, האט געזאגט נאפאלעאן III.

עס האט זיך אבער באלד אויסגעוויזען, אז אלעקסאנדער האט רעכט געהאט. מען האט איהם געמיינט. א ניהיליסט איז ארויפגעקראכען אויף א בוים אין בולוואר און האט פון'ם בוים אויף איהם געשאסען.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס ער האט מורא געהאט צו פעראנשטאלטען אן אויסשטעלונג אין רוסלאנד.

— ווען אין פאריז, אונטער נאפאלעאן דעם דריטען, וועלכער האט געהאט דיא בעסטע געהיים־פאליציי אין דער וועלט, האט א ניהיליסט געוואגט צו שיעסען אויף מיר אין מיטען העלען טאג—האט ער געטראכט—וואס וועט שוין זיין אין מאסקווא אדער אין פעטערבורג? אלס קייסער וועט ער מוזען זיין טעגליך אויף דער אויסשטעלונג, אויפנעהמען דיא פרעמדע געסט, רעדען מיט זיי, פאהרען מיט זיי און זיי אויסווייזען אלעס. וויא קען ער דאן זיך איינהיטען אדער זיך אויסבעהאלטען?

אויף אן אויסשטעלונג קומען אן מיליאנען מענשען פון דער גאנצער וועלט. מען מוז יעדען ארייננלאזען. דיא געהיים־פאליציי איז ניט אים שטאנד יעדען נאכצוגעהן און נאכצושפיערען, ווען עס קומען אן אזוי פיעל מענשען.

זייט א געוויסע צייט איז אבער געווארען גאנץ שטיל. מען האט פון דיא ניהי־ליסטען גאר ניט געהערט, גלייך וויא זיי וואלטען אלע אויסגעשטארבען. דער אבער־פאליצמייסטער אשינאוו פלעגט איהם טעגליך פערזיכערן, אז דיא ניהיליסטען זיינען ווירקליך ערגעץ פערשוואונדען געווארען. מען הערט מעהר פון זיי ניט. אמת, זיי האבען געוואלט אפהאלטען א פערזאמלונג אין דער שטאדט זשענעווא אין דער שווייץ, אבער דער פירסט גארטשאקאוו האט זיי בעווארינט. ער האט געווירקט אויף דער רעגיערונג פון דער שווייץ, אז מען זאל דיא פערזאמלונג ניט דערלאזען. מיט רוסישע רובעל קען מען ביי א רעגיערונג אויך עפעס אויסווירקען. דיא רעגיערונג פון דער שווייץ האט צו טריעבען דיא פערזאמלונג פון דיא ניהיליסטען, האט אייניגע ארעסטירט, אנדערע האט זיא געהייסען ארויספאהרען פון לאנד און אויף דיא איבעריגע האט זיא גוט אכטונג געגעבען.

יעצט האט דער קייסער גערעכענט, אז דיא ניהיליסטישע בעוועגונג איז שטיל געווארען, און האט זיך ענטשלאסען צו פאהרען קיין מאסקווא און בייוואהנען, ווען מען וועט לעגען דעם ערשטען שטיין פאר דיא אויסשטעלונג.

דענאך האט ער געשיקט רופען דעם שעף פון דער געהיים־פאליציי און האט איהם געפרעגט:

— וואס שרייבען דיר דיינע אגענטען פון מאסקווא?

— אין מאסקווא איז אלעס רוהיג, קייזערליכע מאיעסטעט, האט אשינאוו געענט־פערט. מאסקווא איז דיא אלטע הויפטשטאדט פון רוסלאנד און דאס פאלק איז זעהר ערגעבען דעם קייסער. דיא ניהיליסטען האבען מורא זיך אויפצוהאלטען אין מאסקווא; זיי ווייסען, אז דארט איז יעדער איינוואינער בערייט צו אפפערן זיין לעבען פאר זיין קייסער.

— האסט דוא נאכריכטען פון אנדערע ערטער? האט דער קייסער ווייטער געפרעגט.

— איך האב דאס פערגניגען צו מעלדען אייער קייזערליכע מאיעסטעט, אז אין דער לעצטער צייט איז אין גאנץ רוסלאנד אלעס רוהיג. דיא ניהיליסטען זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז גאט שיצט און בעוואהרט זיין געזאלבטען, האט אשינאָוו געענטפערט מיט אַ פרומער מינע.

אשינאוו האט בעסער פערשטאנען דעם קייסער׳ס כאראַקטער אלס מעזענצאוו. ער האט פערשטאנען, אז דער קייסער איז אבערגלויביש און פלעגט מיט איהם שטענ־דיג רעדען מיט אַ פרומען טאן, פלעגט ביי יעדעס ווארט דערמאנען גאט און זיינע הייליגע. ער האט אויך דערמיט געטראָפען. דער קייסער האט ענדליך געפאסט צו איהם מעהר צוטרויען, וויא צו מעזענצאָוו, וועלכען ער פלעגט בעטראכטען נור אלס טרייען הונד.

דער קייסער האט זיך אין גאנצען בערוהיגט און האט זיך ענטשלאָסען צו פאהרען קיין מאסקווא. אזוי וויא עס איז געוועזן זעהר הייס ביי טאג, האט ער געפונען פאר בעסער צו פאהרען ביי נאכט אין דער קיהל. ער האט מיטגענומען מיט זיך זיין גאנצע סוויטע, וויל ער האט געוואלט, אז מען זאל שרייבען אין אלע צייטונגען, מיט וואס פאר אַ גלאַנץ ער האט געלעגט דעם ערשטען שטיין פון דער ערשטער רוסישער אויס־שטעלונג. דיא קאנסולען פון דיא פרעמדע לענדער וועלען עס שרייבען צו זייערע רעגיע־רונגען און זיי וועלען ווערן פעראינטערעסירט צו קומען בעזוכען דיא אויסשטעלונג.

ער האט געגעבען אַ בעפעהל, אז אלע זאלען זיין בערייט אויף צעהן אוהר ביי נאכט. דעם גאנצען טאג האט ער פערבראכט אין גאַטשינא. צום מיטאג האט ער איינגעלאַדען זיין ברודער, דעם גראספירסט קאָנסטאנטין און האט איהם דערצעהלט, אז ער פאהרט היינט ביי נאכט קיין מאָסקווא. ער איז היינט געוועזן בעזאנדערס אויפ־געלעגט און פרעהליך.

— ווילסט דוא מיטפאהרען קיין מאָסקווא, ברודער? האט ער געפרעגט, דעם גראָספירסט.

— ניין, ברודער, האט דער גראָספירסט געענטפערט פערטראַכט.

— קען איך וויסען דיא אורזאכע, פאר וואס דוא ווילסט ניט מיטפאָהרען?

— איך קען דיר זאגען, האט קאנסטאנטין געענטפערט. איך האב פאר דיר קיין געהיימניסע ניט. — מאסקווא האט פאר מיר זעהר טרויעריגע עראינערונגען. יעדעס מאל, ווען איך קום קיין מאָסקווא אדער, ריכטיגער געזאגט, ארום מאסקווא, דערמאָן איך מיך אן צוויי פערזאָנען, וועלכע זיינען מיר זעהר טהייער און וועלכע זיינען פון מיר אויף אזא זאָנדערבארער ארט אוועקגעריסען געוואָרען

דער קייסער איז געוואָרען אונרוהיג, זיין געזיכט האט זיך פערפינסטערט.

— איך בין אין דער לעצטער צייט געוועזן אזוי בעשעפטיגט, האט ער געזאגט, אז איך האב גאר פערגעסען אן דיא פערזאנען, וועלכע זיינען מיר אזוי טהייער, וויא דיר, ברודער. דוא ווייסט זעהר גוט, וואס פאר א שווערע צייטען איך האב דורכגעלעבט.

איך האב ניט געקענט דענקען אן זיי. איך בין אבער יעצט רוהיגער און וועל מיך ווידער נעהמען זיי אויפצוזוכען.

— ווער ווייס, וואו זיי זיינען שוין יעצט? האט געזאגט מיט א זיפץ דער גראספירסט קאנסטאנטין. וואו איז מיין ליעבע, גוטע, שטילע העללא? וואו איז דאס קינד פון מיין ערשטער ליעבע? — זיי זיינען פערשוואונדען, קיינער ווייס ניט וואוהין. איך בין מיט איינינע צייט צוריק געווען אין מאנאסטיר „ווסעך מוטשעניקאָוו" און האב דאָרט געפונען זעהר פיעל אונאָרדנונגען.

— דוא האסט מיר דערפון גאר ניט דערצעהלט, ברודער.

— וואס זאל איך דיר דערצעהלען? האט דער גראספירסט קאנסטאנטין געזאגט טרויעריג. איך בין געוואָהר־געווארען פון זעהר ניט פרעהליכע זאכען. זא פיעל איך האב ערפאהרען, קומען פאָר אין דיא רוסישע מאנאסטירען זאכען, וועלכע פאסען זעהר וועניג פאר דיא הייליגע מויערן.

ער האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס ער איז געוואָהר געווארען פון שוועסטער אננא. דער קייסער האט זיך פערטראכט. ער האט קיין מאל ניט געגלויבט, אז דיא פרומע שוועסטער אין מאנאסטיר האבען פיינד איינע דיא אנדערע, זאגען רבילות איינע אויף דיא אנדערע און פיהרען זיך אויף ניט פיעל בעסער פון זייער ניט פרומע שוועסטער, וועלכע לעבען אין דער זינדיגער וועלט.

— גוט, ברודער, וואס דוא האסט עס מיר געזאגט. איך וועל זיין אין מאָנאסטיר און וועל זעהן דאָרט צו מאכען אן אנדערע אָרדנונג. —

איינינע מינוטען האבעןביידע געשוויעגען. ענדליך האט דער קייסער געזאגט:

— זיי ניט פערצווייפעלט, ברודער! האָף אויף גאט, ער וועט נאך אלעס גוט מאכען. דוא וועסט נאך געפינען דיא פערזאָנען, וועלכע דוא זוכסט.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט געשאקעלט מיט'ן קאפ. ער האט זעהר וועניג געגלויבט, אז גאט קען גוט מאכען דאס, וואס שלעכטע מענשען האבען פערדארבען. דעם קייסער איז ענדליך געווארען לאנגווייליג דיא טרויעריגע מינע פון זיין ברודער.

— אלזא, ווילסט דוא ניט מיטפאהרען מיט מיר? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

— ניין, ברודער, איך וויל ניט פאהרען יעצט קיין מאָסקווא.

זיי האבען מעהר דאריבער ניט גערעדט. דער גראספירסט איז באלד נאכ'ן מיטאג אוועקגעפאהרען צו זיך אין פאלאץ.

אום צעהן אוהר איז דיא גאנצע סוויטע זיך צונויפגעפאהרען אויפ'ן וואקזאל. דער צארסקי פאָיעזד איז געשטאנען פערטיג. ער איז בעשטאנען פון פינף וואַגאָנעס. אין'ם ערשטען איז געווען דיא קיך, דער צווייטער וואַגאָן איז געווען א זאל אויסגעציערט און אויסגעפוצט מיט אלע טהייערע זאכען, וואס מען האט נור געקענט געפינען אין אייראָפּא און אזיען. דער דריטער וואגאן איז געווען איינגעריכטעט אלס שלאף־צימער און טואלעט־צימער. אין פיערטען און פינפטען זיינען געזעסען דיא אפיציערען און דיא קאזאקען פון קייסער'ס קאָנוואָי.

(Mist., 59.)

אלכסנדר דער צווייטער איז געווען פרעהליך און אויפגעלעגט. ער האט גערעדט און געשפאסט מיט דיא גענעראלען פון דער סוויטע און ענדליך האט ער געהייסען זיך דערלאנגען דאס שאך־טישעל און האט זיך גוזעצט שפיעלען אין שאך מיט ברודער קלעמענטיוס, וועלכער איז אויך מיטגעפאהרען אום אלס פערטרעטער פון׳ם מיטראָ־פּאָליט צו האלטען א געבעט, ווען דער קייסער וועט לעגען דעם ערשטען שטיין פון דער אויסשטעלונג.

ברודער קלעמענטיוס איז געווען א בעריהמטער שאך־שפּיעלער. ער האט גע־שפּיעלט פיעל בעסער פון׳ם קייסער און פלעגט איהם זעהר אָפט געבען מאט. דאס מאל האט ער ווידער געוואונען.

— דוא האסט מיך בעזיעגט, באטיושקא, האט געלאכט דער קייסער.

— יא, מאיעסטעט, האט דער גייסטליכער געענטפערט, איך בין דער איינציגער, וועלכער האט בעזיעגט דעם רוסישען קייסער.

— דוא פערגעסט אן דיא ניהיליסטען, האט געזאגט דער קייסער מיט א שמייכעל.

— גאט וועט ניט דערלאזען, אז דיעזע טייפעל זאלען זיעגען איבער זיין געזאלב־טען און דיא הייליגע קירכע, האט געענטפערט ברודער קלעמענטיוס.

ווייטער און ווייטער איז געפלויגען דער עקסטרא צוג. דיא גענעראלען פון דער סוויטע האבען גערעדט און געפלוידערט שטילערהייט. דער קייסער האט אוועקגערוקט דאס שאך־טישעלע פון זיך און האט ארויסגעקוקט פון פענסטער.

— וויא שפעט איז עס? האט ער פלוצלונג א פרעג געטהאן איינעם פון דער סוויטע.

— עס איז באלד צוויי אוהר, האט מען איהם געענטפערט.

— מיר זיינען אלזא שוין גאר ניט ווייט פון מאָסקווא?

— געוויס, מאיעסטעט! נאך מיינעם רעכנונג אין א האלבע שטונדע ארום זיינען מיר אין מאסקווא.

— וויא שנעל זיינען מיר איבערגעפאהרען דאס שטיקעל וועג! האט דער קייסער אויסגערופען.

— נו, מיר זיינען שוין ניט ווייט פון׳ם ציעל פון אונזער רייזע, האט געזאגט ברודער קלעמענטיוס און מיר קענען זאגען, אז מיר האבען געהאט א פרעהליכע און א גליקליכע רייזע.

פלוצלונג האט דער לאָקאָמאָטיוו געגעבען א שרעקליכען לאנגען פייף, דער צוג איז געבליעבען שטעהן, דיא וואגאנעס האָבען זיך אָנגעשטויסען און זיינען אָפּגעשפּרונ־גען צוריק. דער קייסער און זיין גאנצע סוויטע זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע זיצע. אלע זיינען געווען בלייך, וויא קאלך.

— וואס איז דאָס? האט דער קייסער געפרעגט דערשראָקען.

— מיר זיינען געוויס ניט ווייט פון מאָסקווא, האט זיך אנגערופען איינער פון דער סוויטע, און דער מאשיניסט האט געגעבען א צייכען, אז מיר קומען אָן.

— ניין! האט געזאָגט דער קייסער און זיין שטימע האָט געציטערט. איך קען

גוט דיא סיגנאַלען פון דיא אייזענבאהנען. דער מאַשיניסט ווייס זעהר גוט, אז ווען ער פאהרט מיט מיר, דאַרף ער געבען אַ סיגנאַל נור דאַן, ווען ער בעמערקט אַ געפאהר אויפ'ן וועג. זעהט דער צוג איז געבליעבען שטעהן, דא איז עפּעס.

ער איז צוגעלאָפען צום פענסטער און האט איהם געוואלט עפענען. אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען דער מאַשיניסט.

— וואס איז געשעהן? האט דער קייסער געפרעגט האסטיג.

דער מאַשיניסט האט אראָפּגענומען דעם הוט און געזאגט:

— איך האב איינגעהאלטען דעם צוג, ווייל איך האב דערזעהן אז אַ מענש ליעגט אויפ'ן וועג.

— אַ מענש ליעגט אויף דיא שיענען? האט אויסגערופען דער קייסער רוהיגער. ווער איז עס?

— עס איז אַ פרוי, זיא ווייזט אויס צו זיין בעדעקט מיט שמוץ און שטויב. איך מיין, אז זיא האט זיך אומיסטען אַ ניעדערגעלעגט אויף דיא שיענען, דער צוג זאל זיא איבערפאהרען.

— וואו איז זיא יעצט? האט דער קייסער געפרעגט.

— דיא הייצער האבען זיא אויפגעהויבען און ווילען זיא ערגעץ אוועקטראָגען.

— ברענגט זיא אהער, איך וויל זיא זעהן.

אין אַ מינוט ארום האבען דיא הייצער אריינגעטראגען אין קייסערליכען וואַגאָן דיא אונגליקליכע העללאַ. זיא האט ניט געוואלט געהן מיט זיי און האט געשריען:

— זיי ווילען מיך מאָרדען! זיי, זיי האבען אָנגעצונדען דאס פייער און איהם גערויבט.

קוים האט זיא דער קייסער דערזעהן, האט ער אַ מאַך געטהאן מיט דיא הענד.

— העללאַ! מיין העללאַ! דוא ביסט עס?

אין דיעזע מינוט האט זיך אויפגעהויבען פאַרן לאָקאָמאָטיוו אַ זייל פייער. עס האט געגעבען אַ שרעקליכען טראַך. דער גאַנצער צוג האט געציטערט. דער קייסער און זיין סוויטע זיינען אומגעפאלען אויף דיא ווייכע זיצע. מיט אַ מינוט שפּעטער איז וויעדער אלעס געווען שטיל און פינסטער.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער קייסער. ער האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך ארומגעקוקט און האט געזאגט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל:

— גאָט זיי דאנק! איך לעב נאך!

איינער נאכ'ן אנדערן זיינען אויפגעשטאַנען דיא גענעראלען פון דער סוויטע און האבען געוואונשען גליק דעם קייסער, וואס ער איז אזוי גליקליך געראַטעוועט געוואָרען פון אזא געפאהר. יעצט ערשט האבען זיי זיך אומגעקוקט און דערזעהן, אז העללאַ איז געפאלען אין אהנמאַכט. דאס פייער און דער שרעקליכער קנאַק פון'ם דינאַמיט האבען אויף איהר אזוי געווירקט, אז זיא איז אין אהנמאַכט געפאלען.

— דאנקט דיעזע פרוי, האט דער קייסער געזאגט, זיא האט אונז דאס לעבען געראַטעוועט. ווען דער צוג זאל ניט געווען געבליעבען שטעהן, וואלט פון אונז אלע קיין זכר ניט געבליעבען.

ער האט באלד געהייסען זיין לייב־דאקטאר, ער זאל אפמינטערן דיא פּרינצעסין העללא. אין א פּאר מינוטען ארום האט זיא געעפענט דיא אויגען. זיא האט זיך ווילד אומגעקוקט, האט דערזעהן דעם קייסער און דיא גלענצענדע גענעראלען פון דער סוויטע און האט געפרעגט:

— וואו בין איך? — איז ער דאָ? — פארוואס קומט ער ניט?

דער קייסער האט זיך שוין אביסעל בערוהיגט פון זיין שרעק. ער האט געזעהן, אז דער צוג איז געבליעבען גאנץ און ער האט שוין ניט וואס מורא צו האבען. ער איז צוגעגאנגען צו דער פּרינצעסין, האט איהר גענומען ביי דער האנד און האט געזאגט מילד און טרויעריג:

— העללא, ליעבע העללא! וואס מאכסט דוא? וואו ביסט דוא געוועזען ביז א הער?

— ביי דיא שלעכטע מענשען, האט העללא געענטפערט. זיי האבען איהם אוועקגערויבט — זיי ווילען מיך טוידטען.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט געזאגט ברודער קלעמענטיוס. איך קען עס ניט גלויבען, אז דאס איז דיא פּרינצעסין העללא. דאס מוז זיין אן אנדערע, עפּעס אן אונגליקליכע, וועלכע האט זיך געוואלט נעהמען דאס לעבען אויס געוויסע אורזאכען. וויא קומט דיא גראספירסטין העללא אהער?

— ניין! האט אויסגערופען דער קייסער. איך דערקען זיא, מיינע אויגען האבען מיך ניט אפּגענארט. איך ווייס ניט, וויא זיא קומט אהער, איך ווייס אבער, אז גאָט האט זיא געשיקט מיך צו רעטען.

ער איז פּלוצלונג געפאלען אויף דיא קניע, האט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל און האט געזאגט מיט א פייערליכער שטימע:

— איך פערשטעה דיין ווינק, גרויסער גאָט, פאטער אין הימעל! דוא האסט מיר געשיקט דיעזען ענגעל אום מיך צו רעטען און מיר צו צייגען, אז דוא וואכסט איבער מיר, אז דוא היטסט מיך אפּ! איך דאנק דיר און לויב דיר, גרויסער גאָט, פאר דיין גוטסקייט צו מיר!

דיא גענעראלען פון דער סוויטע זיינען געשטאנען שטיל און האבען געקוקט אויף דיעזע זאנדערבארע סצענע.

— קניעט ניעדער, מיינע הערען! האט דער קייסער בעפוילען, קניעט ניעדער און דאנקט גאָט, וואס ער האט אייך אזוי וואונדערבאר גערעטעט.

דיא גענעראלען פון דער סוויטע זיינען געפאלען אויף דיא קניע און האבען עפּעס געמורמעלט צווישען דיא צעהנער.

אונטערדעסען זיינען אנגעלאפען דיא בויערן פון דיא דערפער און איינינע באהן וועכטער, וועלכע האבען דערהערט דעם שרעקליכען טראך פון דער עקספּלאזיאן. אין דרויסען האט אנגעהויבען צו טאגען, דיא וועכטער זיינען געקומען מיט זייערע לאַנ־טערנעס. מען האט גערעדט, געפרעגט, געשריען און גאר פערגעסען, אז דער קייסער איז דאָ.

— לאמיך זעהן ווענינסטענס, וואס מיינע פיינד האבען געטהאן, האט דער קייסער געזאגט. איך וויל זעהן דעם אָרט, וואו דיא מינע איז געווען.

ער האט א ווינק געגעבען דער סוויטע, זיי זאלען איהם נאכגעהן. אלע זיינען ארויסגעגאנגען און צוגעגאנגען צום אָרט, וואו דיא מינע איז אויפגעשפרונגען. זיי האָבען געזעהן א טיעפע גרוב אין דער ערד און לעבען איהר אייניגע צוריסענע און פער־בלוטיגטע גליעדער פון׳ם ועבטער טארגויעוו. דאס איז געווען אַלעס, וואס איז געבליבען פון דער מינע.

טארגויעוו איז א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט ארומגעגאנגען אויף דער ליניע און האט געזעהן, אז אלעס איז אין דער בעסטער אָרדנונג. דאס לעצטע מאל איז ער ארומגעגאנגען אויף דער ליניע אום איינס אוהר. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז אלעס איז זיכער. אום איינס אוהר האט ער זיך אניעדערגעשטעלט מיט זיין גרינעם פלאג לעבען זיין שטיבעלע און האט געווארט, אז דער צוג זאל אנקומען. אזוי וויא ער איז אבער שוין דיא אנדערע נאכט ניט געשלאָפען און איז געווען זעהר מיעד פון ארומגעהן א גאנצען טאג, איז ער שטעהענדיג לעבן זיין שטיבעלע אנדרעמעלט געוואָרען. ער האט ניט געזעהן, וויא העללא איז צוויי מאל אריבערגעגאנגען דיא רעלסען; ער האט ניט געזעהן, וויא זיא האט זיך אניעדערגעלעגט אויף דיא רעלסען. אלס עבטער רוסישער אונטער־אפיציער, האט ער זיך געדעשט און האט געארבייט, ווען מען האט ניט געדאַרפט. אין דער לעצטער מינוט אבער איז ער אנטשלאָפען געווארען.

ער האט זיך אויפגעחאַפט, ווען דער לאָקאמאטיוו האט געגעבען א פייף און האט אויפגעהאלטען דעם צוג. ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. איידער ער האט זיך איבערלעגט, האט דער דינאמיט אויסגעשאָסען און האט איהם צוריסען אויף שטיקלעך. ווען דער קייסער האט דערזעהן דיא צוריסענע און פערבלוטיגטע גליעדער פון׳ם אונגליקליכען טארגויעוו, האט ער א ציטער געטהאן מיט׳ן גאנצען קערפּער.

— עס האט דאך געקאסט א מענשען־לעבען, האט ער געזאגט טרויעריג. — וואס איז דיעזער אונגליקליכער שולדיג געוועןֹ? פאר וואס קומט איהם אזא שרעקליכער טוידט? —

ער האט געוואלט צוריקגעהן אין וואגאן, אנטלויפען פון דיעזע טרויעריגע סצענע, ווען עס האט זיך געוויעזען א פייער אין דאָרף. עס האט געברענט דאָס שטיבעל, אין וועלכע דיא ניהיליסטען האבען געוואָינט.

— פייער! פייער! פּאזשאר! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

דיא בויערן פון דאָרף זיינען זיך צולאפען אין אלע זייטען. אייניגע זיינען געלאָפען לעשען דאס פייער, אנדערע זיינען געלאָפען א היים צו זייערע פרויען און קינדער. דער קייסער האט געוואלט אנטלויפען פון דיעזען שרעקליכען אָרט, וואס צום גיכסטען.

— איז דיא באהן פריי? האט ער געפרעגט. קענען מיר ווייטער פאהרען?

דער אבערקאנדוקטאר איז צוגעגאנגען צו איהם און האט געזאגט:

— מיר מוזען ווארטען נאך אייניגע מינוט. דיא פעדערסטע צוויי רעדער פון׳ם

לאָקאָמאָטיוו זיינען בעשעדיגט. איך האב שוין געשיקט נאך אנאנדער לאָקאָמאָטיוו אויף דיא נעבסטע סטאַציאָן. ער וועט געווים באלד אָנקומען.

דער קייסער האט איהם געגעבען א ווינק, ער זאל ארויסגעהן.

— איך מוז נאך זיצען און צוזעהן וואס דא איז געשעהן. איך קען זאגאר ניט אנטלויפען פון דיזען שרעקענסארט, האט ער געזאגט צו זיך אליין טרויעריג. — וואס וועט זיין דאס ענדע? וועלען זיי מיך צום ענדע דאך טוידטען אָדער וועט מיך גאט ארויסהיטען? —

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז האסטיג ארומגעגאנגען אין וואגאָן הין און צוריק פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען.

— בלוט און פייער, האט געזאגט דיא פרינצעסין העללא. אומעדום זעה איך נור בלוט און פייער. וואס ווילען זיי? וואס פערלאנגען זיי פון מיר?

דער קייסער האט זיך אומגעקוקט און איז צוגעגאנגען צום שטוהל, אויף וועלכען העללא איז געזעסען. לעבען איהר איז געשטאנען זיין לייב־דאקטאר און האט זיא בעטראכט. דער קייסער האט גענומען איהר האנד און האט זיא געפרעגט:

— דערקענסט דוא מיך, העללא?

— איך דערקען אייך, איהר זייט דער קייסער אלכסנדר II, אָבער פאר וואס איז שטענדיג ארום אייך בלוט און פייער? — איהר האט איהם גערויבט ביי מיר — ניט מיר אָפּ מיין קינד! —

דער קייסער האט א ווינק געטהאן דעם דאקטאר, ער זאל איהר געבען א בערוהיגענדעס מיטעל, זיא זאל אנטשלאפען ווערן און איז אוועקגעגאנגען און אנאנדער זייט פון׳ם וואגאָן.

— ארמער ברודער, קאָנסטאנטין, האט ער געזאגט, אין אזא אונגליקליכע לאגע וועל איך דיר צוריקברענגען דיין פרוי! איך בין יעצט צופריעדען, וואס דוא ביסט מיט מיר ניט געפאהרען. וועניגסטענס האסט דוא ניט געליטען אזוי פיעל וויאפיעל איך האב איבערגעליטען דיזע נאכט.

באלד איז אנגעקומען אנאנדער לאָקאָמאָטיוו און דער קייזערליכער צוג איז געפאהרען ווייטער קיין מאָסקווא. ווען זיי זיינען אוועקגעפאהרען עטליכע מינוט, האט דער קייסער צוגערופען זיין לייב־דאָקטאר און האט איהם געפרעגט, וואס ער דענקט פון דער קראנקער העללא.

— עס איז מיר שווער צו אורטהיילען יעצט, האט דער דאָקטאָר געזאגט. אלע איהרע געדאנקען זיינען בעשעפטיגט נור מיט איין זאך — פייער און בלוט. אויף איהר האט עפּעס א שרעקליכע סצענע געמאכט א טיעפען איינדרוק, וועלכען זיא קען ניט פערגעסען. אין אזא פאל קען קיין מעדיצין ניט העלפען. מען מוז זוכען אנדערע מיטעל אום דיזען איינדרוק אָפּצו־ווישען פון איהרע קראנקע געהירן. איך וועל פּראָבירען איינינע מיטעל מיט עלעקטריציטעט. דאס וועל איך אָבער נור קענען, ווען מיר וועלען צוריק קומען קיין פעטערבורג. אונטערדעסען איז דער צוג אנגעקומען קיין מאָסקווא. עס איז ערשט געווען פיער אוהר אין דער פריה און דאך האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מאסע

מענשען פארן מאסקוועד וואקזאל אום צו עמפפאנגען דעם קייסער. דיא גלאקען פון אלע קירכען האבען געקלונגען און טויזענדער מיילער האבען געשריען „הורראה!"

80טעס קאפּיטעל.

## דער שעף פון דער געהיים-פּאָליציי און זיין פרוי.

מיר האבען איבערגעלאָזען דעם נייען שעף פון דער געהיים־פּאָליציי אין א זעהר קריטישע לאגע. ער האט געוואלט הייראטהען פראנציסקאַ'ן, פיהרען א גרויס הויז, מאבען בעלער און אבענד פארטייען, פלוצלונג איז גאר געקומען א ווייב מיט צוויי קינדער און פאָדערט גאר פון איהם, אז ער זאל זיא נעהמען צו זיך און זאל וואָינען מיט איהר.

ער וואלט זיא געוויס ניט געהערט און זיך ניט געקימערט אום איהר, ווען זיא זאל איהם ניט געווען דערמאנען אן א טרויעריגע געשיכטע פון זיין לעבען, פון וועלכער נור ער און זיא האבען געוואוסט.

דיא געשיכטע איז ווירקליך געווען זעהר א טרויעריגע. אשינאָוו איז געווען דער זוהן פון אן ארימען שרייבער אין א קאַנצעלאריע, וועלכער האט בעקומען זעבצעהן רובעל מיט צוויי און צוואנציג קאָפּיקעס א מאָנאט. דאס האט אמאָל געהייסען א שעהנעס געהאלט פאר א שרייבער פון א קאַנצעלאריע אין רוסלאנד. אזוי וויא עס איז אָבער שווער צו לעבען מיט א פרוי און קינדער אין פּעטערבורג פון אזא פערדיענסט, האט ער געמוזט זוכען צו פערדיענען געלד ערגעץ אויף אן אנדער ארט. ער פלעגט שרייבען ביטשריפטען (פּראָשעניעס) אין דיא שענקען, פלעגט אמאָל חאפּען א חאבאריל (בעשטעכונג) ער זאל שנעלער פערטיג מאבען א דאָקומענט אין זיין קאַנצעלאריע און פלעגט זיך ניט אָפּשרעקען אמאָל ארויסצוגנבנען א וויכטיגען דאָקומענט פון דער קאַנ־צעלאריע, ווען מען האט איהם נור גוט בעצאהלט.

ליידער, פלעגען זיך אזעלבע גליקען טרעפען זעלטען, זיין פרוי אָבער פלעגט האבען קינדער זעהר אָפט און ער מיט זיין פאמיליע האט געלעבט זעהר ארים און אין אין נויט. זיין איינציגע האפנונג איז געווען, אז דיא קינדער וועלען אונטער וואקסען און איהם העלפען. ער האט דאהער געטהאן אלעס מעגליכע אום זיין עלטסטען זוהן, טימאָפיי, צו געבען א גוטע ערציעהונג. ער האט איהם אָפּגעגעבען אין אן „אויעזדנאָיע אוטשילישטשע" (אן ארט פאלקס שולע). דארט האט אשינאָוו זיך אויסגעלערנט לעזען, שרייבען און אביסעל רעכענען.

טימאָפיי אשינאָוו איז אלט געווען פונפצעהן יאהר, ווען ער האט געענדיגט דיא אויעזדנאָיע אוטשילישטשע. אמאָל האט עס אין רוסלאנד געהאט א גרויסען ווערטה. ווער עס האט געענדיגט אזא שולע, האט געהאט געוויסע רעבטע. א קריסט האט געהאט דאס רעכט צו ווערן א טשינאָווניק, ארייננצוטרעטען אין א קאַנצעלאריע און ווען ער איז נור געווען א פעהיגער מענש, א דרעה קאָפּ, א שווינדלער און האט נאך געקענט זיך אונטערלעקען צו זיין פאָרגעזעצטען (נאטשאלסטוואָ), האט ער געקענט געהן זעהר וויים. עס זיינען פאָרגעקומען ביישפּיעלע, וואו מענשען אהנע יעדע בילדונג; מענשען, וועלבע האבען קוים געקענט זיך אונטערשרייבען. האבען אין רוסלאנד דער־

גרייכט דיא העכסטע שטעלען צווישען דיא טשינאָווניקעס. ווען אַ איד האט גענענדיגט אַן אויעזדנאָיע אוטשילישטשע, האט ער געקענט ווערן קאַזיאָנע רב.

מעגליך, אַז פיעלע פון מיינע לעזער ווייסען ניט, וואס עס הייסט אַ קאַזיאָנע רב. איך מוז זאגען דיא וואהרהייט, אַז איך אַליין ווייס אויך ניט, וואס דאס איז. דאס איז אַ מין פרוכט, וואס וואַקסט נור אין רוסלאַנד. עס איז ניט זויער, ניט ביטער, ניט זיס, ניט הארב, ניט מילכיג, ניט פליישיג — עס איז אַ סאָרט „טשאָרט זנאיעט טשטאָ", וועלכעס קען עקסיסטירען נור אין רוסלאַנד. דאס איז אַ סאָרט טשינאָווניק, וועלכען דיא אידען האבען פיינט און דיא קריסטען האסען. דאס איז ניט קיין אַמעריקאַנער רעווערענד, ניט קיין דייטשער ראבינער, ניט קיין טערקישער חאַכאַם באַשי, ניט קיין ענגלישער ראַביי. דאס איז אַן עכט רוסישער, קאַצאַפּישער „קאַזיאָני ראַבין", וועלכער נעהמט געלד, ווען מען גיט איהם; פערשרייבט אין אַ בוך, ווער עס איז געבאָרען און ווער עס איז געשטאָרבען און הייסט אַ רוסישער טשינאָווניק. ביי אידען איז ער ניט קיין רב, ביי קריסטען איז ער ניט קיין פערטרעטער פון דער אידישער געמיינדע; ביי אידען האט ער קיין ווערטה ניט, ביי קריסטען איז ער פעראַכטעט. ער איז ניט קיין רב, מייסטענס איז ער זאגאר ניט פרום און דאך מוזען איהם דיא אידען אַנערקענען אַלס רב. ער איז ניט קיין טשינאָווניק, ווייל אַ איד טאָר אין רוסלאַנד קיין טשינאָווניק ניט זיין, און דאך מוז ער ווייזען, אַז ער האט געענדיגט אַן אויעזדנאָיע אוטשילישטשע. אַזאַ מין חיה, וואס איז קיין פייש, קיין הונד, קיין שלאַנג, קיין בער, קיין מענש — עס איז אַ קאַזיאָנע רב, אַ חיה, וואס קען וואַקסען, בליהען און לעבען נור אין „הייליגען" רוסלאַנד.

אבער גענוג פון אַ רוסישען קאַזיאָנע רב. לאָמיר זיך בעסער אומקעהרען צו אונזער פריינד אשינאַוו. ער האט געענדיגט דיא אויעזדנאָיע אוטשילישטשע און האט גענומען דאס רעכט צו ווערן אַ טשינאָווניק. זיין פאטער האט אנגעהויבען צו פערשיטען מיט ביטשריפטען זיינע פאַרגעזעצטע (דיא נאַטשאַלסטוואָ), אַז מען זאָל אויפנעהמען זיין זוהן טימאָפיי אַלס שרייבער אין דערזעלבער קאַנצעלאַריע, וואו ער האט געדיענט. דאס געהט אבער ניט אַזוי לייכט אין רוסלאַנד. עס זיינען דאַ אַזוי פיעל אָרימע טשי־נאָווניקעס, וואס זיינען צו קיין שום אַנדערע בעשעפטיגונג ניט פעהיג, אויסער צו דיענען אין אַ קאַנצעלאַריע, אַז דיא רוסישע רעגיערונג האט פאַר זיי קיין פּלאַץ ניט. ענדליך, נאָך לאַנגען אַרומלויפען און נאָך שווערער מיה איז עס איהם געלונגען, אַז מען האט איהם דאָך אויפגענומען אַלס שרייבער און געראדע אין דערזעלבער קאַנצעלאַריע, וואו ער האט אַליין געדיענט. זיין געהאַלט האט מען איהם בעשטימט פיער רובעל מיט אַכט און דרייסיג קאָפּיקעס אַ מאָנאַט.

טימאָפיי אשינאַוו האט געהאט אַ שעהנע האַנדשריפט, דאס איז אַ גרויסע מעלה אין אַ רוסישע קאַנצעלאַריע. מען פלעגט איהם געבען איבערשרייבען דיא וויכ־טיגסטע דאָקומענטען און פּאַפּיערען. אין דער ערשטער צייט פלעגט ער אַרבייטען פלייסיג און האט זיך ווענעיג אומגעקוקט, וואס אין דיא פּאַפּיערען שטעהט. ער האט געטהאַן, וואס מען האט איהם געהייסען און אַלע זיינען מיט איהם צופריעדען געווען. ער איז געווען פיעל פעהיגער און פיעל געשיקטער אַלס זיין פאַטער. ער האט געוואוסט

ווען מען צו זאגען א חניפעלע, ווען מען דארף אנטהאן דיא קאלאשען, פאר ווען מען דארף שטעהן אויסגעשטרעקט גלייך, וויא א שטעקען. ער האט זיך געוואוסט אזוי צוצושמייכלען און אונטערצולעקען צום נאטשאלניק פון זיין קאנצעלאריע, אז אין א צייט פון אייניגע יאהר פלעגען אלע וויכטיגסטע פאפיערען דורכגעהן דורך זיין האנד.

ווען ער איז אלט געווארען צוויי און צוואנציג יאהר, האט ער שוין געהאט א טשין פון א קאלעזשסקי אסעסאר און האט שוין גענומען צעהן רובעל א מאנאט געהאלט. דאס איז געווען א גליק פאר דיא ארימע פאמיליע אשינאוו, ווייל דער פאטער האט אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען אזוי שטארק צו טרינקען, אז ער פלעגט פערשיכורן אלעס, וואס ער פלעגט געפינען אין שטוב. דיא איינציגע שטיצע פון דער פרוי מיט זיעבען קינדער איז געווען טימאפיי אשינאוו. ער פלעגט זיי אוועקגעבען זיין מאנאטליכעס געהאלט און אליין האט ער געזוכט אנדערע פערדיענסטען.

ער האט באלד פערשטאנען, אז אין רוסלאנד קען יעדער טשינאווניק זעהר לייכט מאכען געלד, ווען ער ווייס נור, וואס ער האט צו טהאן, און ער האט געוואוסט, וואס צו טהאן. ווען מען האט געדארפט, אז א דאקומענט זאל ארויס פריהער, איז מען געקומען צו טימאפיי אשינאוו, מען האט איהם געגעבען מיט א מטבע אין דער האנד און דער דאקומענט איז ארויס פריהער; האט מען געדארפט, אז א פאפיער זאל ארויס שפעטער, אדער עס זאל גאר ניט ארויס, ער זאל פערפוילט ווערן ערגעץ אין שרייב טיש פון דער קאנצעלאריע, איז מען געקומען צו טימאפיי אשינאוו, מען האט זיך אויסגעגלייכט און דאס פאפיער איז אוועקגעלעגען יאהרען לאנג, ביז מען האט אן איהם גאר פערגעסען.

דאס איז אבער פאר דעם יונגען רוסישען טשינאווניק געווען ווענים. ער האט געזוכט אנדערע מיטעל, וויא אזוי צו מאכען געלד. אלס יונגער טשינאווניק פלעגט מען איהם גערן זעהן אלס גאסט אין דיא פאמיליען פון זיינע קאמעראדען, בעזאנדערס אין דיא פאמיליען, וואו עס זיינען געווען טעכטער צו פערהייראטהען. מען פלעגט איהם זעהר אפט איינלאדען אויף אונטערהאלטונגען און אבענד־פארטיען. ער פלעגט זיך קיין מאל ניט אפזאגען אין פלעגט וויסען שטענדיג, וויא אויסצוניצען זיין לאגע. ער פלעגט זאגען קאמפלימענטען דיא עלטערע דאמען, פלעגט זיך פארשטעלען, אז ער איז פערליעבט אין דיא אינגערע, פלעגט מיט זיי זינגען, טאנצען און שפיעלען, איז געווען א העפליבער קאוואליער און אלע זיינען געווען פון איהם ענטציקט. ניט איין יונגעס מעדכען איז געווען פערליעבט אין איהם און האט מיט ציטערן ערווארטעט דיא מינוט, ער זאל איהר ערקלערן, אז ער ליעבט זיא אויך און בעט איהר האנד.

ער פלעגט זיך ניט שעהמען אנצונעהמען קליינע פרעזענטען פון דיא מעדכען, וועלכע האבען זיך פערליעבט אין איהם, פלעגט עסען און טרינקען ביי זייערע עלטערן; פון הייראטהען אבער האט ער קיין ווארט ניט גערעדט. קיינער האט ניט געוואוסט דיא אורזאכע, פאר וואס ער וויל ניט הייראטהען. דיא אורזאכע איז געווען א גאנץ איינפאכע. מיט אייניגע צייט צוריק איז ער א מאל אריינגעקומען צו א שניידער זיך הייסען מאכען א ראק און האט דערזעהן זיין טאכטער אקסיניא איוואנאוונא, א בילד שעהנעס יונגעס מעדכען פון אכצעהן יאהר. זיא איז געווען אן איינפאכעס, אבער

-לונגעס און רייצענדעס מעדכען, וויא עס קומט אָפט פאָר אין א רוסישע פאמיליע. זיא האט געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. ער האט אנגעהויבען אריינצוקומען אָפט צום שניידער און האט זיך ענדליך אזוי שטארק פערליעבט אין זיין טאָכטער, אז ער האט זיך ענטשלאָסען זיא צו הייראטהען.

דא אָבער האבען זיך אנגעהויבען שוועריגקייטען. ערשטענס, טאר קיין יונגער טשינאָווניק ניט הייראטהען אהן אן ערלויבניס פון זיין נאטשאלניק; צווייטענס, ער האט נאך ניט פערדיענט אזוי פיעל, אום ער זאל קענען דערנעהרען א פרוי מיט קינדער. ווען ער איז געקומען צום פאָטער פון׳ם מעדכען און האט ביי איהם געבעטען דיא האנד פון זיין טאָכטער, איז דיא ערשטע פראגע געווען, וויאפיעל ער נעהמט א מאָנאט? אשינאָוו האט געמוזט זאגען, אז ער נעהמט צעהן רובעל א מאָנאט. ער האט ניט גע־קענט לייקענען, ווייל אזא זאך קען מען זעהר לייכט אויסגעפינען.

— נו, וויא אזוי קענט איהר זיך ערלויבען צו הייראטהען, האט געפרעגט דער איינפאכער שניידער, ווען איהר האט נור צעהן רובעל א מאָנאט געהאלט? קענט איהר דען דערמיט דערנעהרען א פרוי מיט קינדער?

אויף אזא פראגע האט אשינאָוו קיין ענטפער ניט געהאט. דער פראקטישער שניידער האט איהם געראטהען, ער זאל ווארטען, ביז ער וועט בעקומען א העכערן טשין און וועט האבען א גרעסערען מאָנאטליכען געהאלט. אשינאָוו האט איהם צוואר נעגעבען צו פערשטעהן, אז א רוסישער טשינאָווניק לעבט ניט פון דעם געהאלט, וואס דער קייסער צאהלט איהם, אז ער קען מאכען א לעבען פון דעם, וואס ער פערדיענט אין דער זייט, דער שניידער אבער האט דערפון ניט געוואלט וויסען און האט איהם געבעטען, ער זאל קומען ניט אזוי אָפט צו איהם אויף וויזיטען. זיין טאָכטער אָבער האט ער שטרענג פערבאָטען, זיא זאל מיט איהם מעהר ניט רעדען.

דאס האט גערייצט אשינאָו׳ן נאך מעהר. ער האט געזוכט צו זעהן זיך מיט זיין געליעבטע אָקסיניא איוואנאָוונא אויף דער גאס אָדער אין א פארק און צובעראטהען זיך מיט איהר, וואס זיי זאלען טהאן. אקסיניא איוואנאָוונא האט געליעבט דעם שעה־נעם יונגען טשינאָווניק מיט דעם גאנצען פייער פון א ריינע ערשטע ליעבע. זיא האט געזעהן ביי איהר פאטער זיינע ארבייטער, וועלכע זיינען אין רוסלאנד מייסטענס גראָב און שמוציג; זיא האט געהערט זייערע מיאוסע רייד און האט געזעהן זייער גראָבעס בענעהמען און זיי זיינען איהר ניט געפעלען. אשינאָוו אָבער איז איהר פארגעקומען אלס א היפש געבילדעטער יונגערמאן און דערצו נאך א רוסישער טשינאָווניק. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, ווען זיא האט איהם געליעבט מיט׳ן גאנצען פייער פון איהר יונגען הארצען.

ווען אשינאוו האט געזעהן, אז ער וועט מיט אָקסיניא׳ס פאטער גאר ניט מאכען .ואט ער איהר פאָרגעלעגט, זיא זאל אנטלויפען פון׳ם פאטער און זיי זאלען הייראטהען שטילערהייט ערגעץ אין א דאָרף ניט ווייט פון פעטערבורג. אקסיניא האט לאנג גע־טראַכט, עס איז איהר געווען זעהר שווער צו אנטלויפען פון איהר פאטערס הויז. זיא האט זיך ניט געקענט פארשטעלען צו הייראטהען איז דער שטיל, אהנע איהרע

עלטערנס וויסען און אהן זייער ברכה. אשינאוו אבער האט אזוי לאנג גערעדט, ביז זיא האט איינגעווילינגט.

ער האט געדונגען א צימעריל ערגעץ אין אן אנדער קווארטאל פון דער שטאדט, האט עס אויסמעבלירט, וויא ווייט זיינע געלדמיטעל האבען איהם ערלויבט און האט געמאכט אלע נייטיגע פארבערייטונגען צו דער הייראטה. איינער פון זיינע קאמעראדען איז געווען פון א קליין דערפעל ניט ווייט פון פעטערבורג און איז געווען בעקאנט מיט דעם אלטען, טויבען און האלב עובר־ובטל׳דיגען גייסטליכען פון׳ם דערפעל. ער איז געפאהרען מיט אשינאוו׳ן און אקסיניא׳ן אין דעם דערפעל און האט איינגעריכטעט, אז דיא הייראטה זאל געשעהן גאנץ אין דער שטיל, זאגאר קיינער פון דיא בויערן פון׳ם דארף האבען דערפון ניט געוואוסט.

אשינאוו האט ענדליך דערגרייכט זיין צוועק. ער האט געהייראטהעט דאס מעדכען, וואס ער האט געליעבט דיא ערשטע צייט האבען זיי געלעבט גאנץ גליקליך. אקסיניא איז געווען אויפ׳ן זיעבענטען הימעל, נור איין זאך האט זיא בעאונרוהיגט, זיא האט זעהר געוואלט זיך איבערבעטען מיט איהר פאטער. זיא איז געוואהר געווארען, אז איהרע עלטערן זיינען זעהר טרויעריג און זעהר ניעדערגעשלאגען, וואס זיא איז פון זיי אנטלאפען. איהר מוטער האט טאג און נאכט געוויינט; דער פאטער איז געווען א שטארקערער הארקאטער, ער האט ניט געוויינט; ער איז אבער ארומגעגאנגען אזוי טרויעריג, אז ער האט פערנאכלעסיגט זיין ארבייט. ער האט זיך צו קיין זאך ניט גע־קענט נעהמען, האט קיין זאך ניט געקענט טהאן און ענדליך האט ער זיך גאר גענומען צום טרינקען. זיי האבען פערשטאנען, אז אקסיניא איז אנטלאפען צו אשינאוו׳ן. דער פאטער האט איין מאל פראבירט געהן אין דער קאנצעלאריע, וואו אשינאוו האט געדיענט, און האט איהם געפרעגט, אויב ער וויים ניט, וואו זיין טאכטער איז. אשינאוו אבער האט איהם געהייסען ארויסטרייבען און האט איהם נאך גוט אנגעזידעלט.

אקסיניא האט דערפון ניט געוואוסט. זיא האט מורא געהאט צו געהן צו איהרע עלטערן און זיי אלעס דערצעהלען, ווייל אשינאוו האט איהר געזאגט, אז קוים וועט מען געוואהר ווערן, אז ער האט זיא געהייראטהעט אהן ערלויבנים פון איהרע עלטערן, וועט מען איהם אפזאגען פון זיין שטעלע. זיא האט דאהער מעהר ניט געקענט טהאן, אלס שרייבען איהרע עלטערן א בריעף, אז זיא לעבט, זיא איז געזונד און גליקליך, און זיא וועט זיי נאך אמאל זעהן אין פריידען. זיא איז אין דער ערשטער צייט ווירקליך געווען גאנץ גליקליך. אשינאוו האט זיא געליעבט. וויאפיעל ער האט פערדיענט, איז געווען פאר איהר גענוג. זיא איז געוואינט געווען צו ארבייטען ביי איהרע עלטערן או צו בעזארגען דיא ווירטהשאפט. זיא האט יעצט אויך בעזארגט איהרע קליינע ווירטהשאפט.

זיי האבען געוואינט אין צוויי צימערליך אין א פארשטאדט פון פעטערבורג. דאס הויז, אין וועלכען זיי האבען געוואינט, האט געהאט א גרויסען הויף, וואו אקסיניא האט געהאלטען היהנער און גענז, וויא אן אלטע ווירטהין. איהר גליק האט אבער ניט לאנג געדויערט. אשינאוו׳ס שלעכטער כאראקטער האט זיך באלד ארויסגעוויעזען אין זיין אבשייליכסטער געשטאלט. דיא צעהן רובעל א מאנאט פעסטען געהאלט, וואס ער האט גענומען, זיינען ווירקליך געווען ווייניג זאגאר פאר זייער קליינער ווירטהשאפט.

מען מוז האבען א שוד. א קלייד און דירה געלד מוז מען אויך צאהלען יעדען מאנאט. צום אונגליק, האט זיך נאך געמאכט א צייט, וואס אשינאוו האט עפּעס ניט פערדיענט אין דער זייט. ער פלעגט קומען א היים בייז און טרויעריג, פלעגט מיט איהר וועניג רעדען, פלעגט געפינען, אז דאס עסען איז שלעכט געקאכט, אז זיין וועש איז ניט קלאר וויים, אז דאס צימער איז ניט ריין און זיא קען קיין ווירטהשאפט ניט פיהרען. ווען אקסיניא האט געהאט דאס ערשטע קינד, זיינען דיא אויסגאבען נאך גרעסער געוואָרען און אשינאוו איז ניט געווען אים שטאנד אויסצוהאלטען דיא שטוב. עס האבען זיך אנגעהויבען אונצופריעדענהייטען צווישען זיי און קריעג. אשינאוו האט זי ניט איין מאל געשלאגען, ווען ער איז געקומען א היים בייז און האט ניט געפונען אלעס, וויא ער האט געוואלט. דיא ארימע אקסיניא אָבער האט אלעס איבערגעטראגען און האט זיך ניט בעקלאגט אויף איהר שיקזאל. זיא האט איהם ווירקליך געליעבט הויך און הייליג. ווען זיא האט געזעהן, אז ער איז ניט אים שטאנד זיא צו ערנעהרן, איז זיא געגאנגען זוכען ארבייט. זיא האט זעהר גוט גענעהט וויים וועש און האט באלד געפונען ארבייט. דורך שווערע און בעשטענדיגע ארבייט איז איהר געלונגען צו פיהרען איהר קליינע ווירטהשאפט. עס איז אבער געבוירען געוואָרען נאך א קינד און דיא ארימע אקסיניא האט שוין ניט געקענט א־בייטען און האט געמוזט ארויסקוקען, אז אשינאוו זאל אויס־האלטען דיא ווירטהשאפט. עס זיינען געווען אונטערדעסען צייטען, ווען אשינאוו האט פערדיענט אין דער זייט און פלעגט ברענגען דאס געלד א היים. אקסיניא אבער האט שוין איינגעזעהן, אז איהר פאטער האט רעכט געהאט, וואס ער האט אפגעזאגט אשינאוו'ן און האט ניט געוואלט ערלויבען זייער הייראטה. דער איינפאכער שניידער האט גוט פערשטאנען אשינאָוו'ס כאראקטער. מיט זיין איינפאכען פערשטאנד האט ער ארויסגעזעהן, אז אשינאוו איז אויף אלעס פעהיג און איז בערייט צו בעגעהן דעם גרעסטען פערברעכען אים נור זיין ציעל צו דער גרייכען. זיא האט זיך באלד איבער־צייגט דערפון.

זייט א געוויסע צייט האט אשינאוו אנגעהויבען צו ברענגען מיט זיך א היים זיינעם א פריינד מיט'ן נאמען סאפּיראוו. ער פלעגט איהם איינלאדען צום מיטאָג, פלעגט געבען אקסיניא'ן געלד, אז זיא זאל אנגרייטען א גוטען מיטאג א, פּיעל בעסערן, וויא זיי פלעגען געוועהנליך עסען. ער פלעגט מיט איהם אוועקזיצען לאנג ביים טיש און זיי פלעגען עפּעס רעדען שטילערהייט. זעהר אָפט פלעגט ער זיא ערגעץ ארויסשיקען, אום ער זאל קענען רעדען מיט זיין פריינד סאפּיראוו. אקסיניא האט זיך וועניג געקימערט צו וויסען, ווער דער סאפּיראוו איז און וואס פאר א פריינדשאפט עס איז צווישען ביידען. זיא איז געווען העכסט צופריעדען, וואס איהר מאן האט איהר געגעבען גענוג געלד פון וואנען צו לעבען און האט זיא אנגעהויבען צו בעהאנדלען פריינדליכער.

עס איז איהר קיין וואונדער ניט געווען, וואס אשינאוו האט פלוצלונג געדונגען אנאנדער קווארטיר, ערגעץ נאך וויטער פון דער שטאדט, אין א זעהר איינזאמע גע־גענד. זיא איז זאגאר געווען צופריעדען מיט דער נייער וואָינונג, ווייל זיא האט יעצט געהאט אליין א הויז פאר זיך, אהן שכנים, אהן אויסקוקער, אהן פּיילער וועלכע זאלען רעדען, וואס עס קאכט זיך ביי איהר אין טעפּעל. זיא האט געזעהן, אז איהר מאן היט

זיך פאר איהר צו רעדען מיט זיין פריינד און זיא פלעגט אומיסטען ארויסגעהן פון שטוב, ווען סאפיראוו פלעגט קומען. אונזערע לעזער ווילען געווים וויסען ווער אשינאוו'ס פריינד איז און וואס זיי רעדען אזוי אפט שטילערהייט צווישען זיך. לאמיר זיך צוהערן, וואס זיי רעדען, וועלען מיר אלעס וויסען.

— איך בין שוין אומעדום פערטיג, האט סאפיראוו געזאגט, נור דיין קאנצעלאריע דארף נאך בעשטעטיגען, אז מען זאל מיר ארויסגעבען דאס געלד. דא פערלאז איך מיך שוין אויף דיר. דוא ווייסט דאך, אז דאס איז א פאדריאד אויף מיליאָנען און ווען איך וועל מאכען גוטע געשעפטען, וועל איך אן דיר ניט פערגעסען. איך וועל דאך אפט דארפען צו דיר אנקומען.

— איך וועל געווים טהאן, וואס איך וועל נור קענען, האט אשינאוו געזאגט. איך ווייס, אז דוא ביסט א גוטער מענש און פערגעסט ניט אן דיינע פריינד. דוא האסט מיר אין דער לעצטער צייט מעהר אלס הונדערט רובעל געגעבען.

— דאס איז ערשט אן אנהויב, האט סאפיראוו געענטפערט, לאמיך נור בעקומען דאס געלד, וועסט דוא ערשט זעהן, וויא אזוי איך קען בעלוינען מיינע פריינד. דיא הויפט זאכע איז, אז דיין נאטשאלניק, דער שעף פון דער קאנצעלאריע, זאל זיך ניט שטארק צוקוקען צו דיא פאפיערען, וואס מען וועט איהם געבען צום אונטערשרייבען. ער זאל ניט בעמערקען, אז עס וועט זיך אמאל מאכען א טעות. עס קען אמאָל פאַר־קומען, אז אין דעם טשעק, וואס מען וועט מיר געבען, זאל אמאל שטעהן מעהר, וויא פיעל ער וועט וועלען. דאס זאל זיין דיין ארבייט. קוים וועט אנקומען אן אסיגנאווקא (א טשעק) פאר מיר, זאלסט דוא זעהן, אז מען זאל עס באלד אונטערשרייבען.

סאפיראוו האט דערביי א שמייכעל געטהאן. אשינאוו האט אויף איהם געוואר־פען א פינסטערן בליק, וויא א רויב טהיער, ווען עס דערזעהט פון וויטען א שטיק פלייש. ער האט געוואוסט, אז סאפיראוו דארף בעקומען א גרויסע סומע געלד פון דער קאזנאטשייסטווא און האט געטראכט, וויא אזוי עס ביי איהם ארויסצוקריעגען. ער האט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט טהאן אלעס מעגליכע אז מען זאל זיינע טשעקס אונטערשרייבען, וויא אם גיכסטען. און ער האט זיין ווארט געהאלטען.

אין אייניגע טעג ארום האט סאפיראוו ערהאלטען א טשעק אויף צוויי מאל הונדערט טויזענד רובעל. אשינאוו האט עס אזוי געמאכט, אז ער זאל בעקומען דעם טשעק גאנץ שפעט און קוים וועט ער אפנעהמען דאס געלד, זאל ער באלד קומען צו איהם. ער האט איהם צו זאגען עטוואס זעהר נייטהיגעס. סאפיראוו האט צוגענומען דעם טשעק, איז אבער ניט געגאנגען מיט איהם אין דער קאזנאטשייסטווא, זאנדערן האט איהם איבערגעגעבען אין א באנק. אשינאוו האט דערפון ניט געוואוסט. ער איז געווען זיכער, אז זיין פריינד האט דאס געלד ביי זיך און האט זיך ענטשלאסען איהם צו טוידטען און צונעהמען ביי איהם דאס געלד. צוויי הונדערט טויזענד רובעל איז אזא סומע געלד, וועלכע אשינאוו האט נאך קיין מאל ניט געזעהן.

אשינאוו איז געקומען א היים וויא געוועהנליך, האט אפגעגעסען מיטאג און האט געזאגט צו זיין פרוי, אז זיא זאל זיך ערגעץ אוועקגעהן און זאל קומען ערשט שפעט א היים. וויל ער ערווארטעט א גאסט, מיט וועלכען ער האט עפעס וויכטיגעס צו רעדען.

אַקסיניא האט גענומען איהר קינד אויף דער האנד און איז מיט איהם אוועקגעגאנגען צו איהרע א בעקאנטע, וואו זיא האט פערבראכט דעם אָבענד. זיא איז א היים געקומען ערשט שפעט ביי נאכט, וויא אשינאוו האט איהר אנגעזאגט. זיא האט געפונען דיא טהיר פערריגעלט. דאס האט זיא ניט געוואונדערט. איהר מאן האט געדארפט עפּעס רעדען פון געשעפטען און האט פערריגעלט דיא טהיר, האט זיא זיך געטראכט. זיא האט אנגעקלאפּט אין דער טהיר און געבעטען, מען זאל זיא עפענען. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער דיא טהיר האט זיך געעפענט.

— ווער איז דארט? האט געפרעגט א הארטע, בייזע שטימע.

אקסיניא האט ניט דערקענט אשינאוו'ס שטימע, אזוי פיעל האט זיא זיך פערענדערט און האט געקלונגען הארט און שארף.

— איך בין עס, אקסיניא איוואנאָוונא, האט זיא געענטפערט.

— קום אריין שנעל, האט אשינאוו געזאגט.

אקסיניא איוואנאוונא איז אריינגעקומען אין צימער, האט זיך אומגעקוקט און האט איהר טימאפיי ניט דערקענט. ער האט זיך אין דער קורצער צייט אין גאנצען פערענדערט. ער איז געווען שרעקליך אויפגערעגט, זיין געזיכט איז געווען ערדפארב, זיינע ליפּען בלוי און זיינע הענד האבען געציטערט. זיא האט פערשטאנען, אז דא איז פארגעקומען עטוואס שרעקליכעס, עטוואס אונגעוועהנליכעס. זיא האט אבער אזוי מורא געהאט פאר איהר מאן, אז זיא האט ניט געוואגט צו פרעגען, וואס דא איז געשעהן. זיא האט אניעדערגעלעגט דאס קינד שלאפען און האט זיך אומגעקוקט אין צימער. איהרע אויגען האבען געפרעגט, וואס איז דא פארגעקומען? עס זיינען פערגאנגען איינע מינוט פון שרעקליכער אנגסט פאר דער ארימער אקסיניא. ענדליך איז אשינאָוו צו איהר צוגעגאנגען, האט איהר אניעדערגעלעגט דיא האנד אויף דער פּלייצע און האט איהר געזאגט מיט א ביטענדער שטימע:

— ליעבע, טהייערע אקסיניא! מיר האט אן אונגליק געטראפען. מיין פריינד סאפּיראוו איז דא געווען. ער האט היינט געקויפט א נייעם רעוואלווער, וועלכען ער האט מיר געוויעזען. איך האב איהם געוואלט בעטראכטען און, ווען איך האב מיך מיט איהם געשפּיעלט, האט ער פּלוצלונג אויסגעשאסען און געטראָפען מיין פריינד אין קאָפּ. ער איז געפאלען טוידט. איך האב ניט געוואוסט, אז דער רעוואָלווער איז געווען געלאַדען. — יעצט, ליעבע פרוי, בין איך אין פערצווייפלונג. זאל איך עס מעלדען אין דער פּאָליציי, בין איך פערלארען. עס וועט זיך אנהויבען א סלעדסטוויע (אן אונטערזוכונג), מען וועט מיר ניט גלויבען, אז דאס איז געווען א צופאל און מען וועט מיך ארעסטירען. — ראטה מיך, ליעבע פרוי, גיב מיר אן עצה, וואס זאל איך טהאן?

אקסיניא האט געטראכט איינגע מינוטען. זיא איז געווען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז אשינאוו איז אונשולדיג, ער האט איהר געוויס דערצעהלט דיא וואהרהייט. אלס טרייע פרוי האט זיא געפיהלט מיטליידען מיט איהר מאן. — יעצט איז געקומען דיא צייט, ווען זיא קען איהם וויזען איהר ליעבע און טרייקייט; יעצט וועט ער זיך איבערצייגען, וויא וואהר, וויא טריי, וויא הייס זיא ליעבט איהם, האט זיא זיך געטראכט.

— דיין עהרע איז ביי מיר טהייער, האט זיא ענדליך געזאגט. איך בין בערייט

צו אָפּפערן פאר דיר מיין לעבען, זאג מיר, וואס זאל איך טהאן און איך וועל עס טהאן מיט פערגניגען.

אשינאוו האט זיך אונטערדעסען אביסעל בערוהיגט. דיא פריינדליכע, ליעבעפאלע ווערטער פון זיין פרוי האבען איהם איינגעפלייסט מוטה און ענערגיע.

— איך דאנק דיר, ליעבע פרוי, פאר דיין ליעבע און טרייקייט, האט ער געזאגט. יעצט מוזען מיר זעהן, אז יעדע שפור פון דעם אונגליקליכען סאפיראוו זאל פערשוואונדען ווערן. מיר מוזען אויסגראבען א טיעפע גרוב אין הויף און איהם דארט בעגראבען. עס איז פינסטער, קיינער וועט עס ניט זעהן, קיינער וועט דערפון ניט וויסען. מיין נאמען, מיין עהרע, וועלכע איז אויך דיינע, וועט זיין גערעטעט.

אקסיניא איוואנאוונא האט ניט גערעדט קיין ווארט. זיא האט געגעבען איהר מאן דיא האנד און האט געזאגט פעסט און ענטשלאסען:

— קום! וואס מיר דארפען טהאן, לאמיר עס טהאן וואס צום שנעלסטען.

איהרע אויגען האבען געפונקעלט מיט שטאלץ און מיט מוטה. זיא איז געווען גליקליך, וואס זיא האט א געלעגענהייט צו בעווייזען, וויא שטארק זיא ליעבט איהם.

זיי זיינען באלד ארויסגעגאנגען הינטער דער שטוב און האבען אנגעהויבען צו גראָבען אין הויף. דיא נאכט איז געווען פינסטער, דיא געגענד איז געווען א איינזאמע, קיינער האט זיי ניט געשטערט אין זייער זאנדערבארער ארבייט. מיט ריעזענקראפט האט אקסיניא ארויסגעווארפען איין לאפאטע ערד נאך דער אנדערער, ביז דיא גרוב איז געווארען טיעף גענוג אום דיא לייכע אויפצונעהמען. אשינאוו האט איהר געהאלפען און האט אויך געארבייט, ביז דער שווייס האט זיך געגאסען פון זיין שטערן. ווען איינער וואלט זיי געקענט בעאָבאכטען ביי דיעזער שרעקליכער ארבייט וואלט ער געזעהן, אז אשינאוו איז געווען אונרוהיג, האט ביי יעדען רויש אציטער געטהאן מיט׳ן גאנצען קערפער, זיינע צעהנער האבען געקלאפט איינער אן דעם אנדערן, אויף זיין געזיכט איז געלעגען דער פינסטערער וואלקען פון א מערדער. אקסיניא דאגעגען איז געווען רוהיג, געפאסט, ענטשלאסען, וויא א העלדין, וועלכע געהט אָפּפערן איהר לעבען פאר א גרויסע, הייליגע זאך.

ענדליך, איז זייער ארבייט פערטיג געווארען און זיי האבען געדארפט ענדיגען דעם שווערסטען טהייל, ארויסשלעפען דיא לייכע פון שטוב און זיא ארייגלעגען אין גרוב אריין. אשינאוו האט געשאסען סאפיראוו׳ן אין פינסטערן פארהויז, ווען ער איז נור וואס אריינגעקומען. ער איז געווען זיכער, אז סאפיראוו האט ערשט אפגענומען דיא צוויי מאל הונדערט טויזענד רובעל פון דער קאזנאטשייסטווא און האט דאס געלד ביי זיך. דיא ערשטע זאך, וואס ער האט געטהאן, ווען סאפיראוו איז געפאלען טוידט צו דער ערד, איז געווען איהם צו בעזוכען און צו צונעהמען ביי איהם אלע פאפיערען, וואס ער האט ביי איהם געפונען. וויא גרויס אָבער איז געווען זיין ערשטוינען און זיין פערצווייפלונג, ווען ער האט ביי איהם געפונען נור א פּאָר הונדערט רובעל און א גרויסען פּאק פאפיערען, וועקסלען און דאקומענטען! דיא צוויי מאל הונדערט טויזענד רובעל זיינען פערשוואונדען געווארען. אין ווילדער רציחה איז ער ארומגעלאפען אין זיין צימער, וויא א ווילדער טיגער אין זיין שטייג, ביז אקסיניא איז אנגעקומען. ער האט

גערעכענט, אז ער וועט צונעהמען דאס געלד, וועט דערמיט אנטלויפען און וועט זיא איבערלאזען מיט'ן טוידטען, זיא זאל טהאן מיט איהם, וואס זיא וועט וועלען. ווען ער האט אבער געזעהן, וויא שרעקליך ער האט זיך אפגענארט, און אז מיט א פאר הונדערט רובעל איז קיין פלאן ניט צו ענטלויפען, האט ער זיך ענטשלאסען אויסצונוצען איהר ליעבע צו איהם און זיא אריינצוציעהען אין דעמזעלבען פערברעכען, אז זיא זאל איהם העלפען פערדעקען דיא שפורען פון'ם פערברעכען און זאל מורא האבען אויסצוזאגען.

וויא מי'ר האבען געזעהן, איז עס איהם פאלשטענדיג געלונגען אפצונארען דיא שטילע, רוהיגע און ליעבענדע אקסיניא. זיא האט איהם געהאלפען אויסגראבען דיא גרוב אין הויף, זיא האט איהם געהאלפען ארויסשלעפען סאפּידאוו'ס פערבלוטיגטע לייכע פון'ם פארהויז און זיא אריינווארפען אין גרוב. זיא האט איהם געהאלפען פערשיטען דיא גרוב, פערגלעטען זיא און ארויפווארפען אויף איהר אלטע זאכען, וועלכע האבען זיך געפונען אין הויף.

אום דריי אוהר פארטאג זיינען זיי געווען פערטיג מיט זייער שרעקליכער ארבייט. מיעד, צובראכען, אויפגערעגט זיינען זיי אריינגעקומען אין שטוב נאך זייער שווערער ארבייט. ביידע זיינען געווען אויפגערעגט, ביידע זיינען געווען אונרוהיג, ביידע זיינען געווען פערטראכט און טרויעריג. זיי האבען קיין ווארט ניט גערעדט און האבען זיך שטילערהייט געלעגט אויסרוהען; אבער קיינער פון זיי האט ביז אין דער פריה קיין אויג ניט צוגעמאכט. קוים איז געווארען טאג, איז אשינאוו אויפגעשטאנען און איז אוועקגעגאנגען. אקסיניא איז אויך אויפגעשטאנען און האט אנגעהויבען אפצו־וואשען און אפצורייניגען דיא שפורען פון בלוט אין פארהויז. ווען זיא האט אפגעוואשען און אפגעווישט יעדע שפור פון בלוט אין פארהויז, האט זיא זיך גענומען אויפראמען דיא שטוב און האט געפונען א פעקעל פאפּיערען און דאקומענטען. זיא האט ניט געקענט לעזען און שרייבען און האט ניט געוואוסט, וואס אין דיא פאפּיערען שטעהט. זיא האט געמיינט, אז אשינאוו האט זיי פערלארען און וועט אויף זיי פרעגען. זיא האט זיי דאהער בעהאלטען אין א שובלאדע אין קאמאד.

דאס פעקעל פאפּיערען אבער איז געווען סאפּיראוו'ס. אשינאוו האט זיי ביי איהם ארויסגענומען פון בוזעם קעשינע. ער האט געמיינט, אז דאס איז דאס געלד. ווען ער האט אבער דערזעהן אז דאס זיינען גאר געוועהנליכע דאקומענטען, האט ער זיי אוועקגעווארפען פון זיך מיט פעראכטונג.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג. אין פעטערבורג איז געווארען א ־רעש, אז דער גרויסער פאדריאדטשיק סאפּיראוו איז פערשוואונדען געווארען. מען האט איהם געזוכט איבעראל, מען האט עס געמעלדעט אין אלע צייטונגען. מען האט צוגעזאגט צו געבען עטליכע טויזענד רובעל, ווער עס וועט נור ברענגען א נאכריכט פון איהם. דיא פאליסלייטע זיינען ארומגעלאפען, וויא דיא פערסמטע מייז, האבען געזוכט, געפארשט, נאכגעשפּירט. זיי האבען אבער גאר ניט אויסגעפונען און דיא געשיכטע איז צו ביסלעכווייס פערגעסען געווארען.

אשינאוו איז ארומגעגאנגען עטליכע טעג זעהר צוטראגען. ער איז אין ערגעץ

ניט געגאנגען, האט מיט קיינעם ניט גערעדט, איז געווען שטענדיג פערטראכט און אויפגערעגט. אין דער היים איז ער געזעסען שטיל, איז געווען צופריעדען מיט אלעמען, וואס אקסיניא האט געטהאן, האט איהר געגעבען געלד אויף צו לעבען און האט זיא בעהאנדעלט גאנץ פריינדליך. איין זאך נור האט אקסיניא בעמערקט, וואס איהר איז ניט געפעלען; אשינאוו האט אנגעהויבען צו זיין אין דער היים אלץ זעלטענער און זעלטענער. ער פלעגט קומען א היים זעהר שפעט ביי נאכט, פלעגט גאנץ פריה אוועק־געהן. ביי טאגט פלעגט ער גאר ניט קומען א היים. ער האט גערעדט מיט איהר זעהר זעלטען און זעהר וועניג.

עס זיינען פערגאנגען איינינע מאנאטע. אקסיניא האט דאמאלס געהאט דאס צווייטע קינד. אשינאוו האט איהר צוואר געגעבען גענוג געלד אויף צו לעבען, פלעגט אָבער אין גאנצען ווייכען זיין הויז. ער פלעגט פערפאלען ווערן אויף צוויי דריי טאָג און פלעגט זיך גאר ניט ווייזען. אקסיניא האט זיך אנגעהויבען זעהר צו בעאונרוהיגען. זיא וואלט איהם געגאנגען זוכען אין זיין קאנצעלאריע, זיא האט אָבער פאר איהם מורא געהאט.

איין מאל איז ער גאנצע אכט טאג ניט געווען אין דער היים. דיא ארימע אקסי־ניא איז געווען אויסער זיך. איהר ליעבע צו איהם איז זייט יענע שרעקליכע נאכט אין גאנצען פערשוואונדען. זיא האט איהם נאך צוואר געגלויבט, אז ער האט געטוידטעט זיין פריינד סאפיראוו דורך אן אונגליקליכען צופאל; זיא פלעגט אָבער דאך ציטערן ביי דעם געדאנקען, אז ער איז דאך א מערדער, אויף זיינע הענד קלעפט דאך מענשען בלוט. וואס זאל זיא אבער טהאן? ער איז דאך דער פאטער פון איהרע קינדער; ער איז דאך איהר מאן פאר גאט און דיא וועלט.

זיא האט זיך ענדליך ענטשלאסען צו געהן איהם זוכען. איהר ערשטער וועג איז געווען אין דיא קאנצעלאריע, וואו ער האט געדיענט. איהר הערץ האט געקלאפט, ווען זיא איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל, וואו עס זיינען געזעסען פיעלע שרייבער און האבען געקריצט מיט זייערע פעדערן. זיא האט זיך געווענדעט צו איינעם פון דיא שרייבער און האט געפרעגט, אויב ער וויים ניט, וואו עס געפינט זיך איהר מאן, אשי־נאוו. דער שרייבער האט זיא אנגעקוקט ערשטוינט.

— אזוי? אשינאוו איז פערהייראטהעט? דאס האבען מיר ניט געוואוסט. מיר האבען ביז אהער געגלויבט, אז ער איז ניט פערהייראטהעט.

דיא ארימע אקסיניא איז רויט געווארען און האט געזאגט שטילערהייט:

— אלזא, קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו ער איז?

— ער דיענט שוין ניט מעהר דא, ער האט זיך אָפגעזאגט. ער האט ערגעץ געפונען אנאנדער שטעלע.

דאס איז געווען אלעס, וואס אקסיניא איז געוואהר געווארען פון איהר מאן. דאס איז אבער געווען גענוג פאר איהר. זיא איז געגאנגען א היים און האט געוויינט.

— ער האט מיך אוועקגעוואָרפען! וואוהין וועל איך אהינקומען מיט דיא קינדער? וואס וועל איך יעצט טהאן?

דעם אנדערן טאָג איז אַשינאָוו געקומען אַ היים, האט איהר געגעבען עטוואס געלד און האט איהר געזאגט, אז ער איז איינגעטרעטען אין דער פּאָליציי. עס זאָל איהר דאהער קיין וואונדער ניט זיין, וואס ער וועט זיין ניט אזוי אפט אין דער היים. ער מוז אפט אַוועקפּאהרען אויף איינינע טעג און זאגאר אויף וואָכען לאנג. דיא ארימע אַקסיניא האט איהם געמוזט גלויבען, וואס דען האט זיא געקענט טהאן? פון דאמאלס אן איז אַשינאָוו געקומען אלץ זעלטענער און זעלטענער אַ היים און ענדליך איז ער אין גאנצען פערשוואונדען געווארען. אַקסיניא האט געמוזט דינגען ערגעץ אן אנדערע וואָי־נונג, אַ בּיליגערע און האט זיך גענומען זוכען אַרבייט. אזוי וויא זיא האט זעהר גוט גענעהט, איז איהר ניט שווער געווען צו קריעגען דיא בעסטע ארבייט, פון וועלכע זיא וואלט געקענט לעבען, אבער דיא קינדער האבען איהר געשטערט. איין קינד איז נאך געווען גאנץ יונג און האט געפאָדערט, אז מען זאל ארום איהם ארומגעהן. דאס שווערסטע איז געווען פאר איהר, ווען זיא האט געדארפט נעהן אפּטראגען דיא אַרבייט. ווען דאס וועטער האט נאך ערלויבט, האט זיא גענומען דאס קינד מיט דער ארבייט אויף דיא הענד און איז געגאנגען זיא אפּטראָגען; ווען עס איז אָבער קאַלט געווען און זיא האט ניט געקענט געהן מיט'ן קינד, פלעגט זיא מוזען טהאן, וויא אלע ארבייטע־רינען אין דיא גרויסע שטעדט—פערשליעסען דיא קינדער אין שטוב און אליין געהן אָפּטראָגען דיא אַרבייט.

איין מאל איז זיא אַוועקגעגאנגען אָפּטראגען דיא ארבייט און האט פערשלאסען ביידע קינדער ביי זיך אין צימער. זיא האט זיך אָבער עפּעס פערזאמט. עס האט זעהר לאנג געדויערט, איידער מען האט איהר בעצאהלט און מען האט איהר געגעבען אנדערע ארבייט. ווען זיא איז געקומען אַ היים איז זיא געווען העכסט ערשטוינט. זיא האט געפונען דיא טהיר ניט פערשלאסען און ביי איהר אין צימעריל איז געשטאנען אַ מאַן און האט געוויעגט דאס קלענערע קינד. דאס עלטערע קינד איז געווען גאנץ פרעהליך און האט גענעסען אַ פרישען קוכען. זיא איז געבליעבען שטעהן און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן און וואס צו זאגען.

— שרעקט אייך ניט, ליעבע פרוי, האט דער מאַן געזאגט מיט אַ מילדער פריינד־ליכער שטימע. איך מיין קיין בעזעס ניט. איך בין אייערער אַ שכן און האב דערהערט, אז דיא קינדער וויינען זעהר שטארק. איך האב אנגעקלאפּט אין דער טהיר געוואהר ווערן, וואס איז דיא אורזאכע פון זייער וויינען און אייער עלטערער איינגעל האט מיר געזאגט, אז איהר זייט אוועקגעגאנגען און ער איז הונגעריג. עס האט מיר זעהר פער־קלעמט ביים הארצען. איך האב אנגעהויבען צו זוכען צווישען מיינע שליעסלען און האב געפונען אַ שליעסעל, וואס קומט צו צו אייער טהיר. איך האב געעפענט דיא טהיר. בּין ארייננעקומען, האב דעם עלטערן געגעבען אַ קוכען און דעם קלענערן האב איך איינגעשטילט.

אקסיניא'ס הארץ איז געווען אזוי פערשטיינערט פון נויט און פון עלענד, אז זיא האט אנפאנגס גאר ניט געוואוסט וואס דעם מאן צו זאגען, זיא האט זיך אָבער באלד דערמאנט, האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געזאגט:

— איך דאנק אייך פון גאנצען הערצען, איהר גוטער, עדעלער מאַן.

דיעזער מאן איז געווען מיכאאיל באקונין. ער האט געוואָינט אין דעמזועלבען הויז אונטער אַ פרעמדען נאמען און אלעס האט זיך ווירקלי, געטראפען, וויא ער האט דערצעהלט. איין זאך אבער האט ער פערגעסען איהר צו דערצעהלען. נעמליך, ווען ער איז געשטאנען און האט צוגעוויעגט דאס קינד, האט ער דערזעהן, אז דאס עלטערע אינגעל שפּיעלט זיך מיט אַ בויגען סטעמפּעל פּאַפּיער (גערבאָוואיא בומאגא) ער האט עס ביי איהם צוגענומען, ווייל אַ בויגען סטעמפּעל פּאַפּיער אין רוסלאנד האט שטענדיג אירגענד וועלכען ווערטה. ער האט זיך צו איהם צוגעקוקט און האט דערזעהן, אז דאס איז ווירקליך אַ וויכטיגער דאקומענט, וועלכער געהערט צום פּאָדריאַדטשיק סאפּיראָוו. באקונין האט געוואוסט, אז סאפּיראוו איז פּלוצלונג פערשוואונדען געווארען, אז מען האט איהם איבעראל געזוכט און אין ערגעץ פון איהם קיין שפּור ניט געפונען. ער האט געוואוסט, אז מען האט צוגעזאגט אַ גרויסע סומע געלד דעמיעניגען וואס וועט ברענגען אַ נאכריכט פון איהם.

— וויא קומט דיעזער דאָקומענט צום קינד? האט זיך באקונין געוואונדערט. אין דרויסען איז קאלט, דאס קינד איז אויף דער גאס ניט געווען. וואו האט ער איהם גענומען? — זאל איך צופעליגער ווייזע אויסגעפינען אַ שפּור פון אַ פערברעכען, וועלכע דיא רוסישע פּאָליציי האט אויף קיין פאל ניט געקענט געפינען?

פון דיעזען טאג אן פלעגט באָקונין זעהר אפט קומען צו אקסיניא איוואנאוונא. ער האט געזעהן, אין וואס פאר אַ נויט זיא געפינט זיך און האט איהר געהאלפען און געשטיצט, וויא וויט ער האט געקענט. ער פלעגט איהר אפּטראָגען דיא ארבייט און פלעגט איהר אָפט ברענגען מעהר געלד פאר דער ארבייט, וויאפיעל זיא האט אויסגע־רעכענט, אז עס קומט איהר. ווען זיא פלעגט האבען וועניג ארבייט, פלעגט ער איהר אויסלייען אויף דירה געלד און אנדערע אויסגאבען. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט שטענדיג פערגעסען זיא צו מאנען און ווען זיא פלעגט איהם ווען אפּגעבען, וואס עס קומט איהם, פלעגט ער איהר זאגען, אז יעצט דארף ער קיין געלד ניט; שפּעטער, ווען ער וועט דארפען, וועט ער ביי איהר אפּנעהמען.

עס איז פערגאנגען אַ געוויסע צייט און זיי זיינען געווארען אזעלכע גוטע פריינד, אז אקסיניא איוואנאוונא האט איהם דערצעהלט איהר גאנצע לעבענסגעשיכטע, וויא זיא האט געהייראטהעט און וויא איהר מאן האט זיא פערלאזען, וויא איהרע עלטערן זיינען ברוגז אויף איהר און ווילען זיך מיט איהר ניט איבערבעטען דערפאר, וואס זיא האט געהייראטהעט געגען זייער ווילען.

איינמאל אבענד איז באקונין געזעסען ביי איהר און האט גערעדט מיט איהר איבער פערשיעדענע זאכען. פּלוצלונג האט ער זיא אנגענומען ביי דער האנד און האט איהר געזאגט פריינדליך:

— אקסיניא איוואנאוונא! האט איהר צוטרויען צו מיר? ווילט איהר זיין אין גאנצען אפענהערציג געגען מיר און אלעס דערצעהלען?

אקסיניא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט, מיט אזא טהאן האט ער נאך מיט איהר קיין מאל ניט גערעדט.

— ליעבער פריינד! האט זיא איהם געענטפערט, איך האב אייך דערצעהלט מיין

גאנצע לעבענסגעשיכטע, איך האב פון אייך קיין זאך ניט בעהאלטען. איך האב אייך דערקענט פאר א גוטען עדלען מענשען און האב צו אייך דאס גרעסטע צוטרויען. פרעגט מיך, איך וועל אייך גענויס אלעס דערצעהלען.

— הערט מיך אויס, אקסיניא איוואנאוונא און גיט מיר א ריכטיגע אנטוואָרט אויף אלעס, וואס איך וועל אייך פרעגען. דאס ערשטע מאל ווען איך בין אריינגעקומען צו אייך אין שטוב, האב איך געפונען אייער אינגעל שפּיעלען זיך מיט א פּאפּיער, וועלכעס איז זעהר וויכטיג פאר מיר און פאר דער פּאליציי. קענט איהר מיר זאגען, וויא דיעזעס פּאפּיער איז געקומען צו אייער קינד?

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון דער קעשענע דעם בויגען סטעמפּעל פּאפּיער, וועלכען ער האט צוגענומען ביים קינד.

אקסיניא איוואנאָוונא האט ניט געוואוסט קיין חכמות. זיא האט פערשטאנען, אז דאס קינד האט געוויס ארויסגעשלעפּט פון דער קאמאדע איינעם פון דיא פּאפּיערען, וועלכע האבען זיך דארט געוואלגערט און וועלכע האבען פאר איהם קיין שום ווערטה ניט געהאט.

— איך קען אייך געבען נאך פיעלע פּאפּיערען, האט זיא געזאגט נאאיוו. ווען זיי זיינען פאר אייך אזוי וויכטיג, מעגט איהר זיי צונעהמען, איך דארף זיי געוויס ניט. זיי וואלגערן זיך ביי מיר אין דער קאמאדע.

זיא איז צוגעגאנגען צו דער קאמאָדע, האט ארויסגענומען א גאנצען פּאק פּאַ־פּיערען און האט עס איבערגעגעבען באקונינען. באקונין האט זיי אנגעהויבען צו לעזען. וואס ווייטער ער האט זיי געלעזען, אלס פינסטערער איז געווארען זיין געזיכט. ער האט געפונען בריעף און צעטעלעך פון אשינאווין צו סאפּיראוו'ן, אז ער לאדעט איהם איין צו זיך אויף מיטאָג אָדער אויף סאָפּער; ער האט דארט געפונען א צעטעל פון אשי־נאווין פון דעם טאָג, ווען סאפּיראוו האט בעקומען דאס געלד, אז דער טשעק איז שוין אונטערשריעבען, ער האט איהם אבער היינט אויף דער נאכט מיטצוטהיילען זעהר א וויכטיגע זאך. עס איז געווען קלאר און דייטליך, אז נור אשינאָוו ווייס, וואוהין סאפּי־ראוו איז פערשוואונדען. באקונין האט געוואוסט, אז אשינאוו איז געווארען אַן אגענט פון דער געהיים־פּאָליציי, ער האט איהם אבער געהאלטען פאר געפּעהרליכער פון פיעלע אנדערע אגענטען און האט דאהער געוואלט האבען אויף איהם א בייטש. ער האט איבערגעלעזען דיא פּאפּיערען איינעם נאך דעם אנדערן און האט געפרעגט אקסיניאַ'ן:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, וויא דיא פּאפּיערען קומען צו אייך? עס איז פאר מיר זעהר וויכטיג.

— איך קען אייך גאר ניט זאגען, געוויס האט זיי מיין מאן פערלאָדען אדער פערגעסען אין דער קאמאָדע.

— האט איהר ניט געקענט א מענשען מיט'ן נאמען סאפּיראוו? האט באקונין ווייטער געפרעגט.

ווען באקונין האט ארויסגערעדט דעם נאמען סאפּיראוו, איז אקסיניא בלייך געווארען, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. באקונין האט דערזעהן, אז ער האט געטראפען, אז דאס געהיימניס פון סאפּיראוו'ס פערשווינדען האט זיך יעצט אליין

ענטדעקט פאר איהם. ער האט אבער געוואלט בערוהיגען דיא ארימע אקסיניא, וועלכע האט געציטערט, ווי א אין פיעבער.

— אקסיניא איוואנאוונא! האט ער איהר געזאגט, איהר האט איינמאל געזאגט, אז איהר האט צוטרויען צו מיר, בעווייזט עס יעצט. איך וועל אייך געבען א ביישפיעל, וואס פאר א צוטרויען איך האב צו אייך. איך וויל אייך ווייזען, אז איך מיין עס עהרליך און גוט מיט אייך. — איהר קענט מיך ביז אהער מיט'ן נאמען וואלקאָוו, דאס איז אבער ניט מיין וואהרער נאמען. איך בין מיכאאיל באקונין, דער ניהיליסט, וועלכען דיא רוסישע פאָליציי זוכט אומעדום. זיא האט צוגעזאגט צו געבען פינף טויזענד רובעל דעם מענשען, וועלכער וועט מיך איבערגעבען אין איהרע הענד טויזענד רובעל דעם מענשען, וועלכער וועט מיך איבערגעבען אין איהרע הענד טוידט אדער לעבעדיג.

ווי א איהר זעהט, האב איך אייך אויסגעזאגט א געהיימניס, וועלכעס קען מיר קאסטען מיין לעבען. יעצט פערלאנג איך פון אייך דאס זעלבע. זאגט מיר, וואס איהר ווייסט איבער סאפיראוו און ווי א אזוי ער איז פערשוואונדען.

אקסיניא איוואנאוונא האט זעהר ווייניג פערשטאנען פאָליטיק, אָבער דעם נאמען באקונין האט זיא דאך געהערט. זיא האט געהערט, אז דאס איז עפּעס א ווילדער, געפעהרליכער מענש און האט זיך פאָרגעשטעלט, אז דאס איז א מענש מיט אייזערנע הערנער. ווען ער האט איהר יעצט אויסגעזאגט, אז ער איז באקונין, האט זיא איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג. — אלזא, דאס איז דער געפעהרליכער ניהיליסט, וועלכען מען פערפאלגט אזוי שטארק? האט זיא געטראכט ביי זיך אליין. דיעזען געפעהרליכען מענשען פערקלעמט דאס הארץ, ווען ער דערהערט, ווי א קליין קינד וויינט. זיא איז צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם אויסגעשטרעקטביידע הענד און האט געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל:

— איך וועל זיין אפענהערציג געגען אייך, מיכאאיל באקונין. איך וועל אייך אלעס דערצעהלען. איהר פערדיענט דאס צוטרויען פון יעדען עהרליכען מענשען.

זיא האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס זיא האט געוואוסט פון סאפיראוו'ן און פון זיין טוידט. באקונין האט זיא אויסגעהערט אויפמערקזאם ער האט אלעס פערשטא־נען. ער האט פערשטאנען, וואס דא איז פארגעקומען און איז געווען פעסט איבערצייגט, אז אשינאוו האט ערמארדעט זיין פריינד סאפיראוו'ן אום ביי איהם צו צונעהמען דיא צוויי הונדערט טויזענד רובעל. ער האט זיך פאָרגעשטעלט א פאָלשטענדיגעס בילד פון אלעמען, וואס איז פאָרגעקומען אין אשינאוו'ס הויז און ווי א אשינאוו האט זיך בענוצט מיט דער ליעבע פון זיין פרוי אום צו פערדעקען דאס שרעקליכע פערברעכען. טרויעריג האט ער אראָפּגעלאזען דעם קאפּ אויף דער ברוסט און האט זיך פערטראכט.

— אזוי זיינען דיא פרויען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, מען קען זיי פיהרען, וואוהין מען וויל, ווען מען ווייס נור ווי א אזוי זיי איינצושפּאנען אין וואגען פון זייערע געפיהלע. דאס גאנצע לעבען פון דער פרוי איז איהר היים, איהר הויז, איהר פאמיליע; איהר גאנצעס שטרעבען איז א שטילעס, רוהיגעס, גליקליכעס לעבען אין דיעזען ענגען קרייז פון איהרע ליעבע. ווער עס ווייס, ווי א אזוי אויסצונוצען דיעזע געפיהלע, דער קען זיא פערפיהרען אין דער העללע. דיא איינפאכע אקסיניא איוואנאוונא האט זאָגאר ניט געוואלט קלערן, טאמער איז דער מארד פון סאפיראוו געשעהן ניט, ווי א אשינאוו האט

איהר דערצעהלט. זיא גלויבט איהם נאך יעצט, זיא צווייפעלט ניט, אז עס איז געווען אן אונגליק, אז שפּיעלענדיג זיך מיט׳ן רעוואלווער האט ער איהם דערשאסען. זיא ליעבט איהם נאך יעצט. ווען ער האט זיא אוועקגעווארפען און וויל זיך פאר איהר ניט ווייזען. זיא ליידעט הונגער און נויט מיט קליינע קינדער און איז בערייט צו בעגעהן א פערברעכען, ווען אשינאוו זאל איהר נור זאגען א פריינדליכעס ווארט.

ארימע פרויען! זייט איהר אזוי געבאָרען צו לעבען נור אין אייערע געפיהלע אָדער האבען דיא מענער אייך אזוי ערצויגען? דאס איז אַ פראגע, וועלכע איך קען נאך יעצט ניט ערקלערן.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז ארומגעגאנגען אייניגע צייט אין צימער. ענדליך, איז ער צוגעגאנגען צו איהר און האט איהר געזאגט מיט זיין מילדער, ווייכער שטימע:

— אקסיניא איוואנאָוונא! וואס עס איז געשעהן, איז פערפאלען. יעצט מוזען מיר דענקען פאר דיא צוקונפט. וואס דענקט איהר ווייטער צו טהאן?

— וואס זאל איך דענקען? איך וועל ארבייטען און ערנעהרן מיינע קינדער, ביז זיי וועלען אונטערוואקסען און מיר העלפען ארבייטען. וואס קען איך דען אנדערש טהאן?

— דענקט איהר זיך נאך אמאָל צונויפצוקומען מיט אייער מאַן?

— געוויס! ווען דאס זאל נור מעגליך זיין, וואלט איך געווען גליקליך. מיינע קינדער וואלטען געהאט א פאטער און איך וואלט געהאט א היים.

— איך וועל זעהן, וואס איך קען טהאן פאר אייך. אין אייניגע טעג ארום וועל איך אייך געבען אן ענטפער.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. באקונין האט געהאלטען ווארט. ער האט זיך געזעהן מיט אַשינאוו׳ן און האט מיט איהם גערעדט וועגען זיין פאמיליע. זעלבסט־פערשטענדליך, אז ער האט זיך איהם פאָרגעשטעלט ניט אלס באקונין. ער האט איהם געזאגט, אז אקסיניא׳ס פאטער האט איהם געשיקט, ער זאל איהם פרעגען, פאר וואס ער פערנאכלעסיגט זיין פאמיליע. אשינאוו האט איהם געענטפערט, אז אקסיניא איז גאר ניט זיין פרוי, אז ער האט זיא גאר ניט געהייראטהעט, אז דער גייסטליכער אין דארף איז גאר קיין גייסטליכער ניט געווען און דיא גאנצע צערעמאָניע איז גאר געווען א שפּאס. ווען אשינאוו זאל געווען וויסען, מיט וועמען ער רעדט און וואלט זיך געווען בעסער צוגעקוקט צו איהם, וואלט ער געזעהן, מיט וואס פאר א פייעריגע בליקען פון האס און פעראכטונג דער מאן קוקט איהם אן.

באקונין האט זעהר גוט געקענט מעלדען דער פּאָליציי פון סאפּיראוו׳ס טוידט און מאכען, אז מען זאל אַשינאוו׳ן ארעסטירען און פערשיקען קיין סיביר. ער האט זיך אָבער בערעכענט, אז ער וועט דערמיט גאר ניט געווינען. בייקומען אן ארימען אגענט פון דער געהיים־פּאָליציי, וועלכער האט קיין גרויסען טשין און קיין ווערטה, האט קיין זינן ניט און עס איז ניט ווערטה דער מיה. ער האט געפונען פאר בעסער צו בעהאלטען סאפּיראוו׳ס דאקומענטען און זיי בענוצען דאן, ווען עס וועט זיך פאָרשטעלען אַ גוטע געלעגענהייט. דערווייל האט ער געזעהן צו פערזארגען אקסיניא׳ן, וויא וויים ער האט געקענט. ער האט עס געבראכט אזוי וויים, אז איהרע עלטערן האבען זיא ווידער

אויפגענומען צו זיך. ער האט איהר פערזארגט מיט לייכטע און גוטע ארבייט, ער האט געזארגט, אז דיא קינדער זאלען עפּעס לערנען, ווען זיי וועלען עלטער ווערן.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע יאהר, אשינאוו האט אנגעהויבען צו וואקסען. ער איז געווארען סעקרעטער פון דער געהיים־פּאָליציי און האט אנגעהויבען צו טריימען, ער זאל ווערן שעף אויף מעזענצאוו'ס אָרט. יעצט האט ער אנגעהויבען צו טראכטען וועגען זיין פרוי, אז זיא קען איהם שטערן אין זיין קאריערע. ער קען יעצט הייראטהען א רייכע פרוי, דיא טאכטער פון א גענעראל, וועלכע זאל איהם פערהעלפען צו ווערן נאך גרעסער. ער האט געשיקט צו אקסיניא איוואנאוונא איהר זאגען, אז ער וועט איהר געבען צוואנציג רובעל א מאָנאט, ווען זיא וועט זיך אוועקפאהרען ערגעץ ווייט פון פּעטערבורג, וועט דארט אננעהמען א אנאנדערן נאמען און וועט אן איהם פערגעסען. אקסיניא האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. זיא האט זיך בעראטהען מיט איהר פריינד און באקונין האט איהר געהייסען געבען איהם א ענטפער, אז זיא וויל זיין נאמען ניט ענדערן, ער איז ביי איהר טהייער, און זיא וויל בלייבען אין פּעטערבורג.

באקונין האט איהר געזאגט, זיא זאל נאךווארטען, ביז ער וועט איהר הייסען געהן צו איהר מאן און פון איהם פארדערן, אז ער זאל זיא אנערקענען אלס זיין פרוי.

מיר האבען שוין געזעהן, וויא אזוי באקונין האט בענוצט דיא גוטע געלעגענהייט און האט געשיקט אקסיניאן מיט דיא קינדער צו אשינאוו'ן, ווען ער איז געווארען שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. אונזערע לעזער וועלען זיך געוויס ערָאינערן דיא סצענע, וואס איז פּאָרגעקומען צווישען אשינאוו'ן און זיין פרוי, ווען זיא האט פון איהם געפאָדערט, אז אין דריי טאָג ארום זאל ער איהר געבען אן ענטשיידענדען ענטפער: וויל ער זיא אנערקענען אלס פרוי און דיא קינדער אלס זיינע קינדער אדער ניט.

אשינאוו איז געווען פערצווייפעלט. זיינע פרייהייט, זיינע קאריערע, זאגאר זיין לעבען זיינען אין געפאהר, ווען ער וועט ניט צוריקנעהמען זיין פרוי מיט דיא קינדער. וואס קען ער אָבער טהאן מיט אזא איינפאכע פרוי, וועלכע קען ניט זאגאר ניט לעזען און ניט שרייבען, וועלכע קען ניט דיא מאניערען פון דער העכערער געזעלשאפט און וויים זיך ניט וויא צובענעהמען מיט מענשען? עס וועט איהם זיין א שאנדע צו ברענגען א מענשען צו זיך א היים און ער וועט זיך מיט איהר אין ערגעץ ניט קענען ווייזען. — גאנץ אנדערש וואלט עס געווען, ווען פראנציסקא זאל ווערן זיין פרוי. זי האט שטענדיג געלעבט אין דער העכסטער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט, זיא איז געבילדעט. ווען ער וועט געבען א באלל און זיא וועט זיין דיא ווירטהין, וועלען דיא גרעסטע מענער פון פּעטערבורג קומען צו איהם; מעגליך, אז איינער פון דיא גרויסע וועט זיך נאך פערליעבען אין איהר און ער וועט דאדורך קענען קומען צו דיא גרעסטע עהרען. דאס קומט אין רוסלאנד זעהר אפט פאר, דאס פּאסירט יעדען טאָג.

— איך מוז לויז ווערן פון'ם שניידערס טאָכטער מיט איהרע ממזירים! האט ער ענדליך אויסגערופען. אָבער באקונין? — דיא דאָקומענטען? — סאפיראָוו? — מיט באקונין טאר מען ניט שפּאסען, ער איז אויף אלעס פעהיג. — דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי איז אין באקונין'ס הענד! א שעהנע לאגע!

עס איז איהם היים געווארען אין זיין צימער און ער איז ארויסגעלאפען אויף

דער גאס. דיא קאלטע נאכטלופט האט איהם אביסעל בערוהיגט און דערפרישט. ער איז ארומגעגאנגען אין איינינע גאסען אהן א צוועק און אהן א ציעל, ביז ער האט זיך אומגעקוקט, וואו ער איז יעצט און האט דערזעהן, אז ער געפינט זיך פאר א העלל בעלייכטעט הויז.

— טשאַרבאַדזשאַגלאַ'ס טשאַינאַיע! האט ער אויסגערופען. דאס דארף איך! גאט אליין האט מיך געבראכט אהער! טשאַרבאַדזשאַגלאַ קען מיר העלפען. ער איז דער איינציגער מענש, אויף וועמען מען קען זיך פערלאזען. מיט איהם קען מען רעדען פריי און אָפען. ער איז א קלוגער און וועט מיר געבען א גוטען ראטה וואס צו טהאן.

ער האט זעהר גוט געקענט אלע איינגענגע און אויסגענגע פון טשאַרבאַדזשאַג־לאַ'ס הויז. אלס אָבער־פּאָליצמייסטער האט איהם ניט געפּאסט אריינצוגעהן אין א טהעע־הויז. ער איז געגאנגען צו א הינטער טהיר, האט אנגעקלאפּט. מען האט איהם געעפענט און מען האט איהם אריינגעפיהרט אין א בעזונדער צימער, וואו טשאַרבאַד־זשאַגלאַ פלעגט אויפנעהמען נור פארנעהמע געסט. באלד איז טשאַרבאַדזשאַגלאַ געקו־מען. ער האט זיך דערשראקען, ווען מען האט איהם געזאגט, אז דער אָבער־פּאָליצ־מייסטער איז געקומען צו איהם.

— וואס האט מיר פערשאפט דיא עהרע פון אזא הויכען גאסט ביי מיר אין שטוב? האט ער געפרעגט און האט זיך גאנץ טיעף פערנייגט. איך האב שוין זעהר לאנג ניט געהאט דאס גליק צו רעדען מיט'ן אָבער־פּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג.

— אז דוא קומסט ניט צו מיר, האט אשינאָוו געענטפערט מיט א שמייכעל, מוז איך קומען צו דיר. זא לאנג מעזענצאָוו איז געווען אָבער־פּאָליצמייסטער, פלעגסט דוא זיין אַ אפטער גאסט ביי אונז. צו מיר ווילסט דוא שוין גאר ניט קומען, ווייל מיר דארפען יעצט זעהר נייטיג פעהיגע מענשען.

— וואס זאל איך טהאן? האט טשאַרבאַדשזאַגלאַ געענטפערט מיט א רחמנות פּנים. איך האב קיין צייט ניט, דיא געשעפטען געהן יעצט זעהר שלעכט און איך מוז ארבייטען זעהר שווער אום א לעבען צו מאכען. אמאָל זיינען געווען אנדערע צייטען. דיא פּאָליציי איז ניט געווען אזוי שטרענג און מען האט געלאזט א מענשען מאכען א לעבען. היינט....

— ווער איז דיר שולדיג? האט אשינאָוו אויסגערופען. דוא אליין האסט זיך פון אונז דערווייטערט און מיר קוקען אויף דיר, וויא אויף א פרעמדען. ווען דוא זאלסט אבער זיין אונזערער, וויא א מאל אין דיא גוטע יאהרען, וואלט דיא פּאָליציי פאן פיעלע זאכען אוועקגעקוקט. דוא קומסט צו אונז ניט, ברענגסט אונז קיינע נאכריכטען, ווייכסט אונז אויס און אנטלויפסט פון אונז.

טשאַרבאַדזשאַגלאַ האט געשאָקעלט מיט'ן קאפּ, ער האט צו גוט געקענט אשי־נאָוו'ן און האט געוואוסט, וואס ער קען דערוואַרטען פון איהם. ער האט אָבער צו גלייך געוואוסט, אז קריעגען זיך מיט דער פּאָליציי טאר מען אויך ניט און ווען דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי קומט אליין און בעט איהם, ער זאל צוריק ווערן אן אגענט, טאר מען איהם ניט אפּזאגען. ער איז געווען צו קלוג אום ניט צו פערשטעהן,

אז אשינאוו בעט איהם, ער זאָל צוריק אריינטרעטען אין דער געהיים־פּאָליציי און האָט בעשלאָסען צו בענוצען ־דיעזע געלעגענהייט.

— הערר אָבער־פּאָליצמייסטער! האָט ער געזאָגט פעסט און ענטשלאָסען. מיר זיינען אַלטע בעקאַנטע. איהר ווייסט, מיט וואָס איך פלעג מיך אַמאָל בעשעפטיגען, איהר זייט געוועזען ביי מיר אין קעלער און האָט ניט איין מאָל גענומען ביי מיר פּרע־זענטען. אין דער לעצטער צייט האָב איך געמוזט אָפּגעבען דאָס געשעפט פון קאָנטראַ־באַנדע אין גאַנצען, ווייל איך האָב מורא געהאַט. איהר ווייסט זעהר גוט, אַז פון אַ שענק און פון אַ טשאַינאַיע קען מען אין רוסלאַנד קיין לעבען ניט מאַכען. מען מוז האָבען נאָך אַנאַנדער געשעפט. אַלזאָ, ווען איהר דאַרפט מיך אין דער געהיים־פּאָליציי, זאָל אייך ניט האַרען דיא אַנדערע געשעפטען, וואָס איך וועל מאַכען.

— יעצט הער איך ווערטער פון אַ קלוגען מענשען! האָט אשינאוו אויסגערופען. יעצט רעדסט דו, וויא אַן אַלטער בעקאַנטער. — גוט! איך וויליג איין. דו וועסט אונז דיענען, וויא אַמאָל אין דיא אַלטע יאַהרען און מיר וועלען אָוועקקוקען פון דיינע געשעפטען.

טשאָרבאַדזשאָגלאָ איז פרעהליך געוואָרען. דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי אַליין זאָגט איהם צו, אַז ער וועט צומאַכען דיא אויגען אויף זיינע געשעפטען מיט קאָנטראַבאַנדע. עס איז איהם געקומען אַ גליק אין שטוב אַריין.

— וועט מיר דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי ערלויבען אַריינצוברענגען אַ פלאַש מיט שאַמפּאַניער, מיר זאָלען אויסטרינקען אויף גליק פון׳ם נייעם געשעפט, וואָס מיר האָבען געמאַכט? האָט ער געפרעגט.

— אָה, געוויס! האָט אשינאוו געענטפערט.

באַלד האָט מען געבראַכט שאַמפּאַניער און דיא צוויי פריינד האָבען געטרונקען אויף גליק און וואָהלגעדייהען פון זייער נייער פריינדשאַפט.

— איך האָב דיך נאָך עפּעס צו פרעגען, האָט פּלוצלונג אשינאוו געזאָגט. פיהרסט דו נאָך דיינע בעקאַנטשאַפטען מיט דיא מענשען, וויא סאָבאַקעוויטש, דער חאָרט און אייניגע אַנדערע, וועלכע דו האָסט מיר אַמאָל רעקאָמאַנדירט? איך דאַרף יעצט האָבען אַ פּאָר אַזעלכע מענשען. דאָס וועט זיין דיין ערשטער דיענסט, וואָס דו וועסט טהאָן דער געהיים־פּאָליציי.

טשאָרבאַדזשאָגלאָ האָט זיך אָנגעהויבען צו דערמאַנען און אויסצורעכענען דיא בעריהמטע גנבים, וועלכע ער קען.

— מישאַ.... דער פּרעסער.... דער דראָנג.... דער אויער.... דער שטריק.... יאָ, איך קען זיי אייך שיקען, ווען איהר דאַרפט זיי. אין דער פּאָליציי אָבער וועלען זיי ניט געהן, איהר קענט זיי זעהן נור דאָ ביי מיר. איהר ווייסט, וויא פאַרזיכטיג זיי זיינען. איהר מוזט קומען אהער פאַרשטעלט און אויב דאָס שטיקעל אַרבייט, וואָס איהר ווילט זיי געבען, וועט זיין גוט בעצאָהלט, וועלען זיי עס געוויס טהאָן. איך קען אייך רעקאָמאַנדירען דעם פּרעסער. ער איז פעהיג און טיכטיג, טהוט זיין אַרבייט גוט און גיך און דיא הויפּטזאַכע — ער האָט פיינד צו פּלוידערן.

— זעהסט דו, פריינד טשאָרבאַדזשאַגלאָ, וויא ניצליך דו קענסט אונז זיין,

האט אשינאוו געזאגט פריינדליך. ווען דיא ארבייט וועט זיין פערטיג, וועסט דוא ערשט זעהן, וויא דיא געהיים־פּאָליציי קען דאנקבאר זיין. דוא וועסט דערצו ניט דערלעגען. איך וויל אויך, אז קיינער זאל ניט וויסען, ווער איך בין. דאס איז א געהיימנים פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. — דוא פערשטעהסט מיך?

— איך פערשטעה אייך גאנץ גוט, האט טשאָרבאדזשאָגלאָ געענטפערט. איהר קענט זיך אויף מיר פערלאזען.

— אלזאָ, מאָרגען ביי נאכט אום צוועלף אוהר. וואוהין זאל איך צוקומען?

— צום הינטער טהירעל לעבען דער נעווא. דארט זאלט איהר געבען צוויי קלעפּ אין דער טהיר און ווען מען וועט אייך פרעגען: ווער איז דארט? זאלט איהר ענטפערן: „פייער און וואסער".

אשינאוו האט געגעבען טשאָרבאדזשאָגלאָ דיא האנד צום אבשיעד און איז אוועקגעגאנגען העכסט צופריעדען, וואס ער האט ענדליך געפונען א מיטעל, וויא אזוי לויז צו ווערן פון זיין צרה.

דעם אנדערן אויף דער נאכט, פּונקט אום צוועלף אוהר איז א דיקער מאן אנגעטהאן, וויא א רוסישער רייכער קויפמאן צוגעקומען צום הינטער טהירעל פון טשאָרבאדזשאָגלאָ'ס הויז. ער האט געגעבען צוויי קלעפּ אין דער טהיר, אן אלטע פרוי האט אביסעל געעפענט דאס טהירעל, האט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געפרעגט:

— ווער איז דאָ?

— פייער און וואסער, האט דער מאן געענטפערט.

— קומט אריין, האט דיא אלטע מכשפה געזאגט.

אין הויף איז געוועזען פינסטער. דער גאנצער הויף איז געוועזען פארלעגט מיט לעדיגע פעסער און קאסטענס. דער מאן האט ניט געזעהן, וואוהין צו געהן. דיא אלטע האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם דורכגעפיהרט דורכ'ן הויף. זיא האט איהם ארויפגעפיהרט אויף א טרעפּ, האט געעפענט א צימעריל און האט איהם אריינגעלאזען.

— ווארט דא א וויילע, דער מאן וועט באלד קומען, האט זיא געזאגט און איז פערשוואונדען געווארען.

אשינאָוו האט זיך אומגעקוקט, — אונזערע לעזער האבען געוויס דעררעטהען, אז דאס איז געוועזען אשינאוו — אין צימעריל איז געשטאנען נור א טישעל מיט צוויי הילצערנע שטוהלען. אויפ'ן טישעל האט געברענט א קליין לעמפּעלע און אזוי שטארק איינגעצוויגען, אז אין צימעריל איז געוועזען האלב דונקעל.

— ער פערשטעהט זיין זאך, דער אלטער טשאָרבאדזשאָגלאָ, האט אשינאָוו געזאגט צו זיך אליין. דאס צימעריל איז איינגעריכטעט אזוי גוט, אז נור גנבים און מערדער קענען דא אפּהאלטען א פערזאמלונג. — אָבער וואס לאזט ער מיך אזוי לאנג ווארטען?

ער האט געווארט ניט לאנג. באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און א הויכער, שטארקער קאצאפּ איז אריין אין צימער, האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דעם פרעמדען.

— אלזאָ, איהר דארפט מיך האבען? האט ער געפרעגט אהנע צובעגריסען און אהנע זיך צו פענייגען פאר איהם. — זאגט, וואס דארפט איהר?

אשינאוו האט איהם בעטראכט פון קאפּ ביז אין דיא פיס. — אזוי? דאס איז דער פרעסער? האט ער זיך געטראכט. דער נאמען פאסט איהם זעהר גוט. אזא מענש קען אויפפרעסען אן אָקס.

— זעצט אייך, וועלען מיר רעדען, האט ער געזאגט צום פרעסער.

— איך קען מיין שטעדטעל בעשטעהן, האט דער פרעסער געענטפערט. ווען איך רעד פון געשעפטען, האב איך פיינט צו זיצען. אויסערדעם האב איך קיין צייט ניט, איך בין הונגעריג און מוז געהן עסען.

— איך האב מיט אייך א געשעפט צו מאכען און וויל וויסען, וואס איהר וועט פערלאנגען פאר אייער ארבייט. עס האנדעלט זיך דארום, אז א געוויסע פערזאן, וועלכע מען וועט אייך אָנוויזען, זאל פערשווינדען.

— איז דאס א מאן אָדער א פרוי?

— עס איז א פרוי.

— און וויא זאל זיא פערשווינדען? דורך פייער, וואסער, בליי אָדער אייזען?

— המ!.... האט געזאגט אשינאָוו. פייער מאכט צופיעל רעש.... בליי און אייזען — בלוט.... א שפור.... דאס טויג ניט. דאס בעסטע איז וואסער.

— ביי מיר איז רעכט וואסער, האט דער פרעסער געזאגט. זאגט מיר נור, ווען עס זאל געשעהן און איהר מעגט רוהיג שלאפען. דיא פערזאן וואס איהר וועט מיר אנווייזען, וועט ניט זיין דורשטיג.

— וואס וועט מיך דאס שטיקעל ארבייט קאסטען? האט אשינאוו געפרעגט רוהיג, גלייך וויא עס וואלט זיך געהאנדעלט אום א גאנץ געוועהנליך געשעפט.

— צוויי טויזענד רובעל, האט דער פרעסער געזאגט.

— צוויי טויזענד רובעל? האט אשינאוו אויסגערופען. דאס איז זעהר טהייער!

— איך קען ניט ביליגער. סעבע דראָזשע סטאָיט (עס קאסט מיך אליין טהייערער)!

— וואס רעדט איהר? צוויי טויזענד רובעל! דאס איז דאך א גאנצעס פערמע-גען! דאס איז טהייער! איך קען ניט געבען אזוי פיעל!

— וויא איהר ווילט! האט דער פרעסער געענטפערט. איך האב דיא סחורה, איהר האט דאס געלד.

זיי האבען זיך אוועקגעציינערט נאך איינעגע צייט און האבען זיך ענדליך אויס-געגלייכט פאר צוועלף הונדערט רובעל. פיער הונדערט זאל ער איהם געבען שוין אלס האנדגעלד און דעם רעסט, ווען דיא ארבייט וועט זיין פערטיג. ווען זיי האבען אלעס אָפּגערעדט, האט אשינאָוו געזאָגט צום פרעסער:

— איבערמאָרגען פאר נאכט זאלסט דוא זיך געפונען אויף דער פאָנטאַנקא לעבען אָפיצערסקאיא שטראסע. דארט וועט מען דיר וויזען דיא פערזאן וועלכע דארף פערשוואונדען ווערן. עס וועט צוקומען איינער, וועט דיר א קלאפּ טהאן אין דער פלייצע און וועט דיר זאגען: פייער און וואסער. דערביי וועט מען דיר אנווייזען דיא פערזאָן.

— איהר מעגט זיך אויף מיר פערלאזען, האט דער פרעסער געזאגט, איהר וועט זיין צופריעדען מיט מיר. יעצט בין איך הונגעריג, טאמער וואלט איהר מיר געהייסען געבען עפּעס עסען?

אשינאוו האט געהייסען איהם געבען עסען, האט איהם אפּגעצעהלט דיא פיער הונדערט רובעל און איז אוועקגעגאנגען דורכ'ן הינטער טהירעל. קיינער האט איהם ניט געזעהן, קיינער האט איהם ניט דערקענט, קיינער האט ניט געוואוסט, אז דער שעף פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי האט נור וואס געדונגען א מערדער צו טוידטען זיין אייגענע פרוי. ער איז געגאנגען א היים צופריעדען און בערוהיגט. ווען ער איז געקומען א היים און האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דיא מאסקע, האט ער געזאגט צו זיך אליין:

— דוא ווילסט קעמפּפען מיט מיר, באקונין? דא וועלען מיר זעהן, ווער עס וועט זיעגען. איך בין ניט מעזענצאָוו, וועלכער האט ליעב געהאט צו שאפען זיך מיט אנדערע. איך טהו אלעס אליין. וואַרט! דוא וועסט נאך אויך אמאָל אריינפאלען אין מיינע הענד. איך וועל מיך נאך מיט דיר אויך אָפּרעבענען.

אקסיניא האט געהאלטען ווארט. אויפ'ן דריטען טאָג איז זיא געקומען נאך ענטפער. אשינאָוו האט זיך אין גאנצען אומגעביטען. עס איז שוין גאר ניט געווען דער זעלבער מענש, וואס מיר האבען געזעהן מיט דריי טאָג צוריק. ער האט זיא אויפגענו־מען גאנץ פריינדליך, אין זיינע אויגען האט געגלאנצט דיא אלטע ליעבע צו איהר. ער האט זיא געבעטען זיצען לעבען זיך און האט איהר געזאגט מיט א שטימע פול ליעבע און טרייהייט:

— ענטשולדיג מיר, אקסיניא, וואס איך בין געווען אזוי הארט געגען דיר מיט דריי טאג צוריק. איך בין דאמאלס געווען אויפגערעגט, ווייל איך האב געהאט אן אונאנגעהמליכקייט אין דער קאנצעלאריע. איך האב מיך איבערלעגט און בערייע, וואס איך האב דיר דאמאלס געזאגט. איך ווייס, אז דוא ליעבסט מיך און ביסט מיר טריי. איך בין ענטשלאָסען צו נעהמען דיךמיט דיא קינדער. מיר וועלען נאך גליקליך זיין און פערגעסען דיא אונצופריעדענהייטען און דיא שלעכטע צייטען, וואס דוא האסט געהאט.

אקסיניא האט זיך צוואר געוואונדערט, וואס אשינאוו האט זיך פּלוצלונג אזוי געענדערט. זיא האט איהם אנפאנגס ניט געוואלט גלויבען. אשינאוו אָבער האט אזוי גוט געשפּיעלט דיא ראלע פון א ליעבענדען, אז דיא איינפאכע, ניט שטארק איבער־געשפּיצטע אקסיניא האט איהם ענדליך געגלויבט. זיא האט ענדליך אויסגעפיהרט, וואס זיא האט געוואלט. איהרע קינדער וועלען האבען א פאטער און זיא וועט האבען א היים. ווען אשינאוו האט געזעהן, אז אקסיניא האט זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט און האט וויעדער צו איהם געפאסט דאס אלטע צוטרויען, האט ער איהר געזאגט:

— יעצט מוזען מיר זעהן זיך איינריכטען א הויז מיט מעבעל, וויא עס פּאסט דעם אָבער־פּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג. איך קען יעצט ניט וואָינען מיט מיין פאַ־מיליע אין דריי קליינע צימערליך, וויא מיר האבען אמאָל געוואָינט.

— ביי מיר איז רעכט צו וואינען אויך יעצט אין דריי צימערליך, האט אקסיניא געענטפערט. איך פערלאנג ניט קיין גליקען, איך פאָדער ניט קיין פּאלאצען מיט

דיענער, מיט לאַקייעס. איך ווינש מיר א שטילע, רוהיגע וואָינונג, וואו עס זאל הערר־שען ליעבע און פריעדען.

— פאר מיר איז דאס אָבער אונמעגליך, ליעבע אַקסיניא, האט אשינאוו געזאגט שטאלץ. מיין טשין, מיין שטעלע אלס אָבער־פּאָליצמייסטער פון פּעטערבורג פאָרדערט, אז איך זאל בעוואָינען א גרויס הויז און זאל האלטען דיענער און לאַקייען. איך מוז מיר דאס אלעס פערשאפען, זאנסט ווערט מען פאר מיר קיין דרך ארץ ניט האבען. מען וועט זאגען, ער איז עפּעס א שלעפּער.

אַקסיניא האט געשוויעגען. זיא האט איינגעזעהן, אז איהר מאַן האט רעכט און האט איינגעוויליגט אויף אלעס.

— יעצט איז שוין צושפּעט, האט אשינאוו ווייטער געזאגט. קום אהער מארגען פארנאכט, ווען איך ענדיג אלע מיינע געשעפטען, וועל איך געהן מיט דיר ווייזען דיר דאס הויז, וואס איך וועל דינגען. מיר וועלען געהן אנקוקען מעבעל און אנדערע נייטהיגע זאכען פאר אונזער ווירטהשאפט. געוויס וועלען נאך פערגעהן עטליכע טעג, איידער מיר וועלען קענען זיך אריינציעהען אין דיא נייע וואָינונג, אָבער דוא האסט אזוי לאנג געווארט, וועסט דוא שוין מוזען ווארטען נאך עטליכע טעג.

זיי האבען נאך ווייטער גערעדט, אשינאוו איז געווארען אלץ פריינדליכער, אלץ ליעבענדער. אַקסיניא — אלץ צוטרוילעכער און נאכגעביגער, ביז צו לעצט האט א לאנ־גער קוש געשלאסען דעם נייעם בונד, אַקסיניא האט זיך איבערגעבעטען מיט איהר מאַן.

דעם אנדערן טאָג פארנאכט איז זיא געקומען פּינקטליך אין דער צייט, וואס זיי האבען אָפּגערעדט, אז זיי זאלען געהן אַנקוקען דיא נייע וואָינונג. אשינאָוו איז גע־ווען אזוי פריינדליך, וויא געכטען ער האט איהר דערצעהלט אז ער האט אויסגעפונען א פּאסענד הויז צו דינגען אויף דער פאָנטאַנקא, דאס איז גאר ניט ווייט פון דאנען. אזוי וויא ער האט יעצט קיין צייט ניט, האט ער זיא געבעטען, זיא זאל אליין געהן. אלס זיכערהייט וועט ער שיקען מיט איהר זיין דיענער. ער וועט זיא ערווארטען צוריק דא ביי זיך. דערביי האט ער זיא זעהר געבעטען, אז זיא זאל באלד צוריק קומען און זאל איהם זאגען, וויא דאס הויז געפעלט איהר. ווען עס וועט נאך זיין צייט, וועלען זיי פאהרעןביידע אנקוקען מעבעל ביי א מעבעל הענדלער. אַקסיניא האט זיך געלאזט איינרעדען און איז געגאנגען אנקוקען דאס הויז.

קוים איז זיא ארויסגעגאנגען, האט אשינאָוו באלד זיך איבערגעטהאן אלס א בעטלער און איז ארויס דורך א הינטער טהיר. ער איז געלאָפען אויף דער פאָנטאַנקא און האט דארט געטראָפען דעם פרעסער שטעהן אין א ווינקעל, וויא זיי האבען אָפּגע־רעדט. אַקסיניא האט אָנגעקוקט דאס הויז, וועלכעס איז איהר זעהר געפעלען. זינט זיא לעבט, האט זיא נאך אין אזא הויז ניט געוואָינט. זיא האט בעטראַכט אלע צימער און איז געגאנגען צוריק א היים זאגען איהר ליעבען מאַן, אז דאס הויז געפעלט איהר. זיא איז געווען אזוי פול מיט פרייד אז זיא האט ניט בעמערקט א הויכען, דיקען מאַן, וועלכער איז געשטאנען אין א ווינקעל אנגעשפּארט אַן א לאַנטערנע. א בעטלער איז צוגעקומען צו איהם, האט איהם אנגעקלאַפּט אין דער פּלייצע און האט איהם געזאגט אויפ'ן אויער: „פייער און וואסער“.

עס זיינען פערגאנגנען נאך עטליכע טאג. אשינאוו האט אלץ קיין צייט ניט געהאט צו פאהרען מיט איהר איינקויפען מעבעל און ווירטהשאפט. ער האט איהר נור דער־צעהלט, אז ער האט שוין געדונגען דאס הויז, אז מען דארף עס צו רעכט מאכען, אז עס דארף נאך געדויערן. פלוצלונג איז אקסיניא פערשוואונדען געווארען.

מיט א פאר טאג שפעטער האט מען געמעלדעט אין דער פאליציי, אז דיא פישער אויף דער נעווא האבען ארויסגעשלעפט פון וואסער דעם קערפער פון א יונגער פרוי. אשינאוו איז באלד געפאהרען זעהן, ווער דאס איז. ווען ער האט דערזעהן, אז דאס איז אקסיניא, האט ער א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפער.

— דוא האסט עס אזוי געוואלט! האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער.

ער האט געהייסען, אז מען זאל זיא אוועקפיהרען אין האספיטאל און מען זאל זיא באלד בעערדיגען. ער האט פערזארגט זיינע קינדער אויך, ער האט זיי אריינגעגעבען אין וויזען הויז, וואו ער האט ערקלערט, אז זייער מוטער האט זיך דערטרונקען און זיי זיינען געבליעבען יתומים אהן א פאטער און אהן א מוטער.

## 81טעס קאפיטעל.

## נאך אמעריקא!

ווען דער אדוואקאט איז אוועקגעפאהרען און הוגא, יעליסאוועטא און נאטאליע זיינען געבליעבען וויעדער אליין, האט זיך הוגא געווענדעט צו נאטאליע'ן און האט איהר געזאגט:

— דוא וואונדערסט זיך, פארוואס איך האב דיך געבעטען זאלסט אננעהמען דאס געשענק פון מיין פאטער איך וועל דיר עס באלד דערקלערן. ווען דוא נעהמסט עס ניט אן, וואלט עס געבליעבען אין דער קאזנאטשייסטווא, דיא רעגיערונג וואלט עס צוגענומען. וואס וועלען מיר דערפון האבען? יעצט אבער, ווען דוא האסט עס אנגע־נומען, קענסט דוא טהאן דערמיט, וואס דוא ווילסט. דוא קענסט עס אוועקשענקען, וועמען דוא ווילסט, קענסט עס אוועקגעבען, אוועקווארפען, איבערגעבען, אדער לאזען עס, וויא עס איז. איך וואלט געזאגט, אז אזוי וויא דוא האסט געשווארען, אז דוא זאלסט עס ניט אנריהרען, זאלסט דוא עס אוועקגעבען וולאדימיר'ן. —

— דאס וועל איך ניט דערלאזען! האט יעליסאוועטא אויסגערופען. איך וויל ניט, איינער זאל אמאל דענקען פון מיר, אז איך בין געקומען צו מיין פאטער צוליעב זיין פערמעגען; איך וויל ניט, אז מיין פאטערס טעסטאמענט זאל געענדערט ווערן; איך וויל ניט, אז איינער זאל אמאל מיינען, אז יעליסאוועטא פאן פאהלען איז געקומען בעטען און וויינען פאר איהר פאטער, ער זאל איהר פערצייהען נור דערפאר אום צו ערווערבען א פערמעגען פאר איהר קינד. — ניין! איך האב איין מאל געזאגט, אז מיין קינד זאל זיך אליין דורכברעכען א וועג אין זיין לעבען און דערביי בלייבט עס!

הוגא האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן און וואס פאר אן עצה זיך צו געבען. ער האט בעטראכט מיט פערוואונדערונג דיעזע צוויי שטאלצע פרויען. קיינע וויל ניט אננעהמען א פערמעגען, אויף וועלכען זיא האט קיין רעכט ניט.

— ווייסט איהר וואס? האט ער ענדליך געזאגט, לאמיר זיך פערלאזען אויף

באקונין. ער וועט ענטשיידען און וויא ער וועט זאגען, אזוי וועט בלייבען: איך האב איהם געשריעבען אלעס, וואס דא איז פארגעקומען און ערוואַרט פון איהם ענטפער. מעגליך, אז ער וועט אליין קומען אהער און ער וועט אונז זאגען, וואס מיר זאלען טהאָן.

— אויף באקונין וועל איך מיך פערלאזען, האט יעליסאוועטא געענטפערט, וואס ער וועט אונז הייסען, וועלען מיר טהאן.

נאטאליע איז דערמיט אויך געווען פאלקאמען איינפערשטאנדען. זיא האט צוואר באקונינען ניט געקענט, זיא האט אבער געהערט פון איהם אזוי פיעל גוטעס, אז זיא איז געווען בערייט צו פאלגען, וואס ער וועט איהר הייסען.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע טעג און פון באקונין איז נאך אלץ קיין בריעף ניט אָנגעקומען.

הוגאָ פלעגט זעהר אפט ארומגעהן מיט נאטאליע'ן אין גרויסען פארק, איהר דערצעהלען פון זיינע רייזען מיט באקונין, פון זיין טהעטיגקייט אלס ניהיליסט, וויא אפט ער האט זיך געמוזט פערשטעלען און וויא אזוי ער האט זיך פערשטעלט. נאטאליע פלעגט איהם אויכהערן מיט פערגניגען, פלעגט איבערפרעגען איבער יעדע קלייניגקייט און פלעגט איהם בעטראכטען מיט שטוינען. — זיא האט אויך איבערגעלעבט און איבערגעליטען זעהר פיעל; זיא איז אָבער שטענדיג געווען געצוואונגען דערצו, זיא האט זיך ניט פרייווילינ אויסגעזעצט דיעזע אלע געפאהרען. דיא שווערע נויט, דיא אייזערנע נאטהווענדיגקייט האבען זיא געדריקט און געפרעסט. דא אבער זעהט זיא פאר זיך א מענשען, וועלכער האט געזוכט דיא געפאהרען, א מענשען וועלכער האט געשפיעלט מיט זיין לעבען, וויא א קינד שפיעלט זיך מיט א באלל. א מענשען, וועלכער האט זיך אריינגעוואָרפען אין שטראם פון עלענד און ליידען. — און צוליעב וואס?

— וואו נעהמט איהר דיעזע קראפט? האט זיא איהם אמאל געפרעגט. פון וואנען שעפט איהר דיעזען מוטה, דיעזע ענערגיע צו ליידען און צו קעמפפען? וואו נעהמט איהר דיעזע בעגייסטערונג, דיעזען שטאלץ און דיעזע לעבענספעראכטונג?

— דיא ליידען פון'ם רוסישען פאלק איז דיא איינציגע קוועלע, פון וואנען מיר שעפען מוטה, בעגייסטערונג און ענערגיע, האט הוגאָ געענטפערט. דוא קענסט ניט רוסלאנד, ליעבע נאטאליע, דוא ווייסט ניט, אין וואס פאר א שווערע קייטען עס ליעגט געשמידט. דיא שווערע אייזערנע קייטען האבען שוין אראָפגעריסען דאס פלייש פון'ם אונגליקליכען פאלק און רייבען איהם יעצט דיא ביינער. דאס אונגליקליכע פאלק פיהלט זיין שמערץ, עס קרעכצט, עס זיפצט און קיינער הערט עס ניט. קיינער וויל עס ניט הערן. הער זיך צו צו א רוסישעם פאלקס ליעד, ווערסט דוא פערשטעהן, וואס פאר א יאָמער, וואס פאר א ביטערע קלאגען עס הערט זיך אין יעדעס ווארט, אין יעדע נאטע, אין יעדע מעלאָדיע! הער דיך צו צום ליעד, וואס דער יאמשטשיק זינגט, ווען ער טרייבט אן דיא פערד; לעג צו דיינע אויערן צום ליעד, וואס דער בויער זינגט, ווען ער ארבייט אויפ'ן פעלד; זיי אויפמערקזאם אויף דיא ליעדער, וועלכע דיא דארפס־מעדכען זינגען, ווען זיי פערזאמלען זיך אויף דער נאכט אין א הויז שפיגען וואָל אָדער פליעקען פעדערן — הער זיך צו צו דיעזע ליעדער און דוא ווערסט איינזעהן, וואס פאר א טרויער, וואס פער א שווער הערצרייסענדע נויט און עלענד זיי דריקען אוים:

עס איז קיין וואונדער, וואס פיעלע רוסישע פאלקס דיכטער, וויא ניקיטין, קאָל־צאוו, קאָזלאָוו און אנדערע זיינען געשטארבען גאנץ יונג: זיי האבען געפיהלט דיא ליידען פון׳ם רוסישען פאלק און דיעזעס געפיהל האט זיי יונגערהייט געטריעבען אין דער ערד. אנדערע גרויסע דיכטער, וויא שעווטשענקא און נעקראסאָוו זיינען געוואָרען שיכּורים און האבען זיך דערטרונקען ניט אין וואסער, זאנדערן אין וואָדקי. זייער פיהלענדעס הערץ האט עס ניט געקענט אויסהאלטען און זיי האבען געזוכט צו פער־געסען זיך אין דער איינציגער רוסישער רפואה — שנאפּס.

הוגאָ האט גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא בעגייסטערונג, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא פון נאטאליעס אויגען האָבען זיך געגאסען טייכען טרערין.

— איך האב עס ניט געוואוסט אזוי ווייט, האט זיא געזאָגט, וויא צו זיך אליין, איך בין ביז אהער צופיעל געווען בעשעפטיגט מיט מיינע אייגענע ליידען. איך האב אויך ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו קענען דאס רוסישע פאלק. מיין שיקזאל איז אזא זאנדערבארער, אז איך האב שטענדיג געהאט גענוג פאר זיך צו טהאן און האב ניט געקענט דענקען פון אנאנדערן.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אוועקגעגאנגען און האט זאגאר קיין אבשיעד פון איהם ניט גענומען, גלייך וויא זיא וואלט זיך געשעהמט פאר איהם. ער איז איהר פארגעקומען, וויא א העלד, וויא א הייליגער, וועלכער אָפּפּיערט זיך אויף פאר אנדערע. וואס איז זיא אָבער? — איין איינפאכעס, אונוויסענדעס מעדכען. הוגאָ האט זיא ניט צוריקגעהאלטען. זיין רעדע האט אויף איהם אליין געווירקט אזוי שטארק, אז ער האט פערגעסען אלעס אין דער וועלט און האט געדענקט נור אן דאס ליידענדע רוסישע פאלק.

וואונדערבאר, וואס באָקונין האט אין א קורצע צייט געמאכט פון דיעזען לייכט־זיניגען מענשען! אונזערע לעזער, וועלכע האבען קענען געלערענט הוגאָ פאָן פאהלען אין דיא ערשטע קאפּיטלעך פון אונזער ערצעהלונג, וואלטען איהם יעצט ניט דערקענט, ווען מען זאל זיי ניט זאגען, אז דאס איז דער זעלבער גראף פאהלען. פון א לייכטזיני־גען, פרעהליכען, פערדארבענעם יונגען אריסטאָקראט איז געווארען א מענש, א העלד, אַ פרייהייטס קעמפּפער. אזא וואונדער האט געקענט מאכען מיכאאיל באקונין. זיין גייסט, זיין שטארקער כאראקטער און זיין ביישפּיעל האט געווירקט אויף זיינע פריינד, אויף זיינע שילער און אויף אלעמען, וועלכע האבען איהם געקענט. אזא גייסט האבען געהאט אלע גרויסע לעהרער פון דער מענשהייט, וועלכע האבען דער גאנצער וועלט געגעבען אנאנדערע ריכטונג.

דעם אנדערן טאָג אום צעהן אוהר אין דער פריה האט הוגאָ געזוכט נאטאליע׳ן אין הויף און אין פּארק און האט זיא ניט געפונען. דאס האט איהם זעהר געוואונדערט. ער פלעגט זיא שטענדיג טרעפען ביים פריהשטיק, זיי פלעגען פריהשטיקען צוזאמען און דאן געהן שפּאציערען; היינט האט ער זיא ניט געטראָפען ביים פריהשטיק, ניט אין פּארק.

— פיעללייכט איז זיא קראנק, האט ער געזאגט און איז געגאנגען זיא זוכען.

ער איז אריינגעגאנגען אין איהר צימער — זיא איז דארט ניט געווען. ער איז געגאנגען אין דיא אנדערע צימער און האט זיא דארט אויך ניט געטראפען. ענדליך,

איז ער געקומען אין בילדער זאל און האט זיא געפונען שטעהן פאר זיין בילד, דיא הענד צונויפגעלעגט, פערטראכט, נור איהרע ליפען האבען עפּעס געמורמעלט. זייט ער איז געווען אין זיין פאָטערס שלאָס, איז ער נאך קיין מאל ניט געווען אין בילדער זאל. ער האט ניט געהאט דיא געלעגענהייט דערצו און עס איז איהם גאר ניט איינגעפאלען צו געהן אנקוקען דעם בילדער זאל. וויא ערשטוינט איז ער דאהער געווען, ווען ער האט יעצט דערזעהן, אז אלע בילדער שיינען אין זייערע גאָלדענע ראהמען, נור זיין בילד איז פערהאנגען מיט א שווארצעם טוך און דאך איז דאס בילד בעהאנגען מיט פרישע בלומען!

הוגאָ האט באַלד פערשטאנען, ווער עס האט פערהאנגען זיין בילד מיט א שווארצעם טוך. דאס האט קיינער ניט געקענט טהאן אויסער זיין פאטער. דאס איז געוויס זעהר טרויעריג. ער איז שוין אבער א ביסעל געוואוינט געווארען מיט דעם גע־דאנקען, אז זיין פאטער האט איהם געאורטהיילט צו שטרענג, אז ער האט ניט געוואוסט, וויא ער האט זיך אין דער לעצטער צייט אין גאנצען געענדערט. א גאנץ אנדערעס געפיהל האט דערוואַרמט זיין הערץ, ווען ער האט דערזעהן דיא פרישע בלומען ארום זיין בילד. דאס קומט פון נאטאליע'ס הענד.

— זיא ליעבט מיך! האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיא האט בעקרענצט דאס בילד פון'ם פערוואָרפענעם און פערשטויסענעם הוגאָ מיט בלומען. זיא שטעהט יעצט פאר מיין בילד און מורמעלט מיר צו ליעבע!

ער איז אריינגעגאנגען אין זאל אזוי שטיל, אז נאטאליע האט איהם ניט בעד־מערקט. זיא איז נאך אלץ געשטאנען פאר זיין בילד פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. הוגא האט זיא בעטראכט אייניגע מינוט מיט פערוואונדערונג. ענדליך האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער איז צוגעגאנגען צו איהר שטילערהייט און האט ארויס־געהויכט איהר נאָמען — נאטאליע!

נאטאליע האט א ציטער געטהאן, האט זיך אומגעקוקט און איז רויט געווארען. זיא האט זיך פערשעהמט, וואס הוגאָ האט זיא געטראָפען שטעהן פאר זיין בילד.

— הוגאָ! איהר זייט עס? האט זיא געזאגט, וויא פערוואונדערט.

— איך בין עס, ליעבע נאטאליע! האט הוגאָ אויסגערופען. איך בין עס געקומען דיר זאגען, אז איך ליעב דיך! ווילסט דוא מיך בעגלייטען אויפ'ן וועג פון מיין לעבען? ווילסט דוא טהיילען מיט מיר פרייד און לייד? ווילסט דוא געהן מיט מיר אויף מיין וועג פול מיט דערנער און מיט שטיינער און זיין מיין פרייד, מיין לעבען, מיין ליעבע?

נאטאליע האט ניט געענטפערט. זיא האט אריינגעלעגט איהר האנד אין הוגאָ'ס האנד. הוגאָ האט צוגעדריקט איהר האנד און האט זיא ארומגענומען.

— מיר וועלען נאך גליקליך זיין, נאטאליע! האט ער געזאגט און א ווייכע, מילדע, טרויעריגע נאטע האט געקלונגען אין זיין שטימע. מיר וועלען נאך גליקליך זיין, ווען דיא טיראנען וועלען פאלען און פרעהליכע, גליקליכע און פרייע מענשען וועלען אטהעמען פריי אין „הייליגען" רוסלאנד!

— איך בין גליקליך אין דיין ליעבע, האט נאטאליע געזאגט שטילערהייט. וואס

קען טהאן פאר דיא פרייהייט אזא שוואכע פרוי, וויא איך? דוא, הוגאָ, דוא ביסט דער שטארקער, דוא ווערסט ווירקען, דוא וועסט שאפען און איך וועל דיר העלפען, וויא פיעל מיינע שוואכע קרעפטע וועלען מיר ערלויבען.

זיי זיינען געגאנגען זוכען יעליסאוועטא׳ן און איהר דערצעהלען פון זייער ליעבע, פון זייערע פּלאנען פיר דיא צוקונפט און וואס זיי געדענקען יעצט צו טהאן.

יעליסאוועטא איז געזעסען מיט וולאדימיר׳ן אין עס צימער. ער האט נור וואס אפגעגעסען פריהשטיק און זיא האט געוואלט אויסהערן דיא לעקציאן, וואס זיא האט איהם נעכטען אויפגעגעבען, ווען הוגאָ און נאטאליע זיינען אריינגעקומען אין צימער. יעליסאוועטא האט באלד בעמערקט דיא פרייד, וואס האט געשטראהלט אויף זייערעביידע געזיכטער און האט פערשטאנען, וואס צווישען זיי איז פאָרגעקומען.

— איך שטעל דיר פאר מיין בראוט, האט הוגאָ געזאגט צו זיין שוועסטער.

יעליסאוועטא איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל און האט זיי ביידען ארומגע־נומען און געקושט.

— איך ווינש אייך גליק, ליעבע און פרייד! האט זיא געזאגט. דוא, הוגאָ, האסט געפונען א גוטעס, עדעלעס מעדכען, וועלכע וועט זיין דיין טרייע לעבענסגעפעהרטין און דוא, נאטאליע, האסט געפונען א מאן, וועלכער וועט דיך ליעבען און שעצען. איך בין שוין לאנג ארומגעגאנגען מיט דעם געדאנקען, אז איהר ביידע פאסט איינער צום אנ־דערן, אז איהר וועט ביידע גליקליך זיין און איך שעץ מיך גליקליך, ווען איך זעה, אז מיין האפנונג איז מקוים געווארען.

— איך דאנק דיר, שוועסטער, פאר דיינע גליקווינשע, האט הוגאָ געזאָגט.

— אויך איך דאנק אייך פון טיעפען הערצען פאר אייערע גליקווינשע און פאר אייערע פריינדליכע ווערטער, האט נאטאליע געזאגט און איז רויט געווארען.

— אלזאָ, יעצט בלייבסט דוא שוין אין רוסלאנד און פאהרסט ניט קיין אמע־ריקא? האט יעליסאוועטא געפרעגט.

— ניין, שוועסטער! מיין ענטשלוס איז געפאסט, איך וועל איהם ניט ענדערן. איך פאהר קיין אמעריקא און וועל מיטנעהמען מיין ליעבע, טהייערע נאטאליע׳ן מיט מיר.

— איך האב געמיינט, אז יעצט וועסט דוא שוין בלייבען אין רוסלאנד און וועסט פאָרטזעצען דיינע טהעטיגקייט צוזאמען מיט נאטאליע׳ן.

— איך קען ניט, שוועסטער! איך בין מיעד פון דעם הארטען שווערען קאמפף, איך מוז מיך אויסרוהען, איך מוז פערברענגען איינינע צייט אונטער א פרייערן הימעל צווישען פרייערע מענשען און אין אנדערע לעבענסבעדינגונגען. מען ווערט מיעד צו זעהן בעשטענדיג נויט אין עלענד; מען ווערט מיעד צו זעהן בעשטענדיג א זשאנדארם הינטער דיא פּלייצעס; מען ווערט מיעד צו הערן שטענדיג זיפצען און קרעכצען. מען ווערט מיעד צו זעהן, וויא אלע מענשען רעכטע ווערן געטרעטען מיט דיא פיס — מען מוז זיך אויסרוהען מען מוז ענדערן דעם קלימאט. עס ציעהט דאס הערץ צו פאהרען אין א יונגעס לאנד, וועלכעס האט אזוי מוטהיג געקעמפפט פאר זיין פרייהייט. עס רייסט מיך אהין, וואו מען ווייס ניט פון קיין זעלבסט הערשער, קיין קייסער, קיין זשאנדארם, קיין סיביר און קיין געהיים פּאָליציי. איך וויל אמאָל לעבען אין דער ליעבער

פרייער גאטור, איך וויל אמאל לעבען צווישען פרייע, גלייכע מענשען.

— האסט דוא געפרעגט נאטאליע׳ן, אויב זיא וויל פאהרען מיט דיר?

— איך האב זיא ניט געפרעגט. איך בין אבער זיכער, אז נאטאליע וועט אויך צופריעדען זיין צופערגעסען אן סיביר מיט זיינע שנעע־פעלדער, מיט זיינע קאמענדאנטען, מיט זיינע ארעסטאנטען, מיט זיינע קאזאקען און היידעמאקען. — זאג, נאטאליע, ווילסט דוא פאהרען מיט מיר קיין אמעריקא?

— איך וועל פאהרען מיט דיר, וואוהין דוא ווילסט, האט נאטאליע געענטפערט. וואס האט מיר באנק צוטהאן רוסלאנד? וועמען האב איך אין רוסלאנד? מיין מוטער ליעגט פערשארט אין דיא שנעע־פעלדער פון סיביר, מיין פאטער שלאפט רוהיג דא אויפ׳ן פריעדהאף. ער איז דער גליקליכסטער פון אונז אלע. ער האט ניט דערלעבט צו זעהן אונזערע ליידען און אונזער ערניעדריגונג. מיין ברודער....

זיא האט ניט געענדיגט. וואס זיא האט געוואלט זאגען, טרערין האבען זיך איהר געשטעלט אין דיא אויגען. הוגא האט פערשטאנען, אז זיא שעהמט זיך מיט איהר ברודער. ער האט געוואוסט פון איהר געשיכטע. יעליסאוועטא האט איינגעזעהן, אז דא האט מען עפעס אנגעריהרט א וואונד, וועלכע שמערצט זעהר שטארק און זיא האט געוואלט ענדערן דאס געשפרעך.

— האסט דוא געלד מיט וואס צו פאהרען. קיין אמעריקא? האט זיא פלוצלונג געפרעגט הוגא׳ן.

— איך האף, אז מיינע פריינד וועלען מיך ניט פערלאזען און וועלען מיר געבען דיא מיטעל אויף דיא רייזע. אין אמעריקא אליין וועל איך מיך שוין דורכשלאגען. איך וויל דארט גרינדען א קאָלאָניע פון קורלענדער, וואו יעדער קורלענדער, פאר וועלכען דיא לופט ווערט צו שווער אין רוסלאנד, זאל קענען קומען און געפינען פריינד, ברידער, וועלכע זאלען איהם עמפפאנגען אין זייער מיטע און וואו ער זאל זיך קענען אויסרוהען און זאמלען קרעפטע צו א נייען קאמפף געגען דיא אונטערדריקער פון רוסלאנד. איך האב אמאל גערעדט איבער דיזען פלאן מיט באקונין, ער איז איינפערשטאנדען דערמיט. ער געפינט אויך, אז דיא רוסישע ניהיליסטען דארפען האבען ערגעץ א צופלוכטס אָרט (אן עיר מקלט) וואוהין זיי זאלען קענען אנטלויפען, ווען עס ווערט פאר זיי אונמעגליך צו בלייבען אין רוסלאנד. ביז אהער איז געווען דיא שווייץ דער איינציגער אָרט, וואו מיר פלעגען אנטלויפען; אהין פלעגען מיר בערופען אונזערע קאָנגרעסען און בעראטהען זיך וואס צו טהאן. זייט א געוויסע צייט אָבער איז דיא שווייץ ניט גאנץ זיכער. דיא רוסישע רעגיערונג האט געפונען אין דער שווייץ פערקויפטע מענשען, וועלכע דיענען איהר אלס שפיאָנען. דאהער וואלט געווען דאס בעסטע צו גרינדען אזא קאלאניע אין אמעריקא, וואו מיר זיינען זיכער און קענען פריי און אָפען זיך פערזאמלען און זיך בעראטהען.

— איך וואלט אויך געפאהרען מיט דיר, האט יעליסאוועטא געזאגט, ווען געוויסע אורזאכען זאלען מיך ניט אפהאלטען. איך מוז דא בלייבען, איך מוז מיך רעכען אן דעם מאן, וועלכער האט מיך אזוי בעליידיגט, אזוי ערניעדריגט.

עס זיינען פערגאנגען איניגע טעג און פון באקונין איז נאך אלץ קיין בריעף ניט

געקומען. הונא האט גאר ניט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען. ער איז געווען זעהר בעזארגט, טאָמער איז איהם געשעהן עפּעס אן אונגליק. ער האט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען, וואס ער זאל טהאן. ער האט ניט געוואלט אוועקפאהרען אהנע זיך מיט איהם צו זעהן און מיט איהם אלעס איבעררעדען. עס איז איהם אָבער געווען זעהר אונאנגענעהם צו זיצען אהן א בעשעפטיגונג און צו ווארטען, ער וויים אליין ניט אויף וואס.

בעמערקענסווערטה איז דער מענשליכער כאראקטער. איינער זיצט זיך אין דער היים גאנץ רוהיג און עס לאנגווייליט איהם ניט. קוים האט ער אָבער בעשלאָסען צו פאהרען ערגעץ, וואלט ער געוואלט שוין פאהרען. יעדע מינוט איז ביי איהם א יאהר. ער לאנגווייליט זיך, ער איז אויפגערעגט, ער געפינט זיך קיין ארט ניט, ער וואלט געוואלט שוין גיכער זיין אין וועג. אלעס איז איהם צו לאַנגזאם, דיא אוהר פערשפּע־טיגט זיך, דער יאַמשטשיק שפּאנט ניט איין אזוי גיך דיא פערד. קיין זאך רייצט איהם ניט, קיין זאך פערנעהמט איהם ניט — ער וויל פאהרען! ער מוז פאָהרען!

אין אזא לאנגע איז יעצט געווען הונא פאָן פאהלען. ער האט זיך איינמאל ענטשלאסען צו פאהרען און וואלט שוין געוואלט זיין אין וועג, ער האט שוין געוואלט זעהן רוסלאנד הינטער זיך. ער האט זיך שרעקליך געלאנגווייליט און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט דער צייט.

איין טאָג איז ער געזעסען מיט נאטאליע'ן אויפ'ן באלקאָן פון'ם שלאָס און האט גערעדט מיט איהר, אז ער קען גאר ניט פערשטעהן, וואס איז געשעהן מיט באקונין, וואס ער האט פון איהם קיין נאכריכט ניט. ער איז שוין געווען פעסט ענטשלאָסען, אז קוים וועט ער נאך אכט טאָג ניט ערהאלטען פון איהם קיין נאכריכט, וועט ער פאה־רען קיין פּעטערבורג זיך זעהן מיט זיינע קאַמעראדען און פון דארט אוועקפאָהרען קיין האמבורג. ווען זיי האבען אזוי גערעדט, איז צוגעקומען צום טויער א גאנץ איינפאכע בריטשקע. א בויער איז געזעסען אויף דער קעלנע און האט אנגעטריעבען, אין דער בריטשקע איז געזעסען א קאצאפּ מיט א לאנגער באָרד אָנגעטהאן, וויא א רוסישער קויפמאן. דער קאצאפּ איז אראָפּגעשפּרונגען פון דער בריטשקע, איז צוגעגאנגען צום שלאס און האט אָנגעקלאפּט אין דער טהיר. יעליסאוועטא האט איהם געעפענט און האט געפרעגט, וואס ער דארף?

— איך פלעג שטענדיג דא קויפען קארן און בין געקומען פרעגען, אויב איהר האט היינט עפּעס צו פערקויפען.

— איך האב גאר ניט צופערקויפען, האט נאטאליע געענטפערט. דער אלטער גראף איז געשטאָרבען און דיא גיטער געהן איבער אין אנדערע הענד.

דער קאצאפּ האט אייניגע מינוט געשוויעגען, גלייך וויא ער וואלט זיך איבער־לעגט, וואס ער זאל טהאן, דאן האט ער געזאגט:

— איך בין זעהר מיעד פון דער רייזע, איהר וועט מיר ערציינען א גרויס געפעד־ליגקייט, איהר זאלט מיר ערלויבען זיך אפּצורוהען ביי אייך אפּאָר שטונדען.

יעליסאוועטא וואלט איהם געוויס ניט אפּזאגען, זיא האט אָבער ניט געוואלט, אז פרעמדע מענשען זאלען זיין אין שלאס זא לאנג הונא איז נאך דא. זיא האט גע־

וואוסט, אין וואס פאר א געפאהר ער איז אין האט מורא געהאט פאר דער געהיים־פאליציי. זיא האט איהם דאהער געענטפערט:

— דאס דארף איז ניט וויט פון דאנען, דארט געפינט זיך א גוטע קרעטשמע.

ווען זיי האבען אזוי גערעדט, איז אונטערגעקומען הוגא. ער האט געוואלט וויסען, וואס דער פרעמדער פערלאנגט. ווען ער האט דערהערט זיין שטימע, איז ער געבליעבען שטעהן עפעס פערוואונדערט: דיא שטימע איז איהם געווען בעקאנט. הוגא איז אזוי פיעל מאל שוין געווען פערשטעלט, אז ער איז געווען א גוטער מבין אויף א מאסקע. איהם האט אויסגעוויעזען, אז דער מאן איז פערשטעלט.

— אלזא, איהר האט געקענט דעם אלטען גראף? האט ער געפרעגט אום נאך אמאל צו הערן זיין שטימע.

— געוויס, האב איך איהם גענענט, האט דער פרעמדער געענטפערט. איך פלעג ביי איהם אפט קויפען קארן.

— אלזא, קומט אריין צו מיר אין צימער און רוהט אייך אויס.

ער האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין צימער. קוים זיינען זיי אריינגעגאנגען אין צימער, האט דער פרעמדער פון זיך אראפגעווארפען דיא לאנגע באָרד.

— באקונין! דוא ביסט עס, פריינד? האט הוגא אויסגערופען. יעצט איז שוין אלעס גוט! מיט וואס פאר אן אונגעדולד האב איך דיך ערווארטעט!

ער האט באלד אריינגערופען יעליסאוועטא'ן און האט איהר געזאגט:

— דערקענסט דוא דיעזען מאן?

יעליסאוועטא האט איהם ניט דערקענט. ווען זיא האט געזעהן אין עטאפ־הויז פון סיביר, איז ער געווען פערשטעלט אלס אלטער מאן און איז געגאנגען אויף קוליעס (קריוקען). זיא האט איהם בעטראכט אייניגע מינוט און האט פערצויגען מיט דיא אקסלען, גלייך וויא זיא האט געוואלט זאגען: ניין, איך קען איהם ניט.

— דאס איז מיכאאיל באקונין! האט הוגא געזאגט.

— מיכאאיל באקונין! האט יעליסאוועטא אויסגערופען. איהר זייט עס? אה! איך בין גליקליך, וואס איך קען אייך נאך אמאל זעהן, אייך דריקען דיא האנד און אייך דאנקען פאר אייער הילף און אייער טרייסט, וואס איהר האט מיר געבראכט אויף מיין טרויעריגען וועג קיין סיביר! איהר האט מיר דאמאלס פערשפראכען צו וואכען און אכטונג צו געבען אויף מיין קינד און איהר האט אייערווארט ריכטיג געהאלטען!

זיא האט גענומען זיינע ביידע הענד, האט זיי געדריקט פריינדליך, הערצליך און האט זיי ניט געוואלט אפלאזען.

— איך ברויך קיין דאנק, יעליסאוועטא, האט באקונין געזאגט. איך בין העכסט צופריעדען, וואס איהר האט ענדליך געפונען אייער קינד. יעצט ערשט וועט זיך אנהויבען אונזער ארבייט, אונזער קאמפף! — וואו איז יעצט וולאדימיר? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

יעליסאוועטא האט אריינגעבראכט וולאדימיר'ן. באקונין האט איהם גענומען צו

זיך אויף דיא קניע, האט איהם אַ קוש געטהאן אויף ביידע באַקען און האט געזאגט:

— ער איז זעהר עהנליך צו דיא ראָמאַנאָוו׳ס. ער זאל זיך רעכען אן דיא ראָמאַנאָוו׳ס! ער וועט אונז בעפרייען פון דיא טיראַנען פון רוסלאנד!

פרייד, צופריעדענהייט און גליק האבען געהערשט אין שלאָס, זייט באַקונין איז געקומען. הוגאָ האט איהם פאָרגעשטעלט זיין בראַוט, נאַטאַליע, און האט איהם דערצעהלט, אַז זיא איז בערייט צו פאהרען מיט איהם קיין אמעריקא. באַקונין מיט זיין שארף אויג האט באַלד דערקענט, וואס פאר אַ קראַפט, וואס פאר אַ העלדענמוטהע דיעזעס מעדכען בעזיצט. ווען מען האט איהם דערצעהלט וועגען גראַף פרידריך׳ס טעסטאַמענט, האט ער באַלד אויסגעפון דעם ריכטיגען וועג.

— דוא האסט גלייך געטהאן, הוגאָ, האט ער איהם געזאגט, וואס דוא האסט געבעטען נאַטאַליען׳ן זיא זאל אַנגעהמען דאס געשענק. איך האב געקענט דיין פאָטער זעהר גוט. ער איז געוועזן עדעל, גוט און גערעכט, נור אַביסעל צו שטאָלץ. ער האט געטראָגען אין הערצען אַ בלוטיגען האס געגען דיא הערשער פון רוסלאנד און ער וועט געוויס צו פריעדען זיין, ווען זיין פערמעגען וועט דיענען זיי צו פערניכטען און זיי צו צערשטערן.

עס איז געבליעבען, אַז מען זאל ארויסנעהמען דאס געלד פון דער באנק און מען זאל עס איבערגעבען דעם געהיים-בונד. דער שלאָס אָבער זאל דערוויל בלייבען אויף נאַטאַליע׳ס נאמען און זאל זיין אַ פערזאמלונגס פּלאַץ פארן געהיים־בונד. אין קורלאנד איז דיא פּאָליציי ניט אזוי שטרענג, וויא אין אנדערע געגענדען פון רוסלאנד. קורלאנד האט נאָך געוויסע רעכטע און געוויסע פּריווילעגיען, וועלכע רוסלאנד האט נאָך דערוויל מורא אונטערצודריקען. יעליסאַוועטא און וולאַדימיר זאלען פאהרען קיין פּעטערבורג. וולאַדימיר מוז לערנען, ער זאל אריינטרעטען אין אַ מיליטערישע אקאַדעמיע און זאל ווערן אָפּיציער. יעדען זומער, ווען עס הייבט זיך אן וואקאנס צייט, ווען דיא שולען זיינען געשלאָסען, זאל יעליסאַוועטא מיט וולאַדימיר׳ן פערברענגען אין שלאָס פון איהר פאָטער. אלעס איבעריגע וועט שוין באַקונין פערזאָרגען.

ביז שפּעט אין דער נאכט זיינען אלע געזעסען אין זאל און האבען אלעס אפּגערעדט. אלע זיינען געוועזן צופריעדען מיט באַקונינ׳ס פּלאַנען און פעראָרדנונגען. אזוי וויא באַקונין האט ניט געקענט בלייבען לאַנג אין קורלאנד, ער האט זיך געאיילט קיין פּעטערבורג אום אויפצומונטערן דעם געהיים־בונד, וועלכער איז געוועזן זעהר ניעדערגעשלאָגען, וויל עס איז זיי ניט געלונגען צו טוידטען דעם קייסער אויף דער מאָסקווער באהן, איז געבליעבען, אַז נאָך דעם אנדערן טאָג זאלען זיי מאַכען אלע נייטיגע פּארבערייטונגען צו דער רייזע.

יעצט האט הוגאָ און נאַטאַליע געהאט ארבייט גענוג אום אלעס צו ארדענען און אלעס צו פערזאָרגען. מיט באַקונין אָבער אלס לעהרער און וועגווייזער איז געוועזן זעהר לייכט צו ארבייטען. אין צוויי טאָג ארום איז אלעס געוועזן פערטיג, איינגעאָרדענט און איינגעריכטעט. נאַטאַליע האט געגעבען אַ פּאָלמאַכט דעם אַדוואָקאַט סעמיגראַדאָוו פון ניזשני־נאָווגאָראָד, ער זאל פערוואלטען דעם שלאָס און דאס לאנד ארום. ענדליך

איז געקומען דער טאָג פון דער אָברייזע. ריהרענד איז געווען דאס אבשיעדנעהמען פון הוגא מיט זיין שוועסטער.

— וועלען מיר זיך נאך אמאל וויעדערזעהן, ברודער? האט יעליסאַוועטאַ געזאגט און א שטראָם טרערין האט זיך געגאסען פון איהר אויגען. מיין לעבען איז פערלארען, צערשטערט, פערניכטעט. דאס איינציגע, וואס האלט מיך נאך אויף דער וועלט, איז מיין וולאדימיר און דוא, הוגאָ!

— און דיינע ראַכע אן דעם מענשען, וועלכער איז שולדיג אן אלע דיינע ליידען, האט באַקונין געזאָגט.

— דיא ראַכע? האט יעליסאַוועטאַ געזאגט. יא, „דיא ראַכע איז זיס", זאגט דיא וועלט, איך פיהל מיך אָבער אזוי צובראכען, אזוי מיעד און מאַט, אז זאגאר דיא ראַכע האט פערלאָרען ביי מיר איהר רייץ. ניט אומזיסט זיצט מען אָפּ יאהרענלאנג פערשפּארט אין א בעזונדער קעמעריל אין אן אסטראָג אין סיביר. ווען מען בלייבט שוין לעבען, ווען מען ווערט שוין בעפרייט, בלייבט מען דאך א קריפּעל (א קאַליקע) אין גייסט און קערפּער. סיביר, דער אַסטראָג, דיא ערנידעריגונגען און בעליידיגונגען, וואס מען ליידעט דארט איבער, לעגען ארויף אויפ'ן מענשען זייער שווארצען שטעמפּעל, וועלכער בלייבט אויף אייביג. מען הייבט אן פיינד צו האבען דיא וועלט, מען הייבט אן פיינד צו האבען מענשען, מען פערליערט דאס צוטרויען צו זיך און צו דער וועלט.

— ניין יעליסאַוועטאַ! האט באַקונין געזאגט, ניט אזוי! נור דער, וואס האט אליין פערזוכט סיביר, דער וויים, וויא וויט מען מוז קעמפּפען אום סיביר צו פערניכטען. אייערע ליידען דארפען אייך געבען מוטה, ערשט יעצט אנצוהייבען א נייעם לעבען, א נייען קאַמפּף.

יעליסאַוועטאַ האט טרויעריג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דיא אבשיעדס סצענע האט אויף איהר זעהר שטארק געווירקט. באַקונין האט זיא מיט געוואלד אָפּגעריסען פון איהר ברודער און זיא אריינגעזעצט אין ד'ער קארעטע.

אין אייניגע טעג ארום איז הוגאָ און נאַטאַליע אָנגעקומען קיין האמבורג און באַקונין, יעליסאַוועטאַ און וולאַדימיר — קיין פּעטערבורג.

82טעס קאַפּיטעל.

## אין פּעטערבורג.

פערצעהן יאהר זיינען פערגאנגען, זייט דיא בעגעבענהייט האבען פּאַסירט. פון וועלכע מיר האבען דערצעהלט אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך. — פערצעהן יאהר! א לאנגע, לאנגע צייט פאר מענשען, וועלכע האבען זיי דורכגעלעבט אין נויט און עלענד, איין אייגענבליק, איין טרוים פאר דיא, וועלכע האבען זיי פערבראכט אין גליק און פריידען. אבער אויך דיא פרעהליכע און גליקליכע האבען זיך זעהר פיעל געענדערט אין דער צייט פון פערצעהן יאהר.

דיא צייט ענדערט אלעס, זיא לעגט ארויף איהרע שארפע צעהנער אויף מענשען, לענדער, פעלקער און קעניגרייכע, צוקייט אלעס, צושטערט אלעס און מאכט אלעס איבער נאך דער נייעסטער מאדע. זאגאר דיא הויפּשטאָדט פון'ם רוסישען קייסער האט זיך

נאענדערט. זיא איז געווארען גרעסער און שעהנער. דיא ענגע, שמוציגע גאסען אין אײניגע פארשטעדט זיינען פערשוואונדען און אויף זייער ארט האבען זיך אויסגעבויט גראָסארטיגע שלעסער און רייכע פאַלאצען. אויף דעם אָרט, וואו עס זיינען אמאָל געשטאַנען אלטע, ניעדריגע, הילצערנע הייזלעך, שטעהן היינט גרויסע שטיינערנע הייזער מיט רייכע מאַגאַזינען. — אלעס האט זיך געענדערט, נור ניט דער שלעכטער באראקטער פון דיא מענשען. איבער רוסלאַנד העננגען נאך אימער שווערע, שווארצע וואָלקען.

אימער נייע און פרישע אָפּפער ווערן פערשיקט יעדען טאָג קיין סיביר, אימער זיינ׳ען דיא פינסטערע קעמערליך פון פעטרא־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט פול מיט אונגליקליכע, אן וועלכע מען האט גאר פערגעסען; נאך אימער ציטערט אלכסנדר II פאר זיין לעבען און האט מורא זיך צו ווייזען אויף דער גאס; נאך אימער איז רוסלאנד אנגעפילט מיט שפּיאָנען פון דער געהיים־פּאָליציי און נאך אימער פערשווינדען מענשען פון זייערע פאַמיליען און מען וויים ניט, וואו זייערע ביינער קומען אהין. צוואר האט מען אין דער לעצטער צייט געהערט זעהר וועניג פון דיא ניהיליסטען און פונ׳ם געהיים־בונד. אשינאָוו איז געוועזן שטאָלץ, און האט זיך בעריהמט פארן קייסער, אז איהם איז עס דאך געלונגען דעם געהיים־בונד צופערניכטען און אלע ניהיליסטען צו פערשיקען. עס זיינען אָבער געוועזן מענשען, וועלכע האבען געזאגט, אז דיא ניהיליסטען שווייגען אָפּ א געוויסע צייט אומיסטען אום איינצושלעפערן און אָפּצונארען דיא געהיים־פּאָליציי.

אין אַ גרויסע באַנק־הויז, וועלכעס געהערט אן ענגלענדער, זיצט א פרוי און ארבייט פלייסיג אלס בוכהאַלטערין. זיא איז בלייך און וויזט אויס ליידענד און דאך איז נאך אויף איהר נעזיכט געבליעבען דיא שפּורען פון אַמאָליגער זעלטענער שענהייט. מיר ווילען אונזערע לעזער ניט פיעל אויפהאלטען און זיי באלד זאגען, אז דיא פרוי הייסט מאַדאַם ראַטשינסקי און איז בוכהאַלטערין אין דער באַנק פונ׳ם ענגלענדער דזשעפּערסאָן. אלע קענען זיא נור אונטער דיעזען נאמען, נור מיר ווייסען, אז דאס איז יעליסאוועטא פאָן פאהלען.

דער שעף פון דער באַנק זיצט אין זיין פּריוואַט־צימער און לעזט דיא בריעף, וועלכע זיינען היינט אָנגעקומען. פּלוצלונג האט זיך זיין געזיכט פערפינסטערט און ער האט אנגעקלונגען מיט׳ן זילבערנעם גלעקעל, וואס איז געשטאנען ביי איהם אויפ׳ן טיש. א דיענער איז אריינגעקומען.

— זאג דער מאַדאַם ראַטשינסקי, אז איך בעט זיא צו מיר אויף איינינע מינוט.

אין איניגע מינוטען ארום איז מאדאם ראטשינסקי אריינגעקומען אין פּריוואַט צימער פונ׳ם באנקיר. ווען ער האט זיא דערזעהן אריינגעהן, האט ער צוגערוקט א שטוהל צו זיין שרייב־טיש און האט זיא געבעטען זיצען.

— איך האב נור וואס איבערגעלעזען אייער בריעף, אז איהר זאגט זיך אָפּ פון אייער שטעלע, האט ער איהר געזאגט פריינדליך. קענט איהר מיר זאגען, וואס איז דיא אורזאכע דערפון? זייט איהר עפּעס אונצופריעדען מיט מיר אָדער מיט איינעם פון מיינע מענשען? — איהר ארבייט ביי מיר שוין אזא לאנגע צייט און, וויאַפיעל איך וויים, האט איהר קיין אורזאכע צור אונצופריעדענהייט. קענט איהר ניט ענדערן אייער ענטשלוס?

מאדאם ראטשינסקי האט איינינע מינוטען געשוויעגען.

— עס מוז דאך זיין עפּעס אן אורזאכע, וואס איהר זאגט זיך אָפּ פון אייער שטעלע האט דער ענגלענדער געזאגט אונגעדולדיג.

— איך בין מיט אייך, וויא מיט אלע אייערע מענשען צופריעדען, האט ענדליך מאדאם ראטשינסקי געזאגט. דיא אורזאכע, פאר וואס איך זאג מיך אָפּ פון מיין שטעלע, איז א גאנץ אנדערע. איך האב א זוהן, וועלכער האט געענדיגט דיא מיליטער־רישע אקאדעמיע און איז זייט איינינע מאָנאטען געוואָרען אָפיציער.

— איך פארשטעה זיא ניט, מאדאם ראטשינסקי, איז איהר אריינגעפאלען אין דיא רעד דזשעפערסאן. וויא האט איהר עס געקענט ערלויבען, אז אייער זוהן זאל ווערן אָפיציער? ערשטענס, קאסט עס זעהר פיעל געלד און איך וויים ניט, אויב אייערע כּיטעל ערלויבען עס אייך. צווייטענס, דיא קאררערע פון א יונגען אָפיציער איז זעהר א געפעהרליכע, בעזאנדערס פאר ניט קיין רייכען מענשען. מען קומט זיך צונויף מיט קאמע־ראדען, מען מוז טרינקען צוזאמען, מען מוז שפּיעלען אין קארטען צוזאמען, מען מוז נאכטהאן, וואס דיא קאמעראדען טהוען און מען קריעגט אמאָל אריין אזוי וויט, אז זאגאר דער רייכסטער פאָטער קען נור מיט מיה ארויסשלעפּען. וויא קען זיך ערלויבען א מאן פון ניט רייכע עלטערן צו ווערן אן אָפיציער? ביי אונז אין ענגלאנד זיינען דיא אָפיציערען דיא קינדער פון דיא רייכע לאָרדס, קיין ארימער יונגער מאן קען קריעגען א פּאטענט אויף אָפיציער. אין רוסלאַנד איז עס אנדערש. אין רוסלאַנד איז לייכט צו ווערן אָפיציער, אָבער וואָס ווערט דערפון, ווען מען איז שוין אָפיציער? ווייטער צו געהן, ווערן פּאָלקאָווניק (אָבערסט), גענעראַל איז זעהר שווער. וויא אזוי האט איהר, אלזא, געקענט ערלויבען אייער זוהן צו ווערן אָפיציער? ווייסט איהר דען ניט, אז ער קען זיך אוועקוואלגערן יאהרענלאנג ביים ערשטען משין (ראנג)?

— איהר האט פּאָלקאָמען רעכט, הערר דזשעפערסאָן, האט מאַדאַם ראַטשינסקי געענטפערט, איך האב אבער אנדערש ניט געקענט. מיין זוהן האט קיין אנדערע פּראָ־פעסיאָן ניט געוואלט אויסוועהלען, אלס צו ווערן אָפיציער. איך האב איהם געמוזט נאכגעבען, יעצט פארדערט זיין אָבערסט (פּאָלקאָווניק), אז איך זאל מיך ענטזאגען פון מיין שטעלע, אדער ער זאל ארויסטרעטען פון דער ארמעע. דער גוטער פּאָלקאָווניק זאגט, אז עס פּאסט ניט פאר א הוסאַרען אָפיציער, אז זיין מוטער זאל זיין אן ארבייטער־רין, א בוכהאלטערין אין א באנק. דיא אָפיציערען פון זיין רעגימענט בעטראכטען איהם אלס פיעל ניעדריגער פון זיי, אלס זוהן פון אן ארבייטערין און ווילען מיט איהם ניט ארומגעהן. איך בין דאהער געצוואונגען, ענטוועדער איך זאל מיך ענטזאגען פון מיין שטעלע, אדער מיין זוהן זאל ארויסטרעטען פון דער ארמעע.

— אלזא, האט איהר זיך ענטשלאסען אפּצוזאגען פון אייער שטעלע, האט דער ענגלענדער געזאגט פערוואונדערט. — וועל! אלס מוטער האט איהר פיעללייכט רעכט, אָבער — ענטשולדיגט מיר דיא פראגע — פון וואס וועט איהר לעבען? איך קען אייך שוין אזוי לאנג, אז איך מעג מיר ערלויבען צו שטעלען אייך אזא פראגע. פון וואס וועט איהר לעבען? זא פיעל איך וויים, בעקומט אייער זוהן הונדערט און זעבציג רובעל א יאהר — אזויפיעל בעקומען דיא פּאָדפּאָרוטשיקעס אין רוסלאַנד. אזא סומע

נעלד איז צופיעל אום פאר הונגער צו שטארבען און צו וועניג אום צו לעבען. פון וואס וועט איהר אלזא לעבען?

— אין אנדערן וואלט איך אויף דיעזע פראגע גאר ניט געענטפערט, האט מאדאם ראטשינסקי געזאגט, אייך אבער וויל איך ענטפערן, אז מיינע א בעקאנטע האט מיר אנגעבאטען, איך זאל קומען צו איהר און זיין ביי איהר. זיא האט א שלאס ניט וויט פון ריגא.

— אלזא, ווילט איהר אוועקפאהרען פון פעטערבורג? האט דער ענגלענדער געפרעגט.

— איך ווייס אליין ניט, וואס איך וועל טהאן, האט יעליסאוועטא געענטפערט. מעגליך, אז איך וועל אוועקפאהרען פון פעטערבורג; מעגליך, אז איך וועל נאך בלייבען היע א געוויסע צייט. איך קען נאך אליין ניט זאגען, וואס איך וועל ווייטער טהאן. איך ווייס נור, אז איך מוז מיך ענטזאגען פון מיין שטעלע.

— המ.... האט געזאגט דער ענגלענדער, א זאנדערבארע לאגע. אלס אלטער בעקאנטער, איך מעג זאגען, אלס אלטער פריינד, וואלט איך געוואלט אייך עפעס אנבעטען. איך בין אזוי צופריעדען מיט אייך און מיט אייער ארבייט, אז איך וואלט געוואלט אייך אנבעטען א פענסיאן. איהר זאלט בעקומען זא לאנג איהר וועט לעבען דעם געהאלט, וואס איהר פלעגט ביז אהער בעקומען ביי מיר.

— איך דאנק אייך, הערר דזשעפערסאן! האט יעליסאוועטא געענטפערט. איהר זייט א גוטער, עדעלער מענש, איך קען אבער אייער פריינדליכע גאבע ניט אננעהמען. עס זיינען דא געוויסע אורזאכען, וועלכע האלטען מיך אפ. איך קען זיי אייך ניט זאגען. א שווערעס, טרויעריגעס געהיימניס ליעגט אויף מיין גאנצעס לעבען, וויא א שווערער, שווארצער וואלקען.

דער ענגלענדער האט גענומען איהר האנד און האט געזאגט פריינדליך און הערצליך:

— אלזא, זייט געזונד, יעליסאוועטא! איין זאך מוזט איהר דאך צוזאגען. ווען איהר וועט אמאל בעדארפען מיין הילף אדער מיין עצה, זאלט איהר גלייך קומען צו מיר, וויא צו אייער בעסטען פריינד. איך וועל טהאן פאר אייך, וואס איך וועל נור קענען.

א פיערטעל שטונדע שפעטער איז יעליסאוועטא געווען אין דער היים. זיא האט געוואינט אין אווטשיניקאווס פערעאולאק אין דריי קליינע, אבער ריינע און שעהנע צימערלעך. זיא האט אנגעקלונגען, א הויכער, שעהנער, הוסארען־אפיציער האט איהר געעפענט דיא טהיר. דאס איז געווען וולאדימיר.

וולאדימיר איז אין דער צייט אויסגעוואקסען, ער איז געווען הויך, שעהן און בליעהענד. דער גלענצענדער מונדיר פון א הוסארען־אפיציער האט איהם פארטרעפליך געפאסט. דיא זילבערנע שפארען האבען געקלונגען אויף זיינע שטיוועל יעדעס מאל, ווען ער האט א טריט געטהאן. אין זיין ענגען, בלויען מונדיר מיט זילבערנע שניר בעדייט האט ער אויסגעוויעזען העכער און מענישער. ווען ער האט דערזעהן, אז דאס איז זיין מוטער, האט ער זיא אנגענומען ביי דער האנד, האט זיא אריינגעפיהרט אין צימער און האט געזאגט:

— אזוי פריה, מוטער? דוא קומסט קיין מאל ניט אזוי פריה א היים. איז דארט ביי אייך עפּעס געשעהן?

— אה, ניין! האט יעליסאוועטא געזאגט, עס איז גאר נישט געשעהן. אָבער גוט, וואס איך האב דיך געטראפען אין דער היים. איך האב טאקע מיט דיר עטוואס צו רעדען.

זיא האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דעם מאנטעל, האט זיך געזעצט אויף דער סאָפא און האט זיך איהם געהייסען זעצען לעבען זיך.

— דוא האסט מיר גאר ניט דערצעהלט, וולאדימיר, האט זיא איהם געזאגט, אז דער קאָמאַנדיר פון דיין רעגימענט האט דיך געשיקט רופען און האט געהאלטען מיט דיר א לאנגע רעדע. איך בין עס געוואהר געווארען פון אנאנדער ארט. דאס איז ניט רעכט פון דיר, מיין זוהן. פאר וואס האסט דוא עס מיר באלד ניט דערצעהלט?

— ליעבע מוטער! האט וולאדימיר געענטפערט, איך פרעג דיך ניט, ווער עס האט דיר דערצעהלט, אז דער קאמאנדיר האט מיר געהאלטען א לאנגע רעדע; איך זאג דיר נור, אז ווער עס האט עס געטהאן, האט געטהאן א גרויס אונרעכט. איך האב דיר ניט געוואלט אנטהאן קיין עגמת נפש און דיר איבערגעבען, וואס ער האט מיר געזאגט. אזעלכע זאכען קומען פאר יעדען טאָג און מען מאכט זיך פון זיי גאר ניט.

— אלענפאלס, דערצעהל מיר וואס האט דיר דיין קאמאנדיר געזאגט?

— נארישקייטען עס וועט דיך ניט אינטערעסירען ליעבע מוטער.

— וואס ער האט פון דיר געפאָדערט, ווייס איך שוין אליין, האט יעליסאוועטא געזאגט, איך האב נור געוואלט וויסען, וויא אזוי ער האט עס דיר געזאגט.

— ליעבע מוטער! וואצו זאל איך דיר מאכען זארגען? ער האט מיר ערקלערט קורץ און שארף, אז עס פּאסט ניט פאר א הוסארען־אָפיציער, אז זיין מוטער זאל ארבייטען אין א קאנטאָר.

— מעהר האט ער דיר גאר ניט געזאגט? וואס האט ער דיר געהייסען טהאן?

וולאדימיר האט נעדרעהט דיא פראנזען פון זיין דעגען. עס איז איהם געווען זעהר שמערצליך צו זאגען אלעס זיין מוטער. ענדליך האט ער זיך דאך ענטשלאסען, איהר אלעס צו זאגען.

— ער האט מיר געגעבען דיא ברירה: ענטוועדער דוא זאלסט זיך אפּזאגען פון דיין שטעלע, אדער איך זאל ארויסטרעטען פון רעגימענט.

— איך ווייס אלעס, מיין קינד, און איך האב מיך שוין אָפּגעזאגט פון מיין שטעלע.

— מוטער, ליעבע מוטער! וואס האסט דוא געטהאן? האט אויסגערופען וולאַדימיר און האט ארומגענומען זיין מוטער. פאר וואס האסט דוא עס מיר ניט געזאגט? איך וואלט ליעבער ארויסגעטרעטען פון רעגימענט. איך וויל ניט זיין קיין סאלדאט, איך וועל מיר בעסער אויסזוכען אנאנדער בעשעפטיגונג.

— ניין, מיין קינד! האט געזאגט יעליסאוועטא און האט צוגעפּרעסט וולאַדימירן צו איהר הארצען. דוא האסט זיך איין מאל ענטשלאסען צו ווערן אָפיציער, מוזט דוא בלייבען אָפיציער. עס איז נישט גלייך צו בייטען יעדעס מאל זיין פּראפעסיאָן. בלייב אָפיציער און בעמיה דיך צו ווערן א מענש אין דער ארמעע.

— וואס ווערסט דו אבער יעצט טהאן, מוטער? פון וואנען וועלען מיר לעבען?

— גאט וועט אונז ניט פערלאזען. איך וועל פאהרען אין שלאס פריידענטהאל, לעבען רינא, וואו עס וואינען אונזערע פריינד, דער אדוואקאט סעמינראדאוו און אנדע־רע. דו ווייסט דאך, מיט וואס פאר א פרייד מען נעהמט אונז דארט אויף, ווען מיר פלעגען פאהרען אהין אויף וואקאנס. איך וועל דארט זיין א געוויסע צייט.

— דו ווילסט מיך לאזען אליין, מוטער? האט וולאדימיר אויסגערופען טרויעריג. דאס איז דאס ערשטע מאל, וואס דו ווילסט אוועקפאהרען פון מיר. וואס איז דיר, מוטער? דו האסט אויך געהיימניסע פאר מיר?

— מיין ליעבעס, טהייערעס קינד! דו ביסט נאך יונג און גליקליך, לעב און געניס דאס לעבען. עס וועט נאך זיין צייט גענוג, ווען דו וועסט ערפאהרען וואס פאר א שווערע אויפגאבע דאס לעבען איז. „א וועלט אפצופיהרען איז ניט אזוי לייכט, וויא א שטיק פעלד איבערצוגעהן", זאגט א רוסישעס שפריכווארט ווארט, דו וועסט עלטער ווערן, דו וועסט קליגער ווערן, דו וועסט בעסער קענען דיא וועלט — דאמאלס וועלען מיר רעדען איבער פיעלע, פיעלע זאכען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט האסטיג:

— איך האב גאר פערגעסען, אז דו האסט נאך ניט געפריהשטיקט. איך מוז געהן זעהן, וואס מיין אלטע אקונישנא טהוט אין קיך.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אריינגעגאנגען אין קיך אריין און האט געלאזען וולאדימיר'ן אליין. צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער געזעהן זיין מוטער אזוי טרויעריג און אזוי אויפגערעגט. צום ערשטען מאל האט ער איינגעזעהן, אז דאס לעבען געהט ניט צו אזוי גלאט און אזוי פרעהליך, וויא ער האט געמיינט. ער איז ארומגע־גאנגען אין צימער הין און צוריק פערטראכט און טרויעריג.

— ארמע מוטער! האט ער געזאגט צו זיך אליין. דו ווייסט נאך ניט, אין וואס פאר אן אונגליקליכע לאגע איך געפין מיך יעצט. איך האב געשפיעלט אין קאר־טען און האב פערשפיעלט. מען האט מיר געגלויבט אויף מיין עהרען ווארט ביז מארגען. אבער וואו וועל איך נעהמען מארגען דאס געלד? פינף הונדערט רובעל! וואו וועל איך נעהמען אזא סומע געלד? איך האב גערעכענט, אז מיין מוטער וועט מיר דא קענען אויסהעלפען. זיא וועט נעהמען ביים באנקיר דשעפערסאן און וועט עס דערנאך אפ־געבען, ווען זיא וועט ערהאלטען געלד פון'ם אדוואקאט סעמינראדאוו. יעצט אבער, ווען זיא האט זיך ענטזאגט פון איהר שטעלע, ווייס איך שוין גאר ניט, וואו איך קען נעה־מען אזא סומע געלד. עס וועט מיר אויסקומען זיך דאס לעבען צו נעהמען.

ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער או: האט צוגעלעגט זיין הייסען שטערן צו דיא קאלטע שויבען. אויף דער גאס זיינען געגאנגען און געלאפען פרעהליכע מענשען, יעדער צו זיין בעשעפטיגונג אדער א היים צו זיין פאמיליע, נור ער אליין איז ארומגעגאנגען מיט דעם פינסטערן געדאנקען דאס לעבען זיך צו נעהמען.

אונטערדעסען איז יעליסאוועטא אריינגעקומען פון קיך. איהרע אויגען זייגען געווען פערוויינט. וולאדימיר האט זיך אומגעקוקט און האט באלד דערזעהן, אז זיין מוטער האט געוויינט. עס האט איהם פערקלעהמט ביים הארצען.

— דוא האסט געוויינט, מוטער? האט ער איהר געזאגט מיט א פארוואורף. וואס בעהאלסט דוא זיך פאר מיר? פאר וואס זאלסט דוא ניט אויסגיעסען דיין הארץ פאר דיין זוהן?

— אהה, עס איז גאר נישט! האט יעליסאוועטא געענטפערט און האט זיך בעמיהט צו שמייכלען. ווען איך דערמאן מיך, אז איך דארף אוועקפאהרען און דיך איבערלאזען אליין, קומען דיא טרערין אין מיינע אויגען. זיי רוהיג, מיין קינד. עס איז גאר נישט.

— ליעבע מוטער! האט וולאדימיר אנגעהויבען מיט א ביטענדער שטימע. איך האב דיך שוין וויאפיעל מאל געבעטען, דוא זאלסט מיר זאגען, ווער איז געווען מיין פאטער? איך וויים, אז דער נאמען ראטשינסקי, וועלכען מיר טראגען, איז א פאלשער, און אויסגעבארגטער. זאג מיר, ליעבע מוטער, וויא איז אונזער וואהרער נאמען?

— איך האב דיך שוין עטליכע מאל געבעטען, אז דוא זאלסט עס מיר ניט פרעגען, ביז איך וועל עס דיר אליין דערצעהלען. דער טאג איז שוין ניט וויים, ווען דוא וועסט אלעס וויסען. יעצט איז עס נאך צופריה.

— אבער דאך, מוטער, איך האב געמיינט, אז איידער דוא וועסט אוועקפאהרען, וועסט דוא....

— קוועל מיך ניט, מיין קינד, איך בעט דיך! דיעזע פראגע איז זעהר שמערצליך פאר מיר. טהו מיר דיא געפעלינקייט און פרעג מיך ניט.

וולאדימיר האט א קוש געטהאן זיין מוטער און האט זיא מעהר ניט געפרעגט. ער האט גענומען זיין הוט און זיין מאנטעל

— דוא געהסט שוין, וולאדימיר? דוא ווילסט ניט עסען?

— איך האב פערשפראכען איינעם פון מיינע קאמעראדען, איך זאל קומען צו איהם. א גוטען טאג, מוטער!

ער האט אנגעטהאן זיין הוט און זיין מאנטעל און איז ארויסגעגאנגען, קלינגענדיג מיט זיין זעבעל איבער דיא טרעפ. יעליסאוועטא איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האט געקוקט, וויא ער געהט אזוי גלייך, און שטאלץ אויף דער גאס. איהר מוטערהערץ איז געווען פול מיט פרייד. זיא האט זעהר געוואלט ער זאל זיך אומקוקען און זיא זאל איהם נאך אמאל זעהן אין געזיכט.

וולאדימיר האט זיך ניט אומגעקוקט. ער איז געגאנגען האסטיג צום נעווסקי פראספעקט. ער איז צוגעקומען צו א גרויסעם און שעהנעם הויז. ער האט אויסגעשטרעקט דיא האנד צום גריף פון דער גלאק, האט זיא אבער באלד צוריקגענומען. עס איז געווען דייטליך, אז ער קען זיך ניט ענטשליעסען. ער קעמפפט מיט זיך אליין, אויב ער זאל אריינגעהן אין דיעזעם הויז אדער ניט. ענדליך, האט ער זיך דאך ענטשלאסען און האט האסטיג א ציהגעטהאן דיא גלאק. א יונגער סאלדאט, א דענשטשיק, האט געעפענט דיא טהיר.

— איז דער פירסט מעשטשערסקי צו הויזע? האט איהם וולאדימיר געפרעגט.

— ער איז צו הויזע.

וולאדימיר איז אריינגעגאנגען אין פארהויז, האט אראפגעווארפען זיין מאנטעל און איז אריין אין זאל. ער איז געווען אין דיעזעם הויז גוט בעקאנט. דער יונגער אפיציער,

פירסט מעשטשערסקי, האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז וולאדימיר'ן ענטגעגען געגאנגען.

— אה, דוא ביסט עס, ראטשינסקי? האט ער אויסגערופען. וואו ביסט דוא געבטען געווען? מיר האבען געשפּיעלט ביז אין ווייסען טאג. אלע זיינען געווען, נור דוא איינער האסט אונז געפעהלט.

נאפּאלעאן דער ערשטער האט געזאגט: „קראצט אפּ אביסעל דעם רוסע, וועט איהר אונטען געפינען א טאטער". פירסט מעשטשערסקי'ן האט מען ניט געדארפט אפּקראצען. אויפ'ן ערשטען בליק האט מען אין איהם דערקענט דעם טאטער. זיינע שווארצע, הארטע גלייכער האר, זיינע פּיערעקיגע באקען, זיינע גראבע, פליישיגע ליפּען, זיין דונקעלע געזיכטס פארבע — אלעס האט געוויעזען, אז ער שטאמט אפּ פון טאטארען.

— זעץ דיך, קאמעראד, האט ער ווייטער געזאגט צו וולאדימיר'ן און האט איהם צוגערוקט א שטוהל.

וולאדימיר האט זיך געזעצט לעבען איהם.

— ווילסט דוא א ציגארע? נא! עס איז א עכטע האוואנא און קאסט א רובעל א שטיק אהן פּאשלינע (צאלל).

— איהר זייט אזוי פריינדליך, פירסט, האט וולאדימיר געזאגט און האט דיא ציגאררע ניט גענומען, אז איך האב דעם מוטה צו ווענדען זיך צו אייך מיט א ביטע.

— א ביטע? האט אויסגערופען פירסט מעשטשערסקי, איך וועל מיך שעצען גליקליך, ווען איך וועל נור קענען ערפילען דיין ביטע.

— אה, איהר וועט עס געוויס קענען טהאן. עס איז א קלייניגקייט.

— קאמעראד, האט פירסט מעשטשערסקי געזאגט, ווען איך וועל נור קענען טהאן עפּעס פאר דיר, וועל איך עס טהאן מיט'ן גרעסטען פערגניגען. זאג מיר נור דיין ביטע.

— איך בין אייך שולדיג פינף הונדערט רובעל, וועלכע איך האב ביי אייך פערשפּיעלט אין קארטען, האט וולאדימיר אנגעהויבען. איך האב אייך געגעבען מיין עהרענוואָרט, אז איך וועל עס אייך מארגען בעצאהלען. ליידער, בין איך יעצט געענגט אין געלד און קען דאס געלד מארגען ניט האבען. איך וויל אייך בעטען איהר זאלט מיר ווארטען א מאנאט.

— ליעבער קאמעראד, האט פירסט מעשטשערסקי געענטפערט העפליך און א טייפלישער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפּען. עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך קען דיין ביטע יעצט ניט ערפילען. איך אליין דארף זעהר נייטיג געלד. איך האב נעכטען זעהר פיעל פערשפּיעלט און מוז אויך בעצאהלען. איך זאג דיר נאך א מאל, עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך קען דיין ביטע ניט ערפילען.

וולאדימיר איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל.

— פירסט! איהר זייט זעהר רייך און קענט א קאמעראד ניט טהאן אזא קליינע געפעליגקייט? דאס איז אונמעגליך! איהר קענט ניט זיין אזוי שלעכט, אזוי אונמענשליך! איך ווייס, אז איהר שלייִדערט טויזענדער אין דיא גאסען. וויא איז דאס מעגליך, איהר זאלט מיר ניט קענען ווארטען פינף הונדערט רובעל א פּאר וואכען?

— ליעבער ראטשינסקי, האט פירסט מעשטשערסקי גענטפערט קאלט און פון ויינע אויגען האבען געשאסען בליצען, וויא פון דיא אויגען פון א שלאנג, ווען זיא וויל זיך ארויפווארפען אויף איהר אפפער. ליעבער קאמעראד, ווען דוא זאלסט געווען בארגען ביי מיר פינף הונדערט רובעל, וואלט איך דיר געווארט זאגאר פינף יאהר. קארטען געלד אָבער איז הייליג. דאס מוז מען בעצאהלען פינקטליך צו דער סעקונדע, אָדער ווען מען וויים, אז מען האט קיין געלד ניט, זעצט מען זיך ניט שפילען אין קארטען.

וולאדימיר האט זיך געביסען דיא ליפען פאר ווייטאג. ער האט געזעהן, אז מעשטשערסקי וויל אומיסטען מאכען איהם א סקאנדאל און איהם צווינגען, אז ער זאל ארויסטרעטען פון רעגימענט. ער האט געוואלט זיך איבערציינען, וואס פאר א ווילדער טאָטער מעשטשערסקי איז און האט געזאגט:

— ליעבער קאמעראד! איך בין דאך ניט אים שטאנד דיר מארגען צו בעצאהלען מיין חוב. וואס דענקסט דוא צו טהאן, ווען איך....

— איך וועל טהאן, וואס מען טהוט געוועהנליך אין אזעלכע פעלע, האט פירסט מעשטשערסקי גענטפערט קאלטבליטיג. איך וועל עס מעלדען דעם קאמאנדיר פון'ם רעגימענט און ער וועט שוין טהאן, וואס ער וויים. דוא ווייסט געווים אויך, וואס עס געשעהט אין אזא פאל: מען שטויסט איינעם אוים פון דער ארמעע און ער טאר שוין קיין מאל ניט אריינטרעטען צוריק.

— און דוא וועסט עס נעהמען אויף דיין געוויסען אנצוטהאן מיר אזא שאנדע? האט ווייטער וולאדימיר געפרעגט.

— ווען מען שפּיעלט אין קארטען אין א געזעלשאפט פון גראפען און פירסטען, מוז מען האבען געלד, האט מעשטשערסקי גענטפערט קאלט און שניידענד וויא מיט א מעסער,— האט מען קיין געלד ניט דארף מען זיצען אין דער היים לעבען דער מאמען און ניט קומען אין א גרויסע געזעלשאפט.

וולאדימיר איז געווען געקרענקט און בעליידיגט ביז אין דער טיעפסטען זעלע. פאר איהם איז קיין רעטונג ניטאָ. ער איז פערלארען. ער האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. ער איז געגאנגען וויא א וואהנזיניגער, ער האט אליין ניט געוואוסט וואוהין. אלעס איז איהם פארגעקומען וויסט, פינסטער און טרויעריג.

— איך קען דיעזע שאנדע ניט איבערלעבען, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין. מען וועט מיך ארויסיאָגען פון רעגימענט. וואס וועל איך טהאן? פאר וואס האט מען מיך אריינגעגעבען אין א מיליטערישע אקאדעמיע? פאר וואס האט מען פון מיר פערלאנגט, איך זאל ווערן אָפיציער? — יעצט איז אלעס אוים! יעצט מוז איך מיר דאס לעבען נעהמען! איך האב קיין אנדער אויסוועג ניט.

ער איז ארומגעגאנגען אייניגע שטונדען אהן א צוועק, אהן א ציע. אין דיא גאסען און געסליך, ביז ער איז ענדליך געקומען א היים. ער האט אליין ניט געוואוסט, וויא אזוי ער איז געקומען א היים. ער האט געפונען זיין מוטער בעשעפטיגט מיט צו־נויפפאקען איהרע זאכען. יעצט האט ער זיך דערמאנט אן זיין מוטער.

— אך! זיא זאל וועניגסטענס ניט זיין דערביי! האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיא זאל וועניגסטענס באלד אוועקפאהרען און זאל ניט זעהן דאס אונגליק פון איהר קינד.

ער האט אראפגעווארפען פון זיך דעם מאנטעל און האט אויסגעטהאן דעם הוט

— דוא ביסט שוין דא צוריק ? אזוי גיך ? האט יעליסאוועטא געפרעגט.

— איך פיהל מיך עפּעס ניט גוט, האט וולאדימיר געענטפערט. אויסערדעם בין איך געקומען פון דיר אפּשיעד נעהמען. איך האב ערהאלטען א בעפעהל פון מיין קאמאנדיר, איך זאל מארגען גאנץ פריה ארויסגעהן מיט מיין ראטע קיין שליסעלבורג. דער קייסער דארף אהין אנקומען, וועלען מיר זיין אלס עהרענוואך פאר׳ן שלאס.

— אזוי ? האט אויסגערופען יעליסאוועטא. פאהרסט דוא אויך מארגען אוועק ? אויף וויא לאנג ?

— דאס קען איך ניט וויסען. געוויס אויף עטליכע טעג. — ווען דענקסט דוא צו פאהרען, מוטער ?

— ווען דוא פאהרסט אוועק מארגען גאנץ פריה, וועל איך אויך פאהרען מארגען אין דער פריה. דער צוג געהט אפּ אום זעקס אוהר איך וואלט געקענט פאהרען מיט׳ן אבענד צוג, ווען דוא פאהרסט אבער אוועק אין דער פריה, וועל איך דא ניט בלייבען.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז יעליסאוועטא אוועקגעפאהרען. וולאדימיר האט זעהר געוויינט, ווען ער האט זיא ארומגענומען צום לעצטען מאל. מען האט געגעבען דעם דריטען קלונג. דער צוג האט געריהרט. וולאדימיר איז ארויסגעגאנגען פון וואקזאל.

— איך וועל זיא שוין קיין מאל ניט זעהן ! האט ער געזאגט צו זיך אליין.

ער האט גענומען א דראשקע און איז געפאהרען א היים. היינט איז דער לעצטער טאג. היינט מוז ער בעצאהלען דעם פירסט מעשטשערסקי זיין חוב, אדער.... ער איז אריין אין זיין קווארטיר, האט זיך אויסגעטהאן און האט זיך געזעצט שרייבען בריעף. דעם ערשטען בריעף האט ער אנגעשריעבען צו זיין מוטער. ער האט גענומען פון איהר אבשיעד און האט איהר געבעטען, זיא זאל איהם פערצייהען, וואס ער האט איהר פערארזאכט אזא שמערץ. דעם אנדערן בריעף האט ער געשריעבען צו זיינע קאמעראדען. ער האט זיי דערצעהלט, וויא גרויזאם, וויא הארטהערציג דער פירסט מעשטשערסקי האט געגען איהם געהאנדעלט און האט זיי געבעטען, זיי זאלען אורטהיילען, אויב עס איז רעכט אזוי. ער האט נאך געשריעבען א פּאר בריעף צו גוטע פריינד. ער האט דיא בריעף אריינגעלעגט אין קאנווערטען, האט זיי פערזיגעלט און האט צוגעקלעפּט פּאסט־מארקען. ווען אלעס איז פערטיג געווען, האט ער אנגעלאדען זיין רעוואלווער און האט איהם אניעדערגעלעגט אויפ׳ן טיש.

— עהרע פערלארען, אלעס פערלארען ! האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך מוז שטארבען, איך קען ניט איבערלעבען אזא שאנדע.

ער האט א קוק געטהאן אויף דיא אוהר. זיא האט געוויזען צעהן. מיט האסטיגע שריט האט ער אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער הין און צוריק. עס איז שווער זיך צו שיידען פון׳ם לעבען. אזוי יונג, אזוי האפנונגס פאל און שוין שטארבען! נאך גאר ניט געלעבט, נאך גאר ניט געקענט דיא וועלט און שוין זיך שיידען פון איהר. ער האט דערזעהן דאס בילד פון זיין מוטער.

— ארימע מוטער! וואס פאר אַ ליידען בערייטע איך דיר! צו וואס פאר אַ ליידען האסט דוא מיך געבאָרען! —

האסטיג האט ער געהאפט דעם רעוואלווער און האט איהם צוגעלעגט צו זיינע ליפּען. ער האט געוואלט זיך שיעסען אין מויל אריין, ער זאל ניט ליידען, זיין טוידט זאל זיין אַ מאמענטאנער. באלד אבער האט ער דעם רעוואלווער צוריק אַניעדערגעלעגט.

— עס איז נאך פריה, עס איז ערשט צעהן אוהר, וואס האב איך מיך צו איילען? האט ער געזאגט צו זיך אליין. וואס זאל איך אָבער יעצט טהאן? וויא קען איך פערברענגען דיא איינינגע שטונדען, וואס איך האב נאך צו לעבען? — ניין! עס איז אלץ איינס. ליעבער פריהער שטאַרבען.

ער האט געוואלט וויעדער נעהמען דעם רעוואלווער, ווען ער האט געהערט קלינגען אין דער טהיר.

— ווער זאל עס קומען צו מיר יעצט? האט ער געפרעגט זיך אליין. מעגליך, אז עס איז אַן ענגעל, וועלכער קומט מיך רעטען.

ער איז געלאָפען צו דער טהיר און האט זיא געעפענט. פאר איהם איז געשטאַנען ניט קיין ענגעל, זאנדערן אַ רייך געקליידערטער הערר און האט איהם געפרעגט:

— וואינט דא דער ליעטענאנט ראַטשינסקי? קען איך איהם זעהן?

— איך בין דער ליעטענאנט ראַטשינסקי, האט וולאדימיר געענטפערט.

— איך האב מיט אייך עפּעס צו רעדען, הערר ליעטענאנט. קענט איהר מיר שענקען אַ פערטעל שטונדע צייט?

וולאדימיר איז געווען זעהר צומישט און האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. ער האט אווינק געטהאן מיט דער האנד, אז דער פרעמדער זאל אריינקומען צו איהם אין צימער. ווען זיי זיינען געווען אליין און וולאדימיר האט פערמאכט דיא טהיר, האט דער פרעמדער געזאגט:

— איך מוז מיך אליין פארשטעלען. איך הייס טאמאשאוו און בין קאסירער פון דער ערשטער פּעטערבורגער קאָמערץ־באנק.

וולאדימיר האט אויסגעגלאצט אַ פּאָר אויגען. ער האט קיינע געשעפטען ניט מיט דער ערשטער פּעטערבורגער קאָמערץ־באנק, ניט מיט דער צווייטער, ניט מיט דער דריטער, ניט מיט קיין אנדערער באנק. וואס האט דער קאסירער פון דער באנק ביי איהם צו טהאן? דער באנקבעאַמטער האט פערשטאנען, פאר וואס דער יונגער אָפיציער קוקט איהם אַן אזוי פערוואונדערט און האט געזאגט:

— אָבער איהר זייט דער ליעטענאנט ראַטשינסקי? ענטשולדיגט מיר, וואס איך פרעג אייך איבער נאך אמאל. איך מוז וויסען גענוי, וויל איך האב אייך איבערצוגעבען אַ פּאקעט.

— מ'ר איבערגעבען — אַ פּאקעט? — האט וולאדימיר געפרעגט פערוואונדערט.

— דעם ליעטענאנט ראַטשינסקי, האט דער פרעמדער געענטפערט פּעסט און האט ארויסגענומען פון דער קעשענע אַ פּאקעט מיט פינף טויזענד רובעל, וועלכע ער האט לאנגזאם, וויא אַ געשעפטס מאן אפּגעצעהלט אויפ'ן טיש.

(Mist., 62.)

וולאדימיר האט געקוקט אויף איהם, געקוקט אויפ'ן געלד און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן און וואס צו זאגען. ענדליך איז ער צו זיך געקומען און האט געזאגט:

— הערר טאמאשאוו! דא איז א מיספערשטענדניס, א טעות, איהר האט גע־וויס פערביטען דיא אדרעסע. איך האב קיינע געשעפטען מיט דער ערשטער פעטער־בורגער קאמערץ־באנק. — נעהמט דאס געלד צוריק און קוקט אייך גוט צו צו דער אדרעסע, וואס מען האט אייך געגעבען אין דער באנק.

— איהר הייסט וולאדימיר ראטשינסקי, האט דער פרעמדער געזאגט, אייער מוטער הייסט יעליסאוועטא ראטשינסקאיא. איהר זייט פון פריידענטהאל לעבען ריגא. איז עס ריכטיג? איהר זייט יעצט דרייא און צוואנציג יאהר אלט, איז עס ריכטיג?

— עס איז ריכטיג, האט וולאדימיר געזאגט, אייסערסט ערשטוינט, וואס דער פרעמדער קען איהם אזוי גוט.

— נו, ווען עס איז ריכטיג, האט דער פרעמדער געזאגט, דאן איז דאס געלד פאר אייך. ביטע, נעהמט עס צו און גיט מיר א קוויטונג, אז איהר האט עס ערהאל־טען. אזוי איז דיא ארדנונג. געשעפט פאררערט, אז אלעס זאל פונקטליך זיין.

וולאדימיר האט זיך געריעבען דעם שטערן. טרוימט ער? איז ער וואהנזיניג? וויל דער מאן מיט איהם שפאסען? וואס הייסט עס?

— הערר טאמאשאוו! האט ער אויסגערופען. שפאסט ניט מיט מיר. אין האב נור א מוטער און זיא האט ניט געהאט אזוי פיעל געלד צו דעפאנירען אין א באנק. איך אליין האב נאך קיין מאל ניט פערדיענט אזוי פיעל געלד. —

— ליעבער הערר ראטשינסקי, האט דער פרעמדער געענטפערט. איך וויים נור, אז מען האט צוגעשיקט דאס געלד צו אונזער באנק און מען האט געהייסען אז מען זאל עס אייך באלד צושיקען א היים. מיר זיינען געשעפטס לייטע און ווילען ניט וויסען, אויב איהר האט עס פערדיענט אדער ניט פערדיענט. וואס מען הייסט אונז דאס טהוען מיר.

איך האב אייך נאך עפעס מיטצוטהיילען, האט דער קאסירער ווייטער געזאגט. פון היינט אן בעקומט איהר ביי אונז אין באנק טויזענד רובעל יעדען ערשטען טאג פון'ם מאנאט.

וולאדימיר איז אויפגעשפרונגען פון שטוינען און פערוואונדערונג.

— טויזענד רובעל א מאנאט? דאס קען ניט זיין!

— איהר זעהט דאך, אז עס איז אזוי, וויא איך זאג אייך. אט איז דאס געלד. קומט אין דער באנק יעדען ערשטען און איהר וועט בעקומען טויזענד רובעל. ווען איהר ווילט, וועט מען עס אייך צושיקען א היים. האלט מיך ניט אויף, הערר ראטשינסקי, איך האב ווייניג צייט. נעהמט דאס געלד און שרייבט מיר אונטער דיא קוויטונג.

— מיין הערר, האט וולאדימיר געזאגט רוהיג. איך זעה, אז מען האט מיר גע־שיקט דאס געלד. קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער עס האט עס מיר געשיקט? איהר מוזט דאך וויסען זיין נאמען. דאס געלד איז דאך ניט אראפגעפאלען פון'ם הימעל. זאגט מיר, ווער איז דער פריינד, וועלכער אינטערעסירט זיך אזוי אין מיר און שיקט מיר אזעלכע סומען געלד?

— עס טהוט מיר לייד, העד ראטשינסקי, וואס איך קען אייך דעם נאמען ניט זאגען, גאנץ איינפאך, ווייל איך ווייס איהם אליין ניט.

— הערר טאמאשאוו! מאכט זיך ניט נאררישׁ. וואס הייסט איהר ווייסט ניט? איהר האט דאך ביכער, אין וועלכע איהר פערשרייבט דיא נעמען פון דיא מענשען וואס גיבען אייך געלד, מוזט איהר דאך וויסען. וויא דער מאן הייסט וועלכער האט מיר דאס געלד געשיקט.

— איך קען אייך נור זאגען, וואס איך ווייס, האט דער קאסירער געזאגט — היינט אין דער פריה האט מיך דער דירעקטאר פון אונזער באנק אריינגערופען צו זיך אין קאבינעט, האט מיר געגעבען דיעזען פאקעט מיט געלד און אייער גענויע אדרעסע און האט מיר געהייסען געהן צו אייך א היים. אייך איבערגעבען דאס געלד און אייך זאגען, אז יעדען ערשטען וועט איהר בעקומען טויזענד רובעל.

דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך זאגען. עס וועט מיר מאכען א גרויס פערגניגען, אייך צו זעהן דעם ערשטען פון נעכסטען מאנאט אין דער באנק און אייך אויסצוצאהלען דיא טויזענד רובעל. — יעצט שרייבט אונטער מיין קוויטונג הערר ראטשינסקי און האלט מיך ניט אויף.

וולאדימיר האט אונטערגעשריעבען דיא קוויטונג. דער קאסירער האט זיא אריינגעלעגט אין קעשענע, האט אנגעטהאן זיין הוט און האט זיך געלאזען געהן צו דער טהיר. אויפ'ן שוועל איז ער געבליעבען שטעהן. האט זיך אומגעקעהרט און האט געזאגט.

— איך האב פערגעסען אייך נאך עפּעס צו זאגען. יעדעס מאל, ווען איהר וועט דארפען נייטיג געלד, זאלט איהר זיך ניט שעהמען און קומען צו אונז אין באנק. מיר וועלען אייך אויסבארגען. וויאפיעל איהר וועט דארפען. געוויס. וועלען מיר עס דאן אפּרעכענען פון אייער מאנאטליכעס געהאלט אין קליינע אבצאהלונגען.

ער איז ארויסגעגאנגען און האט ניט געווארט אז וולאדימיר זאל איהם עפּעס פרעגען אדער עפּעס זאגען. איידער וולאדימיר האט זיך אומגעקוקט. איז דער פרעמדער פערשוואונדען געווארען. וולאדימיר איז געבליעבען אין צימער אליין און האט געקיקט אויף דאס געלד. וועלכעס איז געלעגען אויפ'ן טיש. — ווער זאל ער זיין? דער געהיימניספולער מענש, וועלכער האט מיר אזוי פּלוצלונג, אזוי אונערווארטעט צוגעשיקט הילף אין דער נויט? האט ער געטראכט ביי זיך אליין.

— דאס האט געטהאן מיין פאטער, האט ער ענדליך ארויסגערופען. עס קען אנדערש ניט זיין. קיינער קען זיך אין מיר אזוי ניט אינטערעסירען אלס מיין פאטער. מיינע מוטער האט מיר קיין מאל ניט געוואלט זאגען, ווער ער איז. איך בין פון איהר נור געוואהר געווארען, אז ער איז א גרויסער מאן. — פאר וואס האט ער עס אבער ביז אהער ניט געטהאן? פאר וואס האט ער מיך ביז אהער פערלאסען און האט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט?

פיעללייכט איז ער ניט געוועזען אין רוסלאנד ביז אהער; פיעללייכט איז ער געוועזען ערגעץ אין ווייטע לענדער און איז ניט לאנג צוריקגעקומען. ער איז געוואהר געווארען אז איך בין אפיציער, אז איך בין א מענש און האט מיך געוואלט פערזארגען. — פאר וואס איז ער אבער אליין ניט געקומען? פאר וואס וויל ער ניט אז איך זאל וויסען זיין נאמען?

אך! וויא וואלט איך געווען גליקליך, ווען איך זאל וויסען דאס געהיימניס פון מיין געבורט! לאמיך וועניגסטענס וויסען, וואס פאר א נאמען איך האב, וויא אזוי איך הייס. — ראטשינסקי! ראטשינסקי! דאס איז דאך א פאלשער נאמען, אן אויסגעבארג־טער נאמען. וויא אזוי איז מיין וואהרער נאמען? —

ער איז ארומגעגאנגען א לאנגע צייט אין צימער הין און צוריק פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. דאס געלד איז געלעגען אויפ'ן טיש ער האט דארויף ניט געקוקט. איהם האט בעשעפטיגט נור איין געדאנק, ווער איז זיין פאטער? פאר וואס וויל דיא מוטער איהם ניט זאגען, ווער זיין פאטער איז?

— זאל איך שרייבען דער מוטער, אז מען האט מיר צוגעשיקט געלד? האט ער געזאגט צו זיך אליין. זאל איך עס איהר גאר ניט שרייבען?

דיא אוהר האט געשלאגען צוועלף. וולאדימיר האט זיך אויפגעהאפט, וויא פון שלאף.

— עס איז צייט! האט ער געזאגט. איך מוז געהן בעצאהלען דעם פירסט מעשטשערסקי מיין קארטען שולד.

ער האט צונויפגעלעגט דאס געלד, האט עס אריינגעלעגט אין קעשענע, האט זיך אנגעטהאן און איז ארויס אויף דער גאס. יעצט האט דיא וועלט געהאט א גאנץ אנדער אויסזעהען פאר איהם. יעצט האט אלעס געלעבט, אלעס געלאכט, אלעס געווען פרעהליך. אין זיין יונגער ברוסט האט זיך אויפגעהאפט דיא לוסט צו לעבען, צו ווירקען, צו שאפען.

— אוועק מיט דיא טרויעריגע געדאנקען! איך וויל לעבען! איך וויל געניסען דאס לעבען! איך מוז נאך אלעס ערפאהרען, איך מוז נאך אלעס וויסען. מיין מוטער האט מיר געזאגט, אז דער טאג איז שוין ניט ווייט, ווען זיא וועט מיר אלעס זאגען, אלעס דערצעהלען. מיין מוטער וועט האלטען ווארט.

אין איינינע מינוטען ארום האט ער אנגעקלונגען ביים פירסט מעשטשערסקי.

83טעס קאפיטעל.

## אַ נייעס רעטהזעל.

מיט א גאנץ אנדערער מינע איז וולאדימיר היינט צוגעגאנגען צו דער טהיר פון'ם פאלאץ, וואו דער פירסט מעשטשערסקי האט געוואוינט. ער האט האסטיג א ציה געטהאן דיא גלאק. דער דענשטשיק האט איהם געעפענט דיא טהיר.

— איז מיכאאיל איוואנאוויטש אין דער היים?

— ער איז נור וואס אוועקגעגאנגען אין קלוב מיט נאך איינינע אפיציערען.

וולאדימיר איז געגאנגען אין קלוב. ווען ער איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל, האט ער געטראפען אלע אפיציערען פון זיין רעגימענט פערזאמעלט. זיי האבען עפּעס גערעדט צווישען זיך און זיינען שטיל געבליעבען, ווען ער איז צו זיי צוגעגאנגען. ער האט זעהר גוט פערשטאנען, אז מען האט גערעדט פון איהם. ער האט געזעהן, אז דער פירסט מעשטשערסקי שטעהט אין דערמיט צווישען דיא אפיציערען און האט באלד פערשטאנען, אז ער האט זיי דערצעהלט: אז וולאדימיר איז נעכטען געווען ביי איהם און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ווארטען זיין חוב עטליכע וואכען.

וולאדימיר האט קיין טעות ניט געהאט. איינינע מינוטען, איידער ער איז געקו־מען אין קלוב, האט דער פירסט מעשטשערסקי דערצעהלט אלעמען דיא סצענע, וואס איז פארגעקומען נעכטען צווישען איהם און וולאדימיר און האט געענדיגט זיינע ערצעה־לונג מיט פאלגענדע ווערטער:

— דיא רוסישע אריסטאקראטיע איז אין געפאהר. דיא זיהן פון וואשפרויען און ארבייטער דרענגען זיך אריין אין דער ארמעע, ווערן אפיציערען און מיינען, אז זיי זיינען גלייך מיט אונז. מען מוז זיי אנלערנען, דיא מוזשיקעס מען מוז זיי ווייזען, אז זייער פלאץ איז ניט צווישען אונז, אריסטאקראטען, דיא זיילען פון'ם רוסישען טראהן. איך האב אומיסטען ניט געוואלט ווארטען דעם ראטשינסקי, דעם זוהן פון א בוכהאל־טערין, א פאר וואכען זיין שולד. לאז מען איהם ארויסיאגען פון רעגימענט אדער לאז ער זיך שיעסען. מיר וועלען פטור ווערן פון א מוזשיק, פון א מענשען וועלכער פאסט ניט צווישען אונז.

איינינע אפיציערען האבען מיטלייד געהאט מיט וולאדימיר'ן. זיי האבען ליעב בעקומען דעם שטילען, רוהיגען, גוטען און עדעלען ראטשינסקי און האבען ניט געוואלט וויסען, וואס ער שטאמט ניט פון קיין אריסטאקראטישער פאמיליע. זיי האבן אבער מורא געהאט פאר מעשטשערסקי'ס שארפער צונג. זיי האבען זיך דאהער אוועקגעקעהרט פון וולאדימיר'ן, ווען ער איז אריינגעקומען, זיי האבען זיך געשעהמט איהם צו קוקען אין דיא אויגען. נור איינער פון זיי האט געהאט מוטה געגוג צו זאגען איהם:

— קום אהער, ראטשינסקי, זעץ דיך לעבען מיר און טרינק א גלאז וויין.

איידער וולאדימיר האט זיך אומגעקוקט, איז ער געזעסען לעבען א טיש און פאר איהם איז געשטאנען א גלאז וויין. דיעזער אפיציער איז אליין אבגעשטאמט פון א ניט אריסטאקראטישע פאמיליע און האט אויך פיינט געהאט דעם פירסט מעשטשער־סקי דער פאר, וואס נור עפעס האט ער זיך בעריהמט, אז ער איז אן אריסטאקראט, א פירסט. ווער עס איז בעקאנט מיט דער געשיכטע פון רוסלאנד, דער וויים, אז דיא פאמיליע מעשטשערסקי שטאמט פון א טאטארישען רויבער קאפיטאן, וועלכער האט פערקויפט זיין אייגען לאנד צום קייסער איוואן IV. דערפאר האט איהם רוסלאנד גע־שענקט דעם טיטול פירסט (קניאז).

— איך האב געהערט, אז איהר האט יעצט קיין געלד ניט צו בעצאהלען א חוב פון קארטען דעם פירסט מעשטשערסקי, האט דער אלטער אפיציער געזאגט וולאדימיר'ן שטילערהייט, אז קיינער זאל ניט הערן, איך וועל אייך אויסבארגען דאס געלד. איך וויל דעם שטאלצען טאטער אנלערנען.

— איך דאנק אייך, אלמער פריינד, האט וולאדימיר געזאגט. איך האב געלד און וועל איהם באלד בעצאהלען.

פירסט מעשטשערסקי האט פון זיי קיין אויג ניט אראפגעלאזען. ער האט פער־שטאנען, אז דא איז עפעס געשעהן, אז וולאדימיר האט ערגעץ בעקומען געלד, זאנסט וואלט ער ניט געקומען אזוי פרעהליך אין קלוב. באלד האט ער זיך איבערצייגט, אז ער האט קיין טעות ניט געהאט. וולאדימיר האט זיך אויפגעהויבען פון'ם טיש און איז צוגעגאנגען צום פירסט.

— פירסט מעשטשערסקי, האט ער געזאגט. —

— וואס ווילסט דוא מיר זאגען, קאמעראד? האט פירסט מעשטשערסקי געפרעגט.

עס האט איהם געוואונדערט, וואס וולאדימיר האט איהם גערופען פירסט. צווישען דיא אָפיציערען איז ניט געווען איינגעפיהרט, אז מען זאל רופען איינער דעם אנדערן ביים טיטול, וואס יעדער האט געהאט זאנדערן גאנץ איינפאך, קאמעראד „טאָווארישטש", אָדער ביים נאָמען.

— איך וויל אייך זאגען, האט וולאדימיר געענטפערט, אז פון היינט אן זאלט איהר מיך ניט רופען קאמעראד.

וויא א דונערשלאג זיינען דיעזע ווערטער אריינגעפאלען אין דער געזעלשאפט. יעדער האט איינגעזעהן, אז דא וועט ארויסקומען א סקאנדאל. פירסט מעשטשערסקי איז געווארען בלייך, זיינע הענד האבען געציטערט. זיינע אויגען האבען געשפריצט מיט פייער.

— ערשט נעכטען ביסט דוא געקומען צו מיר מיט א ביטע, איך זאל דיר ווארטען דיין שולד איינינגע וואכען. איך האב עס ניט געקענט טהאן, ווייל איך דארף יעצט אליין געלד, האט ער געזאגט. דערפאר בין איך שוין אויס קאמעראד? איך קען דיר אבער דאך ניט ווארטען!

— יא, פירסט מעשטשערסקי! האט וולאדימיר געזאגט רוהיג. איך מעג עס אלעמען דערצעהלען. איך בין געקומען צו אייך, וויא צו א פריינד, וויא צו א קאמעראד און האב אייך דערצעהלט מיין לאגע. איך האב אייך געבעטען, איהר זאלט מיר ווארטען מיין שולד. איך וויים אז איהר האט געלד, אז איהר ווארפט טויזענדער אין דיא גאסען. איך בין געוועזן זיכער. אז צווישען גוטע פריינד, צווישען קאמעראדען מוז זעהר אפט פארקומען, אז איינער דעם אנדערן זאל טהאן א געפעלינקייט. איהר אבער האט מיר געזאגט, אז קוים וועל איך אייך ניט ברענגען דאס געלד צו דער מינוט, וועט איהר עס מעלדען דעם קאמאנדיר און בעטען, מען זאל מיך אויסשטויסען פון דער ארמעע. דאס טהוט ניט קיין קאמעראד דאס טהוט ניט קיין עדעלמאן — דאס טהוט א פּראָצענטניק!

מעשטשערסקי איז געווארען רויט, וויא פייער און האט אויפגעהויבען דיא האנד וולאדימירן צו שלאגען. וולאדימיר איז געשטאנען פעסט און שטאלץ אויף זיין ארט און האט צונויפגעלעגט דיא פינגער אין א שטארקע פויסט. נאך א סעקונדע און עס וואלט געווארען צווישען זיי א געשלעג. דיא אָפיציערען האבען זיך אריינגעמישט און האבען זיי צונומען.

— דוא וועסט מיר טהייער בעצאהלען פאר דיעזע בעליידיגונג! האט פירסט מעשטשערסקי אויסגערופען.

— איך וויים, אז א פּראָצענטניק הייסט זיך טהייער בעצאהלען, האט וולאדימיר געזאגט קאלטבליטיג. נא! אָט האסט דוא דיין חוב מיט א הויכען פּראָצענט, וואס דוא האסט געפאָדערט.

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון דער קעשענע א פּעקעל מיט געלד און האט עס דערלאנגט דעם פירסט. אזוי וויא דער פירסט האט עס אבער ניט

נעוואלט נעהמען, האט עס וולאדימיר א וואָרף געטהאן אויף דער ערד איהם צו דיא פיס.

— איך דארף ניט דיין געלד! האט דער פירסט געקייכט פאר רציחה. איך דארף דיין בלוט, דיין לעבען! דוא וועסט זיך שיעסען מיט מיר!

— ווען דוא ווילסט. איך בין בערייט צו יעדער צייט, האט וולאדימיר געזאגט. איך וועל דיר ווייזען, אז דער זוהן פון א בוכהאלטעריו קען אזוי גוט שיעסען, וויא ער קען זיין א גוטער קאמעראד.

דיא אפיציערען האבען אנגעהויבען צו רעדען צווישען זיך. זיי האבען אנפאנגס געוואלט זיך אריינלעגען אין שלום אריין. א דועל איז זעהר אונאנגענעהם און איז אין רוסלאנד זאגאר פערבאטען. זיי האבען זיך אבער באלד איבערצייגט, אז צווישען דיא צווי פיינדע קען קיין פריעדען ניט זיין, אז זיי וועלען זיך שוין שיעסען און האבען בע־שלאסען, אז עס זאל געשעהן גאנץ שטיל און אנשטענדיג. באלד האט זיך געבילדעט א קאמיטע, וועלכעס זאל דיא זאכע ארדענען.

— איהר האט אויסגערופען דעם ליעטענאנט ראטשינסקי אויף א דועל, האט געזאגט דאס קאמיטע צום פירסט מעשטשערסקי, אלזא, האט איהר דאס רעכט צו בעשטימען, ווען דער דועל זאל שטאטפינדען און מיט וואס פאר א וואפען איהר זאלט זיך שלאגען: מיט שווערדען אדער מיט רעוואלווערן.

— איך בין צושטארק בעליידיגט, האט פירסט מעשטשערסקי געזאגט, אום איך זאל מיך מיט איהם שלאגען מיט שווערדען אדער מיט רעוואלווערן. ביי אזא דועל קענען מיר ביידע לעבען בלייבען. דאס ערלויבט ניט מיין פירסטען עהרע. ניין, איינער פון אונז מוז שטארבען! איך וויל בעסער אן אמעריקאנישעם דועל. מען מאכט צווי גלייכע צעטעלעך, אויף איינעם איז אנגעשריעבען „טוידט", דער אנדערער איז לעדיג. ביידע צעטעלעך וויקעלט מען צונויף און מען ווארפט זיי אריין אין א הוט. ווער עס ציעהט ארויס דאס צעטעלע מיט דער אויפשריפט „טוידט", דער מוז זיך אליין שיעסען. אויף אזא ארט וועט איינער פון אונז געוויס פערשווינדען פון דער וועלט.

— וואס רעדט איהר, מעשטשערסקי? האט דער עלטערער פון דיא אפיציערען געזאגט. ווייסט איהר, אז אן אמעריקאנישעם דועל איז אזוי שטרענג פערבאָטען, אז זאגאר דייא מענשען, וואס האבען געוואוסט דערפון און האבען עס ניט געמעלדעט דער פאָליציי, ווערן זעהר שטרענג בעשטראפט. מען וועט אונז אלע אויסשטויסען פון דער ארמעע. שלאגט אייך מיט ראטשינסקי'ן, וויא אלע דועלן געשעהן, מיט זעבעל אָדער מיט פיסטאָלעטען. דאס איז אויך גאנץ גענוג.

— ניין! דאס איז פאר מיר ניט גענוג! האט מעשטשערסקי געענטפערט מיט א שרעקליכען צארן. מיר ביידע טארען אויף דער וועלט ניט זיין. איינער פון אונז מוז שטארבען.

דאס טאטארישע בלוט אין איהם האט אָנגעהויבען צו זיעדען. ער האט אויף קיין פאל ניט געוואלט נאכגעבען. וואס דאס קאמיטע פון אפיציערען האט איהם גע־בעטען, ער זאל ענדערן זיין בעשלוס און זאל זיך שלאגען אויף א געוועהנליכען דועל, עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. [illegible] בעשטאנען אויף אן אמעריקאנישעם

דועל.--דאס קאמיטע איז געגאנגען איבעררעדען מיט וולאדימירן. ער האט איינער ווילינט אויף אן אמעריקאנישעס דועל.

— אלזא, ווען איהר ווילט נור אן אמעריקאנישעס דועל, האט דאס קאמיטע געזאגט צום פירסט. זאגט, וואס איהר ווילט בעסער: צעטעלעך קארטען אדער ווירפעל?

אן אמעריקאנישעס דועל קען געשעהן אויף פערשיעדענע ארטען. מיר האבען בעשריעבען, וויא אזוי עס געשעהט דורך צעטעלעך, עס קען אבער אויך געשעהן דורך קארטען. מען נעהמט א טאליע קארטען, מישט זיא גוט אויס און הייבט זיא אן אויס־צולעגען אין צוויי זייטען פארביידע געגנער. אויף וועמעס זייט עס פאלט דיא שווארצע טויז, דער מוז זיך אליין דערשיעסען. עס קען אויך געשעהן דירך ווירפעל. מען ווארפט אויס דיא ביינדלעך, ווער עס האט ווענינער אויגען, דער מוז זיך שיעסען.

— ביי מיר איז אלעס איינס, האט מעשטשערסקי געזאגט, צעטעלעך, קארטען אדער ווירפעל.

— און וואס ווילט איהר בעסער, ראטשינסקי?

— לאז זיין ווירפעל, האט וולאדימיר געענטפערט.

— איך נעהם עס אן, האט מעשטשערסקי געזאגט.

דיא אָפיציערען האבען זיך אויסגעשטעלט אין א קרייז ארום א טיש. איינער האט געהייסען א לאקיי אריינברענגען א זילבערנעם בעכער און דיא ווירפעל. ווען דער דיענער האט אלעס געבראכט, האט מען איהם געהייסען ארויסגעהן און מען האט פערשלאסען דיא טהיר. דער עלטערער פון דיא אָפיציערען האט אריינגעווארפען דיא ווירפעל אין דעם זילבערנעם בעכער און האט איהם געשטעלט אויפ׳ן טיש.

— מיינע העררען, אלעס איז פערטיג. איהר קענט אנפאנגען אייער שרעקליכעס שפיעל אויף לעבען און טוידט. איך מוז אייך אבער נאך אמאל דערמאנען, אז אזא שפיעל איז א זינדע, א שאנדע. בעט אייך איבער, ווערט גוטע פריינד, גוטע קאמער־ראדען, וויא פריהער. עס מאכט זיך אמאל א בעליידיגונג צווישען קאמעראדען, מען בעט אום ענטשולדיגונג און אלעס איז פערגעסען. איך פאדער אייך אויף נאך אמאל, בעט אייך איבער און מאכט פריעדען.

— פריעדען מיט דעם זוהן פון אן ארימער בוכהאלטערין, וועלכער קען זיין קאר־טען שולדען ניט בעצאהלען? האט געזאגט מעשטשערסקי גיפטיג. ניין! קיין מאל נים!

— אלזא, לאמיר אנהייבען אונזער דועל, האט וולאדימיר געזאגט, איך וויל אויך קיין פריעדען שליעסען מיט א מענשען, וועלכער איז אזוי הארטהערציג געגען זיין קאמעראד.

פירסט מעשטשערסקי האט גענומען דעם זילבערנעם בעכער. און האט איהם אנגעהויבען צו שאקלען. אין זאל האט געהערשט א טיעפע שטילקייט. מען האט געהערט נור דאס קלינגען פון דיא ווירפעל אין זילבערנעם בעכער. עס זיינען פערגאנגען אייניגע שרעקליכע סעקונדען. אלע אויגען האבען געקוקט אויפ׳ן פירסט. ענדליך האט ער ארויסגעווארפען דיא ווירפעל. דער עלטסטער אפיציער האט איבערגעצעהלט דיא אויגען.

— זיעבצעהן אויגען! האט ער געזאגט.

— א גליקליכער וואָרף! האָבען אויסגערופען מעשטשערסקי׳ס פריינד.

מעשטשערסקי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען פון טיש און האָט געוואָרפען אויף וולאַדימיר׳ן א לאַנגען פערעכטליכען בליק. ער איז געוועזען זיכער, אז ער האָט געוואונען. וולאַדימיר איז געוואָרען בלייך. דאָס איז ווירקליך א גליקליכער וואָרף. זיעבעצעהן אויגען איז ניט לייכט צו מאַכען. יעצט איז געוועזען וולאַדימיר׳ס רייהע צו וואַרפען דיא ווירפעל.

ער האָט גענומען דעם זילבערנעם בעכער און האָט איהם אנגעהויבען צו שאָקלען. האַסטיג האָט ער אַרויסגעוואָרפען דיא ווירפעל אויפ׳ן טיש און האָט אוועקגעוואָרפען דעם בעכער.

— אזוי שפּיעלען נאַררישע מענשען מיט זייער לעבען, האָט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער.

דער עלטעסטער אָפיציער האָט איבערגעצעהלט דיא אויגען און האָט זיך אומגעקוקט. ער האָט ניט געוואָלט אַרויסזאָגען דיא טרויעריגע נאַכריכט.

— ניינצעהן אויגען! האָט זיך אָפּגערופען איינער פון דיא אָפיציערען.

וולאַדימיר האָט א ציטער געטהאָן. פירסט מעשטשערסקי איז געוואָרען בלייך, וויא קאַלך.

— פירסט מעשטשערסקי! האָט וולאַדימיר אויסגערופען. עס איז א נאַררישע שפּיעל. דאָס לעבען איז צוטהייער אום מען זאָל אויף אזא נאַררישער אַרט פערשפּיעלען. איך האָב געוואונען. איך בין צופריעדען געשטעלט. איך פערלאַנג ניט פון אייך, איהר זאָלט האַלטען אייער וואָרט. איך שענק אייך דאָס לעבען.

— ניין! האָט אויסגערופען פירסט מעשטשערסקי. איך וויל קיין געשענק פון אייך אננעהמען. א מענש מוז האַלטען וואָרט. איך ווייס שוין, וואָס איך דאַרף טהאָן.

וויאָפיעל צייט גיט איהר מיר, איך זאָל האַלטען מיין וואָרט? האָט ער זיך פּלוצלונג געווענדעט צו וולאַדימיר׳ן און האָט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— מיר דאַכט, אז מיר האָבען אָפּגערעדט. אז ווער עס וועט פערשפּיעלען, זאָל אין דריי מאָנאַטע אַרום פערשווינדען פון דער וועלט.

— דריי מאָנאַטע, האָט געמורמעלט צווישען דיא צעהנער פירסט מעשטשערסקי, איז עטוואָס צופיעל פאַר א מענשען אַרומצוגעהן מיט׳ן געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד, אָבער צו וועניג אום אלע אנגעלעגענהייטען פון׳ם לעבען צו אָרדנען.

— לאָז זיין זעקס מאָנאַטע, לאָז זיין א יאָהר! האָט וולאַדימיר געזאָגט, לאָז זיין גאָר ניט. איך פערלאַנג איבערהויפּט ניט, אז איהר זאָלט האַלטען, וואָס מיר האָבען אָפּגעמאַכט.

— אין דריי מאָנאַטע אַרום וועט איהר הערען פון מיר, האָט פירסט מעשטשערסקי געזאָגט שטאָלץ און האָט זיך פון איהם אוועקגעקערט.

דער עלטסטער אָפיציער, וועלכער האָט געצעהלט דיא ווירפעל, האָט יעצט צונויפגערופען אלע אָפיציערען און האָט זיי געזאָגט.

— מיינע העררען! קיינער פון אייך זאָל קיין וואָרט ניט רעדען פון אלעס, וואָס דאָ איז היינט פאָרגעקומען. איהר ווייסט, וויא שטרענג אזא דועל איז פערבאָטען, איהר

ווייסט, וואס פאר א שטראפע עס קומט דיא מענשען, וועלכע זיינען געוועזען צייגען פון אזא דועל? אלזא, שווייגען!

ער האט ארויפגעלעגט א פינגער אויפ'ן מויל. שטילערהייט זיינען זיך אלע צר־גאנגען, יעדער זיין וועג. עס איז זיי פערגאנגען דיא לוסט צו טרינקען און צו שפיעלען אין קארטען. וולאדימיר איז אויך ארויסגעגאנגען פון'ם קלוב. ער האט אנפאנגס גע־וואלט געהן א היים, באלד אבער האט ער זיך בעטראכט, אז אין דער היים איז קיינער ניטא. וואס וועט ער טהאן אין דער היים? ער האט זיך אומגעקעהרט און איז געגאנ־גען ווייטער אהן א צוועק און אהן א ציעל דורך גאסען און געסלעך. ער איז אריבער־געגאנגען דיא עקאטערינען בריק און איז אריינגעגאנגען אין יעקאטער־נענסקי פארק. עס איז שוין געוועזען שפעט. דיא זון איז אונטערגעגאנגען און דער העלע מאנד האט בעגאסען דיא אלעען פון'ם פארק מיט זיין קלארע, ווייסע ליכטיגקייט. דיא זייטען אלעען זיינען געוועזען לעדיג, נור אין דער הויפט אלעע האבען נאך ארומשפאציערט מענשען. וולאדימיר האט געוואלט זיין אליין מיט זיינע געדאנקען. ער האט איבערגע־טראכט, וואס היינט האט מיט איהם פאסירט. ער האט געזעהן, אז געהיימע קרעפטע שפיעלען מיט זיין שיקזאל, מיט זיין לעבען. אלעס ארום איהם איז א געהיימניס, אלעס איז פון איהם פערבארגען.

— וויא אזוי קען איך געוואהר ווערן דיעזע אלע געהיימניסע? האט ער געזאגט צו זיך אליין. ווער איז מיין פאטער? וויא הייס איך? ווער האט מיר היינט געשיקט דאס געלד? וואס געהער איך מיך אן מיט דיא רייכע מענשען ניט ווייט פון ריגא, וואו איך פלעג פערברענגען מיין וואקאנס? דאס שלאס הייסט פריידענטהאל און האט אמאל געהערט צו א גראף פאהלען. וואס געהער זיך אן דעם גראף פאהלען מיט מיר? פאר וואס בעהאלט זיך אזוי מיין מוטער פון מיר? — אך! וויא אזוי ווערט מען געוואהר אלע דיעזע געהיימניסע?

פערטיעפט אין זיינע געדאנקען איז ער פערגאנגען אין פארק אלץ ווייטער און ווייטער, ביז ער איז געקומען אין דיא גאנץ פינסטערע און איינזאמע אלעען. פלוצלונג האט ער דערזעהן פאר זיך א בעטלער שטעהן אין דער מיט אלעע, גלייך וויא ער האט געוואלט איהם פערשפארען דעם וועג. וולאדימיר האט זיך געחאפט צו דער קעשענע און האט געוואלט געבען דעם בעטלער עטליכע קאפיקעס. וויא ערשטוינט איז ער געוועזען, ווען דער בעטלער האט איהם געזאגט:

— איך דארף ניט קיין נדבה, וולאדימיר ראטשינסקי.

וולאדימיר איז געוועזען איבערראשט. ער האט דעם מענשען קיין מאל ניט געזעהן, ער קען איהם ניט. פון וואנען וויים דער בעטלער, וויא ער הייסט?

— ווער זייט איהר? וואס ווילט איהר פון מיר? האט ער געפרעגט. זאגט עס קורץ. עס איז שוין שפעט און איך וויל געהן א היים.

— ווער איך בין, זעהט איהר דאך, א בעטלער, א גאנץ איינפאכער בעטלער. וואס איך וויל פון אייך? — גאר נישט. איך וועל אייך זאגען, וואס מארגען וועט זיין.

יעדעס ווארט, וואס דער בעטלער האט געזאגט, איז געוועזען א נייע רעטעניש פאר וולאדימיר'ן. ער האט באלד איינגעזעהן, אז פאר איהם שטעהט דאך קיין געוועהנ־

ליבער בעטלער. ער איז שוין אָבער געווען אזוי געוואינט מיט געהיימניסע ארום זיך, אז ער האט יעדע מינוטע געהאפט עטוואס צו ענטדעקען.

— אלזא, זאג מיר, וואס מארגען וועט זיין, האט ער געזאגט צום בעטלער נייגיעריג.

— וולאדימיר ראטשינסקי! האט אנגעהויבען דער בעטלער מיט א פייערליכער שטימע. מארגען אום דריי אוהר נאכמיטאג זאלט איהר זיך געפינען לעבען דער ווילא (דאטשא) פון'ם פירסט לייכטענבערג. איהר זאָלט גיין אין ברעג פון דער נעווא. אויף דעם וועג, וואס איהר וועט געהן, וועט אנקומען א רייכע קארעטע. דיא פערד וועלען זיך דערשרעקען און וועלען שיער ניט אריינשפרינגען אין דער נעווא. איהר זאָלט זיך ענטגעגען שטעלען און איינהאלטען דיא פערד. ווען עס וועט אייך געראטהען איינצוהאלטען דיא פערד און צו רעטען דיא צוויי מענשען, וועלכע וועלען זיצען אין דער קארעטע, וועט איהר זיין מיט איינעגע שריט נעהנטער צו אייער ציעל.

מיט דיעזע ווערטער האט דער בעטלער געוואָלט אוועקגעהן. וולאדימיר האט איהם אבער צוריקגעהאלטען.

— שטעה! זאג מיר, ווער דוא ביסט, אדער איך רוף א גאָראָדאָוואָי און הייס דיך ארעטירען.

דער בעטלער האט זיך איינגעבויגען צו איהם און געזאגט איהם גאנץ שטיל אין אויער אריין:

— זיי פאָרזיכטיג מיט דיין געלד. דוא האסט היינט ערהאלטען פינף טויזענד רובעל פון דער ערשטער פעטערבורגער קאמערץ־באנק.

וולאדימיר איז אפגעשפרונגען פון'ם בעטלער. ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא דער בעטלער איז פערשוואונדען געווארען. ווען ער איז געקומען צו זיך האט ער זיך אנגעהאפט ביים קאפ?

— וואס איז דאס? ווער איז דער? פון וואנען וויים ער, אז איך האב היינט ערהאלטען געלד? איך האב געמיינט, אז איך וועל עפעס געוואָהר־ווערן פון דיא געהיימניסע, וועלבע זיינען ארום מיר און צום סוף האט ער מיר אויפגעגעבען א נייע געהיימניס — א נייע רעטעניש אויף וואס זיך צו ברעכען דעם קאָפּ.

ערשטוינט, פערוואונדערט, איבערראשט איז ער געשטאנען איינעגע צייט, וויא צוגעשמידט צו זיין אָרט. ארום איז געווען שטיל און רוהיג. קיין לעבעדיגער מענש איז ניט געווען אין יענער געגענד פון'ם פארק. וולאדימיר'ן איז געווען אונהיימליך. ער האט אנגעהויבען מורא צו האבען. האסטיג האט ער געשפאנט צום טויער פון'ם פארק, גלייך וויא מען וואָלט איהם נאכגעיאגט. ער איז ארויסגעלאָפען פון'ם טויער, האט גענומען דיא ערשטע דראָשקע, וואס ער האט געפונען און איז געפאהרען א היים.

ביז שפעט אין דער נאכט איז ער ארומגעגאנגען אין זיין צימער הין און צוריק און האט געטראכט, וואס ער זאל טהאן. זאל ער געהן מארגען, וואוהין דער בעטלער האט איהם געהייסען אדער ניט? — מעגליך, אז דער פירסט מעסטשערסקי האט אונטער־געשיקט דעם בעטלער אומיסטען, ער זאל איהם ערגעץ פערפיהרען, מעגליך, אז מעשטשערסקי וויל איהם דאָרט טוידטען. ווער קען עס וויסען?

— איך וועל ניט געהן! האט ער אויסגערופען און האט זיך געלעגט שלאפען.

ער האט זיך געלעגט שלאפען זעהר שפעט און איז אויפגעשטאנען אום עלף אוהר אין דער פריה. ער האט זיך אנגעטהאן, אפגעטרונקען טהעע און איז ארויס אויף דער גאס.

— פארוואס זאל איך ניט געהן? האט ער געזאגט צו זיך אליין. מעגליך, אז דער בעטלער האט ניט געמיינט קיין שלעכטס. — וואס האב איך מורא צו האבען? איך בין סאלדאט און דארף פאר קיין זאך קיין מורא ניט האבען.

ער האט צוגערופען א דראָשקע און האט געזאגט דעם קוטשער, אז ער נעהמט איהם „אויף דער שטונדע". ער האט איהם געהייסען פאהרען צו דער ווילא פון'ם פירסט לייכטענבערג. עס האט געדויערט א היבשע ווילע, ביז ער איז אהין געקומען. די ווילא איז געווען א פאר וויאָרסט ווייט פון פעטערבורג, מען האט געזעהן ווייניג מענשען אויפ'ן וועג. וולאדימיר האט געהייסען דעם קוטשער אויף איהם ווארטען לעבען א שענק ניט ווייט פון דער ווילא. ער אליין איז געגאנגען שפאציערען ביים ברעג פון דער נעווא; ער האט ארומשפאציערט געגען א האלבע שטונדע און האט זיך אנגע-הויבען צו לאנגווייליגען. פלוצלונג האט ער' דערהערט פון ווייטען דעם רעש פון א קאַ-רעטע. ער האט זיך אומגעקוקט און האט געזעהן, אז עס קומט ווירקליך אן א רייכע קארעטע.

דרייסיג, פערציג שריט פון איהם האבען זיך די פערד דערשראקען און האבען אנגעהויבען צו לויפען, וויא פון'ם טייפעל געטריעבען, גלייך אין די נעווא. דער קוט-שער האט אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטע איינצוהאלטען די פערד, עס איז אבער געווען אונמעגליך. די פערד זיינען געווארען ווילד און האבען געשלאגען מיט די הינ-טערסטע פיס. דער קוטשער האט געזעהן, אין וואס פאר א געפאהר די קארעטע געפינט זיך און איז אראפגעשפרונגען פון זיין זיץ.

יעצט איז געקומען די מינוט, וואס וולאדימיר האט געמוזט העלפען. נאך א פאר מינוט און די קארעטע מיט די מענשען, וואס זיין געזעסען אין איהר, וואלטען אריין אין די דונקעלע וואסערן פון דער רוישענדער נעווא. וולאדימיר האט ניט לאנג געטראכט. ער האט ארויסגעחאפט זיין רעוואלווער און האט אויסגעשאסען איין פערד גלייך אין קאפ אריין. דאס פערד איז אומגעפאלען און האט מיטגעשלעפט דעם אנדערן. די קארעטע איז געבליעבען שטעהן נור איינינע שריט פון'ם ברעג.

יעצט איז וולאדימיר צוגעגאנגען צו דער קארעטע זעהן, ווער עס זיצט דארט. אין דער קארעטע איז געזעסען א מאן מיט א פרוי. די פרוי איז געלעגען אויסגע-שטרעקט און האט זיך ניט גערירט. זיא איז געפאלען אין אהנמאכט. דער מאן האט זיך בעמיהט זיא אויפצומינטערן.

— די געפאהר איז פאַריבער, האט וולאדימיר געזאגט, פיעללייכט קען איך אייך מיט עטוואס אנדערש בעהילפליך זיין?

דער מאן האט ניט געענטפערט. ער האט געהאלטען די אהנמעכטיגע פרוי אויף די הענד און האט געזוכט זיא צו מינטערן מיט די געוועהנליכע מיטעל, וועלכע מען געברויכט אין אזא פאל.

— בערוהיגע דיך, יאזעפינא, האט ער גערעדט צו איהר, דיא געפאהר איז פאר־איבער. מיר זיינען גערעטעט.

ענדליך האט דיא דאמע אויפגעעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט. זיא איז געווען זעהר בלייך און האט געציטערט.

— וואו זיינען מיר, קאנסטאנטין? האט דיא דאמע געפרעגט, וויא איינע וואס חאפט זיך אויף פון שלאף.

— מיר זיינען גערעטעט. גאט האט אונז צוגעשיקט אן אונבעקאנטען רעטער. קום ארויס, יאזעפינא, פון דער קארעטע.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט ארויס־גענומען דיא דאמע. יעצט ערשט האט וולאדימיר דערזעהן, אז אין דער קארעטע איז געזעסען דער גראספירסט קאנסטאנטין מיט זיין צווייטער פרוי, דיא פרינצעסין יאזע־פינא פון ווירטעמבערג. ער האט זיך אניעדערגעשטעלט פאר איהם גלייך און האט געגריסט מיליטעריש.

— ענטשולדיגען, קייזערליכע האהייט, וואס איך האב געטיידטעט דאס פערד. האט וולאדימיר געזאגט, איך האב קיין אנדער עצה ניט געהאט זיי איינצוהאלטען.

— יונגער מאן, האט דער גראספירסט קאנסטאנטין געזאגט און האט איהם געגעבען דיא האנד, דוא דארפסט זיך ניט ענטשולדיגען. דוא האסט אונז דאס לעבען גערעטעט און מיר זיינען דיר אייביגען דאנק שולדיג.

— איך האב נור געטהאן, וואס יעדער מענש דארף טהאן, ווען ער זעהט א מענשען אין געפאהר. דארויף זיינען מיר מענשען, מיר זאלען איינער דעם אנדערן העל־פען אין א נויט און רעטען, ווען מיר קענען. איהר זייט מיר קיין דאנק שולדיג. איך האב געטהאן מיין פפליכט, וואס איך בין שולדיג געגען יעדען מענשען. איך שעץ מיך אבער גליקליך, וואס דאס מאל האב איך געטהאן געגען דעם גראספירסט קאנסטאנטין.

— אין וועלכען רעגימענט דיענסט דוא, יונגער מאן? האט דער גראספירסט געפרעגט.

— אין דעם 14טען הוסארען רעגימענט.

— וויא הייסט דוא?

— וולאדימיר ראטשינסקי.

— אלזא, וולאדימיר ראטשינסקי, הייטע אבענד מעלד זיך צו מיר אין פאלאץ. איך וועל שוין זארגען אז כיען זאל דיך באלד צולאזען צו מיר. איינסטווייילען זאג איך דיר נאך אמאל מיין בעסטען דאנק!

אונטערדעסען איז צוגעקומען דער קוטשער און נאך איינעגע מענשען. זיי האבען אויפגעהויבען דאס לעבעדיגע פערד און האבען צורעכט געמאכט דיא קארעטע. דער גראספירסט קאנסטאנטין האט געשיקט אויף דער וויללא פון'ם פירסט לייכטענבערג, אז מען זאל איהם אויסבארגען א קארעטע. ווען דיא קארעטע איז אנגעקומען, האט דער גראספירסט נאך אמאל געגעבען וולאדימיר'ן דיא האנד און האט איהם געזאגט:

— אלזא, הייטע אבענד וועלען מיר זיך זעהן. דערווייל א גוטען טאג!

אנאנדער קוטשער איז געזעסען אויף זיין זיץ, דיא פערד האבען גערירט, אין

א פאר מינוטען ארום איז דיא קארעטע פערשוואונדען. דעם גראָספירסט׳ס קוטשער מיט דעם איינעם פערד און דער בעשעדיגטער קארעטע איז אויך אוועקגעפאָהרען קיין פעטערבורג. וולאדימיר איז גאך אלץ געשטאנען אויף איין ארט און האט געטראכט איבער דיעזען זאנדערבארען צופאל. איהם האט זיך אויסגעוויעזען, אז דעם גראָספירסט׳ס קוטשער האט אויף איהם געווארפען פארשעמענדע בליקע און ווען ער האט זיך אויפגע־זעצט אוועקצופאהרען, האט זיך אויף זיין געזיכט געוויעזען א זאנדערבארער שמייכעל. ענדליך, זיינען זיך אלע צוגאנגען און צופאהרען. וולאדימיר איז געגאנגען אויפזוכען זיין דראשקע. ניט וויים פון׳ם שענק, וואו ער האט געלאזען זיין דראשקע, איז געשטאנען א בעטלער און האט געבעטעלט. וולאדימיר האט איהם באלד דערקענט, אז דאס איז דערזעלבע, וועלכער האט איהם נעכטען ביי נאכט געהייסען קומען אהער. ער איז צו־געקומען נעהענטער צו איהם און האט איהם געוואלט אריינווארפען געלד אין היטעל אריין.

— נו? האט איהם דער בעטלער געזאגט שטילערהייט, האב איך אייך נעכטען ניט גוט געראטהאן?

— וויא קומסט דוא אהער? האט איהם וולאדימיר געפרעגט.

וואס ווילט איהר? א בעטלער מוז זיין אומעדום, וואו ער קען זיך אויסבעטלען עטליכע קאפיקעס.

— נארר מיך ניט, האט וולאדימיר געבעטען, זאג מיר, פון וואנען האסט דוא געוואוסט, אז דער גראספירסט קאָנסטאנטין וועט היינט דא דורכפאהרען און זיינע פערד וועלען זיך איבערשרעקען?

— מען האט געמאכט, אז זיי זאלען זיך איבערשרעקען, האט דער בעטלער געזאגט.

— אָבער צו וואס פאר א צוועק האט מען עס געטהאן? ווער האט עס געטהאן?

— דעם צוועק קען איך אייך זאגען. מען האט עס געטהאן אום אייך גרויס צו מאכען. ווער עס האט עס געטהאן, וועט איהר אמאָל געוואהר ווערן.

— אבער צו וואס וויל מען מיך גרויס מאכען? האט וולאדימיר געפרעגט. וואס פאר א נוצען קענט איהר פון מיר ערווארטען? איך ב׳ן ארים, איך קען אייך ניט בע־לוינען און וויל אייך ניט בעלוינען.

— קיינער פארדערט פון אייך ניט, איהר זאלט איהם בעלוינען. האט דער בעטלער געזאגט גלייכגילטיג.

יעדעס ווארט פון׳ם בעטלער האט פארגעשטעלט פאר וולאדימיר א נייע רעטע־ניש. ער האט געוואלט פראָבירען פון אנאנדער זייט, פיעללייכט וועט עס איהם געלינגען צודערראטהען דאס רעטעניש.

— איך פערשטעה! האט ער אויסגערופען. מיין פאטער האט עס אייך געשיקט.

— אייער פאטער? האט דער בעטלער געפרעגט פערוואונדערט. איך האב קיין מאל ניט געהאט דיא עהרע צו קענען אייער פאָטער.

— דאס איז א ליעגען! האט וולאדימיר אויסגערופען. איהר קענט איהם, נור איהר ווילט מיר ניט זאגען דיא וואהרהייט. הער נור, דוא בראוועך מאן, זאג מיר, ווער עס האט דיך געשיקט צו מיר און איך וועל דיר געבען צוויי מאל אזוי פיעל, וויאפיעל ער גיט דיר.

— עס טהוט מיר לייד, איך קען אייך גאר ניט זאגען, ווייל איך ווייס גאר נישט.

וולאדימיר האט געזעהן, אז ער וועט פון איהם גאר ניט ארויסקריעגען און ער איז געגאנגען צו זיין דראשקע. ער מוז היינט זיין פריה אין דער היים, זיך איבערטהאן און געהן צום גראַספירסט קאנסטאנטין, וויא ער האט איהם געהייסען.

מיר מוזען נאך זאגען א פּאָר ווערטער איבער'ן גראַספירסט קאַנסטאַנטין. וויא מיר האבען דערצעהלט אין דיא פאריגע קאפּיטלעך, האט דער קייסער געבראכט א היים דיא אונגליקליכע פּרינצעסין העללא. זיא איז אין א קורצע צייט ארום געשטארבען. אלכסנדר II האט געפּארדערט פון זיין ברודער, ער זאל זיך נאך אמאל פערהייראטהען. ער האט געוואוסט, אז יעליסאוועטא פאָן פּאָהלען איז אנטלאפען פון סיביר און האט מורא געהאט, אז דער גראַספירסט זאל זיך מיט איהר ווידער ניט צונויפקומען. קאָנסטאנטין האט געמוזט פאלגען זיין עלטערן ברודער און קייסער.

מיר מוזען פערנער דערצעהלען, אז איידער מען האט דיא פּרינצעסין העללא אוועקגעשיקט אין מאָנאסטיר „וסעד מוטשעניקאָוו", האט זיא געהאט א קינד, א מעדכען, וועלכע מען האט א נאָמען געגעבען וויערא. מיר האבען עס ניט דערצעהלט אין דיא פאָריגע קאפּיטלעך ווייל עס איז ניט געווען נייטיג צו אונזער ערצעהלונג.

84טעס קאפּיטעל.

## ביים גראַספירסט קאָנסטאַנטין.

ווען עס איז נור פינסטער געווארען, האט זיך וולאדימיר אנגעטהאן אין זיין גאנצען אוניפארם און איז געגאנגען צום גראַספירסט קאָנסטאנטין אין פּאלאַץ. קוים האט ער זיך געמעלדעט, האט מען איהם באלד אריינגעפיהרט צום גראַספירסט אין שרייב־צימער. קאָנסטאַנטין איז געזעסען לעבען זיין גרויסען שרייב־טיש בעדעקט מיט ביכער און מיט פּאַפּיערען. ער האט ערווארטעט דעם גאסט. ווען דער לאקיי האט געמעלדעט: ליעטענאנט וולאדימיר ראטשינסקי! האט זיך דער גראספירסט אויפגע־הויבען פון זיין שטוהל און האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד.

— ווילקאָמען, ראטשינסקי! האט ער איהם געזאגט. עס פרעהט מיך זעהר דיך צוזעהן אין מיין הויז.

וולאדימיר איז רויט געווארען. דאס ערשטע מאל, זייט ער געדענקט, איז ער געווען ביי א גראַספירסט אין הויז. ער האט געמורמעלט עטליכע ווערטער צווישען דיא צעהנער. ער האט אליין ניט געוואוסט וואס. דער גראַספירסט האט עס פערשטאנען און האט איהם געוואלט בערוהיגען.

— זעץ דיך, ראטשינסקי, האט ער איהם געזאגט, און דערצעהל מיר, וויא לאנג דיענסט דוא שוין אין הוסארען רעגימענט? ווען האסט דוא געלערנט? פון וואנען ביסט דוא?

וולאדימיר האט זיך געזעצט לעבען גראַספירסט און האט געענטפערט אויף אלע זיינע פראגען, וואס ער האט געוואוסט. ער האט איהם געזאגט, אז ער איז פון פּעטער־בורג. אזוי האט איהם זיין מוטער געזאגט.

— ראטשינסקי.... ראטשינסקי.... האט דער גראַספירסט וויעדערהאלט

עטליכע מאל. זא פיעל מיר איז בעקאנט, געדענק איך ניט דעם נאמען ראטשינסקי. אין דער רוסישער געשיכטע איז דער נאמען ראטשינסקי פערבונדען מיט זעהר טרויעריגע בעגעבענהייטען. עס איז אמאל געווען א פּאָלנישער גראף ראטשינסקי, ער איז געווען געזאנדטער פון פּאָלען ביי דער רוסישען קייסערין יעליסאוועטא. דאמאלס איז נאך פּאָלען געווען א גרויס קעניגרייך און פלעגט שיקען א געזאנדטען צום רוסישען קייסער. גראף ראטשינסקי איז אזוי געפעלען דער קייסערין יעליסאוועטא, אז ער איז געווארען איהר פערטרויטעסטער פריינד. זיא האט איהם דערצעהלט, אז זיא האט געהאט א טאָכטער פון איהר געליעבטען, דעם גראף ראזומאָווסקי און האט איהם געבעטען, אז ער זאל אוועקפיהרען ערגעץ דאס קינד, וועלכעס זיא האט ניט געקענט האלטען לעבען זיך אין פעטערבורג. גראף ראטשינסקי האט אוועקגעפיהרט דאס מעדכען קיין רוים און האט עס אָפּגעהיט, וויא זיין אייגען קינד.

ווען דיא קייזערין יעליסאוואטא איז געשטארבען און אויף איהר ארט איז געווא־רען קייזערין עקאטערינא II, א פּרינצעסין פון א קליין לאנד אין דייטשלאנד, צערבסט־אנהאלט, האט גראף ראטשינסקי זיך געווענדעט צו אלע קייזערן און קעניגע פון אייראָפּא מיט דער ביטע, אז יעליסאוועטא׳ס טאכטער זאל ערקלערט ווערן אלס קייזערין אין רוסלאנד, ווייל זיא איז דאך אן עניקעל פון פעטער דעם גראסען. עקאטערינא II האט זיך שטארק דערשראקען, ווען זיא איז געוואהר געווארען, אז עס לעבט יעליסאוועטא׳ס א טאָכטער, וועלכע האט מעהר רעכטע פון איהר אויף רוסלאנד. זיא האט געשיקט איהר געליבטען, דעם גראף שו־וואלאָוו קיין רוים, ער זאל דיא פּרינצעסין ארויסגנבנען.

גראף שו־וואלאָוו האט געדונגען א געוויסען רויבער קאפּיטאן מיט׳ן נאָמען דער־ריבאס, ער זאל פערפיהרען דיא פּרינצעסין און זיא ברענגען קיין פּעטערבורג. דער רויבער דעריבאס איז אָנגעפאלען ביי נאכט אויפ׳ן פּאלאץ, וואו גראף ראטשינסקי האט געוואָינט מיט דער פּרינצעסין, האט זיי ביידען געבונדען און נאך אין דערזעלבער נאכט געבראכט אויף א רוסישע שיף. אין א קורצע צייט ארום האט ער זיי צוגעשטעלט קיין פּעטערבורג. גראף ראטשינסקי׳ן האט מען אָפּגעהאקט דעם קאָפּ אלס פעררעטהער. דיא פּרינצעסין האט מען געשמיסען עפענטליך; דאן האט מען איהר אָפּגעשניטען דיא צונג און זיא פערשיקט קיין סיביר. דעם רויבער דעריבאס אָבער האט עקאטערינא II געמאכט פאר א רוסישען אדמיראל. אין אָדעססא איז נאך יעצט דא א גאס, וועלכע הייסט נאך זיין נאָמען, „דעריבאסאָווסקאיא אוליצא“.

זייט יענער צייט איז דער נאָמען ראטשינסקי פערשוואונדען געווארען פון רוס־לאנד. דאס איז אלעס, וואס איך ווייס איבער דעם נאמען ראטשינסקי. — ווער זייט איהר דען? וויא קומט עס, וואס איהר האט אויפגעלעבט דעם אלטען, אין רוסלאנד זעהר ניט בעליעבטען נאמען, ראטשינסקי?

וולאדימיר האט געשוויעגען. ער האט ניט געקענט דיא טרויעריגע געשיכטע פון׳ם גראף ראטשינסקי; ער האט ניט געוואוסט, וויא אונאנגענעהם דער נאמען ראטשינסקי איז פאר דיא רוסישע הערשער; ער האט געוואוסט, אז זיין נאמען ראטשינסקי איז אן אויס־געבאָרגטער און האט יעצט ערשט אנגעהויבען צו פארשטעהן, אז זיין מוטער האט ניט

אומזיסט אויסגעקליעבען דעם נאמען ראטשינסקי. ער האט אבער דאך געמוזט עפּעס זאגען דעם גראַספּירסט.

— איך בין ניט קיין גראף, האט ער ענדליך געזאגט, און שטאם געוויס ניט אפּ פון יענעם גראף ראטשינסקי, גענען וועלכע א רוסישע קייסערין האט אמאל אזוי אונ־גערעכט געהאנדעלט.

— געוויס, געוויס, מיין פריינד, האט דער גראַספּירסט גענטפערט. איך האב עס נור אזוי דערמאנט, ווייל דער נאמען ראטשינסקי איז מיר פאַרגעקומען אזוי פרעמד. יעצט אָבער איז ער ביי מיר טהייער, ווייל א ראטשינסקי האט מיר היינט דאס לעבען גערעטעט. איך וויל זיין דאנקבאר און ערנענע דיר אלס מיין פליגעל אדיוטאַנט. פון היינט אן וועסט דוא וואָינען ביי מיר אין שלאס און וועסט פאהרען מיט מיר אומעדום, וואוהין איך וועל פאהרען.

— איך דאנק אייך, קייזערליכע האָהייט! האט וולאדימיר אויסגערופען. איך האב ניט פערדיענט אזא הויכע עהרע.

דער גראַספּירסט האט אָנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען און איז געבליע־בען שטעהן אויף דער טהיר.

— פון היינט אן וועט דער ליעטענאנט ראטשינסקי וואָינען ביי מיר אין פּאלאַץ, האט דער גראַספּירסט געזאגט צום דיענער. היים אויסמעבלירען דעם פּאוויליאָן אין גארטען. דארט וועט ער וואינען.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען.

— אלזא, עס איז אָבגעמאכט, ליעטענאַנט ראטשינסקי דוא בלייבסט מיין פליגעגל אדיוטאַנט. איך וועל זיין מאָרגען ביי מיין ברודער, דעם קייסער און וועל איהם מעלדען, אז איך האב דיך ערנאנט אלס מיין פליגעגל אדיוטאַנט. ער וועט עס געוויס בעשטעטיגען. פון מאָרגען אן וועסט דוא וואָינען ביי מיר אין פּאלאַץ. — יעצט גוטע נאכט!

מיט דיעזע ווערטער האט ער געגעבען וולאדימיר'ן דיא האנד. וולאדימיר האט איהם נאך אמאל געדאנקט און איז ארויסגעגאנגען פון'ם פּאלאַץ גליקליך און צופריע־דען. יעצט איז ער שוין פליעגעל־אדיוטאַנט ביים גראַספּירסט קאָנסטאַנטין; יעצט וועט ער קומען אין דיא העכסטע געזעלשאפט פון רוסלאנד; יעצט וועט מען איהם פארשטעלען פארן קייסער, יעצט האט זיך פאר איהם געעפענט א גרויסעס און רייכעס פעלד.

גליקליך איז דיא יוגענד. איהרע גאלדענע טריימע גרייכען ביז אין הימעל. דער לעבענסבוים איז נאך פרישׁ, גרין און בעדעקט מיט דיא בלעטער דער האפנונג. מיט יעדען טאג שפּראצען ארויס נייע, פרישע בלעטעלעך, נייע, פרישע האפנונגען. דיא יוגענד לעבט אין דער צוקונפט, אין דער האפנונג. דאס אלטער אָבער לעבט אין דער פער־גאנגענהייט — אין דער עראינערונג. דער עלטערער מענש, וועלכער האט מיט שווערער מיה ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בארג פון'ם לעבען, קוקט זיך אום אויפ'ן לאנגען וועג, וואס ער האט דורכגעמאכט און דערמאנט זיך: דא בין איך געבליעבען שטעהן, דא האב איך געמאכט א פעהלער, דא בין איך שיער ניט אומגעקומען; דעם און דעם

**שריט וואלט איך געוואלט אָפּווישען פון מיין וועג — דאס איז דיא עראינערונג. דער** לעבענסבוים שטעהט נאָך שטאַרק און פעסט, אָבער זיינע גרינע בלעטער, דיא האפ־נונגען, זיינען איינציגווייס פערוועלקט (פערוויאַלעט) געוואָרען און זיינען אראָפּגעפאַלען. עס איז געבליעבען דער בוים אליין — דיא עראינערונג. דער יונגער מענש הייבט ערשט אָן זיין וועג. ארום איהם איז אלעס פריש, אלעס גרין, אלעס בליהט און לאכט. — אלעס איז ביי איהם האפנונג.

מען קען זיך לייכט דענקען, מיט וואס פאַר א פרייד וולאַדימיר איז ארויס פון'ם גראַספּירסט. ערשט מיט צוויי טאג צוריק איז ער געווען אזוי פּיערצווייפעלט, אז ער האט זיך געוואלט דאס לעבען נעהמען און יעצט האט ער געלד, עהרע און גליק.

ער איז געגאַנגען א היים און האט אנגעשריעבען א בריעף צו זיין מוטער, ער האט איהר דערצעהלט פּיעלעס, וואס האט מיט איהם פּאסירט אין דיא לעצטע צוויי טאג און האט זיא געבעטען, זיא זאל קומען קיין פּעטערבורג. צוואר קענען זיי יעצט ניט וואָינען צוזאמען, ווייל ער מוז וואינען ביים גראַספּירסט אין פּאלאַץ, דאך וועלען זיי קענען זיך יעדען טאָג זעהן, יעדען טאָג רעדען. דאס וועט איהר געוויס מאכען פער־גניגען. דערמיט וועט ער איהר וועניגסטענס אביסעל פּערגעלטען פאַר דיא יאהרען, וואס זיא האט זיך געפּלאגט און געארבייט פאַר איהם.

דעם אנדערן טאג זיינען אלע פּעטערבורגער צייטונגען פול געווען מיט וולאַדימיר'ס העלדענטהאט. מען האט פון איהם גערעדט אין אלע גאסען, מען האט איהם געלויבט, מען האט איהם גערִיהמט, מען האט צוגעלעגט הונדערטער ליעגען, וויא אזוי ער האט איינגעשטעלט זיין לעבען און האט גערעטעט דעם גראַספּירסט קאָנסטאנטין מיט זיין פרוי. דער קייסער האט געוואלט וויזען א ביישפּיעל, וויא דאנקבאר ער איז געגען זיינע טרייע דיענער און האט איהם געגעבען אן ארדען און דעם טשין (ראנג) פון א קאַפּיטאַן.

ער האט זיך באלד איבערגעצויגען אין פּאלאַץ פון'ם גראַספּירסט, אין דעם גאָר־טענשטיבעל, וואו ער האט אמאָל, אלס קינד, פערבראכט איניגע וואכען. ער האט זיך אבער ניט געקענט דערמאָנען, אז ער האט דארט אמאָל געוואָינט. ערשטענס, איז ער דאמאָלס געווען צו יונג און צו איבערגעשראָקען, ער זאל עס נאך געדענקען. צוויי־טענס, איז דאס גאַרטענשטיבעל אָפּגעברענט געוואָרען, וויא אונזערע לעזער וועלען זיך געוויס עראינערן, און דער גראַספּירסט האט אויפגעבויט א נייעס, א שעהנערעס. וולאַדימיר האט זיך באלד איינגעריכטעט אין זיין נייע וואינונג. דער גראַספּירסט און זיין פרוי זיינען געווען זעהר פריינדליך געגען איהם און פלעגען איהם זאגאר אָפט איינ־לאַדען צום מיטאָג. דאס איז א גרויסע עהרע, וועלכע אן אָרימער אָפּיציער קען אין רוסלאנד ניט אזוי לייכט דערגרייכען. אין א קורצער צייט איז וולאַדימיר געוואָרען גאַנץ היימיש ביים גראַספּירסט אין הויז.

מיר האבען דערצעהלט אין פאָריגען קאפּיטעל, אז דער גראַספּירסט האט געהאט א טאָכטער פון זיין ערשטער פרוי, דיא פּרינצעסין העללא, מיט'ן נאמען וויערא קאָנסטאַנטינאָוונא. דיעזעס מעדכען איז געבאָרען געוואָרען אין אזעלכע טרויעריגע אומשטענדע, אז דער גראַספּירסט האט זיא זעהר וועניג געקענט, ביז זיא איז אלט געוואָרען צעהן יאָהר. ווען זיא איז געבאָרען געוואָרען, איז איהר מוטער געווען זעהר

קראנק. מיר ווייסען, וואס פאר א קראנקהייט דאס איז געוועז — זיא איז געוועזן וואהנ־זיניג. מען האט דאס קינד געמוזט צונעהעמען פון איהר און עס איבערגעבען איינער פון דיא האַפדאמען, זיא זאל עס דערציעהען. דער גראַפספירסט האט זיא געזעהן זעהר זעלטען. ער האט דאמאלס נאך ניט פערגעסען זיין ערשטע ליעבע — יעליסאַוועטא מיט איהר קינד, וולאדימיר. ער האט נאך אימער געזוכט מיטעל, וויא אזוי געוואהר צו ווערן, וואו יעליסאַוועטא געפינט זיך און וואס עס איז געוואָרען פון וולאדימיר'ן. ער האט נאך אימער בעטראכט יעליסאַוועטא מיט איהר קינד אלס דאס טהייערסטע, דאס ליעבסטע פאר איהם אויף דער וועלט.

דיא צייט האט צוואר פיעלעס געענדערט. דיא צייט ווישט אָפּ, מעקט אָפּ פון אונזער געדעכטניס פיעלע, פיעלע זאכען. מען זאגט, אז דיא צייט פערהיילט אלע וואונ־דען. דאס איז ניט אין גאנצען אמת. דיא צייט פערדעקט זיי נור, מיט דער צייט וואקסט אויף דיא וואונדען אויף אנאנדער הויט, וועלכע פערדעקט זיא, אז קיין אנדערער זאל זיא ניט זעהן, ניט דערקענען. אינעווייניג אָבער שמערצט זיא נאך, אינעווייניג לאזט זיא זיך נאך שטארק פיהלען, אינעווייניג שטעכט עס, רייסט, שניידט, וויא מיט מעסערס. דער מענש ווערט נור מיט דער צייט רוהיגער. ער ווערט געוואָינט מיט זיינע שמערצען, אז דיא ליפּען שמייכלען, דאס געזיכט איז פרעהליך אין דערזעלבער מינוט, ווען דאס הערץ ווערט צוריסען אויף שטיקלעך פאר שמערץ.

גראַפספירסט קאָנסטאנטין איז שוין אזוי ווייט געוואָינט געוואָרען מיט'ן געדאנק, אז ער האט פערלאָרען זיין יעליסאַוועטא און זיין וולאדימיר אויף אייביג, אז עס איז געוועזן אונמעגליך צו דערקענען אן איהם, אז ער דענקט נאך אמאל אן זיי. אנפאנגס האט ער ניט געוואלט ווייסען פון העללא'ס קינד. מיט דער צייט אָבער האט ער זיא דאך גענומען צו זיך. ווען וויערא איז אלט געוואָרען צעהן יאהר, האט ער זיא דאך גענומען צו זיך אין פּאַלאַץ.

וויערא איז יעצט אלט זעבצעהן יאהר. זיא איז הויך, וויא דער פאטער, שעהן און ליעבליך, וויא דיא מוטער. זיא איז אָבער אַ גאנץ זאָנדערבאַרע, אייגענאַרטיגע נאטור. זיא האט פיינט דיא צערעמאָניען פון'ם הויף, זיא קען ניט ליידען דעם שטאָלץ און דיא שטרענגע מאַניערען פון'ם הויף. וויא אַ פייגעלע רייסט זיך ארויס פון איהר שטייגעל, צושפּרייט איהרע פליגעלעך און פליעהעט אוועק זינגענדיג אין דיא ריינע, פרישע, פרייע לופט, אזוי פלעגט זיך וויערא זעהר אפט ארויסרייסען פון איהרע שטאל־צע און שטרענגע לעהרער און ערציעהער און פלעגט לויפען אין גארטען, וואו זיא האט געקענט פריי ארומלויפען און ארומשפּרינגען. עס איז קיין וואונדער, ווען וויערא האט באלד בעמערקט וולאדימיר'ן און האט דערקענט, אז ער איז ניט אזוי וויא דיא אנדערע שטאָלצע הערען און עלעגאנטע דאמען, וועלכע זיא פלעגט שטענדיג ארום זיך זעהן. באלד האט זיך פארגעשטעלט אַ געלעגענהייט, זיי זאלען נאך בעסער בעקאנט ווערן.

וולאדימיר האט געוואָינט אין פּאַוויליאָן אין גארטען און פלעגט זעהר אָפט שפּאַציערען אין דיא אַלעען פון'ם גרויסען, שעהנעם גארטען. איין מאל איז ער געשטאַנען לעבען א בוים און האט ניט ווילענדיג אויסגעהערט פאָלגענדען געשפּרעך.

— איך קען שוין גאנץ גוט שיעסען, אננא פּאַוולאָוונא, האט געזאגט, א יונגע

שטימע. וולאדימיר האט באלד דערקענט, אז דאס רעדט דיא פרינצעסין ווערא קאָנסטאנטינאָוונא. — איך וועל אייך באלד ווייזען, אז איך האב געמאכט פארטשריטע אין שיעסען. זעהט איהר דארט אויפ'ן בוים דעם שעהנעם פויגעל, איך וויל איהם שיעסען.

— איהר וועט עס ניט טהאן, פרינצעסין! האט דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא ארלאָווא, דיא ערציעהערין פון דער פרינצעסין געזאגט. צו וועלכען צוועק ווילט איהר טוידטען דאס אונשולדיגע פייגעלע? וואס האט זיא אייך געטהאן? — איך פערשטעה ניט אייער פאנטאַזיע זיך צו לערנען שיעסען. וואס טויג דאס פאר א פרוי? דיא מענער דארפען קענען שיעסען, זיי געהן אין קריעג; מיר פרויען אָבער דארפען דיעזע מערדערישע קונסט ניט קענען.

— פאר וואס ניט? האט געפרעגט דיא פרינצעסין. מיר, פרויען, דארפען קענען אלעס, וואס דיא מענער קענען. יעדער מענש קען אמאל זיין אין געפאהר און מוז קענען זיך פערטהיידיגען. א מענש דארף אלעס קענען. ער דארף ניט געברויכען אלעס, וואס ער קען. קענען אָבער מוז מען אלעס.

— אלזאָ, ווארום ווילט איהר געברויכען אייערע קענטניסע צו טוידטען דאס אונשולדיגע פייגעלע? האט אננא פאוולאָוונא געפרעגט.

— איך מוז דאך מיך לערנען, האט דיא פרינצעסין געענטפערט, איך מוז פראָבירען, אויב איך קען גוט שיעסען.

— איך וועל אייך אייער ביקסעל ניט געבען, האט אננא פאוולאָוונא געזאָגט.

— איהר וועט זיא מיר יא געבען! האט ווערא אויסגעשריען.

זיא איז געוועזען גערייצט און האט געוואלט אויספיהרען דאס איהריגע. זיא האט אזוי לאנג געפאָדערט און געשריען, אז זיא וויל שיעסען דאס פייגעלע, אז אננא פאוולאָוונא האט געמוזט נאכגעבען. ווערא האט אויפגעהויבען דאס קליינע, לייכטע, פון איהרענטוועגען אומיסטען געמאכטע, ביקסעל און האט זיך געציעלט אויפ'ן פייגעלע. אין דיעזע מינוט האט וולאדימיר אויפגעהויבען א שטיינדעל און האט א וואָרף געטהאן אויפ'ן צווייגעל, וואו דאס פייגעלע איז געשלאפען. דאס פייגעלע האט זיך דערשראָקען און איז אוועקגעפלויגען. ווערא האט אויסגעשאָסען און האט גאר ניט געטראָפען. זיא האט אוועקגעוואָרפען דאס ביקסעל מיט כעס און האט אויסגערופען:

— ווער איז עס דער פרעכער מענש וועלכער האט עס געוואגט מיך צושטערן? זוכט איהם אויס, גרעפין, איך וועל איהם ארויסיאָגען פון מיין פאָטערס גארטען.

וולאדימיר איז ארויסגעטרעטען פון אונטער דעם בוים, איז צוגעגאנגען צו דיא דאמען, האט זיך העפליך פערנייגט און האט געזאגט:

— איך בין עס, דער פערברעכער, פרינצעסין, בעשטראפט מיך. איך קען עס ניט צוזעהן, וויא מען טוידטעט א לעבעדיגע זאך גלאט אזוי צום פערגניגען, צו בעפריעדיגען א קאפריז, א פאנטאזיע.

ווערא האט זיך פערשעהמט און איז רויט געווארען. זיא האט ביז יעצט זעהר וועניג גערעדט מיט וולאדימירן.

— אך, איהר זיים עס, הערר ראטשינסקי? האט זיא געזאגט. איהר האט ליעב אלעמען צו רעטען, ווען עס דראָהעט א געפאהר.

— פאר וואס ניט? האט וולאדימיר געזאגט. אויף דער וועלט איז דא גענוג ליידען און עלענד. עס ווערט טעגליך גענוג בלוט פערגאסען. ווארום זאלען מיר נאך פערמעהרען דיא ליידען און פערגיעסען בלוט דארט, וואו עס איז ניט נייטיג און ברענגט אונז קיין נוצען?

וויערא האט איינגעזעהן, אז זיא האט אונרעכט געהאט. זיא איז צוגעגאנגען צו איהר ערציעהערין און האט זיא געבעטען אום ענטשולדיגונג. וולאדימיר האט זיי העפ־ ליך בעגריסט און האט געוואלט אוועקגעהן. וויערא האט איהם צוריקגעהאלטען.

— בלייבט, הערר ראטשינסקי האט זיא איהם געזאגט. איך האב מיך זעהר געלאנגווייל און צום צייטפערטרייב האב איך געוואלט שיעסען. בלייבט מיט אונז, דערצעהלט אונז עפּעס, אדער ווייזט אונז עפּעס. איהר זייט אָפיציער און קענט געוויס גוט שיעסען, ווייזט אונז אייערע קענטניסע.

— ווען איהר ווילט אונבעדינגט זיך איבען אין שיעסען, וועל איך אייך ווייזען, אז מען קען עס טהאן און מען דארף ניט טוידטען א לעבעדיגע זאך.

ער האט אָפּגעריסען א פיגגער פון זיין האנדשוה, האט איהם צוגעשפּילט צו א בוים און האט זיך אליין געשטעלט אויף דרייסיג שריט דיא ווייט. יעצט האט ער גענומען איהר קליינעם ביקסעלע, האט געציעלט און האט געטראָפען גלייך אין פינגער פון׳ם האנדשוה.

— זעהט איהר, פרינצעסין, וויא מען קען זיך איבען אין שיעסען און מען דארף קיין פויגעל ניט טוידטען.

וויערא איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געדריקט דיא האנד. אננא פּאוולאָוונא איז עס שטארק ניט געפעלען. זיא האט אויסגעפונען, אז עס פּאסט ניט פאר א רוסישע גראָספירסטין צו דריקען דיא האנד פון א געוועהנליכען אָפיציער.

— איך האב פון אייך היינט זעהר פיעלעס געלערנט, האט וויערא איהם געזאָגט. איך וואלט געוואלט אייך עפּטער בעגעגענען און לערנען פון אייך.

— אייער וואונש איז פאר מיר א בעפעהל, פרינצעסין.

— ווען דער גראָספירסט וועט עס ערלויבען, האט אננא פּאוולאָוונא געזאגט.

— מיין פאָטער וועט עס מיר שוין ערלויבען, האט וויערא געענטפערט שטאָלץ.

וולאדימיר האט געזעהן, אז צווישען דער פרינצעסין און איהר ערציעהערין קען ארויסקומען אונאננעהמליכקייטען און האט אנגעהויבען צו רעדען פון אנדערע זאכען. זיי האבען אזוי זיך אונטערהאלטען איינינע צייט, ביז אננא פּאוולאוונא האט געפונען, אז מען דארף שוין געהן א היים. עס איז שוין שפּעט. וויערא האט נאך אמאל געגעבען וולאדימיר׳ן דיא האנד און האט איהם געזאגט:

— אלזאָ, הערר ראטשינסקי, איהר וועט מארגען אויך קומען אין גארטען און מיר ווייזען, וויא אזוי צו שיעסען.

— ווען דער גראָספירסט וועט עס ערלויבען, האט וולאדימיר געענטפערט.

אננא פּאוולאוונא האט שנעל אוועקגעפיהרט דיא פרינצעסין אין פאלאץ. איהר

**איז ניט געפעלען, וואס וויערא האט אזוי פריינדליך גערעדט מיט וולאדימירן. ער איז דאך ניט מעהר, וויא איין איינפאכער אפיציער.**

פון דיעזען טאָג אן פלעגט וולאדימיר זעהר אפט בעזוּכען דיא פרינצעסין וויערא אין גארטען. זיי פלעגען אפט פלוידערן שטונדען לאנג. ער האט געפיהלט, אז עפּעס ציהט איהם צו דיעזען זאנדערבארען מעדכען און האט זעהר אפט פערגעסען, וויא ווייט זיא איז פון איהם, וויא הויך זיא שטעהט געגען איהם. זיא איז א רוסישע גראַספירסטין. ער איז ניט מעהר, וויא אן איינפאכער אַפיציער אהן א נאָמען, אהן א טיטול, אהן א פערמעגען.

ווער קען אבער דאס מענשליכע הערץ בעפעהלען? ווער קען איהם זאגען: סטאפּ! ליעב ניט? מיר קענען ניט בעהערשען אונזערע געפיהלע; מיר קענען זיי ניט אַפּמעסטען אויפ'ן אייל און זאגען: ביז אהער, אָבער ניט ווייטער! ער האט געזעהן, אז וויערא ווערט מיט יעדען טאָג פריינדליכער און צוגעלאזטער צו איהם; ער האט בעמערקט אין איהרע אויגען דיא גליהענדע פונקען פון דער ערשטער, הייליגער ליעבע; ער האט געפיהלט, אז ביי איהם אין הערצען האט זיך ערוועקט א געפיהל, וועלכען ער האט ביז אהער ניט געקענט און ער האט איהם ניט איינגעהאלטען: ער האט איהם ניט געקענט איינהאלטען.

זיי האבען זיך געליעבט. אננא פאוולאָוונא האט עס בעמערקט. זיא האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן: זאל זיא עס זאגען דעם גראַספירסט? זאל זיא עס פערשוויינען? איןביידע פעלע איז עס איהר געווען העכסט אונאנגענעהם. זיא האט פּראָבירט רעדען מיט וויערא, איהר געבען צו פערשטעהן, אז זיא שטעהט צו הויך אום צו ליעבען וולאדימיר'ן; זיא האט איהר עטליכע מאָל בעמערקט, אז וולאדימיר איז זאגאר ניט קיין גראף. זיא האט איהר געוויעזען דען אויסשפּרוך פון א פראנצייזישער אריסטאָקראטין, אז פון'ם באראָן הייבט זיך ערשט אן דער מענש. דער, וואס האט זאגאר דער טיטול באראָן ניט, דער איז גאר קיין מענש ניט. דער טיטול באראָן איז דיא ערשטע שטופּע פון'ם מענשען. וויערא אָבער האט זיך צולאכט.

— אלע מענשען זיינען גלייך, האט זיא געזאגט. ניט דער טיטול מאכט דעם מענשען, זאנדערן דער מענש מאכט דעם טיטול.

85טעם קאפּיטעל.

## נ ע ב ע ן  פ אַ נ ט אַ ן.

עס זיינען פערגאנגען איניגע מאָנאטע. וולאדימיר און וויערא פלעגען זיך זעהר אפט זעהן. זייער ליעבע איז געוואקסען מיט יעדען טאָג. קיינער האט עס דערווייל נאך ניט בעמערקט אויסער דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא. זיי אליין האבען עס געפיהלט, אבער נאך האט קיינער פון זיי ניט ארויסגעזאגט דאס וואָרט, וואס מאכט דעם יונגען מענשען גליקליך אָדער אונגליקליך.

דער זומער איז פאַראיבער מיט זיינע פריידען, מיט זיינע פערגניגונגען, מיט דיא שפּאציערגענגע אין שעהנעם גרינעם גארטען. עס איז געקומען דער שטרענגער, קאלטער, אונפריינדליכער פעטערבורגערווינטער. יעצט האבען אונזערע ליעבענדע געהאט

וועניגער געלעגענהייט זיך צו זעהן. נור זעלטען פלעגט זיי געלינגען צו וועקסלען **א בליק** אדער צו דריקען איינער דעם אנדערן דיא הענד.

ענדליך איז געקומען דער מאָנאט דעצעמבער, דער לעצטער מאָנאט פון'ם יאהר, וועלכען אלע קריסטליכע פעלקער פערברענגען אין פרעהליכקייט און פערגניגען. אין קייזערליכען הויף האט מען געגעבען איין באלל נאכ'ן אנדערן. אויך דער גראָספירסט קאָנסטאנטין האט געגעבען א גרויסארטיגען באלל. אלע זאאלען פון'ם גרויסען פאלאץ זיינען געוועזן העל בעלייכטעט, א פרעהליכע מוזיק האט פערהילכט דיא גאנצע נאס, רייכע קארעטעס זיינען איינע נאך דער אנדערן צוגעקומען צום פאלאץ. דיא מיט גאלד און זילבער בעהאנגענע לאקייען האבען געעפענט דיא טהירלעך פון דיא קארעטעס און האבען ארויסגענומען פון זיי שטאלצע העררען מיט גאָלדענע עפּאָלעטען און מיט אר־דענס אויף דער ברוסט, עלעגאנטע דאמען אין דיא רייכסטע און טהייערסטע קליידער. אלע געזאנדטע פון פרעמדע לענדער, דער גאנצער דיפּלאָמאטישער קאָרפּוס, איז געוועזן איינגעלאדען אויף דיעזען באלל. מען האט ערווארטעט דעם קייסער.

אלע זאאלען זיינען געוועזן פול מיט אָפיציערען, גענעראלען און דיפּלאָמאטען. די יונגעלייט האבען זיך פאָרבערייטעט צום טאנצען און האבען איינגעלאדען זייערע דאמען. דיא עלטערע מענשען, בעזאנדערס דיא דיפּלאָמאטען, האבען זיך צוטהיילט אויף קליינע גרופּען און האבען גערעדט פון פּאָליטיק. עס איז דאמאָלס געוועזן אן אונרוהיגע צייט. מען האט יעדע מינוטע ערווארטעט, אז עס זאל אויסברעכען א קריעג צווישען רוסלאנד און עסטערייך. אין איין ווינקעל איז געשטאנען דער עסטערייכישער געזאנדטער, גראף וואלקענבערג, א שעהנער, הויכער מאן מיט עכט אריסטאָקראטישע געזיכטסציגע, און האט גערעדט מיט'ן ענגלישען געזאנדטען, לאָרד לאָפּטוס. קיינער האט ניט געוואגט צו צוגעהן צו זיי און זיי שטערן אין זייער געשפּרעך. מען האט געוואוסט, אז זיי רעדען פון פּאָליטיק.

אין אנאַנדער ווינקעל איז געשטאנען דער רייכער, עלעגאנטער און פרעהליכער פראנצייזישער געזאנדטער, גראף גאנטי־ביראן און האט זיך אונטערהאלטען מיט'ן איטאַליענישען געזאנדטען, גראף ניקאָטערא. ארום זיי זיינען געשטאנען אינגערע דיפּלאָמאטען פון אנדערע קלענערע לענדער און האבען זיך צוגעהערט צו דיא וויצען און שפּאסהאפטע דערצעהלונגען פון'ם פרעהליכען פראנצויז.

נור איין דיפּלאמאט איז ניט צוגעשטאנען צו קיין גרופּע. דאס איז געוועזן א מאן פון א יאהר עטליכע און פערציג מיט א שעהנעם רונדען שווארצען באָרד, מיט א פּאָר פייעריגע אויגען. ער האט געטראגען א רייכען מיט גאלד געשטיקטען מונדיר, אין העמד און אין דער קראוואטע האבען געפונקעלט גרויסע בריליאנטען, וועלכע האבען פער־בלענדעט דיא אויגען. אויף דער ברוסט האבען געגלענצט איינינע אונבעקאנטע אָרדענס, אלע בעזעצט מיט דיאמאנטען און טהייערע שטיינער. ער איז געוועזן דער געזאנדטער פון ארגענטיניען און אלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען און האט געהייסען פעדראָ בוסטא־מענטע דע ראָזאָס. ער איז ניט צוגעגאנגען צו קיין גרופּע, ווייל ער האט געפיהרט אונטערן ארים זיין פרוי, פּעארינא דע ראָזאס. זי האט געטראגען א רייכעס באלל קלייד, עקסטרא פיר דיעזען באלל בעצויגען פון פּאריז. אין איהרע האאר האט געגלענצט א

א שמעטערלינג פון בריליאנטען, וועלכע דיא רוסישע קייזערין האט געמעגט טראָגען. אויף איהר ברוסט האט זיא געטראגען א ראזע פון דיא טהייערסטע רובינען מיט א גרויסען אָפּאל אין דערמיט. זיא איז ארומגעאנגען שטאלץ אין זאל, גלייך וויא זיא וואלט געווען דיא ווירטהין פון'ם שלאס. זיא איז געווען נאך זעהר שעהן, דאס שארפע אויג אָבער פון אייניגע האפדאמען האט באלד דערקענט, אז איהר שעהנהייט איז ניט פון דער גוטער מוטער — נאטור, זאנדערן פון איהר שטיפקינד — דיא קונסט. דיא בליהענדע ראזא באקען, דער קלארער, גלאטער, שנעעווייסער שטערן זיינען געווען דיא ארבייט פון אַ טיכטיגען פאריזער פאריקמאכער.

דיא גראָספירסטין יאזעפינע און דיא פרינצעסין וויערא האבען עמפפאנגען דיא געסט און האבען יעדען געזאגט אַ פריינדליכעסווארט, נור דיא שטאלצע פרוי פון'ם זיד־אמעריקאנישען געזאנדעטען האט וויערא עמפפאנגען קאלט און האט קוים געגעבען דיא שפּיץ פינגער.

— פאר וואס האסט דוא אזוי קאלט עמפפאנגען דיא פרוי פון'ם זיד־אמעריקא־נישען דיפלאמאטען, דע ראזאס? האט דיא גראָספירסטין געפרעגט וויערא'ן, ווען דע ראַ־זאס מיט זיין פרוי זיינען אוועקגעאנגען פון זיי.

— איך וויים אליין ניט, האט וויערא געענטפערט. מיר געפעהלט דיעזע שפאניער־רין ניט. איך זעה זיא יעצט צום צווייטען מאל אויף א האָף־באלל און יעדעס מאל, ווען זיא קומט צו צו מיר, דאכט זיך מיר אז א גיפטיגע שלאנג דרעהט זיך ארום מיר.

— זאג עס ניט, וויערא, האט דיא גראָספירסטין געבעטען. וואס האסט דוא דערזעהן אויף דיעזע שפאניערין מעהר וויא אויף אלע אויסלענדישע דאמען? דיא העפליכקייט פאָרדערט, אז מיר זאלען דיא פרעמדע דיפלאָמאטען פריינדליך אויפנעהמען.

אין דיעזע מינוט איז געווארען אַ רעש פאר דער טהיר. אלע זיינען געבליעבען שטיל און האבען זיך אויסגעשטעלט פאר דער טהיר.

— דער קייסער איז געקומען צו פאהרען! האט איינער איבערגעגעבען דעם אנדערן, קוים וואס מען האט געהערט.

באלד איז אריינגעקומען אין זאל אלכסנדר II אָנגעטהאן, וויא אַ קאזאקען העטמאַן מיט אייניגע אויסלענדישע ארדענס אויף דער ברוסט. דער גראָספירסט קאָנ־סטאַנטין האט איהם עמפפאנגען ביי דער טהיר, אלע האבען זיך פערנייגט פאר איהם. דער קייסער האט אלעמען העפליך געגריסט און איז צוגעגאנגען צו דיא דאַמען. ער האט ארומגענומען דיא פרינצעסין וויערא און האט איהר אַ קוש געטהאן אין קאָפּ. אין דערזעלבער צייט האט דיא מוזיק אנגעהויבען צו שפּיעלען דיא רוסישע הימנע: „באָזשע צאַריא חראַני". דאס איז געווען אַ צייכען, אז דער באלל האט זיך אָנגעהויבען. באלד האבען זיך אנגעהויבען אויסצושטעלען פּאַרליך צו טאנצען אַ קאדריל. דער קייסער האט געטאנצט מיט דער גראָספירסטין יאזעפינא, וויערא האט געטאנצט מיט'ן יונגען גראָספירסט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש מלאדשי.

וולאדימיר האט זיך אין דער גאנצער צייט, זייט דיא געסט זיינען זיך צונויפגע־קומען, ארומשפּאַציערט אין זאל אליין. ער האט דא ניט געהאט קיין קאמעראדען, ער האט דא ניט געהאט קיין בעקאנטע, ער האט דא ניט געהאט קיין פריינד. ער האט

זיך געפיהלט אליין צווישען דיעזע אלע שטאלצע און עלעגאנטע העררען. ער האט זיך געפיהלט ערניעדריגט און עלענד אין דיעזען גלענצענדען זאל. קיינער האט זיך צו איהם ניט געווענדעט, קיינער האט צו איהם ניט גערעדט — אלע זיינען איהם געווען פרעמד.

דיא מוזיק האט געשפיעלט, אלע האבען געטאנצט, נור ער אליין איז געשטאנען אין א ווינקעלע, צוגעשפארט צו א זייל און האט בעטראכט דיא מענשען. ער איז צום ערשטען מאל געווען אויף א האָף־באלל און דאס מאל האט מען איהם אויך ניט איינגעלאדען. ער איז געווען אויפ'ן באלל, וויל ער וואינט ביים גראַפפירסט אין הויז, ער איז זיין פליעגעל־אדיוטאנט — זיין דיענער. צוואר האט ער געזעהן פון דער וויטען זיין שטערן לייכטען, זיין ליעבע, דיא פרינצעסין וויערא גלענצען און פונקעלן, וויא א קעניגין צווישען אלע פרויען ארום איהר; וואס העלפט עס אָבער? ערשט יעצט האט ער געזעהן, וויא וויט זיא איז פון איהם און וואס פאר א טיעפער אָבגרונד עס ליעגט צווישען זייביידען. ער איז אזוי געשטאנען א לאנגע צייט פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, ווען ער האט דערהערט א שטימע הינטער זיך:

— קאַפּיטאַן ראטשינסקי! איהר טאנצט גאר ניט?

ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דיא גרעפין אננאַ פאוולאָוונאַ. זיא איז געווען אן עכט רוסישע שעהנהייט, ווען אויך שוין ניט גאנץ יונג.

— קומט, ראטשינסקי, האט איהם דיא גרעפין געזאגט, פיהרט מיך צו דארט צו יענער גרופע, באלד וועט זיך אנהויבען א נייער קאדריל, וועט איהר טאנצען מיט מיר וויזאווי.

איידער ער האט זיך אומגעקוקט, איז איהר ווייסע, ווייכע האנד געלעגען אונטער זיין ארים. ער האט זיא צוגעפיהרט צו דער גרופע, וואס זיא האט איהם אָנגעוויעזען און זיי האבען געטאנצט א קאדריל. נאכ'ן טאנצען האט דיא גרעפין איהם געבעטען, ער זאל זיא ארייננפיהרען אין ווינטער־גארטען. זיא איז מיעד און וויל זיך אביסעל אויסרוהען. וולאדימיר האט זיא דורכגעפיהרט דורכ'ן זאל אין ווינטער־גארטען, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א באנק אונטער א גרויסען מאגנאָליא בוים. דיא גרעפין האט זיך א ניעדערגעזעצט און האט וולאדימיר'ן מיטגעצויגען מיט זיך. איינינע מינוטען האבען זיי געשוויעגען. ענדליך האט זיך דיא גרעפין געווענדעט צו איהם.

— קאַפּיטאַן ראטשינסקי! איך האב שוין לאנג געזוכט דיא געלעגענהייט צו רעדען מיט אייך. איבער זעהר א וויכטיגען פונקט. איך האב שוין לאנג בעמערקט, אז איהר זייט ניט גלייכגילטיג צו דער פרינצעסין וויערא. האט איהר זיך אמאל איבערלעגט, וויא וויט זיא איז פון אייך? האט איהר זיך אמאל בעקלערט, אז וויא שטארק אייער ליעבע זאל ניט זיין, וועט פון איהר גאר ניט ווערן? ווייסט איהר, דיעזע ליעבע קען אייך ברענגען נור אונגליק און ליידען?

— איך ווייס אלעס, גרעפין, איך האב אלעס איבערקלערט, אלעס איבערדאכט און....

— און האט בעשלאסען זיך פון דיעזע ליעבע צו ענטזאגען, איז איהם דיא גרעפין ארייננעפאלען אין דיא רעד.

— נײן, צו ליעבען זיא האפנונגסלאז, צו ליעבען זיא, װיא א װאהנזיניגער, צו ליעבען זיא זא לאנג עס װעט נאך זײן אטהעם אין מײן ברוסט.

— ארימער, פערבלענדעטער יונגערמאן! האט גזואגט דיא גרעפין מיטלײדיג. דוא קענסט דיא פּרינצעסין װיערא ניט. זיא איז א ראָמאַנאװ און דיא ליעבע פון א ראָמאַנאװ ברענגט נור לײדען און שמערץ.

זיא האט זיך צוגערוקט נעהנטער צו איהם, ער האט געפיהלט דיא װארימקײט פון איהר קערפּער, איהרע האר האבען בעריהרט זײן געזיכט; ער האט געפיהלט איהר װארימען הויך. — ער האט אבער ניט פערשטאנען, אז זיא בעט איהם אום ליעבע. ער האט גענומען איהר האנד און האט איהר געזאגט מיט א ביטענדער שטימע:

— איך האב אנדערש געמײנט, גרעפין, איך האב געמײנט, אז איהר װעט מיר צוגעבען מוטה, אז איהר װעט מיר געבען דיא געלעגענהײט מיך אפט צו זעהן מיט איהר, צו רעדען מיט איהר.

— איך? האט אויסגערופען דיא גרעפין און האט אויסגעריסען איהר האנד פון איהם. פון מיר פערלאנגט איהר, אז איך זאל אײך געבען דיא געלעגענהײט צו רעדען מיט דער פּרינצעסין? בלינדער מענש! זעהסט דוא דען ניט, אז איך ליעב דיך?

װלאַדימיר איז געבליעבען זיצען, װיא פון בליץ געטראָפען. זײן לאגע איז געװען א פּײנליכע. ער האט װירקליך ניט בעמערקט, אז זײט ער האָט בעגעגענט אננא פּאַװ־לאװנא אין גארטען, האט זיא איהם זעהר אָפט אויפגעזוכט, זעהר אָפט מיט איהם גערעדט שטונדען לאנג און אויף איהם געװארפען לײדענשאפטליכע בליקען. ערשט יעצט האט ער אנגעהויבען צופערשטעהן פיעלע זאכען, װאס זײנען איהם ביז אהער געבליעבען א רעטעניש; אָבער װאס טהוט מען? װאס זאל ער איהר זאגען? — דיא גרעפין איז אָבער אויך באלד געקומען צו זיך און האט איהם געזאגט ערנסט און פײערליך:

— איך בעדױערע דיך, װלאַדימיר! דײן ליעבע צו דער פּרינצעסין װעט דיר אמאל קאסטען זעהר טהײער; מעגליך, אז עס װעט דיר קאסטען דײן לעבען. אלענפאלס, װען דוא װעסט זײן אין א נויט; װען דוא װעסט דארפען אן עצה אָדער הילף — קום צו מיר. דוא װעסט שטענדיג געפינען אין מיר א טרײע פרײנדין.

װלאַדימיר האט געװאלט נעהמען איהר האנד און איהר דאנקען, זיא האט זיך אָבער אויפגעהויבען און איז אװעקגעגאנגען צוריק אין זאל. װלאַדימיר איז געבליעבען אלײן מיט זײנע געדאנקען. ער האט ניט געװאלט צוריקגעהן אין זאל, װאו עס געהן ארום אזוי פיעל פרעהליכע מענשען. װאס װעט ער דארט טהאן? ער האט געװאלט זײן אלײן. ער האט זיך אויפגעהויבען און איז ארומגעגאנגען אין װינטער־גארטען, ביז ער איז צוגעקומען צום פאנטאן. אין א ראד ארום זײנען געשטאנען פּאלם בײמער און אין דערמיט האט א פאנטאן געשפּריצט װאסער.

דאס איז געװען אײנער פון דיא שעהנסטע און שטילסטע ערטער אין װינטער־גארטען. הויכע אלטע פּאלם בײמער פון אלערלײ סארטען זײנען געשטאנען ארום דעם פאָנטאַן. אײניגע אלטע פעבער פּאלמען האבען געבילדעט אן ארט היטע (בעסעדקא), אין דערמיט איז געשטאנען א װײכע סאמעטענע קאנאפּע. װלאַדימיר איז צוגעקומען

צו דיא פעבער פאלמאן און האט זיך אניעדערגעזעצט אויף דער קאנאפע. דא איז געווען שטיל; דא האט ער געקענט רוהיג נאכדענקען איבער אלעס, וואס איז מיט איהם פאסירט אין דער לעצטער צייט; דא האט ער געקענט רוהיג נאכדענקען איבער זיין ליעבע. עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט, וולאדימיר איז נאך אלעס געזעסען פער־טיעפט אין זיינע געדאנקען און האט ניט געהערט, וויא גאנץ שטילע טריט זיינען צו געקומען צו דער היטע (בעסעדקא). א פאר ווייכע, ווייסע הענד האבען זיך ארויפגעלעגט אויף זיין געזיכט און האבען איהם פארדעקט דיא אויגען.

— ווער בין איך? האט א זילבערהעלע, יונגע שטימע געפרעגט.

וולאדימיר האט זיך געוואלט בעפרייען פון זיין געפאנגענשאפט און האט געוואלט אראפנעהמען דיא פרעמדע הענד פון זיינע אויגען.

— ניין! האט געזאגט דיא שטימע, טרעף פריהער, ווער איך בין.

וולאדימיר איז געווען צופיעל פערטיעפט אין זיינע געדאנקען אום באלד צו טרעפען, ווער עס האט איהם פערדעקט דיא אויגען. ער האט אריבערגעבויגען דעם קאפ איבער דיא קאנאפע און האט דערזעהן דאס פרעהליכע, לעבעלענדע געזיכט פון פרינצעסין וויערא.

— איהר זייט עס, וויערא קאנסטאנטינאווגא? האט ער אויסגערופען ערשטוינט און האט זיך געוואלט אויפהויבען פון זיין זיץ.

— בלייבט זיצען, ראטשינסקי! האט וויערא געזאגט. איך האב אייך קוים געפונען. מיין אנקעל, דער קייסער, איז שוין אוועקגעפאהרען און דיא דאמען און קאוואליערען פיהלען זיך אביסעל פרייער. קיינער האט ניט בעמערקט, וויא איך בין אוועקגעגאנגען.

זיא האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען איהם אויף דער ווייכער קאנאפע.

— אך! וויא לאנגוויילען מיך דיעזע גראפען, דיעזע פירסטען, דיעזע גלאטע, לאקירטע הערען, וועלכע ווייסען נור צו חנפענען אונז פרויען און ווילען קיין מאל מיט אונז קיין ערנסטעס ווארט ניט רעדען. איך בין גליקליך, וואס איך האב מיך פון זיי אויסגעריסען און האב געפונען א מענשען, מיט וועמען איך קען רעדען פריי און אפען אהן צערעמאניען, אהן עטיקעטע און אהן חניפהלעך.

— אבער וואס טהוט איהר, פרינצעסין? האט וולאדימיר געפרעגט. ווען מען זאל אונז דא געפינען צו זאמען, וועלען דיא געשליפענע צונגען האבען וואס צו דערצעהלען אייער פאטער.

— אזוי? איהר האט מורא? האט דיא פרינצעסין געלאכט. איך האב געמיינט, אז איהר זייט א מוטהיגער אפיציער און האט פאר קיינעם קיין מורא ניט.

— איך האב קיין מורא ניט פאר זיך, איך האב מורא פאר אייך. איהר קענט דערנאך האבען אונאנגענעהמליכקייטען פון אייער פאטער.

— פאר מיר? האט קיין מורא ניט פאר מיר! האט וויערא געזאגט שטאלץ. איך בין אויפגעוואקסען אין א דארף, אין דער ליעבען פרייען נאטור. איך קען דיא ענגע נארישע צערעמאניען פון דיעזען הויף ניט ליידען. איך וויל פון זיי לויז ווערן. זיי עקלען מיך. איך וואלט געוואלט אנטלויפען פון דיעזע צערעמאניען, פון דיעזע פאלשע מענשען און פון דיעזען גלענצענדען הויף.

— וואס רעדט איהר, וויערא קאָנסטאנטינאווגא? — פּרינצעסין, האב איך געוואלט זאגען.

— רופט מיך ביי מיין נאמען, וויערא. איך האב פיינד דעם טיטול פּרינצעסין, איך בין א מענש גלייך מיט אלעמען.

וולאַדימיר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט גענומען וויעראַ׳ס האנד און האט צו איהר צוגעלעגט זיינע ליפּען.

— אך! ווען אלע פּרינצעסינען זאלען אזוי דענקען! האט ער געזאגט. ווען עס זאל שוין אמאל אויפהערען דיעזער שטאַלץ, דיעזער יחוס; ווען דיא מענשען זאלען שוין אמאל קומען צו דער איבערצייגונג, אז אלע מענשען זיינען גלייך, ווערן געבאָרען גלייך; אז קיינער קען ניט זאגען, איך בין געבאָרען געווארען העכער פון׳ם אנדערן!

— איך וויל ניט וויסען, וואס אנדערע דענקען, ביי מיר זיינען אלע גלייך, האט וויערא געזאגט.

איהרע הענד האבען ארומגענומען זיין האלז און א הייסער קוש האט געגליהט אויף זיינע ליפּען. וולאַדימיר האט ניט געוואוסט, וואס מיט איהם טהוט זיך. עס האט זיך פאר איהם געעפענט א הימעל פון גליק, פון פרייד, פון לעבען און ליעבע.

— איז עס וואהר? האט ער געשטאמעלט, איז עס ווירקליך וואהר? דוא ליעבסט מיך, וויערא?

— עס איז וואהר, עס איז וואהר, וולאַדימיר, האט וויערא געענטפערט און האט איהם צוגעצויגען פעסטער צו זיך. איך ליעבע דיך שטארק, הויך און הייליג. איך קען ניט לעבען אהן דיר. איך האב דיך געליעבט פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב דיך דערזעהן; איך האב דיך געליעבט זייט דוא האסט צו מיר ארויסגערעדט דאס ערשטע ווארט. און איך וועל דיך ליעבען זא לאנג אין מיין ברוסט וועט זיין אן אטהעם.

זיי האבען ניט בעמערקט, וויא צווישען דיא בלעטער פון דיא פּאלמען האט ארויסגעשטעקט א קאָפּ מיט א פּאָר פייעריגע קאצען אויגען, וועלכע האבען געפונקעלט און געגליהט, וויא דיא אויגען פון א טיגער. דיעזע פּאר אויגען האבען געהערט צום געזאנדטעטען פון זיד־אמעריקא, דע ראָזאס. ער האט געהערט אלעס, וואס צווישען דיא ליעבענדע איז פּאָרגעקומען. איז דאס געוועזן א צופאל, דורך וועלכען ער איז אהער געד קומען און האט אלעס אויסגעהערט, אדער האט ער געזעהן, וויא דיא פּרינצעסין האט זיך אוועקגע׳גנב׳עט פון זאַל און איז איהר נאכגענאנגען? — ווער קען עס וויסען. אלענ־ פאלס האט דער דורכגעטריעבענער זיד־אמעריקאנער אלעס אויסגעהערט און אויף זיין געזיכט האט זיך געוויעזען א טייפלישער שמייכעל.

צום גליק, האבען דיא ליעבענדע עס ניט בעמערקט. זיי זיינען געוועזן אזוי גליקליך אין זייער ליעבע, אז זיי האבען פערגעסען אן אלעמען אויף דער וועלט; זיי האבען פערגעסען, וואו זיי געפינען זיך; זיי האבען פערגעסען, אז נאהענט לעבען זיי געפינען זיך פיעלע מענשען, וועלכע וועלען זוכען צו דערשטיקען זייער ליעבע און זיי אליין צו פערניכטען.

— שווער מיר, וולאַדימיר, אז דוא וועסט מיך אייביג, אייביג ליעבען, האט וויערא געבעטען.

— איך שווער עס דיר, געליעבטע! איך וועל דיר בלייבען טריי ביז אין גראָב, ביז מיין לעצטען הויך.

פלוצלונג זיינען זיי ביידע אויפגעשפרונגען, וויא דיא אָפּגעבריהטע. עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי הערען ערגעץ גאנץ נאהענט לעבען זיי א שטילען, שפּעטישען געלעכטער. וולאַדימיר האט פארנאנדער געגומען דיא בלעטער פון דיא ביימער און האט זיך אומגעקוקט. — עס איז קיינער ניט געווען. יעצט האט זיך וויערא דערמאנט, וואו זיי זיינען.

— קום, וולאַדימיר, לאָמיר אוועקגעהן פון דאנען. איך האב מורא, אז איינער האט זיך אונטערגעהערט, וואס מיר האבען דא גערעדט.

— שוין זיך שיידען? האט געזאגט וולאַדימיר. אך, וויא גליקליך זיינען מיר געווען! וויא שנעל פליהען אוועק דיא מינוטען פון גליק!

אבערמאלס האבען זיי געהערט א שטילען געלעכטער. דאס מאל איז עס געווען אזוי דייטליך, אז זיי זיינען געווען איבערציינגט, אז מען האט זיך אונטערגעהערט, וואס זיי האבען גערעדט. וולאַדימיר האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האט געזוכט ארום אלע ביימער און האט אבערמאלס קיינעם ניט געפונען. זיי זיינען געגאנגען צוריק אין זאל. דארט איז אלעס געווען פרעהליך. מען האט געטאנצט, גערעדט, געפלוידערט און זיך אונטערהאלטען. וויערא איז צוגעגאנגען צו איהר שטיפמוטער און צו דיא האָפדאמען. קיינער האט ניט בעמערקט, אז זיא איז אזא לאנגע צייט ניט געווען אין זאל. יעדע פון דיא דאמען איז געווען בעשעפטיגט מיט זיך און מיט איהרע קאַוואַלירען.

וולאַדימיר איז געבליעבען שטעהן לעבען א זייל ביי דער טהיר פון זאל און האט זיך פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. דא ביים העלען ליכט פון דיא הונדערטער פלאמען, ביים אנבליק פון דיעזע גלענצענדע הערען האט ער זיך אביסעל אויסגעניכטערט און בעטראכט זיין ליעבע ערנסטער.

— וואס קען ווערן פון מיין ליעבע צו דער פרינצעסין? האט ער געטראכט. איך וועל זיא דאך ניט קענען הייראטהען. דער קייסער וועט עס געוויס ניט ערלויבען. ער וועט שוין וויסען, וויא אזוי פון מיר לויז צו ווערן. — דיא גרעפין אננא פּאוולאָווגא האט רעכט געהאט. זיא האט מיך געווארנט אלס טרייע פריינדין. —

אין אנאנדער זאל פון'ם גרויסען פּאלאַץ זיינען געזעסען צוויי מענשען, א מאן מיט א פרוי, און האבען גערעדט צווישען זיך. מיר מוזען זיך צוהערען, וואס זיי האבען גערעדט, ווייל עס איז פאר אונז זייער וויכטיג. דער מאן און דיא פרוי איז געווען דער געזאנדעטער פון ארגענטיניען, דע ראָזאס, מיט זיין פרוי פּעאַרינא. ער איז ערשט זייט א קורצער צייט אין פּעטערבורג, ער האט זיך אבער אין דער קורצער צייט ארויסגעוויזען אלס אן אויסגעצייכענטער דיפּלאָמאט. צוואר האבען דיא געזאנדטע פון גרעסערע לענדער, וויא דייטשלאנד, עסטעררייך, פראנקרייך און ענגלאנד אויסגעפונען, אז דע ראָזאס שטעהט פיעל ניעדריגער פון זיי און האבען איהם אויף זיינע וויזיטען ניט געענטפערט. זיי האבען איהם זאגאר אויסגעמיעדען. דער עסטעררייכישער געזאנדעטער, דער שטאָלצער אריסטאָקראט, גראף פאן וואלקענבערג האט איהם אויפגענומען זעהר קאלט, ווען ער איז צום ערשטען מאל געווען ביי איהם אויף א וויזיט און האט איהם

זאנאר ניט פארנעשטעלט זיין פרוי. דער פרעהליכער און ליעבענסווירדיגער פראנציז. דער הערצאָג דע גאנטי־ביראָן, האט איהם צוואר אויפגענומען זעהר העפליך, האט איהם בעקאנט געמאכט מיט זיין פאמיליע, האט איהם אָבער זיין ווייזט ניט געענט־פערט. דער ענגלישער געזאנדעטער, לאָרד לאָפטוס, האט איהם זאגאר ניט געוואלט אויפנעהמען. ער האט זיך ענטשולדיגט, אז ער איז קראנק. דערפאר אָבער זיינען דיא דיפּלאָמאַטען פון קלענערע לענדער, וויא פון שוועדען און נארוועגען, בעלגיען, האָללאַנד, דיא שווייץ, דיא טירקיי, מאראקקא און אנדערע, געוואָרען אָפטע געסט ביים סיניאָר דע ראָזאס.

מען האט געמורמעלט אין דער שטאָדט, אז מאדאם דע ראָזאס איז זעהר ליעבענס־ווירדיג און דער טערקישער געזאנדעטער, מאחמעד שעווּפעט־פּאשא איז אין איהר פערליעבט. מען קען אבער ניט גלויבען אלעס, וואס מען זאגט אין שטאדט. דיא וועלט איז שלעכט און זוכט צו פערליימדען יעדע שעהנע פרוי. מען זוכט צו שענדען און צו ערניעדעריגען א שעהנע פרוי נור דער פאר, ווייל זיא איז שעהן.

— וואו ביסט דוא געוועזן אזוי לאנג? האט דיא שעהנע פעארינא דע ראָזאס געפרעגט איהר מאן. איך האב געמיינט, אז דוא ביסט ערגעץ פערפאלען געוואָרען.

— ליעבע פעאָדאָרא, האט דער זיד־אמעריקאנער געענטפערט, דוא וועסט געוויס ניט דערראטהען, וואו איך בין געוועזן און וואס איך האב געזעהן אין געהערט.

— איך פארשטעהע ניט, וואס דוא מיינסט, פעדרא, האט דיא שפּאניערין געענט־פערט. זאג מיר דייטליכער. דוא ווייסט, אז איך האב פיינט מיר צוברעכען דעם קאָפּ אויף רעטענישען.

— נו, איך וועל דיר אלעס דערצעהלען. איך האב געזעהן, אז דיא פּרינצעסין וויערא איז פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען און איך בין נעגאנגען זעהן, וואו זיא איז אהינגעקומען. איך האב זיא געטראָפען אונטער דיא פּאלםביימער מיט א יונגען אָפיציער. זיא איז אין איהם פערליעבט איבער דיא אויערן.

— וואס רעדסט דוא, פעדרא? האט דיא שפּאניערין געפרעגט. דאס איז אונ־מעגליך. רוסלאנד איז ניט אמעריקא. ביי אונז זיינען אלע מענשען גלייך, אין רוסלאנד אבער איז א גראָספירסטין א האלבע געטין.

— דוא זעהסט דאך אָבער, אז עס איז אזוי, האט דע ראזאס געענטפערט. איך האב אליין געזעהן, וויא זיא איז געלעגען אויף זיין ברוסט.

— וואס קענסט דוא דערפון האבען? האט דיא קלוגע שפּאניערין געפרעגט. וואס פאר א נוצען קענען מיר דערפון האבען?

— איך זעה, ליעבע פעאָדאָרא, אז דוא ווייסט נאך ניט, וויא א דיפּלאָמאט אין אזא הויף, וויא דער רוסישער, מוז אויף אלעס אויפפּאסען, אלעס צו זעהן און פון אלעס ציהען זיין נוצען. דער קייסער האט זעהר ליעב דיא פּרינצעסין וויערא. ווען מען וויים איהר געהיימניס, קען מען דורך איהר זעהר פיעל דערגרייכען. איין ווארט פון איהר האט מעהר ווערטה ביים רוסישען קייסער, וויא אונזער גאנצע קלוגע פּאָליטיק.

— דו האסט רעכט, פעדרא, איך האב גאר פערגעסען, אז דוא ביסט א דיפּלאָ־

מאט און דארפסט זיך זארגען פאר דיא לענדער, וואס האבען דיך געשיקט צום רוסישען קייסער, אלס זייער פערטרעטער.

— דוא פערגעסט ווער מיר זיינען יעצט, פעאָדאָרא אין דער צייט, ווען מיר דארפען נור פערגעסען, ווער מיר זיינען געווען.

— רעד ניט דערפון, פעדרא, עס איז מיר זעהר אונאנגענעהם צו רעדען פון זאכען, וועלכע זיינען שוין לענגסט, לענגסט געשעהן. מען קען זיך אונטערהערן, וואס מיר רעדען, דאן....

— קיינער הערט אונז ניט, האט דע ראָזאס געענטפערט. דא אין זאל איז קיינער ניטא און צווישען זיך מעגען מיר דאך רעדען. עס איז מיר אנגענעהם צו דערצעהלען יעצט אין פריידען, וויא איך האב אמאל געליטען. מיר ביידע מעגען רעדען און דער־צעהלען, וויא אזוי מיר האבען געליטען, געקעמפפט און זיינען געווארען אזוי דערהייבט, אז דיעזע שטאלצע געזעלשאפט, וועלכע האט אונז אמאל פעראכטעט, ליעגט יעצט אונטער אונזערע פיס. ווער וואלט זיך אמאל אומגעקוקט אויף דעם ארימען אפגעריי־סענעם פיאדאר יערמאלאוו? היינט אָבער אז ער הייסט פעדרא בוסטאמענטע דע ראָ־זאס, איז געזאנדעטער פון ארגענטיניען און פון גאנץ זיד־אמעריקא און האט אזוי פיעל ארדענס און טיטולען, שעהמט זיך שוין מיט איהם אלכסנדר II, דער אליינהערשער פון אלע רוסען אויך ניט. דוא האסט דאך געזעהן, וויא פריינדליך ער האט מיט מיר היינט גערעדט. און אויך דוא, ליעבע פעאָדארא, וואלסט געקענט אויסלעבען דיינע יאהרען אין רוסלאנד און קיין מאל ניט זיין איינגעלאדען אויף א האָף־באלל. מען וואלט דיך שטענדיג בעטראכט אלס אגענטין פון דער געהיים־פאליציי אלס שפּיאָנין, אלס א דיענערין. יעצט ביסט דוא קעניגען פון אלע דיעזע שטאלצע אריסטאָקראטישע דא־מען, ווייל דוא ביסט מאדאם פעאָרינא דע ראָזאס.

דיא לעצטע ווערטער האבען אביסעל בעליידיגט דיא שפּאניערין, אָדער, וויא אונזערע לעזער האבען געוויס דעררואטהען, פעאָדאָרא באָיאנאָוווסקי.

— פערגעס ניט, פעדרא (פון פיאָדאָר איז געווארען פעדרא, אזוי וויא פון חיים ווערט לואיס) אז נור דורך מיר ביסט דוא געקומען צו אלע דיעזע עהרען; אז נור דורך מיר איז עס דיר געלונגען צו ווערן מיניסטער אין ארגאנטיניען, דוא ווייסט שוין וויא אזוי עס איז געשעהן. ווען ניט איך, וואלסט דוא געשטארבען פאר הונגער אין דייטש־לאנד און שפּעטער אין פראנקרייך. איך האב אונז ביידען גערעטעט און האב אין פאַריז געמאכט אזוי פיעל געלד, אז מיר זיינען געקומען קיין ארגענטיניען, וויא דיא פירסטען. איך האב אויסגעווירקט, אז דער פראנצייזישער קייסער נאפּאָלעאָן III זאל דיר געבען א רעקאָמענדאציאָנס בריעף צום פּרעזידענט פון ארגאנטיניען, דע צעלמאָן.

— אבער איך האב דאך דיך בעפרייט פון דאקטאָר דערונאָוו'ס דול־הויז און האב דיך אריבערגעשטעלט דיא פּרייסישע גרענעץ, האט פעדרא דע ראָזאס געענטפערט. איך האב עס געטהאן, ווייל איך האב דיך געליעבט, ווייל איך ליעבע דיך נאך יעצט אזוי שטארק, וויא דאמאלס.

— דוא הייבסט שוין אן צו רעדען פון דיין ליעבע, האט פעאָרינא געזאגט מיט א גענעץ. לאז מיך צו רוה, איך ווייס שוין, אז דוא ליעבסט מיך. דערצעהל מיר בעסער

**פון דער** פרינצעסין וויערא. דאס איז פאר מיר פיעל אינטערעסאנטער, אלס צו הערן פון דיין ליעבע.

— דוא האסט געוויס בעמערקט, אז זיא האט אונז זעהר קאלט עמפפאנגען הייטע אבענד. אלזא, מוז דער געזאנדטער פון ארגענטיניען און פון גאנץ זיד־אמעריקא וויזען אזא רוסישע פרינצעסין, וועד עלטער איז. דוא ליעבע פעארינא, דארפסט מיט איהר רעדען גאנץ פריינדליך און געבען איהר א ווינק, אז דוא ווייסט פון איהר ליעבע און אלס אמעריקאנערין האלסט דוא אזא ליעבע פאר גאנץ נאטירליך און גערעכט. דוא וועסט איהר זאגאר געבען דיא געלעגענהייט צו זעהן זיך מיט איהר אָפיציער ביי אונז אין הויז. דאס קען אונז זעהר פיעל נוצען. דיא פערליעבטע רוסישע פרינצעסין קען ווערן א גאלד־גרוב פאר אונז.

— דוא האסט רעכט, פעדרא. דאס איז א גוטע אידעע פון דיר. דיעזע פער־ליעבטע פרינצעסין קען אונז ברענגען גאלד און עהרע. איך וועל מיך נוקם זיין אן דיא שטאלצע געזאנדטע פון עסטערייך, דייטשלאנד און ענגלאנד, וועלכע האבען אונז ניט געוואלט אפגעבען קיין וויזיט נור דער פאר, וואס ביי אונז אין אמעריקא וויים מען ניט פון קיין טיטול גראף אדער פירסט.

— דיא הויפט זאכע איז דער קייסער. איך מוז עס אזוי מאכען, אז דורך איהר זאל איך ווערן אן אפטער גאסט ביים קייסער קוים וועט אונז דאס געלינגען, איז שוין זעהר לייכט צו ווערן פון פעדרא דע ראָזאס גראף פיאדאר ראָזאָוו.

אין דיעזע מינוט האבען זיי געהערט שריטע אריינקומען אין צימער. מען האט איינגעלאדען דיא געסט צום טיש. פעדרא דע ראָזאס האט זיך אויפגעהויבען און האט אריינגעפיהרט זיין שטאָלצע פרוי אין עס־זאל. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס זיי האבען גערעדט, קיינער האט ניט געוואוסט, ווער זיי זיינען. פיעלע קאוואליערען האבען זיך בעמיהט צו זאגען קאמפלימענטען און העפליכקייט דער שעהנער שפאניערין.

אלע זיינען געווען פרעהליך, אלע האבען געגעסען מיט׳ן בעסטען אפעטיט דיא טהייערסטע שפייזען, וואס מען האט אויפגעגעבען אויפ׳ן טיש. אלע האבען זיך אונטער־האלטען אזוי פריינדליך, אזוי צופריעדען, אזוי אנגענעהם, נור דריי מענשען האבען ניט געגעסען און האבען קיין אנטהייל ניט גענומען אין דיעזער פרעהליכקייט. דאס זיינען געווען: דיא פרינצעסין וויערא, דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא און וולאדימיר. וויערא און דיא גרעפין זיינען וועניגסטענס געזעסען צווישען דיא געסט און האבען גערעדט מיט זיי. וולאדימיר אבער איז באלד אוועקגעגאנגען א היים, אויף זיין צימער און האט זיך אניעדערגעזעצט אויף זיין דיוואן פערטראכט. פאר איהם האט זיך אויפגעעפענט א נייע וועלט פון גליק, פון פרייד — און פון נויט און לייד. ער האט פערשטאנען, אז מען האט זיך אונטערגעהערט, וואס ער האט גערעדט מיט דער פרינצעסין; ער האט גע־וואוסט, אז דאס וועט שוין אזוי גלאט ניט אָפּלויפען; מיט יעדער מינוט האט ער אלץ מעהר איינגעזעהן, וויא ווייט וויערא איז פון איהם, וויא אונמעגליך זיין ליעבע איז צו א רוסישער גראָספירסטין. צו דערזעלבער צייט אבער, האבען וויערא׳ס ווערטער אפגעקלונגען אין זיינע אויערן און האבען צוגעלעגט נאך מעהר האלץ צום פייער פון זיין ליעבע.

## 86טעם קאפיטעל.

## פאָליטיק און ליעבע.

**עס זיינען פערגאנגען איינינע וואכען, זייט דעם אבענד, וועלכען מיר האבען** פערשריעבען אין פאריגען קאפיטעל. וולאדימיר און וויערא פלעגען זיך זעהר אָפט זעהן און פלעגען זעהר אפט רעדען פון זייער ליעבע. זיי זיינען געווען אזוי גליקליך, אזוי בערוישט פון זייער ליעבע, אז זיי האבען גאר פארגעסען, אין וואס פאר א געפאהר זיי געפינען זיך און אז זיי געפינען זיך אין „היילינען" רוסלאַנד.

איין טאג איז דער קייסער געקומען צופאהרען צו זיין ברודער קאָנסטאַנטין אויף א וויזיט. עס איז ערשט געווען עלף אוהר אין דער פריה. דער גראַספירסט האט זיך געוואונדערט, וויא עס קומט, אז דער קייסער זאל צו איהם קומען אזוי פריה און האט איהם פריהער גאר ניט געמעלדעט. ער איז איהם ענטגעגען געגאנגען און האט איהם אריינגעפיהרט אין זיין שרייב־צימער.

— איך בין צו דיר געקומען, ברודער, אום מיט דיר צו רעדען אביסעל פון פאָ־ליטיק, האט דער קייסער געזאגט. גענעראַל ווערדער, דער דייטשער געזאנדעטער, האט מיר פארגעשלאגען, אז דער דייטשער קראָנפּרינץ זאל הייראטהען א רוסישע פרינצעסין, דורך דעם וועלען זיך פעראייניגען דיא צוויי מעכטיגסטע הערשער פון אייראפא, רוסלאַנד אין דייטשלאנד. איך וועל זיין גליקליך ביי דעם געדאנקען, אז א רוסישע פרינצעסין וועט זיין דיא קייזערין פון דייטשלאַנד.

— געוויס! האט געזאגט דער גראַספירסט קאָנסטאַנטין. עס איז א גוטע אידעע, עס איז א גראָסאַרטיגער געדאנק. אז א רוסישע פרינצעסין זאל טראגען דיא דייטשע קייזער קרוין, דאס וואלט געווען א גרויסע עהרע פאר רוסלאַנד.

— ווייסט דוא, ברודער, האט דער קייסער ווייטער געזאָגט, ווייסט דוא, וועלכע רוסישע פרינצעסין איך האב אויסגעפונען פאר פאסענד צו טראָגען דיא קרוין פון דייטשלאַנד אויפ'ן קאָפּ? — דיין טאָכטער, וויערא. זיא איז קלוג, זיא איז א זעלבסט־שטענדיגע שטאלצע נאטור. זיא וועט צוציעהען צו זיך דאס הערץ פון'ם דייטשען פאָלק און זיא וועט רעגיערען אנשטאט איהר מאַן.

— מען האט מיר געזאגט, אז דער דייטשער קראָנפּרינץ איז א קראנקער, האט גראָספירסט קאָנסטאַנטין געזאָגט, וויא צו זיך אליין. מען זאגט, אז איין האנד איז איהם אין גאנצען אפּגענומען און ער האט א קראנקען אויער.

— דעסטא בעסער! האט געזאגט דער קייסער. דאס דארפען מיר טאקע. ווען מען איז שוואך און קראנק, רעגיערט דיא פרוי פאר איהם, ווען זיא איז קלוג און פעהיג צו צוציעהען צו זיך דיא מיניסטארען. איך בין זיכער, אז דיין וויערא וועט וויסען, וויא אזוי צו בעהערשען דיא נאררישע דייטשען.

— וויערא איז נאך אבער אזוי יונג, האט געזאגט דער גראָספירסט, איך האב נאך גאָר ניט געדאכט זיא צו פערהייראטהען. זיא איז נאך גאָר א קינד.

דער גראָספירסט קאנסטאנטין האט ליעב געהאט רוסלאַנד און האט אויך גע־טריימט, אז רוסלאַנד זאל פיהרען דיא פאָליטיק פון גאַנץ אייראָפּא; ער האט אויך

געוואלט, אז אלע זאלען מורא האבען פאר רוסלאנד; איהם האט אויך געקרענקט, וואס דייטשלאנד איז אין א קורצער צייט געווארען אזוי שטארק און אזוי גרויס, אז איין זיארט פון'ם ערשטען דייטשען מיניסטער, פירסט ביסמארק, האט מעהר ווערטה, וויא א לאנגע רעדע פון'ם רוסישען קייסער. ער איז אבער געווען אן אפענהערציגער מענש; ער האט פיינט געהאט דיא ליגענס און פאלשקייטען פון דער פאליטיק. ער האט ניט געקענט ליידען דיא אינטריגען און קונסט שטיקע פון דיא דיפלאמאטען. — ווען רוסלאנד זאל זיין שטארק און אלע זאלען פאר איהר מורא האבען פלעגט ער טראכטען, דארף זיא זיין שטארק דורך איהר ארמעע, דורך איהרע גענעראלען, דורך איהרע מיניסטארען, אבער ניט דורך א וויבערשע פאליטיק. דאס איז געווען דיא אורזאכע, ווארום ער האט פארגעשטעלט זיין ברודער שוויעריגקייטען, אז דער קראנפריגץ פון דייטשלאנד איז א קראנקער און אז זיין טאכטער איז נאך צו יונג. ער האט גערעכענט, אז וויערא טויג ניט פאר דיא פאליטיק. זיא איז צו פריי, צו אפענהערציג און צו שטאלץ צו פיהרען אזא פאליטיק. ווען זיא וועט הייראטהען און וועט ליעבען דעם דייטשען קראנפרינץ, וועט זיא גיכער זיין נעגען רוסלאנד. דער קייסער האט פערשטאנען, אז זיין ברודער איז ניט אין גאנצען איינפערשטאנען מיט זיין פלאן.

— זיא איז צו יונג, זאגסט דוא, אין דער פאליטיק קוקט מען אויף אזעלכע זאכען ניט. דיא פאליטיק וויל ניט וויסען פון אינגער און עלטער. פארגעס ניט, ברודער, אז מיר האבען שוין איין רוסישע פרינצעסין אלס קעניגען פון גריכענלאנד, אנאנדערע איז קעניגין פון ווירטעמבערג; ווען עס זאל אונז נאך געלינגען צו האבען א רוסישע פרינצעסין אלס קייזערין פון דייטשלאנד און אלס קעניגין פון ענגלאנד דאן וועט רוסלאנד בעהערשען דיא וועלט.

— איך בעוואונדערע דיין שארפען בליק, ברודער, האט דער גראספירסט געזאגט. דוא זארגסט זיך פאר רוסלאנד און ווילסט עס מאכען גרויס און שטארק. איך פערשטעה דיין פאליטיק און מוז געשטעהן, אז דוא האסט רעכט. מיר מוזען אבער פריהער פרעגען מיין טאכטער. דוא ווייסט, אז זיא האט אפט איהרע קאפריזען.

— דוא מיינסט, מיר זאלען עס איהר זאגען, וואס פאר א גליק עס שטעהט איהר פאר. פרעגען דארפען מיר זיא ניט. איך בין זיכער, אז וויערא וועט מיך פאלגען איך וויל דיר אבער צוליעב טהאן און עס איהר באלד דערקלערען. שיק זיא רופען, ברודער, דוא וועסט באלד זעהן, וויא א רוסישע גראספירסטין וויים צו שעצען און צו נעהארכען, וואס איהר קייסער וועט איהר הייסען.

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דינער, וואס איז אריינגעקומען, ער זאל בעטען דיא גראספירסטין וויערא, זיא זאל באלד קומען, דער קייסער דארף זיא האבען. אין איינינע מינוטען ארום איז פרינצעסין וויערא אריינגעקומען אין צימער. זיא איז צוגעגאנגען צום קייסער און האט איהם פריינדליך בעגריסט. אלכסנדר II האט זיא ארומגענומען און האט איהר א קוש געטהאן אין קאפ.

— איך האב דיר א גוטע נאכריכט געבראכט, וויערא, האט ער איהר געזאגט. איך האב פאר דיר אויסגעפונען א גלענצענדע פארטיע. דער קראנפרינץ פון דייטשלאנד, ווילהעלם, וועלכער וועט אמאל זיין קייסער אין דייטשלאנד מיט'ן נאמען

ווילהעלם II, האט געזעהן דיין בילד און האט זיך אין דיר פערליעבט. ער איז זעהר שעהן און זעהר געבילדעט. דוא וועסט גליקליך זיין און מיט דער צייט וועסט דוא זיין דיא קייזערין פון דייטשלאנד.

וויערא איז געבליעבען שטעהן, וויא פון א בליץ געטראפען. דארויף האט זיא זיך ניט געריכט, דאס איז איהר קיין מאל ניט געקומען אויף דיא געדאנקען, אז מען זאל זיא שוין וועלען פערהייראטהען. זיא איז צו ערשט געווארען רויט, דאן איז זיא געווארען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. דעם קייסערס שארפער בליק האט באלד בעמערקט, אז דא איז עפעס ניט גלאט, אז דיא פרינצעסין וויערא איז שטארק ניט צופריעדען מיט דער גוטער נאכריכט, וואס ער האט איהר געבראכט.

— דוא שווייגסט, מיין ליעבע וויערא? האט ער זיא געפרעגט. אלזא, ביסט דוא מיט מיר איינפערשטאנדען.

— ניין, קייזערליכע מאיעסטעט! האט וויערא ענדליך אויסגערופען. איך שווייג ניט דערפאר, ווייל איך בין איינפערשטאנדען. איך האב געשוויעגען, ווייל.... ווייל.... איך בין געוועזן איבערראשט. איך האב נאך גאר ניט געדאכט צו הייראטהען, איך.... בין נאך.... צו יונג.

— מיינע ליעבע, קליינע וויערא, האט דער קייסער געזאגט און האט איהר געגלעט איבערן קאפ, עס האט נאך צייט. איך מיין ניט, אז דיא האכצייט זאל שוין געשעהן. אין דריי — פיער יאהר ארום, ווען דוא וועסט וועלען, וועסט דוא הייראטהען. יעצט איז נור דיא רעדע, אז דוא זאלסט ווערן דיא בראוט, דיא פערלאבטע פון דייטשען קראנפרינץ.

— אבער, ליעבער אנקעל, האט געבעטען דיא פרינצעסין און טרערין האבען געשטיקט איהר שטימע, וויא קען איך מיך ערקלערן אלס בראוט פון א מענשען, וועלכען איך האב קיין מאל ניט געזעהן? מיט וועלכען איך האב קיין מאל קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט? וויא קען איך מיך פערבינדען אויף מיין גאנצעס לעבען מיט א מענשען, וואס איך קען ניט און וויים ניט? טאמער וועלען מיר גאר ניט פאסען איינער צום אנדערן? טאמער זיינען אונזערע כאראקטערע אזוי פערשיעדען, אז מיר וועלען פערפלוכען דעם טאג, אין וועלכען מען האט אונז פעראייניגט? —

אלכסנדר II איז געוועזן א גוטער מענשענקענער. ער האט פערשטאנען, אז וויערא האט עפעס א געהיימניס, אז זיא ליעבט איינעם. ער האט זיך אבער געמאכט, אז ער פערשטעהט ניט און האט איהר געענטפערט.

— ווען איך האב פאר דיר אויסגעקליבען א פארטיע, ליעבע וויערא, וועט ער דיר שוין געוויס פאסען. דער דייטשער קראנפרינץ איז שעהן און ליעבענסווירדיג, דוא וועסט איהם זעהן און וועסט איהם ליעב בעקומען. מיר וועלען איהם איינלאדען קיין פעטערבורג, ער וועט דא זיין איניגע מאנאטע. איהר וועט זיך בעקענען און דוא וועסט איינזעהן, וואס פאר א גלענצענדע פארטיע דיין אנקעל האט פאר דיר אויסגעזוכט.

דעם קייסערס פריינדליכע, גלאטע ווערטער האבען בערוהיגט דיא פרינצעסין וויערא. זיא איז נאך געוועזן צו יונג און צו ווענינ בעקאנט מיט דער גלאטער, פאלשער

אָבלאָקירטער האָף שפּראַכע. זיא האַט געפּאַסט צוטרויען צו איהר אָנקעל און האַט געוואָלט איהם פריי אַרויסזאָגען, וואָס זיא דענקט.

— ניין, ליעבער אָנקעל, לאַדעט ניט איין דעם פּרינץ, איך קען איהם ניט ליעבען. איך האָב פּיינט דיא דייטשען. בעסער הייראַטהען אַ רוסע.

— פּרינצעסינען, מיין ליעבעס קינד, קענען ניט הייראַטהען ווען זיי ווילען, האָט דער קייסער געענטפערט מיט אַ שטרענגען טאָן. זיי מוזען הייראַטהען, וועמען מען הייסט זיי. איך בין דיין אָנקעל, וויערא, איך בין אָבער אויך דיין קייסער. דוא מוזט מיר פּאָלגען.

דער שאַרפער טאָן, מיט וועלכען דער קייסער האָט אַרויסגערעדט דיא לעצטע ווערטער, האָבען זיא אויסגעניכטערט. זיא האָט איינגעזעהן, אַז דאָס איז ניט אַן אָנקעל, וועלכער איז געקומען פאַרשלאָגען אַ פּאַרטיע זיין ניכטע (פּלעמיאַניצא), זאָנדערן עס איז דער רוסישער קייסער, וועלכער גיט אַן אוקאַז און שרייבט אונטער: ביט פּאָ סעמו! (אַזוי מוז עס זיין). זיא האָט זיך אין דיעזע מינוט ניט געקענט קיין עצה געבען און האָט געשוויעגען.

עס זיינען פּערגאַנגען איינינע מינוט אין טיעפעס שוויינען. דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין האָט דיא גאַנצע צייט קיין וואָרט ניט גערעדט. ער האָט געפיהלט, וואָס עס הייסט צווינגען אַ מענשען צו הייראַטהען דעם, וואָס איך וויל ניט. ער האָט פּערשטאַנען, אַז זיין טאָכטער וויל ניט וויסען פון'ם דייטשען פּרינץ און ער האָט זיא ניט געוואָלט צווינגען.

— יעצט געה צוריק אין דיינע צימערן, ליעבע וויערא, האָט ער ענדליך געזאָגט. מיר וועלען נאָך האָבען צייט גענוג צו רעדען איבער דיעזען געגענשטאַנד.

וויערא האָט זיך לייכט פּערנייגט און איז אַרויסגעלאָפען פון צימער.

— זיא האָט אַ געהיימניס, האָט געזאָגט דער קייסער, ווען וויערא איז אַרויס־געגאַנגען. זיא ליעבט און דוא ברודער ווייסט דערפון ניט. וויא קומט עס? האָסט דוא גאָר נישט בעמערקט, מיט וועמען זיא געהט אַרום? מיט וועמען זיא רעדט אָפט?

דוא ווייסט דאָך, ברודער, האָט דער גראָספירסט געענטפערט, אַז איך לעב זעהר צוריקגעצויגען. איך נעהם אויף זעלטען געסט, איך מאַך זעהר זעלטען בעללער. איך קום צו קיינעם ניט און קיינער קומט צו מיר ניט. וויערא האָט איהרע האָפדאַמען, וועלכע האָבען ערהאַלטען שטרענגע בעפעהלע וויא אַזוי זיא צו ערציעהען. דוא אַליין האָסט אויסגעוועהלט איהרע האָפדאַמען; דוא אַליין האָסט ערנאַנט איהרע לעהרער און איהרע ערציעהער. וואָס קען איך מעהר טהאָן?

אין זיין שטימע האָט געקלונגען אַ פאָרוואורף, וואָס דער קייסער מישט זיך אריין אין אַלדינג און וויל, אַז אַלעס זאָל געשעהן נאָך זיין ווילען.

— גוט! האָט געזאָגט אַלכסנדר האַרט און שאַרף. איך בין דער אָבערהויפּט פון דער פאַמיליע און מוז זאָרגען, אַז דיא פאַמיליע ראָמאַנאָוו זאָל זיין גרויס און מעכ־טיג, דיא הויפּט זאַכע אָבער, אַז קיין ניעדעריגעס בלוט זאָל זיא ניט פערוואונרייניגען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט געגעבען דעם גראָספירסט דיא האַנד.

— דערביי בלייבט עס! האָט ער געזאָגט שטרענג. איך האָב שוין מיט דעם

פרייסישען געזאנדטען אלעס אפגערעדט. אין איינינע טעג ארום וועט דער קאנטראקט פערטיג זיין. איך בין זיכער, אז פון דיין זייט וועלען קיינע שוועריגקייטען ניט זיין.

— איך וועל געוויס אויספאלגען דיינע בעפעהלע, ברודער, האט דער גראספירסט געענטפערט טרויעריג.

ער האט צוגעפיהרט זיין ברודער צו דער טהיר און האט איהם בעגריסט מילי־טעריש. דער קייסער איז אוועקגעפאהרען. קאנסטאנטין איז צוריקגעגאנגען אין זיין קאבינעט און האט געזאגט דעם דיענער, וואס איז געשטאנען ביי דער טהיר, אז ער זאל היינט קיינעם אריינלאזען. ער וויל היינט קיינעם ניט אויפנעהמען. ער האט פער־מאכט דיא טהיר און איז ארומגעגאנגען אין זיין צימער הין און צוריק.

— פלוך איבער דיא פאליטיק! האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך האב געלעבט ביז אהער אבגעזאנדערט פון דער וועלט. איך האב מיך קיין מאל ניט געוואלט אריינ־מישען אין דער פאליטיק. יעצט צווינגט מיך מיין ברודער צו פערהייראטהען מיין טאכ־טער געגען מיין ווילען און געגען איהר ווילען. עס וועט גאר ניט העלפען, מיר וועלען מוזען איהם פאלגען. אך! וויא טרויעריג איז עס, געבארען צו ווערן א פרינץ! מען האט עהרע, מען האט פערמעגען, מען האט, דאכט זיך, אלעס, וואס מען וויל; מען איז אבער ניט, וואס מען וויל — מען איז א מאשינע, קיין מענש.

— — — — — — — — — — — — — —

דער שעף פון דער געהיים־פאליציי, אונזער אלטער בעקאנטער אשינאוו, האט זיך ווענינ געענדערט אין דער צייט, וואס מיר האבען איהם ניט געזעהן. מיר מוזען איהם מאכען א וויזיט. מיר מוזען זעהן, וואס ער מאכט און וויא עס איז איהם געגאנ־גען דיא גאנצע צייט. ער האט דערגרייכט זיין ציעל. ער האט געהייראטהעט דיא שעהנע פראנציסקא און האט זיך איינגעריכטעט, ווי עס פאסט דעם שעף פון דער רוס־סישער געהיים־פאליציי. ער פלעגט געבען בעללער און אונטערהאלטונגען. דיא גרעסטע מענער פון פעטערבורג פלעגען קומען צו איהם. פראנציסקא איז געווען א גוטע און ליעבענסווירדיגע ווירטהין. זיא האט געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט דיא געסט. אשינאוו איז געווארען אנגעזעהן און האט בעקומען אלע מאל נייע אָרדענס און נייע טשינען. דער קייסער איז געווען מיט איהם צופריעדען בעזאנדערס אין דער לעצטער צייט, ווייל עס איז עפעס שטיל געווארען מיט דיא ניהיליסטען.

ער איז היינט געווען בעזאנדערס אויפגעלעגט. פאריגע נאכט איז געזעסען ביי איהם א געזעלשאפט פון דיא רייכסטע מענער פון פעטערבורג און מען האט געשפיעלט אין קארטען. אשינאוו האט עס געגליקט. א רייכער פירסט האט פערשפיעלט צו איהם א גרויסע סומע געלד. פראנציסקא איז געזעסען לעבען דעם פירסט און האט איהם געהאלפען שפיעלען. אזעלכע אבענדע פלעגען זיך מאכען זעהר אפט ביי אשי־נאוון. געסטערן אבער איז איהם בעזאנדערס גוט געגאנגען.

— דוא ביסט א בראווע פרוי, מיין ליעבע פראנציסקא, האט ער צו איהר געזאגט. איך האב מיך אין דיר ניט אפגענארט.

פלוצלונג איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז דעם קייסערס אדיוטאנט איז געקומען. אשינאוו האט זיך דערשראקען. דאס איז פארגעקומען זעהר

ועלטען, אז דער קייסער זאל איהם שיקען רופען. ער האט געהייסען איהם אריינפיהרען צו זיך אין קאבינעט:

— וויא קומט עס וואס דער קייסער שיקט דיך רופען? האט פראנציסקא געפרעגט.

— איך ווייס ניט, איך בין אבער זיכער, אז עס איז גאר נישט. דער קייסער איז מיט מיר צופריעדען.

ער איז געגאנגען אין זיין קאבינעט, הערן, וואס דער אדיוטאנט וועט איהם זאגען.

— דער קייסער האט בעפוילען, איהר זאלט באלד קומען, האט דער אדיוטאנט געזאגט קורץ.

— איך געה שוין, האט אשינאוו געענטפערט און האט זיך אנגעטהאן.

ער האט ניט געווארט, אז מען זאל איינשפאנען זיין קארעטע. ער איז ארויס־געגאנגען אויף דער גאס און האט געחאפט דיא ערשטע דראשקע, וואס ער האט גע־טראפען. אין איניגע מינוט ארום איז ער געוועזן אין קייסערס פאלאץ. מען האט איהם אריינגעפיהרט אין קייסער'ס קאבינעט. דער קייסער האט איהם ערווארטעט.

— אשינאוו, האט זיך דער קייסער צו איהם געווענדעט, ווען ער איז נור וואס אריינגעקומען אין צימער. איך האב דיר אנצופערטרויען זעהר א וויכטיגע אנגעלעגענהייט. עס מוז בלייבען א געהיימניס צווישען אונז ביידען.

— אייער קייזערליכע מאיעסטעט קען זיך אויף מיר פערלאזען, האט אשינאוו געענטפערט און האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. איך בין שטענדיג געוועזן א טרייער און ערגעבענער דיענער און וועל עס אימער זיין.

— אים אלגעמיינען בין איך מיט דיר צופריעדען, האט דער קייסער געזאגט גאנץ שטיל. יעצט האנדעלט עס זיך אום זעהר אן עדעלע מאטעריע. דוא מוזט זיין זעהר פארזיכטיג. — עס האנדעלט זיך זעהר פארזיכטיג אויסצופארשען, מיט וועמען געהט ארום דיא פרינצעסין וויערא קאנסטאנטינאוונא, צו וועמען שרייבט זיא בריעף אדער צעטעלעך, מיט וועמען רעדט זיא אפט, וועמען....

ער האט זיינע רעדע ניט געענדיגט. עס איז איהם געוועזן אונאנגענעהם צו פער־טרויען אזא וויכטיגע אנגעלעגענהייט דעם שעף פון דער געהיים־פאליציי.

— וואלט ניט גלייך געווען, אז דיא פרינצעסין וויערא זאל אויף איניגע צייט אוועקפאהרען פון פעטערבורג? האט אשינאוו געפרעגט. אין'ם פאלאץ פון גראספירסט קאנסטאנטין האט דיא געהיים־פאליציי קיין אויג ניט. דער גראספירסט לעבט זעהר אבגעשלאסען און צוריקגעצויגען. עס איז ניט לייכט צוקומען צו איהם. אין אנאנדער ארט וואלט עס מיר פיעל לייכטער געווען צו בעאבאכטען דיא פרינצעסין.

— זיא מוז דא בלייבען, האט דער קייסער געזאגט, איך קען זיא יעצט אין ערגעץ ניט שיקען. —

— עס איז זעהר א שווערע אויפגאבע, וועלכע אייער קייזערליכע מאיעסטעט גיט מיר יעצט אויף. דער גראספירסט קאנסטאנטין האט דיא געהיים־פאליציי ניט שטארק ליעב. קוים ווערט ער געוואהר, אז מען בעוואכט זיין פאלאץ, קען דערפון ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען.

— דערפאר ביסט דוא שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. האט דער קייסער אַנ־זאגט שטרענג. דוא מוזט זעהן, אז דער גראַספירסט זאל דער פון ניט געוואהר ווערן. קענסט דוא דען ניט געפינען צווישען דיא האפדאמען פון׳ם גראַספירסט איינע, וואס זאל דיר מיטטהיילען אלעס, וואס עס קומט פאר ביים גראַספירסט אין פּאַלאַץ?—

אשינאוו האט ניט באלד געענטפערט. ער האט געוואוסט, אז מען פאָרדערט פון איהם א זאך, וואס איז ניט אזוי לייכט אויסצופיהרען און ווען ער וועט עס שוין אויספיהרען, קען עס איהם קאסטען זעהר טהייער. ער האט געוואוסט דאס רוסישע שפּריכוואָרט: „פּאַני דערוטסאַ, א מוזשיקאם טשובי באַליאט״. ווען דיא הערען שלאָגען זיך, טהוט דיא קנעכט וועה דער קאָפּ. דער קייסער מיט זיין ברודער וועט זיך שוין איבערבעטען, איהם אבער וועט דער קאפּ וועה טהאן. ער איז געווען פיעל דורכגעטריעבענער פון מעזענצאוו׳ן און האט זעהר גוט געוואוסט, אז צווישען דיא גרויסע טאר מען זיך ניט מישען.

— קען איך בעטען ביי אייער קייזערליכער מאיעסטעט, האט ער ענדליך געזאגט, מיר צו געבען א פערצייכניס פון דיא האפדאמען פון׳ם גראַספירסט קאנסטאנטין?

— דאס וועל איך דיר געבען, האט דער קייסער געזאגט. אָבער שנעל, אשינאָוו! ווייז אמאל, אז פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי קען קיין געהיימניס ניט בלייבען פערבאָרגען. איך האב דיר שוין געזאגט, אז דיעזע אנגעלעגענהייט איז זעהר וויכטיג.

— ראד סטאַראַטסאַ! (איך שטעה צו בעפעהל) האט אשינאוו געענטפערט מיט א זויערער מינע.

דער קייסער האט גענומען א בויגען פּאפּיער, האט אויף איהם אנגעשריעבען עטליכע נעמען און האט איהם דערלאנגט אשינאוו׳ן.

— זיי פאָרזיכטיג און מעלדע מיר באלד אלעס, וואס דוא וועסט געוואהר ווערן, האט ער איהם געזאגט.

אשינאוו האט זיך פערנייגט און געוואלט ארויסגעהן פון קאבינעט. דער קייסער האט איהם געגעבען א ווינק, ער זאל נאך בלייבען.

— האסט דוא אירגענד וועלכע נאכריכטען פון דיא ניהיליסטען? האט ער איהם פּלוצלונג געפרעגט.

— אין דער לעצטער צייט איז אלעס שטיל, האט אשינאוו געענטפערט. איך גלויב, אז עס איז אונז ענדליך געראטהען זיי צו פערניכטען. פיעלע פון זיי האט מען אויפ־געהאנגען, נאך מעהר האט מען פערשיקט קיין סיביר, אייניגע זיינען אנטלאפען קיין אויסלאנד. זיי האלטען אפּ פערזאמלונגען אין פּאריז און אין לאנדאן, אָבער, וויא מיינע שפּיאָנען מעלדען מיר, איז ניטא צווישען זיי קיין טיכטיגער מענש, וואס זאל פעהיג זיין עפּעס צו טהאן. דער איינציגער פעהיגער און טיכטיגער מענש צווישען זיי, מיכאאיל באקונין, איז פערשוואונדען געווארען און מען ווייס ניט, וואו ער איז.

— עס פרייט מיך זעהר, האט דער קייסער געזאגט מיט א שמייכעל, וואס דער ניהיליזמוס ווערט אלע מאל שוואכער אין רוסלאנד. טהו וויטער אלעס מעגליכע אים איהם אין גאנצען צו פערניכטען. — האסט דוא שוין לאנג פון באקונין גאר ניט געהערט?

— שוין זיט פיער יאהר האב איך פון איהם קיין שום נאכריכט ניט ערהאלטען. ער איז, וויא אין דער ערד אריין.

— דאס וואונדערט מיך און בעאונרוהיגט מיך. דיעזער מענש שווייגט ניט, ער טהוט עפּעס, ער קען ניט זיצען לעדיג. איך האב מורא, אויב ער איז ניט ערגעץ אין רוסלאנד, ווען מען האט פון איהם גאר קיין נאכריכט ניט. עס איז פיעל לייכטער צו בעקעמפּפען אַ פיינד, וועלכען איך זעה מיט דיא אויגען, אלס אַ פערבאָרגענעם ווען איך וויים גאר ניט, וואו ער איז.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט אשינאָוו געזאגט מיט אַ פעסטער שטימע. איך בין זיכער, אז באקונין איז ניטאָ אין רוסלאנד. איך האב מיינע שפּיאָנען איבעראל און וויים, וואס עס טהוט זיך אין דעם קלענסטען דערפעל אין רוסלאנד. באקונין איז ערגעץ אין אויסלאנד.

— האסט דוא נאכריכטען פון זיינע גוטע פריינד פון הוגאָ פאָן פאהלען און פון באָיאנאָווסקי'ן?

— הוגא פאָן פאהלען איז ערגעץ אין אמעריקא. מיינע שפּיאנען האבען איהם געזעהן אין ניו יארק. מען שרייבט מיר, אז ער איז דארט רייך געוואָרען.

— נו, דאן האבען מיר פאר איהם ניט וואס מורא צו האבען, האט געזאגט דער קייסער מיט אַ שמייכעל. קוים איז ער געוואָרען אַ רייכער מאן אין אמעריקא, איז ער שוין אזוי פערגלויבט אין'ם דאללאר אז ער האט דעם ניהיליזמוס פערגעסען. יעצט קעמפּפט ער שוין פאר דאללארס מיט סענטען און ניט פאר דיא פרייהייט. — נו, און פון באָיאנאָווסקי'ן האסט דוא אירגענד וועלכע נאכריכט?

— איך וויים נור, אז ער איז געוועזן אין דער שווייץ, האט אשינאָוו געענטפערט און האט זיך צונויפגעקארטשעט. ער איז אין דיעזע מינוט קלענער געוואָרען אויף פינף צאלל. פון דער שווייץ איז ער פערשוואונדען געוואָרען און קיינער וויים ניט, וואס עס איז פון איהם געוואָרען.

— דאס איז ווייטער ניט גוט. דוא מוזט נאָרכשפּירען אלע אנפיהרער פון דיא ניהיליסטען און וויסען פון יעדען אלעס, וואס ער טהוט און וואס ער דענקט צו טהאן.

— וואס זאל איך טהאן, ווען עס זיינען דא לענדער אין אייראפּא, וועלכע ער־לויבען זעהר פיעלע זאכען. איך בין ניט קיין דיפּלאָמאט, איך פארשטעהע ניט דיא פּאָליטיק, איך וויים אבער, אז אין ענגלאנד האבען דיא ניהיליסטען אלע פרייהייטען. דיא ענגלישע פּאָליציי שיצט זיי זאגאר. אין אזעלכע לענדער איז זעהר שווער נאכצו־שפּירען איינעם. ער לערנט זיך אויס ענגליש, נעהמט אָן אַ ענגלישען נאמען און עס איז שווער איהם צודערקענען, אויב ער איז אַ רוסישער ניהיליסט.

דער קייסער האט געגעבען אַ צייכען מיט דער האנד. דיא אוידיענץ האט זיך געענדיגט. אשינאָוו האט זיך פערנייגט און איז שטילערלייט ארויסגעגאנגען פון'ם קאַבינעט. לאנגזאם איז ער אראָפּגעגאנגען פון דיא טרעפּ פון'ם פּאלאַץ, לאנגזאם איז ער געגאנגען אַ היים. ער האט זיך געבראכען דעם קאָפּ, וויא אזוי זאל ער צוקומען צו דיא האפּדאמען פון'ם גראספירסט און אויספארשען דאס געהיימניס פון דער פרינצעסין וויערא. אזא שווערע אויפגאבע האט איהם דער קייסער אויפגעגעבען דאס ערשטע

מאל אין זיין לעבען. — וואס זאל ער טהאן? וויא אזוי זאל מען צוקומען צום גראספירסט קאנסטאנטין, וועלכער האט פיינט דיא געהיים פּאָליציי, וויא א שפּין?

— ער איז געקומען א היים טרויעריג און פערטראכט. פראנציסקא האט איהם אנגעהויבען אויסצופרעגען, וואס דער קייסער האט איהם בעדארפט? וויא עס קומט, וואס ער האט איהם פלוצלונג געשיקט רופען? פאר וואס ער איז אזוי אונמוטהיג? איז דער קייסער מיט איהם ניט צופריעדען? און נאך אזעלבע פראגען. אשינאוו האט אנפאנגס ניט געוואלט איהר דערצעהלען, וואס פאר אן אויפטראג ער האט ערהאלטען פון'ם קייסער. זיא האט אבער אזוי לאנג איבער איהם גערעדט און האט איהם ניט אפּגעלאזען, ביז ער האט איהר געמוזט דערצעהלען, אין וואס פאר א פערצווייפעלטע לאגע ער געפינט זיך.

— אך, דוא שעף פון דער געהיים־פּאָליציי! האט געלאכט פראנציסקא, נאך ווייסט דוא ניט, אז נור א פרוי קען נאכשפּירען און אויספארשען דיא אנדערע פרוי? נאך ווייסט דוא ניט, אז דארט, וואו עס האנדעלט זיך אום א ליעבע, קען נור א פרויען אויג אויסגעפינען א געהיימנים? דוא וועסט טראכטען יאהרען לאנג און וועסט גאר ניט אויסטראכטען. איך אבער וועל דיר מארגען נאך זאגען אלעס, וואס עס טהוט זיך אין פּאלאץ פון'ם גראספירסט קאנסטאנטין.

אשינאוו האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט געגלויבט זיינע אויערן. ער האט זיא געקענט פאר א קלוגע, געשייטע פרוי. ער האט אבער ניט געגלויבט, אז זיא זאל זיין אזוי געשיקט און אזוי גיך געוואהר ווערן א געהיימנים, פון וועלכען עס וויסען נור ער און דער קייסער.

— הער נור, מיין ליעבע, טהייערע פרוי, ווען דוא דערצעהלסט מיר מארגען, אין וועמען דיא פּרינצעסין וויערא איז פערליעבט, וועל איך עס מעלדען דעם קייסער און וועל איהם בעטען, ער זאל דיך ערנענען אלס האפדאמע, אן עהרע, צו וועלכער דוא האסט שוין לאנג געשטרעבט. איך האב עס עטליכע מאל געגעבען אנצוהערן דעם קייסער, ער האט מיר אבער קיין מאל דארויף ניט געענטפערט. איך פארשטעה אויך דיא אורזאכע, פאר וואס ער האט מיר ניט געענטפערט. דיא האפדאמען שטאמען פון דיא גרעסטע פאמיליען אין רוסלאנד. זיי זיינען אלע גרעפינען, פירסטינען,—דוא אָבער....

— גוט! מיין ליעבער שעף פון דער געהיים פּאָליציי, האט פראנציסקא געזאגט און איז אוועקגעלאפען אין איהר טואלעטען צימער זיך אנטהאן.

מיט א פּאָר שטונדען שפּעטער איז פראנציסקא געפאהרען אין איהר רייכע קארעטע צום פּאלאץ פון ארגאנטינישען געזאנדעטען, פעדרא בוסטאמענטע דע ראָזאס.

זייט דע ראָזאס איז געקומען קיין פּעטערבורג, איז ער בעקאנט געווען מיט'ן שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. ביי ביידען פלעגט מען שפּיעלען אין קארטען און פערשפּיעלען גרויסע סומען. צו ביידען פלעגען קומען דיא רייכסטע מענער פון פּעטערבורג שפּיעלען אין קארטען. פראנציסקא איז באלד געווארען דיא בעסטע פריינדין פון מאדאם דע ראָזאס. איין אלטעס דייטשעס שפּריכוואָרט זאגט: „עדעלע זעעלען פינדען זיך באלד". יעדער, ווער עס איז נור געווען אין געזעלשאפטען און האט בעאבאכטעט, וויא אזוי מענשען פון פערשיעדענע קלאסען און פערשיעדענע כאראקטערע שטעלען זיך אויס,

גרופּירען זיך, דער האָט זיך איבערצייגט, וויא ריכטיג דיעזעס שפּריכוואָרט איז. עס קומען זיך צונויף פאַרשיעדענע מענשען אין איין אָרט, אַנפאַנגס זיינען זיי אַלע אויסגע־מישט, אַלע רעדען צוזאַמען, אַלע אונטערהאַלטען זיך צוזאַמען און, וויא עס ווייזט אויס, זיינען אַלע גאַנץ גלייך. באַלד אָבער הייבט זיך עס אָן אָפּצוזעצען. דער פּאָליטי־קער זוכט זיך אויס אַ פּאָליטיקער מיט וועמען צו רעדען. דער געלערנטער געפינט אַ געלערנטען, דער קאָרטענשפּיעלער געפינט מיט וועמען צו שפּיעלען אין קאָרטען און דער פּלוידערזאַק געפינט זיך אַ פּלוידערזאַק. דיא געזעלשאַפט האָט זיך איינגעטהיילט אין גרופּען, יעדער האָט געפונען דאָס זייניגע.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס פראַנציסקאַ האָט בעגעגענט דיא שפּאַניערין, איז זיא איהר באַלד געפעלען אוןביידע „עדעלע" פרויען זיינען באַלד געוואָרען דיא בעסטע פריינדינען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאָהרען איינע צו דער אַנדערער, פלעגען זעהר אָפט פערברענגען שטונדען לאַנג צוזאַמען און פלעגען זיך פערטרויען זייערע קליינע געהיימניסע. איינינע טעג פאַר דעם באַלל ביים גראַספּירסט קאָנסטאַנטין, איז פראַנ־ציסקאַ געוועזען ביי פּעאַרינאַ דע ראָזאַס. דיא שפּאַניערין האָט איהר דערצעהלט, אַז זיא איז געלאַדען צום גראַפספּירסט אויפ'ן באַלל און האָט איהר געוויעזען, וואָס פאַר אַ קלייד ער זיא וועט דאָרט טראָגען. פראַנציסקאַ האָט זיא זעהר בענייד עט און האָט שטילערהייט געזיפצט, וואָס זיא קען נעביך ניט זיין אויפ'ן באַלל. דערפאַר אָבער האָט זיא געבעטען איהר פריינדין, זיא זאָל איהר דערצעהלען אַלעס, וואָס עס וועט פאָרקומען אויף אַזאַ גראַסאַרטיגען באַלל. יעצט האָט זיך פראַנציסקאַ דערמאָנט, אַז ביי איהר פריינדין קען זיא אַלעס געוואָהר ווערן. זיא האָט זעהר גוט געקענט דיא שפּאַניערין און האָט געוואוסט, אַז דאָס שאַרפע אויג פון פּעאַרינאַ וועט אַלעס בעמערקען און אַלעס געוואָהר ווערן.

זיא האָט אויך קיין טעות ניט געהאַט. פּעאַרינאַ האָט זיא אויפגענומען זעהר פריינדליך, האָט איהר דערצעהלט אַלע נייעס פון דער שטאָדט. פראַנציסקאַ האָט אויך געהאַט גענוג וואָס צו דערצעהלען. זיי האָבען גערעדט אַזוי לאַנג, ביז זיי זיינען אַרויפ־געקומען אויפ'ן באַלל ביים גראַספּירסט קאָנסטאַנטין. פראַנציסקאַ האָט אויסגעפרעגט, וואָס פאַר אַ קלייד וויערא האָט געטראָגען, מיט וועמען זיא האָט גערעדט, מיט וועמען זיא האָט געטאַנצט, לעבען וועמען זיא איז געזעסען ביים טיש און אויב זיא איז געוועזען פריינדליך געגען אַלעמען.

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז דיא גראַספּירסטין וויערא איז זעהר שטאָלץ, האָט פראַנציסקאַ ענדליך געזאָגט גלייכגילטיג. זיא פערגעסט ניט קיין מינוט, אַז זיא איז אַ גראַספּירסטין און אַלע אַנדערע מענשען זיינען ביי איהר גאָר נישט.

— נור ווען זיא דאַרף רעדען מיט איהר געליעבטען, פערגעסט זיא אַלעס, האָט פּעאַרינאַ געזאָגט גיפטיג אין אַ זאָנדערבאַרער שמייכעל האָט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפּען.

— אַזוי? זיא האָט שוין אַ געליעבטען, דיעזע שטאָלצע גראַספּירסטין? האָט פראַנציסקאַ געלאַכט. דאָס מוז געווים זיין עפּעס אַ קראָנפּרינץ אָדער אַ קעניג, זאָנסט וועט זיך אַזאַ שטאָלצע גראַספּירסטען ניט פערליעבען.

— אזוי מיינט איהר? האט פעארינא געלאכט. זעהט איהר, דיעזע שטאלצע גראספירסטין, וועלבע מיינט, אז זיא איז איינע אין דער וועלט, האט זיך פערליעבט אין א גאנץ איינפאכען קאפיטאן, אין׳ם פליגעל אדיוטאנט פון איהר פאטער.

פראנציסקא איז אויפגעשפרונגען אויף איהר שטוהל פאר פרייד. זיא ווייס שוין דאס געהיימניס פון דער פרינצעסין וויערא! עס האט איהר גאר קיין מיה ניט געקאסט און זיא ווייס שוין אלעס. זיא האט זיך אבער געמאכט, גלייך וויא עס אינ־טערעסירט זיא נור אזוי פיעל, וויל עס איז א סקאנדאל.

— וואס רעדט איהר, מאדאם? האט זיא אויסגערופען. פרינצעסין וויערא איז פערליעבט אין א גאנץ איינפאכען אפיציער? דאס וואלט איך קיין מאל ניט געגלויבט!

— אויף דיא רוסישע פרינצעסינען איז אלעס צו גלויבען, האט פעארינא געזאגט. זיי זיינען נור שטאלץ געגען אונז פרויען, אבער ניט געגען מענער.

— האט איהר געזעהן, וויא זיא האט גערעדט מיט איהר אפיציער? געטאנצט מיט איהר אפיציער? האט פראנציסקא געפארשט ווייטער. האבען נאך אנדערע בע־מערקט, אז דיא גראספירסטין איז פערליעבט?

— ניין, האט פעארינא געזאגט. דיא פרינצעסין וויערא איז שוין גענוג קלוג און ווייס, וויא זיך צו פארשטעלען. קיינער האט עס ניט בעמערקט אויסער מיין מאן, וועל־כער האט צופעליגער ווייזע אויסגעהערט זייער ליעבעס ערקלערונג און האט געזעהן, וויא זיא איז געלעגען ביי איהם אויף דער ברוסט.

מאדאם דע ראזאס וואלט פיעללייכט ניט געוועזן אזוי אפענהערציג צו דערצעהלען אלעס, וואס איהר מאן האט געזעהן. זיא איז אבער געוועזן זעהר געקרענקט אויפ׳ן באלל. זיא האט געוואלט רעדען מיט פרינצעסין וויערא און איהר פארלעגען, זיא זאל קומען צו איהר, זיא וועט ביי איהר געפינען שוץ פאר איהר ליעבע, אזוי וויא זיא האט אפ־געדעט מיט איהר מאן. זיא האט אבער ניט געטראפען. וויערא האט איהר געענט־פערט קאלט און מיט איינציגע ווערטער. זיא האט איהר דייטליך געגעבען צו פערשטעהן, אז זיא וויל פון איהר ניט וויסען און פערלאנגט ניט איהרע בעקאנטשאפט. דאס האט אזוי געקרענקט דיא שטאלצע שפאניערין, אז זיא האט בעשלאסען צו מאכען א סקאנ־דאל און אויסצופויקען פאר דער גאנצער וועלט וויערא׳ס ליעבע. פראנציסקא איז גע־קומען אין דיא גינסטיגע מינוט. זיא האט אליין ניט געוואוסט, וויא גוט זיא האט געטראפען.

— שעהנע זאכען הערט מען פון אונזערע גראספירסטינען! האט פראנציסקא געלאכט.

— ווארט, איהר וועט נאך הערען שעהנערע זאכען, האט פעארינא געזאגט.

— איך ווייס ניט, וואס עס קען זיי נאך שעהנערע זאכען? האט פראנציסקא געפרעגט אונשולדיג, גלייך וויא זיא ווייס נעביך גאר ניט פון וואס צו זאגען.

— מיר וועלען נאך דערלעבען צו הערן, אז א רוסישע גראספירסטין איז אנטלא־פען מיט אן אפיציער.

— וואס רעדט איהר? האט פראנציסקא אויסגערופען פערוואונדערט. אזוי ווייט איז עס שוין געקומען, אז עס האלט ביי אנטלויפען?

ווען זיא וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט זיא געטאנצט פאר פרייד. **זיא האט** ענטדעקט יעצט זאבען, וועלכע זיינען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט און גאר אהן קאָפּדרעהניש. פאר אזעלכע ענטדעקונגען איז זיא זיא ווערטה, אז מען זאל זיא ערנענען אלס האפדאמע. — יעצט האט זיא שויי קיין צייט ניט געהאט און האט געוואלט פאה־רען א היים איבערגעבען איהר מאי אלעס, וואס זיא האט ערפאהרען איבער דיא פּרינצעסין. דיא שפּאניערין אבער האט זיך צורעדט און האט זיא אזוי גיך ניט אָפּ־געלאזען.

— אזוי, אזוי, מיין טהייערע פריינדין, האט זיא געזאגט, אזוי זיינען דיא אריסטאָ־קראטען אין דיא אייראפּעאישע לענדער. זיי זיינען שטאלץ, בלאזען פון זיך, עס שטעהט זיי ניט אן צו רעדען מיט אבי ועמען און אליין זיינען זיי ערגער פון׳ם ניעדריגסטען בויער. ביי אונז אין אמעריקא איז עס אנדערש. ביי אונז איז נור געלד א יחוס, דער דאללאר איז דער אריסטאקראט; ווער עס האט געלד, דער מעג זיין שטאלץ, ווייל דאס ווייזט, אז ער איז קלוגער און פעהיגער פון אלע אנדערע. ביי אונז אין אמעריקא וואלט אזא פּרינצעסין וויערא ניט געווען אזוי שטאלץ. וויא מען האט מיר געזאגט, לעבט דער גראספירסט נור פון זיין געהאלט אלעס אדמיראל פון דער רוסישער פלאָ־טע, דערפאר לעבט ער אזוי ארים. וואס מען שיקט ניט אריין פון הויף, דאס האט מען ניט.

פעאָרינא איז געווען שטארק אונצופריעדען מיט׳ן לעצטען באלל און האט יעצט אויסגעגאסען איהר גאנצען צארן. ענדליך, איז עס דאך גערָאטהען פראנציסקאַ׳ן פון איהר אבשיעד צו נעהמען. זיא איז געפאהרען א היים און האט באלד אלעס דער־צעהלט איהר מאן.

— דוא ביסט ווירקליך א קלוגע טיכטיגע פרוי, האט איהר אשינאוו געזאגט און האט איהר א קוש געטהאן אין שטערן. דוא ביסט ווערטה צו זיין דיא פרוי פון׳ם שעף פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי.

— און א האפדאמע, האט פראנציסקאַ געענדיגט.

— געוויס! איך בין זיכער, אז פאר דיעזע מיטטהיילונג וועט דער קייסער דיך בעלוינען מיט׳ן טיטול פון א האָפדאמע. מעגליך, אז דוא וועסט נאך ווערן האָפדאמע ביים גראָספירסט קאנסטאנטין. מען קען מאכען פון׳ם אלטען (פון׳ם קייסער) אלעס, וואס מען וויל, מען מוז נור וויסען, וויא אזוי מיט איהם ארומצוגעהן.

— — — — — — — — — — — — —

איינזאם און פערטראכט איז געזעסען וולאדימיר אין זיין רייך פערציערטען צימער אין גאַרטען פון׳ם גראָספירסט קאנסטאנטינ׳ס פּאלאַץ. שוין צוויי טאג, אז ער האט וויעראַ׳ן ניט געזעהן. עס איז געווען ענדע פעברואר. דער טאג איז געווען א נאסער און א קאלטער. טרויעריג האבען גערוישט דיא נאקעטע ביימער אין גארטען. טרויעריג האט אראפּגעקוקט דער דונקעלער מיט וואלקען בעדעקטער פּעטערבורגער הימעל. טרויעריג איז געווען וולאדימיר׳ן אויפ׳ן הארצען. זייט וויערא האט איהם ענטדעקט איהר ליעבע, איז ניט פערגאנגען א טאָג, זיא זאל זיך מיט איהם ניט זעהן אָדער זיא זאל איהם ניט צושיקען א פּאר ווערטער, אז זיא האט קיין צייט ניט. היינט איז שוין

דער דריטער טאג, וואס ער האט זיא ניט געזעהן און האט פון איהר ניט געהערט. וואס זאל דאס זיין? וואס זאל דאס הייסען?

דער קורצער טאג איז באלד פאראיבערגעגאנגען. עס האט אנגעהויבען דונקעל צו ווערן. וולאדימיר האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען אביסעל אין גארטען. צוואר פלעגט יעצט קיינער ניט שפאציערען אין גארטען, מען האט איהם אבער געהאלטען זעהר ריין. דער גערטנער פלעגט יעדען טאג אוועקשאררען דעם שנעע פון דיא אלעען און דיא וועגלעך און פלעגט אפרייניגען דיא בענק, אז מען זאל זיך קענען אויף זיי זעצען.

דער גראספירסט קאנסטאנטין פלעגט זעהר אפט שפאציערען ביי זיך אין גארטען אליין.

וולאדימיר האט אנגעטהאן זיין לאנגען מאנטעל און איז ארויסגעגאנגען. עס האט איהם געצויגען אין דרויסען. ער איז דורכגעגאנגען איינינע אלעען דעם קאפ אראפגעלאזען אויף דער ברוסט. עס איז געווארען אימער דונקעלער. אין גארטען איז קיין לעבעדיגע זעעלע ניט געווען. ער איז געגאנגען אויף דיא ערטער, וואו ער האט זיך צום ערשטען מאל בעקענט מיט זיין וויערא. יעדער בוים, יעדעס ביימעלע האט צו איהם גערעדט פון זיין ליעבע. ער האט זיך געזעצט אויף דער באנק, וואו זיי פלעגען זיך אפט צוזאמען קומען און פלוידערן שטונדען לאנג. ער האט זיך איבערלעגט און דערמאנט יעדעס ווארט, וואס זיא האט איהם געזאגט.

— וואו ביסט דוא יעצט, מיין ליעבע, טהייערע וויערא? האט ער געזאגט צו זיך אליין. האסט דוא מיך פערגעסען?

— פערגעסען? האט הינטער איהם געזאגט א שטילע שטימע. ניין, וולאדימיר! וויערא פערגעסט ניט. ווען וויערא ליעבט, פערגעסט זיא קיין מינוט ניט אן איהר ליעבע.

וולאדימיר האט א ציטער געטהאן און האט זיך אומגעקוקט. פאר איהם איז געשטאנען א פרויען געשטאלט איינגעהילט אין א דונקעלן מאנטעל און, איידער ער האט צייט געהאט עפעס צו ענטפערן, איז וויערא איהם געלעגען אויף דער ברוסט.

— איך האב דיך ניט פערגעסען, געליעבטער. האט זיא איהם געזאגט מיט א טרויעריגער שטימע. איך ליעב דיך מיט יעדען טאג מעהר, מיט יעדען טאג שטארקער.

— פאר וואס האב איך דיך ניט געזעהן און פון דיר ניט געהערט שוין צוויא טאג? האט וולאדימיר געפרעגט. איך קען דיר ניט ארויסזאגען, וויא אונרוהיג איך בין געווען היינט א גאנצען טאג. איך בין ארומגעגאנגען, וויא א פערצווייפעלטער און האב מיר קיין ארט ניט געקענט געפינען.

— איך גלויב דיר, ליעבער וולאדימיר, איך גלויב דיר. איך וויים, וויאפיעל איך האב אין דיעזע צוויי טעג איבערגעליטען. —

— דוא האסט געליטען, מיין וויערא? האט וולאדימיר אויסגערופען און האט זיא ארומגענומען. ווער האט עס געוואגט דיך צו בעאונרוהיגען? ווער האט זיך עס אונטערשטעלט צו פערארורזאכען דיר ליידען?

— ווער? דוא פרעגסט, ווער? — אך, וולאדימיר! איך בין געווען גליקליך; וואו

איך האב מיך אומגעקוקט, האבען געבליהט פאר מיר בלומען פון פרייד, פון גליק, פון ליעבע, פלוצלונג האט אנגעהייבען צו וועהען א קאלטער ווינט און האט פערפראַרען אלע מיינע בלומען, זיי האבען טרויעריג אראָפּגעלאזען זייערע קעפּעלעך. איין ווארט האט מיך אומגליקליך געמאכט. — רעטע מיך, וולאדימיר! האט זיא פלוצלונג אויסגערופען און האט זיך צוגעדריקט צו איהם.

וולאדימיר איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט, ער האט פערשטאנען, אז דא איז געשעהן עפּעס שרעקליכעס, ער האט אבער נאך ניט געוואוסט, וואס איז געשעהן.

— זאג מיר דייטליך, וואס איז געשעהן, האט ער ענדליך געבעטען, ערקלער מיר, וויא אזוי האט א ווארט געקענט דיך מאכען אזוי אונגליקליך?

וויערא האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס איז פארגעקומען אין איהר פאַטערס קאבינעט.

— מען וויל מיך אוועקרייסען פון דיר, מיין ליעבער; מען וויל מיך אפּפערן דער פּאָליטיק. איך האב ביז אהער געגלויבט, אז איך בין א מענש גלייך מיט אלע מענשען; מיין אנקעל, דער קייסער, האט מיר געגעבען צו פארשטעהן, אז איך בין נור א שפּיעל־צייג, א זאך, וועלכע מען קען פערקויפען, אוועקשענקען, אוועקגעבען,—רעטע מיך, וולאדימיר! —

זיא האט ניט געקענט ענדיגען איהר רעדע. א שטראָם טרערען האט זיך א גאָס געטהאן פון איהרע אויגען. וולאדימיר האט ניט געוואוסט, וואס איהר צו זאגען און וויא אזוי זיא צו טרייסטען. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז געגען דעם קייסער קען ער גאר ניט מאכען. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט און ביידע האבען געשוויעגען.

— דוא שוויינסט, געליעבטער? האט ענדליך וויערא געפרעגט. דוא קענסט דיר קיין עצה ניט געבען? דוא ווייסט ניט, וואס צו טהאן?

— וואס זאל איך דיר זאגען, ליעבע וויערא? האט ער ענדליך געענטפערט מיט א שוואכער שטימע. וואס קען איך, ארימער אָפיציער, טהאן געגען קייסערס ווילען?

— לאמיר אנטלויפען! האט וויערא געזאגט ליידענשאפטליך. לאמיר אנטלויפען פון זיי און פון זייער פּאָליטיק.

— אנטלויפען? וואוהין? איין ווארט פון׳ם קייסער וועט אונז צוריקברענגען אין קייטען.

— מיר קענען אנטלויפען קיין אמעריקא, וואו דיא הענד פון׳ם רוסישען קייסער קען אונז ניט גרייכען, האט וויערא געזאגט פעסט ענטשלאסען. איך האב געלד, איך האב ציערונג, איך האב בריליאנטען. מיר וועלען אונז ערגעץ אויסבויען א שטיבעלע ווייט, ווייט פון אלע מענשען און וועלען לעבען גליקליך מיט אונזער ליעבע.

וולאדימיר האט געשוויעגען. וויא פערליעבט ער איז געוועזן; וויא וועניג ער האט נאך געקענט דיא וועלט, האט ער דאך געוואוסט, אז עס איז ניט אזוי לייכט צו אנטלויפען מיט א רוסישער פּרינצעסין.

— מיר מוזען זיך גוט איבערלעגען, איידער מיר מאכען אזא שריט, האט ער געזאגט לאנגזאם.

— איבערלעגען? איבערלעגען? האט געזאגט וויערא. וואס האבען מיר זיך

**איבערצוּלעגען? האָבען מיר דען אַנאַנדער עצה? אַנאַנדער אויסוועג? — זיי פעסט, וולאַדימיר! פערצווייפלע ניט!**

וולאַדימיר האָט זיא אַרומגענומען. ער האָט זיא געוואָלט בערוהיגען.

— יעצט, וויערא, זעה איך, וויא שטאַרק דיין ליעבע איז. שוועהר מיר, וויערא, אַז דוא וועסט מיך אייביג אַזוי ליעבען.

— אייביג, אייביג, ביז אין מיין לעצטען הויך! וולאַדימיר. פאָלג מיר נור, לאָמיר ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל אונז צו שיידען. לאָז ניט, וולאַדימיר, אַז מען זאָל מיך בינדען און אָפּפּערן מיט אַ דייטשען פּרינץ, וועלכען איך האַס, אַבוואָהל איך קען איהם ניט און ווייס איהם ניט.

וולאַדימיר האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אין דיזע מינוטע אָבער האָבען זיי דערהערט שריטע אין גאָרטען. איידער זיי האָבען צייט געהאַט זיך אומצוקוקען איז דער גראַפּפירסט קאָנסטאַנטין געשטאַנען לעבען זיי. ער האָט זיי באַלד דערקענט און האָט אַלעס פערשטאַנען. ער איז אָבער געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט אין דיא ערשטע פּאָר מינוטען קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסזאָגען. ענדליך איז ער געקומען צו זיך און האָט געפרעגט, וויא פערוואונדערט:

— וויא קומט איהר אַ העהר? יעצט איז קיין צייט צו שפּאַציערען.

— איך בין אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטען און האָב געטראָפען דעם קאַפּיטאַן ראַטשינסקי, האָט וויערא געזאָגט רוהיג. מיר זיינען ביידע אַביסעל אַרומגעגאַנגען.

— עס איז קאַלט, ליעבעס קינד, געה אין דיין צימער, איך וועל דאָ נאָך אַביסעל אַרומשפּאַצירען מיט'ן קאַפּיטאַן ראַטשינסקי, האָט דער גראַפּפירסט געענטפערט מיט אַ רוהיגען און פריינדליכען טאָן.

וויערא איז נאָך געשטאַנען אייניגע מינוט און האָט געטראַכט. זיא האָט געקעמפּפט מיט זיך אַליין: זאָל זיא אַלעס זאָגען איהר פאָטער, איהם ערקלערן איהר ליעבע, אָדער זאָל זיא זיך מאַכען ניט וויסענדיג? מעגליך, אַז איהר פאָטער האָט גאָר ניט בעמערקט. אין דרויסען איז דונקעל. ער האָט ניט געזעהן, וויא זיי זיינען אַזוי נאָהענט געשטאַנען איינער לעבען דעם אַנדערן. ענדליך אָבער האָט זיא זיך ענטשלאָסען צו שווייגען. זיא האָט זיי געוואונשען אַ גוטע נאַכט און איז לאַנגזאַם געגאַנגען צו איהרע צימער.

ווען זיי זיינען געבליעבען אַליין און דער גראַפּפירסט האָט זיך איבערצייגט, אַז וויערא איז שוין אַריין אין איהרע צימער, האָט ער זיך געווענדעט צו וולאַדימיר'ן מיט אַ שטרענגער, פאָרוואורפספאָלער שטימע:

— דאָס האָב איך פון אייך ניט ערוואַרטעט, ראַטשינסקי? איך האָב אייך געהאַלטען פאַר אַן עדעלען יונגען מאַן, וועלכער שטרעבט צו דיענען זיין פאָטערלאַנד און צו דערגרייכען אַ הויכע שטעלע. איך האָב אייך אויפגענומען צו מיר אין שטוב און האָב געזעהן טהאָן פון אייערטוועגען, וואָס איך האָב נור געקענט. מיט וואָס האָט איהר מיר בעצאָהלט פאַר מיין גוטע? — איהר ווילט פערפיהרען מיין טאָכטער!

— קייזערליכע האָהייט! האָט וולאַדימיר אויסגערופען, איהר אורטהיילט מיך צו שטרענג. איך פיהל מיך זעהר אונגליקליך, ווען איהר דענקט פון מיר, אַז איך האָב

געוואלט אייער טאכטער פארפיהרען. איהר זייט שטענדיג געוועזען אזוי גוט און אזוי פריינדליך געגען מיר, אז איך וואגע אייך אלעס אפען צו געשטעהן.

עס איז וואהר, איך ליעב דיא גראָספירסטין וויערא. איך האב זיא געליעבט פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב זיא דערזעהן, איך האב אָבער ניט געוואגט מיין ליעבע ארויסצו־ווייזען, ביז וויערא אליין האט מיר ערקלערט, אז זיא ליעבט מיך. — קייזערליכע האהייט! האט ער געזאגט מיט א ביטענדער שטימע און האט אויסגעשטרעקט זיינע הענד צום הימעל, איהר זייט אויך אמאל געוועזען יונג, איהר האט געוויס אויך געליעבט, איהר ווייסט געוויס, וואס פאר א מאכט דיא ליעבע האט —

דער גראספירסט האט א ציטער געטהאן ביי וולאדימיר'ס לעצטע ווערטער. זיי האבען געשניטען זיין הארץ, וויא מיט מעסערם. וולאדימיר האט אויפגעריסען זיינע אלטע וואונדען. ווען עס זאל געוועזען זיין אביסעל העלער אין גארטען, וואלט וולאדימיר געזעהן, וואס פאר א שווארצער וואלקען פערפינסטערט דעם גראָספירסט'ס געזיכט. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען אין טיעפעס שווייגען.

— איך האב אויך אמאָל געליעבט, האט ענדליך דער גראָספירסט געזאגט גאנץ שטיל, איך בין אויך אמאָל געוועזען יונג און האב אויך אמאל אנדערש געקוקט אויף דער וועלט, איך האב אָבער געלערנט, אז יעדער מענש האט געוויסע פפליכטען, וועלכע מוזען זיין שטארקער אלס זיין ליעבע.

זיין שטימע איז געווארען אימער וויכער, אימער מילדער, עס האט געקלונגען אין איהר אזא טרויעריגע נאטע, אז וולאדימיר איז געוועזען געריהרט.

— קאפיטאן ראטשינסקי! האט דער גראָספירסט ווייטער געזאגט און האט אנגענומען וולאדימיר'ן ביי דער האנד, איך האב געליטען זעהר פיעל, אבער איך האב מיך ענטזאגט פון מיין ליעבע; איך האב ארויסגעריסען מיין ליעבע מיט א שטיק פון מיין הערצען און האב זיא געאָפפערט צו מיין פפליכט, טהוט אויך אזוי, ראטשינסקי, זייט א מאַן, פארגעסט אן וויערא'ן, פארגעסט אן אייער ליעבע, דענקט אן דיא פפליכטען, וואס איהר האט געגען אייער קייסער —

— פערגעסען? האט וולאדימיר געזאגט מיט טרערין אין זיין שטימע, פערגעסען וויערא'ן? — קיין מאל ניט! מען קען זיא ביי מיר צונעהמען; מען קען מיך צווינגען, איך זאל זיא קיין מאל ניט זעהן; מען קען אונז צושיידען אויף אייביג, איך וועל זיא אבער קיין מאל ניט פערגעסען. זאלאנג עס וועט נאך זיין אן אטהעם אין מיין ברוסט, וועל איך וויערא'ן ניט פערגעסען. איך וויים, קייזערליכע האהייט, אז איך האב געוויסע פפליכטען געגען מיין קייסער; איך וויים, וויא ווייט וויערא איז פון מיר, און איך ליעבע זיא דאך.

דער גראָספירסט קאָנסטאנטין האט זיך אונטערדעסען אין גאנצען בערוהיגט. דיא לעצטע ווערטער וולאדימיר'ס האבען איהם געצייגט, אז ער האט פאר זיך א שטארקען כאראקטער, אויף וועלכען ער וועט מיט איינפאכע ווערטער זעהר ווייניג ווירקען. ער האט זיך דאהער געווענדעט צו איהם מיט א שארפערען טאָן.

— קאפיטאן ראטשינסקי, איהר וועט אליין פערשטעהן, אז נאך אונזער היינטיגער רעדע וועט עס פאר אייך אונמעגליך זיין צו בלייבען אין מיין הויז; איך מיין זאגאר,

אז עס וואלט בעסער געווען, איהר זאלט ניט זיין אין פעטערבורג. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך געבען דעם טשין (ראנג) פון א פאלקאווניק פון׳ם ליובלינסקי פאלק, וועלכער שטעהט יעצט אין אדעסא.

וולאדימיר איז שוין געווען אזוי לאנג אין הויף אום צו פערשטעהן, אז דאס איז ניט קיין פארשלאג, זאנדערן א בעפעהל אוועקצופאהרען קיין אדעסא. דאס האט ער אבער ניט געוואלט. ער האט ניט געוואלט זיין אזו ווייט פון זיין מוטער.

— ווען אייער קייזערליכע האהייט וועלען מיר ערלויבען, וועל איך מיך אין גאנ־צען ענטזאגען פון׳ם דיענסט. איך בין שוין געווען גענוג סאלדאט, אום צו לערנען, אז דאס לעבען אין דער ארמעע פיהרט אויך ניט צום גליק.

— אן אפיציער קען זיך שטענדיג אפזאגען, האט דער גראספירסט געענטפערט. איך ראטה אייך אבער אלס א גוטער פריינד, איהר זאלט עס ניט טהאן. איהר האט אנגעהויבען אייער קאריערע זעהר גליקליך, איהר קענט מיט דער צייט דערגרייכען א הויכע שטופע און טהאן עפעס פאר אייער פאטערלאנד.

וולאדימיר האט ניט געוואוסט, וואס פאר אן עצה זיך צו געבען. ער האט גע־זעהן, אז דער גראספירסט קאנסטאנטין איז אין גרונד א גוטער מענש און וויל זעהר טהאן עפעס פון זיינעטוועגען; ער וויל איהם נים ארויסטרייבען פון זיך, ער וויל איהם נור אויף אייניגע צייט דערווייטערן פון פעטערבורג. וויערא האט איהם דאך דערצעהלט, אז דער קייסער אליין פארדערט פון איהר, זיא זאל הייראטהען דעם דייטשען קראנ־פרינץ. אלזא, איז דער גראספירסט געצוואונגען איהם צו דערווייטערן.

— אייער קייזערליכע האהייט וועט מיר ערלויבען, אייך מארגען צו געבען מיין אנטווארט, אויב איך וועל פאהרען קיין אדעסא אדער ניט. איך בין יעצט ניט אים שטאנד צו פאסען א בעשלוס.

— איהר האט נאך צייט, ראטשינסקי. איבערלעגט אייך, פערגעסט אבער ניט, אז איך וועל שטענדיג בלייבען אייער פריינד און ווען איהר וועט זיין אין א נויט, קומט צו מיר.

זיי זיינען אונטערדעסען צוגעקומען צו דיא טרעפ פון׳ם פאלאץ. וולאדימיר, אלס פליגעל־אדיוטאנט, האט געוואלט מיטגעהן מיט׳ן גראספירסט אין פאלאץ אריין. דער גראספירסט אבער האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געזאגט פריינדליך:

— איך האב אייך וועה געטהאן, ראטשינסקי. ענטשולדיגט מיר. יעדער פון אונז האט זיין פעקעל צרות און יעדער דארף עס טראגען אלס מאן: מוטהיג, ענטשלא־סען און שוויינענד.

מיט דיעזע ווערטער איז ער שנעל ארויפגעגאנגען אויף דיא ברייטע טרעפ פון׳ם פאלאץ. א דיענער האט געעפענט דיא טהיר און דער גראספירסט איז פערשוואונדען געווארען אין דעם העל בעלייכטעטען קאררידאר. דיא טהיר האט זיך פערמאכט און וולאדימיר איז געבליעבען שטעהן אין פינסטערן גארטען. ער האט אנגעהויבען האסטיג צו שפאנען אין דיא פינסטערע אלעען, ביז ער איז צוריקגעקומען אויף דעם ארט, וואו ער האט ערשט ניט לאנג גערעדט מיט זיין וויערא. דא איז ער געבליעבען שטעהן.

— אך! וואו נעהמט מען יעצט א פריינד, א טרייען מענשען, וועלכער זאל מיר ראטהען, וואס צו טהאן? וואו נעהמט מען יעצט א פריינד, וועלכער זאל מיר וויזען א וועג, וויא אזוי ארויסצוגעהן, וויא אזוי מיך ארויסצוהעלפען פון דיעזער לאגע? אך! ווארום האב איך ניט קיין פאטער? ווארום ווייס איך ניט, ווער מיין פאָטער איז? ווארום רינגעלט מיך ארום אזא געהיימניס, אזא פינסטערע וואנד, וועלכע איך קען אויף קיין פאל ניט דורכברעכען? וואס זאל איך יעצט טהאן? איך מוז פערלאזען דיעזעם הויז, וואו איך בין געוועזען אזוי גליקליך, וואו איך האב געטריימט פון פרייד, פון ליעבע, פון גליק! — וואו זיינען אלע מיינע טריימע? —

ערשט שפּעט ביי נאכט איז ער אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער. ער האט אנגעצונדען דעם לאמפּ אויפ'ן טיש און האט זיך געזעצט שרייבען א בריעף צו זיין מוטער. מעהר וויא א פּאָר צייל‍ען האט ער אָבער ניט געקענט אנשרייבען. טויזענדע טרויעריגע, שווארצע געדאנקען זיינען איהם געקראכען אין קאָפּ, שרעקליכע בילדער האבען זיך איהם אויסגעמאלט אויפ'ן פּאפּיער. ער האט אוועקגעווארפען דיא פעדער און איז געבליעבען זיצען אויף זיין שטוהל ביז אין ווייסען טאָג.

עס איז געוועזען 8 אוהר אין דער פריה. וולאדימיר איז נאך אלץ געזעסען לעבען זיין שרייב־טיש און האט געטראכט וואס צו טהאן און וואס ער זאל ענטפערן דעם גראָספירסט. ער איז געוועזען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז ער האט ניט בעמערקט, וויא דיא טהיר האט זיך געעפענט און זיין דענשטשיק איז אריינגעקומען מיט א בריעף אין דער האנד. דער דענשטשיק איז געשטאנען איינינע מינוט און האט געווארט, אז וולאדימיר זאל זיך אומקוקען. ווען ער האט אָבער געזעהן, אז וולאדימיר קוקט זיך ניט אום, האט ער פּראָבירט דאס אלטע, שטענדיג זיכער מיטעל — ער האט אנגעהויבען צו הוסטען. וולאדימיר האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן דעם בריעף.

— פון וועמען איז דער בריעף? האט ער געפרעגט איבערראשט.

— גענעראל דראגאמיראָוו'ס אן אדיוטאנט האט איהם געבראכט און ערווארט אויף אנטווארט, האט דער דענשטשיק געענטפערט.

— גענעראל דראגאמיראוו? האט וולאדימיר געפרעגט זיך אליין. וואס האט גענעראל דראגאמיראוו מיט מיר? איך האב מיט איהם קיין מאל ניט גערעדט. וואס וויל ער פון מיר?

ער האט האסטיג אויפגעריסען דעם קאנווערט און ארויסגענומען א בריעף, וועלכער איז בעשטאנען נור פון א פּאָר צייל‍ען.

„קאפּיטאן ראטשינסקי איז אויפגעפאָדערט, ער זאל באלד קומען מיט דעם איבערברייינגער פון'ם בריעף צו מיר. גענעראל דראגאמיראוו“.

דיעזע פּאָר צייל‍ען האבען איהם אָפּגענאָסען וויא מיט אן עמער קאלט וואסער. ער האט זיך באלד אויסגעניכטערט.

— וואו איז דעם גענעראלס אדיוטאנד? האט ער געפרעגט זיין דענשטשיק.

— ער ווארט אין זאל. איך האב געמיינט, אז איהר שלאפט נאך און האב איהם ניט געוואלט אריינפיהרען צו אייך אין שלאף־צימער.

— זאג איהם, אז איך געה באלד מיט איהם.

ער האט זיך באלד אנגעהויבען אפצרוואשען און זיך אנצוטהאן אין זיין מונדיר, וויא מען דארף קומען פאר א גענעראל. אין אייניגע מינוטען ארום איז ער מיט'ן אדיו־טאנט פון גענעראל דראגאמיראוו ארויסגעגאנגען פון'ם גראָספירסט'ס פאלאץ

87טעם קאפיטעל

## ביים גראָספירסט.

מיר מוזען זיך אומקעהרען מיט א קורצע צייט צוריק, צו דער צייט, ווען פעטער־בורג, בעזאנדערס אבער דער הויף, האט פערבראכט דיא צייט אין בעללער, מאסקאַ־ראדען, טהעאטער פארשטעלונגען און אנדערע פרעהליכקייטען. אלע גראָספירסטען האבען געגעבען דיא גלענצענדסטע בעללער. יעדער האט געזוכט צו מאכען זיין באלל גלענצענדער און שעהנער. יעדער האט געוואלט איבערשטאָלצירען דעם אנדערן. נור איינער פון אלע גראָספירסטען האט דאס מאל קיין באלל ניט געמאכט און האט זיך ענטשולדיגט, אז ער איז קראנק. דאס איז געווען דער רוסישער קראָנפרינץ, „נאַסליעד־ניק", דער גראָספירסט אלכסנדר, דער איצטיגער קייסער אלכסנדר III.

גאנץ פעטערבורג האט געוואוסט, אז דער קייסער איז ניט שטארק צופריעדען מיט זיין נאַסליעדניק, אז ער רעדט מיט איהם זעהר זעלטען און קומט צו איהם קיין מאל ניט. דער נאַסליעדניק איז געווען אויסגעשלאסען פון אלע וויכטיגע בעראטהונגען. איהם האט מען קיין מאל ניט געפרעגט און מען האט זיך מיט איהם קיין מאל ניט בעראטהען איבער דיא פאָליטיק און איבער אנדערע פראגען, וועלכע האבען אין יענער צייט בעוועגט רוסלאנד.

דער גראָספירסט אלכסנדר אלכסנדראָוויטש איז געווען דעם קייסערס צווייטער זוהן. דער ערשטער זוהן, דער אמת'ער נאַסליעדניק, האט געהייסען ניקאָלאַי אלכסנדראָ־וויטש. איהם האט דער קייסער געליעבט מעהר פון אלע זיינע קינדער, אויף איהם האט ער ארויפגעלעגט אלע זיינע האפנונגען; איהם האט ער געהאלטען פאר זיין בעסטען פריינד און וויא יונג ער איז געווען, פלעגט ער זיך מיט איהם איבער אלעס בעראטהען. איהם האט ער געהאלטען דיא בעסטע לעהרער; דיא גרעסטע פראָפעסארען פלעגען איהם לערנען אלע וויסענשאפטען, וואס א הערשער פון אזא גרויס לאנד, וויא רוס־לאנד דארף קענען. דיעזער קראנפרינץ אבער איז געשטארבען, ווען ער איז אלט געווען איין און צוואנציג יאהר אין ניצא, אין פראנקרייך. דורך זיין טוידט איז דער גראָספירסט אלכסנדר געווארען נאַסליעדניק. דער קייסער איז דערמיט געווען זעהר אונצופריעדען. ער האט זעהר גוט געקענט דעם ווילדען, שטאָלצען כאַראַקטער פון זיין צווייטען זוהן און עס האט איהם זעהר געקרענקט, וואס ער וועט איהם אמאל איבערלאזען דיא הערשאפט איבער אזא גרויס לאנד. ער האט איהם זאגאַר ניט געוואלט ליידען אין פעטערבורג און האט איהם אָפּגעגעבען א בעזונדערן פאלאץ אין גאטשינא. דארט האט ער געהאט א בעזונדערן הויף, זיינע אייגענע קאמערהעררן און זיינע אייגענע האפדאמען. נור אין גאנץ זעלטענע פעלע, ווען דיא העפליכקייט אדער דיא האף־צערעמאניען האבען עס געפאָדערט, פלעגט דער קייסער ערשיינען מיט'ן קראנפרינץ צוזאמען.

דיא דיפּלאָמאַטען, דיא מיניסטארען און דיא גענעראַלען האבען זעהר גוט גע־וואוסט, אז דער פאָטער און דער זוהן לעבען ניט גאנץ פריינדליך צוזאמען און פלעגען אויסמיידען דעם נאַסליעדניק. וויא וויים זיי האבען געקענט.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא טיעף דער נאַסליעדניק האט זיך זעהר אפט געפיהלט געקרענקט און ערניעדריגט. דיא וויכטיגסטע אנגעלעגענהייטען פלעגט אלכסנדר II פערטרויען זיינע ברידער, דעם גראָספירסט קאנסטאנטין און דעם גראָס־פירסט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. דעם נאַסליעדניק פלעגט ער שטענדיג פערגעסען, גלייך וויא ער וואלט גאר אויף דער וועלט ניט געוועז. מען קען זיך לייכט דענקען, וויא פיעל צארן, פערדרוס און האס עס האט זיך אנגעזאמעלט אין דער ברוסט פון׳ם גראָספירסט אלכסנדר, דעם טראָהנפאלגער, דעם נאַסליעדניק, פון׳ם גרויסען רוסישען קייזערטהום. דיא אונצופריעדענהייט דיא פיינדשאפט צווישען פאטער און זוהן איז געוואקסען און געווארען גרעסער פון טאָג צו טאג. פאטער און זוהן פלעגען זיך אויס־מיידען, פלעגען ווייכען איינער פון׳ם אנדערן. דער קייסער האט פיינד געהאט דעם נאַסליעדניקס גוטע פריינדע, זיינע ראַטהגעבער און זיינע קאַמערהעררען. דער גראָספירסט אלכסנדר האט פיינד געהאט דעם קייסערס מיניסטאָרען, זיינע האפּלייט און זיינע גוטע פריינד.

דאס האבען אלע געוואוסט. דאך האבען זיך געפונען דיפּלאָמאַטען און האפּליי־טע, וועלכע האבען געוואוסט, וויא אזוי צו חנפענעןביידען, דעם פאטער און דעם זוהן, און צו ווערן איינגעהער ביי ביידען. מען מוז זיין געגוג קלוג, געגוג דורכגעטריעבענען אום צו לאווירען אין ביידע זייטען. דער רוסישער קייזערליכער האָף אבער איז שטענדיג געוועזען דער בעסטער פּלאַץ פאר אינטריגען און דיא רוסישע דיפּלאָמאַטען און האפּלייט האבען פון קינדוויים אן געלערנט דיא גרויסע און שווערע קונסט צו צושמייכלען זיך צו יעדען, פון וועמען זיי קענען ציעהען נוצען.

אלעקסאנדער II האט זעהר ליעב געהאט דיא דייטשען. ער פלעגט זעהר גערן רעדען דייטש, אלע זיינע דיענער און לאַקייען זיינען געוועזען דייטשען. פיעלע פון זיינע גענעראַלען און מיניסטארען זיינען געוועזען דייטשען. דער נאַסליעדניק האט פיינד געהאט דיא דייטשען, וויא דיא שפּינען, ער האט ליעב געהאט נור רוסען. ביי איהם אין הויף איז אלעס געוועזען איינגעריכטעט אויף עכט רוסישער אָרט. זאגאר זיין פרוי, דיא דענישע פרינצעסין, דאגמאַרא, דיא איצטיגע קייזערין מאריא אלעקסאנדראָוונא, פלעגט טראגען נור רוסישע קאָסטיומען און פלעגט רעדען נור רוסיש. ער און זיין פרוי פלעגען זיין דיא פּרעזידענטען אדער עהרענמיטגליעדער פון יעדער געזעלשאַפט, וועלכע האט געהאט דעם צוועק אבצושאפען אלעס, וואס מען האט אין רוסלאנד איבערגענומען פון דייטש־לאנד און פון פראנקרייך און צוריק איינצופיהרען דיא אלטע רוסישע מאָדעס און זיטען (מנהגים).

צווישען דיעזע געזעלשאַפטען האט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט דיא סלאַווישע געזעלשאַפט „סלאַוויאַנסקאַיאַ אָבשטשעסטוואָ״. א געזעלשאַפט פון עכטע רוסען, וועלכע שטרעבען צו פעראייניגען אונטער דער רוסישער קרוין אלע פעלקער, וואס שטאַמען אב פון רוסען. אלעקסאנדער III האט געגרינדעט דיעזע געזעלשאַפט, ער איז געוועזען

איהר פרעזידענט און זאגאר יעצט, ווען ער איז קייסער און אליין הערשער פון אלע רוסען, איז ער עהרענמיטגליעד פון דיזער געזעלשאפט און שטיצט איהר, מיט וואס ער קען. צו דיזער געזעלשאפט געהערן דיא בעוואוסטע גראף איגנאטיעוו, גענעראל טשערנאיעוו, דער בעקאנטער פּאביעדאָנאָסצעוו, דער איצטיגער רוסישער קריגס־מיניס־טער, גענעראל וואַנאָווסקי, דער איצטיגער מיניסטער דעם אינערן (וונוטרעניך דיעל) דורנאווא און פיעלע אנדערע, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט אזוי בעקאנט געוואָ־רען דורך זייער האס צו דיא אידען אין דייטשען.

עס איז זעקס אוהר אבענדס. אין'ם פּאלאַץ פון נאסליעדניק איז שטיל און איינזאם. דער נאסליעדניק זיצט אין זיין העל בעלייכטעטען שרייב־צימער לעבען א גרויסען טיש, אויף וועלכען עס ליעגען אנגעלעגט צייטונגען און פּאַפּיערען. ער זיצט און לעזט דיא רוסישע רעגיערונגס צייטונג, דעם „פּראַוויטעלסטוועני וויעסטניק". פּלוצלונג האט זיך זיין געזיכט פערפינסטערט און ער האט א שליידער געטהאן דיא צייטונג פון זיך מיט כעס.

— ער איז שוין גאָר עבר ובטל, דער א ל ט ע ר ! האט ער אויסגערופען. ער ווייס שוין גאר ניט, וואס ער טהוט. עס איז איהם ווענינ, וואס ער האט פערפלייצט דאס „הייליגע" רוסלאנד מיט דייטשען און פראנצויזען, ער האט שוין אויסגעזוכט אן ארמעך־ניער, א לאָריס מעליקאָוו, און האט איהם געמאכט פארן ערשטען מיניסטער. וואס דארפען מיר דיא פרעמדע, ווען מיר האבען אזויפיעל טיכטיגע און פעהיגע רוסישע מענער, וועלכע וועלען זיך זארגען פאר רוסלאנד, פאר דאס רוסישע פאלק, פאר רוס־לאנדס עהרע און פאר רוסלאנדס גרויסקייט?

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז האסטיג ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק. זיינע אויגען האבען געפונקעלט, זיין געזיכט איז געווארען רויט פאר רציחה, זיינע ליפען האבען זיך בעוועגט און האבען ארויסגערעדט הארטע ווערטער.

— עס קען ווייטער אזוי ניט געהן! האט ער ווייטער געזאגט. איך מוז מיך אריינמישען אין דיא רעגיערונג. איך טאר עס ניט דערלאזען, אז פרעמדע שארלאטע־נעס זאלען איבער אונז הערשען. איך מוז ארויסרייסען דיא ציגעל פון זיינע שוואכע אונפעהיגע הענד און צוריק איינפיהרען אין רוסלאנד דיא אלטע צייטען, ווען עס האבען געהערשט אונזערע בעריהמטע קיסריים איוואן III און איוואן IV.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט גאנץ שטיל און זיין לייב־דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט דעם גראף איגנאטיעוו.

— פיהר איהם אריין! האט דער נאסליעדניק געזאגט גראָב און האט זיך צוריק־געזעצט אויף זיין שטוהל.

גראף איגנאטיעוו איז אריינגעקומען און האט זיך העפליך פערנייגט. דער קראָנ־פּרינץ האט איהם געוויזען אויף א שטוהל לעבען זיך.

זייט דעם טערקישען קריעג, ווען גראף איגנאטיעוו האט געפיהרט אזוי שלעכט דיא רוסישע פּאָליטיק, אז רוסלאנד האט מיט איהר זיעג איבער דיא טערקיי מעהר פערלארען אלס געוואונען, איז דער קייסער געווען זעהר אונצופריעדען מיט איהם און

האט איהם קיין אמט מעהר ניט געגעבען. איגנאַטיעוו האט זיך געוואָרפען צום נאסליעד־ניק און איז געווארען זיין בעסטער פריינד און ראטהגעבער.

— ווייסט איהר שוין פון דעם נייעס האט דער נאסליעדניק געפרעגט, אז לאָריס מעליקאָוו איז געוואָרען ערשטער מיניסטער אויף גארטשאַקאָוו׳ס אָרט?

— איך האב עס געלעזען אין דיא צייטונגען, קייזערליכע האָהייט, האט איגנאַ־טיעוו געענטפערט.

— און וואס זאגט איהר דערצו? וויא געפעלט עס אייך? דאס וואלט מיר קיין מאָל ניט איינגעפאלען צו מאכען א טערק, אן ארמעניער, פארן ערשטען מיניסטער אין רוסלאַנד!

— וואס קען איך זאגען? האט איגנאַטיעוו געענטפערט מיט א שמייכעל. אייער קייזערליכע האהייט וויים שוין מיין מיינונג איבער דיא איצטיגע רעגיערונג. דיא בויערן זיינען בעפרייט, מען מאכט פון זייערט ווענען שולען, זיי זאלען זיך לערנען, זיי זאלען זיך בילדען, זיי זאלען ווערן אויפגעקלערט און זאלען פאָרדערן מעהר פרייהייטען. דער האנ־דעל געפינט זיך אין דיא הענד פון דיא בלוטזויגערס, דיא אידען. איינינע דורכגעטריע־בענע דייטשען האלטען רוסלאנד אין דיא הענד און טהוען, וואס זיי ווילען. אייער קייזערליכע האהייט איז געוויס בעקאנט, אז דיא דייטשען פון קורלאנד, ליפלאַנד און עסטלאנד האבען פארגעשטעלט א ביטע צום קייסער, ער זאל בעשטעטיגען זייערע רעכטע און פריווילעגיען, וועלכע עקאַטערינא II האט זיי געגעבען. זיי פערלאנגען, אז אלע בעאמטע אין יענע גובערניעס, פון׳ם גרעסטען ביז אין קלענסטען, זאלען זיין דייטשען, קיינע רוסען; אין זייערע שולען און אוניווערזיטעטען זאל מען רעדען און לערנען אלעס נור אויף דייטש. אין זייערע געריכטע זאל מען רעדען און שרייבען נור דייטש — קורץ, זיי זאלען זיין אָבגעזונדערט פון אלע רוסישע אונטערטהאנען.

— האט מיין פאטער אנגענומען זייער ביטע? האט דער נאסליעדניק געפרעגט. האט ער זיי צוגעזאגט צו ערפילען זייער ביטע?

— דאס קען איך ניט וויסען. דיא דייטשע דעפוטאטען, וועלכע זיינען געווען ביים קייסער, זיינען זעהר שטאלץ, וויא אלע דייטשען, און ווילען ניט זאגען, וואס דער קייסער האט געענטפערט.

— מיר טארען עס ניט דערלאזען! האט אויסגערופען דער נאסליעדניק. מיר טארען ניט געבען קיין ביישפיעל, אז דיא דייטשען זאלען האבען מעהר פרייהייטען, וויא דיא רוסען. אך, דיעזע אויסלענדער! זיי זיינען דאס אונגליק אין דיא פלאגע רוסלאנד׳ס!

— געוויס מוזען מיר זעהן עפּעס צו טהאן דאגעגען, האט איגנאַטיעוו געזאגט פערטראכט. איך בין מיט דיא מיינונגען פון אייער קייזערליכער האהייט פאלקאמען איינפערשטאַנדען. עס וואלט מיר געווען אנגענעהם צו הערן דיא מיינונגען פון אונזערע פריינד, גענעראל טשערנאיעוו און פּאָבעדאָנאָסצאָוו.

— איך האב זיי בערופען היינט אויף א בעראטהונג, האט דער קראָנפּרינץ גע־זאגט און ערוואַרטע יעדע מינוט, זיי זאלען קומען.

אין איינינע מינוט ארום איז אריינגעקומען דער דיענער און האט געמעלדעט דעם געהיים־ראטה (טאַיני סאָוועטניק) פּיאָטר סעמיאָנאָוויטש פּאָבעדאָנאָסצאָוו. דער

גראָספירסט האט איהם געהייסען אריינפיהרען. דער דיענער האט געעפענט דיא טהיר און א מאַן פון א יאהר עטליכע און פערציג איז אריינגעקומען אין קאבינעט. ער איז פון מיטלען וואוקס, מיט א פּאָר ברייטע און שטארקע פּלייצעס, מיט אן עכט רוסישען געזיכט, מיט א רויטער בארד און א פּאָר פייערינע אויגען. ער האט זיך טיעף פער־נייגט און האט ניט געווארט, ביז דער קראָנפּרינץ זאל זיך איהם הייסען זעצען. מען האט געזעהן, אז ער איז דא גאַנץ היימיש. ער איז ווירקליך געווען דעם נאסליעדניק׳ס בעסטער פריינד און ראטהגעבער. ער איז געווען דעם נאסליעדניק׳ס לעהרער און האט איהם פון קינדוויים אן איינגעפּלייסט האס און פעראכטונג צו אלע פרעמדע, בעזאנ־דערס געגען אידען און דייטשען. פּאָבעדאנאסצאוו אליין איז ערצויגען געווארען אין א סעמינאריום און זיינע עלטערן האבען פון איהם געוואָלט מאכען א גייסטליכען. זיי האבען געהאפט, ער זאל מיט דער צייט ווערן מיטראָפּאָליט. זיי וואלטען געוויס געווען דערגרייכט זייער ציעל, ווייל דער יונגער פּאָבעדאנאסצאוו האט זייער גוט געלערנט און ווען ער האט געענדיגט דיא דוהאָוונאיא אקאדעמיע אין פּעטערבורג, האט מען איהם ערנאנט צום פּראָפעסאָר אין דערזעלבער אקאדעמיע.

ווען אלכסנדר II האט געדארפט א לעהרער פאר זיין צווייטען זוהן, האט דער מיטראָפּאָליט איהם רעקאָמענדירט פּאָבעדאנאסצאוו. פון יענער צייט אן האט זיך אנגעהויבען זיין פריינדשאפט מיט דעם רוסישען נאסליעדניק. דיעזע פריינדשאפט דויערט נאך ביז יעצט. דאס אידישע פאלק פיהלט גאנץ גוט דיא פאָלגען פון דיעזער פריינד־שאפט. אלע יודענפערפאלגונגען, אלע שטרענגע און הארטע געזעצע געגען אידען, אלע פּאָגראָמען און אלע יודענהעצעס האבען מיר צו פערדאנקען דעם „גוטען“ פּאָבעדאָ־נאסצאוו. דיא אידען אין רוסלאנד וועלען לאַנג האבען צו געדענקען פּאָבעדאנאסצאוו׳ן. אלע טרעהרען, וואס ווערן פערגאסען אין דעם מענשענפריינדליכען האמבורג, אויפ׳ן אטלאנטישען מעער, אין דעם גוטען קעסעל גארדען און אין דיא שמוציגע גאסען פון ניו־יאָרק, האבען מיר צו פערדאנקען דעם ווילדען מענשענפיינד, פּאָבעדאנאסצאוו. ער איז דיא אורזאכע פון דיא ליידען און שמערצען פון׳ם אידישען פאָלק שוין זייט צוועלף יאהר; דורך איהם זיינען הונדערטער טויזענדער פון אונזערע אונגליקליכע ברידער פער־טריעבען געווארען פון זייער היים, פון זייער נעסט, פון דיא קברים פון זייערע עלטערן אום צו ליידען און צו שטארבען פון הונגער, פון נויט, פון עלענד און פון א שלעכטען קלימאט אין אלע טהיילען פון דער וועלט.

פלוך איבער איהם! זיין נאמען דארף אנגעשריעבען ווערן מיט בלוט אין דער געשיכטע פון אונזער אונגליקליכעם פאָלק. פלוך איבער איהם! יעדער זיפץ, וואס רייסט זיך ארויס פון דער ברוסט פון א אידען אין נאמען פון ניו־יאָרק איז א פלוך זיין נאמען; יעדער קרעכץ פון א אידען אין אמעריקא, אין ארגענטיניען, אין אפריקא, אין אזיען, אין אויסטראַליען איז איינע פערדאמונג פון זיין געדעכטניס. ער איז דער בייזער גייסט, וועלכער בעהערשט יעצט רוסלאנד און פיהרט עס אין א טיעפען אבגרונד.

— יעצט פעהלט נאך אונזער גענעראל טשערנאיעוו, האט דער נאסליעדניק געזאגט. דיא גראָספירסטין וועט באלד אריינקומען. זיא וויל בייוואוינען אונזער בעראטהונג. בעמערקענסווערטה איז דער פאקט, אז זייט עקאטערינא II האט קיין רוסישע

ייסערין קיין אנטהייל גענומען אין דער רעגירונג, אויסער דיא איצטיגע קייזער־ין מאריא אלעקסאנדראוונא. אלס פרינצעסין פון דענעמארק, אלס שוועגערין פון׳ם ענג־לישען קראָנפרינץ, פרינס אָף וועלס, האבען אלע ערוואַרטעט פון איהר, אז זיא וועט שטרעבען צו פערפיינערן רוסלאנד, עס אויסצובילדען און עס צו פערעדלען. פון דיעזע האָפנונגען איז אבער גאר נישט געוואָרען. זיא האסט דייטשלאנד, ווייל דער דייטשער קייסער האט צוגענומען ביי איהר פאטער דעם קעניג פון דענעמארק, צוויי לענדער, שלעזוויג און האָלשטיין. זיא קען אבער ניט ארויסווייזען איהר פיינדשאפט געגען דייטשלאנד אליין און זיא האסט אלע פרעמדע אין רוסלאנד.

עס האט אויך ניט לאנג געדויערט און דיא גראָספירסטין איז אריינגעקומען אין קאַבינעט. זיא איז געווען אנגעטהאן אין אן עכט רוסישען שאראַפאַן פון רויטער זייד און אויפ׳ן קאָפּ האט זיא געטראגען א האלבע לבנה פון טהייערע שפּיצען אין וועלכע עס האבען געפונקעלט אייניגע גרויסע בריליאַנטען. פון דיעזער קאָפּ ציערונג האבען אראָפּגעהאָנגען צוויי לאנגע רויטע בענדער, וועלכע האבען איהר געגרייכט ביז אין דיא קניע.

גראף איגנאַטיעוו און פאבעדאנאסצאוו האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע ערטער, ווען זיא איז אריינגעקומען. זיא האט זיי אבער א ווינק געטהאן מיט דער האנד, אז זיי זאָלען זיך זעצען.

— בלייבט זיצען, מיינע הערען, האט זיא געזאגט אין ריין רוסיש. איך ווייס, אז מיר האבען היינט צו רעדען איבער זעהר וויכטיגע זאכען און בין געקומען מיך צו לערנען ביי אייך, וואס איך זאל א מאל טהאן, ווען איך וועל טראגען דיא קרוין פון א רוסישער קייזערין.

— מיר קענען יעצט אנפאנגען אונזער בעראטהונג, האט דער גראָספירסט געזאגט, דיא גענעראלען טשערנאיעוו און וואנאווסקי וועלען געוויס באלד קומען.

אבער איידער זיי האבען נאך אנגעהויבען דיא בעראטהונג, האט דער לייבדיענער געמעלדעט דיא ביידע גענעראלען.

— יעצט, טראָפּים, האט דער קראָנפּרינץ געזאגט צו זיין לייבדיענער, אן אלטער קאזאק, צו וועלכען ער האט געהאט דאס גרעסטע צוטרויען, געה און זאג דיא וואך, אז זיי זאלען קיינעם מעהר ניט אריינלאזען. איך פיהל מיך ניט זעהר גוט און קען קיינעם ניט אויפנעהמען.

— יעצט, מיינע הערען זיינען מיר אלע דא און מיר קענען זיך בעראטהען איבער דיא געגענווערטיגע לאגע אין רוסלאנד, האט דער גראָספירסט געזאגט. איהר האט אלע געוויס געהערט דיא לעצטע נייעס. דער ארמעניער לאָריס מעליקאָוו איז ערנאַנט געוואָרען צום ערשטען מיניסטער אויף גאָרטשאקאָוו׳ס אָרט, אלע וויכטיגסטע שטעלען אין רוסלאנד גיט מען אוועק דייטשען און פראנצויזען. דער מיניסטער פון דיא אייזענ־באהנען און דיא וועגען איז א פראנצויז, גראף פאסיעט; דער מיניסטער פון׳ם קייזער־ליכען הויף איז א דייטש, גראף אדלערבערג; דער מיניסטער דעם אויסערן, (אינאָסטראַנ־ניך־דיעל) איז א דייטש, באראן גירס. וואו מיר גיבען זיך א קעהר, געפינען מיר נור אויסלענדער, גלייך וויא עס וואָלט גאר ניט געווען קיין פעהיגע מענשען אין רוסלאנד

צו רעגיערען דאס לאנד און מען מוז זיך בעטען ביי דיא פרעמדע, זיי זאלען אונז בעד הערשען. וואס קענען מיר ערוואַרטען פון׳ם פרעמדען, פון׳ם אויסלענדער? קען ער דען ליעבען אונזער פאָלק? קענען מענשען, וועלכע פערשטעהען זאגאר ניט אונזער שפּראכע, עפּעס טהאן פאר אונזער פאָלק, פאר אונזער לאנד? —

ער איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט ניט געענדיגט זיין רעדע און האט זיך צוריקגעוואָרפען אויף זיין שטוהל.

— ערלויבען זיא מיר, קייזערליכע האָהייט, בעקאַנט צו מאכען דיעזע העררען מיט דער געגענווערטיגער לאגע פון רוסלאנד, האט געזאגט פּאבעדאנאסצאוו מיט זיין גראבער שטימע. איך וויל אייך געבען א פאָלשטענדיגען איבערזיכט איבער אלעס, וואס טהוט זיך יעצט אין אונזער ליעבען פאטערלאנד. לאמיך אנהויבען פון אונזערע פינאנסען. דער רוסישער רובעל שטעהט יעצט אזוי שלעכט, אז ער איז קוים ווערטה פונפציג קאָפּיקעס. מיר צאהלען יעדעס יאהר צו דיא אידישע באנקירען אין אויסלאנד אכט הונדערט מיליאָן רובעל אין גאָלד נור פּראָצענט. דיא ראָטהשילד׳ס דיא בלייכרעדער׳ס, דיא מענדעלסאָן׳ס און אנדערע פערפלוכטע אידען פערשלינגען דיא איינקינפטע פון׳ם „היילינגען“ רוסלאנד.

לאמיר יעצט איבערגעהן צו דער ארמעע. דיא גענעראלען, דיא העכערע אָפיציערען זיינען אלע אויסלענדער, וועלכע קימערן זיך זעהר וועניג פאר אונזערע סאלדאטען. דיא דאָקטוירים אין דער ארמעע זיינען מייסטענס אידען. זיי לאזען זאגאר ניט צו דעם עכטען רוסען צו א שטעלע אלס דאָקטאָר. אין דער לעצטער צייט זיינען זאגאר אייניגע אידען געוואָרען אָפיציערען אין דער ארמעע. וויא איך האב געהערט איז ערשט ניט לאנג אן אָדעסאער איד מיט׳ן נאָמען פריימאן געוואָרען פּאָרוטשיק (ליעטענאנט). מיר ווייסען, וויא געפעהרליך דיעזעס פאָלק איז; מיר ווייסען, אז עס איז פערדאָרבען, עס ווייס נור צו שווינדלען און צו בעטריעגען. וויא קען מען עס דערלאזען, אז זיי זאלען זיין אָפיציערען איבער אונזערע גוטע און טרייע סאלדאטען? וויא קען מען זיי פערטרוי׳ען לאזארעטען און שפּיטעלער?

איך קום יעצט צו דיא פאָלקס אויפקלערונג (נאראָדנאיא פּראָסוויעשטשעניע). אין אלע שטעדט, אין אלע דערפער ווערן געעפענט שולען און גימנאזיען. יעדער שוסטער, יעדער שניידער, יעדע וואשפרוי לאָזט איהר קינד לערנען און זיך בילדען. וואס קען ווערן פון א זעלכע קינדער וועלכע זיינען שלעכט ערצויגען געוואָרען ביי זייערע עלטערן, ווען זיי ווערן אויפגעקלערט? — זיי ווערן ניהיליסטען, פּרעדיגען פרייהייט, פערמישען זיך צווישען פאָלק און פערדרעהען איהם דעם קאָפּ מיט נאַרישקייטען, זיי העצען אויף און רייצען אויף אונזערע גוטע און שטילע מוזשיקעס, וועלכע האבען ביז אהער נור געוואוסט, אז וואס באַטיושקא, דער קייסער, הייסט, איז הייליג.

איך וויל אייך ניט מיעד מאכען מיט א לאנגער רעדע. איך וויל מיך פאסען קורץ — וואוהין מיר גיבען א קוק, זעהן מיר נור שווינדלער און בעטריעגער, אדער ניהיר ליסטען און רעוואָלוציאָנערן. דיא אלטע הייליגע זיטען (מנהגים) פערשווינדען, דיא אלטע טרייהייט און ערגעבענהייט פון׳ם רוסישען פאָלק צו זיין קייסער ווערט מיט יעדען טאג שוואכער. דער טראָהן שאָקעלט זיך און קראכט. גאנץ רוסלאנד איז אין געפאהר, ווע

מיר וועלען ניט זעהן אנצו וועגדען אלע מעגליכע מיטעל אום עס צו רעטען.

ער איז געבליעבען שטיל, פערטיעפט אין זיינע גערדאנקען. אלע האבען געשוויעגען, קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען א וואָרט נעגען דעם געלעהרטען פּאבעדאָ־נאסצאוו. ענדליך האט זיך אפּגערופען דיא גראָספּירסטין:

— הערר פּאבעדאנאסצאוו האט אונז דא פאָרגעשטעלט זעהר א טרויעריגעס בילד פון רוסלאנד'ס לאגע. איך צווייפלע ניט, אז ער האט רעכט; ער קען רוסלאנד געוויס בעסער פון מיר, וועלכער איז איינגעשפּארט און געפאנגען דא אין גאטשינא. דאס בילד וואס ער האט אונז פאָרגעשטעלט איז געוויס טרויעריג. איך וואָלט איהם אבער געוואָלט בעטען, ער זאל אונז זאגען, וואס מיר זאלען טהאן. עס איז ניט גענוג, ווען איך קום צו א קראנקען און זאג איהם: „דיר טהוט וועה דער קאָפּ, דער בויך און דאס הערץ“. איך מוז איהם זאגען, וויא אזוי צו היילען זיין וועהטאג. ווען הערר פּאבעדאנאסצאוו האט אונז געוויעזען אונזערע מכות, דארף ער אונז וויעזען דיא רפואה צו דיעזע מכות.

דער נאסליעדניק האט דיא גאנצע צייט געקוקט זיין פרוי גלייך אין מויל אריין און האט אויפגעחאפּט יעדעס וואָרט, וואס זיא האט ארויסגעזאגט. פּאבעדאנאסצאוו האט ניט באלד געענטפערט. ער האט זיך איבערלעגט איינינע מינוטען וואס צו ענטפערן און וויא צו ענטפערן. ענדליך האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און האט געזאגט שאַרף און ענטשלאָסען:

— רוסלאנד געפינט זיך יעצט אין זעהר שוואכע הענד, וועלכע קענען ניט פיהרען דיא ציגעל פון דער רעגיערונג. וואס לענגער רוסלאנד וועט זיך געפינען אין דיעזע הענד, אלץ שווערער וועט עס זיין עס וויעדער אויפצוהויבען. מען מוז פּראָבירערן פריהער מיט גוטען ארויסצונעהמען דיא ציגעל פון דער רעגיערונג פון דיעזע שוואַכע, אונפעהיגע הענד. ווען עס וועט זיין אונמעגליך מיט גוטען, מוז מען עס טהאן מיט געוואלד. —

דיא אויגען פון דער גראָספּירסטין האבען געפונקעלט מיט א בעזאָנדערן גלאנץ, ווען פּאבעדנאסצאוו האט ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער. דער גראָספּירסט איז געזעסען דעם קאָפּ אראָפּגעלאזען אויף דער ברוסט. עס איז געווען אונמעגליך צו זעהן, וואס זיין געזיכט האט אויסגעדרוקט.

— וואס זאגט אונזער גענעראל וואנאווסקי? האט דער נאסליעדניק פּלוצלונג געפרעגט. ער איז גוט בעקאנט מיט דער רוסישען ארמעע און וועט אונז קענען געבען אויסקונפט, וואס אונזערע אפיציערען דענקען.

— קייזערליכע האָהייט וועט מיר ערלויבען צו דערצעהלען א פאקט פון דער רוסי־שער געשיכטע, האט גענעראל וואנאווסקי געזאגט. דעם ערשטען דעצעמבער 1825 איז געשטאָרבען דער גוטער, אבער שוואַכער קייסער אלעקסאנדער I. דאס פּאָלק איז גע־וואָרען אונרוהיג און עס האט זיך פערזאמעלט אויפ'ן גרויסען פּלאַץ פאר דער קירכע פון דיא הייליגע פעטער און פּאוועל. עס האט געפאָרדערט פרייהייטען, עס האט פערלאנגט אז אין רוסלאנד זאל מען איינפיהרען א קאָנסטיטוציאָן, וויא אין פראנקרייך. פיעלע גרויסע לייט האבען טהייל גענומען אין דיעזער פערזאמלונג. רוסלאנד איז דאמאלס געשטאנען ביים ברעג פון א שרעקליכען אבגרונד. נאך איין שטויס און דיא גאנצע

מאשין פון דער רעגיערונג וואָלט זיך געווען איבערגעקעהרט. דאמאלס האט דער נאָס־ליעדניק, אייער בעריהמטער גראָספאטער, ניקאָלאי I. גענומען דיא צינעל פון דער רעגיערונג אין זיין שטארקער האנד. אין דריי שטונדען האט ער אונטערדריקט דעם גאנצען מיאטעזש (רעוואָלוציאָן). טויזענדע האט ער פערשיקט קיין סיביר, הונדערטע האט ער געהייסען שמייסען פאר דיא טהירען פון זייערע הייזער, צעהנדליגע האט ער געהייסען מאכען מיט א קאָפּ קירצער און ער איז געבליעבען אליין הערשער „סאמאָ־דערזשעץ" און האט געהערשט איבער רוסלאנד מעכטיג און גלענצענד. דאס רוסישע פאָלק מוז האבען איבער זיך א שטארקען הערשער. רוסלאנד מוז מען בעהערשען מיט אן אייזערנער האנד. וואס אייער בעריהמטער און מעכטיגער גראָספאטער, ניקאלאי I האט געטהאן, איז ווירדיג אייער קייזערליכע האָהייט זאל נאכאהמען, נאכטהאן. דיא שוואכע רעגיערונג מוז פערשווינדען, דאס רוסישע פאָלק מוז ציטערן פאר זיין קייסער, דאן וועלען מיר מיט א מאל לויז ווערן פון דיא ניהיליסטען און פון אלע געפאהרען, וועלכע דראָהען רוסלאנד.

— קענען מיר זיך פערלאזען אויף אייער קאָרפּוס, גענעראל, ווען מיר זאלען גע־צוואונגען זיין צו רעטען רוסלאנד און מאכען אן ענדערונג אין דער רעגיערונג? האט געפרעגט דיא גראָספירסטין און האט געקוקט גענעראל וואנאווסקי גלייך אין דיא אויגען, גלייך וויא זיא האט געוואָלט לעזען, וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען.

— קייזערליכע האָהייט! האט געענטפערט גענעראל וואנאווסקי. דער קייסער ניקאלאי I האט מיט צוואנציג טויזענד מאן דערשטיקט דעם מיאטעזש און האט אָפּגענומען רוסלאנד. אין מיין קאָרפּוס האב איך פינף און פערציג טויזענד מאן, וועלכע זיינען בערייט צו פאלגען יעדען ווינק, וואס איך וועל זיי געבען.

— איך בין זיכער, אז איהר וועט אייער וואָרט האלטען און מיך אונטערשטיצען, ווען איך וועל געצוואונגען זיין צו רעטען רוסלאנד מיט געוואלד, האט דער נאסליעדניק געזאגט פינסטער. אונזער פריינד פּאבעדאנאסצאוו האט אבער דערמאנט, אז מען מוז צוערשט פּראָבירען מיט גוטען. געוויס, וואלט פיעל בעסער געווען, ווען אלעס זאל געשעהן מיט גוטען. — וואס זאגט אונזער דיפּלאָמאט, גראף איגנאטיעוו? דיא דיפּלאָ־מאטען וויסען, וויא אזוי זיך אויסצודרעהן און צו מאכען, אז דער וואָלף זאל זיין זאט און דיא ציעג זאל בלייבען גאנץ.

— דיא דיפּלאָמאטיע, האט אנגעהויבען גראף איגנאטיעוו לאנגזאם און האט אויסגעצויגען יעדעס וואָרט, גלייך וויא ער וואלט געצעהלט פּערל. — דיא דיפּלאמאטיע איז דיא קונסט, אדער דיא חכמה, וויא אזוי צוקומען צום ציעל אויף א קרומען וועג, ווען עס איז אונמעגליך עס צו טהאן אויפ'ן גלייכען וועג. איך דארף צוגעהן צו א הויז און געפין אנגעלעגט און אנגעשטעלט אויפ'ן וועג שטיינער, קאסטענס, פעסער און קלע־צער. איך וויל אָבער דאך קומען צום הויז, מוז איך געהן אייניגע גאסען ווייטער, ארומ־געהן דאס הויז, ביז איך קום צו מיין ציעל. אנשטאט וואס איך זאל ארבייטען מיט'ן ביטערן שוויים, אוועקקייקלען דיא שטיינער, אפּראמען דיא קאסטענס און אוועקשלעפּען דיא שווערע קלעצער, וועלכע ליעגען אויף מיין וועג אום צו צוקומען צום הויז, איז מיר פיעל לייכטער און בעקוועמער צו געהן מיט עטליכע גאסען ווייטער און צוקומען

צום זעלבען ציעל. דיעזע קונסט הייסט פּאָליטיק אדער דיפּלאָמאַטיע. דער גענעראַל וואנאָווסקי איז אַ סאָלדאַט. ער ווייס ניט פון קיין חכמות. ער וויל קומען אַ היים און געפינט דעם וועג פערשפּאַרט און פערוואַרפען, ער קאָמאַנדירט צו זיינע סאָלדאַטען: „ראַזביראַט“! „אָטשיסטיט“! מען זאָל אַלעס אַפּראַמען און אָפּרייניגען. דאָס קען אַ קלוגע פּאָליטיק ניט ערלויבען. נעהמען מיט געוואַלד אומשטירצען און אומוואַרפען די איצטיגע רעגיערונג מיט איין מאַל, הייסט ביי מיר, זיך שפּיעלען מיט אַ שווערד, וואָס איז שאַרף פון ביידע זייטען. מען קען זיך זעהר לייכט צו שניידען דיא האַנד. עס איז פיעל גלייכער צו געפינען אַ בעסער מיטעל, אַן איינפאַכער מיטעל,— ארויסצונעהמען דיא הייסע קאַרטאָפעל פון'ם אויווען מיט פרעמדע הענד לאָזעי זיי זיך אָפּבריהען און מיר וועלען עסען דיא געבראָטענע קאַרטאָפעל.

דיא גראַפפירסטין, דער גראַפפירסט און גענעראַל וואנאָווסקי האָבען אויפגעריסען זייערע אויגען און האָבען געקוקט אויף גראַף איגנאַטיעוו מיט שטוינען

— נאָך מיינער מיינונג, האָט ווייטער געזאָגט גראַף איגנאַטיעוו מיט אַ שוואַכער, געדעמפּפטער שטימע, זיינען דיא בעסטע הענד, וואָס פּאַסען יעצט פאַר אונז — דיא ניהיליסטען.

— דיא ניהיליסטען? האָבען געפרעגט דער גראַפפירסט און דיא גראַפפירסטין מיט איין קול.

— יאַ, דיא ניהיליסטען, האָט געענטפערט גראַף איגנאַטיעוו און אַ זאָנדערבאַרער שמייכעל האָט געשפּיעלט אויף זיינע ליפּען. מיר מוזען זיך בעדיענען מיט דיא ניהיליסטען. לאָזען זיי פאַר אונז ארויסנעהמען דיא הייסע קאַרטאָפעל פון אויווען. ווען זיי וועלען אָפּטהאָן, וואָס מיר פערלאַנגען פון זיי, קענען מיר זיי פערניכטען.

— ניין! האָט אויסגעשריען דער נאַטשאַלניק, פון זיי וויל איך ניט וויסען. זיי, אונזערע געפעהרליכסטע פיינד; זיי, וועלכע האַסען יעדען הערשער; זיי, וועלכע האָבען פיינד אונזער הייליגע רעליגיאָן און פערשפּאָטען דיא קירכע מיט דיא גייסטליכע; זיי, וועלכע האַלטען אַלע מענשען פאַר גלייך און נעהמען אויף אידען אין זייער געהיים־בונד — זיי זאָלען מיר פערהעלפען צו קומען אויפ'ן רוסישען טראָהן? ניין! דאָס וועל איך קיין מאָל ניט צוגעבען!

— אַ גענעראַל מוז אַנווענדען אַלע מעגליכע מיטעל אום צו געווינען אַ שלאַכט, האָט פּאָבעדאָנאָסצאָוו געזאָגט מיט זיין פעסטער רוהיגער שטימע. מען מוז אַמאָל זיך בעדיענען מיט דיא ערגסטע מענשען אום צו דערגרייכען אַן עדלען ציעל. ווען אייער גרויסע און בעריהמטע גראָסמוטער עקאַטערינא II האָט זיך בעדיענט מיט מענשען, וויא דער איטאַליענישער רויבער הויפּטמאַן, דעריבאַס און אַן איינפאַכען סעמינאַריסט, וויא פּאָטיאָמקין, פאַר וואָס זאָל אייער קייזערליכע האָהייט זיך ניט בעדיענען מיט דיא ניהיליסטען?

איך בין קיין דיפּלאָמאַט, קייזערליכע האָהייט, האָט ער געזאָגט נאָכדעם ער האָט זיך אַ פּאָר מינוטען אָפּגערוהט. איך מוז ארויסזאָגען אַלעס אָפּענהערציג און פריי. מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אַז רוסלאַנד זאָל רעגיערט ווערן אַזוי שלעכט און אַזוי שוואַך, וויא עס ווערט רעגיערט ביז אַהער. דער רוסישער טראָהן קראַכט און ציטערט

דיא קייזערליכע פאמיליע ראמאנאָוו איז אין דער גרעסטער געפאהר. אום זיא צו רעטען האבען מיר צוויי וועגען: ענטוועדער מען זאל אריינקומען מיט'ן קאָרפּוס פון'ם גענעראל וואנאָווסקי, ארומרינגלען דעם קייסער'ס פּאלאץ און בעטען איהם, ער זאָל איבערגעבען דיא רעגיערונג אין אנדערע, בעסערע הענד; אדער מען דארף אונטער־שטיצען דיא ניהיליסטען, זיי זאלען ענדיגען דאס ווערק, וואס זיי האבען אנגעפאנגען, ביז דיא רעגיערונג וועט דורך זייער הילף אליין איבערגעהן אין אנדערע הענד.

דער ערשטער וועג איז ניט גאנץ זיכער און עס וועט מאכען א רעש אויף דער וועלט. אונזערע פיינד — און ווער האט דען ניט פיינט רוסלאנד? — קענען זיך דערמיט בענוצען אום צו ערקלערן רוסלאנד א קריעג. דאס קען ווערן געפעהרליך. — דער צוויי־טער וועג אבער איז א גאנץ זיכערער. מיר וועלען אונטערשטיצען דיא ניהיליסטען אזוי, אז זיי זאלען גאר ניט וויסען, פון וועמען עס קומט זיי; מיר קענען זיי אונטערשטיצען מיט געלד און מיט מענשען; מיר קענען מאכען, אז פיעלע פון אונזערע פעהיגסטע אָפיציערען זאלען אריינטרעטען אין געהיים־בונד און זאָלען פיהרען דאס גאנצע רעדעל. פּלוצלונג וועט א קנאק טהאן דער דונער, דער בליץ וועט טרעפען, אויפ'ן רוסישען טראהן וועט ארויפגעהן א מעכטיגער קייזער, וועלכער וועט פיהרען דיא רעגיערונג מיט אייזערנע הענד. געוויס, וועט ער דאמאָלס מוזען צוברעכען דיא אינסטרומענטען, וועלכע האבען איהם געהאלפען ארויפצוגעהן אויפ'ן טראהן, אבער וואס שאדעט עס? וואָס הארט עס, ווען אייניגע הונדערט קעפּ וועלען אראָפּפאלען פון זייערע פּלייצעס — רוס־לאנד וועט דאמאלס גליקליך זיין. דיא אויסלענדער, דיא דייטשען, דיא פראנצויזען און דיא אידען וועלען מוזען אנטלויפען און ווייכען דאס „הייליגע" רוסלאנד, און וועלכען מיר וועלען איינפיהרען דיא אלטע זיטען (מנהגים), דיא אלטע גוטע צייטען און דיא אלטע פורכט און רעספּעקט פארן טראהן.

ער איז געבליעבען שטיל און האט געוואלט זעהן, וואס פאר אן איינדרוק זיין רעד האט געמאכט אויפ'ן נאסליעדניק.

— קען מען זיך פערלאזען אויף דיא ניהיליסטען? האט דיא גראָספירסטין גע־פרעגט. מען האט מיר געזאגט, אז אין דער לעצטער צייט זיינען זיי עפּעס גאר שטיל געבליעבען. עפּעס הערט מען פון זיי גאר ניט, גלייך וויא זיי וואלטען אויסגעשטארבען.

— איידער עס ברעכט אויס א שטורמווינד, ווערט שטענדיג שטיל אין דרויסען, האט גענעראל טשערנאיעוו געזאגט, דיזע שטילקייט בעווייזט אבער נור, אז באלד, באלד וועט עס אנהויבען צו דונערן און צו בליצען. איך קען אייניגע ניהיליסטען, אויף וועלכע מען קען זיך פערלאזען. איך קען אייך אנרופען איינעם פון זיי, א געוויסען מיכא־איל באקונין, מיט וועמען מען קען אלעס פריי און אָפען רעדען. ווען מען זאָל נור גע־בען דיזען מענשען דיא נייטיגע מיטעל אין דיא הענד, וועט רוסלאנד אין א קורצע צייט גאנץ אנדערש אויסזעהן.

— איך וואלט זעהר געוואלט אויסמיידען אזעלכע העלפער, האט דער נאסליעד־ניק געזאגט לאנגזאם. ווען עס איז אבער נאטהווענדיג; ווען מען קען רוסלאנד אנדערש ניט רעטען אלס מיט זייער הילף, וויל איך וועניגסטענס שטעהן פון דער ווייטען. מיין נאמען זאל אין ערגעץ ניט דערמאנט ווערן, ניט אין זייערע פערזאמלונגען, ניט אין

זייערע אונטערהאנדלונגען, ניט אין זייערע פאפיערען, זאגאר ניט אין זייערע געדאנקען. זיי מוזען זיין אין אונזערע הענד בלינדע אינסטרומענטען, וועלכע וויסען ניט, וואס פאר א האנד ארבייט מיט זיי.

— געוויס, האט גראף איגנאטיעוו געענטפערט, געוויס דארפען זיי ניט וויסען, ניט ווער עס שטיצט זיי, ניט פאר וועמען זיי ארבייטען. דארין בעשטעהט דיא גאנצע קונסט פון דער פאָליטיק. זיי דארפען נור אויספויקען, אז דיא איצטיגע רעגיערונג איז שלעכט און עס מוז זיין אן ענדערונג.

— ווער וועט אבער מיט זיי פערהאנדלען? האט דיא גראָספירסטין געפרעגט.

— דאס נעהם איך מיך אונטער, האט איגנאטיעוו געענטפערט. אויף מיינע גיטער אין פאלטאווער גובערניע געפינען זיך פיעל אידען, איך וועל שוין אויסגעפינען צווישען זיי א מעקלער, אָדער א פאקטאָר, וויא זיי רופען עס, וועלכער זאל פערהאנדלען מיט דיא ניהיליסטען.

— און איך וועל פארבערייטען דיא אָפיציערען פון מיין קארפוס, האט גענעראל וואנאָווסקי געזאגט. דיא הויפט זאכע איז, אז מיין קאָרפוס זאל זיך געפינען ארום פעטערבורג, דאן קען איך צו יעדער צייט בערייט זיין אריינמארשירען קיין פעטערבורג און צו בעשיצען דעם טראהן.

— איך וועל דאריבער רעדען מימ'ן קריעגס-מיניסטער, האט דער גראָספירסט געזאגט. ער וועט עס מיר מוזען צוליעב טהאן און געבען א בעפעהל, אז אייער קאָרפוס זאל שטעהן ניט ווייט פון פעטערבורג.

— ווען מיין קארפוס וועט שטעהן ארום פעטערבורג, קענען מיר אפט מאכען מאנעווערעס, אייער קייזערליכע האהייט וועט שטענדיג זיין דערביי, דיא אָפיציערען און סאָלדאטען וועלען אייך זעהן זעהר אָפט און וועלען אייך ליעב בעקומען. א פריינדליכעס ווארט, א גרוס, א שמייכעל ווירקט אויפ'ן פאָלק און ציהט איהם צו, וויא א מאגנעט. ער וועט מיט פרייד אָפּפערן זיין לעבען פאר א הערשער, וועלכער האסט דיא פרעמדע, דיא אויסלענדער און ליעבט נור זיין פאלק און אלעס, וואס איז עכט רוסיש.

— זאל עס וואהר זיין, אז מיין אָנקעל, דער גראָספירסט קאָנסטאנטין, איז איינפערשטאנען מיט דיא ניהיליסטען? האט פלוצלונג דער נאסליעדניק געפרעגט. וויא דיא פירסטין גאגארין האט מיר דערצעהלט, איז ביי איהם עפעס ווייטער פארגעקומען. ער האלט זיך אָבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט, נעהמט צו קיינעם ניט און רעדט מיט קיינעם ניט; מען זעהט איהם ווידער אין ערגעץ ניט. — וואס איז דאס פאר א זאנדערבארער מענש? איך האב איהם קיין מאל ניט געקענט פערשטעהן.

— דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז זעהר ניט צופריעדען מיט דער איצטיגער רעגיערונג, האט פאָבעדאנאסצאוו געזאגט. עס איז אן אלטע געשיכטע, ער איז זעהר אונגליקליך געווען אין זיין פאמיליען לעבען. זיין ערשטע פרוי, דיא פרינצעסין העללא איז קראנק געווען פיעלע יאהרען. מען דערצעהלט נאך אנדערע געשיכטען פון זיין ליעבע צו אנאנדערער פרוי. עס איז אָבער שווער אויסצוגעפינען דיא וואהרהייט, וואס מיט איהם איז.

— וואלט ניט גלייך געווען, מען זאל איהם ענטדעקען אונזער געהיימניס? ער איז

זעהר בעליעבט ביים פאָלק און זייןביישטאנד וואלט אונז פיעלייכט געקענט ניצליך זיין?

— איך גלויב עס ניט, האט פּאָבעדאנאסצאוו געענטפערט שארף. ער איז זעהר אַ ווייכער כאַראַקטער און לאזט זיך בייגען, וואוהין מען וויל. מען קען פון איהם מאכען אלעס, וואס מען וויל. ער איז ניט פאר אונז. לאָמיר איהם לאזען אין זיין פּאַ־לאַץ מיט זיינע פאנטאזיען און מיט זיינע געדאנקען ער קען אונז ניט נוצען און ניט שאדען.

דיא גראַספירסטין האט געזעהן, אז דיא בעראטהונג האט זיך געענדיגט. זיא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און האט געוואלט אוועקגעהן אין איהרע צי־מער. אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע זיצע.

— ווען קען איך ערהאלטען פון אייך נאכריכטען, ליעבער גראף? האט זיא זיך געווענדעט צו גראף איגנאטיעוו.

— דאס איז מיר שווער צו זאגען, איך קען נור פערזיכערן אייער קייזערליכער האהייט, אז קוים וועל איך נור האבען עטוואס וויכטיגעס מיטצוטהיילען, וועל איך אייך באלד מעלדען; קוים וועל איך נור רעדען מיט באַקונינען און וועל ערפאהרען זיינע פּלענער און וואס ער דענקט צו טהאן, וועט מיין ערשטער וועג זיין קיין גאטשינא.

דיא גראַספירסטין האט איהם געגעבען דיא האנד.

— איך האף אייך אָפט צו זעהן אויף דיא קליינע טהעע פּארטיען, וועלכע איך גיב צוויי מאל אין דער וואָך. אונזער ערקענונגס ווארט וועט פון היינט אן זיין: „רוס־לאַנד פאר רוסען".

גראף איגנאַטיעוו האט זיך אנגעבויגען און צוגעלעגט זיינע ליפּען צו איהר האנד.

— רוסלאַנד פאר רוסען! האבען אלע נאכגעזאגט גלייך וויא זיי האבען געוואָלט זיך איינחזרן דאס ווארט, זיי זאלען עס ניט פערגעסען

ווען דיא גראַספירסטין איז פערשוואונדען הינטער דעם שווערן זיידענעם פאָרהאַנג האט דער נאסלידניק געזאגט צו גענעראל וואנאווסקי:

— אייער אויפגאַבע דארף יעצט זיין אויפצונעהמען אין אייער קאָרפּוס יעדען אפיציער, וועלכער איז נור עפּעס ניט צופריעדען מיט דער איצטיגער רעגיערונג. וואס מעהר אונצופריעדענע אין אלץ בעסער פאר אונז.

— עס וואָלט ניט געשאַדעט ארויסצולאזען אַ קול, אזוי אז מען זאל ניט וויסען, פון וואנען עס קומט ארויס, אז דער קייסער האט אנגענומען דיא ביטע פון דיא דייטשע גובערניעס און וויל זיי געבען געוויסע רעכטע און פּריוולעגיען. דאס וועט אויפרייצען דאס רוסישע פאָלק און וועט ארויפניעסען נאך מעהר וואסער אויף אונזער מיהל, האט פּאבעדאנאסצאוו געזאגט. עס וואָלט ווייטער ניט געשאַדעט צו פערברייטען דיא נאַכריכט, אז לאָרים מעליקאָוו וויל ארויסגעבען געוויסע בעפעהלע געגען דיא גייסטליכע, וויא צום ביישפּיעל, אז זיי זאלען מעהר ניט זיין קיין לעהרער אין דיא שולען און אין דיא גימ־נאַזיען. דאס וועט אויפרייצען דיא גייסטליכע, דיא בעסטע שטיצע פון׳ם רוסישען טראָהן

— איך קען ווירקען אויף דער „סלאַוויאַנסקאַיאַ אָבשטשעסטוואָ", האט זיך אנגע־רופען גענעראל טשערניאַעוו. דארט איז מען זעהר ניט צופריעדען, וואס דיא גאנצע

היינטיגע רוסישע פּאָליטיק ציהט אזוי קיין דייטשלאַנד, וועלכעס האט אויפ'ן קאָנגרעס אין בערלין געוויעזען, אז עס זוכט צו ערניעדערן רוסלאַנד.

זיי האבען נאך גערעדט אַייניגע צייט. עס איז געוואָרען שפּעט, זיי האבען זיך אויפגעהויבען און זיינען זיך צוגאנגען. דער נאַסליעדניק איז געבליעבען אליין. ער איז אריינגעגאנגען אין זיין טואַלעטען צימער, דאָרט אין א ווינקעל איז געהאנגען דאָס בילד פון גאָט'ס מוטער מיט איהר גאָט־קינד אויף דער האנד. פאַר'ן בילד האט געברענט א לעמפּעל. ער איז געפאלען אויף דיא קניע פאַר'ן בילד און האט אויפגעהויבען דיא הענד צום בילד.

— גיב מיר קראַפט, הייליגע מוטער גאָטעס! האט ער געבעטען. גיב מיר קראַפט אויסצופיהרען דיא הייליגע אויפגאַבע, וועלכע איך האב אויף מיר גענומען. דוא קענסט מיין הערץ, דוא ווייסט, אז איך טהו עס נור פון דעם הייליגען גלויבען וועגען. דיא אויסלענדער, דיא פרעמדע, גלויבען ניט אין דיר און זוכען נאך אראָפּצופיהרען פון'ם גוטען וועג דאָס גוטע און פרומע רוסישע פאָלק. דוא, הייליגע מוטער, ווייסט, אז איך זוך ניט דיא עהרע צו טראָגען דיא רוסישע קרוין אויפ'ן קאָפּ, איך וויל נור אפּהיטען מיין פאָלק פון דיא שלעכטע, פערדאָרבענע מענשען, וועלכע שטעלען זיך אונטער צו פערלאַכען און צו פערשפּאָטען דיך מיט דיינע הייליגע. העלף מיר! שטיין מיך, הייליגע! איך וועל דיר אויסבויען א קירכע, וועלכע וועט זיין בעריהמט אין דער גאנצער וועלט.

אימער שטילער איז געוואָרען זיין געבעט, צולעצט האבען זיך נור זיינע ליפּען בעוועגט, מען האט אבער מעהר קיין וואָרט ניט געהערט. ענדליך איז ער אויפגעשטאנען געשטערקט און געקרעפטיגט דורך זיין געבעט.

— דיא ראָלען זיינען איינגעטהיילט, דיא אַקטיאָרען שטודירען זיי שוין, האט ער געזאגט ענטשלאָסען. באלד וועט זיך אפּשפּיעלען דאָס גרויסע דראַמאַ, וועלכע וועט מאַכען אן ענדערונג ניט נור אין רוסלאַנד אליין, זאנדערן אין גאנץ אייראָפּא.

88טעס קאַפּיטעל.

## ווער איז ראַטשינסקי?

אלעקסאַנדער II איז געזעסען אין זיין שרייב־צימער און האט נור וואָס פערברענט א קליין בייגעלע ראָזאַ פּאַפּיער, וועלכע דיא פירסטין דאָלגאָרוקי האט איהם צוגעשיקט דורך איהר פערטרויטען קאַמער־דיענער. זיא האט איהם געבעטען, ער זאָל קומען הייטע אבענד זעהן דיא קינדער. עס איז פאַר קיינעם ניט געווען קיין געהיימניס, אז אלכסנדר II האט געליעבט דיא פירסטין דאָלגאָרוקי און האט געהאט מיט איהר דריי קינדער, צוויי זיהן און א טאָכטער. ער האט זיי געגעבען דעם טיטעל פון פרינצען און פרינצעסין יוריעוו, ווייל דער ערשטער דאָלגאָרוקי, וועלכער איז בעקאַנט אין דער רוסישען געשיכטע, האט געהייסען יורי.

— אך, דיעזע רעגיערונג! דיעזע געשעפטען! האט ער געזאגט צו זיך אליין, זיי לאָזען מיך ניט לעבען און רייסען מיך אָפּ פון מיין געליבטער סעראַפינאַ און פון מיינע ליעבע קינדער. איך וואָלט שוין וועלען לויז ווערן פון דיעזער רעגיערונג מיט דער פּאָ־ליטיק, מיט דיא ניהיליסטען מיט דיא געשעפטען, מיט דיא מיניסטאָרען. און

לעבען רוהיג און גליקליך מיט מיין געליבטע. — איך האב שוין געשיקט רופען לאַרים מעליקאָוו און וועל איהם אלעס איבערגעבען.

אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען זיין לייב־דיענער און האט געמעלדעט דעם שעף פון דער געהיים־פּאָליציי.

— אבער געשעפטען, ווידער געשעפטען! האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער. וואס ווילען זיי פון מיר? איך בין שוין מיעד, איך קען ניט טראגען דיא שווערע משא פון דער רעגיערונג.

— פיהר איהם אריין! האט ער זיך געווענדעט צו זיין קאמער־דיענער.

אשינאָוו איז אריינגעקומען מיט׳ן קאָפּ אין דער הויך, מיט א צופריעדענעם שמייכעל אויף זיינע ליפּען און איז צוגעקומען גלייך צום שרייב טיש.

— נו, וואס האסט דוא עפּעס נייעס? האט איהם דער קייסער געפרעגט. דוא ווייזט מיר אויס צו זיין היינט זעהר צופריעדען.

— יא, קייזערליכע מאַיסטעט, האט אשינאָוו געענטפערט, איך האב היינט אן אורזאכע צופריעדען צו זיין. איך האב אויסגעפיהרט דעם אויפטראג, וואס איהר האט מיר געגעבען און עס איז מיר געלונגען צו ערפאַהרען אלעס, וואס עס טהוט זיך אין פּאלאַץ פון׳ם גראַספּירסטען קאָנסטאנטין.

— דוא מיינסט וועגען דער פּרינצעסין וויערא?

— יא, קייזערליכע מאַיעסטעט.

— אלזא, וואס ווייסט דוא פון איהר?

— אלעס, קייזערליכע מאַיעסטעט. זיא איז פערליעבט אין איהר פּאטערס פליגעל אַדיוטאנט, דעם קאַפּיטאַן ראַטשינסקי.

— ראַטשינסקי? האט דער קייסער געפרעגט פערוואונדערט. ווער איז דער ראַטשינסקי? האסט דוא עפּעס אויסקונפט איבער דיעזען ראַטשינסקי?

— איך מוז געשטעהן אייער קייזערליכער מאַיעסטעט, אז איבער איהם אליין ווייס איך זעהר ווייניג. ער האט מיט איינינע מאנאטע צוריק געדעטעט דאס לעבען פון׳ם גראַספּירסט מיט זיין פרוי און דער גראַספּירסט האט איהם גענומען צו זיך אין פּאלאַץ און האט איהם געמאכט פאר זיין פליגעל אדיוטאנט. דארט האט ער געהאט געלעגענהייט זיך צובעקענען מיט דער גראַספּירסטין וויערא און זיך אין איהר צו פער־ליעבען.

— ווייסט דוא ניט, ווער ראַטשינסקי׳ס עלטערן זיינען? ווער איז ער? פון וואַנען שטאַמט ער?

— איבער דיא אפּיציערען פון דער ארמעע איז דער געהיים־פּאָליציי ניט לייכט צו געבען אויסקונפט. דאס געהערט צום קריעגס מיניסטער, האט אשינאָוו געזאגט שטילערהייט.

— פון וועלכען רעגימענט איז ראַטשינסקי קאַפּיטאַן? האט דער קייסער געפרעגט.

— פון הוסאַרען רעגימענט נומער 113.

— ביסט דוא זיכער, אז דיא גראַספּירסטין וויערא איז פערליעבט אין איהם? האַסט דוא בעווייזע?

(Mist., 66.)

— איך בין זיכער, קייזערליכע מאיעסטעט, איך האב דיא בעסטע בעוויזע. א מאן, וועלכען מען מעג גלויבען, האט צופעליגער ווייזע אויסגעהערט, וואס דיא גראַפ־פירסטין וויערא מיט׳ן קאפּיטאן ראטשינסקי האבען גערעדט אויפ׳ן באלל, וואס דער גראַספירסט קאנסטאנטין האט ניט לאנג געגעבען.

— זיין נאמען? האט דער קייסער געזאגט.

— דע ראזאס, דער געזאנדטעטער פון ארגענטיניען אין זיד אמעריקא.

— דער אמעריקאנער איז פעהיג אויף א זעלבע זאכען, האט דער קייסער געזאגט צו זיך אליין, דאס מעג מען איהם גלויבען, ער האט דאך דאביי קיין אינטערעס ניט.

ער האט געטראכט א פּאר מינוט און האט דאן געזאגט:

— גוט, אשינאוו! איך בין מיט דיר צופריעדען, דוא האָסט מיין אויפטראג אויסגעפיהרט שנעל און גוט.

ער האט געגעבען א ווינק מיט דער האנד, אז דיא אוידיענץ איז געענדיגט און אשינאוו מעג זיך שוין געהן. אשינאוו האט געמאכט א מינע גלייך וויא ער וויל געהן און איז דאך געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר. דער קייסער האט עס בעמערקט.

— האָסט נאך עפּעס צו זאגען, אדער פערלאנגסט עפּעס? האט ער איהם געפרעגט.

אשינאוו האט זיך טיעף פערנייגט.

— קייזערליכע מאיעסטעט! איך האב צו בעטען א גנאדע, ניט פאר מיר זאנ־דערן פאר מיין פרוי. זיא האט מיר געהאָלפען אויסצוגעפינען, וועמען דיא גראַספירסטין וויערא ליעבט. זיא איז בעקאנט מיט דער פרוי פו׳ם אמעריקאנער דע ראַזאס און זיא האט ביי איהר ערפאהרען אלעס, וואס איז פארגעקומען ביים גראַספירסט אויפ׳ן באלל. אייער קייזערליכע מאיעסטעט איז גוט און זעהר גנעדיג, אזא דיענסט איז ווערטה, ער זאל בעלוינט ווערן. צייגט אייער גיטע און אייער גנאדע און ערנאנט זיא אלס האָפּ־דאַמע. זיא וואלט געקענט זעהר פיעל נוצען ברענגען, ווען זיא זאל האבען א צוטריט צו דער העכערער געזעלשאפט.

— גוט, איך וועל זעהן, האט דער קייסער געזאגט. דוא האסט רעכט, יעדער דיענסט מוז בעלוינט ווערן.

ער האט געעפענט א שקאטולקע, וועלכע איז געשטאנען ביי איהם אויפ׳ן טיש און האט ארויסגענומען א בריליאנטענעם רינג.

— גיב דיעזען רינג דיין פרוי אלס פרעזענט פון מיר, האט ער איהם געזאגט, ווען זיא וועט מיר ווייטער דיענען טריי און עהרליך, וועל איך איהר בעלוינען נאך איהר פערדיענסט.

אשינאוו האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע און האט געקושט דעם קייסער׳ס האנד.

— יעצט לאז מיך אליין, האט דער קייסער געזאגט.

ווען אשינאוו איז ארויסגעגאנגען, און דער קייסער איז געבליעבען אליין. איז ער אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל און איז ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק.

— אלזא, ווייטער א ליעבע, וועלכע איך וועל מוזען פערניכטען מיט געוואלד!

צום צווייטען מאל וועל איך מוזען צו שיידען צוויי יונגע הערצער, וועלכע ליעבען זיך! און אויך דיעזעס מאל איז עס געראדע ביי מיין ברודער קאנסטאנטין. וויעדער טרערין, ליידען, שמערצען! — וואס זאל איך אבער טהאן? קען איך דען ערלויבען, אז א פּרינ־צעסין פון דער קייזערליכער פאמיליע ראמאנאוו זאל הייראטהען א קאפּיטאן ראטשינ־סקי? דאס קען איך ניט דערלאזען! דאס וועל איך ניט דערלאזען?

ראטשינסקי?.... דיעזער נאמען איז בעקאנט אין דער רוסישער געשיכטע. וויא קומט א ראטשינסקי אהער? ראטשינסקי.... דיא פּרינצעסין טאראקאנאָווא! א טרויעריגע געשיכטע. דיא אונגליקליכע פּרינצעסין טאראקאנאָווא איז דאך געווען דיא לייבליכע טאָכטער פון דער קייזערין יעליסאוועטא פּעטראָווגא.... וואס איז געווארען פון דער פּרינצעסין טאראקאנאָווא?.... ווען יעליסאוועטא פּעטראָווגא איז געשטאר־בען, איז פּעטער III, הויפּטזעכליך אָבער זיין פרוי, עקאטערינא II ארויף אויפ'ן טראהן. זיי האבען מורא געהאט, אז דיא פּרינצעסין טאראקאנאָווא זאל ניט פאדערן איהרע רעכטע צו זיין קייזערין. דער פּאלנישער גראף ראטשינסקי איז ארומגעפאהרען צו אלע פּירסטען און קעניגע פון אייראָפּא און האט געבעטען, אז מען זאל זיך אננע־מען פאר דיא פּרינצעסין טאראקאנאָווא. דיא קייסערין עקאטערינא II האט פערנארט צו זיך דיא פּרינצעסין און האט זיא פערשיקט קיין סיביר.

ער איז ארומגעגאנגען אייניגע מינוט טרויעריג און פערטראכט אין צימער. ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט אויך קינדער פון א געליעבטער, דיא פּרינצען און דיא פּרינצעסין יוריעוו.

— וואס וועט ווערן פון זיי, ווען איך וועל ניט זיין? האט ער געזאגט צו זיך טרויעריג. מיין נאכפאלגער, דער קראָנפּרינץ, וועט זיי געוויס ניט וועלען אנערקענען אלס מיינע קינדער. מעגליך, אז ער וועט זאגאר ביי זיי צונעהמען דעם טיטול פּרינץ. מעגליך, אז ער....

וואס פאר בלוטיגע בלעטער געפינען זיך אין דער געשיכטע פון דער רוסישער קייזערליכער פאמיליע! האט ער אויסגערופען אין פערצווייפלונג. וואס וועט ווערן פון מיין געליעבטער סעראפינא? וואס וועט ווערן פון מיינע קינדער? וויא אזוי קען איך זיי בעווארענען? וויא אזוי קען איך זיי פערזיכערן זייער פרייהייט? זייער לעבען? איך קען זיי ניט ערקלערן עפענטליך אלס מיינע קינדער.... איך קען זיא ניט הייראטהען.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש און האט בעטראכט דאס ארט, וואס עס איז גע־בליעבען ליעגען אביסעל אש פון דעם בריוועלע, וועלכע דיא פירסטין דאָלגאָרוקי האט איהם היינט צוגעשיקט.

— זיא רופט מיך, זיא פיהלט אויך, אין וואס פאר א טרויעריגע לאגע זיא גע־פינט זיך. מעגליך, אז זיא האט זאגאר עפּעס ערפאהרען. איך מוז זיא זעהן, איך מוז מיט איהר רעדען, איך מוז עפּעס טהאן פון זייערטוועגען. זיי זאלען ניט ליידען דאס שיקזאל פון דער פּרינצעסין טאראקאנאָווא. אָבער ראטשינסקי? ווער איז דער ראטשינ־סקי?.... איז עס א צופאל, וועלכער האט מיר היינט געבראכט דעם נאמען ראטשינסקי, אדער שפּיעלט א געהיימע האנד מיט מיר און האט מיר אומיסטען פארגעשטעלט

דיעזען נאמען אלס א ווארנונג?.... פון דעם טויגעניכטס אשינאָוו קען איך גאר ניט וויסען.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש און האט אנגעהויבען צו קלינגען. דער דעזשורני־גענעראַל איז אריינגעקומען.

— שיק רופען דעם גענעראַל דראַגאמיראָוו, אבער זאגלייך!

דער גענעראַל איז ארויסגעגאנגען אויספיהרען דעם קייסערס בעפעהל.

— יעצט מוז איך נאך זעהן בעזארגען מיין געליעבטע מיט איהרע קינדער, האט ער געזאגט. ברודער קלעמענטיוס קען מיר דא העלפען.

ער האט זיך געזעצט צום טיש און האט אָנגעשריעבען אפּאָר ווערטער אויף א בייגעלע פּאפּיער. ער האט עס צונויפגעלעגט, פערזיעגעלט און א קוועטש געטהאָן א קנעפּעל אין זיין שרייב־טיש. זיין לייב־דיענער איז אריינגעקומען.

— טראג אפּ דיעזען צעטעל אין אלעקסאנדראָ־נעווסקי מאָנאסטיר. קיין ענטפער דארף מען ניט.

דער דיענער איז פערשוואונדען מיטין צעטעל אין דער האנד.

— איך מוז שנעל האנדלען, איך מוז מיינע ענטשליעסע באלד אויספיהרען. א רוסישער קייסער דארף שטענדיג בערייט זיין אויף אלעס. ער קען קיין מאל ניט וויסען, וואס מארגען וועט זיין מיט איהם.

דער פעסטער בעשלוס, וואס ער האט יעצט געפאסט צו פערזארגען זיינע אונ־געזעצליבע קינדער, האט איהם אביסעל בערוהיגט. ער האט זיך צוריקגעזעצט צו זיין שרייב־טיש און האט אנגעהויבען צו בלעטערן צווישען דיא פּאפּיערען, וואס זיינען גע־לעגען פאר איהם צום אונטערשרייבען. ער האט פּראָבירט דורכלעזען אייניגע דאקר מענטע און האט זיי באלד צוריקגעלעגט. אין דיעזע צייט איז אריינגעקומען דער דעזשורני גענעראַל און האט געמעלדעט, אז גענעראַל דראגאמיראָווווארט אין פּאָרצימער. דער קייסער האט איהם געהייסען באַלד אריינפיהרען.

גענעראַל דראגאמיראָוו איז אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— קומט נעהנטער, ליעבער גענעראַל, האט איהם דער קייסער געזאגט פריינד־ליך און האט איהם געוויעזען אויף א שטוהל לעבען זיין שרייב־טיש.

גענעראַל דראגאָמיראָוו האט זיך פערנייגט און האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל, וואס דער קייסער האט איהם אנגעוויעזען.

— איך האב אייך געשיקט רופען, ווייל איך וויל פון אייך האבען אויסקונפט איבער א קאפּיטאן ראטשינסקי פונ'ם הוסארען רעגימענט נומער 113. דיעזער ראטשינ־סקי האט געענדיגט דיא מיליטער אקאדעמיע, וואו איהר זייט פּראָפעסאָר; ער דיענט יעצט אין א רעגימענט, וועלכער איז אונטער אייער קאָמאנדא. איך בין זיכער, אז איהר קענט איהם גוט און קענט מיר זאגען, ווער ער איז און פון וואנען ער שטאמט.

— איז עס דערזעלבע, וועלכער איז פליגעל אדיוטאנט ביים גראָספירסט קאָנ־סטאנטין? האט דראגאמיראָוו געפרעגט.

— עס איז דערזעלבער.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, האט גענעראל דראגאמיראוו געזאגט, וואס איך קען אין דיעזער בעציעהונג געבען אייער קייזערליכער מאיעסטעט ווענינ אויסקונפט. קאפּיטאן ראטשינסקי איז שטענדיג געווען פאר מיר א געהיימניס. איהם האט אריינגעגעבען אין דיא מיליטערישע אקאדעמיע זיין מוטער. אין זיינע דאקומענטען שטעהט, אז ער איז אן עדעלמאן (דוואריאנין) פון טשערניגאווער גובערניע. ער האט זיך געלערנט אין דער אקאדעמיע זעהר גוט, האט בעקומען דיא זילבערנע מעדאליע אויפ'ן אויסלאס עקזאמען און איז באלד אריינגעטרעטען אלס אָפיציער אין הוסארען רעגימענט נומער 113. מיר האבען זיך אנפאנגס אויף איהם זעהר ווענינ אומגעקוקט. ער איז געווען א שטילער, רוהיגער יונגער מאן, וועלכער האט זיך גאנץ גוט אויפגעפיהרט. באלד אָבער האבען זיינע קאמעראדען אויסגעפונען, אז זיינע מוטער איז אן איינפאכע ארבייטערין און דיענט אלס בוכהאלטערין אין א קאנטאָר. עס איז זיי געווען א שאנדע צו האבען אזא קאמעראד. בעזאנדערס אבער איז געווען געגען איהם דער פירסט מעשטשערסקי. מיר האבען איהם געשיקט רופען און האבען איהם געגעבען צו פערשטעהן אז ער זאל זיך אָפּזאגען פון'ם דיענסט. ער האט אונז ניט געענטפערט. אין איינינע טעג ארום איז זיין מוטער ארויסגעפאָהרען פון פעטערבורג. פון דאמאלס אן האבען מיר אנגעהויבען זיך נאכצופרעגען, ווער דער ראטשינסקי איז. מיר האבען אבער גאר ניט געקענט ארויסגעפינען. אייניגע זאגען, אז זיין פאטער איז געשטארבען, אנדערע זאגען, אז ער לעבט ניט מיט זיין מוטער; ווידער אנדערע זאגען, אז ער איז א נאטירליכעס קינד (א ממזר) פון א פּאלנישען גראף. מיר האבען געשיקט פרעגען אין טשערניגאווער גובערני און האבען ערהאלטען זאנדערבארע נאכריכטען: דארט געפינט זיך גאר ניט קיין דוואָריאנין מיט'ן נאמען ראטשינסקי.

— נו, און איהר האט געשוויעגען? איהר האט איהם ניט איבערגעגעבען א קריעגס-געריכט אלס בעטריגער? האט אלכסנדר II געפרעגט ערשטוינט.

— איך האב בעגאנגען א גרויסען פעהלער און מוז בעטען אייער קייזערליכער מאיעסטעט אום ענטשולדיגונג. איך האב איהם געוואלט איבערגעבען א קריעגס-געריכט. אין דערזעלבער צייט אבער האט זיך געטראָפען דער פאל, וואס ער האט גערעטעט דאס לעבען פון'ם גראָספירסט קאָנסטאנטין מיט זיין פרוי. דער גראָספירסט האט איהם געמאכט פאר זיין פליגעל-אדיוטאנט און האט איהם געגעבען דעם טשין (ראַנג) פון א קאָפּיטאן. אייער קייזערליכע מאיעסטעט האט אלעס בעשטעטיגט און מיר צוגעשיקט דעם בעפעהל דורכ'ן קריעגס-מיניסטער. ראטשינסקי איז פּלוצלונג געוואָרען א העלד. אלע צייטונגען האבען פון איהם געשריעבען, אלע האבען פון איהם גערעדט. איך בין געווען אין דער גרעסטער פערלעגענהייט. ווען איך זאל איהם געווען דאמאָלס איבערגעבען א קריעגס-געריכט, וואלט געוואָרען א שרעקליכער סקאנדאל. דער גראָספירסט קאָנסטאנטין וואלט געווען אויפגעטראגען, עס וואלט ארויסגעקומען אונאנגעהמליכקייטען. איך האב געדעכענט, אז איך וועל האנדלען אלס א טרייער דיענער פון אייער קייזערליכען מאיעסטעט, ווען איך וועל דיא גאנצע געשיכטע פערגלעטען און פערוזישען. אויסערדעם האב איך געפונען, אז דער יונגער מאן אליין איז דאך אונשולדיג. עס איז גיכער צו גלויבען, אז זיין מוטער האט אנגענומען א פרעמדען נאמען און

ער ווייס גאר דערפון ניט. איך אליין קען אויף איהם קיין פעהלער ניט אויסזעצען דיא גאנצע צייט, וואס איך קען איהם. ער איז א שטילער, רוהיגער און פלייסיגער יונגער מאן. איך געשטעהע מיין פעהלער, קייזערליכע מאיעסטעט, איך האב עס געטהאן נור אויס טרייהייט און ערגעבענהייט צו מיין קייסער. איך האב איהם ניט געוואלט בעאונרוהיגען.

— איהר האט איין זאך ניט גלייך געטהאן, האט דער קייסער געזאגט מיט א פארוואורף. ווארום האט איהר עס מיר באלד ניט געמעלדעט? אזא זאנדערבארען פאל האט איהר ניט געדארפט בעהאלטען פון מיר. דער קייסער מוז אלעס וויסען, איהם מוז מען אלעס מעלדען.

— ווינאוואט! איך בעקען מיך אלס שולדיג, מאיעסטעט, און בעט אום פער־צייהונג, האט גענעראל דראגאמיראוו געזאגט מיט א ביטענדע שטימע.

— איך פערצייה אייך דאס מאל, ווייל איך קען אייך אלס מיין טרייען און ערגעבענעם דיענער, דאס צווייטע מאל אבער זאל אזא פאל ניט פארקומען. דיא אפיציערען פון מיין גלענצענדער ארמעע דארפען אלע זיין עדעל לייט (דוואריאנעם) פון גוטע עלטערן, אבער ניט קיין בראדיאגעס (וואגאבונדען) מיט פאלשע דאקומענטען. פערגעסט ניט, גענעראל, וויא טיעף אונזער ארמעע קען פאלען, ווען עס וועלען זיך אריינגנבענען איי איהר אזעלכע מענשען אהן א נאמען, אהן עלטערן, מיט פאלשע פאפיערען. —

— איך פערזיכערע נאך אמאל אייער קייזערליכער מאיעסטעט, אז דאס וועט ווייטער ניט פארקומען. איך וועל שוין זיין זעהר שטרענג און וועל מיך גוט ערקונדיגען איבער יעדען אפיציער, וואס איך וועל אויפנעהמען. — וואס בעפעהלט מיר אייער קייזערליכע מאיעסטעט יעצט צו טהאן מיט דיעזען ראטשינסקי? דער גראספירסט קאנסטאנטין....

— שיקט איהם רופען און ווייזט איהם, וואס דער טשערניגאווער גובערנאטאר שרייבט איבער איהם; זאגט איזהם, אז דאס אי. בעטרוג און דערפאר קען מען איהם איבערגעבען א קריעגסגעריכט (וואיעני סוד) ווען ער וויל אבער פערשווינדען, אז מען זאל פון איהם קיין מאל ניט הערן און ניט זעהן, וועט מען מאכען א שוויג און דיא גאנצע זאך דערשטיקען. איך פערלאז מיך אויף אייך, גענעראל, אז איהר וועט עס אזוי איינריכטען, אז ווען ער וועט ארויסגעהן פון אייער קווארטיר, זאל מען איהם שוין מעהר ניט זעהן און פון איהם מעהר ניט הערן.

— איך וועל טהאן אלעס מעגליכע אום צו פערבעסערן דעם פעהלער, וואס איך האב פריהער בעגאנגען מיט דיעזען ראטשינסקי.

דער קייסער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, א צייכען אז דיא אודיענץ האט זיך געענדיגט. גענעראל דראגאמיראוו האט זיך פערנייגט און ארויסגעגאנגען מיט'ן געזיכט צום קייסער און מיט'ן רוקען צו דער טהיר. קוים איז דער קייסער געבליעבען אליין, האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געזאגט:

— אלזא, איך האב מיך ניט אפגענארט. מען האט אומיסטען אריינגעפיהרט א ראטשינסקי אין מיין ארמעע אום מיך צו דערמאנען אן דיא אלטע טרויעריגע געשיכטע.

דער נאמען ראַטשינסקי איז א פאַלשער, עס איז גאר אזא נאמען ניטא. מיין גראָס־מוטער, עקאטערינא II האט זיך געזאָרגט, אז מיט'ן נאמען פּרינצעסין טאראקאנאוואַ זאל פערשווינדען פון רוסלאנד דער נאמען ראַטשינסקי. — ווער האט איהם אלזא ווידער אויסגעגראבען און מיר איהם געוואָרפען אין וועג? — מעגליך, אז דאס האט גאר געטהאן א גוטער פריינד, וועלכער האט מיר געגעבען א ווינק אויף אזא זאָנדער־בארער אַרט? — גוטע פריינד! וואו נעהמט מען דיא גוטע פריינד? מיין אייגענער זוהן, מיין קראָנפּרינץ, מיין נאכפאָלגער קוקט אויך אויף מיר קרום: איך פערשטעל איהם דעם וועג; מיינע ברידער זיינען מיט מיר ניט צופריעדען. יעדער וויל מעהר, וויפיעל איך קען איהם געבען. פון מיינע הויפלייט איז ניטא וואס צו רעדען. זיי זיינען מיר גוטע פריינד, זאלאנג זיי ערווארטען פון מיר אָרדענס און גוטע שטעלען. — וואו נעהמט מען גוטע פריינד? — ניין, דאס האט מיר א פיינד געטהאן. ראַטשינסקי מוז פערשווינדען. קיין נאמען ראַטשינסקי זאל אין רוסלאנד ניט זיין! איך וועל פערניכטען מיינע פיינד און וועל זיי צוטרעטען אונטער מיינע פיס! איך האב יעצט א טרייען דיענער, לאָרים מעליקאָוו, וועלכער וועט מיר העלפען טראגען דיא שווערע משא פון דער רעגיערונג. איך וועל האבען מעהר צייט מיך אומצוקוקען, וואס עס טהוט זיך ארום מיר.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען. אויף דער טהיר האט זיך געוויעזען דער גרויער קאָפּ פון'ם קייזער'ס לייב־דיענער.

— נו, וואס ווילסט דוא, איוואן? האט איהם דער קייזער געפרעגט.

— ברודער קלעמענטי ווארט אין זייטען צימער, האט דער לייב־דיענער געענטפערט.

— פיהר איהם אריין דורך דעם פינסטערן קארידאר. קיינער זאל איהם ניט זעהן.

דער לייב־דיענער איז פערשוואונדען און אין א פּאר מינוט ארום איז ברודער קלעמענטיוס ארויסגעשוואומען פון'ם פינסטערן קארידאר. ער האט זיך אין דיעזע צייט וועניג געענדערט, נור זיינע האר זיינען ווייס געוואָרען און ער האט בעקומען א גרעסערן בויך, זא דאס ער האט יעצט אויסגעוויעזען ניעדעריגער. ער איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום קייסער און האט געמאכט א קרייץ איבער זיין קאָפּ.

— וואס בעפעהלט מיין קייסער, דער בעשיצער פון אונזער היילינער קירכע? האט ער געפרעגט מיט זיין גראָבער באס שטימע.

— זעצט אייך, פרומער ברודער, איך האב יעצט קיינע בעפעהלע פאר אייך, אים געגענטהייל איך וויל ביי אייך פרעגען א ראטה אין א וויכטיגע גלעגענהייט.

— דיא היילינע קירכע און איהרע דיענער זיינען שטענדיג בערייט צו דיענען מיט ראטה און טהאט יעדען, ווער עס ווענדעט זיך צו זיי, האט ברודער קלעמענטיוס געזאגט מיט א פרומער מינע און האט פערגלאָצט דיא אויגען.

— איך האב דיר א מאל אונטערן היילינען זיעגעל פון דער בייכטע (איספּאָוועד) פערטרויט מיין געהיימניס. איך ליעב דיא פירסטין סעראפינא דאלגארוקאיא. פון דיעזער ליעבע זיינען ארויסגעקומען דריי קינדער, צוויי זיהן און איין טאכטער. איך האב זיי געגעבען דעם טיטול פון פרינצען און פרינצעסין יוריעוו. ביז אהער אבער האב איך

**ייער טיטול ניט געקענט בעפעסטיגען דורך אן עפענטליכען אַקט, דורך א דאקומענט,** יועלכער זאל בעשטעטיגען פאר זיי דיעזען טיטול. איך קוק אין דער צוקונפט און וויל זיי פערזאָרגען אין דער צייט, ווען איך וועל א מאל ניט זיין. וויא זאל איך עס מאכען. אז דיא וועלט זאל זיי א מאל אנערקענען אלס מיינע קינדער?

— נור דיא הייליגע קירכע פערבינדעט א מאן מיט א פרוי און פעראייניגט זיי אויף אייביג, האט דער פרומער ברודער געזאגט. נור דיא הייליגע קירכע מיט איהר זעגען (ברכה) גיט קינדער דאס רעכט, זיי זאלען רופען איינעם פאטער. ווען אייער קייזערליכע מאיסטעט זאל ערלויבען דיא הייליגע קירכע אייך צו פעראייניגען מיט דער פירסטין, דאן איז אלעס פעסט און הייליג; דאן וועלען דיא הערשער, וואס וועלען זיין נאך אייך מוזען אנערקענען דיא פֿרינצען יוריעוו. זיי וועלען דאן האבען אלע רעכטע און אלע פֿריווילעגיען פֿון געבאָרענע פֿרינצען. זייער פאטער וועט דאן האבען דאס רעכט זיי צודערמאנען אין זיין טעסטאמענט און קיינער וועט ניט קענען בעשטרייטען זייערע רעכטע. אהן דעם זעגען אבער פֿון דער הייליגער קירכע האט דער טעסטאמענט פֿון'ם הערשער א קליינעם ווערטה אין אזא פאל.

דער קייסער האט זיך פערטראַכט. איהם איז ניט געפעלען דער שטאָלצער טאָן פֿון'ם גייסטליכען. ער האט אבער באלד איינגעזעהן, אז ער האט רעכט. ברודער קלע־מענטיוס האט פערשטאנען, אז ער האט געמאכט א שלעכטען איינדרוק אויפ'ן קייסער מיט זיינע ווערטער און האט זיך געאיילט צו פערגלעטען דיעזען שלעכטען איינדרוק.

— אין דער געשיכטע פֿון רוסישען קייזערליכען פֿאמיליע האט ער געזאגט, געפינען מיר פיעלע אזעלכע ביישפֿיעלע. דיא קייסערין יעליסאוועטא פֿעטראָוונא האט געהייראטעט שטילערהייט איהר געליבטען, דעם גראף ראזומאָווסקי. דער מיטראָפֿאָליט פילארעט האט זיי פעראייניגט אין דער קירכע פֿון אלעקסאנדרא־נעווסקי מאנאסטיר. אלס צייגען זיינען געווען דער גראף שרוואלאָוו און דער פירסט גאגארין. דיא קינדער פֿון דיעזער ליעבע זיינען דערנאך געווען בעקאנט אלס דער פֿרינץ און דיא פֿרינצעסין טאראקאנאָוו. דיא בעריהמטע, גלענצענדע און קלוגע קייזערין עקאטערינא II האט געהייראטהעט שטילערהייט איהר געליעבטען, דעם פירסט פֿאָטיאָמקין.

— איך וויים עס, האט איהם אונטערבראָכען דער קייסער. איך קען זעהר גוט דיא געשיכטע פֿון רוסלאנד. איך וויל דיך נור פרעגען אויב דער מיטראָפֿאָליט פֿעאָפֿעאָן וועט וועלען אונז געבען זיין זעגען און וואו דיא טרויאונג זאל שטאטפינדען. איך געפין, אז פֿעטערבורג איז ניט דער פֿאסענדע פֿלאץ דערצו.

— דאס בעסטע וואָלט געווען, אז דיא צערעמאָניע זאל שטאטפינדען אין ליוואדיא, האט דער פרומער ברודער געענטפערט. דיא קרים איז ווייט פֿון פֿעטערבורג. דאס קייזערליכע שלאָס ליוואדיא ליעגט אין א געגענד, וואו עס וואינען נור טאטאַרען. איך וועל בעזאָרגען, אז דער מיטראָפֿאָליט זאל פאהרען קיין ליוואדיא אום דיא טרויאונג צו בעזארגען. איך וועל בעזאָרגען דיא נייטיגע זאכען. אייער קייזערליכע מאיעסטעט יועט נור דארפען אנשרייבען אייער ווילען, וויא אזוי צו פערזאָרגען דיא פֿרינצען יוריעוו. דאס דאקומענט איבער דיא טרויאונג און דאס דאקומענט איבער דיא פֿרינצען וועלען

אונטערשריעבען ווערן צו גלייכער צייט פון דיעזעלבע צייגען. איך האָף, אז דער מיטראָ־פּאָליט וועט אונטערשרייבעןביידע דאָקומענטען*).

— דוא האָסט רעכט, פּרומער ברודער, אין ליוואדיע וועט דיא טרויאונג גאַנץ שטיל און גאַנץ רוהיג פאָרקומען. קיינער וועט דערפון ניט וויסען. דיא דאקומענטע דאגעגען וועלען האבען א גרעסערן ווערטה, ווען זיי וועלען זיין געשריעבען אין א קייזער־ליכען שלאָס.

עס פרייט מיך, האט ער ווייטער געזאגט, וואס איך האב צווישען מיינע גייסט־ליכע א מענשען, וויא דוא, וועלכער פערשטעהט צו געפינען אן אויסוועג אין אייניגע גאַנץ דעליקאַטע פעלע.

— דיא הייליגע קירכע לערגט אונז: „זייט קלוג, וויא דיא שלאַנגען און שטיל, וויא דיא לעמער", האט דער פרומער ברודער געזאגט. אן אמת'ער דיענער פון גאָט און זיין קירכע דאַרף שטענדיג וויסען א מיטעל אין יעדע לאגע פון'ם מענשליכען לעבען. גאָט פערלאָזט אונז ניט און פיהרט אונז שטענדיג אויף זיינע וועגען.

— גערה, פרומער ברודער, און מאַך אלעס בערייט, וויא מיר האבען אָפּגערעדט. עס איז יעצט מערץ, אין אפּריל קען איך פאהרען קיין ליוואַדיא. עס וועט קיינעם ניט וואונדערן, וואס איך פאהר צוברענגען דעם פריהלינג אין דעם רוסישען איטאַליען, אין דער קרים.

ברודער קלעמענטיוס האט זיך אויפגעהויבען. דער קייסער האט אנגעבויגען דעם קאָפּ און דער גייסטליכער האט געמאכט איבער איהם א קרייץ. ווען ברודער קלע־מענטיוס איז פערשוואונדען אין פינסטערן קאָרעדאָר, האט אלעקסאנדער II אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געזאגט מיט א זאנדערבארען שמייכעל.

— דיא גייסטליכע זיינען דאָך דיא בעסטע שטיצער פון מיין טראָהן. מיט זיי קען מען דאָך אלעס מאכען. זיי זיינען דאָך א מאַכט, וועלכע קען ניצליך זיין. — אבער וויא דיא פרומע מענער זיינען בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רוסישען קייזער־ליכען פאמיליע? וויא זיי וויסען אלע קלייניגקייטען, וואס זיינען פאָרגעקומען ביי אלע הערשער און הערשערינען פון רוסלאַנד? ער וואלט מיר געוויס געוועזען אויסגערעכענט אלע אינטריגען און אלע סקאַנדאלען, וועלכע זיינען פארגעקומען אין רוסישען קייזערליכען האָף פון ריוריק דעם ערשטען ביז אלכסנדר דעם צווייטען, ווען איך וואלט איהם ניט געוועזען אונטערבראכען — וואס געהט ער מיך אָבער אן? איך וועל איהם ווארפען א ביין און ער וועט שווייגען. עס איז גוט, וואס ער וועט מיר פערהעלפען אויסצופיהרען מיין פּלאַן; איך קען מיך מיט איהם בעדיענען, איך קען איהם אויסקוועטשען, וויא מען קוועטש אויס א לימינע און דערנאָך אוועקווארפען.

*) דער פאַקט אז אלעקסאנדער II האט נאכ'ן טויט פון דער קייסערין, מאַריא פעאָדאָ־ראָוונא געהייראַטהעט שטילערהייט אין ליוואַדיא דיא פירסטין דאלגארוקי, איז היסטאָריש וואַהר. אלעקסאנדער III האט אנפאנגס ניט געוואָלט וויסען פון דיא פרינצען יוריעוו. עס האבען זיך אבער געפונען גוטע פריינד, וואס האבען עס ענדליך דורכגעזעצט. ערשט אין 1889, אַכט יאהר נאך אלעקסאנדער II טויט, האט אלעקסאנדער III אנערקענט דיא פרינצען יוריעוו און האט זיי בעשטימט א געהאַלט פון דרייסיג טויזענד רובעל א יאהר יעדען.

א. טאנענבוי.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט ביים טיש, האָט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א ראָזא בייגעלע פאפיער, האט עס אריינגעלעגט אין א קאָנווערט און האט עס פערזיעגעלט. דאן האט ער א קוועטש געטהאן א קנעפעל אין דער טהיר דער לייב־דיענער איז אריינגעקומען.

— טראָג אפּ דיעזען בריעף צו דער פירסטין דאָלגאָרוקי, אבער שנעל! האט ער איהם געזאגט.

ווען דער דיענער איז פערשוואונדען געווארען, האט ער זיך אנגעקוקט אין שפּיע־געל און האט געזאגט:

— איך האב שוין היינט גענוג געארבייט, איך מעג מיך שוין אָפּרוהען. איך בין מיעד פון דיעזער רעגיערונג, פון דיעזע געשעפטען. אך! וויא שווער איז עס צו טראָגען א קרוין אויפ'ן קאפּ! מיט איין האנד מוז איך צושניידען צוויי ליעבענדע, איך מוז זיי צורייסען און טרעטען זייערע געפיהלע מיט דיא פיס; מיט דער אנדערע האנד זוך איך צו פעראייניגען צוויי ליעבענדע און זיי פעסטער פערבינדען דורך א גייסטליכען און דורך דאקומענטען. איז עס ניט זאנדערבאר? פון ווענען אנדערש קען מען פאָדערן אזעלכע צוויי האנדלונגען אלס פון א קייסער? און דאך בין איך איןביידע פעלע גע־צוואונגען עס צו טהאן. איך קען ניט אנדערש!

מיט דיעזע ווערטער איז ער אריין צו זיך אין שלאָף־צימער זיך אפּרוהען פיר הייטע אָבענד.

— — — — — — — — — — — — — —

## 89טעס קאפּיטעל.

## פירסטען גנאַדע.

וולאדימיר איז געגאנגען מיט'ן אדיוטאנט פון גענעראל דראגאמיראוו און האט אלץ געטראכט, וואס זאל איהם דער גענעראל דארפען? ביז אהער פלעגט ער ער־האלטען דיא בעפעהלע פון'ם גענעראל דורכ'ן פּאָלקאָווניק, מיט'ן גענעראל פלעגט ער רעדען זעהר זעלטען. וויא קומט עס פלוצלונג, וואס דער גענעראל האט געשיקט זיין אדיוטאנט איהם רופען? עס האט איהם געקלאפּט דאס הערץ, ווען ער איז צוגעקומען צו דער טהיר. דאס הארץ האט איהם געזאגט, אז דער גענעראל האט איהם געשיקט רופען ניט צום גוטען. ענדליך זיינען זיי אריין אין הויז. דער אדיוטאנט האט איהם אריינגעפיהרט אין גענעראל דראגאמיראוו'ס קאבינעט און איז אליין ארויסגעגאנגען. אין קאבינעט איז קיינער ניט געווען. וולאדימיר האט צייט געהאט זיך אנצוקוקען אין שפּיעגעל און זעהן, וויא ער איז אין גאנצען פארענדערט געווארען איבער נאכט. ער איז געווען בלייך, אונטער דיא אויגען האבען זיך געוויזען גרויסע בלויע רעדער, זיינע ליפּען זיינען פערברענט און פערדארט, וויא איינער וואס איז איבערגעשטאנען א שווערע קראנקהייט. און אויף דיא באקען צו דיא אויערן צו האבען זיך געוויזען געלע פלעקען. — אין זיין יונגער זעעלע איז שוין געפאלען דער ערשטער זאמען פון ליידען און שמערץ, וועלכער קען זיך צרוואקסען און ווערן א גרויסער בוים מיט א שרעקליכען, דונקעל שווארצען שאטען, דורך וועלכען קיין זאנענשטראהל פון האפנונג קען שוין ניט דורכדרינגען. דיא מענשליכע ליידען האבען שוין אויף איהם ארויפגעלעגט זייער ערשטען

שטעמפעל און זיין שווארצע פארב האט זיך אפגעצייכענט אונטער דיא אויגען און אויף דיא באקען.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און גענעראל דראגאמיראוו איז אריינ־געקומען. וולאדימיר האט אציטער געטהאן און האט איהם בעגריסט מיליטעריש. גענעראל דראגאמיראוו האט זיין גרוס ניט געענטפערט, ער האט איהם זאגאר ניט געהייסען זיך זעצען. ער אליין האט זיך אויך ניט געזעצט און איז געשטאנען געגען איהם שטאלץ און שטרענג, וויא א ריכטער געגען א פערברעכער, וועלכען ער פעראורטהיילט שוין צום צווייטען מאל.

— פון וואנען זייט איהר א געבארענער, ראטשינסקי?

דיעזע פלוצלונגע פראגע האט איבערראשט וולאדימיר'ן, אזא פראגע שטעלט ניט א גענעראל זיינעם א קאפיטאן.

— איך בין געבארען געווארען אין פעטערבורג, האט וולאדימיר געענטפערט מיט א שוואכער, ציטערנדער שטימע.

— אבער פון וואנען זיינען אייערע עלטערן? האט דראגאמיראוו געפרעגט גע־רייצט. איהר האט דאך צוגעשטעלט דאקומענטען, ווען איהר זייט איינגעטרעטען אין רעגימענט; איהר האט דאך געוויס געהערט פון אייערע עלטערן, ווער זיי זיינען און פון וואנען זיי זיינען? האט אייך אייער מוטער קיין מאל ניט געזאגט, פון וואנען איהר זייט?

— זיא האט מיר געזאגט, אז מיר זיינען פון טשערניגאווער גובערני, האט וולא־דימיר קוים ארויסגערעדט, מיינע דאקומענטען זאגען אויך דאסזעלבע.

— אזוי? איהר זייט פון טשערניגאווער גובערני? האט געזאגט גענעראל דרא־גאמיראוו מיט א בייסענדען געלעכטער. דאס וועלען מיר באלד זעהן.

ער האט געעפענט א שובלאדע פון זיין שרייב־טיש, האט ארויסגענומען א בויגען פאפיער און האט איהם דערלאנגט וולאדימיר'ן.

— לעזען זיא, הערר קאפיטאן, בעזאימיאני (נאמענלאז) אנדערש קען איך אייך ניט רופען. לעזען זיא דיעזעס פאפיער און זאגט מיר ענדליך, וויא הייסט איהר און ווער זייט איהר?

וולאדימיר איז געבליעבען שטעהן, וויא פון דונער דערשלאגען. ער איז דורכגע־לאפען מיט דיא אויגען דאס פאפיער, וואס גענעראל דראגאמיראוו האט געהאלטען פאר איהם, און האט ניט פערשטאנען א ווארט. דיא שווארצע בוכשטאבען האבען געטאנצט פאר זיינע אויגען אויפ'ן ווייסען פאפיער און האבען געבילדעט שרעקליכע פיגורען. וולאדימיר'ן האט דער קאפ אנגעהויבען צו שווינדלען, ער איז שיער ניט אומ־געפאלען. דראגאמיראוו האט עס בעמערקט.

— א גלאז וואסער, קאפיטאן? האט ער געזאגט.

וולאדימיר האט אייניגע מינוטען ניט געקענט ענטפערן. אויף זיין בלייכען שטערן איז ארויס א קאלטער שוויס און טרערין האבען איהם געווארגען, אז ער האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. גענעראל דראגאמיראוו האט געזעהן, אז ער איז געגאנ־

גען צו ווייט. א פונק פון מיטלייד האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען אין זיין פערשטייר־נערטען סאלדאטען הערצען.

— בערוהיגט אייך, קאפּיטאַן, האט ער געזאגט, מען וויל אייך קיין שלעכטעס ניט טהאָן.

— וואס פערלאַנגט מען פון מיר? וואס זאל איך טהאָן?

— זיך ענטזאגען פון דער ארמעע און קיין פּעטערבורג ניט קומען, האט דראגאָ־מיראָוו געענטפערט פעסט.

— וואס איז מיין פערברעכען? וואס האב איך געזינדיגט, וואס מען איז אזוי שטרענג געגען מיר? האט וולאדימיר געפרעגט עטוואס רוהיגער.

— אייערע דאָקומענטען זיינען פאלש, איהר הייסט א וואגאבונד (א בראָדיאגא) איך וואלט אייך אייגענטליך געדארפט איבערגעבען א קריעגס־געריכט, וועלכעס וואלט אייך זעהר שטרענג בעשטראפט, אבער פון א העכערן ארט האט מען מיר געגעבען א ווינק, איך זאל קיין סקאנדאל ניט מאכען און זאל אייך הייסען פערשווינדען פון פּע־טערבורג.

וויא א בליץ איז דורכגעלאָפען דורך וולאַדימירס קאָפּ דער געדאנקען, אז דאס קומט פון גראַספירסט קאָנסטאנטין, אז ער האט געגעבען דעם גענעראל דראגאמיראוו דעם בעפעהל, ער זאל איהם זעהן ארויסטרייבען פון פּעטערבורג. ער האט זיך אבער נאך געוואלט איבערצייגען, אויב ער האט ריכטיג געראטהען און האט געפרעגט:

— ווען זאל איך אוועקפאהרען, אדער וויא איהר רופט עס, פערשוואונדען ווערן?

— נאך היינט, באלד, האט גענעראל דראגאמיראוו געענטפערט שטרענג.

— איך האב פריינד, בעקאנטע און וואלט זעהר געוואלט פון זיי אפּשיעד נעהמען, וועט איהר מיר עס וועניגסטענס ערלויבען?

— עס טהוט מיר לייד, איך קען אייך גאר נישט ערלויבען. איהר מוזט באלד פערשוואונדען ווערן פון פּעטערבורג און קיין מאל זיך מעהר דא ניט ווייזען.

וולאדימיר האט זיך אימער מעהר בערוהיגט, ריכטיגער געזאגט, ער האט זיך געשטארקט צו ווייזען, אז ער איז רוהיג. ביי איהם אין הארצען האט עס געקאָכט און געזאטען, וויא אין א קעסעל. ער האט זיך נור אזויפיעל בערוהיגט, וואס יעצט וויים ער וויינינגסטענס, ווער עס איז זיין פיינד; יעצט פערשטעהט ער וועניגסטענס דיא אור־זאכע, פאר וואס מען טרייבט איהם ארויס פון דער ארמעע, פון פּעטערבורג און פון זיין ליעבע. פריהער, ווען גענעראל דראגאמיראוו האט איהם געוויעזען דעם בריעף פון׳ם טשערניגאָווער גובערנאטאר, האט ער געמיינט, אז מען איז עפּעס געוואהר געווארען וועגען זיין פאָטער, וועגען זיין מוטער, עטוואס שענדליכעס, עטוואס שרעקליכעס. יעצט אבער וויים ער שוין, אז זיין איינציגעס פערברעכען איז זיין ליעבע צו דער פּרינצעסין זויערא. ער האט געוואלט זיך נאך מעהר איבערצייגען, וויא וויט דער פירסטען דאנק געהט. און האט געזאגט:

— איך וועל טהאן, וואס איהר הייסט מיר, איך וויל נור געהן אין פּאלאץ פון׳ם גראַספירסט קאָנסטאנטין, וועל צונויפנעהמען מיינע זאכען, וועל אבשיעד נעהמען פון׳ם גראספירסט און וועל באלד אוועקפאהרען.

— אייערע זאכען וועט מען אייך צושיקען, וואוהין איהר וועט הייסען, האט גע־נעראל דראגאמיראוו געזאגט שטרענג. איהר וועט אונטערשרייבען דיעזעס פאפיער וואס ליעגט ביי מיר אויפ׳ן טיש, און וועט זיך אויפזעצען אויף דער ערשטער דראשקע, וועלכע וועט אייך צופיהרען צום באהן־האף. מיין אדיוטאנט וועט אייך בעגלייטען.

— וואס איז דאס פאר א פאפיער, וועלכעס איך דארף נאך אונטערשרייבען?

— אז איהר זאגט אייך אפ פון דעם דיענסט און טרעט ארויס פון דער ארמעע.

— צו וואס נאך דיעזע פארמאליטעט? האט געזאגט וולאדימיר מיט א ביטערן געלעכטער. מען טרייבט מיך ארויס, מען יאגט מיך ארויס, איך טויג וועמען ניט, איך פאס ניט פאר וועמען. דאס פערשטעה איך, אבער וואצו נאך דיעזע פאפיערען, דיעזע דאקומענטען, דיעזעס אונטערשרייבען?

— וואלט איהר בעסער געוואלט, אז מען זאל אייער נאמען אויסמעקען פון דער ליסטע פון דיא אפיציערען, וויא מען טהוט מיט א פערברעכער? האט איהם דער גע־נעראל געפרעגט. איהר דארפט דאנקבאר זיין א געוויסע, זעהר הויך געשטעלטע פער־זאן, וועלכע פאדערט, אז מען זאל אייך בעהאנדלען אזוי פריינדליך.

— דאנקבאר זיין? האט געלאכט וולאדימיר. א שעהנעס ווארט! דאנקבאר זיין דיא רוט, וואס שמייסט אייך דערפאר, וואס זיא טרעפט אייך ניט אין געזיכט און שלאגט אייך ניט אויס דיא אויגען!

ער האט געחאפט דיא פעדער און האט האסטיג אונטערגעשריעבען דאס פא־פיער, וואס איז געלעגען ביים גענעראל אויפ׳ן שרייב־טיש.

— יעצט בין איך פערטיג, מיין ראלע איז אויסגעשפיעלט, דער פארהאנג איז אראפגעפאלען, איך קען שוין געהן.

ער האט זיך פערנייגט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. אבערמאלס האט זיך א פונק פון מיטלייד געריהרט אין דראגאמיראוו׳ס הערץ. ער איז איהם נאכגעגאנגען און האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף וולאדימירס פלייצע.

— עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איהר מוזט ארויסגעהן אויף אזא ארט פון מיין קווארטיר, האט ער איהם געזאגט פריינדליך. איך בין שטענדיג מיט אייך צופריעדען געווען, איהר האט פלייסיג געלערנט אין דער אקאדעמיע און זייט געווען א גוטער אפיציער. ליידער, זיינען פארגעקומען אומשטענדע, וועלכע מען האט ניט געקענט פאראויס זעהן און צווינגען מיך אזוי צו האנדלען געגען אייך.

— שוין גוט, האט וולאדימיר געזאגט, איך האב צו אייך גאר נישט.

ער האט אנגענומען דעם שלאס פון דער טהיר און האט זיא געוואלט עפענען. דער גענעראל האט איהם צוריקגעהאלטען.

— איילט ניט אזוי, יונגערמאן, איך האב נאך צו אייך א פראגע. — האט איהר מיט וואס צו פאהרען? האט איהר געלד מיט זיך?

ער האט ארויסגענומען פון דער קעשינע א פארטמאנע און האט ארויסגענומען א פאר הונדערטער.

— איך דאנק אייך, גענעראל, איך דארף קיין געלד ניט, האט וולאדימיר גע־זאגט. — זייט געזונד, גענעראל!

מיט דיזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען אין פּאָרהויז. גענעראל דראגאָמיראָוו האט אנגעקלונגען, זיין אדיוטאנט איז אריינגעקומען.

— נעהם א דראָשקע און פאהר צו מיט׳ן קאפּיטאן ראטשינסקי צום באהנהאָף, נעהם פאר איהם א ביליעט ערשטער קלאָסע קיין מאסקווא, דוא זאָלסט ווארטען אויפ׳ן באהן־האָף, ביז ער וועט אוועק פאהרען. שנעל! ווען דוא וועסט צוריקקומען, זאָלסט דוא מיר מעלדען,

דער אדיוטאנט איז ארויסגעגאנגען און האט געטראָפען וולאדימיר׳ן שטעהן אין פּאָרהויז, וויא א בילד פון שטיין. וולאדימיר האט אנגעהויבען צו פיהלען זיין לאגע. דער אדיוטאנט האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם ארויסגעפיהרט פון הויז. אויף דער גאס האט ער צוגערופען דיא ערשטע דראָשקע, וואס ער האט געטראָפען, און האט זיך אויפגעזעצט מיט וולאדימיר׳ן.

דעם גאנצען וועג האבען ביידע געשוויעגען. דער אדיוטאנט האט פּראָבירט רעדען צו וולאדימיר׳ן, וולאדימיר אבער האט איהם ניט געענטפערט. ער איז געזעסען, וויא א קלאָץ, טרויעריג מיט׳ן קאָפּ אראָפּגעלאָזען אויף דער ברוסט און האט זיך ניט געריהרט. זיי זיינען צוגעקומען צום באהן־האָף. דער אדיוטאנט האט בעצאהלט דעם קוטשער און איז צוגעגאנגען צו דער קאסא נעהמען א בילעט.

— מאסקווא, איין ערשטע קלאָסע! האט ער געזאגט צום קאסירער.

— מאסקווא? האט וולאדימיר געפרעגט, וויא איינער וואס חאפּט זיך אויף פון א טיעפען שלאָף. וואס וועל איך טהאן אין מאסקווא? איך וואָלט בעסער געפאהרען קיין רינא.

— איך האב א בעפעהל צו נעהמען פאר אייך א בילעט קיין מאסקווא, האט דער אדיוטאנט געענטפערט שטילערהייט.

וולאדימיר האט מעהר ניט געפרעגט און מעהר ניט גערעדט. ער האט זיך גע־לאָזט פיהרען, וויא א קליין קינד, וואוהין דער אדיוטאנט האט געוואָלט. דער צוג האט געדארפט אוועקגעהן אין א שטונדע ארום. דעם אדיוטאנט איז געוועזען אונאנגענעהם ארומצוגעהן מיט א מענשען, וועלכער רעדט ניט קיין וואָרט און געהט ארום, וויא א נעבטיגער. דערביי האט ער זעהר געוואָלט וויסען, וואס עס איז פּאָרגעקומען צווישען איהם און דעם גענעראל. ער האט איהם אריינגעפיהרט אין גאסט צימער פון דער ערשטער קלאָסע און האט געהייסען געבען א פלאש שאמפּאניער און צוויי גלעזער.

— קאפּיטאן ראטשינסקי, האט ער איהם געזאגט, עס איז איינגעפיהרט צווישען קאמעראדען, אז ווען מען פאהרט אוועק, זאל מען ווינשען גליק אויף דיא רייזע אויף א גלאָז וויין. טרינק, קאמעראד, איך וועל אויך טרינקען אויף דיין וואָהל זיין.

וולאדימיר האט זיך ענטשולדיגט, אז דער קאָפּ טהוט איהם וועה, אז ער קען יעצט ניט טרינקען. דער נייגיעריגער אדיוטאנט אבער האט אנגעהויבען צו מאכען איהם פּאָרווירפע, אז אזוי פיהרט זיך ניט צווישען קאמעראדען, צווישען אפיציערען פון דעם־זעלבען רעגימענט.

— אזוי פיהרט זיך ניט צווישען מענשען, האט ענדליך וולאדימיר געזאגט ביטער, אין רוסלאנד פיהרט זיך אלעס אנדערש, וויא עס דארף זיין.

דער אדיוטאַנט האט איהם געוואָלט אויפרייצען, ער זאל ווייטער עפּעס זאגען.

— וואס רעדסט דוא, קאמעראד? האט ער אויסגערופען. דוא פּערנעסט, אז מיר טראגעןביידע איין מונדיר, וועלכען מיר מוזען עהרען. עס איז דעם קייסער׳ס מונדיר.

— עהרען דעם מונדיר? האט וולאַדימיר געלאַכט, עהרען דעם צייכען, אז מיר זיינען קיינע מענשען, אז מיר זיינען מאַשינען, מיט וועלכע מען מעג טהאָן, וואס מען וויל? אָפּגעבען עהרע דעם מונדיר, הייסט ביי מיר, אז דאס פערד זאל אָפּגעבען עהרע דיא צוים, מיט וועלכער זיין בעל־הבית פיהרט איהם, וואוהין ער וויל. לאז מיך, קאמעראד, צורוה מיט דיין מונדיר! איך טראג איהם ניט מעהר. איך ווארף איהם באלד אראָפּ פון זיך.

— אזוי? דוא טרעטסט ארויס פון דער ארמעע? דאס איז ביי מיר א נייעס! דאס וואלט איך קיין מאל ניט געגלויבט! דוא האָסט דאך געהאט אזא עהרן שטעלע. זיין פליגעל אדיוטאַנט ביים גראָספירסט קאָנסטאַנטין איז א עהרע, צו וועלכער ניט יעדער קען צוקומען. יעצט זאָגסט דוא זיך אָפּ פון אזא שטעלע און טרעטסט ארויס פון דער ארמעע? דאס פערשטעה איך ניט.

דער אדיוטאַנט האט ניט געוואוסט, וויא גוט ער האט געטראָפען. וולאַדימיר איז געוואָרען אנגעצונדען. ער וואָלט געוויס געווען ארויסגעזאגט א הארט וואָרט, ווען אין דיעזע מינוט זאל מען ניט געווען געבען דעם ערשטען קלונג. דאס האט איהם עטוואס אויסגעניכטערט. דיא גלאָק האט איהם דערמאנט, אז אין רוסלאַנד מעג נור דיא מאַשינע צונג פריי און אָפען קלינגען און רעדען, דער מענש אבער מוז האַלטען זיין צונג פערשפּאַרט צווישען דיא צעהנער. „דערזשי יאזיק זא זובאמי“, האַלט דיין צונג הינטער דיא צעהנער. זאָגט א רוסישעס שפּריכוואָרט.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין שטוהל און האט געזאגט צום אַדיוטאַנט:

— זיי געזונד, קאמעראד! איך מוז געהן אין וואגאָן!

— אלזא, דוא טרינקסט ניט, ראַטשינסקי?

— ניין, קאמעראד! יעצט ניט, עס וועט קומען א צייט, ווען איך וועל טרינקען, אבער א גאַנץ אנדער געטרענק, אלס שאַמפּאַניער.

ער האט זיך געריסען צו געהן אויף דער פּלאַטפאָרמע. דער אדיוטאַנט האט געמוזט אויספאָלגען גענעראל דראַגאָמיראָוו׳ס בעפעהל און איהם אריינפיהרען אין וואגאָן. ער האט אזוי געטהאָן. ער האט אויסגעזוכט א וואַגאָן ערשטער קלאַסע אין וועלכען עס איז געווען א גאַנץ לעדיגע קופּע און האט אהין אריינגעפיהרט וולאַדימיר׳ן. ווער עס איז צוגעקומען און האט געוואָלט אריינגעהן, האט ער געזאגט, אז דיא פּלעצער זיינען פערנומען. ער האט ווייטער פּראָבירט רעדען צו וולאַדימיר׳ן, אבער אומזיסט. וולאַדימיר האט געשוויעגען. ער האט ערשט דערזעהן, אז גענעראל דראַגאָמיראָוו האט מיט איהם געשיקט א שפּיאָן, קיין קאַמעראַדען; ער האט פערשטאַנען, אז יעדעס וואָרט, וואס ער וועט רעדען, וועט מען איבערגעבען דראַגאָמיראָוו׳ן. דאס האט איהם נאָך מעהר ערביטערט. ער האט געצעהלט דיא סעקונדען, וויפיעל עס זיינען נאָך גע־בליעבען, ביז דער צוג וועט אָפּגעהן. ער האט מורא געהאט, טאָמער וועט דער אַדיוטאַנט נאָך פאהרען מיט איהם ווייטער, ביז מאסקווא. עס איז געווען פאר איהם א טרייסט,

ווען מען האט געגעבען דעם דריטען קלונג און דער אדיוטאנט איז ארויסגעגאנגען פון דער קופּעע מיט א לייכטען:

— גליק אויף דער רייזע, קאַפּיטאן ראטשינקי!

יעצט איז וולאדימיר געבליעבען אליין אין וואגאן. יעצט האט זיך איהם פאַרגע-שטעלט זיין לאַגע אין איהר שרעקליכסטען געשטאלט. יעצט האט ער געקענט ערלייכטערן זיין הערץ מיט ווערטער.

— אך מוטער, מוטער! האט ער אויסגערופען, צו וועלכע ליידען האָסט דוא מיך געבאָרען! וועלכע ליידען וועל איך דיר יעצט פעראורזאכען!

טהייערע, הייליגע מוטער ליעבע! דוא בלייבסט איינגעגראבען אין אונזער הארצען ביז אין דער לעצטער מינוט פון אונזער לעבען! ביי יעדען שרעק רופען מיר אויס געגען אונזער אייגענעם ווילען דאס זיסע וואָרט: מוטער! מאמא! אין יעדער נויט אין יעדער געפאהר איז אונזער ערשטעס וואָרט: מוטער! מאמא! דאס קינד אין דער וויעג, וויא דער אלטער מאן, וועלכער שטעהט שוין מיט איין פוס אין גראב, רופט אויס דיעזעס הייליגע וואָרט, ווען עס דראָהעט איהם א געפאהר אדער עטוואס אונאנגענעהמעס. דאס בילד פון אונזער מוטער שוועבט אונז שטענדיג פאר דיא אויגען, מיר מעגען אלט ווערן הונדערט יאהר; איהר שטימע, איהר ליעבענדע, שמייכלענדע בערוהיגענדע קלינגט אין אונזערע אויערן, זאגאר דאן, ווען פיעלע אנדערע פאר אונז, טהייערע שטימען קומען אין אונזערע אויערן. ווען מיר ליעגען אויפ'ן קראנקען בעט און אונזער קאָפּ איז אנגעפילט מיט אלערליי בילדער פון אונזער לעבען, הויבען דיא פערברענטע ליפּען נאך דאס איין וואָרט: מוטער! מאמא! ווען עס קומט דיא טרויעריגע צייט פון דער עלטער, ווען אונזער הארץ ווערט קאלט פון יאהרען און פון ליידען, דערוואַרמסט דוא אונז נאך, דוא הייליגעס וואָרט: מוטער! מאמא!

טהייערע, הייליגע מוטער ליעבע! דוא בלייבסט אונזער טרייסט און אונזערע צופלוכט אין אונזער גאַנצעס לעבען!

אין זיין העכסטער אויפרעגונג, אין זיין שרעקליכסטער אנגסט האט וולאדימיר זיך דערמאנט אן זיין מוטער. ער האט זיא ניט בעשולדיגט, וואס זיא האט איהם ביז אהער ניט אויסגעזאגט, ווער זיין פאטער איז; ער האט זיא ניט בעשולדיגט, וואס זיא האט איהם געגעבען א פאלשען נאמען; ער האט זיא ניט בעשולדיגט, וואס זיא האט איהם אריינגעפיהרט אין א געזעלשאפט, וואו ער פאסט ניט — ער האט אויסגערופען צו איהר אין דער צייט, ווען אלע זיינע אדערן זיינען געוועזען אויסגעצויגען, ווען אלע זיינע נערווען זיינען געוועזען געשפאנט, ווען זיין הערץ האט שיער ניט געפּלאצט ביי איהם אין דער ברוסט פאר לייד און פאר שמערץ — דאמאלס האט ער גערופען צו זיין מוטער. באלד אבער האבען אנדערע געפיהלע פאַרדרענגט פון זיין הארץ דאס געפיהל פון מוטערליעבע. עס האט זיך אנגעהייפט אין זיין הערצען אזויפיעל פערדרוס, אזויפיעל האַס, אזויפיעל קרענקונג און ערניעדעריגונג, אז ער האט געמוזט זיך ערלייכטערן און זיי ארויסזאגען.

— אָט דאס איז פירסטען-דאנק האט ער אויסגערופען. אָט דאס איז דער גוטער, שמולער, עדעלער, גראסמיטהיגער גראספירסט קאנסטאנטין, וועלכען מען פערגעטערט

וועלכען מען שטעלט פאַר אלס דעם בעסטען מענשען צווישען דער קייזערליכער פאַמיליע! ערשט נעכטען אויף דער נאכט האט ער גערעדט מיט מיר ביי זיך אין גארטען אזוי פריינדליך, אזוי גוט, אזוי עהרליך און האט מיר פאַרגעלעגט דעם טשין (ראנג) פון א פאלקאווניק אין אדעסא. איך האב איהם צוגעזאגט צו געבען היינט ענטפער. ער האט אבער קיין צייט ניט געהאט און האט נאך ביי נאכט געגעבען א בעפעהל דעם גענעראל דראגאמיראוו, מען זאל מיך ארויסיאגען פון דער ארמעע, וויא א פערברעכער! דאס איז זיין דאנק דערפאר, וואס איך האב איהם גערעטעט דאס לעבען!

וואס איז מיין פערברעכען? וואס האב איך אזוי געזינדיגט? איך ליעב זיין טאכטער. איז דאס א פערברעכען? קומט מיר אזא שטרענגע שטראַפע? קומט מיר, אז מען זאָל מיך אויפזועצען אויפ׳ן באהן און אוועקשיקען? וואוהין? איך ווייס אליין ניט! און דאס האט געטהאן דער בעסטער פון דיא ראָמאנאָוו׳ס? וואס וואָלט שוין געטהאן אן ערגערער פון איהם? — מיך פערשיקט קיין סיביר? — דאס וואָלט מיר שוין ליעבער געווען. אין דיא טיעפע גאָלדגרובען פון סיביר וואָלט איך פערגעסען אן דער וועלט, אן דיא שלעכטע מענשען. איך וואָלט געהאט איין געפיהל, אז מען האט מיך אונגערעכט פערשיקט. יעצט אבער איז מיר פיעל ערגער. איך בין פריי, מען לאָזט מיך לויפען. מען בעהאנדעלט מיך, וויא א שלעכטען שילער פון א גימנאזיום — ארויסגעשטויסען און געה דיר!

וואס זאל איך יעצט טהאן? מיין קאריערע איז פערניכטעט, קיין האנדווערק האב איך ניט געלערנט. וואוהין זאל איך מיך ווענדען? — פאהרען קיין ריגא? קיין פריידענטהאל? — צו מיין מוטער? איך וועל איהר ברעכען דאס הערץ. זיא וועט מיינען אז איך האב עפּעס בעגאנגען א שרעקליכען פעהלער, א שרעקליכעס פערברעכען. זיא וועט מיר ניט גלויבען....

ניין! זיא וועט מיר אלעס גלויבען! מיין מוטער וועט מיר אלעס גלויבען. פאר איהר וועל איך קענען אויסגיסען מיין הארץ, פאר איהר וועל איך קענען מיך אויסרעדען, מיך אויסוויינען. אין איהר אונערשעפּליכער קוועלע פון מוטער־ליעבע וועט זיך געפינען פאר מיר טרייסט און ראטה.... אלזא, קיין ריגא! קוים וועל איך אנקומען קיין מאָסקווא, וועל איך זאגאר ניט אפּשטייגען און וועל באלד נעהמען א בילעט קיין ריגא.

דער געדאנק, אז ער וועט פאהרען צו זיין מוטער קיין ריגא, האט איהם עטוואס בערוהיגט. ער האט צוגעלעגט זיין ברענענד הייסען שטערן צו דיא קאלטע שויבען פון׳ם וואגאָן און איז געבליעבען איינינע צייט ליעגען, וויא פערשטיינערט, וויא פערגליווערט. דיא שטימע פון׳ם קאנדוקטאר האט איהם אויפגעוועקט און איהם דערמאנט, אז ער איז אויפ׳ן וועג. דער קאנדוקטאר האט געפאדערט זיין בילעט. וולאדימיר האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. צום גליק, האט דער קאנדוקטאר באלד דערזעהן, אז דער בילעט ליעגט אויף דער באנק לעבען וולאדימיר׳ן. דער אדיוטאנט פון׳ם גענעראל דראגאמיראוו האט איהם דארט איבערגעלאזען. דער קאנדוקטאר האט דורכגעפיקט דעם בילעט און האט איהם צוריק אניעדערגעלעגט אויף דער באנק.

(Mist., 67.)

— א זאנדערבארער פאסאזשיר, האט ער געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון קופעע. ער האט וואהרשיינליך היינט איבערגעחאפט דיא מאס פארן אוועקפאהרען.

וולאדימיר האט איהם ניט געהערט און וואלט איהם אויך ניט פערשטאנען. אין זיין הערצען האט גערוישט און געשטורמט א גאנצעס מעער פון פערשיעדענע געפיהלען: האס, צארן, פערדרוס, קרענקונג, ערניעדעריגונג און בעליידיגטער שטאלץ. ער האט געהערט און געלעזען איבער אונשולדיגע פעראורטהיילטע, אונשולדיג געמארטערטע אין „הייליגען" רוסלאנד; ער האט אָבער גערעכענט, אז דאס טהוט דיא פערדארבענע געזזיים-פאָליציי, אונוויסענדע אוריאדניקעס, ניעדעריגע זשאנדארמען, וועלכע ערלויבען זיך צופיעל אין דיא קליינע פּראָווינץ שטעדט. דיא העבערע בעאמטע וויסען דערפון ניט. דער קייסער אליין איז א גוטער מענש, דער גראספירסט קאנסטאנטין איז אן ענגעל פון גוטסקייט און גערעכטיגקייט. — יעצט האט ער איינגעזעהן, וואס מען קען ערווארטען פון'ם גוטען און גערעכטען גראספירסט קאנסטאנטין.

קיין זאך בעליידיגט ניט אזוי, וויא א קרענקונג פון א גוטען פריינד, פון א מענשען, צו וועלכען מען האט געהאט דאס פאלסטע צוטרויען. קיין זאך פערדריעסט ניט אזוי שטארק, וויא ווען א מענש זעהט, אז מיין אידעאל, דער מענש, וועלכען ער האט געהאלטען פאר א גאט, האט זיך אויסגעוויעזען אלס ניעדעריגער, קליינליכער טויגעניכטס. מען פיהלט זיך ערניעדעריגט, מען פיהלט, אז דער מענש פערליערט זיינע ווירדע, זיין רעכט צו הייסען מענש.

אונטערדעסען איז דער צוג געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער. איין סטאציאן נאך דער אנדערער זיינען פאָראיבער געפלויגען. וולאדימיר האט זיי ניט געזעהן, ער האט ניט געהערט וויא דער לאָקאמאָטיוו האט געפייפט, וויא מען האט געקלונגען אויף דיא גרעסערע סטאציאנען, וואו דער צוג איז געבליעבען שטעהן אויף פינף מינוט. ענדליך איז דער צוג אנגעקומען קיין מאסקווא. אלע פאסאזשירען האבען זיך ארויסגעשאטען פון דיא וואגאָנעס; יעדער האט זיך געאיילט א היים, צו זיינע פריינד, צו זיינע בעקאנטע, צו זיינע געשעפטען. וולאדימיר איז געבליעבען זיצען אין וואגאן, ביז דער קאנדוקטאר איז געקומען און האט איהם געזאגט, אז מען איז שוין אנגעקומען און מען מוז ארויסגעהן.

לאנגזאם האט ער זיך ארויסגעשלעפט פון'ם וואגאן און איז געבליעבען שטעהן אויף דער פּלאטפארמע. דער גרויסער הויפען מענשען איז זיך צוגאנגען, נור וועניג מענשען זיינען געבליעבען. וולאדימיר האט זיך אנגעהויבען ארומצוקוקען, וואו איז ער ערגעץ אין דער וועלט. ער איז ארומגעגאנגען איינינע צייט הין און צוריק אויף דער פלאטפארמע. פלוצלונג האט ער אויפגעהויבען דעם קאפּ אין דער הויך און האט צו נויפגעלעגט זיינע צוויי הענד אין שרעקליכע פויסטען: ער האט געפאסט א בעשלוס. ער האט זיך ענטשלאסען אויף עטוואס שרעקליכעס. פון דיעזע מינוט אן איז ער געווארען רוהיגער, איבערלעגטער. זאגאר פרעהליכער. יעצט האט ער שוין ניט געטראכט, ער איז דורכגעגאנגען דעם באהנהאף, האט צוגערופען א דראשקע און האט זיך געהייסען פיהרען אין בעסטען האטעל, וואו ער האט באלד זיך געהייסען געבען א צימער.

דער האטעל דיענער האט איהם אריינגעפיהרט אין זיין צימער און האט איהם געפרעגט, אויב ער פערלאנגט עפעס.

— דער וויל גאר נישט. איך בין מיעד און וויל מיך צולעגען שלאפען. דוא זאלסט מיך אויפוועקען ווען דער צוג געהט אפ קיין פעטערבורג.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען וולאדימיר האט פערשלאסען דיא טהיר הינטער איהם, האט זיך אניעדער געווארפען אויפ'ן דיוואן און האט געזאגט צו זיך אליין:

— איך האב מיך ענטשלאסען! מיין לעבען האט ביי מיר קיין ווערטה ניט, איך האב אמאל מיר געוואלט נעהמען דאס לעבען איבער א נארישקייט, איבער א קארטען חוב, יעצט וועל איך עס אפפערן אום מיך צורעכען אן דעם ניעדערטרעכטיגען מענשען, וועלכער שפיעלט נאך דיא ראָלע פון א גוטען, פון אן עדעלען בעשיצער פון אלע ארימע און אונטערדריקטע. — טוידט דעם טיראן! טוידט דיעזע שטאלצע פירסטען און הערר־שער, וועלכע פערגעסען, אז זיי זיינען מענשען. לאז וועניגסטענס דיא וועלט וויסען, וואס דער גוטער גראספירסט קאנסטאנטין איז! לאז דיא וועלט וויסען, וויא דער בעס־טער, דער עדעלסטער גראָספירסט האט בעדאנקט דעם מענשען, וואס האט איהם געראטעוועט זיין לעבען. איך וועל אנמאכען א סקאנדאל איבער גאנץ רוסלאנד, איבער גאנץ אייראפא. — יא, אזוי בלייבט עס! איך וועל פאהרען צוריק קיין פעטערבורג, וועל איהם אויפלויערן, ווען ער וועט ארויספאהרען און וועל איהם דערשיעסען, וויא א הונד. איך וועל מיך נוקם זיין פאר דיא בעליידיגונג און ערניעדריגונג וואס עס האט מיר היינט אנגעטהאן....

— און וויעראַ? האט געפרעגט אן אינערע שטימע אין איהם. קענסטו פעראור־זאכען דיין געליעבטער וויעראַ אזויפיעל שמערצען? וואס איז זיא שולדיג, וואס איהר פאטער איז א טוינעניכטס? וויא וועסט דוא קענען אויפהויבען דיינע אויגען צו דיין געליעבטער וויעראַ?

דיעזע פראגען האבען זיך איהם געשטעלט, וויא א ביין אין האלז. דאס בילד פון זיין געליעבטער וויעראַ איז איהם געשטאנען, וויא לעבעדיג פאר זיינע אויגען, און האט איהם געבעטען: „וולאדימיר, לאמיר אנטלויפען!" אין זיינע אויערן האבען נאך געקלונגען איהר שטימע, איהר ביטענדע ווערטער.

ער האט געטראכט אייניגע מינוטען. באלד אבער האט דער צארן און דער האס וויעדער אויפגעקאכט אין זיין הערצען.

— פערקעהרט! לאז וויערא וועניגסטענס וויסען, וויא שענדליך, וויא ניעדעריג איהר פאטער האט געגען מיר געהאנדעלט. זיא וויים דאך פון גאר נישט, איהר וועט מען געוויס דערצעהלען א ליגען, אז איך בין ערגעץ אוועקגעפאהרען, אז איך ליעב זיא נים. לאז זיא וועניגסטענס וויסען, אז איך ליעב זיא ביז מיין לעצטען אטהעמצוג.

— און דיין מוטער? האט ווייטער געפרעגט א שטימע אין איהם. וועט עס דיינע ארימע מוטער אויסהאלטען? וועט זיא איבערלעבען דיא שאנדע, אז מען וועט איהר זוהן אויפהענגען אלס מערדער?

— מיינע מוטער וועט מיר פערצייהען. זיא קען מיך, זיא וויים, אז איך בין קיין פערברעכער, קיין מערדער. זיא וועט מיר געבען רעכט, זיא וועט וויסען, אז ווען איך

האב געטוידטעט דעם גראספירסט קאנסטאנטין, האב איך געוויס געהאט גענוג אור־זאכע דערצו. איהר מוטערהערץ וועט איהר זאגען, אז איך האב רעכט געהאט.

אזוי בלייבט עס! איך קען אנדערש ניט! איך קען ניט קומען צו מיין מוטער, וועלכע איז אליין ביי פרעמדע מענשען, און זאגען איהר, אז מען האט מיך ארויסגע־טריעבען פון דער ארמעע, אז דער מענש, וועלכען איך האב גערעטעט דאס לעבען, האט עס אליין געהייסען טהאן. ניין! מיין בעשלוס שטעהט פעסט. איך פאהר נאך היינט צוריק קיין פעטערבורג.

ער האט אנגעקלונגען. דער האטעל־דיענער איז אריינגעקומען. וולאדימיר האט זיך געהייסען געבען עסען און א פלאש וויין. ער האט זיך ערשט דערמאנט, אז זייט געסטערן האט ער נאך אין זיין מויל ניט גענומען. זיינע קרעפטע האבען אנגעהויבען צו שווינדען פון הונגער און פון אויפרעגונג.

— יעצט מוז איך זיין שטארק, מיין האנד זאל ניט ציטערן, איך זאל טרעפען גלייך אין זיין פאלשעס הארץ, האט ער געזאגט.

ווען ער האט אפגעגעסען און אפגעטרונקען, האט ער אנגעהויבען זיך איבערצור־לעגען, וויא אזוי ער זאל אויספיהרען זיין פלאן.

— דיא ערשטע זאך, האט ער זיך געטראכט, מוז איך האבען אנדערע קליידער. ערשטענס, בין איך שוין קיין אָפיציער מעהר ניט. צווייטענס, ווען איך וועל געהן אין ציווילקליידער, וועט עס מיר פיעל לייכטער זיין צו צוגעהן נאהענט צום גראָספירסט און איהם שיעסען. אלזא, דאס ערשטע, וואס איך האב צוטהאן, איז זיך קויפען ציווילקליידער, אראָפּווארפען פון זיך דעם סאלדאט און ווערן א מענש.

ער האט אנגעטהאן זיין הוט מיט׳ן מאנטעל און איז ארויסגעגאנגען פון׳ם האטעל זוכען א קליידער מאגאזין, וואו ער זאל זיך קענען קויפען א נייעם קאסטיום. יעצט האט ער צייט געהאט זיך צוצוקוקען צו יעדען מענשען, וואס ער האט בעגעגענט. דאס רוישענדע, ריהרענדיגע, לעבעדיגע און פרעהליכע לעבען פון דער אלטער רוסישער הויפט־שטאדט האט איהם פעראינטערעסירט.

— יעדער געהט צו זיין רוהיגע, פריעדליכע און שטילע בעשעפטיגונג; יעדער דענקט נור אן לעבען, וויא צו מאכען זיך דאס לעבען בעסער און בעקוועמער, נור איך אליין געה ארום מיט מארד געדאנקען אין קאָפּ. איך געה מיר קויפען נייע קליידער אום בעסער און זיכערער צו קענען מארדען. פאר וואס בין איך עס אזוי זינדיג, אז איך מוז ארומגעהן מיט אזעלכע געדאנקען? —

פּלוצלונג האט עפּעס א ליארם אונטערבראכען זיינע געדאנקען. מענשען האבען אנגעהויבען צו לויפען פון אלע זייטען, יעדער האט געוואלט זעהן, וואס דארט איז. וולאדימיר איז אויך צוגעגאנגען זעהן, וואס מען לויפט אזוי. פאר זיינע אויגען האט זיך פארגעשטעלט א בילד, וועלכעס מען זעהט אפט אין רוסלאנד, נור פאר איהם איז עס געווען א נייעס. ער האט עס נאך קיין מאל ניט געזעהן. — מען האט געטריעבען א פּארטיע ארעסטאנטען פון דעם צענטראל אָסטראג אין מאסקווא קיין סיביר. ארום זיי זיינען געגאנגען סאלדאטען מיט געלאדענע ביקסען, פון הינטען זיינען נאכגעגאנגען זייערע פרויען און קינדער און האבען געוויינט. דיעזעס בילד זעהט מען אין רוסלאנד

זעהר אפט. עס פערקלעמט יעדען ביים הארצען, ווען ער זעהט עס און דענאך דרענגט זיך יעדער, עס נאך אמאל צו זעהן. וולאדימיר איז אויך צוגעגאנגען און האט געקוקט אויף דיא אונגליקליכע, וואס מען טרייבט אוועק אום זיי צובעגראבען לעבעדיגערהייט אין דיא שנעע־פעלדער פון סיביריען.

ווען ער איז אזוי געשטאנען צווישען דעם גרויסען הויפען מענשען און האט געקוקט אויף דיא ארעסטאנטען, האט ער געפיהלט, אז איינער האט איהם א ציה געטהאן ביים מאנטעל. ער האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן, אז לעבען איהם שטעהט אן אלטער מאן, א הויכער מיט א לאנגער, גרויסע בארד. דער אלטער מאן האט איהם געמאכט עפּעס א צייכען, וולאדימיר האט איהם אבער ניט פערשטאנען און האט גע־וואָלט אוועקגעהן. דער אלטער האט איהם נאך א מאל אנגעריהרט ביי דער האנד און האט איהם געמאכט א צייכען, אז ער וויל עפּעס מיט איהם רעדען. דאס האט איהם איבערראשט. ער האט געוואוסט, אז אין מאסקווא קען איהם קיינער ניט און ער קען קיינעם ניט. וואס וויל פון איהם דער אלטער? פון וואנען קען ער איהם?

דער אלטער האט זיך דורכגעדרענגט דורך דעם הויפען מענשען און איז אריינ־געגאנגען אין א זייטען געסעל, וולאדימיר איז איהם נאכגעגאנגען. זיי זיינען צוגעקומען צו אן אָרט, וואו עס זיינען געווען ווענינ מענשען. דער אלטער האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט געזאגט, גלייך וויא ער וואָלט גערעדט צו זיך אליין:

— וולאדימיר ראטשינסקי, פריינד ווארטען אויף דיר.

וולאדימיר האט געוואָלט פרעגען, ווער עס זיינען דיא פריינד, וואס ווארטען אויף איהם און פון וואנען זיי ווייסען, אז ער איז דא? דער אלטער האט אבער ארויפגעלעגט א פינגער אויפ'ן מויל און איז ווייטער געגאנגען. זיי זיינען געגאנגען דורך גאסען און געסלעך, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א גרויסען טראקטיר. דער אלטער איז אריינגעגאנגען אין טראקטיר און האט מיטגעפיהרט וולאדימיר'ן מיט זיך. זיי זיינען אריינגעגאנגען אין דער דוואָריאנסקאיא אָטדעלעניע און האבען זיך געזעצט לעבען א טישעל. דער אלטער האט געהייסען געבען א פּאָרציאָן טהעע און האט אנגעגאָסען צוויי גלעזער.

— ראטשינסקי, האט געזאגט דער אלטער מאן צו איהם גאנץ שטיל. מיר ווייסען, וויא טיעף מען האט דיך היינט בעליידיגט; מיר ווייסען, וואס עס האט היינט מיט דיר פּאסירט ביים גענעראל דראגאָמיראָוו, מיר ווייסען אלעס.

— אבער ווער זייט איהר? האט וולאדימיר געפרעגט מיט שרעק און מיט שטוינען. פון וואנען ווייסט איהר עס אלעס? איז דען מיר לייכטער דערפון, וואס איהר ווייסט אלעס? קענט איהר מיר דען העלפען?

— מעגליך, אז מיר קענען דיר העלפען, האט געזאגט דער אלטער רוהיג.

— אבער ווער איז דער „מיר“? איך זעה דאך נור אייך איינעם? וואו זיינען דיא אנדערע?

— געדולד, וולאדימיר! דוא וועסט אונז באלד קענען און וועסט וויסען, אויב מיר קענען דיר העלפען. עס איז יעצט זעקס אוהר, אין צוויי שטונדען ארום, וועל איך דיך בעקאנט מאכען מיט מענשען, וועלכע דוא וועסט באלד לערנען צו ליעבען און צו

שעצען. האָסט דוא א מאל געהערט פון'ם געהיים־בונד? קענסט דוא דיא מאכט פון'ם געהיים־בונד? ווילסט דוא אריינטרעטען אין געהיים־בונד?

ביי דיעזע ווערטער איז וולאַדימיר אָפּגעשפּרונגען. און דעם געהיים־בונד האט ער ביז אהער קיין מאל ניט געדאכט. ער האט געהערט פון איהם זעהר פיעל, ער האט אבער קיין מאל ניט נאך געדאכט, וואס איז דאס פאר א געהיים־בונד? ווער זיינען דיא מיטגליעדער פון דיעזער געהיימער געזעלשאפט, פאר וועלכער רוסלאנד האט אין דער לעצטער צייט געציטערט? יעצט האבען זיך אלע דיעזע פראגען מיט א מאל גע־דרענגט צו איהם אין קאָפּ אריין. יעצט, ווען ביי איהם אין הארצען האט געזאָטען און געקאָכט האס און צאָרן געגען אן אונגערעכטיגקייט, וואס מען איז בעגאנגען געגען איהם, האט זיך איהם פאַרגעשטעלט דיא פראגע: מעגליך, אז דער געהיים־בונד איז אויך פול מיט האס און צאָרן געגען פיעלע אונגערעכטיגקייטען, וואס מען איז בעגאנגען און מען בעגעהט יעדען טאג געגען פיעלע, פיעלע מענשען?

— איך בין אייער מאן! האט ער געזאגט צום אלטען. פיהרט מיך איין אין געהיים־בונד.

דער אלטער האט א שאָקעל געטהאן מיט'ן קאָפּ. אין צוויי שטונדען ארום איז וולאַדימיר אריינגעגאנגען אין פאָרצימער, וואו דיא ניהיליסטען האבען דיעזען אבענד אָפּגעהאלטען זייער פערזאמלונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געוועזען געגען זעקס אוהר אבענד. דער גראָספירסט קאנסטאנטין איז געזעסען אין זיין שרייב שטוב פערטראכט און טרויעריג. ער האט געטראכט איבער דיא שווערע שווארצע וואָלקען, וועלכע קלויבען זיך נאך א מאל צונויף אויף זיין קאָפּ. עס האט איהם וועה געטהאן דאס הארץ צו ענטרייסען פון וויעראַ'ן איהר געליבטען. ער האט נאך געפיהלט דיא שמערצען, וואס ער אליין האט געליטען, ווען מען האט ביי איהם ענטריסען זיין יעליסאוועטא. ער האט געהאט מיטלייד מיט וולאַדימיר; ער האט דעם יונגען מאן שטארק ליעב בעקומען, זייט ער איז געווען ביי איהם אין הויז, יעצט איז ער געצוואונגען איהם צו דערווייטערן פון זיך. ער קען געגען זיין ברודער, דעם קייסער ניט געהן. דיא פּאָליטיק פאָדערט, אז וויערא זאל הייראטהען א דייטשען פרינץ, וואס קען ער טהאן דאגעגען? ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז פרינצען און פרינצעסינען הייראטהען ניט, וועמען זיי ווילען, זאנדערן וועמען מען הייסט זיי. ער מוז פאָלגען זיין ברודער. זיינע אייגענע וואונדען האבען זיך נאך ניט פערהיילט און יעצט מוז ער עס דערלאָזען, אז זיין קינד זאָל איבערטראגען דיעזעלבע ליידען.

— עס איז מיר א וואונדער, האט ער ענדליך געזאגט צו זיך אליין, וואס ראַט־שינסקי האט מיר נאך ביז אהער קיין ענטפער ניט געגעבען אויף דעם פאָרשלאג, וואס איך האב איהם געבטען געמאכט? ער פלעגט שטענדיג זיין אזוי אקוראט, אזוי פינקטליך, וויא קומט עס, וואס ער האט היינט זיך אזוי פערזאמט?

ער האט אנגעקלונגען און האט געזאגט צום לאקיי, וועלכער איז אריינגעקומען אין צימער:

— רוף מיר אריין דעם קאפּיטאן ראטשינסקי.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען און איז אין איינינע מינוט ארום געקומען און האט געמעלדעט:

— קאפיטאן ראטשינסקי איז היינט אין דער פריה אוועקגעגאנגען און איז נאך ניט צוריקגעקומען.

גראַפפירסט קאָנסטאנטין איז דאס זעהר ניט געפעלען. אלענפאלס איז ראט־שינסקי נאך זיין פליענעל אדיוטאנט און האט געדארפט בעטען אן ערלויבניס, ווען ער האט געוואָלט אוועקגעהן אויף א גאנצע טאג. ער האט בעשלאָסען צו וואַרטען ביז מאָרגען. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז וולאַדימיר וועט קומען און וועט זיך ענטשולדיגען, וואס ער האט איהם געסטערן דעם גאַנצען טאג קיינע אנטוואָרט ניט געגעבען.

וויא ערשטוינט איז געווען דער גראַפפירסט, ווען וולאַדימיר איז דעם אנדערן טאג אויך ניט געקומען. ער האט געשיקט פרעגען, אויב וולאַדימיר איז ביי זיך אין צימער און האט ערהאלטען דיא זאָנדערבארע נאַכריכט, אז וולאַדימיר איז ניטא אין דער היים, ער האט גאר ניט גענעכטיגט אין דער היים. א שרעקליכער געדאנק איז איהם געקומען אין קאָפּ אריין.

— מעגליך, אז וולאַדימיר איז געוואָרען אזוי אויפגערעגט, וואס מען ענטרייסט איהם פון זיין ליעבע, אז ער האט זיך דאס לעבען גענומען? אויף אזא כאראקטער, וויא וולאַדימיר, איז אלעס צו גלויבען.

ער האט זיך געמאכט פאָרווירפע, פארוואס ער איז געווען אזוי שטרענג געגען איהם, ווען ער האט איהם בעגעגענט אין גארטען; פארוואס האט ער איהם ניט געזאגט, אז ער מוז זיך בייגען אונטערן קייסער׳ס ווילען; פאר וואס האט ער ניט גערעדט מיט איהם אין וויערא׳ס אנוועזענהייט און האט זיי ביידע ניט ערקלערט, אז זיי מוזען ענט־זאגען זייער ליעבע און זיך אויפאָפפערן דער פאָליטיק.

ער האט אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם לאקיי, וועלכער איז באַלד אריינ־געקומען, ער זאָל איהם שיקען קאפיטאן ראטשינקי׳ס דענשטשיק. אין איינינע מינוטען ארום איז ראטשינסקי׳ס דענשטשיק אריינגעקומען.

— ווייסט דוא ניט, וואוהין קאפיטאן ראטשינקי איז געגאנגען? האט איהם דער גראַפפירסט געפרעגט.

— איך קען עס ניט וויסען, קייזערליכע האהייט. דער קאפיטאן האט מיר גאר ניט געזאגט, ווען ער איז אוועקגעגאנגען.

— ווען איז ער ארויסגעגאנגען פון זיין קוואַרטיר? האט דער גראַפפירסט ווייטער געפרעגט.

— געכטען גאַנץ פריה איז געקומען אן אדיוטאנט פון גענעראל דראגאָמיראָוו מיט א בריעף און האט איהם אוועקגערופען צום גענעראל. זייט דאמאלס איז ער שוין ניט צוריקגעקומען.

— ביסט דוא זיכער, אז מען האט איהם גערופען צום גענעראל דראגאמיראוו?

— זיכער, קייזערליכע האָהייט, דער אדיוטאנט האט מיר געגעבען דעם בריעף

איך זאָל איהם דערלאַנגען קאַפּיטאַן ראַטשינסקי. — מיר שיינט, אַז דער בריעף ליעגט נאָך אין צימער. דער קאַפּיטאַן האָט איהם פערגעסען.

— ברענג איהם אהער! האָט דער גראַספירסט בעפוילען.

וולאַדימיר'ס דענשטשיק איז אַרויסגעגאַנגען און אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז ער געקומען מיט'ן בריעף אין דער האַנד.

דער גראַספירסט האָט גענומען דעם בריעף און איז איהם דורכגעלאָפען מיט דיא אויגען.

וואָס הייסט דאָס? האָט ער אויסגערופען. וויא קומט גענעראַל דראַגאָמיראָוו צו געבען בעפעהלע מיינעם אַ פליגעל אַדיוטאַנט? וואָס געהערט ער זיך אָן מיט איהם? אַן אָפיציער וועלכער וואָהנט אין מיין הויז און שטעהט אונטער מיין שוץ, האָט מיט זיין גענעראַל גאָר נישט צו טהאָן; ער דאַרף איהם גריסען מיליטעריש, ווען ער בעגעגענט איהם, ניט מעהר.

זיין שטאָלץ איז געוועזן געקרענקט, ער האָט זיך געפיהלט בעליידיגט, וואָס פרעמדע וואָגען עס זיך אַריינצומישען אין זיינע פּערזענליכע אַנגעלעגענהייטען. עס האָט איהם פערדראָסען, וואָס אַ גענעראַל האָט זיך ערלויבט צו שיקען רופען זיינעם אַ פליגעל אַדיוטאַנט און האָט איהם ערגעץ אַוועקגעשיקט אָהן זיין ערלויבניס.

ער האָט זיך געזעצט צום טיש און האָט אָנגעשריעבען אַ שאַרפען בריעף צו גענעראַל דראַגאָמיראָוו, אַז ער זאָל באַלד צו איהם קומען.

— איך בין דאָך גראַספירסט, מיט מיר טאָר מען ניט שפּאַסען, האָט ער געזאָגט. איך וויל איהם וויזען, אַז איך קען שטרענג זיין!

ער האָט אָנגעקלונגען. אַ דיענער איז אַריינגעקומען.

— שיק מיר דעם מאַיאָר טשערנאָוו, האָט ער געזאָגט מיט אַ הערשענדער שטימע.

מאַיאָר טשערנאָוו, דעם גראַספירסט'ס צווייטער אַדיוטאַנט איז באַלד אַריינגע־קומען.

— טראָג אָפּ דיעזען בריעף צו גענעראַל דראַגאָמיראָוו און וואַרט אויף ענטפער. דער אַדיוטאַנט האָט זיך פערנייגט און איז אַרויסגעגאַנגען. ווען דער גראַספירסט איז וויעדער געבליעבען אַליין, האָט ער אויסגערופען:

— איך מוז האָבען געוויסהייט! איך מוז וויסען, וואוהין זיי האָבען אַוועקגעשיקט דעם קאַפּיטאַן ראַטשינסקי. איך וועל זיין שטרענג געגען אַלע, וועלכע ערלויבען זיך אַריינצומישען אין מיינע פּערזענליכע אַנגעלעגענהייטען.

עס איז פערגאַנגען אַ שטונדע, ביז דער אַדיוטאַנט איז צוריקגעקומען מיט'ן גע־נעראַל דראַגאָמיראָוו. גראַספירסט קאָנסטאַנטין איז געוועזן זעהר אונגעדולדיג. דאָס פערשווינדען פון קאַפּיטאַן ראַטשינסקי האָט איהם זעהר בעאונרוהיגט און אויפגערעגט.

גענעראַל דראַגאָמיראָוו איז אויך געוועזן אין אַ פערצווייפעלטער לאַגע. דער טאָן פון'ם בריעף, וועלכען דער גראַספירסט האָט איהם געשיקט, האָט איהם דייטליך גע־זאָגט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען ראַטשינסקי. ער האָט אָנפאַנגס געמיינט, אַז דער גראַספירסט האָט געוואוסט פון'ם בעפעהל, וואָס דער קייסער האָט איהם געגעבען, אַז

ראטשינסקי מוז שטילערהייט פערשוואונדען ווערן. און איז געווען גאנץ זיכער, אז דער גראַספּפירסט איז דערמיט איינפערשטאנדען. דיעזער בריעף האט איהם אבער געציינט, אז צווישען דעם קייסער און דעם גראספּירסט איז ניט אלעס קלאר, ניט אלעס גאנץ פריינדליך און ברידערליך, וויא עס דארף זיין. וואס זאל ער יעצט זאגען דעם גראַס־פירסט?

— אזוי געהט עס אין א הויף, וואו עס הערשען אינטריגען און פאלשקייטען, האט ער זיך געטראכט, מען מוז זיך דרעהן, וויא א שלאנג צווישען דעם איינעם און דעם אנדערן. מען מוז צושטימען, ווען איינער זאגט אז עס איז טאג און אין דערזעל־בער צייט אנצינדען דיא לאנטערנע, ווייל דער אנדערער זאגט, אז עס איז נאכט. אם ענדע וועל איך זיין דאס כפרה הינדעל צווישען ביידען. יעדער וועט מיך בעשולדיגען און איך וועל אנווערן מיין שטעלע אין דער ארמעע.

ער איז אריינגעקומען צום גראַספּירסטען אין קאבינעט און האט זיך העפליך פערנייגט. דער גראספירסט האט איהם אנגעקוקט א פּאָר מינוטען מיט זיינע גרויסע קלוגע אויגען, גלייך וויא ער האט געוואלט איבערלעזען זיינע געהיימע געדאנקען.

— איהר האט נעכטען גאנץ פריה געשיקט רופען מיין פליגעל־אדיוטאנט, קאַ־פּיטאן ראטשינסקי, האט דער גראַספּירסט געזאגט שארף און שטרענג. וואס פאר א רעכט האט איהר זיך צו בעדיענען מיט מיינעם א מענשען?

— קייזערליכע האהייט! האט געענטפערט דראגאָמיראָוו. מיט קאפּיטאן ראט־שינסקי האט פּאסירט א זאנדערבאַרע געשיכטע. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיינע דאקומענטען זיינען פאלש, ער הייסט גאר ניט ראטשינסקי.

— ער הייסט גאר ניט ראטשינסקי? זיינע דאקומענטען זיינען פאלש? — אלזא, וויא דען הייסט ער? ווער איז ער?

— דאס קען איך ניט וויסען. דאס איינע איז נור פעסט, אז ער האט געלערנט און איז אריינגעטרעטען אין דער ארמעע אונטער א פאלשען נאמען.

— אלזא, וואס האט איהר מיט איהם געטהאן? וואו איז ער יעצט?

— איך האב עס געפונען פאר נאטהווענדיג איהם פארצולעגען, ער זאל ארויס־טרעטען פון דער ארמעע און זאל זיך ערגעץ אוועקפאהרען. אייער קייזערליכע האהייט ווייס, אז פאר אזא פערברעכען קומט איבערצוגעבען דעם פערברעכער צו א קריעגס־געריכט. ווען ער זאל ניט געווען זיין אייער פליגעל־אדיוטאנט, וואלט איך עס געוויס געטהאן, וויא דאס געזעץ הייסט. איך האב אבער געוואלט אויסמיידען א סקאנדאל, איך האב ניט געוואלט, אז דער נאמען פון אייער קייזערליכען האהייט זאל זיין דער־מאנט אין אזא אונאנגענעהמען פּראצעס און האב גערעכענט, אז אלס טרייער דיענער, טהו איך בעסער, ווען איך וועל אפּמאכען דיא גאנצע זאך שטילערהייט, קיינער זאל דערפון ניט וויסען.

— אבער פאר וואס האט איהר עס מיר ניט געמעלדעט? קאפּיטאן ראטשינסקי געהערט צו מיין פּערזענליכען דיענסט, איהר האט צו ערשט געדארפט מיך פרעגען, וואס צו טהאן מיט איהם. וואס געהערט איהר זיך אן מיט מיינעם א פליגעל־אדיו־טאנט?

— איך האב עס ניט געקענט טהאן, קייזערליכע האהייט, אוים געוויסע אורזא־בען, — איך האב געהאט א בעפעהל פון זיינע קייזערליכע מאיעסטעט.

דיזע ווערטער האבען געווירקט, וויא א דאנערשלאג. דער גראָספירסט קאָנ־סטאנטין איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. יעצט האט ער שוין געוואוסט, פון וואנען דער ווינד וועהט. ער איז אבער געווען א הויף־מענש און האט געוואוסט, זיך איינצוהאלטען און ניט ארויסצרווייזען, וואס עס קאכט זיך אין איהם. ער האט אויס־געוויעזען צו זיין גאנץ רוהיג, נור אויף זיין הויכען, ברייטען שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיעפע קנייטשען.

— וואו איז יעצט ראטשינסקי? האט ער פלוצלונג געפרעגט.

— איך האב איהם ארויסגעשיקט פון פעטערבורג. ער מעג פאהרען, וואוהין ער וויל, נור צוריק קיין פעטערבורג דארף ער ניט קומען.

דער גראָספירסט האט געמאכט א צייכען מיט דער האנד, אז די אודיענץ האט זיך געענדיגט און דער גענעראל מעג זיך געהן. גענעראל דראגאמיראוו האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. ער איז געווען זעהר אונרוהיג און אויפגערעגט, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון'ם גראספירסט'ס פאלאץ. ער האט אלעס אויסגעזאגט און האט מורא געהאט, אז צווישעןביידע ברידער זאל ניט ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען, פאר וועלכע ער וועט זיין פעראנטווארטליך.

— אזוי, ברודער? האט דער גראָספירסט געזאגט, ווען ער איז געבליעבען אליין. דאס האט דיין האנד געטהאן? דוא האסט זיך ארייגעמישט מיט דיין גראבער אייזער־נער האנד און האסט פערניכטעט א מענשען לעבען! איך האב געהאפט אלעס איינ־צוארדענען דורך פריינדליכקייט, מיט גוטען, בעהאלטען א גוטען אפיציער פאר דער רוסישער ארמעע און אויספיהרען דיין ווילען וועגען מיין טאכטער וויערא. דוא ביסט געקומען און האסט מיט אמאל אלעס צוריסען, אלעס צערשטערט, אלעס פערניכטעט. וואס וועט דערפון ווערן? וואס פאר א פאלגען קענען דערפון ארויסקומען? דוא אליין מאכסט די בעסטע מענער פון'ם פאלק פאר ניהיליסטען; דוא לערנסט זיי, אז פון דער פאמיליע ראמאנאָוו האבען זיי קיין גוטעס צו ערווארטען....

ער איז ארומגעגאנגען אין זיין צימער, וויא א טיגער אין זיין שטייג, וועלכער בייסט די אייזערנע גראטעס, ביז עס רינט איהם דאס בלוט פון די צעהנער.

— ארימע וויערא! וואס פאר א שלאג וועט עס זיין פאר דיר? וואס וועסט דוא זאגען, ווען דוא וועסט אלעס געוואהר ווערן? דיין ליעבע צו ראטשינסקי'ן איז געווען אן אונגליקליכע, אבער פאר וואס קומט איהם ארויסצוויאגען פון דער ארמעע מיט אזא שאנדע? — זיינע דאקומענטען זיינען פאלש, ער הייסט גאר ניט ראטשינסקי! דאס איז שוין גאר א שפאגעל נייע ערפינדונג פון'ם גוטען שעף פון דער געהיים פאָ־ליציי! —

וואו נעהם איך יעצט דעם קאפיטאן ראטשינסקי, איך זאל איהם וועניגסטענס ערקלערן, אז איך האב פון דער גאנצער אינטריגע ניט געוואוסט? איך זאל איהם וועניגסטענס זאגען, אז איך ליעב איהם און שעץ איהם יעצט וויא פריהער? — ער איז

**פערשוואונדען! מען האט געמאַכט, ער זאל פערשווינדען. אזוי געהט עס אין הייליגען רוסלאנד!**

90טעס קאפּיטעל.

## מאַן און פרוי, פּאָטער און זוהן.

אין א גרויס הויז אין איינעם פון דיא רייכסטע גאסען פון פעטערבורג האט זיך ניט לאנג בעזעצט א דאקטאר מיט׳ן נאמען פושקין. דאס איז א הויכער מאַן פון א יאהר עטליכע און פופציג. דיא האר אויף זיין קאפּ זיינען גרייז גרוי און זיין לאנגע בארד איז ווייס, וויא שנעע. דיא טיעפע קנייטשען אויף זיין הויכען, ברייטען שטערן און דיא רונצעלן אויף זיינע באקען צייגען, אז ער האט אין זיין לעבען פיעל דורכגעמאכט, פיעל דורכגעפיהלט. און פיעל איבערגעטראגען. ער האט אין פעטערבורג זעהר וועניג בעקאנטע. ער געהט צו קיינעם ניט צו גאסט און קיינער קומט צו איהם ניט. ווען מען גיט א קוק אין דיא ביכער פון דער וורא‍טשעבנאָיע אָטדעלעניע (מעדיצינאל קאלעגיום), זעהט מען, אז דאקטאר פושקין האט שטודירט מעדיצין אין דער שטאדט ציוריך, אין דער שווייץ און האט ערשט ניט לאנג געהאלטען עקזאמען אין אוניווערזיטעט פון פעטערסבורג. אזוי איז דאס געזעץ אין רוסלאנד, אז יעדער דאקטאר, וועלכער האט שטודירט אין אויסלאנד, מוז דערנאך האלטען עקזאמען אין רוסלאנד, ווען ער וויל פּראקטיצירען אלס דאקטאר אין רוסלאנד.

עס איז שווער צו זאגען, אויב דאקטאר פושקין האט א גוטע פּראקסיס. מייסטענס בענוצען איהם ארימע לייט, ווייל אויפ׳ן שילד, וואס הענגט פאר זיין טהיר, שטעהט דייטליך, אז ארימע לייט העלפט ער אומזיסט. אין פעטערבורג, וויא אין יעדער שטאדט, געפינען זיך שטענדיג גענוג ארימע און ניט ארימע, וועלכע בענוצען אזא געלעגענהייט און פלאגען דעם גוטען דאקטאר שטונדען לאנג מיט זייערע וואהרע אדער אויסגעטראכטע קראנקהייטען. דאקטאר פושקין האט אבער אן אייזערנע געדולד. ער הערט אויס א יעדען, רעדט מיט א יעדען, ראטה א יעדען, וואס ער זאל טהאן. גיט מען איהם עפּעס פאר זיין וויזיט, איז ער צופריעדען; גיט מען איהם ניט, מאכט ער זיך ניט וויסענדיג. קומט ער אין א שטוב, וואו ער געפינט ווירקליך עלענד און נויט, פערגעסט ער זעהר אפט א פאר רובעל אויפ׳ן טיש אדער אויפ׳ן בעט פון׳ם קראנקען. זיינע קאמעראדען, דיא אנדערע דאקטוירים, זיינען זעהר ניט צופריעדען מיט דאקטאר פושקין. זיי זאגען, אז א דאקטאר איז א שוסטער אדער א שניידער, וועלכער דארף נעהמען געלד פאר יעדער לאטקעלע, וואס ער לעגט, פאר יעדער קנעפּעל, וואס ער נעהט צו. דאקטאר פושקין קימערט זיך זעהר וועניג, וואס זיינע קאמעראדען זאגען.

בעזאנדערס אונצופריעדען זיינען מיט איהם דיא אפּטייקער. ער פערשרייבט זעהר זעלטען רעצעפּטען אין דער אפּאטהעקע. מייסטענס, גיט ער גאנץ געוועהנליכע מיטעל, וואס קאסטען זעהר ביליג, און לערנט אויס דיא קראנקע, וויא אזוי צו מאכען דיעזע מיטעל. נור זעהר זעלטען, אין גאנץ בעזאנדערע פעלע, פערשרייבט ער א רעצעפּט אין דער אפּאטהעקע, און זאגאר דאמאלס א גאנץ ביליגען, דער פאר זיינען איהם דיא אפּטייקער דם שונאים און שיקען דיא רייכע פּאציענטען צו אנדערע דאקטוירים.

פון וואנען לעבט אלזא דאקטאר פושקין? ווער קען עס וויסען? ער האט קיין

**פרוי, קיינע קינדער, קיינע פערוואנדטע, קיינע פריינד. ער וואינט אליין, נור און אלטע** פרוי, וועלכע בעזארגט איהם דיאווירטהשאפט, וואינט ביי איהם אין הויז.

עס איז שפעט אין דער נאכט. דאקטאר פושקין שלאפט נאך ניט. ער זיצט אין זיין שטודיר־צימער און ארבייט. ער שרייבט א ווערק און איז שטארק פערטיעפט אין זיין ארבייט. ביי טאג שטערט מען איהם זעהר אפט, דערפאר ארבייטעט ער ביי נאכט. פלוצלונג האט ער דערהערט, וויא מען קלינגט שטארק אין דער טהיר.

— ווער זאל עס זיין אזוי שפעט? האט דאקטאר פושקין געזאגט. מיינע פאציענטען ווייסען אז שפעטער פון ניין אוהר אבענדס געה איך אין ערגעץ ניט. איך האב איין מאל אזוי איינגעפיהרט, ווייל איך מוז האבען דעם אבענד פאר מיר, פאר מיינע שטודיען און מיינע ארבייט.

מען האט ווייטער געקלונגען אזוי שטארק, אז מען האט שיער ניט אפגעריסען דאס הענטעל פון'ם גלאק.

— עס העלפט ניט, מען מוז געהן עפענען און זעהן, ווער איז דארט און וואס מען וויל.

ער האט גענומען דעם לאמפ פון'ם טיש און איז געגאנגען עפענען דיא טהיר. א רייך געקליידעטער לאקיי אין א ליווריע (מונדיר) פון א פרעמד לאנד איז אריינגעקומען, האט אראפגענומען דען הוט און האט געזאגט:

— קאמען זיא שנעל, דאקטאר! מאדאם דע ראָזאס איז פלוצלונג קראנק געווארען.

— איך קען ניט מאדאם דע ראָזאס און געה איבערהויפט ניט ביי נאכט צו קיין פאציענטען. מאדאם דע ראָזאס האט געוויס איהר בעשטענדיגען דאקטאר, געהט צו איהם! האט דאקטאר פושקין געזאגט מיט פערדרוס.

— מאדאם האט א בעשטענדיגען דאקטאר, האט דער דיענער געזאגט מיט א ביטענדער שטימע, איך בין שוין ביי איהם דריי מאל געוועזן און האב איהם ניט געטראפען אין דער היים. מען האט מיר געהייסען ברענגען אנאנדער דאקטאר. איך האב אנגעקלונגען ביי צוויי דאקטוירים און האב זיי אויך ניט געטראפען אין דער היים, אדער מען האט מיר אומיסטען געזאגט, אז זיי זיינען ניטא אין דער היים איך בין שוין מיעד' לויפענדיג. קומט, דאקטאר, איך בעט אייך! מיין הערר איז זעהר א שטרענגער, ווען איך קום צוריק אהן א דאקטאר, וועט ער מיך מארגען ארויסטרייבען פון זיין הויז.

דיא ביטענדע שטימע פון'ם דיענער האבען געריהרט דאקטאר פושקין. ער האט מיט איהם מיטלייד געהאט. ער האט מיטלייד געהאט מיט'ן ארימען מעשען, וועלכען מען יאגט ארום ביי נאכט, וויא א הונד, מייסטענס וועגען א נארישקייט, א קאפריז פון זיין רייכער, שטאלצער מאדאם.

— ווער איז מאדאם דע ראָזאס? האט ער געפרעגט. איך הער דיעזען נאמען צום ערשטען מאל. דאס איז ניט קיין רוסישער נאמען. ווער איז עס?

— מאדאם דע ראזאס איז דיא פרוי פון'ם געזאנדעטען פון ארגעטיניען און זיד־אמעריקא, האט דער דיענער געענטפערט.

— אן אמעריקאנערין? דאס איז עטוואס נייעס, האט דאקטאר פושקין געזאגט. איך בין נייגיעריג צו בעהאנדלען א קראנקע אמעריקאנערין.

ער האט זיך אנגעטהאן און איז ארויסגעגאנגען מיט'ן דיענער. אין דרויסען איז געשטאנען א קארעטע מיט גוטע צוויי פערד. אין איינינע מינוטען איז דיא קארעטע צוגעקומען צום רייכען פאלאץ, וואו דער ארגענטינישע געזאנדטע האט געוואינט. דער דיענער האט איהם געפיהרט דורך א לאנגע רייהע פון שעהנע און רייך פערציערטע צימער און האט איהם אריינגעפיהרט אין א העל בעלייכטעטען זאל.

— דאקטאר פושקין! האט ער געמעלדעט, ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין זאל, און איז באלד ארויסגעגאנגען.

א מאן פון א יאהר עטליכע און פערציג אין א שווארצען פראק מיט פיעלע מעדאילען און ארדענס אויף דער ברוסט האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו איהם.

— דאקטאר, האט דער מאן צו איהם געזאגט, איך בין ערשט ניט לאנג געקומען מיט מיין פרוי פון א באלל. פלוצלונג איז איהר שלעכט געווארען און זיא איז אין אהנמאכט געפאלען. העלפט, דאקטאר! רעטעט מיין פרוי!

דאקטאר פושקין האט געקוקט דעם מאן גלייך אין דיא אויגען. איהם האט אויסגעוויעזען, אז זיין שטימע איז איהם בעקאנט, אז ער האט איהם ערגעץ געזעהן, אז ער האט מיט איהם אמאל גערעדט. ער האט זיך אבער אויף קיין פאל ניט געקענט דערמאנען, וואו ער האט איהם געזעהן און ווען ער האט מיט איהם גערעדט.

— פיהרט מיך צו דער קראנקער, האט ער געזאגט, איך וועל טהאן, וואס איך קען. העלפען העלפט דיא נאטור אליין, דער דאקטאר זוכט נור אויס דיא מיטעל, וויא אזוי דיא נאטור זאל העלפען.

דע ראזאס האט אריינגעפיהרט דעם דאקטאר אין רייכען און עלעגאנטען שלאף צימער, וואו זיין פרוי, פעארינא, איז געלעגען אויף א ווייכען שטוהל אין טיעפען אהנמאכט. דער דאקטאר האט זיא גענומען ביי דער האנד, האט געפיהלט דעם פולס, האט זיך צוגעלעגט צו דער ברוסט און האט געפרעגט:

— איז אויפ'ן באלל געווען שטארק היים? זייט איהר פלוצלונג ארויסגעגאנגען אויף דער קאלטער לופט?

— ניין, האט דע ראזאס געענטפערט. איך בין שטענדיג זעהר פארזיכטיג אין דיעזער בעציעהונג. אין אמעריקא זיינען מיר געוואינט צו א גאנץ אנדערן קלימאט, וויא אין פעטערבורג. איך היט מיך דאהער זעהר ניט ארויסצוגעהן מיט אמאל פון דער היץ אין דער קעלט.

— האט מאדאם זעהר פיעל געטאנצט אויפ'ן באלל? האט דער דאקטאר ווייטער אויסגעפרעגט.

— מיין פרוי טאנצט ווענינ, האט דע ראזאס געענטפערט.

דער דאקטאר האט אויסגעפרעגט נאך איינינע זאכען, האט זיך געהייסען געבען טינט און פעדער און האט אנגעשריעבען א רעצעפט.

— הייסט שנעל ברענגען דיזען רעצעפּט פון דער אפּטהעק, האט ער געזאגט. איך וועל דא ווארטען, ביז מען וועט איהם ברענגען. איך וויל איהם אליין איינגעבען דער קראנקער און זעהן, וויא ער ווירקט. דאס איז א נייעס מיטעל, פון וועלכען דיא מעדיצין ערוואַרטעט זעהר פיעל.

דע ראָזאס איז ארויסגעגאנגען און זאל איבערגעגעבען דעם רעצעפּט א לאקיי. ווען ער איז צוריקגעקומען, האט איהם דער דאקטאר געזאגט:

— איך געפין, אז עס איז בעסער פאר דער קראנקער, זיא זאל ליעגען אין בעט, אלס ד'א אויפ'ן שטוהל. הייסט אייערע קאמער-מעדכען זיא אויסטהאן און אריינלעגען אין בעט.

דיא קראנקע איז געלעגען אויפ'ן שטוהל מיט'ן קאפּ אראפּגעלאזען, אז דאקטאר פושקין האט ביז אהער ניט געקענט גוט בעטראכטען איהר געזיכט. ווען דיא קאמער מעדכען האבען זיא פארזיכטיג אויפגעהויבען און זיא אריינגעלעגט אין איהר בעט, איז דער דאקטאר צוגעגאנגען צום בעט, זעהן, אויב מען האט זיא אניעדערגעלעגט, וויא ער האט געהייסען. דאס העלע ליכט פון'ם לאמפּ איז געפאלען גלייך אויף איהר גע-זיכט. דאקטאר פושקין האט זיך ערשט יעצט צו איהר צוגעקוקט און האט א ציטער געטהאן מיט זיין גאנצען קערפּער. ער איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און איז געפאלען אויפ'ן שטוהל, וואס מען האט געשטעלט פון זיינעט וועגען לעבען בעט.

— דאס איז אונמעגליך! האט ער געמורמעלט. זיא איז עס ניט. איך האב אַ טעות.

אונטערדעסען האט מען געבראכט דעם רעצעפּט. דאקטאר פושקין האט אליין אנגעגאסען א לעפעל און האט איינגעגעבען דער קראנקער. זיין מיטעל האט געווירקט. אין איינינע מינוט ארום האט זיא געעפענט דיא אויגען. יעצט האט דער דאקטאר פערביסען דיא ליפּען, ער זאל ניט ארויסוויזען, וואס עס קומט פאר ביי איהם אין הארצען. ער האט זיא דערקענט. דאס איז פעאדארא, דאס איז — זיין פרוי.

— איך דאנק אייך, דאקטאר, האט דע ראזאס צו איהם געזאגט, איהר האט גערעטעט מיין פרוי.

— איך מוז נאך אפּווארטען, ביז זיא וועט אין גאנצען קומען צו זיך, האט דער דאקטאר געזאגט. דערווייל האט זיא נור דיא אויגען געעפענט, זיא רעדט נאך אבער ניט. איך וועל איהר איינגעבען נאך א לעפעל מעדיצין און מיר וועלען זעהן, וויא עס וועט ווירקען.

— אלזא, געפינט איהר, דאקטאר, אז דיא געפאהר איז נאך ניט פאראיבער?

— עס איז מיר שווער צו זאגען, איך וויים נאך דערווייל ניט דיא אורזאכע פון דער קראנקהייט. איך מוז אויספרעגען דיא קראנקע אליין. איך מוז וויסען אלעס, וויא אזוי זיא האט געפיהלט ביז אהער, אויב זיא איז קיין מאל ניט קראנק געוועזן, וויא אזוי דיזער צופאל איז צו איהר געקומען און נאך איינינע זאכען, דאן ערשט וועל איך אייך קענען זאגען, אויב דיא געפאהר איז אין גאנצען פאראיבער.

מאדאם דע ראָזאס האט געעפענט דיא אויגען און האט זיך ווילד אומגעקוקט אין צימער. איהרע בליקען זיינען געווען טריעב, זיא האט אויסגעוויזען צו זיין איבער-

געשראָקען. זיא האט געגעבען א שוואכען זיפץ און האט ווייטער צוגעמאכט דיא אויגען.
דער דאקטאר האט איהר געגעבען נאך א לעפעל מעדיצין. עס זיינען ווידער פערגאנ־
גען אייניגע מינוטען, אין וועלכע דער דאקטאר האט פון דער קראנקער קיין אויג ניט
אראפגעלאזען. ענדליך האט דיא קראנקע ווידער געעפענט דיא אויגען און האט
געפרעגט מיט א שוואכער שטימע:

— וואו בין איך? קום אהער, פעדרא!

— דו ביסט אין דער היים, ליעבע פעאָרינא, זיי רוהיג, עס וועט באלד איבער־
געהן, האט דע ראָזאס געזאגט.

דער דאקטאר איז געזעסען, וויא אויף שפילקעס. ווען דע ראָזאס וואלט ניט
געווען אזוי בעאונרוהיגט וועגען זיין פרוי'ס קראנקהייט, וואלט ער געווים געווען בע־
מערקט, וויא דיא פארב בייט זיך אלע מאל אויפ'ן דאקטאר'ס געזיכט, וויא זיינע הענד
ציטערן, וויא ער דרעהט זיך און קעהרט זיך אויף זיין שטוהל. ער האט אבער גאר ניט
בעמערקט און פעארינא איז געווען צו שוואך אום עפעס צובעמערקען. ענדליך האט
דער דאקטאר געזאגט ערנסט.

— איך גלויב, אז דיא קראנקע האט זיך שוין בערוהיגט און מיינע דיענסטע
זיינען יעצט ניט נייטיג. איך מוז געהן א היים, עס איז שוין שפעט, איך בין מיעד.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. דע ראָזאס איז אויך אויפגעשטאנען
און איז אריינגעגאנגען מיט איהם אין זאַל.

— וואס זאגט איהר, דאקטאר, איז זיא אויסער געפאהר? איז עס אן ערנסטע
קראנקהייט, אדער איז עס בלויז א צופאל?

— ווען איהר ווילט וויסען מיינע פעסטע מיינונג איבער דיא קראנקהייט פון
אייער פרוי, מוז איך זיא נאך אפאר מאל בעזוכען, האט דער דאקטאר געענטפערט.
איך זאג אייך דיא וואהרהייט, דיעזע קראנקהייט, דיעזע לאנגע און דויערענדע אהנמאכט
איז פאר מיר א רעטעניש. פונ'ם ערשטען וויזיט קען איך גאר ניט וויסען. איך קען
ערשט דאמאלס אורטהיילען, ווען איך וועל זיא אייניגע מאל בעזוכען.

— ביטע, דאקטאר, קומט עטליכע טעג נאכאנאנד און בעטראכט מיין פרוי,
איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין.

מיט דיעזע ווערטער האט דערלאנגט דעם דאקטאר א צעהן רובעל שטיק. דער
דאקטאר האט גענומען דאס געלד, ער האט אבער געפיהלט, אז עס ברענט איהם אין
דער האנד.

— איך וועל קומען מארגען, האט ער געזאגט און איז ארויסגעלאפען פון שטוב,
וויא א וואהנזיניגער.

אין דרויסען איז געשטאנען דיא קארעטע איהם אפצופיהרען א היים. ער האט
זיך אבער ניט אריינגעזעצט אין דער קארעטע.

— עס איז ניט ווייט, האט ער דעם קוטשער געזאגט, איך וועל צוגעהן צו פוס
און האט איהם געגעבען דעם צעהן רובעל שטיק, וואס ער האט ערהאלטען פון דע
ראָזאס.

ער איז אבער ניט געגאנגען א היים. ער איז ארומגעגאנגען אין דיא גאסען. וויא

א שיכורער, ער האט אליין ניט געוואוסט, וואו ער געהט. ערשט פאר טאג איז ער געקומען א היים. דאס צימער איז דאכט זיך געווען דאס זעלבע, דער לאמפּ האט נאך געברענט אויפ'ן טיש, וויא פריהער; דיא פעדער, דאס פּאפּיער, דיא טינט — אלעס איז געשטאנען אויף זיין ארט, נור דער דאקטאר איז ניט געווען דער זעלבער. אין דיא פּאר שטונדען, וואס ער איז געגאנגען צו זיין נייער פּאציענטין, האט ער זיך אין גאנצען פערענדערט. ער איז געווארען ניעדעריגער, איינגעבויגענער, איינגעהויקערט, זיינע האר זיינען געווארען ווייסער, אויף זיינע באקען האבען זיך אויסגעלעגט טיעפערע קנייטשען.

— איך האב זיא געהאלטען פאר טוידט, איך האב געגלויבט, אז זיא איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען. איך האב שוין אנגעהויבען צו פערגעסען אן איהר; איך האב שוין אנגעהויבען צו פערגעסען, אז זיא האט פערניכטעט מיין לעבען, צערשטערט מיין גליק און אריינגעגאסען גאלל און גיפט און אלע מיינע מענשליכע געפיהלע — איך האב שוין פערגעסען. פּלוצלונג ווער איך געוואהר, אז זיא לעבט נאך. זיא איז נאך דיעזעלבע פּעאַדאַרא, נור אונטער אנאנדער שפּאנישען נאמען. — פון וואנען קומט זיא? וואו איז זיא געווען ביז אהער? דער שפּאניער דע ראַזאס וויזט מיר אויך אויס צו זיין בע־קאנט. זיין שטימע, זיין געזיכט, זאגאר זיין פראנצייזיש רעדען, זאגט מיר קלאר און דייטליך, אז ער איז אזא שפּאניער, וויא איך בין א טערק.

ער האט אנגעהויבען צו רייבען זיך דעם שטערן, וויא א מענש, וואס וויל זיך עפּעס דערמאנען. ער האט אנגעהויבען ארויסצורופען אלע בילדער און אלע געשטאל־טען פון דיא מענשען, וועלכע ער האט געזעהן ארום פּעאדארא מיט עטליכע יאהר צוריק. א זאנדערבארער געדאנק איז איהם געקומען אין קאפּ.

— דאס קען ניט זיין! האט ער אויסגערופען. איך קען עס ניט גלייבען, אז דאס זאל זיין דער אפּגעריסענער, האלב וואהנזיניגער יערמאלאוו, וועלכער איז אמאל געווען אזוי פערליעבט אין פּעאדארא'ן, אז דאָקטאָר גרעטש האט איהם געהאלטען פאר געפעהרליך קראנק. — וויא קען עס זיין יערמאלאוו? וויא קומט ער צו איהר? וויא קומט ער צו זיין געזאנדטער פון ארגענטיניען?....

פאר וואָס ניט? האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. אויף דער וועלט איז אלעס מעגליך. ווען פון באַיאנאָווסקי'ן האט געקענט ווערן דאקטאר פּושקין, פאר וואס זאל פון יערמאלאוו'ן ניט ווערן דע ראַזאס? פאר וואס זאל פון א רוסע ניט ווערן א שפּאניער? איך האב געמוזט אננעהמען אנאנדער נאמען אום זיך ארויסצוהיטען פון דער רוסישער פּאָליציי, וועלכע פערפאלגט מיך אלס ניהיליסט, ער האט אנגענומען א שפּאנישען נאמען אום צו ווערן א דיפּלאמאט, א געזאנדטער....

פּלוצלונג האט ער זיך צולאכט מיט א שרעקליכען, ביטערן, הערצררייסענדען געלעכטער.

— אזוי מיין ליעבע פרוי? דוא לעבסט אין רייכקייט, אין גליק, אין דער העכסטער עהרע אלס דיא פרוי פון א געזאנדטען. דוא מיינסט, אז דיינע אָפּפער שלאָפען שוין לאנג שטיל און רוהיג אין דער קאלטער ערד? — וואַרט א ווייל'ע! מיר וועלען שוין זעהן. דאס מאל וועסט דוא זיך שוין ניט אויסדרעהן פון מיר. איך וועל קומען צו דיר מארגען, ווען עס וועט דיר בעסער ווערן — דער מאן און דיא פרוי האבען נאך צווישען

זיך איינינע רעכנונגען אבצושליעסען. מיר האבען נאך איבער איינינע זאכען צו רעדען. מיר דארפען זיך דערמאנען אן אלטע געשיכטען, ווען מיר זיינען נאך געווען מאַן און פרוי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טרויעריג און איינזאם איז געווען אין דעם רייכען פאַלאַץ פון'ם גראָספירסטען קאָנסטאנטין. פרינצעסין וויערא איז געוואָהר געוואָרען, אז וולאדימיר איז מעהר ניטא אין פעטערבורג. פאר איהר האט מען פערלייקענט, אז מען וויים ניט, וואו ער איז. איהר האט מען דערצעהלט, אז מען האט איהם אוועקגעשיקט נור אויף איינינע טעג קיין אדעסא. איהר פאטער האט איבעראל ניט געוואָלט רעדען פון איהם און האט אויף איהרע פראַגען געענטפערט מיט איינציגע ווערטער, פון וועלכע מען האט גאר ניט געקענט וויסען.

וויא קומט עס, וואס ער האט פון מיר קיין אבשיעד גענומען? פלעגט זיא אימער פרעגען. פאר וואס האט ער מיר ניט צו געשיקט א פאר ווערטער דורך מיינע פריינדין, מיין האָפדאַמע, אננא פאוולאוונא? האט ער שוין גאר קיין מיטעל ניט געפונען מיר צו צו שיקען עטליכע ווערטער?

עס איז איהר זעהר אָפט געקומען אין קאָפ דער שרעקליכער געדאנק, אז מען האט וולאדימיר'ן ערגעץ פערשיקט און מען האט איהם קיין צייט ניט געלאזען, ער זאל פון איהר אבשיעד נעהמען, אדער ער זאל איהר וועניגסטענס עפעס שרייבען. ווער האט עס אבער געטהאן? ווער זאל האבען פערשיקט וולאדימיר'ן? — איהר פאטער? דאס קען ניט זיין. זיא האט געקענט איהר פאטער זעהר גוט און האט געוואוסט, אז ער איז אויף אזא זאך ניט פעהיג. ער איז ניט איינפערשטאנען מיט זייער ליעבע, ער מוז נאכגעבען וואס דער קייסער פערלאנגט פון איהם, ער קען זיך ניט העלפען. פערשיקען אבער א מענשען, וועלכער האט איהם גערעטעט דאס לעבען. ניין, דאס וועט איהר פאטער ניט טהאן!

זיא איז געווארען טרויעריג, האט זיך פערשלאָסען אין איהרע צימערן און האט מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדען. דער גראָספירסט איז געווארען זעהר אונרוהיג דאריבער און האט געזוכט מיטעל, וויא אזוי זיא צו צערשטרייען. ער האט אנגעהויבען מיט איהר ארומצופאהרען צו גאַסט אדער אזוי ארום פעטערבורג, איהר אויסווייזען דיא פערשיעדענע אינזלען פון דער נעווא און דיא שעהנע געגענדען ארום דער שטאדט. זיי פלעגען זעהר אָפט ארומפאהרען שטונדען לאנג.

עס איז א שעהנער טאג. דיא ערד האט שוין אויסגעטהאן דעם שווערן שנעעמאַנטעל, וועלכען זיא האט געטראגען א גאנצען ווינטער. דער הימעל איז ריין און בלוי, דיא זון איז ארויסגעגאנגען אין איהר פולען גלאַנץ און לייכטעט און ווארמט גאנץ ערנסט. זיא וויל ווייזען, אז ניט זיא איז שולדיג, וואס דער קאלטער ווינטער האט אזוי לאנג געפלאָגט דיא ארימע מענשען. זיא איז שטענדיג בערייט צו פערשענקען ליכטיגקייט און ווארימקייט צו אלעמען גלייך: דיא ערד אבער בעקומט א מאל א קאַפריז זיך אוועק צוקעהרן פון דער זוהן, דערפאר איז איהר קאַלט. — דיא ביימער זיינען נאך געווען

נאַקעט, מען האט אבער געזעהן, אז אינווענדיג אין זיי ארבייט דיא נאטור און טרייבט דעם זאַפט אין אלע זייערע צווייגען און צווייגעלעך, פון וועלכע עס האבען אנגעהויבען ארויסצוקוקען פרישע, גרינע קנאָספּען (פּופּקעלעך) וויא דיא אויגען פון א געליבטער. דיא לופט איז געוועזן ריין און פריש. עס האט אנגעהויבען צו שמעקען מיט זומער.

אין א רייכער, ברייטער קארעטע זיצט דער גראַספירסט קאנסטאנטין מיט זיין טאָכטער וויערא. זיי פאהרען שפּאציערען ערגעץ ווייט, ווייט פון דעם רווישענדען, פּרעהד־ליכען פּעטערבורג. עס איז ביידען ניט גאנץ פרעהליך אויפ'ן הארצען. דער רעש, דער ליארם און דער געפּילדער פון דער שטאדט רעגט זיי אויף. זיי זוכען ערגעץ א שטילע געגענד, וואו קיינער קען זיי ניט שטערן. דאָרט קענען זיי רוהיג פאהרען און זיך איבער געבען זייערע געדאנקען. א לאנגע צייט האבען ביידע געשוויגען. ענדליך האט זיך דער גראַספירסט געווענדעט צו זיין טאָכטער.

— וויערא, ליעבע וויערא, וואס זיצט דוא אזוי שטיל? פאר וואס שווייגסט דוא?

— וואס זאל איך רעדען, פאטער? איך האב ניט פון וואס צו רעדען. איך בין צופיעל בעשעפטיגט מיט מיינע געדאנקען.

— איך וויים, מיין קינד, פון וואס דוא דענקסט יעצט; איך וויים, וואס עס געהט פאר ביי דיר אין הארצען. גאָט איז מיין צייגע, אז איך האב אנדערש ניט געקענט, אז איך בין ניט שולדיג אין דעם אונגליק, וואס דיר האט געטראָפען. איך האב געוויס געוואָלט, עס זאל אנדערש זיין, איך האב אבער גאר ניט געקענט טהאן.

— דוא האָסט גאר ניט געקענט טהאן? האט וויערא געפרעגט פערוואונדערט. דוא ביסט דאך מיין פאטער און האָסט דאס רעכט צו פערגעבען מיין האנד, וועמען דוא ווילסט.

— דוא האסט א טעות, מיין קינד, האט דער גראַספירסט געענטפערט טרויעריג, איך האב קיין רעכט ניט איבער דיר, אזוי וויא איך האב קיין רעכט ניט איבער זיך אליין. איבער אונז איז דא א העכערער, דער קייסער; ער איז דאס אבערהויפּט פון אונזער פאמיליע. מיר מוזען פאָלגען, וואס ער הייסט.

— דאס איז טרויעריג, האט וויערא געזאגט. א פּרינצעסין שטעהט אלזא ניעדע־ריגער אלס דאס איינפאַכסטע ארבייטער מעדכען. דאס ניעדריגסטע בויערן־מעדכען קען הייראטהען דעם מאן, וועלכען זיא ליעבט; מיר אבער זאגט מען, דוא מוזט הייראטהען, וועמען מען הייסט דיר, ער מעג זיין, וואס עס וויל זיך. פאר וואס קומט עס מיר אזוי? ווערט מען געבאָרען אין דיא רייכע פּאַלאַצען אום צו זיין א שפּיעלצייג? טראגט מען דעם טיטול פּרינצעסין אום צו זיין א זאך, א שטיק סחורה, וועלכעס מען קען פער־קויפען צו דעם, וועלכער צהאלט טהייערער?

דער גראַספירסט האט געשוויגען אייניגע מינוט. ער האט ניט געוואוסט, וואס איהר צו ענטפערן.

— דער פּרייסישער קראָנפּרינץ איז אן עדלער מענש, האט ער ענדליך געזאגט אום נור עפּעס צו זאגען. ער וועט א מאל בעהערשען א גרויסעס פאָלק. דייטשלאנד שטעהט היינט אן דער שפּיצע פון גאנץ אייראפּא און דוא וועסט זיין דיא קייזערן פון דייטשלאַנד.

— פאפא! האט וויערא געזאגט שטאלץ. לאמיר רעדען אָפען. איך וועל דיר מוזען פאלגען, איך וועל מוזען הייראטהען דעם דייטשען קראָנפרינץ. איך וויל ניט, אז צווישען דיר און דיין ברודער, דעם קייסער, זאל ארויסקומען אונאנגענהמליכקייטען. בעדענק אבער, פאפא, אז איך וועל מיין מאן קיין מאל ניט ליעבען, אונזער פאמיליען לעבען וועט זיין אן אונגליקליכעס. אונטער דער גאָלדענער דייטשער קרוין וועל איך זיין אונ־גליקליך און וועל ליידען מיין לעבען לאַנג. וויא קענסט דוא פעראורטהיילען דיין טאָכטער אויף א זעלכע ליידען?

— ליעבע טאָכטער, האט דער גראספירסט געענטפערט טרויעריג, וואס קענען מיר טהאן? דאס איז שוין דאס שיקזאל פון אלע מענשען, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען לעבען טראָהן. איך האב אויך א מאל געליעבט און דענאך האב איך מיך געמוזט ענטזאגען איך האב געמוזט ארויסרייסען דיא ליעבע פון מיין הערצען; איך האב געמוזט טהאן מיין פפליכט און פאָלגען, וואס מען האט מיר געהייסען.

— ווען עס איז דיר אזוי לייכט געווען זיך צו ענטזאגען פון דיין ליעבע און זיא ארויסצורייסען פון דיין הערצען. איז דאס א בעוויז, אז עס איז ניט געווען דיא וואהרע ליעבע.

דער גראָספירסט האט אנגעחאפט זיין טאכטער ביי האנד.

— אך, קינד! וואס זאגסט דוא? איך האב געפיהלט דיא וואהרע ליעבע, איך פיהל זיא נאך יעצט. עס פערקלעמט מיר דאס הערץ יעדעס מאָל, ווען איך דערמאן מיך אן דער פרוי, וועלבע איך האב אזוי הויך און אזוי הייליג געליעבט. איך קען גאר אן איהר ניט פערגעסען, זיא שטעהט מיר פאר דיא אויגען, וויא לעבעדיג. עס רייסט מיר דאס הערץ, ווען איך דערמאן מיך אן דעם טרויעריגען שיקזאל, וואס האט זיא געטראָפען.

— וואס איז דען פון איהר געוואָרען? וואו איז זיא דען אהינגעקומען?

— עס איז א טרויעריגע, זעהר טרויעריגע געשיכטע, האט דער גראָספירסט געזאגט. עס איז מיר העכסט אונאנגענעהם דערפון צו רעדען. — צו וואס זאל איך יעצט אויפרייסען אן אלטע וואונד, וועלבע איז פערבונדען און פערלאָטעט. לאָז עס זיין, מיין קינד. עס טהוט מיר וועה דערפון צו רעדען.

— און דאך, פאטער, וואלט איך געוואָלט וויסען דאס שיקזאל פון יענער אונ־גליקליכע. ווען דוא האסט זיא געליעבט, איז זיא געוויס ווירדיג געווען פון דיר געליעבט צו זיין. וואס איז פון איהר געווארען? וואו איז זיא יעצט?

— וואס קען איך דיר זאגען, מיין קינד? דיא פרוי, וועלבע איך האב געליעבט האט מען פערשיקט קיין סיביר.

— קיין סיביר? האט וויערא אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען פון איהר זיץ, גלייך וויא א שלאַנג וואלט איהר א ביס געטאהן. — קיין סיביר? דערפאר וואס דוא האָסט זיא געליבט, האט מען זיא פערשיקט קיין סיביר? ווער האט עס געטהאן? וואו איז דיא גערעכטיגקייט? וואו איז דיא מענשליכקייט?

א שרעקליכער געדאנק איז וויא א בליץ דורכגעפלויגען וויערא'ס קאָפּ: ווען מען האט געקענט פערשיקען קיין סיביר איהר פאטערס געליעבטע נור דערפאר, וואס ער

האט זיא געליעבט, איז דאך מעגליך, אז מען האט וולאדימירן אויך פערשיקט קיין סיביר דערפאר, וואס זיא ליעבט איהם. זיא האט אנגעהויבען צו ציטערן מיט איהר גאנצען קערפער.

— און דוא האסט געשוויעגען? האט זיא אויסגערופען. דוא האסט עס דערלאזט, אז מען זאל דיין געליבטע פערשיקען אין דיא שנעע פעלדער פון סיביר? דוא האסט גאר ניט געטהאן אום זיא צו רעטען, זיא צו בעפרייען? — דאס קען ניט זיין, ליעבער פאטער! איך קען עס ניט גלויבען אויף דיר!

— ליידער, איז עס וואהר, האט דער גראספירסט געזאגט מיט א זיפץ. דיא פאליטיק האט מיך געצוואונגען דערצו. איך האב געמוזט אויפאפפערן מיך און מיין ליעבע דער פאליטיק. איך קען דיר ניט איבערגעבען, וויפיעל איך האב דאמאלס געליטען, וויפיעל איך האב איבערטראגען. איך האב עס אבער דאך איבערטראגען.

— האסט דוא אמאל געהערט פון איהר? ווייסט דוא ניט, וואס זיא מאכט? וויא אזוי געהט עס איהר?

— איך ווייס ניט. מען האט מיר געזאגט, אז זיא איז שוין געשטארבען ערגעץ אין סיביר.

— געשטארבען אין אן אסטראג אין סיביר? פארוואס? — נור דערפאר וואס זיא האט דיך געליעבט? דאס איז שרעקליך! דאס איז אונערהערט! —

— פאטער! האט זיא אויסגעשריען און איז איהם געפאלען אויפ'ן האלז. פאטער! האט מען וולאדימיר'ן אויך פערשיקט קיין סיביר? זאג מיר, פאטער, דיא וואהרהייט! זאג מיר אלעס! לאמיך עס וויסען, לאמיך וויסען, וויא שטרענג דיא ליעבע ווערט בע-שטראפט אין רוסלאנד!

אין דיעזע מינוט האט דיא קארעטע געגעבען א שפרונג, דער קוטשער איז אראפגעפאלען פון זיין זיץ, דער גראספירסט און וויערא האבען זיך אנגעחאפט אן דיא ווענט פון דער קארעטע.

— וואס איז געשעהן, אסיפ? האט דער גראספירסט געפרעגט דערשראקען. וואס איז מיט דער קארעטע?

— עס איז גאר נישט, האט דער קוטשער געענטפערט. אויפ'ן וועג איז געלעגען א קלאץ און איך האב איהם ניט בעמערקט.

ער האט זיך לאנגזאם צוגעשלעפט צו דער קארעטע און האט זיא געוואלט אויס-גלייכען. ער האט עס אבער ניט געקענט.

— וואס הינקסט דוא, אסיפ? האט דער גראספירסט געפרעגט, דוא האסט דיר א זעץ געטהאן?

— עס איז גאר נישט, האט אסיפ געענטפערט. ניטשעווא! איך האב מיר א ביסעל אויסגעלענקט דיא פוס. עס וועט באלד פאראיבערגעהן. דיא קארעטע געפעלט מיר יא ניט; מיר שיינט, אז דער הינטערסטער אקס האט זיך צובראכען. איך מוז בעטען אייער קייזערליכע האהייט ארויסצוגעהן פון דער קארעטע, אום איך זאל קענען בעסער בעטראכטען דעם אקס.

דער גראספירסט איז שנעל ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט

וויעראַן אראַפּגענומען. דער קוטשער האט אנגעהויבען צו בעטראַכטען דיא קאַרעטע.

— וויא קומט עס, וואס אויף אזא גלייכען וועג ניט וויית פון פּעטערבורג זאל פּלוצלונג ליעגען א קלאָץ אין דער מיט וועג? האט דער גראפפירסט געזאגט, וויא צו זיך אליין. זאל עס אָפּט ניט זיין דיא ארבייט פון דיא ניהיליסטען?

— פּאפּא, איך הער אָפּט רעדען פון ניהיליסטען. זיינען מיר ווירקליך ארומ־גערינגעלט פון מערדער און ניהיליסטען? וואס איז דאס פאר א מין פּאָלק דיא ניהי־ליסטען?

— אך, ליעבעס קינד! האט דער גראספירסט געענטפערט, ליידער, פערמעהרען זיך דיא ניהיליסטען מיט יעדען טאג. זיי ווילען אונז פערניכטען. זיי האסען דיא רעגיע־רונג און דיא הערשער און זיי ווילען פערניכטען דיא גאנצע פאמיליע פון דיא ראָמאַ־נאוו'ס. צוואר האט מען פערשטארקט דיא פּאָליציי אין דער לעצטער צייט און דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי האט פערזיכערט מיין ברודער, אז דיא ניהיליסטען זיינען פערשוואונדען געווארען, עס זיינען גאר קיין ניהיליסטען ניטא אין רוסלאַנד. איך גלויב עס אבער ניט. איך האב מורא, אז דיא ניהיליסטען שווייגען נור, ווייל זיי פארבערייטען עטוואס שרעקליכעס.

— איך פערשטעה ניט, פּאָטער, וואס האבען דיא ניהיליסטען צו אונז? צו דיר? צו מיר? וואס האסט דוא זיי געטהאָן, וואס זיי ווילען דיך טוידטען? וואס האב איך זיי געטהאָן? איך קען זיי דאך גאר ניט?

— עס זיינען אלטע געשיכטען, מיין טאכטער, אלטע זינד, פאר וועלכע דיא ניהיליסטען ווילען זיך נוקם זיין אן דער גאנצער פאמיליע פון דיא ראמאנאוו'ס. זיי ווילען, אז קיין ראמאנאָוו זאל ניט איבערבלייבען, קיין ראָמאנאָוו זאל ניט זיין זעלבסט הערשער איבער רוסלאנד; זיי ווילען, אז אין רוסלאנד זאל דאס פאלק הערשען, ניט דער קייסער.

וויערא האט וויימער געוואלט עפּעס פרעגען, אין דיעזע מינוט אבער איז דער קוטשער, אָסיפּ, צוגעקומען און האט געמעלדעט, אז דיא אַקס איז ווירקליך צובראכען און ער וויים ניט, וואס צו טהאָן.

— וואס מיינסט דוא, אָסיפּ, האט דער גראָספירסט געפרעגט, וויא קומט דער קלאָץ דא אויפ'ן וועג? האט איהם ניט איינער אומיסטען אניעדערגעלעגט?

— קייזערליכע האהייט, איך מיין, אז דעם קלאָץ האט מען אומיסטען אניעדער־געלעגט אויפ'ן וועג. מען קען זאגאר זעהן דיא שפּורען, וויא מען האט איהם אהער געטראגען. דאס האבען געוויס געטהאן דיא פערדאמטע ניהיליסטען.

— וואס רעדסט דוא, אָסיפּ? וויא קומען ניהיליסטען אהער? וואס וועלען זיי דא טהאָן אין מיטען וואלד.

— דיא באנדיטען! דיא ראַזבאָיניקעס! זיי זיינען דא אומעדום, האט אָסיפּ אויסגערופען.

דער גראספירסט האט שוין בערייעט, וואס ער האט אזוי לאַנג גערעדט מיט זיין קוטשער. ער האט ראהער געוואלט ענדערן דעם געגענשטאנד פון דער רעדע.

— אלזא, וואס טהוט מען יעצט, אָסיפּ? האט ער איהם געפרעגט. מיר קענע דאך דא ניט בלייבען?

אָסיפּ האט זיך אנגעהויבען צו קראצען אין קאפּ. ער האט קיין עצה ניט געקענט געפינען. ער האט געזעהן, אז דיא אָקס איז צובראכען און קוים וואס זיא האלט זיך. ענדליך האט ער געזאגט:

— ענטוועדער אייער קייזערליכע האהייט זאל געהן אין איינע פון דיא ווילל'אס (דאטשעס) וועלכע ליעגען ארום און זוכען אנאנדער קארעטע, אדער איהר זאלט בלייבען דא און איך וועל געהן ערגעץ זוכען א קארעטע אדער א שמיד, וועלכער זאל פערריכטען אונזער קארעטע.

דער גראָספירסט האט איינגעזעהן, אז עס קען אנדערש ניט זיין, ער מוז געהן ערגעץ זוכען מענשען, וועלכע זאלען איהם העלפען, אדער ער מוז שיקען דעם קוטשער, וועלכער האט זיך קוים געשלעפּט. דער ארט, וואו ער האט זיך יעצט געפונען, איז געוועזען זעהר איינזאם. אים זומער, ווען דיא ווילל'אס זיינען בעוואָינט, ווען אלע רייכע מענער פון פּעטערבורג פאהרען ארויס פון דער שטאדט, איז דער וועג שטענדיג לעבעדיג, עס רוהט ניט קיין מינוט. מען פאהרט און מען געהט אויף דעם וועג טאג און נאכט. עס איז אבער געוועזען ערשט אנפאנג אפּריל. דיא דאטשעס זיינען נאך געשטאַנען לעדיג און אויפ'ן וועג איז נאך קיינער ניט געפאהרען. דער גראספירסט פלעגט אבזיכטליך הייסען פאהרען אויף דיעזען וועג, ווייל ער איז יעצט געוועזען רוהיג און קיינער האט איהם ניט געשטערט אין זיינע געדאנקען.

ער האט געטראכט און געקלערט און האָט זיך ענדליך ענטשלאסען צו געהן ערגעץ אויף א וויללא און בעטען א קארעטע, אדער בעטען א דוואָרניק פון א וויללא, ער זאל איהם שאפען א שמיד, וועלכער זאל זיין קארעטע פערריכטען.

— קום, וויערא! לאמיר געהן ערגעץ בעטען הילף. א רוסישער גראָספירסט איז אויך ניט מעהר וויא א מענש, ער מוז אויך אמאל אנקומען צו מענשען און בעטען ביי זיי הילף.

זיי זיינען אוועקגעגאנגען איינינע שריט.

— — — — — — — — — — — — —

מיר האבען איבערגעלאזען וולאדימיר'ן אין מאסקווא אויף א פערזאמלונג פון ניהיליסטען. מיר האבען שוין איינינע מאל בעשריעבען אזעלכע פערזאמלונגען און געפינען עס ניט פאר נייטיג, עס נאך אמאל צו בעשרייבען. עס וועט גענוג זיין צו וויסען, אז מען האט וולאדימיר'ן באלד אויפגענומען און איהם דערצעהלט, אז דער געהיים-בונד וייס פון אלעמען, וואס האט פּאסירט ביים גראָספירסט אין פּאלאַץ, אז מען וייס זאָגאר, וואָס פאר א ראפּאָרט גענעראל דראגאָמיראָוו'ס אדיוטאנט האט אָפּגעגעבען, ווען ער איז צוריקגעקומען פון'ם באהנהאָף.

— טוידט דעם טיראן! האט אויסגערופען דער פאָרזיצענדער. טוידט דער ניעדערטרעכטיגער פאמיליע ראמאנאָוו, וועלכע טרעט מיט דיא פיס אלע מענשענרעכטע, וועלכע פערגעסט, וואס מען טהוט פאר איהר און בעהערשט רוסלאנד מיט אייזען און בלוט.

וולאדימיר איז געווען איבערראשט. ער האט נאך אזא שפראכע ניט געהערט. ער האט ביז אהער ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך אין רוסלאנד; ער האט ביז אהער קיין בעגריף ניט געהאט, וויא אזוי רוסלאנד ווערט רעגיערט, וויא אזוי עס ווערט בעהערשט. ער האט קיין מאל ניט געטראכט, פון וואנען נעהמען זיך דיא רייכטהי־מער, וואס דיא קייסערליכע פאמיליע האט; פון וואנען נעהמען זיך דיא אלע טהייערע פאלאצען, דיא גאָלדענע קאַרעטעס, דיא דיאמאנטען, דיא ברילּיאַנטען, וועלכע פונקלען אזוי שעהן אויף דיא שטאלצע פרויען פון׳ם קייזערליכען האָף. ערשט יעצט האט ער אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דאס אלעס קומט פון דיא שווער פערדיענטע קאפיקעס פון׳ם בויער, פון׳ם האנדווערקער, פון׳ם ארבייטער. זיין פערזענליכער האס געגען דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין איז איבערגעגאנגען איבער דיא גאנצע פאמיליע ראָמאַנאָוו.

— טוידט דעם טיראַן! האט ער אויסגערופען. איך וועל זיין דער ערשטער! איך וועל אנהייבען מיט׳ן גראָספירסט קאָנסטאנטין.

— דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז נאך דער בעסטער פון דיא ראָמאַנאָוו׳ס, האט זיך אפגערופען א שטימע.

— זעהט איהר דאך, וויא דער בעסטער פון דיא ראָמאַנאָוו׳ס האט געהאנדעלט געגען א מענשען, וועלכער האט איהם דאס לעבען גערעטעט. האט דער פּאָרזיצענדער געזאגט. ער האט איהם ארויסגעיאָגט, וויא א הונד און האט איהם זאגאר ניט ערלויבט צו נעהמען זיינע זאכען.

עס איז ענטשטאנדען א דעבאטע און מען האט בעשלאסען, אז מען זאל מיט אלע מיטעל העלפען וולאדימיר׳ן אויסצופיהרען זיין ראכע און איהם צו געבען אלע מעגליכע מיטעל צו אנטלויפען און זיך צו בעהאלטען.

אין א פּאָר טאָג ארום איז וולאדימיר צוריקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג. ער איז געגאנגען אין ציוויל קליידער און איז געווען אנגעטהאָן, וויא א סטודענט. אין דער בוזים קעשינע האט ער געהאט א פּאספּאָרט אויף׳ן נאמען טשערקאסאוו פון דער סמאָלענסקער גימנאזיום. ער איז יעצט געפאהרען אין א וואגאָן דריטער קלאסע גאנץ אליין. ווען מען פלעגט אבער קומען אויף א באהן־סטאציאָן און ער פלעגט ארויסגעהן עפּעס קויפען, פלעגט ער בעגעגענען מענשען, וועלכע פלעגען איהם געבען געוויסע ציי־כענס. — זיינע קאמעראדען זיינען געפאהרען אין אנדערע וואָגאָנעס.

מען איז אנגעקומען קיין פּעטערבורג און מען האט ערגעץ אויסגעזוכט אן ארוי־מעס גאסט־הויז אין א פארשטאדט. דיא ערשטע זאך, ווען מען קומט אין א גאסט־הויז אין רוסלאנד, איז וויזען דעם פּאספּאָרט, מעלדען איהם אויף דער פּאָליציי. אלעס איז אבער געווען אין בעסטער ארדנונג. דיא פּאָליציי האט גאר ניט געהאט געגען זייערע פּאספּאָרטען.

יעצט אָבער האט וולאדימיר געזעהן, וויא ניצליך זיינע קאמעראדען זיינען איהם. אהן זיי וואלט ער זיך ניט געקענט ריהרען. זיי האבען נאכגעקוקט, ווען דער גראָספירסט פאהרט ארויס, וואוהין ער פאהרט, וועמען ער נעהמט מיט מיט זיך און וויאפיעל זיי־ שפּאציער דויערט. אכט טאָג זיינען פּאָראיבער געגאנגען, ביז מען איז דאס אלעס געוואהר געווארען. וולאדימיר איז א פּאָר מאל געגאנגען מיט זיינע קאמעראדען הינטער

דער שטאָדט אויף דיא וועגען, וואו דער גראָספירסט פלעגט פאָהרען. איין מאָל האָט ער איהם געזעהן, וויא ער איז געפאָהרען אין קאַרעטע מיט וויערא'ן. ער איז געוואָרען בלייך און האָט אנגעהויבען צו ציטערן.

— זיא איז דאָך אונשולדיג, האָט ער געמורמעלט, איך וויל נור דעם שולדיגען טרעפען. זיא איז בלייך און טרויעריג, זיא ליידעט. מעגליך, אַז זיא ליידעט נאָך מעהר פון מיר. ער האָט זיך געווענדעט צו זיינע קאַמעראַדען.

— דער גראָספירסט פאָהרט דאָך ניט אַליין, וויא קען איך מיך ציעלען, ווען זיין אונשולדיגע טאָכטער זיצט לעבען איהם?

— מיר וועלען עס שוין בעזאָרגען, אַז דוא זאָלסט טרעפען נור איהם, ניט זיין טאָכטער, האָט מען איהם געענטפערט.

עס איז ענדליך געקומען דער טאָג פון דער ראַבע. מען איז געוואָהר געוואָהרען, אַז דער גראָספירסט האָט געהייסען זיין קוטשער זיך גוט צוקוקען צו דער קאַרעטע, ווייל ער וויל פאָהרען אַ פּאָר שטונדען. מען האָט דערצעהלט וולאַדימיר'ן, אַז מאָרגען וועט זיין דער גרויסער טאָג, ווען ער וועט זיך קענען נוקם זיין פאַר אַלע בעליידיגונגען. ער האָט פערבראַכט זעהר אַ שלעכטע נאַכט. אין זיין הערצען האָבען אָנגעהויבען צו קעמפפען פערשיעדענע געפיהלע. האַס, ראַכע און פערצווייפלונג האָבען געקעמפּפט געגען ליעבע און מענשליכקייט. ער האָט זיך געקייקעלט אויפ'ן געלעגער אַ גאַנצע נאַכט און ערשט גאַנץ פריה איז ער אַנטשלאָפען געוואָרען. אָבער אויך אין שלאָף האָבען איהם פערפאָלגט שרעקליכע טרוימע. עס האָט זיך איהם אויסגעוויעזען, אַז ער אַנטלויפט מיט זיין וויערא'ן ערגעץ ווייט, ווייט פון רוסלאַנד, אָבער פּלוצלונג הייבט זיך אויף אַ שרעקליכער בער און נעהמט איהם אַרום מיט זיינע לאַפּעס. דער בער אָבער האָט אַ מענשען קאָפּ אויף זיך. דיעזער קאָפּ איז זעהר עהנליך צו אַלכסנדר II. באַלד האָט זיך איהם אויסגעוויעזען, אַז מען שלעפּט איהם אויפ'ן עשאַפאָט, דער הענקער (תליון) שטעהט אין זיין רויט העמדעל און האַלט בערייט דעם שטריק איהם צו הענגען. לעבען איהם שטעהט וויערא, ברעכט דיא הענד און וויינט.

זיינע קאַמעראַדען האָבען איהם אויפגעוועקט אום ניין אוהר.

— הייגט, וולאַדימיר, וועט עס דיר געלינגען איין ראָמאַנאָוו צו פערניכטען, האָבען זיי איהם געזאָגט. מיר וועלען שוין דיא אַנדערע טרעפען אין זייער צייט.

וולאַדימיר איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן. ער איז געווען געפּאַסט אויף אַלעס. אין דרויסען האָט געוואַרט אַ דראָשקע. וולאַדימיר מיט זיינע קאַמעראַדען האָבען זיך אריינגעזעצט אין דער דראשקע און זיינען ארויסגעפאָהרען הינטער דער שטאָדט. דאָרט האָבען זיי דיא דראָשקע אבגעשאַפט און זיינען געגאַנגען צו פוס. זיי האָבען אויסגעוויכען דיא גרויסע וועגען, זיינען געגאַנגען צווישען דיא ביימער אין דיא וועלדלעך אַרום. זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אָרט, וואו דער גראָספירסט פלעגט אָפט פאָהרען. דאָרט זיינען זיי געבליעבען שטעהן. פון ביידע זייטען וועג זיינען געווען געפלאַנצט אַלטע ביימער.

— דאָ מוז ער דורכפאָהרען, דאָ וועלען מיר איהם טרעפען.

— וויא וועט אָבער זיין, ווען ער וועט ווייטער קומען מיט זיין טאכטער? **האט וולאַדימיר** געפרעגט.

— מיר וועלען שוין זעהן, אז ער זאל זיין אליין.

זיי זיינען געגאנגען אין וועלדעל, וועלכער איז געווען ניט ווייט און האבען געבראכט א קלאָץ. זיי האבען דעם קלאָץ אזוי געשיקט אניעדערגעלעגט און פערשאָטען מיט זאמד, אז עס איז איהם שווער געווען צו בעמערקען, בעזאנדערס פאר א קוטשער, וואס זיצט אויף א הויכען זיץ פון א קאַרעטע.

— דער גראָפפירסט וועט באלד קומען! האט געזאגט א מאן, וועלכער איז גע־קומען צולויפען פערסאָפּעט.

דאס איז געווען איינער פון זייערע שפּיאָנען, וועלכע זיי האבען אויסגעשטעלט אויפ'ן וועג. זיי האבען זיך אויפגעהויבען פונ'ם אָרט, וואו זיי זיינען געלעגען אויף דער ערד און זיינען אוועקגעגאנגען אין וועלדעל ניט ווייט. זיי האבען געזעהן, וויא דיא קאַ־רעטע איז צוגעקומען אימער נעהענטער און נעהענטער. זיי האבען געזעהן, וויא דיא קארעטע איז צוגעקומען צום קלאָץ און האט א שרעקליכען שפּרונג געטהאן; זיי האבען געזעהן, וויא דער גראָפפירסט איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע און האט וויערא'ן ארויסגענומען.

— יעצט, וולאַדימיר, מוטה! יעצט האסט דוא דיא געלעגענהייט זיך צו רעכען פאר דיא בעליידיגונגען און ערניעדערונגען, וואס דוא האָסט געליטען.

וולאַדימיר איז געווען שרעקליך בלייך און האט געציטערט. וויערא'ס אנבליק האט אויף איהם געווירקט, וויא א מאגנעט. ער האט שוין בערייעט, וואס ער איז געקומען אהער מיט מארד געדאנקען. זיינע קאמעראדען האבען, עס בעמערקט.

— שעהם זיך, וולאַדימיר! האבען זיי איהם געזאגט. דוא ביסט דאך א סאָל־דאַט, אן אָפיציער, דוא זאלסט מורא האבען צו שיעסען אויף דיין פיינד? דוא פער־געסט, וואס ער האט דיר געטהאן?

דער גראָפפירסט מיט וויערא'ן זיינען דער וויייל געגאנגען אויפ'ן וועג צו דער ווילא, וואס איז געלעגען ניט ווייט און זיינען דורכגעגאנגען דעם אָרט, וואו וולאַדימיר איז געשטאנען מיט זיינע קאמעראדען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רוהיג איז געזעסען אשינאוו אין זיין עס צימער און האט געגעסען זיין פריהשטיק. פראנציסקא איז געזעסען לעבען איהם און האט בעטראכט דיא ברילליאַנטען פונ'ם טהייערן רינג, וועלכען דער קייסער האט איהר געשענקט.

— דער קייסער איז דאך גוט און ליעבענסווירדיג, האט זיא געזאגט און האט אויפגעהויבען דעם רינג געגען דער זון אום צו זעהן, וויא זיינע שטיינער פונקעלן און גלאנצען. — דאך פערשטעה איך ניט, פארוואס איך האב נאך ניט ערהאלטען דעם שיפר — דעם צייכען פון א קייזערליכער האָפדאמע. דוא זאגסט אז דער קייסער האט עס דיר פערשפּראָכען. וויא קומט עס וואס ער האט ביז אהער נאך זיין וואָרט ניט געהאַלטען?

— וואַרט, מיין טייבעלע, וואַרט נאך א קורצע צייט, דוא וועסט אלעס האבען,

האט איהר אשינאוו געענטפערט. — עס וואלט יעצט זעהר געפּאסט פאר מיר, אז א ניהיליסטען זאלען זיך ווייטער א שפּיעל טהאן און זאלען ווייטער עפּעס בעווייזען. דער אלטער זאל זיך ווייטער א ביסעל איבערשרעקען און וויסען, וואס פאר א גרויסען ווערטה דער שעף פון דער געהיימפּאליציי האט. ווען עס איז שטיל און רוהיג, ווערט ער אנטשלאפען און פערגעסט אן אונז.

— קענסט דוא ניט מאכען אומיסטען, אז דיא ניהיליסטען זאלען עפּעס אפּטהאן? האט דיא קלוגע פראנציסקא געפרעגט. קענסט דוא ניט אויסטראכטען ניהיליסטען, אונטערוואָרפען בריעף, פּאפּיערען און פּראָקלאמאציאנען, אז דער קייסער זאל זיך דערשרעקען? איך האב געהערט, אז מעזענצאוו פלעגט זעהר אָפט מאכען א זעלבע קונסט שטיקע, פאר וואס זאלסט דוא עס ניט מאכען?

— עס געהט יעצט ניט, האט אשינאוו געענטפערט. אמאל, ווען דיא ניהיליסטען פלעגען זיין טהעטיגער און פלעגען יעדען טאג אויפטהאן עפּעס נייעס, איז געווען זעהר לייכט אויסצוטראכטען זאכען, וואס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען און ארויפוואָרפען אויף זיי. וואס עס איז פאָרגעקומען, וואס עס האט זיך געטראָפען, האט מען אלעס אויף זיי ארויפגעלעגט. אויף זיי האט מען אלעס געגלויבט. פיעלע פון אונזערע אגענטען האבען געהאנדעלט מיט קאנטראבאנד און מען האט געזאגט, אז דיא ניהיליסטען האבען עס געטהאן. היינט אבער, ווען זיי זיינען רוהיגער געוואָרען, איז עס ניט אזוי לייכט.

— אלזא, טראכט עפּעס אויס אנאנדער מיטעל, וויא אזוי איבערצושרעקען דעם אלטען, האט זיך פראנציסקא געבייזערט. איך וויל דאך ווערן ז׳אָפדאמע. עס איז שוין צייט, איך זאל ארייננטרעטען אין דער העכערער געזעלשאפט!

— זיי רוהיג, מיין ליעבע, אלעס וועט קומען מיט דער צייט; אין רוסלאנד קען מען אלעס ווערן, ווען מען וויים נור, וויא אזוי זיך צו נעהמען. מען מוז אבער האבען צייט און געדולד.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א דיענער און האט געמעלדעט, אז א פרוי איז געקומען און בעט, מען זאל זיא צולאזען צום אבער פּאליצמייסטער: זיא האט מיט איהם עפּעס צו רעדען.

— צום טייפעל מיט זיי! וואס קריעכען זיי צו מיר? האט אשינאוו אויסגעשריען. איך האב איין מאל געזאגט, אז אין דער היים נעהם איך קיינעם ניט אויף. לאז זיא געהן אין דער קאנצעלאריא. דא האב איך פאר איהר קיין צייט ניט.

— איך האב עס איהר געזאגט, זיא וויל אבער אויף קיין פאל ניט אוועקגעהן. זיא זאגט, אז זיא האט מיט אייך עפּעס זעהר וויכטיגעס צו רעדען.

— איז זיא א יונגע, אן אלטע? האט אשינאוו געפרעגט.

— עס איז א פרוי פון א יאהר פונפציג.

— געהט זיא שעהן געקליידעט?

— ליידער, געהט זיא זעהר ארים געקליידעט.

— אלט און ארים? האט אשינאוו געזאגט, ווארף זיא אראָפּ פון אלע טרעפּ!

— איך האב עס פּראָבירט, זיא לאזט זיך אבער ניט. זיא רעדט עפּעס וואונ־דערבארע זאכען פון׳ם קייסער, פון׳ם גראָספירסט, פון ניהיליסטען.

— צום טייפעל מיט דיא וואהנזיניגע! זיי קומען זעהר אָפט און פערדרעהן מיר דעם קאָפּ אומזיסט. יעדער זאגט, אז ער האט וויכטיגע זאכען מיר מיטצוטהיילען, דער נאך לאזט זיך עס אויס א בוידעם.

— וואס הארט עס דיך, אז דוא וועסט זיא אויסהערן? האט פראנציסקא געזאגט. לאז זיא אריין, לאמיר הערן, וואס זיא וויל.

— גוט, ווען דוא ווילסט עס, וועל איך זיא אויסהערן, האט אשינאוו געזאגט און האט זיך געווענדעט צו זיין דיענער.

— פיהר זיא אריין, אויב זיא איז ניט שטארק שיכור.

אין א פּאר מינוטען ארום איז דער דיענער צוריקגעקומען און האט מיטגעבראכט א פרוי פון א יאהר פופציג אנגעטהאן וויא אן עכט רוסישע בויערן פרוי. אשינאוו האט זיא בעטראכט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס און האט זיך געוואונדערט, וואס קען אזא פרוי פון איהם פערלאנגען.— דיא פרוי איז געשטאנען א פּאר מינוט, דאן איז זיא איהם געפאלען צו דיא פיס.

— וואשע בלאגאראָדיע! וואשע פּרוואָסחאָדיטעלסטווא! אין וואלד לעבען מיין הויז, ניט וויט פון דער דאטשע פון׳ם גענעראל שטשערבאקאוו זיינען דא ראזבאָיניקעס! איך בין נעכטען געגאנגען אין וואלד נאך האָלץ און האב זיי געזעהן. איך האב מיך אזוי דערשראָקען, אז איך בין פאר שרעק פערקראָכען אונטער א בוים. איך האב גע־הערט, אז זיי רעדען פון גראָספירסט קאנסטאנטין, פון טויטען, פון מאָרדען דעם קייסער. איך האב אזוי געציטערט, אז עס האט מיר געקלאפּט א צאהן אן א צאהן. איך בין קוים געקומען א היים א גאנצע נאכט האב איך ניט געקענט שלאָפען און היינט גאנץ פריה בין איך געקומען צו דיר. רעטע מיך! דיא ראזבאָיניקעס וועלען מיך דערהרגענען.

אשינאוו האט זיא געוואלט הייסען ארויסטרייבען, פראנציסקא אבער האט איהם צוריקגעהאלטען.

— הער אויס אלעס, וואס דיא פרוי זאגט דיר, מעגליך, אז עס וועט אונז ברענגען נוצען. מיר האבען דאך נור וואס גערעדט פון ניהיליסטען, פון איבערשרעקען. פארוואס זאלען מיר אזא געלעגענהייט ניט בענוצען? דוא פערשטעהסט מיך דאך?

אשינאוו האט געפונען, אז זיין קלוגע פרוי האט רעכט. אזא געלעגענהייט קען מען בענוצען אום דעם קייסער אביסעל איבערצושרעקען. ער האט זיך דאהער געווענ־דעט צו דער פרוי מיט א שטרענגען טאָן.

— ווייסט דוא, אז איך קען דיך פערשיקען קיין סיביר, ווען איך וועל אויסגעפינען, אז דוא האָסט מיך אפּגענאַרט און האָסט מיר געזאגט א ליגען?

— גנעדיגער הערר! האט דיא פרוי געזאגט און האט אנגעהויבען צו ציטערן, איך שווער אייך ביי דער הייליגער מוטער גאָטעס פון קאזאן, אז איך האב אליין גע־הערט, וויא זיי האבען געזאגט: טייטען, שיעסען—גראָספירסט קאנסטאנטין—און נאך אנדערע שרעקליכע זאכען.

— מיר ווייזט אויס, אז דיא פרוי זאגט קיין ליגען, האט פראנציסקא געזאגט.

דוא טאָרסט אזא געלעגענהייט ניט אָפּלאָזען. מיר קענען אלענפאלס גארניט דערלענגען, ווען דוא זאָלסט שיקען אין יענע געגענד איינינע זשאנדארען אויף פערד.

ער האט זיך געווענדעט צו דער פרוי און האט זיא געפרעגט, וויא זיא הייסט און וואו זיא וואָינט. זיא האט איהם דערצעהלט, אז איהר מאן איז א דוואָרניק אויף א דאטשע ניט ווייט פון דעם וועלדעל, וואו זיא האט געזעהן דיא רויבער. ער איז אבער א גאנצען טאג אין שטאדט, וואו ער ארבייט אין א פאבריק און קומט א היים נור ביי נאכט. זיא האט יעצט מורא צו בלייבען אליין אויף דער דאטשא, דיא ראזבאָיניקעס זאלען אויף איהר ניט אנפאלען. אשינאָוו האט אלעס נאָטירט און האט געזאגט צו דער פרוי:

— יעצט געהט א היים, איך וועל שוין זארגען, אז דיא ראזבאָיניקעס זאלען אייך ניט אנריהרען.

דיא פרוי איז נאך געשטאנען איינינע מינוטען. זיא האט זיך ניט געקענט ענטשליעסען א היים צו געהן. זיא האט נאך אימער מורא געהאט א היים צו געהן. אשינאָוו האט זיא נאך אמאל בערוהיגט און האט זיא ארויסגעפיהרט פון זיין צימער.

— זעהסט דוא, מיין ליעבער מאן, האט פראנציסקא געזאגט, אז א קלוגער שעף פון דער געהיים־פאָליציי קען שטענדיג געפינען א געלעגענהייט צו ווייזען, אז ער איז זעהר טהעטיג און וויים פון אלעמען. קען מען דען ניט צו יעדער צייט אויסגעפינען אזא פרוי, וועלכע זאל דערצעהלען אלערליי וואונדער און אלערליי שרעקען? דער קייסער איז איבערגעשראָקען, ער וועט אלעס גלויבען און דוא וועסט ווערן ביי איהם געשעצט און געעהרט.

— אלזאָ, וואס טהוט מען יעצט? האט אשינאָוו געזאגט צו זיך אליין. איך האב נאך אלץ מורא, מען זאל מיך דערנאך ניט אויסלאכען. אזעלכע פעלע זיינען פאָרגעקומען ביי מעזענצאָוו'ן און דער קייסער איז דערנאך געווען זעהר אונצופריעדען.

— דער קייסער דארף גאר דערפון ניט וויסען. ער דארף געוואהר ווערן ערשט שפעטער, ווען מיר וועלען אויסגעפינען, אז ער דארף עס וויסען. — שיק דער וויל עט־ליכע זשאנדארען אהין, לאזען זיי דארט ארומפאָהרען. דוא אליין בלייב אין דיין קאַנ־צעלאַריע. וועט עפעס זיין, געפינען זיך דארט גנבים, רויבער אָדער הענדלער מיט קאָנ־טראַבאנדע, וועלען מיר שוין וויסען, וואס צו מעלדען דעם קייסער. האט זיך דער פרוי נור אויסגעוויזען, שטעהסט דוא דאך פון דער ווייטען און קיינער וועט דערפון ניט וויסען.

— דוא האסט רעכט, מיין ליעבע פרוי! אין רוסלאנד האט מען אלעס צו פער־דאנקען נור דעם צופאַל. פון אונזערע שפּיאָנען ווייסען מיר גאר נישט. דער צופאַל אליין ענדעקט אלעס.

ער האט אנגעקלונגען און האט געהייסען זיין דיענער, ער זאל איהם שיקען זיין סעקרעטער. אין איינינע מינוטען ארום זיינען צעהן זשאנדארען געפאהרען אויף דעם וועג, וואס דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז נור וואס דורכגעפאָהרען מיט זיין טאָכטער.

— — — — — — — — — — — —

לאנגזאם איז דער גראָספירסט קאָנסטאנטין מיט זיין טאָכטער געגאנגען אויפ'ן שטויביגען וועג. ער איז ניט געוואָינט געווען צו פוס צו געהן און דיעזער אומשטאנד

מיט דער קארעטע האט איהם נאך אויפגערעגט און בעאונרוהיגט. ער האט זיך אומ־געקוקט אין אלע זייטען אום צו זעהן, וועלכע דאטשע איז נעהנטער.

זיי זיינען פארביינגעגאנגען א גרויסען, דיקען בוים. פלוצלונג האט געקראכט א שאס. דער גראפפירסט האט א שפרונג געטהאן אין א זייט. דיא קוגעל האט ניט געטראפען. אין דערזעלבער מינוט האט געקראכט א צווייטער שאס. דיא קוגעל האט איהם אפגעריסען א שטיק פון זיין ארבעל. אין דער ערשטער מינוט איז דער גראפפירסט געווען איבערראשט, באלד אבער האט ער געפאסט מוטה און האט זיך אומגעקעהרט אין דער זייט, פון וואנען מען האט געשאסען.

— מערדער! האט אויסגערופען דער גראפפירסט. איך וועל מיך ניט לאזען אזוי דערשיעסען. איך וועל קעמפפען פאר מיין לעבען!

וויערא האט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי: מיין פאטער! רעטעט מיין פאטער!

אין דערזעלבער מינוט האט דער גראפפירסט דערזעהן, וויא א יונגער מאי האט א שליידער געטהאן דיא ביקס פון זיך און איז געפאלען אויף דער ערד.

— איך קען ניט! האט ער אויסגערופען, ער איז איהר פאטער!

מיט שרעק און שטוינען האט דער גראפפירסט דערזעהן, אז דאס איז וולאדימיר, זיין געוועזענער פליגעל־אדיוטאנט.

— וואס איז דאס? דוא ביסט עס, וולאדימיר ראטשינסקי? האט ער אויסגע־רופען ערשטוינט. דוא האסט מיך געוואלט טוידטען? אדער האסט דוא מיך פיעללייכט גערעטעט דאס לעבען צום צווייטען מאל? זאג מיר אלעס.

— איך בין עס, האט וולאדימיר קוים ארויסגעקייכט. איך האב אויף אייך גע־שאסען, איך האב אייך געוואלט טוידטען.

— וואס רעדסט דוא, ראטשינסקי? וואס האב איך דיר אזעלכעס געטהאן? פאר וואס האסט דוא מיך געוואלט טוידטען?

— איהר פרעגט נאך? האט וולאדימיר אויסגערופען. האט איהר מיך ניט ארויסגעטריעבען פון דער ארמעע, ארויסגעיאגט פון פעטערבורג, פערניכטעט מיין קאַ־ריערע, מיין לעבען, מיין גליק? האט איהר דען ניט געהייסען דעם גענעראל דראגאמי־ראוו מיך אוועקשיקען אויפ׳ן באהן קיין מאסקווא, גלייך וויא איך וואלט בעגאנגען א געמיינעם פערברעכען? וואס האב איך געגען אייך געזינדיגט, וואס איהר האט מיך אזוי ניעדעריג בעהאנדעלט? איך האב געליעבט אייער טאכטער. דאס איז נאך קיין פערברעכען, דערפאר קומט נאך ניט אזוי שטרענג צו בעשטראפען, וויא איהר האט עס געטהאן. — אך, איהר גרויסע און שטאלצע העררשער! א מענשען לעבען איז ביי אייך א שפיעלכעל! וואס פאר א ווערטה האט ביי אייך א מענש, ווען איהר דארפט אויספיהרען אייער א קאפריז? ציטערט יעצט פאר דער שרעקליכער ראכע! ווייסט, אז ווען מען טרעט דעם ווארים, טהוט איהם אויך וועה!

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט טריט פון פערד און צעהן זשאנדארן אויף פערד זיינען אנגעלאפען. זיי האבען באלד דערקענט דעם גראפפירסט קאנסטאנטין און זיינען געבליעבען שטעהן, וויא איינגעווארצעלט אין דער ערד. דער גראפפירסט

האט געזעהן, אז יעצט איז איהם אונמעגליך זיך צו ערקלערן מיט וולאַדימיר'ן. ער האט גיט געוואלט רעדען פאר דיא ווילדע און גראָבע זשאַנדארען. ער האט ארויפגעלעגט דיא הענד אויף וולאַדימיר'ס פלייצע און האט איהם געזאגט פריינדליך און רוהיג:

— ראַטשינסקי, דוא ביסט קראַנק, דוא ביסט יעצט ניט ביי דיינע געדאנקען. דוא האסט מיך ניט געוואלט טוידטען.

— ניין, גראַספירסט! איך בין ביי אלע מיינע געדאנקען. איך האב אייך געוואלט טוידטען. איך האב געוואלט מיך רעכען און ווייזען דער וועלט, וויא שענדליך, וויא נידערטרעכטיג דער גוטער, עדעלער גראַספירסט קאָנסטאַנטין האט געהאנדעלט געגען א מענשען, וועלכער האט קיין פערברעכען ניט בעגאנגען, אלס וואס ער האט געליעבט זיין טאכטער. אה! איך האב אלעס געטהאן איבערלעגט, איך האב געוואוסט, אז איהר וועט דא דורכפאָהרען, איך בין דא געבטען אויף געווען. איך שפיר אייך נאך שוין עטליכע טעג.

יעצט איז דער אָפיציער פון דיא זשאַנדארען צוגעגאנגען צום גראַספירסט. ער האט זיך פאר איהם טיעף פערנייגט און האט איהם געזאגט:

— דער שעף פון דער געהיים-פּאָליציי האט אונז געשיקט אום אייערע קייזער־ליכע האהייט צובעשיצען און צו רעטען.

— דער שעף פון דער געהיים-פּאָליציי האט זיך דערמאנט אביסעל צו שפּעט, האט דער גראַספירסט געענטפערט קאַלט. איך דארף זיין שוץ ניט. גאט האט מיך בעשיצט און גערעטעט פון א וואהנזיניגען מענשען.

— א וואהנזיניגער? האט דער אָפיציער געזאָגט, וויא פערוואונדערט.

— איהר זעהט דאך. אט שטעהט ער פאר אייך, ער וויל זאָגאר ניט אנטלויפען. ער האט גאר ניט געוואלט אנטלויפען. ער איז גייסטעם קראַנק. דאס איז דייטליך. וואס קען מען מאכען מיט א וואהנזינינגען?

— איך בין קיין וואהנזיניגער! האט וולאַדימיר אויסגערופען. איך האב זעהר גוט געוואוסט, וואס איך טהו. איך האב גאנץ גוט מיך איבערלעגט, איידער איך האב עס געטהאן.

דער גראַספירסט איז ווידער אמאל צוגעגאנגען נעהענטער צו וולאַדימיר'ן און האט איהם נאך אמאל געזאגט מיט א פריינדליכער, מיטליידענדער גאנץ שטילער שטימע:

— ראַטשינסקי, איך בעט דיך, זאג ניט, אז דוא האסט געוואלט מיך מארדען. זאג עפּעס א ליגען. זאג, אז דוא האסט זיך געלערנט שיעסען; זאג אז דוא האסט ניט געוואוסט, אז איך וועל אהער קומען. — זאג, וואס דוא ווילסט, זאג אָבער ניט, אז דוא האסט זיך אלעס איבערלעגט און ביסט געקומען מיט דער אבזיכט מיך צו טוידטען. איך וויל ניט, אז דוא זאלסט שטארבען אויפ'ן גאלגען, וויא א געמיינער פערברעכער. איך ווייס, אז איך האב געגען דיר ניט גאנץ רעכט געהאנדעלט. עס האט ניט געדארפט פּאַרקומען, וואס, עס איז געשעהן. איך וויל דיך רעטען, וולאַדימיר.

— איך וויל ניט וויסען פון אייער פריינדליכקייט, איך וויל ניט וויסען פון אייערע טובות, איהר שטאָלצע טיראַנען! פיעלע בעסערע און עדעלערע מענשען פון מיר זיינען

נעפאלען אייך צום אָפּפער, איך וויל קיין אויסנאהמע ניט זיין.

דער גראָספירסט האט געטראַכט אייניגע מינוט, דאן האט ער זיך געווענדעט צום אָפיציער פון דיא זשאנדארען און האט איהם געזאגט:

— פיהרט אוועק דיעזען מענשען, זעהט אָבער, טהוט איהם גאר נישט אויפ'ן וועג, בעהאנדעלט איהם זעהר מילד. ער וועט ניט אנטלויפען, איך בין זיכער, אז ער וועט גאנץ רוהיג געהן מיט אייך, וואוהין איהר וועט איהם פיהרען.

— וויא אייער קייזערליכע האהייט בעפעהלען, האט דער אָפיציער געזאגט און האט אויפגעהויבען צוויי פינגער צום שטערן.

דיא זשאנדארען האבען ארומגערינגעלט דעם ארעסטאנט און האבען איהם געוואלט אוועקפיהרען. יעצט איז דיא פּרינצעסין וויערא צוגעקומען. זיא איז געווען אזוי איבערראשט אין דער ערשטער מינוט, אז זיא איז ביז אהער געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האט ניט געקענט ארויסרעדען קיין ווארט. יעצט אָבער, ווען זיא האט געזעהן, אז מען וויל איהר געליעבטען אוועקפיהרען, איז זיא געקומען צו זיך. זיא איז צוגעלאָפען צום פאטער און איז איהם געפאלען אויפ'ן האלז.

— פּאפּא! לאז איהם ניט אוועקפיהרען. ער איז ניט שולדיג. ער האט אויף דיר ניט געשאָסען, אנדערע האבען עס געטהאן, ניט ער, לאז ניט, פּאפּא!

— וויערא! האט זיך וולאדימיר אפּגערופען. פערגעס מיך! פערגעס מיך! פעראכטע מיך! איך בין א מערדער, איך האב געוואָלט טויטען דיין פאטער.

וויערא האט געגעבען א שרעקליכען געשריי און איז צוגעפאלען צו איהר פאָ־טערס ברוסט.

— וויערא! האט וולאדימיר געבעטען מיט זיין וויבער, טרויעריגער שטימע. פערגעס מיין געליעבטע און דעם אונגליקליכען וולאדימיר. איך וועל שטאַרבען מיט פריידען. וואס טויג מיר מיין לעבען אהן דיר, מיין ליעבע, טהייערע וויערא? לעבע וואהל, וויערא! פערגעס, אה, פערגעס מיך!

דיא סצענע איז געווען א פּיינליכע, א שמערצליכע פאר אלעמען. זאגאר דיא ווילדע, גראָבע זשאנדארען האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען. אויף זייערע פערר־וואָקסענע געזיכטער האט זיך געוויעזען דאס הייליגע געפיהל מיטלייד. דעם גראָספירסט אבער איז דיא סצענע געווען שמערצליכער פון אלעמען. ער האט געוואוסט, וויא שענדליך מען האט וולאדימיר בעהאנדעלט און ער האט עס איהם יעצט ניט געקענט זאגען פאר דיא זשאנדארען; ער האט געזעהן, וויא שרעקליך וויערא ליידעט און ער האט איהר ניט געקענט העלפען. ער האט געוואָלט פערגלעטען און דערשטיקען דיא גאנצע געשיכטע, האט זיך אריינגעמישט אשינאוו מיט זיינע זשאנדארען. — ער האט דאהער א ווינק געטהאן, אז מען זאל דערוויל וולאדימיר'ן אוועקפיהרען. ער האט געהאָפט, אז ער וועט געפינען מיטעל, וויא אזוי איהם צו בעפרייען, אדער וועניגסטענס צו ערלייכטערן זיין שיקזאל.

— לאז אריבער געהן דער ערשטער רעש, האט ער זיך געטראַכט, לאזען זיך אלע אביסעל בערוהיגען, וועל איך זעהן, וואס איך קען טהאן פאר איהם. דער ווייל קען איך גאר ניט טהאן.

דיא זשאנדארען האבען ארויפגעזעצט וואָלאַדימיר'ן אויף א פערד און זיינען מיט איהם אוועקגעפאהרען. וויערא איז געשטאנען ניט טויט, ניט לעבעדיג אנגעשפּארט אן איהר פאטער. זיא האט געציטערט, וויא אין פיעבער און האט קיין וואָרט ניט געקענט ארויסרעדען. דער גראָספירסט אליין האט נאכגעקוקט וואָלאַדימיר'ן טרויעריג. אויף זיינע בלייכע באקען האבען זיך געוויזען טרערין.

האט ער געפיהלט, אז ער איז געווען אונגערעכט געגען וואָלאַדימיר'ן, אדער האט איהם א אינערע שטימע געזאגט, אז וואָלאַדימיר איז איהם גאנץ נאָהענט, אז ער איז זיין פלייש און בלוט, אז ער איז זיין זוהן? ווער קען עס וויסען? ווער קען עס זאגען? איינס איז פעסט און עס איז שוין טויזענד מאָל בעוויעזען געוואָרען, אז ווען קרובים: א פאטער מיט א קינד, א ברודער מיט א שוועסטער, אן אנקעל מיט א טאנטע, קענען זיך ניט און בעגעגענען זיך ערגעץ צופעליג, ציעהט זיי א געהיימע קראַפט איינעם צום אנדערן. צווישען זיי ענטשטעהט מייסטענס דיא ריינסטע, דיא שטארקסטע, דיא הייליגסטע ליעבע.

עס האט ניט לאנג געטראָפען אזא פאל אין קאנאדא. א פראנצויז האט געלעבט זעהר שלעכט מיט זיין פרוי אין דער היים, אין פראנקרייך. ער האט זיא ענדליך אוועקגעוואָרפען און איז אוועקגעפאהרען קיין קאנאדא. ער האט איבערגעלאָזען דיא פרוי מיט א קינד, א מיידעל איין יאהר אלט. עס זיינען פערגאנגען צוואנציג יאהר. דיא מוטער איז געשטאָרבען און דאס מעדכען איז אויך אוועקגעפאהרען קיין אמעריקא און איז געראדע געקומען קיין טאָראָנטאָ, אין דערזעלבער שטאדט, וואו איהר פאטער האט געוואָינט. זיא איז אריינגעטרעטען אין א רעסטאָראנט אלס דיענסט מעדכען. איהר פאטער פלעגט קומען עסען אין דעמזעלבען רעסטאָראן. פון'ם ערשטען בליק, ווען דיא ביידע האבען זיך דערזעהן, האבען זיי געפיהלט איינער צום אנדערן אזא ליעבע, אזא פריינדשאפט, אז זיי האבען ניט געקענט לעבען איינער אָהן דעם אנדערן. קיינער האט ניט געקענט פערשטעהן, וויא עס קומט, אז אזא שעהנעס, יונגעס מעדכען זאָל זיך פלוצלונג פערליעבען אין אזא אלטען, ניט קיין שעהנעם מאן. דערצו איז ער נאך געווען אזוי ארים, אז זיא פלעגט איהם זעהר אָפט אוועקגעבען איהרע שווער פערדיענטע סענטען. דיא פריינדשאפט, ריכטיגער געזאגט, דיא ליעבע צווישען דיעזע צוויי זאנדער־בארע מענשען איז געוואָרען מיט יעדען טאג שטארקער און זיי האבען בעשלאָסען צו הייראטהען. אלעס איז שוין געווען פארבערייטעט צו דער האָכצייט. מען איז געגאנגען אין קירכע צו דער טרויאונג צערעמאָניע. דער גייסטליכער האט אנגעהויבען אויסצו־פרעגען דעם אלטען ברייטיגאם און דיא יונגע בראַוט: פון וואנען זיי זיינען, וויא זיי הייסען, וויא זייערע עלטערן האבען געהייסען און ווען זיי זיינען געקומען קיין אמעריקא. ערשט דאמאלס האט דער חתן דערזעהן, אז ער האט געוואָלט הייראטהען זיין אייגענע טאָכטער.

דאס איז ניט קיין איינציגער פאקט. עס האט שוין געטראָפען טויזענדער מאָל און יעדעס מאָל האט עס נאך ארויסגעוויעזען, אז א געהיימע קראַפט האלט דיא נאָהענטע קרובים און ציהט זיי צוזאמען. דיעזע אונערקלערליכע קראַפט ווייזט זיך שטענדיג ארויס אין א שטארקע פריינדשאפט — אין ליעבע. ווער איז דיעזע קראַפט?

וואס איז זיא? דאס ווייסען מיר ניט, אזוי וויא מיר ווייסען ניט און פערשטעהן ניט נאך פיעלעס פון דער מענשליכער נאטור.

אין אונזער ערצעהלונג האט זיך דיעזע טהאטזאכע ווידערהאָלט. עס זיינען זיך צוזויפגעקומען פאטער און זאהן, שוועסטער און ברודער און דיעזע געהיימע קראפט האט זיך ווייטער ארויסגעוויעזען אין ליעבע.

91טעס קאפּיטעל.

## אין עסטעררייך.

אויף א קליין טייבעל, וועלכעס טהיילט אפּ רוסלאנד פון עסטעררייך ליעגט צור וואָרפען א שמוציג פּויליש שטעדטעל מיט'ן שעהנעם נאמען „הוסיאטין". איין העלפט שטעדטעל געהערט צו רוסלאנד, דאס רוסישע הוסיאטין, דיא אנדערע העלפט געהערט צו עסטעררייך.ביידע העלפט זיינען שמוציג, ארים און טרויעריג. אויף יעדער שטוב איז אנגעשריעבען מיט א קלארער, דייטליכער, פאר יעדען פערשטענדליכער שריפט, אז דיא, וועלכע וואָינען אין דיעזע הייזער, געניעסען ניט אלעס גליק פון'ם לעבען. „ווען דיא מענשען שווייגען, דאן רעדען דיא שטיינער", האט געזאגט אן אלטער פהילאָזאָף. וועלכער האט זעהר גוט געקענט דיא שפּראכע פון דיא שטיינער.

אזוי וויא דאס שטעדטעל הוסיאטין ליעגט ווייט פון יעדען טראקט, פון יעדען גרויסען וועג, קומען אהין זעהר זעלטען רייזענדע. דער רייכער ענגלענדער, וועלכער פאהרט אוים דיא גאנצע וועג צום פערגניגען, וועט ניט קומען קיין הוסיאטין האפּען פערגניגען פון דיא פּאר הונדערט ארימע אידען, וואס וואָינען דארט. דער געלערנטער פראנצויז, וועלכער פאהרט ארום אין דער וועלט אום צו קענען דיא כאראקטערע און דיא זיטען פון פערשיעדענע פעלקער, האט ניט וואס צו לערנען און וואס צו פאָרשען פון דיא ארימע אונוויסענדע אידען, וועלכע וואָינען דאָרט און קעמפּפען מיט הונגער און נויט.— עס איז א פערוואָרפען ווינקעל, פערשטויסען פון גאט און פערגעסען פון מענשען. זעלטען, זעלטען קומט אהין א גוטס בעזיצער, א פּריץ, פון דער נאכבארשאפט עפּעס קויפען. דאס איז שוין אין דער גרעסטער נויט, ווען ער מוז שוין עפּעס האבען גאנץ נייטיג און האט קיין צייט ניט צו פאהרען, דער רוסע קיין קאמענעץ-פּאָדאָלסק און דער עסטעררייכער קיין טשערנאָוויץ אדער לעמבערג.

מיר זיינען אין עסטעררייכישען הוסיאטין. עס איז אזוי ארים, וויא דאס רוסישע. נור עטוואס ווייניגער שמוציג. אָבוואָהל עס קומען אהין זעהר זעלטען פרעמדע מענשען, זיינען דאך אין שטעדטיל דא מעהר גאסט הייזער אלס איינוואָינער. יעדעס הויז איז א גאסט הויז. יעדעס הויז נעהמט אויף געסט, ווען זיי קומען נור. אין דער מיט שטעדטיל געפינט זיך א גרויס הויז, וועלכעס איז נאטירליך אויך א גאסט הויז און געהערט צו ר' לייבעלע מלכה ריינעס. דאס איז דאס בעסטע און שעהנסטע גאסט הויז אין שטעדטיל און איז בעקאנט אין דער גאנצער געגענד, אז דא קען מען געפינען א סאמאָוואר און א צימער מיט ניט פיעל וואנצען.

עס איז א וואַרעמער מאי טאג. זעקס אוהר פארנאכט. דיא איינוואָינער פון'ם שטעדטיל האבען געענדיגט זייער טעגליכע בעשעפטיגונג און שטעהן אין דרויסען אדער

זיצען אויף דיא „פריזבעס" פון זייערע הייזער און רעדען פון פאָליטיק אדער פון זייערע צרות. יעדער האט זיך זיין פעקעל צרות און האט פון וואס צו רעדען און וואס צו קלאגען זיך. צו ערוואַרטען האבען זיי גאר נישט. זיי האבען זיך שוין איבערצייגט, אז גאָט וואַרפט ניט אראָפּ קיין געלד פון הימעל און דיא פריצים האבען אויפגעהערט צו פערליערען בייטלען מיט געלד.

וויא ערשטוינט זיינען זיי געווען, ווען פלוצלונג איז אנגעפאהרען א קארעטע, אן אמת'ע קארעטע מיט צוויי פערד און איז פערפאהרען גלייך צו ר' לייבעלע מלכה ריינעס גאַסט־הויז. פון דער קארעטע איז ארויסגשפרונגען א רייך געקליידעטער מאן, אן אמת'ער „פריץ" און האט געפרעגט דעם ווירטה, וועלכער איז געשטאנען פאר איהם אהן א היטעל, אין ריין דייטש:

— קען איך האבען ביי אייך א צימער פיר דיעזע נאכט?

— יא וואָהל, מיין הערר, האט דער ווירטה געענטפערט און האט זיך פערנייגט ביז אין דער ערד אריין.

דאס גאנצע שטעדטיל איז זיך צונויפגעלאפען אנקוקען דעם „פריץ". — ווער איז ער? פון וואנען קומט ער? האט איינער דעם אנדערן געפרעגט, קיינער האט אבער ניט געקענט ענטפערן אויף דיעזע פראגען. קיינער האט דעם „פריץ" ניט געקענט, קיינער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן. מען האט אנגעהויבען צו קלערן און צו ראטהען, ווער עס קען זיין און צו וואס ער איז געקומען אין שטעדטיל.

אונטערדעסען האט דער ווירטה אריינגעפיהרט דעם „פריץ" אין זיין בעסטעס צימער און האט איהם געפרעגט, אויב ער דארף עפּעס?

— איז דא היינט געקומען צופאהרען נאך א גאסט? האט דער הערר געפרעגט.

— איהר זייט דער ערשטער, גנעדיגער הערר, האט דער ווירטה געענטפערט.

— נון, אויב אזוי, געה אין דרויסען און וואַרט, ווען עס וועט קומען נאך א הערר צופאהרען, זאלסט דוא איהם באלד אריינפיהרען צו מיר אין צימער.

דער ווירטה האט זיך פערנייגט און געוואָלט ארויסגעהן.

— אויב דוא האסט א סאַמאָוואַר, מאך מיר א סאַמאָוואַר, טהעע האב איך אליין.

ר' לייבעלע מלכה ריינעס האט זיך נאך א מאל פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון'ם צימער.

— אלזא, דארף קומען נאך איינער, האט ער געזאגט צו זיך אליין מיט א צור פריעדענער מינע. גאט האט מיר היינט בעשערט גוטע געסט. מען מוז געוואָהר ווערן, וואס זיי וועלען רעדען. זיי זיינען געוויס געקומען אהער ניט אומזיסט. איך וועל שוין צו לעגען דעם אויער צו דעם דינעם ווענטעל פון זייער צימער.

ער איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען און האט אנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען. עס איז פערגאנגען א געראַומע צייט און קיין קארעטע, קיין ברישקע איז ניט אנגעפאהרען. ר' לייבעלע איז געוואָרען אונרוהיג. טאמער קומט דער צווייטער „פריץ" גאר ניט, וועט דער ערשטער נאך אויך אוועקפאהרען. וויא ערשטוינט איז ער דאהער געווען, ווען פון א זייטען געסעל איז ארויסגעקומען א שעהנער, קרעפטיגער מאן פון א

יאהר עטליכע און פונפציג מיט לאנגע האר און מיט א שעהנעם קיילעכדיגען בארד. זיינע האר און דער בארד זיינען שוין געוועזען שטארק גרוי, דיא אויגען אבער האט נאך געפונקעלט און געלויכטען, וויא ביי א יונגען מאן. דיא גאנצע פיגור פון דיעזען זאנדערבארען מענשען האט איינגעפלייסט רעספעקט. ער איז גלייך צוגעגאנגען צו ר׳ לייבעלען, גלייך וויא ער וואלט געוועזען זיין אלטער בעקאנטער און האט איהם געפרעגט מיט זיין העלער, ליעבליכער שטימע:

— איז צו אייך היינט געקומען צופאהרען אן אונבעקאנטער הערר?

— יא וואהל, האט דער ווירטה געענטפערט, מיר שיינט, אז ער ערווארטעט אייך.

— אלזא, פיהר מיך אין זיין צימער, האט דער מאן צו איהם געזאגט.

דער ווירטה האט איהם אריינגעפיהרט אין צימער, וואו דער ערשטער הערר איז געזעסען. ביידע הערין האבען זיך אנגעקוקט א פאר סעקונדען, גלייך וויא זיי וואלטען געוואלט אויסשטודירען איינער דעם אנדערן.

— ברענג אריין דעם סאמאוואר, צוויי גלעזער און א פלאש גוטען קאניאק, האט דער ערשטער הערר געזאגט צום ווירטה, ווייטער דארף איך דיך דערוויל ניט.

ווען דער ווירטה איז ארויסגעגאנגען פון צימער, האט זיך דער ערשטער הערר געווענדעט צום צווייטען און האט איהם דערלאנגט דיא האנד.

— אלזא האב איך דיא עהרע צו זעהן פאר מיר דעם גרויסען רוסישען רעוואַלוציאָנער, מיכאאיל באקונין!

— באקונין האט זיך לייכט פערנייגט און האט געענטפערט געלאסען.

— איך הייס באקונין. מיט וועמען האב איך דיא עהרע צו רעדען!

— מיין נאמען איז איגנאטיעוו.

אויף באקונין׳ס געזיכט האט זיך געוויזען א לייכטער שאטען פון מיסטרויען; אויף זיין הויכען, ברייטען שטערן האבען זיך אויסגעלעגט שארפע קנייטשען. גראף איגנאטיעוו האט עס בעמערקט. ער האט גוט פערשטאנען, אז וועמען באקונין האט ערווארטעט צו געפינען, דא אין אן עסטעררייכיש שטעדטעל, גראף איגנאטיעוו האט ער געוויס ניט ערווארטעט. ער האט ארויסגענומען א קליינע פיער־עקיגע וויזיט־קארטע מיט א רויטען זיעגעל און האט עס דערלאנגט באקונינען.

— דאס איז דער פעהלער פון אלע רוסישע ניהיליסטען, האט ער געזאגט. זיי קוקען אלץ אראפ אונטען, צום פאלק, וועלכעס איז נאך דערוויל אויף קיין זאך ניט פעהיג און פערגעסען אן דיא העבערע קלאסען, וועלכע קענען אלעס טהאן. איהר וועט באלד זיך איבערצייגען, אז איך קען בעסער רוסלאנד, וויא איהר. —

דער ווירטה איז אריינגעקומען און האט געבראכט, וואס מען האט פון איהם פערלאנגט. ער האט בעטראכט דיא ביידע הערין און האט זיך געוואונדערט. ער האט זיי קיין מאל ניט געזעהן. זיי זיינען פרעמדע אין דיעזער געגענד און זיינען זיך צונויפגעקומען אהער אום עפעס אפצורעדען. זיין נייגיערדע איז געוואקסען פון מינוט צו מינוט. ער מוז זיך אונטערהערן וואס זיי רעדען

— יעצט האבען מיר אלעס, האט איהם איגנאטיעוו געזאגט שארף, דוא קענסט דיר געהן. ווען איך וועל דארפען, וועל איך דיך רופען.

דער ווירטה איז ארויסגעגאנגען. גראף איגנאטיעוו האט פערשלאָסען דיא טהיר און האט אראָפּגעלאָזען דיא פאָרהענגלעך פון דיא פענסטער.

— יעצט קענען מיר רוהיג פלוידערן, האט ער געזאגט צו באקונין. איך האב אייך בעשטעלט אהער, ווייל איך געפין, אז אין אזא קליין אידיש שטעדטעל זיינען מיר זיכערער פון דער עסטעררייכישער פאָליציי, וויא אין א גרויסער שטאדט, וויא ווינען אדער קראקוי. פון דער קארטע, וואס איך האב אייך צוגעשיקט קענט איהר זעהן אז איהר מעגט אייך פערטרויען צו מיר.

— דיא קארטע איז פון׳ם עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון׳ם געהיים־בונד מיט׳ן וואהרען זיענעל, האט באקונין געזאגט נאך אימער מיסטרויאיש, איך קען אבער נאך אלץ ניט פערשטעהן, וואס פאר א גרונד האט געפיהרט גראף איגנאטיעוו צו מיר. וואס געהער זיך אן גראף איגנאטיעוו, דער דיפלאָמאט דער האף־מענש מיט דיא רוסישע ניהי־ליסטען?

— איהר האט א טעות, איהר גרויסער רעוואָלוציאָנער, האט גראף איגנאטיעוו געענטפערט מיט א שמייכעל. איהר זייט שוין לאנג פון רוסלאנד און ווייסט ניט, וואס עס טהוט זיך אין דער העכערער געזעלשאפט. איהר האט אייך ביז אהער בעמיהט צו מאכען א רעוואָלוציאָן מיט דעם גראָבען אונוויסענדען איוואן דערפאר איז עס אייך ניט געראָטהען. דער רוסישער מוזשיק איז ערשט ניט לאנג בעפרייט געוואָרען, ער איז נאך א שקלאף; ער ווייס נאך ניט, וואס פרייהייט איז און וועט עס נאך אזוי גיך ניט פערשטעהן. עס וועלען נאך פערגעהן פיעלע, פיעלע יאהרען, איידער איוואן וועט אנהויבען צו פיהלען, אז ער איז אויך א מענש און דארף אנדערש לעבען. ער איז דערווייל מיט אלעמען צופריעדען און רופט אלעקסאנדער II „צאר אָסוואָבאָדיטעל" (דער צאר דער בעפרייער) פאר וועלכען ער איז נאך יעצט בערייט צו אָפּפערן זיין לעבען. מיט איהם וועט איהר גאר ניט מאכען. ווען איהר ווילט רוסלאנד בעפרייען, מוזט איהר אנהויבען פון אויבען, פון דער אריסטאָקראטיע. זיא האט דיא מאכט, זיא האט דיא נייטיגע מיטעל דערצו, איך מיין, געלד. ווען דיא אריסטאָקראטיע וועט זיך אויפהויבען, ווען דיא רוסישע עדעל לייט (דוואָריאנעס) וועלען אויפשטעהן, וועט זיי דאס פאלק פאָלגען און דיא פאמיליע ראָמאנאָוו וועט פערשווינדען פון׳ם "היילינגען„ רוסלאנד.

באקונין האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען, גלייך וויא ער האט געוואָלט איבערלעזען זיינע געהיימע געדאנקען.

— געוויס, האט ער ענדליך געזאגט, ווען דיא רוסישע אריסטאָקראטיע זאל פערגעסען איהר אלטען, איינגערעדטען שטאָלץ און זאל זיך פעראייניגען מיט׳ן פאָלק, וואָלט זיא געקענט זעהר פיעל טהאן פאר דיא בעפרייאונג פון רוסלאנד. וואס קען מען אבער דערווארטען פון א קלאסע מענשען, וועלכע זיינען זייט טויזענדער יאהרען געוואָינט געוועזען, אז דער מוזשיק זאל אויף זיי ארבייטען און זיי זאלען פערשווענדען דיא פריכטע פון זיין מיה און זיין ארבייט אין פאריז, אין לאָנדאָן אדער אין דיא שפיעל־הייזער פון

**דיא שטעדט האַמבורג און מאַנאַקאָ? וואס קען מען ערוואַרטען פון מענשען, וועלכע** זיינען ניט געוואָינט ניט צו ארבייטען, ניט צו דענקען?

— זעהט איהר דאָך, אז דיעזע מענשען גיבען אייך יעצט דיא האנד און ווילען קעמפּפען מיט אייך צוזאַמען געגען דיא טיראַניי פון דער פאַמיליע ראָמאַנאָוו.

— איך זעה נאך גאר ניט, האט באַקונין געזאַגט שאַרף, איך זעה נור אזוי פיעל, אז זיא וויל לויז ווערן פון איין טיראַן אום ארויפצוזעצען אויפ'ן רוסישען טראָהן אַן אַנדערן, נאך א גרעסערן טיראַן. איך וויים, אז דיא רוסישע אריסטאָקראַטיע איז ניט צופריעדען מיט אלעקסאַנדער II. זיי האבען פון איהם ערוואַרטעט, ער זאל יעדען דוואָריאַנין, יעדען עדעלמאַן מאַכען פאר א טשינאָווניק און זאל איהם געבען א גוטע שטעלע. דיא מוזשיקעס זיינען בעפרייט, זיי ווילען מעהר ניט ארבייטען פאר זיי, זוכען זיי צו לעבען און רייך צו ווערן פון דער רעגיערונג.

ניין! האט ער אויסגערופען און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו שפּריצען פלאַמען. מען מוז אפּרייניגען רוסלאַנד פון אַלעמען; פון דיא ראָמאַנאָוו׳ס און פון דער פערדאָרבענער פערפוילטער אריסטאָקראַטיע!

גראַף איגנאַטיעוו האט זיך געביסען דיא ליפּען. באַקונין האט איהם פערשטאַנען, האט געלעזען זיינע געהיימע געדאַנקען. געגען באַקונין העלפט זיין פּאָליטיק ניט. באַקונין איז אזוי קלוג, וויא ער.

— לאָמיר רעדען גאַנץ אָפענהערציג, האט ער געזאָגט. וואס פערלאַנגט איהר? וואס ווילט איהר? — בעפרייען רוסלאַנד. איך וויל אויך דאס זעלבע. מיר האבען איין צוועק פאר אונז, פאר וואס אלזא זאלען מיר זיך ניט פעראייניגען? אייך פעהלען דיא נייטיגע מיטעל. איהר האט וועניג געלד און האט אייך ניט וואו צו פערזאַמלען און זיך צו בעראַטהען, וואס צו טהאָן. איך וויל אייך געבען ביידע מיטעל. איך וועל אייך עפענען א קרעדיט פון א מיליאָן רובעל אין וואס פאר א באַנק איהר ווילט: אין וויען, פּאַריז אדער לאָנדאָן און גיב אייך איינעם פון מיינע שלעסער, וואו איהר וועט אייך קענען צוזאַמענקומען און אפּהאלטען אייערע פערזאַמלונגען. איך וועל אייך צוברענגען מיטגליעדער פארן געהיימ־בונד, אויף וועלכע איהר וואָלט זיך אין אייער לעבען ניט געריכט.

באַקונין האט געטראַכט א פּאר אויגענבליק, דאן האט ער א פרעג געטהאָן:

— מיט וואס זיינען מיר גאַראַנטירט, אז איהר מיינט עס ערנסט? מיט וואס זיינען מיר גאַראַנטירט, אז איהר ווילט אונז ניט אריין נאַררען אום אונז מיט א מאל איבערצוגעבען דער פּאָליציי? פון וואַנען קען איך וויסען, אז איהר אליין זייט ניט א שפּיאָן פון דער געהיימ־פּאָליציי? איהר האט געזאָגט, אז איהר ווילט רעדען מיט מיר אָפענהערציג, מוז איך אייך אויך זאָגען אָפענהערציג, אז דער נאָמען גראַף איגנאַטיעוו פּאַסט זעהר וועניג פאר א ניהיליסט. מיינע קאַמעראַדען וועלען צו דיעזען נאָמען האבען וועניג צוטרויען. מיר מוזען האבען א גוטע גאַראַנטיע, אז איהר מיינט עס ערנסט מיט אונז.

— איך האב דיעזע פראַגע ערוואַרטעט, האט גראַף איגנאַטיעוו געענטפערט, און בין בערייט צו געבען אייך גאַראַנטיען, מיט וועלכע איהר וועט צופריעדען זיין. דיא

ערשטע גאַראַנטיע איז, וואָס איך לעג איין אַ מיליאָן רובעל, אויף וועמעס נאָמען איהר ווילט און אין וואָס פאַר אַ באַנק איהר וועט מיר אָנווייזען. איך האָב אָבער נאָך אַן אַנדער גאַראַנטיע, וועלכע וועט אייך פאָלשטענדיג איבערצייגען, אַז איך מיין עס ערנסט.

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים קעשענע אַ לעדערנעם פּאָרטפעל, האָט איהם לאַנגזאַם געעפענט און האָט אַרויסגענומען דריי קאַרטען מיט דער אייגענהענדיגער אונטערשריפט פון אַלכּסנדר דעם צווייטען. דיעזע דריי קאַרטען האָט ער דערלאַנגט באַקונינען.

— מיט דיעזע קאַרטען קענט איהר אַריינקומען אין יעדען אַרסענאַל און נעהמען פּולווער, דינאַמיט און ביקסען, וויאַפיעל איהר ווילט. נור דיא קאָמאַנדירען פון אַ קאָרפּוס האָבען אַזעלכע קאַרטען. דיעזע קאַרטען מאַכען אייך פאַרן הערשער פון רוסלאַנד.

באַקונין האָט בעטראַכט דיא קאַרטען אויפמערקזאַם. דיא גאַראַנטיע איז געוועזען אַ גוטע און אַ זיכערע. ער האָט זיי אָבער דאָך ניט גענומען. ער האָט גראַף איגנאַטיעוו נאָך אימער ניט געגלויבט.

— איהר גלויבט מיר נאָך אַלץ ניט, האָט גראַף איגנאַטיעוו געזאָגט מיט פערדרוס, מאַכט אַ פּראָבע, איבערצייגט אייך. איך קען אייך געבען נאָך אַ בעסערע גאַראַנטיע. לאַדעט איין דעם גענעראַל וואַנאַווסקי אָדער דעם טאַיני סאָוועטניק פּאָבעדאָנאָסצאָוו אויף איינע פון אייערע געהיימע פערזאַמלונגען און איהר וועט זעהן, אַז זיי וועלען קומען און וועלען אייך געבען דיא ברודער־האַנד. איהר האָט קיין בעגריף ניט, וויא וויט דיא העכערע קלאַסען אין רוסלאַנד זיינען אונצופריעדען מיט דער רעגיערונג; איהר ווייסט ניט, וויא וויט דיא אַרמעע איז אונצופריעדען. איהר האָט זעהר וועניג מיטגליעדער פון דער אַרמעע. אייערע מיטגליעדער זיינען מייסטענס נור איינפאַכע אָפיציערען, צו דיא העכערע האָט איהר ניט געהאַט קיין וועג און קיין מיטעל צוצוקומען. איך וועל אייך עפענען דעם וועג און וועל אייך געבען דיא מיטעל.

— גוט, האָט נאָך לאַנגען טראַכטען באַקונין געזאָגט, איך נעהם אָן אייער בייסטאַנד, אייער הילף, איך וועל אייך אָבער שטעלען אויף אַ האַרטע פּראָבע. איהר ווייסט, אַז מיר שפּאַסען ניט, אַז מיר האָבען מיטעל צו בעשטראָפען זעהר שטרענג אונזערע פיינד. וועה אייך, ווען איהר מיינט עס ניט ערנסט מיט אונז! איך וויל ניט פרעגען נאָך אייערע צוועקע. זיי זיינען געוויס ניט דיעזעלבע, וואָס מיר האָבען. דערווייל אָבער ווילט איהר געהן מיט אונז אויף איין וועג און מיר נעהמען אָן אייער הילף.

גענעראַל איגנאַטיעוו האָט זיך פערנייגט און האָט גאָר ניט געענטפערט. ער איז געוועזען מיט באַקונין איינפערשטאַנען. זיי האָבען נאָך גערעדט איינינע צייט איבער פערשיעדענע געגענשטענדע. פּלוצלונג האָט מען געקלאַפּט אין דער טהיר. גענעראַל איגנאַטיעוו איז אויפגעשפּרונגען.

— וואָס וויל דער פערדאַמטער יודע? האָט ער אויסגערופען.

— אים נאָמען דעם געזעצעס! האָט מען געהערט הינטער דער טהיר.

באַקונין איז בלייך געוואָרען. ער האָט געוואוסט, אַז דיא עסטעררייבישע פּאָליציי זוכט איהם, ווייל ער האָט אַגיטירט צווישען דיא אַרבייטער אין וויען און אין ברין.

גראף איגנאטיעוו איז אויך געווען זעהר אונרוהיג. ער האט ניט פערשטאנען, וואס דאס זאל הייסען. איהם איז נאך געווען אזויפיעל אונאנגענעהם, וואס באקונין וועט מיינען, אז ער האט איהם אומיסטען פערפיהרט אום איהם איבערצוגעבען אין דיא הענד פון דער פאָליציי. עס האט אָבער גאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט עפענען דיא טהיר. דיא עסטעררייכישע פאָליציי איז צוואר פיינער, העפליכער, אלס דיא רוסישע, זיא האט אָבער אויך זעהר פיינט צו שפאסען און זיצען אין אן עסטעררייכישען געפענגניס איז ניט פיעל בעסער אלס זיצען אין א רוסישען אסטראָג.

איגנאטיעוו האט געעפענט דיא טהיר. צוויי זשאנדארען זיינען אריינגעקומען, האבען זיך גאנץ העפליך פערנייגט און דער עלטערער פון זיי האט געזאגט:

— ענטשולדיגט, מיינע העררען, וואס מיר זיינען געקומען אייך שטערן. עס איז אונזער פפליכט צו פרעגען ביי פרעמדע זייערע רייזעפעסער. דיא שטאדט ליעגט לעבען דער רוסישער גרענעץ און עס קומען אפט אלערליי מענשען אהער.

גראף איגנאטיעוו האט ארויסגענומען זיין פאס מיט א בעזאנדערן שיין פון'ם רוסישען געזאנדטען אין וויען, אז ער פאהרט אין א פאָליטישער אנגעלעגענהייט. דאס האט געווירקט אויף דיא זשאנדארען, וויא אן עלעקטרישער שלאג. זיי האבען זיך טיעף פערנייגט, האבען געבעטען אום ענטשולדיגונג און זיינען באלד אוועקגעגאנגען.

— נון, זעהט איהר, האט באקונין געזאגט, ווען זיי זיינען געבליעבען אליין און איגנאטיעוו האט ווידער פערשלאָסען דיא טהיר. זעהט איהר, וויא דאס פרייע און געבילדעטע עסטעררייך ווערט רעגיערט! אויך דא שטעהן דיא זשאנדארען ביי יעדען הינטער דער פלייצע און הערן זיך צו צו יעדערווארט, וואס מען רעדט ארויס; אויך אין דיעזען עסטעררייך, וועלכע שטאלצירט אזוי מיט איהר פרייהייט און זאגט, אז דער קייסער מיט'ן פאָלק זיינען גאר איינס, הערשט דיא פאָליציי, ניט דאס פאלק. האב איך ניט רעכט, ווען איך בעהויפטע, אז דאס גאנצע געזינדעל, אלע הערשער, מוזען פערניכטעט ווערן און איינס פיר אלע מאָל פערשווינדען? קוים איז נור דא א קייזער, וויל ער הערשען, וויל ער אז מען זאל איהם פאָלגען, אז מען זאל זיך בייגען פאר זיין ווילען, אז מען זאל טהאן און רעדען נור, וויא אזוי ער וויל.

— געוויס, געוויס! האט גראף איגנאטיעוו געזאגט, דיא עסטעררייכישע רעגיערונג איז נור פון דרויסען אָפּלאקירט, פון אינעווייניג איז זיא אזוי פויל, וויא דיא רוסישע. זיא ניט פרייהייטען נור אויף פאפיער און שטילערהייט שיקט זיא אונטער איהרע זשאנדארמעריא אום דיעזעלבע פרייהייטען צוריק צונעהמען. זיא איז נור פיעל קליגער, פיעל דורכגעטריעבענער אלס דיא רוסישע; זיא וויים, וויא אזוי אומצוגעהן מיט'ן פאָלק; זיא רייצט ניט דאס פאלק מיט נאררישע, אונזיניגע בעפעהלען און אוקאזען, וויא דיא רוסישע רעגיערונג טהוט, אבער זיא וויים שטענדיג, וויא אזוי דורכצוזעצען איהר ווילען, עסטעררייך האלט זיך אן דער פאָליטיק פון נאפּאָלעאָן I, וועלכער האט געזאגט, אז מען דארף בעהערשען דאס פאָלק מיט אן אייזערנער האנד, דיא אייזערנע האנד אָבער מוז זיין, אנגעטהאן אין א סאמעטענעם האנדשוה.

באקונין, האט איהם גאר ניט געענטפערט. דיא לעצטע ווערטער האבען דייטליך געוויעזען גראף איגנאטיעוו'ס כאראקטער. ער האט אונווילענדיג ארויסגעזאגט, ער האט

זיך אדויסגעחאפּט, וואס ער וויל און וויא אזוי ער דענקט צו רעגיערען רוסלאנד, ווען ער זאל האבען דיא מאכט.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט צו גראף איגנאטיעוו.

— אונזער אונטעררעדונג גלויב איך, איז צו ענדע. איהר וועט שוין פון מיר הערן. מעגליך, אז מיר וועלען זיך נאך זעהן אין פּעטערבורג. —

— מיר וועלען זיך נאך געוויס זעהן, איז איהם איגנאטיעוו אריינגעפאלען אין דיא רעדע, מיר מוזען זיך נאך זעהן, מיר האבען נאך זעהר פיעל צו רעדען. שיקט נור צו אַ פּאר ווערטער אויף דיא אדרעסע, וואס איך וועל אייך געבען און איך וועל באלד קומען, וואוהין איהר וועט מיר אנווייזען.

ער האט ארויסגענומען אַ וויזיט קארטע פון דער בוזים קעשענע, האט אויף איהר אנגעשריעבען א פּאר ווערטער און האט זיא דערלאנגט באַקונינ׳ען.

— איהר ווילט שוין געהן? האט ער איהם פּלוצלונג אַ פרעג געטהאן. איך וואלט פערלאנגט, אז מיר זאלען נאך עטוואַס עסען, איידער מיר צופאהרעהן זיך. — וויא ארים דאס שטעדטעל איז, וועט דער איד שוין עפּעס אויסגעפינען פון אונזערט וועגען.

— איך דאנק אייך, האט באַקונין געזאגט, איך האב קיין צייט ניט מארגען דארף איך זיין ווייט פון היע.

גראף איגנאַטיעוו׳ס געזיכט האט זיך פערפינסטערט, ער האט פערשטאנען, אז באקונין וויל מיט איהם ניט עסען. ער האט נאך אלץ ניט קיין צוטרויען צו איהם.

— ווען איהר האט קיין צייט ניט, וועל איך אייך ניט אויפהאלטען, האט ער געזאגט. אלזא, אויף וויעדערזעהן אין פּעטערבורג!

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם געגעבען דיא האנד. באַקונין האט זיא קוים אנגעריהרט. ער האט זיך העפליך פערנייגט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר.

—ווארט אַ ווייל, האט איגנאַטיעוו געזאגט, איך וויל אייך אביסעל בעגלייטען. איהר האט דאך געזעהן, אז דיא עסטערריכישע זשאנדארמעריע האט אויף אונז גע־וואָרפען אן אויג. איך קען זיא גאנץ גוט. זיי האבען מיר געבעטען אום ענטשולדיגונג, ווען זיי האבען דערזעהן מיין פּאַספּאָרט, און זיינען זיך ארויסגעגאנגען. זיי זיינען אָבער ניט געגאנגען א היים, זיי בעוואכען אונז; זיי בעוואכען דאס הויז און וועלען אונז נאכ־שפּירען, ביז מיר וועלען קומען צום באהנהאָף. איך בין זיכער, אז דער ווירטה פון אונזער גאַסט־הויז האט אליין אנגעגעבען דער פּאָליציי, אז צו איהם זיינען פערפאהרען אונבעקאנטע געסט.

— איך דאנק אייך, גראַף, פאר אייער פריינדליכקייט. איך וועל שוין געפינען מיין וועג, האט באַקונין געענטפערט מיט אַ שמייכעל. איך בין שוין אזוי גוט בעקאנט מיט דער געהיים־פּאָליציי פון אלע לענדער, אז זיי וועלען מיך אזוי גיך ניט קריעגען. ווייסט איהר דען ניט, אז אַ ניהיליסט מוז אויך זיין אַ דיפּלאָמאַט. ער מוז אויך וויסען, וויא אזוי זיך אויסצודרעהן פון דער פּאָליציי.

ער האט זיך נאך אמאל פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאכט. אין דרויסען איז געווען פינסטער. אין דיא קליינע שטעדטלעך אין עסטערייך און רוסלאנד האט מען נאך ניט אויסגעפונען דיא גרויסע חכמה צו

בעליייכטען דיא גאסען ביי נאכט, אויסער ווען דער מאנד דערבארמט זיך אויף זיי און קוקט זיך צו, וויא אָרים און וויא שמוציג זיי זיינען. באקונין איז ניט געגאנגען מיט דער הויפט גאס, ער איז באלד אריין אין א קרום געסעלע מיט ניעדעריגע הייזלעך. אין א ווינקעל איז געשטאנען א מאן איינגעהילט אין א מאנטעל און האט זיך ניט געריהרט. ווען באקונין איז צוגעקומען צו דעם הויז, וואו דער מאן איז געשטאנען, האט דער מאן געזאגט מיט א גאנץ שטילער שטימע:

— לאנד און פרייהייט !

— אימער פאָרווערטס ! האט באקונין געענטפערט עבענפאלס מיט א שטילער שטימע.

יעצט זיינעןביידע מענער געגאנגען רוהיג און שטיל, ביז זיי זיינען געקומען צום עק שטעדטעל. דאָרט האט אויף זיי געווארט א גאנץ איינפאך וועגעלע מיט א פאָר קליינע גאליציאנישע פערדלעך. א רוטענישער בויער האט געגעבען דיא פערד עסען. ווען ער האט דערזעהן דיא צוויי מענער, האט ער באלד צונויפגעלעגט זיין פעקעל און האט זיך אויפגעזעצט אויף דער קעלנע. ביידע מענער האבען זיך אריינגעזעצט אין וועגעלע. דיא פערדליך האבען געריהרט און זיינען געלאפען פרעהליך אויפ'ן גלאטען וועג.

— ווע[מ]ען האבען זיי צוגעשיקט און וואס האט ער געוואלט ? האט דער מאן געפרעגט באקונינ'ען, ווען זיי זיינען אפגעפאָהרען איינינע הונדערט שריט פון שטעדטעל.

— דוא וועסט עס ניט גלויבען, ווען איך וועל דיר זאגען, האט באקונין געענטפערט. איך אליין וואלט עס אויך ניט, געגלויבט אז איך האב נור וואס געהאט אן אונטערערדונג מיט'ן גראף איגנאטיעוו, ווען איך זאל איהם ניט קענען פערזענליך.

— גראף איגנאטיעוו ? וואס וויל דער פון אונז ? איז ער געוואָרען א שפיאָן ?

— ניין, ער איז געווארען א ניהיליסט. ער וויל אונז מיטהעלפען צו בעפרייען רוסלאנד.

— וואס רעדסט דוא ? א שלאנג זאל געבען האניג ? א טיגער זאל אָפּהיטען שאָף ? דא מוז עפּעס זיין, דא וויל מען אונז אריין נאררען אין זאק.

— ניין, ער מיינט עס ערנסט. וויא עס ווייזט אויס, איז עס א האָף אינטריגע. מעגליך, אז דעם נאסליעדניק איז מיאוס געווארען צו ווארטען אויפ'ן פּאָטערס טוידט און ער וואלט געוועהן זעהר צופריעדען, עס זאל זיך געפינען א גוטער פריינד, וועלכער זאל אלכסנדר II באלד אוועקשיקען אין גן עדן. מעגליך, אז איינינע אונצופריעדענע ווילען גלאט פטור ווערן פון אלכסנדר דעם צווייטען, אום זיי זאלען האבען גוטע שטע־לען אונטער אלכסנדר דעם דריטען. ווער קען עס וויסען ?

— אלזאָ, וואס האסט דוא איהם געענטפערט ? האסט דוא אָנגענומען זיין פּאָרשלאָג ?

— געווים ! מיר מוזען בענוצען אלע מיטעל, וואס שטעלען זיך אונז פאר, אום אונזער צוועק צו דערגרייכען. איך האב אנגענומען זיין פּאָרשלאג, האב איהם גאר נישט צוגעזאגט און האב מיך מיט איהם ניט פערבונדען. איך וויים, וויא צו האנדלען מיט אזא פוקס. ער מעג זיך האבען זיינע צוועקע. מיר וועלען טהאן, וואס מיר ווילען.

דאס וועגעלע איז אונטערדעסען צוגעקומען צו א באהן־סטאציאן. באקונין האט

בעצאהלט דעם בויער און איז מיט זיין פריינד אריינגעגאנגען אין באהנהאף.

— א שווערע אויפגאבע! האט געזאגט גראף איגנאטיעוו, ווען באקונין איז ארויסגעגאנגען און ער איז געבליעבען אליין אין צימער. זיא איז שווערער, וויא איך האב געמיינט. עס איז ניט אזוי לייכט אריינצונארען דיא ניהיליסטען. דער באקונין האט מיך פערשטאנען, ער האט מיך דורכגעקוקט. ער איז א פערביסענער ניהיליסט און וויל פון קיין זאך ניט וויסען. — נון, גוט! מיר וועלען זיך שוין אמאל אפרעכענען. לאז ער אונז דערווייל העלפען אפראמען דעם וועג, מיר וועלען שוין געפינען מיטעל, וויא אזוי צו ווייזען דעם רוסישען פאלק, אז מען דארף ציטערן פאר א קייסער.

ער האט אריינגערופען דעם ווירטה און האט איהם צוגעווארפען עטליכע גולדען שיינע.

— נא! אט האסט דוא פארן צימער און פארן סאמאוואר, האט ער איהם געזאגט שטאלץ. דאס אנדערע מאל זאלסט דוא ניט אנשיקען דיא פאליציי אויף דיינע געסט.

— וואס רעדט איהר, גנעדיגער הערר? האט ר׳ לייבעלע געפרעגט ערשטוינט. איך האב אויף אייך אנגעשיקט דיא פאליציי? איך? חלילה! איך ווייס גאר ניט, אויב דיא פאליציי איז דא געוועזן.

— דוא ווייסט גאר ניט? האט גראף איגנאטיעוו געלאכט. דוא ווייסט ניט? אה, איך קען אייך גוט, איהר פערפלוכטע אידען! איהר האט פיינד דיא רעגיערונג, איהר האסט דיא פאליציי און דאך בייגט איהר זיך און בוקט זיך פארביידען. ביי אייך איז א מוסר דיא גרעסטע שאנדע און דאך זייט איהר אלע שפיאנען און מוסרים, איך קען אייך שוין גוט און וועל מיך אן אייך נוקם זיין, ווען מיין צייט וועט קומען.

ר׳ לייבעלע איז געבליעבען שטעהן, וויא צו געשמידט אויפ׳ן ארט, אזא בייזען פרייץ האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן.

— זאג מיין קוטשער, ער זאל באלד איינשפאנען דיא פערד! האט איגנאטיעוו קאמאנדירט.

אין איינינע מינוט ארום איז דער גאסט אוועקגעפאהרען און אין איינינע יאהר ארום איז ר׳ לייבעלע געוואהר געווארען, אז ער האט געהאלטען ווארט און האט זיך נוקם געוועזן אן דיא אידען.

## 92טעס קאפיטעל.

## פערווארטהיילט צום טויט.

יעליסאוועטא איז ווידער אין דער היים, אין הויז פון איהרע עלטערן, אין דעם שטילען פריינדליכען שלאס פריעדענטהאל. אנפאנגס האט זיא גערעכענט, זיא זאל דארט פערבלייבען נור א גאנץ קורצע צייט. זיא האט געוואלט צוריקפאהרען קיין פעטערבורג און לעבען מיט איהר זוהן צוזאמען, אויף איהם אכטונג געבען און איהם אפהיטען פונ׳ם ווילדען לעבען פון דיא רוסישע אפיציערען. ווען זיא האט אבער דער־האלטען פון איהם א בריעף, אז ער געפינט זיך ביים גראספירסט קאנסטאנטין אין שטוב, אז ער איז געווארען זיין פליגעל אדיוטאנט, האט זיא זיך ענטשלאסען צו בלייבען אין שלאס און ניט צו פאהרען קיין פעטערבורג.

— ער האט איהם געמאכט פאר זיין פליגעל אדיוטאנט! האט זיא געלאכט מיט א ביטערן, הערצרייסענדען געלעכטער. דער פאטער האט אריינגענומען דעם זוהן צו זיך אין שטוב און האט איהם געמאכט פאר זיין פליגעל אדיוטאנט.

וולאדימיר פלעגט איהר זעהר אָפט שרייבען בריעף, אין וועלכע ער פלעגט איהר דערצעהלען, וויא פריינדליך דער גראָספירסט איז געגען איהם און וויא גוט ער בעהאנדעלט איהם. יעדעס מאָהל, ווען זיא פלעגט דערהאלטען אזא בריעף, פלעגט איהר בלוט אנהויבען צו קאָכען, דער אלטער האָט פלעגט זיך דערוועקען אין איהר מיט א נייער קראפט; איהר אלטע וואונדען פלעגען זיך עפענען און איהר הערצבלוט פלעגט אנהויבען צו רינען פון זיי.

— ראָבע! פלעגט זיא אָפט אויסרופען אין איהר פערצווייפלונג. ראָבע! אן דעם מענשען, וועלכער האט פערניכטעט מיינע יוגענד, צערשטערט מיין לעבען, געטרעטען מיט דיא פיס מיינע עדעלסטע געפיהלע, צוריסען מיין הערץ אויף טויזענד שטיקער און אוועקגעוואָרפען ביי מיר און ביי מיין קינד דאס בעסטע, דאס טהייערסטע—אונזער נאמען.

דאס הערץ איז געשטאָרבען, דיא וועלט איז לעער
און ווייטער ניכט עס קיין וואונש ניכט מעהר..

אלעס איז טויט, אלעס איז אבגעשטאָרבען, אלעס איז לעער, לעדיג, פאר מיר אין דער וועלט. וואס קען איך נאך האָפען? וואס קען איך נאך ערוואַרטען? דיא בלומע פון מיין לעבען האט קוים אנגעהויבען צו בליהען, ווען דיעזער מענש האט זיא אָפגעשניטען, אויסגעריסען בלעטעלעך ווייס, און געוואָרפען אין שמוץ, אין עלענד. ראָבע!

אין שלאָס פלעגען אָפט קומען פרעמדע מענשען, וועלכע פלעגען זיך אויפהאלטען עטליכע טעג און דאן זיך אוועקפאהרען. דער אדוואָקאט סעמיגראדאָוו פלעגט אויך אָפט קומען און פלעגט רעדען מיט איהר. ער פלעגט איהר דערצעהלען פון איהר ברודער הוגאָ. פון איהם איז זיא געוואָהר געוואָרען, אז הוגא איז אין אמעריקא רייך געוואָרען און ער דענקט צוריק צו קומען קיין רוסלאנד; פון איהם איז זיא געוואָהר געוואָרען, אז הוגאָ האט זיך ניט געענדערט, ער וויל נאך פאָרטזעצען דעם קאמפף געגען דיא רוסישע ווילדע טיראַניי; פון איהם איז זיא געוואָהר געוואָרען, אז דיא ניהיליסטען זיינען נאך טהעטיג און ארבייטען שטילערהייט פיר דיא בעפרייאונג פון רוסלאנד. זיא האט גוט געוואוסט, אז דיא ניהיליסטען האלטען אָפּ פערזאמלונגען אין שלאָס, זיא האט זיך אבער קיין מאל ניט געוואָלט אריינמישען.

— וואס קען איך העלפען, איך אלטע, שוואכע פרוי? פלעגט זיא אָפט זאגען. וואס קען איך טהאן פאר זיי? אין מיר ברענט צוואר דאס געפיהל פון ראָבע און רייסט אלע מיינע אָדערן. וואס קען איך אבער טהאן? וויא קען איך אויספיהרען מיין ראָבע? — וולאדימיר איז נאך מיינע איינציגע האפנונג, ער איז אבער ביי איהם אין שטוב און איז איהם העכסט דאנקבאר פאר זיין פריינדליכקייט און פאר זיינע גוטע מענשליכע בעהאנדלונג. — זאל איך איהם רופען אהער און זאל איהם אלעס ענטדעקען, אלעס דערצעהלען? וואס וועט דערפון ווערן? זיין יונגע אונשולדיגע זעעלע וועט ערפאה־

רען, וויא טרויעריג דיא וועלט איז. איך וועל פערביטערן זיין פרייד און וועל אריינגיעסען גאלל אין זיין גליק.

אלס מוטער האט זיא עס ניט געקענט. ער איז יונג, ער איז גליקליך, איהם שמייכעלט נאך דאס לעבען און מאַלט איהם אויס דיא וועלט און דיא שעהנסטע בילדער. וואָצו זאל איך עס איהם פערגיפטען? ער וועט נאך האבען צייט געוואָהר צו ווערן, וואס פאר א שטילע שמערצען עס וואָינען אין דיא רייכע פּאלאַצען. לאז ער יעצט נאך גליקליך זיין. זאָלאנג דער מענש איז נאך יונג. זאלאנג ער איז נאך בלינד און קען נאך ניט דיא וועלט, קען ער פרעהליך זיין, קען ער גליקליך זיין. שפּעטער, שפּעטער....

אך! ווער קען זאגען, וואס שפּעטער וועט זיין? ניט איין יונגער מאן וואָלט זיך אריינגעשאָסען א קוגעל אין הארצען, ווען מען זאל איהם ווייזען זיין בילד, וואס עס וועט פון איהם ווערן אויף דער עלטער. ניט איין יונגער מענש וואָלט זיך גענומען דאס לעבען, ווען ער זאל וויסען, וואס ער וועט האבען איבערצוטראגען און איבערצולייִדען אין דיא עלטערע יאהרען. עס איז א גליק פארן מענשען, וואס ער וויים ניט, וואס שפּעטער וועט זיין, וואס ער זעהט ניט אין דער יוגענד, וויא ער וועט אויסזעהן אויף דער עלטער.

יעליסאוועטא פלעגט ערהאלטען פון וולאדימיר'ן יעדען צווייטען טאג א בריעף. ער פלעגט איהר ארויסשרייבען אלעס, וואס מיט איהם האט פּאסירט. אין דיא לעצטע בריעף האט ער איהר געגעבען אנצוהערן פון זיין ליעבע צו וויערא'ן. יעליסאוועטא האט דיעזע ליעבע בעאונרוהיגט. איהרע אייגענע ערפאהרונגען זיינען געווען זעהר טרויעריג און זיא האט געוואָלט ווארענען איהר קינד פון אזא געפעהרליכע ליעבע. זיא האט איהם אנגעשריעבען א לאנגען בריעף, אין וועלכען זיא האט איהם געבעטען, ער זאל זיך ענטזאגען פון אזא ליעבע און האט געררעכענט, אז קוים וועט ער איהר ניט פאָלגען, וועט זיא אליין מוזען פאהרען קיין פּעטערבורג און איהם ענטדעקען, ווער ער איז און אז וויערא איז זיין שוועסטער.

צו איהר ערשטוינען זיינען פּלוצלונג פּאַראיבער אייניגע טעג און זיא האט פון וולאדימיר'ן קיין בריעף ניט ערהאלטען. אנפאנגס האט זיא גערעכענט, עס איז א צופאל, ער האט קיין צייט ניט געהאט, ער איז ערגעץ אין וועג, אדער אנאנדערע אורזאכע. עס זיינען אבער פערגאנגען נאך עטליכע טעג און זיא האט אלץ קיין בריעף פון איהם ניט ערהאלטען. זיא האט אָנגעהויבען צו ווערן אונרוהיג און האט געשריעבען צו איהרע בעקאנטע קיין פּעטערבורג. זיא האט אבער פון קיינעם קיינע אנטוואָרט ניט ערהאלטען.

— איך מוז פאהרען זעהן, וואס דאָרט איז געשעהן, האט זיא ענדליך געזאגט. דאָרט איז עפּעס נייעס. וולאדימיר'ן האט עפּעס פּאסירט אן אונגליק.

זיא האט זיך פּאַרבערייטעט אויף דיא רייזע און האט בעשטעלט א וואָגען אויף אין דער פריה, ער זאל זיא צו פיהרען צו דער באהן־סטאציאָן. פארנאכט האט דער פּאסטיליאָן געבראכט א בריעף פון פּעטערבורג. מיט ציטערענדער האנד האט יעליסאוועטא אויפגעריסען דעם בריעף. זיא האט געהאָפט צו זעהן דיא ליעבע האנדשריפט פון איהר זוהן.—דער בריעף איז געווען פון א פרעמדען, אונבעקאנטען מענשען. אין בריעף איז געשטאנען נור עטליכע צייילען: וולאדימיר איז ארעטירט אין פּעטראָפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט פאר א שרעקליכעם פערברעכן. ער האט געשאָסען אויפ'ן גראָספירסט.

דער בריעף איז איהר ארויסגעפאלען פון דער האנד. זיא איז געפאלען אין אָהנמאכט. דאס ערשטע וואָרט, וואס זיא האט ארויסגערעדט, ווען זיא איז געקומען צו זיך, איז געוועזן: וולאדימיר! מיין וולאדימיר! איך מוז דיך רעטען. איך מוז נאך היינט, באלד פאהרען קיין פעטערבורג און זעהן טהאן עפּעס פון דיינעט וועגען. סעמיגראדאָוו איז דאמאלס גיט געוועזן אין פריעדענטהאל. זיא האט איהם אנגעשריעבען א בריעף קיין ניזשני־נאָוואָגאָראָד און האט איהם געבעטען, ער זאל קומען קיין פעטערבורג.

אין צוויי שטונדען ארום איז זיא געזעסען אין א וואגאָן אויפ׳ן וועג פון ריגא קיין פעטערבורג.

— — — — — — — — — — — — —

וולאדימיר איז איינסטווייילען געזעסען אין א קאמעריל אין פעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאסט. מען האט איהם אָפּגעגעבען אביסעל א ריינערעס קאמעריל ניט אין קעלער, זאנדערן אין אויבערשטען עטאזש, עס איז אבער דאך געוועזן א קאמערל אין אסטראג מיט נאקעטע ווענד און א פּאר ברעטער צום שלאָפען. ביי נאכט פלעגט מען איהם אריינווארפען א שטרויזאק. ער האט זיך אבער גאר ניט אומגעקוקט, איהם האט קיין זאך ניט געהארט, ער איז געוועזן פאָלשטענדיג גלייכגילטיג צו אלעמען, וואס מען האט מיט איהם געטהאָן. ער האט מיט קיינעם ניט גערעדט און קיינעם ניט געענטפערט, ווען מען האט איהם עפּעס גפרעגט. ער איז געוועזן זיכער, אז מען וועט איהם הענגען און האט געווארט יעדע מינוט, אז דער הענקער זאל קומען און איהם פיהרען צום שאפאָט. נור פון צייט צו צייט פלעגט איהם קומען אין קאָפּ דער גדאנק פון זיין געליבטער, פון וויערא׳ן. איהר בילד פלעגט אָפט שטעהן, וויא לעבעדיג פאר איהם און פלעגט נאך א מאל ארויסרופון א טרויעריגען שמייכעל אויף זיינע בלייכע ליפּען.

צוויי טאָג זיינען פאָראיבער, זייט ער זיצט אין זיין קאמעריל צונויפגעדרעהט און צונויפגעקאָרטשעט אויף איין ארט. קיינער איז צו איהם אין דיעזע צוויי טעג ניט גע־קומען, אויסער זיין וועכטער, וועלכער האט איהם געבראַכט עסען און אויף ביי נאכט איהם אריינגעוואָרפען זיין שטרויזאק. דאס עסען אבער האט ער צוריקגענומען, אזוי וויא ער האט עס אריינגעבראכט. וולאדימיר האט עס זאגאר ניט אנגעריהרט; דער שטרויזאק איז געבליעבען ליעגען אויף דעם ארט, וואו דער וועכטער האט איהם אניע־דערגעלעגט.

— איך פערשטעה, האט געברומט דער אלטער סאָלדאט, דער וועכטער. ער וויל ניט עסען, ער וויל שטארבען פון הונגער, אזוי וויא עס האבען שוין געטהאן פיעלע אנדערע ארעסטאנטען. איך מיין אבער, אז ער וועט דערצו קיין צייט ניט האבען. מען וועט מיט איהם ניט מאכען פיעל צערעמאָניען.

אויף בעפעהל פון׳ם גראָספירסט קאָנסטאנטין האט מען איבער דיעזען פאל אין קיין צייטונג ניט געשריעבען. דיא פּאָליציי האט ניט גערעדט דערפון, זאָגאר דיא זשאנ־דארען, וועלכע האבען וולאדימירן ארעטירט, האבען דאריבער ניט געוואלט רעדען. עס איז געוועזן דייטליך, אז מען וויל דיעזען פאל אין גאנצען דערשטיקען. דענאך איז מען אין פעטערבורג געוואהר געוואָרען, אז דער פליגעל־אדיוטאנט פון׳ם גראָספירסט

קאָנסטאַנטין איז ארעטירט און מען האט אנגעהויבען צו דערצעהלען אלערליי זאנדער־בארע געשיכטען.

מען האט דערצעהלט, אז דער גראָספירסט האט געטראָפען זיין טאָכטער מיט זיין פליעגעל־אדיוטאנט אין גארטען. דער גראָספירסט האט איהם געשלאגען, דער פליעגעל־אדיוטאנט האט ארויסגעחאפט א רעוואָלווער און האט איהם געוואלט שיעסען. דיא פרינצעסין וויערא איז צוגעלאָפען און האָט ביי ראטשינסקי׳ן ארויסגעחאפט דעם רעוואָלווער פון האנד. אנדערע האבען דערצעהלט, אז אזוי ווייט איז עס ניט געקומען. דער גראָספירסט האָט זיין פליעגעל־אדיוטאנט ניט געשלאגען, ער האט איהם נור גע־הייסען ארויספאָהרען פון רוסלאנד אין פיער און צוואנציג שטונדען. דער פליעגעל־אדיוטאנט איז אוועקגעגאנגען און האט געזאגט, אז ער פאָהרט ארויס פון רוסלאנד, אין אמת׳ן אָבער האט ער נאכגעשפּירט דעם גראָספירסט, ווען ער איז ערגעץ געפאה־רען שפּאַציערען און דארט האט ער אויף איהם געשאָסען. קורץ, מען האט גערעדט און דערצעהלט אלערליי געשיכטען, איינע וואונדערבארער פון דער אנדערער.

דיעזע געשיכטען האבען בעזאנדערס פעראינטערעסירט דיא פעטערבורגער דאמען פון דער העכערער געזעלשאפט. זיי זיינען געוואָהר געוואָרען, אז דאָ האנדעלט זיך ווענען א ליעבע און דאָרט, וואו עס האנדעלט זיך ווענען א ליעבע, זיינען דיא דאמען דיא בעסטע און דיא מילדעסטע ריכטער. אין אזא פאל פעראורטהיילען זיי קיין מאל ניט. זיי זיינען שטענדיג בערייט צו פערצייהען. — דיא ליעבע איז זייער וועלט, עס איז דיא לופט, וועלכע זיי אטעמען. זעלבסטפערשטענדליך, רעדען מיר דא פון געוויסע דאמען, וועלכע האבען פאר זיך קיינע אנדערע צוועקע אין לעבען אויסער דער ליעבע.

ווען אלכסנדר דער צווייטער איז געוואָהר געוואָרען פון דער געשיכטע, איז ער אונטערגעשפּרונגען פאר רציחה. ער האט געוואלט הייסען, מען זאל איהם באלד אויפ־הענגען.

— ער איז א ניהיליסט! האָט ער אויסגערופען און האט געקלאפּט מיט דיא פיס. פאר א ניהיליסט איז דאָ נור איין מיטעל — דער נאלגען. קיין פארדאָן, קיינע פערצייהונג, קיין מיטלייד מיט א ניהיליסט.

דער גראָספירסט אָבער האט איהם געבעטען, ער זאל זיך ניט איבעראיילען. דיעזער ראטשינסקי איז עפּעס א געהיימניס, עס מוז זיין מיט איהם עפּעס בעזאָנדערס. מען מוז פריהער געוואהר ווערן, ווער ער איז און וואס עס איז מיט איהם. עס איז גלייכער אָפּצוּוואַרטען, דער יונגער מאן זאל זיך אביסעל בערוהיגען, מעגליך, אז מען וועט פון איהם עפּעס געוואָהר ווערן. דער גראָספירסט האט זעהר געוואלט רעטען וולאַדימיר׳ן פון׳ם טוידט, ער האט אבער ניט געוואוסט, וויא אזוי. ער האט דאהער געבעטען דעם קייסער, ער זאל זיך ניט איילען. ראטשינסקי וועט ניט אנטלויפען. ער איז גוט בעוואָרענט, אלזאָ, וואס האט מען זיך צו איילען.

— איך מיין, אז עס וואלט פיעל גלייכער געווען, מען זאל איבערגעבען ראטשינ־סקי׳ן צו א קריעגס־געריכט, דאן וועלען מיר פיללייכט פון איהם עפּעס געוואהר ווערן.

— אן עפענטליכעס געריכט? האט אויסגעשריען דער קייסער, מיט אדוואָקאַטען, מיט געשוואָרענע (סוד פּריסיאזשניך)? — ניין! דאס וועל איך ווייטער ניט טהאן. דוא

געדענקסט דאך, ברודער, דיא געשיכטע מיט וויערא זאסוליטש. זיא האט געשאָסען אויפ'ן פעטערבורגער גובערנאטאָר, גענעראַל טרעפּאָוו און האט איהם געטראָפען אין א פוס. דער גענעראַל איז געווען אין לעבענסגעפאהר. מען האט מיר דאמאלס איינגע־רעדט, איך זאל זיא איבערגעבען צו אן עפענטליכעם געריכט. איך האב מיך געלאזט איינרעדען און האב זיא איבערגעגעבען צו אן עפענטליכעם געריכט. — וואס האט זיך אויסגעלאזט דערפון? עס איז געוואָרען א סקאנדאל אויף גאנץ אייראָפּא. דער טורגע־ניעוו, דער אדוואָקאט אלעקסאנדראָוו, האט עפענטליך ארויסגעזאָגט, אז וויערא זאסוליטש האט רעכט געהאט צו שיעסען אויף מיינעם א גענעראַל. ער האט פער־שפּאָטעט מיין רעגירונג און פערלאכט מיינע טשינאָווניקעס. דיא גאנצע וועלט האט מיך בעטראַכט אלס א טיראַן און וויערא זאסוליטש אלס איינע הייליגע. דיא געשוואָ־רענע (פּריסיאזשניע) האבען ניט לאנג געטראַכט און האבען ארויסגעבראַכט זייער ווערדיקט (אורטהייל) „ניט שולדיג!"

„ניט שולדיג!" האט ער אויסגערופען און זיין שטימע האט געציטערט פאר אויפרעגונג. „ניט שולדיג!" זיי האבען אָפּגעלייקענט, אז זיא האט געוואָלט טוידטען דעם גענעראַל טרעפּאָוו, אין דער צייט ווען זיא אליין האט זיך מודה געווען, אז זיא האט איהם יאָ געוואָלט טוידטען. דאס קען מען ערוואַרטען פון אן עפענטליכעם גע־ריכט! דאס קען טהאָן אן עפענטליכעם געריכט, וואס האט געמאַכט אן אויפרוהר אין גאַנץ אייראָפּא. איך האב מיך געשעהמט פאר אייראָפּא, איך האב מיך געשעהמט פאר רוסלאַנד, איך האב מיך געשעהמט פאר מיין אייגענעם הויף.

פון דאמאָלס אן וויל איך ניט וויסען פון קיין עפענטליכעם געריכט. קוים האט מען נור דערטאַפּט א ניהיליסט, הייס איך איהם באלד אויפהענגען שטילערהייט. דאס איז דער איינציגער וועג פון זיי פּטור צו ווערן. דיא טוידטע שווייגען, דיא טוידטע קומען ניט צוריק. מיט דיא טוידטע איז מען זיכער

— אָבער, ברודער, האט דער גראָספירסט געבעטען, דוא ווייסט דאך נאָך ניט, אויב ראַטשינסקי איז א ניהיליסט. ער איז געווען אזא צייט ביי מיר אין שטוב און איך האב פון איהם קיין שלעכטעס ניט געזעהן. איך מיין, אז דער מענש איז קראַנק, אז ביי איהם אין קאָפּ איז עפּעס ניט אין אָרדנונג. ער טהוט מיר זעהר לייד. וואַרט אָפּ ברודער, אייל זיך ניט, גיב איבער דיזען פּראָצעס צו אן אונטערזוכונגס ריכטער (סליעדאָוואטעל), דאס קען דאָך ניט שאַדען.

דער קייסער האט געטראַכט איינינע מינוט. ער האט ניט געוואָלט איבערגעבען וולאַדימיר'ן צו אן אונטערזוכונגס ריכטער, מען זאל ניט געוואהר ווערן דיא געשיכטע מיט'ן גענעראַל דראַגאמיראָוו. ער איז געווען זיכער, אז דער גראָספירסט ווייס ניט, וואס ער האט געהייסען דעם גענעראַל דראַגאמיראָוו, אז ראַטשינסקי זאל פערשווינ־דען פון פעטערבורג. עס וואָלט איהם געווען העכסט אונאַנגענעהם, ווען זיין ברודער זאל געוואהר ווערן, אז ער האט געטריעבען וולאַדימיר'ן דערצו. ער האָט דאהער גע־וואָלט הייסען וולאַדימיר'ן העגגען און קיינער זאָל דערפון ניט וויסען, וואָס עס איז פּאַרגעקומען. מען זאל ניט וויסען, אז ער איז געווען דיא אורזאַכע פון'ם סקאַנדאל. דערפאַר האט ער געזאָגט, אז נור דיא טוידטע שווייגען. אין דערזעלבער צייט אָבער

איז איהם געװען אונאנגענעהם אָפּצוזאָגען זײן ברודער אין אזא קלײניגקײט: איבערצר געבען דעם פּראָצעס צו אן אונטערזוכונגס ריכטער.

— מײנסט דוא ברודער, אז מען קען זיך פערלאָזען אויף דיא אונטערזוכונגס ריכטער? זײ זײנען אלע ניהיליסטען. קוים האבען זײ נור געלערנט אין אן אוניװערזיטעט, זײנען זײ שוין ניהיליסטען און מען קען זיך שוין אויף זײ ניט פערלאזען. דאס אײנציגע, װאס איך קען דיר צוליעבטהאן, איז, איך זאל עס איבערגעבען דער געהײם־פּאָליצײ. אשינאָװ איז א טיכטיגער שפּיאָן, ער װעט שוין אויסציעהען בײ ראטשינסקי'ן אלעס, װאס מיר דארפען װיסען.

אויפ'ן געזיכט פון'ם גראָפפירסט קאָנסטאנטין האט זיך געלעגט א פינסטערער װאלקען. ער האט אשינאָװ'ן נאך מעהר פײנט געהאט, װיא מעזענצאָװ'ן. מעזענצאָװ איז װעניגסטענס געװען אפּענהערציג און מען האט שטענדיג געקענט װיסען, װאו מען האלט מיט איהם; אשינאָװ אָבער איז אזא דורכגעטריעבענע בעסטיע, אז עס איז שװער צו װיסען, װאס ער מײנט און װאס ער דענקט. בײ מעזענצאָװ'ן האט מען לײכט געקענט דערקענען, װעמען ער האט ליעב און װעמען ער האסט. בײ אשינאָװ'ן איז דאס געװען אונמעגליך צו װיסען. ער האט שטענדיג געשמײכעלט און האט שטענדיג געלויבט יענעם אין דער צײט, װען ער האט אונטערן מאנטעל געהאלטען א מעססער יענעם צו שטעכען.

דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז געװען א גוטער מענשענקענער. ער האט באלד פערשטאנען אשינאָװ'ס כאראקטער און האט געװאוסט, אז אזא מענש װעט זיך האלטען בײ קײסער אלכסנדר II. ער װעט שטענדיג װיסען, װיא אזױ זיך צוצושמײכ־לען צום קײסער און װיא אזױ איהם ארומצופיהרען בײ דער נאז. עס האט איהם פער־קלעמט בײם הארצען, װען ער האט דערהערט, אז זײן ברודער װיל איבערגעבען װלאדימיר'ן צו אשינאָװ'ן אלס אונטערזוכונגס ריכטער.

— דוא קומסט שטענדיג מיט דײן געהײם־פּאָליצײ, האט ער געזאגט מיט א פּאָרװאורף, דוא פערגעסט, אז דײן געהײם־פּאָליצײ האט דער װײל נאך גאר ניט ענטדעקט, גאר ניט אויסגעפונען, גאר ניט אויסגעפּארשט. זיא איז שטענדיג געקומען צו שפּעט, װען דיא ניהיליסטען האבען שוין אָפּגעטאָן זײער שרעקליכע ארבײט. אזא עדעלע אנגעלעגענהײט איז פיעל בעססער צו פערטרויען אן אלטען, געטרײען אונטער־זוכונגס ריכטער, אלס א פּאָליצײ שפּיאָן.

— דוא קענסט אשינאָװ'ן ניט, האט דער קײסער געזאגט הארט און שארף. ער איז פעהיגער און טיכטיגער פון אלע אונטערזוכונגס ריכטער צו זאמען. װען איך האב עטליכע דוצענד אזעלכע אשינאָװ'ס, װאלט איך געקענט רוהיג שלאָפען.

דער גראָספּירסט האט געשװיעגען. דער שטרענגער טאָן, מיט װעלכען דער קײסער האט געזאגט דיא לעצטע װערטער, האבען איהם דײטליך געװיעזען, אז אנדערש װעט עס שוין ניט זײן. זײן בעטען װעט שוין מעהר ניט העלפען.

— אײן זאך בעט איך דיך, האט ער געזאגט, דוא זאלסט זיך ניט איבער אײלען און זאלסט מיר געבען צו װיסען, װען דוא װעסט פאסען א בעשלוס, װאס צו טהאָן מיט ראטשינסקי'ן.

— דאס וועל איך דיר צוליעב טהאן, האט דער קייסער געענטפערט גלייכגילטיג.

דער גראַספירסט איז נאך געבליעבען אייניגע מינוט ביי זיין ברודער און איז דאן אוועקגעפאָהרען. ווען ער איז געזעסען אין זיין קארעטע, האט ער געזאגט צו זיך אליין:

— צייט געוואונען, אלעס געוואונען, זאגט אן אלטער שפריכווארט. קוים וועל איך עס נור קענען אָפציעהען; קוים וועט עס מיר געלינגען אָפצוהאלטען מיין ברודער, ער זאל ניט הייסען אזוי גיך ראטשינסקי׳ן אויפהענגען, וועל איך שוין אויסזוכען א מי־טעל, וויא אזוי צו רעטען זיין לעבען.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האט זיך פלוצלונג געעפענט דיא טהיר פון׳ם קעמעריל, וואו וולאַדימיר איז געווען פערשפּארט און אשינאָוו איז אריינגעקומען. וולאַ־דימיר איז געלעגען אויף זיין באנק און האט זיך ניט געריהרט. איהם האט ווייניג געקימערט, ווער עס איז אריינגעקומען. ער האט זיך זאָגאר ניט אומגעקוקט.

— ווסטאַוואט! (אויפשטעהן!) האט אשינאָוו קאָמאנדירט.

וולאַדימיר איז געלעגען אויף זיין אָרט און האט זיך ניט געריהרט.

— איך הייס דיר אויפשטעהן! האט אשינאָוו געברומט נאך אמאָל. ביסט דוא טויב?

וולאַדימיר האט אליך ניט געענטפערט און האט זיך ניט געריהרט. אשינאָוו איז געוואָרען רויט פאר רציחה.

— איך זעה, אז איך וועל מוזען אנווענדען אנדערע מיטעל אום דיך צו מאכען ריידענדיג. דוא וועסט שוין באלד רעדען ביי מיר אויף אנאנדער קול.

— וואס ווילט איהר פון מיר? האט וולאַדימיר ענדליך געזאגט און האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון זיין געלעגער.

— איך בין דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, האט אשינאָוו געזאגט שטאָלץ, און איך בין געקומען דיך צו נעהמען אין פארהער (אָפצונעהמען פון דיר דעם דאפראס) דוא מוזט מיר ענטפערן אויף אלע פראגען, וואס איך וועל דיר שטעלען.

— וואָס ווילסט דוא מיך דען פרעגען? האט וולאַדימיר געזאָגט לאנגזאם און אונגערן.

אשינאָוו איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער. עס האט איהם פערדראָ־סען, וואס דער ארעסטאנט זאגט איהם „דוא". דאס האט איהם פּאסירט צום ערשטען מאָל, אז אן ארעסטאנט זאל איהם זאָגען: „דוא".

— וואָס איז דאָס? האט ער אויסגעשריען, דוא ווייסט דען ניט, ווער איך בין? איך בין דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי און, ווען מען רעדט צו מיר, דארף מען מיר זאגען: „וואשע פרעוואסחאָדיטעלסטוואָ".

— ווייסט דוא דען ניט, אז איך בין פליגעל־אדיוטאנט ביים גראַספירסט קאָנ־סטאנטין, קאפיטאן פון׳ם הוסארען רעגימענט נומער 133 און ווען מען רעדט צו מיר, דארף מען מיר זאָגען: „וואשע וויסאָקאָבלאָגאָראָדיע"? אזוי וויא דוא האסט צו מיר גערעדט, אזוי האב איך דיר געענטפערט.

— דוא פערגעסט, אז דוא רעדסט צום שעף פון דער געהיים־פאָליציי און איך רעד צו אַ מערדער.

— אַ מערדער? מעגליך, אלענפאלס איז ער נאך ניט ניעדריגער אלס דער שעף פון דער געהיים־פאָליציי.

וולאדימיר האט אָפט געהערט פון׳ם גראַספירסט קאָנסטאנטין, אז אשינאָוו איז זעהר אַניעדריגער מענש און ער האט איהם יעצט געוואלט געבען אַ לעקציאָן, ער זאל ווייטער וויסען, וויא אזוי צובעהאנדלען דיא ארעסטאנטען. עס איז איין מאל אַ געזעץ אין אלע לענדער, אז זא לאנג דער ארעסטאנט איז נאך ניט פעראורטהיילט, מוז מען איהם בעהאנדלען, וויא אַ פרייען מענשען. אשינאָוו האט עס זעהר גוט גע־וואוסט. ער האט איינגעזעהן, אז ער האט געמאכט אַ פעהלער, וואס ער האט צו וולאדימיר׳ן אנגעהויבען צו רעדען אזוי גראָב. וולאדימיר׳ס לעקציאָן האט געווירקט. אזוי איז עס שוין אין „הייליגען" רוסלאנד. יעדער טשינאָווניק מיינט ביי זיך, אז ער איז אַ קייסער און איהם איז אלעס ערלויבט. ווען מען לאזט זיך, קריעכט ער טאקע ארויף אויפ׳ן קאָפּ; לאָזט מען זיך אָבער ניט, שטעלט מען זיך נעגען איהם און מען ווייזט איהם אַ שטארקע פויסט, ווערט ער באלד ווייך, וויא פּוטער און רעדט שוין גאר מיט אנאנדער טאָן. דאס זעלבע איז געווען אין דיעזען פאל מיט אשינאָוו׳ן. ער האט באלד איינגעזעהן, אז ער האט דא ניט געטראָפען און האט באלד אנגעהויבען צו רעדען מיט אַ גאַנץ אנדערן טאָן.

— גוט, אלזא, האט ער געזאגט. איך נעהם אָן, אז איהר זייט אַ געבילדעטער מענש און האט אַ טשין אין דער ארמעע. איך וועל אייך אלזא בעהאנדלען וויא אַ געבילדעטען מענשען. איך מוז אייך זאגען, אז איך בין געקומען אהער ניט אויס נייגיערדע, זאנדערן אויף בעפעהל פון אַ העכערין, איך זאל אייך אויספרעגען איבער פערשיעדענע זאכען. וועט איהר מיר אנטוואָרטען אויף מיינע פראַגען?

— ווען איהר וועט רעדען צו מיר, וויא אַ מענש, וועל איך אייך געוויס אנטוואָרטען.

— איהר האט געוואָלט טויטען דעם גראַספירט קאָנסטאנטין. האט איהר עס געטהאן אומיסטען?

— איך האב עס אומיסטען געטהאן, האט וולאדימיר געענטפערט.

האט איהר געוואוסט, אז דער גראַספירט וועט דורכפאהרען יענע געגענד און איהר האט אויף איהם געווארט?

— איך האב געוואוסט, אז ער וועט דאָרט דורכפאהרען, איך האב אויף איהם געווארט און איך האב אויף איהם געשאָסען צוויי מאָל.

— אלזא, אַן איבערלעגטער מאָרד. איהר האט בעקלערט און איבערלעגט גע־וואָלט טויטען דעם גראַספירסט. ווייסט איהר, וואס עס קומט פאר אזא פערברעכען?

— דאס ווייס איך אויך — דער טויט.

— וויא עס ווייזט אויס, האט אשינאוו געזאגט, זוכט איהר דעם טויט. דאס איז מיר אַ וואונדער. איהר זייט נאך אזוי יונג און ווילט שוין שטארבען. וויא קומט עס?

— דאס איז מיין זאך. דאַרויף דארף איך אייך קיינע ערקלערונג געבען.

— לאמיר דאס לאזען, האט אשינאוו ווייטער געזאגט. ווילט איהר מיר ניט זאגען, וואס איז געוועז דיא אורזאכע, וואס האט אייך בעוואגען צו שיעסען אויפ׳ן גראספירסט?

— אזוי האב איך געוואלט, איז געוועזן דיא קורצע אנטווארט.

— דאס איז זעהר א וויכטיגע פראגע. האט א י ה ר אזוי געוואלט, אדער האבען עס אנדערע אזוי געוואלט?

— איך אליין האב אזוי געוואלט.

— פאר וואס אבער האט איהר אזוי געוואלט? עס מוז דאך זיין אן אורזאכע און עס איז זעהר וויכטיג פאר אייך, אז מען זאל וויסען דיא אורזאכע.

— דאס וועל איך אייך ניט זאגען. פאר אייך קען עס זיין וויכטיג, איהר זאלט עס וויסען, פאר מיר איז עס וויכטיג, איהר זאלט עס ניט וויסען.

— ווייסט איהר אז איך קען אייך צווינגען, איהר זאלט מיר געבען א בעסערע אנטווארט? ווייסט איהר, אז אין פעטראפּאוולאווסקי קרעפּאסט האט מען שוין געמאכט מענשען זאלען רעדען, וועלבע האבען אויסגעהאלטען דיא שרעקליכסטע מארטער? עס זיינען דא שוין געוועזן גרעסערע העלדען פון אייך און זיי האבען ענדליך געמוזט רעדען און אלעס אויסזאגען. ווייסט איהר דערפון?

— איך ווייס אלעס. טהוט, וואס איהר ווילט. וואס איך וויל ניט זאגען, דאס וועט איהר פון מיר דורך קיינע מארטער ניט ארויספרעסען.

אשינאוו האט זיך פערטראכט. ער האט זע״ר געוואלט וויזען דעם ארעסטאנט, ווער ער איז. ער האט עס אבער ניט געקענט, ווייל ער האט א שטרענגען בעפעהל, ער זאל בעהאנדלען דעם ארעסטאנט מילד און זאל איהם צו קיין זאך ניט צווינגען. ער האט נאך א מאל בעטראכט דעם ארעסטאנט פון קאפּ ביז אין דיא פיס און האט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— איך פרעג אייך נאך א מאל, קאפיטאן ראטשינסקי, זאגט מיר אפענהערציג, וואס איז געוועזן דיא אורזאכע, וואס איהר האט געוואלט טויטען דעם גראספירסט? עס מוז דאך זיין אן אורזאכע. גאר אזוי קען עס דאך ניט זיין. עס איז פיעל בעסער פאר אייך, איהר זאלט אלעס זאגען. דער קייסער איז א גוטער מענש, ער וועט אייך בעגנאדיגען, ווען איהר וועט אלעס געשטעהן (זיך מודה זיין).

— איך האב אייך איין מאל געזאגט, אז איך וועל אייך דיא אורזאכע ניט זאגען. עס איז אומזיסט אייערע רעד און אייערע טענות. איהר וועט פון מיר גאר נישט געוואהר ווערן.

אשינאוו האט איינגעזעהן, אז ער וועט מיט איהם גאר ניט מאכען. ער האט געווארפען א גרימיגען בליק אויף וולאדימיר׳ן און איז ארויסגעגאנגען פון זיין קעמערל. ער איז געפאהרען גלייך צום קייסער, איהם מעלדען, וואס ער איז געוואהר געווארען.

— עס איז מיט איהם גאר ניט צו מאכען, האט ער געמעלדעט דעם קייסער. ער ווייזט אויס צו זיין אגאנץ איינפאכער מערדער. מעגליך, אז דיא ניהיליסטען האבען איהם אויפגערייצט. ער ווייזט מיר אויס צו זיין א פערביסענער ניהיליסט. ער וויל אבער ניט אנגעבען זיינע קאמעראדען. ווען מען זאל קענען געברויכען געגען איהם שטרענגע מיטעל,

וואָלט ער פיעללייכט אויסגעזאגט. לײדער, האט מען מיר פערבאָטען אנצו־ווענדען געגען איהם איינינע זיכערע מיטעל, דורך וועלכע דיא ארעסטאנטען אין פעטראָפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט ווערען רעדענדיג.

— מען דארף עס אויך ניט, האט דער קייסער געזאגט, איך דארף ניט האבען, ער זאל זיך מודה זיין. איך וויל מיט איהם ניט מאכען קיין צערעמאָניען. — איך פערשטעהע גאר ניט, האט ער ווייטער געזאגט, וויא צו זיך אליין, פאר וואס מיין ברודער בעט אזוי פאר איהם? וואס פאר אן אינטערעס קען ער האבען אין דיעזען יונגען מאן? פאר וואס וויל ער איהם רעטען? —

— אייער קייזערליכע מאיעסטעט האבען פאָלקאָמען רעכט, האט אשינאָוו גע־זאגט. מען דארף איהם ניט שוינען. מען מוז ווייזען דיא ניהיליסטען, וואס מען טהוט מיט זיי, ווען זיי פאלען אריין אין דיא הענד פון גערעכטיגקייט. מיר האבען געטהאן אלעס מעגליכע, אז מען זאל פון דיעזען פאל ניט וויסען איך האב אנגעזאגט אלע ציי־טונגען, אז זיי זאלען דערפון קיין וואָרט ניט שרייבען; איך האב פערבאָטען מיינע זשאנדארמען, זיי זאלען דערפון ניט רעדען און פון דעסטוועגען ווייס דער פון דיא גאנצע שטאדט; מען רעדט אין אלע גאסען, אז א ניהיליסט האט געשאָסען אויף איינעם פון דער קייזערליכער פאמיליע. ווען מען ווייזט יעצט ניט א שטרענגען ביישפּיעל, וועלען זיי מיינען, אז מען האט פאר זיי מורא און זיי וועלען ווייטער אנהויבען זייערע שרעקליכע מערדערייען, וויא א מאל.

אלעקסאנדער דער צווייטער האט געטראכט א פּאָר מינוטען. ער האט זיך איבערלעגט וואס צו זאגען זיין ברודער, ווען ער וועט איהם פרעגען, פאר וואס ער האט זיך אזוי איבעראיילט? — ענדליך האט ער געפאסט א בעשלוס.

— האָסט דוא שוין אנגעשריעבען דעם טאָדעס אורטהייל? האט ער פּלוצלונג געפרעגט אשינאָווין.

אשינאָוו האט ארויסגענומען א בעשריעבענעם בויגען פּאפּיער און האט איהם אניעדערגעלעגט פארן קייסער אויפ'ן טיש.

— איך האב עס אליין אנגעשריעבען, האט ער געזאגט און האט זיך טיעף פער־נייגט. איך האב ניט געוואָלט, אז מיינע שרייבערס זאלען וויסען, וואס עס וועט געשעהן מיט דיעזען ראטשינסקי. איך ווייס, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט ווינשט, אזעלכע פעלע זאלען אפּגעטהאן ווערען אין דער שטיל. עס איז אזוי פיעל גלייכער. דער מענש פערשווינדעט און קיינער ווייס ניט, וואו ער איז אהין־געקומען.

דער קייסער איז דורכגעלאָפען דאס פּאפּיער מיט דיא אויגען. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויזען א וואָלקען, ווען ער האט דערזעהן איין ציילע אין פּאפּיער.

— אויפ'ן גאלגען? פון וואנען האָסט דוא גענומען, אז איך וועל איהם פער־אורטהיילען צום גאלגען? דוא פערגעסט, אז ער איז סאלדאט און דארף ניט שטארבען, וויא א געמיינער פערברעכער אויפ'ן גאלגען. א סאָלדאט דארף שטארבען מיט אן עהרען טויט! איהם דארף מען שיעסען.

— קייזערליכע מאיעסטעט! איך מוז איהם בעטראכטען אלס א געמיינעם פער־ברעכער, ווייל ער האט דאך געוואָלט בעגעהן א גאנץ געמיינעם, ניעדערטרעכטיגען

מאָרד. איך האב אבער נאך א גרונד, פארוואס איך האב געשריעבען אין טאָדעס אורטהייל, אז מען זאל איהם הענגען. דאס הענגען געהט צו שטילער, מען הערט ניט קיין רעש, קיין געשריי; עס מאכט ווניגער אויפזעהן.

— וואונדערבאר! האט דער קייסער געזאגט. אין אזעלכע פעלע פלעגט מען מיך שטענדיג פערוואָרפען מיט ביטשריפטען. איך זאל דעם פערברעכער בעגנאדיגען. עס פלעגען קומען מענשען מיך בעטען, מען פלעגט מיר אריינוואָרפען ביטען אין קאַרעטע; מען פלעגט פערוואָרפען מיט בריעף און מיט ביטען דיא מיניסטאָרען. פאר דעם ראַט־שינסקי אבער איז גאר קיינער ניט געקומען בעטען, קיינער איז ניט געקומען וויינען, וויא קומט עס? האט ער גאר קיין פריינד, קיין בעקאנטע קיין אנפערוואנדטע? וויא קען עס זיין, אז קיינער זאל ניט קומען בעטען פאר איהם? — ווייסט דוא ניט עפּעס איבער זיין פאמיליע?

— איך האב שוין איין מאל געהאט דיא עהרע צו מעלדען אייער קייזערליכע מאיעסטעט, אז איך וויים נור, אז ער האט ערגעץ א מוטער. זיא וואָינט ערגעץ ניט ווייט פון ריגא. וויטער וויים איך איבער איהם גאר ניט. אין דיא ביכער פון דער געהיים־פאָליציי וויים מען פון איהם זעהר ווניג.

דער קייסער האט גענומען דיא פעדער אין דער האנד און האט זיך אנגעהויבען מיט איהר צו שפּיעלען, גלייך וויא ער האט געוואָלט אָפּוועגען, וויא שווער דער טראָפּען טינט איז, וועלכער וועט אין א קורצע צייט פערניכטען א מענשענלעבען. אין דיעזע מינוטע איז אריינגעקומען דעם קייסערס לייב־דיענער און האט זיך געשטעלט ביי דער טהיר. דער קייסער האט זיך אומגעקוקט.

— נו, וואס ווילסט דוא, אלטער סאָלדאַט? האט ער איהם געפּרעגט פריינדליך.

— דער פינאַנץ מיניסטער איז געקומען צו פאהרען מיט אן ענגלענדער, וועלכער בעט אן אודיענץ ביי אייער קייזערליכער מאיעסטעט. איך האב איהם געזאגט, אז יעצט איז ניט דיא צייט פון אן אודיענץ, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט איז בעשעפטיגט. דער ענגלענדער האט אבער זעהר געבעטען, איך זאל איהם מעלדען. דער פינאַנץ מיניסטער האט געזאגט, אז ער קען דעם ענגלענדער פאר אן עהרען מאן און קען גאראַנ־טירען פאר איהם. איך האב עס געוואגט צו שטערן אייער קייזערליכע מאיעסטעט און איהם צו מעלדען.

— וויא הייסט דער ענגלענדער? האט דער קייסער געפרעגט.

— ער הייסט דזשעפערסאָן און האט א גרויס באַנק־געשעפט אין פּעטערבורג.

— דזשעפערסאָן? דזשעפערסאָן? דער נאָמען איז מיר בעקאנט. דער פינאַנץ מיניסטער, אבאַזא, האט מיר אמאל געמעלדעט פון דיעזען באנקיר דזשעפערסאָן. מיר שיינט, אז מען האט ביי איהם געמאכט דיא לעצטע פיער פּראצענטיגע אנלייהע. ווען ער איז געקומען מיט'ן פינאַנץ מיניסטער, איז עס געוויס דרינגלעך. לאמיך הערן, וואס ער וויל.

ער האט זיך געווענדעט צו זיין לייב־דיענער און האט איהם געזאָגט:

— פיהר איהם אריין, אָבער דורכ'ן פינסטערן קאָרידאָר, ניט דורך דעם אוי־דיענץ זאל.

אין אייניגע מינוט ארום איז דער ענגלענדער דזשעפערסאָן אריינגעקומען אין קאבינעט. ער איז געווען בלייך און זעהר אויפגערעגט. ווען דער שווערער פאָרהאַנג האט זיך אויפגעהויבען און ער האט דערזעהן דעם קייסער, האט ער זיך טיעף פער־נייגט. דער קייסער האט א שאָקעל געטהאן מיט'ן קאָפּ און האט איהם געזאָגט:

— זייט איהר עס דער באנקיר דזשעפערסאָן, וועלכער האט ניט לאנג געמאכט א געשעפט מיט מיין פינאַנץ מיניסטער?

— איך האב געהאט דיא עהרע צו מאכען אייניגע געלד אָפּעראַציאָנען מיט'ן פינאַנץ מיניסטער פון אייער קייזערליכער מאיעסטעט. איך וואָין שוין זייט פונפצעהן יאהר אין רוסלאנד און האב עס ליעב בעקומען. איך בין שטאָלץ אויף דיא עהרע און דאס צוטרויען, וועלכע אייער קייזערליכע מאיעסטעט האט מיר ערוויזען דורך זיין מיניסטער, אבאזא.

— איך האב געהערט פון אייך, האט דער קייסער געזאגט, אבער וואס פיהרט אייך יעצט צו מיר? געלדאנגעלעגענהייטען בעזאָרגט שטענדיג מיין מיניסטער. דאס איז זיין זאך.

— איך קום צו אייער קייזערליכע מאיעסטעט אום איינע גנאַדע אויסצובעטען. איך קום צו בעטען פאר א מענשען לעבען. —

דער קייסער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. אשינאָוו האט אויף איהם געוואָרפען א בייזען בליק. ער האט פערשטאַנען, אז ער איז געקומען בעטען פאר וולאַ־דימיר'ן און עס האט איהם זעהר פעררדראָסען, וואָס מען וויל ביי איהם ארויסרייסען זיין אָפּפער פון דער האנד. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז דיא פירמאַ דזשעפערסאָן איז זעהר רייך און האט שוין ניט איין מאל געליעהען רוסלאנד געלד. ער האט אָבער ניט געוואגט זיך אריינצומישען אין א געשפּרעך צווישען קייסער און אן ענגלענדער.

— איהר קומט בעטען פאר א מענשען לעבען? האט דער קייסער געפרעגט. פאר וועמען זאל עס זיין?

— פאר איינעם, וולאדימיר ראטשינסקי, האט דזשעפערסאָן געזאָגט האסטיג.

— פאר א מערדער? איהר קומט בעטען פאר א מענשען, וועלכער האט געוואָלט מאָרדען מיין ברודער? — דאס האב איך פון אייך ניט ערווארטעט, העדר דזשעפער־סאָן. איך ווייס, אז ביי אייך, אין ענגלאנד, איז מען פיעל שטרענגער געגען אזעלכע מענשען. דארט וואלט ער שוין לאנג געהאנגען אין טאָוער (דאָס גרעסטע געפענגניס אין לאָנדאָן).

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט דזשעפערסאָן געבעטען מיט א ציטערנדער שטימע. איך בין געקומען בעטען, אז מען זאל נאך ווארטען אייניגע צייט. איך בין זיכער, אז עס וועלען פאָרקומען בעווייזע, אז ראטשינסקי איז גאר ניט אזוי פיעל שול־דיג, וויא עס ווייזט זיך אויס פון ערשטען בליק.

— מיסטער דזשעפערסאָן, האט דער קייסער געזאָגט רוהיג, איהר ווייסט זעהר ווייניג פון דיעזער טרויעריגער געשיכטע. דער פערברעכער האט זיך מודה געווען, ער האט אלעס איינגעשטאנדען; ער זאָגט אליין, אז ער האט געוואלט מאָרדען דעם גראָספירסט.

וואס פאר א בעווייזע קען מען יעצט ברענגען, אז ער איז ניט אזוי פיעל שולדיג, וויא מען מיינט?

— עס איז א געהיימניס ארום דיעזען מענשען, האט דזשעפערסאָן געזאָגט.

— א געהיימניס? וואס פאר א געהיימניס? רעדט דייטליכער, מיסטער דזשע־פערסאָן, האט דער קייסער געזאָגט הארט און שארף.

— ליידער, בין איך ניט אים שטאנד צו ערקלערן דיעזעס געהיימניס, האט דזשעפערסאָן געענטפערט. עס געפינט זיך ביי מיר א פרוי, וועלכע איך קען זעהר גוט און שעצע זיא זעהר הויך. דיעזע פרוי זאגט, אז ראטשינסקי איז גאָר ניט אזוי פיעל שולדיג, אז עס זיינען דא געוויסע אומשטענדע, אז מען דארף נאך פיעלעס ערקלערן....

— א פרוי? האט דער קייסער געפרעגט. ווער איז זיא? פאר וואס זאגט זיא ניט, וואס זיא ווייס? — אשינאוו! געה און פרעג אויס דיעזע פרוי, וואס זיא ווייס פון ראטשינסקי'ן און ווען דוא וועסט פערשטעהן, אז עס איז עפּעס זעהר וויכטיג, זאלסט דוא זיא ברענגען אהער.

דזשעפערסאָן האט זיך געביסען דיא ליפּען. ער האט איינגעזעהן, אז ער האט געמאכט א פעהלער, וואס ער האט דערמאנט יעליסאוועטא'ן. ער האט זעהר ניט גע־וואלט, אז יעליסאוועטא זאל זיך צוזאמען קומען מיט'ן שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. ער האט דאהער געוואלט פערגלעטען דעם פעהלער, וואס ער האט דא בעגאנגען.

— צו מיינעם גרעסטען בעדויערן, האט ער געזאָגט, איז עס יעצט אונמעגליך מיט דיעזער פרוי צו רעדען, ווייל זיא איז נעבטען ערגעץ אוועקגעפאהרען אום צו שאפען דיא בעווייזע, פון וועלכע איך האב גערעדט.

דער קייסער האט פערשטאנען, אז דזשעפערסאָן האט דא געזאגט א ליעגען. ענטוועדער איז דיא פרוי גאר ניטא, אָדער זיא איז ניט אוועקגעפאהרען. דאס האט איהם שוין פערדראָסען.

— מיסטער דזשעפערסאָן, האט ער איהם געזאָגט, איך שעץ אייך זעהר, וואס איהר זייט געקומען בעטען פאר א מערדער, וויא ראטשינסקי. דאס ווייזט, אז איהר האט א גוט הארץ און האט מיטלייד מיט איהם. איהר פערגעסט אָבער, אז א קייסער האט אויך פפליכטען. מיין פפליכט איז צופערשאפען יעדען גערעכטיגקייט. ראטשינסקי וועט האבען, וואס ער פערדיענט. איך וועל זיין גערעכט געגען איהם.

ער האט געגעבען א מאך מיט דער האנד, א צייכען, אז דיא אודיענץ האט זיך געענדיגט און ער וויל מעהר דאריבער ניט רעדען. דזשעפערסאָן איז געוואָרען בלייך, וויא קאַלך. ער האט געזעהן, אז קיין בעטען וועט מעהר ניט העלפען. ער האט זיך פערנייגט און איז קוים ארויסגעגאנגען פון קייסערס קאבינעט.

ווען דער קייסער איז וויעדער געבליעבען אליין, האט ער זיך געווענדעט צו אשינאָוו'ן און האט איהם געפרעגט:

— ווייסט דוא ניט, וויא עס קומט, וואס דער ענגלענדער דזשעפערסאָן איז געקומען בעטען פאר ראטשינסקי'ן? וואס געהער ער זיך אן מיט איהם?

— דאס קען איך זעהר לייכט ערקלערן, האט אשינאוו געענטפערט. ראטשינסקי'ס מוטער האט געדיענט אייניגע יאהר ביי דזשעפערסאן אין קאנטאר אלס בוכהאלטערין.

ווארשיינליך, האט זיא אנגעהויבען פאר איהם צו וויינען און צו בעטען, ער זאל געהן צו אייער קייזערליכע מאיעסטעט בעטען פאר איהם. זיא האט געוויס גערעכענט, אז מען וועט אָבשיי האבען פאר זיינע מיליאָנען.

— אזוי? האט דער קייסער געזאגט, יעצט פערשטעה איך, וואס עס האט גע־געטריעבען דעם ענגלענדער צו מיר. איך בין זיכער, אז דיא קעניגין וויקטאָריא וואָלט ניט בעסער געהאַנדעלט פון מיר אין אזא פאַל, ווען איינער זאל וועלען מאָרדען איינעם פון איהר פאמיליע.

ער האט ווייטער גענומען דיא פעדער אין דער האנד און האט צוגערוקט דאס פאפיער אום עס צו אונטערשרייבען. פלוצלונג האט ער זיך פערטראכט. עס איז איהם שווער געוועזען צו צייכענען זיין נאמען. אן אינערעס געפיהל האט איהם צוריק געהאלטען.

— וואס זאגט מען אין שטאדט איבער דיעזען פאל? האט ער פלוצלונג געפרעגט אשינאָוו'ן.

— מען דערצעהלט אין שטאדט אזעלכע וואונדער, אז מען וועט באלד מאכען ראטשינסקי'ן פאר א הייליגען, האט אשינאוו געענטפערט. וואס לענגער ער וועט לעבען, וועט ער אלץ מעהר מיטלייד דערוועקען. ער מוז באלד פערשווינדען און מען זאל אויפהערן צו רעדען פון דיעזער אנגעלעגנהייט. איך וואלט געבעטען אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל מיר ערלויבען אויסצופיהרען דעם טאָדעס אורטהייל נאך היינט. וואס פריהער, איז אלץ בעסער.

— עפּעס האָסט דוא גאר קיין צייט ניט, אשינאוו. וואס איז דיא אורזאכע, וואס דוא איילסט זיך אזוי? האָסט דוא אָפּט ניט א פערזענליכע רעכנונג מיט ראט־שינסקי'ן?

— איך טהו עס אויס טרייע און ערגעבענהייט צו אייער קייזערליכער מאיעסטעט. איך וויים, וואס מען רעדט אין פעטערבורג און וויים, אז עס איז נאָטהווענדיג איהם אָפּצוראַמען פון וועג.

דער קייסער האט האסטיג צוגערוקט צו זיך דעם טאָדעס אורטהייל און האט איהם אונטערשריעבען מיט איין צוג פון דער פעדער.

— נא! איך טהו דיר צוליעב, דוא זאלסט איהם אבער אויספיהרען ערשט מאָרגען אין דער פריה. היינט איז שוין צו שפעט.

אשינאוו האט גענומען דעם טאָדעס אורטהייל און האט איהם לאַנגזאַם אריינ־געלעגט אין בוזעם קעשינע. יעצט וועט ער זיך שוין נוקם זיין אן וולאַדימיר'ן, פארוואס ער האט מיט איהם היינט גערעדט אזוי שטאָלץ. ער איז אבער ניט אוועקגעגאנגען, זאָנדערן איז געבליעבען שטעהן פארן קייסערס שרייב־טיש.

— נו, וואס נאך ווילסט דוא? האט איהם דער קייסער געפרעגט. האָסט דוא נאך עפּעס צו זאָגען?

— איך האב נור צו בעטען א גנאדע פון אייער קייזערליכער מאיעסעט, האט אשינאוו געענטפערט און האט זיך פערנייגט ביז אין דער ערד.

— זאג, וואס ווילסט דוא? איך בין שוין מיעד היינט פון דער ארבייט.

— אייער קייזערליכע מאיעסטעט האבען מיר א מאל פערשפּראָכען צו ערנענען

מיין פרוי אלס האָפדאמע. איך וואג עס, אייער קייזערליכע מאיעסטעט צו ערזוכען אן דיעזעס פערשפרעכען. מיינע פרוי איז א טרייע דיענערין און זעהר ערגעבען צו דער קייזערליכער פאמיליע. איך וואָלט געוועזען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט, ווען איהר וואונש זאל ערפילט ווערען.

— איך וועל זעהן, וואס איך קען טהאן פאר דיר. איך מוז זעהן, אויב עס איז דא א וואקאנטע שטעלע, וועל איך זיא ערנענען. — יעצט געה!

מיט דיעזע ווערטער האט ער דערלאנגט אשינאָווין דיא האנד. אשינאָוו האט זיא קוש געטהאן און איז ארויס מיט'ן געזיכט צום קייסער און מיט'ן רוקען צו דער טהיר.

94טעס קאפיטעל.

# ליעבע און האַס.

אויף אן אינזעל פון דער נעווא שטעהט א גרויסער, ווייסער, מאַרמאָרנער פּאַלאַץ, ארום איהם איז א גרויסער גארטען, א פּארק. עס איז א שעהנער טאג. דיא זון לייכט און ווארמט גאנץ ערנסט, גלייך וויא זיא וואָלט זיך פארוועט מיט איינעם, ווער עס קען בעסער הייצען. ווייט ארום פאהרען און געהן מענשען. עס לעבט, עס ריהרט זיך, עס קאָכט עס זיעדט פון אלע זייטען, נור אין'ם גרויסען פּאַלאַץ איז אלעס שטיל, אלעס איינגעשלאָפען אדער אויסגעשטאָרבען. דיא זיידענע פאָרהענגע פון דיא פענסטער זיינען אראָפּגעלאָזען, דיא טויערן צום גרויסען הויף זיינען פערמאַכט, דיא טהירען זיינען פערשלאָסען. א טיעפע שטילקייט העררשט ארום: אין גאנצען הויף אין גאנצען פּארק זעהט מען קיין לעבעדיגע זעעלע. מען וואָלט געקענט מיינען, אז דער פּאַלאַץ איז גאר ניט בעוואָינט, אז אין איהם זיינען קיין מענשען ניטא, ווען מען זאל ניט זעהן, אז אלעס ארום איז אזוי ריין און אזוי שעהן, אויף דיא מיט געלע זאַמד בעשאָטענע וועגעלעך פון'ם פּארק זעהט מען ניט קיין גרעזעלע, קיין בלעטעלע. דער גרויסער הויף איז פערקעהרט און פעררוימט.

א הינטער טהיר האט זיך געעפענט און א פרוי פון א יאהר עטליכע און דרייסיג איז ארויסגעגאנגען אין פּארק. זיא איז פון זעלטענער שעהנהייט. איהר געזיכטס פארבע איז קלאר, ווייס און דורכזיכטיג. איהר שעהנער קאָפּ איז בעדעקט מיט א היטעל פון בלאָנדע לאָקען, וועלכע גלענצען און פונקעלן אין דער זון, וויא גין גאָלד. אין דיא הענד האט זיא געפיהרט צוויי קינדער, א אינגעל און א מיידעל. דיא קינדער זיינען געוועזען שעהן, וויא דיא מוטער און זיינען געגאנגען געקליידעט, וויא פירסטען קינדער. דיא פרוי איז אראָפּגעגאנגען מיט זיי אין פּארק, האט אביסעל ארומשפּאַציערט אין דיא אלעען און האט זיך דאן צוגעזעצט אויף א באַנק אונטער א גרויסען בוים.

— מאמא, האט געזאגט דאס אינגעלע, וועט היינט קומען דער אָנקעל און וועט מיר ברענגען סאָלדאטעלעך מיט קאַנאָנען, וויא ער האט מיר צוגעזאגט?

— געוויס, מיין קינד, האט דיא מוטער געענטפערט. ער וועט היינט געוויס קומען און וועט אייך ברענגען שעהנע זאכען.

— מאמא, האט דאס קינד ווייטער געפרעגט, פארוואס פאהרען מיר ניט ערגעץ צום אָנקעל אדער צו אנאנדערן? מיר זיצען א גאנצע טאג אין שטוב און פאהרען אין ערגעץ ניט. עס איז מיר לאנגווייליג, איך וויל ערגעץ פאחרען.

— ווארט, מיין קינד, עס הויבט זיך נור וואס אן דער זומער. מיר וועלען שוין ערגעץ פאהרען. מיר וועלען פאהרען זיך באדען אין מעער ווייט, ווייט פון דאנען, אין א ווארם לאנד. דארט קינדער, וועט איהר שוין ניט זיצען פערשפארט אין שטוב. דארט וועט איהר ארומגעהן און ארומפאהרען, וואוהין איהר וועט וועלען.

אין דיזע מינוט האט זיך געוויזען אויף דער אלעע אן אלטער מאן מיט א אינגעל פון א יאהר אכט—ניין. זיי זיינען צוגעגאנגען צו דער שעהנער פרוי. דאס אינגעל האט איהר א קוש געטהאן אין דער האנד און האט געזאגט אויף פראנצויזיש: גוט־מארגען, מאמא! דער אלטער מאן האט זיך העפליך פערנייגט פאר דער דאמע און האט געזאגט עבענפאלס אויף פראנצויזיש:

— איך בין היינט צופריעדען מיט מיין שילער. ער האט גוט אויסגעלערנט זיינע לעקציאנען און איז געווען פלייסיג. ער האט גוטע פעהיגקייטען און עס וועט א מאל ווערן פון איהם א גוטער גענעראל. ער האט ליעב צו הערן געשיכטען פון קריעג, פון ארמעען, פון שלאכטען און פון פעסטונגען; בעזאנדערס האט ער ליעב צו הערן געשיכטען פון נאפאלעאן דעם ערשטען.

— איך דאנק אייך, מארקיז קאסאניאק, פאר אייער מיטטהיילונג. עס פרעהט מיך צו הערן, אז פאול וויל לערנען. זעצט אייך, מארקיז. וואס שטעהט איהר?

דער אלטער פראנצויז האט זיך העפליך פערנייגט און האט זיך אניעדער גע־זעצט. ער איז געווען דער לעהרער פון דיא פרינצען יוריעוו. אלעקסאנדער II האט איהם מיטגעבראכט פון פאריז, ווען ער איז געווען אויף דער אויסשטעלונג אין 1867 אלס לעהרער פאר זיינע קינדער. דיא גראספירסטען אבער האבען דעם אלטען פראנצויז ניט ליעב געהאט און האבען ביי איהם ניט געוואלט לערנען. בעזאנדערס איז ער ניט געפעלען דעם קראנפרינץ אלעקסאנדער אלעקסאנדראוויטש, וועלבער האט ערקלערט פעסט און ענטשלאסען, אז רוסישע פרינצען דארפען זיך לערנען נור ביי רוסישע לעהרער. דעם קייסער איז עס געווען זעהר אונאנגענעהם צו שיקען צוריק דעם אלטען מארקיז, וועלכען נאפאלעאן דער דריטער האט איהם אליין רעקאמאנדירט פאר א געלערנטען מענשען און א גוטען לעהרער. ער האט איהם דאהער געהאלטען ביי זיך אין הויף א געוויסע צייט און ווען דיא קינדער פון זיין געליעבטער, דיא פירסטין דאלגארוקי, זיינען אונטערגעוואקסען, האט ער איהם געמאכט פאר לעהרער פון דיזע קינדער.

דער אלטער פראנצויז איז געווען אן עכטער האפמענש און איז געווען בעקאנט מיט אלע אינטריגען פון'ם קייזערליכען האף. ער האט געוואוסט, אז דער נאסליעדניק האט איהם פיינד און קען איהם ניט אנקוקען. עס איז צווישען זיי א מאל זאגאר פאר־געקומען אונאנגנעהמליכקייטען. דער פראנצויז איז געווען אן אנהענגער פון דער פראנצויזישער קייזער פאמיליע נאפאליע. ער האט פערגעטערט נאפאלעאן דעם ערשטען און האט זיך אמאל ארויסגערעט פארן נאסליעדניק, אז אזא גרויסער קייסער, וויא נאפאלעאן דער ערשטער ווערט געבארען איין מאל אין טויזענד יאהר.

— איהר פערגעסט, מאסיע קאסיאניאק, האט איהם דער נאסליעדניק געזאגט, אז נאפאלעאן איז ניט געבארען געווארען אלס קייסער און איז ניט געשטארבען אלס קייסער. ער האט נור אוועקגערויבט דעם פראנצויזישען טהראן אויף א קורצע צייט.

דיעזע אנטוואָרט האט אזוי געקרענקט דעם פּראַנצויז, אז ער האט געוואָלט באלד אנטלויפען פון רוסלאנד, ווען דער קייסער אליין זאל איהם ניט געוועזן אייננבעטען, ער זאל בלייבען ביי דער פירסטין דאלגארוקי אלס לעהרער פאר איהרע קינדער. ער פלעגט קיין מאל ניט קומען אין הויף און פלעגט אויסווייכען דיא האָפגעזעלשאפט.

— וואס הערט זיך עפּעס, מארקיז? האט איהם דיא פירסטין געפרעגט. איהר ווייסט דאך, אז איך קום אין ערגעץ ניט און ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך אויף דער ווייטער וועלט. וואס הערט זיך עפּעס נייעס? איז שטיל אין רוסלאנד? האבען אָפּט דיא ניהיליסטען ניט ווייטער אנגעהויבען זיך צו ריהרען?

— איך ווייס ניט, וואס אייך צו זאגען. עס איז ווידער פאָרגעקומען א זאָנדערבאַרער פאל. דיא צייטונגען האבען דאריבער קיין וואָרט ניט געשריעבען, אבער מען רעדט דערפון איבעראל אין פּעטערבורג

דיא פירסטין איז געוואָרען אונרוהיג. אויף איהר שעהנעם, עדעלעס געזיכט האט זיך געלעגט א פינסטערער וואָלקען.

— אלזאָ, דיא ניהיליסטען האבען שוין ווידער עפּעס געוואָלט אפּטהאן? האט זיא געפרעגט אונגעדולדיג.

— מען קען ניט וויסען, אויב עס זיינען געווען ניהיליסטען אדער ניט. דער פאל איז א זאנדערבארער און יעדער דערצעהלט דיא געשיכטע אנדערש.

— עפּעס געגען קייסער?

— ניין, איינער האט געשאָסען אויף׳ן גראָספירסט קאָנסטאנטין.

דיא פירסטין האט אויפגעאָטעמט פרייער. זיא איז געווען גליקליך, וואס מען האט ניט געשאסען אויף׳ן קייסער.

— דערצעהלט, מארקיז, וואָס איהר ווייסט פון דער געשיכטע. עס מוז זיין זעהר אינטערעסאנט.

— איך ווייס זעהר וועניג. אייניגע זאגען, אז דאס איז געווען אַ ניהיליסט, וועלכער האט געוואלט טוידטען דעם גראָספירסט; אנדערע זאגען, אז דאס איז דעם גראָספירסט׳ס פליגעל־אַדיוטאנט, וועלכער האט זיך פערליעבט אין דער גראָספירסטין וויערא. דער גראָספירסט קאָנסטאנטין האט איהם ארויסגעטריעבען פון זיין הויז און דער יונגערמאַן האט איהם געוואלט טוידטען אויס ראַכע. ווען דאס זאל געווען זיך טרעפען ביי אונז אין פראנקרייך, וואלטען שוין אלע צייטונגען פול געווען מיט דיעזער געשיכטע, מען וואלט דעם מערדער שוין צעהן מאל פערהערט עפענטליך און אלע וואלטען געוואוסט, וואס איז געשעהן. אין רוסלאנד געהט אלעס צו שטיל. ארייננגעווארפען אין פּעטרא־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט, בעגראָבען און פערשוואונדען. רעד דער נאך, וואס דוא ווילסט.

— איך קען ניט גלויבען, אז דיא ניהיליסטען זאלען שיעסען אויף׳ן גראָספירסט קאָנסטאנטין, האט דיא פירסטין געזאגט, וויא איך האב געהערט, איז דער גראָספירסט קאנסטאנטין אליין אַ שטיק ניהיליסט. ער איז אליין אויך ניט צופריעדען מיט דער איצ־טיגער רעגיערונג. מען האלט איהם אין רוסלאנד פאַרן רעוואָלוציאָנער פון דער קייזער־ליכע פאמיליע. עס איז זיכער צו גלויבען, אז דא איז אַ גאַנץ איינפאכע ליעבעס

שיכטע. אז דיא פרינצעסין וויערא האט זיך פערליעבט אין דעם שעהנעם פליעגעל־אדיוטאנט פון איהר פאטער, וועלכער איז דערפון געוואהר געווארען און ער האט דעם יונגען מאן ארויסגעטריעבען פון זיין הויז.

— דער גראספירסט קאנסטאנטין איז אן עדעלער מענש, האט דער מארקיז געזאגט. ער איז געוויס קיין ניהיליסט. וואס קען איהם נוצען צו מאכען א רעוואלוציאן אין רוסלאנד? ער קען דאך ניט קומען אויפ'ן טראהן, ער וועט דאך דיא רוסישע קייזער קרוין ניט טראגען אויפ'ן קאפּ, זא לאנג דער קייסער האט קינדער. ווען א רוסישער גראספירסט וויל, אז דיא רעגיערונג זאל זיך ענדערן, קען עס נור זיין דער קראנפּרינץ, דער נאסליעדניק. ער קען האבען דערפון נוצען, ער וועט גיכער קומען אויפ'ן טראהן. עס ווערט דאך נמאס צו זיין א צו לאנגע צייט קראנפּרינץ, מען וויל שוין ווערן קייסער. דא קענען דיא ניהיליסטען העלפען.

— איהר רעדט עפּעס זאנדערבאר, מארקיז, האט דיא פירסטין געזאגט. ווייסט איהר עפּעס פון'ם נאסליעדניק? האט איהר עפּעס געהערט פון איהם? איהר זייט מיין אלטער פריינד און דארפט מיר אלעס דערצעהלען, אלעס זאגען. איהר ווייסט דאך, וויא וויכטיג אזעלכע נאכריכטען זיינען פאר אייערע שילער.

— איך ווייס גאר ניט, איך זאג נור מיין מיינונג.

דיא פירסטין האט געשוויעגען. זיא האט אנגעשפּארט דעם קאפּ אויף דער האנד און האט זיך פערטראכט. דער פראנצויז האט געזעהן, אז ער האט דא אנגעריהרט אן ארט, וואו עס טהוט וועה און האט עס ניט געוואלט ווייטער צו קראצען. ער האט ליעב בעקומען דיא פירסטין און איהרע קינדער, וויא א פאטער. ער האט זיך דאהער אויפגעהויבען און האט געוואלט אוועקגעהן.

— אלזא, איהר געהט שוין, האט איהם דיא פירסטין געזאגט. איך האב נאך מיט אייך געוואלט עפּעס רעדען, אבער לאז זיין אויף אנאנדער מאל. איך בין היינט עטוואס אויפגערעגט. א גוטען טאג! ווען איהר וועט וויסען עטוואס נייעס, וועט איהר מיר דערצעהלען.

דער אלטער מארקיז איז אוועקגעגאנגען. דיא קינדער זיינען ארומגעלאפען אין דיא אלעען און האבען זיך געשפּיעלט. מען האט געהערט פון דער ווייטען זייערע פרעהליכע העלע שטימען, זייערע געשרייען און זייער קינדישען געלעכטער. דיא פירסטין איז היינט ווירקליך געוועז ניט אויפגעלעגט. דיא נייעס, וואס דער מארקיז האט איהר געבראכט און דערווינק, וואס ער האט איהר געגעבען וועגען דעם נאסליעדניק האבען זיא נאך מעהר אויפגערעגט. דיא פרעהליכע שטימען פון איהרע קינדער האבען אין איהר אויפגעוועקט פערשיעדענע ניט גאנץ פרעהליכע געדאנקען און האבען איהר פארגעשטעלט איהר טרויעריגע לאגע.

— וואס וועט ווערן פון זיי? האט זיא זיך געטראכט. וואס וועט ווערן פון מיינע אונשולדיגע קינדער, ווען דיא ניהיליסטען, אדער דער נאסליעדניק, וויא דער מארקיז האט געזאגט, וועלען פלוצלונג מאכען אן ענדע פון אלכסנדר II? עס איז וואהר, ער ליעבט מיך, ער ליעבט דיא קינדער. זיי זיינען אבער דאך אונגעזעצליכע קינדער. ווען דער נאסליעדניק זאל פלוצלונג ארויף אויפ'ן טראהן, וועט ער זיי געוויס ניט אנערקענען.

**וואס וועט דאן פון זיי ווערן? וואס וועט דאן ווערן פון מיר? — אונגעזעצליכע קינדער!** אהן א פאטער, אהן א נאמען. ניט צו דער וואנד ניט צו יענער. זיי זיינען ערצויגען געוואָרען אלס פּרינצען, קענען זיך ניט נעהמען צו קיין געמיינער בעשעפטיגונג און מען וועט זיי ניט אנערקענען אלס פּרינצען — טרויעריג!

אזוי איז זיא געזעסען א לאנגע צייט פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע געדאנקען. דאס גליק געפינט זיך זעלטען אין דיא רייכע פּאלאצען. זיין א געליעבטע פון א קייסער איז נאך ניט קיין גליק. — דיא קינדער זיינען געקומען צו לויפען, האבען זיא גערופען: מאמא! מאמא! זיא האט זיי אָבער ניט געענטפערט. דיא קינדער האבען עס בעמערקט און האבען זיא מעהר ניט בעאונרוהיגט, ביז עס זיינען געקומען זייערע גובערנאנטינען און האבען זיי אוועקגערופען אין פּאלאץ. עס איז געקומען דיא צייט פון מיטאָג עסען.

דיא פירסטין האט זיך ענדליך אויך אויפגעהויבען און איז אריין אין איהר צימער. זיא איז ניט געקומען צום מיטאָג, ווען איהר קאמער־פרוי האט זיא גערופען. זיא האט געזאגט, אז דער קאָפּ טהוט איהר וועה. ערשט פארנאכט האט זיא זיך אנגעטהאן און איז אריינגעגאנגען אין א קליינעם רייך פערציערטען זאל, פון וועלכען דיא פענסטער זיינען ארויסגעגאנגען אויף דער גאס און האט זיך געזעצט לעבען פענסטער. זיא האט היינט ערוואַרטעט איהר געליעבטען, דעם קייסער אלכסנדר II.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס האט אנגעהויבען צו ווערן פינסטער. אין דער געגענד ארום איז געוואָרען שטיל. א גאנץ איינפאכע, פערמאכטע קארעטע מיט צוויי פערד איז געפאהרען אויפ'ן וועג צום פּאלאץ פון דער פירסטין דאלגאָרוקי. א גאנץ איינפאכער קאצאפּ אין א היטעל, וועלכע אלע דראשקען קוטשער פון פּעטערבורג טראגען, איז געזעסען אויף דער קעלנע און האט אנגעטריעבען דיא פערד. יעדער וואלט געמיינט, אז דא פאהרט איינער אין א געדונגענע קארעטע, אזוי איינפאך, זאָגאר ארים, האט אויסגעוויעזען דער גאנצער עקיפּאזש, אין וועלכען דער רוסישער קייסער איז געפאהרען צו זיין געליעבטער.

ווען מען האט זיך גוט צוגעקוקט אין דער געגענד ארום, האט מען געזעהן ארומגעהן און זיך בעהאלטען אין דיא ווינקעלעך פיעלע מענשליכע פיגורען. איינינע רייטער זיינען פּלוצלונג שנעל דורכגעפאהרען דיעזע שטילע און איינזאמע געגענד און זיינען באלד פערשוואונדען געוואָרען. דאס זיינען געווען פארשטעלטע אַגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי, וועלכע האבען בעוואכט דיא גאנצע געגענד. אלכסנדר II האט שטענדיג געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג.

דיא קארעטע איז צוגעפאָהרען צום פּאלאץ. דער גרויסער טויער איז געשטאנען אָפען. דער דוואָרניק האט געוואַרט אויף דער קארעטע. קוים איז זיא אריינגעפאהרען, האט זיך דער טויער פערמאכט און איז פערשלאָסען געוואָרען מיט שווערע אייזערנע ריגעל. דער קוטשער איז אראָפּגעשפּרונגען פון זיין זיץ און האט געעפענט דיא טהירלעך פון דער קארעטע. א מאן אין גאנצען איינגעהילט אין א גרויען מאנטעל איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קארעטע און איז אריינגעגאנגען אין גארטען. ער איז אָבער ניט געגאנגען שפּאציערען, זאנדערן איז ארומגעגאנגען דעם פּאלאץ, ביז ער איז צוגע־

קומען צו א קליין טהירעל, וועלבע ער האט געעפענט. דאס טהירעל האט געפיהרט אין קארידאר. דארט איז ער געבליעבען שטעהן און האט אנגעקלאפט אין א טהיר. דיא טהיר האט זיך באלד געעפענט און דיא פירסטין דאלגארוקי איז ערשיענען אויפן שוועל. דער קייסער האט אראפגעווארפען פון זיך דעם מאנטעל און האט ארומגענומען דיא פירסטין.

— ענדליך ביסט דוא דאך געקומען, האט זיא איהם געזאגט מיט א פארוואורף.

— ענטשולדיג מיר, טהייערע סעראפינא, וואס איך בין ביי דיר אזוי לאנג ניט געוועזען. מיינע מיניסטארען לאזען מיך ניט לעבען. זיי פלאגען מיך מיט זייערע געשעפטען, מיט דער פאליטיק און מיט אלערליי פראגען, אז איך פערגעס אפט, וויא איך הייס. זיי צווינגען מיך אפט, זיך אפצוזאגען פון דעם איינציגען גליק, וואס איז מיר געבליעבען אויף דער וועלט — דיך צו זעהן.

ער האט זיא צוגעפיהרט צום דיוואן, האט זיא אניעדערגעזעצט און האט זיך געזעצט לעבען איהר. ער האט גענומען איהרע הענד און האט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— דוא וויזט מיר אויס היינט טרויעריג, ליעבע סעראפינא. וואס איז דיר? פיהלסט דוא עפעס ניט גוט, אדער זיינען דיא קינדער עפעס אונוואהל?

— אה, ניין, איך בין געזונד. דיא קינדער זיינען אויך געזונד און מונטער. זיי האבען היינט א גאנצען טאג גערעדט פון דיר. דוא האסט זיי צוגעזאגט צו ברענגען שעהנע זאכען און זיי האבען דיך ערווארטעט מיט אונגעדולד.

— איך זעה אבער דאך, אז דוא ביסט עפעס בלייך און ניט אזוי פרעהליך, וויא שטענדיג. זאג מיר, געליעבטע, וואס איז דיר? איך דערקען אן דיינע אויגען, אז דיר פעהלט עפעס.

— עס פעהלט מיר גאר נישט, געליעבטער. איך בין גליקליך, ווען איך זעה דיך ווען דוא ביסט ביי מיר. איך בין נור טרויעריג און אונרוהיג, ווען דוא ביסט דארט אין דעם גרויסען פעטערבורג און איך האב פון דיר קיינע נאכריכטען ניט. עס איז שוין א גאנצע וואך פאראיבער, זייט דוא ביסט ביי מיר ניט געוועזען. איך האב עס גאר ניט געקענט פערשטעהן, וואס דאס זאל הייסען. איך ציטער יעדעס מאל, ווען איך דערמאן מיך, וואס פאר א געפאהרען עס דראהען דיר פון אלע זייטען.

— זיי רוהיג, מיינע ליעבע, טהייערע סעראפינא! עס דראהען מיר קיינע געפאהרען. עס איז יעצט גאנץ שטיל און רוהיג אין רוסלאנד. נור דיא פאליטיק און פיעלע אנדערע פראגען האבען מיך ביז יעצט זעהר פיעל בעשעפטיגט. איך בין שוין מיעד פון דיא פיעלע געשעפטען. איך האב דאהער בעשלאסען, איבערצוגעבען אלע געשעפטען א קאנצלער, וויא עס פיהרט זיך אין אנדערע לענדער. איך האב ערנאנט דעם גענעראל לארים מעליקאוו אלס קאנצלער. יעצט וועל איך שוין האבען מעהר צייט און וועל שוין זיין אפטער ביי דיר, מיין ליעבע.

א לאנגער, הייסער קוש האט געגליהעט אויף איהרע ליפען ביי דיא לעצטע ווערטער.

— אך, געליעבטער! האט דיא פירסטין געזאגט, דוא קענסט דיר גאר ניט

פאַרשטעלען, וויא פיעל איך האב געליטען אין דער לעצטער צייט, ווען איך האב גע־הערט, אז דיא ניהיליסטען ריהרען זיך שוין ווייטער. מען האט מיר דערצעהלט, אז איינער האט זאגאר געשאָסען אויף דיין ברודער קאָנסטאַנטין.

— דוא ווייסט שוין אויך פון דיעזער נארישער געשיכטע? ווער האט עס דיר דערצעהלט? וואס האט מען דיר דערצעהלט? — וואונדער?

— מען האט מיר דערצעהלט, אז אַ ניהיליסט האט געשאָסען אויפ'ן גראָספירסט קאנסטאַנטין און אז דיא ניהיליסטען האבען שוין ווייטער אנגעהייבען זייער שרעקליכעם האנדווערק. איך האב געזעהן, אז דוא ביסט אזוי לאנג ניט געקומען און האב גערעכענט, אז דיך האלטען אפּ וויכטיגע ענטדעקונגען פון דער געהיים־פּאָליציי. איך בין געוועזען זעהר אונרוהיג און האב שוין געוואָלט דיר שרייבען.

— עס איז גאר ניט געוועזען. עס איז אַ נאַרישע געשיכטע. דעם גראָספירסט'ס פליגעל־אדיוטאנט האט זיך פערליעבט אין דער פּרינצעסין וויערא. דער גראָספירסט איז דערפון געוואהר געוואָרען און האט איהם ארויסגעיאגט פון זיין דיענסט. דער יונגער מאן האט פאר פערדרוס אויף איהם געשאָסען. לאמיר עס לאזען. עס איז ניט ווערטה דאריבער צו רעדען. דיא גאנצע געשיכטע איז ניט ווערטה, אז דוא, מיין לעבען, מיין ליעבע, זאלסט זיך דאריבער איין סעקונדע בעאונרוהיגען. —

זיי האבען נאך גערעדט איינינע צייט איבער פערשיעדענע זאכען. ענדליך האט דער קייסער געזאגט:

— קום, מיין ליעבע, לאָמיר געהן צו דיא קינדער. איך האב זיי שוין אזוי לאנג ניט געזעהן.

— וואַרט נאך אַ ווילע, געליעבטער, האט דיא פירסטין געבעטען. איך וויל מיט דיר עפּעס רעדען וועגען דיא קינדער. — עס איז מיר זעהר שווער דאריבער צו רעדען, איך מוז עס אבער. איך, מיין געליעבטער, האב אויפגעאָפּפערט אלעס אויפ'ן אלטאר פון מיין ליעבע. און איך בין בערייט צו אָפּפערן פאר דיר מיין לעבען. זייט איך האב דיך דערקענט, זייט איך האב דיך אנגעהויבען צו ליעבען, ביסט דוא מיין לעבען, מיין גליק, מיין פרייד, און מיין פּאראדיז. מיך הארט ניט, וואס דיא וועלט וועט אויף מיר זאגען, מיך קימערט ניט, וואס איך קען ניט טראגען דיין נאמען, וואס איך מוז מיך בעהאלטען פון אלעמען און זיך דערוויייטערן פון דער וועלט. איך בין מיט אלעמען צופריעדען, ווען מיר בלייבט נור דיין ליעבע. פאר אונזערע קינדער אבער, פאר דעם הייליגען באנד, וואס פעראייניגט אונז אויף אייביג, וואָלט איך פערלאַנגט אנאנדער שיקזאל. אונזערע קינדער דארפען קענען פריי ארויסטרעטען און זאגען, אונזער פאטער איז דער גרויסער הערשער פון רוסלאנד. זיי מוזען האבען אַ נאמען, וועלכען זיי זאלען טראגען מיט שטאָלץ. דוא ליעבסט זיי; איך ווייס, אז זיי זיינען ביי דיר טהייער — זיי א פאטער צו דיינע קינדער, מיין געליעבטער, מיין קייסער!

זיא האט זיך אראָפּגעלאָזען פון'ם דיוואן און האט זיך געשטעלט פאר איהם אויף דיא קניע. אלעקסאנדער איז געוועזען גערִיהרט. זיינע אויגען זיינען פייכט געוואָרען. ער האט זיא אויפגעהויבען און האט איהר אַ קוש געטהאן אויפ'ן שטערן.

— בערוהיג דיך, סעראפינא! האט ער זיא געבעטען. אין צוויי וואָכען ארום

פאהרען מיר קיין ליוואדיא. דארט וועט דער מיטראפאליט אונז פעראייניגען פאר גאט און פאר דער וועלט. מיינע קינדער — דיינע קינדער — וועלען עפענטליך אנערקענט ווערן אלס רוסישע פרינצען. עס איז שוין אלעס פארבערייטעט. מיר וואלטען געווען נאך פריהער געפאהרען, אבער דיא פערדאמטע פאליטיק האט מיך אפגעהאלטען, יעצט אבער, ווען איך האב פון מיר אראפגעווארפען דעם שווערן יאך פון הערשען, יעצט בין איך דיין געליעבטער, דיין געטרייער אלעקסאנדער.

דיא פירסטין האט זיך בערוהיגט און האט זיך אויפגעהויבען פון'ם דיוואן.

— יעצט קום, פאטער, געה און זעה דיינע שעהנע בליהענדע קינדער! האט זיא געזאגט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— דאקטאר פושקין איז געזעסען אין זיין קאבינעט און האט געטראכט, וואס זאל ער טהאן? זאל ער געהן צום ארגענטינישען געזאנדעטען אדער ניט? דאס איז געווען פאר איהם א זעהר וויכטיגע פראגע. זאל ער געהן און לאזען זיך צו איהר דער־קענען, אז ער איז באיאנאווסקי, אז ער האט זיא נאך ניט פערגעסען, אז ער געדענקט נאך, וואס זיא האט איהם געטהאן, אדער ער זאל עס לאזען. לאז זיא איבערגעהן אויף אנדערע הענד?

אין איהם האט געברענט דאס הערץ, ער זאל זיך אן איהר נוקם זיין, ער זאל זיך מיט איהר אפרעכענען פאר אלע בעליידיגונגען און ניעדערטרעכטיגקייטען, וואס זיא האט בעגאנגען נעגען איהם און אנדערע. וואס זאל ער אבער טהאן? וויא אזוי זאל ער זיך אן איהר נוקם זיין? דאס איז געווען דיא פראגע, וועלכע ער האט דערוויל ניט געקענט לעזען.

ער האט א לאנגע צייט זיך געשלאגען מיט זיינע געדאנקען, אויב ער זאל געהן צו איהר אדער ניט. ענדליך האט ער זיך ענטשלאסען צו געהן. ער האט געוואלט זעהן, אויב זיא וועט איהם דערקענען און וואס פאר א מינע זיא וועט מאכען, ווען זיא וועט איהם דערקענען. ער האט זיך אנגעטהאן און איז צוגעגאנגען צום שפיעגעל זעהן, אויב זיינע קליידער זיינען אין ארדנונג. ער האט זיך דערשראקען פאר זיך אליין. ער איז אין דיעזע נאכט אלט געווארען. זיינע האר זיינען געווארען וויסער, זיינע באקען — נאך מעהר איינגעפאלען און צו קנייטשט, זיינע ליפען זיינען געווען וויים און זיין גאנצעס געזיכט האט אויסגעדריקט אלטקייט און פערצווייפלונג.

— דעסטא בעסער, האט ער געזאגט צו זיך אליין, זיא וועט מיך אלזא ניט אזוי גיך דערקענען און איך וועל האבען נאך מעהר געלעגענהייט זיא צובעאבאכטען, זיא אויסצופארשען און צו וויסען, וויא אזוי איז זיא יעצט.

ער איז אוועקגעגאנגען פון'ם שפיעגעל, האט גענומען זיין שטאק און איז ארויס־געגאנגען אויף דער גאס. דער טאג איז געווען שעהן, דאס וועטער ווארם און אנגענעהם. דיא גאסען האבען געלעבט און געראשט פון פרעהליכע מענשען, נור דאקטאר פושקין איז געגאנגען מיט'ן קאפ אראפגעלאזען, טרויעריג און פערטראכט. ער האט ניט געוואלט נעהמען קיין דראשקע, ער האט בעסער געוואלט געהן צו פוס. דיא זון ווירקט אויף אונז. זיא בערוהיגט אונזערע אויפגערעגטע נערווען און גיעסט זעהר אפט בוימאייל

אויף אונזערע וואונדען. אלס דאָקטאָר האט באָיאנאָווסקי זעהר גוט געוואוסט, וואס פאר א ווירקונג דיא בעלעבענדע שטראַהלען פון דער זון האבען אויפ'ן מענשען. ער איז דאהער געגאנגען צו פוס, לאנגזאם, טריט ביי טריט, גלייך וויא ער האט זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון דער העלער, ווארעמער זון. ער איז צוגעקומען צום הויז, וואו פעאדארא האט געוואָינט און האט אנגעקלונגען. א דיענער האט איהם געעפענט דיא טהיר. ער האט באלד דערקענט, אז דאס איז דער דאקטאר, וואס איז געווען ביי דער מאדאם נעכטען ביי נאכט, און האט איהם באלד געמעלדעט. דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער שפּאניער דע ראזאס איז איהם ענטגעגען געגאנגען.

— גוט מארגען, דאקטאר! האט ער איהם געזאגט. איך דאנק אייך, פאר אייער געסטריגע בעהאנדלונג פון מיין פרוי. זיא פיהלט זיך היינט פיעל בעסער.

דאקטאר פושקין האט געמורמעלט עטליכע ווערטער אונטער דער נאז פון העפליכקייט'ס וועגען און האט געזאגט אין דער הויך:

— איהר האט מיך געבעטען, איך זאל היינט ווידער קומען און זעהן, וואס זיא מאכט.

— געוויס, געוויס! האט דע ראזאס געזאָגט. איך דאנק אייך, וואס איהר זייט געקומען.ווארט דא אפּאָר מינוט, איך וויל זיא געהן פרעגען, אויב זיא קען אייך עמפּפאנגען.

דאקטאר פושקין האט אין דער גאנצער צייט, וואס ער האט מיט איהם גערעדט, פון איהם ניט אראָפּגעלאָזען קיין אויג. ער האט זיך צוגעקוקט צו איהם און האט בעטראכט זיין יעדע מינע; ער האט זיך צוגעהערט צו זיין שטימע, צו יעדעס ווארט, וואָס ער האט ארויסגערעדט און וואָס מעהר ער האט איהם בעטראכט, אלץ מעהר איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס איז ווירקליך זיין אלטער בעקאנטער יערמאלאָוו. ער האט זיך דערמאנט דיא סצענע ביי דאָקטאָר גרעטש אין שטוב, וויא יערמאלאָוו איז איהם געפאלען צו דיא פיס און האט איהם דערצעהלט, אז ער איז פערליעבט אין זיין פרוי; ער האט זיך דערמאנט, וויא ער איז דאמאלס געפאהרען זיא זוכען און האט זי געפונען אין א דארף ניט וויט פון פעטערבורג. א לאנגע רייהע פון שרעקליכע טרויעריגע בילדער זיינען פאר איהם פאראיבערגעגאנגען און האבען איהם פאָרגעשטעלט דיא פערגאנגענהייט, לעבעדיג, גלייך וויא עס וואלט ערשט היינט געשעהן. זיין גאנצעס לעבען איז פארבייגעגאנגען אין זיין קאפּ אין דיעזע עטליכע מינוט, וואס ער האט געווארט ביי זיין פרוי אין זאל.

דע ראָזאס איז אריינגעקומען און האט איהם געזאָגט, אז זיין פרוי ערווארטעט איהם אין איהר שלאָף־צימער. זיא פיהלט זיך היינט גוט, זיא איז אבער נאך צו שוואך אום ארויסצוגעהן אין זאל. דאקטאר פושקין איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז ער האט ניט געהערט, וואס מען האט גערעדט צו איהם. דע ראָזאס איז צוגעגאנגען נעהנטער און האט איהם געזאגט:

— וואס זייט איהר אזוי פערטראכט, ליעבער דאָקטאר? האט איהר געהאט דיעזע נאכט פיעל פאציענטען? — איהר ווייזט מיר אוים צו זיין זעהר טרויעריג. וואס איז דער מעהר מיט אייך?

(Mist., 71.)

דאקטאר פושקין האט זיך אומגעקוקט און האט זיך א טרייסע, געטהאן, גלייך וויא ער האט געוואלט אראפשאקלען פון זיך דיא טרויעריגע געדאנקען.

— אונזער פראפעסיאן איז ניט קיין פרעהליכע, האט ער געזאגט. אונז רופט מען ניט אויס פערגניגען, ניט אויס פריינדשאפט — אונז רופט דיא נויט. וואוהין א דאקטאר קומט, זעהט ער פאר זיך קיינע פרעהליכע בילדער, קיינע לאבענדע מענשען, קיינע גליקליכע געזיכטער; וואוהין מיר קומען, זעהן מיר נור שמערצען, ליידען און מענשליכעס עלענד. וויא קענען מיר פרעהליך זיין? אונז רופט מען ניט אין זאל, ניט אין גאסט־צימער, ניט אין שטודיר־צימער — אונז רופט מען אין קראנקען צימער, וואו מיר זעהן בלייכע געזיכטער, אויסגעדארטע קערפער און מיר הערן זיפצען און קרעכצען. וויא זאלען מיר ניט טרויעריג זיין?

— איך מיין אבער, אז איהר, דאקטוירים, זייט שוין געוואינט צו אזעלכע סצענען, האט דע ראזאס געזאגט. אייך הארט זעהר וועניג, וואס דער קראנקער קרעכצט; עס קימערט אייך ניט, וואס ער זיפצט; איהר זייט גלייכגילטיג צו יענעמס ליידען און אכטעט זעהר וועניג אויף יענעמס שמערצען. ביי אייך איז דער קראנקער אן ארטיקעל, א סחורה, אן וועלכער מען פערדיענט געלד. — ענטשולדיגט מיר, דאקטאר, וואס איך זאג אייך אזא אונאנגענעהמע וואהרהייט אין דיא אויגען. מיר אמעריקאנער זיינען שוין אזוי. מיר זאגען אלעס, וואס מיר דענקען, פריי און אפענהערציג. אזוי איז שוין איינגעפיהרט ביי אונז אין אמעריקא.

— איך האב אייך ניט, וואס צו ענטשולדיגען, האט דער דאקטאר געענטפערט. מעגליך, אז איהר האט אין געוויסע פעלע רעכט. פיעלע פון מיינע קאלעגען (חברים) האבען אייך פיעללייכט געגעבען דיא געלעגענהייט אזוי צו דענקען פון זיי. פיעלע דאקטוירים האנדלען אזוי און בענעהמען זיך אזוי, אז דאס פובליקום האט דאס רעכט זיי צו בעטראכטען אלס האנדווערקער, וועלכע טהוען אפ זייער ארבייט, נעהמען צו דאס געלד, וואס זיי האבען דערביי פערדיענט און קימערן זיך ווייטער אום דיעזע ארבייט גאר ניט. דאס זיינען אבער אויסנאהמען; דאס זיינען מייסטענס מענשען, וואס זיינען ניט געבארען צו ווערן דאקטוירים. עס איז ניט זעהר בערוף. זיי האבען ניט געהאט דיא נייגונג, דעם ווילען, דעם הייסען, פייערינגען וואונש צו ווערן דאקטוירים. זייערע עלטערן, אדער אנדערע אומשטענדע, האבען זיי געצוואונגען צו לערנען מעדיצין. זיי האבען געלערנט דיא שווערע וויסענשאפט, דיא מעדיצין, ניט ווייל עס האט זיי געצויגען דערצו, זאנדערן ווייל מען האט זיי אזוי געהייסען. זיי האבען אויסגעלערנט דיא מעדיצין אלס האנדווערק, בעשעפטיגען זיך דערמיט אלס האנדווערק און בעטראכטען עס אלס האנדווערק. אזעלכע מענשען זיינען ווירקליך אונגליקליכע, וואס האבען פערפעהלט זייער בערוף. זיי האבען זיך גענומען צו א בעשעפטיגונג, וואס פאסט פאר זיי ניט.

גאנץ אנדערש איז דער דאקטאר, וועלכער האט שטודירט דיא מעדיצין אויס זיין אייגענעם פרייען ווילען, וועלכער האט געפיהלט, אז דאס הארץ ציהט איהם צו לערנען דיעזע וויסענשאפט, וועלכער האט זיא געלערנט ניט אלס האנדווערק, זאנדערן אלס וויסענשאפט. אזא דאקטאר בעטראכט ניט דיא מעדיצין אלס אינסטרומענט — א האק אדער א הובעל, — מיט וועלכען ער קען פערדיענען געלד, ביי איהם איז עס

א הייליגע פפליכט צו היילען קראנקע. אזא דאָקטאר פיהלט; איהם פערקלעמט דאס הערץ, ווען ער הערט דאס קרעכצען פון׳ם קראנקען; איהם פרעסט דיא ברוסט, ווען ער זעהט דאס בלייכע געזיכט, דיא פערברענטע ליפּען אין דעם אויסגעדארטען קערפּער פון זיין פּאציענט. ער ליידעט מיט איהם, ער פיהלט זיין שמערץ און איז בערייט איהם אוועקצוגעבען א טהייל פון זיין לעבען אום איהם צו רעטען. —

אין דער גאנצער צייט, וואס דאקטאר פושקין האט גערעדט, האט דער אמע־ריקאנער פון איהם ניט אראפּגעלאזט קיין אויג. ער האט איהם ניט דערקענט, אָבער זיין שטימע איז איהם פאָרגעקומען עפּעס בעקאנט. דער דאקטאר איז איהם פאָרגע־קומען עפּעס זאנדערבאר און ער האט זיך ענטשלאסען איהם אויסצופארשען. ער האט דאהער געזוכט איהם צו פערוויקלען אין א וויטערעס געשפּרעך און איז דאהער איהם אריינגעפאלען אין דיא רייד.

— יא, ליעבער דאקטאָר, איהר האט געוויס רעכט, וואו נעהמט מען אבער דיא גוטע, עהרליכע דאקטויררים, וועלכע איהר האט מיר אזוי שעהן אויסגעמאלט? וויא אזוי קענען מיר, איינפאכע מענשען, וויסען, וועלכער דאקטאר מיינט עס ערנסט מיט זיין פראָפעסיאָן און וועלכער איז ניט מער וויא א האנדווערקער?

— אויפ׳ן פּנים איז געוויס ניט אנגעשריעבען, האט דער דאקטאר פושקין געזאגט טרויעריג. דאס איז דאס אונגליק, אָבער נאך א גרעסערעס אונגליק איז, וואס דיא מאסע, דאס פאלק האט קיין בעגריף ניט פון דער מעדיצין. דיא געזונדהייט איז דאך ביי יעדען מענשען דאס בעסטע און טהייערסטע אויף דער וועלט און דענאך לערנען מיר מיט אונזערע קינדער אלע נארישקייטען, נור ניט דיא ערשטע, נויטהווענדיגסטע פון בעגריפע פון דער מעדיצין. קיינער זוכט ניט צו פערא‏יינפאכען דיא מעדיצין, צו מאכען זיא צוגענגליך און פערשטענדליך פאר יעדער מענשען — פונקט פערקעהרט, מען זוכט צו שטעלען אן אייזערנע וואנד צווישען דער מעדיצין און דעם פּובליקום. מען וויקעלט איין דיא מעדיצין אין אזעלכע טאָטערשע ווערטער, וועלכע עס קען פערשטעהן נור דער געלערנטער. ווען יעדער זאל האבען עפּעס א בעגריף פון דער מעדיצין, וואלט ער זעהר לייכט געקענט וויסען, וועלכער עס איז דער ריכטיגער דאקטאר.

ער וואלט געוועזען אוועקגערעדט נאך א לאנגע צייט איבער דיעזעס טהעמא, אבער אין דיעזע מינוט האט מען געהערט פעאָרינאַ׳ס שטימע:

— וואס האלטסט דוא אויף אזוי לאנג דעם דאקטאר, פעדראָ?

דער אמעריקאנער און דער דאקטאר האבען זיך ביידע אומגעקוקט. זיי זיינען ביידע רויט געווארען. זיי האבען זיך פערשעהמט: זיי האבען בעגאנגען אזא אונהעפ־ליכקייט געגען א דאמע.

— מיר האבען זיך פארערעדט, האט דער אמעריקאנער געזאגט און האבען פער־געסען אונזער קראנקע. קומט, דאקטאר, לאמיר געהן צו איהר.

ער האט אריינגעפיהרט דעם דאקטאר אין פעאָרינאַ׳ס שלאָף־צימער און האט איהר געזאגט:

— ענטשולדיג מיר, ליעבע פעאָרינאַ, איך האב געהאט אזא אינטערעסאנטעס געשפּרעך מיט אונזער נייען דאקטאר, אז איך האב גאר פערגעסען אן דיר. איך האף,

אז דוא ביסט שוין אזוי ווייט בעסער, אז עס ווען דיך ניט הארען דיא אייניגע מינוט, וואס איך האב פערפלוידערט מיט'ן דאָקטאָר.

ער איז אוועקגעגאנגען. דער דאקטאר איז געבליעבען אין צימער אליין מיט מאדאם דע ראָזאַס, וועלכע איז געגאנגען אנגעטהאן אין א רייכעס מארגען קלייד און איז געזעסען אויף א סאַמעטענעס דיוואַן. זיא איז געווען בלייך פון דעם נעכטיגען אהנמאכט, אבער רוהיג און געפאסט, נור איהרע הענד האבען אביסעל געציטערט. דאקטאר פושקין איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט.

— קומען זיא נעהנטער, דאקטאר, האט איהם פעאָרינא געזאגט, זעצט אייך.

ביים קלאנג פון איהר שטימע האט באַיאנאָווסקי א ציטער געטהאן מיט'ן גאנ־צען קערפער און איז בלייך געווארען. עס האט אבער געדויערט נור א מינוט. ער האט זיך באלד געפאסט און האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל, וואס פעאָרינא האט איהם אנגעוויזען. דיא אונרוהע פונ'ם דאקטאר, זיין ציטערן און וואס ער איז פלוצלונג בלייך געווארען, איז ניט ענטגאנגען פון דער דורכגעטריעבענער פעאָדאָרא. זיא האט אלעס בעמערקט און האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דא איז עפעס ניט גלאט. זיא איז גע־ווארען אויפמערקזאם און האט אנגעהויבען זיך גוט צו צוקוקען צום דאקטאר.

— אלזא, וויא געפינט איהר, דאקטאר, האט זיא איהם געפרעגט, איז מיין אהנמאכט פון נעכטען בלויז א צופאל, אדער עס איז אן ערנסטע קראנקהייט?

— עס איז מיר געמסטערן שווער געווען צו אורטהיילען, האט דער דאקטאר גע־זאגט לאנגזאם, גלייך וויא עס וואלט איהם שווער געווען צו רעדען. איהר זייט געווען אזוי שוואך, אז עס איז מיר געווען אונמעגליך אייך אויסצופרעגען אייניגע זאכען. יעצט אבער, ווען איהר האט זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט, וועט איהר מיר ערלויבען אייך צו שטעלען אייניגע פראגען.

יעצט איז געקומען דיא רייהע אן פעאָדאָרא. יעצט האט זיא אנגעהויבען צו ציטערן. וויא לאנגזאם דער דאקטאר האט גערעדט און וויפיעל מיהע באַיאנאָווסקי האט זיך געגעבען צו ענדערן זיין שטימע — זיא האט איהם דאך דערקענט. זיא האט עס אבער נאך ניט אין גאנצען געגלויבט. זיא האט נאך געצווייפעלט, טאמער איז עס נור איינע עהנליכקייט. עס מאכט זיך דאך א מאל, אז עס ווייזט זיך נור אויס. א מענש קען א טעות האבען; זיא האט זיך נאך פעסט געהאלטען, אז זיא האט א טעות געהאט. אזוי איז שוין דער מענש. ער זוכט זיך אליין אָפּצונאַררען אום דאס אונאנגענעהמע צו דערוויייטערן פון זיך. זיא האט זיך דאהער בעמיהט זיך צו בערוהיגען און זעהן, וואס ווייטער וועט זיין.

— פרעגט, דאקטאר, האט זיא איהם געזאגט מיט א שוואכער שטימע.

— איהר זייט אן אמעריקאנערין? האט דער דאקטאר געפרעגט.

— א געבאָרענע אמעריקאנערין, האט פעאָדאָראַ געענטפערט.

— זיינט איהר קיין מאל ניט געווען אין אונזערע קאלטע געגענדען?

— קיין מאל ניט.

— זייט איהר א מאל געווען אין אנדערע קאלטע געגענדען?

— איך פערשטעה ניט, צו וואס פרעגט איהר עס?

— איך מיז עס וויסען. דאס קלימאַ האט א גרויסע ווירקונג אויף'ן מענשען. מעגליך אז איהר קענט ניט פערטראגען דאס פעטערבורגער קלימא?

— איך בין געווען אין אייניגע קעלטערע געגענדען אין אמעריקא, אבער אין אזא קאלטער געגענד, וויא פעטערבורג איז, בין איך נאך קיין מאל ניט געווען.

— נו, זעהט איהר, האט געזאגט דער דאקטאר מיט א שארפערן טאָן, דאס קאלטע קלימא שאדעט אייך, איהר מוזט ארויספאהרען פון היע אין געגענדען, וואס פאסען מעהר פאר אייך — פאר אייער געזונדהייט.

— איז דאס אייער ראטה, וואס איהר גיט מיר אלס דאקטאר?

— אלס מענש! האט געזאגט דער דאקטאר.

ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיין געדולד האט געפּלאצט, ווען ער האט געזעהן, וויא רוהיג זיא זיצט און זאגט, אז זיא איז א געבאָרענע אמעריקאנערן. אין זיינע אויגען האט אנגעהויבען צו לייכטען א בעזאָנדערעס פייער. פעאָדאָרא האט זיך צוגעקוקט צו יעדע מינע, וואס ער האט געמאכט, צו דיא בעוועגונג פון זיינע ליפען. צום אויסדרוק פון זיין געזיכט און צום פייער, וואס האט זיך אנגעצונדען אין זיינע אויגען.

— אלס מענש? האט זיא אויסגערופען. איך האב אייך געשיקט רופען אלס דאקטאר און פערלאנג פון אייך א ראטה פון א דאקטאר.

— און איך ענטפער דיר אלס מענש. פאהר אוועק פון דאנען, לאמיך דיך וועניגסטענס ניט זעהן! לאמיך ניט זעהן מיין שאנדע, מיין אונגליק, דאס אונגליק פון מיין גאנצעס לעבען.

וויא א דאנערשלאג האבען דיא לעצטע ווערטער געווירקט אויף פעאָדאָרא. זיא האט א געשריי געטהאָן: הילפע! פעדרא! און איז געפאלען אין אהנמאכט. אויף איהר געשריי איז ארייגעלאָפען דע ראזאס ערשראָקען און האט ענפרעגט:

— וואס איז דא געשעהן? וואס איז מיט מיין פרוי?

— עס איז איהר גאר נישט, האט געזאגט דער דאקטאר שארף און שניידענד. זיא איז נאך דיא זעלבע, וואס זיא איז געווען מיט עטליכע יאהר צוריק: פאלש און ניעדערטרעכטיג!

— מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון צימער. יערמאלאָוו איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ער איז אוועק געשטאנען אזוי א פאר מינוט. פעאָדאָרא איז געקומען צו זיך, האט געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט.

— ער איז שוין ניטא, האט זיא געזאגט, ער איז פערשוואונדען. ער האט מיר געהייסען אוועקפאהרען פון דאנען, פון זיינע אויגען. —

— מיינסט דוא, אז דאס איז באָיאנאָווסקי, דיין מאן? האט יערמאלאוו געפרעגט.

— איך מיין ניט, איך בין זיכער, אז דאס איז ער. אשינאוו האט דיר געזאגט, אז ער איז ערגעץ געשטאָרבען אין דער שווייץ. יעצט זעהסט דוא, אז עס איז א ליגען. איך האב דיך געבעטען, מיר זאלען ניט פאהרען קיין פעטערבורג. דוא האָסט געקענט ווערן געזאנדעטער אין אנאנדער לאנד. דוא אבער האָסט דיך איינגעשפּארט, אז דוא

**ווילסט פאהרען** נור קיין **פעטערבורג**. דוא ביסט שולדיג, יעצט וועסט דוא האבען, מיר וועלען נאך מוזען מיט שאנדע אנטלויפען פון דאנען.

— וואס פאלט דיר איין? האט זיך יערמאלאַוו געבייזערט. ער דארף מורא האבען פאר אונז, ניט מיר פאר איהם. איך דארף נור זאגען איין וואָרט אשינאָוו'ן און ער ליענט מאָרגען אין פעטראָפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט.

— און וואס וועסט דוא איהם טהאן, ווען ער וועט צופּויקען אויף גאנץ פּעטער־בורג, ווער מיר זיינען?

— זיי רוהיג, ער וועט עס ניט טהאן. ער קען דיך גוט און ווייס, אז דוא האָסט פיינט צו שפּאַסען. ער וועט מורא האבען פאר זיך.

דער ליעבער מאן און דיא ליעבע פרוי האבען נאך אוועקגערעדט איינע צייט, און האבען זיך בעראטהען, וואס זיי זאלען טהאן. עס איז ביי זיי געבליעבען, אז זיי האבען פאר באיאנאווסקיין ניט וואס מורא צו האבען, ער קען זיי גאָ"ניט טהאן. זיי מעגען בלייבען אי פעטערבורג.

## 95טעם קאפּיטעל.

## בעגנאדיגט — קיין סיביר.

אין א שעהנעם, רייכען צימער אין איינעם פון דיא שעהנסטע הייזער פון פעטערבורג איז ארומגעגאנגען א ניט יונגע, אבער נאך זעהר א שעהנע פרוי פערטראַכט און אויפגערעגט. זיא האט זיך ניט אומגעקוקט אויף דיא רייכקייט פון צימער, זיא האט זיך ניט ארומגעזעהן, וואס עס טהוט זיך אין צימער. זיא איז ארומגעגאנגען הין און צוריק און פון מינוט צו מינוט איז זיא צוגעגאנגען צום פענסטער און האט געקוקט אויף דער גאַס.

עס איז געווען דייטליך, אז זיא ערוואַרטעט ועמען, ווייל יעדעס מאָל, ווען זיא האט זיך אוועקגעקעהרט פון פענסטער, האט זיא אנגעהויבען צוברעכען דיא הענד און גרויסע טראָפּען טרערין האבען ארויסגעקוואָלען פון איהרע אויגען.

— ער קומט נאך ניט, האט זיא געמורמעלט, ער וואָלט שוין לאַנג געדארפט זיין צוריק. ער פאהרט נאך ניט. ער האט געוויס שלעכטע נאַבריכטען. אך! איך וועל עס ניט אויסהאלטען! איך וועל עס ניט איבערטראגען! ווען דער קייסער וועט איהם גאר ניט ארייגלאזען? אך, וואו זיינען מיינע פריינד? וואו איז באקונין? ער האט דאך מיר צוגעזאגט, אז ער וועט וואַכען און אָפּהיטען מין קינד. וואו איז ער יעצט? — וולאַדימיר! וולאַדימיר! מיין ליעבער, טהייערער וולאַדימיר!

אויף דער טרעפּ, וואס פיהרט אין צימער האט מען געהערט שווערע לאַנגזאמע טריט. יעליסאַוועטא האט זיך אומגעקוקט. אונזערע לעזער האבען געוויס באלד דער־ראטהען, אז פאר אונז איז יעצט יעליסאַוועטא פון פאהלען. זיא איז געקומען קיין פעטערבורג אום צו טהאן עפּעס צו בעפרייען איהר איינציגעס קינד, איהר לעבען, איהר טרייסט — איהר וולאַדימיר. זיא איז ביים ענגלענדער דזשעפערסאָן אין שטוב.

דיא טהיר האט זיך באלד געעפענט און דזשעפערסאָן איז אריינגעקומען אין צימער. ער איז געווען בלייך און טרויעריג. ער האט געהאלטען דעם קאָפּ אראָפּגעלאָזען

אויף דער ברוסט און האט מורא געהאט צוקוקען יעליסאוועטאַ'ן גלייך אין דיא אויגען. איין בליק אויף איהם און יעליסאוועטא האט אלעס פערשטאַנען.

— איך פרעג אייך שוין גאר ניט, האט זיא קוים ארויסגעקייכט. איך פערשטעה אלעס, איך ווייס שוין אלעס, דער קייסער האט אייער ביטע ניט אנגענומען. ער האט אייך אָפּגעזאגט.

זיא האט פערדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד און האט געוויינט ביטערע בלוטיגע טרערין. אייניגע מינוטען האט דזשעפערסאָן געשוויעגען, ענדליך האט ער געזאגט גאנץ שטיל, גלייך וויא ער וואָלט גערעדט צו זיך אליין:

— איך האב ניט פרעהליכע נאכריכטען....

יעליסאוועטא איז אויפגעשפרונגען, וויא א טיגערין, ביי וועלכער מען האט אוועק־גערויבט איהרע קינדער.

— איז אלעס פערלאָרען? האט זיא אויסגערופען און האט געבראָכען דיא הענד אין פערצווייפלונג.

— אלעס, האט דזשעפערסאָן קוים ארויסגעהויכט.

— האט דער קייסער אונטערגעשריעבען דאס טאדעס אורטהייל?

— איך קען עס ניט זאגען פאר געוויס, איך מיין אָבער, אז ער האט עס שוין אונטערשריעבען.

— האט אייער בעטען גאר ניט געהאָלפען? האט ער זאגאר ניט געוואלט אפּ־לענגען דיא טאדעס שטראפע אויף עטליכע טעג?

— ער איז געווען אויפגערעגט. ער האט מיך אנפאנגס זעהר גוט עמפּפאנגען, קוים אבער האב איך איהם ארויסגעזאגט מיין ביטע, האט ער זיך אין גאנצען פער־ענדערט. ער האט מיך זאגאר ניט געוואלט אויסהערען. דערצו בין איך געווען ביי איהם אין קאבינעט ניט אליין.

— ניט אליין? האט יעליסאוועטא געפרעגט. ווער איז דען נאך געווען ביי איהם?

— עס איז געווען ביי איהם א מענש, פון וועלכען מען קען קיין גוטעס ניט ער־ווארטען — דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, דער בעקאנטער אַשינאָוו.

— וואס האט ער צו מיר? וואס האט ער צו מיין קינד? פאר וואס זאל ער פערלאנגען זיין טוידט?

— עס פּאסט איהם אזוי. ער מוז ווייזען, אז ער האט אויסגעפונען א גרויסען פערברעכער. ער קען דאפיר בעקומען א מעדאיל.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט אין טיעפעס שווייגען. יעליסאוועטא איז גע־זעסען ניעדערגעשלאַגען און פערשטיינערט. זיא האט שוין קיין קרעפטע ניט געהאט צו וויינען. דזשעפערסאָן איז געזעסען לעבען איהר שטיל און טרויעריג. וואס זאל ער איהר זאגען? מיט וואס זאל ער זיא טרייסטען? קען מען טרייסטען א מוטער אין אזא פאל? ענדליך איז יעליסאוועטא אויפגעשפרונגען.

— איך וויל איהם זעהן! האט זיא אויסגערופען. איך מוז איהם זעהן! איך וויל איהם זעהן צום לעצטען מאל, איך וויל פון איהם אבשיעד נעהמען. — ווערט מען מיך אבער צו לאזען צו איהם? האט זיא נעפרעגט אין א מינוט ארום. עדלער פריינד!

פיעללייכט קענט איהר מיר העלפען, אז מען זאל מיך וועניגסטענס צולאזען צו איהם? אז מען זאל מיך לאזען רעדען מיט איהם.

— ביי אונז אין ענגלאנד לאזט מען צו צו א פערבּרעכער, האט דזשעפערסאן געזאגט, וויא צו זיך אליין. דא אין רוסלאנד ווייס איך ניט. דא איז אלעס אנדערש. ביי אונז הערשט דאס געזעץ, דא הערשט דער קייסער און דיא געהיים פּאָליציי. — איך וועל אבער טהאן אלעס, וואס איך קען נור, האט ער געזאגט אין דער הויך, אז מען זאל אייך יא צולאזען צו איהם. איך וועל פּראָבּירען. ווען געלד קען נור העלפען, וועל איך ניט קוקען אויף קיין געלד. עס מעג מיך קאָסטען, וויאפיעל עס איז, ווען איך זאל נור קענען אויסווירקען, אז מען זאל אייך צו־לאָזען צו איהם.

— וויא זאל איך אייך דאנקען, עדלער פריינד. פאר אלעס, וואס איהר טהוט פאר מיר? האט יעליסאַוועטא געזאגט. ווייסט איהר ניט, צו וואס פאר א טוידט מען האט איהם פערורטהיילט?

— פרעגט ניט! האט דזשעפערסאן געבעטען. צו וואס דאַרפט איהר עס וויסען?

— אך! איך וויל אלעס וויסען! האט יעליסאַוועטא אויסגערופען אין פערצווייפלונג.

עס מאַכען זיך אמאל טרויעריגע מינוטען אין מענשענ׳ס לעבען, אין וועלכע ער אליין זוכט צו צוקראַצען, צו צורייסען זיינע וואונדען. עס מאכט איהם א סאָרט פער־גניגען צו מאכען זיך אליין ליידען און צו פערגרעסערן זיינע שמערצען. אין אזא שרעק־ליכען צושטאַנד איז יעצט געווען יעליסאַוועטא. וואונדערבּאַר אָבער, זיא האט מעהר ניט געוויינט. זיא איז געווען רוהיג און געפאסט.

מען דערצעהלט פון אן עגיפּטישען קעניג פאלגענדע געשיכטע. א פרעמדער קעניג איז אנגעפאלען אויף זיין לאַנד, האט צושלאגען זיין ארמעע און האט אפּגענומען זיין שטאדט. ער האט דעם עגיפּטישען קעניג איינגעשפּארט אין א טורעם און האט געהייסען טוידטען זיין פרוי און זיינע קינדער פאר זיינע אויגען. דער אונגליקליכער קע־ניג האט אלעס צוגעזעהן און האט קיין טרער ניט פערגאָסען. שפּעטער האט מען געפיהרט צום טוידט איינעם פון זיינע בעקענטע בירגער. ווען דער אונגליקליכער קעניג האט דאס דערזעהן, האט ער אנגעהויבען שרעקליך צו וויינען. דער פרעמדער קעניג האט דאס ניט געקענט פערשטעהן און האט איהם געפרעגט:

— וויא קומט עס? ווען מען האט געטוידטעט דיינע פרוי און דיינע קינדער, האסט דוא געשוויעגען און האסט קיין טרער ניט פערגאסען; יעצט, ווען מען פיהרט צום טוידט איינעם פון דיינע בעקאנטע, האסט דוא אָנגעהויבען אזוי שטארק צו וויינען?

— איבער דאס אונגליק פון מיינעם א בעקאנטען האב איך נאך טרערין, האט דער אונגליקליכער קעניג געענטפערט, מיין אייגענעם אונגליק איז אָבער צו גרויס אום איהם אויסצודריקען דורך טרערין.

אין אזא צושטאנד איז יעצט געווען יעליסאַוועטא. זא לאנגע זיא האט נאך געהאט א שטיקעל האפנונג, אז דזשעפערסאן וועט עפּעס אויסבעטען ביים קייסער, האט זיא געוויינט יעצט, ווען זיא האט געוואוסט, אז עס איז שוין קיין האפנונג ניטא,

אז אלעס איז פערלאָרען, האט זיא זיך געפּאסט — דאס אונגליק איז געווען צו גרויס אום איהם אויסצודריקען דורך טרערין.

אין אייניגע מינוטען ארום איז יעליסאוועטא געזעסען מיט דעם ענגלענדער אויף א דראשקע און איז געפאהרען אין פּעטראָ־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט. איהר געזיכט איז געווען פערדעקט מיט א דיקען וואוּאל. ביידע זיינען געזעסען שטיל ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דער שרעקליכער געביידע.

וולאדימיר איז געלעגען אויף דיא הארטע ברעטער פון זיין קעמעריל און האט זיך ניט געריהרט. ער איז ניט געשלאפען, ער האט אָבער אויך ניט געוואכט. זייט ער איז געזעסען אין געפענגניס, איז ער געווען אין א זאנדערבארען צושטאנד. ער האט זאגאר ניט געקענט דענקען. זיין גאנצעס לעבען איז פערשוואונדען, אפּגעווישט געווארען פון זיין געדעכטניס. ער האט פון קיין זאך ניט געדענקט, פון קיין זאך ניט געטראכט— ער איז געלעגען, וויא א קלאָץ און האט זיך ניט געריהרט.

פלוצלונג האט דיא פעררייסטעטע טהיר פון זיין קעמעריל אנגעהויבען צו סקריפּען און האט זיך געעפענט. אשינאָוו איז אריינגעקומען צו איהם אין קעמעריל. דאס מאל איז ער ניט געווען אליין, מיט איהם זיינען געקומען נאך אפּאר מענשען. וולאדימיר האט באלד פערשטאנען, אז דאס מאָל איז אשינאוו געקומען ניט אומזיסט, אז ער האט איהם צו זאָגען עטוואָס שרעקליכעס.

— וולאדימיר ראטשינסקי ! האט אשינאָוו געזאָגט ערנסט און האט ארויסגענומען א בויגען פּאפּיער פון דער קעשענע. איך מוז ערפילען מיין טרויעריגע פפליכט. איך האב אייך מיטצוטהיילען א טרויעריגע נאכריכט. דיעזעס פּאפּיער ענטהאלט אייער טאדעס אורטהייל.— איך מוז אייך דערביי נאך אמאָל פרעגען: בעקענט איהר, אז איהר זייט שולדיג? זייט איהר זיך מודה, אז איהר האט געוואלט טוידטען דעם גראָספירסט קאָנסטאנטין?

— צו וואס נוצען דיעזע פראגען ? האט וולאדימיר געזאגט רוהיג. איהר ווייסט דאָך אלעס. איך האָב אייך שוין איין מאל געזאגט, אז איך בין שולדיג און פערדיען דיא שטראפע, צו וועלכע מען האט מיך פערארטהיילט. איך מיין, אז איהר זייט צו פריעדען. וואס נאך ווילט איהר ? — מאכט עס שנעל !

— דיא גערעכטיגקייט האט געוויסע פארמאליטעטען, האט אשינאָוו געזאגט. מיר מוזען בעאָבאכטען אלע פאָרמאליטעטען.

— איך קען שוין אלע פאָרמאליטעטען, האָט וולאדימיר געזאָגט. איך קען זיי שוין און וויים שוין, וויא פּונקטליך מען היט זיי אָפּ אין רוסלאנד. איך פערלאנג פון אייך גאר נישט. — מאכט עס שנעל !

— פיעללייכט ווילט איהר עפּעס שרייבען, האט אשינאָוו ווייטער געזאגט. דיא גערעכטיגקייט ערלויבט אייך צו שרייבען בריעף, צו אייערע פריינד און בעקאנטע.

— וועט איהר דען אפּגעבען דיא בריעף ריכטיג אן דיא אדרעסען, וואס איך וועל אָנשרייבען?

— מיר וועלען זיי פריהער דורכלעזען ; ווען מיר וועלען געפינען, אז מען קען זיי אָפּגעבען, וועלען מיר זיי געוויס אָפּגעבען.

— אויב אזוי, האב איך ניט וואס צו שרייבען.

— פיעללייכט ווינשט איהר א גייסטליכען?

— א גייסטליכען? צו וואס דארף איך איהם? וואס קען ער מיר טהאן?

— איהר זאלט פאר איהם בייכטען (זיך מתודה זיין).

— איך האב ניט וואס צו בייכטען, איך דארף קיין גייסטליכען.

— איך קען אייך דערצו ניט צווינגען. איך האב געטהאן אלעס, וואס איך האב געקענט און געדארפט טהאן פאר אייך.

ער האט געוואלט אוועקגעהן. פלוצלונג האט איהם וולאדימיר צוריקגעהאלטען.

— שיקט מיר טינט און פעדער און פאפיער. איך מוז דאך שרייבען איין בריעף

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז איהר מעגט שר"יבען וויאפיעל בריעף, איהר ווילט אליין. ווען מיר ועלען זיי געפינען פאר גוט, וועלען מיר זיי איבערגעבען צו וועמען זיי זיינען געשריעבען.

אשינאוו איז אוועקגעגאנגען. אין אייניגע מינוטען ארום האט איין אויפזעהר איהם געבראכט טינט, פעדערן און פאפיער. וולאדימיר האט זיך גענומען שרייבען א בריעף צו זיין מוטער. דאס איז געווען קיין לייכטע ארבייט. ער האט יעצט געוואוסט, אז ער מוז זיין פארזיכטיג מיט יעדעס וואָרט, אז קוים וועט מען געפינען אין בריעף איין וואָרט, וואס פאסט ניט, וועט מען איהם שוין ניט אפגעבען. ער האט אנגעשריעבען עטליכע בריעף און האט זיי צוריסען. ענדליך איז עס איהם געלונגען פאלגענדען בריעף אנצושרייבען.

„ליעבע, טהייערע מוטער!

„ווען דוא וועסט ערהאלטען דיעזען בריעף, וועל איך שוין אויף דער וועלט „ניט זיין. מיין לעבען איז פערפלאָסען, וויא א טרוים. — פערצייהע מיר מוטער, „וואס איך פערארזאכע דיר אזעלכע שמערצען.

„איך וואָלט פיעללייכט געווען געקענט אויסווייכען דעם טויט. דער גראָס־„פירסט האט מיר געגעבען דיא געלעגענהייט, איך זאל מיך פערשטעלען פאר „וואהנזיניג. מעגליך, ער וואָלט מיך געלאזט אנטלויפען. וואס טויג מיר אבער דאס „לעבען? נאך דיא שאנדע, וואס מען האט מיר אנגעטהאן, נאך אלע ערניעדערונגען „וואס איך האב געליטען, איז מיר דאס לעבען צור לאסט. דאס לעבען איז מיר „איבעריג.

„ליעבע מוטער! אויף דער גאנצער ווייטער וועלט האב איך געליעבט נור „צוויי מענשען: דיך, מיין ליעבע, טהייערע מוטער און דיא פרינצעסין וויערא. מען „האט אייךביידען ארויסגעריסען מיט געוואלט פון מיין הערצען. דיך האט מען „געצוואונגען, דוא זאלסט זיך אפזאגען פון דיין שטעלע און דוא האָסט געמוזט „אוועקפאהרען פון מיר. מיין געליעבטע האט מען פון מיר מיט געוואלד אוועק־„געריסען. מען האט מיך ארויסגעיאָגט, ערניעדעריגט און געשענדעט. וואָצו טויג „מיר יעצט דאס לעבען? וואס פאר א ווערטה האט פאר מיר דאס לעבען? —

זיי געזונד, ליעבע, טהייערע מוטער! עס גריסט דיך דיין שטערבענדער זוהן...."

ער האט ווייטער ניט געקענט שרייבען. דיא שווארצע בוכשטאבען האבען אנ־

נעהויבען צו טאנצען פאר זיינע אויגען אויפ'ן ווייסען פאפיער. ער האט אניעדער געלעגט דיא פעדער און האט זיך געוואָרפען אויף דיא ברעטער, וועלכע האבען איהם געדיענט אלס געלעגער.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און צוויי געשטאלטען זיינען אריינגעקומען צו איהם אין קעמעריל, א מאן און א פרוי. דאס איז געווען דזשעפערסאן און יעליסאוועטא. דזשעפערסאן האט געהאלטען וואָרט. ער האט זיך געלאזט קאָסטען פיעל געלד און ער האט עס דורגעזעצט, אז מען האט איהם און יעליסאוועטא'ן דאך צוגעלאזט צום פער־אורטהיילטען.

וולאדימיר איז געלעגען אויף זיין געלעגער און האט זיך ניט אומגעקוקט, ווער עס איז אריינגעגאנגען. עס איז איהם געווען אלעס איינס, ווער עס זאל צו איהם קומען. יעליסאוועטא איז אבער האסטיג צוגעלאָפען צו איהם, איז געפאלען אויף דיא קניע פאר זיין געלעגער און האט אויסגערופען:

— וולאדימיר! מיין וולאדימיר!

וולאדימיר האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— מוטער! וויא קומסט דוא אהער? ליעבע מוטער?

אייניגע מינוטען האבען זיך מוטער און זוהן געהאלטען ארומגענומען און קיינער האט קיין וואָרט ניט גערעדט. ענדליך האט וולאדימיר געזאגט:

— וואָצו ביסט דוא געקומען, מוטער? דוא האָסט געדארפט פערשווינגען מיך און זיך. אזא אבשיעד טהוט זעהר וועה און ברענגט קיינעם קיין נוצען ניט. מיר איז שוין אלעס איינס, אבער וואָצו זאָלסט דוא דיר אליין פעראורזאכען אזעלכע שמערצען?

— אך, מיין קינד! וויא האב איך עס געקענט אויסהאלטען, איך זאל דיך ניט זעהן אין אזא שרעקליכער שטונדע? איך האב עס ניט געקענט, וולאדימיר! עס האט מיך געצווינגען מיט ברענענדיגע צוואנגען. איך האב דיך געמוזט זעהן.

זיא האט איהם צוגעצווינגען צו זיך פעסטער און פעסטער זיא האט איהם שיער ניט דערוואָרגען אין איהרע ארימס, זיא האט איהם פערשלונגען מיט איהר קושען.

— וויא אזוי ביסט דוא אבער צו מיר געקומען? האט ענדליך וולאדימיר געפרעגט. וויא אזוי האבען זיך דיא שווערע אייזערנע טויערן פון פעטראָפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט געעפענט פאר דיר?

יעליסאוועטא האט געוויעזען אויפ'ן ענגלענדער דזשעפערסאן, וועלכער איז געשטאנען ביי דער טהיר וויא צוגעשמידט, א בילד פון טרויער און פערצווייפלונג.

— דיעזען עדעלען מענשען האב איך עס צו פערדאנקען, וואס איך קען דיך נאך א מאל זעהן, נאך א מאל ארומנעהמען, נאך א מאל צודריקען צו מיין מוטערהערץ.

וולאדימיר האט זיך יעצט געווענדעט צו דזשעפערסאן. ער האט איהם געבעטען, ער זאל צוגעהן צו איהם נעהנטער.

— עדעלער מאן, האט ער איהם געזאגט. איהר האט שטענדיג געהאנדעלט געגען מיין מוטער אלס אן עדעלער מאן, אלס פריינד. גוטער מענש! פערלאזט ניט מיינע ארימע, אונגליקליכע מוטער! יעצט איז ערשט דיא צייט, ווען זיא מוז האבען לעבען זיך א פריינד; אין דיעזע שווערע צייט מוז זיא האבען לעבען זיך א מענשען,

וועלכער זאל זיא שטיצען און טרייסטען. זייט איהר פריינד, איהר בעשיצער, א..
טרייסטער און איהר שטיצע!

דזשעפערסאן האט געדריקט וולאדימיר'ן דיא האנד.

— איך וועל געוויס טהאן אלעס, וואס איך וועל נור קענען פאר אייער מוטער, האט ער איהם געזאגט. איך וועל בלייבען דער טרייער פריינד, וואס איך בין געוועזען ביז אהער איך פערשפרעך עס אייך.

וולאדימיר האט גענומען דעם בריעף, וואס ער האט אנגעשריעבען, האט איהם צונויפגעלעגט און האט איהם געגעבען זיין מוטער.

— איך האב אנגעשריעבען א בריעף, מוטער. איך האב ניט געוואוסט, אויב ער וועט אוקומען צו דיר. איך בין יעצט גליקליך, וואס איך קען דיר איהם אליין איבערגעבען. איך קען דיר אליין איבערגעבען מיינע לעצטע ווערטער מיינע לעצטע געדאנקען.

יעליסאוועטא האט צוגענומען דעם בריעף און האט איהם זאגאר ניט געעפענט. זייט אייניגע מינוט איז אין איהר פארגעקומען א פערענדערונג. עפעס א געדאנק איז איהר געקומען אין קאפ און האט זיא בעשעפטיגט. איהר געזיכט איז געווארען מונטערער, אין איהרע אויגען האט זיך אפגעשפיעגעלט מוטה און ענערגיע. זיא האט זיך ענטשלאסען אויף א געוואלטיגען שריט.

— זיי געזונד, מוטער! האט וולאדימיר געזאגט טרויעריג. געה אוועק פון דיעזען שרעקענס ארט. וואס לענגער דוא בלייבסט דא, ווערט מיר אלץ שווערער אויפ'ן הארצען. געה ליעבע מוטער און זיי געזונד.

ער האט זיא נאך אמאל צוגעצויגען צו זיך, האט זיא נאך אמאל געקושט און איז געפאלען אויף זיין געלעגער, וויא א שטיין. צום ערשטען מאל זייט ער איז געוועזען געפאנגען, האט ער אנגעהויבען צו וויינען.

— ניין! האט פלוצלונג אויסגערופען יעליסאוועטא. איך וועל עס ניט דערלאזען, אז זיי זאלען דיך טוידטען. איך וועל געהן צו א י ה ם, צו דיין פאטער!

דזשעפערסאן און וולאדימיר האבען זיא אנגעקוקט מיט שרעק.

— עדלער פריינד! האט וולאדימיר געבעטען דעם ענגלענדער, פיהרט זיא ארויס פון דאנען, אדער מיר וועלען ביידע אראפ פון זינען. איהר זעהט דאך, אז זיא ווייס שוין ניט וואס זיא רעדט. דער שמערץ וועט זיא נאך טוידטען.

— איך ווייס שוין, וואס איך רעד, האט יעליסאוועטא געזאגט ענטשלאסען. דער גראספירסט קאנסטאנטין איז דיין פאטער! איך האב עס דיר ביז אהער ניט געוואלט זאגען. איך האב עס דיר ניט געקענט זאגען. יעצט מוזט דוא אלעס וויסען. איך וועל געהן צו איהם און וועל איהם אויפפאדערן, ער זאל רעטען זיין זוהן!

וולאדימיר און דזשעפערסאן זיינען געשטאנען, וויא פערשטיינערט. זיי האבען ניט געוואוסט, אויב זיא רעדט פון וועג, אדער דאס איז דיא וואהרהייט. דער ערשטער איז געקומען צו זיך דער ענגלענדער. ער האט געזעהן, אז וואס לענגער יעליסאוועטא וועט בלייבען ביי וולאדימיר'ן אין קעמעריל, איז ווירקליך ערגער פאר ביידען, ער האט איהר דאהער געזאגט:

— ווען איהר האט א מיטעל צו רעטען אייער קינד, מוזט איהר זיך אײלען. אין רוסלאנד האט מען קיין צייט ניט, יעדע מינוטע איז טהייער.

— איהר האט רעכט, האט יעליסאוועטא געזאגט. קומט! יעדע מינוטע איז טהייער. איך מוז געהן צו איהם! איך מוז איהם זאגען אלעס, ער מוז זיין קינד רעטען פון א שענדליכען טוידט.

זיא איז נאך אמאל צוגעלאפען צו וולאדימיר׳ן, האט איהם נאך אמאל ארומגע־נומען און האט איהם געזאגט:

— זיי געזונד, וולאדימיר! מיר וועלען זיך באלד וויעדערזעהן. איך וועל זיי ניט לאזען דיך טוידטען. דיין פאטער מוז דיך רעטען.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא מיט דזשעפערסאן ארויסגעגאנגען פון וולאדימיר׳ס קעמעריל. זיא איז שוין ניט געגאנגען, זיא איז געלאפען. דער שטארקער ענגלענדער איז איהר קוים נאכגעלאפען. ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס ער זאל טהאן. זאל ער זיא אפהאלטען, זיא זאל ניט געהן צום גראספירסטען, אדער זאל ער זיא לאזען. איהם האט אויסגעוויעזען, אז זיא איז אראפ פון זינען און רעדט פון׳ם וועג. ער האט אבער וויעדער געטראכט: טאמער האט זיא דאך רעכט? ער האט געוואוסט, אז ארום יעליסאוועטא׳ן איז עפעס דא א געהיימניס.

— איך מוז זיא לאזען געהן צום גראספירסט קאנסטאנטין, האט ער ענדליך געזאגט צו זיך אליין. ערגער קען דאך שוין ניט זיין. וואס קען עס הארען.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון פעטרא־פאוולאווסקי קרעפאסט. אין דרויסען האט אויף זיי געווארט זייער דראשקע.

— לאזט מיך אליין פאהרען, האט יעליסאוועטא געבעטען, און איהר געהט צו־ריק אין קרעפאסט און זעהט, אז מען זאל איהם דערווייל ניט אויפהענגען. איהר האט דאך מיר געזאגט, אז יעדע מינוטע איז טהייער.

איידער דזשעפערסאן האט זיך אומגעקוקט, איז יעליסאוועטא שוין געזעסען אויף א דראשקע און דער קוטשער האט געטריעבען דיא פערד, וויא ווייט ער האט געקענט.

דזשעפערסאן האט זיך אומגעקעהרט אין פעטרא־פאוולאווסקי קרעפאסט. ער האט היינט דעם קאמענדאנט גוט בעצאהלט, אז ער זאל איהם מיט יעליסאוועטא׳ן אריינלאזען צו וולאדימיר׳ן און ער איז שוין געוועזען מיט איהם גוט בעקאנט. ער האט איהם אנגעהויבען צו פרעגען, ווען ער האט ערהאלטען דעם בעפעהל, אז מען זאל וולאדימיר׳ן הענגען און ווען דער בעפעהל וועט אויסגעפיהרט ווערן?

— געוועהנליך ווערן אזעלכע בעפעהלע אויסגעפיהרט גאנץ פריה, האט איהם דער קאמענדאנט געזאגט. עס זיינען שוין אבער פארגעקומען פעלע, ווען מען האט אויס־געפיהרט דיעזע בעפעהלע ביי טאג און זאגאר פארנאכט.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, ווען איז פעסט געזעצט דיא צייט מען זאל ראט־שינסקי׳ן הענגען?

— מארגען גאנץ פריה, צווישען פינף און זעקס אוהר.

— איז שוין דען דער גאלגען פערטיג?

— ביי אונז איז דער גאַלגען שטענדיג פערטיג. מיר צונעהמען איהם ניט. ער שטעהט שטענדיג בערייט.

— וויא וואלט געווען, אז מען זאל וועלען אָפּלעגען דיא עקסעקוציאָן אויף א פּאר שטונדען? האט דזשעפערסאָן געפרעגט.

דער פּראקטישער ענגלענדער האט זעהר ריכטיג בערעכענט, אז עס איז זעהר מעגליך, אז ווען דער גראַפספירסט קאָנסטאנטין זאל שוין יא וועלען העלפען, זאל ער ניט קומען צו שפּעט. עס זיינען שוין פאָרגעקומען אין רוסלאנד פיעל אזעלכע פעלע. א בעזאנדערס טרויעריגער פאל איז געווען מיט גראף סאדאווסקי אין 1831, נאך דער רעוואלוציאָן.

דער גראף סאדאווסקי איז פון'ם רוסישען קריעגס־געריכט פערארורטהיילט געוואָרען צום טויט. זיין מוטער איז געלאָפען קיין פעטערבורג, האט געוויינט און געבעטען דעם קייסער ניקאָלאַי I ער זאל איהם בעגנאדיגען. זיא איז געווען פון א זעהר פארנעהמער פאמיליע און געהאט זעהר פיעל פריינד אין פעטערבורג, וועלכע האבען אנגע־ווענדעט אלע מעגליכע מיטעל אום צובעוועגען דעם קייסער, ער זאל איהם בעגנאדיגען. ער האט זיי געמוזט צוליעב טהאן און האט אליין אנגעשריעבען א בעפעהל, אז מען זאָל דעם גראף סאדאווסקי בעגנאדיגען. דיעזען בעפעהל האט ער איבערגעגעבען דעם גראפ'ס מוטער, זיא זאל איהם אליין ברענגען דעם קריעגס־געריכט אין ווארשוי. דיא ארימע פרוי האט געדאנקט דעם קייסער מיט טרערין פאר זיין גנאדע און איז געפלויגען מיט'ן בעגנאדיגונגס בעפעל אין ווארשוי. דאמאלס איז נאך אין רוסלאנד קיין טעלעגרא־פען און קיין אייזענבאהנען ניט געווען. מען איז געפאהרען מיט פאָסט פערד. זיא איז אנגעקומען קיין ווארשוי מיט'ן בעגנאדיגונגס בעפעהל מיט איינינע מינוטען צו שפעט— איהר זוהן איז שוין געהאנגען אויפ'ן גאלגען. ווען זיא איז דערפון געוואהר געוואָרען, איז זיא פאר שמערץ געשטאָרבען אויפ'ן אָרט.

דאס האט דזשעפערסאָן געוואוסט און האט געוואָלט פּראָבירען אפּלעגען דיא עקסעקיצאָן וועניגסטענס אויף א פאר שטונדען.

— דאס איז א שווערע אויפגאבע, האט איהם דער קאמענדאנט געזאגט. דאס העננט ניט אָפּ פון מיר, דאס העננט אָפּ פון אשינאוו'ן. ווען ער וועט קומען, דאן וועט מען דעם ארעסטאנט אויפהענגען. איך האב א בעפעהל, אלעס צו האלטען בערייט אויף מאָרגען גאנץ פריה. איך קען דא גאר ניט העלפען.

דזשעפערסאָן האט ארויסגענומען איינינע באנק־בילעטען און האט געגעבען דעם קאמאנדאנט.

— קענט איהר דען גאר קיין עצה ניט געבען? האט ער איהם געפרעגט.

— דיא איינציגע עצה, וואס איך קען אייך געבען, איז, איהר זאלט אונטערקוי־פען דעם הענקער (תליון). ער קען אין דיעזער זאך מעהר טהאן, וויא איך. אשינאוו מעג קומען, וויא פריה, ווען דער הענקער וועט נור וועלען, וועט ער עס אפציעהען, וויא פיעל ער וועט וועלען.

דער ענגלענדער האט דאס ניט געקענט פערשטעהן. ער האט געמיינט, אז ער איז אין ענגלאנד. דער קאמענדאנט אבער האט איהם ערקלערט, אז אין רוסלאנד איז

דער הענקער אליין אן ארעסטאנט, וועלכען מען האט געשענקט דאס לעבען אדער דיא קאטארגא, אום ער זאל ווערן א הענקער. דאס איז א מענש, וואס האט שוין פאר קיינעם קיין מורא ניט. ווען ער וויל אָפציעהען א זאך, קען איהם קיינער ניט נייטען. וואס קען מען איהם טהאן?

— וויא קען איך מיך זעהן מיט'ן הענקער? האט דזשעפערסאָן געפרעגט.

— איך קען אייך פערשאפען דיא געלעגענהייט דערצו.

— אבער באלד.

— שוין.

ער האט אנגעקלונגען. אן אויפזעהער איז אריינגעקומען. דער קאמענדאנט האט אהים געזאגט א פאר ווערטער און ער איז באלד ארויסגעגאנגען.

— געהט אריין אין דעם אנדערן צימער. אייער מאן וועט באלד קומען אהין, האט ער געזאגט צו דזשעפערסאָן און האט איהם געוויעזען אויף א טהיר.

דזשעפערסאָן האט ניט לאנג געווארט. באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און א שטארקער מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט א ווילדער פערוואקסענער באָרד איז אריינגעקומען אין צימער. ער איז געגאנגען אין קייטען אויף דיא פיס. דער אנבליק פון דיעזען ווילדען מענשען איז געווען א שרעקליכער. דזשעפערסאָן האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט איהם דערזעהן.

— איהר האט מיך געשיקט רופען, האט ער געזאגט צום ענגלענדער. וואס ווילט איהר פון מיר?

— מאָרגען גאנץ פריה, אום זעקס אוהר, דארף מען דא אויפהענגען א יונגען מענשען. —

— איך ווייס דערפון, מען האט מיר שוין היינט דערפון געזאגט. איך בין בערייט.

— ניט דאס וויל איך. איך פערלאנג פון דיר, אז דיינע פאָרבערייטונגען זאלען זיך פערציעהען ביז צעהן אוהר. — קענסט דוא דאס מאכען?

— איך קען אלעס מאכען, האט דער ווילדער מענש געזאגט.

— און וואס ווילסט דוא דערפאר? האט דזשעפערסאָן געפרעגט.

דער הענקער האט בעטראכט דעם ענגלענדער פון קאָפּ ביז דיא פיס, גלייך וויא ער האט איהם געוואלט אָפּשאצען, וויפיעל ער קען ביי איהם נעהמען.

— איהר וועט מיר געבען פונפציג רובעל, האט דער הענקער געזאגט און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער האט געזאגט צופיעל. אין רוסלאנד קומט זעהר אָפט פאָר אז דער הענקער נעהמט געלד, זאגאר גאנץ גרויסע סומען, אבער נור ווען ער דארף איינעם שמייסען. דאמאלס איז דער אונגליקל'כער אין גאנצען ביי איהם אין דיא הענד. עס זיינען פאָרגעקומען פעלע, ווען דער הענקער האט גענומען א גרויסע סומע געלד, האט דער פערורטהיילטער אויסגעהאלטען הונדערט קנוטעס און איז געבליעבען לעבען. ווען דער הענקער אבער האט קיין געלד ניט גענומען, איז דער פערורטהיילטער געשטאָרבען ביים פינף און צוואנציגסטען קנוט. דאס איז ביי שמייסען, ביים הענגען נעהמט דער הענקער זעהר ווייניג. וואס קען ער דא העלפען?

דאס איינציגע, וואס ער קען טהאן, איז דעם אונגליקליכען ניט פיעל צו פלאגען. וויא ערשטוינט איז דער הענקער דאהער געווען, וויא דזשעפערסאָן האט איהם געענטפערט:

— איך גיב דיר הונדערט רובעל פאר יעדע שטונדע, וואס דוא וועסט פארציעהען דיא עקסעקוציאָן. אלס אדראָף גיב איך דיר שוין הונדערט רובעל.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א הונדערט רובעל בילעט און האט איהם געגעבען. דער הענקער האט צוגענומען דאס געלד מיט דער גיערינקייט פון א וואָלף, ווען מען ווארפט איהם א פריש שטיק פלייש.

— איך וועל מיין וואָרט האלטען און וועל אָפציעהען דאס הענגען, וויא ווייט איך וועל נור קענען. אויף אזעלכע בעדינגונגען קען איך עס זאגאר אָפלעגען אויף א גאנצען טאג.

— וויא אזוי קענסט דוא דאס טהאן?

— איך וועל מיך מאכען קראַנק. איך בין יעצט דער איינציגער הענקער אין דער פעסטונג; מיינע געהילפען זיינען אוועקגעפאהרען קיין קיעוו. ביז מען וועט זיי ברענגען, וועט געדויערן א טאג אדער צוויי.

— פאר יעדער שטונדע, וואס דוא וועסט אָפציעהען, בעקומסט דוא הונדערט רובעל. דער קאמענדאנט וועט דיר גאראנטירען פארן געלד.

— אָפגעמאכט! האט ער געזאגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

דזשעפערסאן איז אויך ארויסגעגאנגען פון פעטראָפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט. ער איז אבער ניט געגאנגען א היים. ער האט זיך געשטעלט פון דער אנדערער זייט גאס, ווארטען, ביז יעליסאוועטא׳ס צוריק קומען.

אונטערדעסען איז דיא דראָשקע, אויף וועלכער יעליסאוועטא איז געזעסען, גע־לאָפען פייל אויס׳ן בויגען צום פּאלאץ פון׳ם גראָפפירסט קאנסטאנטין. ווען זיא איז צוגעקומען צום פּאלאץ, איז יעליסאוועטא ארויסגעשפרונגען און איז ארויפגעלאָפען אויף דיא ברייטע טרעפּ, וויא א וואהנזיניגע. זיא איז צוגעקומען צו דער וואך און האט געבעטען, מען זאל זיא אריינלאזען, זיא האט עטוואס וויכטיגעס צו רעדען מיט׳ן גראָפ־פירסט.

דיא וואך האט איהר ערקלערט, אז צום גראָפפירסט קען מען ניט אזוי לייכט צוקומען. מען מוז צוערשט מעלדען צום קאמערהערר אדער דעם אדיוטאנט, וועלכער איז היינט ביי איהם דעזשורני.

— מעלדעט מיך ביים קאמערהערר! ביי וועמען איהר ווילט! האט דיא ארימע פרוי געבעטען, אבער מעלדעט מיך, איך מוז זעהן דעם גראָפפירסט! איך מוז מיט איהם רעדען! עס איז זעהר וויכטיג!

זיא האט אזוי לאנג געבעטען און געוויינט, אז דיא וואך האט זיא ענדליך געמעלדעט ביים אדיוטאנט פון׳ם גראָפפירסט. דער אדיוטאנט איז געווען אזוי העפליך, אז ער איז ארויסגעקומען און האט איהר געזאגט גאנץ פריינדליך:

— איך קען אייך ניט מעלדען ביים גראָפפירסט, ווייל איך האב פון איהם א שטרענגען בעפעהל, איך זאל קיינעם ניט צולאזען צו איהם.

יעליסאוועטא האט אנגעהויבען צו בעטען און צו וויינען פארן אדיוטאנט, ער זאל

ראָן פּראָבירען זיא מעלדען, מאָמער וועט דער גראָספּירסט זיא דאך אריינלאָזען. עס האט איהר אבער גאר ניט געהאָלפען.

— נעלזיא! איז געוועזן דיא איינציגע אנטוואָרט, וואָס זיא האט ערהאלטען פון׳ם אדיוטאַנט.

יעליסאוועטא איז געוועזן פערצווייפעלט. זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. זיא האט גאר פערגעסען, אז אין רוסלאנד איז ניט אזוי לייכט צו צוקומען צו א גענ־ וועהנליכען גובערנאטאָר, בעזאָנדערס נאך צו א גראָספּירסט. — זיא איז געשטאַנען איינינע מינוט אין דער גרעסטער אנגסט. פּלוצלונג האט זיא דערזעהן א דיענער, וועלכער איז געראָדע אין דיעזע מינוט ארויסגעגאנגען פון׳ם פּאַלאַץ. זיא האט זיך געוועגדעט צו איהם, האט איהם אנגעהויבען צו בעטען, ער זאל זיא מעלדען. זיא האט גערעדט אזוי הויך און האט אזוי שטארק געוויינט, אז דער אדיוטאַנט האט זיא דערהערט. ער האט געעפענט דיא טהיר און האט א געשריי געטהאָן צו דער וואַך:

— טרייבט זיא אוועק! רופט צו א גאָראָדאָוואָי און זאגט איהם, ער זאל זיא ארעטירען!

דיא וואַך וואָלט געוויס געוועזן אויסגעפיהרט זיין בעפעהל, אבער אין דיעזע מינוט איז אנגעקומען פון׳ם גארטען א שעהנעס יונגעס מעדכען. דאס איז געוועזן דיא פּרינצעסין וויערא. זיא איז געגאַנגען שוואַרץ געקליידעט און איז געוועזן זעהר בלייך. ביים אנבליק פון דער פּרינצעסין איז דער אדיוטאַנט געבליעבען שטיל.

— וואס וויל דיעזע פרוי? האט דיא פּרינצעסין געפרעגט

— זיא וויל רעדען מיט זיינע קייזערליכע האָהייט, דעם גראָספּירסט, האט דער אדיוטאַנט געזאגט און האט זיך פערנייגט. איך קען זיא אבער ניט מעלדען, ווייל איך האב א שטרענגען בעפעהל, איך זאל היינט קיינעם ניט אריינלאָזען.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, פון וואס ווילט איהר רעדען מיט׳ן גראָספּירסט, האט זיך דיא פּרינצעסין וויערא געווענדעט צו יעליסאוועטאַ׳ן. מעגליך, אז איך קען עפּעס טהאן פון אייערט וועגען.

— אך, ניין! האט יעליסאוועטא געוויינט. איך מוז מיט איהם אליין רעדען. עס איז זעהר וויכטיג. עס האנדעלט זיך אום א מענשען לעבען. איך מוז מיט איהם רעדען אונטער פיער אויגען. איך קען עס אייך ניט איבערגעבען. ווען איהר קענט עפּעס טהאן פאר מיר, איז עס דאס איינציגע, איהר זאלט זעהן, ער זאל מיך אויפנעהמען באלד. יעדע מינוט איז טהייער. העלפט מיר, ווען איהר קענט!

— ווען עס האנדעלט זיך אום א מענשען לעבען און מיין פאטער קען אייך העלפען, וועט ער אייך געוויס אויפנעהמען, האט דיא פּרינצעסין וויערא געזאגט. קומט מיט מיר, איך וועל אייך מעלדען. איך וועל אייך אריינפיהרען צו איהם.

זיא האט גענומען יעליסאוועטאַ׳ן ביי דער האנד און איז מיט איהר אריינגעגאַנגען אין קארידאר. יעצט האט יעליסאוועטא אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דאס איז דיא פּרינצעסין וויערא.

— איך האב ניט קיין ווערטער מיט וואס אייך צו דאנקען דערפאר, וואס איהר טהוט יעצט געגען מיר, האט יעליסאוועטא קוים ארויסגערעדט.

— איך דארף ניט קיין דאנק, האט דיא פרינצעסין געענטפערט. קוממ!

זיא האט זיא אריינגעפיהרט אין א גרויסען זאל און האט איהר געוויעזען אויף א שטוהל.

— זעצט אייך דא צו א ווײלע, האט זיא איהר געזאגט. איך וועל געהן מעלדען מיין פאטער און איהם בעטען, ער זאל אייך אויפנעהמען.

— איך דאנק אייך! איך דאנק אייך! האט יעליסאוועטא געזאגט, האט אנגענומען דיא פרינצעסין ביי דער האנד און האט זיא צוגעדריקט צום הארצען.

ווען פרינצעסין וויערא זאל געוועז וויסען, אז דאס איז וולאדימיר׳ס מוטער, וואלט זיא איהר געוויס געווען געפאלען אויפ׳ן האלז און וואלט איהרע טרערין אויסגעמישט מיט יעליסאוועטא׳ס טרערין. זיא האט עס אבער ניט געוואוסט און האט גאנץ שטיל ארויסגענומען איהר האנד פון יעליסאוועטא׳ס. אין א מינוט ארום איז זיא פערשוואונדען געווארען הינטער א שווערן זיידענעם פארהאנג. עס האט געדויערט נור א פאר מינוט. באלד איז זיא וויעדער ארויסגעקומען און האט געזאגט:

— מיין פאטער וועט אייך אויפנעהמען.

יעצט איז געקומען דיא וויכטיגע, אבער שווערע מינוט אין יעליסאוועטא׳ס לעבען.

איבער צוואנציג יאהר האט זיא ניט געזעהן דעם מענשען, וועלכען זיא האט א מאל אזוי הייס און אזוי שטארק געליעבט. דער מענש, וועלכער האט איהר א מאל אזוי וועה געטהאן און וועלכען זיא האט דאך ניט געקענט פערגעסען. ער איז דאך דער פאטער פון איהר קינד. אין איינציגע מינוט ארום וועט זיא איהם וויעדער זעהן, וועט זיא רעדען מיט איהם, וועט זיא איהם בעטען, ער זאל רעטען דאס לעבען פון איהר קינד — פון זיין קינד.

דיעזע געדאנקען האבען זיא יעצט בעשעפטיגט. זיא האט זיך געוואלט אויפהויבען פון׳ם שטוהל, אויף וועלכען זיא איז געזעסען, און האט ניט געקענט. איהרע פיס זיינען געווען, וויא אונטערגעהאקט. דיא פרינצעסין וויערא האט עס בעמערקט. זיא האט פערשטאנען, אז דיעזע פרוי איז ניט געקומען גלאט אזוי עפעס בעטען ביים גראפפירסט, אז דא איז עטוואס בעזאנדערעס, עטוואס וויכטיגעס—עטוואס שרעקליכעס. זיא האט אויפגעהויבען יעליסאוועטאן פון׳ם שטוהל, האט זיא אריינגעפיהרט צום גראפפירסט אין קאבינעט און איז אליין פערשוואונדען.

דער גראפפירסט איז געזעסען לעבען זיין גרויסען שרייב־טיש און האט עפעס געלעזען א פאפיער. ער האט זיא אנפאנגס ניט בעמערקט. יעליסאוועטא אבער האט פון איהם קיין אויג ניט אראפגעלאזען. זיא האט זיך צוגעקוקט צו זיין געזיכט, צו זיין שטערן, צו זיינע האר. זיא האט געזעהן, אז זיינע אמאליגע בלאנדע לאקען האבען יעצט א גאנץ אנדערע פארב. עס האבען זיך צווישען זיי אריינגעמישט פיעלע זילבערנע פעדים.

— דיא צייט האט אויך אויף איהם ארויפגעלעגט איהר שווערן, אלעס־פערניכ־טענדען זיעגעל, האט זיא זיך געטראכט.

אין דיעזע מינוט האט דער גראספירסט געענדיגט לעזען דאס פאפיער, האט עס אוועקגעלעגט אן א זייט און האט אויפגעהויבען דעם קאפ צו איהר.

יעליסאוועטא האט א ציטער געטהאן. זיא האט געוואלט ארויסלויפען פון'ם צימער. איהר גאנצעס לעבען איז אין דיעזע סעקונדע דורכגעפלויגען אין איהרע גע־דאנקען. זיא איז אבער געבליעבען שטעהן, וויא א צוגעשמידטע אויפ'ן ארט.

— איהר ווילט מיט מיר עפעס ריידען, האט דער גראספירסט געזאגט. וואס קען איך טהאן פון אייערטוועגען?

איהר געזיכט איז נאך אלץ געווען פערהאנגען מיט'ן וואואל. ער האט עס ניט געקענט זעהן און האט זיא ניט דערקענט. יעצט האט זיא פערוואָרפען דעם שלייער פון איהר געזיכט און האט קוים ארויסגערעדט:

— איך קום בעטען.... איך קום בעטען פאר....

ביים קלאנג פון דיעזער שטימע האט דער גראספירסט אנגעהויבען צו ציטערן. ער האט דערקענט איהר שטימע. יעצט האט ער זיך צוגעקוקט צו איהר און איז אפ־געשפרונגען, וויא געטראפען פון א בליץ.

— וואס איז דאס? ווער זייט איהר? איז עס א טרוים, אדער וואך איך? ווער איז דיעזע שטימע?

— עס איז דיא זעלבע שטימע, וועלכע איהר האט אזוי אפט געהערט, א מאל, א מאל, שוין גאנץ לאנג, האט יעליסאוועטא קוים ארויסגעהויכט און האט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו איהם.

דער גראספירסט האט זיך געמוזט אנהאלטען אן שרייב־טיש, ער זאל ניט אומ־פאלען, אזוי איבערראשט און דערשראָקען איז ער געווען. ער איז געווען פעסט איבער־צייגט, אז יעליסאוועטא איז שוין לאנג געשטארבען, אזוי האט מען איהם געזאגט. ער האט עס געגלויבט, ווייל ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז אזא עדעלע פרוי וועט אין סיביר לאנג ניט אויסהאלטען. פלוצלונג שטעהט זיא פאר איהם לעבעדיג. וואס זאל דאס זיין?

— נאררען מיר אפ מיינע אויגען, אדער שטעהט ווירקליך פאר מיר דאס בילד פון מיין גוטער, טהייערער יעליסאוועטא? האט ער געזאגט, וויא צו זיך אליין. שטעהן דיא טוידטע אויף? ביסט דוא געקומען מיך צו שרעקען, פון מיר פאָרדערן רעכנונג פאר אלעס, וואס מען האט געטהאן געגען דיר? — ווער ביזט דוא, זאנדערבארער גייסט?

— איך בין ניט קיין גייסט, איך בין ניט קיין בילד, האט יעליסאוועטא געזאגט. איך בין עס, איך אליין.

— דוא ביסט עס? דוא? יעליסאוועטא?

איין אנגסט־געשריי האט זיך ארויסגעריסען אונגערן פון זיין ברוסט.

— איך בין עס, האט יעליסאוועטא געזאגט, איך בין ניט געקומען דיך צו שטרא־פען, איך בין ניט געקומען פון דיר עפעס צו פאָרדערן—איך בין געקומען דיך בעטען.

— מיך בעטען? האט זיך געוואונדערט דער גראספּירסט.

— איך בין געקומען דיך בעטען, דו זאָלסט רעטען א מענשען־לעבען.

— מיך בעטען? ווייסט דו דען ניט, אז איך דאַרף טויזענד, צעהן טויזענד מאל דיך בעטען, דו זאָלסט מיר פערצייהען דאס אונרעכט, וואס מען האט געטהאן דיר בעד גאנגען?

— ניט יעצט איז דיא צייט דערפון צו ריידען. יעדע מינוט איז יעצט טהייער. קאָנסטאנטין! פאהר שנעל צום קייסער און בעט פאר דאס לעבען פון אונזער קינד.

— אונזער קינד? אונזער וולאדימיר? — אלזא, לעבט ער? וואו איז ער?

— ער לעבט נאך, אבער קוים ווענסט דו ניט זעהן איהם צו רעטען, וועט ער באלד ניט לעבען.

— וואס רעדסט דוא? זאג מיר דייטליכער! איך וועל געהן, איך וועל איהם רעטען, איך וועל איהם אנערקענען אלס מיין זוהן! איך וועל זיין זיין פאטער!

— אלזא, פאהר באלד צו דיין ברודער, צום קייסער, און בעט איהם ער זאָל צוריקציהען דעם טאָדעס־אורטהייל איבער וולאדימיר ראטשינסקי.

זיא האט קוים ארויסגערעדט דיזע לעצטע ווערטער. איהרע קרעפטע האבען זיא פערלאזען און זיא איז אניעדערגעפאלען. זיא האט צופיעל איבערגעלעבט אין דיזען טאג. אבער אויך פון׳ם גראַספּירסט׳ס ברוסט האט זיך ארויסגעריסען אן אנגסט־געד שריי. דיא ווערטער: וולאדימיר ראטשינסקי האבען איהם געטראפען, וויא א דאָנער־ שלאג. וויא א וואהנזיניגער האט ער אנגענומען יעליסאוועטא׳ן ביי ביידע הענדע, האט זיא אויפגעהויבען, צוגעצויגען צו זיך און האט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— דוא האסט א טעות, יעליסאוועטא, זאג מיר אן אנדער נאמען. זאג מיר, ווער איז אונזער זוהן? עס איז ניט ראטשינסקי, עס קען ניט זיין!

— עס איז אזוי, קאָנסטאנטין. וולאדימיר איז אונזער זוהן. רעטע איהם! רעטע איהם!

ער האט זיא אפּגעלאזט און איז געפאלען אויף זיין שטוהל.

— מיין זוהן! מיין זוהן! וולאדימיר ראטשינסקי איז מיין זוהן!

— איך האב געוואוסט, אז עס וועט א מאל קומען דערצו, האט יעליסאוועטא געזאגט, וויא צו זיך אליין. ער בערייעט יעצט, ער ליידעט, עס איז אבער א ביסעל צו שפּעט.

איייניגע מינוטען איז דער גראספּירסט געזעסען אויף זיין שטוהל, וויא א פער־ שטיינערטעס בילד פון טרויער און פערצווייפלונג. ענדליך איז ער געקומען צו זיך.

— ווייס וולאדימיר, אז ער איז מיין זוהן? האט ער געפרעגט.

— איך האב עס איהם ערשט היינט געזאגט. דיא פערשטעהסט דאך אליין, אז איך האב איהם ביז א הער עס ניט געקענט זאגען

— אזוי! דערפאר איז עס געקומען, וואס דער זוהן האט געוואָלט שיעסען דעם פאטער, האט דער גראספּירסט געזאגט. אין זיין שטימע האט געקלונגען א פאָרוואורף, פאר וואָס זיא האט וולאדימיר׳ן ניט אויסגעזאגט, ווער ער איז.

יעליסאוועטא האט פערשטאנען דעם פאָרוואורף און האט זיך געוואָלט פער־ענטפערן.

— האב איך איהם דען געקענט זאגען, אז זיין פאטער, וועלכער האט מיר גע־שוואָרען אייביגע ליעבע און טרייע איבער זיין וויעגעלע—דערזעלבער פאטער האט אונ־טערשריעבען דעם אוקאז, אז מען זאל מיך פערשיקען קיין סיביר? האב איך איהם דען געקענט זאגען, אז זיין פאטער האָט מיך געלאָזט שמאכטען יאהרען־לאנג אין א פינסטער קעמעריל מיט אן אייזערנעם שלייער אויפ׳ן געזיכט? האב איך איהם דען געקענט זאָגען, ווער זיין פאָטער איז?

דער גראספירסט איז געזעסען, וויא איינער, וועלכער איז פעראורטהיילט צום טוידט און מען לעזט איהם פאָר זיין טאָדעס־אורטהייל. ער האט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און האָט איניגע מינוטען געשוויעגען. ער האט ערוואַרטעט דיעזע פאָרווירפע, ער האָט זיי פערדינט. יעליסאוועטא האָט געהאט דאָס רעכט איהם צו מאכען דיעזע פאָרווירפע.

— איך האב אונטערגעשריעבען דעם אוקאז, אז מען זאָל דיך פערשיקען קיין סיביר? האט ער געזאָגט לאנגזאם. —

— קענסט דוא עס אפלייקענען? איז איהם יעליסאוועטא אריינגעפאלען אין דיא רייד. איך האב איהם דאָך אליין געזעהן מיט מיינע אויגען.

— יא, איך האב איהם אונטערגעשריעבען, איך לייקען עס ניט, האָט דער גראָס־פירסט געזאגט. דוא ווייסט אבער ניט, וויא אזוי מען האט מיך געצוואונגען דערצו; וועלכע מיטעל מען האט אנגעווענדעט, אז איך זאָל איהם אונטערשרייבען. דוא ווייסט ניט, אז מען האָט מיר געגעבען דיא ברירה: ענטוועדער איך זאָל אונטערשרייבען דעם אוקאז, אָדער מען וועט דיך מיט׳ן קינד טוידטען. וואס האב איך געקענט טהאָן? איך האב גערעכענט, אז עס איז גלייכער, מען זאָל דיך פערשיקען קיין סיביר, פון וואַנען איך וועל דיך קענען רעטען, איידער מען זאָל דיך טוידטען ערגעץ אין אן אָסטראָג.

יעליסאוועטא האָט אויפגעריסען דיא אויגען און האָט אָנגעקוקט איבערראַשט דעם גראָספירסט.

— דאָס האב איך ניט געוואוסט, האָט זיא געזאגט. אזוי? אזעלכע מיטעל האָט מען אָנגעווענדעט אום דיך צו צווינגען, דוא זאָלסט אונטערשרייבען דעם אוקאָז, מען זאָל מיך פערשיקען? אזוי? אזוי דוא האָסט אונז ניט פערראָטהען?

אין איהרע אויגען האט אנגעהויבען צו פונקעלן דער אלטער פייער פון איהר אמאָליגער ליעבע. אָבער אויך אין הארצען פון׳ם גראָספירסט האט אויפגעפלאקערט דיא אלטע פלאמע.

— איך שווער דיר, יעליסאוועטאַ, אז איך האב עס געטהאן אונטער א שווערן דרוק. מיין ליעבע האט זיך ניט געענדערט. מען האט מיר געבונדען דיא הענד אין דיא פיס און געצוואונגען דיך צו פערשיקען.

יעליסאוועטאַ׳ס אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערין.

— אך, קאָנסטאַנטין! האט זיא אויסגערופען. ווען איך זאל עס גיוועזן פריהער וויסען, וואלטען פיעלע, פיעלע זאכען אנדערש געווען. איך האף אָבער, אז עס איז נאך

ניט צו שפעט. עס קען נאך אלעס גוט ווערן. — קאָנסטאנטין! ביסט דוא אים שטאנד צו רעטען אונזער זוהן? — דאן איז אלעס וויעדער גוט, דאן פערגעס איך, וואס עס איז געוועזן און פערצייהע דיר אלעס.

— דוא פרעגסט, אויב איך בין אים שטאנד איהם צו רעטען. איך מוז איהם רעטען!

— אלזא, פאהר באלד צום קייסער און פאָדערע, אז ער זאל צוריקרופען דעם טאָדעס אורטהייל. פאהר באלד, יעדע מינוט איז טהייער.

— איך פאהר שוין!

ער האט אנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען. ער האט איהם געהייסען איינשפאַנען זיין קארעטע. ווען דער דיענער איז ארויסגעגאנגען, האט ער זיך געווענדעט צו יעליסאוועטאַ'ן.

— יעליסאוועטא! קענסט דוא מיר פערצייהען? קענען מיר פריעדענשליעסען? קענען מיר זיין גוטע פריינד?

זיא האט ניט געענטפערט.

— דוא ווילסט מיר ניט ענטפערן? איך האב בעגאנגען געגען דיר א צושווערעס אונרעכט? דוא קענסט ניט פערגעסען דיא ליידען, וועלכע איך האב דיר פעראורזאכט?

— אך, קאָנסטאנטין! איך האב דיך געליעבט מעהר פון אלעס אויף דער וועלט; איך האב דיר געאָפפערט מיין לעבען, מיינע עהרע, מיין גליק און דוא האסט מיך אריינגעוואָרפען אין נויט און פערצווייפלונג.

— גלויבסט דוא מיר ניט, אז נור דיא אייזערנע נויט האט מיך געצוואונגען עס צו טהאן? גלויבסט דוא מיר ניט, אז איך האב געליטען אזוי פיעל, וויאפיעל דוא? גלויבסט דוא מיר ניט,א ז זייט מען האט דיך אוועקגעריסען פון מיר, האב איך נאך קיין פרעהליכע מינוט ניט געהאט?

— דוא האָסט דאך געהייראטהעט, זאגאר צוויי מאָל?

— אויך דאצו האט מען מיך געצוואונגען. איך האב געמוזט אָפפערן מיין הערץ און מיינע געפיהלע אויפ'ן אלטאר פון דער פאָליטיק. איך האב אלעס געמוזט אָפפערן.

— ביסט דוא וועניגסטענס ניט אונגליקליך?

— איך בין גליקליך אין דער ליעבע פון מיין טאָכטער.

— דוא האסט רעכט, דיא ליעבע פון דיין טאָכטער איז א גליק. איך האב זיא היינט געזעהן צום ערשטען מאל און איך האב זיא ליעב בעקומען. זיא איז עדעל און גוט. ווען ניט זיא, וואלט איך יעצט ניט געשטאנען דא פאר דיר.

דער גראָספירסט האט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— דוא ביסט נאך אימער מיין גוטע, מיין עדעלע יעליסאוועטא! האט ער אויס־גערופען. איך זעה, אז דוא האסט פערגעסען, וואס איך האב געטהאן געגען דיר; איך זעה, אז דוא פערצייהסט מיר.

— גענוג דאריבער, קאָנסטאנטין. איך גלויב, אז דיין קארעטע איז שוין איינגע־שפאנט, פאָהר צום קייסער. — זיי געזונד, קאָנסטאנטין! לעבע וואהל!

— וועלען מיר זיך נאך אמאל זעהן, יעליסאוועטא? האט דער גראַספּירסט געפרעגט

— ניין! קיין מאל ניט! דיא נויט האט אונז אמאָל צושיידעט, דיא נויט האט אונז יעצט צוזאמען געפיהרט אום אונזער קינד צו רעטען. ווייטער דארפען מיר זיך קיין מאָל ניט זעהן.

דער גראַספּירסט האט געוואָלט נעהמען איהר האנד צום לעצטען אבשיעד, זיא האט אבער ארויפגעווארפען דעם שווארצען שלייער אויף איהר געזיכט און איז ארויס־געגאנגען פון קאבינעט. ווען זיא איז אריינגעקומען אין זאַל, האבען זיא צוויי ווארעמע, ווייכע הענד ארומגענומען און אַ וויינענדעס געזיכט האט זיך צוגעלעגט צו איהרע פּלייצעס. דאס איז געווען דיא פּרינצעסין וויערא.

— איהר זייט זיין מוטער! האט זיא געזאָגט און טרערין זיינען געפלאסען איבער איהרע בלייכע באַקען.

— איהר האט אלעס געהערט?

— איך האב אלעס געהערט. ניט דיא נייגיערדע האט מיך געטריעבען מיך אונ־טערצוהערן, וואס איהר וועט רעדען מיט מיין פאָטער, זאנדערן דער וואונש אייך צו העלפען. איך האב געטראכט, אז אין פאל מיין פאָטער וועט ניט וועלען אייך העלפען, זאל איך אריינקומען און פעראייניגען מיינע ביטען מיט אייערע. איך האב אבער גאנץ אנדערע זאכען געהערט. איך האב געהערט, וויא גוט און וויא עדעל איהר האט געגען מיין פאטער געהאנדעלט. אַ גאַנצעס מענשענלעבען האט איהר געשוויעגען און געליע־טען; שטיל און מוטהיג האט איהר איבערגעטראגען דיא שרעקליכסטע שמערצען, דיא ביטערסטע ליידען און איהר האט מיין פאטער דאך קיינע פארווירפע געמאכט. — איך דאנק אייך!

זיא האט זיך נאך נעהענטער צוגעפרעסט צו יעליסאוועטא׳ס הערץ, האט זיא ארומגענומען, וויא אַ מוטער און האט ווייטער געזאגט מיט אַ ביטענדער שטימע:

— פעראורטהיילען זיא מיין פאָטער ניט. ער איז אַ גוטער מענש, ער איז אן עדעלער מענש; ער האט געוויס ניט געוואלט אייך וועה טהאן. גלויבט איהם, אז ער איז געווען געצוואונגען דערצו; גלויבט איהם, אז אן אייזערנע האנד האט זיך אויף איהם ארויפגעלעגט און האט איהם אזוי לאנג געפרעסט, ביז ער האט געמוזט טהאן, וואס ער האט געטהאן. איך וויים, וויא מיין פאטער האט געליעטען; איך וויים, וויא שווער עס איז איהם געלעגען אויפ׳ן הארצען. וויא אפט האב איך איהם געזעהן פער־טראכט און טרויעריג; וויא אפט האב איך איהם געהערט וויינען שטילערהיים. איך האב ניט געוואוסט דיא אורזאכע פון זיין ליידען. יעצט פערשטעה איך אלעס. יעצט וויים איך אלעס.

יעליסאוועטא האט איהר ניט געענטפערט. — וואס זאל זיא איהר זאגען? וואס זאל זיא איהר ענטפערן?

— איך האב קיין מוטער ניט, האט דיא פּרינצעסין וויערא ווייטער געזאגט. זייט איהר מיין מוטער! ליעבט מיך, וויא אַ מוטער! איהר זייט מיין וואָלאדימיר׳ס מוטער

— עס טהוט מיר הערצליך לייד, האט יעליסאוועטא געזאגט וואס איהר האט

יעצט פערלאָרען אייער געליעבטען. איהר קענט דאך יעצט וולאַדימיר׳ן ניט ליעבען. איהר ווייסט דאך, אז ער איז אייער ברודער. איך האב עס אבער אנדערש ניט גע־קענט. איך האב דאך געמוזט אלעס זאגען.

— אך, ניין, מוטער! איך וועל וולאַדימיר׳ן אייביג ליעבען, איך וועל איהם ליע־בען אלס מיין ברודער. איך אליין מוז איהם ברענגען זיין בעגנאַדיגונג אין געפענגניס. איך אליין וויל עפענען דיא טהיר פון זיין קערקער און איהם זאגען: ברודער! דוא ביסט פריי!

אין דיעזע מינוט איז דיא קארעטע פון׳ם גראספירסט ארויסגעפאהרען פון׳ם הויף. דיא פרינצעסין וויערא האט עס דערזעהן.

— זעהט איהר? אט פאהרט שוין מיין פאטער צום קייסער. איך בין זיכער, אז דער קייסער וועט איהם מוזען צוליעב טהאן און בעגנאַדיגען וולאַדימיר׳ן.

ביידע פרויען האבען זיך ארומגענומען און האבען געוויינט איבער וולאַדימיר׳ס שיקזאל.

— — — — — — — — — — — — — —

אונטערדעסען איז דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין צוגעפאָהרען צום קייסער׳ס פּאַלאַץ. עס איז שוין געווען שפּעט און דער קייסער האט שוין געוואָלט פאהרען צו זיין געליעבטע סעראפינאַ. עס איז איהם דאהער געוועזן העכסט אונאנגענעהם, ווען מען האט איהם געמעלדעט, אז דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין איז געקומען און וויל מיט איהם רעדען. ער האט איהם אָבער דאך געמוזט אויפנעהמען.

— איך שטעל מיר פאר, ווארום דוא ביסט געקומען צו מיר אזוי שפּעט, האט ער געזאגט צום גראָספירסט, ווען ער איז נור וואס אריין אין קאבינעט. דוא ווילסט געוויס רעדען איבער דעם טויגעניכטס, וועלכער האט דיך געוואָלט טוידטען.

— דוא האסט געטראָפען, ברודער, איך בין ווירקליך געקומען געוואהר ווערן, וואס מיט איהם איז געשעהן.

— וואס זאל מיט איהם געשעהן? האט דער קייסער געזאָגט שטרענג. ער איז א מערדער. ער האט זיך מודה געווען, אז ער האט דיך אָפּגעהיט און האט דיך גע־וואָלט טוידטען. איך האב איהם געהייסען אויפהענגען.

— האסט דוא שוין אונטערגעשריעבען זיין טאָדעס אורטהייל?

— איך האב עס שוין אונטערגעשריעבען און האב עס שוין איבערגעגעבען אשי־נאוו׳ן צור אויספיהרונג.

— דאס דארף ניט געשעהן! האט אויסגערופען דער גראָספירסט אויפגערעגט. וולאַדימיר מוז לעבען!

דער קייסער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. אויף זיין שטערן האט זיך געוויעזען א פינסטערער וואָלקען.

— אלזאָ, דוא ווילסט, איך זאל בעגנאַדיגען א מערדער? האט ער געפרעגט שארף. זאל איך שענקען דאס לעבען אַ מענשען, וועלבער האט אויפגעהויבען זיין האנד אויף איינעם פון דער פאמיליע ראָמאַנאָוו? דוא קענסט עס ניט פערלאנגען, ברודער, איך טאָר עס ניט דערלאזען, אז אזא פערברעכען זאל בלייבען אונבעשטראפט. וואס

זעט זאגען דיא וועלט? מען וועט דאך פערליערען יעדע אכטונג, יעדען רעספעקט פאר׳ן טראהן. ניין, ברודער! דער מערדער מוז שטארבען.

— אך, ברודער! דוא ווייסט גאר ניט, דוא קענסט דיר גאר ניט דענקען, וועמען דוא האסט פערארורטהיילט צום טוידט. —

דער קייסער האט איהם ניט געלאזט אויסרעדען. ער איז געווען בייז, וואס דער גראספירסט האלט איהם אויף.

— איך ווייס אלעס! האט ער אויסגערופען אונגעדולדיג. איך ווייס, אז דיעזער טויגעניכטס ראטשינסקי איז געווען אזוי פרעך און אזוי אונפערשעהמט, אז ער האט זיך פערליעבט אין דיין טאכטער, וויערא. איך ווייס, אז וויערא איז אויך ניט גלייכ־גילטיג צו איהם. איך פערשטעה, אז זיא האט אנגעהויבען צו וויינען און דיך צו בעטען, אז דוא זאלסט יעצט קומען צו מיר. — דוא זעהסט, אז איך ווייס אלעס. איך ווייס אָבער אויך מיינע פפליכטען געגען מיין טראהן, געגען דיא פאמיליע ראמאנאָוו. —

— דארום עבען בין איך געקומען, ווייל דוא ווילסט יעצט טוידטען איינעם פון דער פאמיליע ראָמאנאָוו.

דער קייסער איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל און האט געקוקט אויפ׳ן גראָס־פירסט מיט שטוינען.

— וואס רעדסט דוא, קאָנסטאנטין? ביסט דוא ביי אלע דיינע געדאנקען? האט ער איהם געפרעגט.

— איך ווייס, וואס איך רעד, ברודער, האט דער גראָספירסט געענטפערט. איך בין ביי אלע מיינע געדאנקען. איך זאג דיר נאך אמאל, אז וולאדימיר ראטשינסקי שטאמט פון דער פאמיליע ראמאנאָוו.

— דוא רעדסט מיט מיר אין רעטעניששען. ערקלער דיך דייטליכער. איך פער־שטעה דיך ניט.

— דוא וועסט מיך באלד פערשטעהן. געדענקסט דוא נאך, אז איך האב אמאל געהאט א געליעבטע, איינע יעליסאוועטא פאן פאהלען....

— איך ערינערע מיך, האט דער קייסער געזאגט שטילערהייט. עס איז איהם געווען אונאנגענעהם, וואס זיין ברודער האט איהם געראדע יעצט דערמאנט אן דיעזע געשיכטע. — מיר שיינט, אז זיא איז שוין לאנג געשטארבען, האט ער וויטער געזאגט און א קוק געטהאן אויפ׳ן גראספירסט.

דער גראספירסט האט זיך אוועקגעקעהרט פון זיין בליק. ער האט ניט געוואלט וויזען א מינע, אז ער ווייס מעהר פון יעליסאוועטא׳ן, אלס זיין ברודער.

— ווייסט דוא אויך, אז איך האב געהאט א קינד פון יענער יעליסאוועטא׳ן?

— איך האב געהערט דערפון, האט דער קייסער געזאגט און איז געווארען אויפמערקזאמער. איך ווייס אבער ניט, צו וועלכעם צוועק דערמאנסט דוא מיר יעצט אן יענע אלטע געשיכטען? זיי זיינען שוין גאנץ אלט און ליעגען אונטער א בארג מיט שטויב. צו וואס זאלען מיר אויפריהרען דיעזען שטויב?

— איך וועל דיר באלד זאָגען, צו וועלכען צוועק איך טהו עס. — וולאדימיר ראטשינסקי איז מיין זוהן פון יענער יעליסאוועטא פאָן פאהלען.

— דאס קען ניט זיין! האט אויסגעשריען אלכסנדר II און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— עס איז דאך אזוי! האט דער גראָספירסט געענטפערט.

אלקסאנדער II איז צוגעגאנגען צום פענסטער. ער האט זיך פערטראַכט; ער האט געקוקט אויף דאס פרעהליכע און בעוועגטע לעבען פון פעטערבורג און האט געטראַכט, וואס פאר א שווערע אויפגאַבע עס איז צו שטעהן אלס אבערהויפט פון א גרויסער פאמיליע. ער האט זיך דערמאנט, וויא ער האט אמאל אליין געהייסען זוכען דיעזען וולאַדימיר, וויא ער אליין וואָלט דאמאלס געווען גליקליך, ווען ער וואלט איהם גע־קענען געפינען און יעצט, ווען ער האט איהם געפונען — וואס זאל ער טהאן? איהם לאזען טויטען, קען ער ניט. ער קען עס ניט טהאן געגען זיין ברודער, ער קען עס ניט טהאן געגען זיך אליין — ער קען ניט לאזען אויפהענגען איינעם פון דער פאמיליע ראָמאַנאָוו. — בעפרייען איהם, לאזען, אז דער גראָספירסט זאל איהם נעהמען צו זיך, איז ווידער אונמעגליך. עס וועט ווערן א סקאַנדאַל, מען וועט רעדען דערפון איבעראל. מען וועט ניט וויסען דיא וואהרע אורזאכע און יעדער וועט דערצעהלען אנאנדערן ליעגען. עס וועט זיין זעהר אונאנגענעהם.

ער איז אזוי געשטאנען א לאנגע צייט פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. אין צימער האט געהערשט דיא טיעפסטע שטילקייט. מען האט נור געהערט, וויא דיא גרויסע גאָלדענע וואנד־אוהר האט רעגעלמעסיג געקלאַפּט: טיק—טאַק. דער גראָספירסט האט אויך געשוויעגען. ער האט געזעהן, אז זיין ברודער קעמפפט מיט זיך אליין און האט איהם ניט געוואָלט שטערן.

פּלוצלונג האט זיך דער קייסער א טרייסעל געטהאן. ער האט געפאַסט א בעשלוס. ער איז צוגעגאנגען צו זיין שרייב־טיש און האט אנגעשריעבען איינינע ווערטער אויף א בויגען פאפיער.

— וואס האסט דוא בעשלאָסען וועגען איהם, וועגען מיין זוהן? האט איהם דער גראספירסט געפרעגט.

— איך האב נאך גאר ניט בעשלאָסען, האט דער קייסער געזאגט שטילערהייט. איך האב נור צוריקגערופען דעם טאָדעס־אורטהייל. עס איז זעהר א וויכטיגע פראַגע. איך מוז מיך איבערלעגען, שיק דערווייל אוועק דיעזען צעטעל אין פּעטראפּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט. איך וועל מיט דיר מארגען דאַריבער רעדען.

— אלזא, קען איך איהם יעצט ניט נעהמען צו מיר א היים? האט דער גראס־פירסט געפרעגט.

— דאס ניט! אויף קיין פאל ניט! איך האב נור דעם טאָדעס־אורטהייל צור־ריקגערופען ער מוז אבער בלייבען אין קרעפּאָסט. דוא טאָרסט אזא סקאנדאל ניט מאכען. בערעכען, וואס וועט זאגען דיא וועלט, ווען מען וועט געוואהר ווערן, אז דוא האסט גענומען צו זיך א מענשען, וועלכער האט דיך געוואָלט טויטען? אדער ווילסט דוא, אז אלע זאלען וויסען, אז ער איז דיין אונגעזעצליכער זוהן?

דער גראספירסט קאנסטאנטין האט איינגעזעהן אז זיין ברודער האט רעכט.

ווען ער נעהמט איהם שוין צו זיך א היים, וועט עס אנמאַכען אזא רעש, אזא סקאַנ־דאַל, אז עס וועט ווארפען זעהר אן אונאנגענעהמען שאטען אויף די פאַמיליע ראָמאַנאָוו.

ער האט גענומען דעם בויגען פאַפּיער, וואָס דער קייסער האט אנגעשריעבען און האט געזאָגט:

— איך דאנק דיר, ברודער!

— האסט מיר ניט וואס צו דאנקען. איך מוז עס דאך טהאן. ער איז א ראָמאַנאָוו.

דער גראָספירסט האט איהם געגעבען דיא האנד און איז ארויסגעגאנגען פון׳ם פּאַלאַץ. ווען ער איז ארויסגעגאנגען אויף דער גאַס און האט זיך געוואָלט אריינזעצען אין זיין קארעטע, איז אנגעלאָפען א דראָשקע מיט דער פּרינצעסין וויערא. דער גראָס־פירסט האט זיא אנגעקוקט ערשטוינט.

— וויערא! האט ער אויסגערופען. וויא קומסט דוא אהער? אויף א דראָשקע?

— פאָטער! האט וויערא געבעטען און האט געקושט זיין האנד. גיב מיר דיא בעגנאַדיגונג. איך וויל זיא איהם ברענגען. איך וויל אריינגעהן אין זיין קערקער און איהם זאָגען: וולאַדימיר! ברודער! דוא ביסט פריי!

דער גראָספירסט האט זיך פערטראַכט. איהם האט איבערראַשט, וואס וויערא האט ארויסגעזאגט דאס וואָרט: ברודער. אלזאָ, ווייס זיא שוין אלעס. פון וואַנען ווייס זיא עס? — עס איז אָבער קיין צייט ניט געווען לאנג צו טראַכטען, בעזאָנדערס אויף דער גאַס. ער האט איהר געהייסען זיך אריינזעצען צו איהם אין דער קארעטע.

— דוא האסט רעכט, מיין טאָכטער! האט ער איהר געזאָגט. ברענג דוא איהם דיא פרעהליכע נאַכריכט. פון דיין מויל וועט זיא איהם געווים אנגענעהמער זיין. פאהר דוא צו איהם, טרייסט דו איהם. איך קען עס אלענפאַלס ניט טהאן. איך קען יעצט ניט פאהרען אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט. אויף מיר קוקען טויזענד אויגען. מען קוקט מיר נאך אויף יעדען שריט. ווען מען וועט געוואהר ווערן, אז איך בין געווען אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט, וועט זיך אויפריהרען פּעטערבורג. דיך קען מען ניט. דוא דארפסט אויך ניט זאגען, ווער דוא ביסט. מיט א בריעף פון׳ם קייסער אליין וועט מען דיך באַלד צולאזען.

ער האט אָבער נאך מעהר געטהאן. ער האט געשיקט רופען איינעם פון׳ם קיי־סערס אדיוטאַנטען און האט איהם געהייסען צופאהרען אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרע־פּאַסט זאגען דעם קאָמענדאַנט אים נאָמען פון׳ם קייסער, אז מען וועט איהם באַלד ברענגען א בריעף פון׳ם קייסער אליין.

דיא פּרינצעסין וויערא איז אוועקגעפאָהרען און דער גראָספירסט האט זיך אומ־געקעהרט אין שלאָס און געהייסען איינשפּאַנען אנאנדער קארעטע, אין וועלכער ער איז געפאָהרען א היים.

וויערא האט געהייסען דעם קוטשער טרייבען דיא פערד, וויאפיעל זיי קענען נור לויפען. אין אייניגע מינוטען איז זיא געווען ביים גרויסען טויער פון פּעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט. מען האט זיא באַלד אריינגעלאָזען.

— — — — — — — — — — — — —

וולאַדימיר איז געבליעבען ליעגען, וויא א וואהנזיניגער, ווען זיין מוטער און

דזשעפערסאָן זיינען פון איהם אוועקגעגאנגען. פאר איהם האט זיך יעצט געעפענט א נייע וועלט. דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז זיין פאָטער. ער האט געשאָסען אויף זיין אייגענעם פאָטער. וויערא איז זיין שוועסטער. — יעצט, ערשט יעצט האט ער געוואָלט לעבען. ביז אהער האט ביי איהם דאס לעבען קיין ווערטה ניט געהאט; ביז אהער איז ארום איהם אלעס געווען דונקעל, אלעס איז געווען איינגעוויקעלט אין א טיעפעס גע־היימניס — יעצט, ווען דאס געהיימניס האט זיך אָנגעהויבען אויפצוקלערן; ווען דער נעבעל ארום איהם האט אנגעהויבען צו פערשווינדען און פון דער פינסטערניס האט זיך ארויסגעוויעזען דיא זון, — יעצט מוז ער שטארבען.

ער האט ערווארטעט זעהר ווייניג פוּ׳ם בעזוך פון זיין מוטער ביים גראָספירסט. ער האט נאך ניט געוואוסט, וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען דעם גראָספירסט און זיין מוטער. ער האט זעהר געוואָלט וויסען אלעס איבער זיין געבורט און פאר וואס זיין מוטער האט איהם ביז אהער ניט געוואלט זאגען, ווער ער איז, פאר וואס האט זיא איהם געלאזען ערציעהען אונטער א פאַלשען נאָמען. ער האט אזוי פיעל געוואוסט, אז צווישען דעם גראָספירסט קאנסטאנטין און זיין מוטער עקסיסטירט א בעזאנדערע פיינדשאפט, א געהיימער האַס.

— צווישען זיי איז געווים אמאל פאָרגעקומען עטוואס שרעקליכעס, האט וולאַ־דימיר געזאגט צו זיך אליין. ער וועט זיא געווים ניט צולאזען צו זיך, ער וועט מיט איהר ניט וועלען רעדען. ער איז אויך ניט אים שטאנד עטוואס צו טהאן. דער טאדעס אורטהייל איז אונטערגעשריעבען פוּ׳ם קייסער. עס איז אומזיסט. איך מוז שטארבען.

ער איז אויפגעשפרונגען פון דיא הארטע ברעטער, אויף וועלכע ער איז געלעגען און איז ארומגעלאפען אין זיין קעמעריל, וויא א ווילדעס טהיער אין זיין אייזערנעם שטייג. ער האט פראָבירט דיא טהיר, דיא ווענד, דיא אייזערנע גראטעס פוּ׳ם איינ־ציגען קליינעם פענסטעריל. — אלעס אומזיסט. דיא טהיר איז שטארק און מיט אייזען בעשלאָגען, דיא ווענד זיינען שטארק און גלאַט, דיא אייזערנע גראטעס זיינען קאלט און לאזען זיך ניט בייגען.

ער איז אזוי ארומגעלאפען אהין און אהער איינינע צייט, ביז ער איז מיעד גע־וואָרען און איז וויעדער געפאלען אויף זיין הארטעס געלעגער. פלוצלונג האט ער דער־הערט א גערויש פאר דער טהיר פון זיין קעמעריל.

— דאס זיינען דיא הענקער, מען קומט מיך פיהרען צום טוידט, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און פרינצעסין וויערא איז אריין צו איהם אין קעמעריל.

— דוא ביסט עס, וויערא? מיין ליעבע, טהייערע וויערא?

אין א מינוט ארום האבען זיך דער ברודער און דיא שוועסטער ארומגענומען. זיי האבען זיך ניט געקימערט, טאמער קומט ווער אָן; זיי האבען ניט געטראכט, טא־מער שטערט מען זיי; זיי זיינען געווען גליקליך, זיי זיינען געווען ענטציקט, זייערע הענד האבען זיך ארומגענומען, זייערע ליפּען האבען זיך בעגעגענט.

— מיין וולאַדימיר! — מיינע וויערא! זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וועלכע

זיי האבען אין דיא ערשטע מינוטען פון זייער ווידערזעהן געקענט ארויסזאגען.

עס זיינען פערגאנגען איינינע פייערליכע, גליקליכע מינוטען.

אך! וויא זעלטען און וויא וועניג זיינען אזעלכע גליקליכע מינוטען אין מענשען׳ס לעבען! וויא זעלטען געניעסט דער מענש וואהרע גליקליכע מינוטען! איך וויל ניט זא־גען שטונדען, ווייל אונגעשטערטע גליקליכע שטונדען געניעסט איינער פון א מיליאן. מיר, געוועהנליכע מענשען, בעצאהלען פאר יעדער טראפען פערגניגען מיט בעכערס מיט טרערין, יעדע פרעהליכע מינוט קאסט אונז שטונדען פון שמערצען און ליידען. וואה־רעס גליק איז אויף דער וועלט ניטא און פאר דעם פאלשען גליק, ווען מיר נארען זיך אליין אפ און מיינען, אז מיר זיינען גליקליך, האבען מיר זעהר טהייער צו בעצאהלען.

— איך ברענג דיר א פרעהליכע נאכריכט, האט ענדליך וויערא געזאגט.

— דוא ביסט דא, דאס איז דיא בעסטע נאכריכט פאר מיר, האט וולאדימיר געענטפערט. דוא ביסט דא! דוא ביסט געקומען און מיט דיר איז געקומען פרייד, גליק און ליעבע.

זיא האט ארויסגענומען א בויגען פאפיער און האט איהם געוויעזען. ער האט עס ניט געוואלט אנקוקען.

— דוא וועסט לעבען, מיין וולאדימיר! דער קייסער האט צוריקגערופען דיין טא־דעס אורטהייל. דאס שטעהט אין דיעזען פאפיער.

— וואס נעהט מיך אן דיעזעס פאפיער? וואס געהט מיך אן דער קייסער מיט זיין אורטהייל? דוא ביסט דא, דוא ביסט ביי מיר! מיין קעמטריל איז א גן עדן, מיין געפענגניס איז פאר מיר דיא גאנצע וועלט, ווען דוא ביסט נור דא.

— אך, וולאדימיר! פיעלעס, זעהר פיעלעס האט זיך געענדערט, זייט מיר האבען זיך ניט געזעהן. מיר זיינען יעצט פיעל נעהנטער, וויא פריהער. ווען דוא האסט געוואינט ביי אונז אין הויז; מיר זיינען אבער יעצט פיעל ווייטער איינער פון׳ם אנ־דערן — מיר זיינען שוועסטער און ברודער.

וולאדימיר האט זיא ארויסגעלאזט פון זיינע ארעמס. ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט און האט אויסגערופען פייערליך:

— אלזא, איז עס וואהר? דוא ביסט מיין שוועסטער, וויערא? פון וואנען ווייסט דוא עס? ווער האט עס דיר געזאגט? איך גלויב עס נאך ניט!

— עס איז וואהר, וולאדימיר, דוא ביסט מיין ברודער.

— פון וואנען ווייס דוא עס?

— איך האב אונגערן אויסגעהערט א געשפרעך צווישען מיין פאטער און דיין מוטער. איך בין געוואהר געווארען פיעלע טרויעריגע זאכען. איך האב א בליק געטהאן אין דיא טיעפע אבגרונדען פון׳ם מענשליכען לעבען און האב מיך דערמאנט דיא ווערטער פון׳ם גרויסען דייטשען דיכטער, פריעדריך שילער:

ווער ערפרייט זיך יע דעם לעבענס,
ווער אין זיינע טיעפען בליקט?

— אזוי? איז עס ווירקליך וואהר? האט וולאדימיר געזאגט פערטראכט. ענדליך האט זיך דאך צערשטרייט דער וואלקען, וועלכער האט פערדעקט מיין געבורט.

ענדליך האט זיך דאך אויפגעקלערט דאס געהיימניס, וועלכעס האט מיך שטענדיג איינגעהילט אין זיין שווארצען שלייער. עס איז אלזא וואהר, דער גראַפפירסט איז מיין פאטער און דוא ביסט מיין שוועסטער!

ער האט זיא צוגעצויגען צו זיך, האט זיא ארומגענומען נאך ענגער, נאך פעסטער און האט אויסגערופען איין מאל נאכ׳ן אנדערן:

— שוועסטער, ליעבע שוועסטער!

אין דיעזע מינוטע האט זיך געוויעזען אין דער טהיר א ווילדער פערוואקסענער קאָפּ מיט א פּאר ברענענדיגע אויגען פון א ווילדע חיה. דאס איז געוועז דער אויפזעהר (נאדזיראַטעל).

— עס איז שפּעט, האט געזאגט א ווילדע גראבע שטימע. דיא טויערן פון דער פעסטונג ווערן פערשלאָסען. קיין פרעמדער טאר זיך מעהר ניט געפינען אין דער פעסטונג.

דער טרוים איז פערשוואונדען, דאס גליק איז צערשטערט און פערניכטעט. דיא ווירקליכקייט איז צוריק דא מיט איהרע פאָרדערונגען, מיט איהרע געזעצע, מיט איהרע אוקאַזען. דער ווילדער אויפזעהר וויל פון קיין זאך ניט וויסען, אויסער זיינע פפליכטען.

נאך א מאל האבען זיי זיך ארומגענומען, נאך א מאל האבען זיך דער ברודער און דיא שוועסטער צוקושט. וויערא איז פערשוואונדען. וולאַדימיר איז געבליעבען ליעגען, וויא א קלאָץ אויף דיא הארטע ברעטער פון זיין קאלטען, טרויעריגען איינזאמען קעמעריל.

## 96טעם קאפּיטעל.

## פערשיקט קיין סיביר.

(פאָרטזעצונג.)

טרויעריג איז פערגאַנגען דיא נאכט פאר וולאדימיר׳ן. ער האט זיך געוואָרפען אויף זיין געלעגער און האט א גאנצע נאָכט קיין אויג ניט צוגעטהאן. באלד זיינען איהם פאָרגעקומען טרויעריגע, שרעקליכע בילדער און באלד האבען פאר איהם געשיינט פרעהליכע, לאַכענדע בילדער פון ליעבע און גליק. שטענדיג אבער זיינען דיעזע פרעהליכע בילדער פערדונקעלט געוואָרען פון אנדערע שרעקליכע. ערשט גאנץ שפּעט, ווען דיא העלע שטראַהלען פון׳ם יונגען טאג האבען אנגעהויבען צו שיינען אין זיין צימערל, ערשט דאמאלס האט א שווערער בלייערנער שלאָף געשלאָסען זיינע מיעדע אויגען. ער ווייס ניט, וויא פיעל ער האט געשלאָפען. א בייזע, צאָרניגע שטימע האט איהם אויפגעוועקט. פאר איהם איז געשטאנען אַשינאָוו.

דער שעף פון דער געהיים-פּאָליציי איז היינט געוועזען זעהר בייז. איהם האט פערדראָסען, וואס דער קייסער האט צוריקגערופען דעם טאָדעס אורטהייל. ער האט געוואָלט האבען דאס פערגניגען צו פיהרען דעם שטאָלצען וולאדימיר צום גאַלגען. ער האט געוואָלט זעהן, וויא ער וועט ווערן בלייך און וועט אנהויבען צו ציטערן, ווען מען וועט איהם ארויספיהרען אויפ׳ן עשאַפאָט.—דער קייסער האט ביי איהם געריבט דיעזעס פערגעניגען.

— נו, שטעה שוין אויף! האט ער געזאגט צו וולאדימיר׳ן גראָב. דיך האט א וואונדער גערעטעט פון׳ם טויט.

— עס איז גאר ניט געווען קיין וואונדער. עס איז געווען א גוטער מענש, וועלכער האט מיך גערעטעט, אדער א גוטער צופאל, האט איהם וולאדימיר געענטפערט.

— וואס וועסט דוא מיר דערצעהלען? איך ווייס, אז אין רוסלאנד ווערט א טאָדעס אורטהייל קיין מאל ניט צוריקגערופען. דאס איז געשעהן א וואונדער, וועלכען איך פערשטעה ניט. אבער פרעה דיך ניט. דוא ביסט נאך ניט פריי.

וולאדימיר איז בלייך געוואָרען. ער האט געוואוסט, אז אשינאָוו שפּאסט ניט.

— וואס מיינט איהר דערמיט? האט ער געפרעגט פערוואונדערט.

— וואס איך מיין, דאס וועל איך דיר באלד זאגען. דוא האָסט זיך אויסגעדרעהט פון טויט, אבער מען וועט דיך פערשיקען קיין סיביר אין א מינע.

וולאדימיר האט געשוויעגען. ער האט ניט געוואלט ווייזען אשינאָוו׳ן, וויא שמערצליך דיעזע נאכריכט איז פאר איהם; וויא וועה עס טהוט איהם געראדע יעצט, ווען עס האט אנגעהויבען העלער צו ווערן ארום איהם, פערשיקט צו ווערן קיין סיביר.

אשינאָוו׳ן האט עס פערדראָסען, וואס וולאדימיר שוויינט. עס האט זיך איהם גערדאכט, אז וולאדימיר לאכט פון איהם, ווייל ער ווייס, אז ער שטעהט אונטערן שוץ פון א העכערין. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז אין וולאדימיר׳ס שווייגען ליעגט פערבאָרגען א בייסענדער שפּאָט. אשינאָוו האט איהם געוואלט ווייזען, אז ער איז דאָך דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי. ער האט איהם דאהער געזאגט:

— איך ווייס צוואר ניט, וואס איהר האט געוואונען. מען וועט אייך צושמיעדען צו א געמיינעם פערברעכער און מען וועט אייך ערגענץ אריינוואַרפען אין א מינע טיעף אין דער ערד, וואו איהר וועט קיין מאל ניט זעהן דיא ליכטיגע וועלט. איהר וועט לעבען, איהר וועט זיך אבער טויזענד מאל אין טאג ווינשען דעם טויט. אונזערע טשינאָווניקעס אין סיביר ווייסען שוין, וויא אזוי צובעהאנדלען דיא ניהיליסטען. עס איז א מאל געווען איינער א געוויסער דעניסאָוו, וועלכער האט געוואָלט איינפיהרען נייע מאָדעס, בע־האַנדלען דיא ארעסטאנטען, וויא מענשען. דער קייסער איז דערפון געוואָהר געוואָרען און האט איהם געהייסען זיך אָפּזאָגען פון זיין שטעלע.

וולאדימיר האט געשוויעגען. ער האט ניט געוואָלט מיט איהם רעדען און האט ניט געוואלט מיט איהם שטרייטען, וואס עס וועט זיין. ער האט געהאָפּט, אז זיין מוטער אדער וויערא וועלען היינט געוויס קומען איהם בעזוכען. אשינאָוו האט פער־צווינגען מיט דיא אַקסלען און איז אוועקגעגאנגען. ער איז געפאהרען צום קייסער מיט׳ן ראַפּאָרט.

אשינאָוו איז געקומען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי קרעפּאסט גאנץ פריה. ער האָט ניט געוואוסט, אז דער קייסער האָט צוריק גערופען דעם טאָדעס אורטהייל און האָט געהייסען אלעם פארבערייטען אום וולאדימיר׳ן צו הענגען. וויא ערשטוינט איז ער אָבער געווען, ווען דער קאָמענדאנט האָט איהם געוויעזען דעם בריעף, וואָס דיא פּרינ־צעסען וויערא האָט איהם געכטען געבראכט. אשינאָוו האט ניט געגלויבט זיינע אויגען.

ער האט דורכגעלעזען דעם בריעף דרייא מאל און האט אלץ ניט געגלויבט, אז דעו קייסער האָט איהם אנגעשריעבען.

— ווער האט איהם געבראַכט? האט ער געפרעגט דעם קאמענדאַנט.

- א יונגעס מעדכען האט איהם געבראכט, האָט דער קאמענדאנט געענטפערט.

— דער בריעף איז אַ פֿאַלשער, א נאכגעמאכטער! האט זיך אשינאוו געבייזערט. דיא ניהיליסטען האבען נאכגעמאכט דעם קייסער׳ס שריפט. אנדערש קען עס ניט זיין. מען האט אונז אפּגענארט.

— ניין, האט דער קאמענדאנט געענטפערט, מען האט אונז ניט אפּגענארט. עס איז געקומען אַ׳ן אדיוטאנט פון׳ם קייסער און האט מיר געזאגט, אז מען וועט באלד ברענגען א בריעף פון׳ם קייזער אליין וועגען דעם ארעסטאנט ראטשינסקי. מיט דעם ארעסטאנט איז עפּעס ניט גלאט.

— ווייסט איהר ניט, ווער איז דאס מעדכען, וואס האט געבראכט דעם בעגנאַ- דיגונגס בריעף?

— איך קען זיא ניט און האב זיא ניט געקענט גוט זעהן. זיא האט געטראגען א געדיכטען שווארצען שלייער.

אשינאָוו איז ארויסגעגאנגען פון קאמענדאַנטס קאבינעט העכסט אויפגערעגט.

— אזוי? האט ער זיך געטראכט. ער האט שוין געהיימניסע פאר מיר. ער וויל מיר שוין ניט אלעס זאגען. ערשט היינט האט ער מיר אליין געגעבען א בעפעהל צו הענגען ראטשינסקי׳ן און אויף דער נאכט האט ער איהם צוריק געריפען. איך מוז וויסען וואס דא איז. דאס איז ווייטער איינע פון דיא געהיימניסע פון׳ם רוסישען קיי- זערליכען האף, וועלכע האבען מעזנעצאוו׳ן געמאכט פאר שעף פון דעם געהיים פאליציי און דורך וועלכע איך קען מיך האלטען. ווען איך וועל נור וויסען, וואס דא איז, וועל איך קענען אויסווירקען ביים קייסער אלעס.

ער איז געגאנגען אין וולאדימיר׳ס קעמעריל, איהם אויספארשען, וועמען ער האט צו פערדאנקען זיין בעגנאדיגונג. מיר האבען געזעהען, אז פון וולאדימיר׳ן האט ער גאר ניט געקענט געוואהר ווערן. וולאדימיר האט געשוויעגען. ער האט איהם ניט געוואלט דערצעהלען, ווער עס איז נעכטען ביי איהם געווען. אשינאוו איז פון איהם אוועקגע- גאנגען מיט׳ן פעסטען ענטשלוס, ער זאל פאהרען צום קייזער מיט זיין טעגליכען רא- פּארט און זאל דערביי געוואהר ווערן, וואס עס איז דא געשעהן מיט׳ן ארעסטאנט ראטשינסקי.

ער איז ארויסגעגאנגען פון׳ם פעטראַפּאוולאָווסקי קרעפּאָסט און האט זיך גע- וואלט זעצען אין זיין דראָשקע, ווען דעם קייסער׳ס אַן אדיוטאנט איז אנגעלאפען אויף א פערד רייטענדיג. ער איז געבליעבען שטעהן פארן טויער פון דער פעסטונג און ווען ער האט דערזעהען אשינאוו׳ן, איז ער צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געזאגט:

— גוט, וואס איך טרעף אייך דאָ. איך האב צו אייך א בעפעהל פון זיינער מאיעסטעט, דעם קייסער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון א קנייטש פון זיין ארבעל א פערזיגעלטען פּאקעט און האט איהם דערלאנגט אשינאוון. אשינאָוו האט אראפּגע-

נומען דעם הוט און עמפפאַנגגען דעם קייסערס בריעף מיט עהרפורכט. ער האט זיך פארנייגט פאר'ן אדיוטאנט און איז אריין אין קרעפּאסט לעזען דעם בעפעהל, וואס דער קייסער האט איהם געגעבען.

וויא ערשטווינט איז ער געוועזן, ווען ער האט איבערגעלעזען, אז מען זאל וולאדי־מיר'ן אוועק שיקען קיין סיביר, אבער ניט מיט אלע ארעסטאנטען, זאנדערן אין א בע־זונדערע קארעטע און אז מיט איהם זאלען פאָהרען צווייא אָפיציערען אלס בעגלייטער. דאס האט ער שוין גאר ניט פערשטאנען. אזא עהרע האט מען נאך אין רוסלאנד קיין פערשיקטען ניט ערוויזען. דאס איז עטוואס אונגעוועהנליכעס, דאס איז אן אויסנאהמע, וועלכע מען האט נאך פאר קיין פערברעכער ניט געמאכט.

ער איז געגאנגען צו וולאדימיר'ן אין קעמעריל, איהם מעלדען, וואס דער קייסער האט בעשטימט פאר איהם. דאס מאל איז ער שוין ניט געווען אזוי שטאָלץ, און ניט אזוי פרעך, וויא פריהער. ער האט שוין געזעהן, אז וולאדימיר שטעהט אונטערן שוץ פון א גאנץ הויכען. אלזא קען מען פון איהם נוצען ציעהען. ער איז דאהער גראדע אריינגעגאנגען צו איהם אין קעמעריל און האט איהם געזאגט איינפאך:

וולאדימיר ראמשונסקי! איך האב נור וואס ערהאלטען א בעפעהל, אז מען זאל אייך פארשיקען קיין סיביר, אבער ניט מיט א פארטיע ארעסטאנטען, זאנדערן אין א בעזונדערע קארעטע. דיא אָפיציערען, וועלכע וועלען פאהרען מיט אייך, וועלען ערהאל־טען פערזיגעלטע בריעף, וואוהין זייא זאלען אייך ברענגען. דיא קארעטע קען צו יעדע מינוט אנקומען, איהר מוזט זיין צו יעדע מינוט בערייט צו פאהרען.

— איך בין בערייט, איז געווען דיא איינציגע אנטווארט, וואס וולאדימיר האט איהם געגעבען.

נאך דעם וואס נעכטען האט פאסירט מיט איהם, נאך דעם בעזוך פון זיין מו־טער און פון זיין שוועסטער, האט וולאדימיר שוין גאר ניט געוואוסט וואס צו דענקען, ווען אשינאוו האט איהם געזאגט, אז מען פערשיקט איהם קיין סיביר.

סיביר! איז שטענדיג דאס שרעקליכסטע ווארט, וועלכע דער אויער פון א רוסע קען הערען. זייט א רוסישער קאזאק, יערמאק טימאפעיעוו, האט ענטדעקט סיביר און האט עס אפגענומען פאר רוסלאנד, האט דער רוסישער צאר, איוואן גראָזני, (איוואן דער שרעקליכער) געמאכט פון דעם גרויסען, שעהנעם לאנד סיביר א געפענגניס פאר רוסלאנד. פון דאמאלס אן, פון 1584, ציטערט יעדער רוסע, ווען ער דערהערט דאָס וואָרט: „פארשיקען קיין סיביר.“ דעם קייזער איוואן גראָזני איז עס צוערשט אריינ־געפאלען אין קאפ צו בעגראָבען אין ד״א שנעע פעלדער פון סיביר יעדען רוסען, וועל־כען ער האט געפונען, אז ער טויג איהם ניט. ער האט געמאכט פון סיביר, וואו מי־ליאנען מענשען קענען זעהר לייכט לעבען אין גליק און פרייד, פאר אן ארט פון טרויער און שרעק. און דאָס דויערט ביז אויף היינטיגען טאָג. דרייא הונדערט יאהר זיינען פערפלאָסען, זייט סיביר איז געוואָרען דער פלוך (דיא קללה) פון רוסלאנד, אונטער אנדערע הערשער. אונטער מענשליכערע קיסריים, וואלט סיביר געווען א גליק ניט נור פאר רוסלאנד, זאָנדערן פאר גאנץ אייראָפּא. סיביר האָט אזוי פיעל רייכטהימער בע־גראָבען אין דער ערד, אז עס וואָלט געקענט געבען בעשעפטיגונגען און זיין דיא קוועלע

פון גליק פאַר מיליאָנען מענשען. דיא רוסישע הערשער ווילען אָבער דערפון ניט וויסען. סיביר איז פאר זיי א געפענגניס, וואוהין זיי באגראָבען יעדען, וועד עס איז נור מיט זייער הערשאַפט ניט צו פריעדען. זיי האָבען ארומגערינגעלט סיביר מיט א וואנד פון קאזאקען און „גאנצים" און לאָזען קיינעם ניט אריין. מען מוז בעגעהן א פערברעכען אום צו קומען קיין סיביר. פיעלע גרויסע געלערנטע האָבען געוואָלט אויספאָרשען סיביר און זעהן, וואס מען קען דארויס מאכען, דיא רוסישע רעגיערונג האט זיי אָבער פאָר־געשטעלט אזוי פיעל שוועריגקייטען, אז זיי האָבען זיך געמוזט ענטזאגען פון זייערע אונטערנעהמונגען.

אויסער גאָלד, זילבער, קופּער און אייזען, וועלכע געפינען זיך אין גרויסע מאסען אין דיא בערג פון סיביר, געפינען זיך דאָרט נאָך פיעלע אַנדערע ארטיקלען, זא, צום ביישפּיעל, דער שטיין, פון וועלכען מען מאַכט בליישטיפטען, איז דער סיבירישער דער בעסטער אין דער וועלט און עס געפינען זיך גאנצע בערג דערפון. ער קאסט אבער דערוויל זעהר טייער, וויל עס זיינען ניטאָ קיין מענשען, וועלכע זאָלען עס בעארבייטען. דיא רעגיערונג בענוצט דיא ארעסטאנטען אין דיא גאלד גרובען. פּריוואט מענשען בעשעפטיגען זיך ניט מיט'ן אויסגראָבען פון'ם שיפערשטיין — דאס איז דער שטיין, פון וועלכען מען מאכט בליישטיפטען — וויל אין סיביר זיינען ניטאָ קיין פאבריקען איהם צו בעארבייטען. מען מוז איהם שיקען קיין אייראָפּא. קיין גוטע וועגען, קיין אייזענ־באהנען זיינען אין סיביר ניטאָ. דאָס אריבערשיקען פון'ם מאטעריאל קיין אייראפּא קאסט זעהר טהייער.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס א בליישטיפט פון סיבירישען שיפער קאסט אין ניו־יאָרק 10—12 סענט א שטיק.

אזעלכע רייכטהימער וועדן אין סיביר פערפאלען, וויל רוסלאנד האָט געמאַכט פון סיביר א געפענגניס, אַן אסטראָג און יעדער רוסע ציטערט, ווען ער דערהערט דאס שרעקליכע ווארט: סיביר.

וולאדימיר האָט אונגערן א ציטער געטאהן, ווען ער האט דערהערט, אז מען פארשיקט איהם קיין סיביר. איהם איז פאָרגעקומען, אז דאס איז נאָך פיעל ערגער וויא דער טויט. ער האט געהאָפט, אז זיין מוטער און וויערא וועלען געוויס קומען היינט צו איהם און וועלען איהם ערקלערען דיא אורזאכע פון דיעזער זאנדערבארען בעגנאדיגונג.

אשינאוו האט געזעהן, אז ער וועט פון וולאדימיר'ן דא גאר ניט ארויסקריעגען. ער האט פערצווינגען מיט דיא אַקסלען און איז אוועקגעגאנגען. ער איז געפאהרען צום קייסער געוואהר ווערן, וואס ער זאל ווייטער טהאן מיט וולאדימיר'ן, ווען ער זאל איהם אוועקשיקען און ווער עס וועט מיט איהם פאהרען.

דיעזעס מאל איז עס אבער אשינאוון ניט געראטהען. דער קייסער איז געוועזען אויפגערעגט און פינסטער. ער האט איהם אויפגענומען זעהר קאלט און האט מיט איהם זעהר ווייניג גערעדט. ווען אשינאוו האט איהם א פרעג געטהאן, ווען זאל מען אוועקשיקען ראטשינסקי'ן? האט איהם דער קייסער געענטפערט קורץ און שארף:

— איך האב שוין געגעבען מיינע בעפעהלע וועגען איהם.

אשינאוו איז אוועקגעפאהרען פון׳ם קייסער זעהר אונצופריעדען. דאס האט איהם צום ערשטען מאל געטראפען, אז דער קייסער זאל מיט איהם אזוי וועניג רעדען און זאל איהם ענטפערן אויף א וויכטיגע פראגע מיט אזא הארטען שארפען טאן.

— דיא ניהיליסטען זיינען דאך א ניצליכע זאך, האט ער געטראכט ביי זיך, ווען ער האט זיך אניעדערגעזעצט אין זיין דראָשקע. זאָ לאנגע דער אלטער האט מורא געהאט פאר דיא ניהיליסטען, האט ער מיך געדארפט און האט מיך בעהאנדעלט פריינדליך. יעצט, ווען עס איז שטיל געוואָרען, דארף ער מיך שוין ניט. מיין פרוי האט רעכט געהאט, מען מוז מאכען ניהיליסטען, מען מוז איבערשרעקען דעם אלטען; מען מוז זאגאר צוצאהלען דיא ניהיליסטען, זיי זאלען מאכען עפּעס א ליארם. מען מוז זעהן מאכען אן אויפריהר צווישען דיא שטודענטען. פראנציסקא מוז מיר דא אויס־העלפען....

אונטערדעסען איז וולאדימיר ארומגעגאנגען אין זיין קעמעריל און האט ארויס־געקוקט מיט טויזענד אויגען, אז זיין מוטער אדער וויערא זאלען קומען איהם בעזוכען. ער האט זיך צוגעהערט צו יעדער רויש פון טריט אין קארידאר, ער האט געקוקט אין דעם איינציגען שמאָלען פענסטעריל, קיינער אבער איז ניט געקומען. זיין קעמעריל איז געבליעבען פערשלאָסען, וויא פריהער. געגען צוויי אוהר נאך מיטאג האט ער דערהערט שווערע טריט אין קארידאר. ער איז צוגעלאָפען צו דער טהיר זעהן, ווער עס איז. ער איז געוועזן זיכער, אז דאס איז זיין מוטער אדער וויערא. וויא גרויס איז געוועזן זיין איבערראשונג, ווען אנשטאט דיא פריינדליכע געזיכטער פון זיין מוטער אדער פון זיין שוועסטער האט ער דערזעהן צוויי הויכע שטארקע זשאנדארען.

— קום מיט אונז, ראטשינסקי, האט איהם איינער געזאגט.

— וואוהין ווילט איהר מיך פיהרען?

— דאס קענען מיר דיר ניט זאגען, איז געוועזן דיא אנטוואָרט.

וולאדימיר האט אנגעטהאן זיין ראָק און איז ארויסגעגאנגען מיט דיא זשאנדארען. זיי האבען איהם געפיהרט דורך א פינסטערן קארידאר אין א הויף, וואו מען האט ניט געזעהן קיין לעבענדיגען מענשען. דאָרט איז געשטאנען אן איינפאכע שווארצע קארעטע צוויי גוטע פערד. איינער פון דיא זשאנדארען האט געעפענט דיא טהירעל פון דער קארעטע און האט געהייסען וולאדימיר׳ן אריינגעהן. וולאדימיר האט זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע, דיא צוויי זשאנדארמען האבען זיך געזעצט לעבען איהם, האבען פער־מאכט דאס טהירעל, פערהאנגען דיא פענסטער און געגעבען א צייכען דעם יאמשטשיק, ער זאל פאהרען.

דיא קארעטע האט געריהרט, דיא שטארקע פערד זיינען געלאָפען שנעל און איידער וולאדימיר האט זיך אומגעקוקט, איז שוין פעטערבורג געוועזן וויט, וייט הינטער איהם.

— אך, וויא גרויזאם! ,ויא אונמענשליך! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ׳ן אנדערן. מען האט מיר זאגאר ניט געלאזט אבשיעד נעהמען פון מיינע מוטער, פון מיין שוועסטער, פון מיין פאטער. הייסט עס בעגנאדיגט? הייסט דאס געשענקט דאס לעבען? וואס טויג אזא לעבען?

ער האט זיך געווענדעט צו דיא זשאנדארמען און האט זיי אנגעהויבען צו פרעגען: וואוהין זיי פיהרען איהם? וויא לאנג דיא רייזע וועט דויערן? האבען זיי ניט א גרוס צו איהם פון'ם גראספירסט קאנסטאנטין, פון זיין טאַכטער?

דיא זשאנדארען אָבער זיינען געווען שטום, וויא דיא אייזענס פון דער קארעטע, אויף וועלכער זיי זיינען געפאהרען. דאס איינציגע, וואס זיי האבען איהם געענטפערט אויף אלע פראגען, איז געווען:

— אויב דוא דארפסט עפּעס, אָדער דוא ווילסט עפּעס, זאג אונז, וועלען מיר דיר פערשאפען.

— איך וויל מיינע פרייהייט, איך וויל זעהן מיינע ליעבע מוטער, מיין געליעבטע שוועסטער, האט וולאדימיר געזאָגט אין זיין פערצווייפלונג.

דארויף האט ער קיינע אנטווארט בעקומען. אויף יעדער פּאָסט־סטאציאָן האט מען געביטען דיא פערד מיט'ן יאמשטשיק. יעדע דריטע נאכט האט מען זיך אויסגערוהט אין א פערשלאָסענעם צימער. עסען און טרינקען האט מען איהם געגעבען, וואס ער האט פערלאנגט און וואס עס איז נור געווען צו בעקומען אויף דיא פּאָסט־סטאציאָנען, וואו מען איז געבליעבען שטעהן.

דיא רייזע איז געגאנגען שנעל. עס איז געווען זומער און דער וועג איז געווען גוט. אויפ'ן צעהנטען טאָג רייזע האבען דיא זשאנדארען ערלויבט אויפצוהייבען דיא פארהענגען פון דיא פענסטער פון דער קארעטע. דאס איז געווען א גרויסע ערלייכטערונג. וולאדימיר האָט וועניגסטענס געקענט זעהן פאר זיך דיא וועלט. ער האט וועניגסטענס געקענט זעהן, וויא פעלדער, וועלדער, סטעפּען און טייכען זיינען פאָראיבער געפלויגען פאר איהם.

ענדליך, אין א שעהנעם פריהמאָרגען איז מען אריינגעפאָהרען אין א גרויסער שטאָדט. וולאדימיר האט געוואוסט, אז דאָס איז א שטאָדט, ווייל דיא זשאנדארען האבען פערהאנגען דיא פענסטער פון דער קארעטע און האבען איהם שטרענגער בעוואכט. מען איז אריינגעפאָהרען אין א גרויסען הויף. וולאדימיר האט געהערט, וויא דיא שווערע טויערן האבען זיך פערמאכט הינטער דער קארעטע. דיא זשאנדארען זיינען ארויס פון דער קארעטע און האבען איהם אויך געהייסען ארויסגעהן. ערשט יעצט האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן, אז ער געפינט זיך אין א גרויסען הויף מיט הויכע מויער'ן ארום. מען האט איהם אריינגעפיהרט אין א גרויסען, שעהנעם צימער און מען האט פערשלאָסען דיא טהיר.

וולאדימיר איז געווען זעהר מיעד פון דער רייזע. ער איז געפאלען אויף א בעט, וועלכעס ער האט געפונען און איז באלד אנטשלאָפען געוואָרען.

דאס לאנגע רייזען ערמיעדעט זעהר שטארק. דער גאנצער מענשליכער קערפּער ווערט צושרויפט און צוטרייסעלט. פון א גאנ'ץ שנעלע רייזע בעקומט מען אמאל דיא זעעקראנקהייט, גלייך וויא מען זאל פאהרען אויף א שיף. וולאדימיר איז געווען אזוי מיעד און אזוי צובראָכען, אז ער איז אָפּגעשלאָפען דעם גאנצען טאָג אויף איין זייט. ערשט אויף דער נאכט איז אריינגעקומען א סאָלדאט, האט איהם אויפגעוועקט און האט איהם געוויזען, אז אויפ'ן טיש שטעהט פאר איהם עסען.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז געקומען צו איהם דער קאָמענדאַנט פון'ם אסטראָג און האט איהם ארויסגעפיהרט אין הויף. דארט איז געשטאַנען אַ פערמאכטע קארעטע און האט אויף זיי געווארט.

— זיינען מיינע ליידען נאך ניט צו ענדע? האט וולאַדימיר געפרעגט טרויעריג. וויל מען מיך ווייטער ערגעץ פיהרען? איז נאך אלעס, וואס מען האט מיר ביז אהער געטהאן, נאך ניט גענוג?

— דאס מאל פאהרט איהר ניט אלס אַרעסטאַנט, ראַטשינסקי, האט איהם דער קאָמענדאַנט געזאָגט פריינדליך. דאס מאל פאהרט איהר אלס פרייער מאַן.

— אלס פרייער מענש? האט וולאַדימיר געפרעגט ערשטוינט. אלזאָ, וואס פיהרט איהר מיך? לאזט מיך אָפּ און איך וועל מיר געהן, וואוהין איך וועל וועלען.

— ליידער, קען איך דאס ניט טהאָן. איך מוז אייך איבערגעבען פון האנד צו האנד.

וולאַדימיר האט געוואָלט נאך עפּעס פרעגען, דער קאָמענדאַנט אָבער האט ארויפגעלעגט אַ פינגער אויפ'ן מויל, אַ צייכען, אז ער קען איהם גאר ניט זאָגען. זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין קארעטע און זיינען אוועקגעפאָהרען. זיי זיינען געפאָהרען ניט מעהר, ווי אַ שטונדע און זיינען צוגעקומען צו אַ ניי אויסגעבויטעס, שעהנעס הויז. דער קאָמענדאַנט האט איהם אריינגעפיהרט אין פאָרהויז און האט גע־עפענט דיא טהיר. ער האט געהייסען וולאַדימיר'ן אריינגעהן און אליין איז ער געבליעבען אין פאָרהויז.

וולאַדימיר אי אריינגעגאַנגען אין צימער און איז געבליעבען שטעהן, וויא פער־שטיינערט. — פאר איהם איז געשטאַנען דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין, זיין פאָטער. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן: זאל ער צו איהם צוגעהן און איהם ארומנעה־מען, וויא אַ קינד אַ פאָטער, אָדער זאל ער זיך שטעלען פאר איהם, וויא אַ סאָלדאַט פאר זיין אָפיציער. דער גראָספירסט האט איהם באַלד געוויעזען, אז ער שטעהט פאר זיין פאָטער, ניט פאר זיין אָפיציער. ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און האט איהם ארומ־גענומען.

— קום צו מיר, מיין זוהן! קום צו מיר, מיין שמערצענס קינד! איך בין זעהר פיעל שולדיג געגען דיר, איך האב אָבער אויך זעהר פיעל געליטען דורך דיר!

איינינע מינוטען איז נאך וולאַדימיר געשטאַנען און האט זיך ניט געקענט ענט־שליעסען, ער זאָל ארומנעהמען דעם גראָספירסט אלס פאָטער. ענדליך האבען זיך געוויעזען טרערין אויף זיינע אויגען. דיא שרעקליכע אייז דעקע, וועלכע האט זייט אַ געוויסע צייט אזוי געפּרעסט זיין ברוסט איז ענדליך צושמאָלצען געוואָרען אין העלע, וואַרעמע טרערין.

— פאָטער! פאָטער! האט ער אויסגערופען. ענדליך האב איך דאך געפונען מיין פאָטער!

ער איז געהאנגען אויף זיין האלז, האט געוויינט, האט אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן: פאָטער! און האט ווידער געוויינט. ער האט אין דער לעצטער צייט אזוי פיעל דורכגעלעבט, אזוי פיעל דורגעליטען, אז ער איז יעצט ניט געוועזן אים שטאַנד

אויסצודריקען זיינע געפיהלע, ארויסצוזאָגען זיין פאטער אלעס, וואס האט אנגעקאָכט ביי איהם אין הארצען. אבער אויך דער גראָספירסט איז געווען געריהרט. דאס ווידער־זעהן מיט זיין קינד האט אויף איהם געמאכט אַ שטאַרקען איינדרוק. עס איז פערגאנגען אַ גערוימע צייט, איידער איינער פון זיי האט געקענט ארויסרעדען אַ וואָרט. דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך, איז געווען וולאַדימיר.

— וואו איז מיין מוטער האט ער געפרעגט. איז זיא אויך געקומען מיט דיר, פאטער?

— ניין, זיא איז געבליעבען אין פעטערבורג.

— און וויערא? איז מיין שוועסטער וויערא אויך געבליעבען אין פעטערבורג?

— יא, זיי האבען ניט געקענט קומען.

— זיי האבען ניט געקענט קומען? האט וולאַדימיר געפרעגט זיי האבען ניט געקענט קומען זאגאר אבשיעד נעהמען פון מיר, איידער מען האט מיך אהער פערשיקט? וויא איז דאס מעגליך, פאטער?

— אך, מיין קינד! האט דער גראָספירסט געזאגט טרויעריג. פארוואס האב איך פריהער ניט געוואוסט, ווער דוא ביסט? פאר וואס האט מיר דיין מוטער מיט אַ לאַנגע צייט צוריק ניט געזאגט, אז דוא לעבסט? דאן וואָלטען פיעלע זאכען אנדערש געווען. דאן וואָלט איך און דוא ניט געוואוסט פון פיעלע ליידען. עס איז אבער אנדערש אויסגעקומען. פיעלע אומשטענדע האבען געבילדעט אַ שווערע אייזערנע קייט, וועלכע האט זיך ארומגעוויקעלט ארום אונז און האט אונז צוזאמען געפרעסט און צוזאמען געדריקט.— דוא ווייסט ניט, וויפיעל איך האב אין דער לעצטער צייט געליטען.

— איך ווייס נור, אז מיין מוטער האט לאנגע, לאנגע יאהרען איבערגעטראגען זעהר פיעל. איך ווייס, אז איהר הערץ איז געבראָכען, איהר לעבען צערשטערט און פערניכטעט. ווער איז שולדיג? וואס פאר אַ טיעפעס געהיימנים פערדעקט נאך יעצט מיין געבורט, דאס ווייס איך ניט. פאר וואס האב איך געמוזט לעבען אונטער אַ פאַלשען נאמען? פאר וואס האב איך ארומגעוואַנדערט אין מיינע קינדער יאהרען פון איין אָרט צום אנדערן? דאס ווייס איך נאך היינט ניט.

— דוא ביסט נאך גליקליך, מיין קינד, וואס דוא ווייסט ניט אלעס. מיר זיינען גליקליך, ווען מיר ווייסען ניט, ווען מיר פערשטעהן ניט; ווען מיר נאררען זיך אליין אָפּ און מיינען, אז מיר לעבען, אז מיר זיינען גליקליך. צו וואס זאלען מיר אויפהויבען דעם פאָרהאנג און ווייזען יענעם דיא וואונדען, וועלכע ער האט פערדעקט?

— פאטער! דוא ענטפערסט מיר אלץ ניט אויף מיינע פראגען: פאר וואס איז מיין מוטער וועניגסטענס ניט געקומען פון מיר אבשיעד נעהמען? פאר וואס איז ניט געקומען מיין שוועסטער וויערא מיך זעהן?

— איך האב דיר שוין געזאגט, אז אַ שווערע האנד ליעגט אויף אונז און פרעסט אונז.

— איך פערשטעה דיך ניט, פאטער.

— דוא וועסט מיך באַלד פערשטעהן. עס איז געווען אַ שטרענגער בעפעהל פון'ם קייסער, אז מען זאָל קיינעם צו דיר ניט צו לאזען, אז מען זאל דיך אוועק שיקען

וויא אַם שנעלסטען. מען האט מיר זאגאר ניט געזאגט, ווען מען האט דיך אוועקגע־שיקט. ווען איך בין געקומען צום קייסער בעטען װעגען דיך, ביסט דוא שוין געוועזען ווייט פון פעטערבורג.

— אָבער וואָס האָט דער קייסער צו מיר? פאַר וואָס איז ער אזוי שטרענג געגען מיר? וואס האב איך איהם דען געטאָהן בייזעס? האָב איך דען בעגאנגען א פערברעכען געגען איהם?

— דיין איינציגעס פערברעכען איז, וואָס דוא ביסט געבאָרען געוואָרען א ראָמאַנאָוו. דיעזעס פערברעכען וועט ער דיר קיין מאָל ניט פערצייהען.

— אזוי? בין איך אלזא א פערשטיקטער? טאר איך אין ערגעץ ניט געהן, אין ערגעץ ניט פאהרען?

— ליידער, אזוי איז עס. דאס איינציגע, וואס איך האב געקענט אויסבעטען ביי מיין ברודער, איז געוועזען, אז ער זאל ענדערן זיין בעשלוס און זאל דיך פערשיקען „וואָלגאָיע פּאָסעלעניע" (אלס קאלאניסט). איך בין געפאָהרען שנעלער פאר דיר און האב פון דיינעט וועגען געקויפט דיעזעס הויז. דא ביסט דוא פריי. דוא מעגסט געהן און פאהרען אין דער גאנצער נערטשינסקער גובערניע, אבער ניט ווייטער.

וולאדימיר האט געוואלט נאך עפּעס פרעגען. דער גראָספירסט אבער האט איהם ניט צוגעלאזען.

— פרעג מיך ניט, מיין קינד. אויף איינינע פראגען קען איך דיר זאגאר ניט אנטוואָרטען און וואס וועסט דוא האבען פון אנטוואָרטען, וועלכע וועלען דיר וויזען נאך א פינסטערע גרוב, נאך א וואונד אין אונזער לעבען. זיי געדולדיג, דיא צייט וועט ברענגען ענדערונגען. עס וועט זיך נאך פיעלעס, פיעלעס ענדערן. מעגליך, אז דיא צוקונפט וועט זיין מילדער און פריינדליכער געגען אונז, אלס דיא פערגאנגענהייט. לאָמיר האָפען דאס בעסטע.

— אלזא, פאטער, ביסט דוא געקומען אהער נור צוליעב מיר?

— נור צוליעב דיר.

— איך קען דא לאנג ניט בלייבען. איך מוז באלד זיין צוריק אין פעטערבורג. מען צווינגט מיך, איך זאל קומען צוריק זא שנעל אלס מעגליך.

— צוואנג, צוואנג און צוואנג, האט וולאדימיר געזאגט מיט א טיעפען זיפץ. איך הער נור פון דיר: מען צווינגט דיך, מען פרעסט, כ'ען דריקט, מען נייטיגט דיך און דאָך ביסט דוא א גראָספירסט, דעם קייסערס א ברודער, וויא אזוי לעבען שוין דיא אנדערע מענשען?

— יעדער האט זיין בינטעל צרות. יעדער טראגט זיי איבער, וויא ער קען, האט דער גראָספירסט געזאגט טרויעריג. איינעם טהוען וועה דיא צעהנער און ער רייסט זיך אויף דיא גלייבע ווענד; דער אנדערער לעגט זיך אניעדער, גראבט זיך איין מיט'ן קאָפּ אין קישען און שוויינט; דעם דריטען ציטערט דאס לייב פאר שמערץ און ער געהט ארום מיט א שמייכעל אויפ'ן געזיכט. אלע דריי טהוען וועה דיא צעהנער, אלע דריי ליידען שרעקליכע שמערצען. דעם וועלכער שריית און רייסט זיך אויף דיא ווענט, ווערט ניט לייכטער פון זיין שרייען; דעם, וועלכער פערגראבט דעם קאָפּ אין קישען און וויינט

שטילערהייט, ווערט ניט לייכטער דערפון, אזוי וויא עס ווערט ניט לייכטער דעם, וועלכער נעהט ארום און שמייבעלט. אלע דריי מוזען ווארטען און ליידען, ביז דיא צעהן שמערצען געהן פאראיבער. דער אונטערשיעד איז נור, אז דער שטארקער כאראקטער טראגט אלעס איבער מיט מוטה, ביז דיא שטונדע פון דער בעפרייאונג קומט. דער שוואכער כאראקטער אבער שרייט, ליארמט געוואלדעוועט און מאכט זיך לעבערליך. — לאמיר דולדען און האפען, אז עס וועלען אמאל קומען בעסערע צייטען, א פרייערע, א פרעהליכערע לופט וועט וועהן איבער רוסלאנד און פרייערע און גליקליכערע מענשען וועלען אין איהר לעבען....

דריי טאג נאך האט דער גראספירסט פערבראכט ביי זיין זוהן. ער האט איהם דערצעהלט אלעס איבער זיין געבורט, וויא אזוי דער קייסער האט איהם געצוואונגען צו פערשיקען זיין מוטער, וויא אזוי מען האט פון איהם אלעס בעהאלטען, וויא אזוי ער האט איהם א מאל געפונען אין א ווייזען הויז און האט איהם גענומען צו זיך, וויא אזוי ער איז דאן ווידער פערשוואונדען — אלעס, וואס אונזערע לעזער איז שוין בעקאנט. ווען דער גראספירסט האט געזעהן, אז וולאדימיר האט זיך שוין אביסעל בערוהיגט, האט ער פון איהם אבשיעד גענומען און איז אוועקגעפאהרען.

97טעס קאפיטעל.

## רוסלאנד אויף דער ערד און רוסלאנד אונטער דער ערד.

דאס לעבען פון א פאלק איז דאס זעלבע, וואס דאס לעבען פון׳ם איינציגען מענשען. דער מענש ווערט געבוירען, וואקסט אויס, ווערט גרויס און שטארק, הייבט אן אלט צו ווערן און ענדליך שטארבט ער. דאס לעבען פון דיא פעלקער איז פונקט דאס זעלבע. א פאלק ווערט געבוירען, עס וואקסט, עס ווערט אלע מאל גרעסער, ביז עס דערגרייכט א געוויסען פונקט, דאן הייבט עס אן אלט און שוואך צו ווערן, ביז עס שטארבט. דער אונטערשיעד צווישען דעם לעבען פון א פאלק און דעם לעבע פון׳ם איינציגען מענשען איז נור דיא צייט. דער מענש לעבט זעבציג, זיבעציג, אכציג העכסטענס הונדערט יאהר, א פאלק קען לעבען פינף הונדערט, טויזענד און זאגאר צווי טויזענד יאהר.ביידע אבער, דער מענש און דאס פאלק, מוזען זיך בייגען אונטער דעם אונפערמיידליכען געזעץ פון דער נאטור: אלעס, וואס ווערט געבוירע, מוז פערלארען געהן.

מיר לעזען אין דיא ביכער פון דער וועלטגעשיכטע פון פעלקער, וועלכע זיינען אמאל געווען גרויס און מעכטיג, האבען אפגענומען א האלבע וועלט און האבען בעהערשט דיא אנדערע האלבע וועלט און יעצט זיינען זיי פערשוואונדען און פון זיי איז געבליעבען נור זייער נאמען, אדער העכסטענס עטליכע איינגעפאלענע מויערן, צערשטערטע שטעדט, פערוויסטעטע פעסטונגען און עטליכע אויפגעווארפענע בערגליך, וויא איינגעפאלענע און צובראכענע מצבות אויף א פערגעסענעם און פערנאכלעסיגטען פריעדהאף.

מיר לעזען אין דער וועלטגעשיכטע פון גרויסע פעלקער, וויא דיא אסירער, באביליאנער, גריעכען, רוימער, פאר וועלכע דיא וועלט האט געציטערט. וואו זיינען זיי יעצט? פערשוואונדען, פערניכטעט — אויסגעשטארבען. אויף זייער ארט זיינען געבארען געווארען אנדערע פעלקער; אייניגע האלטען ערשט אין וואקסען. זיי ווערן יעדעס מאל גרעסער און שטארקער; אנדערע זיינען שוין אין גאנצען אויסגעוואקסען. זיי הויבען שוין

אן אלט צו ווערן, עס בעפאלען זיי קראנקהייטען, זיי ווערן יעדעס מאל שוואכער און וועלען געוויס פריהער אדער שפעטער שטארבען.

איך וויל ברענגען א פאר ביישפיעלע אום מיין פערגלייך בעסער צו ערקלערן. דאס אמעריקאנישע פאלק איז נאך גאנץ יונג. עס איז אין גאנצען א פאר הונדערט יאהר אלט. עס וואקסט מיט יעדען טאג; עס ווערט אלע מאל שטארקער און קרעפ־טיגער. מיר קענען ניט וויסען, וויא גרויס עס וועט נאך אמאל אויסוואקסען, קיינער קען ניט פאראויס זאגען, וואס פאר א ריעז דאס וועט נאך אמאל ווערן. מיר זעהן נור אז עס וואקסט זעהר שנעל און ווערט מיט יעדען טאג שטארקער.

דאגעגען זעהן מיר דאס שפאנישע פאלק ווערט אלע מאל שוואכער און שוואכער. עס ליידעט אן פערשיעדענע קראנקהייטען און מען דארף ניט זיין קיין גרויסער דאקטאר פאראויס צו זאגען, אז עס האלט ביים שטארבען. ערשט ניט לאנג אין 1515 האט דער שפאנישער קעניג און אין דערזעלבער צייט דייטשער קייסער, קארל דער פינפטער, געזאגט שטאלץ:

— אין מיינע לענדער געהט דיא זון ניט אונטער!

ער איז געווען דער הערשער פון צוויי וועלטען: אייראפא און אמעריקא. יעצט איז שפאניען אן ארימעס, אונגליקליכעס לאנד, קוים וואס זיא האלט זיך.

נאך א בעסערן און דייטליכערן ביישפיעל צייגט אונז דאס היילינע רוסלאנד. עס איז געבארען געווארען אין 862, ווענינגסטענס הייבט זיך אן דיא געשיכטע פון רוס־לאנד. ערשט פון 862. עס איז אלזא יעצט אלט אריבער טויזענד יאהר. אין 1862 האט גאנץ רוסלאנד געפייערט זיין טויזענד יעהריגען געבורטס יאהר. אין דיעזע טויזענד יאהר קענען מיר זעהן שריט ביי שריט, וויא רוסלאנד איז געוואקסען, וויא עס איז אלע מאל גרעסער געווארען, וויא עס איז אלע מאל שטארקער געווארען; וויא עס האט זיך אלע מאל אויסגעברייטעט אלץ ווייטער און ווייטער, ביז עס איז געווארען דאס גרויסע, מעכטיגע רוסלאנד, וואס עס איז יעצט — דאס גרעסטע לאנד אין דער וועלט. מיר זעהן, וויא פון דעם קליינעם שטיקעלע לאנד, וועלכעס איז אין גאנצען בעשטאנען פון דער שטאדט קיעוו מיט עטליכע דערפער ארום, איז אין א צייט פון פינף הונדערט יאהר געווארען א גרויס לאנד. מען האט אוועקגעווארפען קיעוו און מען האט געמאכט מאסקווא פאר דיא הויפטשטאדט. שפעטער, נאך אין פינף הונדערט יאהר ארום איז רוסלאנד געווארען נאך גרעסער, מען האט אוועקגעווארפען מאסקווא און אויסגעבויט א נייע הויפטשטאדט — פעטערבורג.

רוסלאנד איז אויסגעוואקסען, עס האט שוין דערגרייכט זיין גאנצע קראפט. עס קען שוין מעהר ניט וואקסען, עס קען שוין גרעסער ניט ווערן. עס מוז שוין געהן צור־ריק. עס הייבען זיך שוין אן צו ווייזען קראנקהייטען. מיר קענען ניט זאגען, אז רוסלאנד איז שוין אלט, אז עס שטארבט שוין. אונזערע לעזער וועלען לאבען פון אונז, ווען מיר זאלען עס זאגען. עס טראגט שוין אבער אין הארצען דיא שרעקליכע קראנקהייטען, וועלכע מען קען אויסהיילען דורך א שווערע און געפעהרליכע אפעראציאן — א פאלקס רעוואלוציאן, אדער עס וועט צו גרונדע געהן.

רוסלאנד קרענקט אויף צוויי שווערע קראנקהייטען: דיא שלעכטע רעגיערונג און

דיא פערשיעדענע פעלקער, וועלכע שטעלען צוזאמען דאס גרויסע רוסלאנד. דיא פּאָליאקען, דיא דייטשען, דיא טאטארען, דיא פיעלע אנדערע פעלקער, וואס רוסלאנד האט ארונטערגעבויגען אונטער זיין שווערען יאך, וועלען שטענדיג טראכטען, וויא אזוי זיך צו בעפרייען. זיי וועלען שטענדיג זיין אונצופריעדען מיט רוסלאנד און וועלען שטענדיג בענוצען יעדע געלעגענהייט אויפצושטעהן געגען רוסלאנד. זיי וועלען זיך פריהער אָדער שפּעטער אָפּרייסען פון רוסלאנד.

איך זעה א שעלמישען שמייכעל אויף דיא ליפּען פון מיינע לעזער. איך וויים, וואס איהר מיינט. איהר גלויבט מיר נים. איהר טראכט זיך:

— דער קאווקאז וועט זיך קיין מאָל ניט אָפּרייסען פון רוסלאנד, דיא קרים וועט שטענדיג בלייבען א רוסישע גובערניע; קורלאנד, ליפלאנד און עסטלאנד וועלען שטענדיג ציטערן אונטער דיא לאַפּעס פון׳ם רוסישען בער. דיא פּאָליאקען וועלען זיך ענדליך געוואָינען מיט׳ן רוסישען יאָך. כיווא, קאָקאנד, יארקאנד, סאמארקאנד און מערוו זיינען זאגאר צופריעדען מיט׳ן רוסישען סאלדאט.

איהר האט א טעות, מיינע ליעבע לעזער, איהר קענט ניט דיא געשיכטע פון דיא פעלקער. מיט דריי — פיער הונדערט יאהר צוריק, ווען דיא טירקיי איז געווען דאס גרעסטע און שטארקסטע לאנד אין דער וועלט, וואלט קיינער ניט געגלויבט, אז גריעבענלאנד און רומעניען וועט אמאל זיין אליין א קעניגרייך, סערביען וועט האבען א בעזונדערן קעניג, בולגאריען א בעזונדערן פירסט און עגיפּטען א כעדיוו. און דאך איז עס וואהר. דאס זעלבע וועט זיין מיט רוסלאנד. דיא פעלקער זיינען ניט קיין מעטאלען. מען קען נעהמען גאלד, זילבער, בליי און צין, זיי ארייגלעגען אין א קעסעל און זיי אזוי שמעלצען, ביז עס וועט ווערן פון זיי איין שטיק. מיט דיא פעלקער קען מען אזוי ניט טהאן. וויא שטארק מען זאָל זיי ניט פרעסען — יעדעס פאָלק בלייבט דאך בעזונדער, פאר זיך און האפט און וואַרט אויפ׳ן טאג פון דער בעפרייאונג. יעדעס פאלק דיא מאסע פון׳ם פאלק, קרעכצט: אך! ווען וועלען מיר שוין אמאל פריי זיין.

נור איין זאך קען פעראייניגען אלע פעלקער, אלע מענשען — פרייהייט און גלייכהייט. דערצו האבען געשטרעבט דיא ניהיליסטען, דיא גרויסע מענער צווישען דיא ניהיליסטען, וויא מיכאאיל באקונין, אלכסנדר הערצען, פּעטער קראפּאָטקין און פיעלע אנדערע. — איך קען דאך דא ניט אויסרעכענען אלע זייערע נעמען. — דיזע גרויסע מענער האבען געפיהלט דיא ליידען פון רוסלאנד און האבען געוואוסט, אז נור א שוועדרע און געפעהרליכע אָפּעראציאָן קען אויסהיילען רוסלאנד, דאס איז א רעוואָלוציאָן.

איך מוז נאך זאגען א פּאָר ווערטער איבער דיא אידען אין רוסלאנד. זיינען מיר, אידען, דען געווען צופריעדען מיט רוסלאנד? האבען מיר דען ניט ערווארטעט, אז א רעוואָלוציאָן זאָל אונז ברענגען פרייהייט און גלייכהייט? וואלטען מיר זיך דען ניט געוואלט אפּרייסען פון רוסלאנד? אונז איז ליעב געווען דאס לאנד, ווייל מיר זיינען דאָרט געבאָרען געוואָרען, דארט אויפגעוואקסען, דארט געלעבט און געליטען; דארט ליעגען דיא ביינער פון אונזערע עלטערן; דארט שטעהן דיא הייזער, וועלכע מיר האבען אויסגעבויט מיט אונזער שוויים און בלוט; דארט שטעהן אונזערע שולען, אונזערע בתי מדרשים, וואוהין אונזערע עלטערן פלעגען אונז פיהרען שבת און יו״ט; דארט

**געפינט זיך אלעס, וואָס איז אונז ליעב און טהייער. מיר האבען ליעב דאס לאנד, עס האט אונז דארט נור געפעהלט — פרייהייט און גלייכהייט.**

פון דער צווייטער קראנקהייט פון רוסלאנד — פון דער שלעכטער רעגיערונג — האב איך שוין גענוג געשריעבען אין דיא פאַריגע קאַפּיטלעך. איך וויל דא נור דער־מאנען נאך איין פונקט, וועלכען איך האב נור בעריהרט אזוי, פערביינגעהענדיג; נעמליך דיא רוסישע פּרינצען, דיא גראָספירסטען.

אין אזעלכע גרויסע פאמיליען, וויא דיא רוסישע הערשער האבען, ווען יעדער קייסער האט עטליכע זיהן, איז עס אונמעגליך, עס זאָל ניט ארויסקומען קיין שטריי־טיגקייטען, קיין קריעגערייען, קיין צאנקערייען צווישען דיא גראָספירסטען. יעדער וויל הערשען, יעדער וויל טראָגען דיא קרוין אויפ'ן קאָפּ, יעדער וויל האבען דיא מאכט, יעדער דאַרף האבען געלד. אלכסנדר דער צווייטער האט עס גוט פערשטאנען און האט פּראָבירט אלעמען צו פריעדען צו שטעלען. ער האט געמאכט זיין ברודער מיכאאיל פאר וויצע־קעניג (נאמעסטניק) אויפ'ן קאווקאז; זיין צווייטען ברודער ניקאָלאי — פאַר אָבערקאָמאַנדירענדען (גלאוונאָקאָמאנדוויושטשי) פון דער רוסישער ארמעע; זיין דריטען ברודער קאָנסטאנטין פאַרן אָבערבעפעהלסהאבער פון דער רוסישער פלאטע, און אזוי ווייטער. ער האט געוואָלט יעדען עפּעס געבען. עס איז איהם אבער ניט געלונגען. קיינער איז ניט געווען צופריעדען. עס זיינען ארויסגעקומען אינטריגען און שטרייטיגקיי־טען, ביז ער האט זיי ענדליך געמוזט צוריקרופען.

אין דער צייט, ווען מיר שרייבען אונזער געשיכטע, האט רוסלאנד געהאט דאס אויסזעהן פון א גאנץ טיעף וואסער. פון אויבען איז דאס וואסער אזוי שטיל, אזוי גלאַט, אזוי שעהן, אז דיא זון שפּיעגעלט זיך אָפּ אין איהם; אונטען אבער קאָכט עס, זיעדעט, רוישט, שטירמט און דרעהט זיך מיט א שרעקליכער געוואַלט.

דער פרעמדער, וועלכער איז דורכגעפאהרען רוסלאנד, האט געזעהן, אז אלעס איז שעהן גלאַט, פערפּוצט, פערציערט, פערקעמט, פערגלעט און פערשמיערט. און ער האט געקענט גלויבען, אז רוסלאנד איז דאס שטאַרקסטע לאנד, דאס גרעסטע לאנד, דאס געזונדעסטע לאנד אויף דער וועלט. דאס איז דאס אויבערשטע רוסלאנד, דאס רוסלאנד אויף דער ערד.

ווער עס האט אבער אויפגעהובען דעם פאַרהאנג און האט זיך צוגעקוקט, וואס עס טהוט זיך אונטען, אונטערן וואסער, אין דעם רוסלאנד אונטער דער ערד, אדער וויא סטעפּניאק רופט עס Underground Rossia, דער האט ערשט געזעהן, וויא קראנק רוסלאנד איז. אין קייזערליכען הויף אינטריגען, בעטריעגערייען, פאַלשקייטען. דער נאסליעדניק האט שוין גיכער געוואָלט אנטהאן דיא קרוין. דעם קייסערס ברידער האבען געטראַכט, וויא אזוי אפּצונעהמען שטיקער רוסלאנד און ווערן דאָרט אליין הערשער. דיא ניהיליסטען האבען געטהאן אלעס מעגליכע אום דאס רוסישע פאָלק אויפצוקלערן, עס זאָל שוין אמאל אראָפּוואַרפען פון זיך דיא שווערע, אייזערנע קייטען, וועלכע עס טראָגט שוין זייט טויזענד יאהר.

מיינע לעזער וועלען מיר ענטשולדיגען, וואס איך האב מיך אביסעל פארפּהי־לאָזאָפירט אין דיעזען קאַפּיטעל. געדולד, מיינע לעזער! איהר וועט נאך האבען גענוג

ראָמאַן און ליעבע אין דיא לעצטע קאַפּיטלעך פון דיזען ערצעהלונג. פאר וואס זאלט איהר ניט וויסען אביסעל מעהר איבער רוסלאנד? דאס קען אייך דאך ניט שאדען.—

עס איז א שעהנער זומער־טאג. דיא זון איז נור וואס אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא שעהנע געגענד ניט ווייט פון נערטשינסק. פון׳ם געדיכטען גרינעם וואלד זיינען ארויסגעגאנגען צוויי מענשען. ביידע זיינען געווען זאנדערבאר געקליידעט דער עלטערער פון זיי האט געטראגען א לאנגען קאפטאן און א פאר ניט גאנץ ריינע, אין ערטער צוריסענע הויזען. איין בליק אויף זיין קאפּ און אויף דיא צווי לאָקען פון פאָרנט אויף זיין שטערן האבען באלד געצייגט, אז דאס איז א איד מיט א פאר פיאות. אויף דער פלייצע האט ער געטראגען א שווערן פּאַק מיט סחורה ער איז געגאנגען לאנגזאם און איינגעבויגען אונטער זיין שווערער משא. ווען איינער זאל זיך געווען איינבויגען און איהם א קוק טהאן אין געזיכט, וואלט ער בעמערקט, וויא פון זיין בלייכעס, צר קנייטשטעס געזיכט לייכטען ארויס א פאר פייעריגע אויגען און זיין גאנצעס געזיכט דריקט אויס מוטה און ענערגיע פון א יונגען מאן.

דער צווייטער איז געווען א געוועהנליכער רוסישער בויער מיט רויטע האאר און מיט א ווילדעס, פערוואקסענעס געזיכט. ער האט געהאלטען אין דער האנד א גרויסען שטעקען, אויף וועלכען ער האט זיך אנגעשפּארט. עס איז געווען דייטליך, אז ער איז געווען זעהר מיעד און זעהר הונגעריג ווייל ער האט זיך קוים געשלעפּט.

— איהר געהט קיין נערטשינסק? האט דער בויער געפרעגט דעם אידישען קאָראָבייניק (פּעדלער).

— יא, איך געה קיין נערטשינסק, מעגליך, אז איך וויל דארט קענען עפּעס פערקויפען.

— וואס האט איהר דען אין אייער פּאַק?

— וואס האב איך ניט? איך האב אלערליי סחורות, האט דער איד געענטפערט אין געבראָכען רוסיש. איך האב האלזטיכער, קאַפּטיכער, שערעלעך, מעסערלעך, נאָד־לען, קעמעליך, קרעלען און אלעס, וואס מען דארף.

— מאכסט דוא גוטע געשעפטען אין דיא דערפער?

— איך וואלט געקענט מאכען גוטע געשעפטען, ווען איך זאל מעגען געהן ווייט פון היע. איך בין אָבער א פערשיקטער „וואָלנאַיע פּאסעלעניע“ און איך טאר ניט אוועקגעהן גאנץ ווייט. אויסערדעם מוז איך אין יעדען דארף אונטערקויפען דעם סטאַ־ראָסטא און דעם אוריאדניק. יעדער רייסט, יעדער צופּט. וואס בלייבט שוין מיר איבער?

— יא, האט געזאָגט דער רויטער בויער מיט א זיפץ, איך ווייס שוין, וויא אזוי מען רייסט פון׳ם קרעמער דיא הויט.

— אזוי? זייט איהר א סוחר? האט איהם דער איד געפרעגט.

— איך וואלט פיעללייכט געווען א האנדעלסמאן, אָבער מיינע קאמעראדען האבען ניט געהאט מיט וואָס צו צאהלען אויסער טרערין און זיפצען.

— וואס מיינט איהר? איך פערשטעה אייך ניט.

— דוא וועסט מיך באלד פערשטעהן. איך בין געווען פערשיקט קיין סיביר. מען האט מיך אויסגעשלעפּט אין אלע אסטראָגען און אין אלע געפענגניסע און ענדליך

האט מען מיר געזאגט: געה דיר! דוא טארסט פון דער גובערניע ניט ארויספאהרען, אבער דא מעגסט דוא געהן, וואו דוא ווילסט און טהאן, וואס דוא ווילסט. דאס איז זעהר לייכט צו זאגען. וואס זאל איך אבער טהאן? איך בין געגאנגען אין דיא דערפער זוכען ארבייט, איך האב ניט געפונען, קיינער וויל מיך ניט אויפנעהמען. איך געה יעצט צוריק קיין נערטשינסק, פיעללייכט וועל איך דארט קריעגען עפּעס וואס צו טהאן.

זיי זיינען געגאנגען ווייטער און האבען גערעדט גאנץ פריינדליך. באלד האט זיך געוויעזען אַ דאָרף. ביידע רייזענדע זיינען געווען זעהר מיעד און האבען זיך געאיילט צו צוקומען צום דאָרף. דער אידישער קאָראָבייניק איז געווען, וויא עס ווייזט אויס, גוט בעקאנט מיט דער געגענד. ער איז ניט צוגעגאנגען צום גרויסען שענק אין דערמיט פון'ם דאָרף, זאנדערן צו אן אָרים שענקעל, וועלכעס איז געשטאנען גאר אין אַ זייט.

— פאר וואָס געהסט דוא ניט אריין אין גרויסען שענק? האט איהם זיין בעגלייטער געפרעגט.

— איך בין אַ איד און טאָר ניט עסען אין גרויסען שענק, ווייל דער ווירטה איז אַ קריסט. דא אבער אין דעם קליינעם ארימען שענקעל וואינט אַ איד.

זיי זיינען אריינגעגאנגען אין דעם אָרימען, איינגעפאלענעם שענקעל. דיא שטוב איז געווען זעהר אָרים און שמוציג. לעבען איין וואנד איז געשטאנען אַ סטאָיקא מיט אַ קליין פעסעלע בראנפען און עס זיינען געהאנגען עטליכע בייגעל. דער אידישער קאָראָבייניק האט אפּגעגעבען דעם ווירטה אַ ברייטען שלום עליכם אויף אידיש, האט אבער ווייטער גערעדט מיט איהם ריסיש. ער האט איהם געהייסען געבען צוויי שנאַפּסען פאר זיך און פאר זיין בעגלייטער און עפּעס עסען. דער ווירטה האט געהייסען זיינע אַ טאכטער אריינברענגען ברויט און זויערע אוגערקעס. עפּעס בעסערעס איז וואהרשיינליך אין שטוב ניט געווען.

— וויא ווייט איז פון דאנען קיין נערטשינסק? האט דער קאָראָבייניק געפרעגט.

— אין גאנצען צוויי מייל.

— וויא געהט עס אייך דא אין דאָרף? האט דער קאָראָבייניק ווייטער געפרעגט. עס איז געווען דייטליך, אז ער האט געוואָלט ביי דעם ווירטה עפּעס אויספאָרשען.

— וויא זאל עס געהן אַ פערשיקטען? האט דער ווירטה געענטפערט טרויעריג. דער אנדערער שענקער איז רייך, ער האט אַ גרויסע שטוב אין אלערליי געטרענקע. אלע בויערן פון'ם דאָרף געהן צו איהם, צו מיר קומט מען זעלטען. איך האב געבעטען דעם גובערנאטאָר, ער זאל מיר ערלויבען ארויסצופאָהרען פון דאנען, זוכען ערגעץ אַ בעסער אָרט, ער האט עס מיר אָבער ניט ערלויבט. איך מוז דא וואָינען.

— אויף וויא לאנג האט מען אייך דען פערשיקט? האט דער קאָראָבייניק געפרעגט, און פאר וואָס האט מען אייך פערשיקט?

— פאר וואס מען האט מיך פערשיקט? פרעגט איהר. וואָס זאל איך אייך זאגען? איך האב קיין פערברעכען בעגאנגען. איך בין אַ בראָדיאגא. מיינע עלטערן האבען מיך ניט צוגעשריעבען צו זייער אָבשטשעסטוואָ (געמיינדע). ווען איך בין געבאָרען געוואָרען, האבען זיי זיך פאר אלעס געזארגט. זיי האבען מיר פערזארגט מיט אַ גוטען מוהל, מיט אן ארבע כנפות, מיט אַ פּאָר לאנגע פּיאות און נאך מיט אזעלבע

שעהנע און ניצליכע זאכען, זיי האבען אבער פערגעסען מיך צו צושרייבען צו דער אָבשטשעסטווא פון דעם שטעדטעל, וואו איך בין געבוירען געווארען.

איך בין אלט געווארען דרייצעהן יאהר. מיינע עלטערן האבען מיך פערזארגט מיט א גרויסע פאר תפילין און האבען מיך ארויסגעלאזט אויף דער וועלט; איך בין דאמאלס געווען, וויא א יונגער קראָקאָדיל. איך האב געהאט אין מויל צוויי רייהען ווייסע, שארפע צעהנער, האב געהאט א פארטרעפליכען אפעטיט, איך האב אבער געהאט זעהר ווייניג מאטעריאַל פאר דיא שארפע צעהנער און צו בעפרידיגען מיין אפעטיט איז געווען ניט אזוי לייכט. בלייבען ביי מיינע עלטערן האב איך ניט געקענט, זיי אליין האבען געהאט מעהר קינדער, וויא ברויט. איך האב געמחט ערגעץ אוועק־פאהרען זוכען ערגעץ א בעשעפטיגונג.

צו ערשט בין איך געפאהרען קיין ווילנא. דארט בין איך אריינגעטרעטען אין א ישיבה. איך האב ניט געוואלט אזוי שטארק לערנען, וויא איך האב געזוכט וואס צו עסען. דאס לערנען איז מיר אויך באלד מיאוס געווארען און איך בין אריינגעטרעטען צו א שניידער זיך לערנען א מלאכה. ביים שניידער האב איך געלערנט אלעס אין דער וועלט, נור ניט קיין שניידעריי. איך האב מיך אויסגעלערנט צו קעהרען דיא שטוב, צו וואשען דאס געפעס נאכן עסען, זיך ארומצוטראגען מיט דיא קינדער, צו האקען האלץ, צו שעפּען וואסער און ארומצולויפען, וואוהין מען האט מיך געשיקט, אויפנעהען א ראק אבער האט מיך מיין בעל הבית, אדער וויא מען רופט עס אויף דייטש, מיין מייסטער, ניט געוואלט לערנען. מעגליך, אז ער אליין האט אויך ניט געקענט אויפ־נעהן א רעכטען ראק, דערפאר האט ער מיך ניט געלערנט. קורץ, איך האב געזעהן, אז קיין שניידער וועל איך ביי איהם קיין מאל ניט ווערן. איך בין פון איהם אוועק־געגאנגען און בין אריינגעטרעטען צו אנאנדער בעל מלאכה. דער האט מיך שוין יא געוואלט עפּעס לערנען, ער האט אבער געהאט א זאנדערבארע מעטאדע, וויא אזוי אויסצולערנען זיינע שילער זיין האנדווערק. ער האט זיי געשלאגען און געהרגעט פארן לערנען, און דערמיט לערנען און נאכ'ן לערנען. זיין פרוי האט זעהר גוט פערשטאנען מעדיצין, זיא איז געווען א שטיק דאקטאר און האט געוואוסט, אז ווען מען עסט צו פיעל, קען מען זיך פערדארבען דעם מאגען. זיא האט מיר דערפאר גאר קיין עסען ניט געגעבען. דעם מאגען האב איך מיר ווירקליך ניט פערדארבען, פעטש און קלעפּ האב איך בעקומען מעהר, וויאפיעל איך האב אליין געוואלט, דער פאר אבער האב איך מיך אויסגעלערנט צו טרינקען בראנפען און צו פערלאטען א ראק.

ווען איך בין אלט געווארען צוואנציג יאהר האב איך געהייראטהעט. א איד מוז הייראטהען זעהר יונג. זיין אן אלטער בחור איז א שאנדע. דיא שדכנים האבען מיך ניט געלאזט צו רוה, ביז זיי האבען מיך חתונה געמאכט. איך בין געווארען אליין בעל הבית און האב געלאטעט רעק, ווען מען האט מיר געגעבען.

אין יענער צייט איז געראדע געווען זעהר א שלעכט יאהר. עס איז געווען א הונגער. איך האב קיין מאל ניט געהאט פיעל ארבייט, אין א שלעכטע צייט האב איך גאר קיין ארבייט ניט געהאט, דערפאר האב איך אבער שוין געהאט אפאר קינדער, וועלכע האבען געוואלט עסען. איך האב געהערט, אז אין וואָלין און אין פאדאליען לע־

בען דיא מענשען זעהר גוט און איך האב מיך ענטשלאסען אוועקצופאהרען אהין זוכען גליק.

דא האבען זיך ערשט אנגעהויבען מיינע ליידען. זא לאנג איך בין געזעסען אויף איין ארט, האט קיינער ניט געוואוסט, אויב איך בין ערגעץ פערשריעבען אדער ניט. אלע האבען מיך געקענט און מען האט מיך ניט בעאונרוהיגט. ווען איך האב אבער געוואלט פאהרען ערגעץ, האט זיך מיר באלד געשטעלט דיא פראגע: וואו נעהמט מען א פאספארט? אהן א פאספארט קען מען אין רוסלאנד ניט ארויספאהרען פון דער שטאדט. איך האב מיך געווענדעט צו דיא אידישע סטאראסטא׳ס און סבארשטשי־קעס און זיי געבעטען, זיי זאלען מיר געבען עפּעס א שטיקעל אנווייזונג. מען האט אבער געפאדערט ביי מיר מעהר געלד, וויאפיעל איך האב געקענט געבען. אזא גליק האב איך שוין נעהאט. גאט האט מיך געבענטשט מיט אלעם גוטען, נור ניט מיט קיין ברויט און ניט מיט קיין געלד.

איך בין געוועזן פערצווייפעלט. בלייבען אין דער היים האב איך ניט געקענט. איך האב קיין בעשעפטיגונג ניט געהאט, פאהרען ערגעץ, „אין דיא פעטע לענדער", האב איך ניט געקענט, ווייל איך האב קיין פאספארט ניט געהאט. גאט פערלאזט אונז אידען אבער קיין מאל ניט. עס האט זיך געפונען א גוטער מענש, וועלכער האט מיר אויסגעהאלפען אין דער נויט און עס האט מיך געקאסט גאנץ ביליג. ער האט מיר פערקויפט א טערקישען פאספארט, זעלבסטפערשטענדליך, מיט א פרעמדען נאמען און מיט א פרעמדער פאמיליע. וואס האט עס מיך אבער געהארט, יוען איך הייס משה און ביי מיר אין פאספארט איז געוועזן פערשריעבען גרונם? א פאספארט איז א פאספארט. מען קען איהם ווייזען אן אוריאדניק און א קווארטאלני. מעהר האב איך ניט געדארפט.

איך בין אוועקגעפאהרען אין דיא ווייטע לענדער, אדער ריכטיגער געזאגט, איך האב מיך אוועקגעלאזט, ווייל איך בין געגאנגען מעהר צו פוס, אלס געפאהרען און האב מיך ענדליך דערשלאגען קיין יעקאטערינאסלאוו.

דערצעהלען אלעס, וויא אזוי איך האב געלעבט און וויא אזוי איך האב געליטען, וועט עס פערנעהמען צופיעל צייט. איך וועל דערצעהלען אין קורצען. איך בין געווארען א הויזירער און האב מיט דער צייט בעצווינגען מיין פרוי און מיינע קינדער, איך בין געוועזן גליקליך, וואס איך האב פערדיענט אזוי פיעל, אז מיין פרוי און קינדער האבען ניט געליטען קיין הונגער. דאס גליק אבער האט ניט לאנג געדויערט. איך האב מיך איין מאל צוקריעגט מיט מיינעם א שכן. אונזערע קינדער האבען זיך איבער עפּעס צר־שלאגען און איך האב מיך אריינגעמישט. מיין שכן האט געוואוסט, אז איך וואין מיט א טערקישען פאספארט און האט מיך געמסרט, אז איך בין א רוסישער און זיץ אויף א פאלשען פאס. מען האט מיך ארעטירט און מען האט מיך אנגעהויבען צושיקען „פאָ־עטאפּו" פון דארף צו דארף און פון שטאדט צו שטאדט. קיינער האט מיך ניט געוואלט אנערקענען. קיין אבשטשעסטווא האט מיך ניט געוואלט אויפנעהמען. מען וואלט מיך יא נעוועזן אויפגענומען, ווען איך זאל געוועזן האבען געלד. דאס מין מאטעריאל אבער האב איך קיין מאל ניט געהאט.

דריי יאהר נאכאנאנד האב איך מיך אויסגעוואלגערט אין אלע אסטראגען, אין אלע עטאפ־הייזער, ביז מען האט מיך ענדליך פערשיקט קיין סיביר. אזוי איז דאס רוסישע געזעץ. א בראָדיאגא קומט צו פערשיקען קיין סיביר.

דער קאָראָבייניק האט אויפמערקזאם אויסגעהערט דיא טרויעריגע געשיכטע פון׳ם ווירטה. אָבוואָהל ער איז אליין געוועזן א איד, דאָך איז איהם דיעזער פאל פאָר־געקומען זאָנדערבאר. ער האט עס געהערט צום ערשטען מאָל.

אונטערדעסען איז אריינגעקומען דעם ווירטה׳ס טאָכטער, א מעדכען פון א יאהר זיעבעצעהן.

— איז דאס אייער טאכטער? האט דער קאָראָבייניק געפרעגט. וואו איז אייער פרוי?

— מיין פרוי האט ניט געקענט אויסהאלטען דיא לאנגע רייזע און דיא שרעקליכע נויט, וואס מיר האבען געליטען דיא ערשטע צייט, ווען מיר זיינען געקומען אהער. דיא קינדער האבען אלעס איבערגעטראגען. מיין טאָכטער איז יעצט דיא גאנצע ווירטהין אין שטוב. אהן איהר וואָלטען מיר פיעללייכט אלע אויסגעשטאָרבען.

— איך מיין, אז איהר דארפט שוין טראכטען זיא צופערהייראטהען?

— געוויס, דארט מיר שוין דער קאָפּ דאריבער, וואס זאל איך אבער טהאן? וואו נעהמט מען אין סיביר א חתן פאר מיין קינד? מייסטענס פערשיקט מען דאָך אהער מערדער און רויבער. וואָלנאיא פּאָסעלעניע פערשיקט מען זעהר ווייניג און דיא פערשיקטע האלט מען ניט אין איין אָרט, מען צו וואַרפט זיי אין פערשיעדענע גע־גענדען.

ביידע געסט האבען אָפּגעגעסען זייער ארימען מאהלצייט. דער בויער האט זיך געלעגט אויף דער באנק און איז באלד אנטשלאָפען געוואָרען. דער קאָראָבייניק האט געעפענט זיין פּאק און האט צולעגט זיינע סחורות וואונדערבאר! אין פּאק זיינען גע־לעגען א פּאר רעוואָלווערן. דער קאָראָבייניק האט זיי יעצט ארויסגענומען און האט זיי אויפמערקזאם בעטראכט, דער ביי האט ער זיך געהיט, אז דער ווירטה זאל זיי ניט בעמערקען. אין דערזעלבער צייט האט זיך דיא טהיר געעפענט מיט א ליארם און א זשאנדארם איז אריין אין שטוב.

— היי, זשיד! וואָדקאָ! האט ער א געשריי געטהאן.

דער איד איז באלד צוגעלאָפען צו דער סטאָיקא און האט אנגעגאָסען דעם זשאנדארם א גלאז בראנפען. דער זשאנדארם האט זיא אויסגעטרונקען מיט א מאל און האט זיך געהייסען געבען עפּעס פערבייסען.

— אך, בין איך מיך היינט אנגעלאפען? האט ער געזאגט, וויא צו זיך אליין.

— וואס איז היינט אזעלכעס געווען? האט דער ווירטה געפרעגט. זיינען ווידער אנטלאפען ארעסטאנטען פון׳ם אסטראג אין נערטשינסק?

— ניין, האט דער זשאנדארם געענטפערט גראב. ביי אונז אנטלויפען קיין ארעסטאנטען ניט. עס איז עפּעס אנדערש, ווארום מען האט אונז היינט ארומ־געיאגט.

— עפּעס אנדערש? וואס קען עס זיין? האט דער ווירטה געפרעגט נייגיעריג און האט אנגעגאַסען דעם זשאנדארם נאך א גלאז בראנפּען.

— טשאָרט פּאָבערי! האט דער זשאנדארם אויסגערופען. דער גובערנאטאר פון נערטשינסק האט דערשמעקט, אז עס דרעהן זיך ארום ניהיליסטען אין זיין גובערניע. ער האט ערהאלטען א געהיימען דאנאס, אז דער געוויסער ניהיליסט באקונין, וועלכער איז שוין צוויי מאל אנטלאפען פון סיביר, געפינט זיך יעצט דא ערגעץ אין דער געגענד.

— באקונין? האט געפרעגט דער ווירטה. זאל עס זיין דערזעלבער באקונין, וועלכער איז מיט עטליכע יאהר צוריק אזוי קונציג אנטלאפען פון'ם אסטראג? ווען איך בין געקומען אהער, האבען אלע גערעדט נור דערפון, וויא אזוי ער האט אָפּגענארט דעם קאָמענדאנט און דיא וואך און איז אין מיטען העלען טאג אנטלאפען פון'ם אסטראג. מען האט איהם דערנאך אוועקגעזוכט מאנאטען לאנג, ביז מען איז געוואָהר געוואָרען, אז ער איז ערגעץ אין פּעטערבורג. זאל עס זיין דערזעלבער באקונין?

— דאס איז ער, דער הונד! האט זיך דער זשאנדארם געבייזערט. איבער איהם בין איך היינט ארומגעלאָפען אויף אלע וועגען און אין אלע דערפער. איך האב איהם געזוכט אומעדום, איך האב איהם אבער אין ערגעץ ניט געפונען. אך, ווען איך זאל איהם דערטאפּען! איך וואָלט מיך שוין אן איהם נוקם געווען!

— איך גלויב ניט, אז איהר וועט איהם אזוי גיך געפינען, האט דער ווירטה געזאגט פערטראַכט. מען זאגט, אז ער איז זעהר קלוג און וויים זיך, וויא אזוי צו פער־שטעלען. ער געהט ארום אין פּעטערבורג פראנק און פריי און דיא פּעטערבורגער געהיים־פּאָליציי קען איהם ניט חאפּען.

— ווען ער איז נור דא ערגיץ אין דיעזע געגענד, וועלען מיר איהם שוין דערטאפּען, האט געזאגט דער זשאנדארם שטאָלץ. מיר וועלען איהם שוין אויסגראבען פון אונטער דער ערד.

דער ווירטה האט זיך אוועקגעקעהרט און האט א שמייכעל געטהאן, גלייך וויא ער האט געוואָלט זאגען: זוכט איהם נור! איהר וועט איהם שוין קריעגען! באקונין איז צו קלוג פאר אייך. איהם וועט איהר קיין מאל ניט חאפּען.

אין דיעזע מינוט האט זיך דער אידישער קאָראָבייניק אייפגעהויבען פון דער באנק, איז צוגעגאנגען צום זשאנדארם און האט איהם געזאגט אין א זעהר געבראָכען רוסיש:

— פיעללייכט קען איך אייך עפּעס זאגען איבער דיעזען פערדאַמטען באקונין? איך געה דאָך אויך אוים דיא גאנצע געגענד.

דער זשאנדארם האט זיך ערשט יעצט ארומגעקוקט אין דער ניט גאנץ העלער שטוב און האט דערזעהן דעם אידישען קאָראָבייניק און דעם בויער, וועלכער איז גע־שלאָפען אויף דער באנק.

— ווער ביסט דוא, זשיד! האט ער איהם געפרעגט. וואס קענסט דוא וויסען פון אזא ארעסטאנט, אזא קאטאָרזשניק, וויא באקונין?

— איך וויים געוויס ניט, האט דער קאָראָבייניק געענטפערט. איך קען איהם

געווים ניט, אבער ווען איך בין דורכגעגאנגען היינט אין דער פריה דעם וואלד לעבען וולאגאנסק, האב איך געזעהן, וויא איינער איז געשלאָפען אין וואלד אונטער א בוים.

— איז דאס געווען אן אלטער מאן, אדער א יונגער? האט דער זשאנדארם געפרעגט.

— איך האב מיך ניט גוט צוגעקוקט צו איהם. ער האט מיר אויסגעוויעזען צו זיין שוין ניט קיין יונגער מאן.

— און וואס פאר א קליידער האט ער געטראגען? האט דער זשאנדארם ווייטער געפרעגט.

דיא ערצעהלונג פון'ם אידישען הויזירער האט איהם, וויא עס וויזט אויס, שטארק פעראינטערעסירט. ער איז געווען אומעדום, נור אין דאָרף וולאגאנסק איז ער גראדע ניט געווען.

— ער איז געווען געקליידעט, וויא א דייטש און לעבען איהם איז געלעגען א לאנגע דייטשע פּפייפע.

— זעהר מעגליך, אז דאס איז ער געווען, האט דער זשאנדארם געזאגט פער־טראכט. איך בין גראדע אין וולאגאנסק היינט ניט געווען.

ער האט זיך געווענדעט צום הויזירער און האט איהם געפרעגט:

— ווען איז דאס געווען? ווען זיינט איהר דורכגעגאנגען דעם וואלד לעבען וולאגאנסק?

— מיט א פאר שטונדען צוריק. דער מאן איז געשלאָפען געשמאק. איך מיין, אז ווען איהר זאלט צורייטען אהין, וועט איהר איהם פיעללייכט נאך טרעפען דאָרט אין וואלד.

— ער האט פיעללייכט רעכט, האט דער זשאנדארם געזאגט. איך בין אבער זעהר מיעד און וואָלט מיך געוואָלט אביסעל אויסרוהען.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דעם ווירטה'ס טאכטער. דער זשאנדארם האט זיא צוגערופען צו זיך.

— נו? וואס מאכסט דוא דאברושא? האט ער זיא געפרעגט און האט זיא א גלעט געטהאן אויף דיא רויטע באַקען.

דאס מעדכען איז געוואָרען רויט און האט געוואלט אנטלויפען. דער זשאנדארם אבער האט זיא צוריקגעהאלטען.

— וואוהין לויפסט דוא, מיין טייבעלע? האט ער געזאגט און האט זיא צוגעצוי־גען צו זיך. קום צו מיר, איך ליעב דיך.

ער האט געוואלט איהר געבען א קוש. דאס מעדכען האט זיך געראנגעלט מיט איהם און האט זיך בעמיהט מיט אלע קרעפטען זיך אויסצורייסען פון איהם. אויפ'ן געזיכט פון איהר פאטער האט זיך אויסגעדריקט שרעק און פערצווייפלונג.

— לאזט זיא צו רוה, הערר זשאנדארם, האט ער געבעטען. לאזט זיא אפּ, זיא איז נאך א קינד און פערשטעהט ניט אייער שפּאס.

דער זשאנדארם, וועלכער איז געווען אביסעל צו היצט פון'ם שנאפּס און פון'ם ראנגלען זיך מיט'ן מעדכען, האט זיא ארומגענומען נאך פעסטער און האט אויסגעשריען:

— שוויג, יודע! זשיד! דאָברושאַ איז ניט קיין קינד, איך ליעב זיא, איך וויל זיא הייראטהען. דאס איז אַ גרויסע עהרע פאר דיר, אז אַ מאַן, וועלכער טראגט דעם קייסערס מונדיר און איז אונטער־אָפיציער, וויל הייראטהען דיא טאכטער פון אַ פּארשיווע זשיד.

זיינע אויגען האבען געגליהט, וויא דיא אויגען פון אַ הונגעריגען וואלף; עס איז איהם ענדליך געלונגען אנצוחאפּען דאס מעדכען ביי דיא לאנגע האר און אויסצודרעהן איהר געזיכט צו זיך. ער האט שוין אויסגעצויגען זיינע גראָבע פליישיגע ליפּען אום דאס מעדכען צום קושען. דאס מעדכען האט אנגעהויבען צו שרייען. אין דיעזע מינוט האט זיך דיא באנק, אויף וועלכע דער אידישער הויזירער איז געזעסען, איבערגעקעהרט, דער קאָראָבייניק (הויזירער) איז אראָפּגעפאלען און האט זיך אראָפּגעקייקעלט דעם זשאנדארם צו דיא פיס. דער פאל איז געווען אזא שטארקער, אז דער זשאנדארם איז אויך אומגעפאלען און האט אפּגעלאזען דאס מעדכען, וועלכע איז באלד אנטלאפען, וויא אַ פייגעלע, וועז מען עפענט איהר דאס שטייגעל. דער זשאנדארם האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען צו שרייען און צו שילטען.

— דוא פערדאמטער יודע! פּארשיווי זשיד! דוא האסט עס געוואגט מיך אומצואוואָרפען! ווארט! איך וועל דיר שוין ווייזען, ווער עלטער איז! יא טעבע דאס!

ער האט ארויסגעחאפּט זיין נאגאייקע און האט זיא אויפגעהויבען אויפ'ן קאָראָבייניק.

— ענטשולדיגט מיר, גנעדיגער הערר! האט דער קאראבייניק געבעטען. איך האב עס געטהאן ניט אומיסטען. איך האב מיך אביסעל איינגעבויגען, דיא באנק איז געשטאנען קרום, בין איך אומגעפאלען און האב אייך אומגעוואָרפען.

— איך וועל דיר שוין ווייזען, וויא אזוי מיך אומצוואוארפען ניט אומיסטען! האט זיך דער זשאנדארם געבייזערט און האט אראָפּגעלאזען דיא נאגאייקע אויפ'ן ארימען קאָראָבייניק.

דער קאָראָבייניק אָבער האט זיך געשיקט אויסגעדרעהט פון אונטער זיינע הענד און דיא נאגאייקע האט געטראָפען זיין בעגלייטער, וועלכער איז געשלאפען אויף דער אנדערער באנק לעבען איהם.

— פאר וואס שלאגט איהר מיך? האט געשריען דער בויער און איז אויפגעשפּרונגען פון דער באנק. וואס האב איך אייך געטהאן? איהר ווייסט דאך, אז איך בין יעצט פריי און קיינער טאר מיך ניט שלאגען.

דער זשאנדארם איז געבליעבען שטעהן, וויא צו מישט. ער האט געטראָפען ניט דעם, וואס ער האט געוואלט.

— איהר פערברענגט דא אייער צייט אומזיסט, הערר זשאנדארם, האט דער קאָראָבייניק איהם געזאגט. זעצט אייך בעסער אויפ'ן פערד און לויפט שנעל אין וואלד לעבען וולאנאנסק, איהר קענט נאך דארט טרעפען דעם פערשטעלטען דייטש, אָדער מיכאאיל באקונין, — זעהט, אט לויפט דארט דאָברושאַ אויף דער גאס. איהר וועט זיא שוין אזוי גיך ניט קריעגען.

דער זשאנדארם האט אַ קוק געטהאן אין פענסטער און האט ווירקליך געזעהן, וויא דאס מעדכען איז געלאפען, וויא פייל אויסען בויגען. דערביי אָבער האט ער דער־

זעהן נאך עפּעס אנדערש. פון׳ם אנדערען זייט דארף איז געלאפען אין פאלען גאלאָפּ א רייטער אין א בלויען מונדיר מיט ווייסע שניר.

— ווער זאל עס זיין? האט ער געפרעגט זיך אליין.

דער רייטער איז געקומען נעהנטער און ער האט באלד דערקענט.

— אך, דאס איז דערזשי מאָרדאַ. ער איז אויך ארויסגעפאהרען היינט אין דער פריה זוכען דעם קאַטאַרזשניק, דעם באקונין.

אין דיעזע מינוט איז דער זשאנדארם צוגעקומען צו שענק. ער איז אראפּגע־שפּרונגען פון פערד און איז האסטיג אריין אין שענק.

ביים אנבליק פון׳ם צווייטען זשאנדארם איז דער קאַראַביינִיק געוואָרען זעהר אונרוהיג און איז ארונטערגעקראָכען הינטער דער סטאָיקאַ, וואו דאַברושאַ׳ס פּאַטער איז געשטאנען. עס איז געווען דייטליך, אז ער בעהאלט זיך און איז ניט שטארק צו־פריעדען מיט׳ן נייען גאסט.

— נו? וואס הערט זיך, דערזשי מאָרדאַ? האט דער ערשטער זשאנדארם גע־פרעגט זיין קאמעראד. האָסט דוא געפונען עפּעס א שפּור פון דעם פערדאמטען באקונין?

— איך האב זעהר א וויכטיגע נאכריכט ערהאלטען איבער איהם, האט דערזשי מאָרדאַ געענטפערט.

— ער האט זיך פערשטעלט פאר א דייטש און געפינט זיך ניט וויט פון וולאנאנסק? — נו, דאס וויים איך שוין.

— ניין! האט דערזשי־מאָרדאַ אויסגערופען. דוא ועסט עס ניט דערראטהען. ער האט זיך פערשטעלט פאר א אידישען קאַראַביינִיק. ער געהט דא ארום ערגעץ אין דער געגענד מיט א גרויסען פּאַק אויף דיא פּלייצעס.

— א קאַראַביינִיק? א איד? האט דער זשאנדארם קוים ארויסגערעדט.

פּלוצלולוג האט ער זיך גענעבען א פּאַטש אין שטערן און האט אויסגעשריען, וויא א וואהנזיניגער:

— אך! וואו זיינען מיינע אויגען? איך האב דאך ערשט גערעדט דא מיט א אידישען קאַראַביינִיק. ער איז מיר פון דער ערשטער מינוט ניט געפעלען. איך האב איהם באלד געוואלט ארעטירען, אבער דיא דאַב....

ער האט זיך אומגעקוקט אין שטוב — דער קאַראַביינִיק איז פערשוואונדען. דיא טהיר איז געבליעבען פערמאכט, דיא פענסטער זיינען געבליעבען געשלאָסען און דער קאַראַביינִיק איז פערשוואונדען, גלייך וויא ער וואָלט אין דער ערד אריין.

— דער קאטארשזניק אז אנטלאפען! האט ער אויסגערופען אין פערצווייפלונג. באקונין איז דא געוועזן אין שטוב. איך האב אליין מיט איהם גערעדט און האב איהם ניט ארעטירט. וואס האב איך געטהאן?

— ער איז דאך דא ערשט געווען, האט דערזשי־מאָרדאַ געזאגט, אלזא, קען ער דאך ניט זיין וויט פון דאנען. מיר קענען איהם אלזא זעהר לייכט אניאגען. — שנעל, אלזא! קום, יעווסטאך! לאמיר איהם זוכען.

— ווייסט דוא, וואס, דערזשי־מאָרדאַ? זעץ דוא דיך אויף אויפ׳ן פערד און זוך

איהם אין אלע שטראַסען ארום דאָרף און איך וועל איהם זוכען דא אין שטוב. איך מיין, אז ער האט זיך ערגעץ בעהאַלטען דא אין שטוב. איך האב ניט געזעהן, ער זאל ארויסגעהן. ער איז געוויס ערגעץ פערקראָכען אויפ'ן בוידעם אדער אין שייער אין היי.

— דוא האָסט רעכט, יעווסטאך! האט דערזשי־מאָרדא געזאגט.

ער האט באלד אנגעטהאן זיין הוט און איז ארויסגעלאָפען אויף דער גאַס. יעווסטאך האט זיך יעצט אומגעקוקט און דערזעהן, אז דער שענקער איז אויך ערגעץ ארויסגעגאנגען. ער האט אנגעהויבען צו קלאפּען מיט זיין ברייטען פּאַלאַש (א ברייטע שווערד) אויפ'ן טיש, אז דיא גלעזער אויף דער סטאָיקא האבען אנגעהויבען צו טאַנצען.

— היי! מאָשקאָ! וואו ביסט דוא? האט ער געברומט, וויא א לייב. וואו ביסט דוא אהינגעקומען? ווארט! דוא וועסט מיר פאר אלעם פעראנטוואָרטען. יא טעבע־דאַם!

דער ווירטה איז ארויסגעקומען פון'ם אנדערן צימער און האט געפרעגט מיט אן אונשולדיגער מינע:

— וואס פערלאנגט איהר, הערר זשאַנדאַרם? איך בין נאך ניט געוועזען אין שטאדט און האב נאך גאר ניט געבראַכט. איך קען אייך געבען מיין טאַבאַק, ווען איהר ווילט.

— איק־טשאָרטי! האט דער זשאַנדאַרם געשריען. צום טייפעל מיט דיין טאַבאַק! וואו איז דער קאָראָבייניק? איך וויים, אז דוא האָסט איהם ערגעץ בעהאַלטען, דוא האָסט געמיינט, אז ער איז אויך א איד. אך, דיא אידען זיינען שווינדלער! זיי העלפען איינער דעם אנדערן, זיי וועלען ניט ארויסגעבען זייערן א ברודער. גיב מיר דעם קאָראָבייניק! שנעל! זאג מיר, וואו ער איז! דאס איז ניט קיין קאָראָבייניק, דאס איז דער פער־פלוכטער ניהיליסט באָקונין. גיב מיר איהם אהער!

דער שענקער האט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און האט געקוקט דעם זשאַנדאַרם גלייך אין דיא אויגען.

— איך פערשטעה אייך ניט, גנעדיגער הערר, האט ער איהם געזאגט מיט א רחמנות פּנים. איך האב קיין באָקונין אין דיא אויגען ניט געזעהן. דער ארעמער איד, וועלבער איז דא געוועזן, איז פריהער ארויסגעגאַנגען מיט זיין פּאַק. ער איז געוויס אריינ־געגאַנגען דא ערגעץ צו א שכן איהם פערקויפען זיינע סחורות.

— אזוי? דוא פערשטעהסט מיך ניט? נו, וועסט דוא מיך באלד פערשטעהן.

ער האט אנגעכאַפּט דעם שענקער ביים ראָק און האט איהם געהאַלטען פעסט מיט זיין אייזערנע האנד.

— קוק מיר נור גלייך אין דיא אויגען, זשיד. זאג מיר, האסט דוא ניט גערעדט ערשט ניט לאנג מיט'ן אידישען קאָראָבייניק?

— געוויס, האב איך מיט איהם גערעדט. ער איז געביך אן ארעמאן און טראָגט זיך ארום מיט אזא שווערן פּאַק. איך האב איהם געגעבען א גלעזעל בראַנפען אומזיסט. עס איז דאך אויף איהם א רחמנות.

— וואס רעדסט דוא פון אן ארימאן? דאס איז דאך דער טייפעל באָקונין! מיר זוכען איהם שוין דעם דריטען טאג און קענען איהם ניט געפינען.

-- אזוי? דאס איז באקונין? האט דער שענקער געזאגט פערוואונדערט. גלויבט עס ניט, גנעדיגער העררר, דאס קען ניט זיין. איך גלויב עס ניט, גלויבט איהר עס אויך ניט. דאס איז געווען אן ארימער איד, וועלכער האט זיך ביי מיר אביסעל אָפּגערוהט און איז זיך באלד אוועקגעגאנגען. —

דער שענקער וואָלט אוועקגערעדט נאך א גאנצע שטונדע נאכאנאנד. עס איז געווען דייטליך, אז ער האט געוואָלט זיך פערר׳עדען מיט׳ן זשאנדארם אום דער קאָראָ־בייניק זאל דערוויילע געווינען צייט צו אנטלויפען אדער זיך צו בעהאלטען. דער זשאנדארם איז געווען זעהר אויפגערעגט און האט עס צוואר ניט בעמערקט, עס איז איהם אבער דאך לאַנגוויילינ געוואָרען אויסצוהערן, וואס דער שענקער פּלוידערט. ער האט איהם אנגענומען שטארקער און האט געזאגט מיט א דאָנערענדער שטימע:

— דוא ווערסט מיך ניט אָפּנאררען! זאג מיר, וואו דער קאָראָביינינק איז, אדער איך וועל דיך צושלאגען וויא א וויינינגען עפּעל.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויפגעהויבען דיא נאגאיקע און האט זיא געוואָלט אראָפּלאָזען מיט זיין גאנצער קראַפט אויפ׳ן שענקערס פּלייצעס. דער שענקער האט איהם אנגעהויבען צו בעטען.

— וואס רעדט איהר, גנעדיגער העררר? א י ך, א י ך וועל בעהאלטען אזא פּער־ברעכער, וויא דער באקונין איז, אין מיין הויז? איהר קענט דאך מיך, אז איך בין יא א טרייער אונטערטהאן פון אונזער אלגנעדיגען קייסער. ווען איך זאל נור וויסען, וואו באקונין איז, וואלט איך עס באלד געמעלדעט דער פּאָליציי. איך וואָלט געלאָפען הונדערט וויאָרסט צו פוס אום איהם אויסצוגעפינען און איהם איבערצוגעבען אין גוטע הענד.

— דוא זאגסט א ליגען, דוא פערדאמטער יודע! איהר אידען האט פיינד דיא רעגיערונג, איהר העלפט שטענדיג דיא פיינד פון רוסלאנד און זייט איינס מיט דיא ניהיליסטען. איך קען אייך גוט. זאג מיר, וואו דוא האָסט אהין געטהאן דעם קאָראָ־בייניק, אדער איך שלאג דיך צו טויט.

דער שענקער האט זיך איינגעקאָרטשעט און איז געוואָרען פיעל קלענער, וויא ער איז געווען. דיא נאגאיקע איז זעהר א שלעכט מאכל. ער האט צונויפגעלעגט דיא הענד און האט אנגעהויבען צו בעטען:

— גנעדיגער העררר זשאנדארם! איהר זעהט דאך, אז ער איז ארויסגעגאנגען. ער האט מיר זאגאר ניט בעצאהלט פאר׳ן שנאפס, וואס ער האט געטרונקען. וואו קען איך איהם בעהאלטען? איך האב דאך נור צוויי צימער, דעם שענק און א שלאָף צימער. אין שענק זעהט איהר דאך, אז ער איז ניטא, קומט מיט מיר אין שלאָף־צימער און איהר וועט זיך איבערציינען, אז דארט איז אויך קיינער ניטא. איהר ווייסט דאך, אז איך בין זעהר ארים, איך האב ניט קיין קיה, ניט קיין פערד; איך האב ניט קיין שטאל, ניט קיין היי, וואו האב איך איהם געקענט בעהאלטען?

דער זשאנדארם איז אריינגעקומען אין דער רציחה, האט אויפגעהויבען דיא נאגאיקע און האט זיא מיט זיין גאנצער קראפט אראָפּגעלאָזען דעם אידען אויף דיא

**פלייצעס.** דער איד האט ארויסגעלאזען א געשריי און איז געפאלען הינטער דער **סטאָיקא** וויינענדיג פאר שמערץ.

— מיט גוטען וועל איך מיט דעם הונד גאר ניט מאכען, האט געברומט דער זשאנדארם, איך מוז פראָבירען מיט בייזען. זאג מיר, דוא הונד! וואו האסט דוא אהין געטהאן דעם קאראבייניק? גיב מיר איהם אהער?

— איך ווייס ניט, איך האב איהם ניט געזעהן, האט דער שענקער געוויינט.

— קום, דוא הונד, מיט מיר! וויז מיר אויס דיין שטוב! האט זיך דער זשאנ־דארם געבייזערט. דער קאטאָרזשניק באקונין איז אין ערגעץ ניט אוועקגעגאנגען. ער איז דא אין שטוב.

ער האט אנגעהאפט דעם שענקער ביים קאָלנער און האט איהם געוואָלט אריינ־שלעפען אין אנדערן צימער. דער שענקער איז געוואָרען אונרוהיג און האט אנגעהויבען צו ציטערן, דא אבער האט זיך ארייגגעמישט דער בויער, וועלכער איז געקומען מיט באקונין אדער מיט'ן אידישען קאראָבייניק — דען דאס איז ווירקליך געווען באקונין — ער האט צוגעזעהן דיא גאנצע סצענע שטילערהייט, נור פון צייט צו צייט האט ער געקריצט מיט דיא צעהנער פאר פערדרוס. ווען ער האט אבער געזעהן, אז דער זשאנדארם וויל דעם אידען אריינשלעפען אין שלאָף־צימער, האט ער זיך געווענדעט צו איהם און האט איהם געזאגט.

— איך ווייס ניט, וואס איהר ווילט פון דיעזען מענשען? וואס שלאגט איהר איהם? וואס שלעפט איהר איהם? איהר זוכט עפעס א פערברעכער? געהט און זוכט איהם! וואס האט איהר צו דיעזען מענשען?

דער זשאנדארם איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט שוין גאר געהאט פערגעסען אן איהם. יעצט אבער האט ער זיך אומגעקוקט צו איהם.

— אה! דוא ביסט נאך דא? האסט דוא דען ניט געזעהן דעם אידישען קאראָ־בייניק דא אין שענק?

— געוויס האב איך איהם געזעהן. איך בין געקומען מיט איהם. איך בין דעם גאנצען אין דער פריה געגאנגען מיט איהם.

דער זשאנדארם האט אפגעלאזען דעם אידען און האט זיך גענומען צום בויער.

— אזוי? דוא ביסט געקומען מיט איהם? פון וואנען ביסט דוא געקומען מיט איהם?

— מיר זיינען געגאנגען צוזאמען דעם גאנצען וועג פון וולאנאנסק ביז אהער. מיר האבען א גאנצען וועג געפלוידערט צוזאמען, מיר האבען דא געגעסען צוזאמען.

— האסט דוא אן איהם גאר ניט בעמערקט? איז דיר ניט פארגעקומען, אז דאס איז א פערשטעלטער, אז ער איז גאר ניט קיין קאראָבייניק?

— אך, ניין, הער זשאנדארם! וואס פאלט אייך איין? דאס איז אן אמת'ער איד, וויא איך בין אן אמת'ער קריסט. ער קען דאך זאגאר ניט גוט רעדען רוסיש. איהר האט א טעות, הער זשאנדארם, מען וועט נאך פון אייך לאכען.

דער זשאנדארם איז געבליעבען א פאר מינוטען שטעהן צומישט. — וואס וועט זיין, ווען ער וועט האפען דעם קאראבייניק און עס וועט זיך אויסווייזען, אז ער איז

ווירקליך א גאנץ איינפאכער איד? וועט מען איהם דאך אויסלאכען. דיזע געדאנקען האבען איהם אבער אויפגעהאלטען נור א פאר מינוטען. באלד האט ער זיך איבער־לעגט, אז דערזשי־מארדא האט איהם דאך געזאגט, אז באקונין האט זיך פערשטעלט פאר'א אידישען הויזירער. דערזשי־מארדא וועט קיין ליגען ניט זאגען. ער איז שטענדיג ביים זשאנדארמסקי פאלקאוניק אין קאנצעלאריע און וויים געוויס פון א זיכערער קוועלע, אז דאס איז געווען באקונין.

— דוא ביסט א גרויסער נארר! האט ער א געשריי געטהאן אויפ'ן בויער, דער באקונין האט דיך אויך אפגענארט. האסט דוא ניט געזעהן, וויא ער איז ארויסגעגאנגען פון דאנען?

— געוויס האב איך געזעהן, וויא ער איז שטילערהייט ארויסגעגאנגען מיט זיין פאק און איז געגאנגען אויפ'ן וועג קיין נערטשינסק.

— דוא זאגסט א ליגען! דוא ביסט אויך א ניהיליסט! איך וועל דיך ארעסטירען.

— טהוט עס נור, גנעדיגער הערר, האט דער בויער געלאכט. איהר וועט מיר טהאן דיא גרעסטע טובה, איך האב אלענפאלס ניט, וואו צו שלאפען היינטיגע נאכט.

— אזוי? דוא ווילסט, איך זאל דיך ארעסטירען? נו, גוט! דוא וועסט שוין האבען, וואס דוא פערלאנגסט. יעצט, קום מיט אונז! העלף מיר זוכען דעם קאטאר־זשניק, דעם באקונין.

דער שענקער האט דערווייל געעפענט דיא טהיר פון זיין ארימען שלאף צימער און האט געוויעזען דעם זשאנדארם, אז עס איז לעדיג. קיינער איז דארט ניטא. זיי זיינען ארויסגעגאנגען אין הויף, אין שטאל, אין סאראי (היילאגער), זיי זיינען ארויפגע־גאנגען אויפ'ן בוידעם — דער קאראבייניק איז פערשוואונדען, וויא אין דער ערד אריין. דער זשאנדארם איז געווען אויסער זיך. וואו זאל ער האבען אהינגעקומען?

— זאג, פערדאמטער יודע, וואו האסט דוא בעהאלטען דעם קאראבייניק? האט ער געשריען איין מאל נאכ'ן אנדערן. ער מוז דא ערגעץ זיין! איך וואלט געלאפען ברענגען דיא פאליציי, איך קען אבער פון דאנען ניט אוועקגעהן. דוא וועסט איהם אונטערדעסען ערגעץ אוועקפיהרען.

ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען זוכען הילף; ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, טאמער וועט ער דערזעהן אויף דער גאס א בויער אדער א בויער־פרוי און וועט זיי הייסען געהן אין דער פאליציי ברענגען הילף. דיא איינציגע דארף גאס אבער איז געווען לעדיג. עס איז געווען זומער און דיא דארפס איינוואינער זיינען געווען בע־שעפטיגט אויף דיא פעלדער.

אין דער צייט, וואס דער זשאנדארם האט זיך אומגעקוקט אין פענסטער, איז דער בויער, וועלכער איז געקומען מיט באקונינען צוגעגאנגען צום שענקער און האט איהם אנגעהויבען צו ווינקען, אז ער זאל באקונינען ניט ארויסגעבען. ער זאל זיך האל־טען פעסט, אז ער וויים ניט פון וואס צו זאגען.

דער זשאנדארם האט זיך ווייטער גענומען צום שענקער, האט איהם געשאלטען און געשלאגען. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. דער שענקער האט זיך געהאלטען פעסט, אז ער וויים ניט פון וואס צו זאגען. דער זשאנדארם איז ענדליך מיעד געווארען

און האט זיך געזעצט ווארטען, ביז איינער וועט אנקומען איהם צו הילף. ענדליך איז אנגעקומען דיא הילף. דערזשי מארדא איז צוריקגעקומען. ער איז געווען מיעד און מאט, זיין פערד איז אין גאנצען געווען בעדעקט מיט שוים. ער איז געלאפען ביז נערטשינסק און צוריק, האט געזוכט דעם קאראביייניק אויף אלע וועגען און אויף אלע שטראסען; ער האט געפרעגט יעדען, וועמען ער האט בעגעגענט, אויב מען האט ניט געזעהן א אידישען קאראביייניק? אבער קיינער האט ניט געזעהן און ניט געהערט. ער איז צוריקגעקומען צו זיין קאמעראד יעווסטאך הערן פיעללייכט האט ער געפונען דעם ניהיליסט באקונין; זיין קאמעראד אבער איז געווען אין דערזעלבער לאגע, וואס ער. — באקונין איז פערשוואונדען.

— נו? האסט דוא עפּעס אויסגעפונען? האט דערזשי מארדא געפרעגט, ווען ער איז אריינגעקומען אין שטוב.

— דער פערדאמטער יודע האט איהם ערגעץ בעהאלטען, האט יעווסטאך גע־ענטפערט צארניג. העלף מיר, פריינד, נאך אמאל דורכזוכען דאס הויז. ער איז דא געווען. ער איז אין ערגעץ ניט אוועקגעגאנגען. ער מוז דא ערגעץ זיין.

ער האט זיך געווענדעט צום שענקער און איהם געזאגט

— יעצט דארף איך דיך ניט. מיר וועלען שוין יעצט אליין דורכזוכען דיין הויז, ביז מיר וועלען איהם געפינען. אבער וועה דיר, ווען מיר וועלען איהם געפינען! ווייסט דוא, וואס עס קומט, ווען מען בעהאלט אזא געפעהרליכען פערברעכער ביי זיך אין שטוב? — צוואנציג יאהר קאטארגא. געדענק עס דיר! יעצט בלייב אין שטוב. וואג עס ניט ערגעץ ארויסצוגעהן.

ביידע זשאנדארען האבען אנגעהויבען דורכצוזוכען דיא שטוב, דעם בוידעם, דעם קעלער, דעם הויף און האבען גאר ניט געפונען. פלוצלונג האט דערזשי מארדא דער־זעהן אין א ווינקעל אין הויף ליעגען א פעקעל.

— וואס איז דאס? האט ער געפרעגט מיט שטוינען.

— דאס איז דאס פעקעל, וואס דער קאראביייניק האט געטראגען! האט אויס־געורופען יעווסטאך.

זיי האבען אויפגעהויבען דאס פעקעל און האבען דערזעהן מיט שטוינען, אז הינטערן פעקעל איז געווען אוועקגערוקט א ברעט פון'ם צוים פון הויף.

— יעצט ווייסען מיר שוין. ער איז ארויס אין הויף, האט אויפגעריסען א ברעט און איז זיך אוועקגעגאנגען. יעצט טארען מיר קיין צייט פערליערען! שנעל! מיר מוזען איהם זוכען. ער איז דא ערגעץ אין דארף. קום, לאמיר געהן אויף דער פאליציי זאגען דעם אוריאדניק, ער זאל צונויפרופען דאס גאנצע דארף, מיר וועלען איהם שוין געפי־נען. אהה, דאס מאל וועט ער שוין ניט אנטלויפען!

— וואס טהוט מען אבער מיט'ן שענקער? ער האט דאך איהם געהאלפען אנטלויפען?

— לאז איהם דערווייל צו רוה. איהם קענען מיר דאך שטענדיג קריעגען, ער איז א פערשיקטער און וועט אין ערגעץ ניט אנטלויפען.

זיי זיינען אוועקגעגאנגען פון'ם שענק, האבען אויסגעזוכט דעם אוריאדניק און

האבען איהם אויפגעפאָרדערט, ער זאל צונויפטרייבען דאס גאנצע דארף. מען האט איבערגעקעהרט יעדעס הויז, מען האט אויסגעזוכט דאס גאנצע דארף און דעם וואלד ארום און מען האט גאר ניט געפונען.

ווען דער שענקער איז געבליעבען אליין, האט איהם דער בויער געפרעגט:

— וואו האסט דוא בעהאלטען באקונינען?

— פון וואנען קענסט דוא איהם? האט איהם דער שענקער געפרעגט.

— פון וואנען איך קען איהם? אה! איך קען איהם בעסער פון דיר. איך בין געוועזען אין דעמזעלבען אסטראָג, פון וואנען ער איז אנטלאפען. אלע ארעסטאנטען האָבען איהם געקענט. יעדער געדענקט איהם, יעדער האט איהם ליעב געהאט, וויא א ברודער. דער פרעהליכסטער טאג אין אונזער לעבען איז געוועזען, ווען מיר זיינען געוואהר געווארען, אז ער איז אנטלאפען. מיר האבען געוואוסט, אז ער איז דער איינציגער, וועלכער ליעבט דאס רוסישע פאָלק מיט'ן גאנצען הארצען. ער איז דער איינציגער, וועלכער איז אום שטאנד צו בעפרייען אונז.

ווען מיר פלעגען קומען פון דער ארבייט מיעד און מאט און זיך לעגען שלאפען אויף דיא הארטע ברעטער, פלעגען מיר נאך שטונדען לאנג אוועקרעדען פון דיעזען זאנדערבארען מענשען. וויא שטארק מען האט אונז בעוואכט, וויא שטארק מען האט אונז געהאלטען פערשפאָרט, פלעגען מיר דאך פון צייט צו צייט ערהאלטען נאכריכטען פון איהם. — אך! פאר וואס האב איך ניט געוואוסט, מיט וועמען איך געה? איך וואלט איהם אויף דיא הענד געטראגען! איך וואלט איהם מיט מיין קערפער געשיצט נעגען דיא ווילדע, שלעכטע, אונבארמהערציגע זשאנדארען!

וואו איז ער אָבער יעצט? דיא ווילדע מענשען קענען איהם געפינען. ער מוז דאך דא ערגעץ זיין. איך האב נור געזעהן, וויא ער איז אריינגעגאנגען אין דיין שלאָף־צימער. מעהר האב איך איהם ניט געזעהן. וואו איז ער? זאג מיר. איך וועל געהן איהם ווארענען, איהם אָפּהיטען.

דער אָרימער בויער האט גערעדט אזוי פון טיעפען הארצען, אז דער אידישער שענקער איז געוועזען פעליג איבערצייגט, אז ער איז ווירקליך באקונין'ס פריינד און האט פאר איהם ניט, וואס מורא צו האבען. איבערהויפּט זיינען אלע, וועלכע האבען אמאל פערזוכט סיביר קיין גרויסע פריינד דער רוסישען רעגיערונג. דיא שלעכטע, אונמענש־ליכע בעהאנדלונג מאכט דעם מענשען פאר א פיינד.

— זייט רוהיג, מיין ליעבער מאן, האט דער שענקער ענדליך געזאגט. מיין דאָב־רושא וועט איהם שוין רעטען. זיא איז גוט בעקאנט מיט דער געגענד. זיא געהט אפט מיט דיא בויערן־מעדכען קלויבען יאגאָדעס אין דיא וועלדער און ווייס יעדעס ווענגעלע אין וואלד. זיא וועט איהם שוין ארויספיהרען אויף א וועג.

— אזוי? האט דיין דאָברושא איהם גערעטעט? האט געזאגט דער בויער. א אידיש מעדכען האט גערעטעט דעם גרויסען קעמפּפער פיר דיא פרייהייט פון'ם רוסי־שען פאָלק? דאס וואלט איך קיין מאל ניט געגלויבט. איך האב שטענדיג גערעכענט אייך אידען פיר פייגלינגע, פיר שוואַכע מענשען. מען רעדט פון אייך און מען דערצעהלט

פון אייך אזוי פיעל שלעכטעס, אז איך האב גערעכענט, איהר זייט טאקע שלעכט. יעצט זעה איך, אז מען זוכט נור אייך שווארץ אויסצומאָלען.

ער האט געגעבען דעם אידישען שענקער זיין ברייטע, אויסגעארבייטעטע האנד און האט איהם הערצליך געדאנקט פאר באקונין׳ס רעטונג.

— קענסט דו אַ מיר ניט זאגען, וואוהין דיין דאָברושא האט איהם אוועקגעפיהרט?

— דאס ווייס איך אליין ניט. ביז וואנען דאברושא וועט ניט צוריקקומען, קען איך עס דיר ניט זאגען. וואהרשיינליך, האט זיא איהם ערגעץ בעהאלטען אין וואלד.

— איך מוז איהם געהן זוכען, האט דער בויער געזאגט. איך מוז ווענינסטענס נאך אמאל זעהן דיעזען מענשען, פאר וועלכען רוסלאנד ציטערט.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען און איז אוועקגעגאנגען אין וואלד זוכען באקונינען.

דאס מאל איז באקונינ׳ס רעטער ווירקליך געווען דאָברושא. זיא איז אריבער־געלאפען דיא גאס, ווען דער זשאנדארם האט זיא אפגעלאָזען און האט געוואלט געהן צו א שכן. זיא האט זיך אָבער באלד איבערלעגט, אז איהר פאטער איז אליין אין שטוב און איז צוריקגעקומען. זיא האט געוואוסט, אז אין הויף איז איין ברעט פון׳ם צוים נעד־ריהרט פון׳ם ארט און מען קען דורך איהר דורכקריעכען. זיא איז דורכגעקראכען דורך דיעזע ברעט און איז שטילערהייט אריינגעגאנגען אין שלאָף־צימער. דארט האט זיא געהער׳ט אלעס, וואס איז פאָרגעקומען אין שענק.

ווען דערזשי מאָרדא איז אנגעקומען און האט דערצעהלט, וויא אזוי באקונין איז פערשטעלט, איז באקונין גאנץ שטיל אריינגעגאנגען אין שלאָף־צימער. דער שענקער האט זיך אזוי געשטעלט פאר דער סטאָיקא, אז דיא זשאנדארען האבען איהם ניט געזעהן. ווען ער איז געקומען אין שלאָף־צימער, האט ער דארט געטראָפען דאס מעד־כען. זיא האט געזעהן, וויא אונרוהיג ער איז און אז ער וויל זיך בעהאלטען און האט באלד פערשטאנען, אז דערזשי מאָרדא האט רעכט. זיא האט איהם דאהער געפרעגט גאנץ שטיל:

— זייט איהר מיכאאיל באקונין? זוכען עס אייך דיא זשאנדארען?

באקונין האט ארויפגעלעגט א פינגער אויפן מויל, א צייכען, אז זיא זאל רעדען שטילער.

— אלזאָ, קומט, איך וועל אייך רעטען. איך וועל ניט דערלאזען, אז זיי זאלען אייך חאפען און פערשפארען אין אסטראָג, האט דאָברושא געזאגט און האט איהם ארויסגעפיהרט אין הויף.

דארט האט זיא איהם געוויעזען דאס ברעט אין דער וואנד, דורך וועלכע זיא איז אריינגעקראכען. באקונין האט געמוזט צוריקלאָזען זיין פאַק. ערשטענס, איז ער איהם געווען צו שווער צו טראָגען און צווייטענס, וואלט מען איהם געווען דערקענט דורך דעם פאַק. ער האט פון איהם ארויסגענומען נור דיא צוויי רעוואלווערס, וועלכע ער האט בעהאלטען ביי זיך אין בוזעם, דאן האט ער אראָפּגענומען דיא פאלשע באָרד, וואס ער האט געטראָגען, און איז ארויסגעקראָכען פון׳ם הויף. דאָברושא איז נאך איהם ארויסגעקראכען און האט איהם געפיהרט הינטער דיא הייזער, ביז זיא האט

איהם צוגעפיהרט צום וואַלד. דאס אלעס איז געטהאן געווארען אזוי שנעל, אז איידער דערזשי מאַרדאַ האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד, איז שוין דאַברושאַ מיט באַקר ניגען געווען אין וואַלד. דארט האבען זיי זיך אפגעשטעלט אויף א קורצע צייט אונטער א געדיכטען בוים.

— וואוהין ווילט איהר געהן, באַקונין? האט איהם דאַברושאַ געפרעגט.

— איך וויל געהן קיין נערטשינסק. איך מיין אבער, אז יעצט וועט עס זיין געפעהרליך. זיי זיינען געוואָהר געוואָרען, דיא בעסטיעס, אז איך געפין מיך אין דער געגענד און וועלען מיך דא זוכען.

— איך וועל אייך ברענגען קיין נערטשינסק! האט דאברושא אויסגערופען שטאָלץ און ענטשלאָסען. איך וועל זיי אָפּנאַרען. איך קען אלע געהיימע וועגען אין דער געגענד און וועל אייך פיהרען אויף אזעלכע וועגען, וואס זיי וויסען גאר ניט.

— מיר מוזען אבער פאָרזיכטיג זיין, האט באַקונין געזאָגט. אזוי וויא איך געה יעצט אנגעטהאן, וועט מען מיך לייכט דערקענען. איך קען מיך אזוי ניט ווייזען. דיא שפּיר הינט וועלען אזוי גיך ניט אפּלאזען מיך צו זוכען.

— דערצו וועל איך אויך געפינען א מיטעל, האט דאברושא געזאָגט.

זיא האט איהם אריינגעפיהרט טיעפער אין וואַלד און האט איהם צוגעפיהרט צו א גרויסען אויסגעהוילטען בוים.

— וואַרט דא, ביז איך וועל צוריק קומען, האט זיא איהם געזאָגט. אזוי גיך וועלען זיי אייך אין וואַלד ניט זוכען. איך קען דיא זשאַנדאַרען זעהר גוט. זיי זוכען שטענדיג דאָרט, וואו זיי וועלען גאר ניט געפינען. זיי וועלען אייך זוכען אויף דיא וועגען, אין דיא שענקען, ביי דיא בויערן ארום — איבעראַל, נור ניט דא. איך וועל אייך דער־וויל ברענגען אנדערע קליידער. איהר וועט זיך איבערטהאן און מיר וועלען געהן קיין נערטשינסק.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא אוועקגעלאָפען צוריק אין דאָרף, וואו זיא האט ביי א בעקאַנטען בויער געליהען א גרויסען בויערן מאַנטעל, א סערמיאַגאַ מיט א קוטשמע (א הויכען בויערן הוט פון שעפּסענפעל). אין א קורצע צייט איז זיא צוריק געקומען און האט מיט געבראַכט דיעזע קליידער, וועלכע באַקונין האט באַלד אנגעטהאן. אזוי פער־שטעלט איז איהם געווען ניט לייכט צו דערקענען. יעצט האט איהם דאברושא געפיהרט אויף א געהיימען וועג ביז נערטשינסק.

דערזשי־מאַרדאַ איז ארומגעלאָפען, וויא א משוגענער און האט געזוכט א אידישען הויזירער, אין דער צייט, ווען א סיבירישער בויער איז געקומען מיט א מעדכען קיין נערטשינסק. אין נערטשינסק האט איהם דאברושא אריינגעפיהרט צו א בעקאַנטען אידען, אויך א פערשיקטען און האט געבעטען, מען זאָל איהם גוט אויפנעהמען און איהם לאָזען נעכטיגען.

יעצט האט זיא געוואָלט אבשיעד נעהמען פון באַקונינען און געהן אהיים. זיא האט געוואוסט, אז איהר פאַטער איז אליין און דיא זשאַנדאַרען וועלען איהם דאָרט פּלאָגען. באַקונין האט זיא אנגענומען ביי דער האַנד צום אבשיעד און האט איהר א קוש געטהאן אין קאָפּ.

— נעה צו דיין פאטער, בראוועס מעדכען! האט ער געזאגט. וויא פינסטער עס איז יעצט אין רוסלאנד, וויא עלענד און צוטרעטען אייער פאלק איז יעצט אין רוסלאנד, פערצווייפעלט ניט. עס וועט קומען דער טאג פון פרייהייט! עס וועט קומען דער טאג, ווען דיא פעלקער פון גרויסען און שעהנעם רוסלאנד וועלען ערוואכען פון זייער שלאף, וועלען צורייסען זייערע קייטען און וועלען אויסרופען דאס גרויסע ווארט: פרייהייט און גלייכהייט! דאן וועט אייער פאלק אויך שטעהן מיט אנדערע פעלקער גלייך, דאן וועט פון אייער פאלק אויך אראפגענומען ווערן דיא שאנדע וועלכע דיא רוסישע טיראנען האבען אויף זיי ארויפגעווארפען זייט יאהרהונדערטע. דאן וועט מען אייך אנערקענען, אלס גלייכע מענשען, אלס פרייע מענשען פון א פריי לאנד.

— אך! ווען וועט ער שוין קומען, דיעזער גרויסער טאג? האט געזיפצט דאבּ־רושא. ווען וועט מען שוין אמאל אויפהערן צו בעטראכטען דעם אונגליקליכען אידען. אלס ניעדעריג, געשענדעט און פערשפאטעט? ווען וועט שוין אמאל אויפגעהן דיא זון און וועט אונז אמאל אויך בעלייכטען און ערווארמען? ווייסט איהר דען ניט דאס רוסישע שפריכווארט: „פאקא סאלנצע ווזאידיאט, ראסא גלאזא וואיעסט". ביז וואנען דיא זון וועט אויפגעהן, דערווייל פרעסט דער נעבעל דיא אויגען אויף. ווען עס וועט אמאל ווארם און ליכטיג ווערן, דערווייל דריקט אונז דיא שווערע פינסטערניס מעהר וויא אלע אנדערע פעלקער אין רוסלאנד. ביז וואנען דער טאג פון דער בעפרייאונג וועט קומען, דערווייל ליידען מיר מעהר פון אלע אנדערע.

— דער טאג איז שוין ניט וויט, דאברושא, האט באקונין געזאגט בעגייסטערט. דוא ביסט א דארפס קינד און דארפסט וויסען, אז פאר טאג איז דיא פינסטערניס שטענדיג גרעסער; איידער דער זומער קומט, ווערט דיא קעלט שטרענגער און שטארקער. דאס איז אבער דער בעסטער בעוויז, אז באלד, באלד וועט דיא פינסטערניס מוזען וויכען פארן ליכט און דיא ווארעמע זון וועט ארויסטרייבען דעם פראסט און דיא קעלט.

דאברושא האט געשאקעלט מיטן קאפ טרויעריג, גלייך וויא זיא וואלט נאך אלץ ניט געגלויבט. באקונין האט געטראכט אפאר מינוט. ער האט געזוכט עפעס א ביישפיעל, וויא אזוי צו ערקלערן דיעזעס איינפאכע דארפס מעדכען, אז דיא רוסישע טיראניי מוז באלד אן ענדע נעהמען.

— הער נור, דאברושא. קענסט דוא דעם סיבירישען פייערטאג, וועלכען דיא בויערן רופען: דער בערן יום־טוב?

— דער בערן פייערטאג? עפעס האב איך געהערט דערפון; איך וויים, אז דיא בויערן מאכען אים ווינטער א טאג פאר א יום־טוב, איך וויים אבער ניט, פאר וואס דאס איז און ווען דאס איז. מיין פאטער האט מיר קיין מאל ניט ערלויבט צו געהן אויף אזא פייערטאג. ער האט מיר געזאגט, אז מיר, אידען, דארפען פון אזא יום־טוב ניט וויסען, ווייל דאס איז א קריסטליכער יום־טוב.

— דיין פאטער וויים ניט, וואס פאר א פייער־טאג דאס איז, דארום האט ער דיר ניט ערלויבט צו געהן צו דיא בויערן זעהן, וויא אזוי זיי האלטען דיעזען פייערטאג. דאס איז ניט קיין קריסטליכער יום־טוב. — דיעזער פייערטאג פאלט געוועהנליך דעם

15טען אדער דעם 18טען פעברואר. דיא אורזאכע פון דיעזען פייערטאג איז פאָלגענדע:

דוא ווייסט געוויס, אז קוים ווערט ווינטער און עס הייבען זיך אן פרעסט, פער־קריעכט דער בער אין זיין הייל (נאָרע) און לעגט זיך שלאָפען. ער שלאָפט דעם גאנצען ווינטער. ער עסט ניט, טרינקט ניט, ליעגט אין הייל און שלאָפט געשמאק. אזוי שלאָפט ער אָפּ דעם גאנצען ווינטער, ביז אין דער מיט פעברואר. ארום דעם 15טען אדער דעם 20טען פעברואר האפט ער זיך אויף ציהט זיך אויס, שטרעקט זיך אויס, גיבט זיך אויס דיא אויגען, קריעכט ארויס פון זיין הייל און קוקט זיך ארום אין דער וועלט. איז דאס וועטער שעהן, שיינט דיא זון און אין דרויסען איז ווארים און זומערדיג, קריעכט ער אריין צוריק אין זיין הייל און לעגט זיך ווידער שלאָפען. איז אבער אין דרויסען קאלט, דער ווינד וועהט, דער שנעע פאלט און דער פראָסט ברענט, געהט ער ניט צוריק אין זיין הייל, זאָנדערן הייבט אן ארום צוגעהן אין וואלד זוכען עסען און לעגט זיך שוין ניט שלאָפען.

— איך האב עפּעס געהערט דערפון, האט דאברושא געזאגט. דיא בויערן פון׳ם דאָרף האבען עס מיר דערצעהלט, איך האב עס אבער ניט פערשטאנען. איך האב ניט געוואוסט, פאר וואס דער בער טהוט אזוי.

— איך וועל דיר ערקלערן, מיין קינד, פאר וואס דער בער טהוט עס. דער בער איז א גרויסער פהילאָזאָף. ער קען דיא נאַטור בעסער פון אונזערע מושיקעס. ער ווייס, אז ווען אין דער מיט פון׳ם מאָנאט פעברואר ווערט פלוצלונג שעהן און ווארם, איז דאס דער בעסטער בעווייז, אז דער ווינטער וועט נאך אנהאלטען, עס וועט נאך זיין שנעע און פרעסט. ער קריעכט דאהער צוריק אין זיין הייל און לעגט זיך שלאָפען: עס איז נאך ניט צייט אויפצושטעהן. זעהט ער אבער, אז אין דער מיט פון׳ם מאָנאט פעברואר איז קאלט, דאס וועטער איז שלעכט, עס שנעעט און עס ווערט א זאווערוכע (שנעע שטורם), דאן ווייס ער פאר געוויס, אז דאס איז דער לעצטער קאמפף פון׳ם ווינטער, אז דאס האט דער ווינטער צונויפגענומען זיינע לעצטע קרעפטע. ער מוז ווייכען פארן זומער, פאר דיא שעהנע װארעמע טעג. ווען דער בער דערזעהט עס, איז ער זיכער, אז דער ווינטער וועט שוין לאנג ניט דויערן, עס וועט שוין באלד ווערן ווארם און ליכטיג.

— איך האב ווירקליך עפּעס געהערט דער פון, אבער קיינער האט עס מיר אזוי גוט ניט ערקלערט, האט דאברושא געזאגט. — צו וואס זאגט איהר עס מיר אבער? האט זיא געפרעגט אין א מינוט ארום.

— ליעבעס קינד, דער בער קען און ווייס דיא געזעצע פון דער נאַטור. דיא נאַטור האט איהרע אייביגע געזעצע, וועלכע ענדערן זיך ניט, בייטען זיך ניט, וועקסלען זיך ניט און קיינער קען זיי ניט איבערטרעטען. דער בער, דער בוים, דאס גראָז, דאס וועטער, דער מענש, דאס פאָלק — אלע מוזען זיך בייגען פאר דיעזע געזעצע. ווען א פאָלק איז שטיל און רוהיג, זיינע טיראנען טהוען, וואס זיי ווילען און דאס פאָלק ערטראגט עס און שמייכעלט נאך דערצו, דאן איז שווער צו האָפען, אז זיי זאלען אזוי גיך פריי ווערן. הויבט אבער אן א טיראן צו ווערן אלץ פינסטערער און פינסטערער: הויבט ער אן צו דריקען און צו פרעסען דאס פאָלק אלץ שטרענגער און הארטער:

הויבט ער אן צו ווערן אלס גרויזאמער און אונמענשליכער, דאן קען מען זיכער זיין, אז דאס זיינען שוין זיינע לעצטע קרעפטע, אז ער שטרענגט זיך שוין אן צום לעצטען מאל, אז באלד וועלען דיא פעלקער ערוואכען און אראפווארפען פון זיך דיא שווערע קייטען.

דאס, מיין קינד, איז יעצט דיא לאגע פון דער רוסישער טיראניי. זיא ווארפט זיך יעצט אין אלע זייטען, וויא א פערסמ׳טע, זיא פרעסט דריקט און קוועטשט יעדען. זיא האט זיך יעצט ארויפגעווארפען מיט איהר גאנצער מאכט אויף אייך, אידען, אויף דיא פאליאקען, אויף דיא דייטשען. זיא טהוט עס אבער אויס פער־צווייפלונג, זיא פיהלט, אז דער באדען ציטערט אונטער איהרע פיס און זיא וועט באלד מוזען וויכען פאר דעם הויך פו׳ם שעהנעם, העלען זומער. דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז דער טאג פון דער בעפרייאונג איז נאהענט. ער קומט מיט מעכטיגע שריטען און באלד, באלד וועלען מיר לעבען אין א גרויסעם פרייעם רוסלאנד, וואו עס וועט ניט זיין קיין אונטער־שיעד צווישען א איד, א פאליאק, א דייטש, א מאהאמעדאנער און א רוסע. מיר וועלען אלע זיין ברידער, מיר וועלען אלע זיין פריי, מיר וועלען אלע זיין גלייך!

דאברושא האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. אויף איהרע שעהנע אויגען האבען געגלענצט טרערין, וויא העלע גלענצענדע טהוי אויף א פרישער, בליהענדער ראזא. אין איהר יונגעם קעפעלע האבען זיך אויפגעהאפט נייע געדאנקען, נייע געפילע, נייע שטרעבונגען און נייע ווינשע.

— איך דאנק אייך, באקונין, פאר אייער טרייסט און פאר דיא גוטע האפנונ־גען, וואס איהר האט מיר געגעבען, האט זיא געזאגט, האט איהם נאך אמאל געדריקט דיא האנד און איז ארויסגעגאנגען.

עס איז שוין געווען שפעט און זיא האט זיך געאיילט א היים. יעצט איז זיא געגאנגען אויף׳ן גרויסען טראקט און ניט דורכ׳ן וואלד, יעצט האט זיא ניט געהאט וואס מורא צו האבען. ווען זיא איז צוגעקומען ניט וייט פו׳ם דארף, איז פו׳ם וואלד ארויס א זאנדערבארע געשטאלט און האט ארויפגעלעגט א האנד אויף איהר פלייצע; דאב־רושא האט זיך דערשראקען און האט א ציטער געטהאן.

— ווער ביסט דוא און וואס ווילסט דוא פון מיר? האט זיא געפרעגט מוטהיג און ענטשלאסען.

— שרעק דיך ניט, דאברושא, איך וועל דיר גאר ניט טהאן, איך וויל דיך נור פרעגען: וואו איז באקונין? איז ער זיכער?

ערשט יעצט האט זיך דאברושא אומגעקוקט און דערזעהן דעם בויער, וועלכער איז היינט אין דער פריה געקומען מיט באקונינען צו איהר פאטער אין שענק. זיא האט געזעהן, וויא זיי זיינען געקומען צו זאמען און איז געווען זיכער, אז זיי קענען זיך. זיא האט איהם דאהער געענטפערט:

— באקונין איז געראטעט. ער איז זיכער. וואו ער איז אבער וויל איך אייך ניט זאגען.

— איך דאנק דיר, דאברושא, וואס דוא האסט איהם געראטעט. לײדער, האט עס דיר געקאסט זעהר טהייער.

ביי דיא לעצטע ווערטער האט זיך דאָברושאַ דערשראָקען. זיא האט געפיהלט, אז עטוואָס אונאנגענעהמעס איז געשעהן.

— וואס איז געשעהן? האט זיא האסטיג געפרעגט.

— איך האב פאר דיר קיינע פרעהליכע נאכריכטען. פאַס מוטה, דאָברושאַ.

— מארטערט מיך ניט, זאגט, וואס איז געשעהן?

— דיין פאטער איז ארעטירט. דיא זשאנדארען דערזשי מארדא און יעוווסטאך, וועלכע האבען געזוכט באקונינען און האבען געפונען זיין פאק מיט סחורה ביי אייך אין הויז, האבען איהם ארעטירט און בעשולדיגען איהם, אז ער האט געהאלפען באקונינען אנטלויפען.

וויא א דאָנערשלאג האט געטראָפען דיעזע טרויעריגע נאכריכט דאס ארימע מעדכען. זיא האט מעהר ניט געהערט, וואס דער בויער האט איהר געזאגט; זיא האט ניט פערשטאנען, וואס ער האט צו איהר גערעדט. זיא האט זיך אויסגעריסען פון איהם און איז געלאפען א היים. דאס דאָרף איז שוין געווען ניט ווייט. באלד איז זיא געווען אין דער היים. א טרויעריגעס בילד האט זיך איהר פאָרגעשטעלט אין דער היים. אין שטוב איז געווען פינסטער, דיא קלענערע קינדער זיינען געזעסען אין א ווינקעלע און האבען געוויינט. עס איז שוין געווען נאכט. דאָברושאַ האט אנגעצונדען א ליכט און האט זיך אנגעהויבען אומצוקוקען אין שטוב. דאס קליינע פעסעלע בראנפען, זייער גאנצעס פערמעגען, איז געווען לעדיג, דיא גלעזער זיינען געווען צובראכען, טעלער, לעד־פעל, שיסלען און אנדער שטוב זאכען זיינען געלעגען צו ווארפען, צוטרעטען, צוריסען און צובראכען.

דאָברושאַ האט זיך צוגעזעצט צו דיא קלענערע קינדער, האט זיי ארומגענומען, האט צוגעפרעסט זייערע קעפלעך צו איהר ברוסט און הייסע, ביטערע, בלוטיגע טרערין האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען און זיינען געפאלען אויף איהרע אונגליקליכע, אונשולדיגע ברידערלעך און שוועסטערלעך.

— — — — — — — — — — — — — —

דער גראספירסט קאָנסטאנטין איז אוועקגעפאהרען און וולאדימיר איז געבליעבען אליין אין א גרויסעס, שעהנעס הויז; אָבער דאך א געפאנגענער, דאך אן ארעסטאנט. דעם ארימען פייגעלע איז געווים קיין אונטערשיעד ניט, אויב מען האלט עס פערשפארט אין איין אייזערנעם אדער אין א גאָלדענעם שטייגעל. אין גאלדענעם שטייגעל איז איהר פונקט אזוי ענג און פונקט אזוי לאנגווייליג, וויא אין דעם אייזערנעם.

דיא ערשטע עטליכע טעג איז ער געווען אזוי אויפגערעגט פון אלעם, וואס עס האט מיט איהם פאסירט אין דער לעצטער צייט און אזוי מיעד פון דער לאנגער און שווערער רייזע, אז ער האט עס נאך ניט אזוי געפיהלט. ער האט פערבראכט דיא צייט אין עסען און שלאפען. ווען ער האט זיך אבער אין גאנצען אויסגערוהט און האט זיך אנגעהויבען אומצוקוקען, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט, האט ער אנגעהויבען צו פיהלען, וויא שווער און וויא טרויעריג עס איז צו זיין א פערשיקטער, זאגאר וואָלנאָיע פאסעלעניע, וויא ער איז געווען און אונטער אזעלכע גוטע אומשטענדע.

ער האט אָנגעהויבען צו מאכען שפאציערגענגע אין דער געגענד ארום, אין אָפט

פערנאנגנען ווייט אין דיא בערג און אין דיא טאהלען; ער האט אבער אומעדום בעגעגנט מענשען, וועלכע האבען איהם העפליך בעגריסט. אנפאנגס האט ער געמיינט, אז דיא איינוואָינער פון נערטשינסק זיינען אזוי געבילדעט און אזוי העפליך, אז זיי גריסען יעדען פרעמדען און זיינען צו יעדער צייט בערייט איהם צו צייגען יעדע מעגליכע געפעלינקייט. באלד אָבער האט ער זיך איבערצייגט, אז דיעזע גוטע מענשען טהוען עס ניט אויס העפליכקייט, ניט אויס געפעליגקייט, ניט אלס מצוה — זיי זיינען גאנץ איינפאך שפּיאָנען, וועלכע געהן איהם נאך אויף יעדען שריט און קוקען נאך אלעס, וואס ער טהוט. ער האט עס אנפאנגס ניט געוואלט גלויבען; ער האט זיך געוואלט אליין אָפּנארען און זיך איינרעדען, אז דאס זיינען ניט קיין שפּיאָנען. עס איז אבער פּאָרגעקומען א פאל, וועלכער האט איהם איבערצייגט, וואס דא טהוט זיך און וויא אזוי מען בעוואכט איהם.

אין א שעהנעם, הייסען טאָג איז ער ארויסגעגאנגען שפּאַציערען צו פוס אין א קליין וועלדעל ניט ווייט פון נערטשינסק. ער האט ארומשפּאַציערט א געוויסע צייט, ביז ער איז מיעד געווארען און האט זיך אניעדער געזעצט אויפ'ן ווייכען, גרינעם גראָז אונטער א געדיכטען בוים. ער איז געווען מיעד און איז באלד אנטשלאפען געווארען. וויאפיעל ער איז געשלאָפען, ווייס ער ניט. ער האט פּלוצלונג געהערט, וויא צוויי מענשען רעדען ניט ווייט פון איהם. ער וואלט געווען ווייטער אנטשלאָפען געווארען, ווען ער זאל ניט געווען הערן זיין נאמען.

— וואס פאר אן אונזין! האט געזאָגט איין שטימע. מען הייסט אונז נאכגעהן און נאכשפּירען א מענשען, וועלכער ווייזט אויס צו זיין אונשולדיג, וויא א קינד. איז ער א פערברעכער, פאר וואס האלט מען איהם ניט אין אסטראָג? ווען ער איז אָבער ניט קיין פערברעכער — אזוי ווייזט ער מיר אויס — טא פאר וואס זאלען מיר איהם אפּהיטען און איהם נאכגעהן שריט ביי שריט?

— דוא האָסט רעכט, האט געזאגט דיא אנדערע שטימע. דיעזער ראַטשינסקי איז ווירקליך א רעטעניש פאר מיר. איך האב ערהאלטען א שטרענגען בעפעהל פון'ם גובערנאטאָר, אז איך זאל איהם אלע טאָג אָפּגעבען א גענויען ראַפּאָרט פון יעדער שריט, וואס ער ועט מאכען. איך מוז איהם זאגען, וואו ער איז געגאנגען, וואו ער איז געשטאנען, מיט וועמען האט ער גערעדט און ווען ער איז געקומען א היים. איך מוז עס אָבער טהאן אזוי, אז ראַטשינסקי זאל עס ניט בעמערקען. ער טאָר דערפון ניט וויסען.

— אלזא, וואס זאל דאס הייסען? וואס איז דאס פאר א געהיימניס מיט דיעזען ראַטשינסקי'ן? איך גלויב דאך ניט, אז דער גובערנאטאָר און דער קאמענדאנט זאלען געבען אזעלכע אונזיניגע בעפעהלע און זאלען אונז ארומיאָגען טאָג און נאכט גלאַט אזוי, אומזיסט.

— וואס הארט דאס איהם, וואס מיר ברעכען אונז דיא פיס און וייסען ניט פון קיין טאָג, ניט פון קיין נאכט? עס קאסט איהם געלד? דער קייסער האט גענוג סאָלדאטען, לאזען זיי עפּעס טהאן.

(Mist., 75.)

— מיינסט דוא, אז דאס איז נור א קאפריז פון'ם גובערנאטאָר?

— ניין! קיין קאפריז איז דאס אויך נים. דא מוז עפּעס זיין, איך ווייס אבער נים וואס. דוא זעהסט דאך, אז מען בעהאנדעלט איהם גאנץ אנדערש, וויא דיא אנ־דערע פערשיקטע.

איינינע צייט האבען ביידע שטימען געשוויעגען. ראטשינסקי איז געבליעבען פאר זיי א רעטעניש, וועלכעס זיי האבען נים פערשטאנען. פּלוצלונג האט דיא ערשטע שטימע ווידער געזאָגט:

— האסט דוא געהערט א נייעס? עס דרעהן זיך ארום אין אונזער געגענד ניהיליסטען.

— ניהיליסטען? פון וואנען ווייסט דוא עס?

— פון נעכטען אן רעשט מען זיך ביים גובערנאטאָר אין דער קאנצעליאריע. וויא עס ווייזט אויס, זיינען אנגעקומען געהיימע בריעף און בעפעהלע צום גובערנאטאָר. מען זאגט, אז דער שרעקליכער ניהיליסט און רעוואָלוציאָנער, באקונין, פאהרט יעצט ארום אין סיביר.

— באקונין? ווער איז דער באקונין?

— האסט דוא קיין מאל נים געהערט פון באקונין? ער איז אין 1860 ענטלאפען פון אסטראָג אין נערטשינסק, איז דורכגעגאנגען האלב כינא צו פוס און איז אויף א יאפּאָנישע שיף אנגעקומען קיין לאָנדאָן.

— דאס איז שוין לאנג געוועזן, איך האב שוין אן דעם פערגעסען און דער ראַט־שינסקי פערדרעהט מיר שוין נאר דעם קאָפּ. — אבער וואס וויל דען באקונין טהאן דא, אין סיביר?

— באקונין איז דער אנפיהרער פון דיא רוסישע ניהיליסטען. ער איז זעהר גע־שיקט, וויאפיעל מיה דיא געהיים־פּאָליציי אין פּעטערבורג האט זיך געגעבען איהם צו פאנגען, זיא קען איהם אבער דאך נים קריעגען. מען האט שוין צוגעזאגט צו געבען פינף טויזענד רובעל דעמיעניגען, וועלכער וועט איהם ברענגען טויטט אָדער לעבע־דיג און עס האט זיך נאך קיינער נים געפונען, ווער עס זאל איהם חאפּען. אין דער לעצטער צייט האט מען פערשיקט זעהר פיעל ניהיליסטען קיין סיביר. באקונין פאהרט געוויס ארום אין סיביר, אום זיי צו פערהעלפען צו אנטלויפען.

— אה! יעצט פערשטעה איך, פאר וואס מען האט נעסטערן פערדאָפּעלט דיא וואכען אומעדום און אלע זשאנדארען האבען ערהאלטען א שטרענגען בעפעהל, אז זיי זאלען זיך געפינען אין דער זשאנדארמסקאיע אופראוולעניע.

— מען האט נאך טעלעגראפירט קיין אירקוטסק, אז דער גענעראל־גובערנאטאָר זאל ארויסשיקען עטליכע געהיים־פּאָליציסטען. איך האָף, אז עס וועט באלד פרעהליך ווערן אין אונזער שטעדטעל.

— מיינסט דוא, אז מען וועט איהם ענדליך חאפּען, דיעזען באקונין?

— איך מיין עס נים. איהם איז נים אזוי לייכט צו חאפּען. און דענאך, ווער קען עס וויסען? מעגליך, אז עס וועט דאך איינעם געראטהען, ער זאל איהם קריעגען. היינט גאנץ פריה זיינען דיא זשאנדארען דערזשי־מארדא און בראלאָ־דראלאָ ערגעץ

ארויסגעבאָהרען. וואהרשיינליך, האבען זיי אויסגעפונען א שפור פון איהם.

וולאדימיר האט אלעס אויסגעהערט און האט זיך געמאכט שלאפענדיג. ער איז געוואהר געווארען זעהר וויכטיגע נייעס. ער איז שוין יעצט איבערצייגט, אז ער איז ארומגערינגעלט פון שפיאָנען און מען קוקט איהם נאך אויף יעדען שריט. נאך וויכטיגער אבער איז פאר איהם געוועזען דיא נייעס, אז באקונין געפינט זיך דא אין דער געגענד.

— וויא קומט באקונין אהער? וואס טהוט ער דא? ער איז דאך ביז אהער געוועזען אין אויסלאנד?

דיעזע פראגען זיינען איהם דורכגעלאָפען, וויא א בליץ אין קאָפּ. ער האט אבער אויף זיי קיינע אנטוואָרט ניט געקענט געבען. ביז אהער זיינען זיינע געדאנקען געווען בעשעפטיגט מיט זיך, מיט זיין מוטער, מיט זיין ליעבע צו וויערא׳ן, מיט זיין פאטער, יעצט האבען זיך איהם געשטעלט אנדערע פראגען. דער נאמען באקונין׳ן האט אויף איהם געווירקט, וויא א צויבער. ער האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און איז צוריקגעגאנגען אין זיין וואָגונג.

— אלזא, באקונין איז דא ערגעץ, האט ער זיך געטראכט. דיעזער מאן האט זיך אפגעזאגט פון אלעס אין דער וועלט און דענקט נור פון מענשהייט. ער ריזיקירט זיין לעבען אום רוסלאנד צו בעפרייען. ער פאהרט אויס דיא גאנצע וועלט, אגיטירט, שרייבט, רעדט און וועקט אויף דיא פערשלאָפענע שקלאפען. ווען ער איז יעצט געקומען קיין סיביר, איז עס געוויס ניט אומזיסט. ער האט געוויס זיינע אויסזיכטען, זיינע צוועקע און זיינע ציעלע. — וואס טהו א י ך אבער? איך עס, טרינק, שלאָף און לאז מיך אָפּ־היטען פון סאָלדאטען?

ער איז געקומען א היים און האט זיך געהייסען געבען עפּעס עסען. דאס עסען איז איהם אבער ניט געקראָכען אין האלז. באקונין איז איהם ניט ארויס פון קאָפּ.

— אך, וויא אזוי זעהט מען דעם באקונין? האט ער געזאגט צו זיך אליין. וואו געהמט מען איהם? ער וואָלט דאך מיר יא געקענט ראטהען, וואס איך זאל טהאן.

עס איז איהם געווארען שרעקליך לאנגווייליג. ער איז ארויסגעגאנגען פון זיין קוואַרטיר און איז געגאנגען אין שטאדט אריין. ביז אהער איז ער נאך ניט געווען ביי קיינעם אין נערטשינסק. דער גובערנאטאר, דער קאמענדאנט פון׳ם אסטראג און פיעלע אנדערע בעאַמטע האבען איהם צוואר גאנץ העפליך איינגעלאדען, ער זאל צו זיי אמאל קומען. ער האט אבער ביז אהער ניט געוואָלט בענוצען דיעזע איינלאדונג. ער האט עס געטהאן ניט אויס שטאָלץ, זאָנדערן ער האָט געהאלטען דיא טשינאָווניקעס פון סיביר פאר האלבע פערברעכער. ער האט געוואוסט, אז אן עהרליכער טשינאָווניק ענטשליעסט זיך זעלטען צו פאהרען אזוי וויים. דאס איז געווען דיא אורזאַכע, וואס ער האט זיי ביז אהער אויסגעמיעדען און ווען איינער פלעגט איהם שוין גאר שיקען רופען, פלעגט ער ענטפערן, אז ער איז קראנק. היינט אבער, ווען ער האט צופעליגער ווייזע געהערט, אז באקונין איז דא ערגעץ אין דער געגענד, האט ער זיך ענטשלאָסען צו געהן צום גובערנאטאָר, פיעללייכט וועט ער ביי איהם עפּעס מעהר געוואָהר ווערן איבער באקונין.

ער איז צוגעקומען צום גובערנאטאָר׳ס הויז און האט געהייסען דעם זשאנדארם.

וואס איז געשטאַנען ביי דער טהיר, ער זאָל איהם מעלדען. דער גובערנאַטאָר האט געוואוסט, אז ראַטשינסקי שטעהט זעהר נאָהענט צום גראַפפירסט קאָנסטאַנטין, וויל דער גראַפפירסט האט איהם געבעטען פאר זיין אוועקפאהרען, אז ער זאָל בעהאַנדלען וולאַדימיר ראַטשינסקי זעהר פריינדליך און זאָל טהאן פאר איהם אלעס, וואס ער וועט נור קענען. ער האט איהם דאהער באלד געהייסען אריינלאזען און האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך.

— וואס מאַכט איהר, ראַטשינסקי? האט ער איהם געפרעגט, ווען ער איז נור אריינגעקומען צו איהם אין קאַבינעט. אַט דאס הייסט א גאַסט! פאר וואס האט מען אייך ביז אהער ניט געזעהן? פאר וואס קומט איהר ניט אָפט? ביי מיר געפינט איהר שטענדיג דיא בעסטע געזעלשאַפט, דיא בעסטע אונטערהאלטונג.

— איך בין געוועזען אזוי מיעד פון'ם וועג, אז עס האט געמוזט פערגעהן א געהעריגע צייט, ביז איך האב מיך אויסגערוהט. פון יעצט אן וועל איך שוין זיין ביי אייך אן עפטערער גאַסט, ווען איהר וועט עס מיר ערלויבען.

— ניט ערלויבען! איך בעט אייך, ראַטשינסקי, קומט אָפט צו מיר. זייט ביי מיר, וויא ביי אייך אין דער היים. איהר זייט מיר שטענדיג א ווילקאָמענער גאַסט. מיר לעבען דא, וויא אין א דאָרף, זעלטען אז מיר זעהן אן אנשטענדיגען נייען מענשען.

ער האט איהם געבעטען זיצען לעבען זיך, און האט אנגעקלונגען, האט געהייסען דעם דיענער, ער זאָל באלד ברענגען א סאַמאָוואר.

— נו, ראַטשינסקי, וויא געפעלט אייך נערטשינסק? וויא געפעלט אייך דיא געגענד? האט איהם דער גובערנאַטאר געפרעגט.

עס איז געוועזען דייטליך, אז ער זוכט איהם צו ציעהען צו זיך. וולאַדימיר האט עס איינגעזעהן און האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא עס קומט, אז דער זעלבער מענש, וועלבער שיקט ארויס שפּיאָנען, זיי זאלען איהם נאכשפּירען אויף יעדער שריט און טריט, זאָל איהם יעצט אזוי העפליך, אזוי פריינדליך אויפנעהמען.

— איך קען אייך נאך זעהר ווייניג זאגען איבער דיעזע געגענד, האט וולאַדימיר געענטפערט. איך בין נאך דא א נייער מענש און קען נאך דיא געגענד זעהר ווייניג. אין נערטשינסק בין איך ערשט דאס צווייטע מאָל.

— ווער איז אייך שולדיג, ווען איהר בעהאלט זיך, וויא א בער אין זיין הייל? פאר אייך איז פריי דיא וועלט, איהר מעגט קומען, וואוהין איהר ווילט. קומט אָפט צו מיר, צום קאָמענדאַנט אדער צום פּראָקוראָר, בעקאַנט זיך מיט אונז, מיט אונזערע פאַמיליען און איהר וועט זיך באלד איבערצייגען, אז מען קען אין סיביר אויך גאַנץ גליקליך לעבען.

— גוט, וואס איך האב מיך דערמאַנט, האט ער זיך א חאַפּ געטהאן. איך וועל אייך פאָרשטעלען פאר מיין פרוי און מיין טאָכטער, איהר וועט מיר דאהער ענטשולדיגען, ווען איך וועל אוועקגעהן אויף א פאר מינוט. איך וויל נור געהן זאגען מיין פרוי, וואס פאר א ליעבען גאַסט מיר האבען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאַנגען אין דיא צימערן, וואו ער האט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע.

וולאדימיר איז געבליעבען אליין זיצען לעבען גובערנאטאָרס גרויסען שרייב־טיש, אויף וועלכען עס זיינען געווען אנגעלעגט בריעף, דעפעשען און אלערליי דאָקומענטען. ער האט בעטראכט דיא פאפיערען גלייכגילטיג. וואס געהן איהם אן דיא בריעף און דעפעשען, וואס קומען אן צום גובערנאטאָר? פלוצלונג אבער האט איין דעפעשע גע־צווינגען זיינע אויפמערקזאמקייט. עס האט איהם פעראינטערעסירט דאס ווארט „סעקר־רעטנאָיע“, וואס איז געשטאנען פון אויבען. דער גובערנאטאר איז געווען אזוי צופריעדען, וואס ראטשינסקי איז ענדליך צו איהם געקומען, אז ער האט אין דער איילע פערגעסען צו בעהאלטען דיא געהיימע דעפעשע. וולאדימיר האט זיך איינגעבויגען און האט איבער געלאָזען פאָלגענדעס:

„וואשע פרעוואסחאָדיטעלסטוואָ! (אייער עקסעלענץ).

„מיר האבען ערהאלטען א וויכטיגע נאכריכט, אז דער געוויסער ניהיליסט, מיכאַיל באקונין איז יעצט אין סיביר. ער פערשטעלט זיך יעדעס מאל אנדערש. ניט לאנג האט ער זיך פערשטעלט פאר א אידישען קאראָבייניק, מען האט איהם אָבער אויך געזעהן אין אנדערע קליידער.

„איהר ווייסט זעהר גוט, וואס פאר א געפעהרליכער מענש דאס איז. דיא רעגיערונג האט צוגעזאגט צו געבען פינף טויזענד רובעל רעם מענשען, וועלכער וועט ברענגען באקונינען טוידט אָדער לעבעדיג. איהר וועט דאהער געוויס טהאן אייער פפליכט און אנווענדען אלע מעגליכע מיטעל אום דיעזען פערברעכער צו בעקומען.

„איך דארף אייך ניט פאָרשרייבען, וואס פאר א מאסרעגעלן איהר זאלט נעהמען. איהר ווייסט עס אליין. נור איין זאך וויל איך אייך בעטען. פאלס איהר וועט איהם בעקומען אין אייערע הענדע, זאלט איהר מיר באלד טעלעגראפירען. אזא געפעהרליכען מענשען קען מען ניט שיקען מיט א געוועהנליכען קאָנוואי. איך וועל אליין איהם אָפּ־פיהרען קיין פעטערבורג.

„פערגעסט ניט, אז עס האנדעלט זיך וועגען א מענשען, וועלכער איז א פערזענ־ליכער פיינד פון זיינער מאיעסטעט, אונזער אלגנעדיגען קייסער.

גענעראל קוראָפּאטקין.

גענעראל־גובערנאטאָר פון אָסט־סיביר“.

— אזוי? האט זיך וולאדימיר געטראכט, האבען מיינע שפיאָנען געזאגט דיא וואהרהייט? באקונין איז ווירקליך דא ערגעץ און דיא געהיים־פאָליציי האט עס דער־שמעקט. אלזאָ, מוז מען זיין פאָרזיכטיג און זעהן זיי אפצונארען.

באלד איז אריינגעקומען דער גובערנאטאָר און האט איהם געזאגט:

— דיא דאמען ווינשען זעהר צו מאכען זיין בעקאנטשאפט און בעטען איהם אין גאסט־צימער (גאָסטינאיא).

וולאדימיר איז געווען געוואָינט אין דער העכערער געזעלשאפט פון פעטערבורג און האט זעהר גוט געוואוסט, וואס דיא העפליכקייט פאָרדערט. ער איז דאהער גע־גאנגען מיט'ן גובערנאטאָר אין זיינע פריוואט־צימער, וואו דער גובערנאטאָר האט איהם פארגעשטעלט פאר זיין פרוי און זיין טאָכטער.

דיא דאמען האבען איהם אויך אויפגענומען זעהר פריינדליך. ווען מען וואינט א

לאנגע צייט אין סיביר און מען זעהט פאר זיך נור דיא טרויעריגע געזיכטער פון דיא ארעסטאנטען אדער דיא בעקאנטע געזיכטער פון דיא עטליבע טשינאווניקעס, וועלבע מען מוז זעהן יעדען טאג, איז מען ווירקליך זעהר צופריעדען, ווען מען קען זעהן א פרישעס געזיכט. דערצו איז נאך וולאדימיר געווען יונג, זעהר שעהן און דיא הויפטזאכע — דער גראספירסט קאנסטאנטין אליין האט געבעטען, אז מען זאל איהם פריינדליך אויפנעהמען.

באלד האט א דיענער אריינגעבראכט א זילבערנעם סאמאוואר מיט א טהייערן טהעע סערוויז. דעם גובערנאטאר'ס טאכטער אליין האט אנגעגאסען טהעע און האט יעדען דערלאנגט. דאס איז א העפליכקייטס פארמע, וועלבעס איז איינגעפיהרט אין דיא גרעסטע אריסטאקראטישע הייזער אין פעטערבורג. וולאדימיר איז געווארען לעבעדיגער און האט זיך דערמאנט אן דיא פריהרינע צייטען, ווען ער איז געווען א גלענצענדער קאוואליר אין דיא גרעסטע פאלאצען פון פעטערבורג. ער האט אנגעהויבען צו רעדען און צו דערצעהלען פון פעטערבורג, פון דיא העכערע געזעלשאפט, פון דיא באללען אין קייסערליבען פאלאץ און ביי דיא גראספירסטען. דיא דאמען האבען איהם אויסגעהערט מיט פערגניגען דער גובערנאטאר איז געווען ענטציקט פון איהם.

וולאדימיר אליין איז אויך געווען זעהר צופריעדען, וואס ער איז געגאנגען צום גובערנאטאר. ער האט צוואר פראבירט אויסצופארשען, וואס עס הערט זיך עפעס וועגען דיא ניהיליסטען, דא אבער האט ער ניט געטראפען. קוים האט ער אנגעהויבען צו רעדען וועגען עפעס וויכטיגעס, איז דער גובערנאטאר און זיין פרוי געווארען שטום, וויא דיא פיש און ער האט געזוכט צו פערגלעטען אזא געשפרעך. פאר איהם איז געווען גענוג, וואס ער האט געזעהן דיא געהיימע דעפעשע.

ערשט שפעט אין דער נאכט איז ער אוועקגעגאנגען פון'ם גובערנאטאר. ער האט געמוזט צוזאגען, אז ער וועט קומען אפט צו איהם און וועט זיין ביי זיי א שטענדיגער גאסט. אויפ'ן וועג א היים האט ער זיך געטראכט:

— פיעלעס בין איך ניט געוואהר געווארען פון דיעזען געבראטענעם טשינאווניק. דאס איז אבער געוויס, אז באקונין איז דא ערגעץ אין דער געגענד.

יעצט האט איהם שוין באנק געטהאן, פאר וואס ער האט ביז אהער אלץ אויסגעמיעדען דיא געזעלשאפט. מען קען דאך פון זיי עפעס וויסען. מעגליך, ווען איך זאל געווען אפט קומען צו איהם, וואלט ער געווארען צוטרויליכער און איך וואלט דאך געקענט מיט איהם עפעס מאכען.

ער האט זיך דאהער פעסט ענטשלאסען אפטער צו בעזוכען דיא טשינאווניקעס פון נערטשינסק. ער האט אויך געהאלטען ווארט. דעם אנדערן טאג האט ער געמאכט א וויזיט דעם קאמענדאנט פון'ם אסטראג. דער האט איהם אויך אויפגענומען גאנץ פריינדליך, האט איהם בעקאנט געמאכט מיט זיין פאמיליע און האט איהם געבעטען, ער זאל זיין ביי איהם אן אפטער גאסט.

אויך דא האט וולאדימיר פראבירט צו רעדען וועגען ניהיליסטען און צו פרעגען, וואס עס הערט זיך עפעס וועגען זיי אין רוסלאנד, אבער דא איז איהם אויך ניט געראטהען. קוים איז עס געקומען צו דיעזען פונקט, זיינען זיי אלע געווארען שטום.

— וואַרט! האט זיך וולאַדימיר געטראכט. וואַרט. איהר וועט שוין בעסער ווערן. איהר וועט שוין רעדען!

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טאג. וולאַדימיר איז געוואָרען אן אפטער גאסט ביי אלע העכערע בעאמטע פון נערטשינסק. ער האט צוואר דערמיט זעהר ווייניג געוואונען, איין זאך אָבער האט ער בעמערקט, פון וועלכער ער איז געווען העכסט צופריעדען.

זייט ער האט אנגעהויבען צו זיין אן אָפטער גאסט ביים גובערנאטאָר, האט ער בעמערקט, אז מען בעוואכט איהם ניט אזוי שטארקט, אז מען געהט איהם שוין ניט נאך שריט ביי שריט, אז די שפּיאנען, וועלכע האבען איהם ביז אהער ארומגערינגעלט, זיינען צו ביסלעכווייס פערשוואונדען.

— דאס איז שוין אויך גוט, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דאס איז שוין זעהר פיעל. איך פיהל מיך ווענינסטענס ניט אזוי געענגט, ניט אזוי געפּרעסט. איך האב א שאָטען פון פרייהייט. דאס איז אבער פאר מיר נאך ווענינ. איך מוז נאך שטעלען דעם העפליכען, פריינדליכען גובערנאטאָר אויף דער פּראבע. איך מוז זעהן, וויא ער וועט אויסהאלטען דיא פּראָבע. לאָמיך זעהן, וויא וויט עס געהט אין איהם דער רוּסישער טשינאווניק.

פון באַקונינען האט ער גאר ניט געהערט. זיין נאמען איז פערגעסען געוואָרען. וולאדימיר פלעגט שוין אומיסטען קומען צום גובערנאטאָר אין קאַבינעט און פלעגט זיך צוקוקען צו דיא פּאפּיערן אויפ'ן טיש, אבער זייט דעם ערשטען אבענד האט ער וועגען איהם גאר ניט געפונען.

אין דעמזעלבען טאג איז וולאדימיר געקומען צום גובערנאטאָר אויף א וויזיט. דער גובערנאטאָר האט איהם אויפגענומען מיט דער געוועהנליכער פריינדליכקייט און העפליכקייט און האט איהם געבעטען אין זאל צו דיא דאמען.

— עס וועט מיר געוויס מאכען דאס גרעסטע פערגניגען צו זעהן דיא דאמען, האט וולאדימיר געזאגט מיט דער גרעסטער העפליכקייט, אָבער צו ערשט וואלט איך געוואלט רעדען א פּאָר ווערטער מיט'ן גובערנאַטאָר, אלס מיין פריינד, אָבער ניט אלס מיין ווירטה.

— איך פערשטעה, האט דער גובערנאטאָר געזאָגט. איהר ווילט עפּעס רעדען מיט מיר איבער א זאך, וואס געהער זיך אן מיט מיין אמט אלס גובערנאטאָר פון נערטשינסק.

— גאנץ ריכטיג.

— אלזאָ, זאגט מיר נור, וואס איהר ווינשט, ווען עס איז נור מעגליך; ווען עס איז נור ניט געגען מיין פפליכט אלס בעאַמטער, וועל איך עס געוויס טהאן.

— איך האב צו אייך א ביטע. עס איז א קלייניגקייט, פאר מיר אָבער איז עס זעהר וויכטיג און איהר וועט מיך פערבינדען צו אייביגען דאנק, ווען איהר וועט עס מיר צוליעב טהאן.

— איך וויים, אז אלע בריעף, וועלכע איך שיק קיין רוסלאנד און וועלכע עס קומען אן צו מיר פון רוסלאנד — פון אנדערע לענדער ערהאלט איך קיין בריעף ניט —

נעהן דורך דורך אייער קאַנצעליאַריע. איך ווייס, אז מען עפענט זיי און מען לעזט זיי דורך, איידער מען גיט זיי מיר אפּ, אדער איידער מען שיקט זיי אוועק, וואוהין איך האב זיי אדרעסירט. איך ווייס ניט, ווער עס לעזט מיינע בריעף, אויב איהר אליין אדער איינער פון אייערע סעקרעטערע. דאס בלייבט זיך אָבער גאַנץ גלייך.

איהר וועט געוויס צו געבען, אז פאר א געבילדעטען מענשען איז עס זעהר שמערצליך, זעהר פּיינליך, ווען פרעמדע אויגען זעהן און לעזען דיא געפיהלע און געדאנקען, וועלכע ער וויל פערטרויען נור געוויסע פּערזאנען, אדער, פערקעהרט — דיא געפיהלע און געדאנקען, וועלכע געוויסע פּערזאנען ווילען פערטרויען נור איהם.

איך בין יעצט מיט אייך בעסער בעקאנט און האלט אייך פאר א גוטען און געבילדעטען מענשען. וואס דענקט איהר? וואלט ניט מעגליך געוועזן צו מאכען אן אויסנאהמע פאר מיינע בריעף? וואלט ניט מעגליך געוועזן, אז מיינע בריעף זאלען מיר צוגעשטעלט ווערן ניט געעפענט? — איך מיין, אז איהר האט שוין גענוג געלעזען פון מיינע בריעף און האט זיך שוין איבערצייגט, אז עס איז אין זיי גאר ניטא אזעלכעס, וואס מען זאל דארפען צוריקהאלטען אדער צענזורירען. אלזאָ, וואצו זאל מען זיי עפענען און איבערלעזען, איידער מען גיט זיי מיר אפּ?

דער גובערנאַטאָר האט געשוויעגען איינינע מינוט און האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, האט ער ענדליך געזאגט, אייך אָפּצוזאָגען אייער ערשטע ביטע. איך קען עס אָבער אנדערש ניט. איך בין דעם קייסערס א בעאמטער און האב שווערע און אמאל זעהר טרויעריגע פפליכטען צו ערפילען. איך מוז זיי ערפילען. איך מוז טהאן, וואס מען הייסט מיר.

דיא רעגערונג פאָרדערט פון מיר, איך זאל עפענען און דורכלעזען יעדען בריעף, וואס א פערשיקטער בעקומט אדער וואס ער שיקט אוועק. זעלבסט פערשטענדליך בין איך אליין ניט אים שטאַנד צו לעזען אלע בריעף. איך האב צו דיעזעם צוועק א בעזאנדערע אבטהיילונג אין מיין קאנצעלאריע, אין וועלכער איך האלט צוויי מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך אויסשליעסליך דער מיט.

זיי האבען א פערזיעגעלטעס בוך (שנוראָווא א קניגא) אין וועלכען זיי פערשרייבען אין גאַנץ קורצע ווערטער, וואס אין בריעף שטעהט, פון וועמען ער איז און צו וועמען ער איז אדרעסירט. איידער זיי טרעטען אריין אין דיעזע אבטהיילונג, מוזען זיי שווערן, אז זיי זאלען קיין לעבעדיגען מענשען ניט זאגען וואס זיי וועלען זעהן און לעזען אין דיא בריעף.

איהר וועט אליין פערשטעהן, אז אין סיביר איז עס נאָטהווענדיג. ווען אן ארעסטאנט אנטלויפט, זוכען מיר באלד אין דיעזעם געהיים־בוך און זעהן, צו וועמען ער פלעגט שרייבען בריעף און וואס ער פלעגט זיי שרייבען. מיר ווייסען דאן, וואו איהם צו זוכען. מאכט זיך אמאל אונרוהען אין אן אָרט, מאכען דיא פערשיקטע א בונט, א רעוואָלוציאָן, ווייסען מיר, ווער עס האט זיי צוגעשטעלט וואפען, פּולווער און אנדערע ארטיקעל.

וויא איהר זעהט, איז דיא רעגיערונג געצוואונגען צו עפענען דיא בריעף פון דיא פערשיקטע און זיי צו לעזען. יא, זאגאר צו פיהרען א בוך איבער זיי. איהרע בעפעהלע

זיינען זעהר שטרענג אין דיעזער בעציעהונג און איך מוז זיי פינקטליך אויספיהרען.

— איך האב געמיינט, אז איך פעררינען אן אויסנאהמע, ווייל מען בעהאנדעלט מיך אין אלגעמיינעם אנדערש, וויא יעדען אנדערן פערשיקטען. האט וולאדימיר געזאגט. איך האב גערעכענט אויף אייער פערזענליכער פריינדשאפט און העפליכקייט, ווייל איך זעה, אז איהר זייט העכסט צופריעדען, ווען איך קום צו אייך. איך זעה, אז איהר זעהט מיך זעהר גערן ביי אייך אין שטוב און בעטראכט מיך, אלס א מיטגליעד פון אייער פאמיליע. איך שעץ אייך זעהר פאר אייער פריינדליכקייט און האב געמיינט, אז אין דיעזער בעציעהונג וועט איהר פון מיינעט וועגען מאכען אן אויסנאהמע.

— ליידער, איז עס מיר אונמעגליך.

— נון, אלזא, וועל איך דערפון מעהר ניט רעדען, האט וולאדימיר געזאגט, אבער נאך איין פראגע האב איך אייך צושטעלען און איך האף, אז איהר וועט מיר דארויף ענטפערן אלס פריינד.

— ווען דיא פפליכטען פון מיין אמט, וועלען עס מיר נור ערלויבען, וועל איך אייך געוויס ענטפערן, האט דער גובערנאטאר געזאגט.

— ווערן דיא בריעף פון דיא פערשיקטע נור געעפענט און דורכגעלעזען, און דאן ניט מען זיי אפּ, אדער געוויסע בריעף פערבלייבען ביי אייך אין דער קאנצעליאריע? לאמיך ארויסזאגען אפען: מען קאנפעסצירט זיי, ווען מען געפינט, אז זיי זיינען ניט געשריעבען אין דעם זינן, וואס דיא רעגיערונג פארדערט?

ביי דיעזער פראגע האט דער גובערנאטאר אראפּגעלאזען דעם קאפּ. ער האט ניט געוואלט קוקען וולאדימיר'ן גלייך אין דיא אויגען. אייניגע מינוטען האט ער געשוויעגען. עס איז איהם געווען אונאנגענעהם צו אנטווארטען אויף דיעזע פראגע.

— מוז איך אייך ענטפערן אויף דיעזע פראגע? וואלט איהר ניט געקענט מיר פערשפארען דיא אנטווארט? האט ענדליך דער גובערנאטאר געזאגט לאנגזאם.

— ווען עס איז נור מעגליך; ווען איהר קענט עס נור טהאן, וועט איהר מיר ערצייגען דיא גרעסטע געפעליגקייט, ווען איהר וועט מיר בעאנטווארטען אויף דיעזע פראגע.

וולאדימיר האט גערעדט מיט אזא פייערליכער און ביטענדער שטימע. אז דער טשינאווניק איז געווען גערוהרט.

— אלזא, וועל איך אייך זאגען, אז ניט אלע בריעף, וואס קומען אן און וואס ווערן געשריעבען פון דיא פערשיקטע, ווערן אפגעגעבען. אייניגע בלייבען ביי אונז.

— איך דאנק אייך זעהר פאר דיעזע אויסקונפט, האט וולאדימיר געזאגט. איהר האט מיר געצייגט, אז איהר זייט ווירקליך מיין פריינד און מיינע געזעלשאפט איז ביי אייך טהייער. איך וויל מיר יעצט ערלויבען נאך א פראגע. זיינען אייניגע פון דיא בריעף, וועלכע זיינען אנגעקומען אויף מיין נאמען, אויך געבליעבען ביי אייך אין קאנצעליאריע?

דעם גובערנאטארס געזיכט איז געווארען פון אלערליי פארבען. וולאדימיר האט אנגעריהרט א פונקט, וואס איז איהם געווען העכסט אונאנגענעהם.

— אויף דיעזע פראגע קען אייך דער גובערנאטאר ניט ענטפערן, האט ער געזאגט שארף.

— איך האב זיא אויך ניט געפרעגט דעם גובערנאטאר איך האב זיא געפרעגט מיין פריינד, האט וולאדימיר געענטפערט מיט א וויכער, ביטענדער שטמע.

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז עס זיינען דא פעלע, ווען דער פריינד טאר ניט פערגעסען אן דעם גובערנאטאר.

— איהר האט רעכט, האט וולאדימיר געזאגט און האט שטילער הייט א זיפץ געטהאן.

יעצט איז איהם געווארען קלאר און פערשטענדליך פיעלע זאכען. ער האט פערשטאנען, פאר וואס ער האט אזוי וועניג בריעף ערהאלטען פון זיין מוטער און פון וויערא. זייערע בריעף זיינען געבליעבען ביים גובערנאטאר אין קאנצעלאריע. דער גובערנאטאר האט עס איהם ניט ארויסגעזאגט. ער האט געשוויעגען. זיין שווייגען אבער האט מעהר געזאגט, וויא אן אנדערם רעדען.

ער איז נאך געזעסען אייניגע צייט ביים גובערנאטאר און האט געפלוידערט מיט איהם איבער פערשיעדענע גלייכגילטיגע זאכען. ענדליך האט ער זיך אויפגעהויבען, האט נאך א מאל געדאנקט דעם גובערנאטאר פאר זיין פריינדליכקייט און איז אוועקגעגאנגען.

אויפ'ן וועג האט ער ערשט אנגעהויבען איבערצוטראכטען, וואס דער גובערנאטאר האט איהם געזאגט און עס האט איהם פערקלעמט ביים הארצען.

— ארמע מוטער! ארמע וויערא! האט ער ארויסגערופען אונווילענדיג. אייערע בריעף, אייערע געפיהלע, אייערע געדאנקען און אייערע מיינונגען מוזען דורכגעהן דורך דיא גראבע הענד פון'ם גובערנאטארס שרייבערס! וויא איך פערשטעה, איז ניט איין בריעף אייערער געבליעבען ביי איהם. ער האט עס מיר ניט געזאגט, אבער זיין שווייגען זיינע מינעם האבען עס מיר דייטליך געזאגט. פיעלע פון מיינע בריעף צו זיי זיינען געווים אויך געבליעבען אין נערטשינסק און וועלען שוין קיין מאל ניט אנקומען, וואוהין איך האב זיי אדרעסירט. אלזא, געדאנקען זיינען אויך פערבאָטען. ארויסשרייבען זיינע געפיהלע איז אויך א פערברעכען אין „היילינגען" רוסלאנד. מען מוז שרייבען, וויא דער זשאנדארם הייסט; מען מוז דענקען, וויא דער גובערנאטאר פערלאנגט; מען מוז פיהלען, וויא ער ערלויבט. טהוט מען עס ניט—טרעט מען אייערע געפיהלע מיט דיא פים. מען גיט זיי איבער אן אונטער אפיציער, ער זאל מיט זיי פעררויכען זיין „ליולקע" (פפייפע).

אך! איך זאל וועניגסטענס קענען זיי ווארענען, זיי מעלדען, אז זייערע בריעף קומען ניט אן! וויא אזוי טראכט מען אוים א מיטעל, איך זאל קענען זיי צושיקען א פאָר ווערטער, וועלכע זאלען ניט דורכגעהן דעם גובערנאטארס קאנצעליאריע? וואו נעהמט מען דעם פריינד, וועלכער זאל מיר ערצייגען דיעזע געפעלינקייט?

ער איז געגאנגען האסטיג א היים. אין דרויסען איז שוין געווען גוט פינסטער. דיא גאסען פון נערטשינסק זיינען געווען לעדיג. ער איז ארויסגעגאנגען פון דער שטאדט און האט זיך ניט אומגעקוקט. ער האט ניט בעמערקט, אז פון דער וייטען געהט איהם איינער נאך. זא לאנגע ער איז געגאנגען אין דיא גאסען פון דער שטאדט, האט זיך דער מאן, וואס איז איהם נאכגעגאנגען געהאלטען ביי דיא ווענט פון דיא הייזער און האט זיך אלעס בעהאלטען; ווען ער איז אָבער ארויסגעגאנגען אויפ'ן פרייען פעלד, איז

דער מאַן צוגעקומען נעהנטער צו איהם. אין דער מיט וועג האט זיך דער מאַן גוט אַרומגעקוקט פון אַלע זייטען, האט זיך גוט צוגעהערט אייניגע מינוטען און ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז קיינער איז ניטא אַרום, איז ער צוגעגאַנגען צו וולאַדימירן און האט איהם געזאָגט גאַנץ שטילערהייט, וויא א הויך:

— פיעללייכט וויל דער הערר קויפען ביי מיר א פּאָר רעוואָלווערן?

וולאַדימיר איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און דיא געגענוואַרט פון א פרעמדען, אונבעקאַנטען מענשען איז איהם געווען העכסט אונאַנגענעהם.

— איך דאַרף ניט קיין רעוואָלווערן! האט ער געענטפערט קורץ און שאַרף.

— פיעללייכט דאַרפט איהר אַנדערע סחורות? איך האב אַלעס צופערקויפען, איהר קענט אייך אויסקלויבען דאס בעסטע, ווען איהר וועט מיר ערלויבען צו געהן מיט אייך א היים.

וולאַדימירן האט זעהר פערדראָסען, וואס דער מאַן האט איהם געשטערט זיינע געדאנקען. ער האט איהם גאר ניט געענטפערט און איז האסטיג אוועקגעגאַנגען א היים. דער מאַן איז איהם אָבער נאָכגעגאַנגען און האט איהם ניט אָפּגעלאָזען.

— פאַר וואס ווילט איהר ניט מיר געבען עפּעס צו לעזען? האט ער איהם נעפרעגט.

— ווייל איך דאַרף גאר נישט, האט וולאַדימיר געענטפערט בייז.

— איך דאַרף גאר ניט! וואס הייסט, איך דאַרף גאר ניט? א גוטער רעוואָל־ווער איז זעהר א ניצליכע זאך. קיין מענש קען ניט זאָגען, אז ער דאַרף ניט קיין רעוואָלווער, בעזאָנדערס אין סיביר.

— איך דאַרף דאך אָבער גאר נישט!

— אך! וויא אָפט האט איינער געזאָגט, אז ער דאַרף גאר נישט און האט עס דערנאך ביטער בערייעט. וואס הייסט ניט דאַרפען א רעוואָלווער? מיר לעבען אין א צייט פון פּולווער און בליי. יעדער מענש מוז טראָגען מיט זיך א שאַרף געלאַדענעם רעוואָלווער.

וולאַדימירן איז פּאַרגעקומען זאָנדערבאַר דיעזער מענש. זיינע לעצטע ווערטער האבען איהם איבערראַשט. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין רוסלאַנד טאָר מען ניט האַנדלען מיט וואַפען. איהר קענט קריעגען ביי א הויזירער אַלע מעגליכע וואַארען, אָבער קיין רעוואָלווער. וויא קומט עס, וואָס דער מאַן בעט איהם אַזוי שטאַרק, ער זאָל ביי איהם קויפען א רעוואָלווער און דערצו רעדט ער נאך א שפּראַכע, וועלכע דיא רוסישע בויערן רעדען קיין מאָל ניט. ער האט זיך געווענדעט צו דעם מאַן און האט איהם געזאָגט:

— זייט איהר ווירקליך דער, פאַר וועלכען איהר גיט זיך אויס? זאָגט מיר דיא וואַהרהייט. ווילט איהר ווירקליך מיר פערקויפען עפּעס, אָדער —

— אין אונזער לעבען טרעפען מיר זעהר אָפט מענשען וועלכע זיינען ווייט ניט דאס, פאַר וואס זיי גיבען זיך אויס.

— אַלזאָ, האב איך ווירקליך דערראַטהען, אז איהר זיינט גאר עפּעס אַנדערש?

— מיין ליעבער הערר, האט דער מאַן געזאָגט. עס איז יעצט פינסטער. איך

קען איך ניט וויזען אויף דער גאס אלע מיינע וואארע. ווען איהר זאלט מיר ערלויבען צו געהן צו אייך א היים, וואלט איך אייך ערשט געוויעזען, וואס פאר א גוטע זאכען איך האב.

וולאדימיר האט געטראכט נור א פאר מינוטען. דאן האט ער געענטפערט:

— קומט מיט מיר! איהר זאלט אָבער ניט צוגעהן צו דער גרויסער טהיר אין גאס ארויס, זאנדערן געהט צו דער הינטער טהיר דורכן גארטען.

וולאדימיר איז פאראויסגעגאנגען און דער מאן איז איהם נאכגעגאנגען פון דער ווייטען. אין איינינע מינוט ארום זיינען זיי צוגעקומען צו וולאדימיר׳ס הויז. וולאדימיר איז אריינגעגאנגען אין שטוב און האט אנגעצונדען א ליכט אין זיין שלאָף־צימער, דאן איז ער ארויסגעגאנגען אין דרויסען דורך דיא הינטער טהיר אין גארטען אריין און האט אריינגעלאָזען דעם מאן.

יעצט ערשט האט ער איהם געקענט בעטראכטען. פאר איהם איז געשטאנען אן עכט סיבירישער בויער אין א לאנגען און שווערן פעלץ, אין א פאר שטיוועל, ערשט פריש אויסגעשמירט מיט טהעער (דיאָגאָט) און מיט א קוטשמע אויפ׳ן קאפ. איהם האט געוואונדערט, וואס דער מאן האט ניט אראפגענומען דעם הוט. עס איז אין רוסלאנד שוין איין מאל אזוי איינגעפיהרט, אז מען קומט אריין אין א פרעמדער שטוב, מוז מען אראָפנעהמען דעם הוט.

— אלזא, נעהם ארויס דיינע וואארע, לאמיר זיי זעהן. לאמיר זעהן, ווער דוא ביסט. קומסט דוא ניט אפט פון פעטערבורג?

— איך קום פון דער גאנצער וועלט און האב אלעס ביי מיר.

— הער נור, מאן, האט ענדליך וולאדימיר געזאגט אונגעדולדיג. מיר זיינען יעצט אליין. רעד, וואס דוא ווילסט רעדען. זאג, וואס דוא ווילסט זאגען און האלט מיך ניט אויף.

— דוא האסט קיין צייט ניט, וולאדימיר פאן פאהלען!ווארט א ווײלע. דוא וועסט באלד אלעס ערפאהרען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויסגעטהאן דעם הוט מיט דער באָרד צוזאמען. וולאדימיר איז צוריקגעשפרונגען. ער האט געוואלט א געשריי טהאן: מיכאאיל באקונין! ער האט זיך אָבער צוריקגעהאלטען, וויל ער האט געוואוסט, וויא געפעהרליך עס איז ארויסצורעדען דיעזען נאמען בעזאנדערס יעצט, ווען מען זוכט באקונינען אין אלע גאַסען. ער האט דאהער פערשלאסען דיא טהיר, האט אראָפגעלאָזען דיא פארהענגע פון דיא פענסטער, האט זיך אניעדערגעזעצט און האט צוגערוקט א שטוהל צו זיין גאסט און האט איהם געזאגט:

— פאר וואס רופט איהר מיך פאן פאהלען? איך הייס דאך גאר ראטשינסקי?

— געוויס הייסט דוא אזוי, אבער ווער האט דיר א נאָמען געגעבען ראטשינסקי? — איך!

— איהר האט מיר געגעבען דעם נאמען ראטשינסקי? פון וואנען קענט איהר מיך?

— פון וואנען איך קען דיך? איך האב דיך נאך געקענט, ווען דוא האסט נאך

קיין דריי ניט געקענט צעהלען. מיר בעגעגענען אונז אין סיביר שוין צום צווייטען מאל. דאס ערשטע מאל האבען מיר זיך בעגעגענט, ווען דוא ביסט געווען גאר א קינד.

— אזוי? בין איך שוין איין מאל געווען פערשיקט אין סיביר?

— געוויס, האט דיר דיין מוטער גאר ניט דערצעהלט?

מיין מוטער האט מיר געוואלט דערצעהלען אלעס איבער מיין געבורט און ווער איך בין. זיא האט אבער קיין צייט ניט געהאט. עס איז אויך ניט געווען דער פאסענ־דער ארט דערצו. עס איז געראדע געווען אין פעטראַ־פאוולאָווסקי פעסטונג.

— איך ווייס דער פון און וויל דיר אלעס דערצעהלען אלעס, וואס דיין מוטער האט קיין צייט ניט געהאט דיר צו דערצעהלען. עס איז פאר דיר נייטיג אלעס צו וויסען.

באקונין האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס מיר וויסען שוין פון פאָריגע קאַ־פיטלעך. וולאַדימיר איז געווארען אימער אויפמערקזאמער. פאר איהם איז פאראיבער־געגאנגען זיין גאנצעס לעבען, וויא אין א פאנאָראמא. ער האט יעצט אנגעהויבען צו פערשטעהן זאכען, וועלכע זיין מוטער האט איהם אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן. ער האט זיך אנגעהויבען צו דערמאנען אן צייטען פון זיין לעבען, וועלכע זיינען געווען ביז אהער פאר איהם א רעטעניש. יעצט איז איהם אלעס געווארען קלאר, יעצט איז איהם אלעס געווארען דייטליך און פערשטענדליך.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז געפאלען באקונינען אויפ'ן האלז.

— אלזא, דוא האסט מיך אָפּגעהיט אלס קינד, דוא האסט מיך דאמאלס גע־רעטעט, ווען איך האב פערשפּיעלט געלד אין קארטען ביי דעם פירסט מעשטשערסקי. דוא האסט מיר דאמאלס געשיקט דאס געלד? דוא האסט געזעהן, איך זאל קומען צום גראַפפירסט קאָנסטאנטין אין הויז? דוא האסט עס אלעס געטהאן און איך האב עס ניט געוואוסט. איך בין געווען בלינד. איך האב געזעהן, אז א געהיימע האנד שפּיעלט מיט מיר, מיט מיין שיקזאל, איך האב עס אָבער ניט געקענט דערראטהען.

— איך האב אמאל געשוואָרען דיין מוטער, איך זאל אויף דיר וואכען און איך האב מיין שוואור געהאלטען, וויא איך האב נור געקענט. איך האב געהאט מיט דיר נאך אנדערע אויסזיכטען, אָבער דיין אונגליקליכע ליעבע צו דיין שוועסטער וויערא, האט צערשטערט אלע מיינע פלענע. לאמיר ניט רעדען דערפון. עס איז פערפאלען.

— און יעצט? האט וולאַדימיר געפרעגט. ביסט דוא יעצט געקומען נור צו ליעב מיר?

— איך בין געקומען צוליעב דיר אויך, איך האב אָבער געהאט פיעל אנדערע געשעפטען צו בעזארגען.

— און האסט דוא זיי בעזארגט? איך האב געזעהן ביים גובערנאטאָר א טעלע־גראמא, אז מען זאל דיך זוכען, מען זאל דיר נאכשפּירען. וויא האסט דוא זיך אויס־געדרעהט.

— איך ווייס אלעס און איך האב מיך אויסגעדרעהט. עס האט מיר זעהר אפט געקאָסט שווערע מיה, אָבער איך האב מיך אויסגעדרעהט.

— קען איך וויסען דעם צוועק פון דיין רייזע קיין סיביר?

— איך וועל עס דיר באַלד זאגען. איך וואלט דיר אייגענטליך געדארפט פיעלעס נאך ערקלערן. דוא ביסט נאך יונג און ווייסט נאך גאר ניט, וואס אין דעם רוסלאנד אונטער דער ערד טהוט זיך; דיא צייט אָבער איז זעהר קורץ, איך קען דא לאַנג ניט בלייבען. איך מוז מיך פאסען קורץ.

— ווילסט דוא זאגאַר ניט נעכטיגען ביי מיר?

— דאס געוויס ניט. איך מוז נאך מארגען זיין אין אירקוטסק. איך האב דאַרט א וויכטיגעס געשעפט אָפּצומאכען.

— דאס איז שאדע! האט וולאדימיר אויסגערופען. איך האב מיט דיר אזוי פיעל צו רעדען, דיך אזוי פיעל צו פרעגען און דוא אנטלויפסט שוין. איך האב נאר וואס געפונען א פריינד, פאר וועמען איך קען אויסגיסען מיין הערץ, מיט וועמען איך קען מיך אויסרעדען, וועמען איך קען פרעגען אן עצה, וואס צו טאהן און דיעזער פריינד אנטלויפט שוין, וויא א בליץ, וועלכער האט אויף א סעקונדע בעלייכטעט דיא שרעקליכע פינסטערניס און איז באלד פערשוואונדען אום איך זאל ערשט יעצט פיהלען, וויא שטארק און וויא שויעדערהאפט דיא פינסטערניס איז. ניין, באקונין, דוא וועסט עס ניט טאהן, דוא וועסט מיך אזוי גיך ניט פערלאזען! איך זאג דיר „דוא“, ווייל איך בעטראכט דיך אלס מיין פאטער, אלס מיין איינציגען וואהרען פריינד. פערלאז מיך ניט באקונין! געה ניט אוועק אזוי שנעל! בלייב ביי מיר, איך וועל דיך שיצען נעגען אלע שפיר הינט אין נערטשינסק.

באקונין האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. ער האט בעטראכט זיינע מינען, יעדען אויסדריק פון זיין געזיכט, דעם גלאנץ פון זיינע אויגען, דיא בעוועגונג פון זיינע ליפּען און דאס פייער, מיט וועלכע ער האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער.

— הוגא פאן פאהלען, האט זיך באקונין געטראכט. ער איז אין גאנצען געראטען אין הוגא פאן פאהלען, ער איז אבער פיעל ערנסטער, פיעל טרייהערציגער און פיעל פייעריגער פון הוגא פאן פאהלען אין זיינע יאהרען. הוגא פאן פאהלען האט געמוזט דורכגעהן א גאנצע שולע פון ליידען און פון ערניעדעריגונגען, ביז ער איז געווארען א טרייער און ערגעבענער קעמפּפער פאר דיא פרייהייט. וולאדימיר דארף עס ניט. ער איז *געבוירען* צו זיין א העלד, א בעפרייער.

ער האט נאך געטראכט איינינע מינוטען, דאן האט ער אנגענומען וולאדימירן ביי בײדע הענד און האט איהם געזאג ערנסט און פייערליך.

— הער מיך אוים אויפמערקזאם, וולאדימיר פאן פאהלען. איך האב דיר יעצט מיטצוטהיילען זעהר וויכטיגע נאכריכטען.

דער גרויסער טאג פון'ם קאמפף פאר דיא בעפרייאונג פון רוסלאנד איז גאנץ נאהנט. אלעס איז פארבערייטעט. אונזער ארמעע שטעהט פיקס און פערטיג בערייט צום קאמפף. דיא פאמיליע ראָמאנאוו זיצט יעצט אויף א פאס פולווער, מען דארף נאר האבען איין פונק און עס וועט זיך אנצינדען א פייער, וועלכער וועט בעלייכטען גאנץ אייראפּא מיט זיינע רויטע שטראלען. דיא ראמאנאווס וועלען פערשווינדען, מיט זיי וועט פערשווינדען דיא טיראנייע און דיא שקלאפעריי אין רוסלאנד.

איך האב יעצט בערייזט גאנץ רוסלאנד. איך בין געוועזן אין יעדען שטאדט.

און אין יעדען דארף, וואו עס געפינען זיך מיטגליעדער פון געהיים בונד. איך האב זיי אלע געזעהן און האב מיט יעדען גערעדט. אלע זיינען בערייט, זיי ווארטין נור אויף א סיגנאל פון פעטערבורג. דיא פאָליאקען, דיא דייטשען, דיא מאָלאראסען און דיא מאהמעדאנער — אלע ערווארטען מיט אונגעדולד דיא שטונדע, ווען פון דעם אי-סאקאווסקי סאבאר (דיא גרעסטע קירכע אין פעטערבורג) וועט פלאטערן גאנץ הויך דיא רויטע פאהן פון דער רעוואלוציאָן, פון אן אלגעמיינעם אויפשטאנד פון אלע פעלקער אין רוסלאנד.

איך בין יעצט ארומגעפאהרען אין סיביר אום צו זוכען מיטעל, וויא צו בע-פרייען פיעלע פון אונזערע בעסטע מיטגליעדער, וועלכע שמאכטען אין דיא אסטרא-גען און אין דיא גאלד גרובען. פיעלעס איז מיר געראטהען. אין קראסנאָיארסק האב איך בעפרייט א גאנצע פארטיע פון אונזערע בריעדער, פון יאקוטסק האב איך פער-האלפען אייניגע צו אנטלויפען. אין בעריאזאוו, אין אנאדירסק, און פיעלע אנדערע שטעדט איז מיר אויך פיעלעס געלונגען. דו וועסט באלד הערן פרעהליכע נייעס פון נערטשינסק און פון אירקוטסק.

דער געהיים בונד איז יעצט זעהר שטארק. ער האט הונדערטער טויזענדער מיטגליעדער. אלע זיינען איהם טריי, אלע זיינען בערייט צו פאלגען יעדען ווינק. איך האב שוין איינגעטהיילט גאנץ רוסלאנד אין דיסטריקטען און האב אנגעוויעזען יעדען זיין פאָסטען. קוים וועט דער עלעקטרישער פונק צו טראגען אויף דיא טעלעגראפי-שע דראטען דיא נאכריכט, אז דיא פאמיליע ראמאנאוו איז פערשוואונדען פון דער וועלט, וועלען אונזערע בריעדער אין קיעוו, בארקאוו, אדעססא, קישינאוו, ראסטאוו, מאסקווא און פיעלע אנדערע גרויסע שטעדט אפנעהמען דיא ארסענאלען, דיא קא-זארמעס, דיא פעסטונגען און דיא שטאדטס פערוואלטונג און וועלען אין יעדען ארט ערקלערן פרייהייט און גלייכהייט.

געוויס וועט עס אזוי לייכט ניט געשעהן. געוויס וועט עס קאָסטען פיעל שוויים און בלוט, געוויס וועלען פאלען פיעלע אפפער אין בלוטיגען קאמפף. אזוי איז שוין אבער דער קריעג, אזוי איז שוין דיא מענשהייט, יעדער נייער געדאנק קאסט איהר מיה און בלוט. דוא האסט געלערנט, וולאדימיר, דוא קענסט דיא וועלט געשיכ-טע און ווייסט, וויא פיעל דיא רעפאָרמאציאָן האט געקאסטעט. וואָס איז דען געווען דיא רעפאָרמאציאָן? אין דעם יאהר 1514 האט א דייטשער מענך (מאָנאך) אין דער שטאָדט וויטענבערג, מיטין נאָמען מארטין לוטער זיך אויפגעהויבען און ערקלערט, אז ניט אלעס וואס דער פאפסט אין רוים זאגט, איז הייליג, אז דער פאפסט קען זיין א שווינדלער. — וואס האט דען אויפגעטאהן דיעזער מענך מארטין לוטער? גאר ניט! ער האט נור בעוויעזען, אז יעדער מענש מעג דענקען ניט אזוי וויא דער פאפסט אין רוים, אז דער פאפסט און זיינע גייסטליכע זיינען איינפאכע מענשען און האבען אלע פעהלער, וואס מענשען האבען. דוא ווייסט, וולאדימיר, וואס פאר א רעש דאס האט דא-מאלס געמאכט אויף דער וועלט? עס איז דאדורך ענטשטאנדען דער דרייסיג יעהרי-גער קריעג.

דרייסיג יאהר נאך אנאנד האט דייטשלאנד, עסטרייך, שוועדען און אנדערע

לענדער געפיהרט א שרעקליכען, מערדערישען, בלוטיגען קריעג. עס איז לייכט ארויס צו זאגען: דרייסיג יאהר! דער דרייסיגיעהריגער קריעג! דרייסיג יאהר האט אייראפא געפיהרט א קריעג, מיליאָנען מענשען זיינען געפאלען אויפ'ן שלאכט פעלד מיליאָנען מענשען זיינען אויסגעשטארבען פון הונגער און פון נויט און צו וואס איז דאס אלץ געווען? נור אום צו בעווייזען, אז יעדער מענש מעג דענקען ניט, וויא דער פאפסט אין רוים, אום זיך אביסעל צו בעפרייען פון דיא שווערע קייטען, וועלכע דער פאפסט מיט זיינע גייסטליכע האבען ארויפגעלעגט אויף אייראפא.

דיא רעפארמאציאן און דער דרייסיג יעהריגע קריעג האבען מיך שטענדיג אינטערעסירט, האט איהם וולאדימיר אונטערבראכען. איך האב שטענדיג ליעב געהאט צו לעזען דיא געשיכטע פון'ם דרייסיג יעהריגען קריעג. דאס איז ווירקליך א זאָנדערבארער קריעג; דאס איז ווירקליך געווען א זאנדערבארע צייט. איך דערמאן מיך, אז בויערן פלעגען אוועקווארפען זייערע פעלדער, האנדווערקער פלעגען אוועקווארפען זייער האנדווערק און פלעגען געהן אין קריעג, אריינטרעטען אין דער ארמעע און קעמפפען פאר זייערע אידעען, פאר זייערע פרינציפען, פאר זייערע מיינונגען. איך בעוואונדער שטענדיג דעם יונגען שוועדישען קעניג, גוסטאוו אדאָלף. דאס איז געווען א העלד! מיט 13 טויזענד מאן מיליטער האט ער בעזיעגט גאנץ דייטשלאנד און עסטעררייך. אך! וואו נעהמט מען אזעלכע העלדען? וואו נעהמט מען יעצט אזעלכע מענשען, וויא אין דעם דרייסיגיעהריגען קריעג? אך! אלע זאלען זיין, וויא דוא, באקונין!

— זיינען דען דאמאלס אלע געווען אזעלכע העלדען, וויא גוסטאוו אדאָלף? האט באקונין געפרעגט. האט דען גוסטאוו אדאָלף אליין געפיהרט דיא מענשען אין קריעג און האט געזיעגט? — עס איז געווען דיא אידעע, וועלכע האט דאמאלס דיא מענשען בעגייסטערט. דיא אידעע האט געפיהרט דעם קריעג און דיא אידעע האט געזיעגט. אויך יעצט וועט דיא אידעע פריי צו ווערן אונז פיהרען אין קריעג און דיעזע אידעע וועט זיעגען. דער דרייסיג יעהריגער קריעג קען אונז דיענען אלס ביישפיעל, זיין פאר אונז א לעקציאָן, וועיזען אונז דעם וועג צום זיעג.

איך בין זיכער, אז מיר וועלען יעצט אויך זיעגען. קוים וועט דיא פאמיליע ראָמאנאוו פערשווינדען, וועלען אלע פעלקער אין רוסלאנד אויסרופען דיא פרייהייט. זיי וועלען ניט דערלאזען, אז אויפ'ן ארט פון דיא ראָמאנאָוו'ס זאל ווערן קייסער אן אנדערער, וועלכער זאָל זיי ווייטער אונטערדריקען.

— מוזען דען דיא ראָמאנאָוו'ס פערשווינדען? האט וולאדימיר געפרעגט. איז עס נאָטהווענדיג צו טוידטען דעם קייסער מיט זיינע זיהן? וואלט עס ניט מעגליך געווען, אז מען זאָל זיי נור אראָפּוואַרפען פון'ם טראהן און מען זאל זיי לאזען לעבען?

— דאס איז אונמעגליך, האט באקונין געזאגט פינסטער. זא לאנג איינער פון דיא ראָמאנאָוו'ס וועט לעבען, זא לאנג דאס רוסישע פאָלק וועט וויסען, אז עס איז נאך דא א ראָמאנאָוו אויף דער וועלט, וועט עס נאך שטענדיג זאגען: באטיושקא, צאַר! אזוי איז שוין דאס פאלק געוואָינט פון טויזענדער יאהרען. עס איז אזוי בלינד, אז עס זעהט ניט, אז אלע זיינע ליידען קומען איהם פון דיעזען „באטיושקא צאַר". דיא

ראמאַנאוו׳ס מוזען פערניכטעט ווערן. קיינער פון זיי טאר ניט בלייבען. דאן וועט ערשט דאס פאלק, דיא גראָבע, אונוויסענדע מאסע פון׳ם פאלק אנהויבען צו פיהלען, וויא לייכטער, בעסער און גליקליכער מען קען לעבען אהן דעם באטיושקא.

וולאַדימיר האט זיך פערטראַכט און טרויעריגע געדאַנקען זיינען איהם געקומען אין קאָפּ אריין. עס איז שוין אלזאָ בעשלאָסען צו טוידטען דיא גאנצע פאַמיליע רומאַנאָוו. נו, און זיין פאָטער, דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין? און זיין שוועסטער וויערא? זיי וועלען אויך מוזען שטאַרבען דעם שרעקליכען טוידט פון דער פאָלקסראַכע? עס האט איהם פערקלעמט ביים הארצען. ער האט זיין פאָטער ליעב בעקומען, בעזאנדערס ווען ער איז געוואהר געוואָרען, וויאפיעל זיין פאָטער האט געליטען פון דער טיראַניי פון אלכסנדר דעם צווייטען. יעצט מוז ער שטאַרבען נור דערפאַר, וואס ער איז אַ ראָמאַנאָוו.

באַקונין האט בעמערקט, אז וולאַדימיר האט זיך פערטראַכט. ער האט פערשטאַנען, וואס פאר אַ געפיהלע עס ריהרען זיך יעצט ביי איהם אין הארצען.

— דוא ביסט נאך יונג, וולאַדימיר דיין הערץ איז נאך וועיך און פיהלט נאך מיטלייד. דוא זאלסט אבער לעזען דעם לאַנגען צעטעל פון אונזערע אונגליקליכע ברידער, וועלכע דיא ראָמאַנאָוו׳ס האבען געלאזט הענגען, שיעסען, שטעכען און ארייננוואַרפען אין דיא גאָלד־גרובען פון סיביר, וואלסט דוא אנדערש געדענקט. פערגעס ניט, אז דיינע אייגענע מוטער איז געזעסען יאהרען לאַנג פערשפאַרט אין אַ פינסטער קעמעריל מיט אן אייזערנעם שלייער אויפ׳ן געזיכט. און פאר וואס? נור דער פאר וואס זיא האט געהאט דאס אונגליק צו ליעבען דיין פאָטער. פאר וואס האט מען דיר געהייסען ארויספאהרען פון פעטערבורג? נור דערפאר וואס דוא האסט געוואַגט צו ליעבען דיא פרינצעסין וויערא, נור דער פאר וואס דוא האסט געפיהלט וויא אַ מענש. פאר וואס האט מען טויזענדע פון דיא בעסטע און עדעלסטע רוסישע יונגע לייט פערשיקט קיין סיביר אָדער געלאזען שטאַרבען פון הונגער אין דיא קאזעמאטען? נור דערפאר וואס זיי האבען זיך ערלויבט ארויסצוזאגען א פרייעס וואָרט אדער זאגאַר איבערצולעזען אַ בוך, וועלכע דיא ראָמאַנאָוו׳ס געפעלט ניט. האבען דיא ראמאַנאוו׳ס מיטלייד געהאט מיט דיעזע אונגליקליכע? האט אלכסנדר דעם צווייטענס האנד וועץ געציטערט, ווען ער האט אונטערשריעבען אַ בלוטיגען אורטהייל? הענגען, שיעסען, פערשיקען, איז ביי איהם געווארען אַ נאטהווענדיגקייט. ער קען ניט לעבען אהן דעם. מיר מוזען אויך אזוי טהאן.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז האסטיג ארומגעגאַנגען אין צימער.

— אן אויג פאר אן אויג, אַ צאהן פאר א צאהן! האט ער אויסגערופען. מיר קענען ניט אנדערש.— טיראַניי און שקלאַפעריי מיט דיא ראמאַנאָוו׳ס, אָדער פרייהייט און גלייכהייט אהן זיי.

וולאַדימיר האט געשוויעגען. אין איהם האבען זיך אויפגעוועקט צופיעל טרויעריגע עראינערונגען, צופיעל טרויעריגע בילדער און ער האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן באַקונינען. ענדליך אבער האט ער געפרעגט:

(Mist., 76.)

— און וואס זאל איך טהאן אין דער צייט פון דעם גרויסען אויפשטאנד ? וואס פאר א ראָלע האט איהר פאר מיר בעשטימט? איהר האט דאך שוין געוויס אויסגעאַרבייט אַ געוויסען פּלאַן און פאר יעדען בעשטימט זיין ראָלע?

— דיך דארפען מיר האבען, ווייל דוא ביסט אן אָפיציער און האסט געלערנט דיא קריעגסקונסט. איך האב אומיסטען אפגערעדט מיט דיין מוטער, אז זיא זאל דיך אריינגעבען אין דער מיליטער אַקאַדעמיע, וואו דוא זאלסט לערנען אלע וויסענשאפטען, וועלכע זיינען נייטיג אום אַ קריעג צו פיהרען. איך בין שטענדיג געגען קריעג. איך האס דאס בלוט פערגיעסען און איך בין פעסט איבערצייגט, אז פריהער אָדער שפּעטער וועלען זיך דיא מענשען אומקוקען, אז דער קריעג איז איינער פון דיא גרעסטע אונגליקען פאר זיי און זיי וועלען איהם אפשאפען. אונזערע אור־אור־אייניקלעך וועלען דערצעהלען געשיכטען פון׳ם קריעג און וועלען עס ניט גלויבען, אז זייערע עלטער עלטערן זיינען אמאל געוועי אזוי נארריש און אזוי בלוטדורשטיג, אז פּלוצלונג האבען זיך אויסגעשטעלט אויף אַ פרייען פּלאַץ הונדערט טויזענד מענשען געגען הונדערט טויזענד מענשען און האבען אנגעהויבען איינער דעם אנדערן צו טוידטען. פאר וואס? פאר ווען? — דאס האבען זיי אליין ניט געוואוסט. מענשען, וועלכע האבען איינער דעם אנדערן קיין מאל ניט געזעהן, ווערן מיט אמאל איינער דעם אנדערן דם שונאים און איינער שיעסט, שטעכט און קיילעט דעם אנדערן צום צייט פערטרייב, צום פערגניגען. דאס וועט אמאָל אויפהערן. דאס מוז אמאל אויפהערן.

זא לאנג אָבער דיא מענשען פיהרען זיך, וויא זיי פיהרען זיך יעצט, אז זיי מוזען פיהרען קריעג, מוז מען האבען אַ גוטען גענעראַל, וועלכער וויים, וויא אזוי צו פיהרען אַ קריעג. מיין צוועק איז געווען, אז איך זאל דיך אויסבילדען און מאכען פון דיר אַזאַ גוטען גענעראַל, וועלכער זאל זיך שטעלען אן דער שפּיצע פון אונזער ארמעע, ווען דער טאָג פון בעפרייאונג וועט קומען. דאס איז אויך געווען דער צוועק, וואס מיר האבען געוואָלט אז דוא זאלסט קומען אין דיא העכערע געזעלשאפט פון פּעטערבורג. מיר האבען געוואלט, אז דוא זאלסט ווערן אלע מאל גרעסער, ביז דער קייסער וועט דיר געבען צו קאָמאַנדירען אַ קאָרפּוס.

ליידער, איז ניט אלעס אויסגעפאלען, וויא מיר האבען גערעכענט. דיין אונגליקליכע ליעבע צו דיין שוועסטער וויעראַ האט אלע אונזערע פּלענע צערשטערט. אנשטאט צו קאָמאַנדירען אַ רעגימענט סאלדאָטען האט מען דיך פערשיקט קיין סיביר. דאס איז אונז געווען זעהר אונאנגענעהם, עס האט אָבער אונזער פּלאַן ניט געענדערט. אלענפאלס האסט דוא געענדיגט אַ מיליטערישע אקאַדעמיע און ווייסט, וויא אזוי צו קאָמאַנדירען. דאס איז יעצט פאר אונז זעהר וויכטיג.

עס איז אלזאָ פעסט בעשלאָסען אין געהיים־בונד, אז דוא זאלסט אנטלויפען פון סיביר, קומען קיין פּעטערבורג און טהייל נעמען אין דער רעוואלוציאָן, וועלכע וועט באלד אויסברעכען און צו וועלכער אלעס איז שוין פארבערייטעט. — איך פרעג דיך ניט, אויב דוא ביסט דערמיט איינפערשטאנדען, ווייל איך וויים, אז דוא וועסט געוויס קומען. אויך דיין אנקעל, דיין מוטערס ברודער, דער גראַף הוגאָ פאָן פאהלען, וועט קומען פון אַמעריקאַ אום טהייל צו נעהמען אין דיעזען גרויסען קאמפף. מיר ערווארטען

נאך הילף פון איטאַליען. גאַריבאַלדי וועט אונז צו שיקען הילף, פון פראנקרייך, און עסטעררייך און פון דייטשלאַנד ערוואַרטען מיר זעהר פיעל. אלע קוקען ארויס אויף דיא נאכריכט, אז דיא פאַמיליע ראָמאַנאָוו׳ס איז פערשוואונדען און אין רוסלאַנד הערשט ניט קיין קייסער, ניט קיין זעלבסט הערשער זאנדערן דאס פאָלק.

באַקונין האט גערעדט אימער בעגייסטערטער אימער פייעריגער; ער איז געוועזען פאלקאמען איבערצייגט, אז עס איז שוין געקומען דיא שטונדע פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן און ניט נור רוסלאַנד, זאנדערן זאגאָר גאנץ אייראָפּאַ וועט האבען אַ גאנץ אנדערעס אויסזעהן. וולאַדימיר האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט געשוויעגען.

— דא האסט דוא אן אדרעס, וואוהין דוא זאלסט פערפאהרען קיין פּעטערבורג, ווען דוא וועסט קומען. דוא וועסט דארט זיין גאנץ זיכער. דוא וועסט דארט געפינען פריינד, וועלכע וועלען דיר אלעס ערקלערען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דערלאנגט אַ בעשריעבען שטיקעל פּאַפּיער. וולאַדימיר האט עס צוגענומען און אריינגעלעגט אין זיין פּארטאמאנע.

— דארפסט דוא האבען געלד אויף דיא רייזע? האט איהם באַקונין געפרעגט.

— איך דארף קיין געלד ניט. מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזען גענוג געלד, איידער ער איז אוועקגעפאהרען.

— אלזא, זיי געזונד און קום באלד. אין דריי מאנאטע ארום ערווארט איך דיך אין פּעטערבורג.

וולאַדימיר האט געוואלט עפּעס זאגען, נאך עפּעס פרעגען, נאך עפּעס רעדען, אבער דיא טהיר האט זיך שוין געעפענט און באַקונין איז פערשוואונדען. וולאַדימיר איז איהם נאכגעלאפען. ער איז ארויס אין גארטען, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האט געזוכט אויפ׳ן וועג, ארום הויז און איבעראל — אבער אומזיסט. באַקונין איז פערשוואונדען.

פערטראכט און טרויעריג איז ער צוריקגעגאנגען אין זיין צימער. טויזענדע געדאנקען האבען איהם בעשעפטיגט. ער האט אליין ניט געוואוסט וואס צו טהאן. עס האט איהם געצויגען קיין רוסלאַנד, קיין פּעטערבורג; ער האט זעהר געוואלט אנטהייל נעהמען אין דעם גראסען ווערק פון דער בעפרייאונג. ער האט געפיהלט, וויא שווער און וויא הארט דעם קייסערס האנד האט געדריקט זיין מוטער און איהם. זיין בלוט האט געקאכט אין זיינע אדערן, ווען ער האט זיך דערמאנט, וויא אזוי מען האט געהאנדעלט געגען איהם — אבער זיין פאטער? וויערא? זאלען זיי אייך אומקומען? — ניין! איך מוז זיי רעטען! מיין פאטער איז אַ גוטער מענש. ער האט שלעכט געהאנדעלט געגען מיין מוטער, אבער מען האט איהם געצוואונגען דערצו. מען האט אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטעל, ער זאל עס טהאן, אזוי וויא מען האט מיך דערווייטערט פון זיין הויז דורך דעם גענעראל דראַגאָמיראָוו. איך ווייס יעצט אלעס. איך ווייס שוין, וויא ניעדערטרעכטיג מען האט געגען מיר געהאנדעלט.

— איך טאר עס ניט דערלאזען, אז מיין פאָטער און דיא גוטע, אונשולדיגע

**ווירא זאלען אומקומען דורך אזא שרעקליכען טויט, איך מוז זיי רעטען, איך מוז אנ־**
טלויפען פון דאנען, איך מוז פאהרען קיין פעטערבורג, איך מוז....

ער האַט זיך געוואָרפען אויפ'ן דיוואן און איז דארט געבליעבען ליעגען אגעוויסע צייט אונבעוועגליך. פלוצלונג האט ער זיך אויפגעהייבען. ער איז געווען בלייך און זיינע ליפען האבען געציטערט.

ער האט געפאסט א בעשלוס. ער האט זיך אויף עפּעס ענטשלאָסען.

98טעם קאפיטעל.

## רוסלאנד אויף דער ערד.

אין פאריגען קאפיטעל, וויא אויך אין איינינע פון דיא פאָריגע קאפּיטלעך, האב איך געגיבען מיינע לעזער א שוואכען בעגריעף פון דעם, וואס עס האט זיך געטאהן אין רוסלאנד אונטער דער ערד „פאָדפאָלנאיא ראָססיא". איך וויל אייך יעצט פאר־שטעלען איינינע בילדער און סצענען פון דער העבערער געזעלשאפט אין רוסלאנד.

עס איז א שעהנער זומער אבענד. אין א ווילּיא (דאטשא) ביי דיא ברעגעס פון דער נעווא זיצען אויפ'ן באלקאָן, וואס געהט ארויס אין גארטען איינינע דאמען און הערען און אונטערהאלטען זיך פערטרויליך. מען האט נור וואס אפגעטרונקען טהעה און דיא דיענער האבען ארויפגעבראכט עטליכע קליינע צונויפגעלענטע טישלעך, וועל־כע זיי האבען באלד געעפענט. די טישלעך זיינען בעדעקט מיט גרינעם געוואנד. דאס זיינען קארטען טישלעך. דיא לאקייעס האבען אניעדערגעלעגט אויף יעדען טישעל א טאליע קארטען און א פעקעל קריידליך און זיינען זיך אוועקגעגאנגען. ווען דיא הער־רען שפּיעלען אין קארטען, דארפען דיא קנעכט דערביי ניט שטעהן.

וויא עס ווייזט אבער אוס, זיינען דיא הערען און דיא דאמען היינט אזוי פער־טיעפט אין זייער געשפרעך, אז זיי איילען זיך ניט צו דיא קארטען. זיי האבען עטוואס וויכטיגערעס צו טאהן.

דיא ווירטהין פון דער ווילּיא איז דיא פירסטין אננא מיכאילאָוונא וואלקאָנסקא־יא. זיא איז געווען דיא ערשטע האפדאמע ביי אלעקסאנדער II פרוי, דיא קייזערין מאריא פיאָדאָראָוונא — און איז זעהר גוט בעקאנט מיט אלעמען, וואס עס קומט פאר אין הויף. אננא מיכאילאָוונא איז שוין ניט יונג, זיא איז קיין מאל ניט געווען שעהן און דענאך בעמיהען זיך פיעלע יונגע לייט אום דיא עהרע, זיי זאלען אמאל קר מען צו איהר אין זאל, זיי זאָלען אויפגענומען ווערן אין איהר געזעלשאפט. עס איז אבער ניט אזוי לייכט צו קומען צו דער פירסטין וואָלקאָנסקאיא. אין איהר געזעלשאפט קומען נור דיא גרעסטע און דיא אויסגעקליעבענסטע אריסטאקראטען פון פעטערבורג. אָבוואָהל דיא פירסטין איז ניט שטארק בעליעבט, מען האט אבער מורא פאר איהר שארפען צונג און פאר איהר ניפטיגען וויץ. זאגאר דער קייסער פלעגט אמאל צו ליעב טאהן דער פירסטין וואָלקאָנסקאיא, ווען זיא האט איהם עפּעס געבעטען נור דערפאר, וואס ער האט ניט געוואלט, זיא זאל ארויסזאגען איינעם פון איהרע שאר־פע, בייסענדע שטעכווערטער, וועלכע פלעגען באלד ארומלויפען איבער גאנץ פע־טערבורג.

עס איז דאָהער קיין וואונדער, וואס פיעלע גענעראלען, פירסטען און גראפען פלעגען זוכען דיא עהרע, אז מען זאל זיי פארשטעלען פאר דער פירסטין וואָלקאנסקאיא. ווען אננא מיכאַילאָוונא האט געוואלט מאכען איינעם פאר גובערנאַטאָר אין א גובערניע, איז ער געוויס געווארען גובערנאַטאָר. זיא האט געוואוסט אלע וועגען און אלע מיטעל, וויא אזוי צו צוקומען צום קייסער און זעהן, אז ער זאל איינוויליגען און זאל אונטערשרייבען זיינע ערנענונג. ניט איין גובערנאטאר, ניט איין גענעראל גובערנאַטאר, ניט איין גענעראל איז געקומען צו זיין הויכע שטעלע דורך אננא מיכאַילאָוונא׳ס הילף.

דער פירסט וואָלקאָנסקי איז געוועזען זעהר רייך און האט איהר איבערגעלאָזען א גרויס פערמעגען, ווען ער איז געשטאָרבען. מען האט צוואר גערעדט אין פעטערבורג, אז דער פירסט מיט דער פירסטין האבען ניט גאנץ גליקליך געלעבט צו זאמען. קיינער אבער האט ניט געקענט זאגען עטוואס בעשטימטעס, עטוואס געוויסעס. מען פלעגט זיי דאָך שטענדיג זעהן צו זאמען. אויף בעלער, אין געזעלשאפטען, אויף שפאציערגענגע פלעגט דער פירסט שטענדיג געהן אדער פאהרען מיט זיין פרוי צו זאַמען. דאס איינע האט מען געוואוסט, אז ווען דער קייסער האט ערנאנט דעם פירסט וואלקאנסקי אלס געזאנדעטען אין מאַדריד, אין שפאַניען, איז ער געפאהרען אהין אַליין און אננא מיכאַילאָוונא איז געבליעבען אין פעטערבורג. זיא אליין האט ערקלערט, אז איהרע שטעלע אלס האפדאמע ביי דער קייזערין ערלויבט איהר ניט צו פאהרען קיין שפאַניען.

עס זיצען יעצט ביי איהר אויפ׳ן באלקאן דער מיניסטער דער פאלקס אויפקלערונג, באראָן ניקאָלאַאי, א פראָפעסאָר פון׳ם אוניווערזיטעט, מאדעסטאָוו, דער פערוואלטער פון דער גאָסודארסטוועני באַנק, לאַמאַנסקי און נאך איינינע הערען און דאַמען פון דער העכערער געזעלשאַפט.

— איז עס וואהר, אננא מיכאילאָוונא, האט באראָן ניקאָלאַאי געפרעגט, אז דער גראָספירסט מיכאַאיל ניקאָלאַיעוויטש ווערט צוריק גערופען פון׳ם קאַווקאַז?

— ער איז שוין ארויסגעפארען פון טיפליס, האט אננא מיכאילאָוונא געענטפערט. מען ערווארטעט איהם היינט, מארגען אין פעטערבורג.

— און ווער איז בעשטימט אויף זיין ארט? האט ווייטער געפרעגט דער מיניסטער דער פאלקס אויפקלערונג.

— וויא עס וויזט אויס אינטערעסירט אייך דיא פראַגע. ווער עס וועט זיין וויצע קעניג (נאַמיעסטניק) אויפ׳ן קאַווקאַז? מיין ליעבער באראָן. דאס איז מיר א וואונדער. איהר האט דאך מיטין קאַווקאַז זעהר ווענינ צו טאהן. אויפ׳ן קאַווקאַז זיינען דאך דערווייל דא נור איינינע פאלקס־שולען און א פאר גימנאזיען. קיין אוניווערזיטעט איז דערווייל אויפ׳ן קאווקאז ניטא און וועט אזוי גיך ניט זיין. וואס געהט אייך אן דער קאַווקאַז? לאזען זיך דארט די מאהאָמעדאנער לערנען דעם קאָראַן (טערקישע תורה) אין זייערע מעדרעסעס (מאהאָמעדאנישע שולען, אן ארט בתי מדרשים).

— עס אינטערעסירט מיך ניט אלס מיניסטער פון דער פאלקס אויפקלערונג, האט באראָן ניקאָלאַאי געענטפערט, עס אינטערעסירט מיך צו וויסען, אויב אונזער פריינד

דער גענעראל ראָאָפּ וועט בעקומען דיעזע שטעלע. איהר ווייסט דאָך אננא מיכאאי־לאָוונא, וויא זעהר עס וואלט געוועזען פאר אונז ערווינשט, אז מיר זאלען האבען אויפ'ן קאווקאז איינעם פון אונזערע מענשען. איך ווייס, אז גענעראל ראָאָפּ איז איי־נער פון דיא בעסטע פריינד פון דער פאמיליע וואָלקאָנסקי.

אננא מיכאילאָוונא האט זיך איינגעבויגען נעהנטער צום באראָן און האט צו־גומען איהר גרויסען פאכער פון עלפענביין, אין וועלכען עס האבען געפינקעלט איי־ניגע דיאמאנטען. וויא עס ווייזט אויס, איז איהר פלוצלונג שטארק הייס געווארען, אדער זיא האט ניט געוואלט, אז מען זאָל ניט זעהן דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט.

— עס וועהעט אַזאנדער לופט אין אונזער ליעבען רוסלאנד, האט זיא פלוצלונג געזאָגט שטילערהייט. דער אלטער ווייס שוין אליין ניט וואס צו טאהן. ער איז אוועק־געפאָרען קיין ליוואדיא מיט דער פירסטין דאָלגארוקי און האט איבערגעגעבען דיא רע־גירונג אין גאנצען אין דיא הענד פון דעם ארמעניער, לאריס־מעליקאָוו. מיר וועלען באלד האבען פיעלע ענדערונגען.

א פינסטערער וואָלקע [האט זיך געלעגט אויפ'ן מיניסטערס ברייטען שטערן — עס האט איהם זעהר באנג געטאהן צו פערלירען זיין שטעלע אלס מיניסטער דער פאָלקס אויפקלערונג.

— גלויבען זיא, אננא מיכאילאָוונא, אז אין אלע מיניסטעריען וועלען פאר־קומען ענדערונגען? האט ער געפרעגט גאנץ שטיל, אז נור אננא מיכאילאָוונא האט איהם געקענט הערען.

— ווען עס וועט געהן, וויא ביז אהער, וועט זיך געוויס אין אלע מיניסטעריען פיעלעס ענדערן. דיעזער ארמעניער האט אמאל געלערנט אין פאריז און האט זיך דארט אנגעזעהען שעהנע זאכען. ער וויל איבערמאכען רוסלאנד אויף פראנצייזישען ארט. דאָס וועט איהם אבער אזוי גיך ניט געראטהען. האבען מיר זעהר פיעל געוואו־נען פון דיא בעפרייאונג דער בויערן? האבען מיר געמאכט גרויסע גליקען פון אונזערע נייע פראנצייזישע געשווארענע געריכטע (סוד פריסיאזשניך)? וואס האבען מיר גע־וואונען דער פון, וואָס מיר האבען נאָכגעטאהן פראנקרייך? מיר האבען זעהר פיעל פערלארען און מיר פארליערען טעגליך דער פון, וואס מיר ווילען נאכטאהן יענעם, וויא דיא אפען (אבעזיאנעס). וואָס פאר פראנקרייך איז גוט און שעהן, דאס איז פאר רוסלאנד שלעכט און אבשייליך.

— דאס איז דאך דיא גרויסע פראגע, האט דער מיניסטער געזאָגט. מיר אָרימע מיניסטארען, ווייסען ניט, וויא אזוי זיך צו האלטען און וויא אזוי זיך צו בענעהן. פאר מיר איז געוועזען מיניסטער דער פאָלקס אויפקלערונג גראף טאָלסטאָי; פאר איהם איז געוועזען מיניסטער גראף או־ווארָאוו. וואָס גראף או־ווארָאוו האט אויפגעטאהן, וואס ער האט איינגעאָרדנעט, דאָס האט גראף טאָלסטאָי צוריק גענומען און צוריק גערו־פען. גראף או־ווארָאוו האט איינגעפיהרט שולען, גימנאזיען און אוניווערזיטעטען. גראף או־ווארָאוו האט געוואלט זאגאר איינפיהרען אן אוקאז, אז יעדער פאָטער זאָל זיין גע־צוואונגען צו לאזען זיינע קינדער לערנען. גראף או־ווארָאוו האט זאָגאר פאר דיא אי־דען און דיא ציגיינער געעפענט שולען. ער האט געעפענט צוויא ראבינער שולען,

א נע אין זשיטאָמיר און דיא אנדערע אין ווילנא פאר דיא אידען און פאר דיא מאָהאמעדאַנער האט ער געעפענט עטליכע אזעלכע שולען אין קאזאן, אין אָרענבורג, אין עריוואַן, אין קוטאאיס און אין אנדערע שטעדט. גראף או=ווארא̇וו האט ליעב געהאט אייראפא און האט געוואָלט איינפיהרען אין רוסלאנד אלעס אויף אייראָפעאי= שען ארט. נאָך איהם איז געוואָרען מיניסטער דער פאָלקס אויפקלערונג גראף טאָל= סטאָי. ער האט שוין געוואָלט אלעס צוריק האפען, אלעס צוריק נעהמען און אלעס צוריק פיהרען צו דיא אלטע צייטען, ווען אין רוסלאנד האבען זיך געקענט לערנען נור דיא קינדער פון אריסטאָקראַטען, פרינצען, פירסטין, גראפען, אדער ווען מען האט גאר ניט גדארפט לערנען, אזוי וויא אונזערע בעריהמטע קייסרין יעליסאוועטא פעטראָוונא, וועלכע האט קוים געקענט אונטערשרייבען איהר נאָמען און יעדעס מאל, ווען זיא פלעגט דארפען אונטערשרייבען א פאפיער, פלעגט זיא אויסרופען:

— אך! פאר וואס האט מיר מיין פאטער געגעבען אזא לאנגען נאמען י ע ל י־ ס א וו ע ט א?

דער מיניסטער גראף טאָלסטאָי האט געטהאן אלעס מעגליכע, אז דיא קינדער אין רוסלאנד זאלען ניט לערנען און ניט קענען. יעצט בין איך מיניסטער אויף זיין ארט ווייל ער איז געווארען מיניסטער דעס אינערן (ווגוטרעניך דיעל) איך ווייס אָבער ניט, וויא אזוי מיך צו האלטען. זאל איך נאכטהאן דעם מיניסטער או־ווארא̇וו אָדער דעם מיניסטער טאָלסטאָי? — איך בין געקומען צו אייך, אננא מיכאילאָוונא, אייך פרעגען אייער מיינונג און בעטען, איהר זאלט מיר ראטהען, וואס צו טהאן.

דער פעבער און אננא מיכאאילאָוונא'ס האנד האט זיך אנגעהויבען שנעלער צו ריהרען. זיא האט זיך צוגעבויגען נאך נעהנטער צום באראָן ניקאָלאַי, אז ער האט גע־ פיהלט דעם ווארעמען הויך פון איהר מויל בעריהרען זיינע באַקען.

— איהר ווייסט דאך, ליעבער באראָן, וואס מיר ווילען, האט זיא איהם געזאגט און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו גלענצען. דער אלטער ווארפט זיך און אלע זייטען. באלד גיט ער ארויס אוקאזען, אז מען קען מיינען, ער איז דער פרייעססטער הערדשער אין אייראפא און וויל געבען רוסלאנד א קאָנסטיטוציאָן און א פארלאמענט. באלד האפט ער עס צוריק און גיט ארויס אוקאזען, אז מען קען מיינען, ער וויל ווערן אזוי שלעכט, וויא דער קייסער איוואן גראָזני (איוואן דער שרעקליכער). ער ווייס שוין אליין ניט, וואס ער טהוט. דיא ניהיליסטען פון איין זייט און דיא פירסטין דאָלגאָרוקי פון דער אנדערער זייט האבען איהם שוין גאר פערדרעהט דעם קאָפ. מיט איהם קען מען שוין גאר ניט מאכען, אויף איהם קענען מיר ניט האפען, פון איהם קענען מיר גאר ניט ערווארטען. מיר מוזען זיך יעצט ווענדען אין אנאנדערע זייט. —

— מיינט איהר, אז דער נאסליעדניק וועט בעסער זיין? קענען מיר פון איהם מעהר ערווארטען?

— געוויס, ליעבער באראָן, דאס וועט זיין א קייסער, וויא מיר דארפען. ער וועט צו ווארפען דיא גאנצע געביידע, וואס אלכסנדר דער צווייטער האט אויסגעבויט און וועט אויסבויען א גאַנץ נייעס רוסלאנד, וויא עס איז געווען אמאל אין דיא גוטע, אלטע

ציימען, ווען עס האבען געהעררשט אונזערע בערימהמטע קיסריים איוואן I און וואסילי II. דאמאלס וועט דיא רוסישע אריסטאקראטיע קומען צו איהר אמאָליגען גלאַנץ. דאמאָלס וועלען דיא פירסטען, דיא גראַפען און דיא באַראָנען האבען דיא מאכט אין דיא הענד. דיא ניהיליסטען, דיא אויפגעקלערטע, דיא פּלווידערזעק, דיא אדוואָקאטען און דיא ציימונגס־שרייבער וועלען פערשוואונדען ווערן. זיי וועלען פערשטומט ווערן. נייעס וועט מען וויסען נור פון קייזערליכען הויף און פון דיא ציימונגען, וועלכע מיר וועלען לאזען דרוקען. אזוי האט עס געטהאן דער קייסער ניקאָלאַי I ער איז אליין געווען דער צענזאר פון דיא אלע שרייערס אדער שרייבערס.

— איך זעה דאך אבער, אז אין גאטשינא איז עס גאנץ שטיל, האט באַראָן ניקאָלאַאי געזאגט. איך זעה, אז צום נאסליעדניק קומט קיינער ניט. ער מישט זיך ניט אין דער רעגיערונג, קומט אין ערגעץ ניט און קיינער קומט צו איהם ניט. איך קען ניט פערשטעהן, וואס דיא אורזאכע דערפון איז? פערשטעהן עס דען ניט דיא אנדערע מיניסטאָרען?

— איך האב אייך געהאלטען פאר א מיניסטער קאָפּ און האב געזעהן, אז מען זאל אייך מאכען פאר מיניסטער דער פאָלקס אויפקלערונג, האט אננא מיכאילאָוונא געזאגט מיט א פאָרוואורף. איך זעה יעצט, אז איך האב ניט געטראפען. א מיניסטער דארף אלעס פערשטעהן אויפ׳ן ווינק. פאר א מיניסטער דארף זיין גענוג א י י ן וואָרט. א מיניסטער דארף אלעס זעהן און זיך צו אלעם צוקוקען. זעהט איהר דען ניט, וויא פּאָביעדאָנאָסצאָוו, גראף איגנאטיעוו, גענעראל וואנאָווסקי, גענעראל ראַאפּ, טשערנאַ־יעוו און אנדערע ליעגען איבער גאנצע טעג אין גאַטשינא? זעהט איהר דען ניט, אז אין גאַטשינא איז גאָר ניט אזוי שטיל, וויא אייך דאכט זיך? פארוואס זעה איך אלעס?

דער מיניסטער האט זיך פערשעהמט. אננא מיכאילאָוונא האט איהם געגעבען זעהר א שטרענגע לעקציאָן.

— טהייערע פריינדין! האט ער געזאגט, איהר פערגעסט, אז איך האב ביז אהער געלעבט וויים פון׳ם הויף, וויים פון דער האף געזעלשאפט. איך האב אייער גוטסקיים אין אייער פריינדשאפט צו פערדאנקען דיעזע שטעלע, וועלכע איך פערטרעט יעצט. איך בין נאך ניט אזוי בעקאנט מיט דעם לעבען פון דיעזע קרייזען. דערפאר קום איך דאך יעדעס מאל אייך פרעגען, וואס איך זאל טהאָן.

איך בין אויך יעצט געקומען צו אייך מיט א בעזאנדערע ביטע. איך בין אין א פערלעגענהייט און קען מיר קיין ראטה ניט געבען.

דיא פירסטין וואלקאנסקאיא איז געוואָרען אויפמערקזאם. באַראָן ניקאָלאַאי איז געווען איהר אלטער בעקאנטער, איהר אלטער פריינד. עס איז געווען א צייט, ווען דער באַראָן איז געווען ביי איהר מאן דעם פירסט וואלקאנסקי׳ס געהיים־סעקרעטער און אננא מיכאילאָוונא איז מיט איהם געווען גאנץ נאהענט בעקאנט. זיא האט געזעהן, אז ער זאל אלע מאל בעקומען א העכערן טשין (ראנג) און האט איהם ענדליך פערשאפט דיא שטע־לע פון מיניסטער דער פאָלקס־אויפקלערונג און האט געהאפט, זיא זאל איהם נאך ווייטער טרייבען. ווען ער האט איהר דאהער געזאגט, אז ער איז אין א פערלעגענהייט, איז זיא געוואָרען זעהר אויפמערקזאם.

— דערצעהלט מיר אייער פערלעגענהייט, וועל איך זעהן, וואס מיר זאלען טהאן, האט זיא איהם געזאגט פעסט.

— דער באראָן האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט איבערצייגען, אז קיינער הערט איהם ניט.

— דיא סטודענטען פון דער אוניווערזיטעט האבען ביז אהער געמעגט זיך פער־זאמלען אין דער געביידע פון דער אוניווערזיטעט און זיך בעראטהען איבער זייערע אנגעלעגענהייטען. דערביי פלעגען זיי זעהר אפט אורטהיילען איבער דיא פּראָפעסאָרען און זאגען, אז דער פּראָפעסאָר איז גוט און דער איז שלעכט און נאך אזעלכע נאריש־קייטען. דאס האט קיינעם ניט געהארט, ווייל זיי פלעגען זיך פערזאמלען, פלעגען רעדען, שרייען, פלוידערן און זיך צוגעהן. איך האב געוואלט וויזען, אז איך בין מיניסטער דער פאָלקס־אויפקלערונג און האבען געגעבען א בעפעהל, אז ביי אזעלכע פערזאמלונגען מוז זיין אנוועזענד דער אינספּעקטאָר פון דער אוניווערזיטעט און ווען ער זעהט, אז דיא סטודענטען מאכען צו א גרויסען רעש, זאל ער זיי הייסען א היים געהן. דיא סטודענ־טען זיינען זעהר ניט צופריעדען מיט מיין נייער פעראָרדנונג. זיי ווילען ניט, אז מען זאל זיי אויפקוקען, ווען זיי פערזאמלען זיך און בעראטהען זיך אין זייערע אנגעלעגענהייטען. זיי האבען מיר היינט דערלאנגט א ביטשריפט, איך זאל דעם בעפעהל צוריקרופען.

יעצט וויים איך ניט, וואס צו טהאן? צוריקרופען דעם בעפעהל פאסט מיר ניט. איך וויל ניט, אז זיי זאלען זיך בעריהמען, אז זיי האבען, אויסגעפיהרט. ניט צוריקרופען דעם בעפעהל איז מיר אבער אויך אונאנגענעהם. איך האב מורא, אז זיי זאלען ניט מאכען א סקאנדאל, עס זאלען ניט ווערן קיינע אונרוהען.

— א בעפעהל פון א מיניסטער דארף מען קיין מאל ניט צוריקרופען! האט אננא מיכאילאָוונא געזאגט שארף. יעדער בעפעהל מוז פינקטליך אויסגעפיהרט ווערן.

— עס געפינען זיך אָבער צווישען זיי היציגע קעפּ און עס קענען ענטשטעהן אונרוהען, האט דער מיניסטער געזאגט טרויעריג.

— דערפאר האבען מיר א פּאָליציי מיט קאזאקען, מיט נאגאיקעס.

— בערופען קאזאקען מיט נאגאיקעס אין אוניווערזיטעט איז אויך ניט גאנץ אנגענעהם. עס ווערט דאך אימער א סקאנדאל און איך, אלס נייער מיניסטער, וואלט זעהר געוואלט אויסמיידען יעדען סקאנדאל.

— מען שיקט ניט גלייך דיא קאזאקען מיט דיא נאגאיקעס. מען בעשטעלט זיי נור, אז זיי זאלען זיין בערייט צו יעדע מינוט צו טהאן, וואס מען וועט זיי הייסען. צו ערשט מוזט איהר וויזען, אז איהר זייט א מיניסטער. קומט אליין אין אוניווערזיטעט, רעדט צו דיא סטודענטען, ערקלערט זיי, אז עס איז גלייכער, אז דער אינספּעקטאר זאל זיין אויף זייערע פערזאמלונגען.

דער נאמען מיניסטער ווירקט אין רוסלאנד. עס וועט נאך פיעל מעהר ווירקען, ווען איהר וועט אליין קומען. זיי וועלען עס ניט וואגען אייך ענטגעגען צו רעדען. זיי וועלען זיך אונטערגעבען און איהר וועט נאך בעקומען א מעדאיל דערפאר, וואס איהר האט מיט אייער וואָרט אליין געשטילט אן אויפרוהר, א מיאטעזש.

אך! פאר וואס בין איך ניט קיין מאן! איך וואלט בענוצט אזא געלעגענהייט

אום מיך בעריהמט צו מאכען. מען וואלט פאר מיר געציטערט. דאס וואלט געווען מיין בעסטע רעקאָמענדאציאָן ביים נאסליעדניק. איך וואלט דאדורך בעקומען א צוטריט צו איהם.

באראָן ניקאָלאַי האט געקוקט אננא מיכאילאָוונא אין מויל אריין, ווען זיא האט גערעדט, גלייך וויא פון איהר מויל וואלטען זיך געשאטען פערל. ער האט געמוזט צוגעבען, אז זיא איז קליגער און געשיידטער פון איהם. אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א געלעכטער לעבען אנדערן טישעל, וואו דער יונגער גראף רעפנין איז געזעסען מיט צוויי דאמען און האט זיי דערצעהלט עפעס א פרעהליכע געשיכטע, פון וועלכער דיא דאמען האבען געלאכט.

— רעפנין האט שוין ווידער דערצעהלט איינע פון זיינע שטיק, האט זיך אננא מיכאילאָוונא געווענדעט צו זיי, ער וועט ניט אויפהערן צו שפאסען, ביז איך וועל איהם ניט אנדרעהן דיא אויערן.

— דיא פירסטין וואָלקאנסקאיא וועט ניט זיין אזוי שלעכט אנצודרעהן דיא אויערן אן אונשולדיגען יונגען מענשען, וועלכער ווייס נור פון דריי זאכען: צו האבען רעספעקט פאר דאמען, צו אונטערהאלטען דאמען און צו ליעבען דאמען, האט דער יונגער גראף געענטפערט און האט זיך דערביי פערנייגט אזוי קאָמיש, אז אננא מיכאילאָוונא האט געמוזט לאכען.

— ער וועט שוין בלייבען א טויגעניכטס, האט אננא מיכאילאָוונא געזאגט. פון איהם וועט גאר ניט ווערן.

— פאר וואס ניט, אננא מיכאילאָוונא? איך וועל נאך ווערן גענעראל און וועל נאך אמאל אפנעהמען איטאליען, וויא דער בעריהמטער סאוואראוו האט געוואלט טהאן.

— דוא וועסט אפנעהמען איטאליען? פיעללייכט איטאליענישע דאמען. דוא ביסט א גרויסער העלד מיט'ן מויל, ניט מיט דעם שווערד.

דאס געשפרעך איז געווארען אלגעמיין. מען האט גערעדט און געפלוידערט פון גלייכגילטיגע זאכען. דער מיניסטער האט נאך געוואלט עפעס רעדען מיט אננא מיכאי־לאָוונא. עס איז איהם אבער געווען אונמעגליך, מיט איהר אליין צו רעדען. עס איז געווארען שפעט. ער האט זיך אויפגעהויבען און האט געוואלט אוועקגעהן. אננא מי־כאילאָוונא האט איהם צוגעפיהרט ביז צו דיא טרעפ פון באלקאן. ער האט איהר גע־געבען דיא האנד און האט געוואלט אוועקגעהן.

— וואס מאכט אָסיפ? האט זיא איהם פלוצלונג א פרעג געטאהן, איך האב איהם שוין לאנג ניט געזעהן.

— ער פארבערייטעט זיך אויפ'ן לעצטען עקזאמען אין דער מיליטערישען אקאָ־דעמיע, האט דער מיניסטער געענטפערט.

— געוויס וועט איהר שוין זעהן, אז ער זאל גוט אויס האלטען זיין עקזאמען. ער איז דאך אונזער איינציגעס קינד.

— דער עקזאמען איז נאָך וועניג, נאָכ'ן עקזאמען מוז מען זעהן פאר איהם א גוטען פאָסטען.

— דאס וועל איך שוין פערזאָרגען, האט דיא פירסטין וואָלקאָנסקאַיא געזאָגט און איז צוריקגעגאנגען צו איהרע געסט.

דיא געסט האבען זיך דערוויילע געזעצט לעבען דיא טישלעך און האבען אנגעהויבען צו שפּיעלען אין קאַרטען.

— איך ווארט אויף אייך, אננא מיכאַילאָוונא, האט געזאָגט דער דירעקטאָר פון דער רייכסבאַנק (גאָסודארסטווענני באנק) לאמאַנסקי. איך בין אייער שטענדיגער פּארטנער און וויל היינט ווידער האבען דאס פערגניגען צו אייך צו פערשפּיעלען.

— אזוי? האט אננא מיכאילאָוונא געלאַכט, ביי אייך איז א פערגניגען צו פערשפּיעלען?

— בעסער מיט א קלוגען צו פערליערן, אַלס מיט א נארר צו געווינען, האט לאַמאַנסקי געמאַכט א קאָמפּלימענט דער פירסטין.

זיי האבען זיך געזעצט שפּיעלען. לאַמאַנסקי האט ווירקליך פערשפּיעלט. ער האט גענומען האבען דיא בעסטע קארטען, האט ער געמאַכט אזעלכע גראָבע פעהלער, אז ער האט דאָך פערשפּיעלט.

— וויא קען מען אייך פערטרויען דיא רייכסבאַנק, אז איהר שפּיעלט אזוי שלעכט? האט זיך צו איהם פלוצלונג געווענדעט אננא מיכאילאָוונא.

לאַמאַנסקי איז בלייך געוואָרען. ער האט פערשטאַנען, אז דאָס איז ניט קיין שפּאָס, אז דיא פירסטין איז געוויס עפּעס געוואָר געוואָרען, אז מען וועט איהם באַלד אפּזאָגען פון זיין שטעלע. ער האט שוין דער פון עפּעס געהערט אין אנאנדער ארט און איז אומיסטען געקומען צו דער פירסטין פון איהר צו ערפאהרען, אויב עס איז ריכטיג און טאָמער איז נאך מעגליך צו ווירקען אויפ'ן קייסער, ער זאָל איהם לאָזען אויף זיין שטעלע.

דער דירעקטאר פון דער גאָסודארסטווענע באנק אין רוסלאַנד בעקומט צוואר ניט מעהר, וויא צוועלף טויזענד רובעל א יאהר געהאלט. עס איז אָבער א שטעלע, וועלכע ברענגט איין מיליאָנען, ווען דער דירעקטאָר וויים נור, וויא אזוי זיך צו בענעהן. רוסלאנד מוז מאכען יעדס מאל אן אנלייהע (א הלוואה) עס האט קיין מאל קיין געלד ניט און מוז באָרגען און לייען. אלעס געהט דורך דורך דיא הענד פון'ם דירעקטאר פון דער באנק און עפּעס מוז זיך אנקלעפּען און בלייבען ביי איהם אין דיא הענד. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואָס לאַמאַנסקין האט זיך אזוי ניט געוואלט אויפגעבען זיין שטעלע, ער איז געווען פונפצען יאהר דירעקטאר פון דער באנק און האט שוין געוואוסט אלע וועגען און אלע מיטעל, וויא אזוי צו מאכען געלד און אוועקצושיקען אין דער ענגלישער באנק אין לאנדאָן.

וואונדערבאר איז עס, אז דער רוסישער קייסער, דיא גראָספירסטען און אלע, וואס שטעהן נאהנט צו דער רעגיערונג, האלטען זייער געלד ניט אין דיא רוסישע בענק, זאנדערן אין דער ענגלישער באנק אין לאָנדאָן. דיא רוסישע קייזערליכע פאמיליע איז זעהר רייך. דער רוסישער קייסער אליין איז דער רייכסטער מאן אין דער וועלט, זיין געלד אבער האלט ער ניט אין זיין לאנד, זאנדערן אין ענגלאנד. לאַמאַנסקי האט זיין געלד אויך געהאַלטען אין אן ענגלישער באנק.

ווען אננא מיכאילאָוונא האט איהם געמאכט דעם פאָרוואורף, אז ער שפּיעלט שלעכט אין קארטען, האט ער באלד אוועקגעלעגט דיא קארטען אויפ'ן טיש.

— עס געהט מיר היינט ניט, אננא מיכאילאָוונא. איך מוז אויפהערן שפּיעלען, אדער פאהרען צו א צויבערין, זיא זאל מיר זאגען אשפרוך, וויא אזוי צו געווינען. ווייסט איהר אפּט ניט פון אזא צויבערין?

— געוויס ווייס איך, האט אננא מיכאילאָוונא געלאכט, איך וועל עס אייך אבער ניט זאגען.

— מעגליך, אז איהר אליין זייט דיעזע וואונדערבארע צויבערין, דאן האף איך ביי אייך אויסצופארשען אייער געהיימנים.

— דאס וועט אייך אבער קאסטען טהייער; איך פערקויף ניט מיינע געהיימ־ניסע אזוי ביליג, וויא איהר מיינט.

— פאר אזא צויבערין, וויא דיא פירסטין וואָלקאָנסקאיא, איז גאר ניטא קיין טהייער, האט לאמאנסקי וויעדער געמאכט א קאמפּלימענט דער פירסטין. וויא פיעל מען בעצאהלט אזא צויבערין, איז זיא אלץ מעהר ווערטה.

— דאס וועל איך באלד זעהן. איך האב א ווייטען אנפערוואנדטען פון מיין מאן און איך וויל פאר איהם א שטעלע אין דער באנק. ער איז א גוטער, שטילער יונגער מאן, וועלכער איז ווערטה צו האבען איינע פון דיא בעסטע שטעלען. לײדער, איז ער אבער נאך ווענינ בעקאנט מיט באנק אָפּעראציאָנען. ער שטאַמט אָפּ פון א גוטער פאמיליע און האט זיך ניט געוואלט ברעכען דעם קאָפּ אויף ציפערן און שרייבען אין גרויסע, לאנגע ביכער. איך מוז אבער איהם פערזארגען און איהם געבען א גוטע שטעלע.

— אייער וואונש איז פאר מיר א בעפעהל, אננא מיכאילאָוונא, איז איהר לא־מאנסקי אריינגעפאלען אין דיא רעד. שיקט מיר נור אייער יונגען מאן, איך וועל איהם שוין געבען דיא בעסטע שטעלע, וואס קען נור געבען. — וועט זיין דרייא טויזענד רובעל א יאהר געהאלט גענוג פאר דיא ערשטע צייט?

— פאר דיא ערשטע צייט וועט עס זיין גענוג, ער מוז אבער דערביי האבען דיא געלעגענהייט צו בעקומען א העכערן געהאלט און א גוטען טשין (ראנג).

— זא לאנג איך וועל בלייבען אויף מיין שטעלע, וועל איך געוויס אנווענדען אלע מעגליכע מיטעל אום דעם מענשען, וואס איהר האט מיר רעקאָמאנדירט צו טרייבען אין דער הויך.

איך ווייס אבער אליין נאָך ניט, וואו איך האלט, האט ער ווייטער געזאָגט גאנץ שטיל, אז אננא מיכאילאָוונא האט איהם קוים געהערט. איך האב ערהאלטען ניט גאנץ פרעהליכע נאכריכטען. מען רעדט פון ענדערונגען, פון נייע מיניסטאָרען, נייע בעאמטע און נייע מענשען. מעגליך, אז באלד וועט קומען דיא רייהע צו מיר און מען וועט מיך אויך וועלען פערבייטען. דאן... וועט מיר אונמעגליך זיין.—

— בערוהיגט אייך, הערר דירעקטאָר! עס געהט נאָך ניט אזוי שנעל און ניט אלעס, וויא דער ארמעניער לאָריס־מעליקאָוו וויל עס טאהן. ער מיינט, אז ער איז אין פּאריז, וואו יעדען וואָך בייטען זיך דיא מיניסטאָרען און דיא העכערע בעאמטע. מיר

**וועלען** עס נאך ניט דערלאָזען. ער וועט אראָפּ פון זיין שטעלע און אונזערע אַלטע גוטע פריינד וועלען בלייבען.

— איהר זאגט עס אזוי לייכט, אַננאַ מיכאַילאָוונא, גלייך וויא איהר וואָלט געוועזן פעסט איבערצייגט, אז לאָרים-מעליקאָוו וועט זיך ניט לאנג האלטען אויף זיין שטעלע. דערווייל זעה איך, אז דער גראָספירסט מיכאאיל האט זיך אפּגעזאָגט פון זיין שטעלע אלס וויצע קעניג (נאמיעסטניק) אויפ'ן קאַווקאַז. מיר ווייסען שוין וואס עס הייסט, ער האט זיך אפּגעזאָגט — מען האט איהם געהייסען, ער זאָל זיך אפּזאָגען. ווער האט עס געטאהן, ווען ניט דער ארמעניער?

— געוויס האט עס לאָרים מעליקאָוו געטאהן. דאס וועט איהם אבער טהייער קאָסטען. מיינט איהר, אז דער גראָספירסט וועט שווייגען? מיינט איהר, אז מיר וועלען עס צו לאזען, אז מען זאָל גלאט אזוי אפּזאגען פון זייערע שטעלען אַלטע גוטע בעאמטע? מיר וועלען שוין געפינען א מיטעל לויז צו ווערען פון דיעזען ארמעניער.

— וואס קענט איהר איהם טאהן, ווען דער קייסער האט איהם איבערגעגעבען די גאַנצע מאַכט אין דיא הענד און ער טהוט, וואס ער וויל? מען האט מיר געזאָגט, אז ער האט שוין אויסגעארבייטעט א גאנצען פּלאַן, וויא אזוי צו פיהרען דיא רעגיערונג. ער וויל אלעס איבערמאכען אויף אַנאַנדער ארט, מאַכען נייע בעאמטע און נייע איינפיהרונגען, דער קייסער וועט געוויס איינוויליגען. וואס וועלען מיר דאמאלס טאהן?

— איהר פערגעסט, הערר דירעקטאָר, אז אין רוסלאנד הערשט ניט דער קייסער, זאנדערן דיא אריסטאָקראַטיע. מיר טהוען, וואָס מיר ווילען. דער קייסער מוז אונז פאָלגען. מיר שטיצען זיין טראָהן. — איהר וועט שוין זעהן, וואָס מיר וועלען טאהן דעם ארמעניער, אז ער וועט זיך מוזען אפּזאגען פון זיין שטעלע און אוועק פאהרען צוריק צו זיינע טערקען אויפ'ן קאַווקאַז. לאָז נור קומען דער גראָספירסט מיכאאיל. מען וועט איהם שוין געבען, אז ער וועט פערגעסען, וויא ער הייסט.

— איך האב געהערט, אז דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין האלט מיט איהם און אונטערשטיצט אלע זיינע פּלענער, האט לאַמאַנסקי זיך אפּגערופען.

— דער גראָספירסט קאנסטאנטין איז א זאנדערלינג (טשודאק), א שטיק משוגענער. קיינער הערט איהם ניט, קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום. ווער וועט עס פרעגען דעם גראָספירסט קאנסטאנטין? איהר ווייסט דאך, אז ער ליעגט פערשפּארט ביי זיך אין דערהיים, געהט צו קיינעם ניט און קיינער קומט צו איהם ניט. אויסערדעם איז ניט לאנג געוועזן ביי איהם אין פּאלאַץ אַזאַ סקאַנדאַל, אז ער שעהמט זיך צו ווייזען אויף דער גאַס. זיין טאכטער איז קראנק געווארען, ער אליין איז געלאפען קיין סיביר, וויא א וואהנזיניגער. מען דערצעהלט פון איהם שעהנע זאכען. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א לאַקיי און האט געמעלדעט, אז מען האט אויפגעגעבען אויפ'ן טיש דעם סאַפּער. אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און זיינען געגאנגען אין עס צימער. דיא קאַוואַלירען האבען געפיהרט דיא דאַמען אונטערן ארים. לאַמאַנסקי האט געפיהרט דיא פירסטין.

— — — — — — — — — — — —

אין איינע פון דיא ארימסטע און פערוואָרפענסטע געסלעך פון פּעטערבורג

שטעהט אן אלט הויז פון דריי שטאָק. אויפ'ן דריטען שטאָק אונטערן דאך איז אן ארים צימעריל זיצען דריי יונגע לייט לעבען א גרויסען ווייסען טיש. פון'ם ערשטען אנבליק קען מען דערקענען אז דאס איז א קווארטיר פון ארימע סטודענטען. אויפ'ן טיש, אויף דיא צובראָכענע שטוהלען, אויפ'ן בעטעל, אויפ'ן דיוואן, אויף דער ערד ליע־גען צו ווארפען ביכער. אין דערמיט טיש ליעגט דער שארבען פון א מענשען און אין איהם איז ארייננעשטעקט א חלב'ן ליכטעל. ארום שארבען ליעגען נאך אנדערע מענשען ביינער, וועלכע זיינען בעשריעבען מיט צייכענס און מיט ציפערן. אין א ווינקעל שטעהט א סקעלעט אנגעשפארט אן דער וואנד און לעבען איהם שטעהן פלעשעלעך מיט אויפ־שריפטען.

עס איז דייטליך, אז מיר זיינען אין שטודיר־צימער פון יונגע דאָקטוירים, סטו־דענטען פון דער מעדיצינישען פאקולטעט, וועלכע לערנען יעצט געשמאק, ווייל זיי ברויי־טען זיך פאר אויפ'ן עקזאמען.

לעבען איינעם פון דיא יונגע לייט ליעגט א שטיק ברויט, פון וועלכער ער רייסט שטיקער און פערשלינגט מיט א פאַרטרעפליכען אפעטיט. דערביי האט ער אמאל א טעות און חאפט אנשטאט דאס ברויט א ביין פון א פינגער אדער פון א האנד. עס איז פערגאנגען איינינע צייט און קיינער האט ניט גערעדט א ווארט צום אנדערן, יעדער האט געלערנט אויסענוועניג און האט פון צייט צו צייט זיך צוגעקוקט צו דיא ביינער אויפ'ן טיש, אויב ער האט ריכטיג אויסגעלערנט. ענדליך האט איינער שוין אויסגע־לערנט זיין לעקציאָן, אדער עס איז איהם שוין נמאס געוואָרען דאס לערנען. ער האט אוועקגעווארפען זיין בוך אויפ'ן דיוואן און האט געזאגט אין דער הויך:

— לאז שוין זיין גענוג פאר היינט! עס טהוט מיר שוין וועה דאס מויל לערנענ־דיג. לעג שוין אוועק דאס לערנען, טראַיעראַגאָוו!

— מאָרגען איז דער עקזאמען ביי פּראָפּעסאָר גרובער, האט טראַיעראַגאָוו גע־ענטפערט. דוא ווייסט דאך, קאסטיורין, אז ער האט פיינד צו שפּאסען. מיט דיעזען דייטש מוז מען זיין זעהר פאָרזיכטיג. ער פארדערט פון זיינע סטודענטען, אז זיי זאלען גוט קענען זייער געגענשטאנד. איך האב פאר קיינעם קיין מורא ניט, נור פאר איהם.— וואס זאגסט דוא, אבלאטאוו? ביסט דוא זיכער, אז דוא וועסט אויסהאלטען ביי פּראָפּעסאָר גרובער?

— זיכער בין איך ניט, האט אבלאטאוו געענטפערט, ווער קען עס זיין זיכער אויף אן עקזאמען? אן עקזאמען איז א צופאל. עס מאכט זיך אמאל, אז דער בעסטער שילער, וועלכער קען זעהר גוט זיין געגענשטאנד, זאל דאך דורכפאלען און אמאל מאכט זיך פערקעהרט. איינער, וואס האט גאר ניט געלערנט און ווייס געוויס, אז ער וועט ניט אויסהאלטען, זאל געהן צום עקזאמען און זאל דאך אויסהאלטען. אן עקזאמען איז א צופאל. א גליק און וויטער גאר ניט.

— אויב אזוי, מעגסט דוא דאך געוויס אוועקווארפען דיא ביכער צום טייפעל, האט טראַיעראַגאָוו אויסגערופען. לערנען, לערנען און לערנען, ביז עס הייבט אן צו שווינדלען אין דיא אויגען און דער קאפּ פערדרעהט זיך און דער נאך לאזט זיך אויס, אז עס איז ערשט א גליק, ווען מען האלט אויס עקזאמען.

— איך לערן ניט צוליעב דעם עקזאמען, האט דער ערנסטער אבלאטאוו געזאגט. איך לערן, ווייל איך וויל קענען. איך האב מיך איין מאל ענטשלאסען צו ווערן א דאָקטאר, וויל איך טאקע קענען דיא מעדיצין. וואס געהט מיך אן דער עקזאמען? וואס קימערט מיך, וואס דער פראָפעסאָר וועט זאגען? איך אליין וויל וויסען און קענען. איך פערגעס ניט קיין מינוט, אז מען וועט מיר פערטרויען דאס טהייערסטע—מענשען לעבען—דארף איך זיכער זיין, אז איך וועל ניט מאכען קיין פעהלער. דוא האסט דאך געוויס געהערט, פאר וואס א פראָפעסאָר פון'ם קאזאנער אוניווערזיטעט האט זיך ניט לאנג געשאָסען?

— איך האב געוויס ניט געהערט. איך לעז ניט קיין צייטונגען און וויל זיי גאר ניט לעזען, זיי זאגען אלע ליגען.

— דיעזער פאל שטעהט אויך ניט אין דיא צייטונגען. מען האט עס ניט געלאזט שרייבען, ווייל עס וואלט געווען א שאנדע פאר אלע רוסישע דאָקטוירים.

— איך האב אויך ניט געהערט פון דעם פאל, האט זיך קאסטיורין אָפגערופען, דערצעהל אונז, אבלאטאוו.

— אין קאזאן איז געווען א פראָפעסאָר, א בעריהמטער אפעראַטאָר. צו איהם איז געקומען א פרוי און האט זיך איהם געקלאָגט, אז עס טהוט איהר עפּעס וועה אין א זייט. דער פראָפעסאָר האט זיא בעטראכט און האט געפונען, אז עס וואקסט איהר עפּעס אין בויך און מען מוז עס אויסשניידען, זאנסט קען עס וואקסען אלע מאל גרעסער און זיא וועט שטארבען. דיא פרוי האט אנפאנגס ניט געוואלט זיך ענטשליסען, אז מען זאל איהר מאכען דיא אָפעראַציאָן, ענדליך האט זיא דאך געמוזט איינוויליגען. דער פראָפעסאר האט אלעס פארבערייטעט, האט דיא פרוי איינגעגעבען כלאראָפארם און האט אנגעהויבען צו שניידען. וויא דערשראקען איז ער אבער געווארען, ווען ער האט דערזעהן, אז דיא פרוי איז שוואנגער און ער האט געפונען ביי איהר א לעבעדיג קינד אין בויך. מיט שווערע מיה האט ער געענדיגט דיא אפעראַציאָן. דיא פרוי איז געשטארבען אונטערן מעסער. —

— און דאס קינד?

— דאס קינד וואלט געקענט לעבען. דער פראפעסאר איז אבער געווען אזוי איבערראשט און דערשראקען, אז ער האט אן דעם קינד גאר פארגעסען. ער האט פארנייט דעם שניט און דאס קינד איז דערשטיקט געווארען. ער איז געגאנגען א היים און האט זיך דערשאסען פאר פערדרוס און פאר שאנדע.

— נו, וואס האסט דוא דערפון?

— איך האב דערפון, אז איך דארף לערנען און גוט קענען מיין פראָפעסיאָן, איך זאָל ניט מאכען קיין פעהלער.

— דוא וועסט נאך האבען צייט צו לערנען, האט דער אונרוהיגע טראָיעראָגאָוו געזאגט. איהר מיינט אלע, אז דיא מעדיצין קען מען אויסלערנען פון ביכער, דאס איז א טעות. דיא מעדיצין לערנט מען אויס ביים קראנקען בעט. איך האב מיך ענטשלאָסען, אז קוים וועל איך אויסהאלטען עקזאמען, זאל איך אוועקפאהרען קיין דייטשלאנד, אדער קיין פראנקרייך און זאל דארט ארבייטען עטליכע יאהר אין א האָספיטאל

אונטער גרויסע פּראָפעסאָרען און ערשט ווען איך וועל גוט אויספּראַקטיציערען, וועל איך קומען קיין רוסלאנד צוריק ווערן ערגעץ א דאָקטאר.

— אָבער גענוג רעדען פון דיזע נארישקייטען! האסט דוא בעסער עטליכע קאָפּיקעס?

— וואס דארפסט דוא קאפּיקעס?

— איך וויל ברענגען טהעע, ברויט און א שטיקעל הערינג. איך בין הונגעריג. איך האב היינט קיין מיטאג ניט גענעסען. דיא קופּטשיכא, ביי וועלכער איך האב א לעקציאָן, האט מיר היינט ניט בעצאהלט און איך האב ניט געהאט פארוואס צו קויפען א מיטאג.

קאסטיורין און אבלאטאוו האבען אנגעהויבען צו זוכען אין דיא קעשענעס און האבען אויסגעקראצט עטליכע קאָפּיקעס, וועלכע זיי האבען געגעבען טראיעראגאוו'ן ער זאל געהן ברענגען טהעע און עפּעס עסען. טראָיעראגאוו איז אוועקגעלאָפען מיט דיא קאָפּיקעס, גלייך וויא ער וואלט זיי געגנבעט. ער איז געווען שטארק הונגעריג. וועןביידע סטודענטען זיינען געבליעבען אליין, האט אבלאטאוו געזאגט:

— פארוואס האט מען איהם ניט ארויסגעגעבען פון אונזער אונטערשטיצונגס קאסא דיא צעהן רובעל, וועלכע מען האט בעשלאסען, אז מען זאל איהם געבען? מיר וויסען דאך אלע, אז ער איז זעהר ארים און שטארבט פאר הונגער? דאס איז א ליגען, וואס ער האט דערצעהלט, אז ער האט ערגעץ א שטונדע און מען האט איהם נאך ניט בעצאהלט. ער האט גאר קיין שטונדע ניט. ער שעהמט זיך אויסצוזאגען, אז ער האט ניט פון וואנען צו לעבען.

— דיא סטודענטען זיינען געווען היינט אזוי אויפגערעגט אויפ'ן אינספּעקטאר, אז מען האט אן אלעמען פארגעסען, האט קאסטיורין געענטפערט.

— וואס איז שוין ווייטער נייעס? האט אבלאטאוו געפרעגט.

אבלאטאוו איז געווען א זאָנדערבארער מענש. ער האט זיך געהאלטען פון דערווייטען פון אלעמען, וואס עס איז פארגעקומען אין אוניווערזיטעט. זר פלעגט זעלטען קומען אויף דיא פערזאמלונגען פון דיא סטודענטען און ווען ער פלעגט שוין יא קומען, פלעגט ער זיך אין קיין זאך ניט מישען. ער פלעגט אוועקגעבען, וויא פיעל געלד ער האט ביי זיך געהאט אין דיא אונטערשטיצונגס קאסא און פלעגט קיין מאל ניט פרעגען, וואס מען טהוט מיט'ן געלד און וואוהין עס קומט אהין. זיין זאך איז געווען צו געבען געלד. ער איז אליין געווען ארים, זיינע עלטערן פלעגען עם צושיקען צוואנציג רובעל א מאנאט און אמאל פלעגט איהם דיא מוטער צושיקען אייניגע רובעל, וועלכע זיא פלעגט אפּשפּאָרען פון מויל אהן דעם פאָטערס וויסען. דאס איז געווען גאנץ גענוג פאר אזא שטילען רוהיגען כאראקטער, וויא אבלאטאוו. ער האט געדונגען דאס צימער און האט טראיעראָגאָוו'ן גענומען צו זיך. קאסטיורין האט געוואינט אין אנאנדער קוואַטיר און פלעגט נור קומען לערנען צוזאמען מיט אבלאטאוו און טראיעראגאוו. קאסטיורינס עלטערן זיינען געווען גוטסבעזיצער אין בעסאראביען און פלעגען איהם שיקען גענוג געלט אויף צו לעבען. ער האט אבער קיין מאל ניט געהאט קיין קאָפּיקע ביי זיך. ווען עס פלעגט איהם אנקומען געלד, פלעגט ער בעצאהלען, וואו ער

איז שולדיג געוועזן און וואס עס פלעגט איהם בלייבען, פלעגט ער צו געבען זיינע ארימע קאמיראדען.

קאסטיורין איז געוועזן א גאנץ אנדער כאראקטער, אלס אבלאטאוו. ער האט זיך אין אלעס אינטערעסירט. אויף דיא פערזאמלונגען פון דיא סטודענטען פלעגט ער זיין דער ערשטער רעדנער. יעדע פראגע וועגען דיא סטודענטען וועגען אוניווערזיטעט, וויעגען די פראפעסארען האט איהם אינטערעסירט און ער פלעגט רעדען איבער יעדע פראגע און זי בעהאנדלען אויף זיין ארט. ער האט זעהר גוט געלערנט און די פראפעסארען פלעגען פון איהם זעהר צופרידען זיין. דאגעגען אבער פלעגט דער אינספעקטאר און דער דיקאן פונ'ם אוניווערזיטעט איהם בעטראכטען אלס אן אונרוהיגען מענשען און פלעגען איהם נאכשפירען אויף יעדער שריט. קאסטיורין האט ביי זיי געהייסען א ניהליסט און מען האט פאר איהם מורא געהאט. דיא פאליציי פון'ם אוניווערזיטעט—דער אינספעקטאר, דער דיקאן און דער רעקטאר—פלעגען פון איהם ניט אראפלאזען קיין אויג גלייך ווי זיי האבען געפיהלט, אז עס וועט קומען א טאג, וואס עס וועט זיי אנמאכען אונאנגענעהמליכקייטען.

טראיעראגאוו איז געוועזן דער זוהן פון ארימע עלטערען. ווען ער איז געוועזן אין גימנאזיום פלעגט ער געבען שטונדען און זעהר אפט אונטערשטיצען זיינע עלטערן. ער האט גערעכענט אז אין פעטערבורג וועט ער אויך געפינען שטונדען און וועט קענען לעבען און, מעגליך, נאך אמאל צושיקען ארובעל זיינע ארמע עלטערן. ליידער איז אין פעטערבורג, וואו עס געפינען זיך אזוי פיעל סטודענטען, ניט אזוי לייכט צו בעקומען שטונדען און האט זעהר אפט גאנץ איינפאך געהינגערט. ער איז אבער געוועזן א שטארקער כאראקטער און פלעגט אלעס איבערטראגען שטיל און געדולדיג. נור זיין פריינד, אבלאטאוו, האט געוואוסט, ווי פיל דער מענש האט געליטען און געהונגערט. אבלאטאוו האט דאהער פארגעבראכט אויף דער לעצטער פערזאמלונג פון די סטודענטען אז מען זאל געבען טראיעראגאוון פון דער אונטערשטיצונגס קאסא צעהן רובעל. קיינער איז ניט געוועזן דאגעגען. עס איז איהם זעהר געוועזן אוואונדער, וואס טראיעראגאוו האט זיי נאך ניט ערהאלטען און האט היינט קיין מיטאג ניט געגעסין. ער האט געפ־עגט קאסטיורענען פאר וואס מען האט זיי איהם ניט געגעבען און קאסטיורען האט איהם געענטפערט, אז עס איז דא נייעס, אז די סטודענטען זיינע געוועזן זעה־ אויפגערעגט און האבען גאר פארגעסען אן טראיערגאוו.

— וויטער נייעס? האט אבלאטאוו געפרעגט. וואס איז שוין ווייטער פאר נייס?

— דוא פערשלאפענער בער, דוא ביכער ווארעם! האט קאסטיורין געענטפערט מיט א פארוואורף. דוא ביסט פערקראכען אין דיינע ביכער, קייסט זיי און ווילסט גאר ניט וויסען, וואס עס טהוט זיך אין דער וועלט. וויא אזוי איז עס א מענש אזוי גלייכגילטיג און וויל ניט וויסען, וואס עס קומט פאר אין אוניווערזיטעט?

— וואס טויג דיר צו פרעגען, וויא אזוי איך בין און פאר וואס איך בין אזוי? אזוי בין איך און אזוי וועל איך שוין בלייבען. דערצעהל מיר בעסער דיא נייעס וועלכע זיינען פארגעקימען אויף דער לעצטער פערזאמלונג. (Mist., 77.)

— זעהר וויכטיגע נייעס זיינען פארגעקומען. דער מיניסטער דער פאלקס־אויפ קלערונג, באראן ניקאלאאי, האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אויף יעדער פערזאמלונג פון דיא סטודענטען מוז דער אינספעקטאָר דערביי זיין. דאס איז איהם אָבער נאך ניט גענוג. ער האט נאך ארויסגעגעבען אנאנדער בעפעהל, אז דער אינספעקטאר פון׳ם אוניווערזיטעט האט דאס רעכט איינצושפארען אין קארצער יעדען סטודענט, וועלכער זועט מאכען א ליארם אויף דער פערזאמלונג. שטעלט דיר פאר, א סטודענטען, א מענשען איינ׳שפארען אין קארצער? מען וויל אונז בעהאנדלען וויא קליינע קינדער; מען וויל אונז ערניעדריגען און אונז ווייזען, אז מיר זיינען שולקינדער, וועלכע דער לעהרער הייסט זיך שטעלען אין א ווינקעל. איז עס ניט א שאנדע? איז עס ניט אן ערניעדער־גונג, א בעליידיגונג? מארגען האלט איך אויס עקזאמען און בין א רוסישער טשינאווניק און היינט בעהאנדעלט מען מיך, וויא א קליין קינד און מען פערשפארט מיך אין קארצער דער פאר, וואס איך האב ארויסגערעדט א הויך וואָרט?

אבלאטאוו האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם. עס איז איהם פאָר־ נעקומען זאנדערבאר, אז דער מיניסטער זאל גאר ארויסגעבען אזא בעפעהל. אויף זיין ברייטען שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיפע קנייטשען. זיין שטאלץ אלס געלערנטער האט זיך געפונען בעליידיגט. ער פלאנט זיך, לערנט, שטודירט, וויל עפעס קענען, עפעס טהאן, זיין א מענש און יעצט קומט דער מיניסטער דער פאלקס־אויפקלערונג, וועלכער דארף זיין דער פריינד פון דיא סטודענטען, און הייסט זיי בעשטראפען, וויא קליינע קינדער.

— וואס האבען דיא סטודענטען געענטפערט אויף אזא נארישען, אונזיניגען בעפעהל? האט ער ענדליך געפרעגט.

קאסטיורין האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, גלייך וויא ער האט געוואלט זאגען, אז דיא סטודענטען האבען געענטפערט אזוי נארריש, וויא דער מיניסטער האט נארריש געשריעבען זיין בעפעהל.

— וואס זיי האבען געענטפערט? פרעגסט דוא. זיי האבען געענטפערט, וויא רוסישע סטודענטען דארפען ענטפערן. איך האב געזאגט, אז מיר זאלען פראָטעסטירען, מיר זאלען ארויסטרייבען דעם אינספעקטאָר פון אונזערע פערזאמלונגען און זאלען ניט דערלאזען, אז מען זאל איינעם פון אונזערע קאמעראדען אוועקשלעפען אין קארצער. מיר זיינען אריבער צוויי טויזענד מאן. דאס איז א מאכט, פאר וועלכער א מיניסטער דארף מורא האבען. מען האט מיך אָבער ניט געפאלגט. מען האט בעשלאסען צו דער־ לאנגען דעם מיניסטער א ביטע, ער זאל צוריקרופען זיין בעפעהל.

דערלאנגען דעם מיניסטער א ביטע? חא! חא! חא! האט ער געלאכט מיט א ביטערן, שניידענדען געלעכטער. דערלאנגען א ביטע דעם וואלף, ער זאל ניט צו רייסען דאס לעמעלע? דערלאנגען א ביטע א שלאנג, זיא זאל ניט בייסען? א ביטע? א ביטע? ביי אונז אין רוסלאנד ווייס מען נור פון א „פראָשעניע“, א ביטע. בעטען, דארט וואו מיר האבען רעכט צו פאָדערן? מיר, דערוואקסענע מענשען פון עטליכע און צוואנציג יאהר, זאלען בעטען, אז מען זאל אונז האלטען פאר מענשען, ניט פאר קליין קינדער?

— טרויעריג, זעהר טרויעריג, האט געזאגט דער ערנסטער אבלאטאוו. אלזא. האבען זיי איהם דערלאנגט דיא ביטע? וואס האט ער געענטפערט?

— איך ווייס ניט, האט קאסטיורין געזאגט צארניג און זיינע אויגען האבען גע־פונקעלט פאר פערדרוס. קוים האב איך געהערט פון דיעזען בעשלוס, בין איך אוועק־געגאנגען פון דער פערזאמלונג. איך האב ניט געוואלט זיין דערביי, ניט ווען מען וועט אנשרייבען דיא ביטע, ניט ווען מען וועט זיא איהם דערלאנגען. וואס וועל איך זיין דערביי? וואס וועל איך דארט טהאן? פאלען איהם צו דיא פיס, בעטען און וויינען: „מיין גנעדיגער העררר מיניסטער! איך בין ניט קיין קליין קינד, איך בין שוין ארויס־געוואקסען פון דיא קינדער שיכלעך. קוק אויף מיר, וויא אויף א מענשען! בעהאנדעל מיך, וויא א מענשען!“? דאס וועל איך קיין מאל ניט טהאן! דערצו בין איך ניט געבוירען!

אונטערדעסען איז טראיעראַגאוו אנגעקומען. אין איין האנד האט ער געהאלטען א טשאַיניק מיט הייסע וואסער, און אין דער אנדערער האנד — ברויט מיט הערינג.

— מיר וועלען באלד מאכען א באלל, האט ער געזאגט. עס איז נור שאדע, וואס עס איז שוין אביסעל צו שפעט ארויסצושיקען איינלאדונגס קארטען, זאנסט וואלט איך איינגעלאדען דיא גאנצע פעטערבורגער אריסטאקראטיע אויף אונזער באלל.

— און דעם מיניסטער דער פאלקס־אויפקלערונג וואלסט דוא אויך איינגעלאדען אויפ׳ן באלל? האט קאסטיורין געפרעגט.

— אונזער ליעבען מיניסטער? געוויס! איהם וואלט איך איינגעלאדען דעם ערשטען. ער איז דאך אונזער נאטשאלניק, אונזער פארגעזעצטער, אונזער בעשיצער.

— ער וועט אבער ניט געהן אויף א באלל צו אזעלכע קינדער, וויא מיר זיינען.

— נו, וועט ער זיצען אין דער היים! וואס געהט ער אונז אן? וואס געהערן מיר זיך אן מיט׳ן מיניסטער? האל איהם דער טייפעל! מיר וועלען אליין זיין געסט אויף אונזער באלל.

ער האט אנגעגאָסען דריי גלעזער מיט א שיטערן טהעע פון א זאנדערבארער געלבליכער פארב. עס איז שווער געווען צו זאגען, וואס פאר א מין משקה דאס איז, אבער טראיעראגאוו האט עס גערופען טהעע און האט געפונען, אז עס האט אין זיך אלע מעלות פון טהעע: עס איז נאס אוןווארם.

ער האט זיך גענומען עסען מיט א בעזאנדערן אפעטיט. קאסטיורין האט דעם טהעע ניט געקענט טרינקען. ער איז אנדערש געוואָינט געווארען ביי זיינע עלטערן. אבלאטאוו האט צוואר געטרונגען, עס איז אבער געווען דייטליך, אז זיינע געדאנקען זיינען ניט ביים טהעע. מען האט געזעהן, אז זיי זיינען ערגעץ גאנץ ווייט, אז ער טראכט פון עפּעס, אז ער איז מיט עפּעס בעשעפטיגט.

עס איז פערגאנגען אייניגע צייט און אין צימער איז געווען גאנץ שטיל. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט. מען האט נור געהערט, וויא טראיעראגאוו קנאקט מיט דיא צעהנער. ער האט זיך אנגעגאסען איין גלאז ווארים וואסער נאך דער אנדערער און האט זיי ארייגעגאסען אין זיך.

— יעצט קען איך געהן צום עקזאמען. האט ער אויסגערופען, ווען ער האט זיך אנגעגעסען. אויף א לעדיגען מאגען קען מען צום עקזאמען ניט געהן.

— דוא האסט אויך מעהר ניט אין זינען, וויא דעם עקזאמען און דעם עקזאמען. האט קאסטיורין געזאגט מיט א פארוואורף. דוא האסט פערגעסען אן דעם בעפעהל פון אונזער ליעבען מיניסטער און אז עס איז זעהר מעגליך, אז מען זאל דיך מארגען פערשפארען אין קארצער.

— איך האב גאר ניט פערגעסען, האט געלאכט טראיעראגאוו. מיינע ליעבע קאמעראדען האבען דאך בעשלאסען, זיי זאלען איהם בעטען! לאז זיי וואיל בעקומען! איך וועל איהם ניט בעטען, איך וועל מיך ניט בייגען פאר איהם.

— וואס דען וועסט דוא טהאן, ווען מען וועט וועלען דיך פערשפארען אין קארצער?

— איך וואלט געוואלט זעהן, ווער עס וועט מיך פערשפארען, האט געזאגט טראיעראגאוו שטאלץ. איך קום ארויס פון א בויערן פאמיליע און האב אפאר געזונדע און שטארקע הענד.

ביי דיעזע ווערטער האט ער צונויפגעלעגט זיינע הענד אין צוויי פויסטען און האט זיי געוויעזען זיינע קאמעראדען.

— לאזען זיי פראבירען מיך אנריהרען! האט ער אויסגעשריען. דער גוטער אינ- ספעקטאר וועט בעקאנט ווערן מיט דיעזע צוויי פויסטען. ער וועט פיהלען, וויא שווער זיי קענען אראפפאלען אויף זיינע ווייבע פלייצעס. איך וועל איהם וויזען, אז איך קען שלאגען, וויא אן אלטער, ניט וויא קיין קינד.

אבלאטאוו האט פראבירט נעהמען א בוך און ווייטער עפעס לערנען, קאסטיורין אבער האט איהם ניט געלאזט. ער האט ביי איהם ארויסגעריסען דאס בוך פון דיא הענד און האט עס אוועקגעווארפען אין א ווינקעל.

— ווארף אוועק דאס בוך! האט ער אויף איהם געשריען. עס איז יעצט ניט דיא צייט פון לערנען. דוא האסט שוין גענוג געלערנט. מיר האבען עטוואס וויכטיגעס צופערהאנדלען. יעצט איז דיא פראגע, וואס זאלען מיר טהאן, ווען דער מיניסטער וועט ענטזאגען אונזער ביטע? און איך בין זיכער, אז ער וועט אונז ענטזאגען. וואס זאלען מיר דאמאלס טהאן?

— וואס ווילסט דוא טהאן? האט דער ערנסטער אבלאטאוו ענדליך געפרעגט. מיר זיינען דאך ניט מעהר וויא דריי. וואס וועט אונז העלפען, ווען מיר וועלען עטוואס בעשליעסען? מיר מוזען דאך הערן, וואס אלע וועלען זאגען? מיר מוזען דאך אבווארטען אויף דיא פערזאמלונג פון אלע סטודענטען? — „איינער איז קיינער", זאגט א דייטשעס שפריכווארט. וואס קענען מיר אליין מאכען?

— דוא האסט א טעות, אבלאטאוו, האט קאסטיורין געזאגט צוהיצט. מיר קענען זעהר פיעל מאכען. ניט דיא מאסע, ניט דיא מענגע טהוט עפעס, נור איינציגע מענשען טהוען. זיי רייסען דיא מענגע מיט זיך; זיי שלעפען צו דיא מאסע. זיי וויזען איהר וואס צו טהאן; זיי פיהרען דיא מאסע. נאפאלעאן דער ערשטער האט רעכט געהאט, ווען ער האט געזאגט: „דיא מאסע, דאס פאלק, איז דאס וואסער אין מעער.

עס מוז האבען דעם ווינד, ער זאל זיא בעוועגען. דער ווינד אבער רייסט זיא און שליי־
דערט זיא, וואוהין ער וויל".

— אלזא, וואס דענקסט דוא צו טהאן? האט דער רוהיגער אבלאטאוו געפרעגט.

— איך דענק צו מאכען א סקאנדאל.

— א סקאנדאל? האט אויסגערופען אבלאטאוו ערשטוינט. וואס וועט נוצען דער סקאנדאל? וואס קענען מיר האבען פון א סקאנדאל?

— עס וועט מאכען אן אויפרוהר אין דער וועלט. מען וועט דערפון שרייבען אין אלע צייטונגען. דיא אויסלענדישע צייטונגען וועלען עס צושמיערען אויף הונדערט טע־לער. עס וועט ווערן דערפון אזא „קאשא", אז דער מיניסטער וועט האבען צו געדענ־קען און וועט אנזאגען זיינע קינדס־קינדער, וויא אזוי צו בעהאנדלען דיא סטודענטען.

— דוא קענסט זיך אָבער אפבריהען דיא ליפען פון דיעזער „קאשא", האט אבלאטאוו בעמערקט.

— איך וויס עס און וועל עס דאך טהאן! האט קאסטיורין געזאגט ענטשלאסען.

— איבערלעג פריהער, וואס דוא טהוסט. עס איז א וויכטיגער שריט. דוא קענסט זיך שאדען און אונז קיין נוצען ניט ברענגען. צו וואס זאלסט דוא פערליערען דיין קאררייערא? דוא האסט זיך געפלאגט און געלערנט. דוא האסט נאך אויסצוהאלטען א פּאָר עקזאמענס, ווילסט דוא יעצט מיט אמאל פערליערען דיין מיה און דיין פלייס? איבערלעג! בערעכען!

— איבערלעג! בערעכען! האט זיך איהם קאסטיורין נאך געקרימט. האט דער ענגלישער העלד, קראמוועל, איבערלעגט און איבעררעכענט, ווען ער האט אראָפּגענואר־פען דיא ענגלישע רעגיערונג? האט דיא פראנצויזישע העלדין, שארלאטע קארדיי, איבערלעגט און איבעררעכענט, ווען זיא האט געשטאכען דעם טיראן מארא? דאס איז דאך אייער אונגליק, וואס איהר איבערלעגט צופיעל און איבעררעכענט צופיעל. דערפאר טרעט מען אייך מיט דיא פיס, ווייל מען וויס, אז איהר וועט איבערלעגען און איבעררעכענען. דער מיניסטער וויס, אז דיא רוסישע סטודענטען וועלען איבערלע־גען, איבעררעכענען און צום סוף וועלען זיי איינבייגען דעם קאפּ. דערפאר גיט ער ארויס אזעלכע בעפעהלע, דערפאר טהוט ער, וואס ער וויל. דערפאר בעהאנדעלט ער אייך, וויא קינדער. — ניין! ניט איבערלעגען! טהאן, האנדלען, ווייזען, אז מיר זיינען ניט קיין קינדער, אז מיר זיינען מענשען, וועלכע וועלען ניט בייגען דעם קאפּ אומזיסט.

— ער האט פאלקאמען רעכט! האט אויסגערופען טראיעראגאוו. ווארטען, קלערען, איבערלעגען, בעטען דעם מיניסטער — דערמיט וועט איהר גאר ניט מאכען, דערפון וועט גאר ניט ווערען. ארויס מיט דער פארב! מאכען א סקאנדאל, וועלכער זאָל קלינגען איבער גאנץ אייראָפּאָ, וויא דיא שטורמגלאָק, ווען עס ברעכט אויס א שרעקליכעס פייער! דאס איז דאס איינציגע מיטעל צו ווייזען אונזערע נאטשאלני־קעס, אז מיר זיינען מענשען, אז מיר זיינען שוין ניט קיין קינדער!

טראָיעראָגאָוו האט גערעדט מיט אזא היץ, מיט אזא פייער און מיט אזא אי־בערצייגונג, אז דער רוהיגער אבלאטאוו האט געשוויעגען און האט געקוקט אויף איהם מיט בעוואונדערונג. אין זיין לאנגער רעדע האט זיך אויסגעגאָסען דיא גאנצע קראפט

פון'ם עכטען רוסישען כאראקטער, וועלכער איז אים שטאנד איבערצוטראָגנען ליידען און שמערצען איבער דיא מענשליכע קרעפטען; קוים אבער קאָכט ער אמאָל אויף, קוים הויבט עס אָן צו רוישען און צו זידען אין דער פערוואונדעטער און געקרענקטער ברוסט, דאן קען מען איהם שוין ניט צוריקהאלטען, אזוי וויא מען קען ניט צוריקהאל-טען דעם טייך, וועלכער איז אנגעשוואָלען געווארען פון פיעלע רעגענס און טרעט ארוים פון זיינע ברעגעס. ער צורייסט, צערשטערט און פערניכטעט אלעס, וואס שטעט איהם אין וועג: דאס ארימע שטיבעלע פון'ם בויער, וועלכעס האט איהם גאר ניט גע-טהאן אין דיא שטארק שטאלצע פאבריק, וועלכעס האט געפּאטשט זיינע וואסערן מיט איהרע שטאַרקע אייזערנע רעדער.

דיא דריי סטודענטען זיינען נאך געזעסען אייניגע צייט. יעדער איז געווען פער-טיעפט אין זיינע געדאנקען. פון לערנען איז שוין קיין רעדע ניט געווען. זיי האבען פּראָבירט רעדען איבער אנדערע זאכען, דאס געשפּרעך אָבער האט קיין אינטערעסע מעהר ניט געהאט פאר זיי. באלד האָט זיך דאס ליכט אויסגעלאָשען, קיין אנדער ליכט האבען זיי ניט געהאט. זיי האבען זיך געלעגט שלאָפען.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה זיינען זיך דיא סטודענטען צונויפגעקומען אין או-ניווערזיטעט. זיי זיינען אבער ניט געגאנגען יעדער אין זיין אודיטאריום (זיין קלאַס) זאנדערן זיינען געשטאנען אין קליינע גרופּען אין דיא קארידאָרען און אוי'ף הויף און האבען גערעדט. יעדער איז געווען נייגיעריג צו וויסען, וואס דער מיניסטער האט גע-ענטפערט. פון נעכטען ביז היינט איז ביי זיי פארגעקומען א זאנדערבארע ענדערונגען. דיא נאכט האט געווירקט אויף זיי און האט דערוועקט אין זיי נייע געדאנקען, נייע געפיהלע און נייע שטרעבונגען. אלע האבען געווארט אויף דיא דעפּוטאטען, וועלכע זיינען געגאנגען מיט דער ביטשריפט צום מיניסטער. וויא אויף צו להכעיס, זיינען דיא דעפּוטאטען היינט געקומען שפּעטער פון אלעמען. דאס האט דיא סטודענטען נאך מעהר אויפגערעגט.

— זיי שעהמען זיך צו ווייזען! זיי וועלען גאר ניט קומען! האט מען געהערט פון אלע זייטען. מען האט זיי ארעטירט! מען האט זיי פערשפּארט אין קארצער! האבען אנדערע געשריען.

עס איז געווארען א רעש, א ליארם און א געשריי, אז מען האט געקענט פער-טויבט ווערן. דער אינספּעקטאר האט געזעהן, אז דיא סטודענטען זיינען זעהר אונרוהיג און האט געוואלט זיי איינשטילען מיט אמאל. ער האט געהייסען קלינגען מיט דער גרויסער גלאָק פון דער אוניווערזיטעט, א צייכען, אז יעדער זאָל געהן אין זיין קלאַס, אבער קיינער האט זיך ניט גערוהרט. יעדער איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט, האט אויסגעווארט, ביז דיא גלאָק האט אויפגעהערט צו קלינגען, און האט דאן ווייטער אנגעהויבען צו רעדען און צו טענה'ן.

באלד זיינען אנגעקומען דיא סטודענטען, וועלכע מען האט נעכטען אויסגעוועהלט אלס דעפּוטאטען, זיי זאלען אנשרייבען דיא ביטשריפט און זאלען עס דערלאנגען דעם מיניסטער. דיא סטודענטען זיינען זיי בעפאלען, וויא דיא ביענען. יעדער האט געוואלט וויסען, וואס דער מיניסטער האט זייי געענטפערט און וואס זיי האבען עפּעס אויסגע-ווירקט ביים מיניסטער.

**דיא דעפּוטאַטען** זיינען נעגאַנגען מיט'ן קאָפּ אַראָפּגעלאָזען און האָבען געענטפערט אויף אַלע פראַגען, וואָס מען האָט זיי אויפגעגעבען מיט איינציגע ווערטער און ניט דייטליך. יעדער האָט איינגעזעהן, אַז זיי זיינען מיאוס דורכגעפאַלען מיט זייער ביטשריפט. דער ליאַרם איז געוואָרען נאָך גרעסער. דיא סטודענטען זיינען געוואָרען נאָך אונרוהיגער.

— איהר האָט געבעטען דעם מיניסטער? האָט קאַסטיורין אויסגערופען מיט אַ בייסענדען שפּאָט. זייט איהר געפאַלען אויף דיא קניע פאַר איהם? האָט איהר געוויינט פאַר איהם? — עזלען וואָס איהר זייט! בעטען, דאַרט וואו עס קומט אייך? בעטען? ווען איהר קענט אייך נעהמען אייערע רעכטע מיט געוואַלט? יעצט ערשט וועט מען מעגען טהאָן מיט אייך, וואָס מען וועט וועלען! יעצט ערשט וועט איהר מוזען איינבייגען דעם קאָפּ פאַר יעדען טהיר־היטער פון דער אוניווערזיטעט!

דער אינספּעקטאָר האָט געזעהן, אַז עס הייבט אָן ערנסט צו ווערן. ער האָט געהייסען נאָך אַמאָל קלינגען מיט דער גרויסער גלאָק און איז דערביי אַליין אַרומגע־גאַנגען אין דיא קאָררידאָרען און האָט געבעטען, אַז יעדער זאָל געהן אין זיין אוידיטאָ־ריום (אין זיין קלאַס).

— היינט געהן מיר ניט! היינט לערנען מיר ניט! האָט מען געשריען פון אַלע זייטען.

איין סטודענט איז אויסגעקומען אַ פייף צו טהאָן. באַלד איז געוואָרען אַ פייפעריי און אַ געשווישטשעריי, אַז מען האָט געקענט פערטויבט ווערן. דער אינספּעקטאָר איז אַנטלאָפען געוואָרען אין זיין קאַנצעלאַריע, אָדער וויא עס הייסט אויף רוסיש, „איג־ספּעקטאָרסקאַיאַ“. ער האָט איינגעזעהן, אַז ער אַליין וועט גאָר ניט מאַכען.

דער אינספּעקטאָר שטשעגעלאָוו איז געוועזן אַן עכטער רוסישער טשינאָווניק. דיא סטודענטען האָבען איהם פיינט געהאַט, וויא אַ שפּין, און פלעגען איהם אויס־מיידען, וויא וויים זיי האָבען געקענט. ער האָט עס געוואוסט, האָט זיך אָבער זעהר וועניג געקימערט דאַרום. ער איז געוועזן זיכער, אַז מען וועט איהם ניט אָפּזאָגען, ווייל ער איז געוועזן אַן אָנפערוואַנדטער פון'ם מיניסטער און דער מיניסטער האָט פון איהם זעהר געהאַלטען. דאָס מאָל איז ער אָבער געוואָרען זעהר אונרוהיג. ער האָט געזעהן, אַז דאָס מאָל וועט דיא זאַך אַזוי גלאַט ניט אָפּלויפען. ער האָט דאַהער געבעטען פּראָפעסאָר גרובער, וועלכער איז געוועזן זעהר בעליעבט ביי דיא סטודענטען, אַז ער זאָל געהן זיי בערוהיגען. פּראָפעסאָר גרובער האָט אָנפאַנגס ניט געוואָלט געהן. ער איז זעהר אַן ערנסטער מענש און מיט לייב און זעעלע ערגעבען דער וויסענשאַפט. ווען ער שטעהט אויף זיין שטוהל, אָדער וויא מען רופט עס אין אוניווערזיטעט, קאַטהעדער, פערגעסט ער, אַז פאַר איהם זיצען סטודענטען. ער לערנט און ערקלערט זיין געגענ־שטאַנד, גלייך וויא ער וואָלט עס ערקלערט פאַר זיך אַליין. דערצו נאָך איז פּראָפעסאָר גרובער אַן עכטער דייטש און האָט ניט שטאַרק ליעב דיא רוסען. ער האָט זיך פיינט אַריינצומישען אין זאַכען, וואָס געהן איהם ניט אָן. ער האָט דאַהער אָנפאַנגס גאָר ניט געוואָלט געהן צו דיא סטודענטען רעדען מיט זיי. דער אינספּעקטאָר האָט איהם אַזוי לאַנג געבעטען און אַזוי פּיעל איינגערעדט, ביז ער האָט איינגעוויליגט אַרויסצוגעהן אויפ'ן קאָרידאָר.

קוים האָט זיך געוויעזען דיא ניט הויכע, אָבער נאָך גאַנץ קרעפטיגע געשטאַלט

פון׳ם פראָפעסאר גרובער אין קארידאר, זיינען דיא סטודענטען ווירקליך שטיל געווארען און האבען זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען. לאנגזאם איז ער צוגעגאנגען ביז אין דערמיט פון׳ם גרויסען קארידאר, האט זיך אניעדערגעשטעלט און האט אנגעהויבען מיט זיין פעסטער, העלער און קלינגענדער שטימע:

— מיינע העררן! איך ווייס ניט דיא ארזאכע, פאר וואס איהר זייט אונצופריעדען. איך וויל דערפון ניט וויסען. איך וויל אייך נור דערמאנען, אז איהר האט אייך איין מאל ענטשלאסען צו ווידמען אייער לעבען דער וויסענשאפט. אייערע געדאנקען, אייערע שטרעבונגען געהערן דער וויסענשאפט. דיא מעדיצין איז א שטרענגע און ערנסטע וויסענשאפט. איהר דארפט ניט קוקען אויף קלייניגקייטען, וועלכע שטערן אייך צו לערנען; איהר דארפט זיך ניט קימערן, וואס מען פאדערט פון אייך אייניגע צערעמאָניען און פאָרמאליטעטען. פאר אייך איז דא איין צוועק—דיא וויסענשאפט, איין ציעל—דיא מעדיצין. געהט אין אייערע אודיטאריען, לערנט, שטודירט, ווערט גוטע און ניצליכע מענשען און לאז יעדער ווירקען אין דעם קרייז, וואס ער קען צו ברענגען נוצען דער וועלט.

אייניגע מינוטען האט געהערשט טיפע שטילקייט. דיא ווערטער פון׳ם בעליעבטען פראפעסאָר האבען געווירקט אויף דיא סטודענטען. באלד אבער איז קאסטיורין ארויס פון דער רייהע, איז צוגעגאנגען צום פראפעסאָר און האט געזאגט:

— ווערטהער פראָפעסאָר! עס טהוט אונז לייד, וואס מיר מאכען אייך אונאנגעהמליכקייטען. איהר זייט אזוי פערטיעפט אין אייער וויסענשאפט, אז איהר ווייסט נים און ווילט ניט וויסען, וואס עס קומט יעצט פאר אין אוניווערזיטעט.

ער האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער פון דעם נייען בעפעהל פון׳ם מיניסטער און פון דער דעפוטאציאן, וואס זיי האבען איהם נעכטען געשיקט.

— מיר קענען זיך ניט בערוהיגען, ביז דער מיניסטער וועט ניט צוריקרופען זיין בעפעהל. מיר קענען עס ניט דערלאזען, אז מען זאל אונז פערשפארען אין קארצער; מיר ווילען האבען דיא פרייהייט אונז צו פערזאמלען.—

אין דיעזע מינוט האט זיך דער אינספעקטאר שטשעגעלאָוו געוויעזען אין קארידאר. ער האט געמיינט, אז דעם פראָפעסאָר גרובער איז עס געלונגען, זיי צו בערוהיגען און איז ארויסגעגאנגען מיט א נאטיץ־בוך אין דער האנד צו פערשרייבען דיא נעמען פון דיא אנפיהרער פון דיא אונרוהען. קוים אבער האבען עס דיא סטודענטען דערזעהן, האט זיך אין זיי אנגעצונדען א פייער. עס איז געווארען, א געשריי און א געוואלד, א געפייפעריי און א ליארם.

— דאָלאָי שטשאגעלאָוו! ניעדער מיט שטשאגעלאָוו! מיר דארפען קיינע פאָליסלייט אין אוניווערזיטעט! מיר דארפען קיין קארצער!

פראָפעסאָר גרובער איז אוועקגעגאנגען. ער האט איינגעזעהן, אז ער וועט דא גאר ניט מאכען. אין דיעזעלבע מינוט איז אנגעקומען דער אלטער, וועלטבערימטער געלערנטער, פראָפעסאָר מענדעלייעוו. ער איז געבליעבען שטעהן אין קארידאר און האט בעטראכט א פאָר מינוטען דיא סצענע, דאן איז ער צוגעגאנגען און האט געפרעגט פון דיא סטודענטען, וואס דא איז געשעהן?

אָ סטודענט האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס דא איז פאָרגעקומען און האט איהם ערקלערט, אז זיי זיינען פעסט ענטשלאָסען ניט צו געהן אין זייערע אוידי־טאריען, ביז דער מיניסטער וועט ניט צוריק רופען זיינע בעפעהלע און מען וועט ניט אפזאגען דעם אינספעקטאר שטשאָגעלאָוו.

דיא סטודענטען זיינען געוואָרען אימער מעהר אויפגערעגט און האבען שוין יעצט געפאָרדערט, אז מען זאָל דעם פערהאַסטען "שטשאָגעלאָוו אפזאגען. דער קלוגער און ערפאַהרענער מענדעלייעוו האט באלד איינגעזעהן, אז דיא לאַגע איז זעהר א קריטישע און עס קען ארויסקומען א גרויסער סקאנדאל. ער האט זיך דאהער געווענדעט צו דיא סטודענטען פריינדליך און פעטערליך.

— קינדער! האט ער אויסגערופען מיט זיין וויכער, פריינדליכער שטימע. וועט איהר מיר צוזאגען, אז איהר וועט זיך רוהיג פערהאַלטען, ביז איך וועל צוריקקומען? איך פאהר גלייך צום מיניסטער און וועל מיט איהם איבעררעדען וועגען אייערע פאָר־דערונגען. איך האָף, אז ער וועט מיר צוליעב טהאן און וועט צוריק רופען זיינע בעפעהלע. וועט איהר זיין רוהיג, ביז איך וועל קומען צוריק?

— יא! מיר וועלען רוהיג זיין! האט מען איהם געענטפערט פון אלע זייטען.

דיא סטודענטען זיינען ווירקליך געוואָרען רוהיג. זיי האבען זיך צוטהיילט אין קליינע גרופען און האבען שטילערהייט גערעדט צווישען זיך. פראָפעסאָר מענדעלייעוו איז אוועקגעפאהרען. פאר איהם אבער איז אנאנדערער אוועקגעפאהרען צום מיניסטער— דער אינספעקטאָר שטשאַגעלאוו.

פראָפעסאָר מענדעלייעוו איז איינער פון דיא גרעסטע געלערנטע מענשען פון אונזער צייט. ער איז בעריהמט ניט נור אין רוסלאנד, זאנדערן אין דער גאנצער וועלט. ער האט ענטדעקט פיעלע נייע זאכען אין דער כעמיע און האט אנגעשריעבען פיעלע גוטע ביכער. דיא סטודענטען האבען איהם זעהר ליעב געהאט פאר זיין איינפאכהייט און זיין פריינדליכקייט. ער פלעגט זיי בעהאנדלען, וויא א פאטער זיינע קינדער. ביי איהם זיינען אלע מענשען געווען גלייך. ער האט קיין מאל ניט געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען א איד, א קריסט, א טערק אדער א טאָטער. מען זאגט, אז ער שטאַמט אפ פון אידען, דערפאר זיינען ביי איהם אלע מענשען גלייך. פראָפעסאָר גרובער האט פיינד געהאט דיא רוסען, ער פלעגט ליעבער רעדען דייטש, וויא רוסיש. מענדעלייעוו אבער איז געווען אן עכטער רוסע, ווענינסטענס, אזוי האבען איהם דיא סטודענטען געהאלטען. זיי פלעגען שטאָלצירען דערמיט, וואס אין רוסלאנד געפינט זיך אזא געלערנטער, וויא מענדעלייעוו. ניט נור דיא סטודענטען, דער מיניסטער און זאגאר דיא מיטגליעדער פון דער קייזערליכען פאמיליע האבען געשעצט זעהר הויך דעם פראָפעסאָר מענדעלייעוו. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס קוים האט מענדעלייעוו געזאגט, אז ער פאָהרט צום מיניסטער, האבען זיך דיא סטודענטען באלד בערוהיגט. זיי זיינען געווען זיכער, אז דער מיניסטער וועט אבשיי האבען פארן געלערנטען פראָפעסאָר און וועט געוויס צוריק־רופען זיינע אונזיניגע בעפעהלע.

אין איינינע מינוטען איז פראָפעסאָר מענדעלייעוו אריינגעקומען צום מיניסטער דער פאָלקסאויפקלערונג איז קאבינעט. באראָן ניקאָלאי איז איהם ענטגעגען געגאנגען

און האט איהם העפליך בעגריסט. ער האט איהם געבעטען זיצען און האט זיך אליין אנידער געזעצט לעבען זיין שרייב טיש.

— איך וויים ליעבער פראפעסאר, פאר וואס איהר זייט יעצט געקומען צו מיר, האט ער איהם געזאגט מיט א שמייכעל. מען האט מיר שוין אלעס איבערגעגעבען. איך דאנק אייך, וואס איהר האט בערוהיגט אביסעל דיא סטודענטען.

— אלזא האב איך אייך ניט וואס צו דערצעהלען, האט מענדעלייעוו געזאגט, און איך האף, אז איהר וועט זיי דאס מאל צוליעב טהאן און וועט זיי ערלויבען זיך צו פערזאמלען און צו פלוידערען. וויא מיר שיינט, איז דאס זייער הויפט פאדערונג.

— זיי צוליעב טהאן? צוריקרופען מיינע בעפעהלע? האט דער מיניסטער געזאגט שארף, אויף קיין פאל ניט!

פראפעסאר מענדעלייעוו איז געבליעבען זיצען, וויא פון א בליץ געטראפען. ער האט ניט ערווארטעט אזא שארפען און הארטען טאן פון'ם מיניסטער.

— זיי ווילען מיך צווינגען? האט ווייטער געזאגט דער מיניסטער. זיי ווילען מאכען א בונט, א רעוואלוציאן? איך וועל זיי ווייזען, ווער עלטער איז! איך וועל זיי ווייזען, וויא אזוי צו מאכען א ליארם אין אוניווערזיטעט!

— בעדענקט אבער וואס איהר טהוט, האט איהם מענדעלייעוו געווארנט. עס וועט ארויסקומען א גרויסער סקאנדאל. זיי ווילען מאכען אזא ליארם, אז עס וועט פערקלינגען גאנץ פעטערבורג און מעגליך גאנץ רוסלאנד. דאס וואלט איהר געדארפט אויסמיידען.

— מיין ליעבער פראפעסאר! האט אויסגערופען דער מיניסטער אויפגערעגט. איהר פערשטעהט אייער זאך, איך פערשטעה מיין זאך. איך מיש מיך ניט אריין ווען איהר לעהרענט אייערע סטודענטען, וויא אזוי צו מאכען ווייז פון וואסער*) מישט איהר זיך ניט אריין, ווען איך גיב א בעפעהל דיא סטודענטען.

פראפעסאר מענדעלייעוו איז געווארען בלייך. אויף אזא בעליידיגונג האט ער זיך ניט געריכט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געזאגט רוהיג, אבער פעסט, ענטשלאסען:

— איז דאס אייער לעצטעס ווארט, באראן? האט איהר קיינע אנטווארט פאר מיר?

— דאס איז מיין לעצטעס ווארט! האט דער מיניסטער געזאגט שארף און האט זיך אויך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. איך האב קיין אנדערע אנטווארט פאר אייך ניט. איך וועל שוין וויסען וואס צו טהאן מיט רעוואלוציאנערן און באנטאוורשטשיקעס.

— איך פרעג אייך נאך א מאל, באראן ניקאלאי, האט איהר קיינע אנדערע

*) דאס איז געווען א שטאכווארט פראפעסאר מענדעלייעוו'ן, ווייל מען האט געזאגט אז ער האט אן אנטהייל אין דעם גרויסען וויינהאנדלונג פון פעטערבורג אונטער דער פירמא „בראטיא יעליסייעוויא". מען פלעגט רעדען אין פעטערבורג, אז דער גרויסער בעטיקער מענדעלייעוו מאכט זיי דיא וויינען. עס איז דערפון אזוי פיעל וואהר, אז דער פראפעסאר מענדעלייעוו פלעגט פעמיש אונטערזוכען דיא טהייערע סארטע ווײן פון דער פירמא „בראטיא יעליסייעוויא".

אנטווארט פאר מיר? האט געזאגט פּראָפעסאָר מענדעלייעוו און זיין שטימע האט געציטערט פאר פערדרוס און אויפרעגונג.

דעם מיניסטער האט עס פערדראסען, וואס מענדעלייעוו האט איהם שוין צום צווייטען מאל געזאגט: „בּאראָן“ און ניט מיניסטער.

— איך נעהם מיין ווארט ניט צוריק, אזוי וויא איך רוף מיינע בעפעהלע ניט צוריק, האט דער מיניסטער געענטפערט פינסטער.

— אלזא, שרייבען זיי אויס מיין נאמען אלס פּראָפעסאָר פון דער פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, האט מענדעלייעוו לאנגזאם געזאגט, אבער ענטשלאסען. מיינע רעזיגנאציאָן וועל איך אייך היינט אריינשיקען אויף פּאפּיער.

יעצט איז דיא רייהע געקומען צום מיניסטער. יעצט איז ער געווארען בלייך. פערליערען דעם פּראָפעסאָר מענדעלייעוו, דעם וועלט בעריהמטען כעמיקער איז א שאנדע פארן אוניווערזיטעט. מען וועט דערפון שרייבען אין אלע צייטונגען און עס איז זעהר מעגליך, אז א דייטשע אדער פראנצויזישע אוניווערזיטעט וועט באלד איינלאדען דעם בעריהמטען געלערנטען צו זיך. דער מיניסטער האט איינגעזעהן, אז ער איז צו ווייט געגאנגען, אז געגען פּראָפעסאָר מענדעלייעוו האט ער ניט געדארפט זיין אזוי שטאָלץ און אזוי שטרענג. ער האט געוואלט האפען צוריק, וואס ער האט געזאגט. עס איז שוין אבער געוועזן צו שפּעט.

— אָבער, ליעבער פּראָפעסאָר, האט דער מיניסטער געזאגט גאנץ ווייך, איך פערשטעה ניט, פאר וואס איהר זאלט זיך אָפּזאגען. וואס הארט עס אייך, וואס דיא סטודענטען זיינען געווארען אביסעל אונרוהיג? איך וועל באלד פאהרען אין אוניווערזיטעט און וועל זיי בערוהיגען. עס וועט דערפון גאר ניט זיין. — איך בין זיכער, אז איהר האט עס נור אזוי געזאגט, אז איהר זאגט זיך אפּ. איהר וועט אייער ווארט צוריק נעהמען, ניכט וואהר?

— איך נעהם מיין ווארט ניט צוריק, אזוי וויא איך נעהם ניט מיינע בעשליסע צוריק, האט פּראפעסאר מענדעלייעוו געענטפערט מיט דעמזעלבען טאָן, מיט וועלכען דער מיניסטער האט איהם פריהער געזאגט דיזעלבע ווערטער.

און איידער דער מיניסטער האט צייט געהאט איהם עפּעס צו ענטפערן, האט מענדעלייעוו געעפענט דיא טהיר און איז האסטיג ארויסגעגאנגען פון׳ם מיניסטער׳ס וואינונג. בּאראָן ניקאָלאַאי איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט, וויא פערשטיינערט. דאס איז געוועזן א הארטער שלאג פאר איהם, דארויף האט ער זיך ניט געריכט. ער איז אזוי געשטאנען אייניגע מינוטען. פּלוצלונג האט ער אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט געזאגט:

— אננא מיכאילאָוונא האט רעכט! מען טאר זיי ניט נאכגעבען. יעדער לעהרער־ריל וועט אונז דראהען, אז ער וויל אונז אוועקוואַרפען. יעדער סטודענט וועט רעבעלירען. ניין! מען מוז זיין שטארק און זיי ווייזען, וואס עס הייסט א רעגיערונג.

ער איז צוגעגאנגען צום שרייב־טיש און האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א בויגען פּאפּיער, דאן האט ער אנגעקלונגען. עס איז אריינגעקומען א דיענער און האט זיך געשטעלט אויף דער טהיר.

ער איז צוגעגאנגען צום שרייב-טיש און האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער אויף א בויגען פאפיער, דאן האט ער אנגעקלונגען. עס איז אריינגעקומען א דיענער און האט זיך געשטעלט אויף דער טהיר.

— נא! טראג אפ דיעזען בריעף צום אבער פאליצמייסטער און זאג איהם, אז איך ערוואַרט איהם לעבען אוניווערזיטעט. נעהם א דראשקע און פאהר צו צו דער פאליציי.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען מיט'ן פערזיעגעלטען בריעף אין דער האנד. דער מיניסטער איז ווידער געבליעבען אליין. ער האט געעפענט דיא טהיר אין א זייטען צימער. דער אינספעקטאר שטשאגעלאָוו איז ארויסגעקומען.

— פאהר דוא אין אוניווערזיטעט און מעלד דיא סטודענטען, אז איך וועל באלד קומען, האט איהם דער מיניסטער בעפוילען.

שטשאגעלאָוו איז אוועקגעגאנגען.

דיא סטודענטען אין אוניווערזיטעט האבען זיך איינגע צייט פערהאלטען גאנץ רוהיג. זיי האבען געוואַרט אויף'ן פראָפעסאָר מענדעלייעוו. באלד אבער איז זיי געוואָרען אויפפאלענד, וואס ער זאמט זיך אזוי פיעל. זיי האבען אויסגערעכענט, אז העכסטענס דארף ער זיין אין א שטונדע ארום צוריק. דיא אוהר האט געשלאגען עלף און ער איז נאך ניטא. עס איז געוואָרען האלב צוועלף, מענדעלייעוו איז נאך ניטא צוריק. וואס קען דאס בעדייטען? זיי האבען אנגעהויבען צו רעדען העכער, האבען אנגעהויבען ווידער צו שרייען און צו ליארמען. פלוצלונג איז אנגעקומען דער אינספעקטאר שטשאגעלאָוו און האט זיי געמעלדעט, אז זיינע עקסעלענץ, דער מיניס-טער וועט באלד קומען. מען האט איהם אויסגעפייפט, אבער מען האט זיך באלד בערוהיגט. אלע האבען געוואַרט מיט אונגעדולד, דער מיניסטער זאל קומען און זאל זיי ברענגען גוטע נאכריכטען.

פונקט צוועלף אוהר איז דער מיניסטער אנגעקומען. ער איז אריינגעגאנגען שטאָלץ אין קאָרידאָר און האט געהייסען עפענען דיא גרויסע זאל (אקטאָוואיא זאלא) וואו מען טהיילט אויס דיא דיפלאָמען נאכן עקזאמען. ער האט איינגעלאדען דיא סטודענטען אין גרויסען זאל. אויפ'ן וועג האט ער דעם אינספעקטאר געזאגט עפעס שטילערהייט. דער אינספעקטאר האט זיך פערנייגט. דיא סטודענטען זיינען אלע אריינגעגאנגען אין דער גרויסער זאל און האבען זיך רוהיג אויסגעשטעלט ארום דער ביהנע, א העכער שטיקעל אָרט אין דער מיט זאל. דער מיניסטער איז ארויפגעגאנגען שטאָלץ אויף דער ביהנע, האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און ווען עס איז געוואָרען גאנץ שטיל, האט ער אנגעהויבען צו רעדען מיט א פעסטער שטימע, אין וועלכער עס האט געקלונגען א פאָרוואורף און א דראָהונג.

— מיינע הערען! איך בין ערשטוינט און איבערראשט צו הערען, אז איהר האט זיך היינט אויפגעפיהרט זעהר שלעכט. איהר האט ניט געפאָלגט אייער נאטשאלניק, דעם אינספעקטאָר שטשאגעלאָוו, איהר האט געמאכט א ליארם און א געשריי אין אוניווערזיטעט. — פערגעסט ניט, אין אוניווערזיטעט, אין טעמפעל פון דער וויסענשאפט, האט איהר געמאכט א ליארם! איהר האט ניט געפאָלגט אייערע לעהרער, אייערע

פראָפעסאָרען, אייערע ערציעהער. איהר האט זיך היינט אויפגעפיהרט, וויא ניעדריגע גאַסען יונגען. ניט אזוי דאַרפען זיך אויפפיהרען סטודענטען, וועלכע דענקען צו ווערן מיט דער צייט דיא פאָרשטעהר פון זייערע געמיינדען. איהר האט פערדיענט א הארטע און שטרענגע שטראפע; איהר האט פערדיענט, אז מען זאל אייך ארויסיאגען פון אוניווערזיטעט; איהר האט פערדיענט, אז מען זאל ביי אייך צונעהמען אלע רעכטע און פריוועלעגיען, וועלכע אייערע בילדונג גיט אייך. איהר האט פערדיענט דיא שטרענגסטע שטראפע, וואס עס קען נור זיין. איך בין אבער א גוטער מענש און וויל אייך ניט בעשטראפען, וויא איהר האט עס פערדיענט. איך האב מיטלייד מיט אייערע עלטערן, איך האב מיטלייד מיט אייערע פריינד, איך האב מיטלייד מיט אייך אליין. איך ווייס, אז עס געפינען זיך צווישען אייך שלעכטע מענשען, וועלכע האבען אייך פער־פיהרט, זיי וועלען שוין געוויס בעקומען דיא שטראפע, וועלכע זיי האבען פערדיענט. אייך אלעמען אבער הייס איך יעצט געהן אין אייערע אוידיטאָריען און איך וועל אלעס פערגעסען.

דער מיניסטער האט געענדיגט זיין רעדע. אין זאל האט געהערשט טיעפע שטילקייט. קיינער האט ניט גערעדט א וואָרט, אבער קיינער האט זיך ניט געריהרט פון זיין אָרט. דיא שטילקייט האט יעדען געפרעסט און געדריקט. עס איז געווען דיא שטילקייט פון'ם מעער, איידער עס ברעכט אויס א שרעקליכער שטורם. יעדער פון דיא סטודענטען האט עס געפיהלט, יעדער איז געווען אויפגערעגט ביז צום אייסערסטען. יעדער האט ערוואַרטעט פון מיניסטער פריינדליכע בערוהיגענדע ווערטער און צום סוף האבען זיי געהערט פאָרווירפע און דראָהונגען. יעדער האט געפיהלט, אז עס וועט אזוי גלאַט ניט אפּלויפען, עפּעס וועט געשעהן, דער שטורם וועט אויסברעכען און יעדער האט זיך פאַרבערייטעט אין זיינע געדאנקען צו דיעזען שטורם. נור דער מיניסטער האט עס ניט פערשטאַנען. ער איז געווען אזוי בלינד ניט צו זעהן, וואס פאר א שרעקליכען איינדרוק זיינע ווערטער האבען געמאַכט אויף זיינע צוהערער.

— איהר שווייגט, האט ער געזאגט, ווען ער האט דערזעהן, אז דיא סטודענטען שטעהן אויפ'ן אָרט און צוגעהן זיך ניט. — איהר שווייגט, איהר שעמט זיך. איהר פיהלט, אז איהר האט אונרעכט, אז איהר האט זיך היינט אויפגעפיהרט נאַרריש, קינדיש, ניט אנשטענדיג. —

— איז דאס דיא אנטוואָרט אויף אונזער ביטע, איהר זאלט צוריקרופען אייערע בעפעהלע? האט אויסגערופען איין סטודענט פון דיא הינטערסטע רייהען.

דער מיניסטער איז געוואָרען אויף א סעקונדע צומישט. ער האט זיך אבער באלד געפאַסט.

— ווער איז דאָרט, וועלכער וואגט מיך אונטערצוברעכען, ווען איך רעד? האט ער אויסגעשריען און האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. געהאָרזאם איז דיא ערשטע פפליכט פון יעדען מענשען. געהאָרזאם פאָרדערט פון אייך אייער מיניסטער, אייער נאַטשאַלניק, אייער ערציעהער.

— איז דאס דיא אנטוואָרט אויף אונזער ביטע? האט ווייטער געפרעגט דער זעלבער סטודענט, דאס מאל אבער נאך העכער, נאך פעסטער און נאך ענטשלאָסענער.

— וואס פאר אן אנטוואורט קענט איהר ערוואַרטען, אז איהר פירט זיך אויף וויא קינדער? האט דער מיניסטער געענטפערט אויפגערעגט. איך האב געהייסען, אויף אלע אייערע פערזאמלונגען זאל זיך געפינען דער אינספעקטאר אום אייך צו לעהרנען, אום אייך צו ווייזען, וויא אזוי זיך אויפצופיהרען. היינט האט איהר אליין בעוויעזען, אז איך האב רעכט געהאט. וואס איך האב נעגעבען אזא בעפעהל. צוגעהט אייך אין אייערע אודיטאריען, ווייזט, אז איהר זייט מענשען און ווערטה מען זאל אייך בעהאנדלען וויא מענשען, וועל איך זעהן, מעגליך, אז איך וועל צוריקרופען מיין בעפעהל.

אין דיעזע מינוטע האט איינער ארויסגערעדט:

— דער פראפעסאר מענדעלייעוו האט זיך אפגעזאגט.

— פראפעסאר מענדעלייעוו! פראפעסאר מענדעלייעוו! האט געברומט דיא מאסע סטודענטען. פאר וואס האט ער זיך אפגעזאגט? ווא איז פראפעסאר מענדעלייעוו?

דער שטורם האט אויסגעבראכען. יעצט האט מען איהם שוין ניט געקענט צוריקהאלטען. דער מיניסטער האט עס נאך אלץ ניט פערשטאנען. ער איז נאך אלץ געוועזען זיכער, אז עס וועט איהם זעהר לייכט געלינגען צוריק צו טרייבען דיא סטודענטען אין זייערע אודיטאריע׳.

— מאלטשאט! שווייגען! האט ער א געשריי געטהאן. רוהיג זיין! איך פא־דער אייך אויף צום לעצטען מאל, איהר זאלט אייך צוגעהן אין אייערע אודי־טאריען! מאכט איהר דעם קלענסטען ליארם און איך היים אין גאנצען פערשליע־סען דיא אוניווערזיטעט.

יעצט איז קאסטיורין ארויפגעשריעבען אויף דער ביהנע און האט געזאגט צום מיניסטער שארף און פעסט:

— מיר וועלען זיך ניט צוגעהן אין דיא אודיטאריען, ביז וואנען איהר וועט ניט צוריקרופען אייערע בעפעהלע. מיר זיינען מענשען און ווילען, אז מען זאל אונז בעהאנדלען וויא מענשען, ניט וויא קינדער.

— ווער ביסט דוא? האט אויף איהם דער מיניסטער געשריען. וואס ווילסטו?

ער האט זיך אומגעקוקט אין זאל און האט דערזעהן דעם אינספעקטאר שטשאנעלאוו.

— פיהרט איהם אוועק אין קארצער! האט ער אויסגערופען. איך וועל איהם ווייזען וויא אזוי צו רעדען מיט׳ן מיניסטער פון דער פאלקס אויפקלעהרונג.

— אין קארצער? האט קאסטיורין געשריען אויסער זיך. דאס וועלען מיר שוין זעהן, ווער עס וועט מיך פיהרען אין קארצער.

צוויי הייסע, פייערינע פעטש האבען פערהילכט דיא זאל. אויף׳ן מיניסטערס גלאט ראזירטע באקען זיינען געשטאנען צעהן רויטע פינגער. איינינע מינוטען האט אין זאל געהערשט א שרעקליכע שטילקייט. דיא סטודענטען וויא דער מיניסטער זיינען געבליעבען שטעהן וויא פון א בליץ געטראפען. דאס האט אבער געדויערט נור איין איינציגע מינוטע. באלד האט אויסגעבראכען דער שטורם.

— בראוואָ! דאָלאָי באראָן ניקאָלאַאי! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

עס איז געוואָרען א רעש, א געטומעל, אז איינער האט דעם אנדערן ניט געהערט. אלע האבען זיך געריסען צו דער ביהנע, וואו דער מיניסטער איז נאך אלץ געשטאנען איבערראשט, דערשראָקען, פערשעהמט. אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען אויף דער טהיר פון דער גרויסער זאל. אשינאוו מיט א פאר צעהנדליג קאזאקען מיט נאגאיקעס אין דיא הענד.

— שלאָגט זיי! ארעטירט זיי! האט געשריען דער מיניסטער ניט מיט זיין קול.

יעצט האט זיך אנגעהויבען דער לעצטער אקט פון דיעזער דראַמא. דיא סטודענטען האבען זיך געוואָרפען צו דער טהיר. דיא קאזאקען זיינען אויף זיי אנגעפאלען און האבען געשניטען, וויא אין קרויט. זיי האבען ניט געקוקט, וואו זיי האבען געטראָפען מיט זייערע נאגאיקעס: אויף דיא פלייצעס, אויף דיא הענד, אויפ'ן געזיכט, אויף דיא קעפּ. ביי דער טהיר האט זיך געבילדעט א קנויל מענשען פון קאזאקען און סטודענטען. יעדער האט געשלאגען, יעדער האט זיך געריסען. שטיקער קליידער, היטלען און נאגאיקעס זיינען געפלויגען פון אלע זייטען. וואו מען האט געקוקט, האט מען געזעהן צוריסענע קליידער און פערבלוטיגטע געזיכטער. עס איז געוועזן שרעקליך אנצוקוקען*) דריי שטונדען נאכאנאנד האט געדויערט דאס געשלעג. ערשט געגען צוויי אוהר נאך מיטאג איז דער פלאַץ געוואָרען פריי. דיא אוניווערזיטעט האט מען באלד געשלאָסען.

וויא א גנב איז דער מיניסטער ארויסגעגאנגען שטילערהייט מיט'ן הוט אראָפּגעלאָזען איבער דיא אויגען, פון דער אוניווערזיטעט און איז באלד געפאהרען אהיים. צוויי טאג האט ער זיך געשעהמט צו ווייזען אויף דער גאס. ערשט אויפ'ן דריטען טאג איז ער געפאהרען צו זיין אננא מיכאילאָוונא. זיא האט איהם עמפפאנגען זעהר קאלט און האט איהם פערשאטען מיט פאָרוווירפע.

— איך האב געמיינט, אז איך וועל קענען פון אייך עפּעס מאכען, האט זיא איהם געזאגט. איך האב גערעכענט, אז איהר ווייסט זיך, וויא צו האַלטען, וויא צו רעגירען, איך האב געהאָפט אייך צו זעהן אן דער שפּיצע פון דער רוסישער רעגיערונג, וויא דער געוועזענער מיניסטער דער פאָלקס אויפקלערונג, גראף טאָלסטאָי איז יעצט. ער איז געוואָרען מיניסטער דעם אינערן (וונוטרעניך דיעל) און רעגיערט יעצט גאנץ רוסלאנד — איך האב א טעות געהאט. איהר זייט א פאסטוך (הירט) אבער קיין מיניסטער.

— אבער אננא מיכאילאָוונא, איך האב דאך געטהאן, וויא איהר האט מיר געהייסען, האט געשטאָמעלט דער אונגליקליכער מיניסטער. איך האב ניט נאכגעגעבען,

*) דיעזע אלע סצענען זיינען היסטאָריש וואָהר. דעם סטודענט קאסטיורין און זיינע עלטערן האב איך פערזענליך געקענט. ער און טראיעראגאוו זיינען געשטאָרבען ערגעץ אין א קאזאמעט אין סיביר פראָפּעסאָר מענדעלייעוו האט געהאַלטען וואָרט. ער לעבט נאך, ער איז אבער ניט מעהר פּראָפעסאָר און וויל ניט אנגעהמען קיין פּראָפּעסאָר אין קיין רוסישער אוניווערזיטעט. דער מיניסטער, באראָן ניקאָלאַאי איז זייט יענער צייט, וויא פערשוואונדען געוואָרען. מען האט מעהר פון איהם ניט געהערט. מעהר אלס צוויי הונדערט סטודענטען האבען בעקומען זעהר האַרטע שטראפען. אייניגע האט מען פערשיקט, אנדערע האט מען ארעטירט און זיי געהאַלטען א יאהר און צוויי אין אסטראָג. א. טאנענבוים.

איך בין געווען שטאָלץ און האב גערופען דיא פּאָליציי צו הילף. וואס האב איך געקענט מעהר טהאן?

— שיקען דיא קאזאקען פּאָראויס! האט געשריען אננא מיכאילאָוונא. איהר האט געוואוסט, אז איהר האט צו טהאן מיט א ווילדע באנדע און איהר האט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיג. ניין! עס איז פערפאלען! איהר טויגט ניט! איהר האט צערשטערט אלע מיינע פּלענער און האט מיר געמאכט דיא גרעסטע שאנדע. ווען איהר זאָלט געווען צוטרייבען דיא סטודענטען מיט געוואלד, זיי ארעטירען און דאן שליעסען דיא אוניווערזיטעט, וואָלט אנדערש געווען. יעצט איז אלעס פערלאָרען.

זיא איז ארומגעגאנגען אין צימער, וויא א טיגערין, וועלכע מען האט צורייצט אין איהר אייזערנעם שטייג, האט גערעדט און געמאכט מיט דיא הענד, וויא א וואהנזיניגע און האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט בערוהיגען. איהר האט וועניג געהארט, וואס דער מיניסטער האט פערלאָרען זיין שטעלע. זיא האט מורא געהאט, אז עס וועט איהר יעצט שווער זיין צו פערזאָרגען איהר אָסיפּ, דאס קינד, וואס זיא האט געהאט פון באראן ניקאָלאַאי נאך איהר מאַנ'ס טויט און וועלכען דער באראן ניקאָלאַאי האט געלאזט ערציעהען אונטער זיין נאמען.

## 99טעם קאפּיטעל.

## ווייטער אַנטלויפען.

פעאָדאָרא אדער פעארינא האט זיך צוואר עטוואס בערוהיגט. עס איז איהר אבער פון קאפּ ניט ארויס, אז באיאנאווסקי לעבט נאך און געפינט זיך אין פּעטערבורג. זיין בלייבעס געזיכט איז איהר שטענדיג געשטאנען פאר דיא אויגען און האט איהר געדראָהעט. אנגעבען איהם דער פּאָליציי האט זיא ניט געוואלט. זיא האט מורא געהאט, אז ער וועט אויסזאגען, ווער זיא איז און ווער איהר מאן איי ייד בעגעגענען מיט איהם נאך א מאל האט זיא אויך ניט געוואָלט. זיא האט דאהער אנגעהויבען צו בעטען איהר מאן, ער זאל בעטען ביי דער ארגענטינישען רעגיערונג, מען זאל איהם שיקען ערגעץ אנדערש אלס געזאנדעטער.

פעדרא דע ראָזאס אדער פיאדאר יערמאלאוו אבער, האט גאר קיין לוסט ניט געהאט אוועקצופאהרען פון פּעטערבורג. ער האט דא געהאט וועניג וואס צו טהאן. רוסלאנד האט זעהר וועניג געשעפטען מיט זיד־אמעריקא. אין רוסלאנד געפינען זיך זעהר וועניג מענשען פון זיד־אמעריקא און רוסען פאהרען זעהר זעלטען קיין ארגענטיניען. אלזא, האט ער געהאט זעהר וועניג ארבייט און זעהר פיעל צייט צו שפּיעלען אין קאָרטען אין אזעלכע הייזער, וויא אשינאוים. צו וואס זאל ער אוועקפאהרען פון פּעטערבורג? וואו וועט ער האבען א בעסער אָרט צו לעבען אזוי פריי און אזוי גוט, וויא אין פּעטערבורג? אין בערלין, אין פּאריז, אין לאָנדאָן און אין רוים געפינען זיך דיא גרעסטע דיפּלאָמאטען, הויך געלערנטע מענשען, מיט וועלכע מען מוז זיך צונויפקומען און ווייזען, אז מען איז אויך א מענש, אויך א דיפּלאָמאט, אויך א געלערנטער. אין פּעטערבורג אבער מעג מען זיין, וואס מען וויל. קיינער וועט זיך ניט אומקוקען [illegible] וועט איהם ניט בעמערקען.

דערצו איז איהם גנראטהען צו מאכען ביים ענגלענדער דשעפערסאָן אן אנלייהע (הלואה) פון עטליכע מיליאָנען שפּאנישע דאלער פאר דיא ארגענטינישע רעפּובליק און ער האט דערביי פּערדיענט א שעהנעם גראָשען. דאס האט איהם נאך מעהר צוגע־האלטען אין פּעטערבורג.

דיא קליינע רעפּובליקען פון זיד־אמעריקא דארפען שטענדיג האבען געלד און זיי לייען, וואו זיי קענען נור. ער האט ניט לאנג ערהאלטען אן אויפטראג, ער זאל מאכען אן אנליידע פאר דיא רעפּובליק טשילי און האט געהאָפט צו מאכען דערביי אויך א גוט געשעפט.

עס איז עלף אוהר אין דער פריה. פּעדראָ דע ראָזאַס מיט זיין פרוי זיינען ניט לאנג אויפגעשטאנען און זיצען ביים פריהשטיק. פּלוצלונג איז אריינגעקומען זיין לייב דיענער און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— וואס איז נייעס, זשאן? האט דע ראָזאַס געפרעגט.

— ענטשולדיגט מיר, עקסעלענץ, וואס איך האב געוואגט אייך צו שטערן. אין דרויסען שטעהט א מאן, וועלכער וויל אונבעדינגט אייך זעהן. איך האב איהם געזאגט, אז איהר נעהמט קיינעם ניט אויף. ער וויל אבער ניט הערן. ער זאגט, אז ער מוז מיט אייך רעדען. איך האב איהם ארויסגעטריעבען, ער קומט אבער אלע מאל צוריק און בעט, אז מען זאל איהם מעלדען.

דער געזאנדטער פון ארגענטיניען האט זיך פערטראכט. עס איז איהם געווען אויפפאלענד, וואס דער מאן פאָדערט אזוי שטארק, אז ער וויל איהם זעהן.

— וואס איז דאס פאר א מענש? האט ער געפרעגט. געהט ער שעהן אנגעטהאן? האט ער דיר געגעבען זיין וויזיט קארטע?

— ווען ער זאל געהן שעהן אנגעטהן, וואלט איך איהם געווען געמעלדעט. ער געהט אבער אפּגעריסען און וויזט אויס צו זיין זעהר ארים.

— אלזא, יאג איהם ארויס! הייס איהם ארעטירען, ווען ער וועט דיך צופיעל בעאונרוהיגען.

— איך וואָלט עס געוויס געטהאן. ער זאגט אבער, אז.... עס איז זעהר לעבערליך, וואס ער זאגט....

— וואס זאגט ער? האט זיך געבייזערט דער געזאנדטער. זאג! וואס זאגט ער?

— ער זאגט, אז אייער עקסעלענץ איז זיינער א נאָהנטער אנפערוואנדטער. ער זאגט ווייטער, אז אייער עקסעלענץ איז אויסגעוואקסען ביי איהם אין שטוב.

דער געזאנדטער איז געוואָרען בלייך און האט זיך געווענדעט צו זיין פרוי, גלייך וויא ער האט זיא געוואָלט פרעגען: וואס טהוט מען יעצט?

— איך מיין, אז עס וועט גלייכער זיין, דוא זאלסט איהם אויפנעהמען, האט פּעאָדאָרא איהם געזאגט גאנץ שטיל. ער איז געוויס זעהר ארים און דוא וועסט איהם אפּקומען מיט איינינע רובעל.

— איך האב דאך אבער מורא, אז ער וועט מיך דערקענען?

— יען ער איז געקומען און וויל דיך זעהן, האט ער געוויס דיך שוין לאנג דער־

קענט, האט דיא קלוגע פעאָדאָרא געזאגט. עס העלפט ניט, דוא מוזט איהם זעהן און איהם פערשטאָפּען דאס מויל.

— פיהר אריין דעם אלטען אין מיין קאבינעט, האט דער געזאנדטעטער געזאגט צום דיענער. עס איז געווים א פעררוקטער, לאמיך הערן, וואס ער וויל.

זעהסט דוא, האט פעאדארא איהם געזאגט, ווען דער דיענער איז ארויסגע־גאנגען, איך האב דיך שוין לאנג געבעטען, מיר זאלען אוועקפאהרען פון דאנען. יעצט האָסט דוא דיר. דיין ליעבער אָנקעל, טשאָרבאדזשאגלא, האט דיך דערקענט און איז געקומען דיך צו בעעהרען מיט זיין וויזיט. דער אלטער הונד וועט ניט שווייגען. ער וועט אויספלוידערן איבער גאַנץ פעטערבורג, אז דער געזאנדטעטער פון ארגענטיניען און זיד אמעריקא איז ניט מעהר וויא א רוסישער גימנאזיסט וועלכער איז א מאל געווען קעלנער ביי דעם בעקאנטען שענקער און שווינדלער, טשארבאדזשאגלא.

— עס איז גאר ניט אזוי געפעהרליך, וויא דוא מיינסט. האט יערמאָלאָוו געזאגט. דוא הערסט דאך, אז ער געהט אפּגעריסען און אפּגעשליסען: מיט אייניגע רובעל וועל איך איהם פערשטאָפּען דאס מויל און ער וועט זיין שטום, וויא א פיש.

— איך מיין, אז עס וואָלט געווען גלייכער, דוא זאלסט איהם הייסען אריינפיהרען אהער אין שפייזע צימער, האט פעאָדאָרא געזאגט. איך וויל אויך הערן וואס דוא וועסט רעדען מיט דיין ליעבען אָנקעל.

— דאס קען איך דיר צוליעב טהאן, האט יערמאָלאָוו געזאגט.

אין א פּאר מינוטען ארום איז אריינגעקומען אין עס צימער אן אלטער מאן אין אפּגעריסענע און שמוציגע קליידער. ער איז געווען אין גאנצען פערוואָקסען. זיינע גרויע האר זיינען שוין לאנג ניט געקומען אין קיין בעריהרונג מיט א קעמעלע. זיין נאז איז געווען רויט און אנגעשוואָלען. דיא אויגען זיינען געווען פערגאָסען און זיין גאנצעס אנזעהן האט געעקעלט. מען האט געזעהן, אז דער מענש איז שוין ארונטערגעקומען ביז צו דער לעצטער שטופע פון עלענד און נויט.

דער ארגענטינישער געזאנדטעטער מיט זיין פרוי האבען א ציטער געטהאן, ווען זיי האבען איהם דערזעהן. זיי וואָלטען איהם ניט דערקענט, ווען זיי וואלטען איהם בעגעגענט אויף דער גאס, אזוי אָפּגעלאָזען, אזוי פערווילדעט האט ער אויסגעזעהן. ביידע האבען געשוויגען. זיי האבען ניט געוואגט ארויסצורעדען א וואָרט.

— ענדליך, ענדליך האב איך דיא עהרע צו שטעהן פאר מיין האָכוואָהל געבאָרענעם פּלעמיאניק (נעפע), האט טשאָרבאדשאגלא געזאגט מיט א ביטערן געלעכטער. מיט עטליכע יאהר צוריק וואלט איך געווים ניט געגלויבט, אז מיין גוטער, ליעבער פעדיא וועט אמאל ווערן אזוי הויך. — אה! עס האט מיך געקאָסט געגוג מיה. ביז מען האט מיך צוגעלאזען צום שטאָלצען געזאנדטעטען פון ארגענטיניען און זיד־אמעריקא.

דער געזאנדעטער האט פערשלאָסען דיא טהיר, אז דיא דיענער זאלען זיך ניט אונטערהערן, וואס ער וועט רעדען מיט זיין אָנקעל און האט איהם געפרעגט שטאָלץ און שטרענג:

— ווער זייט איהר, אלטער? וואס ווילט איהר פון מיר?

— ווער איך בין, פרעגסט דוא? דוא דערקענסט מיך גאר ניט? אזוי שטאָרק

האב איך מיך פערענדערט, אז מיין אייגענער פּלעמיאַניק דערקענט מיך ניט? — נו, וועל איך דיר זאגען, ווער איך בין, — איך בין דיין ליעבער אָנקעל טשאַרבאדשאגלא.

דער געזאנדעטער האט זיך פון איהם אוועקגעקעהרט מיט עקעל.

— וואס קעהרסט דוא זיך אזוי אוועק פון מיר? האט דער אלטער געזאגט מיט זיין בייסענדען שפּאט. וואס שעהמסט דוא זיך אזוי מיט אן אַרימען אָנקעל? ווען איך בין געווען רייך און דוא ביסט געווען אן ארעמער יונגע, האב איך מיך פון דיר גאר ניט אוועקגעקעהרט, איך האב דיך געהאלטען ביי מיר אין שטוב און האב דיר געגעבען עסען און טרינקען. איך האב מיך מיט דיר גאר ניט געשעהמט. יעצט אז דוא ביסט געוואָרען א גרויסער מאן, דער געזאנדעטער פון ארגענטינינען און זיד־אמעריקא, פּיש!.... געוויס שעהמסט דוא זיך מיט מיר. — איך בין געווען זיכער, אז מיין ליעבער, טהייערער פעדיא, וועט מיר ענטגעגען לויפען, וועט מיך אויפנעהמען צו זיך אין שטוב און וועט מיך פערזאָרגען אויף דער עלטער. אך! אזוי בעהאנדעלט מען ארימע פער־וואנדעטע!

— איך פערשטעה דיך ניט, אלטער, האט דער ארגענטינישער געזאנדעטער געזאגט. עפּעס רעדסט דוא פון איינעם פעדיא יערמאָלאָוו, אדער וויא ער הייסט דאָרט. דוא געהערסט איהם אָן אן אָנקעל און האָסט איהם אמאל געהאלטען ביי זיך. וואס געהט דאס מיך אן? איך קען דיך ניט און וויים דיך ניט. דוא האָסט א טעות, איך בין ניט דער, וואס דוא מיינסט. איך בין גאר א שפּאַניער און הייס דע ראָזאס.

— דוא שפּאסט, מיין ליעבער, טהייערער פעדיא, האט דער אלטער טשארבא־דזשגלא געזאגט מיט א געלעכטער.

דערביי האט ער געעפענט א מויל, אין וועלכען עס איז שוין ניט געווען ניט איין צאהן. פעאָדאָראָוו איז ניט גוט געוואָרען אויף איהם קוקענדיג.

— אזוי? דוא ביסט גאר ניט דער, וואס איך מיין? האט ווייטער געלאכט דער דער אלטער גרעק. וואס ווילסט דוא? זאל איך ברענגען עדות, מענשען, וועלכע קענען דיך, וועלכע זאלען דיר איבערציינגען, אז דוא ביסט נאך דער אלטער פיאדאר יערמאָלאָוו? איך מיין, אז איך וועל נאך אויסזוכען אין פּעטערבורג אזעלכע מענשען. וועסט דוא מיר דאן שוין גלויבען?

פעאָדאָרא האט א ווינקגעטהאן איהר מאן, ער זאל צוגעהן נעהנטער צו איהר.

— מאך מיט איהם ניט אזוי פיעל רעד. פרעג איהם בעסער, וואס ער וויל, און וויא אזוי מען קען פון איהם פּטור ווערן. וואס טויג דיר, וואס דוא רעדסט מיט איהם אזוי פיעל?

דער געזאנדעטער האט זיך אניעדער געזעצט אויף א שטוהל און האט געזאגט צו זיין אָנקעל;

— לאמיר זאגען, אז איך בין דער, וואס דוא מיינסט, אלטער. וואס פערלאנגסט דוא אלזא פון מיר?

— ענדליך רעדסט דוא צו מיר, וויא אן אנפערוואנדעטער. ענדליך האָסט דוא מיך דאך אנערקענט אלס אָנקעל. דוא זעהסט, אז איך בין זעהר ארים, האט טשאָר־באדזשאגלא געזאגט און אויף זיין געזיכט האט זיך געוויעזען א שמייכעל.

עס איז מיר אין דער לעצטער צייט געגאנגען זעהר שלעכט. מיין גוטע פרוי, דיין ליעבע טאנטע, איז געשטארבען. מיינע געשעפטען זיינען צו גרונד געגאנגען, איך וואלגער מיך יעצט ביי פרעמדע מענשען. דוא זעהסט, וויא איך געה אפּגעריסען. איך האב ניט, פון וואנען א טאג איבערצוקומען. וואו איך טאג, דאָרט נעכטיג איך ניט. איך בין אין דער שרעקליכסטען נויט....

— אלזא, וואס ווילסט דוא פון מיר? זאג עס שנעלער. איך גלויב דיר, אז דוא ביסט אן ארעמאן. מיט וואס אבער קען איך דיר העלפען?

— אה! דוא קענסט מיר זעהר העלפען, מיין ליעבער, מיין גוטער פעדיא! האט דער אלטער אויסגערופען. דוא ווייסט, אז איך בין א פעהיגער קויפמאן. דער קאָפּ דיענט מיר נאך, איך וואלט נאך געקענט מאכען געשעפטען און זיך ארויפארבייטען, ווען איך זאל נור האבען געלד. ווען דוא זאָלסט מיך װעלען אונטערשטיצען און מיר געבען א געוויסע סומע געלד, וואָלט איך צוריק געקענט ווערן א מענש און דוא וואָלסט זיך ניט געדאַרפט שעהמען מיט מיר. דוא ווייסט דאך, אז דיין אָנקעל טשארבאדזשאגלא וויים, וויא צו מאכען געשעפטען. עס פעהלט מיר נור געלד.

— וואס הייסט ביי אייך א געוויסע סומע געלד? האט דער געזאנדעטער געפרעגט אונגעדולדיג. לאמיר שוין זאגען, אז איהר זייט מיין אָנקעל, לאמיר שוין זאגען, אז איהר זייט א פעהיגער און טיכטיגער קויפמאן, וויא איהר ריהמט זיך אליין — דאן מיין איך, אז מיט פופציג רובעל וואלט איהר זעהר לייכט געקענט אנפאנגען צופיהרען נייע געשעפטען און זיך ארויפארבייטען. שפּעטער, ווען איך וועל זעהן, אז איהר מאכט ווירקליך געשעפטען, וואלט איך אייך געקענט נאך מיט עפּעס אונטערשטיצען.

דער אלטער גרעק איז אויפגעשפּרונגען, וויא א שלאנג וואָלט איהם א ביס געטהאן. ער האט אנגעהויבען צו קלאפּען מיט׳ן שטעקען אויף דער ערד און האט געזאגט מיט א הייזעריגער שטימע:

— פופציג רובעל? וואס רעדסט דוא? פופציג רובעל גיט מען דאך איינעם נאַ טשאי! פופציג רובעל וויל מיר געבען מיין ליעבער, טהייערער פּלעמיאניק יעצט, ווען מיר האבען זיך אזוי פיעל יאהר ניט געזעהן! וואס קען איך מאכען מיט פופציג רובעל? דוא לאַכסט פון מיר! דוא לאַכסט פון דיין ארימען אָנקעל, פעדיא!

דער ארגענטינישער געזאנדעטער איז בייז געוואָרען. ער האט ניט ערוואַרטעט פון זיין אָנקעל אזא ביטערן שפּאַט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, איז ארומגעגאנגען א פאר מינוט אין צימער און האט געזאגט צו פעאָדאָראַ׳ן אויף שפּאַניש:

— וואס זאל איך מאכען מיט דעם אלטען? איך האב שטארק לוסט איהם צו ברעכען דיאביינער און איהם ארויסצו ווארפען אייף דער גאס, וויא א הונד. לאז ער דאָרט שרייען, וואס ער וויל.

— עס איז זעהר אונאנגענעהם, האט פעאדארא געזאגט פערטראכט. איך האב מורא פאר דעם אלטען שיכור. ער קען אונז מאכען א סקאנדאל, אז מיר וועלען מוזען אנטלויפען פון פּעטערבורג....

פראָביר נאך א מאל מיט גוטעו, פיעללייכט וועט עס דיר דאך געלינגען פון איהם לויז צו ווערן. מעגליך, ער וועט אננעהמען א גרעסערע סומע געלד און וועט זיך אוועק

פאהרען פון פעטערבורג זוכען גליק ערגעץ אנדערש. געוויס, וואלט גלייכער געוועזן, ווען מיר זאלען אוועקפאהרען פון דאנען, וויא איך האב דיך שוין ניט איין מאל געבעטען. וואס טויג אונז צו האבען אויפ׳ן האלז אזא אלטען שיכור? אלענפאלס פראביר.

דער געזאנדעטער האט זיך ווידער געוועגדעט צו זיין אָנקעל.

— אלזא, פערלאנגט איהר פון מיר א גרעסערע סומע געלד, אום איהר זאָלט אייך קענען ווידער מאכען א געשעפט?

— יא, מיין ליעבער נעפפע, האט דער אלטער געזאגט גאנץ רוהיג. אזא מענש וויא איך קען ניט זיצען לעדיג. איך מוז עפּעס טהאן, עפּעס ארבייטען און איך בין זיכער, אז קוים וועל איך ווידער אנהויבען צו מאכען געשעפטען, וועל איך מיך ווידער ארויפארבייטען און וועל ווידער ווערן א מענש מיט מענשען גלייך —

— אלזא, וויפיעל ווילט איהר? איז איהם דער געזאנדעטער אריינגעפאלען אין דיא רעד. וויפיעל דארפט איהר אום אנצוהויבען נייע געשעפטען?

— וויפיעל איך דארף? וויפיעל איך וויל! איך וואָלט געוויס געוואָלט זעהר פיעל.

— איך ווייס ניט, וואס ביי אייך הייסט פיעל. ביי מיר הייסט טויזענד רובעל זעהר פיעל.

דער אלטער גרעק האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— טויזענד רובעל הייסט ביי אייך זעהר פיעל? דאס קען איך ניט פערשטעהן. דוא ביסט דאך דער געזאנדעטער פון ארגענטיניען און זיד־אמעריקא, וואס איז ביי דיר טויזענד רובעל?

— אלזא, לאמיר הערן, וויפיעל ווילסט דוא ענדליך? זאג, לאמיך אמאל וויסען, וואו איך האלט מיט דיר?

— איך מיין, האט טשארבדזשאגלא געזאגט לאנגזאם, — איך מיין, אז מיט צעהן טויזענד רובעל וואלט איך מיר געקענט צופיהרען דיא הענד און אנהייבען צו מאכען געשעפטען.

דער געזאנדעטער פון ארגענטיניען האט איהם אָנגעקוקט מיט שטוינען.

— דוא ביסט וואהנזיניג, אלטער! האט ער אויסגערופען. צעהן טויזענד רובעל! עס איז דיר לייכט ארויסצוזאגען: צעהן טויזענד רובעל! וואו זאל איך נעהמען אזוי פיעל געלד?

— וואס איז צעהן טויזענד רובעל פאר אזא גרויסען מאן, וויא דוא ביסט, מיין ליעבער פעדיא? האט דער אלטער געזאגט קאלט און שניידענד. ביים געזאנדעטען פון ארגענטיניען און זיד־אמעריקא איז צעהן טויזענד רובעל א קלייניגקייט, ביי מיר אָבער איז עס זעהר פיעל, ווייל איך בין יעצט ארים און אין דער גרעסטער נויט....

דוא ווייסט געוויס, מיין ליעבער פעדיא, אז דער ווייל ווייס נאך קיינער ניט, ווער דער ארגענטינישער געזאנדעטער איז, יעדער מיינט, אז ער איז אן עכטער שפּאניער. וואס וועט אָבער זיין, ווען איך וועל ארומגעהן אין דיא גאסען און דערצעהלען, אז אין דעם שפּאנישען ראָק און אונטער דיא גאלדענע ארדענס, ליעגט גאר א האלבער גרעק, א האלבער רוסע, וועלכער איז מיט עטליכע יאהר צוריק געווען א קעלנער אין דער בעריהמטער טשאינאָיע זאוועדעניע פון׳ם בעקאנטען טשארבאדזשאָגלאָ? איך מיין, אז

דאס וועט מיין ליעבען פעדיא אזוי פיעל שאדען, אז ער וועט פערליערען זיין שטעלע אלס גענאנדעטער. אזא שטעלע איז דאך געווים ווערטה צעהן טויזענט רובעל. דיא אמעריקאנער בעצאהלען זייערע גענאנדעטע זעהר גוט. אין אמעריקא וואלגערן זיך דאך גאלד אין דיא גאסען און בריליאנטען וואקסען אויף דיא פעלדער, וויא ביי אונז שוועמלעך.

דער ארגענטינישע גענאנדעטע האט געמאכט זעהר א זויערע מינע ביי טשארבאדזשאגלא'ס לעצטע ווערטער. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין אמעריקא וואלגערט זיך טאקע גאלד אין דיא גאסען, עס איז אבער אזוי שווער עס אויפצוהויבען, אז ניט איינער האט שוין געבראכען דעם קאפ עס אויפצוהייבענדיג.

דער אלטער טשארבאדזשאגלא האט זיך צורעדט און האט ניט געוואלט אויפהערן.

— איך האב אויך דיא עהרע צו קענען דיין ליעבע פרוי, האט ער ווייטער געשניטען. איך וויים ניט, וויא זיא הייסט יעצט. אמאל האט זיא געהייסען פעאדארא און איז געווען זעהר ליעבענסווירדיג. איך האב אמאל געמאכט מיט איהר געשעפטען, ווען זיא האט געקויפט א ווילא (דאטשא) ביי דעם באנקיר יאגאדקין. אך! דער ארימער יאגאדקין! ווייסט איהר וועניגסטענס, אז ער איז געשטארבען אין האספיטאל אין דער גרעסטער נויט?

פעאדארא איז געווארען רויט וויא פייער, איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו ברענען, וויא אין דיא אלטע יאהרען. אייניגע מינוט איז זיא געזעסען אויף איהר שטוהל, וויא פערשטיינערט. פלוצלונג האט זיא זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען נאהענט צום אלטען גרעק.

— הער נור, מענש! האט זיא איהם געזאגט שארף. דוא דראהעסט, אז דוא וועסט אויסזאגען, ווער מיר זיינען. דוא וועסט מיט אונז גאר ניט מאכען. דוא וועסט זיך נור אליין שאדען. מיין מאן וועט בעקומען אנאנדערע בעסערע שטעלע אין אנאנדער לאנד און דוא וועסט בלייבען א בעטלער, וויא דוא ביסט. מאך ניט פיעל רעד, נעהם, וויפיעל מען גיט דיר און פאהר דיר ערגעץ אוועק. ווען דוא קענסט מיך, דארפסט דוא דאך וויסען, אז איך האב ניט ליעב צו שפאסען.

— איך וויל צעהן טויזענד, האט טשארבאדזשאגלא געזאגט ענטשלאסען. וועניגער וועל איך ניט נעהמען א קאפיקע.

— מיר האבען יעצט ניט אזא סומע געלד, האט איהם פעאדארא געזאגט. קום אין דריי טאג ארום, וועלען מיר אנגרייטען, וויפיעל מיר וועלען קענען צונויפנעהמען, אדער בעשטים דוא אן ארט, וואוהין מיר זאלען דיר ברענגען דאס געלד. מיר וועלען שוין דורכקומען. געה נור יעצט דיין וועג. מיר וועלען אונז שוין זעהן.

— דריי טאג איז צופיעל פאר מיר, איך קען אזוי פיעל ניטווארטען. איך וויים דאך, אז איך וועל קומען, וועלען אייערע דיענער ניט וועלען מיך אריינלאזען צו אייך אין שטוב. גיב מיר יעצט דאס געלד און איך וועל מיר געהן.

— יעצט האבען מיר געראדע ניט אזוי פיעל געלד, האט פעאדארא געענטפערט פעסט.

— נו, וועל איך מוזען געהן דערצעהלען, אז דיא בעקאנטע פעאדארא באיאנאוו-

סקי, וועלכע האט פערשיקט איהר מאן קיין סיביר, וועלכע האט זיך מיט איהם ניט געשיעדען און האט געהייראטהעט מיין נעפען איז יעצט געווארען מאדאם דע ראזאס, דיא פרוי פון׳ם געזאנדטען פון ארגענטיניען. —

— גענוג! האט א געשריי געטהאן דער געזאנדטעטער. איך קען עס מעהר ניט אויסהאלטען. ארויס פון מיין שטוב, דוא הונד!

איידער פעאדארא האט נאך צייט געהאט צו צוגעהן צו איהר מאן און איהם איינהאלטען, האט דער געזאנדעטער אנגעהאפט זיין אנקעל ביים קראגען, האט איהם צוגעשלעפט צו דער טהיר, האט געעפענט דיא טהיר און צוגערופען א דיענער.

— ווארף ארויס, דעם אלטען פעררייקטען! האט ער א געשריי געטהאן און דער שוים האט איהם געשפריצט פון מויל.

דער דיענער האט אנגעהאפט דעם אלטען מאן און האט איהם געשלעפט אין דרויסען.

— ווארט! האט געשריען טשארבאדזשאגלא. מיר וועלען זיך נאך זעהן. מיר וועלען נאך רעדען! מיר וועלען זיך נאך אפרעכענען! איך וועל דיר ווייזען, ווער איך בין! איך וועל צו טראגען איבער גאנץ פעטערבורג, ווער....

— ווארף איהם ארויס! האט געשריען דער געזאנדעטער ניט מיט זיין קול. רופט צו א גאראדאוואי, הייסט איהם ארעסטירען.

דיא דיענער האבען זיך ארויפגעווארפען אויפ׳ן אלטען, האבען איהם ארויסגע־שלעפט פון הויז און אראפגעווארפען פון דיא טרעפ.

— וואס האסט דוא געטהאן, פעדרא? האט פעאדארא געזאגט צו איהר מאן, ווען ער האט זיך אביסעל בערוהיגט מיר וועלען יעצט מוזען אוועקפאהרען פון דאנען, אנטלויפען. דער אלטער גרעק וועט אונז מאכען צו שאנדע אין שפאט.

דער געזאנדעטער האט געשוויעגען. ער איז געוועזן אזוי אויפגערעגט, אז ער האט ניט געקענט קיין ווארט אויסרעדען. פעאדארא האט איהם אנגעהויבען צו עסען, וויא א ווארים, וועלכער קלעפט זיך צו צו א בלאט און נוגט איהם אויס.

— איך האב דיך שוין לאנג געבעטען, מיר זאלען אוועקפאהרען ערגעץ אנדערש וואו. דוא קענסט זעהר לייכט דיר אויסבעטען ביי דער רעגיערונג אנאנדער שטעלע. דוא האסט מיך ניט געוואלט הערן. יעצט וועלען מיר מוזען אנטלויפען. ווידער אנטלויפען, ווידער אנהויבען א נייעס לעבען, ווידער זיך ארומוואלגערן אין פרעמדע לענדער. אך, פעדרא! מען ווערט עלטער. עס איז שוין ניט אזוי לייכט זיך צו עפעס צו צושלאגען, וויא אמאל. איין מאל האט אונז געטראפען א גליק אין פאריז מיט׳ן פירסט דע מארני, וועלכער האט זיך אין מיר פערליעבט. ניט אלע מאל אבער טרעפט זיך אזא גליק. איבערלעג וואס האסט דוא יעצט געטהאן?

— וואס ווילסט דוא פון מיר האבען? האט ענדליך פעדרא אויסגערופען. וואס דען האב איך מיט איהם געקענט טהאן? מיינסט דוא, אז ער וואלט זיך בעגנינגט מיט צעהן טויזענד רובעל? ער וואלט יעדעס מאל געקומען צו אונז און וואלט אונז יעדעס מאל געמאכט א סקאנדאל. ניין! בעסער אזוי. ער וועט וויסען, אז איך הער איהם ניט און וועט אונז לאזען צו רוה.

— צו רוה וועט ער אונז לאזען? האט פעאדארא געלאכט. איך קען דיין ליעבען אנקעל, ער וועט דיך שוין ניט לאזען צו רוה. ער וועט האלטעןווארט. ער וועט אנ־מאכען א סקאנדאל.

— איך וועל איהם ניט דערלאזען דערצו, האט פעדרא געזאגט. איך וועל בעטען מיין פריינד, דעם אבער־פאליצמייסטער אשינאוו, ער זאל איהם ארעסטירען. איידער צו געבען דעם אלטען הונד צעהן טויזענד רובעל, וועל איך בעסער פערשפּיעלען צו אשינאוו'ן אין קארטען א פּאר טויזענד רובעל.

— איהם וועסט דוא הייסען ארעסטירען און מיט'ן אנדערן וואס וועסט דוא טהאן?

— דוא מיינסט באיאנאווסקי? פאר דעם האב גאר קיין מורא ניט. דער מוז שווייגען. דער האט פאר דיר מורא. פאר דעם בין איך זיכער.

פעאדארא האט ניט געענטפערט. זיא האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען צו זיך אין צימער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין איינינע טעג ארום איז דער געזאנדטער פון ארגענטיניען און זיד־אמעריקא געפאהרען אין זיין רייכער און שעהנער קארעטע צו דער פריוואט וואינונג פון'ם פעטערבורגער אבער־פאליצמייסטער. ווען דיא קארעטע איז צוגעפאהרען צו דער טהיר, איז א לאקיי אראפּגעשפּרונגען און האט אנגעקלונגען. דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער לאקיי האט געמעלדעט גאנץ שטאלץ דעם געזאנדטען. אשינאוו האט געהייסען איהם באלד אריינפיהרען און איז איהם אליין ענטגעגען געגאנגען.

— וואס מאכט איהר, מיין ליעבער געזאנדטער? האט ער איהם געפרעגט און האט איהם געגעבען דיא האנד. וואס מאכט אייער ליעבענסווירדיגע פרוי? פאר וואס איז זיא געסטערן ניט געוועזען ביי אונז?

— מיין פרוי פיהלט זיך עפּעס ניט גוט, האט דער געזאנדטער געענטפערט.

אשינאוו האט אריינגעפיהרט זיין גאסט צו זיך אין קאבינעט און האט איהם געבעטען זיצען.

— האט איהר אויסגעפאלגט מיין ביטע? האט דער געזאנדטער געפרעגט.

— אייער ביטע? איך האב שוין גאר פערגעסען, וואס איהר האט מיך געבעטען. איהר ווייסט דאך, איך בין היינט אזוי בעשעפטיגט. דער קייסער איז צוריקגעקומען פון ליוואדיא און איך האב יעצט זעהר פיעל צו טהאן. איך מוז איהם געבען א גענויען בעריכט פון אלעמען, וואס איז פארגעקומען אין פעטערבורג דיא גאנצע צייט, וואס ער איז ניט היע געוועזען. איך האב דאהער גאר פערגעסען, וואס איהר האט מיך גע־בעטען.

— איך האב אייך געבעטען, איהר זאלט ארעסטירען דעם גרעק טשארבאדזשאגלא, וועלכער האט אמאל געהאט א טשאינאיע אויף דער אפיצערסקאיא שטראסע.

— אה, יא! אייער ביטע איז ערפילט. טשארבאדזשאגלא איז שוין זייט צוויי טאג אין דער פאליציי.

דער געזאנדעטער פון ארגענטיניען איז געווארען פרעהליכער. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויעזען א שמייכעל.

— איך דאנק אייך, מיין ליעבער אשינאוו, פאר דיעזע געפעליגקייט, האט ער געזאגט צום אבער־פאָליצמייסטער.

— עס טהוט מיר לייד, האט אשינאוו געזאגט לאנגזאם, אייך מיטצוטהיילען א טרויעריגע נאכריכט, איך מוז עס אבער טהאן. איך האב אייך צוליעב געטהאן און האב דעם אלטען ארעטירט. ער מאכט מיר אבער זעהר פיעל אונאננעהמליכקייטען. ער האלט אין איין שרייען, אז ער איז אייער אָנקעל און אז איהר זייט גאר קיין שפּאניער ניט. זאָנדערן א רוסישער גרעק און הייסט פיאָדאָר יערמאָלאָוו....

דער ארגענטינישער געזאָנדעטער איז בלייך געוואָרען. ער האט אבער באלד געפאסט מוטה.

— דיעזער מענש איז וואהנזיניג. איך קען איהם ניט און וויים איהם ניט. ער האט זיך איינגערעדט, אז ער איז מיינער א פערוואַנדעטער. ער איז מיך שוין צוויי מאל אנגעפאלען אויף דער גאס. איך מוז פון איהם לויז ווערן. דאס איז דיא אורזאכע, ווארום איך האב אייך געבעטען, אז איהר זאָלט איהם ארעטירען.

— ליעבער געזאנדעטער, האט אשינאוו געזאגט ערנסט. איך האב אנפאנגס איהם אויך געהאלטען פאר א וואהנזיניגען. ער האט מיר אבער דערצעהלט זאכען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג פאר מיר אלס שעף פון דער געהיים־פאָליציי.

— וואס געהט עס מיך אן, וואס דער אלטער גרעק האט אייך דערצעהלט? האט דער געזאָנדעטער געזאגט און האט זיך געצוואונגען צו שמייכלען. איך בין אן אמעריקאנער און מיך קימערן ווייניג דיא געהיימניסע פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי.

— דאס איז עבען דאס שלעכטעסטע אין דיעזען פאל, הערר געזאנדעטער. איך בין אייער פריינד און וויל געוויס טהאן אלעס מעגליכע אום אייך צו בעשיצען. איך בין אבער אין דערזעלבער צייט שעף פון דער געהיים־פּאָליציי און האב פּפליכטען נעגען מיין גנעדיגען הערר, מיין קייסער. עס זיינען דא פעלע, וואו איך קען גאר ניט העלפען. זיין אן אבער פּאָליצמייסטער איז א שווערע אויפגאבע. אן אבער פּאליצמייסטער אין רוסלאנד טאר קיין מיטלייד ניט האבען ניט מיט זיין פאטער, ניט מיט זיין ברודער, ניט מיט זיין פרוי, ווען עס האנדעלט זיך וועגען זיינע פּפליכטען. דיא געהיים־פּאָליציי איז דער וועכטער פון'ם רוסישען פּאָלק. דער סאָלדאט, וועלכער שטעהט אויף דער וואַך מוז שיעסען אויף יעדען, וועד עס קומט צו.און גיט ניט דאס פּאסוואָרט, דיא פּאראָלע, ער מעג וויסען, אז דאס איז זיין אייגענער פאטער. דאס איז אונזער פּפליכט. זיא איז אמאל זעהר טרויעריג, מיר מוזען אבער טהאן, וואס זיא הייסט אונז.

— איך וויים ניט, צו וואס איהר זאגט מיר דאס אלעס, האט דער געזאָנדעטער געזאגט גאנץ שטיל. ביי מיר איז עס ניט קיין נייעס. איך וויים עס גאנץ גוט, אז דיא פּאָליציי וויים ניט פון רחמנות און פון פריינדשאפט, וויא דיא פּאָליטיק וויים ניט פון רחמנות און פון פריינדשאפט.

— איך וועל עס אייך באלד ערקלערן, מיין ליעבער געזאנדעטער, האט אש־נאוו געזאגט רוהיג. דיעזער וואהנזיניגער טשארבאדזשאגלא האט מיר דערצעהלט פון א

פיאָדאָר יערמאלאָוו, וועלכער איז געווען א ניהיליסט און דערנאך איז ער אריינגעטרעטען אין דער געהיים־פּאָליציי; ער איז אבער בעצייכענט מיט צוויי קרייצען, דאס הייסט, אז ער איז געפעהרליך. ער האט אויסגעזאגט דיא געהיימניסע פון דער פּאָליציי, ער האט אונז אויסגעגעבען צו דיא ניהיליסטען. —

— וואס געהט מיך אן פיאָדאָר יערמאלאָוו? האט דער געזאנדטער געפרעגט.

— עס געהט אייך אן זעהר פיעל. דער וואהנזיניגער טשארבאדזשאגלא זאגט, אז איהר זייט פיאדאר יערמאלאוו.

וויא א דאנערשלאג האבען אשינאָווס לעצטע ווערטער געטראפען דעם ארגענטינישען געזאנדטען. ער איז געוואָרען בלייך, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. אשינאוו האט עס בעמערקט.

— איך גלויב איהם ניט. האט ער געזאגט. ער שרייט אבער, אז ער האט בעווייזע. ער שרייט, אז ער וועט עס מעלדען דעם קייסער. וואס זאל איך טהאן? איך בין טאקע אייער בעסטער פריינד און וואלט זעהר געוואָלט אלעס פערגלעטען און פערדעקען. איך קען עס אבער ניט. מיינע פפליכט דערלאזט מיך ניט — איך בין אבער זיכער, אז איהר מיין ליעבער געזאנדטער, וועט אויסווייזען, אז דער אלטער גרעק איז א ליגנער און א וואהנזיניגער. דאן איז געוויס עטוואס אנדערש; דאן וועט ער געוויס שטרענג בעשטראפט ווערן וואס ער האט פערליימדעט אזא עהרען מאן, וויא דער געזאנדטער פון ארגענטיניען.

— געוויס, געוויס! וועל איך איבערווייזען, אז איך בין אן עכטער אמעריקאנער, האט פעדרא דע ראָזאס געזאגט. מיין רעגיערונג וועט זיך אננעהמען פאר מיר.

— דאס וואלט איך געוואָלט זעהן, האט אשינאוו געענטפערט. איך וואָלט געווען גליקליך, איך זאל קענען פערשיקען דעם אלטען גרעק ערגעץ גאנץ ווייט.

זיי האבען נאך גערעדט איינינע צייט. דאס געשפרעך אבער האט זיך ניט געקלעבט.ביידע מענער האבען געפיהלט, אז זיי האבען ניט פיעל אנגענעהמע זאכען צו זאגען איינער דעם אנדערן. דער געזאנדטער האט באלד אבשיעד גענומען און איז אוועקגעפאהרען. קוים האט ער זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע, האט ער געזאגט צו זיך אליין:

— פעאָדאָרא האט רעכט געהאט, מיר מוזען ווידער אנטלויפען, צום צווייטען מאל אנטלויפען פון רוסלאנד. מיר קענען דא ניט בלייבען. עס וועט ארויסקומען א סקאנדאל, מען קען מיך נאך ארעטירען. מען מוז אנטלויפען. אבער וואוהין? וואס ווילען מיר טהאן אין פרעמדע לענדער? פעאדארא ווערט שוואך, זיא הויבט אן קראנק צו ווערן. וואס וועט זיין דאס ענדע פון אונז?

ער איז געקומען א היים טרויעריג און פערטראכט. פעאדארא האט עס באלד בעמערקט. זיא האט אייגעזעהן, אז עס איז פארגעקומען עטוואס שרעקליכעס. זיא האט איהם גאר ניט געוואָלט פרעגען. זיא האט שוין אליין געוואוסט אלעס.

— מיר מוזען אוועקפאהרען פון פעטערבורג, מיין ליעבע פעאדארא, האט ער קוים ארויסגערעדט.

— איך ווייס עס, האט זיא געענטפערט רוהיג. איך האב שוין לאנג געוואוסט.

איך בין פֿאַרבערייטעט דערצו. פאהרען מוזען מיר. עס איז שוין קיין צייט ניטא צו שרייבען קיין ארגענטיניען און צו בעטען, אז מען זאל דיר געבען אן אנדער שטעלע. מיר מוזען דאהער נעהמען אונזערע פעסער ביים מיניסטער דעם אויסערן און אוועק־פאהרען דערווייל אויף א לוסטרייזע. דוא וועסט זאגען, אז איך בין קראַנק און פאהר אין דיא בעדער מיך קורירען. פון פאריז וועסט דוא אנשרייבען א בריעף צו דער ארגענטינישען רעגיערונג, אז דוא בעטסט, מען זאל דיר געבען אנאנדערע שטעלע.

— מען וועט דאך אבער שרייבען פון פעטערבורג, ווער איך בין און פארוואס איך בין אוועקגעפאהרען, האט יערמאָלאוו געזאגט.

— דאס איז געוויס זעהר טרויעריג. מיר קענען אבער בעססער ניט מאכען, האט פעאדארא געזאגט און האט ארויסגעלאזען א געוויין.

— אנטלויפען! ווידער אנטלויפען! מאכען א רייזע ארום דיא וועלט!

100טעם קאפּיטעל.

## האָף אינטריגען.

דער קייסער איז צוריקגעקומען פון ליוואדיא, וואו ער האט געהייראַטהעט זיין געליעבטע, דיא פירסטין דאָלגאָרוקאיא. עס איז געווען זומער און ער וואָלט געוויס געוועזן לענגער פערבראַכט אין דעם שעהנעם לאַנד קרים, אין דיעזען פאראדיז (גן עדן) וועלכען זיין גראָססמוטער, עקאטערינא II, האט אפּגענומען פון'ם טערק. עס זיינען אבער פאָרגעקומען אין פעטערבורג אזעלכע וויכטיגע נייעס, אז ער האט געמוזט קומען אהיים. דיא בעציעהונגען פון רוסלאנד צו אנדערע לענדער און דיא בעוועגונג פון דיא ניהיליסטען און רעוואָלוציאָנערן אין אנדערע לענדער צוזאמען מיט דיא ניהיליסטען פון רוסלאנד ווענען מיר בעשרייבען אין צווייטען טהייל פון אונזערע ערצעהלונג אונטער דעם טיטול: „רוסלאנד און אייראפּא". דערווייל דערצעהלען מיר נור, וואס איז פאָר־געקומען אין רוסלאנד אליין אין דער צייט פון אלעקסאנדער דעם צווייטען.

ניט מיט א פרעהליכען הארצען איז ער צוריקגעקומען קיין פעטערבורג. ווען ער איז אוועקגעפאהרען, האט ער איבערגעגעבען אלע געשעפטען פון דער רעגיערונג דעם גענעראל לאָריס מעליקאָוו און האט געהאָפט, אז ער וועט אייגפיהרען אין רוסלאנד א בעסערע אָרדנונג און וועט זעהן צו בערוהיגען דאס לאַנד. דער קייסער האט איהם אנגעוויעזען אויף אייניגע מיניסטארען און העכערע בעאמטע, וועלכע ער זאל פארזיכטיג און לאנגזאם דערווייטערן פון זייערע שטעלען. לאָריס מעליקאָוו אבער איז געווען צו שוואך פאר זיין אויפגאבע. מען האט איהם אנגעטהאן א צו לאַנגען מאנטעל און ער האט זיך אין איהם פערפּלאָנטעט און איז אומגעפאלען. בעזאָנדערס אונצופריעדען מיט לאָריס מעליקאָוו זיינען געווען דיא גראָספירסטין און דיא מיטגליעדער פון דער קייזערליכער פאמיליע. זיי האבען איהם בעטראַכט אלס פרעמדען, אלס אן אויפגעקומענעם עושר און האבען איהם אנדערש ניט גערופען אלס Parvenu „אן אויפגעקומענער". ווייל ער איז ניט געווען קיין געבאָרענער אריסטאָקראַט.

דיא טרויעריגע געשיכטע מיט'ן מיניסטער דער פאָלקסאויפקלערונג, באראָן ניקאָלאַי האט געמאכט אויפ'ן קייסער א שטאַרקען איינדרוק.

— מען דערצעהלט מיר פון מיין זיידען, פעטער דעם גרויסען, פון מיין גראָס־מוטער עקאטערינא II, האט ער געזאגט, ווען ער האט דערהערט דיא געשיכטע פון באראן ניקאָלאַאי. זיי זיינען געווען גרויס און מעכטיג, זיי האבען רעגיערט רוסלאנד מיט אַן אייזערנער האנד; זיי האבען רוסלאנד גרויס געמאכט. דאס איז וואהר. — זיי האבען אבער געהאט לעבען זיך מענשען מיט קעפּ, מענשען מיט פערשטאנד, וועלכע האבען אלעס געטהאן פון זייערט וועגען. זיי האבען געהאט לעבען זיך גוטע גענעראלען און קלוגע מיניסטאָרען. זיי איז געווען לייכט צו רעגיערען. איך האב ארום מיר קיינעם ניט. מיינע גענעראלען, מיינע מיניסטאָרען, מיינע געהיימע ראטה געבער זיינען ניט אים שטאנד אדער ווילען ניט אויספיהרען דיא אויפגאבע, וואס זיי האבען אויף זיך גענומען. מיט קליינע מענשעלעך איז שווער צו פיהרען א גרויס לאנד. דאס קליינע פּרייסען האט געקענט ווערן גרויס, ווייל עס האט א גרויסען מיניסטער, ביסמארק. דאס גרויסע רוסלאנד אבער פערליערט איהר אנזעהן און איהר שטאָלץ אין אייראפּא, ווייל איך האב ניט קיינעם, ווער עס זאל מיר העלפען טראגען דיא שווערע לאַסט פון דער רעגיערונג.

דיעזע טרויעריגע געדאנקען האבען איהם בעשעפטיגט דיא גאנצע צייט פון זיין רייזע פון ליוואדיא קיין פּעטערבערג.

מען האט איהם אויפגענומען, ווען ער איז אנגעקומען, מיט דעמזעלבען פּאראד און מיט דיעזעלבע צערעמאָניען, וויא ביז אהער. דיא שטאדט איז געווען פערציערט מיט פלאַגען. דאס מיליטער איז איהם ענטגעגען געגאנגען און האט איהם בעגריסט מיט מוזיק. דאס פאָלק האט געשריען: הורראה! און האט זיך געדרענגט אין אלע גאַסען איהם צו זעהן, איהם צו בעגריסען.

— דאס איז אלעס פאלש, אלעס בעטרוג, האט ער זיך געטראכט. לאז מארגען ארויף אנאנדערער אויפ'ן טראהן, וועט מען איהם אויך שרייען הורראה און מען וועט איהם אויך אזוי בעגריסען.

פּעטערבורג איז ווירקליך דאמאלס געווען געגליכען צו א וואולקאן, א פייער־שפּייענדען בארג. ער איז דאכט זיך גאנץ שטיל, גאנץ רוהיג. עס וואקסט אויף איהם גראז, קיה און שאף געהן ארום און פאסען זיך, רייזענדע פאהרען ארום איהם בע־טראכטען. אינעווייניג אבער קאכט עס און ארבייטעט. באלד וועט ער אויסברעכען. עס וועט זיך ווייזען א פייער, וועלכעס וועט ווערן אלץ גרעסער און גרעסער און וועט פערגיעסען מיט זיינע ברענענדיגע פלאמען דיא גאנצע געגענד.

דעם אנדערן טאג נאך זיין אנקומען האט ער געשיקט רופען זיינע מיניסטארען און אלע הויכע בעאמטע אום צו הערן זייערע בעריכטע איבער אלעס, וואס איז אין דער לעצטער צייט פארגעקומען.

עס איז אום עלף אוהר אין דער פריה. אין דעם פּאָרצימער פון דעם אוידיענץ זאל זיצען אייניגע גענעראלען און מיניסטארען און רעדען צווישען זיך. זיי ווארטען, אז דער קייסער זאל געבען א צייכען, אז ער וויל זיי עמפּפאנגען.

— ווייסט איהר ניט, ווער איז ערנאנט אלס וויצע־קעניג (נאמיעסטניק) אויפ'ן קאווקאז? האט גראף טאָלסטאָי געפרעגט דעם פּרינץ וויטגענשטיין?

— וויא איך האב געהערט, וועט מעהר קיין וויצע־קעניג אהין ניט געשיקט ווערן, האט דער פּרינץ וויטגענשטיין געענטפערט. מען וועט שיקען אויפ'ן קאווקאז א גענעראל־גובערנאטאָר, וויא אין אלע אנדערע פּראָווינצען.

— וועלען אבער דיא פעלקער פון'ם קאווקאז דערמיט צופריעדען זיין? ביז אהער האבען זיי נאך געהאט איינינע פּריווילעגיען. עס האט נאך אלץ געהייסען, אז דער קאווקאז איז א בעזונדער לאנד און האט אן אייגענעם פירסטען, אן אייגענעם וויצע־קעניג. ווען זיי האבען עפּעס געדארפט, האבען זיי זיך געהאט צו וועמען צו ווענדען. זיי האבען ניט גענדארפט אנקומען קיין פּעטערבורג. דער גראָספירסט מיכאאיל איז געווען זעלבסטשטענדיג. יעצט אבער, ווען מען וועט אהין שיקען א גענעראל־גובער־נאטאָר, הייסט עס דאך, אז זיי זיינען ניט מעהר וויא רוסישע גובערניעס. דערמיט פערליערן זיי אלע זייערע רעכטע און פּריווילעגיען. פאר יעדע קלייניגקייט מוזען זיי אנקומען צום מיניסטער אדער צום קייסער. דאס קען זיי אויפרעגען. דיא קאווקאזער פעלקער זיינען אזיאטען, האלב ווילדע. זיי ווען זיך ניט לאזען אזוי גיך בויגען, וויא דער רוסישער מוזשיק. דיא לעזגינער, דיא מינגרעליער, דיא טשערקעסען און דיא אנ־דערע בעוואינער פון דיא בערג זיינען אונרוהיגע מענשען, מען קען פון זיי ערווארטען אן אויפשטאנד, א רעוואָלוציאָן.

— געוויס, מוז מען שיקען אויפ'ן קאווקאז א פעהיגען מענשען, וועלכער זאל וויסען, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט דיא האלב ווילדע אזיאטען, האט דער פּרינץ וויט־גענשטיין געזאגט לאנגזאם.

— אלזא, וועמען רעכענט מען אהין צו שיקען? האט גראף טאָלסטאָי געפרעגט.

— איך וויים ניט פאר געוויס. דער ארמעניער, לאָרים מעליקאָוו, איז א שוויי־נער. ביי איהם איז שווער עפּעס צו וויסען. מען זאגט אבער, אז איינער פון דיא צוויי וועט ערנאנט ווערן אלם גענעראל־גובערנאטאָר פון קאווקאז: גענעראל דרענטעלן אדער דער פירסט דאָנדוקאָוו־קאָרסאקאָוו.

— גענעראל דרענטעלן? האט גראף טאָלסטאָי געפרעגט פערוואונדערט. דער פּאסט ניט אהין. דער איז א סאָלדאט, אבער קיין אדמיניסטראטאר. ער קען קאָמאנ־דירען א קאָרפּוס סאָלדאטען, אבער ניט רעגיערען אזא לאנד, וויא דער קאווקאז. מען מוז קענען רעגיערען אזא לאנד. דיא פעלקער פון'ם קאווקאז זיינען ניט קיין סאָלדאטען. מיט זיי קען מען ניט קאָמאנדירען: נא פּראַווא! נא לעוואָ! רעכטס! לינקס!

— מיר וועלען עס היינט וויסען אויף געוויס, האט דער פּרינץ געענטפערט. היינט וועט דער קייסער אונטערשרייבען דעם אוקאז, ווער עס זאל זיין גענעראל־גובער־נאטאָר. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען לאָרים מעליקאָוו אין צימער. ער איז צוגעקו־מען צום טיש פערשרייבען זיין נאמען, וויא עס איז געווען איינגעפיהרט ביי אלכסנדר דעם צווייטען. ווען ער האט גענומען דיא פעדער און האט זיך איינגעבויגען אויפ'ן טיש אום צו שרייבען, האט ער געהערט, וויא איינער האט געזאגט גאנץ שטיל: פּארוועניו Parvenu. (אויפגעקומענער).—דיא פעדער האט גאנץ לייכט א ציטער געטהאן אין זיין האנד. ער האט זיך אבער ניט אומגעקוקט און האט האסטיג איינגעשריעבען זיין

נאמען. דער דזשורני גענעראל האט באלד אנגעשריעבען זיין נאמען אויף דער ליסטע, וואס ער האט אנגעגרייט צו דערלאנגען דעם קייסער.

לאריס מעליקאוו האט זיך אניעדער געזעצט אויף איינעם פון דיא ווייכע שטוה־לען, וועלכע שטעהן אין פארצימער. ביז אהער האבען אלע גערעדט שטילערהייט צווישען זיך. קוים אבער האט זיך לאריס מעליקאוו אניעדער געזעצט, זיינען אלע געווארען שטיל. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט. יעדער האט זיך געפיהלט אונאנגענעהם און געצוואונגען. לאריס מעליקאוו האט געווארפען א שנעלען בליק אויף אלע אנוועזענדע, האט צו איינינע א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ און האט זיך ניט אומגעקוקט, אויב מען ענטפערט איהם. ער האט אראפגעלאזען דיא אויגען און האט זיך פערטראכט. באלד איז אנגעקומען דער גראספירסט מיכאאיל. ער איז אריינגעקומען שטאלץ מיט׳ן קאפ אין דער הויך. מיט איין בליק האט ער איבערגעזעהן אלע אנוועזענדע אין צימער און איז צוגעגאנגען צום פרינץ וויטגענשטיין.

— וואס מאכט איהר, לודוויג עדווארדאוויטש? האט ער איהם געפרעגט און האט איהם געגעבען דיא האנד.

פרינץ וויטגענשטיין האט איהם עפעס געענטפערט. דער גראספירסט האט זיך דאן געווענדעט צום גראף טאלסטאי און צו איינינע אנדערע און האט יעדען געזאגט א פריינדליכעס ווארט. אויף לאריס מעליקאוו האט ער זיך זאגאר ניט אומגעקוקט. ער איז געשטאנען צו איהם מיט׳ן רוקען און האט גערעדט מיט דיא אנדערע.

דער גראספירסט מיכאאיל האט זיין נאמען ניט פערשריעבען אין דער ליסטע. אלס גראספירסט, אלס ברודער פון׳ם קייסער, האט ער ניט געדארפט דורכמאכען דיעזע צערעמאניע. ער האט געקענט באלד זאגען דעם דזשורני גענעראל, אז ער זאל איהם מעלדען. דער קייסער וואלט איהם געוויס געוועזען אויפגענומען פריהער פון אלעמען, ער איז אבער אומיסטען געשטאנען לענגער אין פארצימער און האט גערעדט מיט איינינע פון דיא אנוועזענדע אום צו ווייזען לאריס מעליקאוו, אז ער פערמארטעט איהם. עס איז פערגאנגען איינינע מינוט. דער גראספירסט האט ענדליך געזאגט צום דזשורני גענעראל:

— איך גלויב, אז זיינע מאיעסטעט וועט מיך באלד עמפפאנגען.

דער דזשורני גענעראל איז אריינגעגאנגען צום קייסער אין קאבינעט און איז באלד ארויסגעקומען. מיט דער קורצער מעלדונג:

— זיינע מאיעסטעט ערווארטעט דעם גראספירסט מיכאאיל.

— דער פארוועניו (אויפגעקומענער) קען ווארטען, האט דער גראספירסט געזאגט צום פרינץ וויטגענשטיין און איז אריינגעגאנגען אין קאבינעט.

לאריס מעליקאוו האט אראפגעלאזען דעם קאפ נאך ניעדעריגער, זיין האנד האט גלייך וויא ניט אומיסטען אנגעחאפט דעם גריף פון זיין שווערד. זיין האנד האט געציטערט, זיינע ליפען זיינען געוועזען בלאס. אין פארצימער האט ווידער געהעררשט א טיעפע שטילקייט, גלייך וויא עס וואלטען דארט געזעסען קיינע לעבעדיגע מענשען, זאנדערן מארמארנע סטאטוען.

דער קייסער איז אונטערדעסען געזעסען אין זיין קאבינעט און האט איבערגעקוקט

דיא פאפיערן און דאקומענטען, וועלכע זיין פּריוואט סעקרעטער האמבורגער האט פאר איהם אנגעגרייט. ער האט ניט געוואלט אויפנעהמען זיינע מיניסטארען און זיינע בעאמטע, ביז ער וועט ניט בעקאנט ווערן מיט אלע נייאיגקייטען, וועלכע זיינען פארגעקומען אין דער גאנצער צייט, וואס ער איז געווען אין ליוואדיא. ווען דער גראָספירסט מיכאאיל איז אריינגעקומען, האט ער אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט איהם געזאגט פריינדליך:

— עס פרייט מיך דיך צו זעהן אין פּעטערבורג, ברודער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם געגעבען דיא האנד.

— וואס הערט זיך עפּעס אויפ׳ן קאווקאז, אין דיעזען שעהנעם לאנד, וועלכעס האט רוסלאנד געקאסט אזוי פיעל מיה, ביז זיא האט עס אפּגענומען? איך האף, אז דארט איז אלעס רוהיג.

— יא, ברודער, דארט איז אלעס רוהיג. דארט זיינען דיא איינוואינער נאך וועניג ציוויליזירט און וויסען נאך ניט פון ניהיליסטען. זיי גיבען אָפּ עהרע זייערע פירסטען און פאלגען דעם וויצע-קעניג, וועלכען אייערע קייזערליכע מאיעסטעט שיקט זיי.

— דאס פרעהט מיך זעהר, האט דער קייסער געזאגט. איך האב דאהער בעשלאסען צו מאכען דעם קאווקאז גלייך מיט דיא אנדערע גובערניעס אין רוסלאנד. איך וויל דארט איינפיהרען דאס אלגעמיינע וועהרפּפליכט (וואָינסקאיא פּאָווינאָסט) פון וועלכע זיי זיינען ביז אהער פריי געוועזן און שיקען אהין א גענעראל-גובערנאטאר, וויא אין דיא אנדערע פּראָווינצען אין רוסלאנד. וואס איז דיינע מיינונג, ברודער? איז שוין צייט צו מאכען דעם קאווקאז, גלייך מיט דיא איבעריגע גובערניעס אין רוסלאנד? קען מען עס טהאן אהן א געפאהר? איך האב דיך אומיסטען געבעטען, דוא זאלסט קומען קיין פּעטערבורג אום מיר צו געבען דיין בעריכט איבער דיעזעס לאנד.

דער גראָספירסט האט זיך אביסעל פערטראכט. ער האט ניט ערווארטעט, אז דער קייסער זאל איהם באלד שטעלען אזא פראגע, וועלכע איז פאר איהם געוועזן אזוי וויכטיג. ער האט זעהר געוואלט בלייבען וויצע-קעניג (נאמיעסטניק) אויפ׳ן קאווקאז, וואו ער האט געקענט טהאן, וואס ער האט געוואלט. קיינער האט ביי איהם קיין רעכנונג ניט געפאדערט, קיינער האט זיך ניט געטארט אריינמישען אין זיינע בעפעהלע. ער איז געווען דארט ניט וויצע-קעניג, זאנדערן פאָלשטענדיגער קעניג.

— ווען דוא פרעגסט מיך מיין מיינונג, ברודער, מוז איך דיר זאגען אלעס, וואס איך וויים פון׳ם קאווקאז און פון זיינע פעלקער.

דיא פערשיעדענע פעלקער פון׳ם קאווקאז, וויא דיא לעזגינער, דיא טשעטשענצען און דיא דאגעסטאנער האבען זיך נאך ניט אין גאנצען בערוהיגט. זיי שווייגען און פאָלגען, וואס מען הייסט זיי, ווייל זיי קענען דיא מאכט פון רוסלאנד. צופריעדען אבער זיינען זיי ניט. דיא רייבערע וואנדערן אויס אין דיא טירקיי אָדער אין פּערזיען. דיא גרענעצען אין יענע געגענדען זיינען נאך ניט גענוי בעשטימט. זיי קענען ניט זיין גוט בעוואכט. אויף דיא בערג אראראט, וועלכע בילדען דיא גרענעץ צווישען רוסלאנד, דיא טירקיי און פּערזיען, קען מען ניט אויסשטעלען א קאָרדאָן סאָלדאטען, וויא אויף דיא גרענעצען צווישען רוסלאנד און עסטערייך, אָדער צווישען רוסלאנד און דייטשלאנד. פון

קיין פאספארט ווילען דיא האלב־ווילדע איינוואינער פון'ם קאווקאז דערווייל נאך אויך ניט וויסען. ווען עס קומט איינעם ארייין אין קאפּ ארויסצופאהרען פון רוסלאנד, קען מען איהם ניט איינהאלטען. עס איז שווער צו זאגען בעשטימט, אבער איך קען עס אננעהמען פאר געוויס, אז אין דער צייט, וואס איך בין געווען נאמיעסטניק זיינען איבער פינף הונדערט טויזענד מאן אויסגעוואנדערט פון'ם קאווקאז אין דער טירקיי און אין פערזיען.

ווען מען וועט יעצט איינפיהרען ביי זיי דיא אלגעמיינע וועהרפפליכט און מען וועט זיי דאן מוזען צווינגען, אז יעדער זאל זיך פערשרייבען און זאל ארויסנעהמען א פאספארט, וועט דאס מאכען אויף זיי א שלעכטען איינדרוק און זיי ווילען אנהויבען ארויסצופאהרען מאסענוויים. מיר וועלען פערליערען דיא בעסטע און דיא פעהיגסטע איינוואינער פון'ם קאווקאז.

— מיר קענען דאך דאס לאנד בעזעצען מיט רוסען? האט דער קייסער געפרעגט. מיר האבען שוין אמאל דאריבער גערעדט און בעשלאסען צו שיקען אויפ'ן קאווקאז רוסישע קאלאניסטען.

— זא פיעל איך וויים, זיינען דיא רוסישע קאלאניען אויפ'ן קאווקאז ניט געלונגען. דיא רוסען קענען זיך ניט געוועהנען צום קלימאט. זיי זיינען ניט געוואינט מיט דיא בערג און קענען דארט ניט בעארבייטען דיא ערד. מייסטענס אנטלויפען זיי צוריק אהיים. עס האלטען זיך נור דיא ראסקאלניקעס און דיא סטאראוויערצעס (געוויסע סעקטען, וועלכע זיינען ניט איינפערשטאנען מיט דער רוסישער רעליגיאן) דאס זיינען מענשען, וועלכע מיר דארפען גיכער האלטען אין רוסלאנד, וואו מען קען אויף זיי מעהר אכטונג געבען אלס אויפ'ן קאווקאז, וואו עס איז אונמעגליך זיי נאכצוגעהן און זעהן, וואס זיי טהוען דארט ביי זיך אין דיא קאלאניען. מייסטענס זיינען זיי ניט צופריעדען מיט רוסלאנד, ווייל מען פערפאלגט זיי פאר זייער רעליגיאן, און ווען זיי לערנען זיך אוים דיא שפראכע פון דיא פעלקער ארום, פעראייניגען זיי זיך מיט דיא פיינד פון רוסלאנד.

דיא איינציגע גוטע קאלאניסטען, וועלכע פערשטעהן צו בעארבייטען דאס לאנד און קענען זיך געוועהנען צו יעדער קלימאט, זיינען דיא דייטשען. זיי וואלטען געקענט ווערן ניצליכע קאלאניסטען און וואלטען געבראכט זעהר פיעל נוצען דעם קאווקאז, ווען זיי זאלען ניט אין זינען האבען זייער „ליעב פאטערלאנד". זיי וועלען קיין מאל ניט ווערן קיין טרייע אונטערטהאנען פון רוסלאנד. זיי וועלען שטענדיג דענקען פון זייער היים און בעטראכטען רוסלאנד פאר א שטיעפמוטער.

מיינע מיינונג איז דאהער, אז דערווייל זאל נאך אלעס בלייבען ביים אלטען, ביז דיא פעלקער פון'ם קאווקאז וועלען מעהר געוואינט ווערן מיט רוסלאנד און זייער אלטער האס געגען אונז וועט זיך אביסעל אפקיהלען. מיט'ן קאווקאז מוז מען נאך ארומגעהן, וויא מיט א ווייך איי. מען מוז עס האלטען גאנץ לייכט אין דיא הענד.

דער קייסער האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם ער האט פערשטאנען, אז דער גראספירסט האט ניט גאנץ אונרעכט.

— איך דאנק דיר, ברודער, פאר דיינע מיינונג, האט ער איהם געזאגט. עס איז

זעהר א וויכטיגע פראגע, וועלכע מען קען ניט אזוי לייכט בעאנטווארטען. מיר וועלען נאך רעדען דאריבער. עס האט נאך צייט.

זיי האבען נאך גערעדט איינינע מינוט איבער גלייכגילטיגע זאכען. דער גראָס־פירסט האט געזעהן, אז זיין ברודער ווערט אונגעדולדיג. ער האט פון איהם אבשיעד גענומען און איז ארויסגעגאנגען ניט דורכ'ן פּארצימער, וואו עס זיינען געזעסען דיא גענעראלען און דיא מיניסטאָרען, זאנדערן דורך אנאנדער טהיר. וועלכע איז געווען בעשטימט נור פאר דיא מיטגליעדער פון דער קייזערליכער פאמיליע.

— ער וועט מיך ניט פאלגען, האט ער געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז ארויס געגאנגען אין קארידאר. ער וועט מיך ניט שיקען צוריק אויפ'ן קאווקאז. ער וועט שיקען אהין איינעם פון זיינע ווילדע קאזאקען און רוסלאנד וועט נאך פערליערען איינע פון זיינע בעסטע פּראָווינצען. וויא עס ווייזט אויס, זוכט דער אַרמעניער צו ווערן גענעראל גובערנאטאר אדער נאמיעסטניק אויפ'ן קאווקאז: ער איז אליין א קאווקאזער און זאגט, אז ער שטאמט אָפּ פון אן אמאליגען קעניג. מיר וועלען אבער זעהן. איך וועל עס ניט דערלאזען.

אונטערדעסען איז דער קייסער אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל, איז ארומגעגאנגען א פּאָר מאל אין צימער הין און צוריק, דאן האט ער א קוועטש געטהאן א קנעפּעל אין זיין שרייב־טיש. דער דעזשורני גענעראל איז אריינגעקומען.

— האסט דוא פערטיג דיא ליסטע פון דיא העררען, וועלכע האבען זיך געמעלדעט צור אוידיענץ?

דער גענעראל האט זיך פערנייגט און האָט איהם דערלאנגט דיא ליסטע. דער קייסער איז זיא דורכגעלאפען מיט דיא אויגען.

— לאָריס־מעליקאוו! האט ער געזאגט.

דער גענעראל איז פערשוואונדען און אין א מינוט ארום איז לאריס מעליקאוו אריינגעקומען אין קאבינעט. ער איז געווען רוהיג און האט זיך טיעף פערנייגט, ווען ער איז אריינגעקומען.

דער קייסער האט איהם א ווינק געטהאן, ער זאל זיך זעצען אויף א שטוהל לעבען זיין שרייב־טיש.

— נו, וואס וועט איהר אונז דערצעהלען, מיין ליעבער מיניסטער? האט זיך דער קייסער צו איהם געווענדעט. איך האָף, אז אלעס איז רוהיג און אין גוטער ארדנונג.

— דיא וויכטיגסטע נייעס, וועלכע זיינען פּאָרגעקומען, האב איך שוין געהאט דא עהרע צו מעלדען אייער קייזערליכע מאיעסטעט דורך קוריערע, האט דער מיניסטער גענטפערט.

— אלזא, האט איהר מיר גאר ניט צו בעריכטען?

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט געזאגט לאָריס מעליקאוו און האט זיך אויפ־געהויבען פון זיין שטוהל. איך בין געקומען אניעדער לעגען מיין אמט פאר דיא פיס פון אייער קייזערליכע מאיעסטעט. איך בין צו יעדער צייט בערייט צו אפּפערן מיין לעבען פאר רוסלאנד און פאר אייער קייזערליכע מאיעסטעט, אבער נור אלס סאלדאט אויפ־

שלאכט־פעלד. אלס האפמענש, אלס מיניסטער פיהל איך מיך צו שוואך.

דער קייסער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט עס ניט ערווארטעט, אז לאריס מעליקאוו, וועלכען ער האט אנפערטרויט דיא העכסטע מאכט אין רוסלאנד, זאל זיך פלוצלונג אליין אפזאגען. אין רוסלאנד איז מען געוואינט, אז מען זאל הייסען איינעם זיך אפזאגען, ניט ער זאל זיך אליין אפזאגען. אלכסנדר II איז עס פארגעקומען רעכט זאנדערבאר, וואס איידער לאריס מעליקאוו האט איהם נאך עפעס בעריכטעט, בעט ער שוין, אז ער זאל איהם בעפרייען פון זיין אמט.

— וואס איז נייעס, מיין ליעבער מיניסטער? האט ער איהם געפרעגט. זייט איהר שוין מיעד? אזוי גיך?

— איך בין ניט מיעד, איך פיהל נאך אין מיר קראפט גענוג צו דיענען אייער קייזערליכע מאיעסטעט, אבער ניט אלס מיניסטער.

— און אייערע פלאנען? אייערע פראיעקטע? איהר האט דאך מיר פארגעשטעלט א גאנץ נייען פלאן וויא צו רעגיערען רוסלאנד. ווילט איהר אלעס איבערלאזען ניט געענדיגט?

— איך האב מיינע פלאנען און פראיעקטע אנגעשריעבען אויף פאפיער. איך גיב עס יעצט איבער אין דיא הענד פון אייער קייזערליכע מאיעסטעט. עס וועלען זיך געפינען פעהיגערע מענשען פון מיר, וועלבע וועלען זיי ענדיגען און אויספיהרען. —

אין דיזע מינוט האט זיך געוויזען אויף דער טהיר דעם קייסערס לייב־דיענער.

דער קייסער האט איהם בעמערקט און געפרעגט, וואס ער דארף?

— דער גראספירסט קאנסטאנטין האט געבעטען, איך זאל איהם מעלדען.

דער גראספירסט איז אנגעקומען דורכ'ן קארידאר, וועלכער איז בעשטימט נור פאר דיא קייזערליכע פאמיליע. ער איז ניט דורכגעגאנגען דאס פארצימער פון דער אודיענץ זאל און האט זיך געלאזט מעלדען דורכ'ן קייסערס, לייב־דיענער, ניט דורכ'ן דעזשורני־גענעראל.

ביי דיא ווערטער, דער גראספירסט קאנסטאנטין, איז דער קייסער פרעהליכער געווארען. ער האט איהם מעהר ליעב געהאט פון אלע זיינע ברידער און האט געוואוסט, אז ער איז איהם זעהר ערגעבען. ער האט דאהער א ווינק געטהאן זיין לייב־דיענער, אז ער זאל איהם אריינפיהרען. דאן האט ער זיך געווענדעט צו לאריס מעליקאוו.

— פאהרט א היים, מיין ליעבער מיניסטער. מיר וועלען נאך דאריבער רעדען. עס איז מיר אונאנגענעהם אייך צו ענטלאסען. איהר זייט שטענדיג געווען א טרייער און ערגעבענער דיענער.

ער האט איהם געגעבען דיא האנד. לאריס מעליקאוו האט זיא א קוש געטהאן, האט זיך טיעף פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען מיט'ן געזיכט צום קייסער און מיט'ן רוקען צו דער טהיר. ער איז דורכגעגאנגען דאס פארצימער און האט זיך לייכט פערנייגט פאר אייניגע הערר'ן, וועלכע זיינען דארט געזעסען און געווארט, ביז דער קייסער וועט זיי שיקען רופען. ווען ער איז צוגעקומען צו דער טהיר, וואס פיהרט אין דרויסען, האט ער ווידער געהערט דאס ווארט „פארוועניו", אויפגעקומענער.

דער דיענער האט אריינגעפיהרט דעם גראספירסט קאנסטאנטין. דער קייסער

איז איהם ענטגעגען געגאנגען, האט איהם דערלאנגט דיא האנד און האט אויסגע־
רופען פריידיג:

— וואס מאכסט דוא, ברודער? פון דיר האב איך דיא גאנצע צייט גאר ניט
געהערט.

— עס איז ניט געווען וואס צו הערן. איך פיהל מיך אין דער לעצטער צייט זעהר
שוואך און מיעד.

— און וואס מאכט וויערא? איך האב געהערט, אז זיא איז קראנק געווען?

— יא, ברודער, זיא האט איבערגעליטען א שווערע קראנקהייט. זיא איז אָבער
שוין פאָלקאָמען געזונד.

— האסט דוא מיט איהר גערעדט וועגען איהרע פערלאבונג מיט'ן דייטשען
קראָנפרינץ? דוא ווייסט דאך, אז דאס איז ביי מיר זעהר א וויכטיגער פונקט. אין
היינטיגע שווערע צייטען איז דייטשלאנד אונזער איינציגע שטיצע און איך וואלט זעהר
געוואלט, אז דיא פערלאבונג זאל געשעהן, וויא צום גיכסטען.

— איך האב מיט איהר גערעדט דערפון, האט דער גראספירסט קאנסטאנטין
געזאגט טרויעריג. ליידער, וויל זיא דערפון ניט וויסען. זיא זאגט, אז זיא איז נאך יונג
און וועט הייראטהען נור דעם מאן, וואס זיא וועט ליעבען. זיא איז זעהר הארטנעקיג,
ברודער, איך וויים ניט, וואס צו טהאן מיט איהר.

— איך וועל אליין מיט איהר רעדען, האט דער קייסער געזאגט. איך האף, אז
איך וועל זיא דאך בעוועגען צו דיעזער הייראטה, וועלכע איז פאר דער פאָליטיק אזוי
וויכטיג.

— טהו עס, ברודער, האט דער גראָספירסט קאָנסטאנטין געבעטען.

— און וואס מאכט דיין ארעסטאנט? האט פלוצלונג דער קייסער געפרעגט.

דער גראָספירסט איז געווארען בלייך. דער קייסער האט אנגעריהרט זיין וואונד.

— ער איז אין נערטשינסק, האט ער געענטפערט טרויעריג. ער פערהאלט זיך
זיך גאנץ רוהיג. איך מיין, אז ער איז שוין אביסעל געוואינט צו זיין נייער לאגע.

דער קייסער האט פערשטאנען, אז ער האט בעריהרט א פונקט, וועלכער איז
זעהר שמערצליך פאר זיין ברודער און האט געוואלט רעדען פון עפעס אנדערש.

— גוט, וואס דוא ביסט געקומען, ברודער, האט ער איהם געזאגט. איך האב
מיט דיר צו רעדען איבער זעהר א וויכטיגען פונקט. איך וויל מיך מיט דיר בעראטהען
וואס צו טהאן. איך בין אליין, איך האב ניט קיינע מענשען, וועלכע זאלען מיר העלפען
טראגען דיא שווערע לאסט פון דער רעגיערונג. איך האב געהאפט זעהר פיעל אויף
לאָרים מעליקאָוו. אבער אויך דיעזע האפנונג האט מיך אָפּגענארט.

— אָפּגענארט? האט קאנסטאנטין געפרעגט פערוואונדערט. איך זעה ניט איין,
אז לאָרים מעליקאָוו זאל האבען געטהאן עפּעס אן אונרעכט. מיר שיינט, אז אלע זיינע
נייע פעראָרדנונגען זיינען גאנץ גוט.

ער פערשטעהט, וואס רוסלאנד פעהלט, האט דער קייסער געענטפערט. ער ווייס
אבער נים, וויא אזוי עס צו היילען. ער שניידעט צו טיעף. ער וויל טהאן אלעס מיט
אמאל. ער אליין פיהלט עס און האט זיך היינט אפגעזאגט.

— לאָרים מעליקאָוו האט זיך אפגעזאגט ? האט דער גראָספירסט געפרעגט.
ואס איז ניט אומזיסט.

— עס זיינען האָפאינטריגען. ער איז ניט בעליעבט. איך וויים ניט פאר וואס, אבער אלע האבען איהם פיינד. איך וואלט איהם געקענט בעפעהלען, ער זאל ווייטער בלייבען, איך האב אבער מורא, אז עס וועט זיין נאך ערגער, ווייל אלע זיינען נעגען איהם. יעצט קומט דער וויכטיגער פונקט, פון וועלכען איך וויל מיט דיר רעדען. ביז אהער האט זיך דער קראָנפרינץ, דער „נאסליעדניק", געהאלטען וויים פון דער רעגיערונג. ער האט אנדערע מיינונגען איבער דיא רעגיערונג און אנדערע געזינונגען. עס איז מיר געווים אונאנגענעהם, ווען איך זעה, אז דער, וועלכען איך גיב איבער דעם טראהן, וועט פיעללייכט צו ווארפען אלעס, וואס איך האב געבויט. עס איז געווים זעהר מרור ערינ צו וויסען, אז מיין זוהן, מיין איינענעס קינד, איז ניט צופריעדען מיט דעם, וואס איך טהו און וואס איך בעפעהל. ער איז אבער דאך מיין זוהן און וועט דאך זיין קייסער נאך מיר.

איך בין דאהער אין דער מיינונג, אז עס וואלט גלייך געווען אז ער זאל אנהויבען אנטהייל צו נעהמען אין דער רעגיערונג. ער זאל זיין מיין ערסטער מיניסטער, מיין ראטהגעבער און זאל מיר העלפען טראגען דיא לאסט פון דער רעגיערונג. לאז ער זיך צוקוקען צו דיא געשעפטען צו דער פּאָליטיק. עס איז דאך פיעל בעסער צו פערלאזען זיך אויף אן איינענען קינד, אלס אויף א פרעמדען.

דער גראספירסט האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט דיעזע פראגע ניט ערווארטעט און ענטפערן אויף אזא פראגע איז ניט לייכט.

— דער קראָנפרינץ אלכסנדר, האט ער ענדליך געזאגט לאנגזאם און האט אויסגעצויגען יעדעס ווארט, — דער קראָנפרינץ אלכסנדר האט א גאנץ אנדערן כאראקטער, אלס דוא. ער דענקט גאנץ אנדערש אלס דוא. דוא ווילסט, אז רוסלאנד זאל זיך פעראייניגען מיט אייראָפּא. דוא האסט ליעב דיא דייטשען און דיא פראנצויזען און גיסט זיי אלע פרייהייטען און אלע פריווילעגיען אין דיין לאנד. דוא ווילסט, אז זיי זאלען קומען און זיך בעזעצען אין רוסלאנד, אום דיא רוסען זאלען זיך פון זיי לערנען און זיך אויסבילדען. אזוי האט געטהאן אונזער גראספאטער, פעטער דער גראָסע. ער האט געעפענט רוסלאנד פאר אלע אויסלענדער. ער האט זיי איינגעלאדען צו זיך אין לאנד און האט זיי געגעבען אלע פרייהייטען. ער האט דערמיט רוסלאנד גרויס געמאכט. יעדער פרעמדער, וואס איז געקומען קיין רוסלאנד האט עפּעס מיטגעבראכט און האט עפּעס איבערגעלאָזען אין רוסלאנד. איינער האט געלאזען דיא פריכטע פון זיין גייסט, פון זיין פערשטאנד; דער אנדערער האט מיטגעבראכט געלד און האט איבערגעלאזען אין רוסלאנד פאבריקען. — רוסלאנד האט צו דיא אויסלענדער ניט דערלענגט. עס האט זעהר פיעל געוואונען. דוא טהוסט אויך אזוי און איך בין מיט דיר פאָלקאָמען איינפערשטאנען. —

דער קראָנפרינץ אלכסנדר דענקט אבער אנדערש. ער וויל, אז אין רוסלאנד זאלען וואָינען נור רוסען. ער קען קיין פרעמדען מענשען ניט ליידען. ער האט פיינט אלע אויסלענדער, וויא דיא שפּינען. ער קען זיי ניט אנקוקען. ער וואלט געוואלט אב־

שליעסען רוסלאנד פון אלע זייטען, עס ארומרינגלען מיט א הויכער מויער, וויא כינא איז אמאל געווען. דוא האסט דאך געלערנט געאָגראַפּיע (ערדבעשרייבונג) און ווייסט, אז גאנץ כינא איז אמאל געווען ארומגערינגעלט מיט א הויכער און א דיקער מויער, אויף וועלכער עס פלעגען ארומגעהן סאָלדאַטען און פלעגען קיין פרעמדען ניט ארייג־לאזען. וואס איז געווארען פון דעם כינעזישען פאָלק? איז עס בעסער געווארען, גליק־ליכער געווארען דערפון, וואס עס איז געווען איינגעשלאסען אין א הויכער מויער? געוויס ניט.

ווען מען פערפּאַקט סארדעלען אין א בלעכענעם יאשכטעל און מען פערגיעסט דאס שאכטעל מיט בליי, אז דיא לופט זאל ניט קענען צוקומען, האלטען זיי געוויס אויס זעהר לאנג. זיי קענען אוועק שטעהן צוויי — דריי יאהר, אם ענדע ווערן זיי דאך פערשטונקען. דאס זיינען טוידטע סארדעלען. לעבעדיגע מענשען קען מען ניט האלטען פערשפּארט און פערפּאקט אין א שאכטעל. כינא איז א לאנד, וועלכעס האט מעהר אלס פיער הונדערט מיליאן איינוואָינער און עס ציטערט פאר א פליעג. עס איז שוואך. עס האט מורא פאר'ן קלענסטען אייראָפּעאישען קעניג. מאכען פון'ם גרויסען, שעהנעם רוסלאנד — כינא איז אן אונרעכט. ליידער, שטרעבט דער קראָנפּרינץ נור דערצו.

וויא אזוי וועט איהר ביידע קענען אויסקומען צו זאמען? וואס פאר א העלפער וועט ער דיר זיין, אז ער ציהט אין איין זייט און דוא ציהסט אין דער אנדערער זייט? איהם וועסט דוא ניט קענען אזוי לייכט בעפעהלען, וויא דוא בעפעהלסט א מיניסטער. קוים וועט ער האלטען דיא ציגעל פון דיא רעגיערונג אין דער האנד, וועט דיר שוין שווער זיין זיי ביי איהם ארויסצורייסען און צו פאהרען, וואוהין דוא ווילסט. עס וועלען זיך דאן אנהויבען אינטריגען. אונזערע גוטע האָפליים וועלען אפּטראגען רכילות פון דיר צו איהם און פון איהם צו דיר און עס וועלען ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען. —

דער גראָספירסט איז פּלוצלונג געבליעבען שטיל. ער האט ארויסגעזאגט זיין ברודער צו הארטע וואהרהייטען. אזוי איז שוין דער מענש, ער קען דיא ריינע וואהר־הייט ניט פערדייען. מען מוז זיא איהם מיט עפּעס פערפּוצען, מיט עפּעס צוזאמען מישען, אזוי וויא ער קען ניט עסען דאס בעסטע שטיק פלייש אליין, ער מוז דערצו האבען זאלץ, פעפער און אנדערע זאכען.

דער קייסער האט אויסגעהערט זיין ברודער אויפמערקזאם און האט געשוויעגען. ער האט איינגעזעהן, אז זיין ברודער האט רעכט. ער האט עס איהם אבער ניט גע־וואלט ארויסווייזען.

— איך דאנק דיר, ברודער, האט ער ענדליך געזאגט, וואס דוא האסט מיר ארויסגעזאגט דיינע מיינונג פריי און אפענהערציג. דוא ביסט דאך דער איינציגער, מיט וועמען איך קען רעדען, מיט וועמען איך קען מיך בעראטהען. איך וואלט געווען גליק־ליך, ווען דוא זאלסט מיר וועלען העלפען, ווען דוא זאלסט שוין אמאל אוועקווארפען דיינע טרויעריגע געדאנקען, דיינע אבגעשלאסענהייט און זאלסט וועלען טהייל נעהמען אין דער רעגיערונג. מיט דיר וואלט מיר לייכט געווען צו טראגען דיא שווערע לאסט צו רעגיערען אזא גרויס לאנד.

— איך קען עס ניט, ברודער, האט דער גראספירסט קאנסטאנטין געזאגט

טרויעריג. מיין לעבען איז שוין אזוי איינגעאָרדענט, אז איך וויל מיך שוין אין קיין זאך ניט מישען. איך וויל אפּלעבען דעם רעסט פון מיינע יאהרען אליין, איינזאם, אבגעשלאָסען און אבגעזונדערט פון דער וועלט.

דיא לעצטע ווערטער פון'ם גראַספּירסט האבען געקלונגען אזוי טרויעריג, אז דער קייסער האט געפיהלט דעם פּאַרוואורף, וואס איז געלעגען אין זיי. ער האט דאָהער געוואָלט ענדערן דאס געשפּרעך און רעדען פון א זאך, וואס אינטערעסירט מעהר דעם גראַספּירסט.

— דוא ביסט געווען ניט לאנג אין סיביר, האט ער איהם פּלוצלונג געזאגט, וואס הערט זיך דאָרט? וואס טהוט זיך דאָרט? מען שרייט זעהר איבער דיא שרעקען, וועלכע קומען דאָרט פאר. איך ווייס ניט, וואס צו גלויבען דערפון. דיא גובערנאַטאָרען און דיא אינספּעקטאָרען, וועלכע מען שיקט ארויס פון צייט צו צייט צו רעווידירען סיביר, דערצעהלען, אז אַלעס איז דאָרט אין דער בעסטער אָרדנונג. דיא אויסלענדער אבער, וועלכע האבען בעזוכט סיביר, בעזאָנדערס דער פראַנצויז, לערוא באָליע, און דער אמעריקאַנער דזשאָרדזש קענאַן שרייען געוואַלד! זיי האבען אנגעשריעבען גראבע ביכער און פערברייטערן זיי אויף דער וועלט, אז אין סיביר פרעסט מען מענשען, אז מען בעהאַנדעלט דאָרט דיא פערשיקטע ערגער, וויא דיא הינט; אז יעדער קאָמענדאַנט, יעדער גובערנאַטאָר ערלויבט זיך צו טהאָן זאכען, פון וועלכע דיא האָר שטעלען זיך קאַפּויער.

— איך האב דיר שוין אמאל געזאגט מיין מיינונג איבער סיביר. האט דער גראַספּירסט געענטפערט פערטראַכט. איך האב דיך שוין אמאל געבעטען, דוא זאָלסט אפּשאַפען דאס פערשיקען קיין סיביר. עס איז צו ווייט פון פּעטערבורג, מען קען ניט אכטונג געבען אויף אלע גרויסע און קליינע בעאַמטע אין סיביר. יעדער טהוט, וואס ער וויל. יעדער איז אין זיין קרייז א קייסער און טהוט וואס איהם געפעלט. קיינער ווייס דערפון ניט, קיינער מעלדעט עס ניט, קיינער וויל עס ניט אנגעבען. דער אינספּעקטאָר קומט אויף א ווייַלע און פאָהרט באַלד אוועק. איהם ווייזט מען דיא שעהנע זייט פון דער סחורה. דיא לעבער, דיא מכות, דיא צרות פערדעקט מען פון איהם. וואס קען ער וויסען?

— איך וואָלט עס געטהאָן, ווען ניט דיא ניהיליסטען, האט דער קייסער געזאגט. וואו זאָל איך אהין טהאָן דיא ניהיליסטען, ווען ניט אין סיביר? איך קען זיי אין רוסלאַנד ניט האַלטען. האסט דוא געהערט, וואס זיי האבען ניט לאנג אפּגעטהאָן אין קיעוו?

דער גראַספּירסט האט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, אז ער האט ניט געהערט.

— מען האט געכאַפּט צוויי געפעהרליכע ניהיליסטען, סטעפּאַנאָוויטש און דייטש, און מען האט זיי געהאַלטען אין צענטראַל געפענגניס אין קיעוו. אנטלויפען פון צענטראַל געפענגניס איז דאָכט זיך אונמעגליך. דער קאָמענדאַנט גריאַזנאָוו איז א זיכערער מענש. אויף'ן גענעראַל־גובערנאַטאָר, גענעראַל דרענטעלן, קען איך מיך אויך פערלאָזען. מען האט זיי דאָרט געהאַלטען אייניגע מאָנאַטע, ווייל מען האט געוואָלט ביי זיי אויספאָרשען, וועגן זייערע קאַמעראַדען דיינען. אין א שעהנעם פריה מאָרגען

זיינען די אנטלאפען און פערשוואונדען, וויא אין וואסער אריין. וואס מען האט די דערנאך געזוכט, וואס מען האט נאכגעשפירט און נאכגעפארשט — אומזיסט! די זיינען אנטלאפען און פערפאלען. גענעראל דרענטעלן איז געווען אויסער זיך, ווען ער איז דערפון געוואהר געווארען און האט געהייסען מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג.

וואס האט זיך ארויסגעוויזען? — מיט אייניגע צייט צוריק איז געקומען צום גענעראל דרענטעלן אן אלטער אויסגעדיענטער אונטער־אָפיציער און האט איהם גע־בעטען, ער זאל איהם געבען א שטעלע אין געפענגניס אלס נאדזיראטעל, (אויפזעהר) דערביי האט ער איהם געבראכט א רעקאָמענדאציאָן פון גראף איגנאטיעוו. ווען גראף איגנאטיעוו איז געווען גענעראל און האט קאָמאנדירט א בריגאדע, האט דיזער אונטער־אָפיציער געדיענט אין איינעם פון דיא רעגימענטער. גראף איגנאטיעוו האט געשריעבען, אז דיעזער אונטער־אָפיציער איז אן עהרליכער, גוטער און געטרייער סאל־דאט און האט געבעטען, אז מען זאל איהם געבען א שטעלע. נו? וויא אזוי טהוט מען נים א געפעלינקייט דעם גראף איגנאטיעוו? ער און דרענטעלן זיינען דיא בעסטע פריינד. דרענטעלן האט געשיקט דעם אלטען אונטער־אפיציער צום קאָמענדאנט פון צענטראל געפענגניס, קאפיטאן גריאזנאוו, אז ער זאל איהם אויפנעהמען אלס אויפ־זעהר אין אסטראָג.

דער אונטער־אָפיציער האט זיך געוויעזען אזוי געטריי, אזוי געהארזאם און אזוי פינקטליך, אז גריאזנאוו האט זיך נים געקענט פון איהם אפלויבען. אין אייניגע מאָ־נאטען האט ער געוואונען זיין פאלעס צוטרויען. ער האט זיך אויף איהם פערלאזט, וויא אויף זיך אליין. ער איז געווען זעהר שטרענג געגען דיא ארעסטאנטען און פלעגט אויספיהרען יעדען בעפעהל אזוי אקוראט, אז גריאזנאוו האט איהם באלד געמאכט פארן עלטסטען אויפזעהר.

אין דעם טאג, וואס דיא ניהיליסטען, סטעפאנאָוויטש און דייטש, זיינען אנטלאָ־פען, האט דער קאָמענדאנט גריאזנאוו אליין געמאכט א רעוויזיאן און האט געפונען אז אלע ארעסטאנטען זיינען אין זייערע קעמערליך. ער האט געגעבען דעם אונטער־אפיציער א רובעל „נא וואָדקי", דער פאר וואס אלעס איז געווען אין אזא גוטער ארדנונג און איז זיך געגאנגען נאכץ רוהיג א היים. ער איז געווען פאלשטענדיג זיכער, אז אזעטער אזא אויפזעהר ועט שוין געווים קיינער נים אנטלויפען און ער מעג רוהיג שלאפען.

אין א שטונדע ארום נאך זיין רעוויזיאן איז דער עלטסטער אויפזעהר (סטארשי נאדזיראטעל) מיט צוויי אנדערע אויפזעהר ארויסגעגאנגען פון אסטראָג.

— דער קאמענדאנט האָט מיר געגעבען א רובעל „נא וואָדקי", האט דער עלטסטער אויפזעהר געזאגט צום אָפיציער פון דער וואך, דארפען מיר געהן ערגעץ „פערגיעסען".

דער אָפיציער פון דער וואך האט געקענט נור דעם עלטסטען אויפזעהר, דיא אנדערע צוויי האט ער נים געקענט. אזוי וויא די זיינען געגאנגען אנגעטהאן אין דער גאנצער פאָרמע פון אויפזעהר מיט שמאלע ווייסע זילבערנע עפּאלעטען אויף זייערע פלייצעס, האט ער גאר קיין שאלות נים געמאכט און האט זיי דורכגעלאזען.

עס איז פערגאנגען אַ שטונדע, צוויי, דריי. דיא אויפזעהר זיינען ניט צוריקגעקומען. עס איז געקומען דיא צייט, ווען מען דארף צוטראגען דיא ארעסטאנטען זייער עסען, דער סטאַרשי נאַדזיראַטעל איז אלץ ניטא. עס איז געווארען נאכט, מען דארף אנצינדען דיא לאמפּען און איבערקוקען דיא קעמערליך פון דיא ארעסטאנטען — דער סטארשי נאַדזיראטעל איז אלץ ניטא. דער אָפיציער פון דער וואך און דיא אנדערע אויפזעהר האבען געזעהן, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. מען האט עס געמעלדעט דעם קאָמענדאַנט.

דער קאמענדאנט איז געווען אזוי פערגלייבט און דעם עלטסטען אויפזעהר, אז ער האט זיך אנפאנגס ניט געאיילט צו געהן איבערקוקען דיא קעמערליך פון דיא ארעסטאנטען. ער האט געהייסען איינעם פון דיא אויפזעהר, ער זאל אנצינדען דיא לאמפּען און זאל זעהן, אויב אלעס איז אין ארדנונג. וויא ערשטוינט איז ער געוועז, ווען דער נאַדזיראַטעל איז איהם געקומען זאגען, אז דיא קעמערליך פון דיא ארעסטאנטען סטעפּאַנאָוויטש און דייטש זיינען לעדיג. דיא פייגעלעך זיינען ארויסגעפלויגען פון זייער שטייגעל.

דער קאמענדאנט גריאַזנאוו איז באלד אליין געקומען צו לויפען דערשראקען און פערסאָפּעט. ער איז צוגעקומען צו דיא קעמערליך פון דיא ניהיליסטען. דיא טהירען זיינען פערשלאסען, אבער דורך דיא לעכער אין דיא טהירען האט מען געזעהן דייטליך, אז דיא ארעסטאנטען זיינען דארט ניטא.

— דיא שליעסעל! האט גריאזנאוו אויסגערופען. וואו זיינען דיא שליעסעל?

קיינער האט ניט געהאט דיא שליעסעל. דער עלטסטער אויפזעהר האט זיי מיטגענומען. יעצט ערשט האט דער קאמענדאנט פערשטאנען, אז מען האט איהם אבגעשפּיעלט אַ שטיק. ער האט באַלד געשיקט רופען אַ שלאָסער. מען האט געעפענט דיא טהירען פון דעם קעמעריל, וואו סטעפּאַנאָוויטש איז געווען פערשפּארט. אויפ'ן געלעגער זיינען געלעגען זיינע ארעסטאנטען קליידער און אויפ'ן טיש איז געלעגען אַ קליין צעטעלע, אין וועלכען עס זיינען געשטאנען פאלגענדע ווערטער:

„איהר וועט אונז זוכען אומזיסט. איידער איהר וועט זיך אומקוקען, וועלען
„מיר שוין זיין ערגעץ גאנץ ווייט, פון וואנען איהר וועט אונז ניט קענען קריעגען.
„מיינט אָבער ניט, אז מיר זיינען אין גאנצען אנטלאפען. הערן וועט איהר געוויס
„פון אונז, עס איז אבער זעהר מעגליך, אז מיר וועלען זיך באַלד זעהן".

דער קאמענדאנט האט עס באלד געמעלדעט דעם גענעראַל־גובערנאטאר דרענטעלן. ער האט באלד ארויסגעגעבען אַ בעפעהל, אז מען זאל פערשפּארען קיעוו פון אלע זייטען. קיינער זאל ניט ארויספאהרען אהן א פּאספּארט מיט דער אונטערשריפט פון'ם פּאָליצמייסטער. מען האט געמאכט אן „אָבלאַווא" (אן אלגעמיינע הויז אונטערזוכונג) אין אלע הייזער, אויף וועלכע עס האט נור געקענט פאלען דער קלענסטער פערדאכט. מען האט געטרענט דיא ערד. מען האט ארויסגעשיקט דיא בעסטע געהיים־פּאָליציסטען, זיי זאלען זוכען און שפּירען, וואו דיא ארעסטאנטען האבען געקענט אנטלויפען. — אומזיסט! זיי זיינען, וויא אין וואסער אריין.

מען האט געפרעגט דעם גראף איגנאַטיעוו, וויא עס קומט, וואס ער האט גע־

געבען א רעקאָמענדאַציאָנס בריעף א ניהיליסט? גראף איגנאטיעוו האט אויסגעוויעזען דיא ביכער און דיא רעעסטער פון׳ם רעגימענט, אז דער אונטער־אָפיציער באָלאָטאָוו איז שטענדיג געווען איינער פון דיא בעסטע און טרייעסטע סאָלדאטען אין רעגימענט. אלע אפיצירען פון רעגימענט האבען געזאגט דאס זעלבע. יעדער האט זיך ניט געקענט אפלויבען פון׳ם אונטער־אָפיציער באָלאָטאָוו — אזוי האט געהייסען דער סטארשי נאד־זיראטעל, וועלכער איז אנטלאפען מיט דיא ניהיליסטען סטעפאנאָוויטש און דייטש. —

נאך מעהר, עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז באָלאָטאָוו איז א געבוירענער א קיעווער. ער האט דארט פריינד און אנפערוואנדטע. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט געווען, וואס ער האט זיך געבעטען אויף א שטעלע אין קיעוו. גראף איגנאטיעוו האט איהם ניט געקענט אָפזאגען. וויא אזוי זאגט מען אפ אן אלטען, געטרייען, אויס־געדיענטען סאלדאט, ווען ער בעט אויף דער עלטער א שטעלע?

ווען מען האט אויפגעזוכט באָלאָטאָוו׳ס פריינד און אנפערוואנדטע, איז מען געוואהר געווארען, אז דער עכטער באָלאָטאָוו איז שוין גאר לאנג געשטארבען.

דער גראָספירסט קאנסטאנטין האט אויסגעהערט דיא לאנגע געשיכטע אויפ־מערקזאם. ער איז אין דער לעצטער צייט געווען אזוי שטארק בעשעפטיגט מיט זיך און מיט זיינע אנגעלעגענהייטען, אז ער האט גאר פערגעסען, אז עס זיינען דא ניהי־ליסטען אויף דער וועלט. איהם האט געוואונדערט, וואס דער קייסער וויס אזוי אלע איינצעלהייטען פון דיעזען זאנדערבארען פאל.

— פון וואנען וויסט דוא אלעס אזוי גענוי? האט ער געפרעגט.

— דער גענעראל דרענטעלן האט מיר אריינגעשיקט א גאנץ גענויע בעשרייבונג פון דער גאנצער געשיכטע. איך האב אנפאנגס ניט געוואלט לעזען. עס איז צו לאנג פאר מיר. דער נאמען איגנאטיעוו אבער האט מיך פעראינטערעסירט און איך האב דיא גאנצע געשיכטע דורכגעלעזען. זיא איז געווים זעהר אינטערעסאנט, אָבער זעהר טרויעריג. וואס קען איך דען יעצט טהאן? בעשולדיגען גראף איגנאטיעוו קען איך ניט. ער איז מיינער א טרייער דיענער, א בעריהמטער דיפּלאמאט. איך קען איהם ניט חושד זיין, אז ער שטעהט אין פערבינדונגען מיט דיא ניהיליסטען. גענעראל דרענטעלן איז געווים קיין ניהיליסט. דער קאמענדאנט גריאזנאוו איז א טרייער סאָלדאט. — אלזא, ווער איז דא שולדיג, וואס אזעלכע געפעהרליכע ניהיליסטען זיינען אנטלאפען און האבען אויסגעלאכט מיינע גענעראלען און מיין פּאָליציי?

— איך מיין, אז דא איז קיינער ניט שולדיג, האט דער גראָספירסט געענטפערט. גראף איגנאטיעוו איז א טרייער מענש, גענעראל דרענטעלן איז א זיכערער מענש, דער קאמענדאנט גריאזנאוו איז א גוטער און ערגעבענער מענש. אלע זיינען גוט, אלע זיינען וואיל, טריי און ערגעבען. בלייבט, אז קיינער איז ניט שולדיג און ווען קיינער איז ניט שולדיג, האט מען קיינעם ניט צו פערקלאגען.

— ניין, ברודער! שולדיג זיינען אלע דיא, וואס האבען געהאלטען דיא ארעס־טאנטען אין קיעוו. ווען מען וואלט זיי געווען פערשיקט קיין סיביר, וואלטען זיי ניט אנטלאפען. פון סיביר אנטלויפט מען ניט אזוי גיך. סיביר אליין איז א פעסטונג. דיא קעלט, דער שנעע, דאס אייז, דיא סטעפּען זיינען דיא טויערן, וועלכע היטען אפּ דיא

ארעסטאנטען. איך מוז לאזען סיביר, וויא עס איז, זא לאנג אין רוסלאנד געפינען זיך ניהיליסטען.

שוין צום צווייטען מאל האט דער גראספירסט קאנסטאנטין געבעטען זיין ברודער, ער זאל אבשאפען דאס פערשיקען קיין סיביר און שוין צוויי מאל האט ער איהם זיין ביטע אפגעזאגט. ער האט זעהר געוואלט אראפנעהמען פון רוסלאנד דעם שאנד פלעק — סיביר. עס איז איהם אבער ניט געלונגען. ער האט דאהער באלד אבשיעד גענומען און איז אוועקגעפאהרען א היים.

— — — — — — — — — — — — — —

דעמזעלבען אבענד איז דער „נאסליעדניק", אלכסנדר אלכסנדראוויטש, געזעסען אין זיין שלאס אין גאטשינא מיט גראף איגנאטיעוו אין זיין קאבינעט און האבען גערעדט גאנץ שטיל.

— אלעס איז אפגערעדט, אלעס איז פארבערייטעט, האט גראף איגנאטיעוו געזאגט. עס האט מיך געקאסט געגוג מיה און געלד, ביז איך האב זיי אויסגעזוכט אין זייערע לעכער. צו ליעב דיא הויפט פערזאן האב איך געמוזט פאהרען קיין עסטערדייך. ענדליך אבער איז אלעס אפגעמאכט. באקונין האט דאס געלד געצווינגען פון דער באנק. ער פאהרט יעצט ארום אין רוסלאנד און אייראפא אום דיא מיטגליעדער פון געהיים־בונד צו בעזוכען און מיט זיי אפצורעדען, וואו און ווען זיי זאלען זיך צו זאמען טרעפען. וויא א גוטער גענעראל פאהרט ארום זיין ארמעע פאר דעם טאג פון א גרויסער שלאכט, מוסטערט זיא און גיט ארויס בעפעהלע, וואו יעדעס רעגימענט זאל שטעהן און וואס יעדעס רעגימענט זאל טהאן, אזוי פאהרט יעצט ארום באקונין איבערקוקען זיין ארמעע, זעהן, אויב אלע זיינען דא אויף איין ארט און טהיילט זיי אויס זיינע בעפעהלע. אין א קורצער צייט וועט אייערע קייזערליכע האהייט זיין אליין דער הערשער פון אלע רוסען. —

אין דיעזע מינוט האט זיך אויפגעהויבען דער שווערער זיידענער פארהאנג פון א זייטען טהיר און דיא קראנפרינצעסין, מאריא אלכסנדראוונא, איז אריינגעקומען אין צימער. זיא האט געטראגען א רייכעס אבענד־קלייד פון׳ם שניט פון אן עכט רוסיישע סאראפאן מיט א גרויסע ראזע פון פונקעלנדע בריליאנטען אין איהרע האר. זיא איז אריינגעגאנגען אזוי שטיל, אזביידע שפרעכענדע האבען זיא ערשט בעמערקט, ווען זיא האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען גראספירסט.

גראף איגנאטיעוו איז באלד אויפגעשפרונגען און האט זיך פאר איהר העפליך פערנייגט. זיא האט איהם געגעבען דיא האנד, וועלכע גראף איגנאטיעוו האט א קוש געטהאן.

— איך האף, אז איך האב אייך ניט געשטערט, האט זיא געזאגט. דערצעהלט ווייטער, ליעבער גראף. איך בין זיכער, אז איהר האט אלעס בעזארגט, וויא מיר האבען אפגערעדט.

— איך האב נור וואס בעריכטעט זיינע קייזערליכע האהייט, אז אלעס איז אפגערעדט, אלעס איז פארבערייטעט. איך בין זיכער, אז אין א גאנץ קורצע צייט וועט דיא רוסישע קייזער קרוין גלענצען אויפ׳ן שטאלצען קאפ פון אייער קייזערליכער

מאיעסטעט. עס איז א פארטיגער, גאנץ רייפער עפעל. מען דארף נור איין שאקעל טהאן דעם בוים און ער פאלט אליין אריין אין מויל.

— איך טראכט נאך אלץ איבער, ליעבער גראף, האט דער גראספירסט געזאגט פערטראכט. איך בין נאך ניט אין גאנצען בערוהיגט. איך וויים, אז מיט איין שוועבעלע קען מען אונטערצינדען דיא גרעסטע שטאדט. ווען עס קומט אבער צו לעשען דאס פייער, מוז מען האבען הונדערטער מענשען. איך קען דעם באקונין ניט. מען זאגט מיר אבער, אז ער איז א קלוגער, דורכגעטריעבענער מענש. ער ארבייט געוויס ניט פון מיינעטוועגען. ער איז קיין גוטער פריינד פון דער פאמיליע ראמאנאוו. זיכערע מענשען האבען מיר איבערגעגעבען, אז ער זוכט צו פעראייניגען אלע רעוואלוציאנערן פון דער גאנצער וועלט. אלע ארבייטער פון דער גאנצער וועלט און אלע ערניעדעריג־טע און בעליידיגטע פון דער גאנצער וועלט. ער האסט יעדען הערשער, יעדען קייסער און קעניג און וויל איינפיהרען א גאנץ אנדערע מענשליכע געזעלשאפט. — וויא אזוי וועלען מיר קענען איינהאלטען דיא רעוואלוציאן ווען זיא וועט אויסברעכען? וויא איהר זאגט, האט ער א גרויסע מאכט, א גאנצע ארמעע. וואס וועלען מיר טהאן, ווען דיעזע ארמעע וועט זיך שטעלען פעסט און זאגען, אז זיא וויל גאר קיין קייסער ניט?

— זייט רוהיג, קייזערליכע האהייט! האט גראף איגנאטיעוו געענטפערט. דיא ניהיליסטען שרייען נור, פלוידערן נור, בעריהמען זיך נור, אז זיי האבען אן ארמעע, אין דער וואהרהייט אבער איז זייער ארמעע ניט ווערטה א דרייער. איין רעגימענט, סאל־דאטען, גוטע, איינגעאיבטע רוסישע סאלדאטען וועלען פעריאגען זייער גאנצע ארמעע אין דיא העללע. ווער זיינען דען דיא ניהיליסטען? מייסטענס יונגע לייט, וועלכע הא־בען מורא צו נעהמען א ביקס אין דער האנד. עס געפינען זיך צווישען זיי געוויס פע־היגע און טיכטיגע מענשען, וועלכע זיינען ווירקליך אים שטאנד עפעס צו טהאן. דיעזע פעהיגע מענשען זיינען אבער זעהר ווייניג. אונטערווארפען א באמבע, שטעכען א גע־נעראל מעזענצאוו — דאס קענען זיי. פיהרען קריעג אבער, אן עפענטליכען קריעג מיט סאלדאטען, מיט קאנאנען, דאס קענען זיי ניט און וועלען ניט קענען. מיר וועלען זיי בענוצען צו אונזערע צוועקע. דאס פאלק וועט אייך אנערקענען אלס קייסער, דאן וועלען מיר וויסען, וויא אזוי לויז צו ווערן פון דיא ניהיליסטען, פון דיעזע ווערים, וועלכע גראבען נור אין דער פינסטערניס, אונטער דער ערד.

— געוויס, מוז מען האבען מוטה, האט זיך אנגערופען דיא קראנפרינצעסין. מען מוז האבען מוטה און קראפט, מען מוז אלעס ריזקירען אום אלעס צו געווינען.

אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען דעם נאסליעדניקס לייב־דיענער אויף דער טהיר.

— וואס ווילסט דוא זאגען, איוואן? האט דער גראספירסט געפרעגט.

— דער געהיים־ראטה פאביעדאנאסצאוו.

— פיהר איהם אריין.

פאביעדאנאסצאוו איז אריינגעקומען און האט זיך טיעף פערניינט פאר דעם גראספירסט און דיא גראספירסטין. דער גראספירסט האט איהם געגעבען דיא האנד.

— וואס הערט זיך עפעס נייעס אין פעטערבורג? וואס וועט איהר אונז עפעס

דערצעהלען, מיין ליעבער לעהרער? האט דער קראנפרינץ געפרעגט פריינדליך.

— אין פעטערבורג איז פארגעקומען זעהר פיעל נייעס, זייט דער אלטער איז צוריקגעקומען, האט פאביעדאנאסצאוו געזאגט רוהיג. דער ערשטער מיניסטער, דער בעהערשער פון רוסלאנד, דער מאן, וועמען דער קייסער האט איבערגעגעבען דיא גאנצע מאכט אין דיא הענד — דער גרויסער לאריס מעליקאוו האט זיך ענדליך אפגעזאגט פון זיין אמט.

— אליין אפגעזאגט? האט געפרעגט דיא קראנפרינצעסין און א צופריעדענער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף איהר שעהנעם געזיכט.

אין גאטשינא איז מען געווען זעהר אונצופריעדען, וואס דער קייטער האט איבערגעגעבען דיא רעגיערונג אין דיא הענד פון לארים מעליקאוו אין דער צייט, וואס ער איז געווען אין ליוואדיא. דיא קראנפרינצעסין (דיא איצטיגע רוסישע קייזערין) האט זיך געפיהלט בעזאנדערס געקרענקט און בעליידיגט.

— וויא איז דאס מעגליך, האט זיא זיך אמאל אויסגערעדט פאר פאביעדאנאסצאוו, וויא איז דאס מעגליך, אז מען זאל אוועקפאהרען און איבערגעבען דיא רעגיערונג א פרעמדען און ניט זיין אייגענעם זוהן, דעם נאסליעדניק? מיינט דען דער אלטער, אז ער וועט אייביג לעבען? ווייסט ער דען ניט, אז פריהער אדער שפעטער וועט דאך דער קראנפרינץ זיצען אויפ'ן טראהן פון דיא ראמאנאוו'ס? פאר וואס דערווייטערט ער זיך אזוי פון זיין זוהן? פאר וואס זאל זיין זוהן, דער צוקינפטיגער קייסער, ניט נעהמען קיין אנטהייל אין דער רעגיערונג? פאר וואס זאל דיא ארמעע און דאס פאלק ניט קענען זייער צוקינפטיגען קייסער? פאר וואס האלט מען אונז אין גאטשינא פערשפארט, וויא געפאנגענע? מיר וועלען אמאל מאכען רוסלאנד גרויס און מעכטיג, מיר וועלען אמאל אויפבויען א נייעס רוסלאנד, פאר וועלכע דיא וועלט וועט ציטערן; מיר וועלען אמאל וויזען, וואס פאר א קראפט רוסלאנד האט אין זיך — אבער מען האלט אונז געבונדען, מען האלט אונז געפאנגען. מען וויזט אונז נור אמאל אויף א פאראדע, וויא א שפיעל צייג! —

דיא קראנפרינצעסין איז ווירקליך פיעל קליגער און פעהיגער פון'ם קראנפרינץ. מיר וויסען, אז זיא פיהרט יעצט דיא גאנצע רעגיערונג אין רוסלאנד און אלכסנדר דער דריטער טהוט ניט דיא קלענסטע זאך, ער זאל זיך פריהער ביי איהר ניט אנפרעגען. עס איז אויך קיין גרויס וואונדער ניט. מען מוז וויסען דיא געשיכטע פון דער רוסישער קייזערין, וויא אזוי זיא איז ערצויגען געווארען אום צו פערשטעהן, פאר וואס זיא איז אזוי געראטהען.

איך האף, אז מיינע לעזער וועלען אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האבען, ווען איך וועל זיי דערצעהלען אייניגע זאכען פון דער יוגענד פון דער איצטיגער קייזערין.

מאריא דאגמארא, דיא איצטיגע רוסישע קייזערין, איז דיא צווייטע טאכטער פון'ם דענישען קעניג, קריסטיאן דער נייינטער. זיא איז געבארען געווארען אין 1847. קעניג קריסטיאן איז געווען א דענישער פרינץ. ער האט געהאט עלטערע ברידער און האט ניט געקענט האפען, ער זאל אמאל זיין קעניג אין דענעמארק. זיינע עלטערע ברידער אבער זיינען געשטארבען און אין 1863 איז ער געווארען קעניג אין דענעמארק.

אזוי וויא ער איז ניט געווען קיין קראָנפּרינץ און דענעמארק איז אַ קליינעס און ארימעס לאנד, וועלכעס קען ניט אויסהאלטען פיעלע פּרינצען און געבען יעדען טויזענדע אויף צו לעבען, האט דער פּרינץ קריסטיאַן געלעבט אין אַ קליינעם שלאָס לעבען דער פּרייסישער גרענעץ זעהר ארים. זיין ארימקייט איז געווען אזוי גרויס, אז ער איז אפט געווען געצוואונגען צו געבען שטונדען אין צייכענען. ער איז אַ גרויסער קינסטלער אין צייכענען און פלעגט נעהמען אַ הויכען פּרייז פאר זיינע שטונדען.

עס זיינען אונטערגעוואקסען קינדער, דארונטער איינינע מעדכען — איינע פון זיי איז יעצט דיא קראנפּרינצעסין פון ענגלאנד און דיא אנדערע איז דיא קייזערין פון רוסלאנד — וועלכע האבען געדארפט קליידער, שיך און אנדערע ארטיקעל, און דא איז ניט געווען. עס זיינען פאָרגעקומען צייטען, ווען דיא פּרינצעסינען, וועלכע האבען זעהר ליעב געהאט צו טאנצען, פלעגען ניט האבען קיין געלד אונטערצולעגען נייע זאהלען (פּאדמעטקעס) אונטער זייערע שיך. דיא מעדכען האבען אלע געוואינט אין איין קליין צימעריל. זיי האבען ניט געהאט קיין שאפע, וואו צו האלטען זייערע קליידער און האבען געמוזט זיי האלטען אונטער אַ פאָרהאנג. דער פּרינץ קריסטיאַן האט מעהר ניט געהאט וויא איין קארעטע מיט אַ פּאָר מאגערע פערדלעך. ווען ער פלעגט פאהרען שפּאַציערען, איז דיא קארעטע געווען צו ענג פאר איהם מיט דער פרוי מיט זעקס קינדער.

מען זאגט, אז דיא ענגלישע קראָנפּרינצעסין, אַלעקסאנדרא, דיא פרוי פון׳ם פּרינס אָף וועלס, דערמאנט זיך נאך יעצט זעהר אפט אן יענע צייט און יעדעס מאל, ווען זיא קומט צו גאסט צו איהר פאטער, פאהרט זיא אין דעם קליינעם שלאָס יוגענד־היים, וואו זיא האט פערבראכט איהרע קינדער יאהרען אין אזא אָרימקייט.

אזוי האבען זיי געליטען און געקעמפּפט, ביז זייער פּאטער איז אין 1863 געווארען קעניג פון דענעמארק. זעלבספערשטענדליך האט פון דאמאלס אן זיך אלעס געענדערט ביי זיי. זיי האבען אנגעהויבען צו לעבען אנדערש. אין 1866 האט דיא פּרינצעסין דאָג־מאַרא געהייראטהעט דעם רוסישען גראָספירסט אלכסנדר.

דאס איז אין קורצע ווערטער דיא געשיכטע פון דער איצטינער רוסישער קייזע־רין. זיא האט דורכגעמאכט אַ שווערע שולע, דיא שולע פון נויט און ארימקייט.

אָרימקייט און נויט איז אַ זאָנדערבאַרע שולע. איינינע מאכען זיא דורך און קומען ארויס ווייך, מילד, פריינדליך און גוט; אנדערע אבער ווערן אין דיעזער שולע גראָב, ווילד און שלעכט. איינער געדענקט דיא נויט אויף אייביג. ער מעג דערנאך זיין רייך, ער מעג זיין אין גרעסטען גליק, פערגעסט ער ניט, וואס נויט איז און וויא שווער עס איז איבערצוטראגען דיא ארימקייט. אזא מענש ווערט מילד, וואהלטהעטיג און זוכט מיט אלע קרעפטען צו העלפען דעם ארימען און דעם נויטליידענדען. דער אנ־דערער ווערט ווילד און שלעכט. קוים ווערט ער רייך, קוים לעבט ער אין גליק און פרייד, פערגעסט ער אלעס, שטאָלצירט מיט זיין רייכקייט, ווייזט איבעראל, אז ער איז דער רייכער.

דיא רוסישע קייזערין האט דורכגעמאכט דיא שווערע שולע פון אָרימקייט. זיא איז אבער ארויס פון איהר שטאלץ, עמפּפינדליך און שלעכט. יעדע קליינינקייט האט

זיא אויפגערעגט, יעדע קלייניגקייט האט זיא פערדראָסען, און יעדע קלייניגקייט האט זיא זיך געפיהלט בעליידיגט. עס האט זיא טיעף געקרענקט, דאס איהר שוויענער פאטער, דער קייסער אלכסנדר II איז אוועקגעפאהרען קיין ליוואדיא און האט איבער־געגעבען אלע געשעפטען פון דער רעגיערונג אין דיא הענד פון א געוועהנליכען גענעראל לאריס מעליקאָוו און נים דעם קראנפרינץ, דעם נאסלעדניק. זיא איז געוועזן דאהער העכסט צופריעדען, ווען זיא האט געהערט, אז לאָריס מעליקאוו האט זיך פלוצלונג אליין אָפגעזאגט.

— וואס איז דיא אורזאכע, וואס ער האט זיך אפגעזאגט? האט זיא געפרעגט.

— דיא וואהרע אורזאכע ווייס איך נים, האט פּאָביעדאָנאָסצאָוו געענטפערט. דער ארמעניער האט געווים איינגעזעהן, אז ער האט אנגעטהאן א צו לאנגען מאנטעל. וויא קומט ער צו רעגירען? וויא קומט ער צו זיין ערשטער מיניסטער אין אזא לאנד, וויא רוסלאנד? ער איז געבוירען געווארען אויפ'ן קאווקאז צווישען דיא האלב־ווילדע אזיאטען. דארט איז ער ערצויגען געווארען. ער ווייס זאגאר נים דיא מאניערען און צערעמאָניען פון א קייזערליכען הויף. וויא קומט ער אין א קייזער הויף?

— ווער וועט אננעהמען זיין שטעלע? האט דיא קראנפרינצעסין געפרעגט נייגיעריג.

— וואס קען מען יעצט וויסען ביי דעם אלטען? האט פּאביעדאָנאָסצאָוו געזאגט מיט א פערעכטליכען טאן. ער ווארפט זיך יעצט אין אלע זייטען און ווייס אליין נים וואס צו טהאן עס איז ביי איהם היינט געווען דער גראָספירסט מיכאאיל. ער האט ביי איהם פערוויילט א געראומע צייט און איז ארויסגעגאנגען זעהר אונצופריעדען. מען האט מיר איבערגעגעבען, אז ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון קייסערס קאבינעט, איז ער געווען זעהר אויפגערעגט, האט גערעדט צו זיך אליין און האט געקריצט מיט דיא צעהנער. דאן איז געקומען דער גראָספירסט קאָנסטאנטין. —

— דיעזער זאנדערלינג (טשודאק), דיעזער האלבוואהנזיניגער, האט געלאכט דיא קראָנפרינצעסין. וואס האט דער געוואלט? שוין ווידער עטוואס נייעס מיט זיין אוננאטירליכען זוהן (ממזר)? אדער האט זיך שוין זיין טאכטער, דיא גוטע וויערא, ווייטער פערליעבט אין אן אָפיציער?

— איך ווייס נים, וואס דער גראָספירסט קאנסטאנטין האט דארט געטהאן. איך ווייס נור אזוי פיעל, אז ער איז ביי איהם געווען זעהר לאנג און איז אויך אוועק־געפאהרען אונצופריעדען. ער איז געווען בלייך און טרויעריג, ווען ער האט זיך אריינ־געזעצט אין זיין קארעטע און האט זאגאר נים בעמערקט, ווען דער באראָן פאָן אסטען־סאקען האט איהם געגריסט.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. יעדער האט געטראכט פאר זיך, וואס וועט ווערן דערפון? וואוהין וויל דער קייסער פיהרען רוסלאנד?

— איז אייערע קייזערליכע האהייט שוין געווען אויף אן אודיענץ אין האף? האט פּאָביעדאָנאָסצאָוו זיך פלוצלונג געווענדעט צום קראָנפרינץ.

— איך האב געטהאן מיין פפליכט. איך בין ארויסגעפאהרען צום באהנהאָף איהם עמפפאנגען און איהם בעגריסען, האט דער קראָנפרינץ געענטפערט. ער האט

מיך צוואר אויפגענומען זעהר פריינדליך, זאגאר פריינדליכער, וויא אלע מאל, ער האט מיר אבער ווייטער קייןווארט ניט געזאגט. ער האט מיך ניט איינגעלאדען צו זיך. ער האט מיט מיר ניט גערעדט פון געשעפטען, פון פּאָליטיק אָדער פון דער רעגיערונג. ער האט מיך זאגאר ניט געפרעגט איבער דיא לעצטע נייעס, וואס זיינען פאָרגעקומען אין פעטערבורג. ער האט זאגאר ניט דערמאנט וועגען דיא לעצטע אונרוהען פון דיא סטודענטען, ווען זיי האבען געשלאגען דעם מיניסטער דער פאלקס אויפקלערונג. זא־נאר אזא פונקט, וועלכער איז פאר דעם צוקינפטיגען הערשער פון רוסלאנד אזוי וויכטיג, האט ער ניט מיט איין ווארט ניט דערמאנט. גלייך וויא עס וואלט נאר ניט געוועזען מיין זאך, גלייך וויא עס וואלט זיך מיט מיר נאר ניט אנגעהערט. איז עס ניט א פערדראס? איז עס ניט א בעליידיגונג פאר א קראָנפּרינץ?

— דאס איז דאך דאס אונגליק מיט דער איצטיגער רעגיערונג, האט פּאָביעדאָ־נאסצאוו געזאגט ערנסט. זיא האט קיין סיסטעם, קיין פּלאן און קיינע ארדנונג. אט גיט מען דעם פאלק אלע פרייהייטען, אז עס שפּרינגט ארויס פון דיא אנלאבלעם און באלד זעהט מען, אז עס איז שלעכט און מען וויל עס צוריקחאפּען. זעלבסטפערשטענד־ליך, הויבט אן דאס פאלק צו בריקעווען און צו שלאגען זיך.

דיא געשיכטע מיט דיא סטודענטען איז געווים זעהר א טרויעריגע. קוים האבען דיא סטודענטען געמאכט א פּראָבע צו בעליידיגען זייערע בעאמטע, זייער העכסטען בעאמטען, זייער מיניסטער, און עס איז זיי אבגעלאפען גאנץ גלאט, וועלען זיי געווים עס שוין טהאן נאך אמאָל. דאס איז נאך גאר נישט. מיט סטודענטען קען מען שוין אויסקומען. ערגער איז דאס א שלעכטער ביישפּיעל אום אנשטעקענד. איינער קוקט אויפ'ן אנדערן און וויל איהם נאכטהאן. וואס וועט זיין, ווען דיא ארמעע, דיא סאָל־דאטען, וועלען זיך אָפּלערנען פון דיעזען ביישפּיעל און עס וועט זיי ארייגקומען אין קאָפּ אריין אויסצופּאטשען דעם קריעגס־מיניסטער? וואס וועט דאמאלס זיין?

און ווער איז שולדיג אין דעם אלעמען? — דיא איצטיגע רעגיערונג. מען האט אנגעהויבען צו בויען אוניווערזיטעטען אומעדום, מען נעהמט אויף אין דיא אוניווערזי־טעטען יעדען ניעדעריגען מענשען, ער מעג זיין דער זוהן פון א וואשפרוי, פון א מוזשיק פון אן ארימען ארבייטער. יעדען נעהמט מען אויף, יעדען גיט מען אלע רעכטע און פּריווילעגיען. רוסלאנד האט יעצט צופיעל שולען, צופיעל גימנאזיען, צופיעל אוניווער־זיטעטען. דער מוזשיק, וועלכער קומט אין אוניווערזיטעט, בלייבט א מוזשיק. ער ווערט ניט בעסער דערפון, וואס ער האט געלערנט. ער ווירקט נאך אויף דיא קינדער פון דיא אריסטאקראטען און פערדארבט זיי. דער מוזשיק איז ניט געוואינט צו פיינע מא־ניערען, צו א דיסציפּלינא און לערנט עס אויס דיא קינדער פון דיא אריסטאָקראטען. דיא רעגיערונג האט זיך ארומגעקוקט, אז זיא האט שלעכט געטהאן, וואס זיא האט געעפענט אזויפיעל שולען אין רוסלאנד און האט געוואלט צוריקחאפּען, בעשרענקען דיא צאהל פון דיא סטודענטען, ניט צולאזען יעדען אין אוניווערזיטעט. עס איז שוין אבער געווען צו שפּעט. דאס פאלק האט זיך א ווארף געטהאן אויף דיא שולען, וויא א הונגעריגער וואלף אויף א שטיק פלייש. דער ארימסטער האנדווערקער, דער ארימסטער מוזשיק, דיא אָרימסטע וואשפרוי, האט געוואָלט, אז איהר זוהן זאל ווערן א

דאָקטאָר, אַן אינזשינער, אַן אַדוואָקאַט און דערגלייכען. רוסלאַנד האט אנגעהויבען צו לערנען, זיך צו בילדען. דיא רעגיערונג וויל עס יעצט איינהאַלטען און צוריקנעהמען און זיא מאַכט דאדורך אונצופריעדענע. זיא מאַכט זיך שונאים.

ווער איז שולדיג? — דיא רעגיערונג אַליין.

— וואס וואָלט איהר דען געטהאן אין אזא פאַל? האט דער קראַנפּרינץ גע־פרעגט. איך פרעג עס אייך אַלס מיין לעהרער. מיר איז אינטערעסאַנט צו וויסען, וואס איך זאָל טהאן אין דיעזען פאַל, ווען איך וועל אַמאָל טראָגען דיא קרוין פון רוסלאַנד אויפ'ן קאָפּ?

— קייזערליכע האָהייט! האט פּאָביעדאָנאָסצעוו געענטפערט מיט א פרומער מינע. אין אַלע שווערע אַנגעלעגענהייטען, וואס וועלען אייך פּאַרקומען נעהמט אייך אַלס מוסטער אייער גראָספאָטער, דעם קייסער ניקאָלאַי I. דאס איז געווען א מאַ־נאַרך! דאס איז געווען א העררשער. אין זיין צייט זיינען אויך געווען ניהיליסטען. זיי האבען דאַמאָלס געהאט אַנאַנדער נאָמען. זיי האבען געהייסען דעקאַבריסטען, ווייל דעם ערשטען דעצעמבער (אויף רוסיש דעקאַבער) 1825, ווען דער קייסער אַלכּסנדר דער ערשטער איז פּלוצלונג געשטאָרבען, אָדער וויא אייניגע זאָגען, מען האט איהם פער־גיפטעט, האבען דיא רעוואָלוציאָנערן בעשלאָסען צו בענוצען דיא געלעגענהייט פון'ם קייסערס טויד, מאַכען א רעוואָלוציאָן און אויסרופען אין רוסלאַנד א רעפּובליק. זיי האבען צונעצווינגען דיא וואַך פון'ם קייסערליכען הויף צו זיך און האבען געמיינט, אַז קוים וועט דאס קייזערליכער שלאָס גאַטשינאַ זיין אין זייערע הענד, וועלען זיי קענען מאַכען פון רוסלאַנד, וואס זיי וועלען אַליין וועלען. זייער פּלאַן איז געווען א גאַנץ גר־טער. זיי האבען געהאַלטען פּעטערבורג אין דיא הענד און האבען געוואָלט מיט איין מאָל פערניכטען דיא גאַנצע פאַמיליע ראָמאַנאָוו און מאַכען פון רוסלאַנד א רעפּובליק, וויא אַמעריקא איז. עס וואָלט זיי געווים געלונגען. זיי האבען שוין געשיקט א באַנדע פערשווארענע צום שלאָס, וואו דיא גראָספירסטען האבען געוואוינט, זיי זאָלען זיי טויטען.

צום גליק, איז אַן אַלטער טרייער דיענער פון'ם גראָספירסט ניקאָלאַי פּאַוולאָ־וויטש דערפון געוואָהר געוואָרען און האט עס איהם געמעלדעט. דער גראָספירסט איז אַנטלאָפען דורך א הינטער טהיר און איין ראָק. ער האט קיין צייט געהאט אַנצוטהאָן זיין מאַנטעל. ער איז געלאָפען אין דער קאַזאַרמע, וואו דער ערשטער גוואַרדיע רעגי־מענט, איזמאַילאָווסקי פּאָלק, האט קוואַרטירט, און האט באַלד געהייסען פויקען א לאַרם. — „ביט טרעוואָגו!" האט ער בעפוילען.

דער אָפיציער פון דער וואַך, וועלכער האט פון דער רעוואָלוציאָן ניט געוואוסט, האט איהם אָנפאַנגס ניט געוואָלט פאָלגען. פויקען אַלאַרם הייסט צונויפרופען דאס גאַנצע מיליטער. דאס האט ער געקענט טהאָן נור אויף איין אויסדריקליכען בעפעהל פון'ם קייסער, אָדער פון'ם אָבער־קאָמאַנדירענדען (גלאַוונאָקאָמאַנדוויושטשי) דער גראָספירסט ניקאָלאַי אָבער האט איהם געזאָגט שטרענג:

— ווען דוא וועסט ניט באַלד הייסען פויקען אַלאַרם (טרעוואָגאַ) וועל איך עס אַליין טהאָן. איך וועל אַליין נעהמען דיא גרויסע פויק און וועל צונויפרופען אַלע טרייע און ערגעבענע דיענער פון דער פאַמיליע ראָמאַנאָוו.

דער אָפיציער האט ענדליך געמוזט נאכגעבען און האט געהייסען געבען דעם צייכען פון אן אלגעמיינעם אַלאַרם (טרעוואָגאם) עס זיינען זיך צונויפגעקומען נור צוויי רעגימענטער, דער איזמאַילאָווסקי און דער פּרעאָבראזשענסקי פאלק. אין דער זעלבער צייט האט מען געהערט אין אנאנדער טהייל פון פּעטערבורג פּויקען אַלאַרם. דאס זיינען געווען דיא מיאַטעזשניקעס, דיא רעוואָלוציאָנערן. אויף זייער רוף זיינען זיך צונויפגעלאפען אלע רעגימענטער, וועלכע האבען געוואוסט פון דער רעוואלוציאָן און האבען געהאלטען מיט דיא רעוואָלוציאָנערן.

אונטערדעסען איז געוואָרען טאג. דער גראָספירסט ניקאָלאַי האט געפיהרט זיינע צוויי רעגימענטער געגען דיא רעוואָלוציאָנערן. וואס האבען אבער געקענט טהאָן צוויי רעגימענטער געגען צוועלף? ווען דער גראָספירסט ניקאלאַי איז אנגעקומען אויפ'ן פּלאַץ, וואו דיא רעוואָלוציאָנערן האבען זיך פערזאמעלט מיט זייערע צוועלף רעגימענטער, האט ער זיינע סאָלדאַטען אויסגעשטעלט אין אַ ליניע און איז אליין ארויסגעטרעטען פאר זיי. ער האט אראָפּגעווארפען פון זיך זיין ראק, האט אויפגעריסען זיין העמד און האט זיך ארויסגעשטעלט מיט'ן נאַקעטען הארצען געגען דיא רעוואָלוציאָנערן.

— שיעסט! האט ער אויסגערופען צו דיא מיאַטעזשניקעס. שיעסט אייער קייסער! שיעסט, ציעלט מיר גלייך אין הארצען!

דיעזער מוטה, דיעזע אונערשראקענהייט און דיא דאנערענדע שטימע פון'ם גראָספירסט האבען געךעטעט דיא פאַמיליע ראָמאַנאָוו. דיא סאָלדאַטען האבען זיך אזוי דערשראקען פאר איהם, זיינען געווארען אזוי איבערראשט, אז זיי האבען אוועקגעוואָרפען זייערע ביקסען און זיינען געפאלען פאר איהם אויף דיא קניע.

— נעהמט אייערע ביקסען און קומט צו מיר! האט ווייטער געדונערט דער גראָספירסט ניקאָלאַי.

דיא סאָלדאטען פון דיא רעוואָלוציאָנערן האבען באלד געחאַפּט זייערע ביקסען, זיינען אריבערגעגאנגען אין זיין זייט און האבען וויא מיט איין קול אויסגעשריען:

— עס לעבע אונזער קייסער ניקאָלאַי דער ערשטער!

דאס איז אין קורצע ווערטער דיא געשיכטע, וויא אייער גראָספּאָטער, דער קייסער ניקאָלאַי I איז געווארען קייסער אין רוסלאַנד. ער איז געווען דער צווייטער זוהן פון'ם קייסער פּאַוועל. דער קראָנפּרינץ, דער נאסליעדניק, איז גאר געווען קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש. ער וואלט געדארפט ווערן קייסער נאך פּאַוועלס טוידט. דאס רוסישע פאָלק אָבער האָט געוואוסט צו שעצען דעם מוטה, דיא אונערשראָקענהייט אין דעם שטאלצען גייסט פון קייסער ניקאָלאַי און האט איהם אנערקענט אלס קייסער.

דיא קראָנפּרינצעסין האט אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאם דיא געשיכטע, וויא אזוי דער קייסער ניקאָלאַי I איז ארויף אויפ'ן רוסישען טראָהן. זיא האט צוואָר געלערנט דיא רוסישע געשיכטע, ווען זיא איז געווען אַ קינד, און זייט זיא איז געווען פערלאָבט מיט'ן רוסישען קראָנפּרינץ, האט זיא זיך אויסגעלערנט רוסיש רעדען און האט געלעזען דיא געשיכטע פון דער רוסישער קייזער פאמיליע ראָמאַנאָוו אין רוסישע ביכער. אבער אין רוסלאנד טאר מען ניט שרייבען, וויא מען וויל. דיא ווארהייט צו שרייבען איז

שטרענג פערבאָטען. מען מוז אלעס פערציערען, פערפּוצען און פערגלעטען. זיא האט עס געהערט צום ערשטען מאל, אז דער קייסער ניקאָלאַי איז ניט געווען קיין קראַנפּרינץ; עס איז ביי איהר געווען א נייעס, אז דיא דעקאבריסטען האבען געוואָלט פערניכטען דיא גאנצע פאמיליע ראָמאַנאָוו און אויסרופען אין רוסלאנד א רעפּובליק; עס איז ביי איהר נעווען א נייעס, אז דיא דעקאַבריסטען זיינען געווען פיעל שטארקער און פיעל פּאָרברייטערטער פון דיא ניהיליסטען. דער קייסער ניקאלאַי איז מיט א מאל גרויס געוואָרען אין איהרע אויגען.

— דאס הייסט א מאָנארך! האט זיא אויסגערופען. דאס הייסט א קייסער! אזוי דארף זיין, ווען מען וויל טראגען א קרוין אויפ'ן קאָפּ, דארף מען קעמפּפען פאר איהר, זיא נעהמען מיט געוואלד!

זיא האט זיך דאן געווענדעט צו פּאביעדאנאסצאווין און האט איהם געזאגט:

— דערצעהלט ווייטער, ליעבער געהיימראטה (טאַיני סאָוויעטניק), וואס דער קייסער ניקאָלאַי האט געטהאן. עס איז זעהר אינטערעסאנט. פּון אזא גרויסען קייסער קען מען זעהר פיעל לערנען.

— וואס זאל איך ווייטער דערצעהלען? עס איז ניטא פיעל וואס צו דערצעהלען. קוים זיינען דיא סאלדאטען פון דיא רעוואלוציאנערן איבערגעגאנגען צו איהם, האט ער ארויסגעשיקט קוריערן און עסטאפעטען אין אלע זייטען, זיי זאלען מעלדען, אז ער איז געווארען קייסער און אז דיא גאנצע רוסישע ארמעע זאל זיך צונויפקומען קיין פּעטער־בורג. ביז פארנאכט זיינען געשטאַנען אין פּעטערבורג פינף און צוואנציג רעגימענטער, אלע טרייע און ערגעבענע סאלדאטען, וועלכע זיינען געווען בערייט צו אָפּפערן זייער לעבען פאר זייער קייסער. מיט אזא מאַכט איז דער קייסער ניקאלאי שוין געווען זיכער, אז זיין טראָהן איז פעסט.

יעצט האט ער אנגעהויבען צונויפצוזוכען דיא מיאַטעזשניקעס (רעוואָלוציאָנערן) און זיי בעשטראַפען. דיא הויפּט רעדעלפיהרער, האט מען נאך אין דעם זעלבען טאג געחאַפּט און מען האט זיי געהאנגען. פיעלע אנדערע האט מען געקנוטעוועט (געשמיעסען מיט דער קנוטע) זיי אויסגעריסען דיא נאזלעכער („נאזדרעוואט" הייסט עס אויף רוסיש) און מען האט זיי פערשיקט קיין סיביר. אין דריי טאג איז אין רוסלאנד ניט געווען ניט א י י ן דעקאַבריסט.

איך קען אייך נאך דערצעהלען, אז דער קייסער ניקאלאי איז דיא ערשטע דריי מעת לעת, אדער צוויי און זיעבעציג שטונדען, וואס ער איז ארויף אויפ'ן טראָהן, ניט געשלאפען און ניט גערוהט. ער איז ענטוועדער ארומגעפאהרען אויפ'ן פערד בעגעגנענען דיא רעגימענטער, וועלכע זיינען אנגעקומען קיין פּעטערבורג יעדע שטונדע, אדער ער איז געזעסען לעבען זיין שרייב־טיש און האט געשריעבען בעפעהלע און מאניפעסטען. ער איז געוואָרען אזוי מיעד, אז אויפ'ן דריטען טאג איז ער אניעדערגעפאלען און איז אפּגעשלאפען פיער און צוואנציג שטונדען נאך אנאנד.

פּאביעדאנאסצאוו האט געענדיגט זיינע ערצעהלונג, וועלכע האט געמאַכט אויף אלעמען א טיעפען איינדרוק. זיא האט זעהר געפּאסט צו דער לאגע, אין וועלכע דער קראנפּרינץ האט זיך יעצט געפונען. אייניגע מינוטען האט געהערשט א טיעפע שטילקייט.

יעדער איז געווען בעשעפטיגט מיט זיינע געדאנקען. יעדער האט געטראכט פאר זיך. ענדליך האט זיך דער קראַנפּרינץ געווענדעט צו פּאָביעדאָנאָסצאָוו און האט איהם געזאגט:

— איך דאנק אייך מיין ליעבער לעהרער, פאר דיעזע קליינע געשיכטע. איך וועל זיא ניט פערגעסען און וועל מיך בעשטרעבען נאכצוטהאן מיין גרויסען און בעריהמטען גראספאטער, דעם קייסער ניקאלאי I אין אלע וויכטיגע פעלע, וועלכע וועלען פארקומען אין מיין לעבען. איהר האט אבער פערגעסען מיר צו זאגען, וואס וואלט קייסער ניקאלאי געטהאן אין אזא פאל, וויא דיא סטודענטען אונרוהען גענען דעם מיניסטער פון דער פאָלקסאויפקלערונג?

— אויך אין דיעזען פאל קענען אייערע קייזערליכע האהייט זעהר פיעל לערנען פון איהם. קייסער ניקאלאי I איז אליין געווען אלעס. ער האט געהאט מיניסטארען, אבער ער איז אליין געווען מיניסטער. קיין מיניסטער האט ניט געטאָרט טהאן דיא קלענסטע זאך אהן זיין וויסען. ער אליין פלעגט שרייבען זיינע בעפעהלע. ער אליין פלעגט אויסטראכטען זיינע אוקאזען. זיינע מיניסטאָרען זיינען געווען נור זיינע שרייבערס, ווייטער גאר נישט.

אין יענער צייט האָט געלעבט אין רוסלאַנד א בעריהמטער דיכטער און שרייבער מיטן נאמען אלכסנדר פּושקין, וועלכער איז געווען זעהר בעליעבט ביים פאָלק. אלע פלעגען לעזען זיינע ווערקע מיט פערגניגען. פּושקין פלעגט זיך אמאל ערלויבען צו קריטיקירען דיא רעגיערונג. איהם פערביעטען, ער זאל ניט שרייבען, האט דער קייסער מורא געהאט. לאזען איהם שרייבען, וואס ער האט געוואָלט, האט מען אויך ניט געקענט. — וואס האט געטהאן קייסער ניקאָלאי? ער האט איהם געמאכט פאר זיין קאמער־הערר און אלעס, וואס פּושקין האט אָנגעשריעבען, האט ער געמוזט ווייזען דעם קייסער. דער קייסער איז געוואָרען דער צענזאר אין זיין לאַנד פון זיינע שרייבערס. זעלבסטפערשטענדליך, אז פּושקין האט שוין גאר ניט געקענט שרייבען גענען דיא רעגיערונג. אזוי דארף טהאן א רוסישער קייסער. ער דארף זיין אלעס. ער דארף זיך אריינמישען אין יעדע זאך; ער דארף אויף אלעם אכטונג געבען און איבעראל אויסטהיילען זיינע בעפעהלע. נור אזוי קען מען בעהערשען רוסלאַנד.

דיא קראַנפּרינצעסין האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט געוואָרפען א לאַנגען בליק אויף איהר מאַן. דער בליק האט געזאגט דייטליך: געדענק, וואס מען זאגט דיר! מען האט דיר יעצט געגעבען א וויכטיגע לעקציאָן, וויא אזוי צו הערשען און וויא אזוי צו רעגיערען אין רוסלאַנד. פערצייכען דיר יעדעס וואָרט. עס וועט דיר צוניץ קומען שפּעטער.

## 101טעס קאַפּיטעל.

## מוטער און שוועסטער.

מיר מוזען זיך אומקעהרען אביסעל צוריק, צו דער צייט, ווען יעליסאַוועטא איז אוועקגענאַנגען פון׳ם גראַספירסט קאָנסטאַנטינ׳ס פּאַלאַץ. זיא איז געווען זיכער, אז דער גראַספירסט וועט שוין אויסווירקען ביים קייסער, אז ער זאל צוריקרופען דעם מאַדעס אורטהייל איבער וולאַדימירן. זיא איז געווען אזוי מיעד און אזוי אויפגערעגט,

אז וויערא האט זיא קוים ארויסגעפיהרט פון פאלאץ און האט זיא ארויפגעזעצט אויף א דראָשקע. וויערא האט זיא געפרעגט, וואו זיא האט קווארטיר און יעליסאוועטא האט איהר געגעבען דזשעפערסאָנ'ס אדרעסע. דערביי האט וויערא איהר צוגעזאגט, אז זיא וועט איהר מעלדען אלעס, וואס עס וועט פאָרקומען מיט וולאדימירן.

יעליסאוועטא איז אוועקגעפאהרען אויף איהר קווארטיר, איז באלד אריינגע־גאנגען אין איהר צימער און איז אניעדערגעפאלען אויפ'ן דיוואן, וויא א טוידטע. זיא האט זיך ניט געקענט ריהרען פון מיעדיגקייט און פון אלעס, וואס זיא האט היינט דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט. דזשעפערסאָן האט געשיקט פרעגען, אויב זיא וויל עפּעס, אויב זיא דארף עפּעס און האט ערהאלטען דיא קורצע אנטוואָרט, אז זיא דארף נור רוהע. ער האט איהר מעהר ניט געשטערט.

דעם אנדערען טאג אין דער פריה האט זיא דערצעהלט דזשעפערסאָן אלעס, וואס געכטען איז מיט איהר געשעהן. זעלבסטספערשטענדליך, האט זיא איהם ניט דערצעהלט, אז וולאדימיר איז דעם גראָספירסט'ס זוהן. דערביי האט זיא איהם געבעטען, ער זאל געהן אין פעטרא־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט געוואהר ווערן, וואס עס איז געשעהן מיט וולאדימיר'ן.

— איך דארף דארט אלענפאלס זיין, האט דזשעפערסאָן געזאגט, איך האב דארט נאך א געשעפט צו בעזארגען.

— איך וואלט אויך מיט אייך געגאנגען, האט זיא געזאגט פערטראכט. איך ווייס אָבער ניט, אויב עס איז גלייך.

זיא האט זעהר געוואלט געהן און הערען, וואס עס איז געשעהן מיט וולאדימירן; זיא האט זיך אבער איבערלעגט, אז זיא קען דארט טרעפען דעם גראָספירסט קאָנ־סטאנטין. דאס האט זיא אויף קיין פאל ניט געוואלט. זיא האט זיך מעהר ניט גע־וואלט מיט איהם בעגעגענען. זיא האט געפיהלט, אז זיא וועט עס ניט אויסהאלטען, בעזאנדערס יעצט, ווען זיא איז געוואָהר געווארען, אז ער ליעבט זיא נאך, אז ער האט נאר ניט אויפגעהערט זיא צו ליעבען, אז ער האט שווער געליטען דיא גאנצע צייט, וואס מען האט זיי אזוי גרויזאם, אזוי אונבארמהערציג צו שיידט. וואס פאר געפיהלע, וואס פאר טרויעריגע געדאנקען האבען צוריסען דאס הערץ פון דיעזער אונגליקליכער, געפלאגטער פרוי? — מיר קענען עס ניט בעשרייבען. אונזערע פעדער ענטזאגט זיך צו שילדערן דיא לאגע פון דיעזער פרוי.

דזשעפערסאָן איז אוועקגעפאהרען אין פעטרא־פּאוולאָווסקי קרעפּאָסט. וויא ערשטוינט איז ער אבער געווען, ווען דער קאָמענדאנט האט איהם היינט עמפפאנגען זעהר קאלט און האט איהם געזאגט קורץ און שארף.

— היינט קענט איהר ניט זעהן דעם ארעסטאנט ראטשינסקי.

דזשעפערסאָן איז געווארען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן. ער האט געמיינט, אז מען האט שוין וולאדימירן אויפגעהאנגען, אז ער איז שוין אויף דער וועלט ניטא. מיט פיעלער מיהע און מיט פיעל געלד איז עס איהם ענדליך געלונגען ארויסצוקריגען פונ'ם קאָמענדאנט, אז וולאדימיר לעבט, אז דער קייסער האט צוריק־גערופען דעם טאָדעס־אורטהייל. ער האט אָבער ערהאלטען א שטרענגען בעפעהל, אז

ער זאל קיינעם ניט צולאזען. עס מעג קומען זאגאר איינער פון דער קייזערליכער פאַמיליע. דאס איז אלעס, וואס ער האט געקענט ארויסקריגען פון קאמענדאנט. מעהר האט דער קאָמענדאנט אליין ניט געוואוסט, אדער ער האט ניט געוואלט זאגען.

דזשעפערסאָן איז געקומען א היים און האט דערצעהלט יעליסאַוועטאַ'ן, וואס דער קאָמענדאנט האט איהם געזאגט.

— דאס לעבען האט ער איהם געשענקט, האט זיא געזאגט טרויעריג און דאך האלט מען איהם געפאנגען. דאך לאזט מען קיינעם צו איהם ניט צו, זאגאר זיין פאַטער וויל מען צו איהם ניט צולאזען. אזוי האנדעלט מען אין „הייליגען" רוסלאנד! אזוי צושיידט מען א פאָטער פון א קינד, א מאן פון א פרוי, א געליעבטען פון זיין געליעבטער.

איהר איינציגע טרייסט, איהר איינציגע האפנונג איז געוועזן דיא פרינצעסין וויערא. זיא איז געוועזן זיכער, אַז דיא פרינצעסין וועט געוויס קומען אָדער זיא וועט איהר שיקען זאגען, וואס עס הערט זיך מיט וולאַדימיר'ן. זיא איז געוועזן פעסט איבערצייגט, אז דיא פרינצעסין וויערא וועט האלטען איהר ווארט. זיא האט געפונען אין דער פרינצעסין א גוטע, עדעלע פרוי, וועלכע ליעבט וולאַדימיר'ן מעהר אלס א שוועסטער.

דזשעפערסאָן איז אוועקגעפאהרען צו זיך אין קאנטאָר. וואס ער האט געקענט, האט ער געטהאן פאר יעליסאַוועטאַ'ן. מעהר איז ער ניט אים שטאנד. יעליסאַוועטא איז געבליעבען אליין און האט געוואַרט אויף נאכריכט. איין שטונדע נאך דער אנדערער אָבער זיינען פערפלאָסען און קיינער איז ניט געקומען. יעליסאַוועטא איז געווארען אונרוהיג. זיא האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וואס דאס זאל בעדייטען. זיא האט זיך געזעצט, זיא איז אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט געקוקט אויף דער גאס — קיינע נאכריכט!

עס איז געוואָרען צוויי אוהר און זיא האט אלץ קיינע נאכריכט ניט ערהאלטען. זיא האט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען.

— עפּעס איז געשעהן, ווען קיינער קומט ניט, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. וויערא וואָלט געוויס געקומען, ווען זיא זאל האבען א גוטע נאכריכט. ווען זיא קומט ניט, איז געוויס.... איך מוז אלעס וויסען! איך מוז וויסען! האט זיא ענדליך אויסגערופען.

זיא האט אויף זיך געחאפּט, וואס זיא האט געטראָפען ביי דער האנד און איז ארויסגעלאָנגען אויף דער גאס, וואו זיא האט גענומען דיא ערשטע דראָשקע, וועלכע זיא האט בעגעגענט און איז צוגעפאהרען צום פּאלאַץ פון גראָספירסט קאָנסטאנטין. זיא האט געפרעגט אויפ'ן גראָספירסט.

— ער איז ניטאָ אין דער היים, האט מען איהר געענטפערט.

זיא האט געבעטען, מען זאל זיא מעלדען דער פרינצעסין וויערא. דא האבען זיך אנגעהויבען אנדערע שוועריגקייטען. דער קאמער־העררר פון דער וואך האט קיין רעכט ניט צו מעלדען א בעזוכער צו דער גראָספירסטין אָדער דער פרינצעסין. יעדער רוסישער פרינץ, יעדע פרינצעסין האט איהרע מענשען, איהרע דיענער, איהרע בעזונ־

דערע האָפּדאַמען, אָדער וויא מען רופט עס אין דער אריסטאָקראַטישען וועלט — איהר איינענעם האף שטאאט.

דיא אונגליקליכע יעליסאַוועטא האט געמוזט דורכמאכען אלע צערעמאָניעס, בעטען זיך ביי יעדער לאקיי, ביי יעדען האף דיענער, ביז עס איז איהר ענדליך געלונ־גען, אז דיא גרעפין אננא פּאוולאָוונא, דיא ערציעהרין און ערשטע האף דאמע פון דער פּרינצעסין וויערא, איז ארויסגעקומען און האט איהר געזאגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך קען אייך היינט ניט מעלדען ביי דער פּרינצעסין: זיא איז קראנק.

— קראנק? האט יעליסאַוועטא געפרעגט פערוואונדערט. איך האב דאך מיט איהר ערשט נעכטען גערעדט; ערשט נעכטען האט זיא מיך געבעטען, איך זאל זיא אמאל בעזוכען.

— נעכטען איז זיא געזונד געוועזען און היינט איז זיא קראנק, האט דיא האף דאמע געענטפערט קאלטבליטיג.

— גוטע פרוי! האט געבעטען יעליסאַוועטא און טרערין האבען זיך איהר גע־שטעלט אין דיא אויגען. — גוטע פרוי! איך האף, אז דיא פּרינצעסין איז ניט אזוי שטארק קראנק, אז זיא זאל שוין גאר ניט קענען רעדען מיט מיר א פּאָר ווערטער. ליעבע, גוטע פרוי! זאגט איהר, אז וולאדימיר ראטשינסקי׳ס מוטער שטעהט ביי דער טהיר און בעט, אז מען זאל זיא אריינלאָזען. זיא וויל רעדען מיט איהר נור א פּאָר ווערטער.

— וולאדימיר ראטשינסקי׳ס מוטער? האט איבערגעפרעגט דיא גרעפין אננא פּאוולאָוונא.

דיא ווערטער „וולאדימיר ראטשינסקי“ האבען אויף איהר געווירקט, וויא א צויבער. זיא האט געליעבט וולאדימירן און האט איהם אמאל געזאגט:

— וואס מיט אייך וועט פּאסירען אין לעבען, קוים וועט איהר אמאל דארפען א פריינד, זאלט איהר קומען צו מיר.

און יעצט שטעהט וולאדימירס מוטער פאר איהר, דיא מוטער פון איהר געליעב־טען; דיא מוטער פון דעם מענשען, וועלכען זיא ליעבט אזוי שטארק. — זיא האט צוואר נאך ניט געוואוסט, אז וולאדימיר אין וויערא׳ס ברודער, זיא האט אָבער געוואוסט, אז נאך דעם וואס איז געשעהן, איז עס אונמעגליך, אז וויערא זאל הייראטהען וולאדימירן. אין איהר הערצען האט ערוואכט דיא ליעבע צו וולאדימירן און א שיין פון האפנונג, אז וולאדימיר וועט נאך אמאל קענען ווערן איהרער.

יעצט האט זיא געקוקט מיט אנדערע אויגען אויף דיא טרויעריגע פרוי, אנגע־טהאן אין שווארצען מיט א שווערען, שווארצען שלייער אויפ׳ן געזיכט, וועלכע בעט און וויינט, אז מען זאל זיא צולאזען צו דער פּרינצעסין וויערא. זיא איז אָבער געוועזען שטארק גענוג אום ניט צו ווייזען, וואס זיא פיהלט.

— ווארט א ווײַלע, מאדאם ראטשינסקאיא, האט זיא איהר געזאגט. איך וועל אייך באַלד מעלדען און וועל זעהן, אז דיא פּרינצעסין זאל אייך אויפנעהמען.

דיא פּרינצעסין וויערא איז ווירקליך קראנק געוועזען. זיא האט אין דיא לעצטע

עטליכע טעג אזוי פיעל איבערגעליטען, אזוי פיעל דורכגעפיהלט און איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז זיא איז ווירקליך קראנק געווארען. דער הויף דאקטאר, פראפעסאר באטקין, וועלכען מען האט באלד גערופען צו איהר, האט ערקלערט, אז דערווייל ווייס ער נאך ניט, וואס פאר א קראנקהייט עס איז, עס ווייזט איהם אבער אויס, אז ביי דער פרינצעסין איז אויסגעבראכען א נערווען פיעבער. ער האט איהר עפעס פערשריע־בען און האט שטרענג אנגעזאגט, אז זיא זאל זיך פערהאלטען גאנץ רוהיג. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס מען האט יעליסאוועטא'ן ניט געוואלט אריינלאזען.

דיא גרעפין אננא פאוולאוונא איז דאהער פארזיכטיג אריינגעקומען צו איהר אין צימער און האט איהר דערצעהלט, אז א פרוי בעט זעהר, מען זאל זיא אריינלאזען. זיא האט מיט איהר עפעס נייטיגעס צו רעדען. קוים האט עס ווערא דערהערט, אז זיא אויפגעשפרונגען פון איהר געלעגער.

— דאס איז יעליסאוועטא! דאס איז וולאדימירס מוטער! פיהר זיא אריין!

דיא גרעפין האט אריינגעפיהרט יעליסאוועטא'ן אין צימער, וואו דיא פרינצעסין ווערא איז געלעגען. יעליסאוועטא האט א בליק געטהאן אויף ווערא'ן און האט זיך דער־שראקען: איהר געזיכט האט געפלאמט, איהרע אויגען זיינען געווען רויט. זיא האט געהאט היץ. זיא איז צוגעגאנגען צו איהר, האט זיא ארומגענומען און האט איהר א קוש געטהאן אויף איהרע פערברענטע ליפען. ווערא האט זיך אויפגעהויבען, איז איהר געפאלען אויף דער ברוסט און איז געבליעבען העגגען אויף איהר האלז.

— ער לעבט! האט זיא אויסגערופען. ער וועט לעבען! איך אליין האב איהם געבראכט דעם אוקאז פון'ם קייסער, אין וועלכען ער רופט צוריק זיין טאדעס אורטהייל.

— איך דאנק דיר, מיין גוטע, מיין ליעבע ווערא! האט יעליסאוועטא געזאגט און גרויסע טרערין האבען זיך געקייקעלט אויף איהרע בלייכע באקען.

זיא האט מעהר ניט גערעדט, זיא האט מעהר ניט געפרעגט. זיא האט ניט געוואלט אויפרעגען דיא קראנקע ווערא. זיא האט זיא לאנגזאם און פארזיכטיג צוריק געלעגט אויף דיא זיידענע קישענס.

— זייט רוהיג, מיין קינד, איהר וועט באלד געזונד ווערן, וועלען מיר מעהר רעדען איבער אונזער וולאדימיר, האט זיא איהר געזאגט און האט געמאכט א מינע, אז זיא וויל שוין אוועק געהן.

— בלייבט ביי מיר! האט ווערא געבעטען. עס איז מיר פיל לייכטער, ווען איהר זייט דא, ווען איהר זיצט לעבען מיר. לעגט מיר ארויף אייער האנד אויפ'ן שטערן.... אזוי! יעצט איז מיר בעסער! יעצט איז מיר לייכטער!....בלייבט, ליעבע מוטער! בלייבט! איך בעט אייך!

יעליסאוועטא האט זיך ניט געקענט אוועקרייסען פון איהר. זיא איז געבליעבען שטעהן לעבען איהר בעט און האט געהאלטען איהרע הענד אויף ווערא'ס ברענענדען שטערן.

דיא האף־דאמע גרעפין אננא פאוולאוונא איז געווען אין פערצווייפלונג. זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן אין אזא פאל. זיא האט זעהר געוואלט, אז יעלי־סאוועטא זאל בלייבען ביי דער פרינצעסין. זיא האט געהערט, אז זיי האבען פיעל צו

רעדען איבער וולאדימיר'ן און האט פערשטאנען, אז דא איז דא עפּעס א געהיימניס, וועלכעס קען איהר געוויס נוצען. זיא האט זעהר געוואָלט וויסען אלעס איבער וולאדי־מיר'ן. זיא האט אבער ניט פערגעסען, אז זיא איז א הויף־דאמע און דיא עטיקעטע (דיא הויף צערעמאָניע) ערלויבט ניט, אז א פרעמדע פרוי זאל זיך געפינען ביי דער פּרינצעסין אהן ערלויבניס פון איהר פאטער. זיא האט געוואוסט, וויא שטרענג דיא עטיקעטע איז אין רוסישען הויף. זיא קען דערפאר בעשטראפט ווערן. מען קען איהר אפזאגען פון איהר אמט. מען קען זיא זאגאר ארעטירען פאר אזא פערברעכען. — וואס טהוט מען יעצט?

— קייזערליכע האהייט, האט זיא געזאגט דער פּרינצעסין, עס פרעהט מיך זעהר, וואס איהר פיהלט אייך בעסער, ווען דיעזע גוטע פרוי זיצט לעבען אייך, עס איז אבער נעגען דיא האָף־עטיקעטע. זיא קען דא לאנג ניט בלייבען. זיא מוז אוועקגעהן. אזוי פאָרדערט דיא עטיקעטע.

— איך וויל ניט וויסען פון קיין עטיקעטע! האט וויערא געשריען. דיעזע גוטע פרוי זאָל בלייבען. איך וויל אזוי! איך הייס אזוי!

דיא האָף־דאמע איז געווען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. זיא האט מורא געהאט אויפצורעגען דיא קראנקע וויערא. פּראָפעסאָר באָטקין האט איהר אליין שטרענג אנגעזאגט, אז זיא מוז זיין פּאָלשטענדיג רוהיג. וואס טהוט מען אלזא? זיא האט זיך געווענדעט צו יעליסאוועטאן און האט איהר געווינקען, אז זיא זאָל בעטען וויערא'ן, זיא זאָל איהר ערלויבען א היים צו געהן. יעליסאוועטא אבער האט זיא ניט פערשטאנען אדער זיא האט ניט געוואָלט פערשטעהן, אדער זיא האט ווירקליך ניט געוואָלט איבערלאזען דיא קראנקע אליין. זיא האט זיך ניט אומגעקוקט אויף דיא צייכענס, וואס דיא גרעפין האט איהר געמאכט און איז געבליעבען.

דיא האָף־דאמע האט געזעהן, אז דאָ וועט איהר גאר ניט העלפען און זיא האט זיך ענטשלאסען, זיא זאָל עס מעלדען דעם גראספירסט. זיא איז געגאנגען אין זיין קאַבינעט און האט געבעטען דעם קאמערהערר, ער זאָל זיא מעלדען. דער קאמערהערר האט איהר געזאגט, אז דער גראספירסט איז ניטא אין דער היים, ער איז היינט אין דער פריה אוועקגעפאהרען צום קייסער און איז נאך ניט צוריקגעקומען. איבעריגענס, ערוואַרטעט מען איהם יעדע מינוט. ער מוז באלד קומען. עס איז שוין שפּעט און ער האט נאך קיין מיטאג ניט געגעסען. ער איז שטענדיג פּינקטליך צום מיטאג. עס מוז זיין עטוואס בעזאָנדערס, וואס האט איהם אויפגעהאלטען.

עס איז שוין ווירקליך געווען גאנץ שפּעט. עס איז געוואָרען פינסטער און דיא דיענער האבען שוין אנגעהויבען אנצוצינדען דיא גרויסע לאנטערנעס פארן פּאלאץ און אין דיא קאָרידארען.

דיא האָף־דאמע האט זיך ענטשלאָסען צו וואַרטען, ביז דער גראָספירסט וועט קומען. דאס איז אבער געווען ניט אזוי לייכט. עס איז פערגאנגען א האלבע שטונדע, א שטונדע און ער איז אלץ ניטאָ. זיא האט געמוזט צוריקגעהן אין וויערא'ס צימער, זעהן, וואס דיא קראנקע טהוט. יעליסאוועטא איז נאך אלץ געזעסען ביי איהר און האט געהאלטען וויערא'ס הענד. דיא גרעפין אננא פּאוולאָווגא איז צונעקומען נעהנטער

און האט דערזעהן מיט שרעק, אז וויערא'ן איז געוואָרען ערגער. דיא היץ איז געוואָרען שטארקער און זיא האט אנגעהויבען צו קרעכצען. זיא האט געוואָלט ארויסגעהן און הייסען א דיענער, ער זאָל באלד רופען דעם דאָקטאָר, ווען דיא טהיר האט זיך שטי־לערהייט געעפענט און דער גראספירסט קאנסטאנטין איז שטילערהייט אריין אין צימער.

אין צימער איז געווען האלב דונקעל. אויפ'ן טיש האט געברענט א גרויסער לאָמפ מיט א ראָזא קוגעל, וועלכער האט געדעמפפט דיא ליכטיגקייט פון'ם העלען לאָמפ. דער גראספירסט איז שטילערהייט צוגעגאנגען צום בעט, וואו וויערא איז גע־לעגען. ער האט געזעהן א פיגור זיצען לעבען בעט און האט געמיינט, אז דאס איז דיא גרעפין אננא פאוולאוונא אדער איינע פון דיא קאמער־מעדכען.

— וואס מאכסט דוא, ליעבע וויערא? האט ער געפרעגט און האט זיך אנגע־בויגען צום בעט.

באלד איז ער אפגעשפרונגען, וויא אן עלעקטרישער שלאג וואלט איהם גע־טראָפען. ער האט דערזעהן יעליסאוועטא'ס בלייכעס געזיכט, וויא זיא זיצט און האלט וויערא'ס הענד.

— דוא ביסט עס, יעליסאוועטא? האט ער אויסגערופען. דוא ביסט געקומען ארומגעהן ארום מיין קראנקעס קינד?

— לאז זיא דאָ בלייבען, האט וויערא געבעטען מיט א שוואכער שטימע. ערלויב איהר, פאָטער, זיא זאָל דאָ בלייבען. מיר איז בעסער, ווען זיא איז דאָ, ווען זיא לעגט מיר ארויף דיא הענד אויפ'ן שטערן. דיא גרעפין וויל עס ניט ערלויבען.

ערשט יעצט האט זיך דער גראספירסט אומגעקוקט און האט דערזעהן דיא גרעפין אננא פאוולאוונא שטעהן אין א ווינקעל, לעבען בעט. דיא גרעפין האט גע־שוויגען. זיא האט דאָ געחאפט א וואָרט, וועלכעס האט איהר זעהר פיעל געזאגט.

דעם טאָן מיט וועלכען דער גראספירסט האט גערעדט צו יעליסאוועטא'ן, דאס וואָרט „דוא" האט איהר דייטליך געזאגט, אז יעליסאוועטא איז ניט קיין פרעמדע, אז דער גראספירסט קען זיא, אז......

זיא האט ווייטער ניט געקענט טראכטען, ווייל אין דיעזע מינוט האט איהר דער גראספירסט געגעבען א צייכען, אז זיא זאָל ארויסגעהן. ער איז באלד געקומען צו זיך און האט איינגעזעהן, אז א פרעמדע איז דאָ איבעריג.

— איך בין עס, האט יעליסאוועטא געזאגט, ווען דיא גרעפין איז ארויסגעגאנגען. איך בין געקומען ווענען וולאדימיר'ן און האב געפונען וויערא'ן קראנק.

— לאז זיא דא בלייבען, פאטער! האט ווייטער וויערא געבעטען.

— זיא וועט בלייבען ביי דיר, מיין ליעבעס קינד, האט דער גראספירסט געזאגט גערירהרט. — אך, וויא גליקליך וואלט איך געווען, ווען זיא וואלט קיין מאָל ניט געווען אוועקגעריסען פון מיין זייט.

ער האט זיך געווענדעט צו יעליסאוועטא'ן און האט איהר געזאגט מיט א ווייכער, ריהרענדער שטימע:

— עס איז אונז שוין אזוי בעשערט צו זעהן זיך אין טרויעריגע מינוטען פון

אונזער לעבען, יעליסאוועטא. לאָמיר עס איבערטראגען מיט געדולד! לאָמיר האָפען אויף בעסערע צייטען.

יעליסאוועטא האט שטילערהייט א זיפץ געטהאן. פאר איהר איז שוין קיין האָפ־נונג ניטאָ. אויף וואס קען זיא האָפען? וואס קען זיא נאך ערווארטען אין לעבען?

ווען דיא עלטער קומט און נעהמט אונז ארום מיט איהרע אייז־קאַלטע הענד; ווען אלע פריידען, אלע פערגניגען פון׳ם לעבען הויבען אן צוביסלעכווייס צו פערליערען זייער ווערטה פאר אונז; ווען דיא גרינע בלעטער פון דער האָפנונג פערוועלקען און פאלען אראָפּ איינער נאכ׳ן אנדערן; ווען דער ווינטער פון׳ם לעבען קומט אן און בע־דעקט אונזער קאָפּ מיט זיין ווייסען שנעע און פראָסט — דאן בלייבט אונז איין איינ־ציגער אנקער, און וועלכען מיר האלטען זיך — אונזערע קינדער. מיר לעבען וויעדער אויף אין זיי; מיר זעהן אונז וויעדער יונג אין זיי; מיר קוקען אויף זיי און דערמאָנען זיך אן אונזערע יונגע יאהרען. זייער געלעכטער, זייער פרייד, זייער פערגניגען ברענגט אונז צוריק בילדער פון אונזער יוגענד, וועלכע דערוואַרעמען אונזער הערץ און מאכען אונז פערגעסען, אז באלד, באלד וועלען מיר אראָפּגעהן אין אן אייביגע נאכט און אָפּ־טרעטען דעם פלאַץ פאר זיי.

וואס האט דיא אונגליקליכע יעליסאוועטא געקענט ערווארטען נאך אין לעבען? איהר קינד, איהר איינציגעס קינד.... ווער ווייס, וואס פאר א שיקזאל עס איז פאר איהם בעשטימט? ווער ווייס, וואס דיא טיראַניי האט בעשלאסען צו טהאן מיט איהם?

דער גראַספירסט קאנסטאנטין האט געפיהלט איהר זיפץ. ער אליין איז געווען אים שטאנד זיא צו פערשטעהן. ער האט געוואוסט, וויא טיעף געקרענקט און בעליי־דיגט דיעזע פרוי איז געווען. עס איז דאָך דיא איינציגע פרוי, וועלכע ער האט א מאל געליעבט, וועלכע ער ליעבט נאך יעצט.

— זיי רוהיג, יעליסאוועטא, האט ער געבעטען. וולאַדימיר איז פערשיקט קיין סיביר. ער וועט אבער ניט ארבייטען. ער איז פערשיקט „וואָלנאָיע פּאָסעלעניע“ (אלס קאָלאָניסט) איך בין געקומען אבשיעד נעהמען פון מיין וויעראַ׳ן און מאכען איינינע פעראָרדנונגען אין דער היים. מארגען פריה פאהר איך קיין סיביר. איך אליין וועל איהם פערזארגען. איך אליין וויל זעהן, אז ער זאָל דאָרט לעבען, וויא דער זוהן פון א גראָספירסט. בלייב דאָ, יעליסאוועטא! בלייב ביי מיין צווייטעס קראנקעס קינד. איך האָף, אז איהר קראנקהייט איז לייכט און זיא וועט באלד געזונד ווערן. דער דאָקטאָר האט מיר געגעבען דיא בעסטע האָפנונג.

— ווען וולאַדימיר׳ס מוטער וועט זיין ביי מיר, וועל איך באלד געזונד ווערן, האט זיך וויערא אָפּגערופען מיט א ביטענדער שטימע.

— בלייב דאָ, יעליסאוועטא, האט דער גראָספירסט יעצט געבעטען, ביז איך וועל צוריק קומען פון סיביר. בלייב ביי מיין קראנקער וויערא. אויף דיר קען איך מיך פערלאָזען.

זיין שטימע האט געציטערט. עס האט אין איהר געקלונגען אזוי פיעל אנגסט און טרויעריגקייט, אז יעליסאוועטא איז געווען געריהרט.

— איך וועל דא בלייבען, זיינען געווען די איינציגע ווערטער, וואס זיא האט געזאגט.

דער גראספירסט האט א קוש געטהאן די קראנקע וויערא און האט איהר געוואונשען, אז זיא זאל באלד געזונד ווערן. ער האט געוואלט געבען יעליסאוועטא'ן די האנד צום אבשיעד, זיא האט אבער, וויא ניט אומיסטען געהאלטען די הענד אויף וויערא'ס קאפ און האט זיי ניט אוועקגענומען, ווען ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד.

דער גראספירסט איז ארויסגעגאנגען און האט געשיקט רופען די האף־דאמע, אננא פאוולאָוונא.

— איך פאהר אוועק, דיא פרוי ראטשינסקי וועט בלייבען אין פאלאץ, ביז איך וועל צוריקקומען. דוא וועסט הייסען צורעכט מאכען פון איהרעט וועגען דאס קליינע צימעריל לעבען וויערא'ס שלאף־צימער.

— אונטער וועלכען נאמען זאל זיא בלייבען אין פאלאץ? האט דיא האף־דאמע געפרעגט. מעגליך, אז דער קייסער וועט קומען געוואהר ווערן, וואס וויערא מאכט און וועט פרעגען, ווער דיעזע פרוי איז. וואס זאל איך איהם ענטפערן?

דער גראספירסט האט געטראכט איינינע מינוט. דיעזע פראגע איז איהם ניט איינגעפאלען. ער האט איינגעזעהען, אז דיא האף־דאמע האט רעכט. אלכסנדר II איז געווען זעהר שטרענג און האט געפאדערט, אז אלע צערעמאניען פון דער האף עטי־קעטע זאלען אויסגעפיהרט ווערן זעהר פינקטליך. יעדער דיענער, יעדעס קאמער־מעדכען ביי דיא גראספירסטען אדער ביי איהם אין הויף האט געמוזט פערשריעבען ווערן אין א בעזונדערע ליסטע. מען האט געמוזט פערשרייבען, ווער דער דיענער איז, וויא אלט ער איז, פון וואנען ער איז און ווער עס האט איהם רעקאמענדירט.

— פערשרייב זיא אלס קראנקען וועכטערין, האט דער גראספירסט געזאגט.

— אונטער וועלכען נאמען?

— דאבראליובאווא, האט דער גראספירט ארויסגעזאגט דעם ערשטען נאמען, וועלכער איז איהם אריינגעפאלען.

דיא האף־דאמע האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— וואס זאל דאס הייסען? האט זיא געפרעגט זיך אליין. דיעזע זאנדערבארע פרוי זאגט, אז זיא איז וולאדימיר'ס מוטער. אלזא, הייסט זיא ראטשינסקי. דער גראס־פירסט האט זיא געהייסען פערשרייבען אונטערן נאמען דאבראליובאווא. וואס איז דא? וואס פאר א געהיימניס קומט דא פאר? איך מוז עס וויסען! איך מוז זיא בעאבאכטען. איך מוז מיך צוהערען, וואס זיא וועט רעדען מיט וויערא'ן.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז דער גראספירסט אוועקגעפאהרען קיין סיביר און האט מעהר ניט געזעהן יעליסאוועטא'ן, ניט וויערא'ן.

דיא נאכט האט ניט געבראכט קיין ערלייכטערונג דער קראנקער וויערא'ן. דער פראפעסאר באטקין האט זיך ניט אפגענארט. עס איז ווירקליך ביי איהר ארויסגעבראכען א נערוועזן פיעבער, איינע פון דיא געפעהרליכסטע קראנקהייטען. עטליכע טעג איז וויערא געווען אין דער גרעסטער געפאהר. זיא איז געלעגען אין א שרעקליכער היץ,

און האט שטענדיג גערעדט פון וולאדימיר'ן, זיא האט גערופען זיין נאמען, האט גע־שוואָרען, אז זיא ליעבט איהם און האט איהם געבעטען, ער זאל זיא ניט פערלאזען, זיא וועט קיין אנדערן ניט הייראַטהען, זיא וויל ניט וויסען פון'ם דייטשען פרינץ, ער איז איהר ברודער, זיא וועט איהם ניט לאָזען זיין אין סיביר.

דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא האט אלעס אויסגעהערט. זיא האט פערשטאַנען אזוי פיעל, אז וויערא ליעבט נאך אלץ וולאדימיר'ן, אָבער עטוואָס איז פאָרגעקומען, וואס זיא קען איהם מעהר ניט הייראַטהען. דאס האט איהר געגעבען האפנונג, זיא זאל נאך אמאל זעהן וולאדימיר'ן.

יעליסאוועטא איז ארומגעגאנגען ארום דער קראנקער וויערא, וויא א מוטער. זיא איז ניט אָפּגעטרעטען פון איהר בעט, האט איהר געלעגט אייז צום קאָפּ און האט אלע מאל איבערגעבעטען דאס געלעגער. וויערא פלעגט זיא ניט אָפּלאָזען פון זיך. זיא האט גענומען ליעגען אין דער גרעסטער היץ, זיא האט גענומען רעדען פון פייער, קוים אין יעליסאוועטא אויף א מינוט אוועקגעגאנגען פון איהר בעט, האט זיא באלד אנגע־הויבען צו רופען:

— מוטער, וואו ביסט דוא? מוטער, קום אהער.

וויערא'ס קרעפטיגע נאַטור האט ענדליך געזיעגט איבער דיא קראנקהייט. אויפ'ן אכטצעהנטען טאָג איז געקומען דיא קריזיס, — דיא קראנקהייט האט געבראָכען. פון יענעם טאָג איז וויערא געוואָרען אלץ געזינטער. איהרע בלייכע באַקען האבען צו ביס־לעכוויים וויעדער בעקומען זייער פארב. דער דאָקטאָר האט איהר געהייסען פאהרען אויף דער פרייער לופט. דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא האט געמיינט, אז וויערא וועט זיא מיטנעהמען, ווייל אזוי פאָרדערט דיא עטיקעטע פון'ם הויף. וויא איבערראשט איז זיא געווען, ווען וויערא האט געהייסען איינשפאַנען א געדעקטע קאַרעטע און איז גע־פאהרען מיט יעליסאוועטא'ן. דיא האף־דאמע האט זיך געפיהלט בעליידיגט. מעגליך, ווען דער קייסער קומט דאמאָלס, וואלט זיא איהם געוויס דערצעהלט און געמאכט א סקאַנדאַל. צום גליק אָבער, איז דער קייסער דאמאָלס געווען אין ליוואַדיא, דער גראָספירסט קאָנסטאַנטין איז געווען אין סיביר און דיא גרעפין האט פערשטיקט ביי זיך טיעף אין הארצען איהר האַס און האט זיך ענטשלאָסען אָפּצוּוואַרטען א פּאסענדע געלעגענהייט, ווען זיא זאל זיך קענען נוקם זיין אן דער שטאָלצער וויערא'ן.

דיא גרעפין האט פּראָבירט עטליכע מאָל רעדען מיט יעליסאוועטא'ן, זיא פרעג־גען, פון וואנען זיא איז און וואו זיא האט ביז אהער געוואָינט. יעליסאוועטא אָבער פלעגט זיא אויסמיידען און פלעגט איהר ענטפערן מיט איינציגע ווערטער און אונגערן.

ענדליך, ווען וויערא איז שוין געווען פאָלקאָמען געזונד, האט מען ערהאלטען א טעלעגראַמע, אז דער גראָספירסט וועט אין צוויי טאָג ארום זיין אין דער היים.

— איך קען דא לענגער ניט בלייבען, האט יעליסאוועטא געזאָגט צו וויערא'ן. איך מוז אוועקפאהרען צוריק אין מיין דאָרף לעבען רינגא.

— איך וויל אייך ניט אָפּלאָזען, מוטער, האט וויערא געענטפערט. בלייבט ביי מיר, זייט מיינע פריינדין, מיינע מוטער, מיינע ראטהגעבערין, איך האב מיין מוטער ניט געקענט, איך האב מיט איהר קיין מאל ניט גערעדט. איך האב גיט געוואוסט.

וואס מוטער־ליעבע הייסט, ביז איך האב אייך דערקענט, ליעבע מוטער. בלייבט ביי מיר!

— דאס איז אונמעגליך, האט יעליסאוועט געענטפערט ענטשלאסען. איך קען אין דיזעס הויז ניט בלייבען.

— פיעללייכט וואלט מעגליך געווען, איהר זאלט בלייבען אויף א בעזונדערע קווארטיר אין פעטערבורג? האט וויערא געבעטען. איך וועל וועניגסטענס האבען דאס גליק אייך אלע טאג צו זעהן, מיט אייך צו רעדען, אייך צו פרעגען א ראטה אין שווערע פעלע, וואס קענען פארקומען אין מיין לעבען.

יעליסאוועטא האט אנפאנגס געוואלט פאהרען נור א היים. וויערא האט איהר אבער אזוי לאנג און אזוי שטארק געבעטען, אז יעליסאוועטא האט געמוזט נאכגעבען. עס איז געבליעבען, אז יעליסאוועטא זאל זיך נאכזוכען א פאסענדע קווארטיר ערגעץ אין א רוהיגער גאס פון פעטערבורג. דארט וועט וויערא קומען יעדען טאג. זיי וועלען צוזאמען שרייבען בריעף צו וולאדימיר'ן, זיי וועלען פון איהם רעדען; זיי וועלען צוזאמען זוכען מיטעל, וויא אזוי איהם ענדליך דאך צו בעפרייען פון סיביר.

אין דעם טאג, וואס דער גראספירסט קאנסטאנטין איז געקומען קיין פעטער־בורג, האט זיך יעליסאוועטא אריינגעצויגען אין איהרע נייע וואוינונג. וויערא האט גע־זעהן, אז דיא וואוינונג זאל זיין פערזארגט מיט אלעם גוטען און זאל זיין איינגעריכטעט אויפ'ן בעסטען ארט.

עס איז פערגאנגען איינינע מאנאטע. יעליסאוועטא האט געלעבט רוהיג און גליקליך אין איהר שטילער וואוינונג. וויערא פלעגט טעגליך קומען צו איהר. פון וולא־דימיר'ן האבען זיי אין דער גאנצער צייט ערהאלטען זעהר וועניג בריעף. ער פלעגט שרייבען זעלטען און זיינע בריעף פלעגען זיין קורץ. „ער איז געזונד און עס געהט איהם גוט. מען בעהאנדעלט איהם זעהר גוט". דאס פלעגט זיין דער קורצער אינהאלט פון זיינע בריעף.

איין מאל איז יעליסאוועטא געזעסען פערטראכט אין איהר צימער לעבען פענ־סטער און האט געקוקט אויף דער גאס. צו איהר הויז האט זיך צוגעשלעפט אן אלטער הינקענדיגער בעטלער. זיא האט אנפאנגס זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. אין פע־טערבורג איז דאס קיין נייעס ניט. ווען דער בעטלער איז אבער געקומען נעהנטער, האט זיך געשטעלט אונטערן פענסטער, וואו זיא איז געזעסען, האט אראפגענומען דעם הוט און האט געבעטען, זיא זאל איהם עפעס געבען, איז איהר פארגעקומען, אז זיא האט ערגעץ דיזען בעטלער געזעהן. זיא האט ארויסגענומען עטליכע קאפיקעס און האט איהם אריינגעווארפען אין הוט. דער בעטלער האט זיך פערנייגט.

— גוטע פרוי! האט ער געבעטען מיט א הייזעריגער שטימע, קענט איהר מיר ניט געבען אביסעל וואסער? איך בין זעהר מיעד און זעהר דורשטיג.

יעליסאוועטאן איז צוואר געווען אונאנגענעהם אריינצורופען דעם בעטלער צו זיך אין שטוב, זיא איז דאך איינע אליין. איהר קאמער־מעדכען איז ערגעץ אוועקגעגאנגען. אין פעטערבורג פערשטעלען זיך אפט שלעכטע מענשען פאר בעטלער און קומען אויס־קוקען, וואס עס טהוט זיך אין א פרעמד הויז אום עס דערנאך צו בעגנב'נען. אבער

ווִיא קען מען אָפּזאָגען אַן ארימען מענשען, ווען ער בעט אביסעל וואסער?

— קומט צו דער טהיר, האט זיא איהם געזאגט, איך וועל אייך ארויסברענגען וואסער.

דער בעטלער האט זיך קוים ארויפגעשלעפּט אויף דיא טרעפּ און האט געווארט, ביז יעליסאוועטא האט געעפענט דיא טהיר.

— לאַנד און פרייהייט! האט דער בעטלער געזאגט שוין מיט אנאנדערער שטימע, ווען יעליסאוועטא האט געעפענט דיא טהיר.

יעליסאוועטא האט א ציטער געטהאן. יעצט האט זיא איהם שוין דערקענט. יעצט האט זיא שוין געוואוסט, ווער עס איז. זיא האט אָבער זעהר גוט געוואוסט, וויא פאָרזיכטיג מען דארף זיין אין פּעטערבורג אין אזא פאַל. זיא האט דאהער געזאגט אין דער הויך:

— קומט אריין אין שטוב, אלטער! איך וועל אייך געבען א שטיקעל ברויט.

דער בעטלער איז אריין אין שטוב. יעליסאוועטא האט באלד פערשלאָסען דיא טהיר און האט איהם אריינגעפיהרט אין קיך.

— באַקונין, איהר זייט עס? האט זיא איהם געזאגט, ווען זיא האט זיך איבערצייגט, אז זיא איז גאנץ זיכער.

— איך בין עס, האט באַקונין געענטפערט מיט זיין געוועהנליכער שטימע. איך האב געהאט פיעל מיה, ביז איך האב אייך אויסגעפונען. איהר לעבט אין דער לעצטער צייט זעהר צוריקגעצויגען. איך האב פאר אייך זעהר וויכטיגע נייעס.

יעליסאוועטא איז געוואָרען אויפמערקזאם. זיא האט געוואוסט, אז ווען באַקונין זאגט: וויכטיגע נייעס, איז עס שוין געווים עטוואס בעזאנדערס.

— אין א קורצער צייט וועלען קומען צו דיר געסט, ליעבע געסט, מיט וועלכע דו וועסט געווים צופריעדען זיין. דוא מוזט אָבער אביסעל פאָרזיכטיג זיין און זיך פאָרבערייטען צו עמפּפאנגען דיעזע געסט. האסט דוא געניג צימער אין דיעזעם הויז?

— איך האב גענומען דיעזע וואָהנונג פאר מיר אליין. איך וואָהן דא נור מיט מיין קאמער־מעדכען. אויף קיין געסט האב איך מיך ניט גערעכנט.

— אלזאָ, וועל איך שוין אויסגעפינען א וואָהנונג, וועלכע וועט בעסער פּאסען, האט באַקונין געזאָגט.

— אָבער ווער זיינען דיא געסט? האט יעליסאוועטא געפרעגט.

— טהייערע, ליעבע געסט, האט באַקונין געזאגט ערנסט — דיין זוהן וולאַדימיר און דיין ברודער הונאָ.

יעליסאוועטא איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. עס זיינען פערגאנגען אפּאָר מינוטען, איידער זיא האט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. ענדליך איז זיא געקומען צו זיך.

— וויא איז דאס מעגליך, באַקונין? וולאַדימיר איז אין סיביר. ער איז דארט געווים נוט בעוואכט פון דיא רוסישע שפּיאָנען. וויא אזוי וועט ער קומען אהער?

— איך זאג דיר, אז אין א קורצע צייט קומט וולאַדימיר קיין פּעטערבורג.

זעלבסטפערשטענדליך, אז ער וועט זיך ניט דארפען ווייזען אויף דער גאס אלס וולא־דימיר ראטשינסקי.

— און מיין ברודער הוגא? ווייסט דוא געוויס, אז ער וועט קומען?

— אזוי געוויס, וויא איך הייס באקונין.

— איך האב דאך געהאט פון איהם נאכריכטען, אז ער לעבט גליקליך אין אמע־ריקא מיט זיין גוטער פרוי נאטאליע, זיי האבען שוין קינדער. וואס וועט ער יעצט טהאן אין פעטערבורג?

— ווען דיא פּפליכט רופט, ווען דאס אונטערדריקטע פאלק קרעכצט און זיפצט, פערגעסט דער פרייהייטס־קעמפּפער אן זיין פרוי און קינדער און קומט זיך שטעלען אויף זיין פּאָסטען, וויא א טרייער סאָלדאט. וואס טהוט דיא טיראניי, ווען זיא וויל פיהרען קריעג? פרעגט זיא איהרע סאָלדאטען, אויב זיי האבען אין דער היים פרויען און קינדער? זיא שיקט זיי רופען און ווער עס קומט ניט, דער איז א דעזערטיר. פאַר וואס זאל אונזערע פרייהייטס ארמעע זיין ערגער, וויא דיא ארמעע פון דער טיראניי?

יעליסאַוועטא האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. באקונינ׳ס ווערטער האבען אין איהר אויפגעוועקט איהר גאנצען האס, איהר גאנצע פיינדשאפט געגען דיא טיראניי, וועלכע האבען זיא אזוי שרעקליך בעליידיגט, אזוי טיעף געקרענקט און אזוי אונמענש־ליך געפּייניגט. איהרע אלטע און נייע וואונדען האבען זיך מיט איין מאָל אויפגעריסען און זיא האט וויעדער אנגעהויבען צו פיהלען דעם ברענענדען שמערץ.

— דוא האסט רעכט, באקונין האט זיא געזאגט טרויעריג. רוסלאנד מוז אמאל בעפרייט ווערן. עס מוז אמאָל אויפגעהן א פרייע, פרעהליכע זון און בעלייכטען א פרייעס, גליקליכעס רוסלאנד.

אין איינינע טעג ארום האט זיך יעליסאַוועטא אריינגעצויגען אין א גרויסעס הויז אין איינע פון דיא פאָרשטעדט פון פעטערבורג. דאס הויז איז געווען רייך פער־פוצט און איינגעריכטעט, וויא א פּאַלאַץ פון א פירסט. צו דער טהיר איז געווען צו געשלאָגען א קליין מעשין בלעטעלע מיט דער אויפשריפט:

„דיא גרעפין דע סאנטע־קלארא“.

## 102טעס קאפּיטעל.

## צוריק אין פּאָטער׳ס הויז.

— איך מוז פּאָהרען קיין פעטערבורג! האט וולאדימיר אויסגערופען איינינע מינוטען שפּעטער נאך באקונינ׳ס פערשווינדען. איך מוז פאהרען א היים רעטען מיין פּאָטער. דיא ניהיליסטען געהן צו ווייט. זיי ווילען פערניכטען אלעמען, דעם שולדיגען מיט׳ן אונשולדיגען. זיי ווילען נים וויסען, אז מיין פּאָטער איז אויך אן אפּפער פון דיעזער טיראניי, וועלכע דריקט אזוי רוסלאנד. זיי ווילען ניט וויסען, אז מיין פּאָטער האט געליטען און געבלוטעט אונטער דער אייזערנער האנד, וועלכע דריקט אזוי רוס־לאנד זייט הונדערטער יאהרען.

עס איז איהם היים געוואָרען, גרויסע שווערע טראפּען שוויים זיינען ארויס אויף זיין שטערן. דיא לופט פון צימער האט איהם געדריקט. ער האט געפיהלט, אז ער ווערט דערשטיקט דא אין צימער.

— לופט! לופט! איך מוז האבען פרישע לופט. האט ער אויסגערופען און איז ארויסגעלאָפען אויף דער גאס.

ער איז ארויסגעגאנגען אין גארטען. דארט איז געווען אלעס שטיל, נור דיא אלטע ביימער האבען גערוישט מיט זייערע גרינע בלעטער, גלייך ווי זיי וואלטען זיך דערצעהלט איינער דעם אנדערן, וואס זיי האבען א גאנצען טאָג געזעהן און געהערט. וולאַדימיר אבער האט זיך ניט צוגעהערט, וואס דיא ביימער רוישען. ביי איהם אין קאפ האט עס געארבייט שטארקער און העבער.

— איך מוז פאהרען קיין פעטערבורג! האט ער געזאגט צו זיך אליין, איך מוז רעטען מיין פאָטער, מיין שוועסטער, מיין ליעבע טהייערע וויערא. וויא אנטלויפט מען אבער פון דיעזען פערפלוכטען סיביר? צו פוס איז עס אונמעגליך. איך וועל ערגעץ פערבלאָנזעט ווערן אין דיא סטעפעס און וועל שטארבען פאר הונגער, אָדער דיא „גאָנציס", דיא שפיאָנען וועלען מיר האפען און וועלען מיך צוריק ברענגען. איך מוז האבען אָ פערד. וואו נעהמט מען אבער א פערד? דא אין דער געגענד וועט מיר קיינער קיין פערד ניט פערקויפען און ניט פערדינגען. דער גוטער גובערנאטאר האט שוין דאפיר געזארגט, אז מען וועט מיר קיין פערד ניט געבען. — אלזא, וואס טהוט מען?

דער ארימער וולאדימיר האט זיך געבראכען דעם קאָפּ, האט געזוכט א מיטעל, וויא צו בעקומען א פערד. ער האט יעצט פערשטאנען, וואס ער האט אמאל געלעזען אין דער געשיכטע. דער פראנצייזישע קעניג, פראנץ I, האט געפיהרט קריעג מיט שפאניען. אין דער רעכטער היץ פון דער שלאכט, ווען ער האט קאָמאנדירט זיינע ארמעען, האט א קוגעל געטראפען זיין פערד און האט עס אויפ'ן ארט געטוידטעט. קעניג פראנץ איז אראָפּגעפאלען פון פערד, האט זיך אבער באלד אויפגעהויבען און האט דערזעהן מיט שרעק, אז דיא שפאניער האבען איהם ארומגערינגעלט פון אלע זייטען.

— נימ מיר א פערד! האט ער אויסגערופען. איך גיב א גאנץ קעניגרייך אוועק פאר א פערד!

עס האט זיך אבער ניט געפונען קיינער, ווער עס זאל איהם געבען א פערד און דיא שפאניער האבען איהם געפאנגען.

וולאדימיר וואלט יעצט אוועקגעגעבען אלעס, וואס ער האט געהאט פאר א פערד. וואו נעהמט מען עס אבער? ווער וועט עס איהם געבען?

ענדליך איז ער געפאלען אויף א שכל. אין רוסלאנד זיינען פיעלע זאכען פער-באָטען. דער בויער, דער ארבייטער, דער קליין בירגער (מעשטשאנין) היט אָפּ דאס געזעץ און טהוט ניט דאס, וואס איז פערבאָטען. ווער ערלויבט זיך איבערצוטרעטען דאס געזעץ? ווער טהוט אלעס, וואס עס איז פערבאָטען? — דער בעאמטער, דער טשינאָווניק. ער וויים, וויא אזוי צו דייטען דעם געזעץ, ער וויים זיך, וויא אויסצודרעהן, ווען דאס געזעץ פערפאָלגט איהם. פאר איהם איז ניטא קיין געזעץ. דער איינציגער, ביי וועמען ער קען קריעגען א פערד און נאך א גוטעם פערד דערצו, איז דער גובער-נאטאר פון נערטשינסק. ביי איהם קען ער קריעגען, וואס ער דארף.

דיעזער געדאנק האט איהם אין גאנצען בערוהיגט. דער גובערנאטאר איז געגען

איהם פריינדליך, ער האט שוין צו איהם געפאסט צו טרויען, ער וועט איהם ניט אָפּ־זאגען, ווען ער וועט איהם בעטען, ער זאל איהם לייען א פערד אויף א פאר טאג. ער וויל ארויסרייטען אין דיא בערג שפּאציערען.

ער איז צוריק אריין אין שטוב און האט זיך געלעגט שלאפען. דער זיסער שלאף אבער, וועלכער שטארקט אונז, ערקוויקט אונז און מאכט אונז פערגעסען אלע אונזערע ליידען, איז דאס מאל ניט געקומען צו וולאדימירן. טרויעריגע, שרעקליכע בילדער האבען איהם בעאונרוהיגט און האבען איהם גערויבט דעם זיסען שלאף. ער האט קוים דער־לעבט, עס זאל טאג ווערן. ער האט זיך אנגעטהאן און איז ארומגעגאנגען אין דיא גאסען אהן א צוועק און אהן א ציעל. — עס איז נאך געווען צו פריה צו געהן צום גובערנאטאר. ווען ער וועט קומען צו איהם צו פריה, וועט דער גובערנאטאר פיעללייכט פערשטעהן, אז דא איז עפּעס ניט גלאט.

ענדליך האט דיא שטאדט־אוהר געשלאגען עלף. יעצט איז צייט, יעצט קען ער שוין געהן צום גובערנאטאר. ער איז צוריקגעגאנגען א היים, האט זיך אנגעקוקט אין שפּיעגעל, אויב זיינע קליידער זיינען אין אָרדנונג, אויב ער ווייזט ניט אויס שטארק בלייך און קרענקליך. ווען ער האט געפונען, אז אלעס איז אין גוטער ארדנונג, איז ער געגאנגען צום גובערנאטאר.

דער גובערנאטאר האט איהם אויפגענומען פריינדליך, וויא אימער און האט געוואָלט ווייזען, וואס פאר א גרויסען צוטרויען ער האט צו איהם.

— שטעלט אייך פאָר, ליעבער ראטשינסקי, האט ער איהם געזאגט, אז איך האב געקענט האבען א געלעגענהייט צו בעקומען אן ארדען און א גרויסען דאנק פון'ם קייסער. איך האב אבער דיעזע געלעגענהייט ניט געקענט בענוצען. זיא האט זיך מיר ארויסגעגליטשט פון דער האנד, וויא א פיש.

— איך פערשטעה עס ניט, האט וולאדימיר געזאגט. איהר האט געהאט א געלעגענהייט זיך אויסצוצייכענען און איהר האט זיא אזוי אפּגעלאָזען? דאס איז מיר א רעטעניש. אזא קלוגער בעאמטער, וויא איהר זייט, זאָלט אזוי גלייכגילטיג פערליערען אזא געלעגענהייט?

— עס איז לייכט צו זאגען, האט דער גובערנאטאר געענטפערט: האלטען דיא געלעגענהייט, זיא בענוצען. וואס טהוט מען אבער, אז זיא לאזט זיך ניט האלטען?

וולאדימיר האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט געוואוסט, פון וואס עס האנדעלט זיך.

— שטעלט אייך פאָר אזא געשיכטע, האט דער גובערנאטאר געזאגט צאָרניג. איך האב ערהאלטען נאכריכטען, אז איינער פון דיא געפעהרליכסטע ניהיליסטען גע־פינט זיך יעצט אין סיביר. דיא נאכריכט איז געווען ריכטיג. פון אלע אָסטראגען, פון אלע מינעס זיינען אנטלאָפען ארעסטאנטען. דאס טהוט זיך ניט אזוי לייכט. דאס איז געטהאָן געוואָרען מיט א געוויסען פּלאן.

— איז דער ניהיליסט געווען איינער פון דיא פערשיקטע? האט וולאדימיר גע־פרעגט, אבוואָהל ער האט זעהר גוט געוואוסט, פון וועמען דער גובערנאטאר רעדט.

— אָה, ניין! ער איז א מאל געווען א פערשיקטער און איז אנטלאָפען. דאס

איז געווען שוין גאנץ לאנג. יעצט פאהרט ער ארום איבער רוסלאנד, פערשטעלט זיך יעדעס מאָל אין אן אנדערע מאסקע און זוכט אויפצורעגען דאָס פאָלק צו א רעוואָלוציאָן געגען דיא רעגיערונג. איך האב איהם געשיקט זוכען אומעדום, איך האב געטהאן אלעס מעגליכע אום איהם נאכצושפיערען. — אומזיסט! ער איז, וויא אין וואסער אריין. ער האט אפגענארט אלע מיינע „גאָנציס", אלע מיינע שפּיאָנען.

— ווען עס איז קיין מיטעל ניטאָ, איז עס דאָך קיין קראנקהייט, האט איהם וולאדימיר געטרייסט. וואס עס איז אונמעגליך, איז אונמעגליך און מיר דארפען אונז ניט קרענקען. יעדער מענש טהוט, וואס ער קען, וואס ער קען ניט, טהוט ער ניט. דערפאר דארף ניט ער אליין, ניט אן אנדערער איהם קיין פאָרוואורף מאכען.

— געוויס, געוויס, מיין ליעבער ראטשינסקי. איך מאך מיר אויך קיין פאָרוואורף. עס איז נור א פערדראס. איך האב זעהר לייכט געקענט בעקומען אן אָרדען און א הויכען טשין (ראנג) ווען עס וואָלט מיר געגליקט איהם צו חאפּען. — לאסען וויר עס אבער. וויא פיהלט איהר אייך? איהר ווייזט מיר היינט אויס עטוואס בלייך.

— איך הייב אן צו פיהלען א שרעקליכע לאנגווייליע, האט וולאדימיר געזאגט גלייכגילטיג. איך בין ניט געוואָינט צו זיצען אויף איין אָרט. איהר ווייסט דאך געוויס, אז איך בין געווען אפיציער פון א קאוואלעריע רעגימענט און בין געווען געוואָינט צו פאהרען, צו רייטען, צו לויפען. יעצט מוז איך זיצען אויף איין אָרט און ארומגעהן צו פוס. געוויס לאנגווייליע איך מיך. איך האב מיך דאהער ענטשלאָסען צו בענוצען אייער גיטע און פריינדליכקייט.

— איהר ווילט זיך אביסעל דורכרייטען. איהר האט רעכט. איך פיהל עס. איך בין אויך א מאָל געווען א קאוואלעריסט. מיר איז עס אויך שווער געווען זיך אפּצוזאגען פון'ם רייטען.

— איך דאנק אייך! האט וולאדימיר אויסגערופען, איך זעה, אז איהר פערשטעהט מיך. מען ווערט אזוי געוואָינט מיט'ן רייטען, אז עס ווערט דערנאך א נאָטהווענדיגקייט. דער קאוואלעריסט ווערט אזוי צוגעוואָינט צו זיין פערד, וויא דער מאטראז צו זיין שיף. קוים געהן זיי ארום אויף דער ערד, ווייזט זיך זיי אויס, אז דיא ערד ציטערט אונטער זייערע פיס.

— אלזא, מיט וואס קען איך אייך דיענען?

— גיט מיר דיא געלעגענהייט, איך זאָל מיך ווידער דערמאנען אן דער גוטער אלטער צייט. באָרגט מיר אויס א פערד. איך וויל א ביסעל ארויסרייטען ארום דער שטאדט. איך קען דאָך נאך ניט דיא געגענד ארום.

דער גובערנאטאר האט זיך פערטראכט. עס איז, דאכט זיך, א קלייניגקייט. וויא טהוט מען עס א מענשען ניט צוליעב אזא קלייניגקייט און דאך —

— ווייסט איהר, אז עס איז פערבאָטען צו פערקויפען אדער צו לייען א פערשיקטען א פערד? האט ער ענדליך ארויסגעזאגט, וואס עס בעאונרוהיגט איהם.

— אבער ליעבער פריינד! האט וולאדימיר אויסגערופען. איך מיין, אז איהר זייט זיכער, אז איך וועל ניט אנטלויפען. וואצו זאל איך אנטלויפען? וואס פעהלט מיר דאָ, ווען איך האב אזעלכע גוטע פריינד, וויא איהר?

— איך מיין אייך, אז אייך איז דאָ גאנץ גוט און איהר האט קיין אורזאכע צו אנטלויפען, האט דער גובערנאַטאר געזאגט. פון דעסטוועגען וויל איך זיכער זיין. איך וויל, אז איהר זאָלט מיר געבען אייער עהרען־וואָרט אלס מאַן, אלס אָפיציער, אז איהר וועט ניט אנטלויפען.

וולאַדימיר איז רויט געוואָרען. דאס האט ער ניט ערווארטעט. עס וואָלט איהם קיין מאָל ניט איינגעפאלען, אז דער גובערנאַטאר זאָל פון איהם פערלאנגען זיין עהרען וואָרט.

— הייסט דאס מיסטרויען? האט ער געפרעגט.

— ליעבער פריינד, ווען איך זאָל האבען צו אייך דאס קלענסטע מיסטרויען, וואָלט איך אייך אויף קיין פאַל ניט נאכגעגעבען אייער ביטע, האט דער גובערנאַטאר געענטפערט. ווען איך טהו אייך דיא געפעלינקייט, איז דאס דער בעסטער בעווייז, אז איך האב צו אייך דאס פאָלסטע צוטרויען. איך ווייס אבער, וואס סיביר איז. איך פיהל עס אן מיר אליין. עס מאכען זיך צייטען, ווען איך בענק אזוי שטארק א היים, אז איך וואלט אוועקגעווארפען מיין אַמט און מיינע טיטולען און וואלט געלאפען א היים, קיין רוסלאנד, וואו איך בין געבארען געווארען, וואו איך בין אויפגעוואקסען און ערצויגען געוואָרען.—אך! עס איז שווער, זעהר שווער געוואָינט צו ווערן צו א פרעמד לאנד, צו פרעמדע מענשען, צו פרעמדע זיטען (מנהגים) און צו אן אנדער אָרט לעבען.

וויא פערשטיינערט דער גובערנאַטאר איז געווען, איז ער דאָך געווען א מענש, און האט יעצט עהרליך ארויסגערעדט, וואס ער האט געפיהלט אין זיין טיעפען האר־צען. עס איז וואהר, עס האט זיך ביי איהם ארויסגעכאפּט וואס ער האט געזאגט, און עס איז זעהר מעגליך, אז ער האט עס שפּעטער בערייעט. דערווייל אבער האט ער עס ארויסגעזאגט. וולאדימיר איז געווען געריהרט. ער האט געזעהן, אז דאס מאל מיינט דער גובערנאַטאר גאנץ ערנסט.

— איך גיב אייך מיין עהרנוואָרט, אז איך וועל ניט אנטלויפען, האט ער ארויס־גערעדט גאנץ שטיל.

עס האט איהם געקרענקט, וואס ער האט עס געזאגט. זיינע אייגענע ווערטער האבען איהם געשטאכען. ער האט געפיהלט, אז ער וויל בעטריעגען א מענשען אין דער מינוטע, ווען יענער ווייזט איהם זיין גאנצעס צוטרויען. ווען דער גובערנאַטאר זאָל איהם ניט געווען באלד אוועקפיהרען אין שטאל, וואו זיינע פערד זיינען געשטאַנען, וואלט ער איהם געווען אנגענומען ביי דער האנד און איהם אויסגעזאגט אלעס.

דאס איז נאך דער גרויסער אונטערשיעד צווישען דעם עדעלמאַן אין אייראָפּא און אמעריקא. אין אייראָפּא איז עס נאך פערבליעבען פון דיא אלטע צייטען, פון דיא צייטען, ווען דיא ריטער האבען געוואוסט, אז קוים האבען זיי איין מאל ארויסגעזאגט א ווארט, איז עס הייליג. זיי מוזען עס האלטען, ווען עס זאָל זיי זאגאר קאָסטען דאס לעבען. דאס עהרנוואָרט פון א ריטער, אן עדעלמאַן, איז געווען דאס זיכערסטע, דאס טהייערסטע, וואס עס קען נור זיין אויף דער וועלט. מען קען נאך ביז אויף היינטיגען טאג טרעפען מענשען אין אייראָפּא, וועלכע, קוים רעדען זיי ארויס א וואָרט, איז עס שוין פעסט און זיכער.

דער אמעריקאנער איז גאנץ אנדערש. ביי איהם האט זיך אויסגעארבייט א שפריכוואָרט: „טאָק איז טשיפ“, רעדען איז ביליג. ריידען, פּלוידערן, צחאגען קאסט זעהר ביליג. ער איז בערייט צו יעדער מינוט צו צחאגען, צו געבען זיין עהרענוואָרט אין דער צייט, ווען עס קומט איהם זאגאר ניט אויף דיא געדאנקען, ער זאל עס האלטען. ער שעהמט זיך גאר ניט, ווען ער האלט ניט זיין וואָרט. ער ווייס זעהר גוט, אז ער האט נור געקייט מיט דער צונג. דער אנדערער ווייס עס אויך.

איך וויל ניט זאגען מיינע לעזער, וואס עס איז בעסער: דיא אייראפּעאישע אדער דיא אמעריקאנישע מאָדע. לאזען זיי אליין אורטהיילען און טהאן, וויא זיי פערשטעהן. איך שרייב עס נור אום צו ווייזען, וואס וולאדימיר האט געפיהלט, ווען ער האט געגעבען דעם גובערנאטאר זיין עהרנווארט און האט געוואוסט, אז ער וועט עס ניט האלטען. וולאדימיר איז ליידער ניט געווען קיין אמעריקאנער און האט ניט געוואוסט פון דער הייליגער תורה: „טאָק איז טשיפ“.

— אלזא, קומט מיט מיר, האט איהם דער גובערנאטאר געזאגט און האט איהם אריינגעפיהרט אין שטאַל, וואו זיינע פערד זיינען געשטאנען.

וולאדימיר האט זיי בעטראכט. ער איז געווען א קענער אויף פערד און האט געוואוסט, וועלכעס פערד קען אויסהאלטען א לאנגע רייזע. ער האט אויסגעקליעבען א פערד.

— מעג איך נעהמען דיעזעס פערד?

— געוויס! מיר ווייזט אבער אויס, אז אום צו מאכען א שפּאַציער ארום דער שטאדט איז בעסער דאס אנדערע, דאס שעהנערע, האט דער גובערנאַטאָר געזאגט פערטראכט.

— מיר געפעלט אבער דיעזעס.

— אלזא, נעהמען זיא דיעזעס. — זאל מען עס באלד אנזאטלען? ווילט איהר באלד פאהרען?

— איך וואָלט זעהר געוואלט באלד פאהרען.

דער גובערנאטאר האט צוגערופען א דיענער און האט איהם געהייסען אנזאטלען דאס פערד. אין איינגע מינוט ארום איז דאס פערד געשטאנען געזאטעלט פאר דער טהיר. וולאדימיר איז ארויסגעגאנגען זיך אויפזעצען.

— איך דאנק אייך פאר אייער פריינדשאפט און פאר דיא געפעלינקייט, וואס איהר האט מיר געטהאן און האט מיר אויסגעליהען א פערד, האט ער געזאגט צום גובערנאַטאָר און האט איהם געגעבען דיא האנד.

דער גובערנאטאר האט זיין האנד געהאלטען לאנג, לאנג און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— ראטשינסקי, האט ער ענדליך געזאגט גאנץ שטיל, איך גיב אייך אייער וואָרט צוריק.

וולאדימיר האט א ציטער געטהאן. ער האט געזעהן, אז דער גובערנאטאר איז אויפגערעגט און זיינע אויגען זיינען פייכט.

— וואס איז אייך? האט ער איהם געפרעגט.

— נאר נישט, פאהרט געזונטער הייט!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארייגעלאפען צו זיך אין שטוב אריין. וולאדימיר איז געבליעבען שטעהן פערשעהמט און ערשטוינט.

— ער פערשטעהט מיך, האט ער געזאגט צו זיך אליין, און דענאך ערלויבט ער מיר צו אנטלויפען? אך! וואס פאר א רעטעגיש איז דער מענש! איך האב איהם געהאלטען פאר א הארטען, פערשטיינערטען, פערגליווערטען טשינאָווניק און זעה יעצט, אז ער איז א מענש, מיט מענשליכע געפיהלע. עס איז אלזא וואהר, אז מיר טאָרען ניט בעטראכטען יעדען מענשען אלס שלעכט, ווען מיר טרעפען איינינע טויגעניכטסע. מען דארף נור רעדען עהרליך און ערנסט צו א מענשען און מען ערוועקט אין זיין הערץ גוטע, עדעלע מענשליכע געפיהלע.

אין איינינע מינוטען ארום איז ער געווען הינטער דער שטאדט אין דיא גרויסע, ווייטע און ברייטע סטעפּעס פון סיביר. ער האט מיט זיך מיטגענומען איינינע הונדערט רובעל און האט אויסגערעכענט, אז מיט דיעזעס געלד וועט ער אויסקומען ביז פּעטער־בורג. ער איז געפאהרען איינינע שטונדען, ביז זיין פערד איז מיעד געוואָרען. ער האט געמוזט לאָזען דאס פערד זיך אויסרוהען. אלעס איז געוועזן שטיל, אלעס איז געוועזן רוהיג ארום. באלד האט זיך איהם פּאָרגעשטעלט א נייע שוועריגקייט. זיין מאגען האט איהם דערמאנט, אז א מענש דארף עסען. — וואו נעהמט מען אבער עסען אין דיעזע סטעפּעס? ער האט זיך אזוי געאיילט, אז ער האט פערגעסען מיט זיך עפּעס מיטצונעהמען, וואס צו עסען. מיט יעדער מינוטע האט דער מאגען אלץ שטרענגער געפאָרדערט, וואס עס קומט איהם. ליידער איז ער אזא שטרענגער מאָנער, אז מען קען זיך פון איהם ניט אזוי לייכט אויסדרעהען. מען קען איהם ניט אפּלעגען אויף שפּעטער און מען טאָר איהם ניט ענטפערן: איך האב ניט.

וולאָדימיר האט געמוזט זוכען ערגעץ א גאסט־הויז אדער דאס הויז פון א בויער, וואו ער זאל קריעגען עפּעס צו עסען. יעצט וועט ער שוין פאָרזיכטיגער זיין, ער וועט שוין קויפען פּראוויאנט אויף עטליכע טעג.

עס איז געווארען נאכט. אויף דיא סטעפּעס איז געוואָרען נאך רוהיגער און נאך טרויעריגער, אונגערן האט ער א ציטער געטהאן מיט זיין גאנצען קערפּער. עס, איז אויף איהם אנגעפאלען א שרעק. ער איז אליין אין דיעזער וויסטער געגענד. ער האט געגעבען זיין פערד דיא שפּארען און איז געפאהרען נאך שנעלער. וואוהין? דאס האט ער אליין ניט געוואוסט. ער מוז ערגעץ קריעגען עפּעס עסען.

אימער דונקלער איז געווארען דיא נאכט, אימער איינזאמער, אימער טרויעריגער, אימער שרעקליכער. וויא ווייט זיין אויג האט געקענט גרייכען, האט ער ניט גע־קענט זעהן קיין ליכט שיינען אין דיעזע ווילדע געגענדען, קיין צייכען, אז עס געפינען זיך ערגעץ מענשען, קיין שפּור פון א מענשען. עס זיינען פערגאנגען וויעדער א פּאר שטונדען, זיין פערד איז מיעד געווארען און האט אנגעהויבען צו צושטעהן. עס האט איהם נאר ניט געהאלפען. ער האט ניט געטארט ווייטער טרייבען דאס פערד: דאס איז דאך זיין איינציגעס מיטעל צו קומען קיין פּעטערבורג.

— דיזע נאכט מוז איך שוין אביסעל צו פאסטען, האט ער געזאגט צו זיך אליין און איז אראפּ פון׳ם פערד.

ער האט זיך אניעדער געלעגט אין ווייכען גראַז און האט געלאָזען דאס פערד פאסען זיך לעבען איהם. ער האט אנפאנגס געהאפט, אז ער וועט באלד אנטשלאפען ווערן און וועט פערגעסען דעם הונגער. עס שלאפט זיך אָבער ניט אין דיא סטעפּעס פון סיביר דעם מענשען, וועלכער איז ניט געוואָינט צו זיי. וולאדימיר האט צייט גע־האט צו טראכטען און אויסצואורבייטען א פּלאַן, וויא אזוי צו קומען קיין פּעטערבורג.

פאהרען דיא גאנצע שטרעקע רייטענדיג וועט עס געדויערן צו לאנג און דאס פערד וועט עס ניט אויסהאלטען. ער האט דאהער בעשלאסען, ער זאל פאהרען צו דער וואָלגא, פון דארט וועט ער קענען קומען מיט א שיף קיין ניזשני נאווגאראַד און פון דארטען — מיט דער אייזענבאהן קיין פּעטערבורג, מיט דיזע געדאנקען איז ער אנטשלאפען געווארען. דיא קאלטע נאכטלופט אבער האט איהם באלד אויפגעוועקט. אין מזרח זייט האט זיך געוויזען דער ערשטער שיין פון׳ם יונגען טאָג. אזוי האט וולא־דימיר צוגעבראכט דיא ערשטע נאכט אויף זיין רייזע.

דאס פערד האט זיך אנגעגעסען און וולאדימיר איז ווייטער געפאהרען. ערשט אום צעהן אוהר האט ער דערזעהן פון דער ווייטען א לאנגע שורה וועגען. דאס זיינען געווען טשומאקעס, וועלכע האבען געפיהרט א טראנספּאָרט סחורה פון ניזשני־נאָווגאָ־ראָד קיין סיביר. קיין אייזענבאהנען זיינען נאך אין סיביר ניטאָ און אלע סחורות ווערן געבראכט אהין און ארויסגעפיהרט פון דארט אויף וועגען. עס זיינען דא בויערן, וועל־בע בעשעפטינען זיך אויסשליסליך מיט טראנספּאָרטירען סחורות. זיי הייסען טשומאקעס.

וולאדימיר, וועלכער האט שטענדיג געלעבט אין גרויסע שטעדט, האט נור גע־הערט פון טשומאקעס, געזעהן האט ער זיי קיין מאל ניט. ער האט דאהער אליין ניט געוואוסט, וואס צו טהאן: זאל ער צוגעהן צו זיי. בעטען, אז זיי זאלען איהם פערקויפען ברויט? וועלען זיי איהם ניט איבערגעבען דער פּאָליציי? זיינען זיי אָפּט ניט קיין שפּי־אָנען? — אין רוסלאנד איז דאך אלעס מעגליך. — דער הונגער אָבער האט געצוואונגען, ער זאל ריזקירען צו געהן צו דיא טשומאקעס.

ער האט זיי געגריסט און האט זיי געזאגט, וואס ער פערלאנגט. וואָלט ער געגאנגען אָפּגעריסען און אָפּגעשליעסען, וואלטען איהם דיא טשומאקעס געוויס געוועזען איינגעהאלטען און אוועקגעפיהרט אין דעם ערשטען דארף, וואו זיי וואלטען איהם געוועזען איבערגעגעבען דער פּאָליציי. וולאדימיר איז אבער געגאנגען שעהן אָנגעטהאָן און איז געזעסען אויף א גוט פערד.

— באַרין! (הערר!) האבען זיי אויסגערופען, ווען זיי האבען איהם דערזעהן, וויא קומט עס, וואָס דוא האסט ניט מיטגענומען קיין ברויט פון דער היים?

— איך בין געפאָהרען אין א דאָרף ניט ווייט און האב ביי נאכט פערלאָרען דעם וועג, איך האב געבלאָנזעט א גאנצע נאכט.

עס איז פערגאנגען א גרויסע צייט, ביז זיי האבען איהם ענדליך געגעבען, וואס ער האט פערלאנגט. וולאדימיר האט זיי בעצאהלט דריי מאָל, וויאפיעל עס איז ווערטה געווען און איז אוועקגעלאָפען מיט׳ן ברויט, וואס זיי האבען איהם געגעבען, גלייך וויא

ער וואלט עס געגנבעט. — וויא זיס האט איהם געשמעקט דאס שווארצע ברויט! ער האט עס ניט געגעסען. ער האט עס געשלונגען.

ווען ער האט געשטילט זיין הונגער, האט ער געגעבען דעם פערד דיא שפארען און איז ווייטער געפאהרען, אימער נעהנטער א היים, אימער נעהנטער צו זיין צוועק.

— — — — — — — — — — — — — — —

זייט דער גראָספירסט קאָנסטאנטין איז צוריקגעקומען פון סיביר, האט מען איהם כמעט אויף דער גאס ניט געזעהן. ער פלעגט שטענדיג זיצען ביי זיך אין קאבי־נעט פערטראכט און טרויעריג. ער פלעגט קיינעם ניט אויפנעהמען, פלעגט אין ערגעץ ניט געהן און קיינער האט פון איהם קיין פרעהליכע מינע ניט געזעהן. דאס שיקזאל פון זיין קינד, פון זיין געליעבטער, פון זיין ערשטער פרוי העללא און פון זיין גאנצעס טרויעריגעס לעבען, האט איהם אזוי אנגעגריפען, אז זיינע קאמער־הערערן האבען אנגעהויבען צו רעדען צווישען זיך, אז ער איז אראפ פון זינען. נור מיט זיין טאָכטער, דיא פרינצעסין וויערא, פלעגט ער אמאל רעדען; נור ווען זיא פלעגט קומען צו איהם פלעגט זיך אויף זיין בלייכעס געזיכט ווייזען א שיין פון פרעהליכקייט.

פרינצעסין וויערא אבער פלעגט קומען צו איהם ניט גאנץ אפט. זיא פלעגט פערברענגען דיא טעג ביי יעליסאוועטא, וועלכע פלעגט איהר דערצעהלען פון איהר רייזע קיין סיביר, פון דער פערשווערונג; וויא אזוי זיא האט געשטאכען דעם קאפיטאן ניקאָלין, וויא אזוי זיא איז אנטלאפען פון סיביר און וויא אזוי זיא האט געפונען וולא־דימירן. פאר דער פרינצעסין האט זיך געעפענט א נייע וועלט, פון וועלכער זיא האט ביז אהער ניט געוואוסט. זיא איז אויפגעוואקסען און ערצויגען געווארען אין רייכקייט, אין פערגניגען, אין פערגאָלדעטע פאלאצען, צווישען גאלאנטע הערערן און עלעגאנטע דאמען, וואו זיא האט געזעהן נור גליק, נור פרייד, נור פערגניגען. יעצט האט וולא־דימיר'ס מוטער אויפגעהויבען דעם פארהאנג און האט איהר געוויעזען, אז לעבען דער פרעהליכער, גליקליכער, שטאָלצער אריסטאָקראטישער וועלט געפינט זיך א וועלט פון ליידען, פון נויט, פון א שווערן, ביטערן קאמפף פאר א שטיקעל ברויט, פאר א קלייד, פאר אן אָרט, וואו זיך אויסצורוהען נאך דער שווערער ארבייט.

עס האט זיא בעזאנד'ערס אינטערעסירט דיא ליידענסגעשיכטע פון נאטאליען. יעליסאוועטא האט איהר דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט מיט נאטאליען, ביז זיא האט געהייראטהעט איהר ברודער הונא.

— אך! וויא גליקליך וואלט איך געווען, איך זאל זעהן דייזע נאטאליע. איך זאל זיא צופרעסען צו מיין ברוסט און איהר זאגען שוועסטער, איך פיהל, וויא דוא האסט געליטען!

זיא האט אויך זעהר געוואלט זעהן יעליסאוועטא'ס ברודער, הונא. זיא האט גע‍וואוסט, אז ער איז א ניהיליסט; זיא האט געוואוסט, אז ער האט טהיילגענומען אין פערשיעדענע פערשווערונגען געגען דעם קייסערס לעבען. דאס האט אבער נאך מעהר גערייצט איהר נייגיערדע און איהר וואונש איהם צו זעהן, מיט איהם צו רעדען און פון איהם צו הערן, וואס דיא ניהיליסטען פערלאנגען און פאר וואס זיי האבען עס אלעס געטהאן.

דיא פרינצעסין וויערא האט ביז אהער געהערט, אז דיא ניהיליסטען זיינען רויבער און מערדער, וועלכע מען דארף פערניכטען, אזוי וויא מען פערניכטעט גיפטיגע שלאנגען. זיי וויסען נור צו ווארפען באָמבעס און צו שטעכען מענשען אויף דער גאס. יעליסאוועטא האט איהר געעפענט דיא אויגען און איהר ערקלערט, וואס דיא ניהיליסטען זיינען, זוער זיי זיינען און וואס זיי פאָרדערן. זיא האט איהר דערצעהלט, אז זיי ווארענען דעם קייסער יעדעס מאָל, ווען זיי מאכען א פערזוך איהם צו טוידטען.

דיעזע ערצעהלונגען האבען שטארק געווירקט אויף דעם שטארקען כאראקטער פון דער פרינצעסין. ניט איין מאל האט זיא זיך פערטראכט און איהר יונגעס קעפעלע האט געארבייט און נעקלערט: ווער פון ביידען האט רעכט? איהר אנקעל, דער קייסער, מיט זיינע שטרענגע בעפעהלע, מיט זיין געהיים־פאָליציי, אָדער דיא ניהיליסטען מיט זייערע באָמבעס, מיט זייער דינאָמיט?

דיא ערשטע האָף־דאמע פון דער פרינצעסין, דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא, איז אנפאנגס געווען זעהר פערוואונדערט, וואס דיא פרינצעסין פאהרט אוועק גאנץ אליין און בלייבט ערגעץ שטונדען לאנג. דאס איז ניט ערלויבט, דאס איז געגען דיא עטיקעטע (דיא האָף־צערעמאָניע) זיא האט עס געזאגט דער פרינצעסין, האט איהר געמאכט פארווירפע, אז עס איז ניט שעהן, עס פאסט ניט.

— וויא דוא זאגסט, ליעבע אננא פאוולאוונא, זיינען דיא פרינצעסין זעלטענע טהיערע, וועלכע מען האלט פערשפארט אין אייזערנע שטיינען אום זיי צו ווייזען פאר געלד, האט איהר פרינצעסין וויערא געענטפערט מיט א געלעכטער. פאר וואס זאל איך ערגער זיין פון דער טאָכטער פון׳ם ארימסטען בויער, וועלכע געהט, וואוהין זיא וויל, רעדט, מיט וועמען זיא וויל און טהוט, וואס זיא וויל?

— פערגעסט ניט, אז איהר טראגט א טיטעל: קייזערליכע האהייט, האט דיא האָף־דאמע געענטפערט. אזא טיטעל איז עפעס ווערטה, מיט אזא טיטעל קען מען ניט לעבען, וויא דיא טאָכטער פון א מושיק. מיט אזא טיטעל מוז מען לעבען, וויא דער טיטעל פאָרדערט.

— האב איך פערדיענט דיעזען טיטעל? האט וויערא אויסגערופען שטאָלץ. האב איך געטהאן עפעס, פאר וואָס מען האט מיר געגעבען אזא הויכען טיטעל? איך בין געבוירען געווארען מיט דיעזען טיטעל. איז עס ניט לעכערליך? איך און דיא טאָכטער פון׳ם מושיק זיינעןביידע גלייך געבוירען געוואָרען אויף דער וועלט. מיר זיינען ביידע געבאָרען געוואָרען נאקעט, ביידע זיינען מיר געווען שוואך און מען האט געמוזט ארום אונז ארומגעהן; ביידע האבען מיר ניט געקענט ניט רעדען, ניט געהן, ניט שטעהן, ניט ריהרען זיך — איך בין א קייזערליכע האהייט און זיא איז א בויערין, א מושיטשקא?

— וואס רעדט איהר, פרינצעסין? האט קוים ארויסגערעדט דיא גרעפין. וויא קומען צו אייך אזעלכע געדאנקען? וויא קומט איהר צו זאגען אזעלכע ווערטער? וואס איז מיט אייך? — איך ציטער ביי דעם געדאנקען, אז דער קייסער קען דערפון געוואהר ווערן. וואס וועט ער זאגען? וואס וועט פון מיר ווערן? מען וועט מיך פערשיקען קיין סיביר. מען וועט זאגען, אז איך האב עס אייך אזוי שלעכט ערצויגען

זיא האט זיך געריסעןביים קאפּ. דאס איז שרעקליך! דאס איז אונערהערט! א רוסישע גראָספירסטין זאל האלטען אזעלכע רעדען! וואו איז דאס געהערט געוואָרען?

— בערוהיגט אייך, ליעבע גרעפין! האט וויערא געבעטען. איך וועל אייך פארענטפערן פארן קייסער. איך וועל זאגען, אז איהר זייט א גוטע און שטרענגע ערציערין, איהר האט מיך געלערנט נור גוטע זאכען. איך אבער האב אויסגעפונען, אז „ניט אלעס, וואס גלענצט, איז גאָלד".

ווען דיא גרעפין האט געזעהן, אז זיא וועט מיט דער שטאָלצער און הארטנעקיגער (עקשן) וויערא גאר ניט מאכען, האט זיא בעשלאסען, עס צו מעלדען דעם גראָספירסט. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז דאס איז איהר פפליכט און האט ווירקליך מורא געהאט, דער קייסער זאל ניט געוואהר ווערן, וואס עס קומט פאָר ביים גראָספירסט אין הויז. זיא האט ווירקליך געקענט האבען דערפאר א הארטע שטראפע.

עס זיינען פערגאנגען איינינע טעג, איידער זיא האט געפונען א פאסענדע געלעגענהייט, זיא זאל עס קענען מעלדען דעם גראָספירסט. מייסטענס האט ער קיינעם ניט געוואָלט אויפנעהמען און עס איז אין דער לעצטער צייט געווען זעהר שווער צו איהם צו צו קומען. ענדליך, איז עס איהר אבער דאך געלונגען צו איהם צוטרעטען.

— וואס וועט איהר מיר זאגען, ליעבע גרעפין? האט דער גראָספירסט געפרעגט.

— קייזערליכע האהייט! איך זעה מיך געצוואונגען צו ווענדען זיך צו אייך און מאכען אייך אויפמערקזאם אויף דיא אויפפיהרונג פון אייער טאכטער אין דער לעצטער צייט.

דער גראָספירסט קאנסטאנטין איז געווארען אויפמערקזאם. ער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט געקוקט דער גרעפין גלייך אין דיא אויגען. זיינע בליקען האבען געפרעגט: וואס איז שוין ווייטער נייעס? איז שוין ווייטער עפּעס געשעהן? דיא גרעפין האט איהם פערשטאנען.

— זייט א געוויסע צייט, זייט איהר זינט צוריקגעקומען פון אייער רייזע, הייסט דיא פרינצעסין וויערא יעדען טאג איינשפאנען א פערדעקטע קארעטע און פאהרט אוועק אויף איינינע שטונדען, האט דיא גרעפין ווייטער געזאגט. איך האב עס ניט געוואָלט ערלויבען, ווייל עס איז געגען דער עטיקעטע, זיא הערט מיך אבער ניט. איך האב זיא געפרעגט: וואוהין זיא פאהרט? און האב ערהאלטען א קורצע אנטווארט: „וואוהין איך דארף". איך בין דאהער געצוואונגען עס אייך צו מעלדען און איך בין געקומען אייך בעטען, איהר זאלט מיך בעפרייען פון אזא שווערעס אמט. איך ווייס, ויא שטרענג דיא האָף עטיקעטע איז אין קייזערליכען האף און וואס פאר א שווערע פעראנטווארטליכקייט איך האב אויף מיר גענומען. איך קען עס מעהר ניט דערטראגען.

דער גראָספירסט האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט געוואוסט, וואו זיא פערברענגט יעדען טאג איינינע שטונדען. ער איז געווען גליקליך, וואס זיין טאכטער ווענינגסטענס קען עטוואס פערגיטען דיא אונגליקליכע יעליסאוועטא פאר אלע ליידען, וואס ער האט איהר פערארזאכט. ער אליין האט אויך פערגעסען, אז עס איז דא

אויף דער וועלט אן עטיקעטע און האף צערעמאָניען, וועלכע מען מוז אפּהיטען. דיא גרעפין האט איהם יעצט אויפגעוועקט פון זיין זיסען טרוים און האט איהם געוויעזען, אז עס איז דא א העכערער, וועלכער האלט אויף איהם זיין האנד און צווינגט איהם צו טהאן ניט דאס, וואס ער וויל; ניט דאס, צו וואס זיין הערץ ציהט איהם.

— ליעבע גרעפין! האט ער געזאגט מיט א ביטענדער שטימע, בערוהיגט אייך, לעגט ניט אפּ אזוי שנעל אייער אמט. איך קען מיין טאָכטער. איך ווייס, וואו זיא פאהרט יעדען טאג און וואו זיא פערברענגט דיא צייט. זיא איז געוואָהר געווארען, אז אין פעטערבורג זיינען דא פיעל ארימע און אונגליקליכע מענשען און זיא וויל זיי העלפען און שטיצען, וויא וויים זיא קען. זיא פאהרט יעדען טאג ארום און טהיילט זיי געלד און העלפט זיי פערזארגען. ווען זיא קומט צוריק, דערצעהלט זיא מיר אלעס, וואס זיא האט געטהאן און וועמען זיא האט געהאָלפען.

דער גראָספירסט האט געמוזט זאגען א ליעגען. ער האט אין דיעזע מינוט קיין אנדערע ערקלערונג איבער וויערא'ס ארומפאהרען ניט געקענט געבען.

— קייזערליכע האהייט, האט דיא גרעפין געזאגט, דאס איז אויך געגען דיא עטיקעטע. זא פיעל איך ווייס, געפינט איך עס ניט אין דער געשיכטע פון'ם רוסישען קייזערליכען הויף, אז א גראָספירסטין זאל ארומפאהרען אין דיא גאסען און טהיילען געלד ארימע לייט.

— עס איז דאך אבער ניט פערבאָטען, האט דער גראספירסט געזאגט מיט זיין ווייכער, טרויעריגער שטימע. פאר וואס זאלען מיר איהר ניט ערלויבען אזא אונ־שולדיגעס פערגניגען? וואס קען עס שאדען? איז עס דען געגען אייערע פפליכטען? געפינט איהר דען, אז דאס איז שלעכט?

— אבער דער קייסער? וואס וועל איך טהאן, ווען דער קייסער וועט דערפון געוואָהר ווערן? ער וועט געוויס געפינען, אז פאר א רוסישער גראספירסטין פּאסט ניט, זיא זאל ארומפאהרען אין דיא גאסען און זיך צונויפקומען מיט בעטלער.

— דארף דען דער קייטער אלעס וויסען? ווייס ער דען פון אלע אינטריגען און שלעכטע זאכען, וואס קומען פאר אין הויף. ער מעג איין מאל ניט וויסען פון א גוטע זאך, וואס א פּרינצעסין טהוט.

— ווען אייער קייזערליכע האהייט וויים דערפון און איהר האט עס ערלויבט, האט ענדליך דיא גרעפין געזאגט, דאן קען איך גאר ניט איינווענדען. איך האב עס געהאלטען פאר מיין הייליגע פפליכט, איך זאל אייך אלעס מעלדען.

— איך דאנק אייך, גרעפין, פאר אייער טרייהייט און ערגעבענהייט. איך בעט אייך אין דער צוקונפט זאלט איהר אויך אזוי טריי וואַכען איבער מיין קינד.

דיא גרעפין האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. זיא איז גלייך געגאנגען צו זיך אין צימער אריין און האט זיך פערטראכט.

— זיי נאררען מיך ביידע אפּ, האט זיא געטראכט. דיא פּרינצעסין וויערא איז ניט געווארען פּלוצלונג אזוי גוט און פרום, זיא זאל ארומפאהרען דורך דיא טעג צו פערזארגען דיא ארימע לייט פון פעטערבורג. דא איז עפּעס א געהיימניס. דער גראָס־פירסט וויים דערפון. מעגליך, אז ער פאהרט אויך אהין. — זאל עס ניט זיין דיעזעלבע

יעליסאוועטא, ראטשינסקים מוטער, צו וועלכער זיי פאהרען? זאלען זיי אפט ניט זוכען מיטעל, וויא אזוי צוריקצובערענגען דיעזען ראטשינסקי און וויערא זאל איהם הייראטהען?

דער לעצטער געדאנק האט זיא ניט געלאזט רוהען. זיא האט געליעבט וולאדימירען און האט געהאפט איהם נאך וויעדער צו זעהן. זיא איז זאגאר געוועזען ענטשלאָסען, ווען זיא וועט נור געוואהר ווערן, וואו ער איז, צו פאהרען צו איהם און צו אנטלויפען מיט איהם ערגעץ קיין פאריז אדער לאנדאן, וואו זיא וועט איהם הייראטהען און וועט מיט איהם גליקליך לעבען. יעצט שטעהט איהר וויעדער וויערא אין וועג.

גרעפין אננא פאוולאוונא האט געטראכט זעהר לאנג.

— איך מוז וויסען, וואס דא קומט פאר! האט זיא ענדליך אויסגערופען. איך מוז וויסען זייער געהיימניס! איך מוז וויסען, וואו וולאדימיר איז און וואס זיי טראכטען פון זיינעם וועגען. דאס איינציגע מיטעל אלעם אויסצופארשען איז — דיא געהיים־פאליציי. איך האב געהערט, אז דער איצטיגער שעף פון דער געהיים־פאָליציי, אשינאוו, איז א פעהיגער מענש. איהם וועל איך נעהמען צו הילף. ער וועט שוין אויסגעפינען, וואוהין פרינצעסין וויערא פאהרט יעדען טאג און וואס זיא טהוט דארט. ער וועט אראפרייסען דיא מאסקע פון דער פרינצעסין, וועלכע איז פלוצלונג געוואָרען גוט און פרום און זארגט זיך פאר ארימע לייט. —

— א פארטרעפליכער געדאנק! האט זיא אויסגערופען נאך איינינע מינוטען פון טיעפען טראכטען. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא ניהיליסטען ארבייטען דא עפּעס און ווילען צו ציעהען דיא פרינצעסין צו זיך. איך האב געהערט, וויא זיא האט גערעדט פון היץ, ווען זיא איז קראַנק געוועזען, אז זיא וויל ניט דעם דייטשען קראנפּריץ, זיא וויל הייראטהען נור וולאדימירען, וואהרשיינליך, פארדערט דער קייסער, אז זיא זאל הייראטהען דעם דייטשען קראנפּרינץ. וויערא וויל עס ניט.... אך! איך הייב יעצט אן צו פערשטעהן, וואס דא טהוט זיך. עס איז מיר יעצט אלעס קלאר און דייטליך. איך האב אבער שוין דיא ריכטיגע מיטעל.... דער קייסער איז א גוטער מענש. ווען ער וועט געוואהר ווערן, אז איך האב עס אלעס ענטדעקט, וועט ער מיך געוויס בעלוינען. איך וועל איהם פאלען צו דיא פיס, וועל איהם בעטען, אז ער זאל מיר געבען אלס בעלוינונג דיא פרייהייט פון מיין געליעבטען, מיין וולאדימיר. בעזאנדערס, ווען איך וועל איהם זאגען, וויא שטארק איך ליעב איהם, אז איך בין בערייט מיט איהם ארויסצופאהרען פון רוסלאנד.

זיא איז געוועזען פעסט ענטשלאסען און האט איהר בעשלוס באלד אויסגעפיהרט. דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז זיא געפאהרען צום שעף פון דער געהיים־פאָליציי אין זיין פריוואט וואָינונג. זיא האט ניט געוואָלט פאהרען אין דיא פאָליציי, ווייל דארט זיינען שטענדיג דא מענשען. מען קען זיא דערקענען און עס דערצעהלען דער פרינצעסין. עס קען דערפון ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען. זיא האט דאהער געפונען פאר בעסער צו רעדען מיט אשינאָוון אין זיין קוואַרטיר.

אשינאָוו האָט זיא אויפגענומען זעהר העפליך. גרעפינען פלעגען צו איהם קומען ניט אזוי אָפט. ער האט זיא געפרעגט, מיט וואס ער קען איהר דיענען?

— איהר קענט דיענען ניט מיר, זאנדערן רוסלאנד און אונזער גנעדיגען קייסער אשינאָװ האט אויפגעשטעלט דיא אויערן. דיענען דעם קייסער הייסט, מאכע א גוט געשעפט, טהאן עפּעס פאר זיך. דער קייסער בעלוינט זעהר גוט פאר יעדעו דיענסט, וואס מען ערצייגט איהם.

— מיר דיענען אלע רוסלאנד, האט ער געזאגט. עס איז דיא פפליכט פון יעדען פון אונז צו זיין טריי אונזער קייסער און אונזער פאָטערלאנד.

— דאס האט מיך יעצט געפיהרט צו אייך. איך בין האף־דאמע ביי דער פּרינצעסין וויערא קאנסטאנטינאוונא. זייט א געוויסע צייט בעמערק איך, אז יעדען טאָג פאהרט זיא ערגעץ אוועק איינע אליין אין א געדעקטע קארעטע, פערבלייבט ערגעץ אייניגע שטונדען און קומט צוריק.

אשינאָװ האט אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאם. איבער דער פּרינצעסין וויערא האט איהם דער קייסער שוין אמאל געגעבען אן אויפטראג. דאס איז זעהר וויכטיג.

— האט איהר זיא ניט געפרעגט, וואוהין זיא פאהרט?

— איך האב זיא געפרעגט. זיא ענטפערט מיר אבער ניט. איך האב עס אויך פערבאָטען, ווייל עס איז געגען דיא עטיקעטע, זיא הערט מיך אבער ניט. זיא איז ווילד און איינענזיניג. זיא לאַכט פון דער עטיקעטע און האט איהרע איינענע אידעען.

— האט איהר עס דערצעהלט דעם גראָספירסט? האט אשינאָװ ווייטער געפרעגט. אין אזא פאל מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין. דיעזע גרויסע הערן האבען זייערע קאפּריזען, זייערע שיגעונען. הייגט איז ביי זיי א פערברעכען דיעזע זאך, וועלכע איז גאָר מארגען א וואהלטהאט. וויא לייכט קען זיך אזא קליין מענשעלע וויא איך פערברענען דיא הענד?

— דער גראָספירסט וויים דערפון.

— און ער שווייגט?

— ער ווילינט זאגאר איין. ער זאגט, אז וויערא פאהרט ארום בעזוכען ארימע לייט און זיי צו אונטערשטיצען.

אשינאָװ האט זיך פערטראַכט. וויא באלד אז דער גראָספירסט וויים דערפון, איז דאך זעהר מעגליך, אז דער קייסער וויים דערפון אויך. מעגליך, אז דא ווערט געשפּיעלט א האף אינטריגע, וועלכע קען זיין פאר איהם פון דער גרעסטער וויכטיגקייט.

— וויא עס ווייזט אויה, טארען מיר מיט געוואלט גאר ניט טהאן, האט ער ענדליך געזאגט. מיר מוזען איהר שטילערהייט נאכשפּירען, וואוהין זיא פאהרט, מיט וועמען זיא רעדט און וואס זיא טהוט. דאן וועלען מיר וויסען וואס ווייטער צו טהאן.

— וועל איך וויסען, וואס אייערע געהיימע אגענטען וועלען אויסגעפינען? האט דיא גרעפין געפרעגט.

— איהר קענט עס וויסען. דיא פראגע איז נור, וויא אזוי זאל איך אייך צושיקען דיא נאכריכטען? איהר דארפט ניט קומען יעדען טאג צו מיר, מען קען עס בעמערקען. מען קען עס דערזעהן און אונזער מיה וועט פערלארען געהן. עס קען אונז זאָגאר שאדען.

— אלזאָ, וואס טהוט מען? מיר מוזען יעצט געהן האנד אין האנד האט דיא גרעפין געזאגט. מיר מוזען וויסען, וואס אייערע שפּיאָנען האבען אויסגעפונען.

אשינאוו האט געטראכט א פּאָר מינוטען.

— קענט איהר דעם רייכען קויפמאַן סאמאַכוואלאָוו? האט ער פלוצלונג געפרעגט. ער האט א גרויסען מאגאזין אויפ'ן נעווסקי פּראָספּעקט נומער 218 פון שנית סחורה.

— איך האב געהערט פון איהם. איך קום צו איהם קיין מאָל ניט, ווייל איך קויף אלעס, וואס איך דארף אין אנאנדער מאגאזין ביי מאריא פעטראָוונא.

— מאריא פעטראָוונא? א ניעדעריגע מיט א הויקער?

— דאס איז זיא.

— דיא טויג אונז אָבער ניט. איהר מוזט אנהויבען צו קויפען ביים קויפמאן סאמאכוואלאוו. ווען איהר וועט צוגעהן צום קאסירער איהם בעצאהלען פאר אייערע איינקייפע, זאלט איהר איהם ווייזען א דרייעקיג שטיקעל וויים פּאַפּיער. איהר קענט זיך עס אויסשניידען ביי זיך אין דער היים. איהר קענט עס האלטען גלאט אזוי אין דיא הענד אלס שפּיעלעכעל. ער וועט עס שוין דערקענען, איהר זאלט איהם זאגען א נאמען, וועלכען איהר וועט אליין וועלען. ער וועט איהם באלד נאטירען. יעדעס מאל, ווען איהר וועט וועלען מיר שיקען א בריעף, זאלט איהר איהם ווייזען אונזער צייכען און איהם איבערגעבען דעם בריעף. ווען איהר וועט ערוואַרטען פון מיר א בריעף, זאלט איהר איהם ווידער ווייזען דעם צייכען. ער וועט אייך אלעס איבערגעבען. דאס איז דער איינציגער וועג, אויף וועלכען מיר וועלען קענען פיהרען א בעשטענדיגע קארעספּאנדענץ און איבערגעבען איינער דעם אנדערן דיא נייטיגע נאכריכטען.

ער האט נאך ערקלערט איינינע געהיימע צייכען און ווערטער, וועלכע דיא אגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי געברויכען, ווען זיי בעגעגענען זיך אדער ווען זיי ווילען וויסען, אויב א פרעמדער, אן אונבעקאנטער מענש, געהערט אויך צו דער געהיים־פּאָליציי. ווען ער האט איהר אלעס איבערגעגעבען, האט זיך דיא גרעפין פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען. אשינאוו איז געווען אזוי העפליך, אז ער האט זיא אליין צוגעפיהרט ביז צו דער טהיר.

— אָט דאס הייסט א גליק האט ער געזאגט צו זיך אליין ווען ער האט פערמאכט דיא טהיר און איז אריינגעגאנגען אין זיין קאבינעט. מען זאגט, אז א מאל יאגט זיך נאך דער יעגער נאך דער חיה; א מאל אבער לויפט דיא חיה ארום און זוכט דעם יעגער. היינט האט זיך דיא חיה נאכגעיאגט נאכ'ן יעגער און איז איהם אזוי לאנג נאכגעלאפען, ביז זיא האט איהם דערטאפּט. גליקליכער יעגער! דיעזע גרעפין וועט מיר מעהר נוצען ברייננגען אלס א גאנצער באטאליאן פון מיינע אגענטען. דאס הויז פון'ם גראספירסט קאנסטאנטין איז שטענדיג געווען א געהיימניס פאר מיין פּאָרגענגער מעזענצאוו, וויא פאר מיר. איך האב שטענדיג געוואָלט וויסען, וואס דאָרט קומט פּאָר. עס איז אבער געווען א צו הארטע נוס פאר מיר. מיינע צעהנער האבען זיא ניט געקענט צוקנאקען. יעצט.... יעצט, ווען מען לעבט, דערלעבט מען אלעס.

ער האט אנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר. פראנציסקא איז געווען א שטרענגע ווירטהין און האט געפיהרט איהר שטוב אריסטאקראטיש. דער דיענער האט ניט געטאָרט ריידען, ביז דער הערר האט איהם געפרעגט:

— נעהם א דראָשקע און פּאהר צו דער פּאליציי, זאג דאָרט מיין סעקרעטער, ער זאָל מיר באלד צושיקען דעם לאנגען, אבער באלד אין דער מינוט! איך וואַרט אויף איהם.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען. אין א פיערטעל שטונדע ארום איז אריינגעקומען אין אשינאוום קאבינעט א רייך־געקליידעטער יונגער מאן מיט א גאָלדענער ברילע אויף דער נאז. ער האט אויסגעוויעזען צו זיין א סטודענט אדער א געלערנטער

— זעהר גוט, מיין ליעבער פראכוואָסטאָוו! האט אשינאוו געזאגט, ווען ער האט איהם דערזעהן. דיר פאַסט דאָך טאַקע צו זיין א סטודענט. קיינער וועט דיך ניט דערקענען אין דיעזע פערקליידונג. יעצט האב איך פאר דיר אן אנדערע ארבייט. איך האָף, אז דוא וועסט זיא מאכען, וויא עס דארף צו זיין.

— געוויס! האט פראחוואָסטאָוו געענטפערט. ווען עס וועט זיך נור גוט בעצאהלען, וועל איך שוין מאכען מיין ארבייט גוט. איהר קענט מיך שוין ניט פון היינט.

— זעהר גוט! אלזא, געה און שטעל דיך פאר'ן פאלאץ פון'ם גראספירסט קאנסטאנטין. ווען דוא וועסט זעהן ארויספאהרען א געדעקטע קארעטע אין וועלכע עס וועט זיצען איין איינציגע דאמע, זאָלסט דוא זעהן נאכפאהרען דיא קארעטע און גע־וואָהר־ווערן, וואוהין זיא פאהרט, וויא פיעל צייט דיא דאמע האט דאָרט פערבראכט און ווער עס וואָינט דאָרט.

— אין צוויי טעג ארום וועט איהר וויסען. אלעס, וואס איהר דארפט, האט פראחוואָסטאָוו געענטפערט גאנץ רוהיג.

— דארפסט דוא געלד?

— געוויס! געלד דארף איך שטענדיג. עס איז ביי מיר שוין אזא קראנקהייט, איך מוז איינגעהמען אלע צוויי שעה א לעפעל.

אשינאוו האט ארויסגענומען א פעקעל פאפיער־געלד און האט איהם דערלאנגט.

— דערווייל וועט זיין פאר דיר גענוג. ווען דוא וועסט פערדיענען, וועל איך דיר מעהר געבען פון דיעזען מעדיצין. דיא געהיים־פאליציי איז שטענדיג זעהר מילד.

פראחוואָסטאָוו האט זיך לייכט פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

אין איינע טעג ארום איז דיא גרעפין אננא פאוולאָוונא געקומען קויפען פער־שיעדענע ארטיקעל אין סאמאָכוואלאָוו'ס מאגאזין. ווען זיא איז צוגעקומען צום קאסי־רער בעצאהלען, האט זיא געהאלטען אין דיא הענד א קליין שטיקעלע ווייס פאפיער מיט דריי עקען. דער קאסירער האט עס באלד בעמערקט און האט זיא געפרעגט:

— ווינשט מאדאם א רעכנונג אויף דיא וואארע, וועלכע איהר האט געקויפט?

— געוויס! איך וויל וויסען, וואס יעדער ארטיקעל קאָסט.

דער קאסירער האט אנגעשריעבען א רעכנונג, האט עס צונויפגעלעגט און האט עס דערלאנגט דער גרעפין, גלייך וויא ער קען זיא גאר ניט און ווייס גאר ניט, ווער זיא איז. ערשט ווען זיא איז ארויסגעגאנגען, האט ער א מורמעל געטהאן צווישען דיא צעהנער:

— שוין א נייע? דיא טויג ניט צום געשעפט.

דיא גרעפין האט זיך אריינגעזעצט אין קארעטע און האט ארויסגענומען דיא רעכנונג, וואס דער קאסירער האט איהר געגעבען. אין דער רעכנונג איז געלעגען א קליין צעטעלע.

„דיא פערזאן, פון וועלכער מיר האבען גערעדט, פאהרט צו אן איטאליענישער גרעפין, דע סאנטא קלארא †“

דער קרייץ אם ענדע פון'ם צעטעל האט געוויזען, אז דיא פאליציי ווייס נאך דערווייל ניט, ווער דיא איטאליענישע גרעפין איז.

פון יענעם טאג אן פלעגט דיא האָף־דאמע זעהר אָפט קומען אין מאגאזין פון'ם קויפמאן סאמאָכוואלאָוו פלעגט קויפען יעדעס מאל פערשיעדענע ארטיקעל און פלעגט יעדעס מאל נעהמען א רעכנונג. אפט פלעגט זיא פערגעסען לעבען קאסירער א שטי־קעל פאפיער, וועלכעס דער קאסירער פלעגט באלד אויפחאפען און בעהאלטען. אין דער לעצטער רעכנונג, וואס זיא האט ערהאלטען פון קאסירער איז געלעגען א צע־טעלע מיט פאָלגענדע ווערטער:

„זיין אויפמערקזאם. זיך צוקוקען צו יעדער שריט. וויכטיג. ††“

## די צוויי קרייצע האבען געוויזען, אז מען האט ענטדעקט עטוואס שרעקליכעס

די פרינצעסין וויעראַ איז געווען העכסט צופריעדען, וואס איהר האָף־דאַמע האט אין דער לעצטער צייט אויפגעהערט זיא צו בעאונרוהיגען מיט איהר עטיקעטע. זיא פלעגט טעגליך פאהרען צו יעליסאוועטאַ׳ן און פלעגט ביי איהר פערברייגגען דיא צייט. ווען יעליסאוועטא איז אריבערגעפאהרען אויף אן אנדער קווארטיר און האט זיך גענומען א נאמען פון אן איטאַליענישער גרעפין דע סאנטא קלארא, האט זיא געפרעגט יעליסאוועטאַ׳ן, וואס דאס הייסט? יעליסאוועטא האט איהר אנפאנגס ניט געוואָלט זאגען דיא וואַהרהייט, וויעראַ אבער האט אזוי לאנג גערעדט און געבעטען, ביז יעליסאוועטא האט געמוזט נאכגעבען.

— איך ערווארט ליעבע געסט, האט זיא איהר ענדליך געזאגט, מיר וועלען ביידע מיט זיי צופריעדען זיין.

וויעראַ איז געווען זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווער דיעזע געסט זיינען, יעליסאוועטא אבער האט איהר געזאגט, אז דאס מוז זיין דערווייל א געהיימניס. איין מאל האט יעליסאוועטא זיא געבעטען, זיא זאָל קומען אבענד אויב עס איז מעגליך. זיא האט איהר צו ווייזען עפּעס. וויעראַ איז שוין געווען אזוי געוואָינט קיינעם ניט צו פרעגען און צו געהן, וואוהין זיא האט געוואָלט. אז זיא האט איהר צוגעזאגט צו קומען. זיא איז נאך געווען צו יונג און צו אונפאָרזיכטיג זיך אומצוקוקען און צו בעמערקען, אז איהר האָף־דאַמע קוקט עפּעס אויף איהר קרום און געהט איהר נאך אויף יעדען שריט. זיא האט ניט בעמערקט, אז יעדעס מאל, ווען זיא זעצט זיך אריין אין קאַרעטע ערגעץ פאהרען, לויפט פערביי א דראָשקע. — דערפון האט זיא נאך ניט געוואוסט, זיא איז נאך ניט געווען בעקאנט מיט דער געהיים־פּאָליציי.

עס איז געווען אום צעהן אוהר אבענדס, ווען זיא איז געקומען צו יעליסאוועטאַ׳ן. דיא טהיר איז געווען פערשלאָסען, דיא פענסטער פערמאַכט. אין הויז איז אלעס געווען שטיל, רוהיג, גלייך וויא אלע וואָלטען אויסגעשטאָרבען. זיא האט זיך זעהר געוואונדערט. אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אזוי פינסטער האט זיא נאך דאס הויז קיין מאל ניט געטראָפען. זיא וואָלט געווען צוריקגעפאהרען, ווען יעליסאוועטא וואָלט איהר ניט געווען אויסדריקליך געזאגט אז זיא האט איהר צו ווייזען עטוואס אינטערעסאַנטעס. זיא האט אנגעקלונגען. יעליסאוועטא האט איהר געעפענט דיא טהיר, וועלכע זיא האט באלד צוריק פערשלאָסען אין קאָרידאָר איז געווען פינסטער, אין זאַל איז געווען פינסטער. יעליסאוועטא האט זיא געמוזט פיהרען ביי דער האנד. זיא האט זיא דורכגעפיהרט דורכ׳ן קארידאר און האט זיא אריינגעפיהרט צו זיך אין שלאָף־צימער. דארטען זיינען געזעסען צוויי מענשען, איינער א יונגער מאַן און איינער אן עלטערער. קוים איז וויערא אריבערגעטרעטען דעם שוועל און האט דערזעהן דעם יונגען מאַן, האט זיא זיך ארויפגעוואָרפען איהם אויפ׳ן האלז און האט אויסגערופען:

— וולאַדימיר! מיין ליעבער, טהייערער וולאַדימיר!

— וויעראַ! מיין וויעראַ! זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וועלכע וולאַדימיר האט געקענט ארויסזאגען.

זיי האבען זיך ארומגענומען, האבען זיך געקושט האבען געוויינט און האבען זיך געפרעהט. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער זיי האבען זיך עטוואס בערוהיגט און מען האט געקענט מיט זיי עטוואס רעדען.

— און דאס איז מיין ברודער, הוגאָ פאן פאהלען, האט יעליסאוועטא ענדליך געזאגט.

וויעראַ האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם הערצליך און פריינדליך בעגריסט. הוגאָ האט איהר א קוש געטהאן אין קאָפּ און האט געזאגט:

— דיזע מינוט האט אבגעווישט [illegible] און שרעקליכע [illegible]

פון מיין לעבען. דיעזע מינוט האט מיר געוויעזען, אז צווישען דיא ראָמאַנאָורס קען אויך זיין א גוטער מענש.

יעצט ערשט האט דיא פרייד פון אונזערע פריינד דערגרייכט דעם העכסטען פונקט. מען האט גערעדט, מען האט זיך דערצעהלט, וואס מען איז איבערגעשטאַנען, וואס מען האט איבערגעלעבט, וואס מען האט איבערגעליטען. אלע זיינען געווען גליקליך און האבען אויף א מינוט פערגעסען דיא אלטע ליידען.

פלוצלונג האט מען אנגעהויבען שטארק צו קלינגען אין דער טהיר. אלע זיינען געוואָרען בלייך. זיי האבען געוואוסט, אז קיינער דארף מעהר ניט קומען. יעליסאַוועטאַ איז ארויסגעלאפען אין קארידאר, זעהן, ווער עס איז.

— אים נאמען דעם געזעצעס! עפענט! האט געזאגט א שטרענגע שטימע.

איידער יעליסאַוועטא האט צייט געהאט זיך איבערצולעגען וואס צו טהאן; איידער זיא האט נאך זאגאר צייט געהאט צו ענטפערן, איז דיא טהיר אויפגעשפרונגען און א גאנצע באנדע זשאנדארמען מיט קאזאקען האבען זיך אריינגעשאטען אין קארידאָר. אין איינינגע מינוט זיינען אונזערע בעקאנטע געווען ארומגערינגעלט פון זשאנדאַרען. וולאַדימיר׳ן, הוגאָ׳ן און יעליסאַוועטאַ׳ן האט מען באַלד אנגעטהאן קייטען. וויערא אליין איז ניט געווען געבונדען.

— ווייסט איהר ווער איך בין? האט וויערא אויסגערופען אין פערצווייפלונג, איך בין דיא גראָספירסטין וויערא! איך היים אייך ארויסגעהן פון דיעזעם הויז און אפלאזען דיעזע מענשען!

— איך ווייס, ווער איהר זייט, האט אשינאָוו געענטפערט מיט א געלעכטער און ארעסטיר אייך אים נאמען פון אונזער גנעדיגען קייסער!

דאן האט ער זיך געווענדעט צו וולאַדימיר׳ן און האט איהם געזאגט:

— דאס מאל, העדר ראטשינסקי, וועט איהר זיך ניט אויסגעהן פון מיינע הענד. איהר זייט אנטלאָפען פון סיביר.

ער האט זיך געווענדעט צו אן אפיציער פון דיא זשאנדארמען און האט איהם געזאָגט:

— דיעזען מאן פיהרט אפ אין פעטרא־פאַוולאָווסקי קרעפאָסט. — דערביי האט ער געוויעזען אויף הוגאָ׳ן.

— דיא איבעריגע האב איך א בעפעהל אפצופיהרען צום גראָספירסט קאָנסטאנטין אין פאַלאַץ.

ער האט געהייסען ארויספיהרען וויערא׳ן, וולאַדימיר׳ן און יעליסאַוועטאַ׳ן און זיי אריינזעצען אין וויערא׳ס קארעטע. א שטארקע וואך פון קאזאקען אויף פערד האט ארומגערינגעלט דיא קארעטע. אשינאוו איז געפאהרען פאָראויס. זיי זיינען געפאהרען גאַנץ שטיל, אז זיי זאלען קיין אויפרוהר ניט מאכען אין פעטערבורג. באלד זיינען זיי צוגעקומען צום פאַלאַץ פון׳ם גראָספירסט. אשינאוו האט זיך באלד געהייסען מעלדען.

עס איז שוין געווען שפעט און דער גראָספירסט האט שוין געוואלט זיך לעגען שלאפען, ווען א דיענער האט איהם געמעלדעט, אז דער שעף פון דער געהיים־פאָליציי וויל מיט איהם רעדען אים נאמען פון׳ם קייסער. דער גראָספירסט האט איהם געהייסען אריינפיהרען. ער איז אריינגעקומען און האט מיטגעבראכט זיינע ארעסטאנטען. דער גראָספירסט איז געבליעבען שטעהן ערשטוינט, איבערראשט און דערשראקען. אשינאוו האט גלייכגילטיג איהם דערלאנגט א פאפיער. דער גראָספירסט איז דיא דורכגעלאפען מיט דיא אויגען.

— אזוי! מען ברענגט מיר מיינע קינדער און מיין געליעבטע אלס ארעסטאנטען צו מיר אין הויז! האט ער אויסגערופען ניט מיט זיין קול און איז געפאלען אין אהנמאכט אריין דיוואַן.

## 103טעם קאפיטעל.

צוויי געהיים־פּאָליציסטען האָבען אַרויסגעפיהרט הוגאָ'ן פון הויז, צוגע־גאַנגען ביז צום עק פון דער שטראַסע, און דערזעהענדיג אַ דראָשקע, האָבען זיי געהייסען דעם איזוואָסטשיק זיך אָבשטעלען.

— וואַרט, דוא, — האָט געזאָגט איינער פון דיא פּאָליציסטען, — ביז מיר וועלען זיך אַריינזעטצען, און דאַן זאָלסטו פאָהרען...

דיעזער האָט נאָך ניט געענדיגט דיא פראַזע, ווען דער אַנדערער האָט אונטערגעחאַפּט און געזאָגט;

— אין פעטראָ־פּאַוולאָווסקי קרעפּאָסט, נו, שנעל, וואָליי...

אויב מענשען מיט אייזערנע מוסקעלען האָבען נאָך אַמאָהל אין זייער לעבען אָבגעטהאָן אַ שטיקעל שנעלע ארבייט, דאַן איז דאָס געווען דיא רעטונג פון הוגאָ'ן.

הוגאָ איז באַלד געווען פריי.

ביידע געהיים־פּאָליציסטען האָבען געקראָגען שנעל מיט זאַמד־זעקלעך איבער'ן קאָפּ. און דאַן האָט מען זיי אַריינגעוואָרפען אין דער דראָשקע.

באַיאַנעווסקי, — האָט געזאָגט אַ בעפעהלענדע שטימע, — דוא פאָהר מיט, האַלט דיין אויג אויף דיא פּאָליציסטען זיי זאָלען ניט אַזוי שנעל ער־וואַכען.

— איך וועל זיי געבען כלאָראָפאָרם, — האָט באַיאַנעווסקי געענטפערט.

— אויסגעצייכענט, — האָט דער ערשטער ערקלעהרט, — אָבער מאַך עס שנעל און בעגעגען אונז ביי דער שניידערין פעטראָוונאַ.

דער א־זוואָסטשיק האָט ווייטער ניט געפרעגט קיין זאַך; ער האָט שוין געוואוסט וואָס ער האָט צו טהאָן און ער איז אַוועקגעפאָהרען מיט דער פער־מאַכטער דראָשקע וואו עס זיינען געלעגען דיא צוויי געהיים־פּאָליציסטען און באַיאַנעווסקי האָט זיי געהיט.

— מיכאַאיל! — האָט הוגאָ אויסגעשריען ערפרייט — דוא ביסט עס!

— קיין וואָרט מעהר! — האָט באַקונין געענטפערט — דיא צייט איז קורץ, מען מוז שנעל האַנדלען, זאָנסט איז אַלעס פערלאָרען. וולאַדימיר און יעליסאַוועטאַ מוזען גערעטעט ווערען אונטער אירגענד וועלכע אומשטענדען. וולאַדימיר מוז זיין מיט אונז, כדי אַ ראַמאַנאָוו זאָל זיך קענען נוקם זיין אָן דיא ראָמאַנאָווס!

באַקונין איז געווען פערקליידעט וויא אַ געהיים־פּאָליציסט, אַזוי זיינען אויך געווען זיינע דריי בעגלייטער.

וואָס זיין אַבזיכט איז געווען, וועלען מיר באַלד ערפאַהרען, פאָרלויפיג אָבער האָט ער געזאָגט הוגאָ'ן:

— יעצט, פריינד, מוזטו זעהען זיך ראַטעווען וויא דוא קענסט. מיט אונז קענסטו ניט מיטגעהען.

דער פאַקט אַז זיי געהען ראַטעווען וולאַדימיר'ן מיט יעליסאַוועטאַ'ן האָט אַפילו שטאַרק בעגייסטערט הוגאָ'ן, אָבער באַקונין האָט איהם אום קיינעם פרייז ניט געוואָלט לאָזען מיטגעהען.

— טהייל דיך אָפּ פון אונז, — האָט באַקונין געדרונגען, — דיין אַנ־וועזענהייט קען אונז פעררעטהען, געה!

הוגאָ האָט פערשטאַנען, אַז מען דאַרף ניט וואַרטען.

— זאָלסט פערבלייבען ביי דער שניידערין, — האָט באַקונין געזאָגט, — אַדיע!

אין פאַלאַץ פון דעם גרויספירסט קאָנסטאַנטין איז דערווייל געווען אַן איבערקעהרעניש. ער איז געלעגען אין אַ טיפען אָהנמאַכט און עס האָט אויסגעזעהען, אַז ער וועט גאָר מעהר ניט ערוואַכען.

אַשינאָוו איז אַביסעל וויכער געוואָרען. נאָך אַלעמען, האָט ער פערשטאַ־נען, אַז ער האַנדעלט דאָך געגען קיסר'ס ברודער, און וויא אַלעקסאַנדער זאָל ניט זיין געניגט צו זיין ברוטאַליטעט, וועט ער, הערענדיג פון קאָנסטאַנ־טין'ס צושטאַנד, וועלען וויסען ווער דאָס אַלעס האָט פעראורזאַכט. אַשינאָוו האָט דעריבער געוואַרט מיט אונגעדולד און געוואָלט זעהען וויא דער גרויס־פירסט ערוואַכט.

פלוצלונג איז צו איהם צוגעלאָפען אַ געהיים־פּאָליציסט און איהם מיט־געטהיילט אַז דריי אַנדערע געהיים־פּאָליציסטען וואַרטען אין דרויסען און פערלאַנגען דרינגענד צו זעהען אַשינאָוו'ן.

אונטער אַנדערע אומשטענדען, וואָלט אַשינאָוו געווען פיעל פאָרזיכטי־גער. אַזוי אָבער איז ער געווען שטאַרק צומישט און כמעט ניט געוואוסט אויף וואָס פיר אַ וועלט ער איז.

— פיהרט זיי אַריין! — האָט ער בעפוילען.

אַשינאָוו איז אַריין אין אַ קליינעם זאַלאָן אום צו הערען וואָס דיא פּאָלי־ציסטען האָבען איהם צו זאָגען.

ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך רעכט אומצוקוקען, האָט ער שוין דערשפירט צוויי הענד וויא מיט אייזערנע צוואַנגען אַרום זיין האַלז, אַן אַנדערער האָט אָנגעכאַפּט זיינע אָרעמס און אַ דריטער האָט עפּעס צוגעלעגט צו זיין נאָז.

דאָס אַלעס האָט געדויערט פּיעלייכט אַ מינוט, און אַשינאָוו איז נעלע־גען בעוואוסטלאָז.

— פאַרשליעסט דיא טהיער — האָט געזאָגט באַקונין'ס שטימע — און נים מיר אַ געלעגענהייט צו ווערען אַשינאָוו.

אָט דאָ האָט מען געזעהען וואָס עס הייסט דיא קונסט פון פערוואַנדלונג.

מילא דעם ראָק און הוט, האָט מען אַראָפּגעצויגען פון אַשינאָוו'ן און באַקונין האָט איהם אָנגעטהאָן, אָבער דאָס געזיכט איז אין איינינע שטריכען פירר'ן שפּיעגעל אויף געוואָרען אַשינאָוו'ס. דאַן האָט ער פערוואַנדעלט זיין שטימע, און ביי זיינע אייגענע קאַמעראַדען, וואָס האָבען דאָס אַלעס צוגע־זעהען, האָט באַקונין אַרויסגערופען דיא ערנסטע איבערראַשונג.

דערווייל האָט מען אַשינאָוו'ן וועלכער איז כלאָראָפאָרמירט געוואָרען, אַריינגעלעגט אין אַ גרויסער קליידער־שאַפע, דער זאַאַל האָט זיך געעפענט און דער פערשטעלטער אַשינאָוו איז ערשיענען.

צו דער איבערראַשונג פון דיא פריהעריגע געהיים־פּאָליציסטען, האָט ער ערקלעהרט, אַז וולאַדימיר און יעליסאַוועטא זיינען פריי און זיי איבערגעגע־בען אין דיא הענד פון דיא לעצטע צוויי פּאָליציסטען זיי אָפּצופיהרען צוריק אויף זייער קוואַרטיר.

— עס איז דער בעפעהל פון זיין מאַיעסטעט דעם קיסר, — האָט ער געזאָגט אַרויסנעהמענדיג אַ פּאַפּיער פון דער קעשענע.

דער גרויספירסט האָט ערוואַכט און איז געווען אין זיין שרייב־צימער אונטער דער בעהאַנדלונג פון אַ דאָקטאָר.

„אַשינאָוו" האָט ניט געוואָלט מעהר זעהען דעם גרויספירסט, ער האָט בלויז אַריינגערופען וויעראַ'ן און מיט איהר געהאַט אַ קורצען געשפּרעך.

וויעראַ האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט, געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ, און אָבוואָהל איהרע אויגען זיינען געווען פערוויינט, האָט זיך אָבער דערנאָך בעוויזען אַ שמייכעל אויף איהרע ליפּען.

דאַן האָט דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי איהר געגעבען דיא האַנד, געוואונשען אַדיע און אָנזאָגענדיג אַלע געהיים־פּאָליציסטען אַז זיי זאָלען איהם בעגלעטען אין דער „דריטער אָבטהיילונג", האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין „זיין דראָשקע אום צו פאָהרען צום קיסר".

מיט אַ פּאָאָר שטונדען שפּעטער איז אין גרויספירסט'ס פּאַלאַץ געווען אַ גרויסע איבערראַשונג.

דער שעף פון דער סט. פּעטערבורגער געהיים־פּאָליציי, אָהן זיין ראָק

און אָהן זיין הוט, איז אַרויסגעקראָכען פון אַ גרויסער קליידער־שאַפע און אָנגעהויבען צו רופען זיינע אונטער־געאָרדנעטע.

עס האָט געדויערט איניגע מינוטען ביז ער האָט אַרויסגעזעהען, אַז ער האָט געמאַכט דעם פעהלער פון זיין לעבען דערמיט וואָס ער איז ניט געווען פאָרזיכטיגער. אָבער אום ער זאָל ניט האָבען אַ שוואַרצען סוף, האָט איהם וויערא פאַרזיכערט, אַז קיינער וועט ניט וויסען פון דעם וואָס עס איז געשעהען, און דערפאַר זאָל ער ניט פערפאָלגען וולאַדימיר׳ן מיט זיין מוטער ביז זיי וועלען זיין פון יענער זייט רוסישער גרענעץ.

**ע נ ד ע.**

# תנ"ך ענגליש

## פון אלכסנדר הארקאווי

**א נייע אויסגאבע פון גאנץ תנ"ך מיט ענגלישער איבערזעצונג, ריווייזד פון דעם בעוואוסטען פילאלאג אלכסנדר הארקאווי.**

הערר הארקאווי אלס שפראכען-קענער, האט אין דער נייער אויסגאבע פון תנ"ך אריינגעגעבען א נייעם לעבען, און אלע אונפאר-שטענדליכע שטעלען האט ער ערקלערט איינפאך, קלאר און פער-שטענדליך.

די ענגלישע איבערזעצונג אין אלגעמיין איז געמאכט געווארען טריי צום אריגינאל, כמעט א ווערטערליכע איבערזעצונג, אויסער אין פעלע, וואו ווערטערליך צו איבערזעצען וואלט ניט געמאכט קלאר און פערשטענדליך דעם זאץ אדער ענין.

די ענגלישע איבערזעצונג קומט צוזאמען מיט'ן העברעאישען טעקסט, דאס הייסט א זייט העברעאיש און א זייט ענגליש, און ווען מען וויל וויסען די בעדייטונג פון א ווארט אדער א פסוק אין דעם אריגינאל, האט מען דערביי די ענגלישע איבערזעצונג.

די נייע אויסגאבע פון „תנ"ך ענגליש" קומט אין גרויסען פאר-מאט, מיט גרויסע און שעהנע אותיות און מיט א גרויסע צאהל ביב-לישע בילדער פון דעם בעריהמטען מאלער ג. דארע, געדרוקט אויף טייערען פאפיער און געבונדען

## אין פיער פראכטפאלע בענדער

פרייז פון אלע 4 בענדער אין קלאטה $7.00

פרייז פון אלע 4 בענדער אין לעדער, גאלדשניט $12.50

**HEBRFW PUBLISHING CO., 632-34 BROADWAY, N. Y.**

## קויפט א פערגלייך־קאלענדאר אין א שעהנעם בוך־פארמאט.

אנשטאָט אַן אַלט מאָדישע יאָהרצייט טאַבעלע אויפ'ן וואַנט !

---

די לייכטסטע וועג אויסצוגעפינען דעם אַלגעמיינעם דאַטום פון אַ געבורטס־טאָג, אַ בר מצוה טאָג, אָדער אַ האָכצייט טאָג אין פערגלייך מיט דעם אידישען דאַטום

# פערגלייך־קאלענדאר

(פאר 216 יאָהר (פון תקמ"ה ביז תש"ס—1784-2000)

# און פאַמיליען רעקארד

## פיר געבורטען, חתונות און יאַרצייטען

---

דיזער בוך ענטהאלט די אידישע דאַטען פון יעדען טאָג אין יאָהר (יעדער טאָג האָט אַ בעזונדער פיידזש) אין פערגלייך מיט די אלגע־מיינע דאַטען.

דורך דיזען בוך איז זעהר לייכט אויסצוגעפינען דעם ענגלישען טאָג פון אַ יאָהרצייט, געבורטסטאָג, אַניוואירסערי אָדער בר מצוה אהן אירגענד וועלכע אויסרעכענונגען.

עס האָט אויך אַ ביילאַגע פון פאמיליען רעקאָרדס וואו צו פער־צייכענען די נעמען פון דער פאַמיליע מיט די דאַטען פון געבורטען, חתונות און יאָהרצייטען.

---

נעדרוקט אויף באנד פאפיער און געבונדען אין שווארצע

סילק קלאטה, פרייז דריי דאללער

צו בעקומען ביי בוכהענדלער און ביי די פערלעגער

HEBREW PUBLISHING COMPANY

632-34 Broadway, New York.

# א נייער דריי שפראכיגער

# ווערטערבוך

— פון —

## אלכסנדר הארקאווי

## אידיש, העברעאיש און ענגליש

אלכסנדר הארקאווי, וואס האט זיך בעריהמט געמאכט מיט זיינע ווערטער ביכער, וועלכע האבען געדינט פאר א וועג ווייזער א גאנצען דור צו ערלערנען די ענגלישע שפראך, האט יעצט בעקרוינט זיין ארבייט מיט דעם נייעם ווערק, וועלכע שיינט איבער אלע זיינע פריהעריגע שאפונגען.

דער ווערטערבוך איז דאס ערשטע ווערק וואס פעראייניגט אלע דריי שפראכען צוזאמען דורך יודיש. און שטעהט העכער פון א טרוקענעם ווערטערבוך ווייל אויסער וואס ער פערטיישט ריכטיג יעדען ווארט אין דריי שפראכען איז ער אויך א זאמלונג פון אלע אלטע און נייע שפריכווערטער, ליטעראַרישע פראזען אין פאלקסטימלכע אויסדרוקען פון טעגליכען לעבען, וועלכע ער טראגט אריבער אין א זאפטיגען העברעאיש און ענגליש.

שעהן געדרוקט, געבונדען אין סילק קלאטה

**פרייז 5 דאָללאַר**

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.